# גלות מאסקווא

~~~ אַ ראָמאַן ~~~

פון דעם אידישען לעבען אין רוסלאנד
אין אַלכסנדר דעם דריטענס צייטען.

פון


נ. מ. שיקעוויטש
(שמר)


צווייטער טייל


Hebrew Publishing Co.
632-34 Broadway, New York

היברו פאָבלישינג קאָמפּאַני
632-34 בראדוויי, ניו יארק.
1928.
~~~

### 163טעס קאפּיטעל.

## איין בעוויז גרעסער פון'ם צווייטען.

יאָזעף לעהמאַן איז אויסער זיך. ער קען זיך קיין ראטה געבען וואס צו טהאָן. ער ווייס שוין סאנקאַ'ס אדרעס, אבער ער קען ביי זיך ניט רעכט מאַכען זיא צו בעזוכען. געוויסע צוואַנציג מאל האט ער זיך צונעקליעבען נעהן צו איהר, אבער יעדעס מאל איז ער געבליעבען אין זיין קוואַרטיר און האט צאָרניג אויסגעשריען: ניין צו אזא ניעדערטרעכטינער וועל איך ניט נעהן! זיא איז מיר פאלש נעווען פון דער ערשטער מינוט וואס זיא האט מיר פערזיכערט, אז זיא ליעבט מיך.

אבער מערקווירדיג וואר דאס, וואס דיעזער כעס האט ניט לאַנג געווערט. טראָץ דער געוויסהייט, אז סאָנקאַ איז אַ ניעדערטרעכטינע, האט זיך איהר שעהנעס נעזיכט פאר איהם פאָרגעשטעלט זאַ אונשולדיג, זאַ קייש, דאס ער האט זיא ניט נעקענט האַסען און מיט ערשטוינען פלעגט ער זיך זעלבסט פרעגען: איז דאס מענ־ליך, אז זיא זאל זיין פעהיג זאַ פאלש צו זיין?

— פיעללייכט האט מיך דער אלטער בעטראָגען, וואס ער האט מיר דער־צעהלט, אז זיא איז אַ מוטער פון אַ קינד? — האט ער זיך פיעל מאל נעפרענט — איך האב דאך מיט איהר וועגען דעם ניט נערעדט. עס קען זעהר זיין, אז דער אלטער פון'ם טייפעל'ס־שלאָס האט נעהאט אַ נעוויסע אורזאַכע דאס צו זאגען.

אבער ניין! — האט ער אויף דער פערטהיידינונג זיך זעלבסט נעענטפערט — דער אלטער קען דאך מיר נאר ניט און ער ווייס אויך ניט צו וועלכען צוועק איך האב ביי איהם נעפרענט אויף איהר. אויסער איהם האט דאך מיר אויך דיא גרעפין דאנילאָוו דאסזעלבע דערצעהלט, און אזא פערזאָן וויא זיא איז, וועט נעוויס קיין ליגען זאגען. ניין! איך וועל צו איהר ניט נעהן און וועל זיא שוין מעהר ניט זעהן. עס איז דיא גרעסטע שאנדע פאר זיך אליין מיט אזא אויסוואורף דער נאטור צו בענעגנענען זיך.

און דאך האט עס איהם צו דער אויסוואורף דער נאטור וויא מיט אַ מאַג־נעט געשלעפט. ער האט נעפיהלט, אז ער וואלט זיך ערקוויקט, ער זאל זיא זעהען חאטש פון ווייטען.

— וואס קען דאס שאדען, ווען איך וועל מיך מיט איהר זעהן? — האט ער נאך אַ לאַנגעס נאכדענקען זיך זעלבסט נעפרענט — קיינער וועט דאך מיר צווינגען איך זאל מיך מיט איהר נענגען מיין ווילען פערבינדען. איך וועל מיך מיט איהר זעהן, וועל מיט איהר ריידען און זיא וועט נאך מיינער מיינונג גאר דיא פרעכהייט ניט האבען צו עראינערן מיר אן מיין פערשפּרעכען. וואס איך האב איהר נענעבען זיא צו הייראטהען. זיא זאל זיין אזוי ווייט פערדאָרבען און זאל ניט וויסען איהר איינענע שאנדע, דאס גלויבט זיך מיר גאר ניט.

יא אזוי בלייבט דאס, איך וועל צו איהר אריינגעהן און וועל מיט איהר ריידען. איך מוז זיא זעהן. עס קען זיין, אז ווען איך וועל זיא זעהן וועט דאס לעצטע ליעבעס פייער וואס ברענט נאך אין מיר, פערלאָשען ווערן און איך וועל אויפהערן פון איהר צו דענקען.

ער האט זיך אננעצווינגען זעהר עלעגאנט און איז אוועקגעגאנגען נאך דער אדרעסע וואס מאראס גרינזאנג האט איהם געגעבען.

קומענדיג צו דעם הויז איז ער שטעהען געבליעבען. דאס הערץ האט אין איהם אנגעהויבען מעכטיג צו קלאפען און גאר אויף דאס נייע האט אין איהם אנגעהויבען צו וויטהען דער קאמפף צווישען דיא פראגען: יא אריינגעהען צו ניט אריינגעהען?

— וויא קומסט דוא אהער? — האט אין איהם אן אינערליכע שטימע געפרעגט — וויא שעהמסט דוא זיך ניט צו בעזוכען אזא פערזאן וואס האט זיך געגען דיר אזוי שענדליך געצייגט? דוא האסט זיך ערניערערינט און האסט איהר געוויעזען הייסע אויפריכטיגע ליעבע, דוא האסט דיין לעבען איינגעשטעלט זיא צו רעטען פון'ם פעבעל וואס איז איהר בעפאלען, און זיא האט איהר עהרע אוועקגעשענקט אדער פערקויפט אן אנדערן.

ער האט שוין אויפגעהויבען דעם רעכטען פוס אוועקצוגעהען צוריק אלס א קינדישע שטימע האט אויסגערופען:

— פעטער רבי יוסף!

ער האט זיך אומגעקוקט און האט דערזעהן משה'ס עלטערען אינגעל מרדכילע, א קנאבע פון פינף יאהר ארויסגעהענדיג פון שטוב.

— איז דיין פאטער אין דער היים? — האט איהם יאזעף געפרעגט.

— ניין, דער טאטע מיט דער מאמען זיינען אוועקגעגאנגען.

— ווער-זשע איז ביי אייך יעצט אין דער היים?

— סאנקא.

— וואס טהוט זיא יעצט?

— זיא שלאפט מיט ליזעטשקען.

— ווער איז דיא ליזעטשקע?

— איהר קענט ניט ליזעטשקען? אי איז זיא א שעהן מיידעלע! אלע האבען זיא ליעב.

יאזעף האט פערשטאנען, אז דער קליינער מרדכילע רעדט וועגען א קליין קינד; דארום האט ער זעהר נייגיעריג געפרעגט:

— וועמעס איז דיא שעהנע ליזעטשקע?

— דער פאפא האט געזאגט, אז זיא איז סאָניעטשקעס מיידעלע.

— האט דען סאָניעטשקע שוין געהאט א מיידעלע?

— יא, אזוי האט דער פאפא געזאגט.

— וועמען האט ער דאס געזאגט.

— ער האט מיר מיט חיימקען אנגעזאגט, אז ווען מען וועט אונז פרעגען וועמעס מיידעלע ליזעטשקע איז, זאלען מיר זאגען, אז דאס איז סאניעטשקעס.

— ווען האט ער דאס אייך אנגעזאגט?

— אז מיר זיינען געווען אין יענעם הויכען טויער, ביי דעם אלטען גוי איוואַן

יאזעף האט זיך פערטראכט. ער האט נאר ניט פערשטאנען וויא קומט דאס, וואס משה אליין האט אנגעזאגט זיינע קינדער, זיי זאלען אלעמען דערצעהלען, אז סאָנקא האט געהאט א קינד. אין געגענטהייל, ער האט דאך בעדארפט אלע קרעפ־טען אנווענדען, דיא שאנדע צו פערדעקען?

— אבער וויא דיא זאך איז, — האט ער זיך געקלערט — וויא באלד, אז משה אליין האט אנגעזאגט זיינע קינדער זיי זאָלען זאָגען, אז דאס קינד איז סאָנקעס, איז דאך דאס אזוי. אלזא איז דאך יעצט ביי מיר קיין צווייפעל פאָרהאנדען, אז זיא איז ווירקליך אזוי ניעדערטרעכטיג וויא איך האב זיך פאָרגעשטעלט. נו, און נאך דיא אלע זאכען זאל איך זיין אזא נאר און זאל נאך צו איהר אריינגעהען? איך זאל זיא נאך בעזוכען? ניין, איך וועל נאך זיין ניעדערטרעכטיגער פון איהר אליין, ווען איך וועל דאס טהאן. צוריק! יא צוריק מוז איך פליהען. מיי־נע אויגען זאלען וועניגסטענס ניט זעהן וויא דום, ריכטיגער געזאגט, וויא וואהנזיניג איך בין געווען וואס איך האב ניט געפאָלגט דעם ריינעם פערשטאנד און האב געפאָלגט דער שטימע פון מיין הערצען.

ער האט אנגעהויבען אוועקצוגעהען.

— פעטער רבי יוסף! — האט מרדכילע איהם נאכגעשריען — קומט אריין אין שטוב אריין.

דיא זאנפטע קינדער שטימע האט איהם אבגעשטעלט. נאך איין מאל האט זיך אין איהם ערוועקט דיא לוסט, אריינגעהן חאטש א קוק טהאן אויף סאָנקא׳ן און דאן איהר דעם עווינען אדיע צו זאגען; אבער וויא מיט גוואלד האט ער דיא לוסט פון זיך פעריאָגט און אויסריידענדיג דיא ווערטער:

— ניין! איך דארף זיא ניט מעהר זעהן, איז ער מעהר געלאָפען אלס געגאנ־גען, מיט דעם פעסט בעשלוס, ניט מעהר צוריק צו קומען.

— — — — — — — — — — — — —

— איך וויים ניט וואס דיא מויד טראכט זיך,—האט שרה געזאגט צו משה׳ן, שטעל זיך פאר, אז איהר האט אזא גליק געטראָפען, וואָס אזא רייכער יונגער מאן וויא סאמואיל פעדערבליץ איז, האט זיך אין איהר פערליעבט און ער וויל מיט איהר חתונה האבען וויא זיא שטעהט און געהט, מאכט זיא נאך אן אָנשטעל און וויל נאר מיט איהם ניט ריידען. נו, איז דאס ניט א הארצקלעמעניש?

— איך פערשטעה דאס אויך ניט, — האט משה געענטפערט — וויא קומט צו איהר אזא נארישקייט? זיא האט דאך בעדארפט גראָב אין דיק ווערן פון אזא שידוך.

— דאס איז אלץ דערפאר, וואס איהר ליענט אין זינען יאָזעף לעהמאן — האט שרה מיט כעס געזאגט — זיא זעהט דאך שוין דוכט זיך, אז ער האט זיא פערגעסען און ער וויל אין איהרע ד׳ אמות ניט שטעהן און זיא מיינט נאך אלץ, אז ער וועט זיך אן איהר דערמאָנען און וועט קומען מיט איהר חתונה האבען.

— און וואָס מיינסט דוא? עס קען זעהר זיין ער זאל זיך מאקי אן איהר

דערמאנענ און זאל צו איהר קומען. ווייסט דוא דען ניט, אז ער האט איהר פער־שפראָכען ער זאל נור מיט איהר חתונה האבען.

— נא דיר א האלבען גראָשען פאר דיא אלע צוזאנאכצע. איך האב פיינד צו זאָגען, יאזעף לעהמאן איז טאקי א וואוילער יונגער מאן; אבער איך גלויב, אז ער האט זיך בערעכענט, אז ער קען טהאָן א בעסערן שידוך וויא מיט אונזער ארי־מער סאנקען. דען צווישען זיך ריידענדיג, וואס פאר א גליקען וועט ער דא חאפען ווען ער וועט מיט איהר חתונה האבען? זיא איז דאך פּאָרט אן ארם מיידעל. אמת זיא איז טאקי א שעהנע און א קלוגע, אבער אזא יונגער מאן וויא יאזעף לעהמאן קען געפינען א שעהנע און א קלוגע מיט א סך געלד דערצו. רייד דוא מיט איהר וועגען דעם איבער, משה. ביי לייטען א טאטע לאזט גאר א טאָכטער ניט זיא זאל זיך מישען אין שידוכים און דוא מישטיינס געזאָגט ביזט געוועזען א ישובניק און אפילו דא אין מאסקווא ביזט דוא אויך געבליעבען דערזעלבער ישובניק.

— וואס ווילסט דוא זאל איך איהר טהאָן? פּאטשען?

— ווער הייסט דיר דוא זאָלסט זיא פאטשען? זיא דארף ציטערן פאר דיי־נעם א ווארט. אז דוא זאגט זיא זאל טהאָן אזוי, טהאר זיא אנדערש ניט טהאָן.

— איך קען זיא אבער ניט צווינגען זיא זאל כאנצען נאך מיין פייפעל, — האט משה געזאגט — זיא איז שוין ניט קיין קינד, זיא האט אליין שכל געגונג.

— דוא זעהסט דאך אבער, אז זיא האט קיין שכל ניט. דען ווען זיא זאל זאל האבען חאטש א ביסעלע שכל, וואלט זיא אזא גליק פון דער האנד ניט ארויס־געלאָזט.

— לאָז איהר צו־רוה שרה. זיי זיכער, אז זיא וועט קיין נארישקייט ניט טהאָן. סאנקא איז א גאנץ קלוגע קינד, דאס ווייסט דוא אליין זעהר גוט, און וויא באלד דער מעבעלהענדלער געפעלט איהר ניט, יאג איך זיך אויך ניט נאך איהם.

— איך קען דאך דיר, אז דוא ביזט אזוי משונע וויא זיא, און זיא אזוי וויא דוא. איך זאג דיר משה, אז מיר טארען אין דעם ניט שווייגען. ווען מיר זאלען זיין רייכע לייט וואס קענען זייער טאָכטער געבען עטליכע טויזענד רובעל נדן, וואלט מיך ניט געארט וואס זיא וויל דעם שידוך ניט. מיט געלד קען מען אלע מאָל גע־פינען פאר א קינד א גוטען חתן; אבער מיר זיינען דאך ארימע מענשען. מיר קענען איהר קיין סך געלד ניט געבען און אהן געלד ווייסט דוא דאך וואס פאר א שידוך מען קען היינטיגע צייטען טהאָן מיט א מיידעל. און וויא באלד עס מאכט זיך אזא גרויס גליק, מוזען מיר זיא צווינגען זיא זאל נור דעם שידוך טהאָן.

— צווינגען ווילסט דוא זיא? וויא אזוי קענסט דוא דאס זיא צווינגען?

— גאר פשוט, מען זאגט איהר אן מיט דעם הארבען ווארט, אז זיא מוז דעם שידוך טהאָן.

— און ווען זיא וויל ניט פאָלגען וואס וועסט דוא איהר טהאָן?

— וואס הייסט ניט פאָלגען? מיר זיינען איהר טאטע מאמע, מוז זיא אונז פאָלגען. איך בין אמאל אויך געוועזען א טאָכטער ביי א טאטע מאמע האב איך זיי געפאָלגט וואס זיי האבען מיר געהייסען.

— אמאל זיינען געווען אנדערע יאהרען און היינט זיינען ווייטער אנדערע יאָהרען.

— וואס מיר אמאל און ווער מיר היינט ? א טאטע מאמע מוז מען בע־שטענדיג פאלגען.

— דאס זאגסט דוא אזוי ? היינטיגע קינדער זאגען אבער אנדערש, זיי זאגען, אז זיי זיינען קלינער פון זייערע עלטערן און זיי פערשטעהן בעסער אין דיא זאכען אלס מיר.

— אז זיי זאגען איז וואס ? איך וויל פון קיין זאך ניט וויסען. איך וויל מיין קינד זאל מיך פאָלגען.

— שא שריי ניט אזוי, — האט משה געזאגט — מען וועט דאך מיינען אז מען שלאגט זיך דא. דוא ביזט דאָך ביי זיך א גאנצע פריצה, נעהם און רייד איבער מיט סאנקאין וועגען דעם שידוך, אפשר וועט זיא דיך טאקי פאלגען.

— מיר איז שוין טרוקען געווארען אין האלז ריידענדיג מיט איהר, אבער עס העלפט קיין זאך ניט.

— פאלג־זשע מיך און לאז דאס מיט דער נאטור, ווען עס איז נור א בע־שערטע זאך, וועסט דוא ניט פערזאמען. וואו איז יעצט אונזער סאנקא ?

— זיא שלאפט מיט דער גרעפינס קינד אין פינסטערן חדר.

— נו שריי־זשע ניט אזוי און לאז איהר שלאפען. דוא ווייסט דאך אז זיא האט דיא פארינע נאכט זעהר ווענינ געשלאָפען, ווייל דאס קינד איז עפעס ניט געזונד געווען. איך וואלט שוין וועלען אז דיא מעקלערין זאל ברייננען א רעכטע אם וואס זאל דאס קינד פון אונז צונעהמען, עס איז א רחמנות אויף סאניעטשקען, דאס קינד לאזט זיא גאר ניט אטהעמען.

— היינט וועט געווים דיא מעקלערין א גוטע אם ברייננען.

— פאפא ! — האט אין דער מינוט דער קליינער מרדכילע א געשריי געטהאן אריינקומענדיג אין שטוב פון דער גאס — דער פעטער האט צו אונז ניט געוואָלט אריינגעהן אין שטוב אריין.

— וואס פאר א פעטער ? — האט משה געפרעגט.

— דער פעטער יאזעף — האט דער קליינער געענטפערט.

— יאָזעף ? וועלכער יאָזעף?

— דער פעטער יאזעף, וואס האט אונז שטענדיג געבראכט גוטע ניס און א סך שעהנע צאצקעס.

— ווער יאזעף לעהמאן ? — האט משה איבערראשט געפרעגט.

— יא, דער פעטער לעהמאן.

— וואו ? וואו האסט דוא איהם געזעהען ?

— פריהער, אז איך בין געגאנגען צו דער מוהמע גאָלדע האב איך איהם בעגעגענט נעבען אונזער שטוב.

— וואס האט ער דיר געזאגט ?

— ער האט מיך געפרעגט וואו איז סאנקא.

— וואס־זשע האסט דוא געענטפערט ?

— איך האב איהם געזאגט, אז סאָניעטשקע שלאָפט.

— איז ער נאר אין שטוב ניט אריינגעגאנגען?

— ניין, ער איז אוועקגעגאנגען.

— דוא הערסט שרה? — האט משה טריאומפהירענד געזאגט — יאָזעף לעהמאן איז דא היע און ער איז דאָ געוועזן.

— עס פערשטעהט זיך, אז איך הער, איך בין נאט צו דאנקען ניט טויב.

— נו פערשטעהסט דוא שוין, אז אונזער סאָניעטשקע האט רעכט געהאט, וואס זיא האט געהאפט, אז ער וועט צו איהר צוריקקומען?

— איך ווייס? זאל מיך אזוי וויסען פון שלעכטס וויא איך ווייס וואס וועגען היינטיגע יונגע לייט צו קלערען. אמאל ווייזען זיי זיך ערגער וויא דיא רוצחים און אמאל זיינען זיי צופיעל עהרליך. אבער איך פערשטעה ניט, פארוואס איז ער שוין אין שטוב ניט אריינגעגאנגען, אז ער איז געוועזן דא?

— דוא הערסט דאך, אז מרדכילע האט איהם געזאגט אז סאניעטשקע שלאָפט האט ער זיא מסתמא ניט געוואלט וועקען.

— עס קען זיין. מען דארף דאס אנזאגען סאָניעטשקען, מיר וועלען אן אמתע מצוה פערדיענען.

— איך שענק דיר דיא מצוה, נעה זאג דוא דאס איהר אן.

אבער דיא מצוה האט נאר דער קליינער מרדכילע פערדיענט; דען ער איז אריינגעלאפען צו סאנקען אין צימער מיט א געשריי:

— סאָניעטשקע, דער פעטער יאָזעף איז דא געוועזן.

סאנקא האט זיך ערשראקען אויפגעהאפט און האט געפרעגט!

— וועלכער יאזעף?

— דער פעטער וואס איז מיט דיר בעשטענדיג ארומגעגאנגען שפאציערען און האט דיר געשענקט דאס זייגערל.

— ווער? יאזעף לעהמאן? — האט סאנקא א געשריי געטהאן אויפשפרינגענד פון איהר ארט.

— יא, יא סאָניעטשקע, דער פעטער לעהמאן.

— וואו איז ער? וואו? — האט סאנקא איבערראשט נפרעגט.

— שא, שא! ער וועט מסתמא קומען, — האט אין דער מינוט געענטפערט שרה זיך ציינענד אין טהיר. ער האט געהערט אז דוא שלאפסט איז ער אוועקגעגאנגען.

— און דוא האסט איהם אויך געזעהען מאמע?

— ניין, מיר זיינען ערשט געקומען פון דער גאס, האט דאס אונז מרדכילע דערצעהלט, אז יאזעף לעהמאן איז דא געוועזן און האט אויף דיר געפרעגט; נור אז מרדכילע האט איהם געזאגט, אז דוא שלאפסט, איז ער אוועקגעגאנגען.

— מוטער, טהייערע מוטער איך בין גליקליך! — האט סאנקא אויסגעשריען פאלענד דער מוטער אום דער האלז און טרערין, הויסע פריידענטרערין האבען זיך פון איהרע שעהנע אויגען געגאסען.

### 164סטעס קאפיטעל.

## עס גערהט צום אמת.

— ווענמען דארפט איהר? — האט געפרעגט דער פאָליציסט, וואס איז גע־שטאנען נעבען דעם פאָליציימייסטערס טיהר דעם יונגען מאָררים וואהרהאפטיג וועלכער האט אנגעקלונגען אין דער טיהר־גלאָקע.

— איך מוז נויטהווענדיג שפרעכען מיט'ן פאָליציימייסטער, — האט מאָרר'ס געענטפערט.

— ווייסט איהר ניט, אז דער פאליציימייסטער נעהמט ביי זיך קיינע פרעמדע מענשען ניט אויף? ער האט א קאנצעלאריע, אין וועלכער מען קען איהם טרעפען פון ניין אין דער פריה ביז דריי נאך מיטאג.

— איך מוז איהם אבער אונבעדינגט דיא מינוט שפרעכען.

— איז דאס אזוי איילינג?

— יא יעדע מינוט איז א שאדע.

— איך וועל איהם געהן מעלדען. וויא איז אייער נאמען?

— מאָררים וואהרהאפטיג, דער זוהן פון דעם ערמאָרדעטען אלטען וואהר־האפטיג.

עס האט לאנג ניט געדויערט דער פאָליציסט איז צוריק ארויסגעגאנגען מיט דער מעלדונג, דאס דער פאליציימייסטער ערלויבט הערן וואהרהאפטיג אריינצוגעהן צו איהם אין קאבינעט.

מאָרים איז אריינגעגאנגען.

דער פאָליציימייסטער א מאן פון א יאהר פופציג, א הויכער, דיקער מאן מיט קלוגע, אבער שטרענגע געזיכטסציגע האט דעם יונגען מאן איניגע מינוטען בעטראכט און האט געפרעגט:

— וואס פערלאנגט איהר?

— פאָלקאָווניק! — האט מאָררים זיך אבגערופען — געוויס האט איהר גע־הערט פון דעם אונגליק וואס האט מיין פאטער געטראפען.

— איך האב דאס געהערט — האט דער פאָליציימייסטער געענטפערט.

— איך האב, אלס איינציגער רעכער פון מיין פאטערס בלוט, געהאָפט דאס דיא פאליציי וועט אויסגעפינען זיין מערדער. ליידער אבער האב איך מיך איבער־צייגט אז דאס קען קיין מאל געשעהן.

— וואס קען קיין מאל געשעהן?

— אז דיא פאָליציי זאל אויסגעפינען מיין פאטערס מערדער.

— ווארום קען עס ניט געשעהן?

— ווייל.... ווייל...

— נו, ווארום זאגט איהר ניט דייטליך דאס וואס איהר מיינט?

דיא פאָליציי קען דאס קיין מאל אויסגעפינען, ווייל איך צווייפלע ניט, אז ערער אן עלטסטער איז אליין מיין פאטערס מערדער.

— וואַס ? — האָט דער פּאָליצמייסטער געפרעגט, אויסגלאָצענדיג דיא אויגען אויף וואַהרהאפּטינגען.

— יאַ, פּאָלקאָווניק, דאָס איז ריכטיג, ווי איך האָב אייך געזאָגט, דער עלטסטער פון דער געהיים-פּאָליציי איז מיין פאָטער'ס מערדער.

—ווע מען מיינסט דו ?

— איך מיין דעם פּאָלקאָווניק מאַלינבערג.

— מענש, ביסט דו פערריקט ?

— ניין, פּאָלקאָווניק. איך בין ניט פערריקט, איך בין ביי מיין קלאָהרען פערשטאַנד.

— אָבער ווי וואַגסט דו זאָ וואָס צו זאָגען ?

— ווייל איך האָב די בעסטע פאַקטען דערצו.

— פאַקטען? דו האָסט פאַקטען, אז מאַלינבערג האָט דיין פאָטער ער-מאָרדעט ?

— יאַ, הערר פּאָלקאָווניק.

— וואָס זיינען דאָס פאַר אַ פאַקטען ?

— איך ווייס אַז מיינע ווערטער ווערדען אַלס אונגלויבליך קלינגען אין אייערע אויערען, מיר זעלבסט וואָלט דאָס אויך אַלס אונגלויבליך געקלונגען, ווען איך מיט מיינע אויגען זאָל עס ניט געוועזן זעהן.

— וואָס האָסט דו געזעהען ?

— איך האָב געזעהן מיין פאָטער'ס פעלץ, וועלכער איז אין יענער שרעקלי-כער נאַכט פון זיין הויז פערשוואונדען געוואָרען, אין דער גאַרדעראָב פון דעם פּאָלקאָווניק מאַלינבערג.

— דו אליין האָסט דאָס געזעהן ?

— יאַ, פּאָלקאָווניק, איך אליין.

— דאָס גלויב איך ניט.

— איך האָב אייך פריהער געזאָגט, אַז מיינע ווערטער וועלען אַלס אונ-גלויבליך קלינגען אין אייערע אויערען; אָבער איך שווער אייך פּאָלקאָווניק, אַז עס איז דאָך אַזוי ווי איך האָב אייך געזאָגט.

— ווי קומט איהר אין זיין גאַרדעראָב?—האָט דער פּאָלקאָווניק העפלי-כער געפרעגט.

— צופעליג, פּאָלקאָווניק.

— וואָס הייסט צופעליג ?

— מאַררים האָט איהם דערצעהלט די גאַנצע געשיכטע, ווי אַזוי ער מיט שלמה פיין זיינען געקומען אין מאַלינבערג'ס גאַרדעראָב און ער האָט דאָרט דער-קענט זיין פאָטער'ס פעלץ.

— אָבער ווייסט איהר געוויס, אַז דאָס איז אייער פאָטער'ס פעלץ?

— יאַ פּאָלקאָווניק, איך ווייס דאָס געוויס. איך קען דאָס אייך אויך אַ-בערציינגען.

— וויא אזוי ?

— ווייל אויף יעדען שטיק סאָבעל איז פון דער לינקער זייט געשטעמפעלט מיין פאטערס נאמען.

— האט איהר אין דעם פעלץ עפעס געזעהן ?

— יא, איך האב איין שטיק סאָבעל אויפגעטרענט און האב דייטליך געזעהן מיין פאטערס נאמען אויף זיין לינקער זייט.

— איהר זאָלט ניט פערגעסען יונגער מאַן, אז איהר קלאגט אן א וויכטיגע פערזאָן ! אין פאל ווען דיא בעשולדיגונג וועט זיין פאלש, וועט איהר דערפאַר א גרויסע שטראפע ערהאלטען.

— איך בין בערייט דיא גרעסטע שטראפע צו ערהאלטען, ווען עס וועט זיך ארויסציינען, אז איך האב אן אירטהום געהאט; אבער איך וויל אייך עפעס בעטען; הערר פאָלקאָווניק.

— וואס פערלאנגט איהר ?

— איך וויים אז איהר הערר פאלקאווניק וועט געוויס אלעס אנווענדען אום דיא זאך ריכטיג צו ערפאהרען. אבער מיט אזא מענשען וויא דער פאָלקאָווניק מאַלינבערג איז, מוז מען זעהר פאָרזיכטיג זיין.

— אלזא וואס ווילט איהר זאגען ?

— איך וויל אייך בעטען, אז דאס געהיימניס וואס איך האב אייך פערטרויעט זאל קיינער אויסער אונזביידען וויסען, דען זעהר לייכט קען דאס אנקומען צו מאַלינבערגס אויערן און ער קען דעם פעלץ בעזייטיגען.

— דאס פערשטעה איך שוין אליין.

— אויב עס איז מעגליך הערר פאָלקאָווניק מען זאל זאגלייך איבערפאלען מאלינבערגס הויז, וואָלט מען געוויס דעם פעלץ שוין דערטאפט אין זיין גארדעראָב.

— ניין, יעצט קען איך דאס ניט טהאן, אבער נאך הייטע אבענד וועל איך איהם א בעזוך אבשטאטען. מיט דעם איינציגען ציעל דיעזען פעלץ צו זעהן.

— ערלויבט מיר פאָלקאָווניק אייך מיט נאך איינינע ווערטער צו בעלעסטינען.

— רעדט, אבער שנעל. דען איך בין זעהר בעשעפטינט.

— איך בין נייגיעריג צו וויסען, צו וועט איהר געהן אליין צו איהם, אדער מיט נאך איינינע מענשען ?

— אנטקעגען וואס פרעגט איהר דאס ?

— ווען איהר וועט געהן אליין ציטער איך, אז דערפון וועט גאר ניט ווערען. דען מאלינבערג קען זיך שטויסען, אז דא איז עטוואס, דאן וועט אייער גאנצע מיה זיין אומזאנסט; אנדערש אבער וועט זיין, ווען איהר וועט געהן אין דער בעגלייטונג פון נאך איינינע מענשען און אלס איהר וועט דעם פעלץ דערזעהן, וועט איהר איהם גלייך צונעהמען. ביי אזא פאל וועט מאלינבערג גאר ניט קענען טהאן.

— זייט זיכער, אז איך וועל שוין וויסען וואס איך האב צו טהאן. איהר פערשפאָרט מיך צו לערנען.

— ענטשולדיגען זיי העררער פאלקאוויק. איך גלויב אז איהר פערשטעהט זעהר גוט וויא מיר איז יעצט צו מוטה. יעדער זוהן וואס האט נור אין זיך איין פונק ליעבע צו זיינע עלטערן, דער מוז אלע קרעפטען אנווענדען פאר זיין פאטערס פערגאָסען בלוט ראכע צו נעהמען. און ווען ער געפינט שוין יא דיא שלאנגע וואס האט זיין פאטערס לעבען פערגיפטעט, ציטערט ער זיא זאל זיך פון זיינע הענד ניט ארויסרוקען.

— זעהר שעהן! איך פערשטעה דאס זעהר גוט, אייער ענערגיע מיט וועלכער איהר זוכט אייער פאטערס מערדער געפעלט מיר זעהר און דארום אכטע איך אייך און איך פערשפרעכע אייך אלע מיינע קרעפטען אנצו־ווענדען א גרינדליכע אונטער־זוכונג צו מאכען ביי מאלינבערג׳ן אין הויז.

— איך דאנק אייך זעהר העררער פאָלקאָוויק פאר אייער טהיילנאמע אין דיעזען וויכטיגען געגענשטאנד. אדיע, נאך א מאל ביטע איך אום פערצייהונג, וואס איך האב אייך צופיעל בעלעסטיגט מיט מיינע רייד.

ער האט שוין געוואָלט אוועקגעהן, אבער דער פאליצייטייסטער האט איהם אָבגעשטעלט מיט דיא ווערטער:

— נאך איין פראגע מוז איך אייך שטעלען.

— ביטע, הערר פאָלקאוויק.

— אין וועלכען צימער האט איהר געזעהן דעם פעלץ?

— אין דעם צימער וואוהין מען קומט אריין דורך א טיהר וואס איז אין קאָרידאָר לינקס.

— און וואו העננט דאָרט אייער פאטערס פעלץ?

— דאָרט הענגען פיעלע קליידער פון מענער און פון פרויען. אין דעם ווינקעל ביי דער רעכטער וואנד הענגען איינינע פעלצען. צווישען זיי ועט איהר זעהן איין פעלץ פון לויטער סאָבל מיט א שוואַרצען געוואנד בעצויגען.

— איז דאָרט מעהר ניטא וויא דער איין פעלץ אזעלכער?

— מעהר נים.

— גוט. מעהר דאָרף איך ניט וויסען, — יא, נאך איין זאך, ווייס מאלינבערג: אז איהר זייט געוועזען אין דעם צימער?

— ניין, ער ווייס נים. וויל וויא איך האב אייך דערצעהלט, דער דיענער האט אונז אריינגעלאָזט בעפאָר ער איז געקומען און אלס ער איז אנגעקומען האט ער אונז בעהאלטען אין יענעם צימער אום מאלינבערג זאל ניט וויסען, אז ער האט געגעבען זיין בעפעהל אריינצולאזען פרעמדע מענשען אין זיין הויז.

— איהר קענט אייך געהן. עס וועט שוין אלעס רעכט זיין.

מאררים האט זיך פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען.

דער פאליצייטייסטער איז איינינע מינוטען געזעסען פערטיעפט אין געדאנקען, נאכהער איז ער פון זיין אָרט אויפגעשפרונגען און האט געזאגט:

— דאס איז אומערהערט! אויב דאס איז ריכטיג וויא דער יונגער מאן האט מיר דערצעהלט, איז מען דאך אין מאסקווא מיט דעם לעבען ניט זיכער, וויא באלד אז דיא וואס דארפען פערהיטען יעדען מאָרד, זיינען אליין מערדער. דאס איז אומ־

גלויבליך; אבער איך האב דערקענט פון דעם יונגען מאן׳ס רייד, אז ער האט מיר דיא ריינע וואהרהייט דערצעהלט. דאס איז זעהר וויכטיג און איך מוז נאך הייטע דיא מערקווירדיגע זאך גרינדליך ערפאהרען.

165טעס קאפיטעל.

# דיא רויבפייגלאך.

מיר האבען געזעהן אדעלא׳ן מיט סטעפאנען געהענדיג נאך דעם דארף קאנ־סטאנטינאווקא. זיי זיינען גליקליך אהין אנגעקומען און האבען איבערנאכט קווארטיר גענומען ביי סטעפאן׳ס א בעקאנטען.

— איהר בלייבט דא גרעפין, — האט סטעפאן געזאגט אלס דער הויזווירטה האט זיי א בעזונדער צימער אבגעגעבען. איך מוז געהן אויפזוכען סעמיאנען און מיר ביידע וועלען שפיאניערען ארום גראף׳ס הויז, דען נאך דעם בריעף וואס איהר האט אוועקגעשיקט צום פראקוראר מוז מען דיא נאכט קומען פערהאפטען אייער ליעבען קוזין, און דארום מוזען מיר דערהיטען דעם מאמענט, ווען מען וועט איהם צונעהמען אום איהר זאלט דיא מעגליכקייט האבען זיין גאנצען איינענטהום אונטער אייערע הענד ארונטערצונעהמען; דען ווער ווייס וואס פאר א צוואה ער וועט לאזען בעפאר מען וועט איהם אין געפענגניס אוועקפיהרען.

— דאס האסט דוא זעהר רעכט סטעפאן, — האט אדעלא געענטפערט — געה־זשע וואס גיכער, דען מיר דארפען יעדע מינוט ערווארטען דיא פאליציייסקי געסט, וואס וועלען א בעזוך אבשטאטען מיין ליעבען אנטאנען. אך, ווען דוא זאלסט אין שטאנדע זיין מיך גיך צו ערפרעהען מיט דער גוטער נאכריכט דאס מען האט איהם שוין צוגענומען, וויא דאנקבאר איך וואלט דיר דערפאר געוועזען.

— זייט זיכער, אז איך וועל אייך דיא גוטע נאכריכט גיך ברענגען, האט סטעפאן געענטפערט און איז אוועקגעגאנגען.

ער האט סעמיאנען באלד געפונען און ביידע זיינען אוועקגעגאנגען צו דער וועג, וואס געהט פון דאנילאווקא נאך דער שטאדט. דא האבען זיי זיך געזעצט אונטער א בוים אין א זייט וועג און האבען געקוקט צו דער זייט פון וואנען דיא פאליציי בעסמטע האבען בעדארפט אנפאהרען.

עס איז געווארען נאכט, דיא לבנה האט זיך געוויעזען אין איהר פולען פראכט און האט אויסגעגאסען איהר זילבער שיין אויף פעלדער און וועלדער. דיא ביידע באנדיטען האבען געזעהן וויא פון דארף פאהרען פוהרען פון מוזשיקעס, אבער דיא ערווארטעטע פוהר מיט דיא געסט וואס זיי האבען זא נייגיעריג אויסגעקוקט האט זיך ניט געוויעזען.

— זעה נור סטעפאן, דארט לויפט פון דארף א מענש. קענטיג אז ער לויפט וועגען א וויכטיגער זאך. ווער קען דאס זיין?

— מיר שיינט אז דאס איז טראשקא — האט סטעפאן געענטפערט אנ־שטרענגענד דיא בליקען אויף דעם איינזאמען וואנדערער.

— יא, מיר שיינט אויך אז דאס איז דעם גראף׳ס דיענער — האט סעמיאן געזאגט — וואוהין קען ער דאס לויפען?

— דאס איז זעהר פערדעכטיג — האט סטעפאן זיין מיינונג געזאגט — מען מוז ריכטיג ערפאהרען װענען װאס ער לויפט.

— װיא אזוי קענסט דוא דאס ערפאהרען?

— איך װעל איהם אניאגען און װעל איהם פרעגען.

— װעט ער דען דיר זאגען דיא װאהרהייט?

— אויב ער װעט מיר ניט זאגען דיא װאהרהייט, װעל איך פון איהם אויך פערשטעהן אום װאס דא האנדעלט זיך. דוא קענסט דא דערװייל אליין בלייבען אויף דער לויער.

— נו געה, װאס קענסט דוא דא פערליערען.

סטעפאן האט זיך װיא א פייל פון בוינען א לאז געטהאן נאך טראשקא'ן און האט איהם אנגעיאגט.

— נוסען אבענד קאמעראד! — האט דער באנדיט זעהר פריינדליך געזאגט— װאוהין לויפסט דוא דאס אזוי שפעט?

— סטעפאן? — האט טראשקא ערשטוינט געפרעגט — פון װאנען האס דוא זיך דא גענומען?

— איך געה פון מיינער א בעקאנטער בארישניא. פון װייטען האב איך דער־זעהן, אז א מענש לויפט, האב איך געמיינט, אז דאס איז געװיס א גנב, בין איך דיר נאכגעלאפען און האב דיך געכאפט.

— װאו ביזט דוא דאס געװעזען דעם גאנצען טאג סטעפאן? דער גראף האט ניט אויפגעהערט אויף דיר צו פרעגען?

— און ער האט ניט געזאגט צו װאס ער בעדארף מיר?

— ניין, ער האט דאס מיר ניט געזאגט.

— איך בין געװעזען, װיא איך האב דיר שוין דערצעהלט ביי מיינער א געליעב־טער בארישניא. דוא האסט דאך אויך דיין געליעבטער גלאפיראין, װייסט דוא דאן װיא שװער עס איז זיך פון דיא סחורות אבצורייסען; אבער זאג מיר ליעבער פריינד װאוהין פליהסט דוא אזוי?

— איך דארף מיך זעהן מיט דעם אלטען איװאן פון'ם טייפעלסשלאס.

— װענען װאס דארפסט דוא זיך מיט איהם אזוי זעהן?

— איך דארף איהם איבערגעבען א בעפעהל פון'ם גראף.

— איז דאס פאר מיר א געהיימניס?

— דאס איז קיין געהיימניס; אבער דוא דארפסט דערפון ניט װיסען.

— פאר װאס?

— דוא ביזט א זאנדערבארער מענש סטעפאן. שוין לאנג האסט דוא אנגע־הויבען אזוי נייגיעריג צו װערן, צו װעלען װיכען יעדע זאך װאס דער גראף טהוט?

— נו, װען דוא װילסט מיר ניט זאגען װעל איך דיר ניט נויטהען. געה זיך געזונדערהייט.

טראשקא איז װייטער אװעקגעלאפען.

— דא מוז פארט עפעס א געהיימניס זיין, — האט סטעפאן צו זיך אליין

נעזאגט — ווער ווייס צו האט דאס קיין פערבינדונג מיט דעם אונגליק וואס דעם גראף ערווארטעט אדער פיעללייכט וויל דאנילאווו ברייננען אן אונגליק טאקי אויף מיר אליין, ווייל ער האט אין מיין קאסטען דערקענט זיין ווייבס ציערונג. איך מוז זעהען, טראשקא זאל אזוי ניך אהיים ניט קענען נעהן. ער מוז נעווים דעם אלטען איוואן אויך רופען צום גראף, דארף מען זעהען, אז ביידע זאלען פערבלייבען אין׳ם טייפעלסשלאס חאטש ביז דער גראף וועט זיין געפאנגען און אוועקנעפיהרט ווערן פון זיין הויז.

ער איז פון ווייטען נאכגעגאנגען טראשקאן ביז ער איז אריינגעגאנגען אין טייפעלסשלאס און הינטער איהם האט זיך דער טויער פון דעם שלאס פערשלאסען.

סטעפאן האט אנגעהויבען צו קלערען וואס ער זאל דא טהאן, אום טראשקאן מיט דעם אלטען איוואן דעם גאנג נאך דאנילאווקא צו פערהינדערן. א היבשע צייט האט ער זיך געבראכען דעם קאפ און איז ענדליך געפאלען אויף א פראכטפאלען פלאן.

דער טויער פון׳ם טייפעלסשלאס האט זיך נעקענט פערשליעסען פון אינוועגדיג און פון דרויסען, צו דיעזען צוועק איז נעמאכט געווארען פון ביידע זייטען א גרויסע קייט וואס האט זיך ארויפנעטהאן אויף אן אייזען אין וועלכען עס איז געווען א לאך אום אין איהם א שלאס אריינצורוקען און פערשליעסען. דיא פענסטער פון דעם אונטערשטען עטאזש זיינען געווען מיט אייזערנע שטאבעס און פון צווייטען עטאזש ווארען געוועהנליכע שויבען. אראפשפרינגען פון דיא הויכע פענסטער אויף דער ערד וואר זעהר געפעהרליך. דארום איז ביי סטעפאנען געבליעבען ער זאל דעם טויער צושליעסען פון דרויסען, אום דיא איינוואוינער פון׳ם שלאס זאלען ניט קענען ארויס־געהען.

— אבער וואו נעהמט מען א שלאס?

סטעפאן האט זיך געמוזט דאס מאל צופריעדען שטעלען מיט א גרויסען שטיק האלץ וואס ער האט אריינגערוקט אין דעם לאך וואס איז נעמאכט געווארען פאר א שלאס. ער האט נעוואוסט, אז דאמיט האט ער זיי ניט אויף לאנג פער־שלאסען, דען יעדע מינוט האט געקענט אנקומען א מענש און דעם שטיק האלץ פון דער לאך ארויסנעהמען. אבער, אז קיין אנדער מיטעל איז צו דער האנד ניט געווען, האט זיך דער באנדיט נעמוזט בעפריעדיגען חאטש אויף א קורצער צייט דעם אלטען איוואן מיט טראשקאן איינשפארען וויא אין א געפענגניס. דאביי האט ער געהאפט, אז ביי נאכט וועט ניט אזוי ניך יעמאנד אנקומען דעם טויער צו עפענען.

אלס ער האט דיא ארבייט געענדיגט, איז ער אוועקגעלאפען צוריק צו סע־מיאנען און האט איהם דערצעהלט, וואס ער האט מיט טראשקאן געערדט און וויא ער האט דעם טויער פון דרויסען פערשלאסען.

— זעהר גלייך האסט דוא געטהאן, — האט סעמיאן געענטפערט — ביי נאכט קומט קיינער צום טייפעלסשלאס וועלען זיי דארט דיא גאנצע נאכט פערשלאסען בלייבען. פאר אונז איז דאס זעהר וויכטיג, ווייל טראשקא האט געווים וועגען א וויכטיגע זאך געמוזט צום אלטען איוואן לויפען.

דיא גאנצע נאכט האבען דיא באנדיטען געלויערט פון זייער פערשטעק צום וועג וואס געהט פון דער שטאדט נאך דאנילאווקא. עס איז שוין געוואָרען העלער טאג, סטעפאן האט אנגעהויבען צו דרעמלען, אבער סעמיאן האט איהם באלד אויפגעוועקט:

— סטעפאן! זעה נור ווער פאהרט דאס דארט?

סטעפאן איז פון זיין ארט אויפגעשפרונגען, האט מיט שארפע בליקען א קוק געטהאן צו דער זייט וואס סעמיאן האט איהם געוויזען און האט געענטפערט:

— דאס איז א פריסטאוו מיט פּאָליצייסקע ליעבער סעמיאָן.

— דוא האסט רעכט, — האט סעמיאן העכסט ערפרייט ערוויעדערט — דאס פאהרען זיי געוויס נאך דאנילאווקא צום גראף דאנילאוו.

— בראַווא! — האט יעצט סטעפאן אויסער זיך פאר פריידע אויסגעשריען — דער ערוואַרטעטער מאָמענט איז שוין געקומען. דיא חברה לייט וועלען שוין דעם גראף אוועקפיהרען אין אזא אָרט, פון וואנען ער וועט שוין צוריק ניט קומען.

יעצט מוזען מיר ווארטען און זעהן וואס דא וועט דיא ענדע זיין.

— דוא פערשטעהסט דען ניט וואס דא וועט דיא ענדע זיין? זיי וועלען שוין דעם גראף איינזאלצען.

— פון דעסטוועגען שאדעט ניט ווען מיר וועלען זיין איבערצייגט, אז ער איז שוין איינגעזאלצען. מיר דארפען דאך ניט פערגעסען, אז ער איז א גראף, ער האט א סך געלד און וואס קען מען מיט געלד ניט מאכען? ער קען אונטערשמירען דעם פריסטאוו מיט געלד און דער, וועט זיך מיט זיינע פּאָליצייסקע אוועקגליטשען נאר אהן איהם.

— איך גלויב ניט, אז א פריסטאוו זאל נעהמען געלד ביי א מערדער און זאל איהם פריי לאזען.

— מיר מוזען דא ווארטען ביז זיי וועלען צוריק פאהרען, וועלען מיר זעהן, צו וועלען זיי פאהרען אליין אדער מיט'ן גראף.

זיי זיינען שוין פון זייערע ערטער ניט אבגעטראטען ביז דער פריסטאוו איז צוריקגעפאהרען מיט'ן גראף.

— סטעפאן מיר זיינען גליקליך! — האט סעמיאן אויסער זיך פאר פריידע געשריען.

— יא, מיר האבען אינזער ציעל ערדייכט — האט סטעפאן געענטפערט — יעצט לאמיר לויפען אנזאגען דיא גוטע נאכריכט ארעלאן, זיא מוז דאס גלייך וויסען.

— עס מאכט ניט אויס ווען זיא וועט דאס ערפאהרען אביסעל שפעטער.

— עס מאכט ניט אויס זאגסט דוא? ניין פריינד, זיא מוז דאס באלד נאטה־ווענדיג וויסען.

— ווארום איז דאס אזוי געאיילט?

— האב איך דען דיר פריהער ניט ערקלערט, אז עס קען זיין דאס דער גראף וועט פאר זיין אוועקפאהרען מאכען נייע ארדנונגען אין זיין הויז. ווען אבער ארעלא

זעט באלד קומען אין זיין הויז, קען זיא נאך אלע זיינע פעראָרדנונגען הינדערן. מיר טארען ניט פערזאמען קיין צייט.

— דאס האסט דוא זעהר רעכט סטעפּאן. אך וויא ערפרייט זיא וועט ווערן ווען זיא וועט דיא גוטע נאכריכט דערהערען יעצט ווען מיר קענען אונזער לאהן פערלאנגען.

— און זיא וועט טהאן אלעס וואס מיר וועלען איהר הייסען — האט סטעפּאן שטארק פערגנינט געזאגט — קום פריינד לאמיר לויפען זא שנעל וויא מיר וועלען נור קענען.

אוןביידע זיינען וויא דיא רויב-פייגעל אוועקגעפלויגען צו אדעלאן.

166טעס קאפּיטעל.

## עס געהט אַ גאַנג.

יאניק קאבאנאוו איז א געהיים-ראטה אין דער פּאָליציי, ער איז שוין א מאן פון א יאהר 50 מיט א רויטער נאז און מיט א גראבען בויך. אין מאסקווא איז ער זעהר גוט בעקאנט. אלע ווייסען, אז הערר קאבאנאוו האט ליעב א גוט ביסעל ספּירעט און א רובעל. פאר דיא צוויי זאכען איז ער פערטיג געווען אלעס צו טהאן. בעזאנדערס האבען איהם דיא מאסקוואער אידען זעהר גוט געקענט. דען דאס איז דאך אן אלט בעקאנטע זאך, אז דער טשינאווניק וואס נעהמט געלד, ארום איהם דרעהען זיך א סך אידעלאך און מיט אלעמען איז ער א גוטער ברודער.

מיר זעהן איהם יעצט ביי נאכט קומענדיג פון דער פּאָליציי שטארק פרעה־ליך, דען נעהענדיג אהיים האט ער זיך שוין געטראפען מיט עטליכע גוטע ברידער וואס האבען איהם פערבעטען אין א שענק און האבען איהם געגעבען געלעגענהייט ער זאל אין זיך אריינגיעסען שעהנע עטליכע כוסות.

זיין ווייב פּיאַדאָרא, וועלכע האט איהם שוין געקענט און האט געוואוסט, אז ווען איהר ליעבער מאן האט אין זיך עטליכע כוסות, קען ער אבגעבען קאנצערט אויף איהרע באקען, האט איהם זעהר פריינדליך עמפפאנגען און האט זיך געהיט זיא זאל איהם בעהיטע גאט ניט אויפרייצען.

— פּיאדאשא ! — האט קאבאנאוו גוטמיטהיג געזאגט — נא, דא האב איך דיר געבראכט געלד.

ביי דיא ווערטער האט ער אויסגעקעהרט ביידע טאשען אויפ׳ן טיש. עס האבען זיך ארויסגעשאָטען זילבערנע רוסישע פערציגער (20 קאפּ.), צעהנער און פינפער קאפּיקעס אויך קופּערנע מטביעות.

זעהסט דוא שוין פּיאַדאשא, וויפיעל געלד איך האב דיך געבראכט ? — האט קאבאנאוו מיט א שיכור געלעכטער געזאגט — נו, וועסט דוא ווייטער זאגען, אז איך בין א שלעכטער מאן.

— איך האב דאס גאר קיין מאל ניט געזאגט.

— וואס דוא האסט ניט געזאגט ? — האט ער שוין מיט כעס אויסגערופען — האסט אליין מיך ניט גערופען שיכור ?

— מסתמא האסט דוא דאמאלס פערדיענט איך זאל דיך אזוי רופען.

— איך האב פערדיענט ? איך ? — האט ער צאָרניג געשריען — בין איך ניט דער בעסטער מאן אין דער וועלט ?

פיאָדאָרא האט פערשטאנען, אז מיט איין אונפאָרזיכטיגען וואָרט, קען זיא דיעזען „בעסטען מאן אין דער וועלט" מאכען, ער זאל איהר בעווייזען וויא קרעפטיג זיינע קולאקעס זיינען ; דארום האט זיא ארויפגעלענט דיא האנד אויף זיין אקסעל און האט זעהר ליעבליך געזאגט.

— איך שריי דאך אין אלע גאסען, אז דוא ביזט דער בעסטער מאן אין דער וועלט. איך וואלט ניט פערביטען דיין נאגעל אויף טויזענד אנדערע מאנען.

— אָט אזוי, אז דוא רעדסט קלוג האב איך דיר ליעב — האט קאבאנאָוו צופריעדען געענטפערט.

— ווילסט דוא עפעס עסען מיין טהייערער ?

— ניין ! איך האב שוין איבערגעביסען.

— שא ! דוכט זיך מען קלינגט, — האט פיאדארא געזאגט.

— לאז קיינעם ניט אריין יעצט, איך וויל יעצט שלאפען.

דיא דיענסט איז אריינגעקומען און האט געמעלדעט אז איינער מיט דעם נאמען מארים וואהרהאפטיג פערלאנגט צו שפרעכען מיט הערען קאבאנאוו.

— ווער, מארים וואהרהאפטיג ? — האט קאבאנאוו געזאגט — ער איז א גוּטער ברודער, איך האב איהם ליעב, ביי איהם קען מען קריעגען צו יעדער צייט עטליכע רובעל.

— זאל איך איהם אריינלאזען ? — האט דיא דיענסט געפרעגט.

— יא, זאגט מען דיר, לאז איהם אריין ! — האט קאבאנאוו שטרענג געהייסען.

דיא דיענסט איז שנעל אוועקגעלאפען און האט אריינגעפיהרט מאָריס'ן אין צימער וואו איהרע הערשאפטען זיינען געזעסען.

— מארק מיכאילאָוויטש, זייט מיר הערצליך ווילקאָמען ! — האט קאבאנאָוו זעהר פריינדליך אויסגעשריען רייכענד מארים'ן דיא האנד — איהר זאלט אין דער צייט צו אונז קומען ? דאס מוז עפעס זיין.

מארים האט זעהר העפליך בעגריסט און געדריקט דיא הענד פון הערען און פרוי קאבאנאוו און האט געזאגט :

— איך בין יעצט מיינע פריינדע צו אייך וועגען קיין געשעפט געקומען, זאנדערען איינפאך אביסעל פערברייננגען. אויב איהר וועט מיר ערלויבען, וועל איך שיקען נאך א פלאש וויין און מיר וועלען אביסעל פלוידערן.

— מיט פערגניגען, מארק מיכאילאָוויטש ! — האט קאבאנאוו מיט זעהר א צופריעדענער מינע געענטפערט — איהר ווייסט דאך, אז איך בין פון שטענדיג אן אייער בעסטער פריינד. פון אייערטוועגען איז מיר קיין זאך ניט צו שווער צו טהאָן.

— יא, הערר וואהרהאפטיג — האט אויך פיאדארא געזאגט — מיין מאן קען זיך גאר קיין מאל פון אייך ניט גענוג אבלויבען. ער בעוואונדערט אימער וואס צווישען דיא זשידעס געפינט זיך אזא ערעלער מאן וויא איהר זייט. איך בעטראכט

אייך אויך אלע מאל פאר א וואהרען הויזפריינד, זיצט מארק מיכאילאָוויטש.

מארים האט זיך געזעצט, האט ארויסגענומען דריי רובעל פון דער טאש און האט זיי איבערגעגעבען דער ווירטהין זיא זאל שיקען ברייננען דיא גוטע זאכען וואס יִיא האט ליעב.

— ביז מען וועט בריינגען אייערע וויין מארק מיכאילאָוויטש, — האט קאבאַנאוו געזאגט — ווערען מיר דערוויילע פערזוכען פון מיינע איינפאכע שנאפס. מיר שיינט, אז איהר ווייסט דאס מיין מאגען איז אויך ניט פון דיא וואס קענען פערדייהען אבי א וועלכען בראנפען. וועט איהר מיט מיר טרינקען א גלעזעלע?

— פאר וואס ניט? איך וועל געוויס טרינקען.

— פיאָדאָשא! גיעב נור אהער, מיין לעבען, פון דעם ספירט וואס מען האט מיר דיא וואך געשיקט און פערגעס ניט צו געבען עפעס פערבייסען.

באלד איז געשטאנען אויפ'ן טיש א פלאש ספירט און א פאר געמאכטע הערינג.

— נו, וואס זאגט איהר מארק מיכאילאָוויטש צו מיין ספירט? — האט קאַבאנאוו לוסטיג געפרעגט אלס זיי האבען דיא ערשטע גלעזלאך אויסגעלעדיגט — זאגט, דארף איך מיך מיט איהם שעמען?

— דער ספירט איז פראכטפאָל גוט, — האט מאָרים געענטפערט.

— איך האב דאך אייך פריהער געזאגט, אז מיין מאגען קען ניט פערדייהען אבי א וועלכען שנאפס. טרינקט נאך א גלעזעלע הערר וואהרהאפטיג זשאלעוועט ניט.

— איך דאנקע, איהר ווייסט דוכט זיך, אז איך קען פיעל ניט טרינקען. דערצעהלט מיר בעסער, וואס הערט זיך ביי אייך עפעס נייעס?

— וואס זאל זיך ביי מיר הערען? איהר ווייסט דאך, אז איך בין אימער בעשעפטיג, מען האט איינפאך קיין בערוהטע שטונדע ניט.

-- איהר זייט שוין לאנג אויף אייער שטעלע, יאנקא באָריסאָוויטש.

— איך בין שוין אויף מיין שטעלע צעהן קיילעכדיגע יאהר.

— איהר זייט א געבאָרענער א הינער?

— יא.

— און אייער ווייב זאל לעבען?

— זיא איז פון א דאָרף, — איאָ פיאדאָשא, דוא ביזט פון א דאָרף?

— דוא דארפסט איך זאל דאס בעשטעטיגען? — האט פיאדארא געלאכט — איך יעבען, אז הערר וואהרהאפטיג וועט דיר אליין אויך גלויבען.

— זאגט מיר גוטע פיאָדאָרא. האט איהר אמאל ניט געוואוינט צוזאמען און איין הויז מיט א געוויסען שלמה פיין.

— פון וואנען ווייסט איהר דאס?

— אזוי האב איך געהערט.

— פון וועמען האט איהר דאס געהערט?

— מיר האט דאס דערצעהלט דער שלמה פיין אליין.

— ער איז דען דא היע?

— ניין! ער וואוינט אין אדעסא. מיט א קורצער צייט צוריק בין איך געוועזען אין אדעסא, בין איך צופעלינער ווייזע מיט איהם בעקאנט געוואָרען. מיר האבען זיך צחאמענגערעדט האט ער מיר דערצעהלט, אז ער האט מיט איינינע און צוואנציג יאהר צוריק געוואוינט אין מאסקווא. דאביי איז צו רייד געקומען וועגען דיא פער־זאנען וועלכע האבען צו יענער צייט געוואוינט אין דעמזעלבען הויז וואו ער מיט זיין פאמיליע האט געוואוינט. צווישען דיא נעמען וואס ער האט אויסגערעכינט האט ער אויך דערמאנט דעם נאמען יאניק קאבאנאוו און פיאָראָרא. מיר איז באלד איינגעפאלען, אז דאס מיינט ער אייך.

— יא, איהר האט געטראפען, מיר האבען ווירקליך דאמאלס געוואוינט מיט אזא פאמיליע צוזאמען.

— ועמען מיינסט דוא? — האט קאבאנאוו געפרעגט — דאס איז פיעללייכט דיא פאמיליע ביי וועלכער דוא האסט דאס קינד . . . .

— שטיל, נארישער מענש! — האט פיאראָרא מיט כעס אויסגעשריען און האט איהם ניט געלאזט ענדיגען זיינע רייד.

— נו, שא. אז דוא ווילסט ניט איך זאל דאס אויסזאגען וועל איך שווייגען — האט קאבאנאוו געענטפערט.

— ווען איך זאל געוועזען וויסען, אז דא האנדעלט זיך אום א געהיימניס, וואלט איך גאר דערפון ניט גערעדט — האט מארים געזאגט.

— דאס איז קיין געהיימניס; אבער דאס איז אן אלטע געשיכטע וואס איך וויל ניט מען זאל זיא דערמאהנען.

— איך בין גאר ניט נייגיעריג אלטע געשיכטען צו הערען — האט וואהר־האפטיג געזאגט. אבער וואו איז אייער דיענסט מיט דעם וויין? דאס איז טהייערער פון אלע אלטע געשיכטען.

עס האט לאנג ניט געווערט, האט זיך דיא טהיר געעפענט און דיא דיענסט האט ארויפגעטראגען אויף א טאץ צוויי פלעשער וויין מיט וויינגלעזלאך.

— איהר האט זעהר רעכט מארק מיכאילאָוויטש, — האט קאבאנאוו פער־גנינט געזאגט — דער וויין איז ווירקליך טהייערער פון אלע אלטע געשיכטען. ער האט אנגעגאסען אלע דריי גלעזער.

— איך טרינק פאר אייער געזונד מיינע פריינדע! — האט מאָרים אויסגע־רופען אויפהייבענד זיין גלאז — איך גלויב, אז איהר וועט מיין וויין ניט פערשעמען און וועט איהם צייגען אייער אכטונג.

— וועגען דעם פערטשפאָרט איהר צו רייד'ן, מארק מיכאילאָוויטש — האט קאבאנאוו געענטפערט — איך פון מיין זייט וועל געווים אייער וויין אבגעבען דעם שעהנסטען פלאץ אין מיין קערפער און דוא פיאָראשא דארפסט אויך דאס זעלבע רעספעקט האבען פאר דעם רויטען נאסט וויא איך.

— איך וועל דעם הערין וואהרהאפטיג צוליעב טהאן און וועל אויסטרינקען א גלעזעלע וויין.

דיא אלע דריי גלעזער זיינען באלד אויסגעלעדיגט געוואָרען און דיא אלע פערזאנען זיינען שטארק לוסטיג געוואָרען.

— וויא לאנג איז דאס, אז איהר האט געוואוינט מיט שלמה פיין אין איין הויז? — האט מארים געפרעגט.

— דאס איז שוין א געשיבטע פון 23 יאהר,— האט פיאָדאָרא געענטפערט.— גור, וואס איז דיא אורזאכע, וואס איהר פרעגט זיך אזוי נאך אויף זיי?

— ווייל דיעזע מענשען האבען מיר זעהר פיעל שלעכטס געטהאן.

— אזוי, זיי האבען אייך שלעכטס געטהאן?

— יא מאדאם, זיי האבען מיר אזעלכעס געטהאן, וואס ווען איך זאל זעהען זייער בלוט גיעסט זיך אין דיא גאסען, וואלט איך מיינע הענד אין דעם גאנץ קאלט־בליטיג געוואשען.

— וואס צום ביישפיעל האבען זיי אייך אזעלכעס געטהאן?

— האט איהר ניט געהערט, אז מען האט איינעם פון מיין פאטערס מערדער געהאפט?

— יא, איך האב געהערט, — האט קאבאנאוו געענטפערט.

— מוזט איהר געוויס וויסען, אז דער נאמען פון דעם מערדער איז פיין.

— יא, איך האב דאס געהערט. איז דער פיין פון דער זעלבער פאמיליע?

— ער איז שלמה פיינס א זוהן.

— ווירקליך? — האט דאס פּאאר פאלק אין איין שטימע געפרעגט — ער איז שלמה פיינס א זוהן?

— יא. נו, קענט איהר אייך שוין פאָרשטעלען וויא מיין בלוט זיעדט אין מיר, ווען איך דערמאן מיך נור אן דיא פערפלוכטע מענשען. ווען איך זאל קענען, וואלט איך זיי אלע אויף איין פייער פערברענט.

— אזוי? איז דיעזער מערדער שלמה פיינס א זוהן? — האט פיאָדאָרא איי־נינע מאל ווידערהאלט.

— יא, ער איז זיין איינציגער זוהן. איך וואלט יעצט וועלען פון דער גאנצער פערפלוכטער פאמיליע ראכע נעהמען. איך וואלט אלע גליעדער אויסגעקושט דעם מענשען וואס וואלט מיר דערצעהלט, אז ער האט דיא מערדער שלעכטעס געטהאן.

— זעהסט דוא יאניק, — האט פיאדארא טריאומפיהרענד געזאגט — האב איך נאך מיט דריי און צוואנציג יאהר צוריק ניט געזאגט, אז אויף דיא לייטע טהאר מען קיין מיטלייד האבען, ווייל זיי זיינען בלוטזויגערס. איך בין זיכער, דאס ווען איך זאל יענעם ניט געוועזען צונעהמען, וואלט פון איהם אויך א מערדער געוואָרען.

— וואס? איהר האט איין קינד ביי זיי צוגענומען? — האט מארים ערפרייט געפרעגט — אויב איהר האט דאס געטהאן האט איהר זיך געקויפט דעם זעגען פון גאט אליין.

— יא, — האט קאבאנאוו מיט זיינע שיכורע גרימאסען געענטפערט — זיא האט טאקי אזוי געטהאן. איהר שפּיעלט זיך מארק מיכאילאָוויטש מיט מיין פיא־

ראשאן? וויא איז איין קלוגע זאך. וויא דערקענט אלע מענשען אן זייערע נעז. זיא האט טאקי צוגענומען ביי דעם שלמהן א קינד.

— שטיל יאניק! — האט פיאדארא מיט כעס א געשריי געטהאן.

— וואס זאגסט דוא עפעס שטיל? פאר אונזער פריינד מארק מיכאילאוויטש מעג מען אלעס ריידען. ער איז אונזערער און איינענער מענש.

— נעווים בין איך אייך געטריי נאך בעסער אלס אן איינענער מענש — האט מאריס געענטפערט. — איך זאג אייך מיינע פריינדע, אז פאר דעם קלאפ וואס איהר האט זיי געגעבען, וועל איך אייך עווינ דאנקבאר זיין, איך שטעל מיר פאר וואס פאר א קריינקונג זיי האבען געהאט. דאס איז קיין קליינינקייט פאר עלטערן, וען מען נעהמט ביי זיי זייער קינד צו.

— זיי זיינען טאקי דאמאלס שיער וואהנזיניג געווארען אויס פערצווייפלונג — האט פיאדארא געענטפערט. — איך האב זיי א גוטען שנעל אין דער נאז געגעבען. זיי מוזען דעם וועהטהינ נאך הייטע פיהלען.

— איך רעכען אבער, אז אזעלכע מערדער דארפען ניט לאנג קלאנען נאך א קינד, — האט מאריס געזאגט — דען ביי אזעלכען וואס עס איז רעכט מענשען בלוט צו פערגיעסען, ביי א זיינעם שפיעלט אן איינען קינד אויך קיין גרויסע ראָליע נים.

— איך גלויב אויך, אז זיי אינטערעסירט דאס וועניג, — האט פיאדארא געענטפערט — אבער איך האב דאמאלס אין צווייען א וואהלטהעטינע זאך געטהאן: ערשטענס, האב איך געראטעוועט א קינד פון מערדערישע הענד און צווייטענס, האב איך דאמיט אן אנדערן א גרויסע טובה געטהאן.

— איהר מאכט מיך נייגיעריג מאדאם קאבאנאוו, — האט מאריס געזאגט — קענט איהר מיר פיעללייכט טהאן דיא געפעלינקייט און מיר דערצעהלען וויא אזוי אייך איז איינגעפאלען דיא גליקליכע אידעע פון אזעלכע מערדערישע הענד א קינד אבצונעהמען?

— דאס איז אזא געהיימניס, וואס איך טהאר ניט דערצעהלען.

— אזוי, דא שטעקט א געהיימניס?

— יא.

— אבער דאס איינע וויל איך וויסען, צו דאס קינד לעבט?

— א קליינינקייט צו עס לעבט. ער איז יעצט איינער פון דיא גליקליכסטע מענשען אין דער וועלט.

— נו, איז ער אייך חאטש דאנקבאר פאר דיא גוטעס וואס איהר האט מיט איהם געטהאן?

— ניין. ער ווייס גאר פון דער גאנצער געשיכטע נים.

— וויא איז דאס מעגליך?

— איהר זעהט דאך אז דאס איז יא מעגליך.

— אבער ער איז הייטע א קריסט.

— זעלבסטפערשטענדליך, אז איך האב איהם ניט אין אידישע הענד אבגעגעבען.

— דאס איז א מערקווירדיגע נעשיכטע — האט מאָריס וויא שטארק ער שטוינט אויסגערופען — פון מינוט צו מינוט מאכט איהר מיך אלץ נייגיערינער צו וויסען דיא גאנצע געשיכטע וויא זיא איז צוגעגאנגען.

— איך האב גאר ניט געוואוסט, מארק מיכאילאָוויטש, אז איהר זייט אזוי נייגיעריג?

— איך גלויב, אז יעדער מענש אויף מיין פלאץ וואלט ביי אזא זאך שטארק נייגיעריג געוועזן.

— אייער נייגיערדע וועט אייך אבער גאר ניט העלפען. איך האב אייך שוין איין מאל געזאגט, אז דאס איז אזא געהיימניס וואס איך קען אייך ניט דערצעהלען.

— וואצו האבען מיר זיך פערדעדט אין אזעלכע פוסטע, אומנוציגע זאכען? — האט קאבאנאוו געזאגט — עס איז ביי מיין עהרנוואָרט א שאנדע. פאר אונז שטעהט אזא טהייערע פלאש וויין און מיר גיעבען זיך גאר קיין מיהע זיא אויסצולעדיגען.

— נו, מיר קענען טרינקען,—האט מאריס געענטפערט מיט דער אבזיכט, דאך ארויסצובעקומען פון דיא לייטע דיא געהיימניס וואס איז פאר איהם אזוי וויכטיג געוועזן.

מען האט אויסגעטרונקען נאך צו גלאז וויין, מאָריס האט ווייטער געפרופט אויסציהען א געשפרעך וועגען שלמה'ס קינד, אבער פיאָדאָרא האט דערפון מעהר ניט געוואלט הערן און האט איהם נאך אמאל פערזיכערט, אז זיא וועט דאס איהם פאר קיין פאל זאגען.

— דערווייל זאל זיין גענוג דאס וואס איך האב ערפאהרען, — האט זיך מאָריס געקלערט — דאס ביסעל איז אויך זעהר וויכטיג פאר שלמה פיין. שפעטער וועל איך אויסזוכען א מיטעל וויא אזוי דיא גאנצע געהיימניס אויסצופאָרשען. האט עס אנגעהויבען ארויסצוגעהען, וועט ווייטער געוויס געהן א גאנג.

ער האט זיך גאנץ פיין געזעגענט מיט דאס פאארל קאבאנאוו און איז אוועקגעגאנגען.

166טעם קאפיטעל.

# אַ קלאָג דער מאַמען.

וויא דיא צייטען ענדערן זיך! ניט לאנג האבען מיר ביי היראָנים ראָזענדופט געזעהן לויטער גליקליכע געזיכטער, אין אלע ווינקעלאך האט דיא פריידע ארומגעטאנצט און יעצט....

עס איז אונגלויבליך אז אין אזא קורצער צייט זאל אזא פערענדערונג ווערען, אבער מען מוז דאס גלויבען, ווייל מיר זעהען דיא פערענדערונג מיט אונזערע אויגען.

היראנים אליין איז פינסטער וויא דיא נאכט. ער געהט ארום ניעדערגעשלאָגען, פערצווייפעלט וויא איינער וואס דיא וועלט און דאס לעבען האבען שוין פאר איהם קיין אינטערעסע. ער האט זיך פלוצלונג ארומגעזעהן, אז ער איז א גרויסער קבצן. אלע קריסטען וואס האבען ביי איהם געלד געליהען האבען איהם אויסגעשטעלט א צונג

ער איז שוין אן ארימאן, דאס ווייס ער זעהר גוט און דער געדאנק, אז באלד

וועט אין דער גאנצער שטאדט קלינגען דיא נייעס פון זיין ארמוטה, האט פון איהם דעם גאנצען מוטה גערויבט.

זיין פרוי סיציליע ווייס אויך פון דער געהיימנים און זיא איז דארום זא ניע־דערשלאָגען וויא איהר מאן, זיא פערשטעהט זעהר גוט, אז באלד וועט זיא ווערן אוים כּריצה, מען וועט זיא שוין מעהר ניט רעספּעקטירען. איהר פיעלע פריינדינען וועלען זיך שוין גאָר שעמען מיט איהר צו ריידען, זיי וועלען פערגנינען האבען, וואס זיא איז אזוי אונגליקליך.

און ליענאטשקא?

מיט איהר ווייס מען גאר ניט וואס עס טהוט זיך, זיא זיצט פערשפּארט ביי זיך אין צימער און וויינט. אויף אלע פראגען וואס דיא צערטליכע מוטער ריכטעט אן איהר, ענטפערט זיא האלבע ווערטער און מען קען פאר קיין פאל ערפאהרען וואס איהר פעהלט.

דיא מוטער האט געמיינט, אז דאס קלאגט זיא אזוי אויף דעם וואס לאָמא־נאוו האט זיא אוועקגעווארפען און האט זיך אזוי ניעדערטרעכטיג פון איהר ענטזאגט. דארום האט זיא איהר געטרויסט, אז דיא וועלט איז נאך ניט אונטערגעגאנגען און דיא חתנים זיינען נאך ניט אלע אויסגעשטאָרבען, איהר בעשערטער וועט נאך קומען.

אבער ליענאטשקא האט זיך ניט געפונען געטרויסט פון דיא ווערטער. זיא האט לאמאנאוון געשאָלטען מיט דיא שרעקליכסטע קללות און ווען זיא פלעגט נור זיין נאמען דערהערען, איז זיא אויפגעצאפּעלט געוואָרען, ריכטיג וויא א שלאנג זאל זיא בעריהרען.

— ער איז קיין געוועהנליכער מעניש, זאנדערן א בעסטיע אין מענשענ־גע־שטאלט — האט זיא איין מאל וויינענד אויסגעשריען — ער האט מיך אין גרעסטען אונגליק געשליידערט.

— אבער קינד מיינס, וויא באלד ער איז אזא אונמעניש אזא מערדער, דארפסט דוא גאר נאך איהם ניט בענקען — האט סיציליע געזאגט — אין געגענטהייל דוא דארפסט גאט דאנקען וואס דוא ביזט פון איהם בעפרייט געוואָרען.

ליענא האט ניט געענטפערט, זיא האט נור געוויינט מיט בלוטיגע טרערין און סיציליע האט אנגעהויבען צו פערשטעהן, אז גאר אן אנדער זאך דריקט געווים איהר טאָכטערס הערץ.

אבער וואס אייגענטליך איהר דריקט, דאס האט זיא ניט געקענט פערשטעהן.

— היראָנים, מיט אונזער ליענאטשקאָן איז עטוואס, — האט סיציליע איינמאל געזאגט צו איהר מאן — דאס איז ניט אומזאנסט וואס זיא איז אזוי פערצווייפעלט.

— לאז מיך צורוה מיט דיין ליענאטשקאן און מיט איהרע גראפען, — האט היראָנים צאָרניג געענטפערט — איך האב וויכטיגערע צרות וואס פערביטערן מיר מיין לעבען.

— אבער מען מוז דאך וויסען וואס איהר דריקט?

— איך וויל גאר ניט וויסען פון קיין זאך. צוליעב איהר בין איך אזוי אונגליק־ליך געוואָרען, וויל איך גאר פון איהר ניט דענקען.

היראָנים האט ווירקליך דער טאָכטערס נאָמען ניט געקענט הערען. ער האט יים געקענט פערגעסען, אז זיא האט איהם אין אזא שרעקליכע לאגע געבראכט, און נור צוליעב איהר איז ער אזא קבצן געוואָרען. דיא מאסקע איז יעצט פון זיינע אויגען אראפגעפאלען און ער האט דערזעהען וואס פאר א פעהלער ער האט גע־טהאן, וואס ער איז געוואָרען מעהר קריסט אלס איד. דאס גאנצע געלד וואס ער האט געהאט, האט ער פערדיענט נור פון אידען, און קריסטען האבען דאס פון איהם אוועקגענומען. ווען ער איז געווען אין א נויטה, האבען איהם בעשטענדיג זיינע אידישע פריינדע ארויסגעשלעפט און דיא גראפען מיט דיא קניאזען מיט וועלכע ער האט אזוי שטאָלצירט, האבען מיט זייער פריינדשאפט נור געמיינט פון איהם דיא הויט ארונטערצושינדען.

יא ער האט יעצט זעהר דייטליך געזעהן וואס פאר א דומהייט ער האט גע־טהאן. ער וואלט זעהר וועלען דאס צוריקחאפען, אבער עס איז שוין געווען צו שפעט.

א מוטער אבער איז גאנץ אנדערש. סיציליע אבוואהל זיא האט ניט וועניגער שמערצען געהאט פון דעם מאן, פון דעסטוועגען האט זיא אן דער טאָכטער אויך ניט פערגעסען. דער געדאנק, אז ליענאָטשקא איז אזוי פערצווייפעלט און זיא האט שמערצען פון עטוואס, האט איהר פון געדאנק ניט געקענט ארויסגעהן און זיא האט זיך בעשלאסען אויסצופאָרשען פון ליענאן וואס דא טהוט זיך.

זיא איז איינמאָל צו איהר אריינגעקומען אין צימער און האט זיך גענגען איהר געזעצט, מיט פאָרשענדע בליקען האט זיא איהר איינינע מינוטען בעטראכט און האט נאכהער זעהר צערטליך געזאגט:

— ליענאָטשקא מיין טאָכטער?

— וואס ווילסט דוא? — האט ליענא בייז געפרעגט.

— וואס ביזט דוא אין כעס נארוניא דוא ווייסט דאך, אז איך בין דיין מוטער, איך האב דיך ליעב וויא מיין גאנץ לעבען.

— אבער וואס ווילסט דוא פון מיר?

— איך וויל דיך עטוואס פרעגען.

ליענא האט געשוויעגען.

— וועסט דוא מיר ענטפערן אויף מיין פראגע?

— לאז מיך אָב, איך בין יעצט ניט אויפגעלעגט דיינע פראגען צו הערען! — האט ליענא צאָרניג געענטפערט.

— אבער קינד מיינס. דוא זאלסט וויסען וויפיעל שמערצען דוא פערשאפסט מיר מיט דיין טרויערינקייט וואלסט דוא מיט מיר אנדערש גערעדט. איך זאג דיר, אז איך שלאף קיין נעכט ניט. איך האב פערלאָרען דיעם גאנצען אפעטיט פון עסען. איך קען בעהיטע גאט וואהנזיניג ווערען פון פיעל טראכטען, נו פרעג איך דיר, וועט דיר שוין זיין גוט, ווען דיין מוטער וועט וואהנזיניג ווערן?

ליענא האט א קוק געטהאן אויף דער מוטער און אלס זיא האט דערזעהן טרערין אין איהרע אויגען האט זיך אין איהר מיטלייד ערוועקט און זיא האט מיט א זאנפטערן טאן געזאגט:

— אבער ליעבע מוטער. וואס קוועלסט דוא מיך מיט דיינע רייד.

— דוא מוזט מיר צוליעב טהאן מיין טאכטער און מיינע פראגען כע־וואַרטען.

— נו פרעג־זשע שוין.

— איך וויל וויסען, וואס דיך דריקט אזוי?

— גאר ניט, — האט ליענא נעענטפערט און איז רויטה געוואָרען.

— ועמען ווילסט דוא איינבילדען אז גאר ניט. זעה איך דען ניט, אז דוא ביזט זייט א קורצע צייט א האלבער מענש געווארען.

— איך בין עפעס ניט געזונד.

— וואס פעהלט דיר?

— דאס קען איך דיר ניט זאגען.

— דוא קאנסט דאס ניט זאגען? — מיר, דיין מוטער קענסט דוא ניט זאגען וואס דיך דריקט? האסט דוא נאך אזא גוטען פריינד וויא איך בין דיר? דוא מענסט זיך שעמען, ליענאטשקא, דוא זאלסט אזוי נארריש זיין? דאס איז א בע־וויז אז דוא ביסט נאך גאר א קינד. פע, איך האב פון דיר אזעלכעס ניט ער־ווארטעט.

ליענא האט בעהאלטען דאס געזיכט אין ביידע הענד און האט זיך פארנאַ־דער געוויינט.

— ועה איז מיר! קינד מיינס! זאג דאך וואס איז מיט דיר? — האט זיך סיציליע געבעטען אומארמענד דער טאכטער — איך וועל דאס ניט אויסהאלטען. דערצעהל דאך דער מאמען וואס פאר אן אונגליק דיך האט געטראפען!

— מוטער, איך בין פערלארען! — האט ליענא מיט א קראמפפהאפטעס וויינען אויסגערערט.

— דוא ביסט פערלארען? — האט סיציליע ערשראקען געפרעגט — מיין קאט, וואס האט אזעלכעס מיט דיר געטראפען? זאג מיר, דען איך שטארב דא פאר דיינע אויגען!

— איך קען ניט, מוטער, — האט ליענא אלץ וויינענד געזאגט — איך קען דאס דיר ניט זאגען.

— פאר וואס? וועה איז מיר! פארוואס זאלסט דוא דאס מיר ניט קענען זאגען?

— איך קען ניט. איך דארף ניט! — האט ליענא מיט א פערצווייפעלטער מינע געענטפערט — ווען דוא וועסט דאס הערען, וועסט דוא מיך פערהאסען, פערשעלטען, פערדאמען.

— הא? — האט סיציליע א געשריי געטהאן אויפשפרינגענד פון איהר אָרט — גאט מיינער! איך פאנג אָן צו פערשטעהן וואס דא טהוט זיך. זאג, קינד מיינס, האסט דוא זיך געלאזט פון יעמאנדען פערפיהרען אין א בלאָטע?....

ליענא האט נאך שטארקער אנגעהויבען צו וויינען.

יא? איך האב געטראפען? — האט סיצילע ציטערענד בײ אלע גליע־דער אויסגעשריען; — זאג דאך אום הימעלס ווילען, איך האב געטראפען?
— יא, מוטער, דער אונמענש, לאמאנאוו האט מיין עהרע גערויבט — האט ליענא יאמערנד געענטפערט — איך בין שווא....
— וועה איז דער מאמען! — האט סיצילע אויסגעשריען פערבּרעכענדיג די הענד און איהר געזיכט איז לייכען בלאס געווארען.

167טעס קאפּיטעל.

## מיט'ן פאטער איז ער שוין פערטיג.

סימאן גריץ איז געזעסען בײ זיך אין צימער שטארק פערטראכט און בע־זארגט.

ער האט שוין דעם שטיין פון'ם וועג אבגערוימט. זיין קאנקורענט יאקאב פיין זיצט אין געפענגניס און בײ קיינעם איז קיין צווייפעל, אז ער איז וואהרהאפטיגס מערדער, אבער דאך קען ער זיין ציעל ניט עררייכען. די רעבעקא וויזט זיך פאָרט ניט צו איהם אזוי ליעבליך וויא ער האט געוואלט. אין גענענטהייל, יעדעס מאל וועו ער קומט מיט איהר צוזאמען, בעווייזט זיא איהם מעהר פעראכטונג, אין איהרע אויגען לעזט ער נאר האס.

— וואס טהוט מען? וויא אזוי קויפט מען זיך איין בײ איהר אין ליעבע?

בײ איהם איז נאך א לאנגעס נאכדענקען געבליעבען, ער זאל זיך בעמיהען, פריהער דעם באנקירס הערץ פאר זיך צו געווינען. ווען ער וועט מיט דעם פאטער פערטיג ווערן, וועט דאן די טאכטער מוזען ענטפערן אמן און וועט מיט איהם הייראטהען.

אבער דא איז ווייטער די פראגע: וויא אזוי זאל מען קויפען דעם באנקירס הערץ?

גריץ האט געוואוסט, אז ראטהבלום קוקט אייף איהם ניט מעהר וויא אויף זיינעם א בעדיענטען און איהם פאלט נאר קיין מאל דער געדאנק ניט איין, אז סימאן גריץ, זיין בוכהאלטער זאל זיין רעבעקא'ס מאן. אלזא, מוז מען עפּעס אויס־זוכען אזא מיטעל, וואס זאל מאכען אויף ראַטהבלומען אזא ווירקונג, ער זאל בע־טראכטען פאר זיין טאכטערס גרעסטעס גליק, ווען גריץ וועט ווענען זיא הייראטהען.

לאנג האט גריץ זיך געבראכען דעם קאפּ קלערענדיג וועגען אזא מיטעל און ער איז ענדליך געפאלען זעהר אויף א קלוגען פּלאן.

— ראַטהבלום וויל מיט זיין טאכטער טהאן א רייכען שידוך — האט זיך סימאן געקלערט — ווען איך זאל האבען א סך געלד, וואלט ראטהבלום קיין צווייטער איבערנערעדט און וואלט מיך אויפגעהאפט פאר זיין טאכטער, אלזא מוז מען זעהן איינבילדען דעם באנקיר, אז איך האב א סך געלד.

דאס איז זעהר א לייכטע זאך, — האט גריץ מיט א פערגעניגט שמייכעל צו זיך אליין געזאגט — איך וועל איהם שוין איינבילדען, אז איך וועל באלד זיין א מיליאנער.

ער האט זיך גענעצט און האט אנגעשריעבען דיעזען בריעף:

„ליעבער פריינד בלאנקין!

„איך האב פון דיר שוין לאנג קיין בריעף געהאט. זייט דוא ביסט אוועקגע־פאהרען נאך אמעריקא, האסט דוא מיר נור איין בריעף געשריעבען. דאס איז א גרויס אונרעכט פון דיר. דוא האסט ניט בעדארפט פערגעסען, אז איך בין אימער געוועזען דיין בעסטער גוטער ברודער. איך האב דיר געראטהען דוא זאלסט אנטלויפען נאך אמעריקא אלס מען האט ביי אונז אין שטעדטעל זיך אנגעהויבען צו שטויסען, אז דוא האסט בע'גנב'עט דיין פרינציפאל.... ווען איך זאל דיר ניט געוועזען פער־שאפען א פאלשען פאספארט מיט וועלכען דוא האסט געקענט מאכען דיא פליטה, וואלסט דוא שוין יעצט געוועזען ווער־וויים־וואו.... צום סוף האסט דוא גענצליך אן מיר פערגעסען און שרייבסט מיר זאגאר קיין בריעף ניט. דאס הייסט אויף דער העכסטער שטופע אונדאנקבאר.

„נור דוא ווייסט דאך, אז איך בין אימער געוועזען דיין בעסטער גוטער פריינד, דארום פערצייהע איך דיר; אבער מיט דעם בעדינג, דוא זאלסט מיר טהאן א קליינעם געפאלען.

„איך פערלאנג פון דיר, ליעבער בלאנקין, דוא זאלסט דיא מינוט וואס דיא וועסט דיעזען בריעף ערהאלטען זיך זעצען ביי דיין שרייב־טיש (ווען דוא האסט אזעלכען) און זאלסט אנ'שרייבען צו מיין באנקיר הערר ראטהבלום דיעזען בריעף מיט דיעזע ווארטען:

„הערר ראטהבלום!

„א מאסקוועער איד, וואס איז דיעזע וואך אהער געקומען, האט מיר דער־צעהלט, אז ביי אייך דיענט א יונגער מאן מיט דעם נאמען נ־ריץ. ביטע איך אייך איהר זאלט אזוי פריינדליך זיין און מיר באלד אנטווארטען צו הייסט דיעזער יונגער מאן מיט דעם נאמען שמעון און צו איז ער פון דער שטאדט נאוואגרודאק. איך מוז איך וויסען צו זיין פאטער האט געהייסען דוד און האט געהאט אן איינען הויז אין דער שול־גאס. דען אויב דאס איז דער וואס איך האב דא געשריעבען, וועט איהר איהם גליקליך מאכען; וויל מיט איינינע טאגאטען צוריק איז אין קאליפארניען געשטארבען א מיליאנער מיט דעם נאמען ראובן נריץ; ער האט אין זיין צוואה אבגעשריעבען זיין גאנץ פערמעגען זיין ברודער דוד'ס בן־יחיד שמעון נריץ. אין דער צוואה האט ער דייטליך בעשריעבען, אז זיין ברודער דוד האט געהאט אן איינען הויז אין נאוואגרודקער שול־גאס. דארט האט ער געהאט א שיינק. מען האט דאס אין דיא היזיגע אלע צייטונגען געמעלדעט, פיעללייכט ווייס יעמאנד פון אזא יונגען מאן, אבער ביז אהער האט זיך קיינער אבגערופען. אויב דאס איז דערזעלבער וואס איך פרעג אייך, ביטע איך אייך געעהרטער הערר, איהם דאס צו בענאכריכטען אום ער זאל קומען אפנעהמען דיא מיליאנען וואס זיינען פאר איהם געבליעבען.

„מיט דער האפנונג, אז איהר וועט וועלען דיא מצוה פערדיענען און וועט טהאן וויא איך האב אייך געבעטען צייכנע איך מיט פאלער אכטונג.

„דא ליעבער בלאנקין זאלסט דוא אונטערשרייבען דעם נאמען פון א גרויסען

בעריהמטען מאן אין ניו־יארק, פיעל גלייכער וועט זיין ווען דער נאמען וועט זיין פון א רב. פיעללייכט קענסט דוא נאך אין א דרוקעריי אבדרוקען אויף א שטיקעל פאַ־פיער וואס זאל אויסווייזען וויא אויסגעשניטען פון א צייטונג דיא גאנצע געשיכטע, וואס שטעהט אין מיין בריעף און דאס אויך אריינשיקען צו הערן ראטהבלום, וועל איך דיר זעהר און זעהר דאנקבאר זיין. מיר זאלסט דוא אויך שרייבען אויף מיין אדרעסע נומ. 7 מיכאילאָווסקאיא אוליצא, צו האסט דוא געשריעבען צו ראטהבלומען.

„איך בין פעסט פערזיכערט, אז דוא וועסט טהאן וויא איך האב דיך געבעטען; אבער נאך אמאל מוז איך דיך אויפמערקזאם מאכען, אז דוא זאלסט דאס טהאן באלד וויא דוא וועסט מיין בעיעף ערהאלטען.

איך פערבלייב דיין געטרייער פריינד סימאן גריץ״.

ער האט דעם בריעף פערזיעגעלט און האט איהם אוועקגעשיקט דורך דער פּאָסט נאך ניו־יאָרק.

מיט דער גרעסטער אונגעדולד האט ער פון דעם טאג אן אנגעהויבען צו ער־ווארטען בלאנקינס אנטוואָרט. ער האט געוואוסט, אז זיין חבר וועט דיא ביטע באלד ערפילען, און נאך זיין רעכנונג איז אויסגעקומען, אז ניט שפעטער וויא אין פיער וואָכען דארף זיין פון בלאנקינען אן ענטפער.

ער האט קיין איררטהום געהאט, דען עס זיינען נאך קיינע פאלע פיער וואָכען איבערגעגאנגען, איז ראָטהבלום אריינגעלאפען צו איהם מיט אן אפענעם בריעף אין דער האנד.

— איך גראטולירע אייך הערר גריץ! — האט דער באנקיר פריילּיך געזאנט— אייך האט א מערקווירדינעס גליק געטראפען.

— מיך האט א גליק געטראפען? — האט גריץ וויא ערשטוינט געפרעגט.

— זאגט מיר נור ליעבער פריינד, האט איהר געהאט אן אנקעל אין קאלי־פאָרניען?

— פון וואנען ווייסט איהר דאס?

— ענטפערט מיר נור אויף מיין פראגע.

— איך האב געהאט אן אנקעל וועלכער האט זיך אלס קינד אוועקגעלאָזט נאך אמעריקא אבער קיינער ווייס ביז הייטע ניט וואו ער איז אהינגעקומען. מען האט אונז זאגאר דערצעהלט, אז מען האט איהם געזעהען אין קאליפאָרניען, אָבער מיר האבען דאס ניט געגלויבט.

— נו, זאג איך אייך, אז ער איז ווירקליך געווען אין קאליפאָרניען און ער האט פאר אייך א גרויסען קאפּיטאל אנגעזאמעלט.

— איך פערשטעה אייך ניט הערר באנקיר. וואס היסט ער האט געזאמעלט א קאפּיטאל פאר מיר?

— נאט לעזט דיעזען בריעף וועט איהר שוין אלעס פערשטעהן.

— וואס איז דאס פאר א בריעף? — האט גריץ געפרעגט נעהמענד דעם בריעף אין האנד.

— לעזט איהם נור איבער וועט איהר שוין זעהן וואס דאס איז.

גריץ האט איבערגעלעזען דעם בריעף און האט געמאכט דאביי אזעלכע גריי־מאסען וואס מען האט געקענט מיינען, אז ער איז איבערראשט און ער גלויבט זיינע אויגען ניט.

— מיין גאט! — האט ער געשטאמעלט — וואס זאל דאס בעדייטען?

— דאס בעדייט, אז איהר זייט א מיליאָנער געוואָרען.

— אָ, הימעל! איז דאס מעגליך, אז מיך האט אזא גרויס גליק געטראָפען? האט גריץ אויסגערופען זא ארטיסטיש, דאס דער באנקיר האט געגלויבט, אז דער יונגער מאן איז ווירקליך אויסער זיך פון דער גוטער בשורה וואס ער האט דאָ בעקומען.

— בערוהינט זיך הערר גריץ, — האט ראטהבלום געזאגט — א מענש מוז קענען געדולדיג ערטראגען גליק און אונגליק.

— אָ, מיין הערר! — האט גריץ געזאגט ערגרייפענד ראטהבלומס האנד — וויא זאל איך אייך דאנקען פאר דער גליקליכער נאכריכט וואס איהר האט מיר איבערגעגעבען.

— דאס דארפט איהר ניט דאנקען מיר, זאנדערן יענעם אמעריקאנער, וואס האט דיא נאכריכט מיר געשריעבען.

— אבער איהר זייט געוועזען דער גוטער שליח. איך וועל אייך אימער אלס מיין גוטען ענגעל בעטראכטען.

— נענונג, נענונג, בערוהינט אייך און פרעהט זיך מיט דעם וואס גאט האט אייך בעשערט. איהר דארפט זיך בעטראכטען אלס דעם גליקליכסטען מענשען אין דער וועלט.

— ניין הערר ראטהבלום! מיינע מיליאָנען קענען מיך נאך ניט פאר פאל־קאמען גליקליך מאכען, — האט גריץ זיפצענד געענטפערט.

— וואס הייסט דאס?

— יא מיין הערר. איך ווידערהאלע מיינע ווערטער, אז מיינע מיליאָנען קע־נען מיך ניט גליקליך מאכען, דען ווען איך זאל זאגאר זיצען אין קייזערליכע פאלא־צען, וועט מיר פעהלען דיא נשמה פון מיין קערפער!

— איך פערשטעהע ניט וואס איהר מיינט מיין פריינד.

— איך זאל וויסען, אז איהר וועט אויף מיר ניט צירנען, וואלט איך פאר אייך מיין הערץ געעפענט.

— איך זאל אויף אייך ניט צירנען? האט איהר מיר דען געטהאן אזעלכעס, וואס איך דארף אויף אייך זיין אין כעס?

— ניט דאס. אבער איך פירכטע, אז מיט מיינע רייד וועל איך אייער צארן ערוועקען.

— איך בין זעהר נייגעריג צו הערען דיא רייד וואס קענען מיין צאָרן אויף אייך ערוועקען.

— הערר ראטהבלום! — האט גריץ מיט פייער געזאגט — איך מוז אייך גע־שטעהען, אז אייער ליעבע טאכטער רבקה האט מיך אזוי בעצויבערט, דאס אהן

איהר קען איך ניעמאלס קיין גליק פינדען. איך האב דאס אבער ביז אהער ניט געוואגט מיט אייך אדער מיט אייער טאָכטער װעגען דעם צו ריידען, װייל איך האב ניט פערגעסען, אז איך בין ניט מעהר װיא אייערער א בעדיענטער. אבער יעצט, אז נאט האט מיך אונערוואַרטעט זא בעגליקט מיט מיליאָנען, נעהם איך מיר דיא פרייהייט, אייך מיין הערר צו בעטען, איהר זאלט מיין פאָטער װערען.

— דאס איז גאר ניט אזא דומע זאך װיא איהר מיינט, — האט ראָטהבלום געענטפערט — פאר װאס זאל איך זיין אויף אייך אין כעס? װען נור מיין טאכטער װעט ניט זיין דאגעגען, װעל איך געװיס דאצו איינװילינגען.

— אָ, איך דאנק אייך ליעבער, גוטער הערר! — האט גריץ אויסער זיך פאר פריידע אויסגעשריען א קושטהאנדיג ראטהבלומען אין האנד — איהר האט מיך יעצט איינפאך פון טוידט לעבעדיג געמאכט. ערשט יעצט װעל איך פיהלען דעם גליק פון מיינע מיליאָנען, װען פון זיי װעט אויך אייער ליעבע טאכטער קענען געניסען.

— אָבער הערר גריץ, איהר זאלט ניט פערגעסען דאס װאס איך האב אייך געזאגט, אז איהר מוזט דאצו האבען מיין טאכטערס איינװילינגונג.

— אייער ליעבע טאכטער װעט געװיס דאצו איינװילינגען, װען זיא װעט נור הערען אז איהר װילט דורכאויס זיא זאל מיך הייראטהען.

— דאס, ליעבער פריינד, קען איך איהר ניט זאגען. איך קען בלויס איהר מיטטהיילען, אז איך בין ניט דאגעגען, װען זיא װעט געפינען אז איהר זייט פאר איהר א פאסענדע פארטיע װעל איך מיט פערגניגען אייךביידען מיין זעגען געבען.

— דערװייל בין איך צופריעדען מיט דעם און איך בין פעסט איבערצייגט, אז רעבעקא װעט זיך ניט ענטזאגען מיינע צו זיין. דען איך װעל אלע מיינע קרעפטען אנװענדען נור אום זיא גליקליך צו מאכען.

— גוט! רעדט מיט איהר װעגען דעם איבער. איך זאג אייך נאך אמאל, אז איך װעל צופריעדען זיין װען זיא װעט אייך איהר האנד שענקען.

— בראַװאָ גריץ, דוא ביזט א חכם! — האט גריץ אויסגערופען אלס ער איז אליין געבליעבען — דוא האסט פאר דער שטיקעל ארבייט װאס דוא האסט דא אבגעארבייט פערדיענט א גרויסען מעדאל. דיא גרעסטע העלפט װעג ביזט דוא שוין איינגעפאהרען. יעצט בעמיהע זיך דאס לעצטע שטיקעל װעג דורכמאכען....

168טעס קאפיטעל.

## דיא פאלשהייט זיעגט.

מיט פערוויינטע אויגען איז גלאפירא געזעסען אין אדעלא'ס װאוינונג. זיא האט פערשטאנען, אז מיטין גראף דאנילאװ האט עטװאס זאנדערבארעס פאסירט. דאס הערץ האט איהר געזאגט, אז ער איז אק אן אונגליק אריינגעפאלען; דארום האט זיא געװיינט אין איהר גוטעס הערץ װאר זעהר פערביטערט.

— װאו איז טראשקא? — האט זיא זיך אונצעהליגע מאל געפרעגט — װען ער זאל דא זיין, װאלט ער פיעללייכט ערפאהרען װאס דא טהוט זיך. זיא איז געװיסע צװאנציג מאל אין דער נאס ארויסגעלאָפען מיט דער האפנונג, אז זיא װעט דערזעהן

טראָשקאָן; ליידער אבער האט זיא יעדעס מאָל נעמוזט צוריק מיט א פערצווייפעל־טער מינע אריינגעהען אין שטוב, טראָשקא איז אלץ ניט געקומען.

גאנצע דריי שטונדען זיינען איבערגעגאנגען זייט דער גראף איז אוועקגעפאָה־רען. גלאפירא איז געזעסען ביים פענסטער און האט ארויסגעקוקט אין דער זייט פון וואנען מען האט געקענט צופאהרען צום פאלאסט

זיא איז פלוצלונג פון איהר ארט אויפגעשפרונגען, דען זיא האט דערזעהן אדע־לאָין מיט סטעפאנען לויפענדיג פערסאָפּעט גלייך צום גראפס פאלאסט.

עס האט לאנג ניט געווערט. זיינען זיי ביידע אריינגעלאפען אין דעם צימער וואו גלאפירא איז געזעסען.

— גלאפירא! — האט אדעלא וויא שטארק ערשראָקען אויסגעשריען — אום הימעלס ווילען, זאג וואס איז דא געוועזן? וואו איז מיין ליעבער ברודער אנטאָן?

— ער איז אוועקגעפאהרען מיט אן אָפיציער און מיט צוויי סאָלדאטען—האט גלאפירא וויינענד געענטפערט.

— וואוהין? זאג געשווינד. וואוהין זיינען זיי געפאהרען?

— איך ווייס ניט גנעדיגע גרעפין.

— האט דא דער גראף פאר מיר קיין בריעף איבערגעלאזען?

— ניין גנעדיגע גרעפין.

— אבער פאר אן אנדערן האט ער יא א בריעף איבערגעלאזען?

— יא, ער האט איבערגעלאזט א בריעף פאר דעם אלטען איוואן.

— וואו איז ער?

— ער האט מיר אנגעזאגט, איך זאל איהם קיינעם ניט ארויסגעבען אויסער איוואנען אין האנד.

— עס מאכט ניט אויס, מיר מעגסט דוא איהם געבען.

— איך קען דאס ניט טהאן גרעפין.

— וואס איז דאס פאר א ווערטער, דוא קענסט ניט? ווייסט דוא דען ניט, אז איך און אנטאָן זיינען וויא איין קערפער מיט איין זעעלע. פאר מיר גיעבט עס קיין געהיימנים. איך מעג אלעס וויסען. גיעב אהער דעם בריעף זאג איך דיר.

גלאפירא האט ניט געוואנט ניט געהארזאם צו זיין, דארום האט זיא מיט א צובראָכען הערץ ארויסגענומען דעם בריעף פון דער טאש און האט איהם אבגעגעבען אדעלאָן, וועלכע איז מיט איהם שנעל אין סטעפאנס בעגלייטונג אריינגעלאפען אין א בע־זונדער צימער, דארט האט זיא דעם בריעף אויפגעעפינט און האט איהם איבערגעלעזען.

— דוא זעהסט סטעפאן, וואס דער מערדער האט דא אנגעשריעבען צו זיין געטרייען איוואנען? — האט זיא געזאגט איבערגעבענד דעם בריעף סטעפאנען.

סטעפאן האט דעם בריעף דורכגעלעזען און האט שמייכלענד געענטפערט:

— יא, ער האט אונז אלעמען געוואָלט פערזאָרגען; ער האט אבער פערגעסען, אז מיר זיינען קלינער פון איהם.

— וואס דענקסט דוא זאל מען יעצט טהאן?

— עס איז גאר ניט דא וואס צו דענקען. יעצט דארפט איהר דעם בריעף

פערברענען און איהר בלייבט דיא זעלבסטהערשערין איבער דעם הויז און איבער דאנילאָורס גאנצעס איינענטהום.

— דוא האסט רעכט סטעפּאן — האט אדעלא געענטפערט און האט דאס פּאפּיער פערברענט אויף דעם צינדהעלצכען וואס זיא האט אנגעצונדען.

— יעצט גרעפין מוזט איהר שטארק אננעהמען דיא לייטשעס אין דיא הענד און שפּיעלען דא דיא ראָליע פון אווירטהין ; אבער מיט אזא שטאָלץ, דאס קיינער זאל וואגען אייך א שלעכט וואָרט צו זאָגען.

— אזא ראָליע וויים איך שוין וויא צו שפּיעלען,—האט אדעלא געענטפערט— דוא וועסט שוין זעהן וואס איך קען טהאן. זיא האט א קלונג געטהאן און גלאפירא איז אריינגעקומען.

— גלאפירא ! — האט אדעלא שטרענג געזאגט — דער גראף האט דיר גע- ווים געמוזט זאגען, אז ער איז אויף א לאנגע צייט אוועקגעפאָהרען און אז אין דעם בריעף וואס ער האט אנגעשריעבען האט ער מיך געמאכט פאר דער גאנצער וויר- טהין איבער זיין איינענטהום.

— ניין גרעפין. ער האט דאס מיר ניט געזאגט.

— נו, אויב אזוי, זאג איך ז'אס דיר. ביז מיין ברודער אנטאָן וועט צוריק- קומען, בין איך דא דיא הערשערין איבער אלעם וואס ער פערמאָגט און איך פער- לאנג פון דיר דוא זאלסט מיר געהאָרזאם זיין.

— בין איך אייך דען ביז אהער ניט געהארזאם געווען ?

— איך זאג דאס ניט. אבער דיין טראָשקא איז זעהר א פרעכער קערל. ער האט זיך פיעל מאל געוואגט מיר זאגאר אין דיא אויגען אויסצולאכען.

— איך וויים דערפון ניט.

— נו, זאלסט דוא דאס וויסען, אז איך וויל איהם מעהר ניט אנקוקען. ער זאל זיך ניט וואגען אין דיעזען הויז מעהר אריינצוקומען.

— אום גאטעס ווילען גנעדיגע גרעפין, — האט גלאפירא ערציטערט געזאגט— טראָשקא האט ניט פערדיענט אזא שטראפע. ער האט דעם גראף אימער געטריי געדיענט.

— וואָס ער האט דעם גראף געדיענט, דערפון וויל איך ניט וויסען. איך וויים נור, אז נעגען מיר איז ער אימער א לומפּ געווען. דארום וויל איך איהם מעהר דאָ אין הויז ניט האבען.

— אויב איהר ווילט איהם דא ניט האבען קען איך אויך דא ניט בלייבען.

— דאס איז דיין זאך. איך וועל דיך ניט צווינגען דוא זאלסט נור דא בלייבען.

— אבער מיין געהאלט וואס מיר קומט פון'ם גראף וועט איהר דאך מיר אבגעבען.

— וויפיעל קומט דיר פון איהם ?

— מיר קומט פאר גאנצע פיער יאהר געהאלט 400 רובעל.

— האסט דוא בעווייזע, אז דיר קומט אזוי פיעל געלד?

— איהר קענט דאס אנפרעגען ביי דעם גראף.

— גוט! איך וועל דאס איהם אנפרענען. אויב ער וועט מיר ענטפערן, אז דיר קומט אזוי פיעל געלד. וועל איך דיר געוויס בעצאָהלען. דערווייל קענסט דוא דיך זוכען אן אנדער קוואַרטיר, דען דא האב איך פאר דיר קיין פּלאַץ מעהר.

— אבער גרעפין, איך קען דאָך ניט אוועקגעהען פון דאַנען מיט לעדיגע הענד.

— דיין טראַשקא האט גענוג געלד אנגעגנבעט ביי מיין נארישען קוזין. ער וועט דיך שוין פערזארגען מיט אלעם גוטען.

— גרעפין! — האט גלאַפירא צאָרניג אויסגערופען — איהר קענט זאגען אלעס וואס איהר ווילט, אבער אז מיין טראשקא איז א גנב דאס זאלט איהר ניט וואגען צו זאגען. קיינער האט דאס נאָך ביז אהער אויף איהם ניט געזאגט.

— דאס וואס דוא ביזט אונצופריעדען מיט דעם, וואס איך זאג דיא וואהר־הייט, אינטערעסירט מיך זעהר ווענינ, — האט אדעלא שטאָלץ געענטפערט — איך וועל מיך ביי דיר ניט לערנען וויא צו ריידען. מאַרש פון מיינע אויגען, נאָך הייטע זאָלסט דוא מיין הויז פערלאַסען.

— ניין גרעפין! איהר האט ניט דאָס רעכט מיך פון דאנען צו טרייבען, — האט גלאַפירא מוטהיג געזאגט — מיין ווירטה איז דער גראף אנטאָן דאַנילאָוו און וואו ער וועט אליין מיך ניט ענטלאַסען וועל איך פון דאנען ניט אוועקגעהען.

— אזוי זאגסט דוא? — האט אדעלא שטארק אויפגערעגט אויסגערופען — דוא ווילסט מיך ניט אנערקענען אלס דיא ווירטהין פון דיעזען הויז!

— וואו איהר וועט מיר ניט ווייזען דעם גראפס בריעף, וואס נאָך אייערע ווערטער האט ער איינגעהענדיג געשריעבען, אז ער מאכט אייך פאר דער הערר־שערין איבער זיין הויז, וועל איך פון דאנען ניט אוועקגעהען.

— אזוי? — האט אדעלא שפּאטיש געזאגט — דוא ווילסט איך זאל דיר ציינען אנטאָנס בריעף? דיר, אן איינפאכער דיענסט־מויד זאל איך אזעלכע זאכען ציינען? גענוג עהרע איז פאר דיר געוועזען וואס איך האב דא מיט דיר אזוי לאנג גערעדט. מאַרש, זאג איך דיר, פון מיינע אויגען! דען איך וועל דיר מוזען דורך קלעפּ פער־שטענדיגער מאכען.

גלאַפירא האט פערשטאַנען, אז סטעפּאַן ווארט נור זיין אדעלא זאל איהם הייסען אויף איהר דיא הענד הייבען, דארום האט זיא נור געזאגט:

— איך וועל מיין רעכט געוויס אויסגעפינען און איז שנעל ארויסגעלאָפען.

— בראַוואָ אדעלא! — האט סטעפּאַן געזאגט — איהר האט יעצט געהאַנ־דעלט נאָך מיין וואונש. אזוי זאלט איהר טהאָן מיט דעם גראפס אלע געטרייע דיענער:

— זיי זיכער, אז איך וועל זיי אלע צוטרייבען. נאָך הייטע וועל איך א בעפעהל געבען, אז דער פערפלוכטער איוואַן מיט זיין פרוי זאלען פערלאַזען דעם טייפעלס־שלאָס. זאל זיך דיעזער הונד דא ניט געפינען.

— יא, איהם מוז מען פון דעם געגענד פערטריאַנען.

— אָבער סטעפּאַן איך האב דא פורכט פאר איין זאך.

— וואס איז דאס פאר א זאך?

— אנטאָן קען זיצענדיג אין געפענגניס ערפאהרען וואס איך האב דא אויפ־געטהאן. דאן קען ער מאכען מען זאל מיך פאר דעם שווינדעל פערהאפטען.

— איך האב שוין וועגען דעם אויך געקלערט, אבער איך האב דאצו א ראטה.

— וואס איז דאס פאר א ראטה?

— איהר האט דאך א פאָטער אין מאסקווא.

— יא.

— שיקט איהם אריין געלד און בעט איהם ער זאל אזוי אונטערשמירען אלע בעאמטע, וואס אנטאָן געפינט זיך אונטער זייערע הענד, דאס זיי זאלען צו דעם געפאנגענעם קיין נאכריכט צולאָזען. מען קען נאך בעסערס טהאן. מען קען מאכען, אז דער גראף זאל אין זיין צעלע פלוצלונג שטארבען.

— וויא אזוי קען מען דאס מאכען?

— גאנץ איינפאך. דא דארף מען זיך זעהען מיט דעם וועכטער פון זיין גע־פענגניס, איהם אריינרוקען א שעהנע סומע, און ער וועט שוין מאכען, אז מען זאל אייער ליעבען קוזין געפינען א טוידטען אין זיין קערקער.

— דאס זעהסט דוא, איז דער בעסטער פלאן; אבער ווער מען דאס קענען אויספיהרען?

— צו מען וועט דאס קענען, פרעגט איהר? עפעס בין איך דאך בעקאנט מיט דיא געהיימניסע פון דיא רוסישע געפענגניסע. דארט קומען פאר זעהר אפט אז דיא וועכטער ערשטיקען אן ארעסטאנט גלאט אזוי אויס פערגניגען; בעזאנדערס ווען מען וועט אזא וועכטער אריינרוקען אין האנד טויזענד רובעל, וועט ער דערפאר אלע ארעסטאנטען וויא דיא מייז אויסשטיקען.

— און וואָס טהוט מען, ווען דער דאָקטאָר מאכט אן אונטערזוכונג און דער־זעהט, אז דער ארעסטאַנט איז ניט מיט זיין טוידט געשטאָרבען?

— דאן האפט דער דאָקטאָר אויך א היבשע סומע און ער מעלדעט, אז דער ארעסטאנט איז פון א הערצשלאג געשטאָרבען.

— אויסגעצייכענט! — האט אדעלא ערפרייט געזאגט — דאס איז דער בעס־טער פלאָן. איך שיק באלד אריין א בריעף צו מיין פאָטער מיט געלד און ער וועט שוין אלעס אבארבייטען בעסער וויא געוואונשען. ווען אנטאָן וועט פלוצלונג שטאר־בען בלייב איך זיין יורשטע און קיינער וועט וואגען געגען דעם צו פראָטעסטירען.

169טעס קאפּיטעל.

## אַלעס איז ריכטיג.

זעהר איבערראשט איז דער פּאָלקאָווניק מאלינבערג געוואָרען, אלס מען האט איהם געמעלדעט. דאס דער פּאָליציימייסטער איז צו איהם געקומען און ער וויל זיך מיט איהם זעהן. דען ער איז מיט דעם פּאָליציימייסטער אימער געוועזן פון דער־ווייטענס און זיי האבען זיך געגענזייטיג קיין מאל בעזוכט.

— דא מוז עפעס זיין — האט ער זיך געטראכט און האט געהייסען מען זאל דיזם פּאָליציימייסטער אריינפיהרען אין זאל און איז אליין אויך אהין אריינגעלאפען.

דער נאסט האט מאלינבערג'ן זעהר פריינדליך דיא האנד געדריקט און האט געזאגט:

— זעהר א וויכטיגע זאך האט מיך יעצט צו אייך געבראכט הערר מאלינבערג.

— איך פערשטעהע אז ניט אומזאָנסט האט איהר זיך בעמיהט אהער צו קומען — האט מאלינבערג געענטפערט — און איך בין זעהר נייגיעריג צו וויסען, וואס מיר האט פערשאפט דיא עהרע אייך צו זעהן אין מיין הויז?

— איך וועל דאס אייך ערקלערען. מען האט פארינגע נאכט בעגנב'עט מיינעם א גוטען פריינד, מען האט ביי איהם צוגענומען א סומע געלד פון פופציג טויזענד רובעל. בין איך געקומען אייך בעטען פאלקאווניק, אז איהר זאלט זיך דיא מיהע געבען און דורך אייערע רעטעקטיוו'ס דעם דיעב אויסזוכען.

— איך וועל דאס געוויס טהאן. וויא הייסט אייער פריינד און וואו וואוינט ער?

— ער הייסט קארמין פאראשאָוו, ער וואוינט אין פיאטניצקאיא נומער 13.

— איך וועל הייטע זעלבסט געהן אהין און וועל בעטראכטען וויא אזוי דער דיעב האט דאס געלד בעקומען, און איך פערהאָף, אז איך וועל דעם שורקע אויס-געפינען.

— איך וועל אייך דאפיר זעהר דאנקבאר זיין.

— וועט איהר פיעללייכט ביי מיר עפעס געניסען הערר פאליציימייסטער?

— ווארום ניט? מיין מאגען זאגט זיך קיין מאל ניט אפ פון דיא געטרענקע וואס א גוטער פריינד שטעלט איהם פאָר.

— וועט איהר טרינקען וויין אדער שנאפס?

— א גלאז טהעע וועט זיין בעסער פון דיא ביידע זאכען וואס איהר האט דערמאנט.

— זעהר שעהן, באלד האבען מיר טהעע, — האט מאלינבערג געענטפערט.

ער האט א קלונג געטהאן און האט דעם דיענער וועלכער איז אריינגעקומען געהייסען מאכען דעם סאמאוואר.

— איהר האט א פראכטפאלע וואוינונג הערר מאלינבערג, — האט דער פאליציימייסטער געזאגט אויפשטעהענד פון זיין אָרט — וויפיעל צימער בעוואוינט איהר?

— אכט — האט מאלינבערג געענטפערט.

— אכט? אלע זיינען ליכטיגע.

— נור איינער צווישען זיי איז א פינסטערער.

— וויפיעל צאהלט איהר פאר דיעזער וואוינונג?

— צוויי טויזענד רובעל א יאהר.

— ניט מעהר?

— איז דאס דען בילינ?

— געוויס איז דאס בילינ. איך צאהל פאר אכט צימער דריי טויזענד רובעל.

— געוויס זיינען אייערע גרעסערע צימער.

ניין, מיין זאל איז דיא זעלבע גרויס וויא אייערער; עס קען זיין אז דיא איבעריגע זיינען קלענער. איך בין זעהר נייגיעריג אייערע צימער צו זעהן.

— איך קען אייך זיי ווייזען אויב איהר ווילט.

— זעהר שעהן, איך וועל קענען מיין פרוי פּאָרווירפע מאכען, דאס זיא האט אויסגעזוכט אזא טהייערן הויזווירטה.

מאלינבערג האט דורכגעפיהרט דעם פּאָליציימייסטער אלע זיינע צימערן. דער גאסט האט זיך געמאכט וויא ער בעוואונדערט דיא גרויסע, שעהנע ליכטיגע צימער.

וויא זיי זיינען געקומען צום קיך האט שוין מאלינבערג געוואלט צוריק אין זאל זיך אומקעהרן, אבער דער פּאָליציימייסטער האט אויסגעדריקט דעם וואונש צו זעהן אויך דיא קיך און מאלינבערג האט איהם געמוזט צוליעב טאהן און מיט איהם אויך אין קיך אריינגעהן.

דער פּאָליציימייסטער האט בעטראכט דיא קיך, וויא א ווירטה וואס איז גוט בעקאנט מיט דיא קיך זאכען, ענדליך איז ער צוגעגאנגען צו דער טהיר וואס דאָרט איז געוועזן און האט געפרעגט וואס איז דאס פאר א צימער.

— דאס איז א גארדעראב פיר קליידער.

אהנע צו פרעגען עטוואס האט דער פּאָליציימייסטער געעפענט דיא טהיר פון דעם צימער און איז אהין אריינגעגאנגען. מאלינבערג איז אויך שנעל נאך איהם אהין אריינגעלאָפען.

דא איז דאך ביי אייך הערר מאלינבערג א גאנצער קליידער מאגאזין? האט דער פּאָליציימייסטער לאבענד אויסגערופען, דערזעהענדיג דיא פיעלע קליידער וואס זיינען דאָרט געהאנגען.

— יא, איך האב פיעל קליידער, — האט מאלינבערג פערווירט געענטפערט

— איהר האט שוין א פרוי אויך? דען איך זעה דא פרויען פעלצען.

— ניין, דאס געהערט צו מיין שוועסטער וועלכע איז געפאהרען אין דיא בעדער האט זיא אלע קליידער איבערגעלאזט ביי מיר.

— אך, וואס פאר א פראכטפאָלע פעלצען איהר האט פאלקאווניק. וואצו דארפט איהר אזוי פיעל?

— איך בין א גרויסער ליעבהאבער פון פעלצען, ווען עס מאכט זיך מיר צו קויפען א גוטען פעלץ ביליג, קויף איך איהם.

— בעזאנדערס געפעהלט מיר זעהר דיעזער פעלץ — האט דער פּאָליציי-מייסטער געזאגט, צוגעהענדיג צו דעם פעלץ וואס מאררים וואהרהאפטיג האט איהם אנגעצייכענט אלס ער איז ביי איהם געוועזן. ער איז דורך אויס פון סאָבעל.

— יא ער איז דורך אויס פון סאבעל.

— ער האט אייך געמוזט קאָסטען פיעל געלד?

— איך האב פאר איהם בעצאהלט צוויי הונדערט רובעל.

— זעהר ביליג. איהר האט איהם געמוזט קויפען ביי א געלעגענהייט?

— ניין, איך האב איהם געקויפט פאריגעס יאהר אין ניזשני נאָוואָגאָראָד אויפ'ן יאהר־מארק.

— קענט איהר פיעללייכט מיר איהם אפלאזען?

— ליידער קען איך דאס נים.

— ווארום?

— ווייל איך האב דעם פעלץ ליעבער אלס אלע איבעריגע פעלצען.

— אבער ווען איך וועל אייך געבען פאר איהם דריי הונדערט רובעל?

— וועל איך דאס אויך נים טהאן.

— שאדע — האט דער פאליציימייסטער געזאגט — וואו בעקום איך אזא פעלץ צו קויפען?

— איך גלויב אז איהר קענט אין דיא היזיגע קליידער-געשעפטען בעקומען ריכטיג אזעלכען.

דער פאליציימייסטער האט זיך וויא נים געקענט אפקוקען פון דיעזען טהייערן פעלץ. ער האט איהם בעטראכט פון אלע זייטען און האט געפונען אין איין אָרם אן אויפגעטרענטען סאבעל. ער האט שנעל דעם צוטרענטען סאבעל א קעהר גע־טהאן און האט געזעהן, אז דאָרט שטעהט א שטעמפּעל פון צוויי בוכשטאבען .M. B

מאלינבערג האט נים פערשטאנען וואס דער פאליציימייסטער קוקט און האט געזאגט:

— הערר פאָליצמייסטער. דער סאמאוואר מוז שוין זיין פערטיג. מיט'ן פעלץ וועט איהר אייער דורשט נים שטילען. ווען מיר געהען טרינקען טהעע?

— יא, מיר געהן. אלזא ווילט איהר מיר דיעזען פעלץ פאר קיין פרייז פער־קויפען?

— ליידער בין איך נאך אמאל געצוואונגען צו זאגען, אז ניין.

— נו, אויב איהר וועט מיר איהם נים פערקויפען וועל איך איהם מיט גוואלד, אזוי צוגעהמען.

— וואס הייסט מיט גוואלד? — האט מאלינבערג ערשטוינט געפרעגט.

— איהר ווייסט נים וואָס עס הייסט מיט גוואלד? — האט איהר אליין דען דיעזען פעלץ נים צוגענומען מיט גוואלד פון דעם ערמאָרדעטען וואהרהאפטיג?

מאלינבערג איז זא בלאַס געוואָרען, דאס דער פאָליצמייסטער האט זיך פאר איהם ערשראָקען; ער האט אבער באלד צוריק זיין מוטה בעקומען און רייסענדיג דעם פעלץ פון'ם פאָליצמייסטערס הענד, האט ער געשריען:

— דעם פעלץ נים מיר אָב!

דער פאָליצמייסטער האט אן עפען געטהאן דיא טהיר און האט א פייף גע־טהאָן. באלד זיינען אנגעלאָפען גאָרדאָוויעס און זשאנדארען.

— טראָגט דעם פעלץ אוועק אין דער פאָליציי! — האט דער פאָליצמייסטער בעפאהלען צוויי זשאנדארען.

170טעס קאפיטעל.

## אַן אונערוואַרטעטע פריינדשאפט.

יאזעף איז דא געווען אוּן איז אזוי אוועקגעגאנגען.

דערפון האט סאָנקא נים אויפגעהערט צו דענקען און זיא האט נים געקענט

פערשטעהן, וואס דאס בעדייט. יאָזעף זאל זיין נעבען שטוב און זאל צו איהר ניט אריינגעהען? דאס האט זיך איהר גאר ניט געגלויבט; אבער זיא האט דאס געמוזט גלויבען, איהר קליינער ברודער וועט קיין ליגען זאגען.

— וואו איז ער? וואו זוכט מען איהם?

דער געדאנק האט זיא יעצט שטארק בעשעפטיגט. זיא האט זיך בעשלאָסען איהם אויסצוגעפינען.

— אבער וואָרום זאל איך איהם זוכען? — האט זיא זיך ווייטער געפרעגט— ער ווייס דאך וואו איך וואוין, ער איז דאך נעבען דער טהיר פון אונזער וואוינונג געוועזען, ער איז ניט אריינגעגאנגען ווייל ער האט געהערט אז איך שלאָף. אבער ער וועט קומען, יא ער וועט געוויס קומען.

עס זיינען אבער איבערגעגאנגען צוויי טעג און יאָזעף איז ניט געקומען.

— דאס איז ניט אומזאנסט! — האט זיא זיך געקלערט — יאָזעף זאל דאָ זיין, ער זאל וויסען, אז איך בין דא און זאל צו מיר ניט אריינגעהען, דאס איז ניט אומזאנסט.

זיא האט איינפאך פאר זיך קיין ארט געפונען, דיא שטוב איז איהר צו ענג געוואָרען, זיא איז אונצעהלינע מאל ארויסגעלאָפען אין דרויסען זעהן פיעללייכט געהט יאָזעף. אבער זיא האט זיך אימער געטווישט אח איז מיט א צובראָכען הערץ אריינגעגאנגען צוריק אין שטוב.

— איך מוז איהם אויפזוכען — האט זיא זיך ענדליך בעשלאָסען — עס מעג זיין וואס עס וויל און איך מוז איהם געפינען.

נור וויא אזוי געפינט מען איהם?

זיא האט זיך דערמאהנט אן אדרעסנעם סטאָל און זיא האט זיך בעשלאָסען געהען אהין פרעגען אויף דער אדרעסע פון יאָזעף לעהמאן. דען עס איז קיין צווייפעל, אז זיין אדרעסע איז פערשריעבען אין אדרעסנעם סטאָל.

אהנע צו זאגען איהרע עלטערן וואוהין זיא געהט, איז זיא אוועקגעגאנגען נאך דעם אדרעסנעם סטאָל און וויא גרויס וואר איהר פריידע אלס אויף איהר פראַגע נאך דער אדרעסע פון יאָזעף לעהמאן, האט מען איהר גלייך ארויסגעגעבען דייטליך געשריעבען, אז ער וואוינט אין נומער.... ניעווסקאיא.

זיא האט זיך געזעצט אויף א דראָשקע און האט געהייסען פאהרען צו דעם אבענגעגעבענעם פלאץ.

עס האט לאנג ניט געדויערט איז זיא געשטאנען פאר דעם הויז און האט מיט א קלאפענדעם הערץ א ציה געטהאן ביי דער גלאָק.

דער דוואָרניק איז ארויסגעגאנגען און האט געפרעגט וואס זיא פערלאנגט.

— וואו וואוינט דא יאָזעף לעהמאן?

— אויפ'ן צווייטען שטאָק, — האט דער דוואָרניק געענטפערט.

זיא איז גלייך ארויפגעלאָפען אויפ'ן צווייטען שטאק. דא האט זיא אבער דערזעהן פיעלע טהירען און האט ניט געוואוסט אין וועלכער אריינצוגעהען.

זיא האט זיך ענדליך בעשלאָסען אנצוקלאפען אין איינע פון דיא טהירען.

— אנטרעע ! — האט א קלינגענדע דאמענ־שטימע א געשריי געטהאן.

דא האט דיא טהיר געעפענט און איז אריינגעקומען אין א רייכמעבלירטען צימער. דא איז געזעסען א בילד שעהנע יונגע פרוי, זעהר עלעגאנט געקליידעט.

— ענטשולדיגט מיר מאדאם אדער פריילין — האט סאנקא העפליך געזאגט וואוינט דא א יונגער מאן מיט דעם נאמען יאזעף לעהמאן ?

— וויא, יאזעף לערמאן ?

— ניין, מאדאם, לעהמאן.

— אין דיעזען הויז, וויא ווייט איך וויים, וואוינט קיין לעהמאן, זאנדערן א מאן מיט דעם נאמען יאזעף לערמאן, ער איז קיין יונגער מאן זאנדערן אן עלטערער מענש.

סאנקא האט א קוק געטהאן אין דעם קוויטעל וואס מען האט איהר אין אדרעסנעם סטאל ארויסגעגעבען און האט צו איהר גרויסען פערדרוס דערזעהען, אז דארט שטעהטווירקליך, יאזעף לערמאן ניט לעהמאן.

— איך זעה, אז איהר האט אן אירטהום געהאט פריילין ! — האט דיא יונגע פרוי געזאגט.

— יא — האט סאנקא געענטפערט און טרערין האבען זיך אויס פערדרוס געוויעזען אין איהרע אויגען — איך האב א שטארקען אירטהום געהאט !

— זעצט זיך צו אביסעל פריילין. איך זעה, אז איהר זייט זעהר מיעד.

— דאנקע — האט סאנקא געענטפערט און האט זיך געזעצט.

— איך דערקען אן אייך, אז איהר זייט קיין היזיגע, — האט דיא יונגע פרוי געזאגט.

— יא, איך בין ערשט ניט לאנג אהער געקומען.

— פון וואנען ?

— פון א דארף.

— פון א דארף ! — האט דיא פרוי פערוואונדערט געפרעגט.

— יא פון א דארף.

— איך וואלט קיין מאל געגלויבט, אז איהר זייט פון א דארף.

— ווארום ?

— גאנץ איינפאך ; אויף אייער געזיכט ליענט קיין צייכען פון א דארפס־מיעדכען.

— דאס איז זעהר שמייכעלהאפט פאר א דארפס־מעדכען — האט סאנקא שמייכלענד געזאגט.

— איך מיין דא אייך ניט צו שמייכלען, נור איך זאג אייך דיא ריינע וואהר־הייט. איהר וואוינט דא ביי אייערע א פאמיליע ?

— יא איך האב דא עלטערן.

— איהר זייט נאך אונפערהייראטהעט ?

— יא.

— מיט וואס בעשעפטיגען זיך אייערע עלטערן ?

— זיי האבען נאך דערווייל קיין געשעפט. דען וויא איך האב אייך געזאָגט, מיר האבען זיך אהער ניט לאנג אריינגעצויגען.

— ווער איז דער מאן וועלכען איהר האט געזוכט אין דעם הויז?

— ער איז מיינער א פריינד — האט סאנקא געענטפערט און איז רויטה געוואָרען.

— ער וואוינט היער אין מאָסקווא?

— ניין! ער איז אויך דיא טעג אהער געקומען.

— און ער ווייס געוויס ניט וואו איהר וואוינט, דארום זוכט איהר זיין וואוינונג?

— יא — האט וייטער סאנקא פערשעמט געענטפערט.

— איהר וועט איהם שוין אויסגעפינען — האט דיא יונגע פרוי שמייכלענד געזאָגט — דיא ליעבע איז א גרויסע מייסטערין אויף אזעלכע זאכען.

— דיא ליעבע? — האט סאנקא געשטאַמעלט און איהר שעהנעס געזיכט איז אבערמאלס בלוט־רויטה געוואָרען.

— איהר האט זיך ניט צו שעמען מיט דער ליעבע, פריילין. יעדער מענש מוז פון איהר בעכער טרינקען. האב איך פיעללייכט ניט געטראָפען, וואס איך דענקע, אז דער יונגער מאן וועלכען איהר זוכט איז אייערער א געליעבטער?

— ער איז מיין ברויטיגאם — האט סאָנקא געענטפערט מיט הערא־בגעלאָזטע בליקען.

— נו, האב איך דאך געטראָפען. איך מוז אייך ווייטער שמייכלען פריילין, אז איהר געפעלט מיר זעהר.

— וואָרום?

— גראדע דערמיט, וואס איהר שיינט מיר זעהר אונשולדיג צו זיין וויא א קינד. איהר ווערט רויטה ביי דעם נאמען חתן, קענטיג אז איהר האט מיט יונגע מענער זעהר ווייניג אומגאנג געהאט.

— זעלבספערשטענדליך, אז א מעדכען דארף ווייניג אומגאנג האבען מיט יונגע לייט.

— ליידער זיינען ניט אלע מעדכען מיט דיעזער ריכטיגער מיינונג. דיא גרויס שטעדטישע מעדכענס ערלויבען זיך אין דעם הינזיכט צופיעל, און דארום פאלען זיי זעהר אפט אריין. איך מוז אייך זאגען דיא וואהרהייט פריילין, אז זיצענדיג יעצט מיט אייך, פיעל איך מיך וויא אין אן אנדער וועלט, ווייל איך האב נאך ניט געזעהן אזא סאָרט מעדכען וויא איהר זייט, און מיר וועט זעהר פרייען, ווען איהר וועט מיך אלס אייער פריינדין בעטראכטען. מיין נאמען איז בת־שבע ברענער, און וויא איז אייער געעהרטער נאמען?

— מיין נאמען איז סאָניע האָנינמאן.

— איך בין אויפריכטיג ערפרייט מיט אייער בעקאנטשאפט — האט בת־שבע געזאָגט רייבענד סאָנקען דיא האנד. איך בעט אייך קומט אפט צו מיר אריין, מיר וועט זעהר אנגענעהם זיין מיט אייך צו פערברייננגען. איך וועל צו אייך אויך אריינ־קומען ווען איהר וועט מיר ערלויבען.

— אך, איך וועל דאס פאר דער גרעסטער עהרע בעטראכטען.

— וואו וואוינט איהר?

— אין זאראדיע נומער 36.

בת־שבע האט ביי זיך דיא אדרעסע פערשריעבען און האט באלד געהייסען איהר דיענסט־מעדכען דערלאנגען ערפרישונגען פאר דער נייער פריינדין.

סאנקאן איז זעהר אנגענעהם געווען צו זיצען אין אזא רייך־פערפוצטען זאאל און אין דער געזעלשאפט פון אזא גראָסארטיגע דאמע. פריהער האט זיא נערערט פערשעמט און מיט גרויסען רעספעקט, אבער נאך דער פריינדשאפט וואָס בת־שבע האט איהר געוויעזען, איז זיא פיעל מונטערער געוואָרען און האט שוין נערעדט פריי.

זיא האט דערצעהלט בת־שבע'ן איהר גאנצע לעבענסגעשיכטע, זיא האט קיין זאך פון איהר ניט פערבאָרגען, זאגאר דיא ביטערע געשיכטע פון איהר זיצען אין געפענגניס פאר א בילביל, אז זיא האט בעננבעט דער גרעפין דאנילאָוו האט זיא איהר אויך דערצעהלט.

דיא אָפּענהייט איז בת־שבע'ן אזוי געפעלען געוואָרען, דאס זיא האט סאָנקא'ן ליעב בעקומען וויא א שוועסטער און אלס סאָנקא איז אוועקגעגאנגען, האט זיא זיך מיט איהר געקושט און האט זיא נאך אמאָל געבעטען זיא זאל ביי איהר אָן אָפּ־ציער נאסט זיין.

## 171טעס קאפיטעל.

# געקומען אין דער רעכטער צייט.

ווער איז אין שטאנד פאָרצושטעלען דיא פערצווייפלונג פון א מוטער, ווען איהר ליעב קינד וואס איהר זעעלע וואר אן זיינער פערקניפט שטארבט פלוצלונג מיט אן אוננאטירליכען טוידט.

דאס זיינען אזעלכע העלישע, שרעקליכע שמערצען וואס פיעלע מוטערס פאַ־לען אונטער זייער לאסט. דיעזע אונערטרעגליכע ליידען קענען דעם שטארקסטען, געזונדעסטען מענשען צערשמעטערן.

דיא אונגליקליכע ערינא האט טאקי אויסגעזעהן וויא צערשמעטערט נאך דעם שרעקליכען אונגליק וואָס דער מערדער סעמיאָן האט אויף איהר געבראכט דע־מיט, וואס ער האט איהר ליעבעס קינד געטוידטעט. זיא האט אויסגעזעהן וויא וואהנ־זיניג, זא דאס ליסא האט זיך אנגעהויבען צו שרעקען, פיעללייכט וועט דיא אונגליק־ליכע אויס פערצווייפלונג זעלבסטמארד בעגעהען.

דער אלטער גוטהערציגער איוואן ווער צייגע פון דיעזען אונגליק, ער איז שוין פון ליסאס הויז ניט אוועקגעגאנגען ביז ער האט דאס ערמאָרדעטע קינד בעגראָבען. ער האט נאכהער געבעטען ליסאן מיט ערינאן זיי זאלען ביידע אויף איינינע טעג זיך אריינקלייבען צו איהם אין'ם טייפעלסשלאס, ווייל ער האט פערשטאנען, אז דיא פערצווייפעלטע מוטער וועט זיך ניט קענען בערוהיגען אויף דעם פלאץ וואו איהר ערמאָרדעט ליעב קינדס ביינדעלאך רוהען. אבער ליסא וועלכע האט ניט געוואלט דעם אלטען איוואן מיט זיין פרוי בעלעסטיגען, האט זיך פון זיין איינלאדונג ענטזאגט.

אלס אבער איוואן האט פון זיי אבשיעד גענומען און איז נאך הויזע אוועק־

נענאננען, האט ליסא בערייהעט, וואס זיא האט זיין איינלאדונג ניט נעוואָלט אנ־נעהמען. דען ערינא האט זיך וויא ערשט ארומגעזעהען, אז איהר קינד איז שוין נעבען איהר ניטאָ און זיא האט מיט איהר יאמערן און קלאָגען פערהילכט דעם גאנצען וואלד. זיא העט אין שטוב ניט געוואלט זיצען, זיא איז נור געלעגען אויף איהר קינדס פרישען קבר.

אומזאנסט האט ליסא אלע קרעפטען אנגעווענדעט דער פערצווייפעלטער מוטער צו בערוהינען. איהר האט דאס ניט געלונגען.

— פאר מיר גיעבט שוין קיין טרויסט ניט, — האט ערינא געענטפערט אויף ליכאס טרויסט־ווערטער — איך האב שוין מיין ראָליע אויף דער וועלט אויסגע־שפיעלט, דיא איינציגע טרויסט וואס איך קען נאך האבען איז דיא, ווען מען וועט מיך ארייגלייגען צו מיין קינד אין קבר.

ליסא האט גוט פערשטאנען, אז ערינא דענקט זעלבסט־מארד צו בעגעהען; דארום האט זיא פון איהר אויף איין מינוט ניט אבגעטראָטען. זיא האט איהר אויף שריט און טריט געהיט.

אבער דיא אלטע ליסא האט זיך ארומגעזעהען, אז איהר איז אונמעגליך אימער איבער ערינאן צו וואכען; דען זיא אליין (ליסא) איז אויך דורך דעם קינדס ערמאָרדונג זא מיעד און ערשעפט געוואָרען, דאס זיא האט קיינע קרעפטען געהאט אויף דיא פיס צו שטעהען. דארום איז ביי איהר געבליעבען, זיא זאל יעצט איינריידען ערינאן זיא זאל מיט איהר געהן צו דעם אלטען איוואן אין שלאס.

אָבער זיא האט זיך באלד ארומגעזעהן, אז איהר מיהע וועט זיין אומזאנסט, דען ערינא האט ניט אויף איין מינוט געוואָלט אבטרעטען פון איהר קינדס קבר. זיא האט אין איין קול געשריען, אז זיא מוז דא אזוי לאנג ליגען, ביז זיא וועט שטארבען.

ענדליך איז אבער דיא אלטע פאבטערין געפאלען אויף א פלאן וויא אזוי דער פערצווייפעלטער מוטער צו בעוועגען זיא זאל מיט איהר געהן נאך דעם טייפעלס־שלאָס.

דאס וואר אויפ'ן דריטען מאָרגען נאך יענער שרעקליכער נאכט אין וועלכער ערינאס קינד איז ערמאָרדעט געוואָרען. אין דער גאנצער צייט האט דיא אונגליק־ליכע מוטער פאסט ניט געגעסען און ניט געשלאָפען. זיא איז אין דער קורצער צייט זאָ פערענדערט געוואָרען, דאס עס וואר אונמעגליך זיא צו ערקאנען.

מיט גוואלד האט זיא ליסא אין שטוב אריינגעשלעפט און האט אנגעהויבען אויף פאָלגענדער ארט זיא צו בעוועגען, זיא זאל מיט איהר נאך דעם טייפעלס־שלאס געהען.

— זאג מיר נור ערינא, — האט זיא מיט זעהר אן ערנסטע מינע געזאגט — דוא ווילסט נור שטארבען?

— יא, — האט דיא יונגע פרוי געענטפערט — איך קען שוין פון'ם לעבען גאָר ניט ערווארטען! דען מיין מאן האט מיך אוועקגעוואָרפען און מיין ליעב קינד האט מען פון מיר גערויבט! איך בין געבליעבען עלענד און מיטעללאז אונטער דעם גרוי־סען הימעל. איך וויל שוין מעהר ניט לעבען.

— נו, און ביי דיר איז רעכט אז דיין קינדס מערדער זאל אונבעשטראָפט בלייבען?

— ביי מיר איז רעכט? ווען איך זאל איהם נור דערטאַפּען וואָלט איך איהם מיט מיינע פינגער דערשטיקט.

— דאס איז אבער נור נעזאָגט, ווען דוא זאלסט ווירקליך אין זינען האבען פאר דיין קינדס בלוט ראכע צו נעהמען, וואלסט דוא ניט נעוואלט שטערבען, אין נעגענטהייל דוא וואלסט נעוואלט לעבען און נעזונד זיין אבי דיין קינדס מערדער אויסצוגעפינען און פון איהם ראכע צונעמען וויא ער האט פערדיענט.

— אבער וואו קען איך איהם זוכען?

— דאס איז קיין פראגע. דער וואס פערליערט זאנאר געלד, פרענט ניט וואו זאל איך מיין געלד זוכען, זאנדערן ער זוכט וואו ער קען האפען אז ער וועט עס געפינען, דיר איז זעהר לייכט דיין קינדס מערדער אויסצוזוכען, ווייל עס זיינען דא טהייערע מיטעל דורך וועלכע מען קען זיינע שפורען געפינען.

— וואס פאר א מיטעל האט איהר דען?

— זיינע שטיפעל אליין זיינען גענוג איהם דורך זיי אויסצוגעפינען. האט דער נוטער איוואן אונז ניט געזאגט, אז ער האט דערקענט וועלכער שוסטער עס האט זיי נעמאכט? אין דאנילאָווקא איז מעהר וויא דער איין שוסטער ניטא און ער קען געוויס אלע זיינע קונדען. פון איהם קען מען לייכט ערפאהרען פאר וועמען ער האט יענע שטיוועל געמאכט.

— זעהט איהר דאך, אז איוואן האט אונז קיין אנטוואָרט נעבראכט, צו האט ער פון דעם שוסטער עטוואס ערפאהרען.

— איך פערשטעה דיך נאר ניט, דוא ווילסט אז דער אלטער איוואן זאל יעדען טאג צו דיר לויפען און מעלדען וואָס ער האט ערפאהרען? דוא פערגעסט, אז ער איז שוין אן אלטער מאן, דאס געהן איז איהם ניט אזוי לייכט. דאביי רע־כענט ער געוויס, אז דוא אלס מוטער וועסט געוויס קומען צו איהם נאכפאָרשען וואס עס הערט זיך. אבער לויט איך פערשטעה ליענט דיר דיא וויכטיגע זאך גאר אין זינען ניט, דוא דענקסט נור וועגען דיין טוידט, ניט וועגען דעם טוידט פון דיין מערדער. דאס איז פון דיר זעהר ניט שעהן.

— אלזא וואס זאל איך טהאָן?

— דוא טארסט יעצט ניט רוהען, דוא מוזט אלע דיינע קרעפטען אנווענדען דיין קינדס מערדער צו זוכען, מיר דארפען יעצט אונטערנעהען צו דעם אלטען איוואן איהם פרעגען וואס עס הערט זיך, צו האט ער גערעדט, מיט דעם שוסטער און צו האט ער פון איהם עטוואס ערפאהרען? אין׳ם פאל ווען ער האט נאך גאר ניט ערפאהרען פון איהם, איז דיין שולדינקייט צו זוכען דעם מערדער דורך אנדערע וועגען.

— יא ליסא, איהר האט רעכט! — האט ערינא נאכדענקענד געזאגט — איך טהו ווירקליך אן אונרעכט וואס איך בין זא קאַלט און זוך ניט דעם אונמענשען וועלכער האט מיין ליעב קינד זא מערדעריש פון דער וועלט פערטריעבען!

— דוא מוזט אבער פריהער עפּעס עסען און זיך קרעפטיגען. דען דוא האסט דיא גאנצע צייט זעהר וועניג גענעסען.

דיא קלונע ליסא האט אזא ווירקונג געמאכט אויף ערינאן, דאס זיא האט גענעסען און געטרונקען און האט זיך געליינט אויף א פּאָר שטונדען אברוהען.

ענדליך איז זיא אויפגעשטאנען און האט געבעטען ליסאַן זיא זאל מיט איהר געהן צום אלטען איוואן.

דיא אלטע ליסא האט זיך גאר ערקוויקט, ווען זיא האט געזעהען וואס פאר א ווירקונג איהרע רייד האבען געמאכט אויף דער אונגליקליכער ערינאן, זיא איז באלד מיט איהר אוועקגעגאנגען צום טייפעלס־שלאָס.

דיא וועג פון ליסאס הויז ביז דעם טייפעלסשלאָס, האט ניט מעהר וויא צווייי שטונדען געדויערט. עס וואר האלב נאך צעהן מאָרגענס אלס זיי זיינען אהין אנגעקומען.

זיי האבען דערהערט פון דעם אויבערשטען פענסטער א שטימע וואס האט געזאגט :

— נאָט האט אייך אהער געבראכט, עפענט אויף דעם טויער.

זיי האבען אויפגעהויבען דיא אויגען און האבען דערזעהען דעם אלטען איוואן שטעהענדיג אין׳ם אָפענעם פענסטער.

— יעמאנד האט פון דרויסען דעם טויער פערשפּארט, — האט איוואן גע־שריען — מיר זיינען דאָ אלע וויא דיא געפאנגענע. עפענט אויף גוטע ליסא דעם טויער.

ליסא האט ארויסגעריסען דעם שטיק האלץ וואס האט דעם טויער פערשלאָ־סען און איז מיט ערינאן אריינגעקומען אינ׳ם טייפעלסשלאָס.

— ווער האט דאס אייך דא פערשפּארט? — האט ליסא געפרעגט אלס איוואן, קאטהארינא און טראשקא זיינען איהר ענטגעגען געלאָפען.

— ווען איך זאל וויסען ווער דאס האט געטהאן וואָלט איך מיך שוין מיט יענעם לומפּ אבגערעכענט וויא מען בעדארף — האָט איוואן געענטפערט — לייד־ער ווייס איך דאס ניט. אבער איך האף, אז איך וועל דאס ערפאהרען. וויא געפעלט אייך דאס אונגליק. גראדע הייטע איז קיין דורכגעהער פארביי דעם שלאָס געגאנגען און ווער ווייס, ביז וויא לאנג מיר וואָלטען דא פערשפּארט געבליעבען, ווען גאָט זאל אייך ניט געווען אהער צושיקען. יעצט זאגט מיר ווענען וואס איהר זייט אהער געקומען.

— מיר זיינען געקומען אייך פרעגען, צו האט איהר שוין דורך דיא שטיוועל וואס דער מערדער האט ביי מיר אין שטוב איבערגעלאזט, ערפאהרען דעם נאמען פון דעם מערדער?

— ניין, איך האב נאך קיין צייט געהאט דאצו, דען געסטערן האב איך דעם גאנצען טאג געמוזט שלאָפען. איהר ווייסט דאך, אז איך האב דיא גאנצע נאכט ניט געשלאָפען. איך האב געדענקט ביי נאכט אריינצופאָהרען אין דאנילאָווקא נאכ־פארשען ווענען דעם מערדער, אבער וויא איהר האט אליין געזעהן, האט מיך יעמאנד ד.; איינגעשלאָסען און איך האב ביז יעצט דאס הויז ניט געקענט פערלאסען.

— ווען־זשע קלערט איהר אהין צו געהען?

— איך געה באלד, דען אלעס איינס מוז איך געהן מיט טראַשקאַן צום גראף דאנילאוו, וועל איך שוין דיא שטיוועל מיטנעהמען און וועל אריינגעהן צום שוסטער.

— איך בעט אייך גוטער איוואן — האט זיך ערינא געבעטען — שווייגט גיט אין מיין אונגליק. אינ'ם נאמען פון דיא מענשליכע געפיהלע וואס פילען אן אייער ברוסט בעשווער איך אייך איהר זאלט אלע מענליכקייט אנווענדען; יענעם שרעקליכען מערדער צו געפינען; דען איך וועל רוהיג ניט קענען בלייבען כל־זמן איך וועל וויסען, אז מיין קינדס מערדער געהט ארום פריי אין דער ליכטיגער וועלט.

איהר דארפט מיר וועגען דעם ניט בעטען, איך האב דאס אליין אויך גוט אין זינען, קום טראַשקא, דוא געהסט מיט מיר נאך דאנילאווקא?

— א פראגע צו איך געה? איך שטעה דא וויא אויף שפילקעס, דער גראף וועט נאר ניט וויסען וואו איך בין אהינגעקומען.

און ביידע זיינען גלייך אוועקגעגאנגען נאך דאנילאַווקא.

172טעס קאפיטעל.

## דיא עלטערן זיינען פערטיג.

סימאָן גריץ איז א מיליאָנער געוואָרען!

דיא נאכריכט האט א גרויסען שטורם פעראורזאכט אין ראטהבלום'ס הויז. מען איז ניט מיעד געוואָרען ריידענדיג פון דער מערקווירדיגער נייעס. דער באנקיר אליין האט דערפון זעהר פיעל גערעדט אין דעם געגענוואַרט פון זיין טאָכטער און עס וואר זיין לייכט צו דערקענען, אז מיט זיין ריידען ציעלט ער צו ווירקען אויף רעבעקאַן.

— עס פרעהט מיך זעהר וואס איהם האט אזא גליק געטראָפען. — האט ער איין מאל זיצענדיג ביים טיש געזאגט צו זיין פרוי אין רעבעקא'ס געגענווארט — דען סימאָן איז זעהר א וואוילער יונגער מאן, איהם פאסט צו זיין א מיליאָנער. ער איז אן ערעלמאן אין פאלען זינע דעס ווארטעס. מען קען זיך פאָרשטעלען, וויא גליקליך דיא פרוי וועט זיין, וואס וועט איהם יעצט הייראטהען.

ביי דיא ווערטער האט ער א קוק געטהאן אויף רעבעקאן, אבער אויף איהר נעזיכט האט ער גאר ניט געקענט לעזען. ער האט געוואָלט חאטש פון איהר הערן א שטיקעל מיינונג וועגען גריצען, אבער עס האט אויסגעזעהן, וויא זיא האט גאָר דאס גאנצע געשפרעך ניט געהערט.

ער האט זיך שוין ניט געקענט איינהאלטען און האט איהר געפרעגט:

— וואס איז דיין מיינונג, מיין טאָכטער, וועגען דעם גריצן?

— איך וויים? — האט רעבעקא געענטפערט — מיר שיינט, אז יאַקאָב פיין איז דאך אונשולדיג.

— איך פרעג זיא דאס, און זיא ענטפערט מיר גאר אן אנדער זאך — האט ראטבלום פערדריסליך געזאגט — וועך רעדט דא פון יאַקאָב פיין? וועגען איהם איז שוין קיין צווייפעל, אז ער איז וואהרהאפטיגס ווירקליכער מערדער. איך האב הייטע געהערט, אז ער האט זיך שוין מודה געווען.

— וואס האט ער זיך מודה געוועז? — האט רעבעקא ערציטערט נעפרעגט.

— מען האט מיר הייטע דערצעהלט, אז ער האט זיך מודה געוועז, דאס ער איז וואהרהאפטיגס מערדער.

— דאס איז אונמעגליך, דאס קען ניט זיין! — האט רעבעקא שטארק אויפ־געדעגט געזאגט.

— איך פערשטעה ניט ווארום ווילסט דוא מיין טאָכטער קלינער זיין פון דער גאנצער וועלט? ווען אלע שרייען אין איין שטימע, אז ער איז וואהרהאפטיגס מערדער, ביזט דוא דיא איינציגע וואס ווילסט אין דער זאך ניט גלויבען.

— יא פאָטער, איך האב דאס ניט געגלויבט און וועל דאס קיין מאל גלויבען; דען יאקאָב פיין קען קיין מערדער זיין.

— אבער דוא הערסט דאך, אז ער אליין האט זיך מודה געוועז.

— ניין פאָטער! מען האט דיר פאלש דערצעהלט, דאס איז א זאך דער אונמעגליכקייט. איך האב געזאגט און וועל דאס אימער וויעדערהאָלען, אז פיין איז צו אזא שרעקליכען פערברעכען ניט פעהיג.

— אבער איך פערשטעה נאָר ניט, וואצו זאלען מיר ווענען אזא זאך דיספו־טירען? איך האב דאך נערעדט ווענען עטוואס אנדערש, נעמליך, ווענען גריצס גליק, וואס איהם איז אזא גרויסע ירושה אריינגעפאלען. איך האב געזאגט, אז מיך פרייט דאס זעהר, ווייל ער איז אן ארדענטליכער מאן און איהם פאסט צו זיין א מיליאָנער.

— איך קען אויף דעם מענשען קיין מיינונג זאגען, —האט רעבעקא געענטפערט.

— וואָרום?

— ווייל איך וויים ניט וואס ער איז פאר א מענש. אמאל וויזט ער אויס ארדענטליך און אמאל פערדאָרבען.

— פערדאָרבען? וואס פאר א פערדאָרבענזוייט האסט דוא אין איהם אזוי בעמערקט?

— איך קען דאס דייטליך ניט אויסדריקען, אבער מיר וויזט אזוי אויס.

— דוא ביזט נאך נאר א קינד מיין טאכטער. איך געפין דאס פאר א גרויס אונרעכט, וואס דוא זאגסט אויף א מענשען ער איז פערדאָרבען, וועהרענד דוא געפינסט אין איהם קיין פעהלער. איך זאג דיר, אז דער גריץ איז זעהר א פיינער, אנשטענדינער מאן. דיא גאנצע צייט וואס ער דיענט ביי מיר, בין איך פון איהם זעהר צופריעדען.

— עס קען זיין, אז איך האב אן אירטהום.

— ניט עס קען זיין, דאס איז געוויס, אז דוא האסט אן אירטהום, ער איז א יונגער מאן מיט אלע מעלות.

— איך וועל מיך ניט שפארען, ווען דוא פאָטער ביזט איבערצייגט אין זיין ארדענטליכקייט, איז דאס וואהרשיינליך אזוי וויא דוא זאגסט.

זיא איז ביי דיא ווערטער אויפגעשטאנען און איז אריינגעגאנגען צו זיך אין צימער.

— דוא ווייסט מלכה וואָרום איך האב דא אזא געשפרעך געמאכט ווענן סימאָן גריין? — האט ראטהבלום געזאנט צו זיין פרוי.

— וואָרום!

— גאנץ איינפאך. ווייל ביי מיר קומט אויס, אז ווען זיא זאל הייראטהען גריצן, קען זיא גליקליך זיין. דען ער'שטענס, איז ער א מיליאָנער; צווייטענס, איז ער א יונגער מאן מיט אלע מעלות און דריטענס, ליעבט ער זיא מיט לייב און זעעלע.

— פון וואנען ווייסט דוא דאס.

— ער זעלבסט האט דאס מיר געזאגט.

— איז דאס מעגליך?

— דוא דארפסט אין דעם ניט צווייפלען, ער האט דאס מיר אויסדריקליך געזאגט.

— וויא אזוי איז דאס צו רייד געקומען?

— ווען איך האב איהם אנגעזאגט, אז ער איז א מיליאָנער געוואָרען און האב איהם גראטולירט מיט זיין גליק, האט ער מיר געענטפערט:

— אז ער קען זיך גליקליך ניט פיהלען מיט זיינע מיליאָנען, ווען פון זיי וועט אויך רעבעקא ניט געניסען, ווייל ער איז אין איהר פערליעבט איבער דיא אויערן.

— נו, וואס האסט דוא איהם געענטפערט?

— איך האב איהם געענטפערט, אז פון מיין זייט וועט קיין הינדערניס זיין, ווען נור ער וועט ווענען דעם איבעררייידען מיט רעבעקאן או, זיא וועט זיך בעשליסען זיינע צו זיין. וואס זאגסט דוא דערצו מלכה?

— איך וואלט אויך זעהר צופריעדען געוועזן פון דער פארטיע. דען היינטיגע צייט איז זעהר שווער צו געפינען פאר א טאָכטער א מאן מיט מיליאָנען, אבער מיר שיינט, אז אונזער רעבעקא וועט זיך ניט בעשליסען איהם צו הייראטהען.

— וואָרום?

— דוא זעהסט דאָך וויא קאלט זיא רעדט וועגען איהם. צו זעהסט דוא ניט, אז זיא פיהלט צו איהם אן אנטיפאטיע?

— דאס איז אבער זעהר קינדיש. אונזער שולדיגקייט איז, מיר זאלען איהר דיא אויגען עפענען, זיא זאל זעהן וויא נאררייש זיא טהוט, וואס זיא פערשטויסט אזא גליק פון זיך.

— ווארט, מיר ווייסען דאך נאך ניט צו וועט זיא ווירקליך ניט וועלען הייראטהען גריצ'ן. עס קען זיין, אז ווען מען וועט איהר ערקלערן, וואס פאר א גליק דער שדוך איז פאר איהר, וועט זיא מיט פערגניגען זיך בעשליסען, זיין פרוי צו זיין.

— דאס וויל איך דאך דוא זאלסט איהר דיא אויגען עפענען זיא זאל זעהן, אז זיא איז יעצט אין שטאנד דיא גליקליכסטע אין דער וועלט צו זיין.

— איך וועל דאס דיר צוליעב טהאן און וועל ווענען דעם מיט איהר ריידען— האט מלכה פערשפראָכען.

— איך וועל דיר זאגען דיא וואהרהייט מלכה, אז איך שרעק מיך דא נאר פאר אן אנדער זאך.

— וואס איז דאס פאר א זאך?

— מיר שיינט, אז רעבעקא האט שטארק אין זינען דעם מערדער יאקאב פיין. עפעס הערט זיא גאר ניט אויף צו ריידען פון איהם. ווען יעמאנד רעדט אויס וועגען איהם א שלעכט וואָרט, ווערט זיא שרעקליך צאָרניג און אויפגערעגט. איך בין דערפון זעהר אונרוהיג.

— דאס האָסט דוא אן אירדטהום, מיין ליעבער. זיא זאגט נור איהר מיינונג, אז פיין איז אונשולדיג, אבער דוא דארפסט דערפון ניט זיין אונרוהיג. דוא וואָלסט אויך דאס זעלבע געטהאן, ווען מען זאָל דיר אין דיא אויגען בעשולדיגען א מענשען, וועלכען דוא האלטסט פאר אן ארדענטליכען מאן. דוא ווערסט זעהן, אז ווען איך וועל מיט איהר איבערריידען וועגען גריצ'ן, וועט זיא צו איהם גאר אנדערש ווערען.

— איך וועל זעהר צופריעדען זיין, ווען דוא ווערסט דאס אין שטאנדע צו בע־וויזען — האט ראָטהבלום עטוואס רוהיגער געזאגט.

173טעס קאפיטעל.

## גוטע נאַבריכטען.

— נו, וואס הערט זיך? — האט דער אלטער שלמה פיין זעהר נייגיעריג גע־פרעגט מאָררים וואהרהאפטינ'ן אריינקומענדיג צו איהם אין הויז.

— אלעס געהט פאָרטרעפליך! — האט מאָררים געענטפערט — נאך בעסער אלס געוואונשען.

— ווירקליך? — האט פיין ערפרעהט געפרעגט — האט איהר זיך שוין גע זעהן מיט'ן פאָליציימייסטער?

— איך האב מיך מיט איהם געזעהן און מיין פאטערס פעלץ ליעגט שוין ביי איהם.

— איהר שפאסט ניט הערר וואהרהאפטיג?

— בעהיטע גאָט, וועמען ליעגט יעצט אין זינען צו שפאסען. איך האב אייך דיא ריכטינע וואהרהייט דערצעהלט.

— מיין גאָט! וואס פאר א גליק! — האט דער אלטער איבערראשט אויס־געשריען און זיינע אויגען זיינען פול געוואָרען מיט פריידענטרעהרין.

— יא פריינד! דאס איז ווירקליך א גליק – האט מאָררים געענטפערט — מיר מוזען געשטעהן, אז גאָט אליין האט אונז אנגעוויעזען דעם ריכטיגען וועג, וויא אזוי מיר זאלען צו דעם ריכטיגען מערדער קומען. ביי מיר איז שוין קיין צווייפעל, אז יעצט וועט דיא ריינע וואהרהייט פון אויבען ארויפשווימען און אייער אונשול־דיגער זוהן וועט זעהר שנעל בעפרייט ווערן.

— אך, ליעבער גוטער פריינד! איהר האט מיך ערקוויקט מיט דער זיסער נאבריכט, — האט פיין מיט א ציטערענדע שטימע אויסגערופען אומארמענד דעם יונגע'ן מאָררים'ן — איהר האט אין מיר א ניי לעבען אריינגעגעבען. גאָט זאָל אייך דערפאר מיט אל־דאס גוטעס ערקוויקען.

— איך האב פאר אייך חערר פיין נאך א וויכטיגע נייעס האט מאָררים שמייכלענד געזאגט.

— וואס נאך פאר א נייעס?

— איך האב געפונען א שפור פון אייער עלטערן זוהן, וועלכער איז פון אייך ערויבט געווארען.

פיין האט מאָררים׳ן העכסט ערשטוינט אננעקוקט.

— וואס קוקט איהר מיך זא פערוואונדערט אן? — האט מאָררים געפרעגט— איהר גלויבט מיר פיעללייכט ניט.

— אה פריינד! רעדט דייטליך!

— איך מיין קיין זאך. איך האב אייך דייטליך געזאגט, אז איך האב געפונען א שפור פון אייער פערלאָרענעם זוהן.

— איז דאס מעגליך?

— דאס איז ריכטיג וויא איך האב אייך געזאגט. דען איך האב מיך געזעהן מיט דעם הערן יאניק קאבאנאוו און מיט זיין פרוי פיאדארא.

— אזוי ניך האט איהר זיך מיט זיי געזעהן?

— יא, נעכטען אבענדס בין איך ביי זיי געוועזן.

— נו? וואס האט איהר מיט זיי גערעדט?

— איך האב דורך זייטיגע געשפרעכע זיי צוגעפיהרט צו אייער אלטער טרויעריגער געשיכטע. און אבוואהל, אנפאנגס האבען זיי זיך בעמיהט מיר דיא אויגען צו פערבלענדען, איך זאל ניט זעהן און פערשטעהן, אז זיי וויסען עטוואס פון אייער פערלארען קינד; אבער ענדליך האט עס מיר געלונגען זייערע מיילער צו עפענען, זיי זאלען ריידען, און זיי האבען גערעדט.

— וואס האבען זיי גערעדט?

— לויט איך האב פון זייערע ווערטער פערשטאנען, האבען זיי אליין אייער קינד גערויבט און האבען איהם אין קריסטליכע הענד אריינגעגעבען. איך האב דאס אויך פון זיי ארויסבעקומען, אז אייער עלטערער זוהן לעבט.

— ער לעבט? מיין עלטערער זוהן לעבט? — האט שלמה אויסער זיך פאר איבערראשונג געפרעגט.

— זאָ ווענינגסטענס האב איך פון זיי געהערט.

— און זיי האבען אייך ניט געזאגט, וואס פון איהם איז געוואָרען?

— ניין. איך האב מיט גרויסער מיה דאס ביסעל וואס איך האב אייך דער־צעהלט פון זיי ארויסגעקוועטשט. איך האָף אבער אז איך וועל אויך דאס איבעריגע פון זיי ערפאהרען.

— אך, מיין גוטער, ליעבער פריינד! — האט שלמה אויסגערופען דריקענד מאָריסעס האנד — וויא זאל איך אייך דאנקען פאר דיא פיעלע גוטעס וואס איהר ערצייגט מיר. ניט אומזאָנסט האבען אונזערע אלטע חכמים געהייסען מען זאל זאגאר אויף יעדען אונגליקליכען פאל זאגען „גם זו לטובה" (דאס איז אויך צום גוטען). איך פאנג אן צו גלויבען, אז דורך דעם אונגליק וואס האט מיין יאקאב׳ן געטראָפען, וועל איך האבען דאס גליק צו געפינען זיין ברודער.

— יא, הערר פיין, איהר קענט זיכער אויף דעם גליק האָפען. דען וויא באלד

מיר ווייסען שוין, ווער אייער קינדס רייבער זיינען, און אז דאס קינד לעבט, דארפען מיר ניט צווייפלען, אז מיר וועלען ערפאהרען וואס מיט איהם איז געווארען. עס איז זעהר צו גלויבען, אז אייער עלטערער זוהן איז דא אין מאסקווא און שפּיעלט א גרויסע ראָליע.

— אבער ער איז געוויס א קריסט! האט דער אלטער געזאגט מיט א קרעכץ.

— דאס איז געוויס. נור ער מעג זיין א קריסט צו א טאַטער, אייער זוהן בלייבט ער דאָך, און עס איז צו גלויבען, אז ווען ער וועט ערפאהרען, אז איהר זייט זיין פאטער, וועט ער זיך מיט אייך פרייהען וויא א קינד דארף זיך פרייהען מיט זיין פאטער.

— עס איז ניבער צו גלויבען פערקעהרט, אז ער וועט זיך גאר שעהמען, וואס א זשיד איז זיין פאטער. נור עס מעג זיין וואס עס וויל, פאר מיר וועט גענוג זיין צו ווייסען, אז מיין זוהן לעבט. איך וועל איהם ניט פערראכטען דערפאר וואס ער איז א קריסט, ווען ער איז נור אן עהרליכער, גוטער מאן. דען ער איז דאך ניט שולדיג וואס ער איז א קריסט, פערפלוכטע רויבער האבען איהם מיט געוואלד אין דער קריסטליכער רעליגיאן אריינגעבראכט, און איבערהויפט שפּיעלט ביי מיר דיא הויפּט ראָליע נור דער נאמען מענש; רעליגיאָן, דאס איז א נעבען זאך. איך האב פיעל ליעבער א גוטען קריסט אלס א שלעכטען אידען.

— אזוי דארף זיין, — האט מאררים געענטפערט — איך בין פאָלקאָמען איינ־פערשטאנדען מיט אייער מיינונג. אלזא הערר פיין, איהר האט מיין הייליגעס פער־שפּרעכען, אז איך וועל אלע מעגליכקייט אנווענדען צו ערפאהרען, וואו אייער זוהן איז. וואס אנבעלאנגט אייער יאקאב׳ן, ווענען דעם קענט איהר שוין פאָלקאָמען רוהיג זיין. דען ער וועט נאך דער ענטדעקונג וואס מיר האבען געמאכט, געוויס בעפרייט ווערן און וועט אבערמאלס ערשיינען אין דער וועלט ריין וויא אן ענגעל.

— איז פיעללייכט מעגליך, איך זאל מיך זעהן מיט מיין יאקאב׳ן אין גע־פענגנים?

— דאס קען איך אייך זעהר לייכט אויספיהרען.

— צו דיא פיעלע דאנקבארקייט וואס איהר האט ביי מיר פערדיענט, וועט צוקומען נאך איינע, ווען איהר וועט דאס אויסווירקען. איהר קענט זיך גאר ניט פאָרשטעלען, וויא איך וויל מיך מיט איהם זעהן.

— איך שטעל דאס מיר זעהר לייכט פאָר און איך פערשפּרעך אייך, מאָרגען זאלט איהר האבען דיא ערלויבנים איהם אין זיין קערקער צו בעזוכען.

— ווען זאל איך צו אייך מאָרגען קומען?

— איהר פערשפּאָרט שוין צו מיר צו קומען, איך וועל זיין ביי אייך באלד וויא איך וועל דיא ערלויבנים פאר אייך אויסווירקען. זייט איהר שוין געוועזען הערר פיין ביי דעם באנקיר ראָטהבלום?

— ניין.

— ווארום? איך האב דאך אייך געזאגט, אז ער איז אייער יאקאב׳ס פון דיא בעסטע פריינד?

— איך זאג אייך דיא וואהרהייט, אז איך שעהם מיך איינפאך זיך צו ציינען פאר לייטען. דען איהר ווייסט דאך, אז אונזערע אידען זאלען לעבען, האבען פון שטענדיג אן א נאמען פאר מאמינים (גלויבינגע), זיי גלויבען אלעס וואס מען דער־צעהלט זיי. איך בין פעסט איבערצייגט, אז זיי אלע גלויבען דאס מיין יאקאב האט ווירקליך אייער פאטער ערמארדעט, און אייך מיר קוקען זיי וויא אויף א פאטער פון א מערדער און דאס איז זעהר אונאנגענעהם.

— דאס איז ניט אזוי וויא איהר מיינט הערר פיין. ביי ראטהבלומען אין הויז גלויבט מען דאס געוויס ניט. איך ווייס, אז זיין טאכטער רעבעקא איז פערטיג אויסצוגראבלען דיא אויגען פון דעמיעניגען, וואס וואגט זיך נור צו זאגען, אז אייער יאקאב איז א מערדער. ווארשיינליך גלויבט דאס איהר פאטער אויך ניט. איך וועל הייטע דארט זיין, ווילט איהר מיט מיר געהן?

— ניין, הערר וואהרהאפטיג, איך וועל ניט געהן. דען מיר וועט אלץ אויס־וויזען, אז מען קוקט אויף מיר מיט פערעכטליכע בליקען. וואס דארפט איהר מעהר, איך האב דא מיין אלטען בעקאנטען היראנים ראזענדופט, וואס וויא איך האב אייך שויי דערצעהלט, איז מיינער א יוגענד פריינד, פון דעסטוועגען בין איך ביי איהם נאך אויך ניט געווען, אלץ צוליעב דערזעלבער אורזאכע.

— זעהט איהר, דאס וואס איהר בעזוכט ניט דיעזען מאן, איז גראדע זעהר רעכט. דען ער האט ניט פערדיענט, אן ארדענטליכער מאן זאל איהם בעזוכען.

— ווארום?

— ווייל ער איז א גרויסער רשע און א יודענפיינד. אלע מאסקווער אידען האכען איהם וויא דעם טויט און ווינשען זיין מפלה, און וויא מיר שיינט האבען זיי דאס שוין דערלעבט.

מען זאגט אז ער איז א גרויסער קבצן געווארען. זיין גאנץ געלד וואס ער האט פערליהען צו זיינע ליעבע קריסטען האט מען איהם אנגעזעצט.

— דאס מוז זיין נור געזאגט.

— איך דארף אייך ניט לערנען, הערר פיין — האט מאריס שמייכלענד גע־ענטפערט — אבער דעם כלל זאלט איהר האבען, קלינגט מען איז א חנא. — ווען ראזענדופט איז געווען רייך האבען אלע איינשטימיג געזאגט, אז ער איז רייך; אבער יעצט, אז אלע קלינגען דאס ער איז א קבצן, צווייפעל איך ניט, אז דאס איז אויך וואהר. איך גלויב, אז יעצט וועט ער צוריק ווערען א איד. דיא פראקטיק האט אונז שוין געוויעזען, דאס דער פונק אידיישקייט צינדעט זיך אן אין דעם אידענס ברוסט נור דאן, ווען דער חלף ליעגט איהם אויפ'ן האלז.

— דאס האט איהר אויך רעכט, הערר וואהרהאפטיג, נור וואס האבען מיר צו אורטהיילען א מענשען בעפאר מיר ווייסען ריכטיג צו האט ער פערדיענט מען זאל איהם פאר זינדיג ערקלערען. אדיע דערווייל. מארגען קום איך צו אייך וויעדער ווענען דער ערלויבניס וואס איהר האט פערשפראכען פאר מיר צו בעקומען, איך זאל מיין זוהן בעזוכען.

ער האט זעהר פריינדליך מאריסעס האנד געדריקט און איז אוועקגעגאנגען.

174טעס קאַפּיטעל.

## רעטזעלהאַפּט.

עס וואר קיין צווייפעל ביי יאזעף לעהמאן, אז סאנקע איז א פערברעכערין! אז זיא האט פערדיענט דעם האס פֿון דער גאנצער וועלט פון דעסטוועגען האט ער ניט געקענט אהעקפאהרען פון מאָסקווא: ער האט פיעל מאל זיך זעלבסט גע־פרעגט:

— וואס טהו איך דא? אויף וואס ווארט איך? אבער ער האט דיא פראגע ניט פערענטפערט און איז אלץ געבליעבען זיצען אין מאָסקווא.

ער האט זיך פעסט בעשלאָסען, ער זאָל שוין וועגען דער ניעדערטרעכטיגער סאָנקא'ן ניט מעהר דענקען, ער זאל זיא גענצליך פון זיין קאָפּ ארויסיאגען און דאָך האט ער ניט אויפגעהערט פון איהר צו טראכטען. אבוואהל דאס טראכטען איז געווען נור פון איהר אונאָרענטליכקייט, אבער דאָס האט אלץ געהייסען געטראכט פון איהר.

איין מאל געהענדיג אין גאס האט ער זיך בעגעגענט מיט משה'ן. ער האט זיך געמאכט ניט־זעהענדיג און האט געוואלט אונבעמערקט פאַרביינגעהן דעם מאן וועגען ער האט אימער ליעב געהאט וויא זיין לעבען און איז פערטיג געווען פאר איהם זיך לאָזען דעם האַלז שניידען.

אבער משה האט איהם אויך גלייך בעמערקט און איז העכסט ערפרייט צו איהם צוגעלאָפען מיט א ב־ייטען „שלום־עליכם".

— אך, ליעבער יאָזעף! — האט ער אויסגערופען — איהר זייט ווירקליך דאָ! אבי מיר האבען אונזער מרדכי'לען ניט געגלויבט, ווען ער האט אונז דערצעהלט, אז איהר זייט געווען געבען אונזער שטוב. מיר האבען דאס גאר ניט געקענט פער־שטעהן, וויא קומט דאס איהר זאָלט זיין געבען אונזער הויז און זאָלט צו אונז ניט אריינקומען?

— איך האב קיין צייט געהאט, — האט יאזעף זעהר קאַלט געענטפערט.

— אויב אזוי איז שוין רעכט. איך מיט מיין שרה'ן זאל לעבען האבען דאס גאר ניט געקענט פערשטעהן, אז אונזער בעסטער גוטער פריינד זאל אונז ניט בע־זוכען. מיין סאנקא איז אזוי איבערראַשט געווארען אלס זיא האט דערהערט, אז איהר זייט דא, ריכטיג וויא מען זאל איהר אנזאגען, אז זיא האט א גרויס געווינס געוואונען. זיא הערט גאר ניט אויף צו פרעגען: וואס איז דיא מעשה וואס איהר קומט צו אונז ניט אריין? איך וועל איהר שוין באלד דערצעהלען, אז איהר האט קיין צייט ניט געהאט. אבער זאגט מיר, ליעבער יאָזעף, ווען וועט איהר יא צייט האבען? ווען קענען מיר אייך ביי אונז ערווארטען?

— איך קען אייך קיין ריכטיגע צייט ניט בעשטימען, רבי־משה.

— אזוי בעשעפטיגט זייט איהר דאָס?

— יא, זעהר בעשעפטיגט.

— נו, קענט איהר זיך גאר ניט אפרייסען אויף איינינע מינוטען צו אונז אריינצוגעהן?

— איך בין זעהר בעשעפטינט, רבי־משה.

— זאל איך גלויבען, אז איהר וועט צו אונז נאר ניט אריינקומען?

— עס קען זעהר זיין אז ניט.

— נאט איז מיט אייך, הערר לעהמאן! וואס רעדט איהר? איהר וועט נאר צו אונז ניט אריינקומען?

— איך פערשטעה ניט ווארום איהר וואונדערט זיך אזוי.

— עס פערשטעהט זיך, אז דאס איז דער גרעסטער וואונדער. ווען איך האב געוואוינט אין דארף, פלעגט איהר זיך יא אפרייסען פון אלע אייערע געשעפטען און פלעגט צו אונז קומען, און היינט, אז איהר זייט וויא מען זאגט נעבען אונזער שטוב, קענט איהר זיך נאר אויף א פאר רגע'ס ניט אפרייסען חאטש אקוק טהאן וואס מיר מאכען? איהר וועט מיך ניט איינשמועסן, הערר לעהמאן, אז דאס איז אומזיסט. ניין וויא איך בין א איד! דא מוז עפעס זיין.

יאזעף האט געשוויגען.

— איא איך האב פערשטאנען, אז דא מוז עפעס זיין? — האט משה טרי־אומפהירענד געזאגט.

— דא איז קיין זאך פארהאנדען, רבי־משה — האט יאזעף געשטאמעלט.

— איהר וועט דאס מיך ניט איינריידען, הערר לעהמאן. אזא גראבער נארר, איך זאל אזא קליינינקייט ניט פערשטעהן, בין איך ניט. איך האב אויך, וויא זאגט מען דאס, א שטיקעל קליעפקע אין קאפ. איהר מוזט אויף אונז זיין עפעס ברוגז. זאגט, טאמער זיינען מיר חלילה אנטגעגען אייך מיט עפעס ניט יוצא געוועזן. א קשיה אויף א מעשה, מען איז דאך ניט מעהר וויא זינדיגע מענשען.

— צו אייך, רבי־משה, האב איך נאר ניט, איהר זייט זעהר אן עהרליכער מאן.

— צו מיר האט איהר ניט. איז דיא משמעות, אז צו איינעם פון מיין משפחה האט איהר יא עפעס. אפשר האט אייך מיין ווייב עפעס ניט נוהג־כבוד געוועזן?

— ניין, רבי משה. אייער ווייב איז אויך זעהר אן ארענטליכע פרוי.

— ווער־זשע דען האט אייך אין כעס אריינגעבראכט? איך זאל זאגען, אז איהר מיינט מיין סאנקא'ן, דאס גלויבט זיך מיר געוויס ניט. יענע וואלט פון אייערטוועגען אויפ'ן שפיץ קלויסטער ארויפגעקראכען און וואלט פון דארט צוליעב אייך אראפגעשפרונגען.

יאזעף האט געשוויגען.

— איהר שווייגט, רבי יוסף? — האט משה פערוואונדערט געפרעגט — דאס איז דאך טאקע א בעוויז, אז מיין סאנקע האט אייך מיט עפעס בעליידיגט.

— ניין! איך האב צו איהר גאר ניט, — האט יאזעף מיט א האלבען מויל געענטפערט.

— ווען דערצעהלט איהר מעשיות? חלעבען איך בין אמאל אויך געוועזן א גמרא־אינגעל. איך פערשטעה אויה א שטיקעל געשעפט. מיר וועט איהר ניט

איינריידען פיינעלאך אין בחוים. זאגט, רבי־יוסף, שעמט זיך ניט. זייט איהר עפּעס אין כעס אויף מיין סאנקען ?

— איך האב ליידער יעצט קיין צייט מיט אייך צו ריידען, רבי־משה — האט יאזעף זעהר מיט אן אונצופריעדענע מינע געענטפערט — איך מוז געהן ווענען זעהר א וויכטיג געשעפט.

ביי דיא ווערטער האט ער געוואָלט אוועקגעהן, אבער משה האט זיך איהם אין וועג געשטעלט און האט געזאגט :

— ניין, הערר לעהמאן, איך לאז אייך ניט אוועקגעהן ביז איהר וועט מיר זאגען דעם אמת, פאר וואס זייט איהר אין כעס אויף מיין סאנקאן ? איך קען שווערען ביי טלית און תפילין, אז זיא איז אייך דער בעסטער גוטער פריינד. ווען מען דערמאנט איהר אייער נאמען, איז ריכטיג וויא מען זאָל דערמאָנען א פרומען אידען משיח׳ן.

— דאס האט איהר א גרויסען אירטהום, רבי־משה.

— וואס ? איך האב אן אירטהום ? — האט משה מיט פייער אויסגערופען — איהר ווילט מיר אפלייקענען, דאס וואס איך הער מיט מיינע אויערן יעדען טאג ? ניין, הערר לעהמאן, איהר מענט אייך אויף מיר פעראיבעל האבען און איך מוז אייך זאגען, אז א טעות האט איהר, ניט איך. מיין סאָנקע קען אייך ניט פערגעסען דיא טובות וואס איהר האט איהר געטהאן. זיא בעט בעשטענדיג גאָט פאר אייער געזונד און פאר אייער לעבען. איך בעט אייך, טהוט מיר צוליעב און קומט מאקע שוין מיט מיר אביסעל אריין צו מיר אין הויז. איהר וועט זעהן וויא זיא וועט זיך ערפרייען, אז זיא וועט אייך דערזעהן.

— האט זיא אייך דען געזאגט, אז זיא וויל מיך זעהן ?

— צו זיא האט געזאגט, פרעגט איהר ? זיא הערט גאר ניט אויף פון דעם צו ריידען. זיא האט שיין מיין מרדכי׳לען פאסט דול געמאכט מיט איהרע קשיות, וואו האט ער אייך געזעהן און וואס ער האט מיט אייך גערעדט, וויא איהר זייט דערנסטמאָלט געגאנגען אנגעטהאן ? אפשר פערציג מאל האט זיא איהם געפרעגט ליגנער, וייל זיא גלויבט נאך אלץ ניט, אז איהר זייט געבען אונזער שטוב געוועזן. זיא זאגט, אז דאָס איז אונמעגליך, איהר זאָלט זיין נעבען אונזער שטוב און זאָלט צו אונז ניט אריינגעהן. נו, הכלל ? איהר געהט אביסעל אריין צו אונז ?

— יעצט ניט.

— ווען־זשע דען וועט איהר קומען ?

— ווען איך וועל האבען צייט.

— נעדיינקט־זשע, הערר לעהמאן, איהר זאָלט למען־השם קומען. גלויבט מיר, אז איהר פערדיענט פשוט אן עבירה דערמיט וואס איהר קומט צו אונז ניט אריין. וועט איהר־זשע געוויס קומען ?

— איך וועל זעהן. דערוויל א גוטען טאג, — האט יאזעף געענטפערט און איז שנעל אוועקגעגאנגען.

— רבונו־של־עולם ! וואס הייסט דאס ? — האט משה צו זיך אליין גערעדט

נעהענדי'ג צוריק אהיים. עפּעס טראנט ער אויפ'ן הארצען און וויל ניט זאגען וואס און ווען. אימעצער האט דא געמוזט א נאנצען רכילות אנמאכען.

— זאָל דאס וואהר זיין, אז סאנקא בעננט אזוי נאך מיר? — האט זיך יאזעף נעטראכט — ניין, דאס קען איך ניט גלויבען. זיא איז ניט אזא גרויסער נאר, זיא זאָל ניט פערשטעהן וואס פאר אן איינדרוק איהר ליעב קינד וועט אויף מיר מאַכען. משה האט זיך געמוזט ערלויבען א לינען צו זאגען אום מיך אין זיין וואוינונג אריינצונאררען. מיר איז אבער א וואונדער אויף איהם אליין, וויא איז ער אזא נאר און פערשטעהט ניט, אז זיין זיסער אייניקעל וועט אויף מיר ניט זעהר קיין גוטען איינדרוק מאכען. ווען ער זאָל מיך זאגאר ניט רעכענען אלס זיין טאכטערס ברוי־טינאם, וואלט ער זיך אויך בעדארפט פאר מיר שעמען מיט אזא זאך. נור עס קען זיין, אז זיי וואָלטען מיך אלע נענאררט. עס איז שוין פיעללייכט ביי זיי אבגעמאכט, אז ווען איך וועל צו זיי קומען זאלען זיי מיר דיא אוינען פערבלענדען איך זאל ניט זעהן וואס דארט טהוט זיך.... אבער פערשטעהן זיי דען ניט, אז איך בין ניט אזא נארר וואס וועט זיך לאזען נאררען אין זאק אריין?

דאס איז זעהר רעטזעלהאפט! — האט ער ענדליך אויסגערופען און מיין פערשטאנד איז צו שוואך, איך זאָל דאס פערשטעהן.

## 175טעס קאפּיטעל.

## מַפָּלַת הָמָן.

דער פּאָלקאָווניק מאלינבערג איז אויסער זיך פון פערצווייפלונג. אויף אזא קלאפּ האט ער זיך נאר ניט געריכט. מען זאָל ביי איהם געפינען וואהרהאפטינע פעלץ. דאס איז איהם נאר אין קאָפּ ניט איינגעפאלען.

אבער וואָס טהוט מען יעצט? דער פעלץ איז דאך א דייטליכער בעווייז אז ער האט אנטהייל גענומען אין וואהרהאפטינס מאָרד.

— נור ניין! איך האב נאָ־ ניט וואס צו פירכטען, — האט ער זיך זעלבסט נעטרויסט — ווער קען דאס בעווייזען, אז דאס איז דעם ערמאָרדעטענס פעלץ? זיינען דען וועניג פעלצען אזעלכע דא אין רוסלאנד? איך קען מיך נאך אלץ האלטען ביי מיינע ערשטע ווערטער, אז איך האב איהם נעקויפט און ווער וועט דאס וואגען מיר אָבצולייננען.

אבער פון וואנען האט דער פּאָליצמייסטער דערשמעקט, אז דער פעלץ איז ביי מיר?

ער האט אנגעהויבען אויסצופאָרשען זיין בעדיענטען ווער עס איז געוועזען אין דעם קליידער־צימער, אבער דער בעדיענטער וועלכער האט געפירכטעט דיא וואהר־הייט צו זאגען, האט זיך געמאכט וויא ער וויים פון קיין זאך ניט און ער האט גע־ענטפערט, אז קיינער איז אין יענעם צימער געוועזען.

— אבער וואָס מאכט דאס אוים וויא אזוי דער פּאָליצמייסטער האט דיא נעהיימנים ערפאהרען, דערווייל איז זעהר בימער און מען מוז אלע קרעפטען אנווענ־

דען ענטוועדער דיא זאך צו פערשטיקען, אדער דאס פערענטפערן אזוי גלאט, עס זאלען מעהר קיין קשיות בלייבען.

אויף מאָרגען האט ער דערהאלטען אן איינלאדונג צום סליעדראָוואטעל און ער האט נעביך געמוזט געהען.

דער סליעדראָוואטעל וועלכער וואר אימער זיינער א בעשטענדינער גוטער פריינד האט איהם יעצט זעהר קאלט עמפפאנגען, ניט דערפאר וואס ער האט איהם פעראכטעט אלס מערדער, זאנדערן איינפאך דערפאר וואס דיא רוסישע בעאמטע האבען שוין אין זיך דיא מאָדע, אז ווען איינער פון זיי פאלט, האבען פון דעם פאל אלע פערגעניגען און מען פאטש בראַוואָ.

— איהר ווייסט פאָלקאָווניק וועגען וואס איך האב אייך צו זיך גערופען? — האט דער סליעדראָוואטעל געפרעגט מיט אן ערנסטע מינע.

— ניין, איך ווייס ניט.

— אויב אזוי טהוט מיר זעהר לייד אייך צו בענאכריכטען, דאס אויף אייך ליעגט א שענדליכער פערדאכט.

— אויף מיר ליעגט א פערדאכט? — האט מאלינבערג וויא ערשטוינט געפרעגט.

— יא, זעהר א שענדליכער פערדאכט.

— אָבער וואס איז דאס פאר א פערדאכט?

— אז איהר האט ערמאָרדעט דעם אידען מיכאאיל וואהרהאפטיג.

— וואס? איהר שפאסט ניט?

— ניין פאָלקאָווניק, דאס איז קיין שפאס.

— אבער ווער האט דאס געוואגט מיך אין אזא זאך צו בעשולדיגען?

— ניט קיין מענש, זאנדערן א שטומער טהייערער פעלץ.

— איהר מוזט געוויס מיינען דעם פעלץ וואס דער פאָליצמייסטער האט פון מיר אוועקגערויבט?

— יא, איך מיין ווירקליך דיעזען פעלץ.

— נו, וואָס האט אייך דען דיעזער שטומער פעלץ דערצעהלט? — האט מאלינבערג לאכענד געפרעגט.

— ער האט מיר דייטליך ערקלערט, אז זיין איינענטהימער איז געוועזן דער ערמאָרדעטער מיכאאיל וואהרהאפטיג.

— אייערע ווערטער קלינגען אונפערשטענדליך אין מיינע אויערן, וויא אזוי האט אייך דיעזער פעלץ אזא זאנדערבארע דומהייט ערקלערט?

— דאס איז קיין דומהייט פאָלקאָווניק, — האט דער סליעדראָוואטעל זעהר שטרענג געענטפערט — דער פעלץ איז יעצט ביי מיר, און ער וועט אייך אויך דאס זעלבע ערקלערן

— איך בין זעהר נייגיעריג צו הערן דיעזע ערקלערונג.

דער סליעדראָוואטעל איז אָהן ווערטער אריינגעגאנגען אין'ם צווייטען צימער. האט פון דאָרט ארויסגעטראָגען דעם פעלץ וואס מען האט אבגענומען ביי מאלינ-ערג'ן און האט איהם געפרעגט:

— האט דער פאָליצמייסטער דיעזען פעלץ פון אייער הויז צונענומען?

— יא דעם זעלבען.

דער סליעדראָוואטעל האט א שמייכעל נעטהאן און האט נאך א קורצער פויזע נעפרענט:

— וואו האט איהר איהם נעקויפט?

— אין חארקאָוו אויפ'ן יאהרמארק.

— איז דאס בעשטימט?

— נעוועהנליך וועל איך קיין ליגען זאגען.

— וויא־זשע קומט דאס וואָס אויף יעדען סאָבעל איז פון דער לינקער זייט געשטעמפעלט וואהרהאפטינס נאמען?

מאלינבערג איז בלאס געוואָרען וויא דער טויט אלס ער האט דיא ווערטער געהערט.

— וואָס? — האט ער געשטאמעלט — וואס האט איהר געזאָגט?

— איך האב אייך נעפרענט, וויא קומט דאס וואָס אויף יעדען סאָבעל איז געשטעמפעלט דער נאָמען, מיכאאיל וואהרהאפטינ?

— דאס איז אונמענליך.

— נאט זעהט צו דאס איז מענליך צו ניט, — האט דער סליעדראָוואטעל נעענטפערט און האט אויפגעעפענט דיא צוטרענטע שטיקער סאָבעל — שטעהט נים אויף יעדען סאָבעל דיא צוויי בוכשטאבען .M. B דיא אנפאנגס בוכשטאבען פון מיכאאיל וואהרהאפטינ?

— איהר קענט נאך ניט בעווייזען, אז דיא צוויי בוכשטאבען זיינען פון דעם נאָמען מיכאאיל וואָהרהאפטינ.

— דאס איז אזוי נוט וויא בעוויזען. אלע ווייסען אז דער ערמארדעטער האט אזא פעלץ נעטראָגען און וויא באלד אז דיא צוויי בוכשטאבען שטעהען אויף דיז איז קיין צווייפעל מעהר אז דאס איז זיין פעלץ. איהר מוזט מיר דיא וואהרהייט זאגען פאלקאווניק וואו האט איהר דיעזען פעלץ נענומען. איהר פערשטעהט דאך שוין יעצט גאנץ נוט, אז יעצט דארפט א י ה ר ערקלערן וואס דיעזע צוויי בוכשטאבען בעדייטען, וויא באלד ניט מיכאאיל וואהרהאפטינ.

מאלינבערג איז נעזעסען זא ניעדערגעשלאָגען, דאס דער סליעדראָוואטעל האט גלייך פערשטאנען אז דער פערדאכט וואס ליענט אויף איהם האט א שטארקען פונדאמענט. מיט א שפאָטיישען טאן האט דער סליעדראָוואטעל איהם נעפרענט:

— נו פאלקאווניק, וואס קענט איהר יעצט ענטפערן?

מאלינבערג איז איינגעפאלען א גליקליכער פלאן וויא אזוי ער זאל פון זיך דיא גאנצע שולד הערא[ונ]טערוואַרפען.

— איך וועל אייך זאגען דיא וואהרהייט הערר סליעדראָוואטעל, — האט ער נעענטפערט — איך האב דיעזען פעלץ ניט נעקויפט אין חארקאָוו אויפ'ן יריד איך האב איהם נעקויפט דא היע. איך האב נעזאָגט, אז איך האב איהם נעקויפט חארקאָוו, ווייל דער מענש וואָס האט מיר איהם פערקויפט האט מיך נעבעטע

אל ניט דערצעהלען קיינעם, אז ער האט דאס מיר פערקויפט, ווייל איהם פאסט ניט מען זאל זאגען, אז ער איז אזוי ארים, דאס ער מוז זיין פעלץ פערקויפען. איך האב איהם געגלויבט און האב איהם דארום פערשפראכען זיין וואונש צו ערפילען. יעצט פערשטעה איך, אז ער האט אן אנדער מיין מיט דעם וואונש גע־האט. איך מוז אייך אבער דאביי אויפמערקזאם מאכען, אז דער מאן ביי וועלכען איך האב דעם פעלץ געקויפט, איז א הויפט ארדענטליכער מאן און איך קען איהם ניט בעשולדיגען דאס ער האט אין וואהרהאפטינס מארד אן אנטהייל גענהאט.

— איך מוז וויסען וויא דער פערקויפער הייסט.

— איך קען דאס אייך זאגען. ער איז טאקי מיינער א דעטעקטיוו.

— וויא הייסט ער?

— מיכאאיל ברענער.

— וואו וואוינט ער?

— דאס ווייס איך ניט.

— איך מוז דאס אבער וויסען.

— דאס וועל איך אייך קענען נאך הייטע מעלדען.

— איך בעט אייך זעהר, איהר זאלט דאס מיר מעלדען נאך הייטע — האט דער סליעדאוואטעל געזאגט — דען בעפאר דער מענש וועט זעלבסט ניט געשטעהן, אז ער האט אייך דעם פעלץ פערקויפט, וועט דער פערדאכט אלץ אויף אייך לאסטען

— איהר דארפט דאס מיר צוויי מאל ניט זאגען, איך ווייס דאס זעלבסט און דארום וועל איך ניט שפעטער וויא ביז נאכט אייך אריינשיקען דיא אדרעסע פון דעם מאן.

— גוט איך ערווארטע דיא נאכריכט מיט אונגעדולד.

מאלינבערג האט זיך פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען.

— דער איינפאל ווער מערקווירדיג גוט — האט מאלינבערג צו זיך זעלבסט געזאגט ווען ער איז שוין אין דער גאס געוועזן — דען איך וועל מיך באלד זעהן מיט ברענער'ן און וועל איהם הייסען ער זאל נאך הייטע אנטלויפען נאך אויסלאנד און ווען ער וועט פערשווינדען, וועט דער גאנצער פערדאכט פאלען אויף איהם.

— דער נארישער מאלינבערג האט געמיינט, אז ער האט מיך גענארט — האט צו דער זעלבער צייט דער סליעדאוואטעל געזאגט - ער האט אבער ניט גע־טראפען דאס ארט. איך וועל ניט ווארטען אויף זיין נאכריכט, איך וועל זעלבסט ערפאהרען וואס פאר א פויגעל איז דער מיכל ברענער און וואו ער וואוינט.

176טעס קאפיטעל.

## אדעלא'ס נייע ווירטהשאפט.

אדעלא לעבט א גוטען טאג, זיא שווימט אין פערגניגען. זיא איז יעצט אליין דיא ווירטהין אין דאנילאוו'ס הויז. זיא האלט דיא לייטשעס אין דיא הענד און קאָ־מאנדעוועט איבער אלע דיענער. זיא ווייס, אז קיינער וועט איהר יעצט ניט הינדערן אין וואס זיא וועט וועלען.

(Mos. 56).

— זיא איז יעצט דיא ווירטהין איבער דאנילאוו׳ס פרעכטינען פאלאץ, אלע שליסלען פון דיא שראנקען און פון דיא צימער זיינען ביי איהר. זיא האט שוין איינינע פון דיא דיענער ענטזאגט און דיא איבערינע האט זיא אנגעזאגט, אז ווען זיי וועלען איהר דיא מינדעסטע אונגעהארזאמקייט צייגען וועט זיא זיי אויך ארויסיאגען.

סטעפאנען מיט סעמיאנען האט זיא אפגענעבען א וואוינונג אין פאלאץ און האט אנגעזאגט דיא דיענער, זיי זאלען דיאביידע הערר ען געהארזאם זיין.

עס האט זיך איבער דעם גראף דאנילאוו׳ס הויז וויא א שווארצער וואלקען אויסגעשפרייט. אלע איבערגעבליעבענע דיענער האבען אויסגעזעהן בלאס וויא דיא טויטע, דען זיי האבען געוואוסט וואס זיי קענען ערווארטען פון אזא הערשערין וויא אדעלא איז, און דיא ענטזאגטע דיענער האבען מיט טרעהרענדע אויגען זייער ביסעל ארימקייט איינגעפאקט אום אויף אימער צו פערלאזען דאס הויז וואו זיי האבען אזוי לאנג געדיענט ביי אזא גוטען הערר וויא דער גראף דאנילאוו איז געוועזען.

— דאס אלעס איז אבגעטהאן געווארען אין פערלויף פון איינינע שטונדען. דאס איז געוועזען א פלוצלינגער ארקאן (שרעקליכער שטורם) וואס קומט אונערווארטעט און רייסט ארויס לאנגיעהרינע בוימער פון זייער ארט.

ווען אדעלא איז פערטיג געווארען מיט איהר בעלי־בתישקייט האט זיא זיך געזעצט און האט אנגעשריעבען צו איהר פאטער פאלגענדען בריעף:

„ליעבער פאטער!

„ענדליך איז געקומען דיא ערווארטעטע צייט. מיר האבען אונזער ציעל ער־רייכט. מעהר וועסט דו שוין ניט דארפען הונגערן, דען דיין טאכטער איז דיא איינענטהימערן פון דעם דארף דאנילאווקא. דער מערדער זיצט שוין אין געפענגניס און זיין שטעל־פערטרעטערין בין איך. דו פערשטעהסט ליעבער פאטער? איך בין יעצט א מיליאנערין, און וויא באלד איך בין רייך, וועט דיר שוין גאר ניט פעהלען. דו מוזט געשטעהן פאטער, אז דיין טאכטער איז א קינסטלערן...

„אבער ליעבער פאטער, אויב דו ווילסט דיין טאכטער זאל א מיליאנערין בלייבען און דו ווילסט אליין גליקליך זיין, מוזט דו אלע קרעפטען אנווענדען דעם מערדער מיט דעם טויט צו בעשטראפען בעפאר ער וועט פאר דעם געריכט שטעהן. ער זיצט יעצט אין ארשא, זיין שארפריכטער (הענקער) קען זיין דער וועכטער פון זיין געפענגניס ... דו ברויכסט איהם נור צו צייגען דאס בלאנקע גאלד, וועט אויך זיין שווערד בלאנק ווערען.... און ווען דער מערדער וועט שוין ניט מעהר לעבען, דאן זיינען מיר זיכער מיט אונזער ערפאלג.

„איך שיק דיר טויזענד רובעל. דאס גלויב איך וועט דערוויל גענוג זיין. אויב דו וועסט בעדארפען נאך געלד, וועט אין דעם קיין הינדערניס זיין. מיט איינעם ווארט, אנטאן מוז אין זיין קערקער ערמארדעט ווערען.

„איך בין פעסט איבערצייגט, אז דו ליעבער פאטער וועסט טהאן וויא איך

האב דיר געבעטען, דאס וועסט דוא ניט נור מיר אליין א געפאלען טהאָן, אויך דיך זעלבסט וועסט דוא אויף אימער פון דיין קריטישער לאגע רעטען.

„מיט דער פעסטער פערזיכערונג, אז אלעס וועט ביי דיר געהן אין בעסטער אָרדנונג פערבלייבע איך דיין געטרייע טאָכטער אדעלא".

באלד נאך דעם בריעף האט זיא אנגעשריעבען א צווייטען צו וולאדימיר נעלידאוו מיט דיעזען אינהאלט:

„מיין זיסער, טהייערער וואלאָדיא.

„איך בין נאָט זיי דאנק געזונד. אבער איך פינדע מיך יעצט זעהר אין א טרויערינע לאגע. דוא וויסט מיין ליעבער וואלאדיא וויא פערגעטערט איך האב אימער מיין קוזין, דעם גראף אנטאן דאנילאוו. פון זיינטוועגען איז מיר קיין זאך צו שווער געוועזן צו טהאָן, איך האב איהם בעטראכט אלס איינעם פון דיא בעסטע מענשען אין דער וועלט. ליידער אבער האט דיא צייט מיר געוויעזען, אז איך האב אין איהם א גרויסען איררטהום געהאט. עס האט זיך אונערווארטעט ענטדעקט דיא שרעקליכע געהיימנים, אז ער האט זיין אייגענער פרוי ערמאָרדעט. דיא פּאָליציי האט דערפון ערפאהרען און האט איהם אין געפענגנים געשליידערט. עס איז קיין צווייפעל, אז ער וועט פאר דעם גרויסען פערברעכען מיט דעם טויט בעשטראפט ווערן. דאס הערץ רייסט מיר אויף דעם אונגליקליכען, און אבוואהל ער האט מיך געמאכט פאר דער איינענטהימערן פון זיין גרויסען קאפיטאל איז מיין לעבען פער־ביטערט און מיין רוהע געשטערט.

„איך האב שוין געוואָלט אנטלויפען נאך מאָסקווא. דען דער פּלאַץ אין וועלכען איך זיץ יעצט, ווארפט אויף מיר א שרעקליכע מעלאנכאָליע. ערשטענס, ווייל איך בין דא יעצט אליין און צווייטענס, ווייל אין איהם האט אזא שרעקליכער מאָרד געטראָפען. אבער איך קען דאָך מ י י ן פערמעגען ניט איבערלאסען אויף פרעמדע הענד; דארום מוז איך דא נאך איינינע טעג פערברענגען אלעס איינצואָרדענען און דאן וועל איך פליהען צו דיר מיין טהייערער. אין דיין געגענווארט וועל איך געוויס פערגעסען אין דיא שמערצען וואס איך האב דא.

„צום באלדיגען וויעדערזעהן מיין גוטער וואלאדיא. גרייט האלט שוין איהרע הענד דיך אומצואַרמען. דיין עוויגליעבענדע אדעלא".

קוים האט זיא געענדיגט דעם בריעף האט מען אנגעקלאפּט אין טיהר. זיא האט זיך זעהר ערשראָקען. זיא האט געפירכטעט, פיעללייכט קומט אן א זייטינער מענש און וועט דערזעהן דעם בריעף וואס זיא האט אנגעשריעבען צו איהר פּאָטער. דארום האט זיא שנעל געחאפּט און האט דיאביידע בריעף אריינגעלייגט אין דיא צוויי קאָנווערטען וואס זיינען שוין געלעגען גרייט אויפ'ן טיש מיט אנגעשריעבענע אדרעסען; פון גרויס איילענעש אבער האט זיא אריינגעלייגט דעם פאטער'ס בריעף אין דעם קאָנווערט צו נעלידאוו'ן און נעלידאוו'ס בריעף — אין דעם קאָנווערט וואס איז געוועזן אדרעסירט צו איהר פאטער.

מען האט נאך א מאל אנגעקלאפּט אין טיהר.

— ווער איז דאָרט? — האט זיא געפרעגט אוועקלייגענדיג דיא ביידע בריעף און א זייט.

— גנעדינע גרעפין! סטעפאן פון טייפעלסשלאָס איז דאָ, — האט א דיענער געמעלדעט.

— וואס, דער אלטער טייפעל איז דא? — האט אדעלא שטרענג געפרעגט — טראשקא איז אויך געקומען?

— יא, גנעדינע גרעפין.

— גוט! זאלען זיי ווארטען אין קארידאָר איך קום באלד צו זיי ארויס.

זיא האט דיאביידע בריעף פערזיעגעלט און האט אנגעקלונגען.

דער דיענער איז אריינגעלאפען.

— טראג דיא ביידע בריעף שנעל אוועק אויף דער פאָסט. האט זיא איהם געהייסען — דוא זאָלסט זיי אוועקשיקען פערסטראכירט און זאלסט מיר ברענגען קוויטאנציעס פון דער פאָסט.

— גוט, גנעדינע גרעפין, — האט דער דיענער געענטפערט און איז ארויס-געלאפען מיט דיא בריעף.

— יעצט וועל איך מיך אברעכענען מיט דיא ביידע לומפען — האט אדעלא מיט א שמייכעל געזאגט. — יעצט איז געקומען דיא צייט וואס איך וועל קענען דעם אלטען טייפעל איוואנען בעצאהלען וויא ער האט ביי מיר פערדיענט. אויך טראשקא וועלכער האט דעם גראף אבגעטראגען פיעלע פון מיינע געהיימניסע זאל זיין שטראפע ערהאלטען.

זיא איז ארויסגעגאנגען אין קארידאר וואו דער אלטער איוואן איז געשטאנען אנגעשפארט אויף זיין שטעקען.

— ועמען בעדארפסט דוא? — האט אדעלא איהם שטרענג געפרעגט.

— איך בעדארף זעהן דעם גראף.

— וועמען, אנטאָנען?

— יא.

— ווייסט דוא דען ניט, אז אנטאן איז אוועקגעפאהרען נאך אויסלאנד און וועט צוריקקומען ערשט אין א יאהר ארום.

— ניין, איך וויים דערפון נים. — האט איוואן ערשטוינט געענטפערט.

— נו, אויב דוא ווייסט דאס ניט, זאג איך דאס דיר, ער איז הייטע מאָרגענס אוועקגעפאהרען נאך אויסלאנד און פאר זיין אוועקפאהר האט ער געשריעבען א בריעף אין וועלכען ער האט מיר איבערגעגעבען דיא הערשאפט איבער אלע זיינע גיטער.

— איך וויל זעהן דעם בריעף.

— וואס? דוא ווילסט דעם בריעף זעהן, וואס מיין קוזין האט צו מיר גע-שריעבען? — האט אדעלא צאָרניג א געשריי געטהאן — וויא וואגסט דוא שקלאפע אזא זאך צו פערלאנגען!

— איך מוז דעם בריעף זעהן אום צו וויסען צו זאל איך אייך אלס מיינע ווירטהין אנערקענען.

— און אזוי גלויבסט דוא מיר ניט, אלטער הונד?

— ניין, איך גלויב אייך ניט. איך ווייס וויא דער גראף האט אייך ליעב געהאט, און וואו איך וועל ניט זעהן דעם בריעף וואס איז געשריעבען מיט זיין האנד, וועל איך אייך פאר מיין ווירטהין ניט בעטראכטען.

— פאָרט פון דאנען דוא אלטער טייפעל! — האט אדעלא אויסער זיך פאר בעס געשריען, איך בעפעהלע דיר דוא זאלסט נאך הייטע דעם טייפעלסשלאָס פערלאזען, איך וויל דיר מעהר אין דיעזען געגענד ניט זעהן. דוא הערסט.

— דאס וואס איהר ווילט ניט איז נאך אלץ וועניג, איך האב שוין דיא עהרע געהאט אייך צו זאגען, אז וואו איך וועל ניט זעהן דעם גראף׳ס בריעף וועל איך אייך ניט גלויבען.

— העי! סטאראָזשעס! — האט אדעלא א געשריי געטהאן.

עס זיינען אויף דעם געשריי א פאר פון דיא בעדיענטע ארויסגעלאָפען פון קיך.

— טרייבט דעם אלטען שורקע ארויס פון דאנען! — האט זיי ארעלא בע-פאָהלען — איינער פון אייך זאל גלייך אהער בריינגען דעם סטארשינא פון׳ם דאָרף מיט עטליכע פון זיינע לייטע, איך וויל מען זאל נאך הייטע דיעזען טייפעל פון מיין שלאָס ארויסיאָגען. נו, וואס שטעהט איהר, וואָרום ווארפט איהר איהם ניט ארויס פון דאנען?

אבער דיא בעדיענטע וועלכע האבען דעם אלטען איוואן זעהר ליעב געהאט האבען דאס מאל ניט געקענט געהאָרזאם זיין און זיי האבען דעם גוטען אלטען ניט בעריהרט.

— דוא פערשפּאָרסט מיך צו טרייבען — האט איוואן רוהיג און מיט א פער-אכטעטען שמייכעל געענטפערט — אלץ איינס וואלט איך פאר קיין פאל איינגעווי-ליגט צו שטעהען אונטער דעם שוץ פון אזא פערזאן וויא דוא ביזט.... אבער בעפאָר איך געה אוועק מוז איך דיר וויעדערהאלען מיינע ווערטער, אז איך גלויב דיר אלץ ניט דאס דער גראף האט דיך געמאכט פאר פערוואלטערין איבער זיינע גיטער. דא שטעקט עפּעס א געהיימניס וועלכע איך וועל ערפאהרען....

נאך דיא ווערטער איז ער שנעל פון פּאלאסט ארויסגעגאנגען.

177טעס קאפיטעל.

## דער גאַסט איז ערציטערט.

סאָנקא איז שוין פון דער גרעפינס קינד בעפרייט געוואָרען, מען האט דאָס מערכען אבגעגעבען צו א גוטער אמע. יעצט האט זיא צייט געהאט וועגען זיך צו טראַכטען און דיא אונרוהיגקייט וועגען דעם וואס יאָזעף לעהמאן איז דאָ אין מאָס-קווא און ער קומט צו איהר ניט אריין האט זיך איבער איהר זאָ בעמעכטיגט, דאָס זיא איז אוים מענש געוואָרען.

מיר זעהן זיא איין מאל אום זעכס אוהר אבענדס זיצענדיג אין איהר צימער בעשעפטיגט מיט אויסארבייטען א טישטוך, איהרע הענד האבען זעהר פלייסיג און פלינק געארבייט. אבער צו דערזעלבער צייט האט אויך איהר פאנטאזיע שטארק געארבייט, דאס האט מען געקענט דערקענען אן דיא טרערען וואָס האבען זיך פון איהרע אויגען געגאָסען.

זיא האט פערשטאנען, אז דאס וואס יאָזעף קומט צו איהר ניט האט זעהר א שלעכטע בעדייטונג. איהר איז אין קאָפּ איינגעפאלען דער ביטערער שרעקליכער געדאנק: פיעללייכט האט אן אנדערע לעהמאנס הערץ פערנומען. אויף אזא שעהנעם רייכען יונגען מאן געפינען זיך פיעלע ליעבעזוכענדע מעדכענס. עס קען זעהר זיין, אז ער האט דערזעהען א רייך מעדכען וועלכע איז צעהן מאל שעהנער אלס זיא. יענע האט נאך געוויס פיעל געלד אויך און שטאמט פון א גרויסער פאמיליע, יאָזעף האט זיך בערעכענט, אז דאס איז פאר איהם א בעסערע פארטיי אלס הייראטהען מיט דעם דאָרפּישען מעדכען און דארום וויל ער שוין פון איהר ניט מעהר וויסען.

וואָס מעהר זיא האט וועגען דעם נעטראכט איז זיא אלץ מעהר געקומען צו דער איבערצייגונג אז יאָזעף איז שוין ניט איהרער און זיא דארף אויף איהם שוין ניט מעהר האָפען.

נור איין קליינע האפנונג האט איהר פינסטער הערץ בעשטראהלט, זיא האט געקלערט פיעללייכט האט איהר קליינער ברודער אן אירטהום געהאט. ער האט גאר ניט געזעהען יאָזעפ'ן, ער האט פיעללייכט גאָר געזעהן אן אנדער יונגען מאן; וואס איז ענליך צו יאָזעפ'ן און דיא אלע איבעריגע זאכען וואָס ער האט דערצעהלט פון יאָזעפ" איז א ליגען, דען דער קליינער מרדכילע פלעגט זיך ניט פוילען אפט צו זאָגען א שטיקעל ליגען.

— כאַנקא! עפעס א רייכע פריצה פרעגט זיך צו דיר, — האט טאקי דער זעלבער מרדכילע איהר געמעלדעט אריינלויפענדיג האסטיג צו סאַנקא'ן אין צימער.

— א רייכע פריצה פרעגט זיך צו מיר? — האט סאַנקא ערשטוינט געפרעגט.

— יא, זעהר א רייכע פריצה. זיא נעהט נאך שעהנער אנגעטהאן פון דער גרעפין מאריא.

— ווער קען דאס זיין? — האט זיך סאַנקא געקלערט און אויעקלייגענדיג איהר ארבייט איז זיא אריינגעגאנגען איהם ערשטען צימער.

זיא האט דערזעהען דער רייכער יונגער פרוי צו וועלכער זיא האט פערבלאָנד־זשעט אלס זיא איז געלאָפען זוכען יאָזעפ'ן — דאָס וואר בת־שבע.

— אך, וואָס פאר אן עהרע איהר ערצייגט מיר מאדאם ברענער, — האט זיא ערפרייט אויסגערופען רייכענד בת־שבע'ן דיא האנד — איך האב גאר ניט געדענקט, אז איהר ועט זיך ערניעדערינען מיך אין מיין ארמער וואוינונג צו בעזוכען.

— ארמוטה איז קיין שאנדע, — האט בת־שבע מיט א פריינדליכען שמייכעל געענטפערט — איך האב מיך אין אייך פערליעבט פריילין האָניגמאן און בין דארום געקומען אייך א בעזוך אבצושטאטען.

— זעהר אנגענעהם מאדאם! איך בין אייך זעהר דאנקבאר פאר אייער פריינדשאפט. איך וועל אייך אריינבעטען צו מיר אין צימער, דען דא וויא איהר זעהט איז ניט אנגענעהם צו זיצען.

— איך וועל אריינגעהען צו אייך אין צימער ווען איהר פערלאנגט דאס — האט בת־שבע גוטמוטהיג געענטפערט.

סאנקא האט זיא אריינגעפיהרט אין איהר קליינעם צימער. דארט איז געשטאַנען

איהר בעט, א קליין טישעל און איין שטוהל. אבער אלעס האט דא וויא געשפיגעלט פון ריינקייט.

בת־שבע האט זיך געזעצט אויפ'ן שטוהל און סאָנקא אויפ'ן בעט.

— מיין צימער איז ניט גלייך צו אייערע צימער, — האט סאָנקא געזאגט אלס זיא האט געזעהן וויא בת־שבע בעטראכט דיא איינריכטונג פון דער לאַך.

— אין נעגענטהייל, איך געפין דאס קליינע צימערל פאר זעהר עלעגאנט און אנגענעהם. מען דערקענט מיט דעם ערשטען בליק, אז דא וואוינט א גליקליכע, ריינע זעעלע....

— א גליקליכע, ריינע זעעלע? — האט סאָנקא געלאכט — איך מוז אייך זאגען מאדאם, אז איהר האט אין דעם הינזיכט א גרויסען אירטהום. גראדע דאָס גליק פעהלט דא זא וויט, דאס פון איהם איז היער קיין שפור פארהאנדען.

— דאס איז אלץ דערפאר, וואס איהר האט נאך אייער הערצענס־געליעבטען ניט געפונען?

סאָנקא איז רויטה געוואָרען און האט ניט געענטפערט.

— ענטשולדיגט פרייליין האָנינמאַן, וואס איך האב זיך ערלויבט אנצוריהרען אזא סטרונע וואָס קלינגט געוויס זעהר טרויעריג אין אייערע אויערן; אבער איך שווער אייך, אז איך האב דערמיט קיין שלעכטעס געמיינט, איך בעטראכט זיך אלס אייערע א הייסע פריינדין, און איינער פריינדין איז נאך מיינער מיינונג ערלויבט אריינצודרינגען טיעף אין דער צוויטערס הערץ.

— איך האב אויף אייך קיין פערדרוס דערפאר, — האט סאָנקא געענטפערט מיט אראָפּגעלאזטע בליקען.

— איך מוז אייך אבערמאלס אום ענטשולדיגונג בעטען פרייליין האָנינמאַן, וואס איך ועל מיר נעהמען דיא פרייהייט אייך וועגען דעם וויכטיגען געגענשטאנד וויטערע פראגען צו מאכען. דען איך האב דאמאלס, אלס איהר זייט ביי מיר געוועזען פערשטאנען, אז דאס בעלאנגט אייער גאנץ לעבען. זאגט ליעבע פריינדין, ווייסט איהר נאך אלץ ניט וואו אייער פ ר י י נ ד געפינט זיך?

— איך ווייס ניט — האט סאָנקא זיפצענד געענטפערט.

— איך מוז אייך זאגען ליעבע פריינדין, אז איך געפין אייער בעקימערונג וועגען דעם זעהר פאר אונאיבערלעגט. דען דא איז איינס פון דיא ביידע, ליעבט ער אייך זא שטארק וויא איהר איהם, וועט ער געוויס קומען, און ווען ער ליעבט אייך ניט, דארפט איהר גאר וועגען איהם ניט דענקען. דען ער האט דאס ניט פערדיענט איך האב אמאל דיא נארישקייט בעגאנגען און האב צופיעל געטראכט וועגען דעם מענשען וועלכען איך האב געליעבט. דאס האט מיר אבער זעהר טהייער געקאָסט אזוי טהייער, דאס אין מיין ברוסט זיינען געבליעבען אזעלכע וואונדען, וואס וועלען זיך קיין מאָל פערהיילען. איך האב פון דאמאלס אן אנגעהויבען צו בעטראכטען אלע מעדבענס וועלכע ליעבען צו שטארק זייערע געליעבטע אלס וואהנזיניגע, ווייל איך זעלבסט בין אויך וואהנזיניג געוועז.

— אָבער עס איז זעהר שווער צו פערלעשען דיא ליעבעס פלאמען וואָס ברע־

נען העליש אין אונזערע הערצער—האט סאָנקא געזאגט מיט זעהר א טרויעריגען טאָן.

— יא, דאס ווייס איך זעהר גוט. אבער אין לעבען בעגעגנען מיר פיעלע הויכע בערג, וואס מיר מוזען אריבערשפרינגען, אבוואָהל דאס איז געגען אונזערע קרעפטען.

— לויט איך פערשטעה אן אייך, האט איהר אויך פערזוכט פון דעמזעלבען בעכער וואס איך טרינק יעצט. דארפט איהר פערשטעהען, אז עס איז לייכטער דיא העכסטע בערג איבערצושפרינגען אלס צו פערגעסען דעם מענשען צו וועלכען מען איז צוגעבונדען מיט לייב און זעעלע. איך וועניגסטענסט האב קיין אורזאכע מיין געליעבטען צו פערגעסען, ווייל איך ווייס דאך נאך ניט בעשטימט צי האט ער מיך אוועקגעוואָרפען אויף אימער, איך מוז אייך דאס אויך זאגען, אז איך וואָלט ניט געווען אזוי בעקימערט ווענען דעם וואס ער קומט צו מיר ניט. דען דאס הערץ זאגט מיר, אז ער וועט קומען. ער קען מיך ניט פערהאסען, דאס האט ער מיר בעוויעזען דערמיט, וואס ער האט פיעל מאל דאס לעבען צוליעב מיר איינגעשטעלט; אבער מיינע עלטערן פערשאפען מיר גרויסע שמערצען; זי צווינגען מיך איך זאל מיין הערץ שענקען אזא מאן, וועלכען איך קען ניט לייבען.

— וויא ערלויבען זיי זיך אזא זאך צו טהאן?

— גאנץ איינפאך, ווייל זיי בעטראכטען דעם שידוך פאר א גליק. דען דער חתן איז רייך און האט א גרויס געשעפט.

— דאס איז גאָר?

— פאר זיי איז דאס גענוג.

— דאָס איז פון זיי א גרויס אונרעכט. אויב איהר ווילט וועל איך אליין זיי זאגען, אז זיי בעגעהן א גרויסע זינד.

— איהר פערשפאָרט זיך צו בעמיהען, דען מיינע עלטערן זיינען איינפאכע מענשען. זיי וועלען גאר ניט פערשטעהען ווארום איהר רופט אזעלכע זאכען א זינדע. אלץ איינס וועלען זיי מיט זייער ריידען גאר ניט אויסווירקען; דען אבוואָהל זיי זיינען ביי מיר זעהר טהייער און איך בין זיי אימער געהאָרזאם געווען, אבער אין אזא זאך מוז איך איינע אונגעהארזאמע טאכטער ווערן.

אין דער מינוט האבען זיך דיא ביידע פרויען א צאפעל געטהאן. דען דיא טהיר פון דעם צימער האט זיך אביסעל געעפענט און יעמאנד איז זעהר האסטיג אבגעשפרונגען אהינטער און איז אנטלאָפען געוואָרען.

סאנקא איז ארויסגעלאָפען זעהען ווער דא איז געווען און איהר קליינער ברודער האט איהר דערצעהלט, אז דאס איז געווען דער מעבעלהענדלער סאמואיל פעדערב[illegible]ן. ער האט געפרעגט צו סאנקא איז אין דער היים און אלס ער האט איהם געזאגט, אז זיא זיצט ביי זיך אין צימער האט ער געוואלט אהין אריינגעהען, אבער וויא ער האט דיא טהיר געעפענט איז ער אבגעשפרונגען אהינטער און איז אנטלאָפען געוואָרען.

סאנקא האט זיך זעהר געוואונדערט. זיא האט ניט פערשטאנען וואָרום איז דער פון איהר פערהאסטער מעבעלהענדלער פלוצלונג אנטלאָפען געוואָרען. אבער

זיא האט דאס פערענטפערט דערמיט, אז ווייל ער האט דא נעטראפען זיצענדיג א פרעמדער פערזאן האט ער זיא (סאנקאן) יעצט ניט געוואלט בעלעסטיגען מיט זיין ליעבע. אדער דיא פרוי ברענער איז זיינע א בעקאנטע האט ער זיך פאר איהר געשעמט ראָמאנסירען מיט אזא ארים מעדכען וויא זיא איז.

נור וויא דיא זאך איז, זיא איז דערוייל זעהר דאנקבאר געוועזן בת־שבע׳ן, וואס דורך איהר האט דער אונגעבעטענער גאסט ניט געהאט דיא געלעגענהייט זיא צו בעלעסטיגען.

זיא איז צוריק אין איהר צימער אריינגעקומען און האט לאבענד דערצעהלט בת־שבע׳ן, אז דאס איז געוועזן דער מעבעלהענדלער וואס שדכענט זיך צו איהר און ווייל ער האט דא געטראפען א פרעמדען מענשען האט ער זיך פערשעמט און איז אנטלאָפען געווארען.

178טעס קאפּיטעל.

## בראַוואָ מאַלינבערג!

— איהר האט מיך גערופען, פּאָלקאָווניק? — האט מיכל ברענער געפרעגט דעם פּאלקאווניק מאלינבערג אריינלויפענד אין זיין קאבינעט.

— יא, ברענער — האט מאלינבערג געענטפערט — איך האב דיך מיט דער גרעסטער אונגעדולד ערווארטעט, — איך האב דיר עטוואס שרעקליכעס מיטצו־צוטהיילען.

— שרעקליכעס? — האט ברענער ערשטוינט געפרעגט.

— יא, זעהר שרעקליכעס. מען האט ערפאהרען, אז מיר זיינען געוועזן וואהר־האפטיגע מערדער.

— מיין גאט! איז דאס מעגליך?

— יא, ברענער. דאס איז אזוי וויא איך דערצעהל דיר.

— אבער וויא איז דאס מעגליך מען זאל אזא זאך ערפאהרען?

— איך וויים אויך ניט ווער עס האט אונז פערראטהען, אבער דאס איז זי־כער, אז מען וויים שוין פון דער גאנצער געשיכטע, דען דער פּאָליצמייסטער האט הייטע פון מיין הויז וואהרהאפטיגס פעלץ צוגענומען און האט איהם צוגעשטעלט דעם סליעדאָוואטעל.

ברענער איז לייכען־בלאס געווארען. ענדליך האט ער זיך געמוטהיגט און האט געפרעגט:

— אבער איך פערשטעה ניט, פּאלקאווניק, מיט וואס קען מען בעווייזען, אז דאס איז וואהרהאפטיגס פעלץ?

— דאס איז שוין בעוויעזען געווארען, דען אויף אלע שטיקער סאָבעל פון דעם פעלץ שטעהט דייטליך וואהרהאפטיגס נאמען.

— ווירקליך?

— יא, מיין פריינד, דאס איז וויא איך דערצעהל דיר.

— נו, וואס־זשע האט איהר געענטפערט?

— איך האב געגענטפערט, אז דעם פעלץ האב איך געקויפט פיי אן אונבע־קאנטען מענשען.

— און מען האט אייך געגלויבט?

— זעלבסטפערשטענדליך, אז מען גלויבט מיר ניט און מיר האלטען דארום אלע זעהר שלעכט.

— נו, וואס איז ביי אייך געבליעבען?

— ביי מיר איז געבליעבען מיר זאלען אלע אנטלויפען.

— אנטלויפען? — האט ברענער איבערגעפרעגט.

— יא. אלע וואס האבען יענע נאכט אין דעם מארדטהאט מיטגעווירקט, דיא מוזען וואס צום גיכסטען אנטלויפען, דען דוא פערשטעהסט דאך זעלבסט, אז דיא געהיימנים מוז שוין ענטדעקט ווערן אין גאנצען.

— ועסט איהר אויך אנטלויפען?

— געוויס וועל איך דאס טהאן. דען מען וועט געוויס פערשטעהן, אז דער אנטווארט וואס איך האב געגעבען איז קיין ריכטיגער און איך וועל בעשטראפט ווערען וויא אן איינפאכער מערדער.

— וויא אזוי האט מען אייך אבגעלאזט? דאס איז דאך א בעוויז, אז מען גלויבט יא אייערע ווערטער.

— איך האב פערשפראכען אין פערלויף פון פיער און צוואנציג שטונדען אויסצוגעפינען דעם מאן וואס האט מיר דעם פעלץ פערקויפט און איהם דער פאָ־ליציי איבערגעבען. דאס האב איך געטהאן אום זיך מיט דער צייט צו בענוצען און דערווייל אנטלויפען.

— זאגט איהר, אז איך זאל אויך אנטלויפען?

— אויב דאס לעבען איז ביי דיר טהייער, זאלסט דוא נאך אין דיעזען טאג פליהען נאך אויסלאנד, דאס זעלבע וועל איך אנזאגען אלע אונזערע לייטע וואס האבען דעם מארד אויסגעפיהרט.

— איך דאנק אייך זעהר, פאלקאווניק, פאר דעם וואס איהר אינטערסירט זיך אזוי פאר אונז.

— וועסט דוא טהאן וויא איך האב דיר געהייסען?

— איהר פרעגט נאך? געוויס וועל איך אזוי טהאן.

— ווען קלערסט דוא צו אנטלויפען?

— נאך הייטע.

— זעהר גלייך און פערנינפטיג וועסט דוא טהאן. איך דענק אויך דיעזע וואך דאסזעלבע צו טהאן. איך וואלט אויך נאך הייטע אנטלאפען, אבער איך מוז נאך פיעל געלד איינקאסירען.

— ווער האט דאס געקענט דערצעהלען דעם פאליצמייסטער פון דעם פעלץ?

— איך האב מיר שוין געבראכען דעם קאפ, קלערענדיג וועגען דעם; אבער איך האב גאר ניט ערקלערט. פיעללייכט האסט דוא, ליעבער פריינד, א פערדאכט אויף יעמאנדען?

— איך קען דאס גאר ניט פערשטעהן. פון אונזערע לייטע האט געוויס קיי־נער דיא געהיימנים ענטדעקט און זייטיגע מענשען ווייסען דאך פון דיא גאנצע געשיכטע ניט. נור....

— וואס? דיר איז יא איינגעפאלען א פערדאכט אויף יעמאנדען?

— איך קלער צו האט דאס ניט געטהאן מיין געוועזענע פרוי.

— ווער איז דיין געוועזענע פרוי?

— איהר קענט ניט סאָניעטע זאָלאָטאיא רוטשקא (דיא גאָלדענע הענטעל)?

— וואס־זשע זאגסט דוא דיין געוועזענע פרוי?

— ווייל איך האב מיך פון איהר געשיידעט.

— וואס? דוא האסט זיך געשיידעט פון סאניעטען?

— יא, פאלקאווניק.

— ווען איז דאס געווען?

— דאס איז שוין א געשיכטע פון פיער וואָכען, איך האב שוין געהייראטהעט אן אנדערע.

— דאס איז ביי מיר א נייעס. און סאניעטע האט געוואוסט פון אונזער גע־היימנים?

— געוויס האט זיא געוואוסט. — איהר אליין, פאלקאווניק, האט דאך איין מאל גערעדט מיט איהר וועגען דעם.

— אויב אזוי איז ביי מיר קיין צווייפעל, אז נור זיא האט דאס אונטערגע־זאגט דעם פאליצמייסטער וועגען דעם פעלץ. דאס זאל איהר ניט געשענקט ווערן.

— איין זאך פאָלקאָווניק פערשטעה איך ניט.

— וואס איז דאס פאר א זאך?

— סאניעטע האט ניט געוואוסט, אז דער פעלץ איז ביי אייך. זיא האט אין אלגעמיין ניט געוואוסט, אז מען האט ביי וואהרהאפטיגען צוגענומע׳ א פעלץ.

— דאס רעדסט דוא דומהייט. וויא באלד זיא האט געוואוסט פון דעם מאָרדטהאט, האט זיא זיך געוויס ערקונדיגט ביי איינעם פון אונזערע לייטע וועגען דיא זאכען וואס מען האט צוגענומען ביי וואהרהאפטיגען און פאר איהר איז קיין זאך קיין געהיימנים געבליעבען.

— איך וועל מיך ניט שפּאָרען. דאס קען אויך זיין.

— זעהר גלייך וואס דוא האסט מיך אויף דעם אויפמערקזאם געמאכט. דערווייל בין איך דער פאלקאָווניק פון דער געהיים־פּאָליציי און איך קען מיך מיט איהר אפּרעכענען. נאך הייטע זאל זיא ארעטירט ווערן פאר דיא דיאמאָנטען וואס זיא האט אויסגענארט פון קירפּיטשניקאָוון.

— אבער פּאָלקאָווניק, זיא קען דאך דערצעהלען, אז זיא האט אייך געגעבען א טהייל פון דיא דיאמאנטען.

— זיא מעג שוין אלעם דערצעהלען, אלעס איינס וועל איך דא היע מעהר ניט זיין. דען וויא איך האב דיר געזאגט, דיעזע וואך פאהר איך אוועק פון דאנען.

— טהוט וויא איהר פערשטעהט פּאָלקאָווניק.

— און דוא טהו אויך וויא איך האב דיר געראטהען, נאך הייטע זאל זיך דיין פוס ניט געפינען אין מאסקווא.

— ווענען דעם דארפט איהר מיר מעהר ניט זאגען. געוויס וועל איך ניט ווארטען ביז דיא פאָליציי וועט מיר אבגעבען א צימער אין געפענגניס. אלזא מעהר האט איהר מיר גאר ניט צו זאגען פאָלקאָווניק?

— ניין, מעהר גאר ניט.

— גו, אדיע. איך מוז שוין לויפען זיך פערטיג מאכען צו דער רייזע.

ער האט זיך פערניינט און איז ארויסגעלאָפען.

— בראָווא מאלינבערג! — האט דער פאָלקאָווניק מיט א צופריעדענעם שמייכעל אויסגערופען — דוא האסט דא געארבייט וויא א לייט. זאל נור דער זשידאק ניט ווערן, פאלט פון מיר דער גאנצער פערדאכט אוועק. מיט דער סאָניע־טען איז זעהר געפעהרליך זיך צו רעכענען; דען זיא קען פיעלע געהיימניסע אויס־פלוידערן, אבער איך וועל איהר שוין דאס מויל פערשטאָפען און זיא וועט ביי מיר א שפאציער ·· ·· נאך סאחאלין דאָרטען חאפען סויבעל.

179טעס קאפיטעל.

## דער גוטער וועכטער.

דעם גראף דאנילאָוו האט מען געבראכט נאך דער שטאדט אָרשא. ביי דעם ערשטען פערהער וואס דער סליעדאָוואטעל האט מיט איהם געמאכט האט ער זיך גלייך מודה געווען, אז ער האט זיין פרוי ערמאָרדעט. ער האט אויך ערקלערט ווארום ער האט דאס געטהאן און האט אויסדריקליך געזאגט, אז ער האט דיא גרעסטע שטראפע פערדיענט.

אָבוואהל דער סלידאָוואטעל האט מיט איהם גרויס מיטלייד געהאט האט ער דאך גאר ניט געקענט העלפען און האט איהם אלס מערדער געמוזט שיקען אין געפענגניס.

זיצענדיג אליין אין זיין פינסטערער צעלע, האט דער אונגליקליכער גראף גענוג צייט געהאט צו בעטראכטען זיין טרויעריגע לאגע. ער האט זיך זעלבסט בע־טראכט אלס דעם גרעסטען מערדער אין דער וועלט און ער האט דארום מיט אונ־געדולד ערוואַרטעט זיין טעדליכע שטראפע.

דער וועכטער פון געפענגניס, וועלכער איז שוין געוואוינט געוואָרען צו זעהען מערדער און אנדערע פערברעכער, האט אנפאנגס אויך אויף דעם ארעסטאנט גע־קוקט מיט אזא פעראכטונג וויא ער האט געקוקט אויף אלע איבעריגע ארעסטאנטען. ענדליך אבער אז ער האט בעמערקט וויא דער פרישער ארעסטאנט זיצט אימער און וויינט מיט ביטערע טרערין, האט ער איהם אנגעהויבען מיט מיטליידענדע בליקען צו בעטראכטען. ער האט פערשטאנען, אז דיעזער ארעסטאנט איז ניט גלייך צו אלע איבעריגע און ער איז דארום זעהר נייגיעריג געוואָרען צו וויסען, וואָס דאס איז פאר א מענש.

איין מאל אין מיטען נאכט אלס דיעזער וועכטער האט דערהערט א שרעק־ליכען יאמער פון דאנילאָוו׳ס צימער, האט ער אויפגעעפענט דיא טהיר פון דעם

גראף׳ס צעלע און איז אהין אריינגעגאנגען. דאנילאוו איז געווען בלאס וויא דער טוידט. זיינע אויגען האבען ווילד געקוקט אויף דעם וועכטער און זיינע ליפען האבען געשטאמעלט:

— ווער ביזט דוא? וואס ווילסט דוא?

— איך בין דיין וועכטער. דוא דארפסט מיך שוין נוט קענען, — האט דער מאן געענטפערט.

— נו, וואס פערלאנגסט דוא?

— איך בין נייגיעריג צו וויסען, פאר וועלכער זינדע מען האט דיך דא איינ־געשפארט? דען מיר ווייזט אויס, אז דוא ביזט קיין פערברעכער.

— אך וואס פאר אן אירטהום דוא האסט! — האט דאנילאָוו זיפצענד געענטפערט — עס קען זעהר זיין, אז איך בין דער איינציגער גרעסטער פערברעכער דא אין געפענגניס. איך בין א מערדער, אזא מערדער, וואס דיא וועלט האט נאך אזעלכען ניט געזעהען!

— מיר האט אויסגעוויעזען, אז דוא ביזט ניט פעהיג בלוט צו פערגיעסען. איך גלויב נאך יעצט אויך, אז געוויסע אומשטענדע האבען דיך צו דער זינדע געבראכט.

דאנילאוו האט געשוויגען. אויף זיין געזיכט איז געלעגען אזא פערצווייפעלטע מינע, וויא ביי א מענשען וואס האט זיך שוין ענטזאגט פון דער וועלט און דאס לעבען האט ביי איהם זיין גאנצען ווערטה פערלאָרען.

— אונגליקליכער!—האט דער וועכטער מיט א רחמנות פנים אויסגערופען.— דיין חרטה אליין בעווייזט, אז דוא ביזט א פיינער מאן. איך בעט דיך דערצעהל מיר דיין ביטערע געשיכטע.

— אָבער וויא קומט דאס וואס דוא אינטערעסירט זיך אזוי פאר אן ארעס־טאנט? מיר שיינט, אז דוא האסט גאר קיין רעכט מיט מיר צו ריידען.

— דאס איז וואהר, אז איך האב קיין רעכט מיט מיינע ארעסטאנטען צו ריידען. אבער דוא האסט אויף מיר אזא איינדרוק געמאכט, דאס איך האב ניט געקענט גלייכגילטיג בלייבען און האב מיך געמוזט בעשליסען מיט דיר צו ריידען. עס קען זיין, אז דוא מיינסט דאס איך האב דאביי א געוויסען צ׳על. שווער איך דיר, אז קיין הינטער־געדאנק ליעגט יעצט אין מיין קאפ. דאביי מוז איך דיר זאגען, אז איך בין אויך אלס פערברעכער צוויי גאנצע יאהר געזעסען אין געפענגניס, אבוואהל איך בין גאר ניט שולדיג געווען, דארום קוק איך אין אלגעמיין אויף אלע ארעס-טאנטען מיט אנדערע אויגען. איך ווייס, אז אזוי וויא איך האב אונשולדיג געשמאכ־טעט אין געפענגניס אזוי קען זיין, אז אויך דיא ארעסטאנטען וואָס זיצען דא איינגעשפערט זיינען אונשולדיג.

— דוא הערסט דאך אבער, אז איך אליין געשטעה מיין זינד און זאג זעלבסט, אז איך בין א מערדער.

— דאס אליין בעווייזט, אז דוא ביזט אן עהרליכער מאן. דען דער וואהרער פערברעכער ווענדעט אלע מיטעל אן צו פערבלענדען אלעמען דיא אויגען מען זאל

מיינען, אז ער האט קיין זינד בעגאנגען. איך גלויב דיר, אז דוא האסט א מענשען ערמארדעט, אבער מע; קען אמאל א מארד בעגעהען אונשולדיגער ווייזע. איך האב שוין גענוג פּראקטיק געהאט אין מיין לעבען און איך ווייס, אז מאנכעס מאל גיעבען אזעלכע מערדער וואס זיי ווארען נור א שווערד ביי אנדערע אין דיא הענד... עס קען זיין, אז שלעכטע מענשען האבען זיך מיט דיר אויף בעדיענט אלס מיט א שווערד און אין דער ווירקליכקייט ביזט דוא נאר ניט שולדיג.

דער גראף האט איהם ערשטוינט אנגעקוקט. אן איינפאכער, פּראסטער וועכטער זאל ריידען אזוי לאניש, אזוי קלוג, דאס האט ער ניט ערווארטעט.

— שוין לאנג, אז דוא בעטרעטעסט דא דיא שטעלע פון א וועכטער? — האט דאנילאוו געפרעגט.

— שוין זייט פינף יאהר.

— און וואס ביזט דוא פריהער געוועזען?

— איך האב געדיענט אלס סאלדאט אין מיליטער.

— דוא ווייזט דאך אויס שוין א מאן פון א יאהר פופציג צו זיין?

— יא, איך בין ווירקליך פופציג יאהר אלט. מען האט מיך אלס אכט-יעהריגעס קינד צוגענומען פאר א סאלדאט, איך האב געדיענט דעם קייזער ניקאלאי, נאכהער דעם קייזער אלכסנדר דעם צווייטען.

— ערשטענס, פערשטעה איך ניט ווארום האסט דוא אזוי לאנג געדיענט און צווייטענס, קען איך ניט פערשטעהען וואס דוא האסט געזאגט, אז דוא האסט צו דיין אכטען יאהר אנגעהויבען צו דיענען. וויא ווייט איך ווייס, נעהמט מען ניט צו אכט-יעהריגע קינדער צו דער מיליטער דיענסט.

— איך האב צוויי מאל דעם קייזער אלס סאלדאט געדיענט — האט דער וועכטער געענטפערט — איך האב דאס אויס פרייוויליגקייט געטהאן, ווייל איך האב קיין מיטעל צום לעבען געהאט אלס איך האב מיין ערשטע סלוזשבע (דיענסט) געענדיגט. דאס וואס דוא פערשטעהסט ניט וויא קומט דאס וואס מען האט מיך אלס אכט-יעהריגעס קינד פאר א סאלדאט צוגענומען, איז דאס א בעווייז אז דוא ווייסט ניט, דאס פאר דעם קייזער ניקאלאי איז געוועזען אן אוקאז מען זאל נעהמען ביי אידען קליינע איגגעלאך פאר סאלדאטען.

— דוא ביזט א איד?

— איך בין געוועזען א איד; אבער שוין זעהר לאנג אז מען האט מיך מיט געוואלד געטויפט — האט דער וועכטער זיפצענד געזאגט.

— נאך דיין זיפץ דערקען איך, אז דוא בערייהעסט דיין איבערגאנג צום קריסטענטהום?

— איך קען דאס ניט בערייהען, ווייל איך האב דאס ניט מיט מיין גוטען ווילען געטהאן, מען האט מיר דערצו געצוואונגען; אבער איך מוז איך געשטעהען, דאס מיר וואלט פיעל ליעבער געוועזען צו בלייבען א איד. וויפיעל איך געדענק פון מיין אמאליגען גלויבען, ווייס איך, אז אידען זייגען פיינער אין כאראקטער, וויא דיא קריסטען וואס איך האב ביז היינט געזעהען. צווישען זיך ריידענדיג, מיר זיינען דאך

יעצט ביידע קריסטען, זאג איך אייך, אז אונזערע קריסטען זיינען א פערדארבענע פאלק.

— קענט איהר דען אזא אורטהייל געבען אויף א גלויבען, וואס בעשטעהט פון מיליאנען מענשען? געפינען זיך דען צווישען אונז וועניג בראווע, עהרליכע מענשען מיט גוטע כאראקטערע?

— יא, דאס קען איך ניט זאגען, זאנאר צווישען דערנער וואוקסען זיך דורך בלומען. איך רייד אבער פון דעם גרעסערן טהייל. נאך מיינער מיינונג זיינען ניין און ניינציג פראצענט פון אונזערע קריסטען שלעכטע. האַרטהערציגע מענשען זיי האבען אין זיך קיין פונק מיטלייד ניט. וויפיעל גרויזאמקייט וויפיעל אונמענשליכקייטען האב איך מיר אנגעזעהן אלס איך וואר אין דער מיליטער דיענסט פון דיא אפיציערן און פעלדפעבעלעס געגען דיא ארמע סאלדאטען, וויפיעל מערדעריייען האב איך מיך אנגעזעהען פון דיא געפעננגים בעאמטע געגען זייערע געפאנגענע. דאס איז אונמעגליך צו דערצעהלען, און דיא אלע בארבארען זיינען קריסטען.

— פון וואנען ווייסט איהר, אז יודען האבען אין זיך מעהר מיטלייד?

— דאס האב איך שוין אויך געהאט דיא פראקטיק צו זעהען. דען אלס איך וואר סאלדאט איז מיר איין מאל אויסגעקומען צו זיין צוויי יאהר אין א שטאדט פון לויטער אידען, האב איך געזעהען, וויא דער גרעסטער טהייל פון זיי זיינען מילדע, גוטהערציגע. זיי זיינען פערטיג פאר זייערן א ברודער זיך אויפצואפפערן. זאנאר אויף קריסטליכע אונגליקליכע האבען זיי רחמנות, אבוואהל דיא קריסטען הערן ניט אויף זיי צו פערפאלגען, צו דריקען און שטיקען. איך וויים, אז איך אליין האב אין זיך אויך פיעל מעהר רחמנות אויף אונגליקליכע אלס אלע איבעריגע וועכטער. איך בעהאנדעל דיא ארעסטאנטען וואס געפינען זיך אונטער מיין אויפזיכט מיט טהייל־נאהמע אין זעהר שיקזאל, און דאס איז אלץ דערפאר, וואס איך בין א קינד פון דעם עדעלען פאלק איזראעל. איהר ווייסט אונגליקליכער, אז איך האב קיין אורזאכע אייך צו שמייכלען; דארום גלויבע איך, אז איהר וועט ניט צווייפלען אין דעם וואס איך וועל אייך זאגען, דאס זייט איהר זייט אין דיעזען קערקער אנגעקומען רייסט מיר דאס הערץ אויף אייך.

— איך בין אייך זעהר דאנקבאר פאר אייער גוט הערץ ליעבער פריינד — האט דער גראף געזאגט — ליידער אבער קען אייער מיטלייד מיר גאר ניט העלפען. איך בין אזא פערלארענער מענש וואס פאר מיר גיעבט עס שוין קיין הילף ניט!

— איהר ווייסט געוויס, אז מען וועט אייך צום טוידט פעראורטהיילען?

— ווען איך זאל דאס בעשטימט וויסען און דער אורטהייל זאל געשווינד ארויסקומען, וואלט איך שוין צופריעדען געווען; דען קיין גליקליכער מענש האט אזוי פיעל אויף לעבען ניט געבעטען וויפיעל איך בעט אויפ'ן טוידט. דאס בילד פון דער אונשולדיגער פרוי וואס איך האב ערמארדעט, וועט אימער פאר מיינע אויגען שטעהן און וועט מיר קיין רוהע געבען; מיר וועט אימער קלינגען אין דיא אויערן איהר פראגע: ווארום האסט דוא מיך ערמארדעט?

ביי דיא ווערטער האט דער גראף בעהאלטען זיין געזיכט אין זיינע ביידע הענד וויא ער זאל זיך וועלען פערבארגען פאר א שרעקליכע ערשיינונג.

— אבוואָהל וויא איך פערשטעה, איז צו אייער מכה קיין רפואה נימא — האט דער וועכטער געזאגט — פון דעסטוועגען וויל איך אייך בעטען איהר זאלט מיר דערצעהלען דיא איינצעלהייטען פון דעם מארד וואס איהר האט בעגאנגען. דען עס טרעפט מאנכעס מאל, אז א מעניש מיט א גוטעס הערץ בעגעהט אונווי־לענד א זינד און בעטראכט זיך אליין פאר דעם גרעסטען פערברעכער. איך בין שוין א פראקטישער מעניש און איך וועל אייך ריכטיג זאגען צו דארפט איהר זיין אזוי פערצווייפעלט צו נים.

— דאס איז אן אומזיסטע זאך — האט דאנילאוו זיפצענד געענטפערט — ווען זאגאר דיא ריכטער אליין וועלען מיך אלס אונשולדיג ערקלערן, וועל איך דאדורך אויף דאס מינדעסטע ניט רוהיגער בלייבען. דען דיא פערזאן וועלכע איך האב ערמאָרדערט וואר מיין זעעלע און ווען מען נעהמט פון א מענשען זיין זעעלע צו, ווייסט איהר דאך אז קיין ארצט קען איהם שוין העלפען. בעסער פרעגט מיך גאָר ניט נוטער מענש ווענען דער ביטערער געשיכטע. נעהט בעסער ארויס פון מיין קערקער. דען ווען יעמאנד וועט אייך דא בעמערקען קענט איהר אייער שטעלע פערליערען.

דער וועכטער האט זיך ערשט דערמאנט, אז ער איז יעצט ווירקליך אין גע־פאהר ענטדעקט צו ווערען פון דעם סאָלדאט וואס געהט אין דעם צווייטען קאָרידאר ארום צו בעוואכען דיא געפאנגענע. ער האט נאך איינינע טרויסט ווערטער געזאגט צו דעם פערצווייפעלטען גראף און איז שנעל ארויסגעגאנגען פון דער ענגער צעלע.

180טעס קאפיטעל.

## אן אונגעריכטע מפלה.

ניט אלע מאל איז שטאָלצקייט א חסרון. זעהר אָפט בריינגט דער שטאלץ פון איינציגע מענישען וויא אויך פון א גאנצע נאציאָן פיעל נוצען. פיעל ערגער איז פאר דער גאנצער געזעלשאפט, ווען דיא מענשען זיינען שוין אזוי וויים געזונקען, דאס זיי שעמען זיך מיט קיין זאך נים. אזוי זעהן מיר, צום ביישפיעל, ביי דעם רוסישען אדעל: קניאזען, גראפען און געוועהנליכע אפיצירען, וועלכע ווייסען גאר ניט דאס מינדעסטע פון עהרען־געפיהל. ביי דיא שטאלצע פעלקער צום ביישפיעל, וועט זיך א גראף שעמען, אז מען וועט איהם אויפווארפען דאס ער האט בעשווינ־דעלט אן איינפאכען בירגער. אין דיא ציוויליזירטע לענדער עקסעסטירט צווישען אדעל אן עהרענ־ליניאן, און ווען איינער פון אדעל בעגעהט עפעס א שווינדעל ווערט ער אויסגעשטויסען פון עהרענ־ליניאן און ער קען מעהר זיך ניט געפינען צווי־שען זייער געזעלשאפט; דארום שטעלט מען האָרט זעהר פיעל אויף א „ריטער־ליכען עהרען־וואָרט‟; אבער אין רוסלאנד איז דער אדעל אזוי וויים געזונקען, אז אזעלכע טהאטען וועלכע ביי א געוועהנליכען בירגער איז דאס פעררעכענט פאר א פערברעכען, וועט ער זיך גאר דערמיט בעריהמען פאר זיינע קאָלעגען. אין רוסלאנד איז א שארלאטאן, א שווינדלער קיין חסרון נים צום טיטעל גראף אדער צו בע־טרעטען א וויכטינעס אמט אין לאנד. צום ביישפיעל: אין דער גרויסער וועלט־שטאדט ווארשוי האט דיא רעגיערונג פאר איינינע יאהרען געמאכט פאר אָבער־

ואַליצמייסטער דעם קניאז ב ו ר ט ע ר ל י ן, וועלכער, איז געווען אזא שאַרלאַטאַן, אזא שווינדלער, דאס מען האט איהם געריכטליך ערקלעהרט פיר אונפעהיג צו פערוואלטען זיין פערמעגען, און דאך, צו דערזעלבער צייט, ווען דיא רעגיערונג האט האט איהם געהאלטען פאר אונפעהיג, צוליעב זיין שאַרלאַטאַנסטוואָ, צו פערוואַלטען זיינע אייגענע גיטער, צו דער אייגענער צייט האט זיא איהם איבערגעגעבען דיא פערוואַלטונג פון דער גרויסער וועלט-שטאדט ווארשוי. דיא קניאזען, גראפען און גענעראַלען האבען זיך ניט געשעמט מיט דער געזעלשאַפט פון א שאַרלאַטאַן, א שווינדלער וואס איז געווען איינגעטונקט אין חובות איבער'ן קאָפּ; ווייל זיי זיינען זיינער ניט בעסער פון איהם און דער עהרליכער שטאָלץ פעהלט זיי אלע.

אין דער לעצטער צייט אבער, פאר אלכסנדר דעם דריטען, ווען דער פעלקער-האס איז געשטיגען נאָר אָהן א מאָס, איז ביי דעם אדעל גאר געוואָרען אן ארט העלדענ-טהאט, ווען איינער איז געווען אזא חכם, דאס ער האט אבגעשווינדעלט א אידעל און האט אוועקגערויבט זיין פערמעגען.

גראף איגנאַץ לאַמאַנאוו האט גאר ניט געקענט געפינען גענוג ווערטער איבערצודערצעהלען פאר זיינע קאָלעגען דיא גרויסע העלדישקייט וואס ער האט בעוויזען אבצושווינדלען פון קאָפּ ביז דיא פיס דער פאַמיליע ראזענדופט. מיט גרויס שטאָלץ, וויא אן אלטער גענעראַל וואס דערצעהלט דיא העלדענטהאַטען וואס ער האט אויפגעטהאן אויפ'ן שלאַכט-פעלד, האט ער געשילדערט פאר זיינע חברים זיין וואַטסטוואָ אויסצונאררען אזא אונגעהייערע גרויסע סומע געלד פון דעם זשיד און פערצו נאָך האט ער בערויבט דיא עהרע פון זיין אומגליקליכע טאָכטער.

דיא עדעלע גראפען און קניאזען האבען דעם גרויסען העלד מיט קאָמפּלימענטען פערשאָטען פאר זיין העלדענטהאט. מען האט פיעל שאַמפּאַניער אויסגעטרונקען פאר זיין געזונד.

זא זעהן מיר דעם גרויסען העלד לאַמאַנאוו אין א פרעהליכער געזעלשאַפט פון יונגע קניאזען און גראפען. אלע זיינען שטארק פריילאך און פערגעניגט. דאס געשפרעך פון דעם אבענד איז נור בעשטאנען אין דעם שפּיצעל וואס דער קלוגער איגנאַץ האט אבגעטהאן דעם זשיד ראזענדופט און זיין נאררישער טאָכטער ליענא.

— ניט אלע זיינען אונטער אזא גליקליכען שטערן געבארען געוואָרען, — האט א יונגער גראף מיט אן אנטיפּאַטישעם געזיכט זיפצענד אויסגערופען — מען מוז געשטעהן, אז אונזער פריינד איגנאַץ האט גרויס גליק אין דער ליעבע. מיר האט זיך נאָך קיין מאָל געמאַכט איך זאָל אנטרעפען אויף אזא פעטער שעפּעלע וואס לאָזט זיך אבשערען און שלאַכטען....

— פון דעסטוועגען דארפען מיר דעם גראף לאַמאַנאוו ניט בענייידען, — האט זיך א צווייטער אבגערופען — ווען דורך דער העלדענטהאט וואס ער האט בעוויזען קען ער ווערן א פאָטער פון א קליינעם זשידיאַנאָק.

— חא, חא, חא! — האט זיך א דריטער פאַרנאַנדער געלאַכט — דאס וואָלט געוועזן שעהן, ווען מיר זאָלען קענען איגנאַץ'ן גראַטולירען מיט אזא זשידאָווסקען גראפעל.

— וויא דיא זאך וועט שוין זיין, — האט א פיערטער געזאגט — דערווייל בע־ניידע איך לאמאנאוו'ן דאס געלד וואס ער האט פון דעם זשיד ארויסגעקוועטשט.

— ער האט אבער דערמיט אונז אלעמען א גרויסען שאדען געמאכט — האט דער ערשטער געזאגט.

— ווארים ? — האבען איהם אלע געפרעגט.

— גאנץ איינפאך. יעצט וועט קיין זשיד קיינעם פון אונז לייהען זאגאר איין רובעל. יעדער פון זיי וועט זיך שרעקען, פיעללייכט וועלען מיר איהם דעם חוב אזוי אבצאהלען וויא איגנאץ האט אבגעצאהלט ראזענדופטען.

— דאס האט ער רעכט, — האבען איינינע מיטגעשטימט.

— שרעקט זיך ניט, מיינע ברידער ! — האט לאמאנאוו זיי בערוהיגט — קיי־נער פון דיא זשידעס וועט דערפון ניט וויסען, דען דער נאררישער היראנים וועט זיך שעמען אויסזאגען וויא א יונגער קריסט האט איהם אזוי אין זאק ארייגנענארט.

— ער וועט זיך שעמען זאגסט דוא ? — האט דער דריטער אויסגערופען — מיר שיינט, אז עס איז שוין איין רייך אידישע הויז ניטא, וואס מען וויים ניט פון דעם שפיצעל וואס דוא האסט ראזענדופטען אבגעטהאן. איך בין געסטערן געווע ביי דעם באנקיר ראטהבלום אין קאנטאר, האט ער מיר דיא גאנצע געשיכטע דער־צעהלט. אויך דאס אידעל וואס לייהט אימער פאר מיר געלד, האט מיר היינט אין דער פריה דיא נאכריכט געבראכט, דאס ער קען נירגענד פאר מיר געלד בעקומען, ווייל יעדער זשיד פירכטעט מען זאל איהם ניט אבטהאן דאס זעלבע וואס דוא האסט אבגעטהאן ראזענדופטען.

— דאס איז א ביטער געשעפט, — האבען איינינע געזאגט.

— קוקענדיג פון דעם שטאנדפונקט, — האט א מאן פון מיטלער עלטער מיט א לאנגע נאז וועלכער האט ביז אהער געשוויגען זיך אבגערופען — דארפען מיר לאמא־נאוו'ן פערשעלטען, דען ער האט אונז אלע וועגען פערצוימט. יעדער פון אונז מוז גע־שטעהן, אז אהן דיא אידישע אנלייהען קענען מיר ניט אויסקומען. זיי נעהמען ביי אונז גרויסע פראצענט, אבער ביי אונז האט דאס דיא ווערטה, ווייל פיעלע מאל פער־היטען זיי אונז מיט זייער געלד פון גרעסטען אונגליק. יעצט אבער ווען זיי וועלען אלע איין האנד מאכען מען זאל אונז קיין געלד לייהען, זיינען מיר אלע העכסט אונ־גליקליך.

— האט קיין פורכט ! — האט לאמאנאוו געענטפערט — איך קען דיא זשידעס בעסער אלס איהר אלע, — קוים וועט איהר זיי א גרויסען פראצענט פערשפרעכען וועלען זיי אייך זאגאר זייערע נשמות אפגעבען.

— דאס איז נור געזאגט — האט איינער ערוויעדערט — איך קען אויך דיא זשידעס זעהר גוט און איך וויים, אז זיי זיינען אין דעם הינזיכט זעהר פארזיכטיג; אבער וויא באלד זיי וועלען ערפאהרען, אז זייער פארזיכט קען זיי ניט העלפען, ווע־לען זיי געוויס איין קאפיקע פון האנד ניט ארויסגעבען.

— דוא האסט רעכט — האבען אלע בעשטעטיגט.

אויף פיעלע פון דער פרעהליכער געזעלשאפט האט זיך וויא א וואָלקען אויס־געשפרייט; דען דאס ווארען אלע לעבע־יונגען וואס האבען געמוזט ביי יעדער גע־לעגענהייט אנקומען צו אידישע טובות.

— מיינע הערען! — האט זיך דער מאן מיט דער לאנגער נאז אבגערופען— מיר מוזען זעהן א מיטעל דאס אונגליק צו פערהיטען.

— וואס קענען מיר ביי אזא זאך טהאָן? — האבען אייניגע געפרעגט.

— לאמאנאוו מוז אליין אויסזוכען א מיטעל וויא אזוי אזא אונגליק צו פער־היטען — האט דיא לאנגע נאז געענטפערט — ער מוז זעהן דעם זשיד ראזענדופט דאס מויל פערשליסען, ער זאל קיינעם דערצעהלען פון דעם שפיצעל וואס ער האט איהם אבגעטהאן.

— איך זאל זוכען א מיטעל? — האט לאמאנאוו געזאגט — מיר שיינט, אז דער קניאז מעשצערסקי מיט זיין מוטער און נאך אנדערע, האבען פיעל מעהר שולד אלס איך אין דעם וואס דיא זשידעס וועלען זייער צוטרויען אין אייך פערליערען. דען איך האב אויסגענארט ביי דעם זשיד געלד דאדורך וואס איך האב איהם פערזיכערט, אז איך וועל זיין טאכטער הייראטהען, ווערענד זיי האבען ביי איהם גענומען געלד אויף אזעלכע פאפירען וואס האבען קיין ווערטה געהאט.

— שאט, מיינע פריינדע! — האט מעשצערסקי, וועלכער איז אויך דאָרט געווען געזאגט — איך האב זעהר א גוט מיטעל וויא אזוי דעם זשיד׳ס מונד צו פערשליסען; ער זאל ווענען אונז קיין שלעכטס ריידען.

— וואס פאר א מיטעל? — האבען אלע נייגיעריג געפרעגט.

— א גאנץ איינפאך מיטעל. איך וועל מאכען מען זאל איהם ארויס־שיקען פון מאסקווא.

— וויא אזוי וועסט דוא דאס מאכען?

— עס קען גאר קיין גרינגערע זאך פון דעם ניט זיין — האט מעשצערסקי געענטפערט — ביי אונז דארף הייטע זיין מיט א בעזוך דער גובערנאטאר, וועט איהם מיין מוטער בעטען, ער זאל דעם הערן ראזענדופט א לויף־פאס געבען. איהר ווייסט דאָך, אז דער גובערנאטאר איז אונזערער א הויז־פריינד און ווען מיין מוטער וועט איהם ווענען דעם בעטען, וועט ער איהר געוויס ניט ענטזאגען.

— דוא האָסט פאָלקאָמען רעכט.

— דאָס איז א גוטער איינפאל.

— דיא אידעע איז פראכטפאָל — האבען אלע צוגעשטימט.

— אבער מיט וועלכען רעכט וועט מען דעם רייכען זשיד פון דאנען ארויס־שיקען? — האט דיא לאנגע נאז געפרעגט — ער איז דאך א פערווי גילדי קופעץ?

— ערשטענס, איז ער שוין ניט רייך, — האט מעשצערסקי געענטפערט — מען האט זיין גאנץ געלד פון איהם ארויסגעקוועטשט און צווייטענס, קען דאס איהם ווייניג העלפען וואס ער איז א פערווי גילדי קופעץ. איך דארף אייך ניט זאגען, איהר ווייסט אליין וואס פאר א ווערטה א זשיד האט אין היינטיגער צייט. ער מעג דער גרעסטער מענש זיין קען מען איהם פערניכטען.

— איב דוא ועסט דאָס קענען אויסווירקען וואָלטען מיר דיר אלע דאנקבאר געוועזען — האט לאָמאנאוו געזאָגט.

— דוא דארפסט נאָר ניט צווייפלען אין דעם, אז איך וועל דאָס קאנען בעד זוֹרגען — האט מעשטשערסקי געענטפערט — דאס איז ביי מיר אח ביי מיין מוטער פון דיא קלענסטע זאכען.

— בראווא? — האבען איינינע אויסגעשריען.

— ווען זאָגסט דוא ועסט מען איהם ארויסשיקען? — האט איינער פון דער געזעלשאפט געפרעגט.

— אין וועלכען טאָג דאס וועט זיין, קאן איך אייך ניט זאָגען — האט מעש־ צערסקי געענטפערט — דען מען מוז דאך ווענען דעם איבעררײידען מיט דעם גובער־ נאטאר. איך גלויב אבער, אז נאך דיעזער וואָך וועט מען דעם זשידאָק הייסען נעהמען דעם קלומאָק אויף דער פלייצע און אויסוואנדערן נאָך פאלעסטינא.

— פאר דער נוטער אידעע האט מעשצערסקי פערדיענט א דוצענד שאמ־ פאניער! — האט לאמאנאוו מונטער אויכגערופען.

— בראווא דוא האסט רעכט — האבען אלע העכסט פערגעניגט אויסגעשריען.

באלד האט מען א פרישען דוצענד שאמפאניער אריינגעטראגען און דיא לוסטינע קאמעראדען האבען נאר אויף דאס נייע זיך גענומען צו טרינקען אויף ראָ־ זענדופט׳ס מפלה.

181טעס קאפיטעל.

## מוטער און טאָכטער.

— בין איך וואהנזיניג צו וואס? — האט רעבעקא ראטהבלום צו זיך אליין געזאגט אלס זיא איז נאך דעם דיספוט וואס זיא האט געהאט מיט איהר פאטער פו׳ם טיש ארויסגעגאנגען און איז צו זיך אין צימער אריינגעקומען — ווארום פער־ טהיידיג איך אזוי דעם אונמענשען יאקאב פיין? ווארום ווערט אין מיר צוקאָכט דאס בלוט, ווען יעמאנד רעדט אויף איהם שלעכטס? בין איך ניט גענוג איבער־ צייגט אין זיין פערדאָרבענהייט? האט דאס מעדכען וועלכע האט מיר איהר אונגליק צופעליג דערצעהלט, מיר דיא אויגען נ ט געעפענט איך זאל זעהן, אז דער פיין איז איינער פון דיא פערדאָרבענסטע מענשען אין דער וועלט? דארף איך דען צווייפלען אין דעם וואס מען בעשולדיגט איהם, אז ער האט וואהרהאפטיגען ער־ מארדעט? און דאך ווער איך שטארק אויפגערעגט ווען איך הער, אז מען רעדט אויף איהם שלעכטס. און ווארום בין איך אזוי צאָרניג אויף גריצין, ווארום קען איך ניט הערען ווען מען רעדט וועגען איהם גוטעס? האב איך דען אורזאכע צו צווייפלען אין זיין ארענטליכקייט? דער מענש דיענט שוין ביי מיין פאטער א לאנגע צייט, און זייט ער האט זיין שטעלע אין אונזער געשעפט בעטראָטען האט מען אין איהם קיין פלעק געפונען. ניט אנדעריש, אז איך בין ניט ביי מיין קלארען פערשטאנד.

זיא וואר א היבשע צייט פערטיעפט אין דיא געדאנקען, ביז דיא טהיר האט זיך געעפענט און איהר מוטער איז אריינגעקומען.

— טאכטער מיינע ! — האט מלכה צערטליך געזאגט — איך האב מיט דיר עטוואס צו שפרעכען.

רעבעקא האט דער מוטער זעהר נייגיעריג אנגעקוקט.

— יא, מיין קינד. איך וויל מיט דיר װעגען זעהר א וויכטיגער זאך ריידען — האט מלכה ווייטער געזאגט — דוא מוזט מיר אבער דיין גאנצע אויפמערקזאמקייט שענקען.

— דוא דארפסט דאס מיר ניט זאגען, מוטער. דוא ווייסט זעהר גוט, אז איך הער דיך אימער מיט דער גרעסטער אויפמערקזאמקייט צו.

— איך מוז דיר זאגען, מיין קינד, אז דיין פאטער איז פון דיר זעהר אונצופריעדען.

— דער פאטער איז פון מיר אונצופריעדען ? ווארום ?

— ווייל דוא רעדסט מיט צופיעל היץ וועגען דעם מערדער פיין. דוא האסט אליין ניט בעמערקט וויא עס האט געהאלטען דערביי דוא זאלסט זיך מיט דיין פאטער צוקריעגען צוליעב דעם אונמענשען.

— דאס איז ווירקליך פון מיר געוועזען א פעהלער, — האט רעבעקא געענט־פערט — איך האב דאס אליין אויך גענוג בערייהעט.

— אויב דוא פערשטעהסט אליין, אז דאס איז פון דיר געוועזען א פעהלער, בין איך זעהר צופריעדען און איך בין פעסט פערזיכערט, אז מעהר וועסט דוא אזעלכע פעהלער ניט בעגעהן.

— דאס קען איך דיר, ליעבע מוטער, ניט פערשפרעכען.

— וואס הייסט דאס ? — האט מלכה ערשטוינט געפרעגט — ווארום קענסט דוא דאס מיר ניט פערשפרעכען ?

— איך מוז דיר דיא וואהרהייט זאגען, מוטער, אז איך ווייס אליין ניט וואס מיט מיר איז. ווען איך זאל זיין פאנאטיש וואלט איך געגלויבט, אז יעקב פיין האט מיך פערכישופ׳ט. איך קען פאר קיין פאל ניט ליידען ווען יעמאנד רעדט אויס וועגען איהם א שלעכט ווארט איך קען ניט גלויבען אז ער איז צו שלעכטס פעהיג.

— דאס איז גאנץ איינפאך דערפאר, וואס דוא ביסט זעהר גוטהערציג, מיין קינד, דארום קענסט דוא ניט צוזעהן דעם צווייטענס שמערצען און דיין ריין אונ־שולדיגעס הערץ וויל ניט גלויבען אן דער מעגליכקייט, דאס אזא נעבילדעטער שעהנער יונגער מאן וויא פיין איז, זאל פעהיג זיין א מארד צו בעגעהן. איך אין דיינע יאהרען בין אויך אזוי געוועזען. האט יעמאנד אויסגערעדט א שלעכט ווארט אויף אזא יונגען מאן וועלכער האט אויף מיר א גוטען איינדרוק געמאכט, בין איך שטארק צארניג געווארען. איך בין ערשט שפעטער געקומען צו דער איבערציינוגג, אז א יונגעס מעדכען טאר נאך איהר אייגענעם פערשטאנד ניט אורטהיילען; זיא מוז גלויבען דאס וואס עלטערע און פראקטישע מענשען זאגען איהר. אבער גענוג דערפון צו ריידען. אזא אויסוואורף דער נאטור וויא יאקאב פיין איז, האט ניט פער־דיענט מיר זאלען וועגען איהם אזוי פיעל ריידען. מיר האבען יעצט וויכטיגערעס פון וואס צו שפרעכען. ביזט דוא, מיין קינד, יעצט אויפגעליינט מיך אויסצוהערען ?

— וואס איז דאס פאר א פראגע ? ווייסט דוא דען ניט ליעבע מוטער, אז דיך הער איך אימער מיט פערגניגען אויס ?

— דא האנדעלט זיך אום דיין גליק מיין קינד — האט מלכה נאך א קורצעס שוויינען געזאגט — פאר דיר שטעהט יעצט פאר אזא גליק וואס טרעפט איין מערכען פון מיליאָנען.

— וואס איז דאס פאר אזא גרויס גליק מוטער ?

— דיין פאטער האט דיך שוין אויף דעם אויפמערקזאם געמאכט, אבער וויא מיר שיינט האָסט דוא דאס ניט פערשטאנען, דארום וועל איך דאס דיר דייטליכער ערקלערן. וויא געפעהלט דיר אונזער בוכהאלטער גריץ ?

רעבעקא איז בלאס געוואָרען, זיא האט שוין פערשטאנען וועגען וואס דיא מוטער וויל מיט איהר ריידען, און זיא האט מיט א שוואכער שטימע געענטפערט :

— איך האב אויף גריצען קיין פעהלער אויסצוזעצען.

— דאס פרעהט מיך פון דיר צו הערען. דאס איז א בעוויז, אז דוא פער־שטעהסט דיא ווערטה פון א מענשען. דער יונגער מאן איז אין דער ווירקליכקייט א זעלטענער מענש. ער בעזיצט אלע מעלות וואס אן אנשטענדיגער יונגער מאן דארף בעזיצען. ער איז שעהן, קלוג, געבילדעט, גוטהערציג, עדעל און צו דוא אלע מעלות איז ער א מיליאָנער. דוא ווייסט שוין אליין זעהר גוט, אז זיין אָנקעל פון קאליפאָרניען האט פאר איהם מיליאנען איבערגעלאזט.

— דאס ווייס איך.

— אלזא מיין טאָכטער, גלויב מיר, אז קיין גרעסערער גליק דארפסט דוא ניט פערלאנגען וויא אזא מאן צו הייראטהען. איך ווייס אז גריץ ליעבט דיר פיעל מעהר אלס זיין גרויסע ירושה. ער האט דאס דיין פאטער אויסדריקליך געזאגט, אז ווען ער זאל האבען זאנאר א קייזערליכען טראָהן, וואָלט ער זיך אהן דיר אונגליקליך געפיהלט. מיר שיינט, אז דוא מיין קינד דארפסט פערשטעהן, אז מען טאָהר אזא גליקליכע געלעגענהייט פון דיא הענד ניט ארויסלאזען.

— מוטער ! — האט רעבעקא געענטפערט און אין איהרע אויגען האבען זיך טרערין געוויזען — מיין שולדיגקייט איז, איך זאל מיט דיר גאנץ אָפען ריידען, דארום מוז איך דיר זאגען, אז דער הערר גריץ האט אויף מיר זעהר א שלעכטען איינדרוק געמאכט, אבוואהל איך האב קיינע פעהלער אין איהם אויסצוזעצען. איך האב זיך שוין זעלבסט דאפיר פאָרווירפע געמאכט, אבער איך קען איהם דאך ניט ליידען.

— דאס איז זעהר קינדיש — האט מלכה געזאגט — יעדער ווארום מוז האבען א דארום. גלאט פיינד האבען א מענשען אהן אן אורזאכע, דאס איז נאך מיינער מיינונג א גרויס אונרעכט.

— איך ווייס אליין, אז דאס איז אן אונרעכט, אבער איך קען דאצו ניט העלפען.

— ווילסט דוא צוליעב אזא דומהייט ארויסלאזען דאס גרעסטע גליק פון דיין האנד ?

— איך האב דיר דאס ניט געזאגט. אבער עס האט נאך צייט. גריץ אנטלויפט

דאך פון דאנען ניט. לאָמיר נאָך ווארטען א ביסעל, פיעללייכט וועל איך מיט דער צייט צו איהם א שטיקעלע סימפאטיע פיהלען.

— מיט דער צייט? — האט מלכה אויסגערופען — ווייסט דוא דען ניט, אז ער מוז אוועקפאהרען נאך קאליפארניען זיין געלד אבנעהמען?

— זאל ער פאהרען, ער וועט דאך נעוויס צוריקקומען.

— דאס קען מען ניט וויסען, ווען אזא יונגער מאן מיט אזוי פיעל מיליאנען וועט ארויספאהרען אין דער וועלט, וועלען זיך געפינען טויזענדער כלות וואס וועלען זיך בעמיהען איהם פאר זיך צו געווינען.

— זעהר גלייך — האט רעבעקא שמייכלענד געענטפערט — ווען ער וועט אוועקפאהרען נאך זיינע מיליאנען און וועט זיך ניט לאזען פערפיהרען פון דיא טויזענדער כלות וואס וועלען איהם בעפאלען און ער וועט צוריקקומען אהער נור צוליעב מיר, וועט דאס זיין א דייטליכער בעוויז, אז ער קען ווירקליך ביי קיין אנ־דערער אויסער ביי מיר קיין גליק געפינען. דאן וועל איך וויסען וואס איך האב צו טהאן.

— מען טהאר אבער מיט אזא גליק ניט ריזעקירען. איך וויים שוין אויס פראקטיק, אז יעדער מענש מוז זיך בענוצען מיט דעם גליקליכען צופאל, ווען איהם מאכט זיך אזא צופאל טהאר ער איהם פון דער האנד ניט ארויסלאזען.

— פיעללייכט ביי אנדערע זאכען, אבער ניט ביי א שידוך. אין א שידוך איז דער הויפט פונקט דיא ליעבע. וויא באלד אז דיא כלה דארף ציטערן דאס איהר חתן וועט זיך פערליעבען אין אן אנדערער, מעג ער האבען מיליארדען דארף זיא ניט וועלען אויף איהם קוקען. קענסט דוא ליעבע מוטער זאגען, אז איך האב ניט רעכט מיט מיין מיינונג?

מלכה האט ניט געהאט וואס צו ענטפערן. זיא האט געמוזט געשטעהען, אז איהר טאָכטער האט רעכט. זיא האט זיך אבער געטרויסט מיט דעם געדאנק, אז רעבעקא וועט צום שכל קומען און וועט ענדליך דאך פערשטעהען, אז דער שידוך מיט גריצ'ן איז פאר איהר א גליק און זיא וועט זיך ענדליך בעשליסען איהם צו הייראטען.

— זאל זיין וויא דוא זאגסט מיין טאכטער, — האט זיא געענטפערט — מיר וועלען ווארטען. איך בין פעסט איבערצייגט, אז דוא וועסט זיך בערעכענען דאס פאר דיר שטעהט יעצט דאס גרעסטע גליק און דוא וועסט עס ניט איבערלאָזען פאר אן אנדערער.

נאך דעם אז מלכה איז ארויסגעגאנגען איז רעבעקא א לאנגע צייט געבליעבען אליין זיצען פערטיעפט אין געדאנקען.

— וועט דאס ניט זיין דיא גרעסטע דומהייט פון מיר, ווען איך וועל אזא גליק פון דיא הענד ארויסלאָזען? — האט זיא זיך געקלערט — איך קען דאך וויר־קליך דיא גליקליכסטע אין דער וועלט זיין, ווען איך וועל הייראטהען גריצ'ן. דען אזא ברוטינאם מיט אזוי פיעל מיליאָנען וועל איך געוויס ניט געפינען.

אבער....

זיא האט דיא פראגע ניט פעערענטפערט, נור זיא האט געפיהלט, אז זיא

קען געריצ'ן ניט ליעבען; דאגעגען אבער האט זיך פאר איהרע אויגען פייק'ס געזיכט אבערמאלס פארנעשטעלט אין פאלען פראכט און אלע פארוואירפע וואס זיא האט זיך דאפיר געמאכט, האבען ניט געהאלפען זיין ליעבעס, גוטעס געזיכט צו פערדונקלען.

182טעס קאפיטעל.

## דאָ מוז עפּעס זיין.

וויא א צודולטער איז דער אלטער איוואן ארויסגעלאָפען פון דעם גראף'ס פאלאץ. ער האט ניט געקענט פערשטעהן וואס דא טהוט זיך. וויא קומט דאס וואס דער גראף איז פלוצלונג אויף א לאנגע צייט אוועקגעפאהרען און האט איבער-געלאָזט דיא גאנצע הערשאפט איבער זיין איינענטהום ארעלא'ן וועלכער ער האט געהאסט וויא דעם טויט?

אלס ער איז פון דעם גראף'ס הויף ארויסגעגאנגען האט ער דערהערט וויא מען רופט איהם פון הינטען ביי זיין נאמען. ער האט זיך אומגעקוקט און האט דער-זעהן טראשקא'ן מיט גלאפירא'ן.

דער אלטער איז שטעהן געבליעבען.

— איהר האט אויך געחאפט א שווארצען סוף פון דער בעסטיע? — האט איהם גלאפירא געפרעגט.

— זאג מיר נור גלאפירא וואס טהוט זיך דא? — האט איוואן געפרעגט — דוא ביזט דאך געוועזען דיא גאנצע צייט אין דער היים, מחמת דוא דאך אלעס וויסען.

— וואס פערלאנגט איהר איך זאל אייך זאגען? — האט גלאפירא געפרעגט.

— וואוהין איז דער גראף פלוצלונג אוועקגעפאהרען?

— איך וויים אויך ניט.

— דוא האסט געזעהן וויא ער איז אוועקגעפאהרען!

— יא, איך האב געזעהן, אז עס איז געקומען צופאהרען [illegible]

צוויי סאלדאטען. דער גראף האט זיך מיט זיי פערשפארט אויף א קורצער [illegible]ין זיין צימער, נאכהער האט ער מיך ארייינגערופען האט מיר איבערגעגעבען א בריעף פאר אייך איוואן און איז מיט דיא געסט באלד אוועקגעפאהרען אויף זייער פוהר וואס זיי האבען מיט זיך געהאט.

— פאר מיר האט ער דיר א בריעף געגעבען? — האט איוואן ערשטוינט געפרעגט.

— יא, פאר אייך. ער האט מיר אויסדריקליך אנגעזאגט איך זאל איהם אייך אין דיא הענד איבערגעבען.

— נו, וואו-זשע איז דער בריעף?

— ארעלא האט איהם מיט געוואלד ביי מיר אפגענומען.

— פאר וואס-זשע האסט דוא דאס געלאָזט?!

— איך האב איהר שוין אויך גוט מכבד געוועזען דערפאר — האט טראשקא געזאגט — אבער עס איז שוין פערפאלען. דער בריעף געפינט זיך ביי דער פער-פלוכטער פרוי אין דיא הענד.

— און ווייטער האט דיר דער גראף גאר ניט געזאגט? — האט איוואן גע-פרעגט גלאפירא'ן.

— ניין.

— וויא האט ער אויסגעזעהן?

— ער האט אויסגעזעהן זא טרויעריג און פערצווייפעלט, דאס איך האב פער-שטאנען אז ער פיהלט זיך העכסט אונגליקליך.

— מיין גאָט! וואס פאר אן אונגליק האט דא פאסירט? — האט איוואן ערציטערט אויסגערופען.

— איך ווייס ניט ליעבער איוואן, — האט גלאפירא געענטפערט.

— מען מוז דאָך דאס אבער ערפאהרען. ווייסט דוא ניט ווער דער אפיציער איז געוועזען?

— פון וואנען זאָל איך וויסען? — איך האב ניט געוואגט צו פרעגען און ער האט עס מיר ניט געזאגט.

— אן אפיציער מיט סאלדאטען? — האט איוואן צו זיך אליין גערעדט — דאָ מוז עפּעס זיין. אבער מיין גאָט! וואס פאר א בריעף האט דער גראף פאר מיר איבערגעלאָזט, אך דוא דומע גלאפירא. וויא טהוסט דוא אזא נארישקייט און גיבסט אזא בריעף אב דער טיענערין אין דיא הענד.

— איך האב ניט געוואגט אונגעהאָרזאם צו זיין — האט גלאפירא זיך פער-ענטפערט.

— דוא ביסט א נארריש מעדכען, — האט איוואן צארניג געזאגט.

— וואס קומט אבער ארויס פון דיא ווערטער — האט טראָשקא זיך אבגע-רופען — מען דארף זעהן א מיטעל וואס יעצט צו טהאן.

— וואס פאר א מיטעל ווילסט דוא טהאן?

— גאנץ איינפאך, מען מוז דעם בריעף ארויספאָרדערן דורך דער פאליציי.

— דאס רעדסט דוא דומהייט. זיא האט דעם בריעף שוין געוויס פערברענט אויב אין איהם האט זיך געפונען אזעלכעס וואס פאסט ניט פאר איהר.

— אלזא וואס דען זאָל מען טהאן?

— איך ווייס פאָרלייפיג ניט וואס פאר א ראטה איך זאל זיך געבען — האט איוואן געזאגט — אבער מיר מוזען אלע קרעפטען אנווענדען צו ערפאהרען וואוהין דער גראף איז געפאהרען און ווער איז געווען דער אָפיציער וואס ער איז מיט איהם אוועקגעפאהרען.

— וויא אזוי דענקסט איהר דאס צו ערפאהרען?

איוואן האט זיך אויף איינגע מינוטען פערטראכט, ענדליך האט ער געזאגט:

— איינער פון אונז מוז באלד ארייגפאהרען נאך אָרשא און דאָרט נאכ-פאָרשונגען מאכען. דען פון קיין אנדער שטאדט אויסער אָרשא האט אהער קיין אפיציער מיט סאלדאטען געקענט קומען. נאך מיינער מיינונג האט דעם גראף עפּעס א נייער אונגליק געטראָפען. אין דעם בריעף וואס ער האט מיר געשריעבען האט ער געוויס מיר דערפון געמעלדעט, נור אז דיא פערפלוכטע אדעלא האט דעם

בריעף צונענומען, ווייס איך נאר ניט וואס צו דענקען. איך גלויב אבער, אז אי
ארשא וועלען מיר דאס ערפאהרען.

— ווער־זשע זאל פאהרען אהין ? — האט טראשקא נעפ־ענט.

— איך וועל אליין אהין פאהרען — האט איוואן נעענטפערט — דען איך וועל
אזא זאך ניכער ערפאהרען אלס דוא.

— און וואו זאל איך מיט גלאפיראין דערווייל זיין ?

— וואס הייסט וואו ? איהר וועט בלייבען דא.

— דיא קאנאליע אדעלא האט דאך אבער אנגעזאגט, אז מיר זאלען דעם
פאלאץ פערלאזען.

— אזוי ? זיא האט אייךביידען אויך ארויסגעטריעבען ? — האט איוואן צארניג
אויסגערופען.

— יא — האט גלאפירא געענטפערט — זיא האט מיר אנגעזאגט, איך זאל
נאך הייטע מיט טראשקאין צוזאמען דאס הויז פערלאזען.

— דאס איז אינפערשעהמט — האט איוואן געמורמעלט — וויא קומט דאס
וואס זיא האט זיך פלוצלונג אזוי פיעל פרייהייט גענומען, אלעמען צו פעריאגען פון
דאנען, דאס איז ניט אומזאנסט. דא מוז א שרעקליכע געהיימניס שטעקען. דערווייל
מיינע פריינדע, קומט מיט מיר אין דעם טייפעלסשלאס. דארט וועט איהר זיצען ביז
מיר וועלען ערפאהרען וואס דא טהוט זיך.

— זיא וועט דאך אבער אונז אויך פון טייפעלסשלאס ארויסטרייבען.

— זאל זיא טרייבען און מיר וועלען ניט געהן — האט איוואן צארניג געענט־
פערט — וואו מיר וועלען ניט זעהן א פאפיער פון גראף אליין אונטערגעשריעבען,
אז זיא האט דאס רעכט צו טהאן אין זיין הויז וואס זיא וויל, וועלען מיר זיא ניט
אנערקענען אלס אונזער הערשערין. קומט מיינע פריינדע, איהר האט נאר ניט צו
פירכטען. איך זאג אייך נאך א מאל, דאס איך גלויב ניט דער גראף זאל פלוצלונג
מישוגע ווערן און דער שלאנגע מאכען פאר פערוואלטערין איבער זיין הויז און איבער
זיינע מענשען. דא שטעקט א געהיימניס, דא מוז עפעס זיין.

183טעס קאפיטעל.

## נעלד, איך מוז האבען געלד!

זעהר ניך האט דיא גרעפין מאריא דאנילאוו זיך געקויפט דיא סימפאטיע פון
אלע פערזאנען פון געלידאווס הויז. אלע זיינען געווארען צו איהר צוגעבונדען וויא
צו א שוועסטער. זאגאר דער שטאלצער וולאדימיר געלידאוו וואס האט פון אני־
פאנגס אויף איהר מיט פעראכטליכע בליקען געקוקט, אויך ער האט אנגעהויבען
איהר ווערטה צו פערשטעהען און איז צו איהר זעהר פריינדליך געווארען. ער האט
זיא בעהאנדעלט מיט דער גרעסטער אכטונג און פלעגט טאגכעס מאל שפיעלען
מיט איהר פיאנא אין פיער הענד.

ער איז מיט איהר זא בעפריינדעט געווארען, דאס ער האט איהר דערצעהלט
פון דעם וואס ער האט פערהעלטניסע מיט א יונגער גרעפין און ער ווייס זעלבסט
ניט צו ליעבט ער זיא צו ניט.

מאריא האט איהם ערשטוינט אנגעקוקט און מיט איהר זאנפטען שמייכעל האט זיא נעפרענט:

— וויא איז דאס מעגליך מען זאל זיך זעלבסט ניט קענען? א מענש זאל ניט וויסען צו ליעבט ער א געוויסער פערזאָן אדער ניט?

— דאס איז פארט אזוי — האט ער געענטפערט — איך האב מיך מיט דער גרעפין בעקענט אויף א באל, זיא איז מיר אנפאנג זעהר געפעלען געווארען; זא געפעלען, דאס איך וואר פעסט איבערצייגט, אז איך בין אין איהר פערליעבט. מיר האבען אנגעהויבען צו בעפריינדעט ווערן, איך האב מיך זעהר גליקליך געפיהלט, דען איך האב זיך איבערצייגט דאס זיא ליעבט מיך שטארקער און הייסער אלס איך זיא; אָבער... איך מוז צו מיין איינענער שאנדע נעשטעהען, אז וואס מעהר איך בין מיט איהר בעקאנט געוואָרען, איז מיין פייערינע ליעבע קיהלער געווארען. איך האב זיך אליין קיין רעכנונג געקענט אבגעבען פאר וואס דאס איז; דען זיא האט מיר קיין אורזאכע געגעבען איך זאל זיא פערהאסען, אבער איך בין דאך צו איהר קאלט געווארען. עס טרעפט מאנכעס מאל, דאס אין מיין ברוסט גליהען אבערמאלס אויף דיא ליעבעס פונקען וואס האבען זיך שוין וויא פערלאשען, איך פאנג אן נאך איהר צו בענקען, מיך ציהט צו איהר. אבער דאס געווערט ניט לאנג. באלד ווערט אין מיין ברוסט אבערמאלס קאלט און מיך פאננט אן צו עקלען ווען איך דערמאהן מיך אן איהר.

— דאס איז זאנדערבאר! — האט מאריא ערשטוינט געענטפערט — האט איהר פיעללייכט אין איהר עטוואס אונזיטליכעס בעמערקט?

— דאס קען איך ניט זאגען. איך גלויב אבער צו געפינען דיא אורזאכע פון מיין זאנדערבארער אבגעקיהלטער ליעבע אין אן אנדער ארט. עס קען זיין, אז איהר פאָטער, וועלכער בעגעהט זיך זעהר אונארטיג, האט אויף מיר אזא שלעכטען איינדרוק געמאכט, דאס צוליעב איהם האט מיינע געליעבטע איהר גאנצען רייץ אין מיינע אויגען פערלאָרען.

— דאס איז דאך אבער א גרויסע אונרעכט, — האט מאריא געזאגט — צו ליעב א פאטער זאל מען פערהאסען א קינד, דאס דארף קיין אנשטענדינער מענש טהאן.

— איך מוז אייך זאָגען, אז איך מאך מיך זעלבסט פאָרווירפע דאפיר — האט געלידאָוו געענטפערט — אבער עס העלפט ניט.

— נו, רעכענט איהר דעם ליעבעס בונד וואָס פערבינדעט אייך ביידען צורייסען?

— בעהיטע גאט; דאראן דענק איך גאָר ניט. איך האב איהר איין מאָל געשוואָרען, אז איך וועל זיא הייראטהען און מיין שבועה וועל איך ניט ברעכען.

— דאס איז זעהר שעהן פון אייך. איך גלויב אויך, אז דיא אורזאכע פון דעם וואס אייער ליעבע האט זיך אביסעל אבגעקיהלט איז דאס, וואס זיא מוז אייך צופיעל הייסע ליעבע ווייזען. דאס ליענט שוין אין דעם מענשענס נאטור, אז וואס הייסער זיין צווייטע העלפט ווייזט זיך צו איהם ווערט ער אלץ מעהר אָבגעקיהלט.

— דאס קען אויך זיין, — האט וולאדימיר געענטפערט.

ווער זיין געליעבטע איז, האט גענידאָוו מאַריאַן ניט געוואוסט און זיא האט איהם אויך ניט געפרעגט.

נעלידאָוו האט ווירקליך ניט געוואוסט וואס מיט איהם איז. ער האט נאר ניט לאנג דער יונגער גרעפין אדעלאַ דאנילאָוו געליעבט מיט דעם גאנצען פייער פון דער ערשטער ליעבע. ער האט געמיינט, אז זיא איז אן ענגעל פון'ם הימעל; ענדליך אבער האט ער אין איהר עטוואַס אבשטאָסענדעס געפונען. איהם איז איהר פרעכער בליק און מאנכע פון איהרע אויסדריקע ניט געפעלען געוואָרען. ער האט זיא אנגעהויבען אויסצוּווייכען, ווען זיא איז געזעסען אין זיין געגענוואַרט האט ער זיך ווי א שווערע לאסט געפיהלט, און ווען זיא איז אוועקגעגאנגען איז איהם געווען צו מוטה וויא א גאנצער בארג איז פון איהם ארונטערגעפאלען. אומזאנסט האט ער זיך בעמיהעט מיט געוואַלד אויפצובלאָזען דאס ליעבעס פייער וואס האט געהאַלטען ביים פערלאָשען ווערן, דאס האט איהם אבער ניט געלונגען.

אלס זיא האט איהם איין מאל געמעלדעט דאס זיא פאַהרט אוועק צו איהר קוזין גראף אנטאָן דאנילאָוו, האט ער זיך איינפאך ערקוויקט דערמיט, און אבוואָהל ער איז קיין מאל געווען פעהיג א פאלשע ראָליע צו שפיעלען, פון דעסטוועגען האט ער זיך דאס מאל ערלויבט צו מאכען א בעזאָרגטע מינע און זיך אויסדריקען, אז איהם טהוט לייד וואס זיא מוז זיך פון איהם אויף א קורצער צייט שיידען.

ער האט גאר פרייער אויפגעאטהעמט אלס זיא איז אוועקגעפאָהרען, ער האט זיך געפיהלט וויא בעפרייט פון א שווערער געפענגניס.

זיא האט איהם פאסט אלע וואך געשיקט גרויסע בריעף פול מיט ליעבע. אבער ער האט נור איין מאל אין צוויי וואכען געענטפערט, און זעהר קורץ. ער האט זיך אין זיינע בריעף זעהר קאַלט אויסגעדריקט מיט דער האפנונג, אז דאדורך וועט עס איהר ליעבע צו איהם אויך אבקיהלען. אבער דאס האט ניט געהאָלפען. צו אדעלאַ האט זיך געמאכט ניט פערשטעהענדיג אדער זיא האט דאס ווירקליך ניט פערשטאנען, האט ער ניט געקענט וויסען: ווייל זיא האט איהם ניט איין מאָל פאָרווירפע געמאכט פאר זיינע קורצע בריעף, זיא האט זיך וויא פריהער צוגאָסען מיט הייסער ליעבע און האט איהם געשריעבען, אז זיא לעבט גאר ניט אהן איהם, אז זיא צעהלט שוין דיא מינוטען זיא זאל איהם, איהר הערצענסגעליעבטען זעהען.

מערקווירדיג איז דאס, וואס גראדע דיא ליעבע, זיסע ווערטער האבען איהם פיעל מעהר געשטאָכען אלס דיא שטעכעדיגסטע שימפּווערטער. ער פלעגט דארום גאר ניט וועלען איהרע בריעף עפענען אום זיי צו לעזען, ער האט פריהער געוואוסט וואס אין דיעזע בריעף שטעהט.

דאך האבען געגעבען מאָמענטע וואס ער האט דאך געפיהלט צו איהר א שטיקעל סימפּהאטיע. ער האט מיט איהר שטארק מיטלייד געהאט אלס ער האָט זיך פאָרגעשטעלט וויא פערצווייפעלט זיא וועט ווערן ווען זיא וועט איינזעהען דאס ער האט זיא ניט ליעב.

ווען איהם איז דיעזער געדאנק איינגעפאלען, האט ער זיך מיט אלע קרעפטען בעמיהעט זיך זעלבסט איינצובילדען, אז ער ליעבט נאך יעצט אויך אדעלא'ן וויא

פריהער און ער האט זיך נעזועצט שרייבען צו איהר א ליעבעס בריעף. ליידער אבער האט דיא פעדער ניט נעוואָלט שרייבען און ער האט זיא נעמוזט מיט א בעזאָרגטער מינע אוועקלייגען.

— דאס איז א ביטער געשעפט — האט ער איין מאל צו זיך אליין נערעדט זיצענדיג פערטיעפט אין זיינע געדאנקען — ווער ווייס צו וועל איך אדעלאן אמאל קענען ליעבען, און ווען איך וועל מיך מיט איהר פערבינדען מאך איך אונז ביידען אונגליקליך. מען דארף זוכען עפּעס א מיטעל זיא זאָל מיך פערהאסען.

אין דער מינוט האט דער בעדיענטער דיא טהיר נעעפענט און האט איהם איבערגעגעבען א פערזיעגעלטען בריעף.

— דאס איז פון איהר — האט נעלידאָוו מיט זעהר אן אונפריינדליכע מינע נעזאגט אלס ער האט דערזעהען דעם קאנווערט אויף וועלכען דער שטעמפּעל פון׳ם נראף דאנילאוו איז נעלעגען און האט דאביי דערקענט אדעלאס האנדשריפט אין דער אדרעסע.

ער האט דעם בריעף א ווארף נעטהאן צווישען נאך איינינע בריעף וואס זיינען אונגעעפענט נעלעגען אויף זיין שרייב-טיש און האט דאס צימער פערשלאסען.

— — — — — — — — — — — — — — —

אין דער זעלבער צייט ווען נעלידאָוו האט אדעלא׳ס בריעף ערהאלטען, האט אויך דער אלטער גראף פעליקס דאנילאוו פון זיין טאכטער א בריעף ערהאלטען און ער איז געוועזען אינ׳ם זיעבענטען הימעל.

אבער ניט פון דעם בריעף איז ער אזוי ערפרייט געוואָרען זאנדערן פון דעם נעלד וואס איהם איז פון זיין טאכטער אנגעקומען. ער האט פון איהר גאנצע טויזענד רובעל ערהאלטען. אזא סומע האט ער גאר ניט ערווארטעט.

דעם בריעף האט ער ערהאלטען צו דער זעלבער צייט וואס דאס נעלד איז איהם אנגעקומען. זעלבסטפערשטענדליך, אז ער האט דעם נעלד פיעל מעהר עהרע אבגעגעבען אלס דעם בריעף, דען ער האט איהם ערשט געעפענט נאכדעם אז דאס נעלד איז שוין נעלעגען אין זיין טיעפען פאקעט.

— אבער וואס איז דאָס פאר א בריעף? — האט ער ערשטוינט נעפרעגט אלס ער האט איהם אויפגעעפענט — דאס איז דאך גאר ניט צו מיר. ער איז דאך גאר געשריעבען צו דעם נארישען נעלידאוו. וויא קומט דאס וואס זיא האט צו איהם נעשריעבען אויף מיין אדרעסע און צו מיר איז דא זאגאר איין וואָרט ניט פאָרהאנדען?

ער האט דעם בריעף דורכגעלעזען און איז העכסט ערפרייט פון זיין ארט אויפגעשפרונגען.

— וואס? — האט ער א געשריי נעטהאן — אנטאן איז ארעטירט? ער זיצט אין געפענגניס? און אדעלא איז יעצט דיא גאנצע פערוואלטערין איבער אלע זיינע גיטער? אך, דוא פערפלוכטע אדעלא! א שעהנעם כבוד האב איך פון דיר, אז פוּ אזא וויכטיגע נייעס ווילסט דוא מיר ניט שרייבען. דאס איז נאך א גליק וואס זיא האט צו איהר לומפּיגען חתן געשריעבען אויף מיין אדרעסע, זאָנסט וואָרט איך גאָ

אזא וויכטינער נייעס גאר ניט געהערט. זיא מיינט אז איך וועל איהר אליין איבער-לאזען אנטאן׳ס פערמעגען, איך בין נעהנטער צו איהם אלס זיא. מיר קומט ווענינסטענס העלפט פון זיין קאפיטאל. יא, ווענינער פון א העלפט וועל איך ניט נעהמען. אויסער אלע זאכען קומט מיר א העלפט פאר דעם פלאן וואס איז אזוי גליקליך דורכגע-פיהרט געווארען. דער גאנצער פלאן איז געווען נור מיינער. נור א דאנק איהר חאטש דערפאר וואס זיא האט מיר אריינגעשיקט טויזענד רובעל. דאס איז ביי מיר יעצט געלד, דיא סומע קען מיך יעצט ביים לעבען ערהאלטען, דען איך געדיינק שוין גאר דיא צייט ניט וואס איך האב א גוטען מיטאג געגעסען. דער ווירטה פון דעם הויז האט מיר שוין געסטעוין אנגעזאגט, אז אויב איך וועל איהם קיין דירה-געלד היינט ניט אריינטראגען, וועט ער מיך מיט מיינע מעבעל אין דער גאס ארויס-שטעלען. אויף היינטינע עזות־פנים׳ער איז אלעס צו גלויבען. דען הייטע האט מען ליידער פערלארען דיא אכטונג צו גראפען און קניאזען. היינט בעטראכט מען אונז וויא איינפאכע מענשען. טפוי צו זייערע קעפ! יעצט וועל איך דעם פערפלוכטען הוידווירטה זיין געלד אריינטראגען, און וועל איהם דאביי זאגען, אז ער איז א לומפ, א דומקאפ. איך לאך מיך יעצט אוים פון אזעלכע הינד וויא ער איז, דען איך בין שוין אבערמאלם רייך. אנטאן׳ס ג א נ צ ע ס פערמעגען מוז אריינפאלען צו מיר אין דיא הענד. ער וועט שוין געוויס מיט דעם לעבען ניט ארויס פון געפענגנים. ער איז א מערדער. חע, חע, חע! דאס הייסט א קונסטשטיק! מאכען אנטאנען פאר א מערדער. קיינער אין דער וועלט וואלט אזא קונסט׳שטיק בעוויזען. רעכט אויף דעם הערצלאזען אנטאנען! ער האט מיר ניט געוואלט געבען געלד מיט גוטען, וועל איך אליין נעהמען וויפיעל איך וועל וועלען. בראווא אדעלא. איך האב דיך ליעב! דוא ביזט פונקט אין דיין טאטען געראטהען, דוא פערשטעהסט א געשעפט און מען קען זיך מיט א שווער שטיקעל ארבייט אויף דיר פערלאזען. אבער דוא ביסט שוין וויא איך זעה באלד קלינער פון דיין טאטען. דוא ווילסט דיא פלייש עסען און מיר צו ווארפען א פאר ביינדלאך; אבער דוא האסט מיין טאכטער דעם ארט ניט גע-טראפען. איך וועל דיר לערנען דרך-ארץ. איך וועל דיר ווייזען, אז איך בין נאך יעצט אויך קלינער פון אלע יונגע חכמים׳ליך. פיליפ! עהע פיליפ!

דער אלטער דיענער איז אריינגעלאפען.

— איז שוין פערטיג דער סאמאוואר פיליפ?—האט פעליקס שטאלץ געפרעגט.

— ניין, הערר גראף! — האט דער דיענער זיפצענד געענטפערט.

— ניין? ווארום האסט דוא איהם ניט געמאכט.

— ווייל מיר האבען קיין טהעע און קיין צוקער ניט.

— וואס? שורקע! טהעע און צוקער פעהלט דיר? פאר וואס האסט דוא מיר ניט געזאגט?

— ווייל איך ווייס אז איהר זייט יעצט ניט ביי געלד.

— אלטער נארר! ווער האט דאס דיר געזאגט, אז איך בין ניט ביי געלד. נא, נעה צוכייט א הונדערטער.

פיליפס אויגען האבען אנגעהויבען צו גלאנצען פאר פריידע. ער האט א קוק

נעטהאן אמאל אויף זיין הערץ און אמאל אויף דעם הונדערטער, וויא ער זאל פרעגען: איז דאס קיין טרום?

— וואס קוקסט דוא מיך אזוי אן מיט דיינע אידיאָטישע בליקען? — האט פעליקס האלב שפּאטיש האלב שטרענג געזאגט — דוא האסט קיין מאל קיין הונ־דערטער געזעהען? נעה, דוא אלטער דומקאָפּ בייט אויס דעם הונדערטער און קויף ערשטענס א האלב דוצענד שאמפּאניער, צוויי פונט פּאָפּאָווס טהעע פון דיא בעסטע, א הוט צוקער און מאך מיר היינט אן אבענד־ברויט עס זאל פערשמעקען אין זיעבענטען הימעל. דוא הערסט?

— איך הער ליעבער גראף! — האט פיליפּ העכסט ערפרייט געענטפערט און איז מיט דעם הונדערטער ארויסגעלאָפען.

— חע, חע, חע! — האט זיך דער אלטער גראף פארנאנדער געלאכט — עס ווערט גאר לעבעדיגער ווען מען האט געלד אין דער טאש. עס איז ליכטיג איין הארצען און ליכטיג אין דיא אויגען. אט אזוי זאל זיך אנהויבען דער רובעל צו ווייזען וועט ווערן גאר א נייע וועלט.

נור וואס טהוט מען מיט דעם בריעף? — האט ער זיך געטראכט — מען מוז דאך איהם אוועקטראגען צו נעלידאָוו'ן. נור ניין, אזוי לאנג קריינקט דיעזער שופט וויא לאנג איך וועל איהם דיא עהרע ניט פערשאפען צו קומען אין זיין הויז און איהם איבערגעבען א בריעף. זאגאר דורך פיליפּ'ן וועל איך דעם בריעף ניט אבשי־קען. איך וויל גאר ניט ליידען וואס אדעלא וויל איהם הייראטהען. וויא קומט ער צו מיר? איך בין א געבאָרענער גראף און ער איז אן איינפאכער מעשטשאן (ביר־גער). אז ער קען שוין אביסעל שרייבען איז וואָס? איך לאך מיך אויס פון איהם און פון זיין שרייבען. ניין! איך וויל ניט אז מיין טאכטער זאל אזא פּראסטען מענ־שען הייראטהען, מיר שטעהט דאס ניט אן. ווען אזא ניעדערטרעכטיגער מענש האט דיא פרעכהייט מיר צו ענטזאגען אלס איך ערניעדעריג מיך און קום צו איהם בע־טען לייהען א פּאָר רובעל, וויל איך איהם ניט קענען און וויל פון איהם ניט וויסען. איך וויל ניט ער זאל מיין שוויענערזאהן זיין, און אז איך וויל ניט וועט זיא איהם ניט הייראטהען. ניטא פאר איהם קיין בריעף.

ער האט געחאפּט און האט דעם בריעף אין שטיקער צוריסען.

— אבער איך טהאר יעצט דא אין מאסקווא ניט בלייבען. איז איהם פּלוצלונג א געדאנק איינגעפאלען, — איך מוז פּאָהרען נאך דאנילאָווקא זעהען וואס דאָרט טהוט זיך. דיא נארישע אדעלא קען דאס גאנצע געלד וואס איז געבליעבען פון אנטאָנען אָפּשיקען איהר פערפלוכטען ברוטינאס, ניין, איך טהאר דא יעצט ניט זיצען, נאך היינטע מוז איך פאהרען נאך דאנילאָווקא. פיליפּ העי פיליפּ! — נור איך האב גאר פערגעסען, אז איך האב איהם אוועקגעשיקט דעם הונדערטער צובייטען.

אזוי בלייבט דאס, — האט ער ווייטער גערעדט ארומלויפענדיג הין און צוריק איבער זיין צימער — איך פּאָהר נאך היינטע אוועק נאך דאנילאָווקא און מוז זעהען דאָרט מאכען אן ארדנונג. געלד! איך מוז האבען געלד! אין דער לעצטער צייט האב איך מיך ערשט גוט איבערציינט וואס פאר א טהייערע זאך דאס געלד איז!

184טעס קאפיטעל.

# פערפּאַלען!

בת־שבע איז צוריקגעקומען פון איהר נייער פריינדין סאָנקאַ. זיא איז אויפגעגאנגען אין איהר פּראכטפּאַלען וואוינונג און האט זיך מיט א פערגעניגטע מינע געזעצט אויף א שפאַהל.

אין דער נאאיווער סאנקאס געזעלשאפט האט זיא זיך געפיהלט זעהר גליקליך. זיא האט דאס מערכען ליעב בעקומען וויא א שוועסטער און האט זיך אין איהר געגענוואַרט אזוי היימיש, אזוי אנגענעהם געפיהלט, וויא נעבען אן איינציגען מענשען וואס מען איז אנפערטרויט אין זיין פריינדשאפט וויא אין זיך אליין.

בת־שבע וואר פון דער נאטור זעהר גוטמיטהיג און ליעבענסווירדיג; נור דא פיעלע ליידען וואס פאלשע מענער האבען איהר פּעראורזאכט האבען זיא זאָ וויטהענד געמאכט, דאס זיא איז פאסט א מענשען־פיינד געווארען. זיא האט אויף אלע מענשען געקוקט מיט פערדעכטיגע בליקען און האט איהר צוטרויען אין זיי פערלאָרען. סאנקא האנינמאן קען מען זאגען איז געוועזען דיא ערשטע וואס האט איהר צוטרויען געוואונען, זיא איז געוועזען דיא ערשטע וואס האט בלויז מיט איהר עהרליכקייט פאסט איהר הערץ אבגעקויפט. דארום האט זיא אין איהר געזעלשאפט פיעל פערגעניגען געפונען.

דיא געשיכטע וואס סאנקא האט איהר דערצעהלט פון איהר געליעבטען וועלכער איז דא היע און ווייזט זיך צו איהר ניט, האט בת־שבע'ן צארניג געמאכט. ביי איהר וואר קיין צווייפעל, אז דא שפּיעלט זיך אזא ביטערע געשיכטע וויא ביי איהר, אז סאנקאס געליעבטער איז אויך אזא בעטרינער וויא איהרער איז געוועזען. זיא האט דער נייער פריינדין שטארק בעדויערט און איז זעלבסט פערטיג געוועזען צו קעמפּפען געגען דעם פערפלוכטען מאן וואס האט אזא אונשולדיג קינד פערפיהרט.

טראכטענדיג וועגען סאנקאס אונגליק, האט זיא זיך ערינערט אָן איהר איינענעם און דאס גאנצע בלוט איז אין איהר אויפגעקאָכט געווארען.

— וואו איז יענער טייפעל? — האָט זיא צאָרניג אויסגערופען — ווארום איז זאָ שווער איהם צו געפינען? זאל דאָס מעגליך זיין, אז ער זאָל אויף אימער פון מיינע הענד פריי ארויסקומען? אָ, ניין! וויא באלד איך האב נור ערפאהרען, אז ער איז דא היע און בין שוין איינמאל אריינגעפאהרען אין זיינע באקען, וועל איך איהם שוין דערטאפּען, און מייך לעבען מעג מיך קאסטען, איהם מוז איך אין טיעפסטען אבגרונד שליידערן. וויא גענאררט איך האב מיך אין ברענערן. איך האב געמיינט, אז וויא באלד ער איז א געהיים־פּאָליציסט וועט איהם לייכט זיין יענעם טייפעל אויסצוגעפינען. אבער יעצט זעה איך, אז ברענער איז נור א קינסטלער אין רויבען און גנב'ענען, אבער צו אן אנדער ארבייט נוצט ער גאר ניט —

זיא האט נאך דעם זאץ ניט געענדיגט אלס דיא טהיר האט זיך האסטיג אויפגעעפענט און ברענער איז אריינגעלאָפען שטארק פערסאָפּעט און זעהר בלאַס.

— וואס איז מיט דיר, מיכל? — האט בת־שבע ערשטוינט געפרעגט.

— איך מוז באלד אנטלויפען פון דאנען — האט ער געענטפערט.

— אנטלויפען? פאר וועמען דארפסט דוא דאס אנטלויפען?

— פאר דער פאליציי.

— איך פערשטעה דיך גאר ניט. רעד דייטליך, וואס פאר אַן אונגליק האט געטראפען?

— סאניעטע האט פאר מיר א שרעקליכען קבר אויסגעגראבען.

— ווירקליך?

— יא. דיא פערפלוכטע פרוי האט מיך אין גרעסטען אונגליק געווארפען.

— וואס האט זיא דען געטהאן?

— זיא האט דערצעהלט דעם פאליצמייסטער, אז איך האב אנטהייל גענומען זוהרהאפטיגס מארד.

— דאס גלויב איך ניט.

— ווארום גלויבסט דוא דאס ניט?

— איז זיא דען אין דעם מארד אזוי ניט שולדיג וויא דוא? דאס איז וואהר, אז זיא האט ניט געהאָלפען וואהרהאפטיגען ערמארדען. אבער זיא האט דאך פון דעם גאנצען פּלאן געוואוסט, דארף זיא דאך פערשטעהן, אז אין דערזעלבער גרוב וואס זיא האט פאר דיר געגראבען קען זיא אויך אריינפאלען.

— דוא זעהסט דאך אבער, אז זיא האט דאס פאָרט דערצעהלט.

— איך זאג דיר נאך אמאל, מיכל, אז איך גלויב דאס ניט. ווען דיא פאליציי האט דערפון ערפאהרען האט זיא דאס דערשמעקט גאר פון אַן אנדער זייט.

— פון וועלכער זייט מיינסט דוא?

— דאס ווייס איך ניט און קען ניט וויסען; אבער מיר איז דאס קלאר וויא טאג, אז דאס וואקסט פון אַן אנדערען ניט פון סאניעטען,

— וויא דיא זאך איז, איך קען שוין היער ניט פערבלייבען. איך מוז באלד פון מאסקווא אנטלויפען.

— זאג מיר נור פון וואנען ווייסט דוא אז דיא פאליציי האט ערפאהרען, אז דוא ביסט איינער פון וואהרהאפטיגס מערדער?

— מיר האט דאס ערשט געזאגט דער פאלקאָווניק מאלינבערג.

— זאָנדערבאר! נו, און איהם האט מען געלאָזט צו־רוה? איז ער דען ניט איינער פון דיא הויפּט־מערדער?

— דא איז א גאנצע געשיכטע. מען האט געפונען וואהרהאפטיג׳ס פעלץ ביי מאלינבערג׳ן. דערפון האט זיך אנגעהויבען צו געפינען דער שפור פון דיא מערדער. אויף מאלינבערג׳ן אליין ליעגט דער גרעסטער פערדאכט, אבער ער האט דערוויל דעם סליעדאָוואטעל פערדרעהט דעם קאָפּ מיט דעם פערשפרעכען, אז ער וועט איהם צושטעלען דעם מאן וועלכער האט איהם דעם פעלץ פערקויפט. דער סליעדאָוואטעל האט איהם פיער און צוואנציג שטונדען צייט געגעבען יענעם מענש אויסצוגעפינען. אין דער צייט וועט מאלינבערג מאכען דיא פליטה און דארום האט

(Mos., 58).

ער געפונען פאר נעטהיג אויך אונז. עס הייסט דער גאנצער קאָמפּאַני וואס האט איהם געהאָלפען דעם מארד אויסצופיהרען, צו ראטהען מיר זאָלען אנטלויפען.

— זעה נור, מיכל. מיר שיינט, אז דא שטעקט א שטיקעל פּאָקוס — האט בת־שבע נאכדענקענד געזאגט.

— וואס פאר א פּאָקוס קען דא שטעקען?

— מיר שיינט, אז מאַלינבערג וויל פון דיר פּטור ווערען.

— ווארום זאל ער דאס וועלען?

— עס קען זיין, אז ער האט דיא גאנצע שולד ארויפגעוואָרפען אויף דיר. ער האט געזאגט, אז דוא האָסט איהם דעם פעלץ פערקויפט און דיר הייסט ער אוועק־פאהרען אום מען זאָל נור דיך אליין האלטען פאר דעם מערדער און ער זאָל בלייבען א שעהנער מענש.

— איך וויים? דאס קען אויך זיין. אלזא, וואס איז דיין ראטה יעצט?

— איך האב פאר דיר קיין ראטה. איך נעפין, אז דוא מוזט אלענפאלס פון דאנען אנטלויפען. אבער ווען איך האָב קיין אירטהום און עס איז ריכטיג וויא איך האב געזאָגט, דארף מען דעם פערפלוכטען מענשען נים שווייגען. ער מוז אויך זיין פסק ערהאלטען.

וואס קען מען איהם טהאָן?

— זיי זיכער, אז איך וועל שוין וויסען וואס מיט איהם צו טהאָן. דוא וועסט זיין פריי, אויב דוא וועסט זיך בשלום דעם גרענעץ אריבערהאפען און ער וועט געהן צום טייפעל.

— דאָס ארט מיך נים. טהו וויא דוא פערשטעהסט. אבער זאָג מיר, מיין טהייערע בת־שבע, ווען איך וועל דיר שרייבען א בריעף פון אויסלאנד וועסט דוא קומען צו מיר?

— ניין — האט זיא זעהר ערנסט געענטפערט.

— ניין? ווארום נים?

— דערפאר וואס איך וועל מיט דיר גליקליך נים קענען זיין.

— וואס הייסט דאס? וואָס מיינסט דוא מיט דיא ווערטער?

— איך מיין גאנץ איינפאך, אז איך וועל מיט דיר נים קענען גליקליך זיין, ווייל איך ליעב דיך נים.

— דוא ליעבסט מיך נים?

— איז דאָס ביי דיר א נייעס? האָב איך דיר נאך־פאר אונזער חתונה נים געזאָגט, אז איך וועל דיך הייראטהען נים אויס ליעבע זאָנדערן אום דוא זאָלסט מיר העלפען מיין ערנסטען פיינד צו פערניכטען. איך האָב אין דיר א גרויסען אירר־טהום געהאט, מיכל. איך האב געמיינט, אז דוא ביסט ווירקליך פעהיג א געהיים־פאליציסט צו זיין. עס האט זיך אבער ארויסגעוויעזען, אז דוא טויגסט דערצו נים און איך האָב באלד נאך אונזער חתונה חרטה געהאט. אבער עס איז שוין געווען פערפאלען.

— איז ביי דיר רעכט געווען גלאט אזוי צוליעב א קאפריז פערדרעהן א מענשען דיא יאָהרען?

איך האב דיר פערדרעהט דיא יאהרען? — האט בת־שבע געלאכט — פיעל־לייכט פערדריסט דיר וואס איך האָב דיר אבגעריסען פון דיין זיסער סאָניטשען? אָבער דערפון דארפסט דוא גאר קיין זאָרג האָבען. איין בריעף ווען דוא וועסט איהר שרייבען פון אויסלאנד זיא זאָל צו דיר קומען, וועט זיא פליהען וויא א טויי־בעלע. דען איך קען ניט לייקענען, אז איהר זייט געווען זעהר א גלייך פאָר׳ל און איהר וועט אימער פאסען איינער פאר דעם צווייטען. אבער, מיכל, דוא האסט זיך צופיעל פעררעדט. פערגעס ניט, אז דוא טאָרסט דאָ ניט זיין. דוא מוזט וואס גיכער פליהען פאר דעם מלאך־המות. איך וועל הייסען דאָס דיענסטמעדכען זיא זאָל דיר אלע דיינע זאכען איינפאקען און פאָהר וואס שנעלער.

זיא האט נאך דיא ווערטער ניט געענדיגט האט מען אנגעהויבען שטארק צו קלאפען אין טהיר.

ברענער איז בלאס געוואָרען, אויך דיא אימער אונערשראָקענע בת־שבע איז אונרוהיג געוואָרען און האט ערשראָקען געקוקט צום טהיר.

האסטיג האט זיך דיא טהיר געעפענט, עס זיינען אריינגעקומען עטליכע פּאָליצייסקע מיט א נאדזיראטעל און האבען ערקלערט ברענערן, אז ער איז פער־האפטעט.

דער זעלבער מיכל וועלכער איז אימער געווען מונטער און לעבעדיג און האט מיט דער גרעסטער קאלטבליטיגקייט צוגעקוקט וויא מען פערהאפטעט אנדערע פערזאנען, דערזעלבער ברענער איז יעצט וויא א צערשמעטערטער שטעהן געבליעבען און האט געשאמעלט: „פערפאלען!“.

185טעס קאפיטעל.

## דער חורבן איז פּאָלשטענדיג.

איז דאס דיא גליקליכע פאמיליע ראזענדופט? איז דאס מעגליך, אז אין אזא קורצער צייט זאל אין א רייך הויז אזא פערענדערונג פּאָרקומען?

דיא פראגע וואָלט געווים יעדער פון אייך מיינע לעזער געפרעגט, ווען ער זאָל אריינקומען צו היראנים ראזענדופט אין הויז.

היראנים אליין איז וויא מיט צעהן יאהר עלטער געוואָרען. אויף זיין שטערן זעהט מען שוין א היבשע פאר קנייטישען, דיא באקען זיינען איינגעפאלען. אונטער דיא אויגען איז בלאָה און דיא בליקען קוקען אזוי ווילד, אזוי טרויעריג, ריכטיג וויא ביי א מענשען וואס האט אלע האפנונגען פערלאָרען.

סיציליע איז אויך ניט דיא זעלבע וואס פריהער. זיא שטעהט שוין ניט גאנצע טעג געגען שפּיעגעל בעשעפטיגט מיט איהר פוץ און בעטראכטענדיג וויא שעהן זיא ווייזט אוים. זיא געהט יעצט געקליידעט אין אן איינפאך קליידעל, דאס געזיכט איז זאגאר ניט אבגעוואשען. וואו איז איהר מוטה, איהר שטאָלץ? אלעס איז פער־שוואונדען געוואָרען און פון זיי איז קיין שפור געבליעבען.

נו, און ליענאַטשקא ?

זיא זעהט מען נאר אויף דער ווייסער וועלט נים. זיא ליענט פערשטעקט אין איהר צימער און שעהמט זיך דאס פנים ארויס׳צושטעקען. איהר ווייזט אוים, אז אלע קוקען אויף איהר מים פערדעכטיגע אויגען און יעדער פערשטעהט וואס מים א׳הר טהוט זיך....

נים אומזאָנסט זאגט מען, אז דאס אונגליק איז דעם מענ׳שענס בעסטער לעהרער. דאס אונגליק וואס איז מיט זא ראַ׳שענדע שריטע אנגעקומען אויף דער פאמיליע האט זיי אלעמען דיא אויגען געעפענט זיי זאלען זעהן וויא דום זיי זיינען געוועזן און וויא נארריש זיי האבען זיך אויפגעפיהרט. זיי האבען זיך יעצט ארומגעזעהן, אז זייערע רעליגיאָנס ברידער און אין אלגעמיין זייערע אידישע פריינדע זיינען אין אלע פאכען פיינער פון יענע שטאָלצע קריסטען נאך וועלכע זיי האבען זיך אזוי גע־יאָגט. זיי זיינען צו דער איבערציינונג געקומען, אז דיא גרויסע פריינדשאפט וואס דיא עדלע קריסטען האבען זיי געוויזען, האט נור געהאט דעם צוועק, זיי צו רואינירען.

יא, זיי האבען זיך דאס אלעס ארומגעזעהן; אבער עס איז שוין געוועזן צו־שפעט.

דער געלד־קאַסטען איז פוסט. דאס קרעדיט איז פערלארען, דיא אכטונג איז פערשוואונדען, פון דיא קריסטליכע פריינדע איז שוין לאנג קיין שפור געבליעבען און דיא אידישע האבען זיי דאך אליין פערטריעבען. זיי האבען קיין אידען אין זייער הויז נעוואָלט אריינלאזען אויסער דיא גאנץ גרויסע אידישע גבירים, אבער דיא גבירים פלעגען צו זיי קומען נור אין א נויטפאל. ווען עס האט זיך געהאנדעלט אום א וויכטיגער זאך. זאָנסט האבען זיי אין דעם הויז נים אריינגע׳שמעקט, ריכטיג וויא דא זאל הערר׳שען אן אנשטעקענדיגע קרענק.

נאך איין קליינע האָפנונג אויף רעטונג איז זיי געבליעבען, דער יונגער אדוואָקאט וואלאדימיר געלידאוו האט זיך אונטער׳גענומען ליינען אן ארעסט אויף דער קאָנאָניא מע׳שצערסקעס הויז זאכען. דער אונגליקליכער היראנים האט חאָטש געוואָלט וויפיעל עס איז ארויסרייסען, דען ער האט געפיהלט, אז באלד וועט אין זיין הויז נים זיין וואס צו עסען.

אונמוטהיג, מרה־שרורה׳דיג איז אין א שעהנעם אבענד היראנים געזעסען פערטיעפט אין זיינע פינסטערע געדאנקען. געוואלד וואו געהמט מען חאָטש איין נוטען פריינד ער זאל א פאר טרייסט ווערטער זאגען. ער זאל חאָט׳ש העלפען א זיפץ טהאן, וואו געהמט מען א מענשען מען זאל חאָטש קענען פאר איהם דאס הארץ עפענען און איהם ציינען דיא בלוטיגע וואונדען וואס דאָרט געפינט זיך.

ניטא ! קיינער איז ניטא !

א קלונג אין דער טהיר־גלאקע האט איהם פון זיינע געדאנקען אויפגעריסען. ערשטוינט האט ער אויפגעהויבען דעם קאָפ, וויא ער זאל פרעגען. ווער קען דאס צו מיר קומען ?

ער איז אליין געלאפען דיא טהיר עפענען ; דען פון אלע זיינע דיענער איז נים

איינער נעבליעבען. אלע האבען דערשמעקט דעם דלות וואס האט זיך אין דעם הויז ארײינגערוקט און זיי זיינען צולאָפען וויא דיא מייז וואס דערשמעקען א קאץ.

ער האט דיא טהיר געעפענט און א פיין געקלײדעטער מאן אין דיא עלטערע יאהרען איז ארײנגעקומען.

— ווער זייט איהר? — האט היראנים דעמיטהיג געפרעגט.

— רבי גרינם? — האט דער גאסט ערשטוינט אויסגערופען—איהר זייט דאס?

— יא, איך בין גרינם ראזענדופט. מיט ווען האב איך דיא עהרע צו שפרעכען?

— איהר האט מיך ניט דערקענט? איהר האט ניט דערקענט אייער פריינד שלמה פיין.

— שלמה פיין? — האט גרינם איבעראשט אויסגערופען.

און ביידע אלטע פריינדע האבען זיך אומארמט און הערצליך געקושט.

— אך, וואס פאר א גאסט! — האט ראזענדופט געזאגט — איהר אלטער פריינד זייט יעצט דא און ביי מיר אין הויז? איך קען אייך זאגען, אז ווען איך זאל דערזעהן מיין טאטען פון יענער וועלט וואלט איך זיך ניט אזוי דערפרעהט וויא דערזעהענדיג אייך.

— איך האב געוואוסט, אז איהר וועט זיין צופריעדען מיט מיין בעזוך — האט שלמה געענטפערט — אבוואהל לייט האבען מיר דערצעהלט, אז איהר זייט ביי זיך אזוי שטאָלץ געוואָרען דאס איהר דערקענט שוין גאר קיין אלטען פריינד ניט מעהר.

— איך האב גענוג פיינדע דא אין שטאדט! — האט היראנים ביטער גע־זיפצט.

— יעדער מענש האט פיינדע. נור זאגט מיר ליעבער פריינד, וואס מאכט איהר וויא געהט דאס אייך?

— אז איך לעב, דאס זעהט איהר, און וואס אנבעלאנגט דיא געשעפטען געהט מיר הייטע זעהר ניט גוט. געוויס האט איהר אויך פון דעם געהערט.

— יא.... איך האב עפעס געהערט.... אבער איך האב גאר ניט געוואָלט ערפאָרשען דיא איינצעלהייטען פון דעם. ווייל איך וויים, אז שונאים קענען מאנכעס מאל אויסטראכטען אזעלכע זאכען וואס זיינען ניט געשטויגען און ניט געפלויגען. וואו איז דאס אייער ווייב און אייער טאכטער? איך בין זעהר נייגיעריג זיי צו זעהן.

— איהר וועט זיי באלד זעהען. נור זאגט מיר גוטער פריינד, וויא געהט דאס אייך? — דער קאפ איז מיר אזוי פערדרעהט, אז איך האב גאר פערגעסען דאס מיר האבען זיך שוין איינמאָל געזעהן אין גאס. באלד וויא איהר זייט געקומען. זאגט גוטער פריינד. וואס הערט זיך מיט אייער זוהנס פראָצעס? האט מען שוין אויסגעוויעזען, אז מען האט אויף איהם נור א בלבול געמאכט? איך בין איבערצייגט אין אייער זוהנס אונשולד. ער איז א פיינער, עדעלער יונגער מאן.

— איך בין אייך זעהר דאנקבאר פאר דער גוטער מיינונג וואס איהר האט פון מיין זוהן. איך האף, אז באלד וועלען אלע דיעזעלבע מיינונג האבען, ווייל עס איז שוין דא א שפור פון דיא מערדער.

—ווירקליך ?

— יא מיין פריינד, איך מוז גלויבען, אז נאט אליין האט זיך דא ארייננעמישט דעם אמת אויפצודעקען; דען נאטירליכער ווייזע וואר אונמעגליך אזא זאך אויפצודעקען, ווייל דיא מערדער זיינען אזעלכע לייטע וואס קיינעם קען גאר אין קאפ ניט איינפאלען, אז זיי זאלען מערדער זיין.

— גלויבט מיר ליעבער פריינד, אז איהר האט מיך גאר ערקוויקט מיט דער נוטער נאכריכט. איך האב אייער יאקאב'ן געליעבט וויא מיינס א קינד. ער איז א זעלטענער יונגער מאן.

— און דאך האט איהם אייער טאָכטער פון שטוב ארויסגעטריעבען.

— פון וואנען ווייסט איהר דאס ?

— מיין יאקאב אליין האט דאס מיר דערצעהלט. איך האב איהם הייטע בעזוכט אין געפענגניס.

— וואס קינדער צווישען זיך טהוען פאר א נארישקייט דארף דאס אונז גאר ניט אנגעהען, — האט היראַנים געזאגט — וואהרשיינליך האבען זיי זיך צו-ווערטעלט און זיי האבען איינער דעם צווייטען נוט מכבד געווען.

— מיך אינטערעסירט דאס זעהר וועניג — האט שלמה געענטפערט — מיר בלייבען געווים דיא זעלבע גוטע פריינד וואס פריהער.

— וואס מאכט אייער יאקאב ? האט חאטש דאס געפענגניס אויף זיין געזונד ניט שלעכט געווירקט ?

— ער איז נאט זיי דאנק געזונד. נור ער איז אונטער דער צייט אביסעל בלאס געוואָרען. נו, רבינו של עולם מסתמא בין איך ווערטה אזא שטראפע. ווער האט זיך דאס געקענט ריכטען, אז מען וועט מיין יאקאב'ן אלס מערדער אין געפענגניס ווערפען! יענער האט קיין מאָל געטשעפעט וויא מען זאגט א פליעג אויף דער וואנד. פּלוצלונג נא דיר גאר אזא אונגליק.

— יעדען מענשען טרעפט אין זיין לעבען און אנגליק — האט היראָנים זעהר בעקימערט געזאגט. מיט מיר האט אויך אין דער לעצטער צייט אזעלכעס פּאסירט וואס קיין שונא האט דאס מיר ניט געקענט ווינשען. נור איך האב נאך א שטיקעל האפנונג, אז עס וועט אבערמאלס גוט ווערן. איך בין שוין געוואוינט צו זיין אויפ'ן פערד און אונטערן פערד.

אין דער מינוט האט מען אבערמאלס א קלונג געטהאן.

— ענטשולדיגט מיין פריינד איך וועל געהען זעהן ווער דאס איז. מיין בע-דיענטער איז אוועקגעגאנגען און איך מוז דערווייל זיך אליין בעדיענען, — האט היראָנים מיט א ביטערן שמייכעל געזאגט און איז געגאנגען דיא טהיר עפענען.

ער איז ערשטוינט געווארען אלס ער האט דערזעהען דעם פּריסטאוו פון זיין אוטשאסטאָק (צירקול).

— וואס ווינשט דער העררר פּריסטאוו ? — האט היראָנים העפליך געפרענט.

— איך האב א בעפעהל פון פּאָליצמייסטער איך זאל דיר אנזאגען, אז אין

פערלויף פון 24 שטונדען זאלסט דוא מיט דיין פאמיליע דיא שטאדט פערלאסען,— האט דער פריסטאוו שטרענג געענטפערט.

היראנים איז וויא דער טוידט בלאס געווארען און האט געשטאמעלט:

— וואאאס?

— הערסט דוא דען ניט וואס איך האב דיר געזאגט? ניט מעהר וויא 24 שטונדען האסט דוא צייט פון דאנען מיט דיין פאמיליע ארויסצופאהרען.

— אבער מיין גאט? ווארום!

— דאס איז ניט מיין געשעפט. איך האב דיר איבערגעגעבען דעם פאליצי־מייסטערס בעפעהל, און אויב דוא וועסט ניט געהארזאם זיין, פערשטעהסט דוא אליין, אז מען ועט דיך פון דאנען ארויספיהרען.

היראנים איז געקומען אביסעל צו זיך און מיט א שטאלצער מינע האט ער אויסגערופען:

— מיט וואס פאר א רעכט הייסט מען מיר פון דאנען ארויספאהרען? איך בין א פערזע גילדע קופעץ! איך האב פאלעס רעכט דא צו וואוינען. איך וועל מיך קלאגען ביים גובערנאטאר, ביים גענעראל־גובערנאטאר זאגאר ביים קייזער אליין.

— דוא מאנסט טהאן וואס דוא ווילסט, — האט דער פריסטאוו מיט א שפאטישען טאן געענטפערט — איך האב געטהאן מיין שולדיגקייט און האב דיר איבערגעגעבען דעם פאליצמייסטערס בעפעהל. ועסט דוא ניט געהארזאם זיין, וועט מען דיר געבען צו פיהלען דיא קראפט פון דער פאליציי.

ער האט זיך פערניינט און איז אוועקגעגאנגען.

היראנים'ן איז פינסטער געווארען אין דיא אויגען און ער האט זיך אנגעכאפט אן א טיש ער זאל ניט פאלען צו דער ערד.

186טעם קאפיטעל.

## אַ באַבבע פון דער זייט.

— ווארום האט זיך פעדערבליץ אזוי דערשראקען פאר דער מאדאם ברענער? האט זיך סאנקא געטראכט אלס בת־שבע איז אוועקגעגאנגען — לויט זיא זאגט קען זיא איהם דאך גאר ניט. אלזא ווארום האט ער זיך אזוי ערשראקען און איז אנטלא־פען געווארען?

זיא האט דאס דערצעהלט איהרע עלטערן און זיי האבען זיך אויך שטארק געוואונדערט אויף דעם.

עס זיינען איבערגעגאנגען צוויי טעג און סאמואיל פעדערבליץ האט זיך ניט געוויזען ביי משה'ן אין הויז. אויפ'ן דריטען טאג איז אריינגעקומען פעדערבליצ'ס א פריקאזטשיק און האט געפרעגט אין נאמען פון זיין הערן צו קען ער יעצט אריינ־קומען.

— ווארום ניט? — האט משה געענטפערט — דער הערר פעדערבליץ איז ביי אונז בעשטענדיג א ווילקאמענער גאסט.

סאנקא איז אפילו שטארק אונצופריעדען געוועזן פון איהר פאטערס אנטווארט אבער זיא האט ניט געוואגט געגען דעם צו פראטעסטירען.

דער בעדיענטער האט זיך אין אלע זייטען אומגעקוקט וויא ער זאל זיך וועלען איבערציינען צו איז דא יעצט קיין זייטינער מענש דא און איז אוועקגעגאנגען.

אין איינינע מינוטען ארום איז פעדערבליץ אליין אריינגעקומען. זעהר פריינד ליך האט ער זיך געגריסט מיט משה'ן און מיט שרה'ן; בעזאנדערס סאנקאן האט ער מיט זעהר א ליעבליבע טינע דיא האנד געדריכט און אבוואהל ער האט געפיהלט וויא קאלט זיא האט איהם דיא האנד געגעבען, האט ער זיך דאך ניט וויסענדיג געמאכט און האט זיך וויא א היימיישער מענש געזעצט און האט אנגעפאנגען זיך צו ערקונדיגען וועגען אלעמענס געזונד.

— איהר זייט שוין לאנג ביי אונז ניט געוועזען הערר פעדערבליץ — האט משה געזאגט.

— איך בין אליין בעשעפטיגט, איך מוז אייך זאגען רבי משה, אז איך בין צו דער איבערציינונג געקומען, דאס דיא גמרא האט זעהר רעכט געהאט, וואס זיא האט געזאגט „מרבה נכסים מרבה דאגה", אז וואס מעהר געשעפטען מען האט, אליץ מעהר זארגען האט מען. איך בין נאט זיי דאנק רייך און האב פיינע געשעפטע, דערפאר האב איך אבער געניג קאפדרעהענים, ווייל אויף פרעמדע מענשען, ווייסט איהר דאך, קען מען זיך ניט פערלאזען. מוז איך אליין ארבייטען פון פריהמארגען ביז שפעט אין דער נאכט. דארום האב איך איינפאך קיין צייט זיך אויף איינינע מינוטען אבצורייסען.

— איז דאס וואהר הערר פעדערבליץ, אז מיט דריי טעג צוריק זייט איהר דא געוועזען און זייט באלד אוועקגעגאנגען? — האט שרה געפרעגט.

פעדערבליץ איז רויטה געווארען און האט געענטפערט:

— יא ווירקליך איך בין דא געוועזען, אבער איך האב דא געטראפען אזא פערזאן, וואס איך בין ערציטערט געווארען אלס איך האב זיא דערזעהען.

— וועמען מיינט איהר?

— איז דא ביי אייך ניט געוועזען א מעדכען מיט דעם נאמען בת-שבע?

— יא — האט סאנקא געענטפערט — דא וואר איינע מיט דעם נאמען בת-שבע אבער זיא איז קיין מעדכען זאנדערן א פערהייראטהעטע פרוי.

— וואס? זיא איז פערהייראטהעט? — האט פעדערבליץ העכסט ערפרייט אויסגערופען.

— עס פערשטעהט זיך אז זיא איז פערהייראטעט פאר א גאנץ רייכען מאן מיט דעם נאמען ברענער. פון וואנען קענט איהר זיא?

— הלואי וואלט איך זיא ניט געקענט; נור מיר שיינט, אז איהר קענט זיא ווירקליך נים. דען זאנסט וואלט איהר אזא שלאנגע אין אייער שטוב ניט אריינ-געלאזט.

— א שלאנגע? — האבען אלע ערשטוינט געפרעגט.

— נאך וואס פאר א שלאנג. מיר שיינט, אז דיא וועלט האט נאך אזא ניפטיגע זאך ניט געהאט.

— אבער אין וואס בעשטעהט איהר שלעכטעס? — האט סאנקא נייגיעריג געפרעגט.

— עס איז א שאנדע צו זאגען, אז זיא איז ערשטענס, פון אן עפענטליך הויז... צווייטענס, איז זיא א פערברעכערין וואס איז שוין פיעל מאל אין געפענג־ניס געזעסען.

— דאס איז אונמעגליך! — האט סאנקא אויסגערופען.

— ווען איך דערצעהל אייך, מאגט איהר מיר גלויבען. זיא האט שוין ניט אזוי פיעל האאר אין קאפ וויפיעל מענשען זיא האט אונגליקליך געמאכט. אויך מיך האט זיא אמאל געבראכט צו פערצווייפלונג דערפאר וואס איך האב פון איהרע הענד געוואלט רעטען מיינעם א פריינד וועלכען זיא האט בעשולדיגט, אז ער האט זיא פערפיהרט און אונגליקליך געמאכט. געוויס ווייסט איהר, אז דיא פרויען פון דעם סארט בענוצען זיך אימער מיט אזא בעשולדיגונג אום פון א רייכען מענשען געלד אויסצופרעסען.

— אבער זיא קען דאך אייך גאר ניט? — האט סאנקא געפרעגט.

— פון וואנען ווייכט איהר, אז זיא קען מיך ניט?

— זיא האט דאס מיר אליין געזאגט.

— האט זיא דען מיך געזעהען ביי אייך אין שטוב? — האט פעדערבליץ ער־שראקען געפרעגט.

— ניין, זיא האט אייך ניט געזעהען, אבער עס איז צו רייד געקומען פון א מאן מיט דעם נאמען סאמואיל פעדערבליץ האט זיא געזאגט, אז זיא האט דעם נאמען קיין מאל ניט געהערט.

— דאס האט זיא אייך גענארט. ווייל זיא האט געפירכטעט פיעללייכט רעדט איהר מיט מיר וועגען איהר, וועל איך אייך איהר גאנצען יחוס דערצעהלען.

— איך קען דאס אבער ניט גלויבען אז אזא פרוי זאל זיין פערדארבען — האט סאנקא ענערגיש ערוויעדערט — זיא ווייזט אויס זעהר א גוטע, עדלע פרוי צו זיין.

— דאס וואס אייך ווייזט אויס איז נאך אלץ ווייניג. אין דעם שעהנסטען עפעל קען זיך געפינען א גרויסער ווארעם.

— מיר גלויבט זיך אבער דאך ניט, אז דיא מאדאם ברענער זאל זיין א פערדארבענע פרוי.

— און איך פערשטעה ניט וואס שפארסט דוא זיך אזוי, — האט שרה מיט כעס געזאגט — ווען העדר פעדערבליץ זאגט אזוי, מסתמא ווייס ער וואס ער רעדט.

— שרייט ניט אויף אייער טאכטער מאדאם האנינגמאן. זיא איז ניט שולדיג. ווען איך זאל דיעזער פערפלוכטער פרוי ניט קענען וואלט איך אויך ניט געגלויבט, אז זיא איז פעהיג צו שלעכטעס. דען ריידענדיג מיט איהר קען מען מיינען, אז זיא איז אן ענגעל פון הימעל. איך זאג אייך, אז איהר דארפט דאס בעטראכטען פאר א גליק וואס גראדע האב איך זיא דערזעהן ביי אייך אין שטוב און איך קען אייך פון אן אונגליק פערהיטען. דיעזער שלאנג קען אויף אייך דאס גרעסטע אונגליק ברייגנען.

— אך מיר דאנקען אייך זעהר פאר אייער פריינדשאפט — האט משה נעּ ענטפערט — מען קען טאקי זעהר אפט דורך שלעכטע מענשען אין גרעסטען אונגליס אריינפאלען.

— אָבער איהר וועט מיר ענטשולדיגען הערר פעדערבליץ — האט סאָנקא געזאָגט — וויא באלד זיא איז אזא ניפטיגע שלאנגע וויא איהר זאגט, דארף זיא דאך ציטערן פאר יעדען בעקאנטען מענשען, פיעללייכט וועט ער דערצעהלען וועראס וואס זיא איז. וויא־דשע קומט דאס, וואס איהר האט זיך ערשראקען פאר איהר און זייט ביי איהר אָנבליק אנטלאָפען געוואָרען, ריכטיג וויא איהר זאלט מורא האבען פיעללייכט וועט זיא אייך דערזעהען און וועט דערצעהלען ווער איהר זייט.

— דיא פראגע איז ניט שלעכט, — האט פעדערבליץ געלאכט — מיר שיינט, אז ווען אַ מענש זאל אייך איין מאל שלעכטעס טהאָן וואלט איהר פאר איהם אויך וויא פאר אַ רויבגיערינע חיה אנטלאָפען געוואָרען. ווייסט איהר דען צו וואס אזעלכע פערזאנען זיינען פעהיג? זיי האבען דיא פרעכהייט אויף דעם פיינסטען מענישען אָנ־ צופאלען און איהם מאכען מיט דער בלאָטע צו גלייך. איך זאג אייך, אז מען דארף אנטלויפען ניט נור פון דעם צימער וואו זיא געפינט זיך, זאָגדערן הונדערט מייל פון דער שטאדט וואו אזא חיה וואוינט.

— אבער וואס האט זיא אייך אזעלכעס געטהאָן?

— דאס קען איך אייך ניט זאָגען אויס אכטונג צו אייער פערזאָן. איהר פערשטעהט מיך?

— ניין הערר פעדערבליץ, איך פערשטעה אייך ניט.

— אבער רבינו של עולם! — האט שרה אויסגערופען — וואס האסט דוא זיך היינט אזוי פיעל צוטענהט ווענען אזא זאך וואס אַ קלוגער פראקטישער סוחר זאָגט דיר. איז דען דער הערר פעדערבליץ חלילה אויסען דיין רעה? פעפקעהרט, ער מיינט דאך דיין טובה, ער וויל דיך פערהיטען פון אזא פריינדין וואס עס איז נאָר א חרפה מען זאל זיך מיט איהר בעגעגענען, לאנג לעבען זאל ער דערפאר.

— איהר קענט זיכער זיין הערר פעדערבליץ אז מעהר וועט שוין דיא פרוי אין מיין הויז ניט אריינקומען — האט משה פערזיכערט — זיא וועט אפילו צו מיין שוועל ניט צוטרעטען.

— דאס וועט מיך זעהר פרייען — האט פעדערבליץ געענטפערט — מיך וועט פרעהען, וואס איך האב אזא שלאנג פעריאנט פון מיינע בעסטע פריינד. איך ווייס ניט אויב איהר אלע פיהלט וואס פאר אַ פריינד איך בין אייך. נור איך שווער אייך, אז איהר האט נאך אזא אויפריכטיגען גוטען ברודער געוויס ניט געהאט.

— מיר דאנקען אייך זעהר פאר אייער גוטע פריינדשאפט — האט שרה געריהרט ענטגעגענט — חלעבען מיר זיינען דאך דא, וויא זאגט מען עפעס, וויא דיא פערוואָרפענע שעפעלאך אין וואלד. מיר האבען דא זעהר ווענינ בעקאנטע און נאך וועניגער גוטע פריינד, און אז עס מאכט זיך אזא עהרליכער מאן וואס בעד ווייזט אונז אזוי פיעל פריינדשאפט, זיינען מיר טאקע דערפאר זעהר דאנקבאר. איהר וועט אפשר מיט אונז טרינקען א גלעזעלע טהעע, הערר פעדערבליץ?

— פאר וואס ניט? מיר איז זעהר אנגענעהם מיט אייך צו פערברייננגען — האט פעדערבליץ מיט א ליעבליכען שמייכעל גענענטפערט — אבער זאגט מיר, פריילין האָנינגמאַן, שוין לאנג אז איהר זייט מיט דער בת־שבע בעקאנט?

— ניין, ניט לאַנג. ערשט מיט א פאר טאג פריהער זיינען מיר בעקאנט געווארען — האט סאנקא מיט אן אונפריינדליכע מינע גענענטפערט.

— אויב אזוי איז מיר קיין וואונדער וואס איהר קענט זיא נאך ניט און ווייסט ניט ווער זיא איז. איך קען אייך גאר ניט פּאָרשטעלען וויא צופריעדען איך בין, וואס איך בין געוועזען דער גוטער שליח דיעזען טייפעל פון אייער הויז צו פער־יאָגען. איך זעה מעהר ניט וויא פאָרזיכטיג מען דארף היינטיגע צייטען זיין מיט דעם אומגאנג וואס מען האט אמאל אונווילענד מיט אונבעקאנטע מענשען. מען קען אין גרעסטען אונגליק שטירצען.

— לאַנג לעבען זאָלט איהר דערפאר, הערר פעדערבליץ — האט שרה גע־ענטפערט — איך וועל אייך אסור דיא טובה פערגעסען. פון וואנען קענען מיר, דאָרפס־לייט דערקענען דיא שטעטיגע מענשען. דער אייבערשטער זאָל אונז אויך ווייטער מיט זיין כשר׳ער האנד שיצען און זאָל זיין חסד פון אונז ניט אבטהאָן, אמן.

## 187טעס קאפּיטעל.

# אַדעלאַ איז אונרוהיג.

אלעס איז אין דער בעסטער ארדנונג. אלעס איז אבגעגאנגען בעסער וויא געוואונשען. אדעלא האט זיך שטאלץ אין אלע זייטען ארומגעקוקט און האט ניט געזעהן קיין שטיין און קיין דאָרן אין איהר וועג. זיא איז יעצט דיא הערשערין פון דאנילאָווקא. אלע פערעהרען זיא וויא דעם גראַף אליין. אלע האבען גערן אדער אונגערן איהר הערשאפט אנערקאנט. דער גראף ליעגט אין געפענגניס, ער וועט דארט אבער לאנג ניט בלייבען, זיא האט שוין דורך איהר פאטער פאר איהם נאך א בעסער געפענגעניס אויסגעקליעבען — דעם עווינען פינסטערן קבר פון וואנען ער וועט שוין קיין מאל ניט ארויסקריכען. איהר פאטער וועט געווים איהר בעפעהל אויפ׳ן בעסטען אופן אויספיהרען, דען ער וויל דאך אויך אזוי וויא זיא, אז אנטאָן זאל דער וועלט דעם עווינען אדיע זאגען.

וואס פאר א נאלדענע פאנטאזיען האבען יעצט איהר קאפּ אנגעפילט. זיא האט זיך פארגעשטעלט, וואס פאר א גליקען איהר ערווארטען אין צוקונפט. באלד וועט אנטאן שטארבען און זיא וועט פון דער גאנצער וועלט אלס זיין איינציגע ערבין אנערקאנט ווערן.

צוויי שטיינער זיינען אפילו נאך יא געלעגען אין איהר וועג, אבער זיא האט זיי בעטראכט אלס זאָלבע אונבעדייטענדע, וואס האבען גאר דיא ווערטה ניט מען זאָל זיי דאס מינדעסטע אויפמערקזאמקייט שענקען. דאס ווארען סטעפאַן און סעמיאָן. זיא האט געוואוסט, אז פאר דיא צוויי מענשען דארף זיא זיך היטען, ווייל ז׳ ווייסען אלע איהרע געהיימניסע, אבער זיא האט שוין ווענען זיי לאנג א

פלאן געמאכט, געמליך: זיא זאל זיי נאר פון דער זייט אריינשטויסען אין אבּ־גרונד. זיא ווערט שוין זעהן, אז דיא פאליציי זאל ערפאהרען וועה זיי זיינען.

דערווייל זיינען דיאביידע לייטע געוועזען ביי איהר אין הויז און האבען, וויא מען זאגט, געלעבט א גוטען טאג. אדעלא האט זיי געגעסען איינפאך געלד אין דיא העלזער, קיין זאך איז ביי איהר פאר זיי ניט צו טהייער געוועזען. זיא האט זיי פערשפּראכען געלדענע בערג, אז אימער וועלען זיי זיין, אויב זיי וועלען נור וועלען, ביי איהר אין הויז. ארער זיא ווערט זייביידען רייך מאכען און זיי וועלען זיך מיט זייער געלד קענען פאהרען וואוהין זיי ווילען.

קיינער וואר נאך איהר מיינונג, יעצט גליקליכער פון איהר. זיא איז זעהר רייך און איהר געליעבטער וואלאדיא געלידאוו וועט זיך יעצט מיט פריידע בע־שליסען זיא צו הייראטהען.

זיא האט פערשטאנען, אז געלידאוו איז צו איהר אין דער לעצטער צייט קעלטער געווארען. דאס האט זיא גוט בעמערקט פון זיינע קורצע בריעף און פון דעם קאלטען אינהאלט וואס זיי האבען איהר געבראכט. אבער וויא באלד זיא איז אזוי רייך, וועט ער זיך פאר דעם גליקליכסטען שעצען וואס ער האט אזא כלה.

מיט דער גרעסטער אונגעדולד האט זיא ערווארטעט צוויי אנטוואָרטען אויף איהרע ביידע בריעף. איין אנטווארט פון איהר פאטער, אז ער איז שוין אוועקגע־פאהרען פיהרען אנטאנען צום קבר און דעם אנדערן בריעף פון געלידאוו'ן אין וועלכען ער וועט יעצט געוויס צו איהר אנדערע ווערטער ריידען.

וואס פאר א גליקליכער שמייכעל עס האט זיך געוויזען אויף איהרע ליפּען אלס זיא האט זיך פארגעשטעלט וויא איבערראשט וואָלאָדיא וועט ווערן, ווען ער וועט איהר בריעף דורכלעזען און וועט ערפאהרען, אז זיא איז יעצט דיא איינענטהי־מערין פון איהר קוזינס גרויסען קאפּיטאל. ער וועט נאר אן אנדער רעספּעקט פאר איהר האבען און וועט יעצט אלע קרעפטען אָנווענדען צו פעררריכטען דעם פעהלער וואס ער האט געמאכט דאדורך וואס ער האט זיא ביז אהער אזוי קאלט בעהאנ־דעלט.

מונטער און אין בעסטער לוינע איז זיא איין מאל נאך מיטאג ארומגעגאנגען אין אנטאן'ס פּרעכטיגען זאל און האט געזונגען א ליעד, אלס א גערויש פון א פּאָהרענדיגען עקיפּאזש אויף דיא שטיינער פון דעם הויף האט איהר אויפמערק־זאמקייט אויף זיך געצויגען.

— ווער האט דאס געקענט אהער קומען? — האט זיא זיך געקלערט און איז צום פענסטער צוגעלאָפען.

— מיין פאטער! — האט זיא איבעראשט א געשריי געטהאן אלס זיא האט דערזעהן וויא פון דעם עקיפּאזש קריכט ארויס איהר פאטער — וויא קומט ער אהער? וואס האט ער דאָ צו טהאן?

א בעריענטער איז באלד צו איהר אריינגעלאָפען און האט איהר אנגעזאגט דיא שמחה, אז איהר פאטער איז געקומען; אבער זיא האט זיך פון איהר אָרט ניט גערוהרט און זיצענדיג קאלט אויף איהר אָרט האט זיא וויא ביין געענטפערט:

— פיהר איהם אריין אהער.

עס האט לאנג ניט גערויערט האט זיך דיא טהיר געעפענט און דער אלמער גראף פעליקס דאנילאוו איז אריינגעקומען.

אדעלא האט זיך פון אָרט ניט געריהרט אלס פעליקס איז צו איהר צוגעלא־פען מיט א פריינדליכען אויסגעשריי:

— וואס מאכסט דוא, מיין טאכטער?

— וואס ביסטו געקומען אהער? — האט זיא שטאלץ געענטפערט.

— א שעהנע פראגע, — האט דער אלטער שפאטיש אויסגערופען — עפּעס האט זיך דאך דא פיעל נייעס אויפגעטהאן, האב איך דאך געמוזט קומען א שטי־קעל ארדנונג מאכען.

— אַן ארדנונג? וואס פאר אַן ארדנונג ווילסט דוא דען מאכען?

— וואס איז דאס פאר א פראגע? האסט דוא פיעללייכט געמיינט, אז דוא וועסט מיר מיט דיינע טויזענד רובעל צופריעדען שטעלען און איך וועל שוין מעהר ניט פערלאנגען? דוא האסט אבער א גרויסען אירטהום, מיין קינד. דוא ווייסט יא וואס פאר א ווערטה ביי מיר האט טויזענד רובעל. אין דיא גוטע צייטען איז אזא סומע יעדען טאג אוועקגעגאנגען און היינט דארף איך אזא סומע האבען אויף אכט טאג.

— נו, ביסט דוא געקומען געלד נעהמען? — האט אדעלא צארניג געפרעגט.

— עס פערשטעהט זיך, אז איך וועל ניט לאזען דוא אליין זאלסט צונעהמען אנטאנס גאנצעס געלד. עפּעס בין איך דאך געהענטער צו איהם אלס דוא און מיר קומט א גרעסערע טהייל אלס דיר.

— דענקסט דוא, אז איך האב מיין לעבען איינגעשטעלט אום דוא זאלסט געלד האבען אויף קארטען שפּיעלען?

— דאס מאכט שוין ניט אויס אויף וואס איך וועל דאס געלד געברויכען, דאס איז שוין מיין זאך.

— מיין זאך איז דאס אויך. איך וועל דיר געוויס ניט געבען געלד דוא זאלסט פערשווענדען אזוי וויא דוא ביסט געוואוינט געווארען.

— וואס? דוא וועסט ניט ג ע ב ע ן? — האט דער אלטער גיפטיג געפרעגט זיך זעצענד שטאלץ אויף א שטוהל און פעררויכענד א סיגאר.

— איך זאג דאס נאך אמאל, אז איך וועל ניט געבען.

— חע, חע, חע! מיינסט דוא פיעללייכט, אז דוא ביסט דיא איינציינע הער־שערין אין אנטאנס הויז? אויב דוא מיינסט דאס, ביסט דוא, מיין טאכטער, א גרויסער נארר. וואס, צום ביישפּיעל וועסט דוא טהאן ווען איך וועל זאגען, אז איך בין דא דער איינציגער הערשער? וויא פערשטעהסט דוא ווען ווען דיא וועלט ניבער אנערקענען אלס אנטאנס יורש, מיך צו דיך?

דאס גאנצע בלוט איז אין אדעלאס אדערן אויפגעקאכט געווארען. איהרע אויגען האבען איינפאך געשאָסען פייער אויף דעם אלטען קארטען־שפּיעלער וואס נעהמט זיך דיא פרייהייט מיט איהר אזוי צו ריידען.

— פאטער! — האט זיא צאָרניג געשטאמעלט — ברייננ מיך פון נעדולד ניט ארויס.

— חע, חע, חע! — האט דער אלטער קאלטבלוטיג געלאכט — אבער רעדסט דוא צו מיר מיט אזא טאָן וויא דוא זאלסט אין דיא הענד האבען א פאַפיר געשריעבען פון אנטאנגען אליין, אז ער האט דיר זיין גאנץ פערמעגען אוועקגעשענקט. דוא ווייסט דאס פיעללייכט יעמאנדען ווירקליך קענען איינבילדען, אבער ניט מיר. ווייל דוא ווייסט דאך זעהר גוט, אז מיר ביידע ווייסען וואס מיט אנטאנגען איז געוואָרען.

הערענדיג דיזע ווערטער האט אדעלא געמיינט, אז דער פאטער האט שוין אנטאנגען פערזאָרגט. דאס איז אפילו צו גיך אבער וויפיעל דארף געווערען א מענשען פון דער וועלט אבצושאַפען. זיא האט דארום שוין א פריינדליכערע מינע געמאכט און האט געזאגט:

— זאג מיר, פאטער, וואס ווילסט דוא?

— מיר שיינט, אז איך האב דיר שוין געזאגט ווענען וואס איך בין געקומען. איך וויל אַן אָרדנונג מאכען אין מיין פערמעגען. דען אַלעס וואס דוא זעהסט דא איז מיינס. געוועהנליך בין איך ניט אזא פאטער איך זאל וועלען אלעס אליין צונעהמען. איך וועל געוויס דיר געבען א שעהנעם נדן וויא א געטרייער פאטער דארף געבען.

אדעלאס געזיכט האט אבערמאלס א שרעקליכע צאָרניגע מינע אנגענומען און זיא האט געענטפערט:

— איך האב ניט ערווארטעט דוא זאָלסט אין דיא עלטערע יאהרען אזוי נאַרריש זיין. איך האב דיך בעהאנדעלט וויא א געטרייע קינד. פון דיא ערשטע געלד וואס מיר איז אין דיא הענד אריינגעפאַלען האב איך דיר גלייך טויזענד רובעל געשיקט און האב געדענקט אויך ווייטער דיר געלד געבען און דוא ביסט נאר געקומען זיך מיט מיר קריעגען.

— קריעגען? ווער וויל דען מיט דיר זיך קריעגען? איך זאג דיר צום דריטען מאל, אז איך בין נור געקומען צונעהמען מיינס. ווייל איך האב פון דיין בריעף פערשטאנען, אז דוא בעטראכסט זיך פאר דער אלייניגער איינענטהימערין פון מיין געפעס פערמעגען.

— וואס טויגען דיר דיא פוסטע ווערטער? — האט אדעלא זעהר אונפריינדליך געזאגט — דערצעהל מיר בעסער צו האסט דוא געטהאָן דאס וואס איך האב דיר געשריעבען?

— דאס וואס דוא האָסט מיר געשריעבען? חע, חע, חע! דאס איז נאר א שפּאַנעל נייער פאַקוס. דוא ווילסט מיך שוין איינבילדען, אז דוא האסט מיר עפעס געשריעבען. גראדע פון דעם וואס איך האב ערהאלטען געלד אָהן א בריעף, האב איך פערשטאנען, אז דוא ווילסט מיך פון דער האנד אוועקמאכען.

אדעלא האט איהם ערשטוינט אנגעקוקט.

— וואס? — האט זיא געפרעגט — דוא האסט מיין בריעף ניט ערהאלטען?

— זעלבסטפערשטענליך, אז מען קען ניט ערהאלטען דיא זאך וואס מען שיקט ניט.

— איך פערשטעה נאר ניט, וואס דוא רעדסט. דוא האסט פון מיר קיין בריעף ערהאלטען?

— אויב דוא מיינסט דעם בריעף וואס דוא האסט געשיקט צו דיין אידיאַטישען ברויטינאם אויף מיין אדרעסע, דעם בריעף האב איך יא ערהאלטען.

אדעלא איז לייכען־בלאס געוואָרען און האט דעם פאטער אזוי ווילד אנגעקוקט, דאס ער האט זיך איינפאך ערשראָקען און האט געזאגט?

— ווארום קוקסט דוא מיך אזוי ווילד אָן?

— דוא האסט ניט ערהאלטען דעם בריעף וואס איך האב צו דיר געשריבען? — האט זיא אבערמאלס געפרעגט.

— וואס פלוידערסט דוא מיר פון א בריעף וואס דוא האסט צו מיר געשריבען? — איך האב אזא בריעף אין דיא אויגען ניט געזעהן.

— דוא זאגסט דאך אבער, אז דוא האָסט יא איין בריעף ערהאלטען פון מיר?

— יא. דעם בריעף וואס דוא האסט אויף מיין אדרעסע געשיקט צו דיין ברויטינאם, דעם האב איך ערהאלטען.

— הימעל! — האט אדעלא ערציטערט א געשריי געטהאָן אויפשפרינגענד פון איהר אָרט — וואס פאר א בריעף מיינסט דוא?

— דוכט זיך איך האב דיר שוין עטליכע מאל געזאגט, אז איך האב ערהאלטען דעם בריעף וואס דוא האסט צו מיר אריינגעשיקט פאר דיין נאררישען געליבטען.

— איז נאר דער בריעף צו דיר אנגעקומען?

— עס פערשטעהט זיך אז דער בריעף.

— וועה איז מיר, איך בין פערלאָרען! — האט אדעלא אויסער זיך פאר שרעק געשריען.

דער אלטער האט פערשטאנען, אז דא מוז עפעס זיין און ער האט שוין געפרעגט:

— זאג, וואס האט דאָ פאסירט?

— איך האב דיא בריעף פערביטען, — האט אדעלא יאמערנד געענטפערט.

— פערביטען דיא בריעף? וואס הייסט פערביטען?

— אָ, טייפעל! — האט אדעלא געשריען זיך חאפענדיג ביי דיא האאר — איך האב דעם בריעף וואס איך האב געשריבען צו וואלאָדיא׳ן נאר אין דיין קאָנווערט אריינגעלייגט אין דיין בריעף אין זיינעם.

יעצט איז דער אלטער לייכען־בלאס געווארען און ער האט ציטערנד ביי אלע גליעדער געפרעגט:

— וואס האסט דוא אין יענעם בריעף געשריעבען?

— איך האב נעשריעבען אזעלכעס וואס קען אונז ביידען אין נרעססטען פייער ברייננען. א פאטער, מיר זיינען פערלארען! פערלארען אויף אימער און עווינ.

און דיא זעלבע טאכטער וואס האט מיט איינינע מינוטען צוריק דעם פאטער בעהאנדעלט וויא א פרעמדען מענשען, וויא אן אוננעבעטענעם שלעכטען נאסט, דיא זעלבע טאכטער איז יעצט נעפאלען דעם פאטער אום דעם האלז און האט זיך פארנאנדער נעוויינט וויא א קליין קינד.

188טעס קאפיטעל.

## עס נעהט ניט.

— קען איך מיט אייך איינינע ווערטער שפרעכען? — האט נעפרעגט נריץ אריינקומענדינ צו רעבעקא ראטבלום אין צימער.

— ווארום ניט, איהר קענט ריידען. — האט רעבעקא נעענטפערט אבער מיט זעהר אן אונפריינדליכע מינע.

נריץ איז צונעגאננען נעהנטער און נאך א לאננער פויזע האט ער נעזאנט:

— איך וויל מיט אייך יעצט פריילין ראטבלום ווענען זעהר א וויכטינע, ערנסטע זאך ריידען.

— בימע רעדט.

— נעוויס האט איהר נעהערט גנעדינעס פריילין פון דעם גליק וואס מיך האט נעטראפען?

— יא, איך האב דאס נעהערט און איך גראטולירע אייך הערצליך.

— דאנקע שעהן. איך וויים פריילין אז איהר זייט מיר א וואהרע פריינדין און מיין גליק פרייט אייך הערצליך. וויא וועט איהר זיך אבער וואונדערן אלס איהר וועט הערען, אז מיך אליין פרייט מיין גליק זעהר ווענינ.

— ווארום?

— ווייל איך בין אין דער לעצטער צייט נעקומען צו דער איבערציינונג, דאס נעלד אליין קען קיין גליק ברייננען.

— מיר איז א וואונדער וויא אזוי האט איהר זיך אין אזא זאך נעקענט איבערציינען. דאס קען זאנען אזא מענש וואס האט שוין נעהאט א סך נעלד און האט זיך דאך אוננליקליך נעפיהלט. אבער איהר הערר נריץ לויט איך וויים זייט איהר אימער ארים נעוועזען, אלזא וויא אזוי קענט איהר וויסען, אז רייכטהום ברייננט קיין גליק.

— איך וויים דאס אויס איינענער פראקטיק. און אנדערער אויף מיין ארט וואלט זיך נעוויס פאר דעם גליקליכסטען אין דער וועלט נעשעצט מיט אזוי פיעל מיליאָנען וויא מיך ערווארטען יעצט. איך אבער וואָלט דיעזע אלע מיליאָנען מיט פערננינען אבנענעבען פאר איין נוט וואָרט....

— דאס פערשטעה איך שוין נאר ניט. קענט איהר הערר נריץ מיר דייטליך ניט ערקלערען וואס איהר מיינט מיט דיא ווערטער?

— יא פריילין ראָטבלום — האט נריץ מיט פייער נעזאָנט — איך וויעדערהאָלע

־זיינע ווערטער, אז אלע מיינע מיליאָנען וואלט איך מיט פערגניגען אבגעגעבען פאר איין גוט וואָרט פון דער פערזאָן וועלכע שטעהט אין מיינע אויגען העכער פון אלע מענשען־טעכטער.

— גיעבט עס אין דער וועלט אזא פערזאָן, וואס זאל שטעהן העכער פון אלע מענשען־טעכטער? — האט רעבעקא שפּאָטיש נעפרעגט.

— איך רייד פון אזא פערזאָן וואס אין מיינע אויגען שטעהט זיא העכער אלס אלע מענשען־טעכטער — האט גריץ געענטפערט — זיא מעג ביי דער גאנצער וועלט אויסזעהען אלס א געוועהנליכע פערזאָן; אבער ביי מיר איז זיא אן ענגעל, א געטין.

— דאס איז מערקווירדיג — האט רעבעקא אלעס מיט דעם זעלבען שפּאָטישען טאָן געזאָגט.

— דאָס איז ניט מערקווירדיג פריילייין ראטבלום. ווייסט איהר דען ניט, אז דיא ליעבע מאכט דאס קלענסטע, ארמסטע הייזעלע רייצענד שעהן? אויף דעם האט שוין לאנג דער אונשטערבליכער דייטשער פּאָעט שילער געזאָגט „רוים גענוג איז אין דער קלענסטער היטע פיר איין גליקליך ליעבענדע פּאָאר“.

— ענטשולדיגט העדר גריץ — האט רעבעקא לאכענד געענטפערט — דיא ווערטער האט ניט שילער געזאגט זאָנדערן איינער פון זיינע העלדען. דאס איז נאך קיין בעוויז אז שילער אליין וואר מיט דער מיינונג. דען דער פערפאסער ניט אריין אין דעם מונד פון זיינע העלדען אזעלכע ווערטער וואס פּאסען נור פאר זיי. קענט איהר צום ביישפּיעל זאָגען, אז ווען פראנץ פאָן מאָאָר זאגט, דאס מען מעג א פאָטער ערמאָרדען וויל דאמיט וואס ער האט דאס קינד אויף דער וועלט געבראכט האָט ער ניט געמיינט דעם קינדס טובה, זאָנדערן זיין ווילען צו בעפריעדיגען זיין ליידענשאפט האט דעם נייעם מענשען אויף דער וועלט געבראכט. קענט איהר זאגען, אז דאס איז אויך שילערס איינענע מיינונג?

— דאס האט איהר רעכט, אבער איך בין ניט געקומען מיט אייך וועגען אזעלכע זאכען צו דיספּוטירען. איך האב אייך נור געזאגט, אז דיא ווערטער וואס דער אונשטערבליכער פּאָעט האט געשריעבען פּאסען זעהר צו מיין הערצען. איך פיהל, אז מיר וואָלט ליעבער געווען צו וואוינען מיט דער פערזאָן וואס איך האב ליעב אין א קליינער היטע איידער מיט אן אנדערער אין קעניגליכע פּאלאצען.

— איך פערשטעה אבער ניט ווארום דערצעהלט איהר דאס מ י ר?

— איך מוז מיט אייך פריילייין ראטהבלום יעצט אָפען ריידען — האט גריץ מיט געפיהל אויסגערופען — איך האב שוין אייער ליעבען פּאָטער ערקלערט וואָס פאר א פייער אין מיין ברוסט ברענט און יעצט מוז איך דאָס זעלבע אויך אייך, ליעבע הימלישע רעבעקא ערקלערען. יא גנעדיגעס פריילייין, איך געשטעה אייך אָפען, אז דיא פּערזאָן וועגען וועלכער איך האב ערשט גערעדט איז קיין אנדערע אלס איהר זעלבסט.

— וואָס? מיך מיינט איהר? — האט זיא וויא ערשטוינט נעפרעגט.

— אייך, נור אייך מיין איך מיינע הימלישע רעבעקא — האט נרייץ נעענטפערט פאסט מיט א וויינענדען טאָן — אך, ווען איהר זאלט וויסען וויא איך ליעב אייך, וויא איך פערנעטער אייך, וויא היילינ איהר זייט ביי מיר!

— צופיעל הערר נריץ — האט רעבעקא מיט א פעראכטעטען שמייכעל נעענטפערט — איך בין גאר ניט נעוואוינט נעווארען אזעלכע קאָמפלימענטע צו הערן. ווילט איהר מיט מיר ווענען דעם נעגענשטאנד ריידען, זאגט איינפאך, אז איהר ווילט איך זאל אייער פרוי זיין.

— יא פריילין ראטהבלום! דאס וויל איך, דאס איז מיין איינציגער אייסערסטער וואונש. זאגט! אָ, רעדט אום הימעלס ווילען! דארף איך האפען אייך צו בעזיצען? אין אייער מונד רעבעקא ליענט מיין לעבען אדער מיין טוידט.

— איהר האט אבערמאלס אננעהויבען צו ריידען פאעזי — האט רעבעקא מיט זעהר א קאלטער מינע נעזאנט — האב איך אייך ניט נעבעטען איהר זאלט מיט מיר ווענען דעם נענענשטאנד איינפאך ריידען. איהר ווילט איך זאל אייערע זיין?

— יא ליעבע רעבעקא.

— נו קען איך אייך ענטפערן, אז פארלויפינ קען דערפון קיין רעדע ניט זיין. איהר פערשטעהט?....

— ווארום? אָ, זאגט. ווארום קענט איך מיך פאר דעם גליקליכסטען אין דער וועלט ניט מאכען? — האט נרייץ מיט זעהר א קלאנעדינער מינע נעפרעגט.

— דאס פרעגט איהר שוין צופיעל. פאר אייך איז נענונ, אז איך זאג אייך, אז איך קען פ אָ ר ל ו י פ י נ זיך ניט בעשליסען אייער פרוי צו זיין.

— אבער קען איך האָפען, אז אין ניכען וועט איהר מיך ערפרייען מיט דער נוטער נאכריכט, דאס איהר האט אייער בעשלוס נעענדערט?

— וואס שפעטער וועט זיין ווייסען מיר ביידע ניט.

רעבעקא! זיסע רעבעקא! שטעלט איהר אייך גאר ניט פאר וויא גליקליך איהר וועט פאר מיר לעבען? גלויבט מיר, אז זאגאר דיא גרעסטע קעניגינס וועלען אייך דארפען בענייידען. אלע מיינע מיליאָנען וועלען שטעהן נור צו אייער בעפעהל. איך וועל ביי אייך זיין א שקלאפע. איך וועל מעהר ניט טהאָן, וויא קוקען אייך אין דיא אוינען, פיעללייכט ווינשט איהר עפעס.

— אבער הערר נריץ, וואצו זאלט איהר אזוי פיעל אומזאָנסט ריידען — האט שוין רעבקא בייז נעפרענט — קוים וועל איך מיך בעשליעסען אייער פרוי צו זיין, וועל איך ניט פערלאנגען איהר זאלט מיין שקלאף זיין. איך זאג אייך נאך א מאל, אז פארלויפינ האבען מיר ווענען דעם נענענשטאנד גאר ניט וואס צו ריידען. וואס דיא צייט וועט זאגען וועלען מיר שפעטער זעהן.

— בעשטימט מיר ווענינסטענס א צייט, ווען איך זאל צו אייך קומען נאך אן אנטוואָרט.

— איהר פערשפארט ווענען אזא קליינינקייט צו קומען. איהר וועט דעם אנטווארט זעלבסט וויסען.

— אבער פערגעסט ניט פרייליין ראטהבלום, אז איך מוז פאהרען נאך קאלי־פארניען אפנעהמען מיין גרויסע ירושה.

— איהר קענט פאהרען ליעבער פריינד, קיינער וועט אייך אין וועג ניט שטעהן.

— אָה, רעבעקא! — האט זיך נריץ געפּרובירט אבערמאלס מיט פייער צו ריידען — ווען איך וועל בעשטימט וויסען, אז איהר זייט מיינע, וועט דיא רייזע מיר דאפּעלט אננענעהם זיין.

— ווענען דעם, אייך זאל דיא רייזע דאפּעלט אננענעם זיין, בין איך ניט פער־פפליכטעט צו זאָרגען.

— רעבעקא! איך קען פון דאנען אזוי ניט אוועקפאהרען, בעפאָר איך וועל ניט וויסען וואו איך האלט מיט אייך.

— נו, קענט איהר בלייבען דא. דערווייל ביטע איך אייך הערצליך הערר גריץ, איהר זאָלט מיך ניט בעלעסטיגען מיט אייערע ליעבעס אנטרעגע. דען איך בין אין דער לעצטער צייט ניט אויפגעליינט אזעלכע זאכען צו הערען.

— אבער איהר ענטזאגט מיר ניט אין גאנצען?

— מיין גאָט, וויא לעסטיג איהר זייט! האט רעבעקא צאָרניג אויסגערופען— ווילט איהר דורכאויס איך זאל אייך אבערמאלס מיינע ווערטער וויעדערהאָלען?

— גוט! איך וועל וואַרטען אויף אייער אנטוואָרט פרייליין ראטהבלום. נור דאס מוז איך אייך זאגען, אז ביז איך וועל דעם אנטוואָ־ט ניט הערען וועל איך ניט לעבען.

רעבעקא האט אבגעווענדעט דאס געזיכט און האט ניט געענטפערט.

— אדיע ליעבע רעבעקא! — האט גריץ געזאגט אלס ער האט זיך איבער־ציינט, אז מיט זיין פיעל ריידען קען ער נאך ערגער מאכען — פערצייהעט וואס איך בין אויף אייך צו לאסט געפאלען, איך בין פערזיכערט, אז איהר וועט זיך בערעכענען דאס איך האב נעמוזט זאפיעל ריידען אום מיין שווער הערץ אביסעל לייכטער צו מאכען. איך מוז אייך געגען מיין ווילען נאך א מאל זאגען, אז ביז איך וועל אייער אנטווארט ערהאלטען וועל איך ניט לעבען. אדיע טהייערע, הימלישע רעבעקא.

ביי דיא ווערטער איז ער זיפצענד פון איהר צימער ארויסגעגאנגען.

188טעס קאפּיטעל.

## דער בונד איז שטאַרק.

— וואס ביסט דוא אזוי טרויעריג? סאבינא? — האט גרינזאנג געפרעגט זיין פרוי וועלכע איז געזעסען ביי׳ם פענסטער שטארק פערטיעפט אין געדאנקען.

— דא איז הייטע געווען דיא גרעפין דאנילאוו — האט זיא געענטפערט.

— נו, איז וואס, אז זיא איז דא געווען?

— זיא האט זיך געקלאגט, אז זיא פיהלט זיך אונוואָהל.

— דערפון ביסט דוא אונרוהיג?

— איך האב געוואוסט פריהער, אז דוא וועסט פון מיר פאר אזא אונרוהיג־קייט לאכען, איך זעלבסט לאך אויך פון זיך פאר אזא דומהייט וואס א פרעמדע

פערזאָן אינטערעסירט מיך אזוי וויא זיא זאל זיין מיינס א קינד. אבער איך מוז דיר זאגען מיכאל, דאס איך בין צו דיעזער אונגליקליכער גרעפין אזוי צוגעבונדען דאס מיר הערט ניט אויף דאס הערץ צו רייסען אויף איהר. איך ערקוויק מיך ווען איך זעה זיא און ווען עס געהן איבער א פאר טעג וואס איך זעה זיא ניט, געפין איך פאר זיך קיין אָרט, מיר ווערט דאס הויז צו ענג.

— דאס איז זעהר פיין פון דיר וואס דוא אינטערעסירסט זיך אזוי פאר אן אונגליקליכער. אבער זא ווייט נעהמען זיך צום הארצען און דאדורך קיין רוהע נעפינען, דאס איז שוין אביסעל איבערגעחאפט דיא מאָס.

— איך האב דאך דיך אליין געזאגט, אז איך וויים זעלבסט וויא נאררייש דאס איז, אבער איך קען פאָרט דערצו ניט העלפען.

— וואס האָסט דוא געזאגט, זיא איז עפּעס ניט געזונד?

— יא, זיא האט זיך געקלאגט, אז שוין זייט צוויי טאג טהוט איהר דער קאָפּ שטארק וועה.

— נו, ווארום פרעגט זיא ניט ביי א דאקטאר.

— דיא אונגליקליכע איז נאך אלץ אזוי פערצווייפעלט דאס איהר ליעגט קיין זאך אין זינען ניט. וויא מיר שיינט בעננט זיא אלץ נאך איהר מאן דעם טיראן.

— דאס איז אונמעגליך.

און איך זאג דיר אז עס איז אזוי. זיא הערט ניט אויף איהם צו דערמאהנען, זיא האט מיר היינט נאר אָפען געזאגט, אז ווען זיא זאל הערען, אז ער איז פאָלקאָמען געזונד וואלט זיא זיך ערקוויקט.

זיא זאגט אלץ, אז ער איז ניט שולדיג אין דעם וואס ער האט זיא אזוי שלעכט בעהאנדעלט. זיא האלט זיך אלץ ביי איהר מיינונג, אז ער איז דער בעסטער מענש אין דער וועלט, נור שלעכטע מענישען האבען זיך אריינגעמישט און האבען איהר מאן זא דיא אויגען פערבלענדעט, דאס ער האט ניט געזעהן, אז זיי פיהרען איהם צום אונגליק.

— דאס קען אויך זיין. דען לויט איך קען דעם גראף אנטאן איז ער ווירקליך א ליעבעסווירדיגער מענש, און איך קען דאס ניט פערשטעהן, וויא קומט דאס צו איהם ער זאל זיין פרוי זא מערדעריש בעהאנדלען? אבער וויא דיא זאך איז, וויא באלד ער האט זיא זא טיראניש בעהאנדעלט, דארף זיא איהם פערהאסען און ניט מעהר פון איהם וועלען וויסען.

— איך האב דאס איהר געזאגט, אבער זיא האט איהם נאך אלץ ליעב. איך האב ביי זיך שוין לאנג געקלערט, אז מיר פרויען זיינען גרויסע נאראָנים; וויפיעל שלעכטס דיא מענער טהוען זייערע פרויען פון דעסטוועגען בלייבען זיי, דיא נארישע פרויען געטריי דיא טיראנישע מענער.

— האט זיא דיר ניט געזאגט ווער עס האט נאך איהר מיינונג איהר מאן אויף איהר אויפגערייצט.

— ניין, זיא וויים אליין אויך ניט ווער דער שטן איז געווען. זיא האט אפילו יא א פערדאכט אויף א פרוי, אבער זיא גלויבט דאך ניט, אז דאס גאנצע אונגליק

שטאמט פון דיעזער פרוי; ווייל זיא קען איהר גאר ניט און איז קיין מאל מיט איהר אין בעריהרונג ניט געקומען.

— ווער איז יענע פרוי?

— זיא איז דאנילאוו'ס א קוזינע.

— וואוינט זיא אויך אין דאנילאווקא?

— בעפאר דאס אונגליק האט אויסגעבראכען איז זיא אין דאנילאווקא קיין מאל געוועזן, ערשט שפעטער ווען דיא ארמע מאריא איז שוין געוועזן אין דעם אלטען שלאס פון וועלכען זיא האט אונז דערצעהלט, האט זיך דיא קוזינע געוויעזען אין דאנילאווקא און מאריא האט זיך איבערצייגט, אז זיא איז איהר שרעקליכער פיינד.

— קען דאך טאקע זיין, אז דיא קוזינע האט פאר איהר א קבר געגראבען.

— זיא וויל דאס אבער ניט גלויבען, אז א מענש וועלכען זיא האט קיין מאל קיין שלעכטס געטהאן, זאל איהר אזוי אונגליקליך מאכען.

— דוא האסט מיך מיט דיעזער נייעס זעהר פעראינטערעסירט — האט גרינזאנג נאכדענקאנד געזאגט — איך וועל מיר דיא מיה געבען דיא זאך ריכטיג אויסצופארשען.

— וויא אזוי דענקסט דוא דאס צו טהאן?

— וויא אזוי? גאנץ איינפאך. איך קען אריינפאהרען אין דאנילאווקא. איך בין מיט דעם גראף אנטאן זעהר גוט בעקאנט, איך וועל מיט איהם אפען ריידען און איך גלויב, אז ער וועט מיר אלעס דערצעהלען.

— און איך גלויב דאס ניט.

— ווארום?

— ווייל מיר גלויבט זיך ניט, אז א גראף זאל א יודען אזוי פיעל צוטרויען שענקען און זאל איהם דערצעהלען דיא געהיימניסע פון זיין פאמיליענלעבען.

— דוא ווייסט אבער ניט וויא בעפריינדעט איך בין געוועזן ביי דעם אלטען גראף אין הויז. דעם אנטאנען האב איך אימער אזוי ליעב געהאט דאס זיין פאטער האט דאס בעוואונדערט אז א יוד זאל אזוי ליעבען א קריסטליך קינד. דער קליינער אנטאן פלעגט מיך אויך זעהר ליעבען. בעשטענדיג ווען איך בין געקומען צו זיין פאטער אין הויז פלעגט ער מיר מיט פריידע ענטגעגענלויפען און האט געשריען דער פעטער איז געקומען.

— דאס איז א מאל געוועזן, ווען דער אנטאן איז געוועזן א קליינער יונגע. דאמאלס האט ער נאך א קליינעס בעגריעף געהאט אין דעם אונטערשיעד וואס עס איז דא צווישען א רוסישען גראף און א יודען; אבער הייטע, ווען ער איז שוין גרויס און שפיעלט אליין א גרויסע ראליע, בין איך זיכער, אז ער וועט זיך שעהמען דערמיט וואס ער איז צו דיר אמאל אזוי גוט געוועזן.

— דאס האסט דוא וויטער אן איהרטהום. האסט דוא ניט געהערט וויא משה האט דערצעהלט, אז דער גראף דאנילאוו איז צו איהם אימער גוט געוועזן און האט איהם פאסט צערטליך בעהאנדעלט? דאס איז א בעוויז, אז דיעזער אנטאן איז קיין יודען פיינד.

— נו, קלערט דוא צוליעב דעם נאך דאנילאוואקא צו פאהרען?

— ווארום ניט, דאס איז קיין שווערע ארבייט. פאהרען נאך דאנילאוואקא און צוריק דארף נעדויערן איין מעת־לעת. דאס איז זעהר כדאי, פיעללייכט קען איך דאדורך טהאן זיין ארטער פרוי א טובה, וואלט איך געפאהרען זאנאר פיעל הונדערטע מייל.

— אהא, זעהסט דוא, האסט געלאכט פון מיר וואס איך אינטערעסיר מיך אזוי פאר דער אונגליקליכער גרעפין, און דוא אליין ביזט אויך פערטיג צוליעב איהר־הונדערטער מיילען צו לויפען.

געוויס בין איך פערטיג ניט גראדע פאר דיעזער גרעפין, זאנדערן פאר יעדען אנשטענדיגען מענשען, זיך דיא גרעסטע מיה צו געבען איהם פון אונגליק צו רעטען; דאס איז דיא שולדיגקייט פון יעדען עהרענמאן.

— אבער דאס ווייסט דוא געשטעהן, אז דיא לאגע פון דער פרוי אינטערעסירט דיך פיעל מעהר אלס דיא לאגע פון אן אנדער אונגליקליכען.

— איך קען פון דער וואהרהייט ניט אוועקגעהן, אז איך האב נאך קיין מאל אויף א מענשען אזוי פיעל רחמנות געהאט וויא אויף דיעזער אונגליקליכער; אבער זיין צוטראגען דערפון, וואס דער קאפ טהוט איהר וועה, דאס האב איך געזאגט און וויעדערהאָלט, אז עס איז אביסעל איבערגעהאפט דיא מאס. איך גלויב, אז דאס געהמט זיך אויך דערפון וואס זיא האט אזא עהנליכקייט מיט דיין אמאליגען בילד.

— עס קען זיין, אז דאס געהמט זיך דערפון; דען זייט איך האב זיא דער־זעהן זעה איך מערקווירדיגע חלומות.

— דוא מאכסט מיר נייגיעריג צו וועלען וויסען וואס פאר א קאמעדיען חלומות האבען פאר דיר אבגעשפיעלט?

— אז דוא ווייסט מיר צוזאגען דאס דוא וועסט פון מיר ניט לאכען, וועל איך דיר דערצעהלען.

— נו, איך פערשפרעך דאס דיר.

— איך האב מיט איינינע נעכט צוריק געזעהן אזא טרוים, — האט סאבינא דערצעהלט — דוכט זיך איך בין געשטאנען אין דיין קאבינעט און האב געקוקט אויף מיין יונגענד־בילד. איך האב אין דער צייט נאָר פערגעסען, אז דאס איז מיין פּאָר־טרעט און האב געגלויבט, אז איך שטעה פאר אונזער טאכטערס בילד. איך קוק אויף איהם און פון מיינע אויגען גיעסען זיך טרערין וואס אזא ליעב קינד ליעגט געבאך אין דער ערד. פלוצלינג האב איך אויף דיא ליפען פון דעם פּארטרעט בעמערקט א שמייכעל, אויך דיא ליפען האבען זיך אנגעפאנגען צו בעוועגען און זיי האבען ענדליך מיט זעהר א צערטליכע שטימע געזאגט: „מאמא, זיסע ליעבע מאמא“.

דיא הענד פון דעם פּארטרעט האבען זיך אויסגעשפרייט און באלד בין איך מיט מיין טאכטער געשטאנען ארומגעארמט און מיר האבען זיך הערצליך געקושט. פלוצלינג האט זיך מיין טאכטער פערגאנדער געלאכט און האט געזאגט: „מאדאם

גרינזאנגג, וואס איז דאס מיט אייך, וויא פאלט אייך איין מיך צו רופען טאָכטער?״ איך טהו אקוק, דאס איז גאר דיא גרעפין דאנילאוו. איך האב מיך זעהר פער־שעהמט און האב זיך געוואָלט פערענטפערן נור אין דער מינוט האב איך מיך אויפגעכאפט.

— דאס איז גאר קיין וואונדער וואס דוא האסט אזא טרוים געזעהן — האט גרינזאנגג געענטפערט — ווייל דיר ליענט אלץ אין זינען דער געדאנק, דאס ווען דיין טאכטער זאָל יעצט לעבען, וואָלט זיא פיעללייכט געווען עהנליך צו דער גרעפין דאנילאָוו, דארום בעוויזען זיך פאר דיר אין טרוים אזעלכע סצענען.

— וויא דיא זאך איז, אבער דורך אזעלכע טריימע ווער איך צו דער גרעפין מיט יעדען טאג אלץ מעהר צוגעבונדען. איך ליעב זיא וויא זיא זאָל זיין ווירקליך מיין טאכטער. איז דאס אַן אונרעכט?

— בעהיטע גאט! ווער קען דיר זאגען, אז דאס איז אַן אונרעכט. פערקעהרט בעווייז איהר טאקע ליעבע, דען זיא איז זעהר אַן עדלע גוטע פרוי וואס האט פער־דיענט דיא ליעבע און אכטונג פון אלע ארענטליכע לייטע. איך פין מיין זייט וועל מיך אויך ניט ענטזאגען פון איהרטוועגען צו טהאן אלעס וואס נור אין מיין מאכט וועט זיין. איך זאג דיר, סאבינע, אז איך בין פעסט בעשלאָסען אריינצופאהרען אין דאנילאָווקא זיך זעהן מיט דעם גראף אנטאן. וואס זאָגסט דוא דערצו?

— איך וועל דיך געוויס דערפון ניט אבהאלטען. פאהר, פיעללייכט וועט דורך דיר קומען א הילף אויף דער אונגליקליכער און זיא וועט קענען צוריק אויפ־בליהען און זיין גרעפין וויא געווען.

189טעס קאפיטעל.

## צווישען זיך גערעדט.

— אזוי שפעט? — האט פיאדארא קאבאנאוו געפרענט איהר מאן יאניק וועלכער איז נאך האלבע נאכט אהיים געקומען אין זעהר א מונטערער לוינע — וואו ביסט דוא דאס געווען אזוי שפעט?

— איך האב ליעב אז דוא הייבסט מיך אָן צו עקזאמענירען — האט יאניק אונצופריעדען געענטפערט — מיר שיינט, אז דוא דארפסט גוט געדענקען דיא פעטש מיט דיא קלעפ וואס דוא האסט שוין פון מיר געכאפט פאר אזעלכע עק־זאמענס.

— שא! זעה נור וויא שטאָלץ ער איז ביי זיך געווארען. מען טאָר דיך גאר ניט פרעגען פארוואס דוא קומסט אזוי שפעט אהיים?

— ניין! איך וויל ניט דוא זאָלסט מיר אזעלכע פראגען שטעלען. דוא הערסט? איך האב דיר שוין א מיליאן מאל געזאגט, אז דוא זאָלסט זיך אין מיינע געשעפטען ניט מישען. דוא פערשטעהסט? דוא זאלסט ניט פערגעסען, אז איך בין א מאן; וואס איך וויל מעג איך טהאן, און דוא, פערשימעלטע באבא האָסט קיין רעכט מיך צו עקזאמענירען. דוא הערסט?

— אבער יעזוס מאריא! וואס האב איך דיר געטהאן? — האט זיך פיאדארא

פערענמפערט — איך פרעג דאך דיך וויא א געטרייע ווייב דארף פרעגען איהר מאן. איך בין דא געוועזען אין גרויס שרעק וועגען דיר. איך האב געקלערט, ווער וויים וואס פאר אן אונגליק דיך האט פאסירט.

— פאר מיר זאָלסט דוא ניט זאָרגען. מיך וועט קיין אונגליק טרעפען.

— נו, שוין גענוג, מעהר וועל איך דיר ניט פרעגען, אבי נאט זיי דאנק דוא ביסט געזונד בין איך שוין צופריעדען. וועסט דוא עפעס עסען, מיין ליעבער יאניק?

— ניין, איך וויל ניט עסען. דוא דארפסט אליין פערשטעהן, אז איך בין ניט אזא נארר וואס וועט ביז נאך האלבע נאכט זיצען מיט פערשמאכטע ליפען.

— דוא ביסט געוויס געוועזען אין א וויין־הויז אדער אין א רעסטאָראַן, מיין זיסער גאָלדענער מאן.

— וויא פערשטעהסט דוא? אין צערקוועס בין איך ניט געזעסען ביז נאך האלבע נאכט — האט ער שוין אביסעל פריינדליכער געענטפערט.

— ווער האט דאס דיך הייטע אזוי לאַנג טראַקטירט?

— אלץ ער, דער זשידאָק.

— וועלכער זשידאָק?

— ער.... וויא הייסט ער.... וואס מען האט זיין טאטען ערמארדעט.

— דוא מיינסט מאָררים וואהר־האפטיג?

— יא, איהם מיין איך. ער איז א וואוילער זשידאָק. ער האט בעשטענדיג אן אָפענע טאש און אן אָפענע האנד. ער האט דיא נאכט אויף מיר אויסגעגעבען געוויס פינף קארבען.

— וואס וויל ער פון דיר?

— גאר נים. וואס זאָל ער דען וועלען?

— פאר וואס־זשע פערשווענדעט ער אויף דיר אזוי פיעל געלד?

— דערפאר וואס ער איז א וואוילער זשידאָק. ווען אלע זשידעס זאלען זיין אזעלכע ערעל־לייט וויא ער איז, וואלט מען זיי ניט בעדארפט ארויסטרייבען פון ראַנען.

— מיר גלויבט זיך דאס אבער ניט, ער זאל גלאט אזוי אין דער וועלט אריין דיך אזוי פיעל טראַקטירען.

— דיר גלויבט זיך דאס נים? נו, גלויב־זשע טאקע ניט, ווייל דוא ביסט א פערשימעלטע באבע און ווייטער גאר ניט.

— שא, זירעל זיך ניט אזוי. איך רייד דאך מיט דיר מיט גוטען. זאג מיר נור עני יאניק, וועגען וואס האט איהר ביידע גערעדט?

— וואס האט דאס צו דיר?

— איך בין גלאט אזוי נייגיעריג צו וויסען וועגען וואס האט איהר געקענט דעם גאנצען אבענד ריידען?

— מיר האבען גערעדט וועגען פערשיעדענע זאכען. וועגען דעם וואס זיין פאטער איז ערמארדעט געווארען, וועגען דעם וואס מען טרייבט דיא זשידעס פון

דאנען, װענען שלעכטע װייבער און װענען דעם קינד װאס דוא האסט אמאל אָבגע׳גנב׳עט ביי דעם זשיד שלאָמקע פיין.

— װאס? דוא האסט איהם שוין דערצעהלט, אז איך האב דאס קינד אבגע־גנבעט.

— נארישע באָבע װאס דוא ביסט! און װען איך זאל דאס איהם ניט געװען דערצעהלען פערשטעהט ער דאס אליין ניט? האסט דוא אליין מיט דיין פלוידער־זאקישען מיילבעל איהם ניט דערצעהלט, אז דוא װייסט דיא געשיכטע פון יענעם קינד?

— יא מיר האבען דאס איהם דערצעהלט, אבער װיא אזוי דאס איז צוגע־גאנגען, פאר װאס מען האט דאס קינד צוגענומען און װאו ער איז יעצט, דאס האבען מיר איהם ניט געזאָגט.

— איך האב דאס איהם אויך ניט געזאגט, חאטש מיין קאפ האט שוין אין זיך געהאט איבער א דוצענד גלעזלאך קאָניאק.

— װאס דען האסט דוא איהם יא דערצעהלט?

— איך האב איהם נור קלאָר געמאכט מיט דער געשיכטע.

— מיט װעלכע געשיכטע?

— דא הייבט זיך שוין אן מיט דיא באָבעס; זאגט מען זיי נור איין װאָרט, שלעפען זיי פאר דער צונג מען זאל זיי אלסדיננ אויסדערצעהלען קלאָר און דייטליך.

— איך פרעג דאך דיר נור, מיט װאס פאר א געשיכטע האסט דוא איהם קלאָר געמאכט?

— דול מיר איך בעט דיך ניט דעם קאפ, ער איז שוין אזוי אויך צודולט? האסט אויסגעבעט דיא בעט? װעל איך געהען שלאָפען.

— איך בעט דיך מיין זיסער יאניקל — האט זיא צערטליך געבעטען — טהו דאך מיר צוליעב און דערצעהל מיר אלעס.

— דומע נארישע באָבע! װאס זאל איך דיר דערצעהלען?

— מיט װאס פאר א געשיכטע האסט דוא איהם קלאָר געמאכט.

— װאס פערשטעהסט דוא דא ניט? איך האב איהם דערצעהלט פארװאָס מען האט דאס קינד ביי דעם זשידאק צוגענומען. האב קיין פורכט, איך האב ניט געזאגט, אז דוא האסט דאס געטהאן. אזא נאר בין איך ניט. װען איך בין זאנאָר שטארק בערױשט בלייבט נאך אלץ אין מיין קאפ איבער אביסעל קליעפקע.

— נו, װאָס־זשע האסט דוא איהם דערצעהלט.

— װייטער האט זיא מיך אנגעהויבען צו דריקען מיט איהרע נארישע פראגען — האט יאניק צאָרניג א געשריי געטהאן — דוא הערסט דאך װערטער: איך האב איהם דערצעהלט דיא געשיכטע װיא אזוי א רייכער קריסט װאס האט קיין קינדער ניט געהאט האט געפרעגט ביי דעם פריסטער װאס פאר א מצוה ער זאל טהאן אום גאט זאל איהם דערפאר שענקען א קינד. האט איהם דער פריסטער געענט־פערט, אז אויב ער װעט אבגנבענען ביי א יודין א קינד און װעט עס ערציהען אין דער קריסטליכער רעליגיאן װעט איהם דיא הײליגע יונגפרוי פאר דער מצוה שענקען אן איינען קינד. דער רייכער מאן האט בעאויפטראגט דיין מוטער זיא זאל פאר

איהם אזא קינד בעקומען. דיין מוטער האט זיך צוליעב דעם אריינגעצוינגען אין א הויז וואו עס וואוינען דורכאויס אידען און אין דעם הויז האט זיא דערזעהען שלאמ־קעס שעהנעם קינד, זיא האט מיט דיר אבגעמאכט, אז ווען דוא וועסט קומען זיא בעזוכען זאלסט דוא דאס קינד אבגנבענען און גלייך אוועקפיהרען צו יענעם רייכען מאן אום מען זאל זיך ניט שטויסען, אז זיא, עס הייסט דיין מוטער, האט אין דער רויבעריי אנטהייל גענומען און אזוי איז געוועען....

— האסט דוא איהם פיעללייכט דערצעהלט ווער יענער רייכער מאן איז געוועזן?

— זאל נאט היטען! נארישע באבע וואס דוא ביזט! ווענען דעם האב איך דאך דיר שוין פריהער געזאגט, אז איך מעג זיין ווער ווייסט וויא שיכור בלייבט נאך אין מיר איין פונק שכל. אזעלכע זאכען וואס דארפען בלייבען א געהייסניס, דיא זאג איך ניט אויס.

— דוא ווייסט יאניק וואס איך וועל דיר זאגען, — האט זיך פיאדארא אבגע־רופען עטוואס נאכדענקענד.

— וואס ווילסט דוא זאגען?

— עפעס געפעלט מיר ניט וואס רעֿר ושיראק פרעגט זיך אזוי נאך אויף יענעם קינד.

— פאר וואס געפעלט דאס דיר ניט?

— ער מוז האבען עפעס א ציעל דערמיט וואס ער פארשט פון אונז אזוי פיעל וועגען יענעם קינד.

— נעה, דוא ווייסט שוין גאר ניט וואס דוא רעדסט. וואס פאר א ציעל קען ער דען דאביי האבען.

— אויף דעם קען איך דיר ניט ענטפערן, אבער איך צווייפלע גאר ניט אז ניט אומזאנסט פרעגט ער זיך אזוי נאך וועגען דעם קינד.

— נענוג צו פלוידערן, איך האב פיינד צו הערען נארישקיים. דוא פערשטעהסט? וואהרהאפטיג מיינט דא קיין זאך, ער איז גלאט נייגיעריג צו הערען א שעהנע גע־שיכטע. דען דאס איז דאך ווירקליך א שעהנע געשיכטע וואסט טרעפט ניט יעדען טאג.

— גערענק־ושע יאניק, דוא זאלסט זיך בעהיטע נאט פאר איהם ניט אויס־ריידען מעהר אלס מען בעדארף. דוא פערשטעהסט דאך אליין, אז ווען ער זאל ערפאהרען ווער יענעס קינד איז, זיינען מיר ביידע מיט מיין מוטער צוזאמען פערלארען.

— האב נאר קיין פורכט נארישע פרוי, איך בין ניט אזא פלוידערזאק וויא דוא, דאס וואס מען טהאר ניט זאגען וועל איך ניט זאגען. נור שא פיאדאשא, דוא ווייסט וואס מיר איז איינגעפאלען?

— וואס?

— מיר קענען ביידע גליקליך ווערן.

— וויא אזוי?

— גאנץ איינפאך, שטעל זיך צום ביישפיעל פאר וויא וועט דאס איהם שמעקען ווען ער וועט עֿרפאהרען, אז ער איז א זאהן פון אן איינפאכען ושידאק? ער וואלט אזא שאנדע געוויס ניט איבערגעלעבט. פרעג איך דיר, ווארום זאלען מיר

איהם דיזע געהיימניס ניט פערטרויען און איהם דאבײ זאגען, אז ווען ער וועט אונז ניט געבען א גרויסע סומע, וועלען מיר דאס אויסזאגען. וויא פערשטעהסט דוא, וועט ער אונז ניט גליקליך מאכער אבי מיר זאלען האלטען מויל?

— ער וועט דיר נור אויסלאכען?

— וואס? אויסלאכען וועט ער מיר?

— עס פערשטעהט זיך. אז ער וועט דיר אויסלאכען, דען ער וועט דאס גאר ניט גלויבען.

— נו, וועל איך איהם בעווייזען פאקטיש אז איך האב איהם דיא וואהרהייט געזאגט.

— וואס פאר א פאקטען וועסט דוא איהם דען ברענגען?

— ערשטענס בין איך, דוא און דיין מאמע לעבעדיגע עדות. צווייטענס לעבט דאך נאך דער פריסטער וועלכער האט איהם געטויפט.

— נו, וועט דען דער פריסטער דאס וועלען אויסזאגען?

— ער וועט זאגען, ווייסט דוא דען ניט אז ער האט ליעב דעם רובעל אזוי וויא איך ליעב אביסעל בראנפען? איך וועל איהם א ווייז טהאן א רויטען צעהנ־רובעל־שטיק וועט ער ריידען וויא פון היץ. הא? וואס זאגסט דוא פיאָדאשא? איז דאס ניט א זעלטענער איינפאל.

— יא, דאס איז ניט קיין נארישקייט.

— ניט קיין נארישקייט זאָגסט דוא איז דאס, דוא ביזט א נארישע באבע, דאס איז אן איינפאל פון א מיניסטער. ער וועט אונז מיט גאלד אבשיטען אבי מיר זאלען שווייגען.

— שפעטער, ווען דוא וועסט אבגעשאטען ווערן מיט גאלד, וועל איך זאגען אז דאס איז א מיניסטערשער איינפאל.

— וואס? ביי דיר איז נאך א צווייפעל צו ער וועט געבען געלד? ער וועט זיך ביי אונז בעטען מיר זאל עס ביי איהם נעהמען. פיאָדאשא מיר זיינען גליקליך, מיר וועלען רייכע לייט ווערען. הורא! לעבען זאל מיין קלוגער קאפּ.

ער איז מונטער פון זיין ארט אויפגעשפרונגען און האט אנגעהויבען פאר פריידע וויא וואהנזיניג ארומצולויפען הין און צוריק איבערן צימער.

190טעס קאפיטעל.

## אַ האפנונג צו פאַנגען צווי וועלף אין איין פאַסטקע.

נאכדעם וויא דער אלטער איוואן, גלאפירא און טראָשקא האבען בעשלאָסען וואס צו טהאן צו ערפאהרען וואס דא טהוט זיך, זיינען דיא לעצטע צוויי אוועקגעגאנגען צום טייפעלשלאָס און דער אלטער איוואן איז אוועקגעגאנגען צום שוסטער פילאפאנאוו, וועלכער האט געוואוינט אין מיטען דארף נעבען דער קירכע. אונטערן ארם האט איוואן געטראָגען איינגעוויקעלט אין א טוך דיא פאאר שטיפעל, וואס סעמיאן האט איבערגעלאזט ביי ליסאן אין הויז.

פילאפאנאוו איז געזעסען ביי דער ארבייט, אלס איוואן איז צו איהם אין שטוב אריינגעקומען.

— אַ נאַסט! — האט דער שוסטער פריינדליך אויסנערופען דערזעהענדיג ז'עם נאַסט — איך האב אייך נוטער איוואן שוין פון 500 יאהר ניט נעזעהען. איז דאס מענליך, אז דיא שטיוועל וואס איך האב אייך נעמאכט מיט א יאָהר צוריק, זיינען ערשט היינט צוריסען געוואָרען.

— ניין, מיין פריינד, דיינע שטיוועל זיינען נאך גאנץ. איך וועל אין זיי געהען נאך א יאהר — האט איוואן גוטמיטהיג געענטפערט.

— וואס דען האט דיך פלוצלונג נאט נעבראכט אין מיין הויז?

— איך וויל יעצט א שוסטער ווערן — האט איוואן שמייכלענד געענטפערט — נא זעה, דא האב איך דיר געבראכט אפאָר שטיוועל צום פערקויפען.

ער האט אבגעוויקעלט דיא שטיוועל און האט זיי געלעגט פאר פיליפאנאָוו'ן אויפ'ן טיש.

— דאס איז דאך מיין ארבייט — האט דער שוסטער א געשריי געטהאן, נעהמענדיג דיא שטיוועל אין דער האנד.

— ניין פריינד, דאס איז ניט דיין ארבייט.

— ווען דערצעהלט איהר מעשיות איוואן — האט פילאפאנאוו מיט א פערדריסליכע מינע געזאגט — וועל איך דען מיין ארבייט ניט דערקענען.

— נו, ווען דאס איז יא דיין ארבייט, טרעף־ז'שע פאר ווען האסט דוא דיא שטיוועל געמאכט.

— פאר וועמען איך האב זיי געמאכט? — האט פילאפאנאוו נאכדענקענד געזאגט — ווארט איך וועל מיך באלד דערמאנען. איך האב זיי נעמאכט.... איך האב זיי געמאכט.... יא, איך ווייס שוין.

— פאר וועמען? — האט איוואן נייניעריג געפרעגט.

— ווער ער איז, ווייס איך ניט.

— וויא איז דאס מענליך?

— ווייל ער האט מיר זיין נאמען ניט געזאגט.

— וואס איז ער אן אלטער צו א יונגער מאן?

— ער איז נאך גאר א יונגער מאן ניט מעהר וויא צוואנציג יאהר אדער עפעס מעהר אלט.

— וויא קומט ער צו דיר?

— סטעפאן, דעם גראפ'ס גערטנער האט איהם אהער אריינגעפיהרט.

— ווען איז דאס געוועזן?

— דאס איז געוועזן מיט איין מאנאט צוריק. אבער וויא קומען דיא שטיוועל צו אייך?

— דאס מאכט שוין ניט אויס.

— איך בין אבער זעהר נייניעריג דאס צו וויסען. דען סטעפאן האט ביי מיר געבעטען בעשטעלט נאך א פאר שיך אויף דער זעלבער מאס.

— אזוי? סטעפאן האט דיר געהייסען מאכען נאך אזא פאר שיך?

— יא, איך פערשטעה, אז דאס האט ער געהייסען מאכען פאר דעם זעלבען יונגען מאן. דאס קומט מיר זעהר זאָנדערבאר פאָר. וואצו האט ער דיא שטיוועל אייך אָבגענעבען און הייסט מאכען נייע, דוכט זיך דיא זיינען נאך אויך שפּאָנעל ניי.

— און דוא קענסט פאר קיין פאל ניט אויסגעפינען ווער יענער יונגער מאן איז?

— אויב איהר דארפט דאס נייטיג וויסען וועל איך דאס אויסגעפינען.

— איך וועל דיר דערפאר אייביג דאנקען.

— קענט איהר מיר, ליעבער סטעפאן, ניט זאגען וואצו איהר ברויכט אזוי נייטינג קענען יענעם יונגען מאן?

— דאס קען איך דיר דערוויילע ניט זאגען. דאס איינע מוז איך דיר אבער יא זאגען, אז דא האנדעלט זיך וועגען זעהר א וויכטיגער זאך.

— גוט, איך וועל אייך שוין א ריכטיגע נאכריכט ברייננגען ווער ער איז.

— וויא אזוי וועסט דוא דאס ערפאהרען?

— אז סטעפאן וועט אבנעהמען ביי מיר דיא נייע שטיוועל וואס ער האט מיר געהייסען יעצט מאכען, וועל איך איהם אזוי לאנג נאכגעהן ביז איך וועל זעהן וואוהין ער וועט אריינגעהן, דען דיא שטיוועל וועט ער דאך געוויס אוועקטראגען צו יענעם יונגען מאן.

— דאס איז זעהר א גלייכע זאך, אבער וויא אזוי וועל איך דערפון וויסען? דוא פערשטעהסט דאך אז מיר איז זעהר ווייט צו געהן אהער. אין דיא עלטערע יאהר איז שווערליך אזא שפאציער צו מאכען.

— וועל איך בעקומען אויף טהעע?

— נו, וואס־זשע וועט זיין?

— אויב איך וועל בעקומען אויף טהעע, דאן זאג איך אייך צו אז וויא נ:יר איך וועל ערפאהרען וואו יענער יונגער מאן געפינט זיך, וועל איך קומען צו אייך אין'ם טייפעלסשלאָס אייך וועגען דעם צו מעלדען.

— גוט! — האט איוואן צופריעדען געענטפערט — דוא בעקומסט פון מיר א גאנצען רובעל אויף טהעע.

— א גאנצען רובעל? — האט פילאפאנאוו ערשטוינט אויסגערופען — ניין, איוואן, אזא סומע פערלאנג איך פון אייך ניט. איך ווייס אז איהר זייט קיין גביר ניט, עס וועט זיין גענוג ווען איהר וועט מיר געבען צוואנציג קאָפּייקען. ווענען אזא קליינינקייט איז גאר קיין רעדע ניט, דוא וועסט נאך ביי מיר טרינקען א גוט ביסעל שנאפס און וועסט עסען א גוטען מיטאג.

— גוט, איוואן! — האט פילאפאנאוו געענטפערט — איך וועל שנעל ביי אייך זיין מיט א ריכטיגען אנטווארט וועגען דעם יונגען מאן.

— אבער איין זאך וועל איך דיך בעטען, פילאפאנאוו.

— וואס?

— דוא זאלסט ניט דערצעהלען סטעפאנען אז איך בין דא ביי דיר געוועזען און האב זיך געפרעגט וועגען יענעם יונגען מאן.

— איך וועל איהם דאס ניט זאגען, אבער איך בין דאך זעהר נייגיעריג צו

וויסען וויא קומען דיא שטיוועל צו אייך אז פאר וואס וויל יענער יונגער מאן מען זאל איהם מאכען נייע?

— דאס קען איך דיר ניט זאגען, ליעבער פריינד.

— אז איהר ווילט ניט, דארף מען ניט.

— ווען־זשע קען איך ערהאלטען דיין בעריכט?

— ניט שפעטער פון מארגען.

— פאר וואס מארגען?

— ווייל מארגען וועלען ערשט דיא שטיוועל פערטיג ווערען, וועט סטעפאן נאך זיי געווים קומען און וועט זיי אפנעהמען; נו, וועל איך דאן ערשט מארגען קענען נאך איהם נאכגעהן.

— וועסט דוא מיך פאלגען, ווען איך וועל דיר עפעס זאגען?

— פאר וואס ניט.

— דוא זאלסט זעהן, אז דיא שטיוועל זאלען ערשט פערטיג ווערען מארגען ביי נאכט דען אין דער פינסטער וועט דיר לייכטער זיין סטעפאנען נאכצוגעהען, ביי טאג קען ער דאס בעמערקען.

— אלץ איינס וועלען זיי ערשט מארגען ביי נאכט פערטיג ווערען.

— וועסט דוא צו מיר קומען ביי נאכט?

— פאר וואס ניט. האב איך דען מורא צו געהן ביי נאכט אזא שטיקעל וועג וויא פון דאנען צום טייפעלס־טלאס. איהר וועט מיר געווים געבען א פלאץ וואו צו נעכטיגען אויב עס וועט זיין שפעט צו געהן אהיים.

— איך וועל דיר דעם שעהנסטען פלאץ געבען ליעבער פילאפאנאוו. קען איך זיך אויף דיר פערלאזען, אז דוא וועסט האלטען ווארט?

— וואס פרעגט איהר אזעלכע זאכען? אז איך זאג א ווארט וועל איך דאס געווים האלטען.

— נו, א גוטען טאג דערווייל ליעבער פריינד, געדיינקט, אז איך ערווארטע דיך מארגען ביי נאכט ביי מיר אין דער היים. איך וועל שוין הייסען מיין קאטהארינא: זיא זאל צוגרייטען פאר דיר א גוטע וועטשערע.

ער האט פריינדליך פיליפאנאוו'ס האנד געדריקט און איז אוועקגעגאנגען.

— יעצט איז ביי מיר קיין צווייפעל, אז אין דעם קינדעס מארד האט אויך סטעפאן א חלק, — האט איוואן געזאגט אלס ער איז פון דעם שוסטערס הויז ארויסגעגאנגען — דען וויא באלד ער פערשאפט דעם מערדער אנדערע שטיוועל, ווייס ער פון דעם גאנצען מארד. דאס איז פאר מיר זעהר וויכטיג צו וויסען. עס קען זעהר זיין, אז דא וועלען געחאפט ווערען צוויי וועלף מיט איין מאל.

191טעס קאפיטעל.

## ניט אהער און ניט אהין.

יאזעף לעהמאן געהט נאך אלץ ארום וויא א חלומ'דינער. דיא לעצטע בעגעגנונג מיט משה האגינמאן, האט איהם אין גאנצען זא צוטומעלט, דאס ער האט איינפאך ניט געוואוסט וואו ער איז אין דער וועלט.

ער האט געקענט משה׳ן פאר אן עהרליכען מאן. ער האט קיין מאל פון איהם קיין פאלשהייט געזעהן. ביי איהם וואר קיין צווייפעל, אז אבוואהל דיעזער משה איז סאַנקאַ׳ס פאָטער, אבער קוים האט ער זיך איבערצייגט אין איהר ניעדערטרעכטיג־קייט, וועט ער אליין ניט צולאָזען זיא זאל הייראטהען אן עהרליכען מאן וואס איז איינגעגלויבט אין איהר ארדענטליכקייט. וויא־זשע קומט דאס, וואס יעצט אלס ער האט זיך מיט דיעזען עהרליכען מאן בעגעגנט, האט ער זיך געמאכט ניט וויסענדיג פון זיין טאָכטערס ניעדערטרעכטיגקייט און האט זיך געמאכט פונקט וויא סאנקא איז זיין גוטע, עהרליכע טאָכטער וויא פריהער?

— זאל דאס מעגליך זיין, אז דיא ליעבע צו דער טאָכטער האט איבערגע־וואויגען זיין מענשליכקייט? — האט יאָזעף ביי זיך נעקלערט — אבער ער דארף דאך ניט פערגעסען, דאס אזא זינדע קען קיין געהיימניס בלייבען. פריהער, שפעטער, מען מוז פון דעם ערפאהרען. וויא־זשע טהוט ער אזא נארישקייט און וויל מיר פערפיהרען אין אזא בלאָטע? ....

און וואס איז מיט סאנקא׳ן אליין? — האט יאָזעף וויטער נעקלערט — זאל דאס מעגליך זיין, אז משה האט קיין ליגען געזאגט, וואס ער האט מיר דערצעהלט, אז סאנקא איז אויס מענש דערפון וואס זיא זעהט מיר ניט? זאל דיעזע סאנקא זיין זא וויט פערדאָרבען, דאס נאך אזא ניעדערטרעכטיגקייט וויל זיא מיר אלץ איינבילדען, אז זיא ליעבט מיר? אדער זאל דאס אמת זיין, אז זיא ליעבט מיר וויקליך? וויא באלד אזוי האט זיא דאך ניט איין הערץ זאָנדערן צוואנציג הערצער וואס זיא קען פערטהיילען פיערציג פערשיעדענע מענשען.

דאס איז רעטהזעלהאַפט און זאנדערבאר! — האט ער אונצעהליגע מאל צו זיך אליין גערעדט.

אבער וואס טהוט מען יעצט?

אויף דער פראגע האט ער פערשיעדענע אנטווארטען געגעבען. א מאל פלעגט ער צו זיך אליין מיט א נעלעכטער זאגען:

— וואס פרעג איך דא אזעלכע נארישע קשיות? איך מוז פון דאנען אוועק־פאהרען און מיין גאנצען לעבען פון זיך אליין לאכען, וואס איך בין זא לייכטזיניג געוועזען און האב מיך פערליעבט אין א דאָרפיש מיידעל, נור ווייל מיר האט אויס־געזעהען אז זיא איז א גוטער שעהנער ענגעל. ווייס איך דען ניט, אז דאס געזיכט אליין קען נאך גאר ניט איבערצייגען? מיר געפינען דיא גרעסטע פערדאָרבענסטע מענשען מיט אזעלכע געזיכטער, פון וועלכע מען קען מיינען, אז זיי זיינען צו קיין שלעכטעס פעהיג. בעזאָנדערס האב איך דאך בעדאַרפט פערשטעהן, אז וויא באלד אלע פון דאָרף האבען איינשטימיג געזאגט, אז זיא איז א דיעבין און מען האט זיא פאר אזא זינדע אין געפענגניס געשליידערט, איז זיא ניט אזא כשר׳ער, הייליגער ענגעל וויא איך האב זיך פאָרגעשטעלט. און איך קלער נאך וואס איך זאל וויטער טהאן? — פליה אוועק פון דיעזער טייפעל דוא נארישער מענש. יאָג זיא ארויס פון דיין זינען און דערצעהל גאר קיינעם ניט, אז דוא האסט אזא נארישקייט בעגאנגען....

אין אנדער מאל האט ער אויף דער פראגע, וואס טהוט מען יעצט, געענטפערט נאר אנדערש:

— איך וועל איינפאך אריינגעהן צו איהר און איהר אנשפייען צעהן מאל אין געזיכט און וועל איהר דערביי זאגען, אז זיא איז אן אויסוואורף דער נאטור. זאל זיא ניט מיינען, אז זיא האט מיך געגאררט. ניין, מיך נאררט מען ניט. איך בין ניט אזא איינגעל וועלכער לאזט זיך פיהרען אין א וועלכען חדר עס איז.

אבער מערקווירדיג! אבוואהל יאזעף וואר פעסט איבערצייגט אין סאנקא׳ס ניעדערטרעכטיגקייט, האט ער דאך אין הערצען ניט געגלויבט, אז זיא איז ווירקליך שולדיג. ער האט דאס זיך זעלבסט ניט געוואלט געשטעהן. וויא א געהיימע שטימע האט איהם געקלונגען אין דיא אויערען: סאנקא איז ריין וויא אן ענגעל.

— וואס קען דאס שאדען ווען איך וועל צו זיי אריינגעהן, האט ער נאך א שלאפלאזער נאכט צו זיך אליין געזאגט — איך דארף נאר מיט איהר ניט ריידען ווענען איהר שאנדע. איך וועל נור אריינגעהן צו זיי אין שטוב וויא א גוטער בע-בעקאנטער, אדער וויא אן איינפאכער גוטער פריינד. איך וועל שוין מיט דעם ערשטען בליק אויף איהר פערשטעהן וואס מיט איהר טהוט זיך. מיר האבען דאך קיינע קאנטראקטען ניט געשריעבען, אז איך מוז זיא הייראטהען. איך בין אלץ איינס א פרייער מענש און קען טהאן וואס מיר געפעלט. אלענפאלס מעג איך דאך מיט משה׳ן וויא אויך זיין פאמיליע א גוטער פריינד בלייבען. דען ניט זיי האבען מיר שלעכטס געטהאן און ניט איך האב זיי שלעכט בעהאנדעלט, און אלס גוטער פריינד מעג איך דאך צו זיי אין יעדער צייט אריינגעהן. איך בין וויא מען זאגט, ניט נאט׳ס סטראפטשע. סאנקא מעג זיך טהאן וואס זיא וויל, איך וועל פאר איהרע זינד ניט ליידען.

דיא ער זאל פירכטען, פיעללייכט וועט איהם אין קאפ אן אנ איינפאלען, וואס וועט איהם פערהינדערן זיין גאנג צו משה׳ן. האט ער געהאפט זיין אויבערראק, איז ארויסגעלאפען אין גאס, האט זיך געזעצט אויף א דראשקע און האט געהייסען פאהרען אין דער גאס און צו דעם הויז וואו משה האט געוואוינט.

קומענדיג צו דער הויז איז ער פון׳ם וואגען אראפגעשפרונגען, האט בעצאהלט דעם איזוואשציק זיין געלד און איז פאר דער טהיר שטעהן געבליעבען. געגען זיין ווילען האט עס אין איהם זעהר שטערקער געערדט:

— וואוהין געהסט דוא? וויא קומסט דוא אהער? וואס פאר א מחותן ביזט דוא מיט דעם מעדכען וועלכע האט דיר אזוי כאראקטערלאז בעהאנדעלט? וועה-רענד דוא האסט איהר אזוי פיעל ליעבע געוויעזען און אזעלכע־אפפער געבראכט האט זיא דיר אזוי פיעל אונטרייהייט געוויעזען. אנטלויף פון דאנען דוא דומער קערל. שעם זיך פאר דיין איינענעם געוויסען און ווייך פון דיעזען שענדליכען הויז....

ער וואר שוין אין בעגריף צוריק צו געהען אבער א בעקאנטע קליננענדע שטימע האט פון א פענסטער א געשריי געטהאן:

— הערר לעהמאן? אך, וואס פאר א גאסט! איהר זוכט געוויס דיא טהיר

צו אונז. נעהט זייט מוחל צום צווייטען שטאק, אין דער רעכטער טהיר וואוינען מיר.

וואס פאר א צויבער דיעזע שטימע האט אויף יאָזעפ'ן אויסגעגאָסען. דאס וואר א י ה ר שטימע. וויא זיס, וויא אונשולדיג דיעזע בעקאנטע שטימע קליננט. ריכטיג וויא דאמאלס, דאמאלס, ווען ער האט געמיינט, אז זיא איז דאס פיינסטע קינד אין דער וועלט.

יעצט האט ער שוין ניט געקענט אנטלויפען. ער האט דיא אויגען אויפגעהויבען ארויף צום פענסטער און האט זיא דערזעהען.

— וויא שעהן! וויא רייצענד זיא ווייזט אוים! — האט ער זיך געקלערט — עס איז אונמעגליך קוקענדיג אויף דיעזען שעהנעם געזיכט צו דענקען עטוואָס שלעכטס וועגען איהר. זיא ווייזט נור אוים אביסעל בלאס. פערפאלען איך מוז, איך מוז ארייננעהען. אבער דיין שעהנעס געזיכט וועט מיר דאס מאל דיא אויגען ניט פער־בלענדען, איך בין קיין קינד. איך בין א מאן מיט פערשטאנד און מיט מוטה. איך וועל מיך ניט לאָזען נארען אין זאק.

מיט פעסטע טריט איז ער ארייננעגאנגען אין קארידאָר האט ארויפגעשטיגען דיא טרעפ און איז באלד געשטאנען ביי דער טהיר און נאך איידער ער האט צייט געהאט דיא טהיר צו בעריהרען האט זיא זיך געעפענט און סאנקא האט זיך געוויזען מיט א גליקליכער מינע.

— יאזעף! — האט זיא מיט וואהרע קינדישע פריידע אויסגערופען איהם דיא האנד רייכענד.

אך, ווען ער זאָל ניט וויסען אין וואס פאר א שמוץ זיא שטעקט. וויא גליק־ליך וואָלט ער געווען דורך דיעזען הערצליכען עמפפאנג; אבער יעצט האט ער זיך דערמיט ניט געקענט גליקליך פיהלען. איהם האט אויסגעוויזען, אז דיא אָפענע פריינדשאפט וואס זיא בעווייזט איהם יעצט, איז צו פרעך פאר אן ארענטליך מעד־כען און עס איז נור נעקינסטעלט.

ער האט איהר קאלט דיא האנד געררייכט און האט אוים העפליכקייט אויס־גערעדט א פאר פריינדליכע ווערטער. מיט זעהר אן אונצופריעדענע מינע איז ער ארייננעקומען אין הויז און אנשטאט דעם, וואס ער פלעגט אימער ביי זיין קומען אין משה'ס הויז זיך פיהלען וויא א היימישער, האט ער זיך יעצט וויא פרעמד אין אלע זייטען ארומגעקוקט. איהם האט שטארק פערדראָסען וואס ער איז נאר אהער געקומען, אבער עס איז שוין געווען פערפאלען: אנטלויפען אזוי גיך האט ער ניט געקענט.

— יאזעף! — האט סאנקא מיט פייער אויסגערופען — איז דאס וואהר, אז איהר זייט אין מאסקווא שוין פון א היב'שע צייט?

— יא, דאס איז וואהר, — האט ער מיט דער זעלבער קאלטקייט געענט־ערט.

— וואס זאָל דאס בעדייטען? איהר זאָלט זיין אין מאסקווא אח זאלט או בעזוכען? דאס איז ניט אומזאָנסט.

— איך בין געווען שטארק בעשעפטיגט.

— איז דאס פאר מיר אן ענטפער? איך נעדיינק, אז איהר פלעגט בעשטעני־דיג אלע נעשעפטען אוועקוואַרפען און קומען צו אונז אין דאנילאָווקא.

— ניט אלע מאל איז דער מענש אין איין לוינע.

— יאזעף! — האט סאנקא פלעהענד געזאגט — איך פערשטעה, אז איהר זייט ניט דערזעלבער מענש וואס פריהער. מיין פאטער האט מיר אויך דערצעהלט, אז איהר האט איהם נעזאגט אזעלכע ווערטער, אַז וועלכע ער האט פערשטאנען, אז איהר זייט אויף אונז אדער אויף מיר אליין צאָרניג. איך גלויב אז איםעצער האט צווישען אונז א רכילות אננעמאכט. זאגט, ליעבער פריינד, האב איך נעטראָפען?

— ניין, סאָנקא! — האט ער מיט א ניפטינגען טאָן געזאגט — קיינער האט צווישען אונז קיין רכילות געמאכט.

ביי דיא ווערטער האט ער זיך אבערמאלס אין אלע זייטען ארומגעקוקט וויא ער זאָל וועלען נעפינען שפורען פון יענעם קינד וואס האט זיין גליק אין אונגליק פערוואנדעלט.

— ניין, זאגט איהר? מען האט צווישען אונז קיין רכילות געמאכט? וואס־זשע איז דיא אורזאכע וואס איהר ווייזט אויס וויא צאָרניג?

— איהר האט אן אירטהום, איך בין ניט צאָרניג. וואו איז דאס יעצט אייער פאטער, דיא מוטער?

— זיי וועלען באלד קומען.

— האט שוין אייער פאטער א שטיקעל געשעפט?

— יא. דיעזע וואָך וועט ער בעטרעטען א שטעלע ביי דעם נביר מיכאל נרינזאנג.

— וואס פאר א שטעלע איז דאס?

— ער מאכט איהם פאר אן אויפזעהר אין א טוך־פאבריק.

— זעהר שעהן, דאס פרייט מיך.

— זייט איהר אונז היינט דער זעלבער גוטער פריינד וואס פריהער?

— ווארום ניט? — האט ער מיט א האלבען מונד געענטפערט — פיהלט איהר דען, אז איך דארף אייך ניט זיין דערזעלבער פריינד?....

— איך פיהל גאר ניט, אבער....

— אבער וואס?

— איך ווייס אליין ניט וואס איך זאָל זאגען. מיר ווייזט אויס, אז פאר מיר זייט יעצט ניט יענער גוטער, פריינדליכער יאָזעף, וועלכען איך האב געקענט אין דאנילאָווקא.

— האב איך אייך דען שלעכטעס געטהאן?

— ניין! איהר זייט ניט פעהיג יעמאנדען שלעכטעס צו טהאן; אבער אז איהר זייט ניט דערזעלבער פריינדליכער יאזעף וואס פריהער; דאס וועל איך שווערען.

יאזעף האט געוואלט א לאך טהאן, אבער ער האט ניט נעקאנט. איהם האט דייטליך אייסגעוויזען, אז אויך דיא סאנקא איז שוין ניט דאס זעלבע אונשולדיגע מעדכען וואס פריהער. ער האט אפילו געוואלט עפענען דאס הערץ און איהר פא

אויסזידלען דערפאר וואס זיא נאררט איהם און וויל איהם נאך יעצט אויף דיא אוינגן פערבלענדען, אבער ער האט דאס ניט געקענט טהאָן. ער האט פּאָרט אויף איהר רחמנות געהאט. ער האט קיין הערץ גענאט איהר א שלעכט וואָרט צו זאגען.

סאָנקא איז געוועזן אויסער זיך פאר שמערצען. זיא האט דייטליך געזעהן, אז איהר ליעבער יאזעף צו וועלכען זיא איז צוגעבונדען מיט לייב און זעעלע איז צו איהר פרעמד געווארען. זיא האט געזעהן דיא בייזע אונפריינדליכע בליקען וואס ער ווארפט אויף איהר; אבער וואס דאס בעדייט, וואירום ער איז אנדערש געווארען, דאס האט זיא ניט געקענט פערשטעהן.

דיא טהיר האט זיך אויפגעעפענט און משה מיט שרה'ן זיינען אריינגעקומען; און אלס זיי האבען געטראפען יאזעף'ן איז געווארען א גאנצע שמחה. אבער דער מענש וואס צוליעב איהם איז דא געווארען אזא גרויסע שמחה, ער אליין איז געזעסען פערטרויערט און אויף צעהן ווערטער האט ער קוים איינס געענטפערט.

אומזאנסט האבען זיך אלע בעמיהעט צו ערפאהרען וואס מיט איהם איז. זיי האבען פון איהם גאר ניט געקענט ערפאהרען. צו דעם כבוד וואס שרה האט דער־לאנגט האט ער זיך ניט צוגעריהרט און נאך א צוויי־שטונדיגען געשפרעך וואס איין וואָרט האט זיך ניט געקלעפּט צום צווייטען האט ער געזאגט א גוטען טאג און איז אוועקגעגאנגען איבערלאָזענדיג דער גאנצער פאמיליע האָניגמאן, בעזאנדערס סאָנ־קען אין דער גרעסטער בעשטירצונג.

192טעם קאפּיטעל.

## מאַריאַ אַלס אַדעלאַ'ס בעסטע פערטהיידיגערין.

מייסטערהאפט האט דיא גרעפין מאריא אדער וויא זיא הייסט יעצט סו־סאנא פעטראָוו, געשפּיעלט אויף דער פּיאנאָ וואס איז געשטאנען ביי דער מאַ־דאם נעלידאוו אין זאל. זיא האט געשפּיעלט אזוי מייסטערהאפט, מיט אזא געפיהל, דאס וולאדימיר נעלידאוו איז פון זיין קאבינעט ארויסגעלאפען און האט אנגעהויבען צו פּאטשען בראוואָ.

— איהר זייט א קינסטלערין, מאדאם פּעטראָוו! — האט ער געזאגט דריי־קענד איהר דיא האנד — איך דאנק אייך זעהר פאר דעם פערגעניגען וואס איהר האט מיר מיט אייער שפּיעלען יעצט פערשאפט.

— איך האב דעם דאנק ניט פערדיענט, הערר נעלידאָוו, — האט דיא גרעפין מיט איהר ליעבליכע מינע געענטפערט — וויל איך האב יעצט ניט געשפּיעלט פאר אייך זאָנדערן פאר זיך זעלבסט.

— איהר האט גענומען שפּיעלען חאָטש פאר נאט אליין, אבי איך האב דערפון פערגעניגען געהאט. איך זאג אייך, אז ווען איהר זאלט אבגעגעבען א קאָנ־צערט אויף פּיאנאָ, וואלט איהר זיך אן אונשטערבליכען נאמען געקויפט.

— צופיעל, הערר נעלידאָוו! — האט דיא גרעפין געלאכט — איהר ריהמט מיין שפּיעלען שוין איבער דער מאס. איבעריגענס זוך איך ניט מיר אן אונשטערב־

ליבען נאמען צו מאכען, דען איך בין מאנכעס-מאל בייז פאר וואס איך אליין לעבע, און פאר מיין נאמען וועט מיך געוויס ניט אינטערעסירען, אז ער וועט אבשטארבען גלייך מיט מיר צוזאמען.

— וויא איך פערשטעהע האט איהר זעהר פיעל געליטען, מאדאם פעטראָווו, וואס איהר זייט אזוי אונצופריעדען פון אייער לעבען?

— יא, פריינד, — האט זיא זיפצענד געענטפערט — איך האב זעהר שווער און פיעל געליטען.

— זיינען אייערע ליידען בעשטאנען פון דער שלעכטער צייט, צו פון אן אנ-דער אונגליק?

— וואס פערשטעהט איהר אונטער דיא ווערטער שלעכטע צייט און אנדער אונגליק? מיר שיינט, אז דאס איז איינס און דאסזעלבע.

— זאגט דאס ניט, מאדאם פעטראָווו, דאס איז גאנץ פערשיעדענע זאכען. שלעכטע צייטען הייסען ביי מיר, ווען מען פערדינט קיין געלד, און אן אנדער אונגליק רוף איך דיא ליידען וואס קומען פון דער נאטור וויא צום ביישפיעל, אז עס שטארבט אזא פריינד וואס מען איז צו איהם צוגעבונדען מיט לייב און זעעלע, אדער אזעלכע שמערצען וואס קומען פון שלעכטע מענשען וויא צום ביישפיעל מען ווערט אונשולדיג פערפאָלגט פון הערצלאזע פערזאָנען.

— אויב אזוי פערשטעה איך אייך.

— קענט איהר דאך יעצט מיין פראגע בעאנטווארטען?

— יא, דיא פראגע קען איך אייך בעאנטווארטען, אבער גאנץ קורץ, — האט זיא געענטפערט דורכפיהרענד דיא האנד איבער איהר שטערן — מיינע ליידען זיינען בעשטאנען פון אן אנדער אונגליק.

— דאס הייסט, שלעכטע מענשען האבען אייך פערפאָלגט.

— מענשען האבען מיך ווירקליך פערפאָלגט, זיי קען איך אבער ניט אנרופען שלעכטע, ווייל דיא פערזאָן וואס האט מיר דיא גרעסטע ליידען פון דער וועלט פערשאפט איז נאך מיין מיינונג דער בעסטער, ליעבליכסטער מענש אין דער וועלט.

— דיא ווערטער קלינגען זאנדערבאר אין מיינע אויערן — האט געלידאָוו ערשטוינט געזאגט — וויא איז דאס מעגליך, מען זאל פערפאָלגט ווערן פון דעם בעסטען מענשען אין דער וועלט?

— איהר זעהט דאך, אז דאס איז יא מעגליך.

— זעהען זעה איך ניט, איך הער בלויז פון אייך.

— און איהר קענט זיכער זיין, אז איך זאג אייך קיין ליגען.

— דאס ווייס איך, אז איהר קענט קיין ליגען זאגען. אבער מיין פערשטאנד בעגרייפט דאס ניט.

— אין דער וועלט בעגעגנען מיר זעהר אפט אזעלכע זאכען וואס אונזער פערשטאנד בעגרייפט זיי ניט, — האט דיא נרעפין זיפצענד געזאגט.

— איהר מאכט מיך אבער זעהר נייגעריג מאדאם פעטראָווו. אבוואהל איך האב ניט דאס רעכט איינצודרינגען אין אייערע געהיימניסע, אבער אלס איינער פון

אייערע בעסטע פריינדע און פערעהרער בין איך זעהר נייגיעריג צו וויסען, וועלכער גוטער מענש האט אייך שמערצען פערשאפט.

— דאס קען איך ניט זאגען.

— איז דאס א געהיימניס?

— וויא באלד איך וויל דאס אייך ניט זאגען, איז דאס מיין געהיימניס. נור אום צו בעפריעדיגען אייער נייגיערדע, וועל איך אייך בלויז ערקלערן דיא מעגליכקייט, אז א גוטער מענש זאל זיין שלעכט וויא דער טייפעל.

— ביטע ערקלערט דאס מיר, איך וועל אייך דערפאר זעהר דענקבאר זיין.

אזעלכע סארטען מענשען געפינט איהר זעהר אפט ביי דיא מענער אין זייער פערקעהר מיט דיא פרויען. מיר בעגעגנען אזעלכע מענער וואס דיא גאנצע וועלט האלט זיי פאר דיאמאנטען און זיי זיינען ווירקליך לייטע אהנע פעהלער, נור וויא עס קומט א מיספערשטענדניס אין זייער לעבען מיט דער פרוי וועלכער זיי האבען געליעבט ווערען זיי איינפאכע טייפלען.

— דאס קלינגט ווייטער רעטזעלהאפט אין מיינע אויערן.

— אויב איהר פערשטעהט מיינע ווערטער ניט, איז א בעווייז אז, געהמט ניט פאר אומגוט, איהר זייט זעהר אונפראקטיש אינ'ם לעבען. איהר מענער בענוצט זיך אימער מיט דער גרעסערער קראפט וואס איהר האט פון דיא פרויען אום דיא שוואכע וועזענס צו דריקען און צו שטיקען ביי יעדער שלעכטער לוינע.

— אָ, צופיעל מאדאם שענדעט איהר דיא מענער. מיר האבען דיעזען טאדעל ניט פערדיענט.

— איהר האט דאס פערדיענט אין פאלען זינע דעס ווארטעס. זאל איינער פון אייערע מענער האבען דעם מינדעסטען פערדאכט אויף זיין פרוי אדער אויף זיין כלה, ווערט זיא שוין ביי איהם זא געפאלען דאס ער ערלויבט זיך זיא צו טרעטען מיט דיא פיס וויא מיט טרעט אויף ווערים אדער אויף גיפטיגע שלאנגען. איז דאס ניט וואהר?

— איך וויים פון אזעלכע זאכען ניט.

— האט איהר אזעלכע געשיכטען ניט געהערט, וויא מענער האבען איינפאך ערמארדעט זייערע פרויען דערפאר וואס זיי האבען אויף זיי א פערדאכט געהאט, דאס זיי זיינען זיי אונטריי געווארען?

— יא איך האב אזעלכע געשיכטען געהערט.

— ענטשולדיגט מיר הערר געלידאָוו, — האט דיא גרעפין געזאגט — איך מוז אייך זאגען, אז איהר האט זיך זעלבסט יעצט שטארק בעליידיגט.

— מיט וואס? — האט ער ערשטוינט געפרעגט.

— טאקי דערמיט וואס אזעלכע געשיכטען האבען אויף אייך דעם מינדעסטען איינדרוק ניט געמאכט. דעם בעוויז האב איך דערפון, וואס איהר רעדט פון דעם זא גלייכגילטיג ריכטיג וויא איהר זאלט ריידען פון דעם וואס א שעכטער האט גע-שאכטעט א פיה. אבער אייגענטליך דארפט איהר זיך נאר ניט געפינען בעליידיגט מיט דער קאלטבליטיג וואס איהר בעווייזט צו אזעלכע מערדערייען; דען ביי אייך

מענער איז דאס שוין אריין אין דער נאטור. אזעלכע מערדערייען קומען אייך פאר וויא געוועהנליכע טאגעס עראייגניסע. דאס מאכט אייך אבער קיין עהרע.

— איך וועל אייך ניט לייגנען איהר האט אביסעל רעכט — האט געלידאָוו פערשעמט געענטפערט.

— איך האב אביסעל רעכט? — האט זיא שפּאָטיש געזאָגט — איהר ווילט ניט געשטעהען, אז איך האב דורכאויס רעכט. איך פרעג אייך נור ערקלערט מיר, מיט וואס פאר א רעכט נעהמען זיך דיא מאנסלייט דיא פרייהייט צו דריקען און שטיקען אונערבארמליך דיא פרויען וואס נאך זייער מיינונג זיינען זיי אונטריי געוואָרען. דאס איז דאך אייגענטליך אזא זאך וואס געהערט צום הערצען. יעדער מענש קען דעם צווייטען ליעבען און נאכהער איהם אויפהערן צו ליעבען. פארוואס איז דער פרוי דיעזע נאטירליכע זאך ניט ערלויבט? מיר וואלט שוין ניט אזוי געארט, ווען דיא מענער זאלען בעשטראפען זייערעווירקליך אונגעטרייע פרויען. דען ביי אונז פרויען בעגעגנען מיר אויך אזעלכע סצענען וויא דיא אייפערזוכט טרייבט זיי צו דער גרעסטער פערצווייפלונג; אבער איך בין געקומען צו דיעזער ביטערער איבערציינונג דאס פיעלע מענער ערלויבען זיך בלויז דורך א פערדאכט זייערע פרויען מערדעריש צו בעהאנדלען. איך האב אויך דאס בעמערקט, אז דיא ליעבע פון׳ם מאן צו דער פרוי ווערט זעהר ניך אבגעקיהלט, און אז זיא ווערט אבגעקיהלט דאן שפּיעלט ביי זיי דאס לעבען פון דיא שוואכע פרויען קיין ראָליע! — ווילט איהר פיעללייכט בעווייזע?

— וואס פאר א בעווייזע ווילט איהר מיר דען געבען?

— איך וויל אייך אליין הערר געלידאָוו אלס ביישפּיעל שטעלען. אייך מעג דאס פערדריסען, אבער איך קען פון דער וואהרהייט ניט אוועקגעהען און מה אייך אין דיא אויגען דעם אמת זאגען. איהר אליין האט מיר דערצעהלט, דאס איהר זייט צו דעם מערדען וועלכען איהר האט שטערבליך געליעבט קאלט געוואָרען און אייך פערדריסט יעצט אויף דעם וואס איהר האט מיט איהר א ליעבעס פערהעלטניסע געהאט, איז דאס ניט וואהר?

— איך זאג דאס יעצט אויך.

— איהר זאגט דאס יעצט אויך און מיט אזא קאלטקייט, ריכטיג וויא מען רעדט וועגען א פערד וואס מען האט געקויפט און מען האט חרטה אויף דעם קויף. איהר פערגעסט נאָר, אז דאס מערדען וועלכע איהר האט עווינע ליעבע געשוואָרען איז פיעללייכט אין אייך יעצט אויך שטערבליך פערליעבט און זיא קען אהן אייך ניט לעבען. איהר ווילט גאר ניט דענקען, פיעללייכט וועט איהר זיא דורך דער קאלט-קייט וואס איהר בעווייזט איהר צו אזא פערצווייפלונג ברייגנען, דאס זיא וועט זעלבסטמארד בעגעהען. דען אונזערע פרויען זיינען ניט אזוי וויא איהר מענער. מיר, ווען מיר שענקען שוין יא יעמאַנדען אונזער הערץ אוועק, הייסט דאס ווירקליך געשענקט אויף אימער און עוויג. פון אייניגע פערדאָרבענע פרויען זאָלט איהר ניט אורטהיילען אויף אלע. אלזא קימערט דאס אייך גאר ניט, וואס איהר מיט אייערע הענד פערטרייבט א יונגעס, בליהענדעס מערכען אין גראב נור ווייל איהר האט זיך

ארומנעזעהען, אז דער שידוך לוינט פאר אייך ניט. קענט איהר אייער האנדלונג מיט עטוואס פערענטפערן?

נעלידאָוו האט איינינע מינוטען נעשוויעגען, נאכהער האט ער ערגריפען מאריאס האנד און האט מיט א ציטערנדע שטימע געזאגט:

— איך דאנק אייך מאדאם פעטראָוו פאר דעם וואס איהר האט מיר דיא אוינען נעעפענט איך איך זאל זעהען וויא אונמענשליך איך האב מיין ליעבער אדעלא׳ן בעהאנדעלט. איך פערשפרעכע אייך, אז איך וועל מיין פעהלער פערריכטען.

— מיך פרעהט זעהר, וואס מיר איז באשערט נעווען צו זיין דיא אורזאכע צו ערוועקען אין אייך אייערע עדעלע נעפיהלען, — האט מאריא פערגניגט מיט א שטראה־לענדעס געזיכט פון אינערליכע פריידע נעזאגט — איך בין איבערצייגט, אז אייער אויסנעוועהלטע איז נעוויס א ליעבענסווירדיגע מעדכען, און וויא אומגליקליך פיהלט זיך נעוויס דאס צערטליכע קינד זיצענדיג ערוויימערט פון איהר הערצענס־געליעבטען; דען דאס הארץ זאנט איהר נעוויס, אז איהר נעליעבטער האט איהר פון זיין הארצען פערטריעבען און שטאט ליעבע נעסטעט אין זיין הארץ צו איהר האס און פעראכטונג. — ענטשולדיגט מיר מיין הערה, ווען איך וועל מיר ערלויבען אייך צו עראינערן איהר זאלט ניט לאזען לאנג אייער נעליעבטע שמאכטען אונטער דער שווערער לאסט פון פערצווייפלונג. איילט שנעל איהר צו איבערצייגען דאס אייער ליעבע צו איהר איז ניט ווענינער וויא איהרע צו אייך.

— איך דאנק אייך זעהר עדעלע פרוי, — האט נעלידאָוו נעריהרט געזאגט — איך שרייב באלד צו מיין ליעבער בראוט א בריעף, אין וועלכען איך וועל איהר אויפמונטערן אין אונזער ליעבע, און דאס וועט זיא אייך עדעלע זעעלע האבען צו דאנקען, איהר האט מיר צוריק אויפ׳ן נוטען וועג ארויפגעפיהרט.

192טעם קאפיטעל.

## וואונדער איבער וואונדער.

א גרויסער שווערער בארג לאסטעט אויף אדעלא׳ן. דיא ערפאהרונג וואס זיא האט נעמאכט אז איהר בריעף וועלכען זיא האט נעשריעבען צו איהר פאָטער מיט אזא שרעקליכע מסירה אויף זיך זעלבסט איז דורך איהר אייגענער שולד גאר אריינגעפאלען צו איהר געליעבטען וולאדימיר נעלידאוו. דאס הייסט אזוי גוט, וויא זיא וואלט זעלבסט מיט איהרע אייגענע הענד פאר זיך א קבר נעגראָבען. דיא ביטערע ערפאהרונג האט א האלבעס לעבען פון איהר צוגענומען. זיא איז אויס גרויסע שמערצען שיער וואהנזיניג נעוואָרען.

— וואס טהוט מען יעצט? — האט זיא זיך נעקלערט — וואס וועט וואלאדיע זאָגען, ווען ער וועט דיעזען שרעקליכען בריעף איבערלעזען? ער וועט גלייך ערפאה־רען, אז איך האב אנטאָגען אין אונגליק נעשליידערט און איך וויל איהם יעצט ערמאָרדען. יא, ער וועט דאס דייטליך לעזען פון מיין בריעף. וועה איז מיר! אויסער דעם וואס ער וועט מיך פערהאסען, וועט ער נאך פיעללייכט מיין פערפאָלגער ווערן, דען ער איז דאך א וואהרער ארדענטליכער מאן, ער וועט אזעלכע מערדע־רייע נלייכנילטיג ניט אראפשלינגען. זאל איך צו איהם פאהרען און זיך פרופען

איהם דעם קאָפּ צו פערדולען מיט לינענס? ערשטענס, וויא וועל איך איהם קענען קוקען גלייך אין דיא אויגען נאך דעם, אז איך האב זיך זעלבסט פערראטהען און צווייטענס, איז ער דען אזא נארר וואס מען קען איהם לייכט איינבילדען ער זאָל שווארץ בעטראכטען פאר ווייס?

דער גאנצער שטאלץ איז פון איהר ארונטערגעפאלען, זיא האט דעם גאנצען מוטה פערלאָרען. פון מינוט צו מינוט האבען אלץ שרעקליכערע געדאנקען אין איהר קאפּ איינגעדרונגען. זיא האט איינפאך אנגעהויבען צו ציטערן פיעללייכט האט נע. לידאָוו איהר בריעף צוגעשטעלט אין דער פּאָליציי און מען וועט באלד קומען זיא ארעסטירען.

צום אונגליק האט זיא ניט געהאט אויף וועמען דעם כעס אויסצוניעסען. דען זא האט געוואוכט, אז נור זיא אליין האט שולד אין דעם אונגליק, נור זיא אליין האט דעם אירטהום געהאט און האט דיא בריעף פערביטען.

אויך דער אלטער פעליקס דאנילאוו האט דעם קאפּ טיעף אראפּגעלאזט און האט זיין גאנצען מוטה פערלאָרען. ער האט אויך פערשטאנען וואס פאר א שווארצען סוף ער מיט זיין טעכטעריל קענען דא האפען פון געלידאָווין וועלכער איז א נאריישער עהרליכער מאן. אויסער וואס אנטאָנס גאנצעס קאפּיטאל וועט פון זיי צוגענומען ווערען קענען זיי נאך מיט זייער לעבען בעצאָהלען פאר דעם פערברעכען וואס זיי האבען דא בעגאנגען.

זא זיינען דריי טעג פערגאנגען.

אלע בעדיענטע האבען בעמערקט וויא זייער נייע ווירטהין איז ניט דיעזעלבע ליכטיגע, שטאלצע אדעלא וואס פריהער. אלע האבען פערשטאנען, אז מיט איהר האט עפּעס זאנדערבארעס געמוזט פּאסירען; אבער אין וואס דיא זאָנדערבארעס בעשטעהט, דאס האבען זיי ניט געקענט ערפאהרען.

אויפ׳ן פיערטען טאָג אלס אדעלא איז געזעסען פערשפּארט אין איהר ציממער פערטיעפט אין פינסטערע געדאנקען, האט איהר א בעדיענטער א בריעף אריינגעבראכט, און וויא איבערראשט איז זיא געוואָרען אלס זיא האט דערקענט אויף דעם קאָנווערט וולאדימיר׳ס האנדשריפט.

דאס הערץ האט אין איהר אנגעהויבען שטארק צו קלאפּען. געלידאָוו שרייבט איהר יעצט א בריעף, נאך יענעם שרעקליכען בריעף וואס איז אין זיינע הענד אריינגעפאלען. וואס האט ער דאָ געקענט שרייבען?

זיא האט גאר מורא געהאט דעם בריעף צו עפענען, וויא זיא זאל ציטערן, אז דא ליעגט א גיפטיגע שלאנגע; ענדליך אבער האט זיא זיך געמוטהיגט און האט דעם קאָנווערט אויפגעריסען. זיא האט פון דארט ארויסגענומען א בריעף און האט פאָלגענדעס געלעזען:

„מיין טהייערע אדעלא!

„איך פיהל וויא צאָרניג דוא ביזט אויף מיר, מיין טהייערע. דערפאר וואס איך שרייב דיר זא זעלטען. אבער גלויב מיר מיין לעבען, אז ניט אויס מאנגעל אין טרייהייט אדער אין ליעבע האב איך צו דיר ניט געשריעבען, זאָנדערן איינפאך דער-

פאר, וואס איך בין אימער זעהר בעשעפטיגט, דאס איך פערנעס מאנכעס מאל, אז מען דארף עסען אדער טרינקען. איך גלויב מיין טהייערע, אז דוא װעסט מיר פערצייהען און דיין הייסע ליעבע צו מיר װעט דאדורך ניט אבגעקיהלט װערען. איך זאג דיר אפען, אז איך בערייהע מיין נאכלעסיגקייט וואס איך האב בעוויעזען אין מיינע בריעף צו דיר און איך ביטע דיר אום פערצייהונג.

„ווארום זיצט דוא מיין לעבען אזוי לאנג אין דאנילאָװקא ? קענסט דוא זיך פון דיין ליעבען קוזין ניט אברייסען? דוא דארפסט אבער ניט פערגעסען, אז אין מאסקווא האסט דוא א ברויטיגאם וואס וויל אויך דאס גליק האבען דיך צו זעהן.

„אויך דיין פאָטער האב איך שוין לאנג ניט געזעהען. עס קען זיין, אז ער איז אויף מיר צאָרניג דערפאר וואס איך האב איהם א פּאָר מאל ענטזאגט אלס ער האט ביי מיר געבעטען עטליכע רובעל לייהען. דיא אורזאכע דערפון װאר אויך זעהר איינפאך, ער האט מיך אימער אין שלעכטע לוינע געטראָפען. איך מעכטע איהם גערן זעהן אום איהם אויך אום פערצייהונג בעטען. שרייב איהם ליעבע אדעלאָ, ער זאל צו מיר אריינקומען. איך בין הייטע ביי איהם צוויי מאָל געװעזען, אבער איך האבביידע מאל געפונען זיין טהיר פערשלאסען און נאך עטליכע מאל געהען צו איהם האָב איך קיין צייט וויא דוא ווייסט.

„וויטער קען איך דיר מיין לעבען בענאכריכטען, דאס איך בין גאט זיי דאנק געזונד און מונטער, דעם גאנצען טאג ארבייט איך זעהר שווער, דען מיין פראקסיס פערגרעסערט זיך פון טאג צו טאג ; דערפאר אבער האב איך אבענדס־צייט פערגעניגען. דען מיר האבען ביי אונז אין הויז א פראכטפאָלע פיאנא־שפּיעלערין. דאָס איז דיא נייע יונגע גובערנאנטין וואס מיין מוטער האט צוגענומען צי מיינע קליינע שוועסטער. דיעזע לעהרערין איז איינע זעלטענע קינסטלערין אויף פיאנאָ און אזוי וויא דוא ווייסט, אז איך בין א ליעבהאבער פון מוזיק, האב איך גרויס פערגעניגען פון איהר שפּיעלען.

„מיר פעהלט גאט זיי דאנק קיין זאך ניט. נור דוא אליין פעהלסט מיר. ווען דוא זאלסט דא זיין וואלט איך פאָלקאָמען צופריעדען געוועזען. איך בעט דיך מיין לעבען, קום וואס גיכער צוריק אהיים, מיר מוזען יא זיך בעשפרעכען וועגען דעם טאג פון אונזער גליקליכער האָכצייט.

„ערווארטענדיג מיט דער גרעסטער אונגעדולד דיין צוריקקומען פערבלייבע איך דיין עווינגליעבענדער װלאדימיר״.

אדעלא איז אויסער זיך געוואָרען פאר ערשטוינען אלס זיא האט דעם בריעף געענדיגט. נאך דיעזע ווערטער ווייזט אויס, אז וואלאדיא האט נאר איהר בריעף וואס האט בעדארפט אין זיינע הענד אריינפאלען ניט געלעזען. אלזא, וואו איז אהינגעקומען דער בריעף ?

זיא האט וואלאדיעס בריעף געוויעזען דעם פאָטער. ער האט זיך אויך שטארק פערוואונדערט אויף דעם. וואס דא טהוט זיך האט ער אויך ניט געקענט פערשטעהען.

— דאס איז מערקווירדיג, — האט ער געזאגט — זאלען מיר גלויבען, אז דער בריעף איז פערלאָרען געגאנגען. אדער ער האט זיך פערשפעטיגט.

— וויא איז דאס מעגליך ער זאל פערלארען געהען?

— עס קען זיין, אז ער איז אויף דער פּאָסט פערפאַלען געוואָרען, אזעלכע זאכען טרעפען זעהר אָפט. דוא ווייסט וואס איך וועל דיר ראטהען מיין טאכטער?

— וואָס?

— דוא זאלסט שוין פאָהרען נאך מאסקווא. געה גלייך וויא דוא וועסט אהין קומען אריין צו דיין וולאדימיר'ן. ריידענדיג מיט איהם וועסט דוא איהם דערציהלען, אז דוא האסט אן אירדטהום געהאט און האסט איהם אריינגעשיקט דעם בריעף וואס דוא האסט צו מיר אנגעשריעבען, און וויל אין איהם געפינען זיך אזעלכע פאמיליענפערהעלטניסע וואס ער דארף דערפון ניט וויסען, דארום בעטסט דוא איהם, אז ווען איהם וועט אנקומען יעצט א בריעף פון דיר, זאל ער איהם אונגעעפענט דיר אין דיא הענד איבערגעבען. דיין וולאדימיר איז אן עהרליכע בהמה, ער וועט קיינע חכמות קלערען און וועט טהאן וואס דוא וועסט איהם בעטען.

— וויא באלד, אז דער בריעף איז פערלארען געגאנגען, וועט ער דאך צו איהם אין דיא הענד שוין ניט אריינפאלען.

— מיר ווייסען דאך ניט געוויס, צו איז ער ווירקליך פערלאָרען געגאנגען. עס קען נאָר זיין, אז ער האָט זיך פערלעגען אויף דער פּאסט און מען וועט איהם נאך געפינען, דאן וועט מען איהם צו וולאדימיר'ן אוועקטראגען.

— דאס האסט דוא רעכט. אָבער פיעללייכט האט ער אונטער דער צייט וואס זיין בריעף איז געגאנגען אהער יענעם בריעף ערהאלטען.

— איז אלץ גלייכער דוא זאלסט אין דער הייסער שעה אנקומען, וועסט דוא קענען פערהיטען דאס אונגליק בעפאר ער וועט אויסברעכען.

— איז דיין ראטה איך זאל הייטע פאָהרען נאך מאסקווא? — האט זיא נאכדענקענד געפרעגט.

— יא מיין טאָכטער. דוא מוזט אזוי טהאן.

— גוט, איך וועל דיר געהאָרזאם זיין. איך פאהר נאך הייטע אוועק. אבער אויך דוא פאָטער מוזט הייטע אוועקפאהרען.

— וואוהין?

— נאך אָרשא.

— וואָס וועל איך דארט טהאן?

— דוא מוזט זעהן, אז אנטאָן זאָל ניט ווערן.

— אָבער דאס איז זעהר א שווערע זאך.

— דאס איז ניט אזוי שווער וויא דוא מיינסט. דוא רייד נור איבער מיט דיין וועכטער, גיעב איהם געלד, וועסט דוא זעהן וויא דאנילאָוו וועט ניט ווערען....

— וויא וועט אבער זיין, ווען דער וועכטער וועט זיך צו אזא זאך ניט בעשליסען. דאן קען ער מיר אונגליקליך מאכען. דען ער קען דערצעהלען, אז איך האב איהם צוגערעדט ער זאל אן ארעסטאנט ערטאָרדען.

— האב קיין פורכט. יעדער וועכטער פון נעפעננגיס איז צופרידדען ווען איהם מאכט זיך צו פערדיענען עטליכע רובעל דורך אזא שטיקעל ארבייט.

— איך האב אבער פורכט זיך איינצושטעלען.

— שא! ווייסט דו וואס מיר איז פאר א גליקליכער געדאנק אין קאפ איינ־געפאלען.

— וואס איז דארט פאר אזא גליקליכער געדאנק?

— איך האב א פלאן דוא זאלסט אנטאנען פון דער וועלט אבשאפען אזוי לייכט און אזוי שטיל, אז א האן זאל דאביי קיין קרעה ניט טהאן.

— זאג־זשע שוין, וואס איז ביי דיר פאר א פלאן?

— מיין פלאן איז פאלגענדער: דוא ווייסט דאך, אז מען קען פאר אן ארעס־טאנט אריינשיקען עסען פון דרויסען.

— וואס זאל איך אין דיינע ווערטער פערשטעהן.

— אבער אום גאטעס ווילען, וואס איז דא פאראן צו פערשטעהן? ווייסט דוא דען ניט, אז פיעלע ארעסטאנטען בעקומען זייער עסען צוגעשיקט פון זייערע קרובים.

— יא, דאס ווייס איך.

— ביזט דוא דאך אויך זיינער א קרוב, מעגס טדוא איהם אויך אריינשיקען עסען.

— וואס־זשע וועט דאן זיין?

— איך מוז דיר זאגען פאטער, אז דוא ביסט אין דיינע עלטערע יאהרען נאר אויסגעוועבט געווארען. דוא פערשטעהסט ניט וואס איך מיין?

— ניין, איך פערשטעה ניט.

— איך מיין גאנץ איינפאך, דוא זאלסט אין זיין עסען אריינטהאן גיפט, וועט ער נאך א געשמאקען מיטטאג זיין טויט געפינען.

— דער פלאן איז ניט שלעכט. אבער ער שמעקט מיט גרויסע שוויערינקייטען.

— וואס פאר א שווירינקייטען געפינסט דוא דא?

— ערשטענס מוז מען צו אזא זאך האבען דיא ערלויבניס פון׳ם סמאטריטעל. נור לאמיר זיך פארשטעלען, אז איך האב שוין דיא ערלויבניס. וואס־זשע וועט זיין שפעטער, ווען מען וועט איהם געפינען טויט און מען וועט ערפאהרען, אז דאס איז מיין ארבייט? פערשטעהסט דוא דען ניט, וואס פאר א שטראפע איך וועל דאן ערהאלטען? דאס שמעקט מיט סיביר.

— דאס זיינען פוסטע זאכען. דוא קענסט נאר דאמאלס האבען פרענטענ־זיעס, אז מען האט דיין קוזין פערגיפטעט, דערמיט וואס מען האט אריינגעטהאן גיפט אין דעם עסען וואס דוא האסט איהם געשיקט. קיינער וועט דאס ניט גלויבען אז אן איינענער קוזין זאל דעם צווייטען פערגיפטען, און ווען זאגאר דער פערדאכט וועט פאלען אויף דיר וועסט דוא איהם קענען דורך געלד פערדעקען. דוא פער־שטעהסט? דוא פערשטעהסט? דוא דארפסט וויסען, אז ביי אזעלכע פעלע ניט מען א שמיר דעם דאקטאר מיט דעם סמאטריטעל און עס ווערט אלעס פערגראבען טיעף אין דער ערד מיט דעם פערגיפטעטען צוזאמען.

— אדעלא, דוא טרייבסט מיר אין נעפאהר.

— וואס פאר נעפאהר? — האט אדעלא בייז נעענטפערט — דא איז קיין נעפאהר פאַרהאנדען. ווען איך זאָל יעצט ניט דארפען פאהרען נאך מאָסקווא, וואלט איך דאס זעלבסט נעטהאן. זיי זיכער, פאטער, אז איך וועל דיך ניט לאָזען ארייננפאַלען אין אן אונגליק, ווען מיר זאל דאס אנטאנס גאנץ פערמענען קאָסטען, וועל איך דיך רעטען. אבער איך פערזיכערע דיר נאך אמאל, אז דא איז קיין נעפאהר פאַרהאַנדען. דוא מענסט פריי טהאן וויא איך ראטה דיר.

— נוט! — האט דער אלטער ענטשלאָסען נעענטפערט — איך פאָלג דיר און איך פאהר הייטע אָפּ נאך אָרשא. אבער אויף וועמען וועסט דוא דאס הויז איבערלאזען, ווען מירביידע וועלען אוועקפאהרען?

— וועגען דעם זאלסט דוא ניט זארגען. איך וועל אלע טהייערע זאכען פערשליסען אין דעם פייער־קאססטען. דאס מעבעל וועט קיינער צוחאפּען. איך וועל מיך אין מאסקווא ניט זאמען. ניט מעהר וויא צוויי טעג וועל איך דאָרט זיין און וועל קומען צוריק. קוים וועט אנטאן שטארבען, דאן בלייבען מיר ביידע דיא איינגעטהיכער פון אלעס וואס פון איהם וועט בלייבען.

— וועסט דוא מיר געבען א גלייכען טהייל?

— נעוויס.

— פאר וואס־זשע האסט דוא מיט איינינע טעג צוריק אנדערש נעזאגט?

— איך האב דאס נעזאגט אויס פערדרוס אויף דיר דערפאר, וואס דוא האסט צו מיר דיין צוטרויען פערלארען און האסט נעמיינט, אז איך וועל אלעס צונעהמען פאר זיך. דוא דארפסט מיך שוין גוט קענען, דוא דארפסט וויסען, אז דוא ביסט ביי מיר זעהר טהייער און איך וועל דיך ניט איבערלאזען אין דער נויטה ווען איך וועל רייך ווערען. איבעריגענס וועל איך זאגען דיינע ווערטער. וואס הייסט איך וועל דיר געבען? ביזט דוא דען ניט אזא יורש וויא איך? דוא ביסט דאך נעהנטער צו אנטאנען אלס איך. איך דארף נאָר דיך בעטען דוא זאָלסט מיר געבען א גלייכען טהייל.

א שמייכעל האט זיך נעוויעזען אויף פעליקסעס געזיכט.

— גוט, מיין קינד! — האט ער זעהר גוטמיטהיג נעזאגט — איך וועל דיר א גלייכען טהייל געבען פון אנטאנס רייכטהום. אלזא פאהרען מיר ביידע הייטע אפּ פון דאנען?

— יא, פאטער! מיר מוזען פאהרען — האט אדעלא זעהר צערטליך נעענטפערט ועהרענד אין הערצען האט זיא אין דער מינוט נעטראכט:

— אלטער נארר, העלף מיר נור אפּשיקען מיין ליעבען אנקעל אנטאָן אין דער בעסערער וועלט, וועל איך דיר שוין געבען אזא חלק, דאס דוא וועסט מיר געדענקען דיין גאנצען לעבען....

---

193טעם קאפיטעל.

## עס ווערט ליכטיגער.

— הערר וואהרהאפטיג! זייט מיר הערצליך ווילקאמען! — האט רעבעקא ראטעבלום ערפרעהט אויסגערופען אלס זיא האט ביי זיך אין הויז דערזעהן דעם יונגען וואהרהאפטיג — וואס איז דיא אורזאכע וואס איך האב אייך אזוי לאנג ניט געזעהן?

— ווייסט איהר דען ניט פריילין ראטהבלום, אז מיך ליענט היינט אין זינען ניט צו מאכען וויזיטען?

— אבער ארומגעהן אימער פערטרויערט און פערזארגט איז אויך קיין פלאן ניט פאר אזא יונגען מאן וויא איהר זייט. דאמיט וואס איהר וועט זיין בעשטענדיג פערזארגט, וועט איהר אייער פאטער שוין ניט לעבעדיג מאכען.

— דאס ווייס איך, אבער עס זארגט זיך מאנכעס מאל גענגען אונזער ווילען! נאט זאל איינהיטען אלע מענשען פון אזא אונגליק. איך געה ארום דיא גאנצע צייט וויא צודולט. ערשטענס לאזט מיך ניט רוהען דער קומער און טרויער פון מיין פאטערס טוידט און צווייטענס, בין איך שטארק בעשעפטיגט ווענען אויסגעפינען זיינע מערדער.

— האט איהר שוין געפונען א שפור פון זיי?

— איך האב זיי שוין פאסט אין גאנצען געפונען.

— וואס? איהר האט זיי געפונען? ועמען האט איהר געפונען?

— מיר ריידען דאך ווענען מיין פאטערס מערדער.

— נו, האט איהר זיי טאקי געפונען? — האט זיא העכסט נייגיעריג געפרעגט — איז דאס מעגליך?

— יא פריילין, איך האב געפונען א ריכטיגען שפור פון דיא מערדער.

— אבער אום גאטעס ווילען, הערר וואהרהאפטיג, דערצעהלט דאך מיר אלעס, איך בין אויסער זיך פאר נייגיערדע. איז טאקע יאקאב פיין אייער פאטערס מערדער?

— אבער פריילין ראטהבלום, אום גאטעס ווילען, וואס רעדט איהר? — האט מארים פאסט בייז געזאגט — איהר גלויבט אויך אז יעקב פיין איז פעהיג א מענשען צו ערמארדען? אין אזא קורצע צייט האט איהר שוין אזוי געביטען אייער מיינונג ווענען יאקאב פיין?

— איך האב דאס ניט גענלויבט; אבער....

— אבער וואס?

— אלע שרייען אין איין שטימע, אז נור ער האט דעם מארד בעגאנגען, און ווען איך פראטעסטיר נעגען אזא מיינונג לאכט מען זיך אויס פון מיר. האב איך דארום אנגעהויבען צו דענקען, פיעללייכט איז פארט דיא וועלט קלינער פון מיר; איבערהויפט דיא לעצטע צייט, וואס עס איז ארויס א קלאנג, אז ער האט זיך מודה געווען.

— ניין פריילין, איהר זייט טאקע קלינער פון זיי אלעמען, יאקאב פיין איז

איינער פון דיא ארדע-טליכסטע לייט אין דער וועלט, ער איז צו קיין שלעכטס ניט פעהיג.
— דאס זאלט איהר ניט זאגען הערר וואהרהאפטיג.
— וואס הייסט איך זאל דאס ניט זאגען? ווארום זאל איך דאס ניט זאגען? יעדער אנשטענדינער מענש דארף פון יעקב פיין דיא בעסטע מיינונג האבען. ער האט נים נעגעבען דיא מינדעסטע אורזאכע — מען זאל צווייפלען אין זיין ער־רענטליכקייט.
— וויא איז אבער, ווען מען זעהט לעבעדיגע פאקטען, אז ער איז דאך אן אונמענש.
— ווער, איהר זאגט דאס? — איך קען אויף איהם אזעלכעס ניט גלויבען.
— איהר קענט דאס ניט גלויבען, ווייל איהר האט דיא פאקטען ניט געזעהן.
— נו, און איהר האט זיי זעלבסט געזעהן?
— יא.
— ווען אן אנדערער זאל דאס מיר זאגען וואלט איך זיינע ווערטער דיא מינדעסטע אויפמערקזאמקייט ניט געשענקט. נור ווייל איהר זאגט דאס מיר, בין איך זעהר נייגיעריג צו וויסען וואס פאר א פאקטען איהר האט געזעהן. ענטשולדיגט מיר פרייליין וואס איך פא־דער דאס פון אייך. איך וויל דאס איינפאך וויסען אום איך זאל נים זיין נענאררט אין דעם מענשען וואס איך בין איינגעגלויבט, אז ער איז איינער פון דיא בראווסטע לייטע.
— אויב איהר ווילט דאס דורכאויס וויסען, וועל איך דאס אייך דערצעהלען.
— דערצעהלט פרייליין, איך וועל אייך זעהר דאנקבאר זיין.
— איך וויים פאקטיש, אז ער האט אונגליקליך געמאכט א מערכען, דאמיט וואס ער האט זיא דורך פאלשע פערשפרעכונגען רואינירט.
— דאס קען איך ניט גלויבען.
— ווען איך זאג אייך מענט איהר מיר גלויבען, ווייל איך האב זעלבסט דאס אונגליקליכע מערכען געזעהן.
— איז דאס מעגליך?
— יא, הערר וואהרהאפטיג. אז איך זאג אייך איז דאס ריכטיג.
— איך מוז אייך זאגען פרייליין ראטהבלום, אז דאס קלינגט זעהר זאנדערבאר אין מיינע אויערן. וואס האט אייך דאס מערכען דערצעהלט.
— זיא האט מיר דערצעהלט איהר ביטערע געשיכטע, וויא אזוי יעקב פיין האט זיא דורך זיינע גלאטע רייד פון גלייכען וועג אראפגעפיהרט. ער האט איהר צוגעזאגט גאָלדענע בערג ביז ער האט איהר עהרע אויף אימער גערויבט.
— איינינע מינוטען האט מאררים געשוויגען, נאכהער האט ער זיך געווענ־דעט צו רעבעקא'ן מיט דער פראגע:
— וויא קומט דאס מערכען צו אייך?
— צופעלינער ווייזע איז זיא ביי אונז אין הויז געוועזן.
— צופעלינער ווייזע?
— יא. זיא האט ערפאהרען, אז פיין איז געוועזן אונזערער אן אפטערער גאסט.

איז זיא געקומען פרעגען וויא קען זיא איהם נעפינען, דערווייל האב איך מיך מיט איהר פערנאַנדער גערעדט און זיא האט מיר איהר גאנצע ביטערע געשיכטע דער־צעהלט. דאס הערץ האט דיא אונגליקליכע אין מיר אויפגעקאָכט מיט איהר ערצעהלונג, ווען יעקב פיין זאל געווען דאמאלס אנקומען אויף מיינע אויגען וואלט איך איהם געוויס וויא דעם ניעדערינגסטען מענשען פון אונזער הויז פעריאָגט.

— וויא באלד אז דאס מעדכען אליין האט אייך אזא געשיכטע דערצעהלט האב איך שוין קיינע ווערטער מעהר איהם צו פערטהיידיגען.

— נו, וועט איהר זיך שוין יעצט וואונדערן אויף דעם וואס איך האב אננע־פאנגען צו גלויבען, אז ער האט ווירקליך אייער פאטער ערמאָרדעט? נאך אזא שענדליכע בעהאנדלונג געגען אן אונשולדיגען מעדכען מעג מען שוין אויף איהם אלעם גלויבען.

— אבער ער איז דאך אין מיין פאטערס טויט נימ שולדיג.

— ווייסט איהר דאס בעשטימט?

— געוויס ווייס איך דאס בעשטימט, ווייל איך ווייס שוין ווער דיא ווירקליכע מערדער זיינען.

— ווער זיינען זיי?

— ווען איך וועל אייך זאגען זייערע נעמען וועט איהר זיי ניט קענען, אבער דאס גלויב איך וועט זיין גענוג פאר אייך צו וויסען, אז דיא אונמענשען וואס האבען מיין פאטער זא גרויזאם ערמארדעט, זיינען דיא פערזאנען וואס דיא רעגיערונג האט געשטעלט זיי זאלען אונז שיצען פון רויב און פון מאָרד.

— דיא ווערטער פערשטעה איך שוין נימ.

— דאס קענט איהר ווירקליך ניט פערשטעהן, קיין מענשען קען זיך דאס גלויבען, אז דער פאלקאוניק פון דער געהיים־פאָליציי, ער אליין איז געווען דער אנ־פיהרער פון יענער רויבער באנדע.

— דאס איז שרעקליך! — האט רעבעקא אויסגערופען — אבער פון וואנען ווייסט איהר דאס? וויא אזוי האט איהר געקענט אזא טיעפע געהיימנים ערפאהרען?

מאריס האט איהר דערצעהלט דיא גאנצע געשיכטע וויא ער האט דערקענט זיין פאטערס פעלץ ביי מאלינבערג׳ן אין הויז און וויא ער האט גענומען דאס דער פאָליציימייסטער אליין זאל זיך צו דעם נעהמען און זאל דורך דעם פעלץ דיא מערדער אויסגעפינען.

— דאס איז מערקווירדיג! — האט רעבעקא געזאגט — מען מוז אנפאנגען צו גלויבען, אז נאָט אליין האט זיך דא אריינגעמישט און האט אייך געפיהרט אויפ׳ן גלייכען וועג. מיך פרעהט אויך וואס יאקאב פיין׳ס אונשולד וועט יעצט בע־וויזען ווערען. אבוואהל ער האט ניט פערדיענט מען זאל זיך פאר איהם אינטערעסירען.

— הערט נור פריילין ראטהבלום, איך וועל אייך עטוואס פרעגען — האט פלוצלונג מאָררים געזאגט.

— וואס ווילט איהר פרעגען?

— וויא הייסט דאס מערכען וואס האט אייך דיא ביטערע געשיכטע דער־צעהלט?

— איך וואלט דאס אייך זעהר גערן געזאגט; אבער גלויבט מיר, אז איך האב פערגעסען איהר נאמען.

— פיעללייכט ווייסט איהר וואו זיא וואוינט.

— דאס האב איך אויך פערגעסען; אבער וואצו ווילט איהר דאס וויסען, איהר גלויבט מיר פיעללייכט ניט?

— ניין, איך גלויב אייך זעהר; אבער געדענקט, צו שטעקט דא קיין שווינדעל ניט.

— וואס פאר א שווינדעל קען דא שטעקען?

— עס קען זיין, אז דאס מערכען האט געהאט עפעס א ציעל דערמיט וואס זיא האט אייך אזא געשיכטע דערצעהלט.

— וואס פאר א ציעל האט זיא דא געקענט האבען?

— דאס ווייס איך ניט: אבער מיר קומט דאס זעהר רעטזעלהאפט פאר, א פרעמדע מערכען זאל פלוצלונג קומען צו אייך אין הויז און אייך צו דער ערשטער בעקאנטשאפט פון איהר שאנדע דערצעהלען.

— איך האב מיך מיט איהר פארנאנדערגערעדט האט זיא דאס מיר דערצעהלט.

— איך גלויב אבער, אז זיא האט זעלבסט געמאכט איהר זאלט זיך מיט פארנאנדער ריידען.

— וואס מיינט איהר מיט דיא ווערטער?

— איך קען דאס אייך ניט ערקלערן דייטליך, אבער מיר שיינט, אז דאס וואס דאס מערכען האט אייך דערצעהלט האט א געוויסען ציעל.

— איך קען מיט אייך אין דעם הינזיכט ניט איינשטימען. דען וואס פאר א ציעל קען אזא מערכען האבען ביי אזא זאך. איך האב דאך אייך שוין געזאגט, אז זיא איז אהער געקומען פרעגען אויף יאקאב׳ן אלס אויף אונזער׳ן אן אפטען גאסט.

— דאס עבען וואונדערט מיך, וויא .. גלד זיא האט געקענט ערפאהרען, אז ער איז געווען אייערער אן אפטער גאסט, האט זיא זיכער בעדארפט ערפאהרען פון דעם וואס ער זיצט אין געפענגניס אלס מערדער. דען דאס האבען דאך אלע צייטונ־גען געמעלדעט.

— עס קען זיין, אז זיא לעזט קיין צייטונגען.

— פערענטפערט זיא ניט פריילין ראטהבלום. בעטראכט נור גוט וועט איהר פערשטעהען אז איך האב רעכט.

— ניין הערר וואהרהאפטיג, איך קען אין דעם הינזיכט מיט אייך ניט איינ־שטימען — האט רעבעקא נאך א קורצעס נאכדענקען געענטפערט — איך פינדע אין דעם מערכענס ערצעהלונג קיינע בעזאנדערע זאכען ניט. אלעס איז דא זעהר נא־טירליך וואס לאזט זיך גלויבען.

— איהר מעגט יא גלויבען צו ניט, מיר קומט דאס פארט זעהר רעטזעלהאפט פאר — האט וואהרהאפטיג געזאגט — איך ווייס, אז איהר וועט שפעטער אויך צו דער זעלבער בעהויפטונג קומען און וועט געשטעהען, אז איך האב רעכט.

**194טעס קאפיטעל.**

# מיאום ארייננעפאַלען.

דער פּאָלקאָווניק מאַלינבערג איז מיט זיך זעלבסט שטארק צופריעדען ער איז זיך אליין דאנקבאר געוועזן פאר דעם קלוגען איינפאל דורך וועלכען ער האט פון זיך אראפּגעוואָרפען דיא גאנצע שולד און האט עס ארויפגעוואָרפען אויף ברענער'ן. ביי איהם וואר קיין צווייפעל, אז ברענער וועט נאך דיעזען טאג אנטלויפען נאך אויסלאנד און דאן איז ער אליין, אויך זיין ע"רע געראטעטט. ער וועט קענען אויך ווייטער פּאַרטזעצען זיינע אונמענשליכקייטען או געלד וועט זיך שיטען פון אלע זייטען.

ער האט שוין געפּאסט א פּלאַן וויא אזוי עס זאל קיין צווייפעל בלייבען ביים סליעדראָוואטעל וועגען זיין ארדענטליכקייט. נעמליך, ער זאל ערשט יעצט דערצעהלען, אז ער האט פון א זיכערער קוועלע ערפאהרען דאס מיכל ברענער איז געשטאנען אין פערבינדונג מיט יעקב פיין, וועלכער זיצט יעצט אין געפענגניס, און אז זיי האבען נאך פריהערביידע צוזאמען פיעלע פערברעכען בעגאנגען.

— איך מוז נאך הייטע אבענדס דעם סליעדראָוואטעל א בעזוך אבשטאטען ביי איהם אין דער היים, — האט ער זיך געקלערט — דען ביז פארנאכט וועט שוין ברענער זיין זעהר ווייט פון דאנען. איך וועל דעם נארישען סליעדראָוואטעל אזוי פערדרעהען דעם קאפּ, דאס ער וועט וועגען מיר אבערמאלס דיא זעלבע מיינונג האבען וואס ער האט געהאט פריהער.

זעהר פערגניגט האט ער יענעם טאָג צוגעבראכט און האט פון דעסטוועגען ניט פערגעסען פון יענעם קליידער-צימער ארויסצונעהמען אלע קליידער וואס קענען אין יעמאנדען א פערדאכט ערוועקען און האט זיי אבגעשיקט צו זיינעם א ברודער וואס וואוינט אין ווארשוי.

ווען עס איז נאכט געוואָרען, האט ער זיך זעהר שעהן איינגעוואשען, האט זיך פערפוצט אין זיין בעסטען מונדיר און איז אוועקגעגאנגען צום סליעדראָוואטעל וועלכער האט געוואוינט נעבען קרעמעל.

ער האט א ציה געטהאן ביי דער שנור פאן דער טהיר גלאקע און אלס א בעדיענטער איז ארויסגעקומען און האט געפרעגט וואס ער פערלאנגט, האט ער שטאלץ געענטפערט, דאס ער מוז יעצט שפרעכען מיט דעם סליעדראָוואטעל. דאביי האט ער איהם זיין קארטע געגעבען.

דער בעדיענטער האט איהם אריינגעפיהרט אין א פאָרצימער און איז מיט דער קארטע אריינגעגאנגען צו זיין הערן.

אלס דער סליעדראָוואטעל האט אויף דער קארטע א קוק געטהאן, האט ער געזאגט:

— זאל ער ווארטען, איך וועל איהם באלד עמפפאנגען.

מאלינבערג איז פון דעם אנטווארט וואָס דער בעדיענטער האט איהם גע־ניט שטארק צופריעדען געוועזן. ער האט זיך געפונען שטארק בעליידיגט, הייסט מען דא ווארטען, ריכטיג וויא ער זאל זיין א געוועהנליכער,

פשוטער מענש. אבער ער האט דערצו נאר ניט נעקענט העלפען. ער האט יעצט בעדאַרפט אנקומען צום סליעדאָוואטעל.

— עס וועט קומען א צייט וואס איך וועל מיך מיט איהם אברעכענען וויא ער האָט פערדיענט — האט ער זיך נעקלערט.

עס זיינען איבערנעגאנגען פינף מינוטען און דער שטאָלצער מאלינבערג איז נאך אלץ געזעסען ביי׳ם סליעדאָוואטעל אין פארצימער אהנע דאס מען האט איהם פון זיין אונאנגענעהמער רוהע געשטערט. ער איז איינפאך פון דער הויט געשפרונגען און האט פאר כעס געוואָלט נאר אוועקגעהן, אבער ער האט זיך דערמאהנט, אז ווען ער וועט אוועקגעהען, בלייבט זיין פלאן ניט אויסגעפיהרט דארום איז ער גע־בליעבען.

נאך פינף מינוטען זיינען פערגאנגען. מאלינבערגס געדולד האט געפלאַצט.

— דאס איז א פרעכהייט! — האט ער געשטאמעלט — דאס איז א ניעדער־רינקייט פון אן אונמענשען. ער האט נאר געמוזט פערגעסען, אז ער האט געהייסען מיר דא ווארטען. עפעס האלט ער מיך פאר א נאסען יונג צו וואס!

ער איז צוגעגאנגען צו דער טהיר פון דעם סליעדאָוואטעלס צימער און האט אנגעקלאַפט.

— ווער איז דאס? — האט דעם סליעדאָוואטעלס שטימע שטרענג א געשריי־געטהאן.

— פאָלקאָווניק מאלינבערג! — האט דער בעליידיגטער פאָלקאָווניס שטאָלץ און בייז געענטפערט.

— קומט אריין! — האט דער סליעדאָוואטעל געענטפערט.

מאלינבערג איז אריינגעקומען מיט א פינסטערע מינע.

— הערר סליעדאָוואטעל! — האט ער געזאגט — איהר זייט געוויס זאָ בע־שעפטיגט דאס איהר האט גענצליך פערגעסען דאס איך ווארט אין אייער הויז?

— ניין, פאָלקאָווניק, איך בין זעהר מיעד פון דער טאגעס־ארבייט. זאגט וואס פערלאנגט איהר?

מאלינבערגס בלוט האט אין איהם אנגעהויבען צו קאכען. דער פרעכער סליעד־דאָוואמעל האט איהם אפילו זיצען ניט געבעטען.

— איך בין געקומען אייך מיטצוטהיילען זעהר וויכטיגע זאכען וועגען דעם מענשען וואס האט מיר דעם ע־מאָרדעטען וואהרהאפטיגס פעלץ פערקויפט.

— זעהר אנגענעהם, וואס ווילט איהר פון איהם דערצעהלען?

— איך האב אייך פערשפראָכען דיעזען מאן צו צושטעלען.

— וועלכען מאן מיינט איהר?

— איך רייד פון דעם מאן וואס האט מיר פערקויפט דעם פעלץ. איך האב אייך געזאגט, אז זיין נאמען איז מיכל ברענער.

— נו?

— איך האב ליידער דיעזען שורקע ניט געקענט אויסגעפינען, ווייל ער איז נאך אויסלאנד אנטלאָפען.

— אזוי? — האט דער סליעדראָוואטעל שמייכלענד נעפרעגט.

— יא, איך האב דאס הייטע ערפאהרען, אז ער איז ערשט נעסטערן נאך אויסלאנד אנטלאָפען. דאס האט מיר דיא אוינען נעעפענט איך זאל זעהען אז ער איז איינער פון וואהרהאפטינס מערדער. דארום האב איך וועגען איהם א שטרעננע נאכפארשונג נעמאכט און האב זעהר וויכטינעס ערפאהרען.

— וואס צום ביישפיעל האט איהר ערפאהרען.

— איך האב ערפאהרען, אז דיעזער פערפלוכטער הונד איז אין פערבינדונג נעשטאנען מיט דעם מערדער פיין, וועלכער זיצט אין נעפעננניס.

— ווירקליך?

— יא, אז איך זאג אייך קענט איהר מיר גלויבען.

— אבער איך בין זעהר נייניעריג צו וויסען וואס פאר א פערבינדונג האבען זיי צווישען זיך געהאט?

— נעווים ווייסט איהר, הערר סליעדראוואטעל, אז דיעזער זשיד ברענער איז נעוועזן איינער פון מיינע נעהיים־פאָליציסטען. דעם שורקע האט נעלונגען מיר אזוי דיא אוינען צו פערבלענדען, איך זאל מיינען אז ער איז איינער פון דיא ארענט־ליכסטע לייטע. דארום האב איך ניט נענלויבט דאס וואס איינינע פון מיינע לייטע האבען מיר דערצעהלט, אז זיי האבען פיעלע מאל נעטראפען ברענערן אין דער בע־גלייטונג פון פערדעכטינע פערזאָנען אין זעהר אונאנשטענדינע הייזער. איך האב נערעכענט, אז ער נעהט ארום מיט פערדעכטינע פערזאנען אום פון זיי אויסצו־פאָרשען אזעלכע זאכען וואס ער האט נעטהינ צו וויסען. זא האט מיר איינער מיט איינינע וואָכען צוריק דערצעהלט, אז ער האט אין א פערוואָרפענעם שענק נעטראָ־פען ברענערן אין דער נעזעלשאפט פון א יונגען מאן וועלכער איז איהם זעהר פער־דעכטינ פארגעקומען און אלס ער האט נעפרענט ברענערן ווער דער יונגער מאן איז האט ער ערהאלטען דיא אנטווארט, אז דאס איז זיינער א קוזין מיט דעם נא־מען באריס ברענער. שפעטער אבער האט דער מאן וואס האט דאס אלעס מיר דערצעהלט דערקענט דעם יונגען מאן אין דער פערזאן פון יעקב פיין וועלכער זיצט אין נעפעננניס אונטער דעם פערדאכט, אז ער איז איינער פון וואהרהאפטינס מער־דער. נאך אזא ערצעהלונג איז שוין ביי מיר קיין צווייפעל, אז דער פערפלוכטער ברענער האט צוזאמען מיט דעם יאקאב פיין וואהרהאפטינען ערמאָרדעט. ער האט וויא מיר שיינט, דערשמעקט, אז מען ווייס שוין עטוואס פון דעם וואס ער וואר א מיטהעלפער אין דעם פערברעכען, דארום האט ער נעפונען פאר קלוג צו אנט־לויפען.

— איהר האט מיר זעהר וויכטינע נייעס נעבראכט, פאלקאווניק — האט דער סליעדראוואטעל מיט א שפאָטישען טאָן נעזאגט — איך בין אייך דאפיר זעהר דאנקבאר. אבער פון וואנען ווייסט איהר, אז ער איז אנטלאפען נעווארען?

— דאס האב איך הייטע ערפאהרען אלס איך האָב איהם נעוואלט דערטאָ־פען אום איהם אייך צו צושטעלען.

— און איהר ווייסט ניט וואוהין ער איז נעלאָפען?

— דאס ווייס איך נים.

— פיעללייכט ליענט ער פערשטעקט ערגעץ דא אין שטארם?

— ניין. מען האט מיר דערצעהלט, אז מען האט איהם געזעהן ארפן וואקזאל פארנעסטערן אבענדס אוועקפאהרענד פון דאנען.

— מיט וועלכען צוג איז ער געפאהרען?

— דאס האב איך פערגעסען צו פרעגען; אבער איך קען דאס נאך היינטע ערפאהרען.

— בעמיהעט זיך נים, פאלקאווניק, — האט דער סליעדראוואטעל שמייכלענד געזאגט — איך אליין וועל דאס ניכער אויסגעפינען.

— איהר וועט דאס ניכער אויסגעפינען?

— יא, פאלקאווניק.

— וויא אזוי?

— גאנץ איינפאך. איך וועל פרעגען איהם אליין וועט ער מיר דיא וואהרהייט זאגען.

— ועמען מיינט איהר? — האט מאלינבערג העכסט ערשטוינט געפרענט.

— איך מיין טאקע איהם אליין דעם הערין ברענער.

— איך פערשטעה אייך נים הערר סליעדראוודטעל.

— ווארום זאלט איהר מיר נים פערשטעהן? רוכט זיך איך רייד זעהר דייטליך, איך וועל פרעגען ברענערן אליין.

— וויא אזוי וועט איהר איהם פרעגען, אז ער איז אוועקגעפאהרען.

— האט קיין זארג פאלקאווניק, דער שורקע האט פיעללייכט געוואלט אוועקפאהרען; אבער איך האב זיין פלאן פעראייטעלט, איך האב איהם געוויעזען א קירצערן וועג. ער זיצט יעצט אין דעם ליכטיגען אסטראג.

מאלינבערגן איז אזוי פינסטער געווארען אין דיא אויגען, דאס ער האט זיך געמוזט אנחאפען אן א שטוהל ער זאל נים פאלען. ער האט געביך געזעהען, אז ער איז דא זעהר מיאוס אריינגעפאלען, אבער ער האט דעם פעהלער נים געקענט פעררינכטען.

195טעס קאפיטעל.

## וואו זוכט מען רעטונג.

אז דיא נאל האט נים געפלאצט ביי הירארגים ראזענדופטען, איז ער געווען שטארקער פון אייזען.

עס איז קיין קליינינקייט וואס איהם איז צוגעקומען, עס האט עפעס אויסגעזעהן וויא נאט האט זיין אוצר פון צרות אויפגעעפענט און האט זיי אלע ארויפגעשאטען אויף ראזענדופטס הויז. זיין געלד האט מען בערויבט. זיין טאכטער פערפיהרט אין אזא שמוץ פון וועלבער עס וואר איהר אונמעגליך זיך ריין צו וואשען. זיין סיציליע איז פון גרויסע שמערצען קראנק געווארען און האט דאס בעט נים געקענט פערלאזען און צו דעם אלעם האט מען איהם א שטרענגען בעפעהל אריינגעשיקט, ער זאל מיט זיין פאמיליע מאסקווא פערלאזען.

— ער האט זיך געפרופט לויפען צום גובערנאטאָר און צום פּאָליצמייסטער בעטען רחמים מען זאל איהם תאטש לאזען זיצען אויף זיין ארט. אבער מען האט איהם נאר צו זיי ניט צונעלאָזט און ער האט נעמוזט צוריק אהיים געהען מיט א לאנגע נאָז.

— וואס טהוט מען? וואו זוכט מען רעטונג?

— דעם קאָפּ האט ער זיך צובראָכען זובענדיג אן אנטוואָרט אויף דער פראגע, אבער עס האט זיך קיין אנטוואָרט געפונען. ער וואָלט שוין זיך ניט געלאזט בעטען און וואלט אוועקגעפאהרען, אבער גאָט דער ערשטער, און ער דער צווייטער האט געוואוסט, אז ער האט איינפאך ניט מיט וואס צו פאהרען. דען דער ווייבס ציערונג און דיא גאלדענע און זילבערנע געשיר, וואס ער האט געהאט, האט ער ערשט נעס־טערן פערזעצט ביי א פּראָצענטניק, אום א וועקסעל צו בעצאָהלען. איהם איז יעצט נור געבליעבען זיין ווייבס און זיין טאכטערס טהייערע קליידער וואס האבען געקאָסט שווערע טויזענדער. אבער מען ווייס דאך שוין וואס פאר א ווערט עס האבען גוטע פרויען־קלוידער, ווען מען דארף זיי פערזעצען אדער פערקויפען.

איהם איז געווען ביטער און פינסטער, אזוי ביטער, דאס ער איז אין דער גרעסטער פערצווייפלונג געקומען און האט זיך קיין ראטה געקענט געבען וויא אזוי ער זאל זיך רעטען פון זיין טרויערינער לאגע.

אבער עס העלפט ניט, מען מוז זיך דאך רעטען. ווען ניט וועט מען איהם מיט זיין פאמיליע מאָרגען מיט דעם עטאַפּ ארויסשיקען.

וואו זיינען דיא אלטע גוטע פריינד וואס האבען זיך ארום איהם געדרעהט נאר ניט לאנג, ווען מען האט געפיהלט, אז זיינע טאשען זיינען פול מיט גאלד. יעצט איז פון זיי קיין שפור געבליעבען, קיינער שמעקט נאר צו איהם ניט אריין.

נור איין פריינד האט זיך יא אבגערופען וואס האט גענומען אנטהייל אין זיינע שמערצען, און גראדע אזא פריינד, וועלכער האט פון איהם קיין מאל קיין טובה געהאט, דאס וואר שלמה פיין. ער האט גרויס מיטלייד געהאט מיט דיעזען אלטען פריינד אלס ער האט בעמערקט אין וואס פאר אן אונגליקליכע לאגע ער געפינט זיך, און פאסט יעדען טאג פלעגט ער אריינקומען צו איהם ערפאהרען וואס דא הערט זיך.

אתזורע לעזער געדענקען געוויס דאס שלמה פיין איז דאביי געשטאנען אלס דער פּריסטאוו איז געקומען צו היראָנים'ן און האט איהם איבערגעגעבען דעם פּאָ־ליצמייסטערס בעפעהל ער זאָל אין פערלויף פון 24 שטונדען מיט זיין פאמיליע דיא שטאָדט פערלאָזען. דאס האט דעם גוטען שלמה שטארק געקריינקט און אלס סיציליע איז דערהערענדיג דיא שרעקליכע נייעס אין אונמאכט געפאלען, האט שלמה אלע קרעפטען אנגעווענדעט זיא אויפצומינטערן און האט זיי פערזיכערט, אז ער וועט אלע קרעפטען אנווענדען דיא ביטערע גזירה מבטל צו זיין.

אויף מאָרגען איז ער אבערמאלס געקומען זיך צו ערקונדיגען וואס עס הערט זיך, צו איז היראָנים געווען ביים פּאָליצמייסטער אדער ביים גובערנאטאר און האט ביי זיי עטוואס אויסגעווירקט? היראנים האט איהם מיט טרעהרענדע אויגען דער־

צעהלט דעם רעזולטאט פון זיין גאנג צו דיא לייטע און האט געענדיגט מיט דיא ווערטער:

— איך בין פערלאָרען ליעבער פריינד. איך זעה פאר זיך קיין רעטונג, מיר איז געקומען יעצט נור צו לויפען אין פייער אדער אין וואססער!

— ניט אזוי פערצווייפעלט ליעבער פריינד! — האט שלמה איהם געטרויסט — דאס רעדעל קען זיך נאך איבערדרעהען, איהר קענט אבערמאלס גליקליך ווערן.

— וואס שפעטער וועט זיין ווייס איך ניט, — האט היראַנים מיט א פער־צווייפעלטער מינע געזאגט — דערווייל מוז איך דיא שטאדט פערלאססען און איך קען מיך פון ארט ניט ריהרען. הייגט וויא גרויס דיא שאנדע וועט זיין, ווען מע וועט מיך מיט מיין פאמיליע פון דאנען ארויסשיקען. אלע מיינע פיינדע וועלען פאטשען בראוואָ אויף מיין אונגליק.

— איז שוין גאר קיין הילף צו אזא אונגליק ניטא?

— איך זעה דא קיין הילף.

— פיעללייכט אבער געפינט זיך דא אזא מאן וואס איז געאכטעט ביים גע־בערנאטאָר און ער וועט קענען פאר אייך עפעס אויסווירקען?

— איך זעה ניט קיין מאן וואס זאל דאס קענען טהאן.

— עס איז אונגלויבליך, אז אין מאסקווא זאל זיך ניט געפינען אזא פארנעה־מער געאכטעטער מאן, וואס זאל ניט שטעהען אין גראָסער אכטונג ביי איינעם פון דיא גרויסע בעאמטע.

— עס איז יא דא איינער; אבער ער וועט מיר געוויס קיין טובה ניט וועלען טהאן! — האט היראנים געענטפערט מיט א זיפץ.

— ווער איז דער איינער?

— ער הייסט מיכאל גרינזאנג. דיעזער מאן איז זאַגאר ביי דעם גראָספירסט זעהר געאכטעט.

— איך האב דעם נאָמען גרינזאנג געהערט. מען האט מיר טאקע דערצעהלט, אז ער איז זעהר געאכטעט ביי דיא הויזגע גרעסטע בעאמטע. נו, און ער וועט פאר אייך גאר ניט וועלען טהאן?

— ניין.

— ווארום?

— ווייל איך בין מיט איהם אין קריעג.

— האט איהר זיך געקריעגט פאר א וויכטיגע זאך?

— ער האט מיר געבעטען איך זאל געבען טויזענד רובעל אין דעם פאנד וואס ער האט געקליעבען אום אבצוהאלטען דעם בעפעהל וואס איז ארויס מען זאל אלע אידען פון דאנען ארויסטרייבען, איך האב איהם אבער ענטזאָגט.

— דאס איז גאר?

— איך האב איהם נאך דאמאלס איינינע גראָבע ווערטער געזאגט און ער איז אזוי ארויס פון געדולד, דאס ער האט צאָרניג א געשריי געטהאן: „איך וועל נאך זוכה זיין צו זעהן וויא מען וועט אייך מיט אייער פאמיליע פון מאסקווא ארויס־

טרייבען נו, פערשטעהסט איהר דאך אליין אז מיר איז אונמעגליך נעהן צו איהם יעצט און איהם מיין אונגליק דערצעהלען. דען ער וועט זעהן אין מיר ראכע!

— דאס האט איהר רעכט, עס איז ווירקליך זעהר ביטער אין אזא לאגע צו אזא מענשען צו נעהן; אבער עס העלפט קיין זאך ניט, ווען דער חלף ליענט אויפ'ן האלז מוז מען זיך זאגאר ביי דעם ערגסטען פיינד בעטען ער זאל רעטען.

— איך וועל דאס ניט טהאן ווען איך זאל זאגאר וויסען, אז איך וועל הייטע שטערבען.

— ווייסט איהר נאר וואס ליעבער פריינד — האט שלמה נאכדרענקענד גע-זאגט — איך וועל אייך אן אנדער ראטה געבען.

— וואס פאר א ראטה?

— דיעזער מיכאל ראזענדופט מוז דאך געוויס אויך האבען זעהר פיעל גוטע פריינד וואס זיינען ביי איהם געאכטעט, און ער וועט זיי ניט ענטזאגען; ווען זיי וועלען ביי איהם עפעס בעטען, פיעללייכט איז מעגליך מען זאל אויסזוכען איינעם פון זיי און ער זאל מיט גרינזאנגען וועגען אייך ריידען.

— אלע זיינע גוטע פריינדע זיינען מיר אזעלכע בלוטיגע פיינדע וויא ער אליין.

— איז דאס מעגליך אז איהר האט איין גוטען פריינד ניט?

— איהר זעהט דאך, אז דאס איז אזוי.

— ניין, איך גלויב ניט אז עס זאל זיך איין מענש מיט א גוט הערץ ניט גע-פינען וואס זאל מיט אייך מיטלייד האבען. איך וועל ארויסגעהן אין גאס און וועל וועגען דעם נאכפארשונגען מאכען, איך גלויב, אז מיר וועט געלינגען אזא מענשען צו געפינען וואס וועט איבערנעהמען דיא ארבייט צו בעוועגען גרינזאנגען ער זאל אייער רעטער זיין.

— אויב איהר וועט געפינען אזא מענשען, וועל איך אייך דיא טובה קיין מאל פערגעסען.

שלמה פיין איז אוועקגעגאנגען און עס זיינען נאך קיין צוויי שטונדען איבער-געגאנגען איז ער שוין געקומען פערשוויצט.

— האט איהר גוטע נייעס פאר מיר הערר פיין? האט ראזענדופט זעהר ניי-ניעריג געפרעגט.

— יא, זעהר גוטע נייעס ליעבער פריינד,—האט שלמה געענטפערט זיך זעצענד און אפווישען דעם שוויים פון שטערען.

— וואס פאר א נייעס? — האט ווייטער היראנים געפרעגט.

— איך האב ערפאהרען פון אזא מאן וואס איז ביי גרינזאנגען זעהר טהייער, ער טהוט פאר איהם אזעלכעס וואס קיין ברודער זאגאר קיין פאטער וואלט עס געטהאן. דיעזער מאן לויט איך האב געהערט איז אויך זעהר א גוטער אנשטענדיגער מענש און ער וועט זיך געוויס ניט ענטזאגען אייך א טובה צו טהאן. און מיט גרינזאנגען וועגען אייך צו ריידען אלעס וואס מען בעדארף.

— ווייסט איהר ווער דער מאן איז?

— איך קען איהם ניט פערזענליך.

— אבער איהר ווייסט ווער ער איז ?

— איך ווייס נור דאס, אז ער איז געקומען אהער וויא מען זאגט א קבצן אין דריי נאָרען. ער האט ניט געהאט וואו דעם קאָפּ אנצושפארען און גרינזאנג האט איהם גע־־בען זא פיעל געלד דאס ער האט אהער ארויסגענומען זיין פרוי מיט זיינע קינדער, האט זיך געדונגען א שעהנע קווארטיר, האט געקויפט פיין מעבעל און יעצט האט איהם זיין וואָלטהעטער אריינגענומען אין זיינעם א גרויסען געשעפט. מיר ווייסען פאקטיש, אז דיא מענשען וואס זיינען ניט לאנג געהאָלפען געוואָרען פון אונ־גליק דורך פרעמדע הילף, דיא געדענקען נאך גוט זייערע צרות און ענטזאגען זיך ניט אויך אנדערע אונגליקליכע צו רעטען, דארום איז ביי מיר קיין צווייפעל, דאס ער וועט אויך פאר אייך ליעבער פריינד טהאן אלעס וואס ער וועט קענען.

— האט מען אייך געזאגט וויא ער הייסט ?

— מען האט מיר געזאגט, אז זיין נאמען איז משה האָנינמאן.

— משה האָנינמאן ? — האט ראזונדופט ערציטערט א געשריי געטהאן.

— וואס האט איהר זיך אזוי ערשראָקען הערר ראָזענדופט ? — האט שלמה פערוואונדערט געפרעגט.

היראנים האט זיך געשעהמט אויסזאגען דאס ריעזען מאן, דער איינציגער וואס קען איהם יעצט רעטען, האט ער אויף דער שענדליכסטען ארט בעהאנדעלט. ער האט בעהאלטען זיין געזיכט אין זיינע ביידע הענד און האט זיך ווי א קליין קינד פארנאנדערגעוויינט.

## 196טעס קאפיטעל.

# וואס האט ער צו מיר ?

ווען יעמאנד זאל געוועזען אנקוקען בת־שבע׳ן, וויא זיא איז זיך געזעסען מיט א רוהיגער מינע אין איהר וואוינונג און האט געלעזען א בלאט צייטונג, וואלט ער פאר קיין פאל געגלויבט אז פון דיעזער יונגער פרוי האט מען ערשט געסטערן דעם מאן צוגענומען. עס איז אויף איהר געזיכט קיין צייכען געוועזען פון טרויער און אונרוהיגקייט.

זיא האט געהייראטהעט ברענער׳ן מיט דער גרעסטער קאלטבלוטיגקייט און מיט דער זעלבער קאלטבלוטיגקייט האט זיא זיך פון איהם געשיידעט.

ווען מען זאל זיא זעלבסט פרעגען דיא אורזאכע פון אזא מערקווירדיגער גלייכ־גילטיגקייט ביי אַלערלייא וויכטיגע זאכען, וואס ביי אלע מענשען שפיעלען זיי דיא הויפטראָליע, וואלט זיא געוויס ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן, אבער מיר קענען יא געפינען א ריכטיגען אנטוואָרט צו דיעזער פראגע : דיא שלעכטע צייטען האבען אין איהר אלע האפנונגען געטוידט און וויא באלד דיא האָפנונגען שטארבען אפ פער־ליערט דער מענש אלע ערדלע געפיהלע.

זיא איז געוואָרען א וואהרע מענשענפיינדין און ווען זיא האט יא געטהאן יעמאנדען א טובה האט זיא דאס ניט געטהאן אויס גוטהערציגקייט זאנדערן אויס איינענוץ. דאס הייסט ווען זיא האט געוואוסט אז זיא וועט דערפאר בעלוינט ווערען. מען קען זאגען אז נור סאנקא האנינמאן האט געהאט דיא עהרע צו מאכען

אויף דיזער געפיהללאָזער פרוי א גוטען איינדרוק, און זיא פאר א פריינדין קויפען.

מיט וואס איינענטליך סאנקא האט ערוואָרבען דעם גונסט פון אזא פרוי ? דאס איז פון דיא געהיימניסע דער נאטור. עס טרעפט זעהר אָפט דאס א מענש געפעלט אונז אדער ער איז אונז אבשטויסענד אהנע דאס מיר וויסען דיא אורזאכע פון דעם.

ווען מיר ווייזען זיך צו א מענשען שטארק פריינדליך מוז דער מענש צו אונז אויך פריינדליך זיין. בעזאנדערס ווערט דיא פריינדשאפט ערוויעדערט פון אן אָרדענט־ליכער פערזאָן וואס איז נים פעהיג אויף שלויהייט און אויף הינטערשטע געדאנקען.

עס איז דארום קיין וואונדער וואס אויף סאנקא האט בת־שבע'ן שטאַרק ליעב בעקומען און זאגאר פעדערבליץ'ס ווערטער וועגען בת־שבע'ן האבען קיין ווירקונג אויף איהר געקענט מאכען זיא זאל בת־שבע'ן פערהאסען. אין גענענטהייל, איהר האט זעהר געקרענקט אויף דעם וואס ער האט זיך געוואגט אויף דער עדלער פרוי שלעכטעס צו ריידען.

איהר האט אבער געקרענקט דאס וואס איהרע עלטערן האבען אנגעזאגט, אז דיא פרוי זאל זיך אין זייער הויז ניט מעהר ווייזען, און אין פאַל ווען זיא וועט צו זיי קומען, וועלען זיי זיא ארויסיאָגען.

זיא האט איהרע עלטערן זעהר גוט געקענט און דיא האט געוואוסט דאס זיי זיינען איינפאכע מענשען אהן חכמות, זיי וועלען געוויס זייער וואָרט האלטען און בת־שבע וועט פון זייער הויז פעריאָגט ווערען אויף דער שענדליכסטער וויזע, דארום האט זיא געפונען פאר נויטהיג א בעזוך דער בת־שבע'ן אבצושטאטען און זיא פער־היטען פון שאַנדע.

זיא איז אנגעקומען צו בת־שבע'ן אין דער וואוינונג אין יענער צייט ווען מיר האבען זיא געזעהן זיצענדיג מיט דער רוהינסטער מינע איבער א בלאַט צייטונג.

בת־שבע האט זיך זעהר דערפרייט אלס זיא האט איהר געליעבטער סאנקען ביי זיך אין הויז דערזעהן. זיא האט איהר מיט דער גרעסטער ליעבע און פריינדשאפט עמפפאנגען.

— איהר האט מיר פערשפאָרט א גאנג, פריילין האָנינמאַן — האט בת־שבע געזאגט דריקענד סאנקאס האנד — איך האב שוין געקלערט הייטע געהן צו אייך.

— האב איך זעהר גלייך געטהאן וואָס איך האב פערהאפט און בין געקומען צו דער רעכטער צייט — האט סאַנקא מיט א בעזאָרגטער מינע געענטפערט.

— וואס מיינט איהר מיט דיא ווערטער?

— דאדורך וואס איך בין יעצט געקומען האב איך אייך פערהיט פון שאַנדע.

— פון וואס פאר א שאַנדע ?

— עס איז מיר זעהר שווער אייך דאס צו זאגען, מאדאם. אבער איך מוז אייך אלעס דערצעהלען אום אייך פון אונאנגענעהמע זאכען צו פערהיטען. אייער עהרע איז ביי מיר זעהר טהייער, טהייערער פון אלעס אין דער וועלט.

— איהר מאכט מיר זעהר נייגיערינ, פריילין האָנינמאַן, — האט בת־שבע

ערשטוינט געזאגט — איך פערשטעה ניט וואס פאר א שאנדע עס ערווארטעט מיך.

— איך מח אייך זאגען, אז מיר קוממ דאס אויך פאר זעהר זאנדערבאר. מיר שיינט, דאס איהר האט מיר געזאגט אז איהר קענט זיך גאר ניט מיט דעם הערן סאמואיל פעדערבליץ ?

— ווער איז דער פעדערבליץ ?

— דאס איז דער רייכער מעבעל־הענדלער וואס בעלעסטינט מיך מיט זיין ליעבע.

— איך האב דעם נאמען סאמואיל פעדערבליץ קיין מאל ניט געהערט.

— איהר געדענקט, דאס אין יענער צייט ווען איהר זייט ביי מיר אין צימער געזעסען, האט זיך דיא טהיר פלוצלונג געעפענט און באלד צוריק האסטיג פער־מאכט ?

— יא, איך געדיינק דאס.

— דאס איז געוועזן דער זעלבער סאמואיל פעדערבליץ. ער האט געוואלט אריינגעהן צו מיר אין צימער, אבער אלס ער האט אייך דערזעהן איז ער צוריק גע־לאפען. ער האט דיא אורזאכע פון דעם נאכהער ערקלערט. ער האט פאר מיינע עלטערען אין מיין געגענווארט ווענען אייך זא פיעל שענדליכעס ערצעהלט, דאס זיי האבען זיך איינפאך ערשראקען און האבען מיר אנגעזאגט איך זאל מיך מיט אייך מעהר ניט בעגעגנען.

— וואס האט דיעזער מאן ווענען מיר דערצעהלט? — האט בת־שבע מיט דער גרעסטער קאלטבליטינקייט געפרעגט.

— וואצו זאל איך אייך איבערדערצעהלען אזעלכע זאכען וואס עס איז א שאנדע אן ארענטליכער מאן זאל זיי ווידערהאלען.

— מיר זיינען יעצט אונטער פיער אויגען, ליעבע פריינדין, קיינער הערט אונז יעצט ניט. דארום קענען מיר ריידען, אלעס וואס אונז געפעלט. איך בעט אייך איהר זאלט אזוי פריינדליך זיין און מיר אלע זיינע ווערטער איבערגעבען. אויב ער האט קיין ליגענס געזאגט וועל איך אייך באלד געשטעהן אז ער האט דוא ריכ־טיגע וואהרהייט פון מיר דערצעהלט.

סאנקא האט געמוזט צוליעב טהאן און האט איהר אלעס וואס פעדערבליץ האט גערעדט איבערדערציילט.

— דאס איז אלעס פאלש. דער מאן האט א ניעדערטרעכטיגען ליגען דער־צעהלט — האט בת־שבע צארניג אויסגערופען. דא איז איין וואהרער ווארט ניטא. אבער איך פערשטעה ניט וויא קוממ א מענש וואס קען מיך ניט און זעהט מיך צום ערשטען מאל זאל זא וואס אויף מיר ריידען ?

— פיעללייכט האט ער אן אירטהום געהאט. ער האט אייך אנגענומען פאר אן אנדער פערזאן וועלכע איז עהנליך צו אייך.

— ניין, דאס גלויבט זיך מיר ווייטער ניט. דען לויט וויא איהר דערצעהלט, האט ער דיא אלע זאכען אלס פאזיטיוו דערצעהלט און קיין ארענטליכער מאן ווענט

זיך וואגען צו דערצעהלען אויף א מענשען אזוי פיעל לינענס ווען ביי איהם איז פאראן א מינדעסטער צוויפעל אין דער פערזאָן וועגען וועלכער ער רעדט.

— וואס דען דענקט איהר שטעקט דאָ?

— איך גלויב, אז דער פערערבליך האָט דערביי א געוויסען ציעל געהאט און איך מוז דאס ריכטיג ערפאהרען.

— וויא אזוי וועט איהר דאס ערפאהרען?

— גאנץ איינפאך. איך וועל ארייננעהן צו איהם אין געשעפט אדער צו איהם אהיים און וועל איהם פרעגען צו בין איך דיא פערזאָן וועלכע ער האט אזוי בעליידיגט.

— אָ, טהוט דאס ניט, ליעבע פריינדין — האָט זיך סאנקא געבעטען.

— וואָרום זאָל איך דאס ניט טהאָן?

— ווייל איהר וועט מיר דאדורך פערשאפען גרויסע שמערצען. ערשטענס, וועל איך הייסען א פערליימדערין; צווייטענס וועלען מיינע עלטערן שטארק צאָרניג זיין דערפאר וואס איך האב אויף זייער ליעבלינג געמסר'ט. מיר שיינט, אז איך האב אייך שוין דערצעהלט, אז מיינע עלטערן האבען דעם רייכען יונגען מאן זעהר ליעב ווייל זיי גלויבען, אז ער קען מיך גליקליך מאכען. עס וועט דורך דעם ווערן א גאנצער שטורם ביי אונז אין הויז.

— אבער איך קען דאך אזא זאך ניט פערשווייגען. איך בין קיין מאָל אין בעס ווען יעמאנד זאגט אויף מיר אזעלכעס וואס איך האב פערדיענט ער זאָל דאס זאגען. אבער א פרעמדער מאן זאָל אויף מיר אויסקלערען אזעלכעס וואס איז ניט געשטויגען און ניט געפלויגען, דאס פערדריסט מיך זעהר און איך קען דאס ניט פערשווייגען.

— מיר וועלען אבער אויסגעפינען אַן אנדער מיטעל וויא אזוי מיט דעם ליגנער זיך אפצורעכענען. איך האב שוין דעם מיטעל.

— וואס פאר א מיטעל האט איהר דען?

— מיר וועלען אזוי טהאן. ער וועט געוויס דיא טעג זיין ביי אונז, וועל איך איהם בעטען ער זאל צו מיר ארייננקומען אין א געוויסער שטונדע, איך וועל אייך געבען צו וויסען אין וועלכער שטונדע ער וועט ביי מיר זיין, זאָלט איהר צו יענער צייט אויך צו אונז קומען, איך וועל זיך מאכען אז איך בין שטארק אונצופריעדען מיט אייער בעזוך און וועל אייך פאר איהם אין דיא אויגען זאגען אז איך וויל אייך ניט מעהר קענען, ווייל מען האט מיר דערצעהלט זעהר פיעל שענדליכעס וועגען אייך. דאן זאלט איהר מיך אנהויבען צו בעטען איך זאל אייך דערצעהלען ווער עס האט וועגען אייך שלעכטעס גערעדט און וואס ער האט גערעדט. ביי אזא פאל וועל איך געצוואונגען זיין צו זאגען דיא וואהרהייט און וועל איהם אין דיא אויגען איבערדערצעהלען אלעס וואס ער האט געזאגט.

— דאס איז זעהר קלוג — האט בת־שבע צופריעדען געענטפערט — יעצט ליעבע פריינדין דערצעהלט מיר וואס הערט זיך ביי אייך, איהר האט נאך אלץ אייער הערצענסגעליעבטען ניט געפונען?

— ער איז שוין ביי מיר געוועזן.

— ווירקליך? — האט בת־שבע זעהר נייניעריג אויסגערופען — ער איז אליין צו אייך געקומען?

— יא — האט סאנקא אונמוטהיג און זיפצענד געענטפערט.

— עפעס פערשטעה איך אן אייך, אז איהר האט פרישע שמערצען געהאט.

סאנקא'ס אויגען זיינען פול געוואָרען מיט טרעהרען. זיא האט זיך לאנג ניט געקענט איינהאלטען און האט זיך פערנאנדער געוויינט.

— איך האב אבער באלד פערשטאנען, אז איהר האט פרישע שמערצען געהאט — האט בת־שבע מיט אפענער טהיילנאמע געזאגט — וועט איהר זאָ פריינדליך זיין און מיר דערצעהלען וואס פאר א נייעס ביי אייך האט פאסירט?

— אה, ליעבע פריינדין! — האט סאנקא פערצווייפעלט אויסגערופען — ער ליעבט מיך שוין ניט מעהר!

— האב איך אייך פריהער ניט געזאגט, אז איהר זאלט דער ליעבע פון דיא מענער קיין ווערטה געבען, ווייל זיי זיינען אלע ניעדערטרעכטיג, איינער איז ניט בעסער פאר דעם צווייטען.

— אבער יאָזעף איז דאָך דער בעסטער מענש אין דער וועלט — האט סאנקא געיאמערט.

— איך האב אויף מיין געליעבטען אויך אזוי געמיינט, — האט בת־שבע פאסט צאָרניג געזאגט — איך האב אויך געמיינט, אז ער איז קיין מענש, זאנדערן אן ענגעל פון זיין ליעבען נאמען, ביז איך בין געקומען צו דער שרעקליכער, ביטערער איבערציינונג אז ער איז א טייפעל פון דער העלע.

— ניין מאדאם! אויף יאָזעף'ן קען איך דאס ניט זאגען. איך וועל פאר קיין פאל גלויבען, אז ער איז פלוצלונג פערדארבען געוואָרען. איך גלויב אבער, אז דא שטעקט עפעס א געהיימניס.

— וואס פאר א געהיימניס שטעקט דא נאך אייער מיינונג?

— איך האב פערשטאנען, אז ער טראגט אויף מיר א האס. עס קען זיין, אז שלעכטע ציינגער האבען זיך דא אריינגעמישט און האבען פאר איהם אויף מיר אנ־גערעדט ווער ווייס וואס.

— דערצעהלט מיר נור וואס איז געוועזן ווען ער איז צו אייך געקומען און וואס ער האט מיט אייך גערעדט. איך בין שוין אביסעל פראקטיש אין אזעלכע זאכען און דארום וועל איך אייך באלד זאגען וואס דא טהוט זיך.

סאנקא האט איהר אלעס דערצעהלט וואס אונזערע לעזער ווייסען שוין.

בת־שבע האט זיא אויפמערקזאם אויסגעהערט און האט ענדליך געזאגט:

— יא, איהר האט רעכט. יעמאנד האט אויף אייך פאר איהם זעהר פיעל שלעכטעס אנגערעדט. דאס איז אויך גאר קיין וואונדער, אז א פרעמדער מענש האט געקענט אויף מיר אויסטראכטען אזעלכע שוידערהאפטע זאכען פון וועלכע איך האב קיין אהנונג, האט מען דאך אויף אייך אויך דאסזעלבע געקענט אויס־טראכטען.

— אבער וואס זאל איך יעצט טהאן? — האט סאנקא ווייננד געפרעגט — איך מוז אייך זאגען ליעבע פריינדין, אז דאס וועט מיך אין אזא פערצווייפלונג טרייבען, דאס איך וועל געוויס מיט מיינע אייגענע הענד צו מיין ביטער לעבען אן ענדע מאכען.

— דאס איז שוין צופיעל — האט בת־שבע מיט זעהר אן ערנסטע מינע געזאגט — ער האט ניט פערדיענט איהר זאָלט צוליעב איהם אין אזא פערצווייפלונג קומען. אבער זוען איהר זאלט מיך פאָלגען, וואָלט איך אייך זעהר א גליכע זאך געראטהען.

— וואס איז אייער ראטה?

— מיין ראטה איז, איהר זאָלט מיט איהם אָפען ריידען און זאָלט איהם צווינגען ער זאל אייך דערצעהלען וואס מיט איהם איז. דאן וועט אלעס ארויפשווימען וויא בוימאייל אויף וואסער.

— אבער וואו נעהם איך איהם, אז איך וויס זיין אדרעסע ניט.

— ער האט אייך נאך אלץ ניט געזאגט וואו ער וואוינט?

— ניין.

— דאס אליין איז א דייטליכער בעוויז; אז ער וויל זיך פון אייך אבשאקלען; מיר איז א וואונדער, וויא באלד ער וויל זיך יא פון אייך אבשאָקלען, ווארום איז ער ביי אייך געווען מיט א בעזוך?

— דאס פערשטעה איך אויך ניט.

— וויא דיא זאך איז, זאָלט איהר אלע קרעפטען אנווענדען איהם צו געפינען און דאן מיט איהם אָפען ריידען אום איהר זאלט וויסען, אהער אדער אהין.

— איך וועל געוויס קיין מיה שפארען און וועל איהם זוכען; דען פאר אייך אליין ליעבע פריינדין מוז איך געשטעהן, אז איך קען אהן איהם ניט לעבען. איך פיהל, דאס ווען בעהיטע גאָט מיר וועלען פארנאנדער געהן וועל איך דאס ניט אויסהאלטען!

— עס טהוט מיר זעהר לייד פון אייך אזעלכע ווערטער צו הערען — האט בת־שבע געענטפערט — איך אויף אייער פלאַץ וואָלט אנדעריש געהאנדעלט; נור אזוי וויא איהר האט נאך ניט אויסגעטרונקען דעם גאנצען גיפט-בעכער אזוי וויא איך, מוזט איהר טהאן וויא איך האב אייך געראטהען. אבער איינס צום צווייטען האט דאך דאס ניט. איך מיין אייער געשיכטע צו מיין געשיכטע בעלאנגט גאר ניט, דארום גלויבע איך וועט איהר האלטען אייער פערשפרעכונג וועגען דעם ליגנער פערדערבליך און וועט מיר געבען צו וויסען, ווען ער וועט ביי אייך זיין, איך מוז וויסען וואס וויל ער פון מיר.

— איך וועל געוויס וואָרט האלטען — האט סאנקא פערזיכערט.

---

197סטעס קאַפּיטעל.

# אַלטע בעקאַנטע.

עס וואַר איינער פון דיא הייסע, פייערינגע, תמוז׳דינגע טעג. דיא זון האט גע־ברענט אונערבּאַרמליך. עס איז זא הייס געווען דאס זאגאר דיא וואַלדשאַטען האבען קיין קיהלונג געקענט געבען.

דער אלטער איוואַן פון טייפעלסשלאָס וואַר בעשעפטיגט מיט צוגרייטען זיך צו דער רייזע נאך אָרשאַ, אום דאָרט נאכפארשונגען צו מאכען ווענגען דעם גראַף דאנילאוו. קאטהארינא האט אין א קליין טשעמאדאנטשיק איינגעפּאַקט פערשיעדענע עסענוואַרגען און ווייסע וועש.

— אבער איוואַן — האט קאטהארינא געזאגט אלס זיא וואַר שוין מיט איהר ארבּייט פערטיג — איך פערשטעהע ניט וויא קענסט דוא יעצט אוועקפאהרען.

— ווארום זאל איך יעצט ניט קענען פאהרען?

— דוא האָסט דאָך מיר געזאגט, אז דער שוסטער דאַרף דיר ברענגען א ריכטיגע נאַכריכט ווענען דעם מענשען וואס האט ביי איהם געקויפט יענע שטיוועל, און אז ער וועט אהער קומען דיר דערפון מעלדען, וואס וועט זיין?

— וועט ער דיא זעלבע זאך דיר איבּערגעבען און דוא וועסט דאס מיר באלד אריינשרייבען אין אָרשאַ; איבּערינגענס וועל איך דאָרט לאנג ניט זיצען, איך דענק מאָרגען צוריקקומען.

— ווער ווייס אבער צו וועסט דוא אין אזא קורצער צייט קענען אלטס ערפאַהרען?

— אויב דער גראַף איז נור געפאהרען אין ארשא וועל איך געוויס גאַנץ גיך ערפאַהרען אלעס וואס מיט איהם טהוט זיך.

— איך וואלט דיר געראַטהען דוא זאלסט זיך נאך אביסעל מיט דיין פאהרען אפּהאַלטען, דען לויט דוא האָסט מיר דערצעהלט דאַרף דער שוסטער הייטע אבענדס צו אונז קומען. וואס קענסט דוא פערשפּעטיגען ווען דוא וועסט ארויספאהרען מאָרגען?

— איך קען דא ניט איינזיצען קאטהארינא, עס טראַגט מיך אין דער לופט. איך פּערשטעה, אז אונזער גראַף איז אין א גרויס אונגליק אריינגעפאַלען. שטעל זיך נור פאָר וויא רעטהזעלהאַפט דאס איז, וואס ער איז פּלוצלונג אוועקגעפאהרען און האט אדעלא׳ן, וועלכער ער האָסט וויא דעם טויט געמאַכט פאר דער ווירטהין איבּער אלעס וואס ער האט. מיר ווייסען דאך ביידע וויא ער האט דיעזער פער־פלוכטער פרוי אין דער לעצטער צייט געהאַסט. אויסער דעם האט דאך גלאפירא אויסדריקליך געזאגט, דאס ער האט ביי איהר איבּערגעלאַזען א בריעף צו מיר און אדעלא האט דעם בריעף צוגענומען און לייגענט זיך נאר אָפּ פון איהם, דאס איז א בּעווייז, אז דער גראַף האט מיר וויכטיגעס מיטגעטהיילט וואס פּאַסט פאר דער שלאנג גאר ניט. מוז איך דאך ערפאַהרען אום וואס דא האַנדעלט זיך. איך זאג דיר נאך א מאל קאטהארינא אז איך קען ניט רוהען, איך

מוז נאך הייטע אוועקפאהרען און נאכפארשונגען מאכען ווענען דעם אונגליקליכען גראף.

— טהו וויא דוא פערשטעהסט, אבער איך זאג דיר נאך אמאל, אז דוא דארפסט ניט אוועקפאהרען ביז דער שוסטער וועט אהער קומען מיט א נאכריכט ווענען יענעם מערדער. דען דאס איז זעהר וויכטיג.

איוואן האט אנגעהויבען נאכדענקענד צו קראצען זיין פאטילניצע. איהם איז געווען שלעכט דא צו בלייבען און שלעכט אוועקצופאהרען. ענדליך אבער האט ער זיך בעשלאסען דאך זיין רייזע צו מאכען.

— הער נור אויס קאטהארינא, — האט ער געזאגט — פאהרען ... איך, דא בלייבען דאך מיט דיר איבער טראשקא מיט גלאפיראן. ווען דער שוסטער וועט ברענגען וויכטיגע נייעס, זאלסט דוא טראשקא'ן גלייך ארויסשיקען צו מיר אין ארשא. ער זאל מיר איבערגעבען דאס וואס דער שוסטער האט דערצעהלט, אלזא איז שוין אלעס פערטיג צו מיין רייזע?

— יא, אלעס.

— וועל איך געהן איינשפאנען דאס פערד.

ער האט געוואלט ארויסגעהן אין הויף אלס קאטהארינא, וועלכע איז בייים פענסטער געשטאנען האט אויסגערופען:

— זעה נור איוואן עפעס א פאסט וואגען האט זיך פאר'ן שלאס צונעשטעלט.

איוואן איז צוגעלאפען צום פענסטער און האט געזאגט:

— איך ווייס ניט ווער דער מאן איז. דאס איז געוויס א דורכרייזענדער וואס האט זיך אבגעשטעלט א קאלטען טרונק וואסער צו בעקומען, ווייל דיא היץ איז אוננאטירליך שטארק.

דער מאן וואס איז געקומען מיט דעם פאסט-וואגען איז פון'ם וואגען ארונטערגעשפרונגען, האט געהייסען דעם יאמשציק (פוהרמאן) ווארטען פאר דעם טהויער און איז אליין אריינגעגאנגען אין דעם אפענעם טהויער.

איוואן איז איהם ענטנעגען געקומען.

— אלטער! — האט דער גאסט געזאגט — קען איך ביי דיר בעקומען א קיהלענדען געטראנק? איך בין שרעקליך דורשטיג.

— איך האב באלד פערשטאנען, אז איהר האט זיך צוליעב דעם דא צוגעשטעלט — האט איוואן געענטפערט — קומט אריין אין שטוב וועט איהר בעקומען א גלאז קאלטען עפעל-קוואס אדער קאלטע פרישע וואסער.

— זעהר גוט, — האט דער גאסט צופריעדען געזאגט און איז מיט איוואנען אריינגעגאנגען אין שטוב.

— קאטהארינא! — האט איוואן געזאגט צו זיין פרוי, גיעב דיעזען הערין א פאר גלאז פון דיינע עפעל-קוואס: — דארף איך פרעגען דעם הערן וואוהין זיי פאהרען יעצט?

— איך פאהר נאך דאנילאווקא צום גראף אנטאן דאנילאוו.

— מיר שיינט, אז אייער פאהרען איז אומזאנסט.

— וואַרום ?

— ווייל ער איז יעצט אין דאַנילאָווקאַ ניטאָ.

— ער איז אוועקגעפאָהרען ?

— יאָ, העדר.

— ווייסט איהר ניט וואוהין ?

— ניין, איך ווייס ניט. אבער ענטשולדיגט, גנעדיגער העדר. ווען איך וועל אייך פרעגען מיט וועמען איך האָב יעצט די עהרע צו שפּרעכען, איהר קומט מיר זעהר קענטליך פאָר.

— איהר קומט מיר אויך זעהר קענטליך פאָר, אַלטער. איהר זייט פון דיעזען געגנד ?

— זעלבסטפערשטענדליך, אז וויא באַלד איך וואוין דאָ בין איך פון דיעזען געגענענד.

— דאָס איז נאָך קיין בעוויז. עס קען אַמאָל טרעפען אז אַ מענש איז פון ענגלאַנד און ער וואוינט אין רוסלאַנד.

— ווילט איהר פרעגען צו בין איך געבאָרען געוואָרען אין דיעזען געגענענד ?

— יאָ.

— אויף דעם קען איך ענטפערען, אז איך בין געבאָרען און ערצויגען געוואָרען אין דיעזען אויעזד. איך בין אַליין פון דעם דאָרף קריוואָפּאָליע, וועלכער איז ניט ווייט פון אָרשאַ.

— זייט איהר אַמאָל געוועזען אין אָרשאַ ?

— אָ, יאָ. איך האָב דאָרט געדיענט אַ היבשע צייט ביי אַ אידען מיט דעם נאָמען איזאַק פּאָמעראַנץ.

— האַ ? — האָט דער גאַסט איבעראַשט אויסגערופען — איהר האָט געדיענט ביי איזאַק פּאָמעראַנץ ? איז אייער נאָמען איוואַן ?

— ריכטיג. מיין נאָמען איז איוואַן. ווער־זשע זייט איהר, גנעדיגער העדר, וואָס איהר ווייסט מיין נאָמען ?

— איהר דאַרפט מיין נאָמען אויך געדענקען. איך הייס מיכאַאיל גרינזאַנג. דער אַלטער איוואַן האָט אין דער הויך אַ שפּרונג געטהאָן.

— מיכאַאיל גרינזאַנג ? — האָט ער געשטאַמעלט — מיין גוטער גאָט, זייט איהר מיכאַאיל גרינזאַנג ? יאָ, ביי מיין עהרנוואָרט ! דאָס זייט איהר, איך האָב אייך שוין דערקענט. אַך, וויא פרייט עס מיך וואָס איך האָב די עהרע אייך נאָך אַמאָל צו זעהן. עס איז גאָר קיין וואונדער וואָס איך האָב אייך ניט דערקענט, איהר זייט ווירקליך גאָר אַן אנדער מענש געוואָרען. דאַמאַלס ווען איך האָב אייך געקענט, זייט איהר געוועזען אַ מאָגערער יונגער מאַנטשיקעל און היינטע זייט איהר אַ מאַן, דיק, געזונד און שעהן. וואָס מאַכט אייער פרוי, מיין אַמאָליגע זיסע ווירטהין סאַבינאַ ? — האָט איהר פיעל קינדערלאַך זאָלען געזונד זיין ?

— מיר האָבען לײדער גאָר קיינע קינדער ! — האָט גרינזאַנג זיפצענד פערט.

— איהר האט קיינע קינדער?
— ניין.
— איך וואָלט אייך עפּעס געפרעגט — האט איוואן נאך אַ קורצעס
זען געזאגט -- אבער איך פירכטע אייך וועט דאס פערדריסען.
— פרעגט אלעס וואס איהר ווילט, ליעבער איוואן.
— לעבט נאך יענעס קינד?....
— איך וויים ניט.
— איהר ווייסט ניט, וויא קומט דאָס?
— ווייל דיא אַמע וואס מיין פרוי האט איהר דאס קינד אנפערטרויט
רשוואונדען געווארען און מיר ווייסען ביז הייטע ניט וואו זיא איז אהינגעקומען.
— האט איהר זיא געפּרובירט זוכען?
— צו מיר האבען געפּרובירט? דאס האט מיר מויזענדער רובעלס אבגע־
אָסט; אבער מיין מיהע וואר אומזאָנסט. זיא איז מיט דעם קינד וויא אין וואסער
ריין.
— שאדע! — האט איוואן וויא צו זיך אליין געזאגט — וואו וואוינט איהר
הערר גרינזאנג?
— אין מאָסקווא.
— און וויא געהט עס אייך?
— זעהר גוט.
— דאס פרעהט מיך זעהר. געוויס ווייסט איהר וויא טהייער אייער סאבינא
י מיר געוועזען. פון איהרטוועגען איז מיר קיין זאך ניט שווער געוועזען צו טהאָן.
— יא, דאס וויים איך. מיין סאבינא דערמאָנט אייך נאך הייטע זעהר אָפט.
—ווירקליך? איהר שפּאסט פון מיר ניט?
— איך זאָל פון אייך שפּאסען? ניין, פריינד. איך האב אייך דיא ריינע
וואהרהייט געזאגט.
— אזוי? — האט דער אלטער העכסט צופריעדען אויסגערופען — דיא גוטע
סאבינע דערמאנט זיך נאך אָן מיר איהר אלטען דיענער? זאגט איהר, הערר גרינ־
זאנג, אז איך בין איהר דערפאר זעהר דאנקבאר. גלויבט מיר, אז איך וואלט מיך
גאר ערקוויקט ווען איך זאָל זיא דערזעהן. איך קען נאך ביז הייטע ניט פערגעסען
וויא גוט זיא האט מיך בעהאנדעלט.
— נו, און איהר, אלטער פריינד, וואוינט דא אין דיעזען שלאָס? — האט
גרינזאנג געפרעגט.
— יא, איך וואוין דא שוין זעהר לאנג.
— איהר דיענט ביי דעם גראף דאנילאָוו?
— איך דיען יא און ניט.
— וואס מיינט איהר מיט דיא ווערטער?
— איך שטעה אונטער דעם גראפס שוץ. איך בעטראכט איהם אלס מיין

ווירטה, אבוואהל איך פיהל אויף זיך קיין לאסט פון איהם. איך ארבייט פאר איהם נים און צאהל איהם קיין שטייער.

— וואס דען טהוט איהר דא?

— מיך האט אהער נאך דער אלטער גראף, אנטאנס פאטער אריינגעזעצט, נאכדעם, אז מיך האט אין דיעזען שלאס אין אונגליק געטראפען, דאס מען האט מיר א פיננער אבגעביסען און איך בין א לאנגע צייט קראנק געלעגען; אלס ערזאץ פאר דיא שמערצען וואס איך האב געהאט דורך זיין שלאס, האט ער מיר ערלויבט איך זאל דא ביז מיין ענדע לעבען וואוינען. דערביי האט ער מיר געגעבען א שטיק פעלד צו בעארבייטען וויא אויך א גארטען, איינינע קיה, צוויי פערד און אלעס וואס א פעלד-ארבייטער דארף האבען און אזוי לעב איך מיך מיט מיין פרוי שטיל און רוהיג; אבער איך פירכטע, אז צו מיין רוהיג לעבען האט אן ענדע גענומען.

— ווארום?

— ווייל אין דער לעצטער צייט זיינען דא פיעלע נייעס ענטשטאנדען. אזעלכע נייעס וואס האבען געבראכט אונגליק אויף דעם גראף אנטאן און דאס אונגליק האלט שוין יעצט ביי מיר.

— וואס פאר אן אונגליק האט דען ערדייכט דעם גראף אנטאן?

— א שלאנג האט זיך אריינגערוקט צו איהם אין הויז און האט פערגיפטעט זיין לעבען.

— מען זאגט דאך אז ער האט נים לאנג געהייראטהעט?

— יא, דאס איז וואהר. ער האט געהייראטהעט א פרוי פון דער ארמער קלאסע, אבער איהר פאסט צו זיין א קייזערין; איך האב נאך אין מיינעם לעבען אזא טטע זעלעע נים געזעהן.

— און דער גראף האט זיא וואהרשיינליך ליעב?

— ער האט זיא געליעבט מיט לייב און זעלע. ער וואלט געוויס זיין גאנץ לעבען מיט איהר גליקליך אבגעלעבט. אבער וויא איך האב אייך געזאגט, א שלאנג האט זיך אריינגעמישט און האט צו דעם זיסען לעבען אן ענדע געמאכט. זיא איז שוין ניטא און מיט איהם ווייס איך נאר נים וואס עס איז געווארען.

— וואו איז זיא דען?

— איך ווייס נים...

— איז דאס וואהר וואס מען זאגט, אז ער האט זיא ערשאסען?

איוואן האט איהם ערשטוינט און ערשראקען אנגעקוקט און האט געשטאמעלט:

— פון וואנען ווייסט איהר דאס?

— זיא אליין האט מיר דערצעהלט — האט גרינזאנג שמייכלענד געענטפערט.

— וואס? — האט איוואן איבערראשט א געשריי געטהאן — זיא אליין האט האט דאס אייך דערצעהלט? וועמען מיינט איהר, הערר גרינזאנג?

— איך מיין טאקע דער גרעפין מאריא.

— איהר קענט זיא דען?

— זעלבסטפערשטענדליך, אז וויא באלד זיא האט דאס מיר דערצעהלט קען זיא מיך און איך איהר.

— זאל איך גלויבען, אז איהר האט זיא געזעהן אין מאָסקווא?

— איהר זאָלט דאס גלויבען גוטער איוואן. איך האב זיא געזעהן און איך בין יעצט איינער פון איהרע שיצער. זיא האט מיר דערצעהלט וויפיעל גוטעס איהר האט מיט איהר געטהאן. איך האב מיך יעצט דא אבגעשטעלט ניט צו ליעב א טרונק וואסער, זאנדערן אום אייך צו זעהען מיט אייך זיך צו בעראטהען וואס מיר האבען צו טהאן פאר דער אונגליקליכער. דאס איז קיין פּלאן זיא זאל זיין אין דער פרעמד און זאל דארפען אליין איהר ברויט פערדינען.

— וואס טהוט יעצט דיא אונגליקליכע?

— זיא איז א גובערנאנטין.

— א גובערנאנטין? זיא ערציהט פרעמדע קינדער?

— יא פריינד.

— ארמע אומגליקליכע מאריא! — האט איוואן זיפצענד אויסגערופען. אט צו וואס דיא שלאנגע האט זיא געבראכט.

— איהר האט עטליכע מאל דערמאָנט א שלאנגע און איך וויים נאך ניט וועמען איהר מיינט.

— דאס איז דעם גראפס א קוזינע, דיא וועלט האט נאך ניט געזעהען אזא אויסוואורף דער נאטור. זייט זיא איז אהער געקומען האט א פינסטערער וואָלקען בעדעקט דאנילאווס הויז. דער גרעפין, דעם גראף און אלע זיינע בעסטע געטרייעסטע דיענער האט זיא פון דאנען פעריאָגט און זיא אליין איז געבליעבען דיא הערשערין פון דאנילאָווקא.

— איך פערשטעה דאס גאר ניט. איז דען דער גראף אזא דומקאָפּ וואָס ער לאזט זיך שלעפּען אין א בלאָטע פון א יונגעס מערבען?

— מיר איז א וואונדער איהר הערר גרינזאנג זאלט אזא זאך פרעגען. ווייסט איהר דען ניט, אז איין שלעכטער פאלשער מענש קען אמאל טויזענדער ארדענט-ליכע אונשולדיגע פערזאנען אין גרעסטען אונגליק שטירצען?

— אבער וואס הערט זיך יעצט? דער גראף פערשטעהט נאך אלץ ניט אז זיין קוזינע איז א גיפטיגע שלאנגע?

— ער פערשטעהט יא. אבער ער איז שוין ערשטענס, אוים מענש און צוויי-טענס, וויים איך גאר ניט וואס מיט איהם איז געוואָרען, דען ער איז פּלוצלונג אוועקגעפאָהרען פון זיין הויז און האט דיא גאנצע הערשאפט איבערגעלאָזט ביי דער שלאנג אין דיא הענד.

— וואוהין איז ער געפאָהרען?

— דאס איז אזא געהיימניס וואס איך קען ניט פערשטעהען.

— ווייס קיינער פון זיינע בעדיענטע וואוהין ער איז געפאהרען?

— קיינער ווייס ניט און דאס מאכט מיך זעהר אונרוהיג. איין דיענסט-מערכע

וואס איז צו יענער צייט געווען אין פאלאסט דערצעהלט, אז אן אפיציער מיט צוויי סאָלדאטען זיינען צו איהם געקומען, א היבשע צייט זיינען זיי אלע געזעסען פער־שפארט בײ דעם גראף אין צימער. זיי האבען זיך דאָרט געסוד'עט נאכהער האט דער גראף דעם מעדכען וואָס איך האב אייך געזאגט איבערגעבען א בריעף פאר מיר און איז מיט דעם אָפיציער און מיט דיא סאָלדאטען אוועקגעפאָהרען.

— וואס שרייבט ער אייך אין דעם בריעף?

— ווען איך זאל שוין וויסען וואס ער שרייבט וואלט גוט געווען. צום אונגליק ווייס איך דאס ניט. דען זיין קוזינע דיא פערפלוכטע אדעלא האט דעם בריעף אב־גענומען פון איהר און האט אנגענומען מיט גוואלד דיא הערשאפט אין דיא הענד און שרייט אין איין שטימע, אז דער גראף האט זיא געמאכט פאר זיין שטעלפער־טרעטערין. אלע בעדיענטע וואס זיינען דעם גראף געטריי געווען האט זיא באלד פון זיין פאלאסט פעריאגט אויך מיר האט זיא אנגעזאגט מיט דעם הארבען ווארט, איך זאָל דעם שלאס וואו איך וואוין שוין איבער צוואנציג יאהר פערלאזען; אבער איך הער זיא וויא דיא קאץ. וואו איך וועל ניט זעהען מיט מיינע אויגען דעם גראפס האנדשריפט, אז ער האט זיא געמאכט פאר דער ווירטהין איבער זיין גאנץ פער־מעגען וועל איך פון דאנען ניט אוועקפאָהרען.

— דאס טהוט איהר זעהר גלייך. אבער עס בלייבט אָן דיא פראגע, וואוהין האט דער גראף געקענט אוועקפאהרען?

— דאס בעאונרוהיגט מיך אויך זעהר און איך האב זיך דארום בעשלאָסען איך זאל פאהרען נאך אָרשא דאָרט נאכפאָרשונגען וועגען איהם צו מאכען.

— וואס איז עפעס נאך ארשא?

— ווייל לויט וויא דאס דיענסטמעדכען האט מיר דערצעהלט, איז ער גע־פאָהרען אין דער וועג וואס פיהרט צו אָרשא.

גרינזאנג האט זיך אויף אייניגע מינוטען פערטראַכט און האט געזאגט:

— איך ציטער צו האט דא אן אנדער אונגליק ניט געטראפען.

— וואס פאר אן אונגליק מיינט איהר?

— איך דענק צו האט דיא קוזינע איהם אין א ניי אונגליק ניט אריינגעוואָר־פען אום זיא זאל בלייבען דיא הערשערין פון זיין הויז.

— דאס האב איך שוין אליין אויך געקלערט, אבער אין וואס פאר אן אונגליק האט זיא איהם געקענט אריינוואַרפען?

— זאגט מיר נור ליעבער איוואן, גלויבט אויך דיעזער שלאנג, אז דער גראף האט זיין פרוי ערשאָסען?

— זיא האט דאס געגלויבט. אבער איך האב איהר אין צווייפעל געבראכט.

— וויא אזוי?

— דער גראף האט געהאט דיא אונפאָרזיכטיגקייט, זיא צו שיקען אהער, זיין ווייבס לייכע פון דאנען צו צונעהמען אום זיא נאך דאניל'אָווקא צו ברייננען. אלס זיא איז אהער געקומען און האט דיא לייכע געפאדערט, האב איך מיך פון איהר אויסגעלאכט און האב געזאגט, אז דיא גאנצע געשיכטע איז א ליגען.

— און זיא האט אייך געגלויבט ?

— זיא האט מיר געמוזט גלויבען, ווייל זיא האט דא קיין שפור פון דער ער מאָרדעטער גרעפין נים געפונען.

— אבער דער גראף האט איהר אויך ערקלערט, אז דאס וואס ער האט איהר דערצעהלט איז א ליגען ?

— דאס ווייס איך נים.

— אויב אזוי, איז ביי מיר קיין צווייפעל דאס זיא אליין האט איהם פערקלאגט אז ער האט זיין פרוי ערמאָרדעט און מען האט איהם דערפאר ארעסטירט.

— ניין, הערר גרינזאנג איך בין נים מיט דער מיינונג.

— וואָרום ?

— ווען מען זאל קומען איהם צונעהמען פאר אזא פערברעכען, וואָלט עס נים אזוי שטיל צוגעגאנגען, מען וואלט געווים נאכפאָרשונגען געמאכט. מען וואלט גע־פרעגט ביי דיא בעדיענטע און מען וואלט געזוכט דיא לייכע פון דער ערמאָרדעטער. איהר פערשטעהט דאך אליין, אז מען וועט נים צונעהמען אזא מאן וויא דער גראף דאנילאוו איז בלויז דערפאר וואס איינער האט דערצעהלט, אז ער איז א מערדער.

דאס האט איהר אויך רעכט. אבער עס בלייבט דאך אלץ דיא פראגע וואו איז דער גראף ?

— דאס מוזען מיר גוט נאכפאָרשען — האט איוואן געענטפערט.

198טעם קאפיטעל.

## זיא וויל נים נאָכגעבען.

— יאקאָב פיין איז קיין מערדער! — האט צום הונדערטסטען מאָל רעבעקא ראטהבלום צו זיך אליין העכסט ערפרייט געזאגט — איך האב רעכט געהאט. איך האב באלד געזאגט, אז עס איז אונגלויבליך ער זאל זיין אזוי פערדאָרבען. אבער מיין נאָט! ווער קען מיר ערקלערן יענע געשיכטע מיט דעם מעדכען וואס ער האט זא אונגליקליך געמאכט. דאס איז דאך א פאקט, וואס איך זעלבסט בין אין דעם איבערצייגט. וואס זאל דאס בעדייטען ?

נור, דאס איז זעהר לייכט צו בעאנטוואָרטען — האט זיא אליין געענטפערט, יעקב פיין האט גאָר נים געמיינט דאס מעדכען צו פערפיהרען. עס קען זעהר זיין, אז ער האט ערנסט געמיינט זיא צו הייראטהען, אבער דאס פלעצליכע אונגליק וואס איהם האט געטראפען, דאדורך וואס ער איז אין געפענגניס אריינגעפאלען, דאס אונגליק האט איהם ערוויטערט, ריכטיגער געזאגט אבגעריסען פון זיין געליעבטער און זיא האט געמיינט אז ער האט זיא אויף אימער פערלאסען, דעם בעוויז האב איך, אז איך האב רעכט, וואס זיא איז אהער געקומען פרעגען וואו ער געפינט זיך, האט זיא דאך נים געוואוסט, אז ער איז אין געפענגניס. יעצט אבער אז זיא וויים שוין אַלעס וועט זיא זיך אויף איהם נים מעהר בעקלאָגען. יא! איך האב געזאגט און וועל דאס אימער זאגען, אז ער איז איינער פון דיא בראפסטע ארדענטליכסטע לייט אין דער וועלט. קיין מערדער איז ער געווים נים און קיין פערפיהרער אויך נים. דאס מעדכען איז זיין כלה און זיא וועט זיין זיינע פרוי....

ביי דעם לעצטען נעדאנק האט א קאלטער שוויים בעדעקט איהר שטער און זיא האט נעפיהלט וויא אלע איהרע גליעדער שווידערן אין איהר. זיא האט זיך אליין ניט געוואָל ערקלערן דיא אורזאכע פון דיעזען שרעק, אבער וויא א געהיימע אינערליכע שטימע האט איהר צונעשריען: יאקאָב איז ניט דיינער, דוא קענסט אויף איהם ניט האפען!

אך וואס פאר א ביטערער שרעקליכער נעדאנק דאס איז פאר א הערץ וואס ליעבט, פאר א פערזאן וואס פיהלט! דיא שעהנע רעבעקא האט אין דער מינוט געפיהלט דעם ביטערכטען ניפט וואס אזא יוננעס מעדכען קען פיהלען אין דער צייט ווען אלע איהרע האפנונגען געהען פערלאָרען....

א לאנגע צייט איז זיא נעזעסען פערטיעפט אין פינסטערע, שווידערהאפטע געדאנקען. דיא גאנצע וועלט האט נאך קיין מאל אין איהרע אוינען אזוי געשמאק־לאָז, אזוי ווערטלאָז ניט אויסגעזעהען וויא יעצט. זא איז געזעסען ביז דער בעדינטער איז אריינגעקומען און האט זיא אין נאמען פון איהרע עלטערן נערופען צום טיש טרינקען טהעע.

זיא איז מעכאניש פון איהר ארט אויפגעשטאנען און איז אריינגעקומען אין טהעע־צימער. זיא האט דארט געטראפען איהר גאנצע פאמיליע ארום טיש; אבער צווישען זיי איז אויך געווען אזא פערזאן, וואס ביי זיין אנבליק האט זיך איהר געזיכט וויא מיט א שווארצער חמארע בעצוינגען.

יאכ איז געווען סימאן נריץ.

— זעץ זיך מיין טאכטער — האט דיא מוטער צערטליך געזאגט איהר אנציי־גענד אויף א שטוהל וואס איז געשטאנען נעבען גריצען.

אבער רעבעקא האט פון דער זייט גענומען אן אנדער שטוהל און האט איהם געשטעלט נעבען דער מוטער און האט זיך אויף איהם געזעצט.

גריץ אויך איהרע עלטערן האבען געמאכט זעהר א זויערע מינע אבער רעבעקא האט זיך געמאכט וויא זיא בעמערקט דאס גאר ניט און האט קאלטבליטיג גענומען טרינקען איהר גלאז טהעע.

— דוא ווייסט מיין טאכטער, אז דער הערר גריץ געזעגנט זיך מיט אונז? — האט דער פאָטער געזאגט נאך א לאנגע פויזע.

— זעהר אנגענעהם.... — האט רעבעקא געענטפערט — איך וועל איהם מיין אינינסטען זעגען אויף זיין רייזע געבען.

— איך ווייס ניט מיט וואס איך האב זיך געגען דער גנעדיגער פריילין ראטה־בלום פערזינדיגט וואס איהר איז מיין אָברייזע זא אנגענעהם — האט גריץ האלב שפאָטיש האלב ערנסט געזאגט.

— דאס האט זיא דאך נור אין שפאס געזאגט — האט דיא מוטער פער־ענטפערט.

— ניין מוטער, דאס וואר מיין פאָלער ערנסט — האט רעבעקא געזאגט — אבער מיר איז זיין אברייזע ניט אנגענעהם דערפאר וואס ער האט זיך געגען מיר פערזינדיגט, זאנדערן דערפאר וואס ער וועט געווים זיין גליק געפינען אין דער ווייטער

קאליפאָרניען. יא איך צווייפלע ניט, אז ער וועט דארט זעהר גליקליך זיין, דען א מאַן מיט אזוי פיעל מיליאָנען וועט געוויס דארט אויסחאפּען דיא פיינסטע כלה.

— איך דאנק אייך פריילין ראטהבלום פאר אייער וואונש — האט גריץ נעערנערט געענטפערט — אבער מיר שיינט, אז איך האב שוין דיא עהרע געהאט אייך צו מעלדען, דאס איך פאָר ניט נאך קאליפאָרניען דארט אויסחאפּען א פיינע כלה, זאנדערן מיין געלד אבצונעהמען.

— נו, דאס אליין איז אויך קיין קליינער גליק — האט רעבעקא שמייכלענד ערוויעדערט.

— א נאטור צו א נאטור איז ניט גלייך, — האט וויטער גריץ געזאגט — עס זיינען דא מענשען וואס זיי זעהען אין קיין אנדער זאך קיין גליק וויא נור אין געלד. עס זיינען אבער דא אזעלכע וואָס דאס געלד האט ביי זיי קיין ווערטה. צו דער צווייטער קלאסע געהער איך אויך.

— איך פאָרדער פון אייך ניט הערר גריץ איהר זאלט מיר אויסקינפט געבען ווענען אייערע מיינונגען און צו וועלכער קלאסע איהר געהערט, — האט רעבעקא וויא בייז געזאגט — דען ביי מיר איז דאס אלץ איינס....

עס איז וויטער שטיל געוואָרען און קיינער האט א וואָרט גערעדט. ענדליך אבער האט רעבעקא דאס שווייגען אונטערבראָכען דאמיט וואס זיא האט געזאגט זיך ווענדענד צו ראטהבלומען:

— דוא האסט שוין געהערט פאָטער, אז מען האט ריכטיג זיך איבערצייגט פון יאקאָב פיינס אונשולד?

— דאס הער איך ערשט פון דיר — האט ראטהבלום ערשטוינט געזאגט.

— פרעהט מיך זעהר וואָס איך קען דיא ערשטע דיר דיא נאכריכט איבער־געבען אום דוא זאלסט זיך אויך איבערצייגען, אז איך האב אויך א גלייכען פער־שטאנד; האב איך דיר ניט באלד געזאגט אז עס איז אונמעגליך יאקאָב זאָל זיין א מערדער?

— אָבער פון וואנען ווייסט דוא אז פיין איז אונשולדיג?

— ווייל מען האט געפונען דיא ריכטיגע מערדער.

— ווער זיינען דען דיא ריכטיגע מערדער?

— מען האט דערווייל ארעטירט איינעם וואס דער פאָלקאָווניק פון דער געהיים־פאָליציי אליין האט ביי איהם אבגעקויפט וואהרהאפטיגע פעלץ.

— איז דאס מעגליך?

— מיר האט דאס הייטע מאָרגען וואהרהאפטיג אליין דערצעהלט.

— דאס איז ווירקליך מערקווירדיג — האט ראטהבלום אויסגערופען.

— עס קען אבער זיין, אז דער מאן וועלכער האט וואהרהאפטיגע פעלץ פערקויפט איז געוועזען יאקאב פיינס א שותף — האט גריץ געזאגט.

— איהר זייט אונפערשעמט ווען איהר קענט זאָגען זאָוואס — האט רעבעקא צאָרניג געזאגט — יאקאָב פיין שטעהט בעדייטענד העכער פון אייך אין עהרליכקייט און אין מענשליכקייט.

ראטהבלום און זיינע פרוי זיינען בלאס געוואָרען.

— וואס איז דאס פאר א שפראכע רעבעקא? — האט ראטהבלום זעהר שטרענג געזאגט.

— דער העררי גריץ האט פיעל שארפערע ווערטער פערדיענט—האט רעבעקא בייז געענטפערט — ער דארף זיך נים וואגען צו ריידען שלעכטעס אויף א מענשען וואס איז איהם פעלינ אונבעקאנט.

— אבער אום גאָטעס ווילען איך האב דאך נור מיין מיינונג געזאגט — האט זיך גריץ פערענטפערט.

— דיא מיינונג מאכט אייך קיין עהרע העררי מיליאָנער! — האט רעבעקא שפאָטיש געענטפערט — דען אין ארדענטליכער מאן זוכט זאגאר פערברעכער צו פערטהיידינען, ווערענד איהר זוכט דעם עהרליכסטען מאן פאר א פערברעכער צו מאכען. איך זאג אייך נאך אמאל, אז דער העררי פיין איז איינער פון דיא בראפסטע, ארדענטליכסטע לייט.

— איך האב ניט דאנקענען — האט גריץ געזאגט — וויא באלד איהר דער־צעהלט, אז זיין אונשולד איז בעוויזען געוואָרען, פרייט דאס מיך זעהר און איך בין זאָגאר פערטיג אין אלע גאסען צו שרייען אייערע ווערטער, אז ער איז איינער פון דיא בראפסטע ארדענטליכסטע לייטע אין דער וועלט.

רעבעקא האט אויף איהם נור א פערעכטליכען בליק געוואָרפען וויא זיא זאָל זאגען: דוא ביזט אן אונפערשעמטער שמייכלער! און האט זיך ווייטער גענומען קאלטבלוטיג טרינקען איהרע טהעע.

— מיר מוזען נאך אבווארטען — האט ראטהבלום געזאָגט צו גריצען ווען זיי זיינען נאך דער טהעע פון׳ם טיש אוועקגעגאנגען — זעהט איהר דען ניט, אז זיא איז מיט אייך שטארק אונצופריעדען? מיר שיינט, אז איהר געדענקט מיינע ערשטע ווערטער: דאס פון מיין זייט בין איך צופריעדען רעבעקא זאָל אייער פרוי זיין; אבער נור דאן, ווען זיא וועט אויך צופריעדען זיין. לויט איך פערשטעהע קענט איהר אויף איהר נאר ניט האפען און עס וועט נאָר זיין אומזיאָנסט מיין און מיין פרוי׳ס מיהע זיא איבערצוריידען, זיא זאָל אייער פרוי זיין. זיא לאָזט זיך פאר קיין פאל אין דעם הינזיכט ביינגען.

— איך וועל דיא האפנונג ניט אויפגעבען — האט גריץ מיט זעהר אן אונצופריעדענע מינע געזאָגט — איך וועל האפען, אז פריילין ראטהבלום וועט זיך אנ־דערש בעזינען און וועט פערשטעהן, אז איך בין דער איינציגער וואס קען זיא פאר דער גליקליכסטער אונטער דעם הימעל מאכען

## 199טעס קאפיטעל.

# ברענער ברענט.

דער שטאָלצער ברענער וואָס האט אימער געזוכט ארדענטליכע לייטע אין געפענגניס צו ווארפען און זייער פרייהייט צו בערויבען, ליעגט יעצט אליין אין גע־פענגניס. עס איז וויא עס שיינט געקומען דיא צייט ער זאָל פיהלען דעם ועלבען טעם וואָס פיעלע מענשען האבען געפיהלט דורך זיין האנד.

ער זיצט אין א פינסטערן קערקער, ער ווייס פאר וואס ער זיצט. ער האט ערשט וויא אנגעהויבען צו פיהלען אז זיינע הענד זיינען איינגעריבט אין וואהרהאפ־טיגס בלוט. אבער וויא אזוי דיא קויל האט איהם געטראפען, דורך וועלכער זייט זיא איז צו איהם געפלויגען, דאס האט ער נאך ניט געוואוסט. ער האט נאך אלץ געגלויבט מאלינבערגס ווערטער, אז דיא פאליציי האט דערשמעקט ווער דיא ריכטיגע מערדער זיינען וואס האבען וואהרהאפטינגען ערמארדעט.

ער האט נאך געהאפט דאס מאלינבערג, וועלכער איז דער הויפט־מערדער אין דיעזער מארדגעשיכטע, וועט אלע קרעפטען אנווענדען זיינע קאמעראדען צו רעטען אום ער אליין זאל דא ניט ארייגפאלען.

ערשט אויפ'ן צווייטען טאג האט מען איהם גערופען צום סליעדאוואטעל און ברענער האט דערהערט אזעלבעס וואס איהם האט זיך זאגאר קיין מאל ניט געחולם'ט.

— איהר ווייסט אין וואס איהר זייט בעשולדיגט ? — האט דער סליעדאוואַ־טעל צו איהם געזאגט אלס מען האט איהם אין זיין צימער אריינגעפיהרט.

— ניין, איך ווייס ניט — האט ברענער מוטהיג געענטפערט.

— איז דאס מעגליך, אז איהר ווייסט ווירקליך ניט אין וואס אייער פער־ברעכען בעשטעהט ?

— איך האב קיין פערברעכען בעגאנגען.

— דאס זאגט איהר אזוי, ווייל איהר דענקט אז איך האב אייך געהייסען ארעטירען בלויז ווייל איך האב אויף אייך א פערדאכט. איהר וועט אבער נאר אנדערש ריידען אלס איך וועל אייך פערטרויען א געהיימניס, אז אייער הויפט־אנ־פיהרער האט דיא גאנצע שולד אויף אייך ארויפגעווארפען.

— איך פערשטעה אייערע ווערטער ניט, הערר סליעדאוואטעל — האט ברע־נער הארטנעקיג געענטפערט.

— ווייסט איהר נאר ניט וועמען איך מיין אונטער דעם נאמען הויפט־אנפיהרער ?

— ניין, איך ווייס ניט.

— איך וועל אויפהערן מיט אייך צו ריידען אויפ'ן ווינק — האט דער סליע־דאוואטעל ענדליך שארף געזאגט, איהר ווילט גוטמוטהיג געשטעהען אז איהר זייט געוועזען איינער פון וואהרהאפטינס מערדער ?

— וואס ? — האט ברענער וויא פערוואונדערט געפרעגט — ווער איז דער וואהרהאפטיג ? וועמען מיינט איהר.

— איך מיין דעם הערן וואהרהאפטיג, וועלכען איהר האט ערמארדעט.

— דער הערר סליעדאוואטעל שפאסט.

— איך שפאס מיט דיר ניט שורקע ! — האט דער סליעדאוואטעל צארניג א געשריי געטהאן — איך ווייס בעשטימט אז דוא ביזט איינער פון וואהרהאפטינס מערדער.

— און איך ווייס דערפון ניט — האט ברענער קאלט געענטפערט.

— וואו האסט דוא גענומען וואהרהאפטינס פעלץ ?

— וואס פאר א פעלץ?
— דעם פעלץ וועלכען דוא האסט פערקויפט דעם פאלקאווניק מאלינבערג.
— איך האב פערקויפט מאלינבערג'ן א פעלץ? — האט ברענער ערשטוינט געפרעגט.
— איז דאס א ליגען?
— קיין גרעסערער ליגען פון דעם קען גאר ניט געבען.
— איך גלויב אבער דעם פאלקאווניק מאלינבערג ניכער אלס דיר.
— האט אייך דען דער פאלקאווניק דאס געזאגט. אז איך האב איהם א פעלץ פערקויפט?
— יא, ער האט דאס מיר געזאגט.
— איך קען ניט גלויבען, אז דער פאלקאווניק זאל זא וואס זאגען.
— ווילסט דוא ער זאל דאס דיר אין דיא אויגען זאגען?
— יא, איך בין זעהר גערען דאס פון זיין מויל צו הערען.
— דיין וואונש זאל ערפיעלט ווערען — האט דער סליעדראוואטעל געענטפערט און האט א קלונג געטהאן.
דער דיענער איז אריינגעלאפען.
— מען זאל דיא מינוט ברענגען אהער דעם פאלקאווניק מאלינבערג! — האט דער סליעדראוואטעל שטרענג בעפוילען.
דער דיענער איז ארויסגעלאפען.
ברענער איז געבליעבען זיצען ערוואַרטונגספאל. איהם האט זיך פאר קיין פאל געגלויבט אז מאלינבערג זאל אויף איהם אזא זאך זאגען. ווייס דען ניט דער פאל־קאווניק אז ער (ברענער) קען דעם גאנצען אמת דערצעהלען און דאן וועט ער (מאלינבערג) דיא ערשטע כפרה ווערען. ניין! — האט ער ביי זיך געטראכט — דאס קען ניט זיין. מאלינבערג וועט אזא נארישקייט ניט טהאן, דער סליעדראוואטעל האט דאס זיך ערלויבט צו זאגען מיט דער האפנונג, אז דורך דעם וועט ער מיין מויל עפענען איך זאל איהם אלעס געשטעהן. איך בין אבער קלינער פון דיר מיין זיסער סליעדראוואטעל, ניט מיך וועסט דוא שלעפען פאר דער צונג. איך וועל דיר דיין קאפ ניכער פערדרייען אלס דוא מיינעם.
א האלבע שטונדע איז פערגאנגען ביז דער דיענער איז צוריקגעקומען מיט אן אנטווארט, אז דער פאלקאווניק מאלינבערג האט זיך זעהר ענטשולדיגט וואס ער קען יעצט ניט קומען, דען ער איז יעצט שטארק בעשעפטיגט, אבער ער וועט קומען נאך האלבען טאג ווען דער סליעדראוואטעל וועט דאס פערלאנגען.
דער סליעדראוואטעל האט געשוויעגען ביז דער דיענער איז ארויסגעגאנגען, דאן האט ער זיך געווענדעט צו ברענער'ן מיט דיא ווערטער:
— מיר שיינט אז דוא ביסט א לאנגע צייט געווען א געהיים־פאליציסט.
— יא, — האט ברענער געענטפערט.
— אויב דוא האסט אזא שטעלע בעטראטען דארפסט דוא ניט זיין קיין נארר און דארפסט פערשטעהן וואס דא טהוט זיך.

— וואס זאל איך פערשטעהן? — האט ברענער מיט דעמזועלבען שטאָלץ נעפרעגט.

— דוא דארפסט פערשטעהן אז מען וויל דא דיך מאכען פאר דעם זינדעבאָק דוא זאָלסט אויף זיך אלעמענס זינד נעהמען. איך וועל מיט דיר גאנץ אָפען ריידען, ניט וויא א סליעדאָוואטעל, זאָנדערן אלס א פריוואט מאן. מען האט וואהרהאפטינס פעלץ נעפונען ביי דעם פאלקאוניק מאלינבערג אין א צימער. ער האט נעזאגט אז דאס האָסט דוא איהם פערקויפט דעם פעלץ, אבער איך גלויב איהם ניט, דען פריהער, עס הייסט באלד וויא מען האט דעם פעלץ ביי איהם געפונען האט ער נעזאגט, אז ער האט איהם נעקויפט אין חארקאָוו אויפ'ן יריד, נאכדעם האט ער זיך בעסער בעקלערט צו זאגען אז דוא האָסט איהם דיעזען פעלץ פערקויפט. איך האב באלד פערשטאנען אז ער וויל מיט דעם אנטוואָרט דיא גאנצע שולד ארויפ־ווארפען אויף דיר און ער וועט נעווים זוכען א מיטעל וויא דיך פון דער שטאדט ארויסצושיקען אום עס זאל ניט זיין ביי וועמען וועגען דעם צו פרעגען. זאג דיא וואהרהייט האט ער דיך ניט צונערעדט דוא זאלסט פון שטאדט און פיעללייכט אויס רוסלאנד אנטלויפען.

— ניין! — האט ברענער מיט א האלבען מויל און מיט א בלאסעם נעזיכט נעענטפערט.

— דוא קענסט זיך אפלייגנען, אבער איך פערשטעה אז איך האב קיין איר־טהום, איך האב זיין נעדאנק באלד פערשטאנען און האב דארום נעזארגט וועגען דעם דוא זאלסט ניט אנטלויפען, אבער מאלינבערג האט מיין פלאן ניט פערשטאנען, ער האט נעמיינט אז ער האט דיך יא פון דאנען פערשיקט און ער איז שוין זיכער אז דוא וועסט איהם פאר א לינגער ניט קענען מאכען. דארום האט ער מיר דער־צעהלט א שפאָנעל נייע נעשיכטע, אז ער האט ריכטיג ערפאהרען דאס וואהרהאפטינס מערדער זיינען צוויי, דוא און איינער יאקאב פיין וועלכער איז מיט א קורצער צייט צוריק ארעסטירט נעווארען אונטער דעם פערדאכט אז ער איז איינער פון וואהר־האפטינס מערדער. יעצט האָסט דוא דיא נעלעגענהייט פון זיך דיא שולד אראָפ־צו־ווארפען און ציינען ווער דער ריכטינער מערדער איז. איך מיין דיך ניט צו שמייכלען, אבער איך זאג דיר אויף ריכטיג, אז איך גלויב ניכער דאס וואהרהאפטינס מערדער איז מאלינבערג אליין. עס קען זיין אז דוא האָסט פון דעם מאָרדטהאט געוואוסט, אבער דער הויפטמערדער איז ער. ווילסט דוא דיין לעבען רעטען, זאלסט דוא מיר דיא וואהרהייט זאגען. דערצעהל מיר אלעס וואס דוא ווייסט.

— איך ווייס קיין זאך ניט — האט ברענער מיט א ציטערענדע שטימע נע־ענטפערט.

— ווילסט דוא אויף זיך נעהמען דיא גאנצע זינד'ע?

— איך ווייס פון קיין זינדע.

— אבער מאלינבערג וועט דאָך מוזען דיר זאגען אין דיא אויגען אז דוא האָסט איהם דעם פעלץ פערקויפט.

— איך וויל דאס פון איהם הערען.

— דוא גלויבסט גאר ניט אז ער זאל דאס דיר זאגען אין דיא אויגען?
— ניין, איך גלויב ניט.
— און דוא גלובסט פיעללייכט ניט, אז ער האט דאס מיר אונטער דיינע אויגען געזאגט?
— דאס גלויב איך אויך ניט.
— נו, ווען דוא ביזט אזא אונגלויבינער און אזא דומקאָפּ וועל איך דיר ווייזען וואס פאר אן אירטהום דוא האסט אין דיעזען פאַלקאָווניק. קענסט דוא זיין האנדשריפט?
— יא.
— נא לעז איבער וואס דא שטעהט און זעה ווער האט אונטער דעם זיין נאמען אונטערגעשריעבען — האט דער סליעדאָוואטעל געזאגט איבערגעבענד ברענערן א פאפיער פערשריעבען פון אלע זייטען.
מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען וויא אין ברענערן האט דער כעס אנגעהויבען צו ברענען אלס ער האט דא איבערגעלעזען אלעס וואס דער סליעדאוואטעל האט איהם ערשט דערצעהלט און אונטער דיעזער בעשולדיגונג וואר מיט מאלינבערג'ס האנד דער נאמען „פאָלקאָווניק מארק איוואנאָוויטש מאָלינגבערג" אונטערגעשריעבען.

198טעס קאפיטעל.

# אַ פלעק אין דער זאָנע.

„דיא זאנע האט אויך פלעקען". מיט דעם ווערטעל טרייסטען זיך אלע פילאָזאָפען אין דער שלעכטער צייט. דיא זעלבע פילאָזאָפען בעהויפּטען זאגאר, דאס אזוי וויא דיא זאָנע, דער לייכטענדסטער פונקט אין דער שעפּפונג האט פלעקען, אזוי מוז יערע גליקעס־זאָנע אין זיך פלעקען האבען — עס איז אונמעגליך, אז דעם מענשענס גליק זאל זיין פאָלקאָמען ריין און פלעקענלאָז.

אַבוואהל אדעלא דאנילאוו איז קיינע פילאָזאָפין געוועזען, דאך האט זיא גע־מוזט געשטעהן, אז דאס אַבענערוועהנטעס ווערטעל איז זעהר לאָגיש און ריכטיג.

מיט א קורצע צייט צוריק ווען זיא איז אוועקגעפאהרען פון מאסקווא נאך דאנילאָווקא גראבען א קבר פאר איהר קוזינס וויב אום דאדורך רייכטהום צו ערלאנגען, האט זיא זיך פאָרגעשטעלט דאס ווען איהרע ווינשע וועלען ערפילט ווערען, וועט איהר הימעל ריין וויא א גוטער שפּיעגעל זיין, און פון דאָרטען וועט דיא גליקעס־זאָנע העראויסשטראהלען אין איהר פּאַלען פראכט און גלאנץ.

אלע איהרע ווינשע זיינען ערפילט געווארען פיעל בעסער אלס זיא האָט ערוואָרטעט. זיא האט איהר פערהאסטע קוזינע אין דער ערד פערטריעבען, איהר קוזין אין געפענגניס געבראכט און זיא איז זעלבסט געווארען דיא הערשערין, דיא איינענטהימערין פון זיין גרויסען פערמעגען. דוכט זיך אז נאך אזא זיעג האט איהר גליקעסזאָנע בעדארפט אָהן דעם קלענסטען פלעק זיין. ליידער אבער האבען זיך גאר אונערוואַרטעט גרויסע שווארצע פלעקען אין דיעזער זאָנע געוויזען.

דער אירטהום וואס זיא האט געהאט אין דער אבזענדונג פון דיא בריעף,

דאמיט וואס זיא האט זיי פערוועקסעלט, דאס וואר דער ערשטער אונגעהייער גרויסער פלעק אין איהר גליק. זיא האט זיך פארגעשטעלט עטוואס שרעקליכעס. זיא האט געמיינט אז זיא איז שוין פערלארען און אלע איהרע פלענער זיינען מיט דעם רויך אוועקגענאנגען.

ביז זיא האט ערהאלטען וואלאדיעס פריינדליכען בריעף איז זיא אומגעגאנגען וויא צודולט, וויא וואהנזיניג. דען זיא האט דעם זיסען וואלאדיען גוט געקענט און האט געוואוסט אז דיא ארענטליכקייט שטעהט ביי איהם העכער פון אלעס, און קוים איז דער בריעף אין זיינע הענד אריינגעפאלען וועט ער ניט קוקען אויף דעם בונד וואס פערבינדעט איהם צו איהר און ער וועט זיא געוויס פערפאלגען מיט דער גאנצער קראפט פון דער גערעכטיגקייט.

ענדליך האט דער בריעף. וואס איז פון איהם אנגעקומען וויא א שטארקער שטורם דעם וואלקען פון איהר הימעל פערבלאזען און האט איהר גליקס־זאנע אבערמאלס ריין און פלעקענלאז געמאכט.

זיא האט פערשטאנען, אז דער בריעף פאר וועלכען זיא האט אזוי פיעל געד ציטערט איז פערלארען געגאנגען, אבוואהל זיא האט ניט געקענט פערשטעהן וואו ער איז אהינגעקומען; אבער פאר איהר וואר גענוג דיא איבערציינגונג, אז דער שרעקליכער בריעף איז ניט צו וואלאדיאן אין דיא הענד אריינגעפאלען.

מיר ווייסען שוין פון דעם וואס עס איז ביי איהר מיט איהר פאטער געבליעבען אז זיא זאל פאהרען נאך מאסקווא, אום צו פערהיטען יענער בריעף זאל צו וואַ־לאדיאן שפעטער ניט אריינפאלען.

ביידע זיינען אוועקגעפאהרען. דער אלטער דאנילאוו נאך ארשא אום דארט אן ענדע צו מאכען פון זיין קוזינס לעבען און אדעלא האט אבגערייזט נאך מאַ־סקווא.

ויצענדיג אין וואגאן ערשטער קלאסע האט זיא גענוג צייט געהאט צו טראכטען וועגען אלעס וואס מיט איהר טהוט זיך יעצט.

זיא האט עררייכט דאס וואס זיא האט געוואלט. זיא האט אין איהרע הענד דערטאפט איהר קוזינס פערמעגען. עס איז נאך אפילו דא א גרויס געפאהר, פיעל־לייכט וועט אנטאן ויצענדיג אין געפענגניס ערפאהרען, אז זיא איז מיט געוואלד גע־ווארען זיין יורש׳טע און ער קען זיא פון איהר טהראן אראפזועצען. אבער זיא האט געהאפט, אז איהר פאטער וועט זיין ארבייט גיך ענדיגען און אנטאן וועט שון קיין צייט מעהר האבען איהר דאס מינדעסטע שלעכטס צו טהאן.

יעצט זיינען איהרע געדאנקען איבערגעגאנגען צו וואלאדיען, דעם איינציגען מענשען וועלכען זיא האט ליעב. דער איינציגער וואס איז ביי איהר טהייער.

זיא האט שוין לאנג בעמערקט, אז דער ליעבער וואלאדיא איז צו איהר שטארק קאלט געווארען. אבער זיא האט מיט גוואלד זיך איינגעבילדעט, אז זיא דארף זיך דערפאר ניט שרעקען און דיא אורזאכע פון זיין קאלטקייט איז נור דאס, וואס ער איז אימער בעשעפטיגט.

יעצט נאך דעם בריעף וואס זיא האט פון איהם ערהאלטען, האט דיא זיך

איבערצייגט אז זיא האט אין איהר רעכנונג קיין אירטהום נעהאט און זיא האט זיך ניט צו פירכטען, פיעללייכט האט וואלאדיא זיא פערהאסט.

זיא האט אבערמאלס זיין בריעף ארויסגענומען און האט איהם פאר דעם שיין פון א וואנאן־לאמפע דורכגעלעזען. זעהר אויפמערקזאם האט זיא יעדעס װארט בעטראכט און א פרישער וואלקען האט זיך אויף איהר געזיכט ארויפ־געצויגען.

עפעס דערמאנט דא וואלאדיא א יונגע דאמע סוסאנא פעטראוו, וועלכע פערשאפט איהם פערגעניגען מיט איהר פראכטפאלען שפיעלען אויף דער פיאנא.

זיא האט איהר וואלאדיען זעהר גוט געקענט און האט געוואוסט, אז אבוואהל ער איז א גרויסער פריינד פון מוזיק, דאך אוים ליעבע צו זיין ארבייט פערגינט ער זיך קיין לעדיגע שטונדע צו געניסען דאס פערגעניגען פון א מוזיקאלישע שטונדע און דא שרייבט ער אויסדריקליך אז דיא יונגע סוסאנא פעטראוו פערשאפט איהם פיעלע פערגעניגטע שטונדען מיט איהר שפיעלען.

— וואס זאל דאס בעדייטען? — האט זיא זיך ענגסטליך געפרעגט — וויא קומט דאס וואס א יונגע דאמע האט אויף איהם אזא ווירקונג מיט איהר שפיעלען געמאכט?

ביי דיא פערזאנען וואס זיינען פעריטטריקט אין דעם נעץ פון דער ליעבע, בעזאנדערס ביי דיא פערליעבטע פרויען, מאכט דיא קלענסטע עראייגניס א גאנצע רעוואלוציאן אין זייערע קעפ.

א יונגע פרוי וואוינט צוזאמען מיט וואלאדיען אין זיין הויז און ער שענקט איהר אזוי פיעל אויפמערקזאמקייט?

דער געדאנק האט אדעלאן אזוי אויפגעריהרט, דאס זיא איז פון איהר ארט אויפגעשפרונגען און האט געוואלט אנהייבען ארומצוגעהן הין און צוריק איבער דעם וואגאן. אבער דיא בעוועגונגען וואס דער צוג האט געמאכט האט זיא דערפון אבגעהאלטען און זיא האט זיך געמוזט צוריק זעצען אויף איהר פלאץ.

וואס א מינוט ווייטער האט זיך דיא אייפערזוכט אין איהר מעהר צופלאמט. זיא האט געוואלט וואס גיכער קומען נאך מאסקווא, אום מיט איהרע אויגען אנ־צוקוקען יענער פרוי, וואס האט געקענט אזא שטארקע ווירקונג מאכען אויף דעם קאלטען וואלאדיע.

זיא האט זיך אבער ענדליך געטרייסט מיט דעם געדאנק, דאס ווען וואלאדיע זאל ווירקליך ליעבען יענער גובערנאנטין, וואלט ער צו איהר אזא פריינדליכען בריעף ניט געשריעבען.

אלענפאלס טאר איך ביי אזא זאך קאלט ניט בלייבען — האט זיא צו זיך זעלבסט געזאגט — איך מוז זעהן יענער גובערנאנטין פון וואלאדיאס הויז ארויס־יאגען, אויב איך וועל נור בעמערקען אז זיא קען זיין הערץ געווינען. עס קען נאר זיין אז זיא איז א העסליכע פרוי און איך דארף פאר איהר אין דעם הינזיכט ניט פירכטען. אויב זיא איז נור א יונגע און ניט העסליך וועט זיא שוין ביי מיר פליהען צום טייפעל אליין.

זיא איז רוהיגער געווארען און האט איינגעשלאפען. אבער גראדע דער שלאף

האט איהר קיין רוהע נעגעבען. זיא האט געזעהן אין טרוים, וויא איהר וואלאדיא זיצט מיט א שעהנער יונגער דאמע ביי זיך אין זאל, זיא זיננט און ער הערט מיט ענטציקען איהר געזאנג. ענדליך אומארמט ער זיא און קושט זיא מיט דער גרעס־טער ליידענשאפט.

דער געראויש וואס איז געווארען אין וואגאן, האט זיא פון איהר שלאף אויפ־געריסען. זיא האט דיא אויגען געעפענט און האט געזעהן אז דער צוג שטעהט ביי א סטאציאן און פאסאזשירען פליהען מיט זייערע קלומקעס אין דיא וואגאנען.

אויך אין איהר וואגאן זיינען איינינע פאסאזשירען אריינגעקומען, א פרוי מיט א קליינעם סאקוואיאזש אין דער האנד, דאס געזיכט פערדעקט מיט א געדיכטען שלייער, האט זיך געזעצט אויף דער באנק וואס איז פונקט וואו אדעלא איז גע־זעסען.

דיא ביידע פרויען האבען זיך אנפאנגס גאר ניט געוואלט געבען דיא מיהע איינער דער צווייטער צו בעטראכטען. נור דיא ערשט אריינקומענדע פרוי האט וויא ניט־ווילענדיג א קוק געטהאן אויף דער גרעפין דאנילאוו און האט וויא ערשראקען אויסגערופען:

— אדעלא!

ערשטוינט האט אדעלא צו דער פרוי א קוק געטהאן, אבער דער שלייער אויף איהר וואר אזוי געדיכט, דאס זיא האט איהר געזיכט ניט געקענט בע־טראכטען.

— ווער זייט איהר וואס איהר רופט מיך ביי מיין נאמען — האט זיא ענדליך געפרעגט.

— איך בין אייערע זעהר א גוטע בעקאנטע — האט דיא פערשלייערטע דאמע געענטפערט.

— ווער זייט איהר?

— האט איהר מיך ניט דערקענט?

— ניין. דען איהר געהט אין א געדיכטען שלייער.

— דאס איז דאך געווען אייער ראטה איך זאל טראגען א מאסקע אויף מיין געזיכט.

— קלאטהילדא! — האט אדעלא וויא ערשראקען אויסגערופען.

— איהר האט מיך שוין דערקענט, עדלע גרעפין — האט קלאטהילדא מיט א שפאטישען טאן געזאגט.

— וואוהין פאהרט איהר דאס, קלאטהילדא?

— פרעגט פריהער פון וואנען איך פאהר.

— נו, פרעג איך אייך, פון וואנען פאהרט איהר?

— איך פאהר פון אייער אונגליקליכען קוזין אנטאן דאנילאוו, וועלכען איהר האט אין געפענגניס געווארפען.

אלע פארבען האבען זיך אנגעהויבען צו בייטען אין אדעלאס געזיכט און מיט א ציטערנדע שטימע האט זיא געזאגט:

— וואס איז דאס פאר א ווערטער, קלאטהילדא?

— איך בעט אייך, ארעלא, איהר זאָלט ניט פערגעסען, אז איהר רעדט דא מיט אזא פערזאָן וואס איז אזוי קלוג וויא איהר, און פיעללייכט נאך קלינער. אויב איהר דענקט מיך אזוי צו נאררען וויא איהר האט גענאררט אייער קוזין, האט איהר א גרויסען אירטהום.

— אבער, ליעבע פריינדין.... האט אדעלא אנגעהויבען צו ריידען.

— שטיל! איהר זאלט ניט וואגען מיך מיט דעם נאמען פריינדין צו נענען! — איך בין קיין פריינדין פון אזעלכע פערפלוכטע כאראקטעלאָזע פרויען וויא איהר זייט.

אלע גליעדער האבען אנגעהויבען אין ארעלא׳ן צו ציטערן. זיא האט קלא־טהילדאן זעהר גוט געקאנט און האט געוואוסט, אז זיא איז נאך א גרעסערער קאזאק אלס זיא איז. דארום האט זיא געפונען פאר קלוג, זיך ניט צו קאָכען אין דער צייט ווען איהר געננערין איז צוקאָכט. דארום האט זיא מיט א זאנפטע שטימע געזאגט:

— אבער, ליעבע קלאטהילדא, זייט דאך ניט אזוי אויפגערעגט: פערגעסט ניט, אז מיר זיינען דא ניט אונטער פיער אויגען, און ווען איהר טראגט אויף מיר א האס, קענען מיר דאך געלאסען זיך אויסריידען.

— איך האב מיט אזעלכע פערדארבענע פרויען וויא איהר זייט ניט וואס צו ריידען. איך וועל בעסער טהאָן....

— וואס וועט איהר טהאן?

— איך וועל אויפווייזען דיא גאנצע געהיימנים וואס עס איז פערבונדען מיט דעם מאָרד פאר וועלבען דער גראף דאנילאוו איז איינגעשפערט. איך וועל זיך זעלבסט אויך ארויסגעבען, אלעס וועל איך דערצעהלען, וויא איהר האט מיך אָנגע־רעדט איך זאָל מאכען אַ אינטריגע צווישען דעם גראף מיט זיין פריי. איהר האט מיך איינגעבילדעט, אז סעמיאן איז מאריא׳ס א געליעבטער, ווערענד איהר האט גוט געוואוסט אז ער איז איהרער א ברודער, און מיר האבען דיא אינטריגע אזוי ווייט געטריעבען ביז דער גראף האט זיין ארמער פרוי ערמארדעט.

אדעלאס גליעדער האבען וויא פון א שטארקען פיעבער געשווידעט. זיא האט דערקענט אָן קלאטהילדאס ווערטער אז זיא מיינט דאס ערנסט און זיא וועט געווים טהאן וויא זיא זאגט. זיא האט אויך דאס גוט איינגעזעהן, אז וואס מעהר זיא וועט יעצט ריידען מיט קלאטהילדאן ווענען דעם געגענשטאנד, וועט זיא (קלא־טהילדא) אלץ מעהר צוהיצט ווערן. דארום האט זיא זיך בעשלאָסען יעצט נאר צו שווייגען אוןווארטען ביז קלאטהילדא וועט זיך בערוהיגען, און דאן זאָל זיא מיט איהר ריידען אום זיא פון איהר שרעקליכער אונטערנעהמונג אראפצופיהרען.

אבער וועלכען מיטעל זאל זיא דא אנווענדען, קלאטהילד׳ן צו געווינען פאר זיך? — דאס איז יעצט פאר איהר געווען א שווערע אויפגאבע, און קלאטהילדאס פלעצליכעס ערשיינונג אין דעם וואגאן און איהרע הארטע ווערטער האבען גאר א נייעם גרויסען פלעק געמאכט אין אדעלאס גליקס־זאָנע.

### 199טעס קאפיטעל.

## קלאטהילדאַ ביים גראַף אין געפענגנים.

פון קלאטהילדאס ווערטער, אז זיא פאהרט יעצט פון דעם גראף דאנילאוו, האבען דיא לעזער נעוויס פערשטאנען, אז זיא האט דעם אונגליקליכען בעזוכט אין געפענגניס. מיר געפינען עס פאר וויכטיג צו דערצעהלען ווי דער בעזוך איז צוגע־גאנגען.

מיר ווייסען שוין, דאס קלאטהילדא האט שטארק חרטה געהאט אויף דעם, וואס זיא האט אנטהייל גענומען אין דער יאגד אויף איהר יוגענד־פריינדין מאריא. זיא האט זיך ארומגעזעהן, אז זיא האט נור אלס שפיעלצייג געדיענט ביי דער כאַ־ראקטערלאָזער אדעלאן, וועלכע האט דא געהאט נור איין ציעל דעם גראף מיט דער גרעפין פון דער וועלט צו פערטרייבען און זייער יורש׳טע צו ווערן.

זיא איז וויטהענד געוואָרען אלס זיא האט ערפאהרען, דאס אדעלא האט איין האנד געמאכט מיט סטעפּאנען און מיט סעמיאנען, זיי זאָלען דעם גראף אין געפענגנים אריינברייננגען פאר דעם מאָרד וואס ער האט דורך זייערע אינטריגען בעגאנגען, און וויא מיר האבען געהערט, האט זיא דאנילאָוו׳ן אלעס דערצעהלט און האט איהם געווארנט, ער זאָל זיך היטען פאר דיא טייפלען וואס האבען זיך גענר־מען איהם צו פערניכטען.

פון דאמאָלס אָן האט קלאטהילדא דעם גראפס שלאס פון דיא אויגען נים אבגעלאזט. זיא האט ערווארטעט שרעקליכע נייעס און זיא האט זיך בעשלאסען פון היינט אָן און ווייטער אנטאָן׳ס שוץ־ענגעל צו זיין.

דיעזע מוטהיגע פרוי, וועלכע ווער גענוג פעהיג צו דיענען אלס שענדליכע הערצלאזע שפיאָנין, איז אויך פעהיג געווען אָן ארענטליכע העלדען־ראָליע צו שפיע־לען. זיא האט זיך פערקליידעט אלס איינפאכע מוזשיצקע און האט זיך געדרעהט ארום אנטאנס פאלאסט. דאס געזיכט וואר ביי איהר אזוי פערשמוצט, דאס עס וואר אונמעגליך צו דערקענען, אז אונטער דיעזען שמוץ ליעגט פערשטעקט אָן עכטע שעהנע אריסטאקראטישע פרוי.

אין יענעם מארגען ווען מען האט דעם גראף ארעטירט, האט זיא זיך וויא געוועהנליך געדרעהט ארום דעם גראפס פאלאסט. זיא האט בעמערקט סטעפאנען מיט סעמיאנען ליעגענדיג פערשטעקט אָן אַ זייט וועג און האט פערשטאנען אז דא מוז עפעס זיין.

זיא האט גערעכענט, אז דיא צוויי באנדיטען האבען זיך דא פערשטעקט מיט דעם איינפאכען מערדערישען פלאַן, דעם גראף דאנילאוו צו ערמארדען. איהר איז איינגעפאלען דער געדאנק, פיעללייכט דארף אנטאן באלד אין דיעזען וועג געהן און דיא מערדער־יונגען האבען דאס ערפאהרען און ערווארטען איהם דא. דארום איז זיא צוגעגאנגען נעהענטער צו דאנילאווס פאלאסט און האט דא געקווישט פיעללייכט וועט דער גראף ארויסגעהן, זאל זיא איהם זאגען, אז ער איז אין גע־פאהר.

אבער אנשטאט דער גראף זאל ארויסגעהן פון זיין פאלאסט, האט זיא נאך דערזעהן צופאהרענד צום פאלאסט א פריסטאוו מיט סאלדאטען. זיא האט באלד פערשטאנען, ווענען וואס זיי זיינען אהער געקומען. דאס גאנצע בלוט האט אין איהר אנגעהויבען צו קאָכען. אבער וואס האט זיא דא געקענט העלפען?

וויא א שטיינערנע סטאטוע איז זיא פאר דעם טהויער פון׳ם שלאָס שטעהן געבליעבען און האט געווארט אזוי לאנג ביז דער גראף איז ארויסגעפאהרען צו־זאמען מיט דעם פריסטאוו און מיט דיא סאלדאטען.

איהר הערץ איז אין איהר צובראכען געווארען, און דיא טרערין האבען וויא פון צוויי הייסע קוועלען זיך א גאס געטהאן פון איהרע אויגען.

— ליעבער טהייערער אנטאן! — האט זיא יאמערנד געשטאמעלט — ניט דוא ביסט א מערדער, זאנדערן איך בין דיין פרוי׳ס מערדערין. ניט דיך דארף מען פיהרען אין געפעננגיס, זאָנדערן מיך. ניין! איך וועל ניט צולאָזען דוא זאלסט אלס מערדער בעטראכט און פעראורטהיילט ווערען איך מוז דיך רעטען, ווען זאָ־גאר איך וועל דאדורך מיין טויט געפינען.

אבער וואס טהוט מען? — האט זיא זיך געקלערט — וואָמיט קען איך יעצט דעם אונגליקליכען רעטען?

נאך א לאנגען נאכדענקען איז ביי איהר געבליעבען זיא זאָל פאהרען נאך אָרשא, וואוהין מען האט איהם געווים אוועקגעפיהרט, און זאָל דערווייל זיך בע־מיהען מען זאל איהם ניט וויא א געוועהנליכען מערדער טיראניש און שאָנוננסלאָז בעהאנדלען.

זיא האט צוריק איהרע קליידער אנגעצויגען און איז נאך אין׳ם זעלבען טאג נאך אָרשא אוועקגעפאהרען.

אבער קומענדיג אין ריעזע שטאדט, האט זיא זיך געפונען זעהר פערלעגען און ראטהלאָז. וואס זאל זיא יעצט טהאן, אום דעם אונגליקליכען גראף הילפע צו בריינגען? זיא וואר אנפאנגס ענטשלאסען גלייך אריינצוגעהן צום סליעדראָוואטעל און איהם דערצעהלען דיא גאנצע געשיכטע. איהם קלאר מאכען, אז אין דער גרע־פינס טויט איז זיא און נאך דריי פערזאָנען שולדיג. אבער זיא האט זיך בערעכענט, אז דאס איז קיין פלאן, דען דערמיט וועט דער גראף ניט גערעטעט ווערען. דורך דעם וואס זיא וועט זאגען, אז זיא האט איהם צו דעם מארד פעראנלאסט וועט דער נאמען מערדער פון איהם ניט אראפפאלען. מען וועט זיא ארעטירען און דא־דורך וועט זיא פעדליערען דיא מעגליכקייט ווייטער עטוואס פאר דעם עלענדען צו טהאָן.

דיא האט באלד אריינגעשריעבען א בריעף צו איינעם פון איהרע פערוואנ־דטע אין מאָסקווא, וועלכער האט א גרויסען אמט בעטראטען אין דער גובערנ־סקער אופראוולעניע. זיא האט איהם אין דעם בריעף געשריעבען, אז איהרער א בעסטער פריינד איז פערהאפטעט געווארען בלויז פאר א פערדאכט, און דארום בעט זיא איהם ער זאָל צו איהר ארייגשיקען א בריעף צום אָרשער סליעדראָוואטעל, ער זאל דעם געפאנגענעם ביז זיין פראצעס וועט זיך ענדיגען מענשליך בעהאנדלען.

פיער טאג האט געווערט ביז דער ערווארטעטער בריעף איז אנגעקומען, אבער ער איז דאך אנגעקומען און קוים האט זיא איהם ערהאלטען, האט זיך אויף איהר געזיכט וויא א נייע הויט אנגעצויגען.

זיא האט זיך פרעכטיג אנגעקליידעט און האט באלד געמאכט א וויזיט דעם סליעדאָוואטעל. אלס זיא האט איהם איהר פערוואנדטענס בריעף איבערגעגעבען האט ער זיא זעהר פריינדליך עמפפאנגען און האט איהר ערקלערט, אז אויך ער וואר מיט דער מיינונג אז דער גראף דאנילאוו איז קיין מערדער; אבער דאנילאָוו אליין האט זיך מודה געווען אז ער איז ווירקליך זיין פרוי'ס מערדער. נאך אזעלכע ווערטער, האט ער (דער סליעדאוואטעל) איהם געמוזט בעהאנדלען, וויא מען דארף אזא פערברעכער בעהאנדלען.

— איך מוז אייך זאגען, מיין העדר, דאס איך גלויב יעצט אויך ניט, אז דער גראף דאנילאָוו האט זיין פרוי ערמארדעט — האט קלאטהילדא געענטפערט— און דאס וואס ער האט זיך אליין אויף אזא פערברעכען מודה געווען, איז דער בעסטער בעווייז, אז מיין מיינונג איז א ריכטיגע. דען דער וואהרער מערדער וויל זיך פאר קיין פאל ביי דער ערשטער פערהאפטונג אויף אזא פערברעכען מודה זיין.

— אבער וועלכער פעררי‌קטער וועט אויף זיך אליין זאגען, אז ער איז א מערדער, אין דער צייט ווען ער איז אונשולדיג?

עס ניעבען אין לעבען אזעלכע פעלע וואס דער קליגסטער מענש פערליערט דורך זיי זיין פערשטאנד, דער גרעסטער העלד פערליערט זיין מוטה און זיי טהוען אזעלכע דומהייט וואס עס איז אונמעגליך אויף זיי צו גלויבען אז זיי זאלען דאס טהאן.

— דאס וועלען דיא נאכפארשונגען בעווייזען צו האט דאנילאָוו דיא וואהר־היט געזאגט צו ניט. אלענפאלס וועל איך טהאן וויא אייער פערוואנדטער האט מיך געבעטען און וועל באלד א בעפעהל געבען מען זאל דעם ארעסטאנט איבער־פיהרען אין א ליכטיג צימער.

— קענט איהר מיר העדר סליעדאוואטעל, דיא ערלויבניס געבען מיט דעם גראף צו שפרעכען.

— ווארום ניט, איך קען דאס אייך טהאן.

— איך בין אייך פאר דער גנאדע זעהר דאנקבאר.

— ווילט איהר באלד צו איהם געהען?

— ניין, פריהער הייסט איהם איבערפיהרען אין דעם ליכטיגען צימער וואס איהר האט געזאגט, נאכהער וועל איך צו איהם אריינגעהען.

— דאס וועל איך באלד הייסען און אין צוויי שטונדען ארום קענט איהר איהם זעהען אין זיין נייעם קערקער.

— איך נעהם אייער גיטיגקייט מיט דער גרעסטער דאנקבארקייט אן.

דער סליעדאוואטעל האט איהר געגעבען א בריעף צום סמאטריטעל ער זאל דער דאמע גלייך אריינלאזען צו דעם ארעסטאנט דאנילאָוו אין צימער און האט

איהר נאך דאביי פערשפראכען, אלעס וואס עס ליענט נור אין זיין מאכט אנצר ווענדען דער ארעסטאנט זאל גוט בעהאנדעלט ווערן.

אין צוויי שטונדען ארום, אלס קלאטהילדא האט שוין נעפיהלט אז דעם גראף האט מען אין א ליכטיג צימער אריינגעפיהרט, איז זיא אוועקגעגאנגען מיט דעם סליעדאוואטעלס בריעף צום סמאטריטעל פון ארשא׳ר געפענגניס.

דער סמאטריטעל האט איהר גלייך דיא ערלויבניס געגעבען דעם ארעסטאנט צו בעזוכען און האט זיא גלייך צוגעפיהרט צו זיין צעלע.

מעכטיג האט דאס הערץ אנגעפאנגען אין איהר צו קלאפען, אלס זיא האט בעדארפט צו דעם געפאנגענעם אריינגעהען. וויא א געהיימער שרעק איז איהר פלוצלונג בעפאלען. זיא האט זיך וויא ערשט יעצט דערמאנט אז אין דאנילאוום אונגליק איז זיא אליין שולדיג, דען זיא האט דיא ערשטע איהם דעם רעוואלווער אין דער האנד געגעבען, ער זאל זיין פרוי ערמארדען.

— אבער עס מעג זיין וואס עס וויל — האט זיא זיך ענדליך בעשלאסען, — איך מוז צו איהם אריינגעהען און מוז מיט איהם ריידען. ער מעג מיך טוידטען וועל איך דעם טוידט פון זיין האנד מיט ליעבע עמפאנגען, ווייל איך האב איהם פער־דיענט.

זיא האט האסטיג דיא טהיר אויפגעעפענט און איז אריינגעגאנגען.

מיט איין שטונדע צוריק האט מען דעם גראף אין דיעזען צימער אריינגע־פיהרט. דיעזעס צימער וואר נאר ניט עהנליך צו דיא פינסטערע צעלען, וואו אלע ארעסטאנטען זיינען געזעסען. דען ער וואר הויך מיט איין גרויסען פענסטער, דער פענסטער איז אפילו געווען מיט אייזערנע גראטעס פערזעהען, אבער דאך האט דיא טאגעס ליכטיגקייט געהאט גענוג פלאץ דורך איהם אין׳ם צימער אריינצוגעהען.

דער סמאטריטעל האט געמיינט אז ער האט דעם ארעסטאנט ניי בעלעבט, דאמיט וואס מען האט איהם אין אזא ליכטיג צימער אריינגעפיהרט. דאס איז אבער געווען אן אירטהום. דיעזעלבע טרויעריגע פערצווייפעלטע מינע וואס עס איז געלעגען ביי דעם גראף אויפ׳ן געזיכט פריהער אין יענער פינסטערער צעלע, דיעזעלבע מינע איז אויך יעצט אויף איהם געלעגען אריינקומענדיג אין דעם ליכטיגען צימער.

ער איז געזעסען אויף דער אלטער בעט וואס דארט איז געשטאנען, דעם קאפ אנגעשפארט אויף ביידע הענד, וועלכע ווארן געשטיצט אויף זיינע קניע. ער איז געווען אזוי פערטיעפט אין זיינע געדאנקען דאס ער האט ניט געהערט וויא דיא טהיר האט זיך געעפענט און וויא קלאטהילדא איז אריינגעקומען.

זיא איז איינינע מינוטען שטעהען געבליעבען ביי דער טהיר אלס זיא האט איהם אין דער פאזע געטראפען און האט געזעהען וויא אונבעוועגט ער זיצט. אלס עס זיינען אבער איינינע מינוטען פערגאנגען און ער האט זיך אלץ ניט געריהרט, האט זיא געמאכט א פאר טריט געהנטער און האט מיט א ציטערנדע שטימע געזאגט:

— הערר גראף!

ערשראקען האט זיך דער גראף פון זיינע געדאנקען ערוואכט. ער האט זיין

קאפּ אַיפּגעהויבען און קלאַטהילדא האט ערשט יעצט דערזעהען זיין לייבענבלאַסעס געזיכט.

ער האט זיא מיט ווילדע בליקען אנגעקוקט און האט ענדליך שטרענג געפרעגט:

— וואס פערלאַנגט איהר?

— הער גראַף.... — האט קלאַטהילדא געשטאַמעלט און איהרע אויגען זיינען פול געוואָרען מיט טרערין.

— וואס פערלאַנגט איהר, פרעגּ איך אייך? — האט ער מיט דערמזעלבען שטרענגען טאָן געפרעגט.

— איך ווייס אויך ניט וואס איך פערלאַנג — האט זיא געענטפערט מיט א שטימע וואס וואר פערשטיקט פון טרערין — אבער עס האט מיך געטריעבען צו אייך, איך האב אייך געוואלט זעהען, אייך טרייסטען.

— מיר טרייסטען? — האט ער מיט א ווילדען געלעכטער אויסגערופען — דוא אויסוואורף דער נאַטור, וואס האט מיר געטריעבען צו אזא הימעל-שרייענדע זינדע, איך זאל מיין זיסער גוטער פרוי ערמאָרדען. דוא ביזט געקומען מיך טרייס־טען? האסט דוא שוין אלע מענשליכע געפיהלע פערלאָרען? פאָרט פאַן היער קאַנאַליע! אויך דיעזער קערקער איז צו היילינ פאר דיין אונרייגער זעעלע.

בלאס וויא דער טוידט איז קלאַטהילדא געשטאַנען, זיא האט אוים שרעק דאס מויל ניט געקענט עפענען. ענדליך אבער האט זיא זיך געמוטהיגט און האט געזאגט:

— איך ווייס אליין, הערר גראַף, וויא זינדיג איך בין. איך שווער אייך אז זיצען אין א פינסטערן קערקער, וואלט ווירקליך פאר מיר געווען א גן-עדן נעגען דיא ליידען וואס דיא געוויסענס־ביסע פערשאַפט מיר אין דער פרייהייט. איך האב קיין רוהע, מיין יונגענד־פריינדינס מאַריאַס בילד פערפאָלגט מיך אויף שריט און טריט און מיר שיינט, אז זיא שרייט צו מיר: מערדערין! וואס האסט דוא צו מיר געהאט, ווארום האסט דוא מיין גוטען מאן אויפגערייצט געגען מיר, ער זאל מיך אין גראָב טרייבען? אָ, הערר גראַף, איך בעניידע אייך וואס איהר ליידעט יעצט פאר אייערע זינדע, מיט פערגניגען וואלט איך דעם עשאַפאָט בעשטיענען און וואלט מיין קאָפּ פאר דעם הענקערס האק אניעדערגעלעגט. איך וויל בעשטראפט ווערן און איך וועל אינים פאל ווען דיא געערכטינקייט וועט דאס ניט טהאן זיך זעלבסט בעשטראַפען, איך וועל אליין צו מיין פינסטער לעבען אן ענדע מאַכען. אבוואהל ווען איך זאל זיך גוט בערעכענען בין איך אויך ניט מעהר וויא א שפּיעל־צייג אין דיא הענד פון דער פערפלוכטער הערצלאָזער אדעלאַן געוועזן.

ביי דעם נאָמען אדעלא איז דעם גראַפס געזיכט אזש געל געוואָרען און ער האט צאָרניג א געשריי געטהאן:

— פערפלוכט אויף אימער און עוויג זאל דיא בעסטיע, דיא קאַנאַליע זיין. אבער איך פרעג דיר נאך אמאָל וואס ביזט דוא אהער געקומען?

— איך האב אייך שוין געזאגט, הערר גראַף, אז איך ווייס זעלבסט ניט וואס איך האב מיט דיעזען בעזוך געוואָלט, אבער עס האט מיך אהער געטריעבען. אייך

האב אייך געוואלט זעהען, מיר האט אויסגעוויעזען אז איך וועל קענען אייך טרייסטען.

— נעה! איך פערלאנג דאס פון דיר נים — האט דאנילאוו עטוואס זאנפטער געזאגט — פאר מיר גיעבט עס שוין קיין טרויסט נים.

— פיעללייכט קען איך פון אייערטוועגען עפעס טהאן הערר גראף, איך וועל אלע מיינע קרעפטע אנווענדען אלע אייערע ווינשע אויסצופיהלען.

— קענסט דוא מיין מאריא'ן לעבעדיג מאכען? קענסט דוא מיין טויט קינד מיר לעבעדיג אומקעהרען? נור דיאביידע זאכען וואלטען אין שטאנד געווען מיך צו טרייסטען. וויטער האב איך קיינע ווינשע מעהר.

— אבער גנעדיגער גראף, איהר זעלבסט פערגרעסערט אייער זינדע צעהן מאל אזוי פיעל וויא זיא איז אין דער ווירקליכקייט. איהר האט אייער פרוי נים ערמאָרדעט אלס איינפאכער מערדער. איהר האט געמיינט, אז איהר וועט דאמיט אייער עהרע פון שאנדע רעטען.

— ווער בעט דיר דוא זאָלסט מיט מיר אזוי ריידען? — האט דער גראף געזאגט מיט א פינסטערער מינע — האב איך דיר ערשט נים געזאגט אז פאר מיר גיעבט עס קיין טרויסט מעהר? געוויס האסט דוא געהערט, אז איך האב זיך אויף מיינע זינדע מודה געווען. איך וועל דאס פאר דעם געריכט אויך זאגען.

— האט איהר אויך געזאגט ווער עס האט אייך צו דער זינדע געבראכט? האט איהר נים דערצעהלט, אז ארעלא וואר דיא ערשטע וואס האט אייך צו דער זינדע געטריעבען און איך בין דיא צווייטע.

— איך וויל אייך קיינעם נים מישען אין מיינע זינדע, זאל אייך גאט אליין בעשטראפען. יא, איך צווייפלע אין דעם נים, אז איהר וועט באלד אייער פער־דיענטע שטראפע ערהאלטען אָהן מיין מיטווירקונג.

— נו, וועל איך אליין פאר דעם געריכט אלעס דערצעהלען.

— טהוט וויא איהר ווילט, מיר נעהט קיין זאך מעהר אָן. איך בין בעשעפ־טינט־מיט מיין אייגענער פערזאָן און פון אלע אנדערע וויל איך יעצט נים וויסען. נעהט, זאג איך אייך. איך וויל נים, יעמאנד זאָל שטערען מיינע געדאנקען, וואס זיינען געווידמעט נור מיין טהייערער פרוי מיט מיין קינד, וועלכע איך האב אין גראב פערטריעבען.

— אבער, גראף.... האט קלאטהילדא אנגעהויבען צו ריידען.

— שטיל, זאג איך! — האט דאנילאוו צאָרניג א געשריי געטהאן — איך וויל פון אייך נים מעהר איין וואָרט הערען. געהט, לאזט מיך אליין.

קלאטהילדא האט נים געוואגט מעהר צו ריידען. זיא האט אויסגעווישט דיא אויגען, האט א ביטערן זיפץ געטהאן, און ווערפענד נאך אמאל א פערצווייפעלטען בליק אויף דעם אונגליקליכען גראף, האט זיא זיין ציטער פערלאָזט.

ערשט ארויסגעהענדיג פון זיין קערקער, האבען איהרע אויגען אנגעהויבען צו רעגענען מיט טרערין. זיא האט זיים זיא לעבט אזוי פיעל נים געוויינט וויא דאס מאל. דעם גראפס טרויעריגעס אויסזיכט האט זיא צערשמעטערט.

נאך איןם זעלבען טאג איז זיא אוועקגעפאהרען נאך מאסקווא. אין וועג בי־

דער סטאַנציע קראַסילניקאָוו האט זיא אבגעשטינגען אום זיך צו זעהן מיט איהר ברודער, וועלכער וואר דארט נאַטשאַלניק סטאַנציע. זיא האט נור פערבראכט ביז דעם צווייטען צוג און איז דאן אבערמאלס אוועקגעפאהרען, און האט אין וואַגאָן זיך בעגעגענט מיט אדעלאַן.

200טעס קאַפּיטעל.

# דער מערדערישער פּלאַן.

„גראַף מארקוס דאנישעוו" — האט דער סמאַטריטעל פון ארשער געפעגנגים איבערגעלעזען אויף דער וויזיט־קארטע וואס זיין דיענער האט איהם דערלאַנגט.

— ביטע, זאָל ער אריינקומען — האט דער סמאַטריטעל געענטפערט.

ווער קען דאס זיין דער גראַף דענישעוו? — האט ער זיך זעלבסט נעפרעגט, אלס דער דיענער איז ארויסגעגאנגען — איך קען גאר אזא מענשען ניט.

אין איינינע מינוטען ארום האט זיך דיא טהיר פון זיין צימער געעפענט און אן אַלטער מאַן זעהר רייך געקליידעט מיט אן אריסטאָקראַטישעס אויסזעהן איז אריינגעקומען.

— זייט מיר ווילקאָמען, גראף! — האט דער סמאטריטעל נעזאנט אויפשטעהענד פון זיין אָרט — מיט וואס קען איך אייך דיענען?

— מיין קאַרטע האט אייך שוין געזאגט ווער איך בין, — האט דער גאסט געענטפערט — דאָך וועל איך דיא עהרע האבען זיך פאר אייך מינדליך פאָרצושטעלען. מיין נאמען איז גראף מארקוס דאנישעוו, איך וואוין אין פעטערבורג. איך געפין מיך יעצט אין דעם געגענד, ווייל איך בין נעפאהרען זיך ערקונדיגען וועגען זעהר א נאָטהווענדינער זאך ביי מיין אלטען פריינדס א זאָהן.

— ווער איז אייער אַלטער פריינד אין דיעזער שטאדט?

— מיין אַלטער פריינד איז ניט פון דיעזער שטאדט. ער וואר דער אייגענטהימער פון דעם דאָרף דאנילאָווקא.

— איהר מיינט דעם גראף אנטאָן דאנילאוו?

— ניין, איך מיין זין פאטער. ער וואר מיינער א יוגענד־פריינד. זעלבסטפערשטענדליך, אז איך בין אויך זיין זוהן אנטאן א פריינד געבליעבען און ווען ער פלעגט קומען נאך פעטערבורג איז ער ביי מיר איינגעשטאנען און איך האב איהם מיט פעטערליכע צערטליכקייט בעהאנדעלט. ער האט מיך פיעל מאל געבעטען, איך זאָל איהם בעזעהרען און קומען צו איהם מיט א בעזוך, אבער טראָץ מיין ווילען זיין וואונש צו ערפילען, האב איך דאס ניט געקענט טהאָן, ווייל איך בין זעהר א בעשעפטינטער מאַן. איך האב פיעל פאבריקען און אנדערע געשעפטען אין פעטערבורג; אבער אין דער לעצטער צייט האט זיך געמאכט אזא צופאל, וואס איך האב געמוזט פאהרען נאך דאנילאווקא וועגען אן אלטען דאקומענט, וואס עס האט זיך געפונען ביי מיין פריינד דעם אלטען גראף דאנילאוו, און יעצט האט ער זיך, נאך מיינער מיינונג, בעדארפט געפינען ביי זיין זוהן אנטאָן. שטעלט זיך אבער פאָר מיין שרעק און מיין ערשטוינען, אלס קומענדיג אין דאנילאָווקא, האב איך ערפאהרען, אז אנטאן מיין ליעבלינג, איז אַן איינפאכער מערדער געווארען. עו״ה מ

ערמארדעט זיין פרוי און ער זיצט פאר דעם פערברעכען אין געפענגנים.

וויא א דונער האט מיך דיא נאכריכט געטראפען. ערשטענס, האט מיך גע־קריינקט וואס מיין פריינדס, דעם אלטען גראפס עהרע איז זא בעשמוצט געווארען, און צווייטענס, האט מיר דאס הערץ געריסען אויף זיין זון אנטאנען. ער זאל א מערדער ווערען און זאל דארפען זיצען אין געפענגניס.

איך האב אנגעהויבען נאכפארשונגען צו מאכען וויא אזוי דער מארד איז צו־געגאנגען, דען איך האב זיך געקלערט, פיעללייכט איז אנטאן גאר ניט אזוי שולדיג אין דעם פערברעכען, אדער ער איז גאר פאלש בעשולדיגט געווארען, וויא עס טרעפט זיך אמאל. דאס אונשולדיגע מענשען ליידען דורך א פאלשע בעשולדיגונג; צו מיין גרויסען פערדרוס אבער האב איך ערפאהרען, אז ער האט ווירקליך וויא א ווילדע בעסטיע געגען זיין שעהנער ארענטליכער פרוי געהאנדעלט. ער האט זיא ערמארדעט בלויז דערפאר, וואס ער האט א שטיקעל פערדאכט געהאט אז זיא ליעבט אן אנדערן.

אויב אזוי, האב איך זיך געטראכט, האט ער ניט פערדיענט איך זאל וועגען איהם מעהר דענקען. זאל דער פערברעכער שמאכטען אין געפענגניס און זאל ער זיין לעבען ענדיגען אין דיא גאלד־גרובען פון סיביריען.

— איך האב באלד געמאכט מיין וועג צוריק מיט דער אבזיכט גלייך אהיים נאך פעטערבורג צו פאהרען; אבער וויא איך בין פון דאנילאווקא ארויסגעפאהרען, האט מיר דאס הערץ אבערמאלס אנגעהויבען צו רייסען אויף דעם אונגליקליכען.

— אנטאן זיצט אין א פינסטערען קערקער, האב איך זיך געטראכט. ער, וואס איז ערצויגען געווארען אין גרעסטען לוקסוס, שמאכטעט יעצט אין געפענגניס ער שלאפט אויף אן אלטען שטרוי־זאק און מח עסען דיא אונפערדייליכע שפייזען וואס מען גיט אלע איבערונגע ארעסטאנטען. דער געדאנק האט מיך אזוי געדריקט, דאס איך האב זיך בעשלאסען עטוואס פון זיינטוועגען צו טהאן. צוליעב דעם בין איך ארייננעפאהרען אהער זיך מיט אייך, הערר סמאטריטעל, צו זעהן.

— וואס פערלאנגט איהר דען פון מיר? — ווילט איהר זיך פיעללייכט זעהן מיט דעם ארעסטאנט?

— בעהיטע גאט! איך טאר מיך מיט איהם ניט זעהן, דען ער וועט פאר שאנדע שטארבען. דערביי וויל איך אזא מערדערישען קערל גאר דיא עהרע ניט פערשאפען איך זאל זיך מיט איהם זעהן אין זיין קערקער.

— וואס דען ווינשט איהר?

— איך וויל נור א קליינינקייט פון זיינטוועגען טהאן. איך ווייס, אז ער איז ניט געוואוינט געווארען צו דיא עסענס וואס מען גיט דיא ארעסטאנטען, וויל איך בעשטעלען דא אין א רעסטאראן, מען זאל איהם טראגען פון דארט עסען. געוויס וועט איהר דאס ערלויבען.

— דאס קען איך אייך טהאן, הערר גראף.

— איך בין אייך דאפיר זעהר דאנקבאר, אבער איך בין ניט געוואוינט גע־ווארען צו דאנקען בלויז מיט'ן מויל. איהר וועט מיר געוויס דיא עהרע ערצייגען, און מיר ערלויבען אייך צו בעדאנקען מיט דער האנד.

בײ דיא װערטער האט ער ארױסגענומען פון זײן טאש צװײ הונדערטער און האט זײ אװעקגעלײגט אױפ'ן טיש.

— דאס איז גענצליך איבעריג, — האט דער סמאטריטעל מיט א האלבען מױל געזאגט.

— טהוט מיר דאס געפאלען, הערר סמאטריטעל, און עמפפאנגט פון מיר דיעזע קלײנע בעלאָהנונג. בײ מיר האט דאס קײן װערטה, און בײ אײערע קלײנע אײנקינפטע שפּיעלט דאס געװיס א שטיקעל ראָליע.

— איך דאנק אײך, גראף, — האט דער סמאטריטעל געזאגט ארײנלײגענד דאס געלד אין דער טאש. — פיעללײכט פערלאנגט איהר פון מיר נאך עטװאס?

— איך װאָלט זעהר צופריעדען געװען, װען איהר זאָלט דיעזען ארעסטאנט אויך אין אנדערע הינזיכטען גוט בעהאנדלען, נעהמליך, איהם אין א שעהנעם, ליכטיגען צימער ארײנפיהרען און איהם פערזעהן יעדען טאג מיט רײנע װײסע װעש. אויף דעם װעל איך אײך געבען בעזונדער געלד.

— װאס דעם צימער אנבעטריפט, קען איך אײך זאגען, אז מען האט איהם שױן אין א ליכטיגען צימער ארײנגעפיהרט. װײל פאר איהם אינטערעסירט זיך נאך א גרױסער מענש.

— װירקליך? — האט דער אלטער ערשטױנט און ערשראָקען געפרעגט — װער קען זיך דען פאר איהם אינטערעסירען?

— דאס װײס איך ניט, אבער דער סליעדאָװאטעל האט ערהאלטען א בריעף פון מאָסקװא פון א גרױסען מאן, ער זאל דעם ארעסטאנט גוט בעהאנדלען. אויך א רײכע דאמע װאר הײטע בײ איהם מיט א בעזוך.

— א רײכע דאמע?

— אזױ װײזט מיר אױס, דען זיא װאר פּרעכטיג געקלײדעט און זעהט אױס פון דער אריסטאָקראטישער קלאסע צו זײן.

— װער איז זיא?

— דאס װײס איך װײטער ניט.

דער אלטער האט זיך אויף אײניגע מינוטען פערטראכט און האט :.כהער מיט א פרײנדליכע מינע געזאגט:

— אזױ זיצט ער שױן אין א ליכטיגען צימער?

— יא הערר גראף!

— דאס פרעהט מיך זעהר. אלזא קען איך פון הײטע אן ארײנשיקען דעם ארעסטאנט עסען פון א רעסטאראן.

— געװיס. אויב איהר פערלאנגט הערר גראף, קענט איהר דאס אויך פער־שפּאָרען.

— װאס מײנט איהר, איך קען דאס פערשפּאָרען?

— איך קען איהם ארײנשיקען יעדען טאג עסען פון מײן קיך.

— נײן, הערר סמאָטריטעל, אזױ פיעל װיל איך אײך ניט בעלעסטיגען. איך

בעטראכט דיעזע געפעלינקייט וואס איהר טהוט מיט מיר פאר א וואהלטהאט. אדיע, ענטשולדינט וואס איך האב אייך אזוי בעאונרוהינט און בעלעסטינט.

— אך, וואס שפרעכען זיי פון בעלעסטינען. מיר וואר זעהר אננענעהם צו זעהן ביי זיך אין הויז אזא פארנעהמען מאן. פאהרט געזונד הערר גראף, איך ווינש אייך א גליקליכע רייזע.

זיי האבען זיך דיא הענד געדריקט און דער גראף איז מיט א פריינדליכע מינע אוועקגענאנגען.

אין דער צווייטער נאס האט איהם ערוואַרטעט סטעפאן.

— נו, הערר גראף, וואס הערט זיך? — האט סטעפאן געפרעגט.

— אלעס געהט פארטרעפליך גוט. איך האב שוין פון איהם דיא ערלויבניס ערהאלטען וועגען דעם עסען.

— יעצט ליעבער סטעפאן לאז איך איבער דאס שטיקעל ארבייט אויף דיר. איך האף אז דו וועסט ענדיגען דאס וואס איך האב אנגעהויבען.

— וואס האב איך דא צו טהאן?

— דו פרעגסט נאך? פערשטעהסט דו דען ניט וואס דו האסט דא צו טהאן?

— איך פערשטעה יא, נור עס איז פיעל גלייכער ווען מען רעדט זיך דייטליך אויס.

— דא איז נאר נימא פון וואס צו ריידען. מארגען זאלסט דו אריינגעהן אין א רעסטאראן זאלסט הייסען פערפערטיגען א פראכטפאלען מיטאג. דעם מיטטאג זאלסט דו אליין אוועקטראגען אין געפענגניס און זאלסט דאס איבערגעבען פאר דעם ארעסטאנט דאנילאוו. נור דו זאלסט ניט פערגעסען פריהער, בעפאר דו וועסט עס אין געפענגניס איבערגעבען אריינצושיטען אין דעם מיטאג דאס גיפט וואס איך האב דיר געגעבען. יעצט פערשטעהסט דו שוין גוט וואס דו האסט צו טהאן?

— יא, יעצט פערשטעה איך שוין אלעס. איהר הערר גראף וועט נאך זיין היער אין שטאדט, אדער איהר וועט אוועקפאהרען?

— צו וואס זאל איך דא זיין? איך וועל אוועקפאהרען צוריק אין דאנילאווקא, דארט וועל איך דיך ערווארטען מיט דער נאכריכט צו האט דיא מעדיצין געווירקט און צו זיינען מיר פון אנטאנגען בעפרייט געווארען.

— אבער עס איז דאך געפעהרליך איך זאל דא זיצען.

— ווארום.

— ווייל מען קען זיך שטויסען, ווען דער גראף וועט פלוצלונג שטארבען, אז דא איז עפעס געווען. מען קען אונטערזוכען דעם רעסט פון דעם מיטאג און דארט גיפט געפינען; דאן וועט מען זוכען דעם מענשען וואס האט דעם גוטען מיטטאג איהם געבראכט און מען וועט מיך דערטאפען, פערשטעהט איהר אליין, אז איך בין ניט זיכער מיט מיין נארנעל.

— דאס האסט דו אויך רעכט, אבער איך גלויב, אז דו וועסט זיך קענען

ערנעץ זיך פערשטעקען ביז דוא וועסט ריכטיג ערפאהרען וואס דא איז געוואָרען מיט אנטאנען. דען אזא זאך וועט קיין געהיימניס בלייבען, אלע וועלען פון דעם ריידען, דיא גאנצע שטאדט וועט דערמיט קאָכען.

— גוט! — האט סטעפאן נאכדענקענד געענטפערט — איך וועל דא ווארטען ביז איך וועל אלעס ריכטיג ערפאהרען.

— אדיע דערוויל פריינד! — האט דער אלטער פעליקס דאנילאוו געזאגט — געדענק איך ערווארטע דיך ערשט מאָרגען אין דאנילאווקא.

— איך געדענק הערר גראף, — האט סטעפאן שמייכלענד געענטפערט — אבער, איך גלויב, דאס איהר וועט אויך געדענקען וויפיעל מיר קומט פאר דער שטיקעל ארבייט.

— זיי קיין דומקאָפ! אזא זאך פערגעסט מען ניט. דוא וועסט ערהאַלטען נאך מעהר אלס איך מיט אדעלא'ן האבען דיר פערשפראָכען.

ער האט שוין געוואָלט אוועקגעהן אָבער ער איז שטעהן געבליעבען.

— סטעפאן! — האט ער געזאגט — איך האב מיך א וויכטיגע זאך דער־מאהנט.

— וואס איז דאס פאר א וויכטיגע זאך?

— עפעס האט מיר דער סמאָטריטעל דערצעהלט, פון א גרויסארטיגער מאדאם וועלכע האט אנטאנען הייטע בעזוכט אין זיין קערקער. ווייסט דוא ניט ווער דיא מאַדאם איז?

— פון וואנען זאל איך אזא זאך וויסען?

— פיעללייכט וועט דיר איינפאלען ווער דאס קען זיין.

סטעפאן האט היבשע עטליכע מינוטען געטראַכט און האט געענטפערט:

— ניין, הערר גראף, דאס פאלט מיר ניט איין.

— דאס איז דאך אבער מערקווירדיג. ערשטענס, ווייס דאך נאך קיינער ניט אז אנטאן זיצט אין געפענגניס און צווייטענס, ווער קען דאס זיין דיא אריסטאקראַ־טישע דאמע וואס אינטערעסירט זיך זא וויט פאר איהם, דאס זיא האט א בעזוך אבגעשטאטעט אין געפענגניס?

— מערקווירדיג איז דאס; אבער דיא רעטהזעל קען איך דאך אזוי ניט פער־שטעהן וויא איהר הערר גראף.

— איך מוז דיר זאגען סטעפאן, אז איך בין דערפון שטארק אונרוהיג. דען איך, אויך מיין אדעלא האבען געוואלט אז דעם גראף'ס פערהאפטונג זאל בלייבען אזוי לאנג א געהיימניס, ביז ער וועט שטארבען. יעצט אבער ווען מען ווייס שוין דערפון און עס געפינען זיך גוטע פריינד וואס בעזוכען איהם אין קערקער, קען דא, ווער ווייסט וואס זיין.

— וואס צום ביישפיעל קען דא אזוי זיין?

— אנטאָן קען ערפאהרען פון אזא פערזאָן, אז אדעלא האט צוריסען דעם בריעף וואס ער האט געשריעבען צו איוואנען און אז אדעלא האט זיך געמאכט פאר דער זעלבסטהערשערין פון זיין איינענטהום. דאן וועט ער געוויס מאכען מען

זאל פון אונזערע הענר אלעס צוריק אפנעהמען. שטעל זיך פאָר, אז אין מאסקווע הייס מען שוין פון דעם וואס ער זיצט אין געפענגניס.

— וואס רעדט איהר גראף?

— יא, יא סטעפאן. מיר האט ערשט דער סמאטריטעל אליין דערצעהלט, אז עס איז געווען א בריעף פון א מאסקווער גרויסען מענשען צום סליעראָוואטעל ער זאל אנטאנען גוט בעהאנדלען.

— דאס איז זאנדערבאר — האט סטעפאן ערשטוינט אויסגערופען.

— גו, פערשטעהסט דוא שוין וויא מיר זיינען יעצט אלע אין געפאהר. דארום מוזט דוא ליעבער סטעפאן אלע קרעפטען אנווענדען, איהם נאך היינטיגען טאג שטום צו מאכען....

— זיים זיכער, אז איך וועל אלעס טהאן וואס איך בעדארף.

— זאלסט דוא-זשע ניט אבלייגען אויף מאָרגען וויא איך האב דיר פריהער געזאגט, זאנדערן היינטע. יא הייטע כות צו איהם דער ניפטינער מאלצייט אנקומען, זא דאס ביז נאכט זאל ער שוין ניט לעבען. דוא פערשטעהסט ליעבער סטעפאן?

— איך פערשטעה דאס זעהר גוט.

— וועסט דוא דאס נאך הייטע אויסארבייטען?

— יא הערר גראף.

— און דערפאר בעקומסט דוא פון מיר בעזונדערע טויזענד רובעל. דוא הערסט?

— איך הער ליעבער גראף — האט סטעפאן מיט א פערגניגטע מינע גע-ענטפערט זיך טיעף פערביינענד.

201טעס קאפיטעל.

## אַן אונאַנגענעהמער בעזוך.

סימאן גריץ איז אין א שלעכטער לוינע. ער האט זיך ארומגעזעהן, אז זיין גאנצע מיה געהט אוועק מיט דעם ווינד. פון דעם געשפרעך וואס איז פאָרגעקומען ביי ראטהבלום׳ס טיש, האט ער פערשטאנען: ערשטענס, אז רעבעקא האט יעקב פיין נאך אלץ ניט פיינד און צווייטענס, האט איהם ניט געשמעקט דיא נאכריכט, אז מען האט פערהאפטעט איינעם פון דיא ווירקליכע מערדער וואס האבען ער-מאָרדעט וואהרהאפטינען. ווען דאס איז וואהר, וועט זיך דאך ארויסווייזען, אז פיין איז אונשולדיג, און ווען ער וועט בעפרייט ווערען קען מען נאך ערפאהרען ווער עס האט איהם אין אונגליק געוואָרפען.

גריץ האט געוואוינט ביי א געוויסער פרוי נאָלדע דיא טענדלערין, וועלכע וואר יזוין פון א יאהר צוואנציג א וויטווע און האט זיך מיט איהר פאמיליע ער-נעהרט דורך פערקויפען אלטע פרויענקליידער און ציערונג פון געפאלענע נבירות. דורך דער פרנסה האט זיא איהרע דריי טעכטער ערצויגען און האט זיי אלעמען חתונה געמאכט. יעצט איז זיא געבליעבען אליין און האט שוין אנגעהויבען צו דענקען וועגען זיך זעלבסט, אז עס איז צייט זיא זאל שוין אליין אויך חתונה האבען. דארום האט זיא בעוואוינט א שעהנע דירה מיט פיינע מעבעל, נור איין ציטער האט זיא פערדונגען ראטהבלום׳ס בוכהאלטער דעם הערן גריץ.

נאָלדע דיא מענדלערין וואר בעקאנט אין דער גאנצער שטאדט. דען עס איז פאסט איין הויז ניט געוועזען וואו זיא האט ניט אנגעשפארט מיט איהרע מציאות. זיא האט געהאט א געשליפענעם צינגעל און האט ליעב געהאט זעהר פיעל צו ריידען.

גריץ האט ביי איהר געוואוינט שוין פון זעקס מאָנאטען, דארום איז קיין וואונדער וואס זיא איז מיט איהם געשטאנען אויף זעהר א פריינדליכען פוס. זיא האט איהם דערצעהלט אלעס וואס ביי איהר איז אונטער דיא נענעל, זיא האט איהם בעקאנט געמאכט מיט איהר גאנצען יחוס ביז דעם זעקסטען דור. אנפאנגס, איז גריצען זעהר לאנגוויילינג געוועזען הערענדיג איהרע פלוידערייען, אבער ביסלעכווייז איז ער צו זיי געוואוינט געווארען און ער האט זיך אנגעהויבען צו פיהלען זעהר היימיש אין איהר געזעללשאפט, זאָ היימיש דאס ער האט פאר איהר אויך פון זיך דער־צעהלט. ער האט איהר בעקאנט געמאכט מיט זיינע פערהעלטניסע צו ראָטהבלומס הויז און האט איהר זאגאר פערטרויט דיא זיסע געהיימניס, אז דיא שעהנע רעבעקא וועט זיין כלה ווערען.

זייט נאָלדע האט דערהערט פון דיא מיליאָנען וואס זיינען איהר באַרדער געבליעבען פון זיין קאליפארניער פעטער, האט זיא איהם פאסט פערגעטערט. זיא האט ניט פערגונען רעבעקא'ן דאס גליק זיא זאָל הייראטהען מיט אזא מיליאנער. זיא האט פיעל מאל געגעבען גריצען צו ערקלערען, אז פון איהם איז דאס א גרויס אונרעכט וואס ער וויל הייראטהען אזא איינפאך מעדכען, ווערהענד ער איז אין שטאנד צו בעקומען זאגאר דער בת־מלכה, גריץ האט איהר אבער צופערשטעהן געגעבען, אז רעבעקא איז ביי איהם טהייערער פון אלע בת־מלכות ווייל ער איז אין איהר שטערבליך פערליעבט.

— אך, יונגע לייט וואס איהר זייט! — פלעגט נאך אזעלכע ווערטער נאָלדע זאגען שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ — א שאדע כ'לעבן וואס איהר האט ניט געבען זיך קיין עלטערן וואס זאלען אייך קענען עפענען דיא אויגען איהר זאלט זעהן וויא בלינד איהר זייט. איהר האט בעדארפט זיין מיינער א זוהן וואלט איהר ביי מיר נעהאפט א פאָרציע פאר אזא פערליעבענים.

גריץ האט פריינדליך געשמייכעלט הערענדיג דיא ווערטער און האט בעדאנקט זיין גוטער ווירטהין, וואס זיא אינטערעסירט זיך אזוי פאר איהם. דאביי האט ער אויך אויסגעדריקט דעם פערדרוס וואס ער האט אויף זיך אליין, וואס ער קען אזא גוטער פריינדין וויא זיא איז איהם ניט געהאָרזאם זיין.

אין יענעם טאג ווען גריץ איז פון ראטבלום'ס הויז אהיים געקומען זעהר אין א שלעכטע לוינע. האט נאָלדע באלד פערשטאנען, אז מיט איהם האט עפּעס אונ־אנגענעהמעס פאסירט. זיא איז זעהר נייגיעריג געוועזען צו ערפאהרען דיא אורזאכע פון איהר ליעבען באָרדער'ס אונמוטהיגקייט און האט דארום מיט איהם געפרופט פערבינדען א געשפרעך און אויסצופאָרשען וואס מיט איהם איז. אבער דאס מאל האבען איהרע פלוידערייען ניט געווירקט, דען גריץ האט נאר איהרע ווערטער ניט געוואָלט הערען און האט אויף דיא פערשיעדענע פראגען וואס זיא האט איהם

נעשטעלט נאר ניט נעענטפערט. ביי א האלבע שטונדע איז ער נעזעסען ביי זיך אין צימער פערטיעפט אין נעדאנקען און איז נאכהער ארויסנעגאננען אין נאס.

— איהר וועט באלד קומען הערר נריץ ? — האט נאלדע איהם נעפרענט ביי זיין ארויסנעהען.

— אנטנעגנען וואס פרענט איהר דאס ?

— איך וויל וויסען צו זאל איך מאכען דעם סאמאָוואר.

— אין א שטונדע ארום קום איך צוריק, — האט ער נעענטפערט און איז פאָרטנעגאננען.

— עפעס ווייזט ער מיר היינט אויס וויא א נעכטינער, — האט נאָלדע צו זיך אליין נעזאנט אלס זיא איז אליין נעבליעבען — איך קען שווערן, אז ער האט זיך דארט צוקריענט מיט זיין פערליובקעטער. עס פאסט נאך כ'לעבען זיא זאל וועלען איהם פיהרען ביי דער נאז. חע, חע, חע ! אָי דיא יוננע לייט מען דארף זיי בנאמנות שמייסען וויא מען שמייסט קליינע קינדער. אזא שעהנער נעלערנטער יוננער מאן מיט אזוי פיעל מיליאנען, ער קריכט מיט א נעזונדען קאפ אין א קראנקער בעט. פרענט, וואס האט ער אזוינס דערזעהען אין דער רויטער מויד. מען קען אנדערש ניט זאגען, אז א שעהן מיידעל איז זיא. נו, אוז וואס אז זיא האט א שעהן פעניצעל (פנימעל), דארף מען זיא שוין אפשיטען מיט מיליאנען ? דיא נוטע און דיא נעזונדע יאהרען, מאמע זיסער, זאל איך האבען, וואס מיין מאכטער זעלדע ציפע איז שעהנער פון איהר, פון דעסטוועגען האבען איהר קיין מיליאָנערן ניט אויסנעחאפט, זיא האט נאר חתונה נעהאט מיט יענקעלע דעם שניידער, שניידרען זאל איהם ביים בויך און ביי דיא קישקעס, מאמע הארצינער, דערפאר וואס ער האט מיך פיינד וויא צעהן מאל להבדיל א פרומער יוד האט פיינד חזיר. דעם שניידערוק נעפעלט ניט מיין ריידען; נאר עפעס, רופט ער מיר פלוידער־זאק. אָי, זיינע ביינער זאל מען שוין אין ניבען אריינשיטען אין זעק רבונו של עולם. עס איז ניט בעשערט קיין גליק. ווען מיין זעלדע ציפע זאל יעצט זיין א מיידעל, וואלט זיך אין איהר נריץ ניכער פערליובקעט וויא אין יענער רויטער מויד.

א קלאפ אין טהיר האט איהרע נעדאנקען נעשטערט. זיא האט דיא טהיר נעעפענט און אין צימער איז אריינגעקומען א רייכנעקליידעטעס מערכען.

— וועמען בעדארפט איהר פריילין ? — האט נאלדע נעפרענט מיט דעם מאן פון א היינטוועלטינער דאמע.

— וואוינט דא א יוננער מאן מיט דעם נאמען נריץ ? — האט דאס פריילין נעפרענט.

— יא ער וואוינט דא. ער וואוינט שוין ביי מיר פון זעכס חדשים. וואס בעדארף איהם דאס פריילין ?

— איך בין זיינע א קוזינע.

— אזוי ? איהר זייט זיינע א נעשוועסטער קינד ?

— יא נוטע פרוי.

— זיצט, איך בעט אייך נגערינע פריילין, — האט נאלדע נעזאנט צודוקענדיג

א ביינקעל פאר דעם נאסט — איהר האט ערשט נעמוזט קומען צופאהרען פון ערגעץ.

— יא איך בין הייטע נעקומען צופאהרען, — האט דאס מעדכען נעענטפערט זיך זעצענד.

— פון וואנען זייט איהר דאס נעקומען? איך וויל פרעגען וואו, אין וועלכער שטאדט דאס גנעדיגע פריילייז וואוינט?

— איך וואוין אין ווארשוי.

— ווארזשע זיינען אייערע זאכען?

— איך בין אריינגעפאהרען אין א האטעל.

— אין וועלכען האטעל?

— אין האטעל פעטערסבורג.

— וויא־זשע האט איהר זיך דערפרעגט צו זיין קווארטיר?

— איך האב דאס געוואוסט פון זיינע בריעף.

— אויב אזוי פערשטעה איך שוין.

— וואו איז יעצט מיין קוזין?

— ער איז נאר וואס ארויסגעגאנגען, אבער אין א שטונדע ארום וועט ער צוריק קומען. אזוי האט ער מיר געזאגט. איהר קענט דא דיא שטונדע ווארטען, אויב איהר ווילט וועל איך מאכען דעם סאמאָוואר וועט איהר דערווייל טרינקען א גלעזעלע טהעע. ווילט איהר גנעדיגעס פריילייז?

— ניין, איך דאנקע. איך וויל יעצט קיין טהעע.

— וויא אזוי זייט איהר זיינע א קוזינע? — האט גאלדע נאך א קורצעס שווייגען ווייטער געפרעגט.

— זיין מוטער מיט מיינער זיינען שוועסטער.

— אזוי? זייט איהר דאך לייבליכע שוועסטער־קינדער.

— יא, מיר זיינען שוועסטער־קינדער.

— האט איהר שוין לאנג אייער קוזין ניט געזעהען? — האט גאלדע געהאלטען אין איין פרעגען.

— זייט א יאהר.

— אזוי? א גאנץ יאהר? איהר וועט איהם נאר ניט דערקענען, דען ער איז אין דעם יאהר אהן עין־הרע נאר אן אנדער מענש געוואָרען. דאס האט ער מיר צו פערדאנקען. דען איך זעה איהם צו וויא אן אייגענע מוטער. איך גלויב גנעדיגע פריילייז, אז איהר זייט יעצט געקומען צו איהם אויף תנאים.

— אויף תנאים? — האט דאס מעדכען ערשטוינט געפרעגט.

— אזוי קלער איך, ווייל ביי איהם דארף דאך דיא טעג זיין תנאים. מסתמא ווייסט איהר פון דעם.

— ניין איך ווייס ניט, איך הער דאס ערשט פון אייך.

— טאקי? וויא קומט דאס א שוועסטער־קינד זאל ניט מעלדען פון אזא וויכטיגער זאך?

— פון וואנען איז זיין כלה? — האט דאס מערכען נאך א לאנגעס שווייגען נעפרעגט.

— מאקי פון היער.

— מהומ ער חאמש א נוטען שידוך?

— אזא יאהר אויף מיינע שונאים מאטע זיסער. איך זאג אייך גנעדיגע פריי־ליין וויא פאר זיינער א קווינע, אז ער מוז ניט זיין ביי זיין קלאָרען פערשטאנד, דען עס איז אונגלויבליך אז א מענש מיט א קלאָרען פערשטאנד זאָל טהאן אזא שידוך. איהר שפיעלט זיך עפעס וואס פאר א כלה ער האט יעצט נעקענט אויסחאפען. עפעס א קליינינקייט היינטיגע צייטען א יונגער מאן מיט אזוי פיעל מיליאנען.

— מיליאנען? וואס פאר א מיליאָנען מיינט איהר? — האט דאס פריילין זעהר נייגיעריג נעפרעגט.

— וואס? דאס ווייסט איהר אויך ניט, אז איהם איז אריינגעפאלען א ירושה אפשר פון הונדערט מיליאן רובעל.

— ניין איך וויים נאָר דערפון ניט, — האט דאס מערכען העכסט איבערראשט נעענטפערט.

— זעהט איהר, דאס איז שוין פון איהם א גרויס אונרעכט. מען זאל ניט דערפרייען אן איינען געשוועסטער־קינד מיט אזא בשורה, דאס איז אן עולה.

— אבער פון וועמען האט ער דיא מיליאָנען נעיארשענט?

פון זיינעם א פעטער, איך ווים? א קשיה אויף א מעשה, אפשר איז ער אייערער א פעטער אויך נעוועזן. האט איהר נעהאט א פעטער אין קאליפאָרניען?

— ניין.

— נו, איז ער מסתמא נור זיין פעטער נעוועזן. בקצור, ער האט איהם איבער־נעלאזט אפשר הונדערט מיליאן רובעל.

— דאס נעלד איז שוין ביי איהם?

— ניין, ער דארף פאהרען נאך קאליפאָרניען דאס נעלד אפנעהמען, ער האט שוין לאנג בעדארפט נאך דעם פאהרען, נור פלוצלונג האט ער זיך פערליובקעט און ער וויל פריהער ניט אוועקפאהרען וואו ער וועט פאר זיין נעליעבטער קיין חתן ניט ווערן. קענט איהר דאך נעוויס מיינען אז דארט איז ווער ווייס וואס פאר א מיידעל, נעוויס מיט הערנער. זאג איך אייך אז זיא איז א פשוט אידישע מיידעל וויא אלע מיידלאך. זיא איז ניט קיין מיאוסע, אבער אויך ניט אזא פארשוין מען זאל זיך אי איהר פערליעבען צום שטארבען.

— פאר וואס־זשע וויל ער דאס אזוי מיט איהר חתונה האבען?

— דיא קשיה האב איך איהם שוין אפשר פיערציג מאל נעפרעגט; אבער ער שרייט אין איין קול, אז ער איז אין איהר פערליעבט איבער דיא אויערן. מיינט איהר אז איך האב מיך פאר איהם נעשעמט? חלילה! נאָלדע דיא טענדלעריין איז נים פון דיא שעמענדיגע ווייבער. איך האב איהם אין דיא אויגען נעזאגט, אז ווען איך זאל זיין זיינע א מאמע, וואלט איך איהם פאר אזא נארישקייט גוט אויסגע־פאטשט. עס קען זיין גנעדיגע פריילין, אז נאט האט אייך אהער נעבראכט נור

צוליעב דעם איהר זאָלט איהם פון דער נארישקייט אראָפּפיהרען. עפּעס זייט איהר דאָך זיינס אַ שוועסטער-קינד און אייערע ווערטער וועלען אויף איהם געוויס ווירקען

— איך וויל אָבער וויסען, ווער דאָס מיידעל איז און וועלכער ער האָט זיך אַזוי פערליעבט.

— זי איז אַ היגען נגיד'ס אַ טאָכטער, איהר טאַטע איז אַ באַנקיר, זיין נאָמען איז ראָטהבלום. די וועלט זאָגט אפילו, אז ער איז רייך. נור מען האָט שוין אויף אַ סך באַנקירען געזאָגט אַז זיי זיינען רייך, צום סוף האָבען זיי בדלות געשטעלט אַ וועלט מענשען מיט זייער אָנזעצאַכץ.

— ווי? ראָטהבלום זאָגט איהר?—האָט דאָס מעדכען מיט אזא טאָן געפרעגט, דאָס אַן אַנדערער וואָלט באַלד פערשטאַנען, אַז זי גלויבט איהרע אויערן נִיט— ער האָט זיך פערליעבט אין ראָטהבלום'ס טאָכטער ?

— יאָ, גנעדיגע פריילין, איהר קענט איהם אפשר ?

— איך קען איהם ניט, אָבער איך האָב פון איהם געהערט.

— נו, פרעג איך אייך, איז דאָס פּאַר איהם אַ שידוך? אזא יונגער מאַן מיט אַזוי פיעל מיליאָנען זאָל טהאָן אַזאַ שידוך? נו איהר וועט דערצו דערלאָזען?

— איך וועל מיך פּרופען איהם דערפון צוריקהאַלטען,—האָט דאָס מעדכען געענטפערט און אין איהר געזיכט האָט זיך אָבגעשפּיעגעלט אַ גליקליכע מינע.

עס האָט טאַקע ניט מעהר ווי איין שטונדע געוועהרט, האָט זיך די טהיר אויפגעעפענט און גריץ איז אריינגעקומען.

— מערי!—האָט ער ערשראָקען אויסגערופען, ווען ער האָט זיין בעקאַנטער מערי דערזעהען.

— יאָ, דאָס בין איך ליעבער קאָזין,—האָט מערי געענטפערט איהם דיא האַנד רייכענד.

— זעהט איהר חאָטש, הערר גריץ, וואָס פיר אַ גאַסט איך האָב דאָ פאַר אייך צוגעגרייט,—האָט גאָלדע געזאָגט—איך האָב אייער קוזינע דאָ אָבגעהאַלטען ביז איהר זייט געקומען.

— ווּעסט דו מיט מיר אַריינגעהען אין דיין צימער ליעבער סימאָן?—האָט מערי זאַנפט געפרעגט.

— יאַ — האָט ער זעהר אונפריינדליך געענטפערט.

— געהט, געהט קינדערלאַך!—האָט גאָלדע געזאָגט—פרעהט זיך מיט אייננאַנדער. איך וועל דערווייל מאַכען דעם סאַמאָוואַר וועט איהר טרינקען טהעע.

— וואָס ביזטו אהער געקומען ? — האָט גריץ זעהר בייז געפרעגט אַלס ער איז מיט מערי'ן אין זיין צימער אריינגעקומען.

— איך האָב מיך איינפאַך נאָך דיר פערבענקט ליעבער סימאָן,—האָט זי לאַכענד געענטפערט — דען איך האָב דיך שוין פון אַ לאַנגע צייט ניט געזעהען, מיר איז זעהר שווער אָנגעקומען דיין אַדרעסע צו ערפאַהרען, אָבער איך האָב עס ערפאַהרען.

— מערי!—האט גריץ זעהר שטרענג געזאגט—איך האב דאס פון דיר ניט ערוואַרטעט, דו זאלסט מיר א בעזוך מאכען.

— שטעהט דיר פיעלייכט ניט אן?—האט זי שפּאטיש געפרעגט—מאך, איך בעט דיך ניט אזא אנשטעל, דען אז מיר וועלען זיך נעהמען אויסרעכנען אין יחוס, זיינען מיר גלייכע מיוחסים.

— מערי! איך וועל דיר פאר אזא פרעכהייט הייסען ארויספיהרען.

— אזוי זאגסט דו?—האט זי מיט דעם זעלבען שפּאטישען טאן געענטפערט—דו וועסט מיך הייסען ארויספיהרען פון דאנען? אזא גרויסער פריץ ביסט דו דאס געוואָרען, אפשר דערפאר, וואס צוליעב מיר ביזט דו א חתן געוואָרען; פאר דעם באנקיר ראטהבלום'ס טאכטער?

— צוליעב דיר ?

— יא, צוליעב מיר. יעצט איז מיר שוין אלעס קלאר, אז דו האסט מיך אנגעשטעלט איך זאל פאר דער פריילין ראטהבלום אנריידען שלעכטס אויף דעם אונשולדיגען יאקאב פיין, ווייל ער איז דיר געוויס אין וועג געשטאנען און אז איך האב דעם שטיין פון דיין וועג אבגערוימט, ווילסט דו מיך ארויסטרייבען פון דיין וואוינונג? זעהר שעהן, טרייב מיך טאקע ארויס און איך געה באלד אוועק צו פריילין ראטהבלום און דערצעהל איהר, אז דאס וואס איך האב פאר איהר גערעדט אויף יאקאב פיין זיינען געווען דיינע ווערטער. דו האסט מיר דערפאר בעצאהלט. דו פערשטעהסט מיך ליעבער סימאן?

גריץ איז לייכענבלאס געוואָרען און האט שוין מיט אן אנדער טאן געזאגט:

— איך וויל וויסען, וואס פערלאנגסט דו פון מיר ?

— דעם אמת זאגענדיג—האט מערי געענטפערט—בין איך געקומען צו דיר יעצט בעטען לייהען א פּאר רובעל, ווייל מיר איז היינט זעהר ענג אין דער האנד. נור קומענדיג אין דיין וואוינונג האב איך אונערוואַרטעט ערפאהרען פ̇ון דיין ווירטהין, אז דו ביזט א מיליאנער געוואָרען, דיר איז אריינגעפאלען א רייכע ירושה פון דיינעם א פעטער אויס קאליפארניען און דו ביזט שטערבליך פערליעבט אין פריילין ראטהבלום. אויב אזוי, וועל איך מיט דיר גאר אנדערע ווערטער ריידען, ליעבער פריינד.

— וואס פאר א ווערטער דענקסט דו מיט מיר צו ריידען ?

— איך וויל דו זאלסט מיר געבען וועניגסטענס צעהן טויזענד רובעל, ווען ניט, לויף איך באלד צו פריילין ראטהבלום און דערצעהל איהר אלעס.

— ביזט דו פעררוקט?—האט גריץ ערציטערט געזאגט—דו גלויבסט ווירקליך, אז מיר איז א גרויסע ירושה אריינגעפאלען ?

— דיין הויז־ווירטהין וועט קיין ליגען זאגען.

— נארוניו! דאס האב איך אליין געמאכט דעם קלאנג, אז מיר איז אזא ירושה אריינגעפאלען אום דאס פריילין ראטהבלום זאל מיך וועלען הייראטהען.

— דו פערדרעה מיר, איך בעט דיך, קיין קאפּ. איך בין ניט פון די נאַרישע מיידעלאך, וואס מען קען אזוי גיך די אויגען פערבלענדען. דו גיסט מיר צעהן

טויזענד רובעל? איך שוועך דיר ביי מיין לעבען, אז איך געה די מינוט אוועק צו פרייליין ראָטהבלום און דערצעהל איהר אַלעס.

— אָבער מאריא, אום גאָטעס ווילען! בערעכען זיך נור, וואָס דאַ טהוט זיך. איך שווער דיר אויך ביי מיין לעבען, אז די גאַנצע געשיכטע וועגען דער רייכער ירושה איז נור אַן ערפינדונג פון מיר.

— ווי די זאַך איז, איך וויל געלד.

— וואו האָב איך געלד? ווייסט דו דען ניט, אז איך בין נור א בוכהאַלטער אין א געשעפט. איך פערדיען קוים אויף דאָס נויטהווענדיגסטע.

— ווי באַלד אַז דו ביזט ראָטהבלום׳ס א חתן, האָסט דו גענוג געלד.

— ווער האָט דיר דען געזאָגט, אַז איך בין שוין זיין חתן. מען רעדט ע״שט דערפון. עס איז אָבער נאָך גאָר קיין אָנהויב ניט.

סימאָן, גענוג מיר די אויגען צו בלענדען—האָט מערי שטרענג געזאָגט— איך וויל געלד, דו הערסט?

— אַז איך האָב ניט קען איך דיר ניט געבען.

— נו, קען איך געהן וואוהין איך האָב דיר געזאָגט.

— געה, טהו וואָס דו ווילסט.

— גוט, איך געה,— האָט מערי געזאָגט און האָט שוין געוואָלט ארויסגעהן, אָבער גריץ האָט זי אָבגעהאַלטען .

— קום נור אַהער, מערי!—האָט ער געזאָגט—לאָמיר ריידען מיט גוטען און גאַנץ קאַלט.

— איך רייד אַלץ איינם גאַנץ קאַלט.

— זאָג, וואָס פערלאַנגסט דו פון מיר ?

— טויזענד מאָל דארף איך דיר זאָגען, אז איך וויל געלד?

— זעץ זיך נור אַניעדער,, לאָמיר ריידען גאַנץ געלאַסען. איך האָב דיר געזאָגט, אַז איך האָב קיין געלד און גיך זאָג דיר נאָך אַמאָל, אַז איך קען דיר קיין געלד געבען. אַלזאָ, וואָס וועט דיר ארויסקומען ווען דו וועסט געהען מיך בעשמוצען ביי ראָטהבלומען אין הויז ?

— הער נור אויס, גריץ! ביז אַהער האָב איך דיך געהאַלטען פאַר א מענשען מיט געוויסען. איך האָב געמיינט, אַז דו האָסט אין זיך חאָטש אביסעלע מענשליכקייט און עדעלקייט. דו האָסט מיר דערצעהלט די גאַנצע מעשה וועגען א מאַן מיט דעם נאָמען יאַקאָב פיין. האָסט מיר געזאָגט, אז ווען איך וועל געהן אויף איהם אָנריידען שלעכטעס וועל איך דערמיט א גאַנצע פאַמיליע רעטען פון אונגליק. דערביי האָסטו מיר נאָך געגעבען עטליכע רובעל, נו, האָב איך דאָס געטהאָן. יעצט אָבער האָב איך ערפאַהרען, אז דו האָסט דאביי געהאַט גאַן אַן אנדער ציעל, דו האָסט געוואָלט איך זאָל בעשמוצען יאַקאָב פיין, ווייל ער איז דיר געשטאַנען ווי א ביין אין האַלז, זעהסטו, ווי איך בין פערדאַרבען אין דער הינזיכט פון זיטליכקייט... אָבער אָבער מיין געוויסען איז ביי מיר ריין ווי גאָלד, איך האָב קיינעם קיין שלעכטס געטהאָן. דו דאַרפסט מיר קענען סימאָן, אַז איך וואָלט פיר קיין געלד זיך בעשלאָסען

געהן אויף א מענשען אנריידען אזוי פיעל ליגענס אום א צווייטען דאדורך א טובה צו טהאן. יעצט זעה איך, אז דו האסט מיך גענארט. עס איז דאך שוין פארפאלען, איך האב שוין א זינדע בעגאנגען, ווייל איך וועניגסטענס דערפאר גוט בעלאהנט צו ווערען. איך וויל ניט וויסען פון דיינע חשבונות, צו האסט יא געלד צו ניט; איך וויל דו זאלסט מיר פאר מיין זינדיגע ארבייט בעצאהלען.

— נו, שא. איך וועל דיר געבען דריי רובעל.

— דריי רובעל וועסט דו מיר געבען? איך לאך פון דיין קאפ. פאר דריי רובעל וועל איך מיין געוויסען ניט פערקויפען.

— וויפיעל דען ווילסט דו?

— וועניגסטענס טויזענד רובעל.

— מערי! איך שווער דיר ביי אלעס וואס איז ביי מיר היילינג און טהייער, אז איך האב ניט אזוי פיעל געלד. איך האב אפילו ניט קיין הונדערט רובעל.

— ביי דיר איז קיין זאך ניט היילינג און טהייער. דארום גלויב איך דיין שבועה ניט.

— בקצור איך וועל דיר געבען צעהן רובעל, טאקי די לעצטע וואס איך האב.

— בריינג מיך פון געדולד ניט ארויס סימאן, איך זאג דיר ערנסט, אז איך גיב דיר פינף מינוט צייט, דער פריילין ראטהבלום אלעס דערצעהלען.

— אבער מיין גאט!—האט גריץ פאסט וויינענד געזאגט—איך האב ניט מערי. איך זאל אזוי לעבען, ווי איך האב אבגעשפארט בלויז הונדערט רובעל, דאס איז מיין גאנצעס קאפיטאל.

— דו ביזט א ליגנער.

— איך זאל אזוי זיין געזונד, ווי מעהר פערמאג איך ניט. מערוניו! דו ביזט דאך בעשטענדיג געווען א גאלדען קינד. דו ווייסט דאך וויפיעל געלד איך האב דיר צו פערדיענען געגעבען און וויפיעל איך האב דיר פון אנדערע צוגעשארט. איך בעט דיך זיי ניט אזוי גרויזאם. פייניג מיך אזוי [illegible] איך וועל דיר נאך טויזענד מאל שווערען, אז איך האב מעהר [illegible] הונדערט רובעל.

— נו, אן ענדע זאל דאס נעהמען. גיעב אהער [illegible] הונדערט רובעל.

— מערוניו, זאל זיין נענוג פופציג, [illegible] בלייבען אהן א קאפיקע.

— ניט איין האלבע קאפיקע וועניגער וועל איך ביי דיר נעהמען — האט זי שטרענג געענטפערט.

ער האט מיט א זויערע מינע ארויסגענומען הונדערט רובעל פון זיין טאש און האט עס איהר מיט כעס איבערגעגעבען.

— נא!—האט ער געזאגט—דו האסט אין זיך קיין רחמנות ניט.

— ווענען רחמנות וועלען מיר זיך אין אן אנדער צייט אויסרעכנען,—האט זי געענטפערט, צונעהמענדיג דאס געלד — אדיע דערווייל, אויך אונזער געלד-רעכענונג איז נאך ניט געענדיגט.

זי האט איהם א פערעכטליכען שמייכעל צוגעווארפען און איז ארויסגעגאנגען.

202טעם קאפיטעל.

## דאָס איבערגעדרעהטע רעדעל.

ווי עס ווייזט אוים איז דער נאָמען „מענש" געגעבען געוואָרען נור פאַר דעם יעניגען, וואָס האָט געלד. האָט מען קיין געלד מעג מען אַלע מעלות בעזיצען איז מען קיין מענש. מען האָט פון קיינעם קיין אכטונג, מין האָט קיין פריינדע, מען ווייזט אוים איבריג אפילו ביי זיך אליין. אין דעם אָרימאַן געפינט יעדער דומקאָפּ א פעהלער. יעדער עזעל קוקט אויף איהם מיט שטאָלצע פערעכטליכע בליקען און קוים בעקומט דער זעלבער פעראכטעטער, עלענדער מאַן געלד, ווערט ער א מענש. מען פאנגט איהם אָן צו אכטען, עס געפינען זיך פאַר איהם גוטע פריינד, זאָגאר די וואָס האלטען זיך פאַר גרויסע חכמים געפינען אין איהם מעלות. ביי זיך אליין פיהלט דער זעלבער פערזאָן וואָס האָט קיין קאָפּ ניט געקענט אויפ-הויבען, אז ער איז ערשט געוואָרען א מענש מיט לייטען גלייך, עס ווייזט זיך אין איהם גאָר אַן אַנדער מוטה און אַן אַנדער קוראזש.

מיט איינינע מאָנאטען צוריק אלס משה האָניגמאַן האָט ארומגעבלאָנדזשעט א הונגעריגער איבער די מאָסקווער גאסען און איז פון היראנים ראָזענדופט'ס הויז ארויסגעגאַנגען ווי אַן אָבגעשמיעסענער, האָט ער זיך געפיהלט זאָ ערניעדעריגט דאָס איהם האָט אויסגעזעהן, אז ער איז גאָר קיין מענש און יעדער האָט דאָס רעכט אויף איהם צו טרעטען. קיינער האָט איהם די מינדעסטע אויפמערקזאַמ-קייט געשענקט, קיינער האָט זיך וועגען איהם ניט אומגעקוקט, ריכטיג, ווי ער זאָל זיין א ווערטהלאָזע, נוצלאָזע בעשעפענים, אָבער יעצט...

יעצט ברידער איז אונזער משה א גאַנצער מענש געוואָרען. דען דער גביר מיכאאיל גרינזאַנג האָט איהם געמאַכט פאַר א גאַנצען מאַכער אין זיינס א פאַב-ריק. ער האָט בעדארפט אכטונג געבען אויף די אַרבייטער און ארויסגעבען סחורה פאַר די קרעמער. יעצט האָט מען זיך פּלוצלונג ארומגעזעהען, אז ער איז אויך א מענש מיט לייטען גלייך. מען האָט איהם אָנגעהויבען רעספּעקטירען, עס האָבען זיך געפונען פיעלע פריינדע און בעקאַנטע וואָס האָבען זיך געדרעהט ארום איהם מיט דער האָפנונג צו האָבען דורך איהם א טובה.

דער נאָמען משה האָניגמאַן האָט יעצט געהאַט א גרויסען ווערטה. די אַר-בייטער פון דער פאַבריק האָבען פאַר איהם געציטערט, די פּריקאַזשציקעס זיינען פאַר איהם געשטאַנען ווי סאָלדאַטען פאַר אַן אָפיציער, קויפלייטע האָבען איהם גרוים עהרע צוגעטהיילט.

ער אַליין האָט אָנגעהויבען צו פיהלען, אז ער האָט א ווערטה, אז ער קען אויך צו עטוואָס ניצליך זיין. די עלענדע, פערצווייפעלטע, אונטערטהעניגע מינע וואָס איז אימער אויף זיין געזיכט געלעגען איז פערשוואונדען, היינט ליעגט אויף דעם זעלבען געזיכט א שטאָלץ, אַן אויסדרוק פון מוטה.

מיר זעהען איהם אין א שעהנעם נאָכמיטאָג זיצענדיג ביים טיש אין דעם קרייז פון זיין פאַמיליע. דער טיש איז פיין געגרייט, די שפּייזען וואָס שרה האָט

דערלאַנגט שמעקען זעהר גוט. משה עסט מיט אַפּעטיט, אָבער דאָס געזיכט איז פערטראַכט. ער האָט גאָר יעצט אין זינען זיין פאַבריק. אין זיין גמרא־קעפּיל פּלאָנטערען זיך פערשיעדענע איינפעלע און פּלענער, ווי אַזוי דאָס געשעפט, וואָס ליעגט אונטער זיין האנד צו פערבעסערען און פערגרעסערען. ער וויל וויזען זיין פּרינציפּאַל, אַז ער פערדיענט דאָס צוטרויען וואָס ער האָט איהם געשענקט.

אַלס ער האָט אָבגעגעסען און האָט זיך אָנגעטהאָן אום אַוועקצוגעהן האָט מען אָנגעקלונגען אין דעם גלעקעל פון זיין וואוינונג.

— געה נאָר מיין טאָכטער, זעה ווער דאָס איז?—האָט ער געזאָגט צו סאָנקאַ׳ן.

סאָנקאַ איז אַרונטערגעלאָפען די טרעפּ און אַלס זי האָט די טהיר געעפענט, האָט זי דערזעהען אַ פיינעם רייכגעקליידעטען מאַן.

— וואוינט דאָ הערר משה האָניגמאַן ? האָט ער געפרעגט.

— יאָ, ער וואוינט דאָ,—האָט זי העפליך געענטפערט.

— איז ער יעצט צו הויזע ?

— יאָ הערר, ער איז צו הויז. ביטע קומען זיי אריין.

זי האָט דעם אונבעקאַנטען אַרויפגעפיהרט אין זייער וואוינונג.

משה האָט ערשטוינט דעם גאַסט אָנגעקוקט און געפרעגט:

— ווער זייט איהר מיין הערר ?

— מיין נאָמען איז שלמה פיין, איך בין זעלבסט אויס אָדעסאַ, זייט איהר רבי משה האָניגמאַן ?

— יאָ, דאָס בין איך.

— קענט איהר מיט מיר אַריינגעהן אויף אייניגע מינוטען אין אַ בעזונדער צימער און מיר עטליכע מינוטען שענקען ?

— אַך, פאַר וואָס ניט. איך קען דאָס זעהר גערן טהאָן, קומט זייט מוחל אַריין צו מיר אין צימער.

ער האָט דעם גאַסט אַריינגעפיהרט אין אַ בעזונדער צימער און האָט איהם געבעטען זיצען.

שלמה האָט זיך געזעצט, האָט אייניגע מאָמענטע בעטראַכט משה׳ס גוטמוטהיגעס, פריינדליכעס געזיכט און האָט געזאָגט :

— אָבוואָהל איך האָב די עהרע אייך רבי משה צו זעהן יעצט דאָס ערשטע מאָל, דאָך פערשטעה איך אָן אייך, אַז איהר זייט פערטיג צו יעדער צייט צו טהאָן אַ מענשען אַ טובה.

— אַ טובה טהאָן אַ מענשען? מיט דעם גרעסטען פערגעניגען—האָט משה געענטפערט.

— מיך פרעהט זעהר צו הערען, אַז איך האָב אין אייך קיין אירטהום געהאַט, איך האָב קיין פעהלער געטהאָן, וואָס איך בין צו אייך געקומען.

— אין וואָס בעשטעהט די טובה וואָס איהר פערלאַנגט פון מיר ?

— דאָ איז אַזאַ געשיכטע—האָט שלמה געענטפערט—איהר ווייסט דאָך די

צרות וואָס אונזערע יודעלאַך האָבען דאָ אין דער לעצטער צייט. מען טרייבט זיי גאָר אָהן רחמנות ארויס פון שטאָדט.

— יא, דאָס ווייס איך—האָט משה זיפצענד געענטפערט.

—יעצט האָט זיך געמאַכט זעהר אַ טרויעריגער פאַל—האָט שלמה ווייטער געזאָגט— איינער פון די היזיגע אנגעזעהענע מענער וואָס האָט גאָר ניט לאַנג דורך זיין רייכטהום אַ גרויסע ראָליע געשפּיעלט איז אין דער לעצטער צייט אַזוי בדלות געוואָרען, דאָס ער האָט שוין באַלד קיין ברויט אין שטוב. נור דאָס וואָלט נאָך געווען צו דערליידען, יעדער מענש איז געוואוינט געוואָרען צו קעמפּפען מיט דעם דלות זאָ לאַנג ביז ער פערטרייבט איהם פון זיין הויז. דאָ איז אָבער נאָך אַ גרעסערער אונגליק, מען האָט איהם פון דער פּאָליציי אריינגעשיקט אַ בעפעהל, ער זאָל די שטאָדט פערלאָזען אין פערלויף פון פיער און צוואַנציג שטונדען.

— נו, וואָס־זשע קען איך דאָ העלפען ?

— איהר קענט דאָ זעהר פיעל העלפען. דען אייער פּרינציפּאַל, דער הערר גרינזאַנג, איז דער איינציגער איד דאָ אין שטאָדט, וואָס קען אַזעלכע לייטע אַ טובה טהאָן, ווייל ער איז בעקאַנט אין אַלע הויכע פענסטער און מען האָט פאַר איהם איבעראַל דעם גרעסטען רעספּעקט. ווען ער זאָל נאָר וועלען דיזער אונגליק־ליכער פאַמיליע פון זייער נויטה רעטען, קען ער דאָס זעהר לייכט טהאָן.

— איך פערשטעה אָבער ניט, וואָרום האָט איהר זיך בעמיהט קומען צו מיר וועגען אַזאַ זאַך, וואָרום האָט איהר זיך גלייך ניט געווענדעט צום הערן גרינזאַנג. אָבער וואָרום איז יענער אונגליקליכער אַליין צו איהם ניט געגאַנגען איהם בעטען ער זאָל זיין מלאך-הגואל זיין.

— איך קען צו דעם הערן גרינזאַנג ניט געהן, ווייל איך בין מיט איהם אונבעקאַנט. צו אַזאַ גרויסען גביר קען קיין פרעמדער ניט אריינקומען אַזוי ווי צו אַן איינפאַכען מענשען מיט אַזאַ ביטע, און דער אונגליקליכער אַליין קען געוויס צו דעם הערן גרינזאַנג ניט געהן, ווייל ער איז מיט איהם געוועזן אין קריעג.

— איך פערשטעה נאָך אָבער אַלץ ניט, וואָס קען איך דאָ העלפען ?

— זעהר איינפאַך, אַזוי ווי איהר זייט ביי איהם זעהר געאַכטעט און ליעב, גלויב איך, אַז ווען איהר זאָלט איהם בעטען ער זאָל זיך פאַר דעם אונגליקליכען אינטערעסירען, וועט ער אייך געוויס ניט ענטזאַגען.

— איך וועל מיך געוויס ניט פוילען אַזאַ זאַך צו טהאָן, אָבער ערשטענס איז דער הערר גרינזאַנג נאָך פאַרגעסטערען אוועקגעפאָהרען. ער האָט נאָך בעדאַרפט געסטערן קומען און ער איז נאָך ניטאָ. צווייטענס ווען ער זאָל אַפילו הייטע קומען וועט ער שוין אויך קיין צייט האָבען וועגען אַזאַ זאַך צו בעטען, דען לויט איך הער פון אייך האָט מען דעם אונגליקליכען געהייסען אין פערלויף פון פיער און צוואַנ־ציג שטונדען אוועקפאָהרען פון דאַנען, איז די צייט צו קורץ מען זאָל פאַר איהם קענען בעטען. דריטענס צווייפעל איך צו וועט הערר גרינזאַנג טהאָן מיין פערלאַנג, איהם וועט פערדריסען פאַר וואָס מען האָט זיך ניט געווענדעט גלייך צו איהם.

— איהר וועט דאָס איהם ערקלעהרען אז יענער מענש האָט זיך איינפאַך געשעהמט געהן צו איהם, ווייל ער שטעהט מיט איהם אין קריעג.

— גוט! איך וועל פּראָבירען ריידען מיט איהם. איך וועל באַלד געוואָהר ווערען אויב ער איז נור געקומען צו פאָהרען, וועל איך וועגען דעם צו איהם אריינגעהן. ווי הייסט יענער אונגליקליכער ?

— זיין נאָמען איז היראַנים ראָזענדופט—

משה איז פון זיין אָרט אויפגעשפּרונגען.

— וואָס האָט איהר זיך אזוי ערשראָקען, רבי משה?—האָט שלמה געפרעגט.

— איהר בעט דאָס פאַר היראַנים ראָזענדופט? האָט משה געשטאַמעלט.

— יא, איהר קענט איהם דען ?

— צו איך קען דעם טייפעל, דעם שד, פרעגט איהר? ער האָט געוויס ניט אזוי פיעל בלוט אין זיך, וויפיעל בלוט ער האָט פון מיר געצאַפּט. ניין, רבי שלמה פאַר אזעלכע פערדאָרבענע מענשען וועל איך גאָר ניט טהאָן.

— האָט ער אייך דען אזוי פיעל שלעכטעס געטהאָן, וואָס איהר זייט אויף איהם אזוי אין כעס ?

— פרעגט גאָר ניט. ווען איך דערמאָהן מיר אָן איהם, פיהל איך דעם טויט אין אַלע מיינע גליעדער. שטעלט אייך פאָר, דער מענש איז מיינער א יוגענדפריינד. ער איז אמאָל געווען נאָך אין גרעסערע צרות אַלס היינט און איך האָב מיך אין זיין שלעכטער צייט אימער געוויזען פאַר איהם ניט אַלס איינפאַכער גוטער פריינד, נור אַלס ברודער. ער האָט דאַמאָלס געשוואָרען אז ביז זיין טוידט וועט ער ניט פערגעסען די גוטעס, וואָס איך האָב איהם געטהאָן. צום סוף, אז מיר איז געוואָרען שלעכט, די וואסער איז מיר ניט היינט געדאַכט געקומען ביז צום האַלז און איך האָב דיעזען אונמענשען געבעטען אום עטוואָס הילפע, האָט ער זיצענדיג ווי א קיסר אין כל טוב זיך געמאַכט ווי ער דערקענט מיך ניט און האָט מיך פון זיין שטוב אַרויסגעטריעבען, ווי דעם ניעדעריגסטען מענשען. נו, ווילט איהר איך זאָל יעצט דעם שד טהאָן א טובה. ניין, רבי שלמה! אזא נארר וועל איך נִיט זיין, פערקעהרט, איך וועל זעהן יעצט אין איהם נקמה. איך פרעג אייך ווען בעהיטע גאָט אייך טרעפט אזא געשיכטע, וואָלט איהר אזא זינדע געקענט מוחל זיין.

— איך קען פון דער וואהרהייט ניט אוועקגעהען—האָט שלמה געענטפערט. אויב ער האָט אייך אזוי בעהאנדעלט, ווי איהר זאָגט, האָט ער ניט פערדיענט איהר זאָלט זיך פאַר איהם אינטערעסירען.

— ביי אייך איז נאָך א ספק צו האָב איך אייך דערצעהלט דעם אמת ? א טאטע זאָל איך אזוי זיין ביי מיינע קינדער, ווי דאָס איז אַלץ אמת, וואָס איך האָב אייך געזאָגט.

— איך גלויב אייך און דארום וועל איך אייך מעהר פאַר איהם ניט בעטען. ענטשולדיגט, וואָס איך האָב אייך בעלעסטיגט מיט מיין בעזוך און מיט מיינע פיעלע ווערטער. איהר פערשטעהט דאָך אַליין, אז איך האָב דאָס ניט געטהאָן אויס איינענעם נוץ, זאָנדערען אויס מענשענפריינדשאַפט. מיך האָט שטאַרק אָנגענומען

ביים הארצען קוקענדיג ווי דער מענש וואָס איז ניט לאַנג אַזוי הויך געשטאַנען, האָט אַזוי ניעדעריג געזונקען, דאָס ער האָט שוין באַלד קיין ברויט און ער מוז מיט זיין פאַמיליע אַרויסגעיאָגט ווערען פון שטאָדט. האָט מיר אַ גוטען טאָג ר׳ משה

ער האָט משה׳ס האַנד געדריקט און איז אַוועקגעגאַנגען.

משה איז געבליעבען אייניגע מינוטען זיצען פערטיעפט אין זיינע געדאַנקען.

ענדליך איז ער אויפגעשטאַנען און האָט אָנגעהויבען אַרומצוגעהן הין און צוריק איבער דעם צימער.

— ער זיצט אָהן ברויט און ער מוז מיט זיין פאַמיליע אַרויסגעיאָגט ווערען פון דער שטאָדט,—האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט—קענטיג, אַז גאָט האָט איהם שוין פאַר זיין אונמענשליכקייט גוט בעצאָהלט, אָבער איך דאַרף דאָך אַזוי לאַנג קיין שנאה אויף איהם ניט טראָגען. ער איז בעשטראָפט געוואָרען פון זיין ליעבען נאָמען, נו איז דאָך שוין גענוג. פאַר וואָס־זשע זאָל איך יעצט נאָך זיין אויף איהם אין כעס און קוקען גלייכגילטיג, ווי זיין בלוט גיסט זיך? האָט דען די הייליגע תורה אונז ניט אָנגעזאָגט „אם רעב שונאך האכילהו לחם״, ווען דיין פיינד איז הונגע-ריג גיב איהם ברויט. אין געגענטהייל, איך דאַרף יעצט גרונם׳ן ווייזען, אַז איך בין ניט גלייך צו איהם, אַז אין מיר ברענט נאָך דער אידישער פונק, וואָס הייסט רחמנות. עס איז טאַקע פיעל שעהנער צו בעצאָהלען אַ טובה פאַר אַ רעה, איידער אַ רעה פאַר אַ טובה. ניין! איך טהאָר יעצט גלייכגילטיג ניט בלייבען ביי אַזאַ אונ-גליק. מיט וואָס איך וועל קענען וועל איך איהם העלפען. דאָס אונגליק, וואָס האָט ערשט גרונם׳ן געטראָפען, דאַרף דאָך פאַר מיר זיין די בעסטע לעהרע, אַז אַ מענש טהאָר זיך אין דער גוטער צייט ניט איבערנעהמען, ווייל דאָס רעדעלע דרעהט זיך זעהר אָפט איבער.

ער האָט אויף זיך אַרויפגעחאַפּט זיין מאַנטעל און איז שנעל אַרויסגעלאָפען.

## 203טעם קאַפּיטעל.

## גוטע אויסזיכטען.

— וואוהין לויפט איהר דאָס אַזוי, רבי שלמה?—האָט שלמה פיין דערהערט הינטער זיך אַ שטימע געהענדיג פון משה׳ס הויז צו זיך אין קוואַרטיר. ער האָט זיך אומגעקוקט און האָט דערזעהן מאָררים וואהרהאַפטיג.

— איך בין שוין ביי אייך אין קוואַרטיר דריי מאָל געוועזן, הערר פיין—האָט מאָררים ווייטער געזאָגט—אָבער איך האָב אייך אַלץ צו הויז ניט געטראָפען.

— איך בין הייטע בעשעפטיגט ווענגען אַ פרעמדען געשעפט — האָט פיין געענטפערט — עס טרעפט זעהר אָפט, אַז צוליעב פרעמדע צרות פערגעסט מען אייגענע. אָבער דאָס, וואָס איהר זייט דריי מאָל ביי מיר געוועזן, הערר וואָהר-האַפטיג, בעווייזט אַז איהר האָט פאַר מיר וויכטיגע נייעס.

— יאָ, הערר פיין, איך האָב פאַר אייך זעהר וויכטיגע נייעס. ווילט איהר מיר זאָלען געהן צו מיר אַהיים אָדער צו אייך אין דער קוואַרטיר, דען אין מיטען דער גאַס איז שווער ווענען אַזעלכע זאַכען צו ריידען.

— ווי איהר ווילט. איך קען מיט אייך גטהן צו אייך אהיים, נור עס איז פיעל ליכטער מיר זאלען ארייננעהן צו מיר, ווייל מיין קווארטיר איז ניט ווייט פון דאנען.

— גו, איך קען מיט אייך געהן צו אייך.

זיי זיינען ביידע אוועקגעגאנגען צו שלמה'ן אין האטעל, וועלכער וואר ניט מעהר ווי דריי קווארטאלען ווייט פון דעם פלאץ וואו זיי האבען זיך צוזאמענגעטראפען.

— זיצט הערר וואהרהאפטיג, און ערצעהלט מיר אייערע גוטע נייעס — האט שלמה געזאגט אלס זיי זיינען ביידע אין זיין צימער ארייננעקומען.

— דאס ערשטע, וואס איך קען אייך דערצעהלען איז וועגען אייער יאקאב'ן. ביי מיר איז קיין צווייפעל, אז ער וועט גאנץ גיך בעפרייט ווערען.

— ווירקליך?—האט שלמה העכסט ערפרעהט געפרעגט.

— יא, זיין אונשולד, איז שוין אזוי גוט, ווי אנערקענט. מיר האט דאס הייטע דער סליעדראוואטעל אליין געזאגט.

— וואס האט ער אייך געזאגט ?

— ער האט מיר געזאגט, אז מען ווייס שוין בעשטימט ווער די ווירקליכע מערדער זיינען. איינער האט זיך שוין האלב מודה געווען. ער האט אויסדריקליך געזאגט, אז אייער זוהן האט קיין אנטהייל געגומען אין דעם מארד.

— א, געלויבט איז גאט פאר דעם גרויסען חסד!—האט שלמה ענטציקט אויסגערופען און אין זיינע אויגען האבען זיך געוויזען פריידען־טרעהרען. אבער דערצעהלט מיר, ליעבער פריינד, דייטליך, וועגען די ווירקליכע מערדער וואס איהר זאגט, אום איך זאל קענען פאסען א ריכטיגע מיינונג, וואו מיר האלטען אין דער וועלט.

— דא איז גאר ניטא פיעל צו דערצעהלען, אז דער פאלקאווניק מאלינבערג האט די גאנצע שולד ארויפגעווארפען אויף א געוויסען מיכל ברענער. דאס ווייסט איהר; אז מען האט דעם מיכל ברענער געפאנגען גענומען, דאס ווייסט איהר אויך; אז דער פאלקאווניק מאלינבערג האט ניט געוואוסט דערפון, אז מען האט ברענער'ן פערהאפטעט, איז ער געקומען צו דעם סליעדראוואטעל און האט איהם דערצעהלט א גאנצע געשיכטע אז ברענער איז אנטלאפען געווארען און ער (מאלינבערג) האט פון א ריכטיגע קוועלע ערפאהרען, אז דער אנטלאפענער ברענער איז געשטאנען אין פערבינדונג מיט אייער זוהן און עס איז קיין צווייפעל מעהר, אז די ביידע זיינען מיין פאטער'ס ריכטיגע מערדער. אלס אבער דער סליעדראוואטעל האט דיעזען נאבעלען פאלקאווניק געענטפערט, אז ברענער געפינט זיך אין האפט, איז מאלינבערג ערציטערט און לייכען־בלאס געווארען. ער האט אנגעהויבען צו ציהען זיינע ווערטער צוריק און האט אזוי געפלוידערט, דאס דער סליעדראוואטעל האט דייטליך געזעהן, אז נור ער אליין איז דער עכטער מערדער. דיעזער סליעדראוואטעל, אבוואהל ער האט א אידען ניט אזוי שטארק ליעב, פון דעסטוועגען האט ער זיך מיט אלע קרעפטען גענומען דא די ריכטיגע וואהרהייט צו ענטדעקען. פאר וואס ער

טהוט דאָס אזוי ווייס איך ניט ריכטיג. דאָ איז ענטוועדער ער איז מאַלינבערג'ס א פיינד, האָט ער דאָ געפונען די געלעגענהייט איהם צו בעגראָבען, אָדער ער וויל זיך דורך דעם פּראָצעס קויפען א גרויסען נאָמען. נור ווי די זאַך איז, ער ארבייט דאָ מיט ליב און לעבען דעם אמת צו ענטדעקען. ער האָט פערשטאַנען, אז אויך ברע-נער איז דאָ ניט אין גאַנצען כשר, און ער ווייס פון דעם מאָרד. דארום האָט ער זיך צו איהם גענומען מיט דער גאַנצער קונסט פון א דעטעקטיוו, און האָט איהם אזוי לאַנג געצויגען פאַר דער צונג, ביז ברענער האָט אָנגעהויבען אויסצוזאָגען פון חדר. ער רעדט נאָך אַפילו דערוויילע האַלבע ווערטער, אָבער עס איז דאָ א האָפנונג, אז ער וועט אויסזאָגען אין גאַנצען. דיעזער ברענער איז יעצט אויף מאַלינבערג'ן שטאַרק אין כעס און ער האָט דעם סליעדאָוואַטעל אָפען געזאָגט, אז די גאַנצע זינד פון דעם מאָרד ליעגט נאָר אויף הערצלאָזען פּאָלקאָווניק, און אייער יאַקאָב איז דאָ דער אונשולדיגסטער מענש אין דער וועלט.

— דאָס זיינען שוין גאָר אַנדערע ווערטער — האָט שלמה מיט א פערגעניג-טע מינע געזאָגט — יעצט פאַנג איך שוין אָן צו גלויבען, אז מיין קינד וועט פון זיין אונגליק געראַטעוועט ווערען. מיר זעהן טאַקע דאָ גאָט'ס וואונדער, אז נאָך אזוי פיעל פאַלשע בעווייזע, וואָס מען האָט געשטעלט געגען מיין יאַקאָב'ן אז ער האָט דעם מאָרד בעגאַנגען, קען זיך יעצט די וואַהרהייט ארויסצייגען, איז דאָס נור מן-השמים. יעצט קלינגען אין מיינע אויערן די פּראַקטישע ווערטער פון אונזער אַל-טען פּאָעט: „אמת מארץ תצמח וצדק משמים נשקף", אז דער אמת שפּראָצט ארויס פון דער ערד און פון הימעל שטראַהלט ארויס די גערעכטיגקייט.

— יאַ, די ווערטער זיינען זעהר זיס — האָט מאָררים זיפצענדיג געענט-פערט — ליידער אָבער איז דאָס פאַרט קיין כלל ניט. צו אונזער בעדויערן זעהן מיר זעהר אָפט. אז דער אמת ווערט נאָר בעגראָבען אויף אימער אין דער ערד און די גערעכטיגקייט געהט אוועק צום הימעל מיט דעם רויך. נור מיר וועלען אזעלכע זאַכען ניט איבערמאַכען, מיר וועלען דאָס איבערגעבען דער געהיימניספאַלער גאָטהייט. יעצט וועל איך אייך דערצעהלען פון דער צווייטער זאַך, וועלכע איז ניט ווייניגער וויכטיגער פאַר אייך אַלס די ערשטע.

— וואָס מיינט איהר מיט די ווערטער?

— איך וועל אייך עטוואָס דערצעהלען פון אייער צווייטען, ריכטיגער גע-זאָגט פון אייער ערשטען זוהן, וועלכע שלעכטע מענשען האָבען פון אייך גערויבט.

— אזוי? איהר האָט אויך פון איהם עטוואָס וויכטיגעס ערפאַהרען.

— זעהר וויכטיגע זאַכען האָב איך ערפאַהרען.

— אָ, דערצעהלט, ליעבער גוטער מענש. איהר האָט זיך געזעהן נאָך אַמאָל, מיט יאַניק קאַבאַנאָוו אָדער מיט זיין ווייב?

— יאַ, איך האָב מיך געזעהן מיט איהם, דען זי איז א צו שלויע פרוי, זי פערשטעהט ווי מויל צו האַלטען. ער איז אָבער אַזאַ מענש, וואָס דער וויין איז דער בעסטער שליעסעל זיין פערשלאָסענעם מונד צו עפענען.

— וואו האָט איהר זיך מיט איהם געזעהען, טאַקי ביי איהם אין דער היים?

— ניין, ביי איהם אין דער היים וואר אונמעגליך פון איהם עפּעס אויסצו-קוועטשען, ווייל ווי איך האָב אייך האָב געזאָגט, זיין פּלונית'טע דערלאָזט ניט צו אַן ערנסטען געשפּרעך, דארום האָב איך איהם פערשלעפּט אין א וויינ-געשעפט און האָב פאר איהם געשטעלט פון דעם וויין, וואָס איז ביי איהם פיעל טהייערער אלס זיין זיס ווייבעלע.

— נו, וואָס האָט איהר פון איהם ארויסגעקוועטשט ?

— איך האָב איהם אזוי לאנג געצויגען פאר דער צונג, ביז ער האָט מיר ער-צעהלט די געשיכטע, ווי אזוי מען האָט אייער קינד גע'גנב'עט און וואָרום מען האָט דאָס געטהאָן.

— ער האָט דאָס אייך דערצעהלט?—האָט שלמה איבערראשט געפרעגט.

— יא, מיין פריינד.

אָ, אום גאָטעס ווילען, זאָגט, רעדט, וואָס האָט ער אייך דערצעהלט.

— ער האָט מיר דערצעהלט, אז א רייכער קינדערלאָזער קריסט האָט ער-האלטען פון א פריסטער דעם ראטה, ער זאָל ביי זיך ערציהען א אידיש קינד און זאָל איהם פאר א פרומען קריסט מאכען. בזכות זה וועט זיין ווייב איהם שענקען גוטע פרומע קינדער. דער רייכער קריסט האָט בעפאָלמעכטיגט דער מאראם קאַ-באנאוו'ס מוטער, זי זאָל פאר איהם אזא קינד בעקומען און דער גורל איז געפאַ-לען אויף אייער קינד. די פרוי האָט עס אָב'גנב'עט און האָט עס איבערגעגעבען איהר טאָכטער און מען האָט דאָס קינד גלייך אוועקגעפיהרט צו יענעם רייכען קריסט, וועלכער האָט עס צוגענומען מיט גרויס פרייד.

— נו—האָט שלמה זעהר נייעגיעריג געפרעגט—און ער לעבט.

— ווען מיינט איהר, דעם רייכען קריסט צו אייער קינד.

— איך מיין קינד.

— יא, ער לעבט. לויט קאבאנאָוו האָט מיר געזאָגט שפּיעלט ער יעצט זעהר א גרויסע ראָליע.

— און ער האָט אייך ניט געזאָגט וואו ער געפינט זיך ?

— ניין, דאָס האָב איך פון איהם פאר קיין פאל געקענט ארויסבעקומען, אָבער איך האָף אז נאָך עטליכע פלעשער וויין וועלען זיין מונד אין גאנצען עפענען און ער וועט מיר אלעס דערצעהלען.

— אך ליעבער וואָהרהאפטיג, איהר האָט מיך יעצט אין זיעבעטען הימעל אריינגעזעצט. לעבט מיין עלטערער זאָהן ?

— איהר הערט דאָך, אז ער לעבט און שפּיעלט א גרויסע ראָליע.

— און ער איז א קריסט ?

— די פראגע איז גענצליך איבעריג, הערר פיין. זעלבסטפערשטענדליך, אז ווי באלד ער האָט זיך ביי א קריסט ערצויגען איז ער אויך א קריסט און ער ווייס געווייס ניט, אז ער שטאמט פון א אידען.

— האָט איהם דען זיין ערציהער אלס זיין זאָהן אַנגעגעבען ?

— יא, לויט דער קאבאנאָוו האָט מיר דערצעהלט, גלויבט אייער זאָהן אז

ער איז יענעם קריסט'ס א קינד און די גאנצע וועלט מיינט דאס אויך. ער האט דאס מיר ערקלערט אז מיט דער צייט האבען די רייכע קריסטען, דאס הייסט ער און זיין ווייב, אייער קינד אזוי ליעב בעקומען, דאס זיי האבען איהם אלס נאטיר־ליכען זאהן אנערקענט און האבען איהם אויף פאר זייער איינציגען יורש געמאכט.

און איהר גלויבט אז איהר וועט ערפאהרען אלעס וואס אונז איז נעטהיג צו וויסען?

— איך צווייפעל גאר אין דעם ניט, איך וועל געוויס אלעס ערפאהרען, נור געדולד הערר פיין. מיר שיינט אז איך האב אייך שוין איין מאל געזאגט, אז עס קען זעהר זיין, דאס די מכה, וואס האט זיך אייך געמאכט דורך דאס אונגליק וואס האט געטראפען אייער צווייטען זאהן, וועט זיין א רפואה צו דער אלטער מכה וואס איהר האט געהאט פון אייער ערשטען זאהן. איהר וועט מיר געשטעהען אז איך האב רעכט געהאט מיט מיינע ווערטער.

— א, איך וויס גאר ניט, ווי אייך צו דאנקען, ליעבער פריינד — האט שלמה געזאגט אומארמענד מאררים'ן — איהר טהוט מיט מיר אזוי פיעל גוטעס, דאס איך האב קיין ווערטער מיין דאנקבארקייט אייך אויסצודריקען.

— לייגט אפ די דאנקבארקייט אויף שפעטער—האט מאררים שמייכלענד געענטפערט—דערווייל איז ביי מיר נור א האלבע ארבייט געמאכט געווארען, ווען די גאנצע ארבייט וועט זיך ענדיגען, דאן וועל איך אייער דאנק עמפפאנגען.

## 204טעם קאפיטעל.

## צופעליג ערפאהרען.

מיר האבען איבערגעלאזט גרינזאנג'ן אין'ם טייפעלסשלאס. דארום מוזען מיר זיך אהין אומקעהרען זעהן, וואס דארט טהוט זיך.

די נאכריכט, דאס דער גראף דאנילאוו איז פערשוואונדען געווארען און פון זיין הערצלאזער קוזינע, וועלכע האט דאס גאנצע אונגליק אויף דעם גראף'ס הויז געבראכט, האט גרינזאנג'ן זעהר פיעל שטאף געגעבען צו דענקען. ער האט ערשט ריכטיג פערשטאנען, וואס דא טהוט זיך. ער האט פערשטאנען, אז די קוזינע איז אן אויסוואורף דער נאטור, איינע פון די געלדגיערוגסטע בעסטיעס, וואס זיינען פערטיג צוליב געלד ארענטליכע לייטע אין גרעסטען אונגליק צו שטירצען.

אבער וואס טהוט מען יעצט? ווי אזוי מאכט מען דא אז דער גראף זאל צוריקקומען און זאל זיין פערפלוכטער קוזינע איהר לאזען בעצאהלען און זיין אונ־גליקליכער פרוי צוריק צו זיך נעהמען.

ער האט ליידער אויף דער פראגע קיין אנטווארט בעקומען. דער פלאן, וואס דער אלטער איוואן האט איהם פארגעלייגט, מען זאל פאהרען נאך ארשא און דארט נאך דעם גראף נאכפארשונגען מאכען, האט זיך איהם ניט געלעגט אויף'ן קאפ. ער האט ניט געגלויבט אז דער גראף איז נאך ארשא געפאהרען. דען ווען ער זאל אוועקפאהרען אזוי נאהענט פון דאנילאווקא וואלט זיין קוזינע ניט געהאט די פרעכהייט איבערצונעהמען די הערשאפט אין איהרע הענד. נאך זיין פערשטאנד

איז אויסגעקומען אז דער גראף איז זעהר ווייט אוועקגעפאהרען און אויף א לאנ-
גער צייט.

אבער ווער איז דער אפיציער און די סאלדאטען וואס זיינען צו איהם געקו-
מען און ער איז מיט זיי אוועקגעפאהרען ?

אויף דער פראגע האט ער יא געפונען אן ענטפער. ער האט זיך געקלעהרט
אז דער אפיציער איז דעם גראף'ס א בעקאנטער, אדער א גוטער פריינד און זיי
האבען ביידע אבגעמאכט זיי זאלען ערגעץ פאהרען פיעללייכט נאך אויסלאנד. די
סאלדאטען זיינען איינפאכע בעגלייטער אדער בעדיענטע געווען, וואס ווילען די
צוויי הערען אין זייער לאנגער ווייטער רייזע בעגלייטען.

ער האט אפילו אנפאנגס ווי מיר ווייסען געוואלט אריינפאהרען אין דאני-
לאווקא צו אדעלא'ן און מיט איהר ריידען. ער האט געהאפט אז פון איהרע רייד
וועט ער עטוואס ערפאהרען פון דעם וואס איהם איז וויכטיג צו וויסען. אבער
נאכהער האט ער זיך בערעכענט אז דאס וועט זיין אן אומזיסטע מיהע, דען די
אדעלא, וועלכע האט געקענט אזעלכע סקאנדאלען מאכען, איז ניט פון די פרויען,
פון וועלכע מען קען א זאך לייכט אויספארשען. זי מוז שוין זיין גענוג פארזיכטיג.

אלזא, וואס דען טהוט מען ?

ער האט געוויסע צעהן מאל איבערגעפרעגט גלאפיראן, ווי דעם גראף'ס
אוועקפאהר איז צוגעגאנגען, אבער ער האט יעדעס מאל איינס און דאסזעלבע גע-
הערט. אז דער גראף איז געווען זעהר אויפגערעגט און האט אויסגעזעהן שטארק
פערצווייפעלט, אלס ער האט איהר דעם בריעף איבערגעגעבען פאר איוואנען.

— האז?—איז פלוצלונג גרינזאנג'ן אין קאפ אריינגעפאלען—פיעללייכט
האנדעלט זיך דא אום א דועל. עס קען זעהר זיין, אז דער אפיציער איז געקומען
דעם גראף אויף א דועל ארויספארדערן און די צוויי סאלדאטען, וואס זיינען מיט
איהם געווען זיינען געווען סעקונדאנטען. דארום האט דאנילאוו געשריעבען א
בריעף צו איוואנען אין וועלכען ער האט איהם פערארדענט, וואס ער זאל דא
טהאן מיט זיין נאכלאס אין'ם פאל ער וועט שטארבען. און אדעלא אלס זי האט
דעם בריעף דורכגעלעזען, האט זי די הערשאפט אין איהרע הענד אריינגענומען,
ווייל זי האט שוין געוואוסט, אז ער געהט צו א געוויסען טוידט. דען עס קען אויך
זיין, אז דער דועל וואקסט אויך פון איהר און זי האט שוין בעשטעלט אז ער זאל
מוזען שטארבען.

דיעזער איינפאל האט זיך איהם אויסגעגעבען זא ראיעל, דאס ער האט שוין
גאר ניט מעהר געצווייפעלט אז ער איז ריכטיג. ער האט דאס איבערגעגעבען דעם
אלטען איוואן און דיעזער האט דאס אויך אנגענומען פאר א גילטיגער מטבע, ער
האט מודה געווען, אז דאס איז ריכטיג בערעכענט.

—אבער וואו האט דער דועל געקענט שטאטפינדען?—האט איוואן געפרעגט.

— דאס איז שווער צו טרעפען—האט גרינזאנג געענטפערט—און איך גלויב
גאר ניט אז מען זאל ערפאהרען פון דעם. דען א דועל איז דאך אין רוסלאנד פער-
באטען און קוים איז דער גראף אין דעם דועל געשטארבען וועלען איהם זיינע

גענגער מיט די סעקונדאַנטען באַלד אויף דער שטעלע בעגראָבען און קיין שפור וועט פון'ם גאַנצען דועל בלייבען.

— ווי מיר שיינט האָב איך דאָ גאָר ניט וואָס צו טהאָן—האָט גרינזאַנג ווייטער געזאָגט—איך מוז צוריק אַהיים פאָהרען און אין גאַנצען אויפגעבען די האָפנונגען, וועגען דעם גראַף עטוואָס צו ערפאַהרען.

— איהר קענט אייך פאָהרען געזונטערהייד הערר גרינזאַנג—האָט איוואַן געענטפערט—דאָך ווען איהר זאָלט מיין ראַטה וועלען פאָלגען, וואָלט איך אייך געזאָגט אַז איהר זאָלט נאָך היער אביסעל פערברייננגען, פיעללייכט וועט זיך דאָך ווייזען אַ שפור פון דעם אונגליקליכען.

— איך וועל דאָ בלייבען איבער נאַכט—האָט דער גראַף נאָכדענקענד געזאָגט—אויב ביז מאָרגען וועט קיין נייעס פאָרקומען וועל איך פאָהרען אַהיים.

עס איז אַזוי געבליבען. גרינזאַנג איז פערבליבען אין'ם טייפעלסשלאָס ביז אויף מאָרגען.

ביי נאַכט אום צוועלף אוהר, אַלס גרינזאַנג מיט איוואַנען און מיט קאַטהאַרינען זיינען געזעסען פערטיעפט אין אַ געשפרעך וועגען דער גרעפין מאַריא, וועלכע האָט דאָ אַזוי פיעל ליידען איבערגעטראָגען אין דעם קעלער, אין וועלכען דער גראַף האָט זי אַריינגעזעצט, האָט מען דערהערט אַ שטאַרקען קלונג אין דער טהיר-גלאָקע.

— ווער קען דאָס אַזוי שפעט קלאַפּען?—האָט איוואַן געפרעגט זיין ווייב.

— דאָס מוז זיין דער שוסטער—האָט קאַטהאַרינאַ געענטפערט.

— דו האָסט רעכט—האָט איוואַן געזאָגט און איז געלאָפען עפענען דעם טהויער.

דאָס איז ווירקליך געווען דער שוסטער.

— האָסט דו מיר געבראַכט וויכטיגע נייעס?—האָט איוואַן זעהר נייגיעריג געפרעגט.

— יאַ, איוואַן, איך ווייס שוין ווער דער מענש איז, וועלכער האָט ביי מיר יענע שטיפעל געלאָזט מאַכען.

— ווער איז ער ?

— איך האָב קיין כח ניט דיר יעצט צו ענטפערען—האָט דער שוסטער ערוויעדערט—דען איך בין זעהר מיעד פון'ם גאַנג. פיהר מיך אַריין אין שטוב און גיעב מיר עפּעס אין מויל, איך זאָל האָבען קרעפטען מיט דיר צו ריידען.

— קום, מיין פריינד, אין שטוב—האָט איוואַן געענטפערט—מיין קאַטהאַרינאַ האָט שוין פאַר דיר אַלעס צוגעגרייט.

ער האָט איהם אַריינגעפיהרט אין שטוב אַריין און האָט שמייכלענד געזאָגט צו קאַטהאַרינאַ'ן: דאָ האָסטו דיין ערוואַרטעטען גאַסט, וועלכען דו האָסט אַזוי נייגיעריג אויסגעקוקט. בעוויין איהם, מיין אַלטעטשקע, ווי טהייער ער איז ביי דיר און ערקוויק זיין לעדיגען מאָגען מיט די גוטע זאַכען וואָס דו האָסט פאַר איהם צוגעגרייט.

— אָך, מיט דעם גרעסטען פערגעניגען — האָט קאַטהאַרינאַ פריינדליך געענטפערט — איהר ווילט דאָך געוויס, ליעבער פריינד, צו אַלעם בעסטען אַ קרעפטיגען שנאַפּס.

— נו, דאָס פערשטעהט מען דאָך, אַז אָהן אַ שנאַפּס געהט מען צום טיש ניט — האָט דער שוסטער געענטפערט — אָבער איהר זאָלט ניט פערגעסען, גוטע קאַטהאַרינאַ, אַז מיין מאַגען האָט ליעב אַ גרויסען און אַ שטאַרקען שנאַפּס. עפּעס ווער איך גאַר אַן אַנדער מענש און מיין צונג דרעהט זיך גאַר אַנדערש אין מיין מויל, ווען דער שטאַרקער שנעפּסעל קריכט אין מיר אריין.

— איך קען מיר פאָרשטעלען וויפיעל דו וועסט אָנריידען שפּעטער נאָך דעם שנאַפּס, ווען דו רעדסט פריהער אַזוי פיעל—האָט איוואַן לאַכענד געזאָגט.

— איהר האָט רעכט—האָט דער שוסטער געענטפערט—איך האָב מיך גאָר פערגעסען, אַז איך האָב מיך מיט דעם גאַנג אַזוי אָבגעמאַטערט, דאָס איך האָב קיין כח צו ריידען.

קאַטהאַרינאַ האָט ארויפגעשטעלט אויף'ן טיש אַ פלעשעל שנאַפּס מיט אַ היבשע גלעזעל. זי האָט אויך געבראַכט געקאָכטע פיש און פלייש און האָט דאָס געשטעלט פאַר דעם גאַסט.

— בראוואָ, מוטער קאַטהאַרינאַ!—האָט דער שוסטער פערגעניגט אויסגע-שריען בעטראַכטענדיג די אַלע זאַכע—אָבער ווי דאָס הארץ האָט מיר געזאָגט אַז איך וועל קיין חרטה האָבען אויף דעם, וואָס איך געה אַזאַ וויטען גאַנג. נו, דערפאַר טרינק איך פאַר אייער אַלעמענס געזונד.

ער האָט אויסגעלעדיגט אַ היבשע גלעזעל בראַנפען און האָט זיך גענומען עסען מיט גרויס אַפּעטיט.

איוואַן מיט קאַטהאַרינאַ'ן זיינען געזעסען ווי אויף שפּילקעס. זייער נייגיער-דע צו הערען דעם אַנטוואָרט, וואָס דער שוסטער האָט זיי געבראַכט, האָט צו דער העכסטער שטופּע ערגרייכט.

ענדליך האָט גאָט געהאָלפען און אַלע עסען-זאַכען וואָס קאַטהאַרינאַ האָט אוועקגעשטעלט, זיינען איינגעשלונגען געוואָרען.

דער שוסטער האָט זיך רוהיג אָבגעווישט די ליפּען מיט זיין טאַשען-טוך און האָט דעם הויז-ווירטה מיט דער ווירטהין העפליך בעדאַנקט.

— יעצט, גלויב איך, וועט איהר אונז אַלעס דערצעהלען וואָס איהר האָט ערפאַהרען—האָט איוואַן געזאָגט.

— יאַ, איך וועל אייך אַלעס דערצעהלען, אָבער...

ער האָט אַ קוק געטהאָן אויף גרינזאַנג'ן, וועלכער איז דאָ געזעסען מיט דעם ציגאַר אין מונד פערטיעפט אין געדאַנקען.

— דער מאַן מעג אַלעס הערען, וואָס איהר וועט דערצעהלען—האָט איוואַן, וועלכער האָט פערשטאַנען זיין מיין, געענטפערט—ווייסט איהר ריכטיג וועמעס יענע שטיוועל זיינען ?

— א פראגע צו איך ווייס. ווען ניט, וואלט איך דאך נאר צו אייך ניט גע־קומען.

— נו, דערצעהלט־זשע שוין ניכער.

— מיר האבען נענוג צייט. איך וועל אייך אלעס דערצעהלען. ביי מיר וועט דאס געהן געשמירט וויא אויף אן אָנגעפעכטע דראטווע. היינט פארנאכט איז צו מיר געקומען סטעפאן נאך דיא שטיוועל וואס ער האט ביי מיר בעשטעלט. ער האט מיר גאנץ פיין בעצאלט און איז אוועקגעגאנגען. ער איז ארויסגעגאנגען און איך נאך איהם. איך האב איהם נאכגעקוקט און האב בעמערקט, אז ער לאזט זיך געהן צו דעם גראפס פאלאסט. עס איז שוין געווען רעכט דונקעל, דאה פון וויטען האט ער מיך ניט געקענט בעמערקען, אבער איך האב דאך געוואוסט, אז דאס איז ער. איך בין מיר פון דערווייטענס נאכגעגאנגען ביז ער איז אריינגעגאנגען אינ׳ם הויף פון׳ם פאלאסט. דא האב איך געהויבען פיסלאך און בין וויא א פייל פון׳ם ביינען געפלויגען. עס האט קיין פאר מינוטען ניט געווערט בין איך שוין אויך גע־שטאנען נעבען טהויער, אבער דא האב איך סיין סטעפאנען פון דיא אויגען פער־לארען. איך בין פון דעסטוועגען אריינגעלאפען אין הויף און האב געפרעגט א מענשען וועלכער איז מיר ענטגעגען געקומען, צו האט ער דא ערשט ניט בעגעגענט סטעפאנען. ער האט מיר געענטפערט, אז ער האט איהם געזעהן אריינגעהענדיג צו זיך אין צימער. וואו איז דען זיין צימער? — האב איך געפרעגט.

— ער וואוינט היינט אין דעם פאלאסט — האט ער מיר געענטפערט.

— וויא קומט דאס? — האב איך געפרעגט — ער האט דוכט זיך געוואוינט אין א בעזונדער שטיבעל וואס שטעהט אין גארטען?

— זייט דיא גרעפין אדעלא איז געווארען דיא ווירטהין פון דעם גראף׳ס הויז. האט זיא סטעפאנען אפגעגעבען א צימער אין דעם פאלאץ — האט דער מענש מיר ערקלערט — ער איז שוין יעצט א גאנצער פריץ געווארען.

— וואוינט ער אליין אין דעם צימער צו מיט נאך איינעם?

— ער וואוינט מיט נאך א יונגען מאן וועלכער איז דער גרעפינס א בעקאנטער פון מאסקווא.

— וויא הייסט יענער מאן — האב איך געפרעגט, ווייל איך האב פערשטאנען אז פאר איהם האט ער דאס דיא שטיוועל בעשטעלט.

— ער הייסט סעמיאן וואָרין — האט דער מענש מיר געענטפערט.

— סעמיאן וואָרין? — האט גרינזאנג אויסער זיך פאר ערשטוינען א געשריי געטהאן, דען ער האט זיך דערמאהנט אז דער זוהן פון דעם מאן וואו זיין טאָכטער האט זיך ערצויגען הייסט אויך סעמיאן וואָרין.

— יא, סעמיאן וואָרין — האט דער שוסטער קאלט געענטפערט — איהר קענט איהם דען?

— ניין, אבער דערצעהלט ווייטער.

— איך האב, וויא איך האב אייך שוין געזאגט, באלד פערשטאנען אז פאר דעם יונגען מאַן האט דאס סטעפאן בעשטעלט דיא שטיוועל. דאך האב איך געוואָלט ריכטיג וויסען צו האב איך קיין טעות ניט, דארום האב איך געבעטען דעם מענשען זאל מיר אנצייגען סטעפאן׳ס צימער. ער האט אפילו ניט געוואָלט אבער איך האב איהם געשענקט גאנצע פינף קאָפייקען און ער האט מיך צוגעפיהרט גלייך צו דער טהיר פון דעם צימער.

איך האב מיך געמאכט מוטה און האב מיך בעשלאָסען אריינצוגעהן אינוועניג. וואס הערר איך איהם? — האב איך זיך געקלערט — וואס וועט ער מיר טהאן דערפאר וואס איך בין אונגעבעטען צו איהם אריינגקומען, ער וועט מיר געבען א פאטש? נו, האב איך דאך אויך א האנד וועל איך איהם געבען דריי צוריק. קורץ און גוט, איך האב דיא טהיר פלוצלונג אָן עפען געטהאן און בין אריינגעגאנגען אין צימער און שטעלט אייך פאר דאס פערגנינגען וואס איך האב געהאט, אז איך האב דערזעהן דאס איך האב קיין טעות געהאט. דען איך האב טאקע דארט געטראָפען א יונגען מאַן וואס האט אויף זיינע פיס מיינע שטיפעל אנגעצויגען.

ביידע זיינען ערציטערט געווארען אז זיי האבען מיך אזוי פלוצלונג דערזעהן און סטעפאן האט מיך מיט כעס געפרעגט וואס טהו איך דא.

— דוא האסט מיר געגעבען א פאלשע דריי־רובעלדינע, האב איך געענטפערט איך האב פון דער קעשענע ארויסגענומען דעם דריי־רובעלדינען בילעט וואס ער האט מיר געגעבען פאר דיא שטיוועל.

וואס פאר א פאלשע דריי-רובעלדינע — האט ער זעהר שטרענג א געשריי געטהאן — ווער האט דאס דיר געזאגט אז זיא איז א פאלשע.

מיר שיינט אז זיא איז א פאלשע — האב איך געענטפערט.

דיר שיינט? דוא ביזט א שיכור און א דומקאָפּ, — האט ער געזאגט — דאס איז גוט געלד. נור אויב דוא .ווילסט דיא ניט וועל איך דיר געבען אן אנדערע.

גיעב מיר טאקע אן אנדערע, — האב איך געענטפערט.

סטעפאן האט מיר געגעבען אן אנדער דריי רובעלדינע, דערווייל האב איך בעטראכט יענעם יונגען מאַן. ער איז אלט א יאהר צוואנציג פיעללייכט נאך מיט א האלבס אדער גאנצע איין און צוואנציג, ער איז א גאנץ שעהנער יונג מיט בלאנדע האאר און מיט א פאר בלאנדע וואנצעלאך. נור אויגען האט ער אזעלכע גנבישע דאס איך האב מורא געהאט ער זאל ביי מיר מיין דריי־רובעלדינע ניט צוגנב׳ענען, דארום האב איך געמאכט פיס און בין שנעל ארויסגעלאפען. נו, ביזט דוא צופריעדען איוואן מיט מיין בעריכט וואס איך האב דיר יעצט געבראכט?

— איך בין זעהר צופריעדען — האט איוואן געענטפערט.

— סעמיאן ווארין? — האט גרינזאנג אין זיך גערעדט מיין גאָט ;;׳ דאס דער זעלבער וועלכען איך דארף אזוי נויטהיג האבען?

205טעס קאפיטעל.

## אדעלאַ'ס אייפערזוכט.

וולאדימיר נעלידאוו האט קיין לינען געשריעבען אין דעם בריעף צו אדעלא'ן, אז דיא גובערנאנטין סוסאנא פעטראוו פערשאפט איהם פיעל פערגניגען מיט איהר שפיעלען אויף דער פיאנא. ער האט ווירקליך גרויס פערגניגען געהאט הערענדיג וויא קונסטפאל און מייסטערהאפט זיא שפיעלט.

זייט זיא האט איהם אנגעזידעלט דערפאר וואס ער בעהאנדעלט אזוי שלעכט זיין כלה, איז זיא ביי איהם מיט פופציג פראָצענט געאכטעטער געווארען, ער האט דורך דעם דערזעהן וויא אָרדענטליך זיא איז, דאס אום א גערעכטע זאך צו פער־טהיידיגען שרעקט זיא זיך זאגאר ניט איהר הערען אנצוזידלען.

איהרע ווערטער האבען אויף איהם אזא איינדרוק געמאכט, דאס וויא מיר ווייסען האט ער זיך בעשלאָסען נעגען זיין ווילען אדעלא'ן צו ליעבען און זיך מיט איהר אויף עוויג צו פערבינדען. ער האט זיך באלד געזעצט און האט צו איהר אנגעשריעבען דעם בריעף וואס מיר האבען שוין געלעזען.

וועהרענד ער האט דעם בריעף מיט זיסע ווערטער אנגעפילט, האט ער טיעף אין הערצען געפיהלט א שרעקליכען האס צו דער פערזאָן וואס ער שרייבט יעצט א ליעבע בריעף. אבער ער האט מיט געוואלד דיעזע געדאנקען פון זיין קאָפּ פעריאָגט און האט זיך זעלבסט איינגעבילדעט דאס ער האט זיא דאך ליעב און ער וועט מיט מיט איהר גליקליך לעבען.

דער בריעף איז אבגעשיקט געווארען און ער האט אנגעהויבען אדעלא'ן צו ערווארטען. אבער דאס איז ניט געווען אן ערווארטען פון א הייסליעבענדען ברויטיגאם וואס קוקט אויס זיין בראוט צו ווערלכער ער איז צוגעבונדען מיט לייב און זעעלע. ניין! אין הערצען האט ער געפיהלט וויא א שרעק פאר דער בעגעגנונג מיט איהר, ער האט זיך זעלבסט ניט געוואָלט געשטעהן אז ער ווינשט, זיא זאל ניט באלד קומען.

מיר זעהען איהם איין מאל אין א שעהנעם אבענד זיצענדיג אין זיין מוטערס פרעכטיגען זאל און הערט זיך אויפמערקזאם איין צו מאריא'ס שפיעלען, דען זיא איז געזעסען ביי דער פיאנא און האט געשפיעלט זעהר א טרויעריגעס ליעד. זיא האט דערביי מיט איהר זיסער שטימע געזונגען דיזען פערז:

נענוג, נענוג פון גליק צו ריידען
א פאנטאזיע איז דאס נור,
דוא ביזט בעשאפען נור צו ליידען
פון גליק פינדעסט דוא קיין שפור.
רעדט פון גליק ניט, ליעבע קינדער
לאָזט זיי שווינדען לאזט זיי געהן,
די זיינען פאלש — מענש דוא בלינדער
קיין מאל וועסט דוא זיי ניט זעהן.

טרעהרען האבען זיך געוויעזען אין איהרע אויגען אלס זיא האט דיא ווערטער

אויסגעזוכנגען און זיא האט געמוזט אויפהערן צו שפיעלען אום מיט איהר מאשענמוך דיא טרעהרין אויסצו-ווישען.

— זיא מוז זיך זעהר אונגליקליך פיהלען — האט געלידאוו ביי זיך אין דער מינוט געקלערט — מיט דער דאמע האט עטוואס זאנדערבארעס געמוזט פאסירען. זיא איז אבער. מיט א פערשלאָסענעם מונד און מען קען פון איהר קיין זאך ערפאהרען.

ער האט זיך צוגערוקט נעהענטער צו איהר און האט מיט א צערטליכען טאָן געזאגט:

— מאדאם פעטראָוו!

— וואס ווינשען זיי? — האט זיא רוהיג געפרעגט.

— איך וואגע מיך אייך איינע פראגע צו שטעלען.

— וואס ווינשען זיי מיין העדר?

— איך פערשטעה אז אייך אז דאס אונגליק האט אייך שטארק פערפאַלגט. דארף איך פרעגען, פיעלייכט קען איך אייך מיט עטוואס העלפען?

— איך בין אייך זעהר דאנקבאר פאר אייער גוטעס הערץ העדר געלידאוו — האט זיא מיט א געצוואונגענעם שמייכעל געענטפערט — אבער ליידער קען איך פון אייך קיין הילף אננעהמען, ווייל איהר קענט מיר ניט העלפען.

— איז דאס מעגליך אז אייער וואונד איז אזוי גרויס דאס צו איהר איז שוין קיין רעצעפט פאַרהאנדען?

— העדר געלידאוו! — האט מאריא מיט א פלעהענדען טאָן געזאגט — טהוט מיר דיא געפעלליגקייט און רעדט פון עטוואס אנדערש.

— ניין, מאדאם, קוים האב איך דעם פונקט בעריהרט, קען איך פון איהם אזוי שנעל ניט אבטרעטען. איך האב זיך שוין לאנג צוגעקליבען ווענען דעם מיט אייך צו ריידען. איך האב באלד וויא איהר האט צו אונז אין הויז אלס גובערנאנטין אריינגעטראטען דערקענט אז איהר שטאמט פון א גרויסען אָרט און געוויסע אומשטענדע האבען אייך געבראכט צו דער לאגע איהר זאלט אננעהמען א גובערנאנטין שטעלע. איך האב באלד מיט אייך גרויס מיטלייד געהאט און האב גערען געוואלט אייך נאך מעגליכקייט צו העלפען, אבער איך האב ניט געקענט מיט אייך ווענען אזא געגענשטאנד ריידען, יעצט אבער אז איך האב שוין יא דיא סטרונע בעריהרט וועל איך זיא שוין ניט אפלאזען ביז זיא וועט פאר מיר אלעס אויסקלינגען.

— איך האב אייך געזאגט העדר געלידאוו און ווידערהאָלע מיינע ווערטער, דאס איהר קענט מיר אין מיין נויט גאר ניט העלפען.

— אבער איך גלויב ניט אין דער וועלט זאל געבען אזא אונגליק צו וועלכען קיין רעטונג זאל ניט זיין.

— איהר גלויבט דאס ניט? איך האב ניט ערווארטעט פון אייך אזא מיינונג צו הערען. נאך מיינער מיינונג, ריכטיגער געזאגט נאך מיין פעסטער איבערצייגונג זיינען דער גרעסטער טהייל אונגליקען אין אונזער וועלט פון זאָ אַן אָרט דאס צו זיי איז קיין רעטונג ניטא.

— שטעלט מיר צום ביישפיעל איינעם פון דיעזע אונגליקען.

— איהר ווילט א ביישפיעל! נו, איך וועל אייך אזא ביישפיעל געבען. ווען ביי א פרוי שטארבט דער מאן צו וועלכען זיא וואר צוגעבונדען מיט לייב און זעעלע, אהן וועלכען זיא קען איין טאג ניט לעבען, וואס פאר א רעטונג קענט איהר צו אזא אונגליק ברענגען?

— טרייסט־ווערטער פריהער און נאך דעם אן אנדער מאן וואס מיט זיין גוטהקייט און צערטליכקייט, זאל ער פון איהר קאפ ארויסיאגען דיא עראינערונגען אן דעם ערשטען מאן.

— אך, וויא לייכט דאס איז צו זאגען. דאס בעווייזט אז איהר האט נאך קיין מאל ערנסט ניט געליעבט. דען ווען איהר זאלט יא אויף ריכטיג ליעבען וואלט איהר געוויס אזעלכע ווערטער ניט גערעדט, ווייל איהר וואלט געוואוסט, דאס עס איז ניט אזוי לייכט צו שענקען דאס הערץ א צווייטען אז זיך זא שנעל טרייסטען מיט אן אנדערן.

— וויא איך הערר איז אייער מאן געשטארבען און איהר קענט איהם ניט פערגעסען?

— איך האב דאך אייך געבעטען הערר געלידאוו איהר זאלט יעצט מיט מיר ריידען פון עטוואס אנדערש—

אין דער מינוט האט זיך דיא טהיר געעפענט און גאר אהנע זיך צו מעלדען איז אדעלא אריינגעקומען. געלידאוו וואר אזוי פעראינטערעסירט אין דער גובערנאנ־טינס לאגע דאס ער האט ניט געהערט וויא דיא טהיר האט זיך געעפענט און וויא אדעלא איז אריינגעקומען. ערשט דאן אלס אדעל האט מיט א בייזען טאן אויסגע־רופען נומען אבענד, האט ער זיך א צאפעל געטהאן ריכטיג וויא א שלאנג זאל איהם א ביס טהאהן.

— אדעלא! — האט ער ערציטערט געפרענט.

— דוא פרענסט נאך צו דאס בין איך? — האט זיא ספאטיש געפרענט — דוא האסט מיך שוין אזוי גיך ניט דערקענט? נור איך זעה אז דוא ביזט אויפגע־רעגט, איז דאס פיעללייכט דערפאר וואס איך האב געשטערט דיין געשפרעך מיט דיעזער עדעלער פריילין....

— אה, אדעלא וואצו אזעלכע ווערטער — האט געלידאוו געענטפערט זיך בעמיהענד צו ציינגען א פריינדליכע מינע, — איך בין איבערראשט געווארען פון דיין פלעצליכער ערשיינונג. וואס מאכסט דוא מיין טהייערע?

ער האט איהר דיא האנד געררייכט.

— איך בין וויא דוא זעהסט געזונד וויא א פיש אין וואסער — האט זיא ערוויעדערט איהם איהר האנד רייכענד. דוא זאלסט זיך ניט וואונדערן וואס איך בין זא גערוישלאז אריינגעקומען, איך האב געמיינט אז איך וועל דיר דאמיט א סיורפריז מאכען.

— דוא האסט מיר ווירקליך א סיורפריז געמאכט ליעבע אדעלא. מיך פרעהט זעהר דיך צו זעהן זא פריש און מונטער. דא וועל איך דיר פארשטעלען אונזער הויז־

פריינדין סוסאנא פעטראָוו, און דאס פרייליין, מאדאם פעטראוו — האט ער זיך גע־ווענדעט צו דער גובערנאנטין — איז מיין ליעבע ב־ויט פון וועלכער איך האב פיעל מאל מיט אייך גערעדט.

— זעהר, זעהר אנגענעהם—האט מאריא געזאגט רייכענד אדעלא'ן דיא האנד.

אבער אדעלא האט זיך געמאכט וויא זיא זעהט נאר ניט, דאס דיא גובער־נאנטין האט איהר דיא האנד גערייכט און זיא האט דיא האנד ניט ערגריפען. זיא האט זיך געווענדעט צו וואלאדיא'ן און האט געזאגט:

— קענסט דוא מיט מיר אריינגעהן אין אן אנדער צימער, מיר זאלען קענען אונגעשטערט ריידען?

— דיא מאדאם פעטראוו רייכט דאך דיך דיא האנד מיין לעבען — האט וואלאדיע געזאגט — ווארום ערוויעדערסט דוא איהר ניט מיט דער זעלבער פריינדשאפט?

— און איך בעט דיך מיין זיסער וואלאריא, דוא זאלסט ניט פערגעסען אז איך בין קיין קינד מעהר, מיר דארף מען ניט לערנען וויא צו האנדלען מיט מענשען. געהסט דוא מיט מיר אריין אין א בעזונדער צימער, אדער דיר איז שווער זיך צו שיידען פון דיעזער גובערנאנטין.

— געהט, געהט הערר געלידאוו — האט מאריא מיט א פעראכטעטען שמייכעל געזאגט — דיא גובערנאנטין האט ווירקליך ניט דיא ווערטה איהר זאלט איהר זא פיעל עהרע צוטהיילען און זיא אלס מענש צו בעהאנדלען, אבער איהר פערשפארט אין אן אנדער צימער צו געהן, איך וועל אייך ליעבערסט דיעזען צימער אבטרעטען אום אייער געשפרעך ניט צו שטערען.

ביי דיא ווערטער האט זיא זיך העפליך פערניינט און איז ארויסגעגאנגען.

— דוא האסט דער ארדענטליכער פרוי אונערבארמליך בעליידיגט — האט וולאדימיר געזאגט אלס ער איז מיט אדעלא'ן אליין געבליעבען.

— און דוא האסט מיך שאָנונגסלאָז בעליידיגט, דאמיט וואס דוא האסט מיך זא ערניעדעריגט און האסט מיך געוואָלט בעפריינדען מיט דיינער א דיענסט.

— א דיענסט? דיא מאדאם פעטראוו איז איינע העכסט געבילדעטע פרוי. עס איז מיט איהר א פערגניגען צו פערברענגען.

— דאס גלויב איך דיר. איך האב מיט דעם ערשטען בליק אויף אייך ביידען גלייך דערקענט אז דוא האסט שטארק פערגניגען מיט איהר צו פערברענגען און דאס איז נאר קיין וואונדער, דען דיעזע דיענסט איז ווירקליך א שעהנע העכסט אינטערעסאנטע פערזאָן.

—אדעלא! דוא ערלויבסט זיך צו פיעל—האט וולאדימיר שוין מיט כעס געזאגט.

— ווילסט דוא פיעללייכט מיך נאך ניעדעריגער אלס דיינע דיענסט בע־טראכטען און מיר דאס מויל פערשליסען איך זאל ניט ריידען.

— אבער דוא ביזט דאך יעצט מיין גאסט, ווארום רעדסט דוא אנדערע זאכען? דערצעהל מיר בעסער וויא האסט דוא פערבראכט דיא צייט אין דאנילאווקא און וואס איז דאָרט געוועזן מיט דיין קוזין?

ביי דיא ווערטער איז אדעלא בלאס געוואָרען. איהר איז איינגעפאלען דער געדאנק, פיעללייכט האט וואלאדיא יענעם געפעהרליכען בריעף ערהאלטען. דארום האט זיא שוין גאר מיט אן אנדער טאן געזאגט:

— האָסט דוא ערהאלטען מיין בריעף מיין ליעבער וואלאדיא?

— דיין בריעף?.... דיין בריעף?.... האט ער געשטאמעלט — ניין, איך האב קיין בריעף פון דיר ערהאלטען.

אדעלא האט פרייער אויפגעאָטהמעט און מיט א פרעהליכערע מינע האט זיא געזאגט:

— דוא האָסט פון מיר אין דער לעצטער צייט קיין בריעף ערהאלטען?

— ניין, ליעבע אדעלא.

— איך פערשטעה ניט וואס דאס בעדייט, איך האב דאך דיר מיט אכט טאג צוריק א בריעף ארויסגעשיקט.

— געוויס איז ער אויף דער פּאָסט פערפאלען געווארען.

— קען דען טרעפען אז אויף דער פּאָסט זאל א בריעף פערפאלען ווערען?

— עס טרעפען זעהר אָפט אזעלכע זאכען.

— איך בין איינענטליך מיט דעם פאל צופריעדען.

— ווארום?

— וייל דעם בריעף וואס איך האב געשיקט צו דיר, האב איך געשריעבען צו מיין פאטער, נור דורך אן אירטהום האב איך איהם אריינגעלייגט אין דעם קאָנווערט וואס איך האב צוגעגרייט פאר דיר. דארט האב איך געשריעבען פערשיעדענע זאכען פון פאמיליען-אנגעלעגענהייט, אבוואהל איך בעטראכטע דיך אלס אן איינענעם מענשען פון דעסטוועגען וואלט איך זעהר אונצופריעדען געווען ווען דוא זאלסט דיעזען בריעף געווען לעזען. יעצט אז עס האט זיך אזוי געמאכט דאס דער בריעף איז פערלארען געגאנגען בין איך זעהר צופריעדען און איך בין פעסט פערזיכערט, אז זאגאר דאן ווען ער וועט זיך אבזוכען און וועט צו דיר אין דיא הענד אריינפאלען, וועסט דוא איהם אויך ניט לעזען און וועסט איהם מיר אדער מיינעם פאטער איבערגעבען.

— ווען דוא פערלאנגסט דאס, וועל איך געוויס אזוי טהאן.

— איך פערשפּאָר דיר נאך א מאל ווענען דעם צו זאגען מיין טהייערער וואלאדיא. איך בין איבערצייגט אין דיין ארדענטליכקייט און איך ווייס אז דוא וועסט קיין פרעמדען בריעף לעזען. אלזא געננג דערפון, דוא האָסט דאך געוואלט וויסען וואס מיט מיין קוזין איז געווען?

— יא, איך בין נייגיעריג דאס צו וויסען.

זיא האט איהם דערצעהלט א שרעקליכע געשיכטע וויא אנטאן האט אונמענשליכער ווייזע זיין פרוי ערמאָרדעט און וויא ער זיצט יעצט פאר דעם פערברעכען אין געפענגניס.

— דאס איז שרעקליך! — האט וולאדימיר אויסגערופען — וויא קומט דאס צו איהם ער זאל אזא מערדער זיין?

— אביסעל איז ער ניט אונגערעכט — האט ארעלא געענטפערט — דען זיין פרוי וואר ווירקליך אן אויסוואורף דער נאטור. ווערענד זיא האט צו איהם בער דארפט זיין צוגעבונדען מיט לייב און זעעלע דערפאר וואס ער האט זיא פון מיסט אויפגעהויבען און האט זיא פאר א גרעפין געמאכט, האט זיא הינטער זיינע פּלייצעס ראמאנסירט מיט פרעמדע יונגע לייט. אבער דאך קען איך איהם ניט פערטהיידיגען, ער האט קיין רעכט געהאט אליין איהר ריכטער צו זיין און זיא איינענהענדיג ער־מאָרדען. ער וועט נעווים פראָצעסירט און בעשטראפט ווערען, זא וויא ער האט פערדיענט. ער ווייס דאס אליין. ער ווייס אז ער איז פערלארען דארום האט ער זיך פון זיין גאנץ פערמעגען ענטזאגט און האט אלעס מיר איבערגעגעבען. האָסט דוא דאס ערווארטעט ליעבער וואלאדיא אז דיין כלה זאל פּלוצלונג ווערן אזוי רייך?

— איך מוז דיר זאגען ארעלא אז איך בין פון דיין רייכטהום ניט שטארק צופריערען.

— ווארום?

— ווייל איך וועל קיין מאל פערגעסען אז דיין געלד האָסט דוא געערבט פון א מערדער.

— דוא ביזט א מערקווירדיגער מענש וואלאדיא, דיין אויפגאבע איז דוא זאלסט פערטהיידיגען מערדער און דאך איז ביי דיר אזא מענש זא אונווירדיג דאס זאגאר זיין געלד האט ביי דיר קיין ווערט.

— געשעפט איז געשעפט און געוויסען איז עטוואס אנדערש — האט געלידאוו געענטפערט. דאס רייכטהום וואס דיר איז געבליעבען פון דעם גראף דאנילאוו וועט מיר אויס צוויי אורזאכען אונאנגענעהם זיין, ערשטענס וואס וויא איך האב דיר געזאגט עס שטאמט פון א מערדער און צווייטענס, וועט דאס מיך אימער קרענקען ווען איך וועל מיך דערמאהנען, אז דער איינענטהימער פון דעם געלד ליירעט מאנגעל און נויטה ווערענד איך פערשאף מיר פאר זיין געלד אלע פערגנינגען.

— דוא ביסט שוין צופיעל עהרליך מיין טהייערער — האט ארעלא שמייכלענד געענטפערט — איך גלויב אבער אז מיין קוזינס קאפיטאל שמעקט דיר ניט צוליעב אן אנדער זאך....

— וואס מיינסט דוא אונטער דעם אויסדרוק אן אנדער זאך?

— איך רעכען אז אהער פּאסט דאס אלטע ווערטעל: ווען מען האט פיינד דעם שכן, האט מען פיינד זיין קלומאָק. דוא ביזט אונצופריעדען פון מיר ביזט דוא אויך פון מיין געלד אונצופריעדען.

— איך פערשטעה ניט ווארום האָסט דוא זיך אזעלכע זאכען אריינגענומען איי זינען.

— וואצו זאלסט דוא ריידען מיט מיר פערשטעלט וואלאדיא, דוא ביזט דאך אן עהרליכער מאַן, דארפסט דוא דאך מיר דיא וואהרהייט געשטעהן אז דוא ליעבסט מיך שוין היינט ניט וויא א מאל. איך האב דאס שוין לאנג בעמערקט. אבער איך האב ניט געוואוסט דיא אורזאכע פון דער פערענדערונג ביז איך בין גע־קומען צו דיר זא אונערווארטעט און האב צופעליגער ווייזע אלעס ערפאהרען.

— וואס האָסט דוא ערפאהרען?

— איך האב ערפאהרען ווארום דיין ליעבע צו מיר איז אזוי קיהל געוואָרען. דאס איז דערפאר וואס זיא איז הייס געוואָרען צו אן אנדערער. טאקע צו דער נר בערנאנטין וואס געפינט זיך ביי אייך אין הויז. אבער ליעבער וואלאדיע, וואָצו זאלסט דוא זיך מאסקירען און פערדעקען דיא געהיימניסע פון דיין הערצען. מיר דארפען איינער פאר דעם צווייטען זיך ניט שעהמען. ווען דיא גוברנאנטין געפעהלט דיר זעהר, קען איך דיר ארויסלאזען און דוא קענסט זיא מיט גליק הייראטהען.

— אבער, אדעלא, וואס פעלט דיר איין? — האט נעלידאוו זעהר שטרענג געזאגט — צו ווען מען רעדט מיט א פרוי איז דאס שוין א בעוויז אז מען איז אין איהר פערליעבט?

— דערצעהל מיר קיין מעשיות ניט, וואלאדיע. איך בין ניט אזוי קורצזיכטיג, איך זאל אזא זאך ניט זעהן.

— און איך זאג דיר, אז דוא האסט א גרויסען אירטהום, אדעלא. מיר איז אזא זאך נאר אינ׳ם קאָפּ ניט איינגעפאלען. איך מוז דיר דיא וואהרהייט געשטעהן, אז איך אכטע דיעזע פרוי פאר איהר בילדונג און ארענטליכקייט, אבער זיא צו ליעבען איז מיר נאר ניט איינגעפאלען.

— איך וועל באלד האבען א בעוויז, צו דוא זאגסט מיר דיא וואהרהייט.

— וואס פאר א בעוויז?

— ווען דוא וועסט דיעזער גוברנאנטין נאך הייטע פון דיין שטוב ארויסיאגען, וועל איך וויסען אז דוא האסט זיא נים ליעב.

— וואס? — האט נעלידאוו צאָרניג אויסגערופען, — איך זאל זיא ארויס־יאגען.

— יא, וואלאדיע, דאס פערלאנג איך פון דיר.

— און איך זאג דיר אויסדריקליך, אז איך וועל דיין פערלאנג פאר קיין פאל ניט טהאן. ערשטענס, וועל איך זיך ניט ערלויבען אן אונשולדיגע ארענטליכע פרוי אזוי צו בעליידיגען ווייל דוא פערלאנגסט דאס; צווייטענס, בין איך ניט איהר ווירטה. זיא דיענט ניט ביי מיר, זאנדערן ביי מיין מוטער, וועלכע האט זיא ליעב וויא אן אייגענע טאכטער. דוא פערשטעהסט, וואס איך רייד צו דיר?

ער האט דיא ווערטער מיט אזא שטרענגען טאן געזאגט, דאס אדעלא האט פערשטאנען אז זיא האט פערלאנגט אונמעגליכעס, און זיא האט זיך דארום בע־שלאָסען, דורך אן אנדער זייט אריינשיסען אין דער גוברנאנטין א קוגעל, זיא זאל אליין פון דאנען אנטלויפען.

## 206טעם קאפיטעל.

## צווישען לעבען און טויט.

דער בעזוך וואס קלאָטהילדא האט דעם גראף דאנילאוו אין זיין געפענגניס אבגעשטאטעט, האט אלע זיינע וואונדען ערעגנט און זיי האבען אנגעהויבען שטארק צו בלוטען.

ער האט זיך ערשט דערמאנט און בערעכענט אלעס וואס אין דער קורצער צייט האט מיט איהם פאסירט, און דיא האאר פון'ם קאפ האבען זיך ביי איהם אין דער הויך געשטעלט. ערשט ניט לאנג איז ער געווען דער גליקליכסטער מאן אין דער וועלט, ניט לאנג האט דיא גאנצע וועלט פאר זיינע אויגען געטאנצט, אח דיא האפנונג אויף א ליעב שעהן קינד וואס זיין געטרייע פרוי וועט איהם שענקען, האט צו דעם לעבען און צו דער וועלט נאך מעהר חן צוגעגעבען, און יעצט איז ער פערוואָרפען אין א פינסטערער צעלע, ער טראגט אויף זיך דעם נאמען מערדער, זיין ליעבע פרוי ליעגט אין דעם קבר וואו ער אליין האט זיא פערטריעבען, זיין ליעב קינד איז צוריסען געווארען אויף שטיקער און איהם ערווארטעט יעצט נור דער דער שרעקליכער אורטהייל פון דיא גערעכטע ריכטער.

און ווער האט דאס גאנצע אונגליק אויף איהם געבראכט? נור זיין קוזינע ארעלא.

דערמאָנענדיג זיך און דעם נאמען ארעלא איז ער וויטהענד אויפגעשפרונגען פון זיין אָרט און זיינע פויסטען האבען זיך צוזאמענגעבאלט וויא ער זאל וועלען זיא צערשמעטערן און אין שטיקער צורייסען.

— פערפלוכטעס, ניעדערטרעכטיגעס וועזען! העלישער טייפעל! — האט ער געברומט — וואס האב איך דיר פאר א שלעכטעס געטהאן וואס דוא האסט אויף מיר אזא אונגליק געבראכט. אָ, איז דען קיין גאָט אויף דער וועלט ניטאָ? גיעבט עס פאר פערברעכער קיין שטראפע ניט? וויא קען דיא ערד פערטראגען אויף זיך אזא אונגעהייער, אזא טייפעל? אך, ווען איך זאָל זעהן וויא דיא בעסטיע ראנגעלט זיך מיט דעם גרויזאמען טויט.... אבער ניין! דער טויט איז א צו גרינגע שטראפע פאר אזא אויסוואורף דער נאטור, זיא דארף האבען אזעלכע ליידען, וואס קיין מענש האט עס געהאט. שאדע, וואס איך זעלבסט האב מיך און איהר ניט גערעכענט. איך זעלבסט האב בעדארפט איהר לאָהן מיט מיינע הענד איהר אבגעבען.

ער האָט זיך פערצווייפעלט א וואָרף געטהאן אויף זיין שטרוי-זאק, האָט בעד האלטען דאָס געזיכט אין דיא הענד און האט געוואלט וויינען, אבער זיינע אויגען האבען זיך וויא צוגעשלאָסען און האָבען פון זיך ניט איין טרער געוואָלט ארויס-לאָזען.

ער וואלט געוויס אויס גרויסע שמערצען וואהנזיניג געווארען, אבער דער שלאף האט זיך איבער איהם ערבארעמט, און האט איהם פערוויעגט אין זיינע הענד.

ער האט איינגעשלאָפען און האט געזעהן זעהר א זיסען טרוים וויא ער שפא-צירט ארום אין זיין לוסטגארטען צווישען טויזענדער בלומען און קוקט צו, וויא סטעפאן בעגיסט דיא שעהנע קנאָספען. פלוצלונג האט ער דערהערט א מונטערס שרייען פון א קינד. ער האט זיך אומגעקוקט און האט דערזעהן זיין זיסער שעהנער מאריאן מיט א בליהענדעס קינד אויף דיא הענד.

— אנטאן! — האט זיא צערטליך אויסגערופען — דאס קינד שלעפט מיך צו דיר. נא, נעהם איהם אויף דיינע הענד.

ער האט דאס שעהנע בליהענדע קינד אויף זיינע הענד גענומען און האט עס צו זיין ברוסט צוגעדריקט. אך, וואס פאר א פערגעניגען ער האט אין דער זייט געפיהלט. איהם האט אויסגעזעהן אז ער איז אין א בעסערער וועלט און ער האט ארום זיך נור ליטער שעהנע ענגלען.

— וואס האסט דוא זיך אזוי פערטראכט, מיין ליעבער אנטאן — האט מאריא געפרעגט ארויפלייגענד איהר ווייכע האנד אויף זיינע שולטערן.

— אָ, מאריא! — האט ער געענטפערט — דוא ווערסט געוויס פון מיר לאכען ווען איך וועל דיר דערצעהלען אז א נאררישער טרוים האט אויף מיר אן אונמוטה געוואָרפען.

— א טרוים? — האט זיא לאַכענד געפרעגט.

— יא, מיין לעבען, א טרוים. מיר האט זיך גע'חלום'ט אז איך האב דיך ערמארדעט און האב דיך בעגראבען אין א פוסטען קעלער דאָרט אין טייפעלס-שלאָס.

— חא, חא, חא! — האט מאריא'ס געלעכטער א קלונג געטהאן — דוא האסט מיך ערמארדעט? דוא, מיין גאלדענער, זיסער אנטאן! א שעהנער מערדער ביסט דוא. חא, חא, חא! מיין אנטאן איז א מערדער. לאך אויף ליעבער מאן. לאך זיך אויך אויס פון דיעזען נאררישען טרוים.

— און ער האט זיך אויך הערצליך פארנאנדער געלאכט. ער האט אזוי שטארק געלאכט, דאס ער האט זיך פון דעם לויטען געלעכטער אויפגעכאפט. ער האט דיא אויגען געעפענט און האט דערזעהן, אז ער ליעגט אין דעם וויסטען גע-פענגניס.

וויא שרעקליך דאס ערוואכען איז פון אזא זיסען טרוים! דער גראף האט צוריק צוגעמאכט דיא אויגען און האט זיך געוואלט מיט געוואלד איינריידען אז זיין ערוואכען איז א טרוים, אבער אין דער ווירקליכקייט איז ער ביי זיך אין פאלאסט און זיין מאריא איז דאָרט אין'ם צווייטען צימער. ער האט איינגעהאלטען דעם אטהעם און האט זיך איינגעהערט, פיעללייכט וועט ער דערהערען א געשריי פון א קינד. אבער ארום איהם וואר שטיל וויא אויף א בית-עולם. שטיל וויא אין'ם פינסטערן שרעקליכען גראב.

נור שא! דוכט זיך מען עפענט דיא טהיר. יא, ער הערט דייטליך וויא דיא טהיר עפענט זיך.

— דאס מוז זיין טראשקא! — האט ער זיך מיט גוואלד איינגערעדט, ער קומט מיר זאגען, אז מיין פרוי, מיין זיסע מאריא רופט מיך.

— היי, ארעסטאנט! — האט א רויהע ווילדע שטימע א געשריי געטהאָן — מען האט דיר געשיקט עסען, אבער אזא מיטטאג וואָס דיין זיידע מיט דיין באָבע האבען אזעלכען ניט גענעסען.

יעצט איז שוין ביי דעם גראף קיין צווייפעל געוועזן אז ער וואכט און ער איז ניט אין זיין שלאָס, זאָנדערן אין קערקער.

ער האט זיך אונווילינג אניעדערגעזעצט און האָט דערזעהן דאס עקעלהאפטע

געזינגט פון דעם נייעם וועכטער וואס מען האט געשטעלט נעבען דער טהיר פון זיין נייעם קערקער. אין דיא הענד האט ער געהאלטען א וואזע, אויף וועלכע עס זיינען געשטאנען צוויי טעלער. אין איין טעלער איז געווען א קאמפאט און פון דעם צווייטען האט ארויסגעקוקט א פיינער אפעטיטנער בראטען.

— ווער האט דאס געשיקט? — האט ער מיט א פערשלאפענער שטימע גע-פרעגט.

— איך ווייס ניט, נור דער סמאטריטעל האט געהייסען דיר דיעזען מיטאג אריינטראגען און האט אונז אנגעזאגט, אז יעדען טאג ווען א מאן וועט ברייננען פאר דיר עסען, זאלען מיר עס אריינטראגען צו דיר. דוא האסט גליק, ארעסטאנט. אזעלכע מיטאגס וואלט איך זיך אויך געוואונשען צו עסען.

ער האט אניעדער-געשטעלט דיא וואזע וועלכע וואר פול מיט זופ און דיא ביידע טעלער אויף דער ערד און איז ארויסגעגאנגען.

דער גראף איז געבליעבען זיצען אויף זיין ארט און האט זיך צו דעם נוטען מאלצייט ניט צוגעריהרט. נאך האבען פאר זיינע אויגען געשוועבט דיא זיסע ביל-דער, וואס ער האט געזעהן אין טרוים. ער האט זיך אזוי פערטיעפט אין דעם חלום, דאס ער האט גאר פערגעסען אן דעם מיטאג וואס שטעהט אויף דער ערד.

דער גוטער גערוך פון דיא פלייש האט ארויסגערופען א פאר מייז פון דיא לעכער. זיי האבען ארויסגעשטעקט זייערע קעפלאך פון דיא לעכער, און אלס זיי האבען זיך איבערצייגט אז דא איז שטיל, האבען זיי זיך אנגעהויבען צורוקען צו דיא שמאקהאפטע שפייזען. וואס ווייטער זיינען זיי געווארען מוטהינער, ווען זיי האבען געזעהן אז קיינער שטערט זיי ניט. ענדליך זיינען זיי צוגעלאפען צו דיא טע-לער און האבען מיט אפעטיט גענומען לעקען דעם קאמפאט.

עס האט לאנג ניט געדויערט, האבען זיי ווילד אנגעהויבען ארומצולויפען אי-בער דער צעלע און זיינען טויט געבליעבען ליעגען אין מיטען צעלע.

דאס ווילדע געלויף פון דיא מייז האט דעם גראפס אויפמערקזאמקייט אויף זיך געצויגען. ער האט געזעהן וויא דיא מייז זיינען געבליעבען ליעגען טויט אין מיטען צימער און איהם האט דאס שטארק געוואונדערט.

ענדליך האט זיך נאך א מייזעל פון א לאך ארויסגערוקט. איהר האט אויך דאס עסען זעהר פערשמעקט און איז אויך צוגעלאפען פערזוכען פון דעם גוטען מיט-טאג. זיא האט איינינע מאמענטע געלעקט דעם קאמפאט און איז אזוי וויא דיא ערשטע ווילד ארומגעלאפען איבער דער צעלע און איז אויך טויט געבליעבען ליעגען.

— דאס איז קיין פשוט׳ע זאך — האט זיך אנטאן געקלערט — דריי מייז זאלען פאלען טויט נאך דעם עסען פון דיעזע שפייזען? דא מוז עפעס זיין.

ער האט געווארט פיעללייכט וועט נאך איין מייזעל זיך וואגען דעם שריט צו מאכען אום ער זאל וויסען אויף ריכטיג צו איז דאס עסען דיא אורזאכע פון זייער טוידט.

ער האט זיך דערווארט. דען אין איינינע מינוטען ארום איז ווירקליך נאך א גרויסע מויז ארויסגעקראכען פון א נארע. זיא איז אויך צוגעלאפען צו דיא טעלער.

האט זיך א כאפ געטהאן צום בראטען האט א פאר מאָמענטע געגריזשעט א שטי־ קעל פלייש און איז וויא דיא ערשטע נאך א קורצעס ארומטאנצען געפאלען טוידט.

יעצט איז שוין ביים גראף קיין צווייפעל געווען דאס דיא אלע מייז, זיינען טוידט געפאלען דורך דעם גוטען מיטאג וואס מען האט איהם געבראכט.

— דא איז ניפט! — האט ער ערשראָקען אויסגערופען — מען האט מיך גע־ וואלט פערגיפטען. מיין גאָט! פון וואנען האבען זיך גענומען צו מיר אזוי פיעל פיינדע וואס ווילען מיך פערניכטען און פון דער וועלט אברוימען. פאר וואס? וועמען האב איך שלעכטעס געטהאן.

און פיעללייכט האט דאס געטהאן מיינער א פריינד? — האט ער זיך ווייטער געקלערט — עס קען זיין אז איינער פון מיינע פריינדע וועלכער וויל ניט איך זאל אלס איינפאכער מערדער פעראורטהיילט ווערן, האט מיך געוואלט פון דער שאנדע איינהיטען. דאס איז דאך ווירקליך פאר מיר א גרויס גליק, שטארבען דא אין קער־ קער שטיל און רוהיג אהנע געגעטהינט צו זיין זיך שטעלען פאר דיא ריכטער אין געריכטס זאאל וואו טויזענדער נייגיעריגע וועלען מיט אונגעדולד ערווארטען צו הערען מיין אורטהייל. דאָס איז זעהר א גלייכע זאך, לעבען זאל יענער פריינד וואס האט מיר אזוי קלוג דעם טוידט אהער אריינגעשיקט. יא, שטארבען מוז איך אום איין מאל פאר אלע מאל בעפרייט צו ווערן פון'ם שרעקליכען פינסטערן לעבען.

ער האט ווילד א כאפ געטהאן דעם טעלער קאמפאט און האט אנגענומען א פאלען לעפעל אום עס מיט איין מאָל איינצושלינגען און מאכען א סוף צו זיין ביטער לעבען.

208טעס קאפיטעל.

# אַן עדעלע נקמה.

היראָנים ראָזענדופט האט זיך יעצט דערמאָנט וואָס עס הייסט שלעכט'ס און וויא עס איז אויפ'ן הערצען ווען מען געפינט זיך מיט דער פאמיליע אין העכ־ סטען נויטה און מען מוז נאך ארויסגעיאָגט ווערן פון דער שטאָדט, וואו מען האט אזא לאנגע צייט געוואוינט און א גרויסע ראָליע געשפיעלט.

ער האט דיעזען ביטערן טעם זעהר גוט געפיהלט. ער האט נאך בלויז דריי שטונדען געהאט אין מאסקווא צו וואוינען, באלד דארף קומען דער פריסטאוו זיך ערקונדיגען צו האט ער געטהאן וויא מען האט איהם געהייסען און האט דיא שטאדט פערלאסען.

ער וואלט שוין אוועקגעפאהרען פון דאנען, אבער וואו נעהמט מען געלד אויף דער הוצאה און וואוהין פאהרט מען?

סיציליע איז נאר געוועזען א טוידטע, זיא איז מיט א טאָדענבלאסען געזיכט און מיט פערבראָכענע הענד ארומגעגאנגען איבער דעם זאאל און עס וואר לייכט צו דערקענען דאס זיא איז אויף דער העכסטער שטופע פערצווייפעלט.

זאנאר ליענאָטשקא, דיא שטאָלצע ליענא וואס האט ביז אהער פון קיין זאך געטאָלט וויסען און האט נור אין זינען געהאט איהר טואלעטע, האט זיך יעצט פון איהריע זיסע הלומות ערוואכט און האט אנגעהויבען צו ציטערן וויא א פיש אין וואסער.

זיא האט שוין געזעהען אז זיא האט דא געשפיעלט מיט דעם טייפעל און דיא האט פאר זיך אויסגעשפיעלט דאס גרעסטע אונגליק. פון אלע גראפען און קניאזען וואס האבען זיך צו איהר געשדכנט האט זיך אויסגעלאזט א בארג אש. זיי האבען זיך נור פון איהר אויסגעלאכט און דער זיסער לאמאנאוו האט איהר איבערגעלאזט אזא מתנה וואס וועט איבערלאזען א שאנד־פלעק אויף איהר גאנצעס לעבען.

יעצט מוז זיא גלייך מיט איהרע עלטערן דיא שטאדט פערלאזען. זיא האט זיך וויא ערשט ארומגעזעהען, אז זיא איז אויך ניט מעהר וויא א זשידאווקא און מוז גלייך מיט זיי ליידען. זיא וואלט זיך אפילו לאנג ניט געלאזט בעטען און וואלט זיך געטויפט. אבער זיא האט שוין דייטליך געזעהען וואס פאר א גליקען איהר קען ערווארטען ביי דיא עדלע נאבעלע קריסטען, בעזאנדערס יעצט ווען זיא איז ארם וויא א מויז און טראגט זיך נאך מיט אזא שאנדע.

וויא בערייהעט האט זיא יעצט וואס זיא האט זיך אליין ערוויטערט פון דיא יודען און האט זיי פון זיך געטריעבען מיט דער גרעסטער אונפערשעמטהייט. אך, וויא וועלען זיך יעצט דיא בעליידיגטע פרייען אויף איהר מפלה און זיי וועלען גערעכט זיין. זיא האט דיא מפלה פערדיענט.

מיט פערגניגען וואלט זיא יעצט איהרע הענד געעפענט פאר א אידישען חתן. מיט לייב און זעעלע וואלט זיא זיך אזא יונגען מאן איבערגעגעבען. אבער וואו נעהמט מען איהם? יעצט וועט זאגאר דער ארמסטער איד זיך ענטזאגען פון דער פערבינ־דונג מיט אזא שענדליכע זאך וויא זיא איז.

נור וויא ליענט יעצט אין קאפ דער געדאנק וועגען א חתן. יעצט ליענט פאר איהר נאר אן אנדערע פראגע, וואס וועט דיא ענדע זיין, מען וועט זיא מיט איהרע עלטערן נאך הייטע פון דאנען ארויסשיקען, מען וועט זיי וויא איינפאכע פערברעכער און ארעסטאנטען מיט סאלדאטען פון דער שטאדט ארויספיהרען. אך וואס פאר א שאנדע וואס פאר א שמאך!

זיא האט גוט געוואוסט, אז אין גאנצען אונגליק איז זיא אליין שולדיג. זיא האט געצוואונגען דעם פאטער ער זאל לאמאנאוו'ן אזוי פיעל געלד געבען. דורך איהר האט ער זיך געלאזט פערלייטען דער קניאגיניא מעשצערסקאיא אזא אונגע־הייער גרויסע סומע צו לייהען. זיא האט אויך פערשטאנען, אז דער פלוצלינגער בעפעהל וועגען דעם זיי זאלען אלע פון מאסקווא ארויספאהרען שטאמט אויך פון לאמאנאוו'ן אדער פון מעשצערסקין. אלזא איז זיא נור אליין שולדיג אין דעם אונ־גליק וואס עס האט איהרע עלטערן ערררייכט.

קבצנים, דלפנים, ארעסטאנטען, זיינען זיי יעצט אלע. דורך דעם וואס זיי האבען זיך נים געהאלטען אן זייערע אידישע ברידער און זיינען ניט סיין אידען געוועזען, אויך קיינע קריסטען; קענען זיי קיין גוטעס פון דיא ביידע נאציאנען ערווארטען. דער טוידט איז שוין פיעל ליעבער אלס אזא פינסטער ביטער לעבען.

אלס זיא איז אזוי פערצווייפעלט ארומגעגאנגען אין איהר צימער, איז דער פאטער צו איהר אריינגעקומען.

זיא האט זיך דערשראקען אלס זיא האט אויף איהם א קוק געטהאן. ער ה—

אויסגעזעהען ווילד און שרעקליך. זיין געזיכט וואר בלאס וויא דער טוידט. דיא ליפען בלאה, אונטער דיא אויגען זיינען געוועזן בלאהע שטרייפען, זא דאס עס האט אויס־געזעהן, אז דיא אויגען זיינען איינגעגראבען טיעף אין קאָפּ. פון דיא אויגען האט ארויסגעקוקט אזא קומער וואס מען זעהט נור ביי דיא פערצווייפעלטע מענשען וואס האבען שוין מעהר קיין האפנונג אויף רעטונג.

— פּאַפּאַ, וואס איז מיט דיר? ווארום זעהסט דוא אזוי שרעקליך אויס? — האט ליענא ערציטערט געפרעגט.

היראנים האט זיך אווארף געטהאן אויף א שטוהל און בעהאלטענד דאס געזיכט איןביידע הענד, האט ער זיך וויא א קליין קינד פארנאנדער געוויינט.

ליענא האט פערשפּארט צו פרעגען ווארום ער וויינט, זיא האט דאס זייער גוט געוואוסט. דארום האט זיא אויך אנגעהויבען ביטער צו וויינען.

— אַ, וואָס טהוט מען? וואס פאנגט מען אן צו טהאן? — האט היראָנים געיאָמערט — עס איז מיר יעצט געקומען חאטש לויפען אין פייער אדער וואסער.

— פיעללייכט ווערסט דוא פארט ליעבער פאטער ביי א גוטען פריינד בעקומען צו לייהען עטליכע הונדערט רובעל, מיר זאלען קענען פון דאנען אוועקפאהרען?

— וואס פאר א גוטע פריינד? וואס רעדסט דוא פון גוטע פריינד — האט היראָנים וויינענד געענטפערט — וואו האבען מיר גוטע פריינד? מיר זיינען ארומ־געריננעלט נור פון פיינדע, פון בלוטיגע פיינדע, וואס זוכען אונזער אונגליק און טאנצען אויף אונזער אונטערגאנג. ווען מיר וועלען אין מיטען דער גאס שטארבען וועט דאס קיינעם ניט ריהרען, קיינעם אינטערעסירען.

— וואס דען דענקסט דוא צו טהאן?

— איך ווייס אויך ניט וואס צו דענקען, מיר וועלען נאך אין א פּאַר שטונ־דען ארום ארויסגעשיקט ווערען וויא דיא גרעסטע פערברעכער פון דאנען.

— פיעללייכט איז מעגליך מיר זאלען זיך ערגעץ בעהאלטען אום דיא פּאָליציי זאל אונז ניט געפינען ווען מען וועט אהער קומען אונז ארויסשיקען.

— איך האב שוין אזא פּלאַץ אויך געזוכט. איך בין געוועזן ביי אלע בעקאנ־טע, איך האב מיך ביי יעדען פון זיי געבעטען, ער זאל אונז עטליכע טעג בעהאלטען ביי זיך, ביז מיר וועלען האבען דיא מעגליכקייט פון דאנען אוועקצופאהרען. אבער קיינער האט געוואלט מיר דיא קליינע טובה טהאן, מיט דעם אויסרייד אז ער האט מורא פאר דער פּאָליציי.

— איז שוין גאר קיין אויסגאנג פאראן פון אונזער קריטישער לאגע?

— עס איז קיין אויסגאנג און קיין רעטונג פארהאנדען — האט היראָנים זיפ־צענד געענטפערט — ווען דיא פערפלוכטע פּאָליציי זאל מיר חאטש געבען צייט איין מאנאט, וואלט איך איינגעמאנט אביסעל געלד פון מיינע פיעלע בעלי חובות. אבער מען וויל מיר קיין איבעריגע מינוט געבען, מען וויל דורכאויס איך זאל נאך הייטע אוועקפאהרען און ווען איך פאהר אוועק, זיינען אלע מיינע חובות פערלארען.

א קלונג אין דער טהיר־גלאָקע האט דעם פאָטער מיט דער טאָכטער גאנץ אויף דאס ניי ערציטערט.

— דאס איז דער פריסטאַוו! — האָט ער געשטאַמעלט און אַלע בײנער פון זײן לײב האבען וויא פון פיבער געציטערט.

— נײן, עס קען ניט זײן, דאָס זאָל זײן דער פריסטאַוו — האָט ליענא געענטפערט — עס איז פאַר דער צייט וואָס ער האָט בעשטימט.

— ווער קען דאָס זײן?

— איך וועל לויפען זעהן ווער דאָס איז.

דיעזועלבע ליענאטשקע, וואָס האָט זיך קײן מאָל געוויאָלט אַ ריהר טהאָן פון איהר אָרט און האָט זיך זאָגאַר קײן מאָל געוויאָלט אַליין אָנקליידען. דיא-זעלבע לינאטשקע איז יעצט אַליין געפלױגען דיא טהיר עפענען.

אַלס זיא האָט דיא טהיר געעפענט, האט זיא דערזעהן אַן אײנפאַכען אידען מיט אַ לאַנגען באַרד און געקליידעט האַלב קליינשטעטעלדיג אַביסעל דארפיש און אַביסעל הייטמאַריש. דאס נײ מאַדישקייט איז נור בעשטאַנען אין דעם וואס ער האט געטראגען אַ ווייס געפרעסט העמד מיט אַן עלעגאַנטען ווייסען האַלזטוך.

— וועמען בעדאַרפט איהר ר' איד? — האט זיא געפרעגט זייער פריינדליך. נאַטס וואונדער! דיא שטאָלצע ליענאַטשקאַ וואס האט דיא גרעסטע אידישע אַריסטאָקראַטען פיינד געהאַט און האָט זיי זאָגאַר מיט איין פריינדליך בליק ניט געווירדיגט, דיעזעלבע ליענאַ רעדט יעצט אַזוי פריינדליך מיט אַ פשוט'ן אידען און איז זאָגאַר צופריעדען וואָס זיא זעהט איהם אין זייער פערלאַסענער הויז.

— איך בעדאַרף האבען דעם הערן ראזענדופט — האט דאס אידעל גע-ענטפערט.

— וואָצו ברויכט איהר איהם?

דאס קען איך אייך ניט זאגען.

— איהר ווילט נור מיט איהם אַליין ריידען?

— יא, פריילײן.

– קומט מיט מיר וועל איך אייך צו איהם אריינפיהרען – האט זיא זעהר העפליך געזאגט.

זי האט איהם אריינגעפיהרט אין דעם צימער וואו איהר פאטער איז געזעסען.

– משה! – האט היראַניס אויסער זיך פאר ערשטוינען אויסגערופען אלס ער האט זא אונערוואַרטעט דערזעהן זיין אלט בעקאַנטען משה האניגמאַן.

– יא, הערר ראזענדופט דאס בין איך – האט משה געענטפערט – האט קיין פעראיבעל ניט וואס איך האב מיך געוואגט אייך צו בעאונרוהיגען.

– אה, רייד ניט מיט מיר מיט אזא טאָן – האט היראַניס געזאגט – רייד מיט מיר וויא מיט אן אלטען גוטען פריינד. מיך פרעהט זעהר דיך צו זעהן אין מיין הויז.

– אזוי דוא ביסט צופריעדען מיך צו זעהן אין דיין הויז. נאַטס וואונדער בילעבען. מיט א קורצער צייט צוריק אז איך בין צו דיר געקומען האסט דוא מיך גאר ניט דערקענט.

– דערמאהן ניט ליעבער משה דיא נארישקייט וואס איך בין בעגאַנגען, –

האט היראנים מיט א פערשעהמט פנים געזאגט — איך האב זיך שוין גענוג דערפאר געשלאגען אין הערצען על חטא. עס איז דאמאלס אויף מיר געווען א פערבלענדנים. איך פערשטעה אליין זעהר גוט אז איך בין אין יענער צייט גאר קיין מענש ניט געוועזן. איך בעט דיר זיי מיר מוחל און לאמיר בלייבען גוטע פריינד וויא אין דיא אלטע צייטען.

— איך בין דיר אלץ איינס א גוטער פריינד געוועזן — האט משה געענטפערט, דעם בעוויז האסט דוא, אז איך בין צו דיר געקומען דיך נאך מעגליכקייט פון דיין נויטה צו רעטען.

— וואס מיינסט דוא מיט דיא ווערטער, ליעבער פריינד?

— איך האב שוין געהערט וויא דיר איז היינט, איך וויים אין וואס פאר א לאגע דוא געפינסט זיך יעצט, דארום בין איך געקומען דיר א שטיקעלע רעטונג פארצולייגען, איינס פון דיאביידע קען איך דיר טהאן, ענטוועדער דיר לייהען עטליכע הונדערט רובעל דוא זאלסט האבען מיט וואס אוועקצופאהרען, אדער דיך מיט דיין פאמיליע ארייננעהמען אין דעם הויז וואו איך וואוין, דען דארט וועט דיר דיא פאליציי ניט טשעפען, ווייל דער דווארניק טהוט פאר געלד אלעס, דוא קענסט דארט וואוינען הונדערט יאהר און קיינער זאל וויסען אז דוא וואוינסט אין דעם הויז.

— מיין רעטער! מיין פריינד, מיין מלאך הגואל! — האט היראנים אויסגעשריען פאלענד משה׳ן אום דאס האלז. אה, ליעבער גוטער מענש, ווען נאך דער בעהאנדלונג וואס דוא האסט פון מיר געהאט קענסט דוא צו מיר אזוי פריינדליך זיין, ביזט דוא דער בעסטער מענש אין דער גאנצער וועלט.

ער האט זיך ביי דיא ווערטער אזוי צוחליפעט דאס משה האט געוויינט קוקענדיג אויף איהם.

— גענוג צו וויינען ליעבער גרונם — האט משה ענדליך געזאגט אויסווישענד זיינע אויגען — נאט וועט נאך העלפען, דוא וועסט זעהן וויא ער וועט העלפען, מען דארף קיין גרעסערע צרות וויא איך האב געהאט, פון דעסטוועגען האט מיך גאט ברוך הוא פון זיי געראטעוועט. ער וועט דיר אויך העלפען, דוא וועסט זעהן אז ער וועט דיר העלפען, כי הנה לא ינום ולא ישן שומר ישראל.

## 269טעס קאפיטעל.

# מאלינבערג רוהט ניט.

דער פאלקאווניק מאלינבערג האט זיין גאנצען שטאלץ פערלארען. ער האט דערזעהן זיין שרעקליכע לאגע. ער האט דייטליך געזעהן אז זיינע מערדערשע טהאטען קענען מעהר פערבארגען ניט בלייבען און אלעס מוז וויא מען זאגט ארויף אויפ׳ן טעלער. דען ברענער איז א ביטערער יונג און וויא באלד, ער וועט ערפאהרען אז ער (מאלינבערג) האט אויף איהם דיא גאנצע שולד ארויפגעווארפען, וועט ער ניט שווייגען און וועט אלעס אויסזאגען.

איהם איז געווארען זעהר ביטער און ער האט זיך אנגעהויבען צו ברעכען קאפ וואס ווייטער צו טהאן.

צו דעם צוועק האט ער צו זיך גערופען זיין אדיוטאנט באריס מאלאיעוו, וועלכער איז געווען זעהר א שלויער מאן און אזא מערדער וויא מאלינבערג אליין. דיזער מאלאיעוו האט אויך אין וואהרהאפטינס מארד אנטהייל גענומען און ער איז דארום אויך געווען אין דערזעלבער געפאהר וואס מאלינבערג זעלבסט.

מאלאיעוו איז אין דער צייט וואס ברענער איז פערהאפטעט געווארען ניט געווען אין מאסקווא. ער איז ערשט געקומען אויף דעם דריטען טאג נאך ברענערס פערהאפטונג. מאלינבערג האט איהם מיט דער גרעסטער אונגעדולד ערווארטעט.

גאנץ מונטער איז זיך מעלאיעוו געקומען צו מאלינבערג'ן. ער האט געהאט א שפאגעל נייעם פלאן וויא אזוי פון א גרויסען מאסקווער קופעץ פיעלע טויזענדער אויסצופרעסען. וויא ערשטוינט איז ער אבער געווארען אלס ער האט דערזעהן מאלינבערגס פינסטער געזיכט, וועלכעס איז אין דיא איינינע טעג פערעלטערט געווארען מיט עטליכע יאהר.

— וואס איז אייך פאלקאווניק ? — האט ער געפרעגט — זייט איהר קראנק ?

— ניין, איך בין געזונד, אבער געזונדערהייד קען מען א מאל אויך פלוצלונג שטערבען.

— וואס זאל איך אין אייערע ווערטער פערשטעהן ?

— איהר דארפט פערשטעהן אין מיינע ווערטער, דאס אונז ביידען ערווארטעט דער טויט.

— אונז ביידען ?

— יא, קאפיטאן, אונז ביידען.

— אבער פאלקאווניק, אום גאטעס ווילען ! וואס מיינט איהר מיט דיא ווערטער ? — האט מאלאיעוו ערציטערט געפרעגט.

— האב איך מיך ניט דייטליך אויסגעשפראכען, דאס אונז ביידען ערווארטעט דער טויט ? פון דיא ווערטער דארפט איהר פערשטעהן דאס מען האט שוין באלד ערפאהרען אונזערע שרעקליכע געהיימניסע.

— מיין גאט ! וואס הער איך ? איז דאס אייער ערנסט פאלקאווניק ?!

— מיר שיינט דאס איהר קענט מיך גוט און איהר ווייסט דאס איך האב פיינד צו שפאסען.

— אבער ערקלערט מיר דייטליך, וואס האט דא פאסירט אונטער דער צייט וואס איך בין דא ניט געווען ?

— מען האט ערפאהרען דורך וואהרהאפטינ'ס פעלץ וואס איז ביי מיר געהאנגען....

— ווירקליך, מען האט דעם פעלץ ביי אייך געפונען ? ווער און וויא אזוי ?

— דאס מאכט שוין ניט אויס ווער און וויא אזוי, אבי מען האט דאס אויסגעפונען.

— נו, וואס-זשע האט איהר געענטפערט ?

— איך האב דיא גאנצע שולד ארויפגעווארפען אויף ברענערן, ווייל איך האב

נערענקט אז מיר ווערט נעלינגען איהם פון דער שטאדט ארויסצושיקען און דער פערדאכט זאל בלייבען נור אויף איהם.

— איך פערשטעה אבער ניט, וויא אזוי האט איהר נעקענט אויף איהם דיא שולד ארויפווארפען.

— גאנץ איינפאך, איך האב נעזאגט אז דעם פעלץ האט ער מיר פערקויפט, און דאס איז א בעווייז אז ער איז דער מערדער.

— נו, און ברענער האט אייך ניט נעפאלגט, און איז ניט אוועקגעפאהרען?

— ער האט מיר יא נעוואלט פאלגען, אבער דער פערפלוכטער סליעדאוואטעל האט וויא עס ווייזט אויס מיין געדאנק פערשטאנען און האט איהם פערהאפטעט נאך בעפאר ער האט צייט נעהאט צו אנטלויפען.

— דאנער וועטער! — האט מאלאיעוו צארניג געברומט — דאס איז א ביטערע געשיכטע.

— נאך וויא ביטער, מיר שמעקען דא אלע מיט דעם טוידט. דען דער סליע־דאוואטעל וועט נעוויס זאגען ברענערן אז איך האב איהם דערצעהלט דאס דעם פעלץ האט ער מיר פערקויפט און ברענער וועט אויס צארן אויסזאגען דיא ריכטיג־קייט וויא אזוי דער מארד איז צוגעגאנגען; דען צווישען זיך ריידענדיג האט ער דאך ווירקליך זיך צו וואהרהאפטיגען ניט צוגעריהרט, ער איז נור דאביי געשטאנען און האט צוגעזעהן וויא מיר האבען געמארדעט.

— שלעכט פאלקאווניק! — האט מאלאיעוו מיט א בעזארגטע מינע נעזאגט, מיר זיינען פערלארען.

— אבער עס ניעבט שוין גאר קיין ראטה וויא זיך צו רעטען?

— דיא איינציגע ראטה איז, מיר זאלען בעצייטענס מאכען דיא פליטה.

— דעם שכל האב איך אליין אויך געהאט. אנטלויפען איז קיין קונסט. איך וויל אבער מיר זאלען אויסזוכען א ראטה זיך צו רעטען, מיר זאלען קענען בלייבען דא אויף אונזערע ערטער.

— מיר שיינט אז דאצו איז גאר קיין מיטעל דא.

— זאגט איהר אז מיר זאלען אנטלויפען?

— יא, דאס איז אונזער איינציגע רעטונג.

— בעטראכט אבער גוט קאפיטאן, איהר האט דאך אימער געהאט זעהר גוטע איינפעלע, פיעללייכט וועט איהר דאך צו דער נעפעהרליכער קרענק א מעדיצין געפינען.

מאלאיעוו איז אויפגעשטאנען פון זיין ארט, האט אנגעהויבען ארומצוגעהען הין און צוריק איבער דעם צימער שטארק פערטראכט, ענדליך איז ער שטעהען געבליעבען און האט געפרעגט:

— פאלקאווניק! ווייסט איהר בעשטימט, אז ברענער האט אונז נאך ניט ארויסגעגעבען.

— איך וויים דאס ניט בעשטימט, אבער מען דארף פערשטעהן, אז ער האט אונזער שולד ניט ענטדעקט.

— פון וואס פערשטעהט איהר דאס?

— איינפאך, פון דעם וואס מען האט מיר נאך ניט ארעטירט. וויא פערשטעהט איהר, ווען ער זאל זאגען די וואהרהייט וואלט מען מיר געלאזט אזוי רוהיג זיצען?

— דאס האט איהר זעהר רעכט, און איך האב אויסגעפונען זעהר א גוטע מיטעל וויא זיך צו רעטען.

— ווירקליך? — האט מאלינבערג העכסט ערפרייט געפרעגט.

— יא פאלקאווניק, איך האב א פראכטפאלעס מיטעל.

— אום הימעלס ווילען רעדט דאך, אין וואס בעשטעהט אייער מיטעל.

— איך האב נאר אן איינפאכע מעדיצין, פאלקאווניק — האט מאלאיעוו לאכענד געענטפערט — מען זאל ברענגען אזוי דאס מויל צושליעסען, ער זאל גאר ניט קענען ריידען.

— וויא אזוי דענקט איהר דאס מונד צושליסען?

— וויא אזוי פרעגט איהר? וויא אזוי האבען מיר פערשלאסען וואהרהאפטיגס מונד, ער זאל ניט קענען זאגען אז מיר האבען איהם ערמארדעט?

— מיינט איהר אז מען זאל ברענגען אויך מאכען די שפיעל?

— יא פאלקאווניק, דאס מיין איך און דאס איז דער בעסטער פלאן. קוים וועט ער פלוצלונג שטארבען, האבען מיר געגען זיך קיינע ציינגען און מיר זיינען ריין און עהרליך וויא די מלאכים.

— דער פלאן איז ניט שלעכט, אבער די פראגע איז, וויא אזוי זאלען מיר דעם מלאך המות צו איהם אין קערקער אריינשיקען?

— ווענען דעם איז דען אויך א זארג? — האט מאלאיעוו געלאכט. — בעטס מיר נור, וועט זיין נשמה נאך אין דיעזער נאכט שטעהן פאר גאטס ריכטער שטוהל.

— אבער וויא אזוי דענקט איהר דאס צו מאכען?

— גרינגערס פון דעם קען נאר ניט זיין. עפעס זיינען מיר דאך מיט דעם סמאטריטעל פון דעם היגען געפענגניס אלטע גוטע ברידער. מיר דארפען נור שטעלען איין דוצענד שאמפאניער, וועט אלעס געהן בעסער וויא געוואונשען.

— ווענען שאמפאניער איז קיין רעדע, איך אליין פון מיין טאש גיעב אויף צוויי דוצענד שאמפאניער.

— דאס איז אריבער גענוג — האט מאלאיעוו מיט א צופריעדענער מינע געענטפערט — מארגען וועט איהר האבען א גרוס פון ברענערס טויטען קערפער.

— גוט, טהוט וויא איהר פערשטעהט ליעבער פריינד, איך פערלאז מיך שוין אין דעם היגזיכט אין גאנצען אויף אייך. איך בין זיכער, אז איהר וועט אלעס אויספיהרען וויא מען בעדארף. דען געוויס וועט איהר ניט פערגעסען אז דאס איז אזוי אייער אינטערעסע וויא מיינע.

— זעלבסטפערשטענדליך, אז איך וועל דאס ניט פערגעסען, מארגען האט איהר א גרוס פון ברענערס לייכע.

— ששש ! — האט מאַלינבערג ערציטערט אויסגערופען — איהר האט צו הויך גערעדט און מיר שיינט אז איך האב געהערט טריט הינטער דער טהיר.

— דאס האט זיך אייך געמוזט אויסגעבען, דען ווער וועט וואגען אונז צו שפּיאָנירען.

מאלינבערג האט ניט געענטפערט. ער איז שנעל צוגעגאנגען צו דער טהיר און האט זיא געעפענט, אָבער ער האט דאָרט קיינעם געטראָפען.

— איהר האט רעכט קאַפּיטאן — האט ער געזאגט — מיר האט זיך דאס נור אויסגעגעבען, אז יעמאנד בעלוישט אונז. קיינער איז דא ניטאָ.

— קען איך שוין געהען ? — האט מאלאיעוו געפרעגט.

— יא, איהר קענט געהן, דאך וואָלט איהר מיר א גרויס געפאַלען געטהאן, ווען איהר זאָלט מיר זאגען וויא אזוי איהר דענקט ברענערן פון דער וועלט אבצר שאפען.

— איך וועל דאס אייך ערקלערען. איך וועל מאכען מיט דעם סמאטריטעל מען זאל דעם ליעבען ברענערן געפינען א געהאנגענעם טאקי ביי איהם אין קערקער.

— א געהאנגענעם ? — האט מאלינבערג ערשטוינט געפרעגט.

— יא פּאָלקאָווניק, געפעלט אייך דיעזער טוידט.

— און אנדערער זאָל איהם האבען געפעלט ער מיר זעהר גוט. אבער איך פערשטעהע נאך אלץ ניט, וויא אזוי וועט איהר איהם הענגען ? ער וועט זיך דאך געווים ניט לאזען, ער וועט מאכען גוואלדען, אלע וועכטער וועלען הערן דיא גע־שרייען און וועלען פערשטעהען אז דא איז עפּעס.

— וויא קומט דאס צו אייך פּאָלקאָווניק, איהר זאלט אזא זאך פרעגען. דענקט איהר דען אז מיר וועלען איהם אויפהענגען א לעבעדיגען, ניין, ער וועט פריהער אזוי שטארבען און ערשט נאך זיין טוידט וועט ער געהאנגען ווערן און מען וועט מיינען, אז ער האט זיך זעלבסט געהאנגען.

— וויא אזוי וועט איהר איהם אבער טוידטען ?

— דאס וועלען מיר שוין זעהען אויפ'ן פּלאַץ. ווייסט איהר דען ניט אז צו דעם טוידט זיינען דא זעהר פיעל וועגען.

— איך וויל אייך שוין מעהר ניט פרעגען און איך זאג אייך נאך אמאָל טהוט וויא איהר פערשטעהט. איך פערלאז מיך אין דער זאך אין גאנצען אויף אייך.

— איהר מאגט זיך אויף מיר פערלאזען פּאלקאווניק — האט מאלאיעוו גע־ענטפערט — איהר קענט זיכער זיין, אז איהר וועט פון מיין ארבייט געווים ניט פער־שעמט ווערן. דערווייל אדיע איך מוז שוין וועגען דעם אנפאנגען צו ארבייטען.

210טעס קאַפּיטעל.

## דער פּאָטער און דיא טאכטער צופריעדען.

דער גראף פעליקס דאנילאוו האט זיך צוריק נאך דאנילאווקא אומגעקעהרט, צו ערווארטען סטעפאנס אנטוואָרט וועגען דעם רעזולטאט פון דעם גיפט־פּלאן וואס ער האט איהם איבערגעגעבען.

מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען אין וואס פאר א פיעבערהאפטעס ערוואַרטען ער איז געווען קומענדיג אין דאנילאווקא, רען דיא נאכריכט וואר איהם נאטהווענדיג צוליעב איינינע זאכען. ערשטענס, האט ער גוט געוואוסט אז כל זמן זיין נעפע אנטאָן לעבט איז ער ניט זיכער, אז זיין פערמעגען וועט אימער בלייבען אין זיינע הענד. צווייטענס, האט ער געציטערט ווער ווייס וויא דארט מאכט זיך מיט סטעפאנען. ווען חלילה ער וועט אונפאָרזיכטיג זיין און וועט ראדורך אריינפאלען צו דער פאליציי אין דיא הענד, קען מען זעהר לייכט ערפאהרען פון וואנען דער העכט שטינקט.

אבוואהל ער האט געוואוסט, אז הייטע דארף ער נאך סטעפאנען ניט ערוואַרטען, פון דעסטוועגען האט ער איהם שוין אנגעהויבען אויסצוקוקען. ער האט אנגעהויבען צו צעהלען דיא מינוטען צו דער צייט וואס זיין פערטרויטער סטעפאן וועט פון אָרשא צוריקקומען. נאך זיין רעכנונג האט ער בעדארפט קומען ארום האלבע נאכט אדער העכסטענס מאָרגען פריה.

ער האט דיא גאנצע נאכט ניט געקענט שלאפען; ער האט זיך נור איינגע־הערט פיעללייכט וועט ער דערהערען דאס גערויש פון'ם וואגען, וועלכער וועט סטעפאנען צוריקברענגען.

אך וויא לאנג, וויא שרעקליך לאנג דיא נאכט האט זיך אין זיינע אויגען אויסגעצויגען, איינע וואהרע עווינקייט. וואס מעהר א שטונדע איז איבערגעגאנגען, איז ער אלץ מעהר אונרוהיג געוואָרען.

— ווער ווייס וואס דארט האט פאסירט, ווער ווייס וואס דאָרט האט גע־טראָפען — האט ער צו זיך דיא גאנצע נאכט גערעדט.

דיא לאנגע, שווארצע נאכט איז פאָראיבערגעגאנגען און דער שעהנער ליכטיגער טאג האט אנגעהויבען אין דער וועלט הערויסצוטרעטען. אבער דיעזער ליכטיגער טאג האט דעם אלטען גראף פינסטער געמאכט אין דיא אויגען און אין הערצען.

— עס איז שלעכט! — האט ער געשטאמעלט — סטעפאנס פלאן האָט ניט געלונגען. מען האט געוויס זיך ארומגעזעהען, אז אין דעם מיטאג וואס ער האט געשיקט צו אנטאָנען איז גיפט געווען און מען האט איהם דערפאר פערהאפטעט. דיעזער שורקע וועט דיא גאנצע שולד אָרויפוואַרפען אויף מיר און איך בין פערלאָרען.

ער איז פון זיין בעט אויפגעשפרונגען און האט אנגעהויבען מיט זעהר אונרו־הינע טריט איבער דעם צימער ארומצולויפען.

דער בעדיענטער האט שוין צוויי מאל דעם הערן גראף געפרעגט צו זאל ער איהם דערלאנגען קאָפעע, אבער דער הערר גראף האט איהם גאר ניט געענטפערט. ער איז אלץ ווילד ארומגעלאפען פערטיעפט אין שרעקליכע געדאנקען.

אלס דיא אוהר האט שוין געוויעזען דיא צעהנטע שטונדע דעם מאָרגענס, איז פעליקס אין דער גרעסטער פערצווייפלונג געקומען. יעצט איז שוין ביי איהם מעהר קיין צווייפעל געווען, אז סטעפאן איז אריינגעפאלען. יעצט האט ער איהם שוין מעהר ניט ערוואַרטעט, אין געגענטהייל ביי יעדען גערויש איז ער ערציטערט גע־וואָרען, פיעללייכט קומט מען איהם פערהאפטען אָן פיהרען אין געפענגניס.

פערצווייפעלט האט ער זיך אויף א שטוהל א וואָרף געטהאן און אויף זיין נעזיכט האבען זיך געוויעזען אלע קוואלען פון דער העלע.

— הערר גראף, מען האט געבראכט א דעפעשע! — האט פלוצלונג דעו׳ בעדיענטער געמעלדעט אריינטראָגענדיג א טעלעגראמע.

קראמפפהאפט האט דער אלטער א חאפּ געטהאן דיא דעפעשע.

— דאס איז געווים פון אָרשא! — האט ער זיך געקלערט. אבער אלס ער האט געעפענט דיא דעפעשע, האט ער גאר דערזעהען דעם נאמען „מאָסקווא״.

— דאס איז פון אדעלאַן — האָט ער געשטאמעלט און האט שנעל געלעזען פאָלגענדעס:

„אלעס אין בעסטער ארדנונג. דער בריעף פערשוואונדען. וואלאדיא ליעבענס־ווירדיג. וואס מאכט אנטאן? אדעלא.״

— איין זאָרג אראָפּ פון׳ם הערצען — האט דער אלטער געזאגט — אבי דער בריעף איז ניט אנגעקומען צו דעם נאררישען געלידאוו, בין איך שוין זיכער אז ער וועט צו איהם ניט אנקומען. אבער וואס איז דאָרט געשעהן מיט סטעפאנען? גוואלד, וואו איז ער? וואס פאר אן אונגליק האט דאָרט געטראפען?

א גערויש פון אן עקיפּאַזש וואס איז אין׳ם הויף אריינגעפאהרען האט דעם אלטען גראף פון׳ם אָרט אויפגעהויבען.

ער האט א קוק געטהאן אין פענסטער און האט דערזעהן א פּרעכטיגען עקי־פּאַזש שטעהענדיג ביי דער פּאראדנער טהיר און פון דאָרט איז ארויסגעגאנגען אן עלעגאנט געקליידעטער אונבעקאנטער הערר.

— דאס איז געווים א סליעדראָוואטעל, אדער א געהיים־פּאליציסט וואס דיא ארשער פּאליציי האט אהער ארויסגעשיקט אום נאכפארשונגען צו מאכען וועגען דעם גיפט וואס סטעפאן האט אנטאנגען אריינגעשיקט — האט ער זיך געקלערט ציטערנד ביי אלע גליעדער. אבער ער מעג זיין ווער ער איז, איך וועל מיך האלטען שטאלץ און מוטהיג. ניט פון מיר וועט ער עטוואס ערפאהרען.

באלד האט דער דיענער געמעלדעט, אז א מאן מיט דעם נאמען מיכאאיל גרינזאנג איז געקומען צו פאהרען און ווינשט דעם העררן גראפען צו שפּרעכען.

— מיכאאיל גרינזאנג? — האט פעליקס געשטאמעלט — דעם נאמען האב איך ערגעץ געהערט, אבער איך געדענק ניט וואו.

— האסט דוא איהם געזאגט אז איך בין צו הויזע? — האט ער דעם דיענער געפרעגט.

— יא, הערר גראף.

— דוא ביסט אן עזעל, א דומקאָפּ. ווארום האָסט דוא איהם ניט געזאגט אז איך בין דאָ ניטאָ?

— דער הערר גראף האט וועגען דעם מיר קיין בעפעהל געגעבען — האט זיך דער דיענער פערענטפערט.

— נו, פיהר איהם שוין אריין אין זאל, דוא פערד.... איך וועל מיך אנציהען, וועל איך צו איהם אריינקומען.

— מיכאאיל גרינזאנג? — האט פעליקס איינינע מאָל דעם נאמען ווייעדער האָלט — דער נאמען קלינגט זעהר קענטליך אין מיינע אויערן. מיר שיינט, אז דאס איז א נאמען פון א נעהיים־פּאָליציסט, אָדער פון א פּאָליציי־בעאמטען. וואס וויל ער פון מיר? דער טייפעל זאל איהם האָלען מיט דעם נאררישע דיענער צוזאמען.

ער האט זיך אנגעצויגען און איז אריינגעקומען אין דעם זאל וואו גרינזאנג איז געזעסען.

— וואס ווינשען זיי, מיין העררן? — האט ער דעם גאסט געפּרעגט.

— ענטשולדיגען זיי מיר, — האט גרינזאנג געענטפערט — איך ברויך צו שפּרעכען מיט דעם גראף אנטאן דאנילאָוו.

— אנטאן דאנילאָוו? — האט פעליקס צענערענד געזאגט, קוקענדיג אויף דעם גאסט מיט פריפענדע, פאָרשענדע בליקען — ער איז צו הויזע ניטאָ.

— וואו איז ער דען?

— ער איז אוועקגעפאהרען.

— דאַרף איך פרעגען וואוהין?

— דאס ווייס איך ניט.... דאס קען איך ניט זאגען....

— אבער איך ברויך איהם ווענען זעהר א וויכטיגען געשעפט.

— דאָס געהט מיך ניט אָן.

— אבער איהר ווייסט וואו ער איז?

— ניין.... איך ווייס ניט.

— וויא איי דאס מעגליך, מען זאָל אין א הויז ניט וויסען, וואו דער הויז־ווירטה איז?

— אויב איהר האט אמאל געלערנט ביבעל מוזט איהר געוויס געדענקען דיא ווערטער, וואס קין האט געענטפערט, אלס מען האט איהם געפרעגט וואו זיין ברוד דער הבל איז. ער האט געענטפערט: בין איך דען דער היטער פון מיין ברודער? דעם זעלבען אנטווארט קען איך אייך אויך געבען, מיין ווערטהער העררן.

— יא, קין האט געמוזט זאָ אן אנטוואָרט געבען — האָט גרינזאנג גיפטיג געזאגט — ווייל ער האט זיין ברודער ערמאָרדעט.

— ער איז א שפּיאָן — האָט פעליקס ביי זיך געטראכט דערהערענדיג דיעזע ווערטער — דאָס שטעכט ער מיך מיט דער בעמערקונג, דאס ער ווייס, אז איך האב אנטאָנען פערגיפטעט.

— איך ווייס ניט וואס איהר ווילט פון מיר, מיין העררן? — האט ער זעהר אויפגערעגט געזאגט — איך האָב אנטאנען ניט ערמאָרדעט און אויב איהם האט אָן אונגליק געטראָפען בין איך ניט שולדיג.

— ווער זאגט אייך דען אז איהר זייט שולדיג? — האט גרינזאנג געזאָגט פערשטעהענד פון דעם אלטענס ווערטער, אז אנטאנען האט א שרעקליכען אונגליק געטראָפען — אבער איך בין נייגיעריג צו וויסען, וויא אזוי דאָס אונגליק האט איהם געטראָפען?

— וואס ווייס איך? — האט פעליקס ערציטערט געענטפערט — איך האב

מיין קוזין שוין זייט איינינע יאהר ניט געזעהן. איך בין זאגאר צו הויזע ניט געוועזן אלס מען האט איהם ארעטירט. איהר בעאונרוהיגט מיך גאר אומזאנסט.

— אהא! ער פאנגט אָן צו ריידען — האט זיך גרינזאנג געקלערט — זעהר גוט, יעצט איז דיא בעסטע געלעגענהייט איהם פאר דער צונג צו ציהען. וויא איך פערשטעה, בעטראכט ער מיך אלס פּאָליציי־אגענט. דאס איז זעהר גוט פאר מיר.

— איהר זאגט, אז איהר זייט צו הויזע ניט געוועזן, אלס מען האט איהם פערהאפטעט? — האט ער געפרעגט זיך ווענדענד צום גראף.

— עס פערשטעהט זיך, אז איך בין צו יענער צייט געוועזן אין מאָסקווא.

— אבער איהר האָט געוואוסט, אז מען וועט איהם פערהאפטען?

— ניין, איך האב דאס ניט געוואוסט.

— וויא־זשע קומט דאָס, וואס איהר זייט אהער געקומען איבערצונעהמען זיין נאכלאס?

— ווייל מיין טאָכטער האט מיר פון דעם אונגליק געמעלדעט.

— וואס האט זיא אייך געמעלדעט?

— אז מען האט מיין קוזין פערהאפטעט.

— זיא האט אייך אויך געשריעבען פאר וואָס?

— זעלבסטפערשטענדליך, אז זיא האט דאס מיר געשריעבען.

— וואס האט זיא אייך געשריעבען?

— אז מען האט אנטאָנען פערהאפטעט, דערפאר וואָס ער האָט זיין ווייב ערמאָרדעט.

— און זיא האט אייך אויך געמעלדעט, וואוהין מען האט איהם אוועקגע־פיהרט?

— יא. זיא האט מיר געשריעבען, אז מען האט איהם אוועקגעפיהרט אין אָרשער געפענגניס.

— און ער זיצט נאך דאָרט יעצט אויך?

— וואס ווייס איך? ווארום פרעגט איהר מיך אזעלכע זאכען?

— איהר האט דאך מיר פריהער געזאגט, אז איהר ווייסט גאר ניט וואו ער איז?

— ווייל איך האב געמיינט, אז איהר זייט גלאט א מענש פון דער וועלט, האב איך אייך ניט געוואָלט דערצעהלען פון דער שאנדע, דען געוויס איז דאס פאר מיר ניט שעהן, וואס מיינער א נעפע זיצט אין געפענגניס פאר א מאָרדטהאט.

— איהר זאגט, אז איהר האט געמיינט אז איך בין גלאט א מענש פון דער וועלט, און ווער, דענקט איהר, בין איך אין דער ווירקליכקייט?

— איך פערשטעה, אז וויא באלד איהר זייט געקומען פון מיר עטוואס אויס־פארשען, געהערט איהר צו דיא פאליציי־בעאמטע.

— איהר האט גראדע יעצט אָן אייערטהום, מיין העדר — האט גרינזאנג שמייכלענד געזאגט — איך געהער ניט צו דיא פאליציי־בעאמטע. איך בין א קויפ־מאן, אבער דאס אלעס וואס איהר האט מיר דא דערצעהלט שאדעט ניט. איך

בין אייך דאפיר זעהר דאנקבאר. דערוויל אדיע, גראף. איך פערזיכערע אייך, אז מיר וועלען זיך נאך זעהן.

ער איז אויפגעשטאנען פון זיין ארט און איז אוועקגעגאנגען.

פעליקס איז געבליעבען זיצען וויא פערדולט אויף זיין שטוהל.

— האט ער מיך גענאררט דערמיט, וואס ער האט געזאגט אז ער איז אן איינפאכער קויפמאן! אבער אין דער ווירקליכקייט איז ער טאקע א שפיאן פון דער פאליציי — האט ער זיך געטראכט — אדער ער איז, וויא ער האט געזאגט, אן איינפאכער קויפמאן. אבער ניין! ווען ער זאל זיין אן איינפאכער מענש, וואלט ער ניט געוואגט צו מיר צו קומען און מיט מיר אזוי ריידען. מיר שיינט, אז איך האב מיך קיין נאררישקייט פאר איהם ארויסגערעדט.

— סטעפאן איז געקומען און ווינשט מיט אייך צו שפרעכען — האט פלוצלינג דער דיענער געמעלדעט.

— ער איז דא? — האט פעליקס מיט א וואהנזיניגער איבעראראשונג א געשריי געטהאן — סטעפאן איז געקומען?

— יא, גראף, ער איז געקומען.

— געשווינד שיק איהם אריין אהער. ניכער, זאג איך דיר, זאל ער אריינקומען צו מיר.

דער דיענער איז ארויסגעלאפען און עס האט לאנג ניט געדויערט, האט זיך דיא טהיר געעפענט און סטעפאן איז אריינגעקומען אין פעליקס צימער.

— נו? — האט דער אלטער העכסט נייגיעריג געברומט.

— אלעס איז אין דער בעסטער ארדנונג — האט סטעפאן געענטפערט.

— האט דאס גיפט געווירקט? — האט דער גראף ראש געפרעגט.

— יא, גראף. אייער געפע איז שוין יעצט אין'ם זיעבענטען הימעל — האט סטעפאן לאכענד געענטפערט.

— ער איז טויט? — האט פעליקס העכסט ערפרייט אויסגערופען.

— וויא א טויטע מויז — האט סטעפאן קאלטבלוטיג געענטפערט.

— בראוואָ, מיין ליעבער סטעפאן! — האט דער אלטער פאסט טאנצענדיג אויסגערופען פאטשענד איין האנד אין דער צווייטער — בראוואָ, גוטער ברודער, דוא ביסט א העלד זאָנדער גלייכען.

— — — — — — — — — — — — — — —

עס איז איז אין אלגעמיין זעהר ביטער ווען מען פאלט ארונטער פון דער העכסטער שטופע צו דער ניעדעריגסטער. אבער נאך טויזענד מאל ביטער איז ווען דער געפאלענער ווערט געטראָטען פון אזעלכע סוביעקטען, מיט וועלכע ער וואלט זיך אין יענע גוטע צייטען גאר ניט געוואלט בעגעגנען. פון דיעזע סוביעקטען ווערט ער אונערבארמליך געטראָטען און ער דארף נאך פירכטען זיי דאפיר א שלעכט וואָרט צו זאגען, ווייל ער קען דאדורך פערליערען זיין לעצטען שטיקעל ברויט.

אזא קריינקונג האט יעצט געפיהלט דיא גרעפין מאריא, נאכדעם אז אדעלא האט זיא אזוי הערצלאָז בעהאנדעלט. וויא מיר ווייסען, האט זיא דאס פאאר־

איבערגעלאזט אין זאל און איז אריינגעגאנגען צו זיך אין צימער. דארט האט זיך איהרע אויגען געעפענט און טרערין, הייסע בלוטיגע טרערין, האבען זיך געקייקעלט איבער איהרע בלאסע וואנגען.

— פארוואס האט זיא מיך אזוי בעליידיגט? — האט דיא אונגליקליכע געיאמערט — וואס האב איך איהר געטהאן? נו, און אז איך בין ארעם דארף מען מיך אזוי מיט דיא פיס טרעטען? איך בין אמאל אויך געוועזן רייך, פיעללייכט נאך רייכער פון איהר, פון דעסטוועגען האב איך אלע ארמע ארים גלייכע מענשען מיט מיר בעטראכטעט און האב געזוכט זייערע שמערצען צו לינדערן.

אך, וואס פאר א שלעכטע מענשען עס גיעבען אויף דער וועלט! — האט זיא נאך א לאנגער פויזע געזאגט — איך וואלט מיר קיין מאל פארגעשטעלט, אז אין דער וועלט געפינען זיך אזעלכע שלאנגען אין מענשען-געשטאלט, וואס האבען פערגעניגען אין שוואכע פערזאנען זייער גיפט אריינצושיקען. דיא פרוי האט דאך געזעהן, דאס איך בין אזא מענש וויא זיא. געלידאוו האט איהר דערצעהלט, אז איך בין געבילדעט און גוט ערצויגען געווארען, און דאך האט זיא מיין פריינדליכע האנד ניט געוואלט אננעהמען און האט מיך ניט אויפגעהערט צו שטעכען מיט גיפטיגע ווערטער. פע! זיא איז קיין מענש, זיא האט אין זיך קיין הערץ. ניט אומזאנסט האט וולאדימיר זיא פערהאסט. אזא שלאנג מוז מען פערהאסען,—און איך האב איהר נאך דיא גרעסטע טובה געטהאן. ווען איך זאל ניט בעוועגען געלידאוו'ן, ער זאל זיא אלס זיינע בראוט בעהאנדלען, וואלט זיא באלד פערגעסען, אז זיא האט נאר געהאט א ברויטינאם מיט דעם נאמען געלידאוו. איך זעה יעצט וואס פאר א דומהייט איך האב דערמיט געטהאן. איך האב מיטלייד מיט דעם ארענטליכען געלידאוו'ן, דען איך קען מיך ליכט פארשטעלען דעם גליק וואס איהם ערווארטעט פאר אזא הערצלאזער פרוי.

נור באך ס'נימי (נאט מיט זיי) זאלען זיי זיך הייראטהען און לעבען וויא זיי ווילען. וואס געהן זיי מיך אן? איך דארף ניט פערגעסען, אז איך בין דא אין הויז יעצט ניט מעהר וויא אן איינפאכע גובערנאנטין, און קיין בעסערע בעהאנדלונג פון מיינע הערשאפטען דארף איך ניט פערלאנגען. דען וואס איז א גובערנאנטין, ניט מעהר וויא אן איינפאכע דיענסט און וואס פאר א רעספעקט קען א דיענסט ערווארטען?

דאך וועל איך שוין מעהר דא ניט בלייבען — האט זיא זיך בעשלאסען — איך קען ניט זיין צווישען אזעלכע מענשען, וואס האבען דאס הערץ אן ארמע גובערנאנטין אזוי צו קרייגקען. א, אנטאן, אנטא! וואס האסט דוא פון מיר געמאכט? צו וואס האסט דוא מיך געבראכט? דוא האסט מיך אין גרעסטען אונגליק געשטירצט און דיך זעלבסט האסט דוא אויך דערמיט רואינירט. איך וויים, אז נאך דעם פאמיליען-גליק וואס דיא האסט גענאסען אין מיין געגענווארט, קענסט דוא שוין גליקליך ניט זיין.

אבערמאלס האט זיך א שטראם טרערין איבער איהרע באקען א גאס געטהאן. דיא זיסע פערגאנגענהייט מיט דער ביטערער געגענווארט האבען זיך יעצט

פאר איהרע אויגען פארגעשטעלט און דערפון איז ארויסגעקומען זעהר א ביטערעס בילד.

זיא איז אזוי אבגעזעסען איינינע שטונדען. דער זיינער האט שוין געוויעזען צוועלף האלבע נאכט און זיא האט נאך גאר ניט גערייננקט שלאפען צו געהן. איהר קומער וואר צו גרויס זיא זאל קענען רוהען. דיעזע בעליידיגונג וואס זיא האט אין דער נאכט געהאט פון גערידאוו׳ס כלה, האט אויסגעגראבען עראינערונגען פון דער גליקליכער שעהנער פערגאנגענהייט. דיא ליעבע צו אנטאנען האט זיך אין איהר מיט גרויסער קראפט ערוואכט, און אבוואהל דיעזער מאן האט זיא אלס גרעסטער טיראן בעהאנדעלט, האט זיא דאך געפיהלט אז זיא ליעבט איהם נאך. זיא אליין האט זיין טיראנישער בעהאנדלונג פערטהיידיגט דערמיט, דאס שלעכטע מענשען האבען איהם צו דיא אלע סקאנדאלען געבראכט, און וויא באלד שלעכטע מענשען האבען זיך דא ארייננעמישט איז ער גאר ניט שולדיג.

מיט פערגעניגען איז זיא פערטיג געווען איהם צו פערצייהען דיא זינדע, וואס ער האט געגען איהר בעגאנגען, ווען ער זאל איהר נור איין גוט ווארט זאגען און זאל געשטעהן אז ער האט געגען איהר געזינדיגט. אבער אויף אזא גליק האט זיא גאר ניט געקענט האפען, דען זיא האט נאך אלץ געגלויבט, אז אנטאן לעבט נאך יעצט אויף מיט דעם אירטהום, אז זיא איז איהם פאלש געווען. זיא האט גערעכנט, אז אנטאן איז צופריעדען דערמיט וואס ער האט זיא בעשטראפט, און איז פון איהר בעפרייט געווארען.

א קלאפ אין טהיר האט זיא וויא פון א שטארקען שלאף ערוואכט.

— איהר שלאפט שוין, סוסאנא? — האט זיא דערהערט גערידאוו׳ס שטימע

— זיא האט געשווינד דיא טהיר געעפענט.

— איך האב אבער באלד פערשטאנען אז איהר שלאפט ניט — האט גערי־דאוו געזאגט — דארום האב איך מיך געוואגט ביי אייך אנצוקלאפען און אייך אום ענטשולדיגונג בעטען פאר דעם וואס מיינע בראוט האט אייך זא בעליידיגט.

— איהר פערשפארט מיך אום ענטשולדיגונג צו בעטען — האט זיא זעהר ערנסט געענטפערט — אייער בראוט האט פאלעס רעכט געהאט מיך אזוי צו בע־האנדלען, ווייל איך בין נור א גובערנאנטין אין איהר ברויטיגאמ׳ס הויז.

— זאגט דאס ניט, מאדאם פעטראוו. מיר זיינען געוואוינט געווארען זאגאר אונזערע איינפאכע דינסטען אלס מענשען צו בעטראכטען, בעזאנדערס אייך, וואס איהר קענט זיך אין אלע פאכען פערגלייכען מיט אונז. אייך האבען מיר אימער זעהר געאכטעט און געשעצט. מיינע בראוט וואר, וויא איך פערשטעה, אין א שלעכטער לוינע, דארום האבען זיך פון איהר מונד ארויסגעכאפט אונאנשטענדיגע ווערטער.

— אבער, העדר גערידאוו, וואצו זאלט איהר זיך אזוי פערענטפערען? איך האב אייך שוין געזאגט, אז איך האב אויף אייער בראוט קיין פערדרוס. לעבט אייך מיט איהר אין גרעסטען גליק. איך וועל אלץ איינס אייך מעהר ניט בעלעסי־טיגען, דען נאך מארגען וועל איך אייער הויז פערלאסען.

— אום גאטעס ווילען, מאדאם פעטראָוו! וואס רעדט איהר? איהר ווילט אונז פערלאַסען?

— איך פערשטעה ניט. ווארום קימערט איהר זיך אזוי? זיינען דען אין מאָסקווא ווענינ גובערנאַנטינס צו בעקומען?

— אבער רעדט דאך ניט אזעלכע ווערטער, מאדאם פעטראָוו. עס האט זיך נאך ביז אהער קיין מאל נעטראפען, פון אונזער הויז זאל יעמאנד אלס בעליידיגטער אויס פערדרוס אוועקגעהן, און ווייטער דארף דאס אויך ניט טרעפען. איך זאג אייך זעלבסט, אז מיין בראוט האט א גרויס אונרעכט געטהאן געגען אייך. איך האב איהר דאפיר דיא ביטערסטע פאָרווירפע געמאכט, און זיא בערייהעט דאס זעלבסט פון הערצען, וואס זיא האט אייך אזוי שלעכט בעהאנדעלט.

— אבער, הערר נעלידאָוו, אייער שולדינקייט איז, איהר זאָלט אייער בראוט קיינע שמערצען פערשאפען. לויט איך פערשטעה, שמעקט עס איהר ניט וואס איך בין דא. דארום מוזט איהר נעדולדיג אזא קליינינקייט ערטראגען.

— ניין, מאדאם פעטראָוו, איך גלויב ניט, איהר זאָלט אונז אזוי הארט בעשטראפען. איך זאָג אייך אין פאָלען ערנסט, אז מיר ווילען דאס פאר דער הארטעסטער שטראפע בעטראכטען, ווען איהר וועט אונז פערלאַסען. וואס אנבעלאנגט מיין בראוט, גלויב איך, אז איהר מוזט געוויס געדענקען וואס איך האב מיט אייך פיעל מאָל ווענען איהר גערעדט. איך האב שוין פון א לאנגע צייט געפיהלט צו איהר א שרעקליכע אנטיפאטיע. נור איהר מיט אייערע ווערטער האט מיך אויפגעמונטערט איך זאָל זיך פון דעם ניט־וויסענדיג מאכען און זאל איהר א ליעבענדער ברויטיגאם זיין. אייך האט זיא צו דאנקען דערפאר, וואס איך האב איהר א בריעף געשריעבען זיא זאל קומען צו מיר, און ווען איהר וועט אונז פערלאסען, דאן....

— וואס וועט דאן זיין?

— וועט זיך דיא אנטיפאטיע וואס איך האב פריהער צו איהר געהאט, גאר אויף דאס נייע אין מיר ערוואכען און פון אונזער בונד וועט גאר ניט ווערען. איהר פערשטעהט?

— דאס איז שוין צופיעל איבערטריבען — האט מאריא געזאגט — צוליעב אן איינפאכער גובערנאנטין שיידעט מען זיך ניט פון א בראוט.

— אבער איך שווער אייך, אז דיא קרענקונג, וואס איהר וועט מיר פערשאפען דורך אייער אוועקגעהן פון דאנען, וועט מיך ניט לאזען רוהען און וועט מיך צווינגען איך זאל זא האנדלען וויא איך האב אייך געזאגט.

— אויב אזוי בלייב איך — האט מאריא געענטפערט — איך וויל ניט אז אויף מיין געוויסען זאל ליגען דיא שולד פון אזא צערטרענונג.

— איך דאנק אייך זעהר מאדאם פעטראָוו! — האט ער געזאגט איהר דיא האנד רייכענד — איך האף אז איהר וועט נאך מיין בראוט אויך פערצייהען און איהר וועט בלייבען דיא בעסטע פריינדינס.

— עס קען זיין זיין — האט מאריא פלעגמאטיש געענטפערט.

— ניט עס קען זיין, עס וועט נעוויס אזוי זיין, איך מוז מאכען אז מיין בראוט זאל אייך אום פערצייהונג בעטען.

— אָה, טהוט דאס ניט, דאס בעשוועהר איך אייך ביי אלעם וואס ביי אייך איז הייליג און טהייער — האט מאריא מיט פייער נעזאגט — איך וויל ניט, איך פערלאנג דאס דורכאויס ניט.

— נו, שא ערגערט זיך ניט אזוי. ווען איהר פערלאנגט דאס ניט, וועל איך דאס ניט טהאן. אבער איהר פערבלייבט ווייטער ביי אונז?

— יא.

— נו, דאנק איך אייך נאך א מאל, און ווינשע אייך א גוטע נאכט.

ער האט איהר זעהר פריינדליך דיא האנד געדריקט און אוועקגעגאנגען אין זיין צימער.

— גוטער עדלער מענש! — האט מאריא געזאגט אלס זיא איז אליין געבליעבען. וויא בעדויערע איך דיך וואס דוא ווערסט הייראטהען מיט אזא אונמענשען וויא דיין בראוט איז. — ניין, זיא האט ניט דיא ווערטה דיין פרוי צו זיין. אבער וויא באלד זיא האט שוין יא אזא גליק עררייכט, ווינש איך אייך ביידען דאס גרעסטע גליק צוליעב דיר עדלער וולאדימיר.

211טעס קאפיטעל.

## ביי אַ גלעזעלע שאַמפּאַניער.

— דער קאפיטאן מאַלאיעוו ווינשט מיט איהנען צו שפרעכען — האט דער דיענער פון סמאטריטעל זיין ווירטה געמעלדעט.

— זאל ער אריינקומען — האט דער סמאַטריטעל געענטפערט.

מאלאיעוו איז אריינגעקומען אין סמאטריטעל'ס קאבינעט און האט זיך מיט איהם זעהר פריינדליך בעגריסט.

— וואס האב איך צו פערדאנקען דיא עהרע פון אייער בעזוך קאפיטאן, האט דער סמאַטריטעל זעהר העפליך געפרעגט.

— איך וועל דאס אייך שוין דערצעהלען ליעבער פריינד. אבער בעפאָר איך וועל מיט אייך ריידען וועגען דעם געשעפט וועגען וועלכען איך בין צו אייך געקומען, מוז איך אייך בעטען איהר זאלט זא פריינדליך זיין און לעשען דעם פייערינען דורשט פון מ"ין מאַגען. דען איך געדענק נאר דיא צייט ניט וואס ער האט אזא דורשט געהאט וויא יעצט.

— אך, מיט פערגעניגען. וואס ווילט איהר טהעע אדער ביער?

— ביידע זאכען נים.

— וואס דען?

— איך וויל מיך זעהן מיט א גלעזעל שאמפאניער.

— וואס, שאמפאניער אין מיטען העלען טאג.

— דער גוטער ברודער הערר שאמפאניער איז מיר צו יעדער צייט וו לקאָמען. נור, אזוי וויא ער איז זעהר א שטאָלצער הערר און אום איהם אראָפצוברענגען דארף

מען האבען א סך געלד, דארום וויל איך פאר איהם מיין טאש עפענען און עס מעג קאָסטען וויפיעל עס איז מוז איך איהם דא האבען.

ביי דיא ווערטער האט ער ארויסגעשלעפט זיין פּאָרטמאָנע פון זיין טאש, האט פון איהם ארויסגענומען פינף און צוואנציג רובעל און עס איבערגעגעבען דעם סמאָט־ריטעל האט ער געזאגט:

— איך גלויב אז פאר דעם געלד וועט זיך דער העדר שאמפּאניער ניט לאַ־לאזען בעטען און וועט קומען.

— אבער קאפיטאן, וואס איז דאס מיט אייך היינט. ניט אומזאָנסט וויל־איהר מיט איין מאל אזא סומע ספענדען אויף שאמפּאניער.

— געוויס איז דאס ניט אומזאָנסט, אבער דיא אורזאכע פון דעם וועל איך אייך דערצעהלען נאכדעם אז א פּאר פלאשען וועלען לעדיג ווערען.

— זעהר שעהן, פאר פינף און צוואנציג רובעל קען מען שעהנע עטליכע פלאשען שאמפּאניער בעקומען.

ער האט געשיקט זיין דיענער ברענגען א האלבע דוץ שאמפּאניער. און נאך בעפאָר דער ווייז איז געקומען איז דער סמאָטריטעל וועלכער וואר זעהר א הייסער ווייז־פריינד שוין פרעהליך געוואָרען.

— זאָגט דאָך מיר ליעבער מאלאיעוו וואס פאר א געשעפט האט איהר יעצט צו מיר — האט ער געזאגט זיך צורוקענד נעהענטער צום גאסט.

— איך האב אייך שוין געזאגט אז איך קען וועגען דעם ניט ריידען בעפאָר איך וועל לעשען מיין דורשט. האט געדולד פיאדאר מיראָנאָוויטש. דאס געשעפט וועט פון אונז ניט אנטלויפען.

עס האט לאנג ניט געדויערט, האט דער דיענער אריינגעטראגען זעקס פלאשען שאמפּאניער.

— בראוואָ! — האט מאלאיעוו אויסגערופען — יעצט זיינען נאר אנדערע ווערטער. נו, פיאדאר מיראנאוויטש, לאמיר אבגעבען כבוד אונזער זיסען גאסט און איהם צייגען אז טיעף אין אונזער הערצען קען ער א פּלאַץ געפינען.

צוויי שאמפּאניער גלעזער זיינען באלד אנגעפילט און אויסגעליידינט געווארען.

— דער שאמפּאניער איז ניט שלעכט — האט מאלאיעוו געזאגט — דאך מיט דער ערשטער גלאז קען מען נאך זיין קראפט ניט וויסען, א נו, פיאדאר מיראנאוויטש לאָמיר אַ פּרואוו טהאן וויא דיא צווייטע גלאז וועט זיך אין אונזערע גאָרגלען אראָפּ־גליטשען.

אבערמאלס זיינען דיא גלעזער אנגעפילט און אויסגעלעדיגט געוואָרען.

— איהר זייט א גוטער ברודער, ליעבער מאלאיעוו, — האט דער סמאָטריטעל מיט א פערגניגטע מינע געזאגט — איך האב אייך שוין לאנג דערקענט פאר איינעם פון דיא בעסטע מענשען אין דער וועלט. זאגט איך בעט אייך וואס פערלאנגט איהר פון מיר, איך וועל פון אייערט וועגען אלעס טהאן.

— איך ווייס אז פון מיינעטוועגען איז פאר אייך קיין זאך צו שווער צו טהאן — האט מאלאיעוו געענטפערט — לאמיר־זשע גוטער ברודער געהמען צו דריטע גלעזר

ד, דען איך האב שוין אזא נאטער אז וואס מעהר וויין איך טרינק בעוועגט זיך דיא צונג אין מיין מויל אליץ בעסער.

— איך קען אייך צוליעב טהאן און נאך א גלאז טרינקען.

צום דריטען מאל האבען זיך דיא גלעזער אויסגעלעדיגט.

— יעצט פיאדאר מיראָנאוויטש, וועל איך אייך זאגען וואס מיך האט אהער צו אייך געבראכט. ווילט איהר מיך אויסהערען?

— מיט פערגעניגען.

— געפינט זיך ביי אייך אין געפענגניס אן ארעסטאנט מיט דעם נאמען מיכאיל ברענער?

— יא.

— איהר ווייסט ווער דער מענש איז?

— איך האב געהערט אז ער איז געוועזען איינער פון אייערע אגענטען.

— יא, דאס איז וואהר, ער איז ווירקליך געוועזען איינער פון אונזערע אגענטען. מיר האבען דיעזען מאן פראָטעזשירט וויא וויט מיר האבען געקענט. אבער מיר האבען נאר פערגעסען אז ער איז א זשיד, און א זשיד ווייס פון קיין דאנקבארקייט ניט. אין גענענטהייל, וואס מעהר גוטעס מען טהוט מיט דיא סוביעקטען ווערען זיי אליץ גרעסערע פיינדע.

— וואס האט ער אייך אזעלכעס געטהאן?

— איהר ווייסט פאר וואס ער זיצט יעצט אין געפענגניס?

— ריכטיג ווייס איך ניט, נור איך האב געהערט אז ער איז בעשולדיגט אין א מאָרדטהאט.

— דאס איז ריכטיג, — דיעזער באנדיט האט זיך בענוצט מיט דער אמט וואס מיר האבען איהם געגעבען, דיא גרעסטע מערדערייען און סקאנדאלען צו בעגעהן. זא צום ביישפיעל האט ער ערמאָרדעט א געוויסען זשיד מיט דעם נאמען וואהרהאפטיג און האט איהם בערויבט.

— ווירקליך? ער האט דאס ערמאָרדעט וואהרהאפטיגען?

— יא, ער צוזאמען מיט דעם צווייטען ארעסטאנט וואס זיצט ביי אייך, א געוויסער יאקאב פיין. אבער דאס איז נאך נאר ניט, ווייסט איהר וואס דיעזער מערדער האט ווייטער געטהאן?

— וואס?

— ער האט מורא געהאט פיעללייכט וועט מען ערפאהרען אז ער איז וואהרהאפטיג'ס מערדער, איז איהם איינגעפאלען דער טייפלישער פלאן ער זאל אין דעם פראָצעס אויף דעם פאָלקאָווניק מאלינבערג'ן ארײנשלעפען.

— וויא איז דאס מעגליך?

— הערט אן איינפאל פון א זשידאָווסקין מערדער. ער האט גענומען דעם ער־מאָרדעטען וואהרהאפטיג'ס געלץ און האט איהם געבראכט צו דעם פאלקאווניס מאלינבערג מיט דעם אויסרייד אז דיעזען געלץ האט ער געקויפט אויף א יאריד און ער וויל איהם אוועקשענקען דעם פאלקאווניק אלס פרעזענט. זעלבסטפער־

שטענדליך אז מאלינבערג האט דיא מתנה מיט דאנקבארקייט אנגענומען. האט איהם געקענט איינפאלען אז דיזער זשידאק וועבט דערמיט פאר איהם א נעץ?

— דאס איז אונמענשליך! — האט דער סמאָטריטעל אויסגערופען.

— אהא, זעהט איהר שוין פיאדאר מיראנאוויטש צו וואס שלעכטע מענשען זיינען פעהיג? דער פאלקאוונִיק וויא איך האב אייך געזאגט, האט דעם פעלץ צו־גענומען און האט איהם אויפגעהאנגען ביי זיך אין קליידער צימער. צום אונגליק האט איינער פון וואהרהאפטיגס בעקאנטע דיזען פעלץ דערקענט און האט וועגען דעם בעריכטעט אין דער פאָליציי. עס האט זיך אנגעהויבע א סליעדסטווא (נאכפאָרשונג) און מאלינבערג האט גלייך דערצעהלט וויא אזוי דער פעלץ קומט צו איהם. אז דיזער שורקע ברענער האט עס איהם געגעבען, דארום האט מען דאס דעם מערדער פערהאפטעט. יעצט האט ער געשיקט אנזאגען דעם פאלקאוונִיק אז אין פאל ווען ער וועט איהם פון געפענגנים ניט בעפרייען, וועט ער דאן דיא גאנצע שולד פון דעם מאָרד ארויפווארפען אויף איהם.

— דאס איז ניעדערטרעכטיג! — האט דער סמאָטריטעל א געשריי געטהאן.

— עס קען גאר ניעדערטרעכטיגער ניט זיין. דער פאָלקאָוונִיק איז יעצט אויסער זיך. דען שטעלט אייך פאר וואס פאר א מיינונג דיא וועלט קען האבען פון איהם, ווען ברענער וועט זאגען, אז ער האט מיט איהם צוזאמען וואהרהאפטיגען ערמאָר־דעט. אבוואהל ביי דער סליעדסטווא וועט זיך ארויסציינען וויא צוויי מאל צוויי איז פיער, דאס מאלינבערג איז דא אונשולדיג וויא א קינד. אבער פון דעסטוועגען וועט פארט בלייבען א פלעק אויף זיין שעהנעם נאמען. ער האט מיך געפרעגט א ראטה וואס ער זאל טהאן און איך האב איהם גלייך זעהר א גוטען ראטה געגעבען.

— וואס פאר א ראטה האט איהר איהם געגעבען.

— איך האב איהם געוויזען אן איינפאכען פלאן, וויא אזוי צו פערשליעסען ברענערס מונד, ער זאל זיך גאר ניט עפענען עטוואס שלעכטעס צו ריידען אויף אונשולדיגע מענשען.

— וואָס איז דאס פאר א פלאן?

— מען זאל דעם מערדער שטילערהייט אבשיקען אין יענער בעסערער וועלט.

— דער סמאָטריטעל האט איהם פערוואונדערט אנגעקוקט.

— וואס קוקט איהר מיך אזוי פערוואונדערט אן, פיאדאר מיראנאוויטש?— האט מאלאיעוו שמייכלענד געזאגט — בעטראכט איהר דאס פיעללייכט פאר א זינדע, אזא מערדער פון דער וועלט אבצושאפען?

— אבער וויא אזוי מיינט איהר זאל מען איהם פון דער וועלט אבשאפען?

— וויא אזוי? דאס איז א שעהנע פראגע. איז דען דא ווענִיג מיטלען א הונד צו טוידטען?

— יא פאר א הונד איז דא פיעלע מיטעלן, ווייל פאר דיא מיטעלן קומט שטראפע, אבער ביי א מענשען איז דאס גאנץ אנדערש.

— זעלבסטפערשטענדליך, אז ווען מען זאל דאס מאכען אונפאָרזיכטיי

מען פאר אזעלכע זאכען בעשטראפט ווערן. אבער אזעלכע לייטע וויא מיר זיינען, קענען דאס אבארבייטען אזוי פיין, דאס זאגאר א האהן זאל קיין קרעה ניט טהאן.

— דאס איז זעהר א שווערע זאך הערר מאלאיעוו.

— נו, ווען איהר ווילט זיך דערצו ניט בעשליסען דארף מען ניט. נעהמען מיר נאך צו גלעזעלאך שאמפאניער.

— דאס יא.

באלד זיינען דריי פלאשען געשטאנען לעדיג און ביידע פריינדע זיינען זעהר לוסטיג געוואָרען.

— ליעבער פיאדאָר מיראנאָוויטש ! — האט מאלאיעוו געזאגט ערגרייפענד דעם סמאָטריטעלס האנד — טהוט מיר דיא געפעלינקייט וואס איך האב אייך געבעטען. לאמיר דעם זשידאק דאס מויל פערשליסען.

— איך האב פורכט ליעבער פריינד — האט דער סמאָטריטעל געשטאמעלט.

— איך נעהם אלע פעראַנטוואָרטליכקייט אויף זיך, אייך וועט איין האר ניט געקרימט ווערן. פיעללייכט פירכטעט איהר פאר דעם פערברעכען, לאזט מיך וועל איך דאס אליין טהאן. איך בעט אייך פיאדאָר מיראָנאָוויטש, ענטזאגט מיר ניט דיא קליינע ביטע, איך וועל אייך אימער דערפאר דאנקבאר זיין.

ביי דיא ווערטער האט ער דעם סמאָטריטעל ארומגענומען און האט איהם אנגעהויבען צו קושען.

— איך בעט אייך פיאָדאָר מיראנאָוויטש, — האט מאלאיעוו ווייטער געזאגט. ענטזאגט מיר ניט דיעזע ביטע, איך וועל אייך געוויס דאפיר אָבדאנקען.

— נו, נענוג צו בעטען, — האט דער סמאָטריטעל מיט שיכורע גרימאסען געענטפערט — איך וועל דאס אייך טהאן, אבער איך זאל דערפון קיינע שמערצען האבען.

— זייט זיכער, אז איהר וועט דערפון דיא גרינגסטע שמערצען ניט האבען. וועט איהר מיך יעצט פיהרען צו דעם זשידאק אין דער צעלע ?

— איהר ווילט שוין דיא בלוטיגע חתונה אבשפיעלען ?

— יא, וואצו זאלען מיר דאס אבליינגען ? אין דיעזער שטונדע זאל דער הונד דעם טוידט געפינען.

— און וויא וועט זיין מיט דעם וועכטער ?

— דאס פערלאזט זיך שוין אויף מיר. איך וועל מיט דעם וועכטער וויסען וויא צו האנדלען, ניט מיר נור אהער א פלאש שאמפאניער.

— וואס פערלאנגט איהר פון מיר פריינד מאלאיעוו. וואס זאל איך טהאן ?

— איך פערלאנג, איהר זאלט מיך נור צופיהרען צו דעם זשידאקס צעלע און זאלט הייסען דעם וועכטער ער זאל מיך אהין אריינלאזען.

— נו! קומט — האט דער בערוישטער סמאָטריטעל געענטפערט און איז מיט מאלאיעוו'ן ארויסגעגאנגען.

212טעס קאפיטעל.

# אַהער אדער אהין.

נים אהין און ניט אהער.

דאס זעהען מיר ביי יאַזעף לעהמאַן. דער יונגער מענש האט נאך אלץ גע־שוועבט צווישען ליעבע און האס; צווישען ראכע און מיטלייד.

וועגען דעם וואס סאנקא האט ווירקליך איהר עהרע אן אנזיערן אבגעגעבען, דאס איז ביי איהם קיין צווייפעל געוועז; אבער דאך האט ער מיט איהר גרויס מיטלייד געהאט, ווייל ער האט געדעכענט, אז ניט אוים גוטען ווילען האט זיא פון זיך איהר עהרע אראפגעוואָרפען זאָנדערן זיא וואר דערצו געצוואונגען.

איהם האט יעצט גאר אן אנדער זאך פערדראָסען, ווארום איז סאנקא אזוי פרעך און בעוויזט זיך פאר איהם אלץ אלם יענעס אונשולדינעס קינד וואס זיא איז געוועזען אין דאנילאָווקא. וויא האט זיא מוטה איהם צו קוקען גלייך אין געזיכט און ניט רויטה ווערן איבער דיא אויערן. דאס איז וואהר, אז זיא מיינט דאס ער וויים פון איהר שאנדע ניט, אבער זיא האט דאך פאר זיך אליין זיך בעדארפט שעמען מיט איהם צו שפיעלען דיא ראָליע פון א קיישעס מעדכען.

— האט זיא שוין אין זיך קיין געוויסען מעהר? — פלעגט ער אימער צאָרניג אויסרופען — דען וויא איז דאס מעגליך, אז א מענש מיט געוויסען זאל זא אונפער־שעמט זיין. זיא האט בעדארפט טהאן איינס פון דיא ביידע: ענטוועדער פאר איהם זיך מודה זיין און איהם ערקלערן וואס איהר האט געבראכט צו דער זינדע, אדער זיך פון איהם ענטזאגען.

— איהר פאלשע ראָליע דאס איז נאך א גרעסערע זינדע אלס דיא ערשטע,— האט ער מיט כעס צו זיך געזאגט — דערפאר אליין האט זיא פערדיענט איך זאל פון איהר אנטלויפען וויא פון א ווילדער חיה. יא אנטלויפען מוז איך, און ווען איך וועל מיך אן איהר דערמאהנען וועל איך דריי מאָל אויסשפייען.

דאס איז אבער אלץ געוועזען נור געזאגט, ניט ער איז אנטלאָפען און ער האט אפילו איין מאל אויך ניט אויסגעשפיענען. עס האט איהם אויסגעוויעזען וויא א געהיימע קראפט האלט איהם פעסט צו און לאזט איהם פון דאנען ניט געהען. וויא איהם צו להכעים האט זיך אין זיין פאנטאזיע איהר געזיכט פאר איהם געמאָלט זא שעהן, זא רייצענד און ליעבענסווירדיג, דאס ער האט ניט געקענט אנטלויפען.

— וויא דיא גרויסע שטאָדט לערנט אוים דעם ארדענטליכסטען מאן פאלש צו זיין, — פלעגט ער מאנכעס מאל קלערן — ווער וואלט דאס געגלויבט, אז משה האָנינמאן וועט זיין אין שטאנד צו שפיעלע דיא ראָליע פון א פאָטער וואס איז איבערציינט אין זיין קינדס עהרליכקייט, וועהרענד אין דער ווירקליכקייט וויים ער זעהר גוט, אז דאס קינד איז אויף דער לעצטער שטופע פערדארבען. איך וועל מיך ניט איינהאלטען און וועל איהם זאגען, אז ער איז א לומפ, א פאלשער סוביעקט, א ניעדערטרעכטיגער מענש.

לומפען! זיי האבען דאס קינד בעהאלטען אלס איך בין צו ייי אין שטוב אריינגעקומען. זיי האבען געמיינט, אז זיי זיינען אין שטאנדע זיך מיט אזא שאנדע

צו בעהאלטען. חא, חא, חא! עהרליכע כשרה אידען! שעהנע כשרה אידען זיינען דאס. זיי האבען ניט דיא ווערטה מען זאל זיך מיט זיי בענעגנען.

אלץ רעכט. אבער ווארום פאהר איך אלץ ניט אוועק פון דאנען? — האט ער זיך צום טויזענדסטען מאל נעפרעגט — וואס טהו איך דא? אויף ווען ווארט איך אין מאָסקווא?

אלס אנטוואָרט אויף דיעזער פראגע האט ער א זיפץ נעטהאן. וויא ער זאָל זאגען:

— איך האב זיא דאך ליעב....

אלס ער איז איינמאָל געזעסען זא פערטיעפט אין זיינע געדאנקען האט איהם דער האטעל-בעדיענטער געמעלדעט דאס א פריילין פרעגט זיך צו איהם.

— דאס איז געוויס סאנקא! — האט ער ערציטערט א קלער געטהאן — זיא האט געמוזט ערפאהרען וואו איך וואוין און איז צו מיר געקומען מיר דיא אויגען צו בלענדען.

— איך בין צו הויזע ניטא! — האט ער צו דעם בעדיענטען צארניג א געשריי געטהאן.

דער בעדיענטער האט איהם ערשטוינט אנגעקוקט וויא ער זאל זיך קלערען איז דער מאן פעררוקט אדער שיכור?

— וואס שטעהסט דוא? — האט ער דעם בעדיענטען צארניג געפרעגט.

— וואס הייסט איהר זייט אין דער היים ניטא, אט זיצט איהר דאך? — האט דער פערבליפטער בעדיענטער געפרעגט.

— פאר דער פריילין בין איך צו הויזע ניטא. דוא פערשטעהסט?

— יעצט פערשטעה איך, — האט דער בעדיענטער געענטפערט און האט געוואָלט ארויסגעהען.

— שטעה נור! — האט יאזעף צו איהם א געשריי געטהאן — וואס פערלאנגט דאס מערכען.

— זיא פרעגט צו קען זיא יעצט מיט אייך שפרעכען.

— איך וועל הייסען זיא אהער אריינלאָזען — האט זיך יאזעף געקלערט — אבער איך וועל מיט איהר גאנץ אפען ריידען. וואצו טוינען מיר דיא אלע צערעד־מאניעס. איך וועל איהר זאגען גאנץ פשוט: סאָנקא איך קען דיך, און ווייטער וויל איך דיך ניט מעהר קענען, דערפאר וואס דוא ביזט אן אויסוואורף דער נאטור.

— נו, זאל איך איהר זאגען אז איהר זייט צו הויזע ניטא? — האט דער בעדיענטער געפרעגט.

— ניין, זאל זיא ארייגקומען.

דער בעדיענטער איז ארויסגעלאפען און באלד האט ער געעפענט דיא טהיר פאר אן עלעגאנט געקליידעטער יונגער פרוי פון בלענדענדער שענהייט.

— דאס איז גאר אן אנדערע — האט יאזעף געשטאמעלט און איז פון זיין ארט אויפגעשפרונגען. העפליך האט ער זיך געגען דער דאמע פערנייגט און האט געפרעגט מיט וועמען האב איך דיא עהרע צו שפרעכען!

— פריהער וויל איך וויסען צו האב איך דיא עהרע צו זעהען פאר זיך דעם הערך יאָזעף לעהמאַן — האט דיא פרוי געזאגט.

— יא פריילין, מיין נאמען איז יאזעף לעהמאן.

— און מיין נאמען איז בת־שבע ברענער.

— זעהר אנגענעהם, ביטע נעהמען זיי פּלאַץ און זאגען זיי מיר געפעלינסט מיט וואס קען איך אייך דינען.

— איך בין צו אייך הערר לעהמאן געקומען אין אייער אייגענער אנגעלעגענהייט, — האט בת־שבע מיט איהר פריינדליכען שמייכעל געזאגט.

— וואס זאל איך פערשטעהען אין אייערע ווערטער?

— איך בין א גוטע פריינדין פון אייער בראוט סאנקא האָנינמאַן.

— אזוי? — האט לעהמאן מיט א זויערע מינע געזאגט.

— יא הערר לעהמאַן, איך בין סאַנקאס א גוטע און פיעללייכט דיא בעסטע פריינדין און ווייל איהר שמערץ פיהל איך אויך, דאַרום האב איך מיר דיא מיהע געגעבען אייער אדרעסע אויסצוגעפינען אום מיט אייך אין ערנסט ווארט צו שפּרעכען.

— ביטע שפּרעכען זיי, איך וועל זיי אויפמערקזאם אויסהערען.

— איז דאס וואהר הערר לעהמאן, אז איהר זייט סאנקאס ברוטיגאם?

— איך בין דאס געוועזען — האט ער קאַלט געענטפערט.

— געוועזען? און יעצט שוין ניט מעהר?

— ניט מעהר מאדאם.

— ווייס דערפון סאנקא?

— וויא באַלד אז זיא האט אייך אהער געשיקט האט זיא אייך וואהרשיינליך געמוזט זאגען צו ווייס זיא פון דעם צו ניט.

— ניין מיין הערר, איהר האט אן איררטהום. סאנקא האט מיך צו אייך ניט געשיקט. זיא ווייס זאגאר ניט, אז איך האב אייך א בעזוך אבגעשטאטעט. אבער איך זעלבסט האב זיך דיא מיהע געגעבען אייך אויסצוגעפינען אום אלעס קלאָר צו וויסען וואו מיין ליעבע פריינדין האלט אין דער וועלט. דען זיא איז אין א פערצווייפעלטער לאגע, זיא ווייס ניט וואס מיט אייך איז געוואָרען. פריהער זייט איהר צו איהר צו הייס געוועזען און הייטע זייט איהר צו קאַלט געוואָרען.

— האט סאנקא דערפון שמערצען?

— דיא גרעסטע שמערצען אין דער וועלט.

— און איהר גלויבט דאס ערנסט?

— איך בין אין דעם איבערצייגט.

— זאגט דאס ניט מאדאם, איהר זייט אויך ניט מעהר וויא א מענש, איהר קענט גאר ניט וויסען וואס ביי יענעם אין הארצען טהוט זיך.

— וויא איך פערשטעה צווייפעלט איהר אין סאַנקאס טרייהייט און ליעבע צו אייך?

— ניין מאדאם, איך צווייפלע אין דעם ניט — האט לעהמאן מיט א ביטער שמייכעל געענטפערט.

— איך מוז אייך זאגען דיא וואהרהייט הערר לעהמאן, אז איך פערשטעה אייך ניט. ווילט איהר מיט מיר רעדען ערנסט וועל איך מיט אייך ריידען וויא מיט אן ערנסטען מאן; און ווען איהר האט לוסט צו שפאסען וועל איך אייך מעהר ניט בעלעסטיגען, אבוואהל איך קען אויך שפאסען, פיעללייכט נאך מעהר פון אייך.

— אבער מאדאם! — האט שוין לעהמאן מיט אן ערנסטע מינע געזאגט, איך ווייס ניט וואס ווילט איהר פון מיר?

— איך וויל נור וויסען דיא אורזאכע פון אייער קאלטקייט צו אייער אונגליק־ליכער בראוט.

— דאס וואס איהר ווילט איז נאך פאר מיר ווענינ. דאס וועל איך אייך ניט זאגען און איהר האט קיין רעכט דאס פון מיר צו פאָרדערן.

— איך האב פאָלעס רעכט דערצו — האט בת־שבע זעהר שטרענג געזאגט — ווען מען זעהט דאס א מערדער וויל אן אונשולדיגען מענשען שעכטען, האט יעדער איינציגער דאס רעכט איהם צו פרעגען, וואס האסט דוא צו דיעזען מענשען?

— אייער ביישפיעל מאדאם פאסט אהער גאר ניט — האט יאזעף מיט א שפאָטיישען טאן געענטפערט — מיך קענט איהר מיט א מערדער ניט פערגלייכען, ווייל דאמיט וואס איך ענטזאג מיך פון סאנקאן בעגעה איך קיין מאָרד, אויס דעם איינפאכען גרונד, וואס זיא האט זיך פריהער, פון מיר ענטזאגט....

— וואס? זיא האט זיך פון אייך ענטזאגט?

— יא מאדאם.

— דאס איז ניט וואהר, הערר לעהמאן; איך קען סאַנקא'ן זעהר גוט, איך ווייס וויא זיא ליעבט אייך, איך ווייס וויא זיא לעבט ניט דאדורך וואס איהר ווייזט זיך צו איהר אזוי קאלט. ניין! זיא האט זיך פון אייך ניט ענטזאגט.

— אייך צו ערקלערען ווארום איך זאג דאס זיא האט זיך פון מיר ענטזאגט קען איך ניט — האט יאזעף געזאגט — איינפאך דערפאר ווייל איך וויל זיא ניט בעליידיגען, אבוואהל זיא האט דיא גרעסטע בעליידיגונג פערדיענט.

— זיא האט פערדיענט בעליידיגט צו ווערן?

— יא מאדאם.

— מוז איך אייך ווייטער זאגען, אז דאס איז ניט וואהר. חייל אין דער וועלט גיעבען זעהר וועניג אזעלכע אָרדענטליכע מערכענס וויא זיא איז.

— עס קען זיין — האט יאָזעף שמייכלענד געענטפערט.

— הערר לעהמאן! — האט בת־שבע נאך א לאַנגער פויזע געזאגט — איך דערקען אן אייך, אז איהר זייט אן עדעל מאן, איהר געהערט ניט צו דער קלאסע מענער וואס ביי זיי איז זעהר לייכט צו בייטען זייערע כלות און זייערע פרויען, דארום וויל איך אייך בעטען אינ'ם נאמען דער גערעכטינקייט, איהר זאלט מיר ערקלערען וואס דא טהוט זיך. וועלכע אורזאכע האט אייך אבגעריסען פון אייער ליעבער בראוט?

— איך קען דאס אייך ניט זאגען מאדאם.

— ווארום קענט איהר דאס ניט זאגען?

— איך האב אייך שוין ערקלערט, דאס איך וויל זיא ניט בעליידיגען.

— אבער איהר אליין, עס הייסט סאנקאן וועט איהר דאס יא זאגען.

— אויך ניט.

— דאס איז זאנדערבאר. איהר מוזט אויך דעם מענשען וועלכען איהר האט פיינד ערקלערן דיא אורזאכע פון אייער האס צו איהם.

— דאס ווענדעט זיך אן דיא אומשטענד וואס זיינען אין דעם פערוויקעלט, מאנכעס מאל קען מען אזא זאך פריי זאגען און מאנכעס מאל איז דאס אונמעגליך פון׳ם מונד ארויסצורעדען.

— אבער דאס איינע בין איך נייגיעריג צו וויסען, האט זיך סאנקא געגען אייך פערשולדיגט ?

— יא.

— אין וועלכער הינזיכט.

— דאס קען איך אייך ניט זאגען.

— און זיא דארף אויף אייך ניט האפען ?

— ניין.

— קען איך דאס איהר איבערגעבען.

יאזעף האט געשוויעגען.

— איהר שווייגט הערר לעהמאן — האט בת-שבע געזאגט — איהר קענט דאס אויך פון אייער מונד ניט ארויסרעדען ?

— אבער מאדאם — האט לעהמאן בייז געזאגט — איך פערשטעה ניט, מיט וואס פאר א רעכט מישט איהר זיך אין אזעלכע זאכען? ווען איך האב עפעס מיט מיין כלה ויעל איך שוין אליין וויסען וואס איך האב צו טהאן.

בת-שבע האט געשמייכעלט.

— הערר לעהמאן — האט זיא געזאגט — איהר האט אייער סאנקא׳ן אויך יעצט ניט פיינד. דאס פערשטעה איך און דעם וואס איהר קענט זיך ניט ערלויבען איהר געגנעליך צו ענטזאגען. אבער מיין הערר, איהר דארפט דאך אין איהר לאנגע אויך אריינגעהען. איז עפעס גוט פאר א מענשען צו שוועבען צווישען פייער און וואסער, „אהער אדער אהין״ דאס איז דאס בעסטע פאר יעדען מענשען. ווילט איהר הייראטהען סאנקא׳ן, זאגט איהר אז זיא איז אייער בראוט. אויב ניט, זאגט איהר זיא זאל זיך זוכען אן אנדער ברויטיגאם.

— איך וועל דאס איהר דיא טעג לאזען צו וויסען.

— געוויס ?

— יא מאדאם.

— געדענקט-זשע הערר לעהמאן איהר זאלט ווארט האלטען. נאך אמאל זאג איך אייך: אהער אדער אהין! דערוויל אדיע, ענטשולדיגט וואס איך האב מיך געמישט אין אייערע געשעפטען און האב אייך אזוי בעלעסטיגט. איהר דארפט זעלבסט פערשטעהן, אז איך האב דאס געטהאן נור צוליעב מיין אונגליקליכע פריינ-דין וועלכע האט צוליעב אייך קיין רוהע. איך מוז נאך אמאל וויעדערהאלען מיינע ווערטער „אהער אדער אהין״.

### 213טעס קאפיטעל.

## עס וועט שוין זיין רעכט.

נאָלדע דיא טענדלערין איז געשטאנען נעגען שפיגעל און האט זיך געפוצט. אויף איהר געזיכט איז געלעגען א פערגניגט שמייכעלע. עס וואר לייכט צו דער־קענען אז זיא האט פון זיך זעלבסט שטארק פערגניגען און זיא געפעלט זיך אליין זעהר גוט.

— דיא גוטע יאהר זאל איך האבען, וואס איך בין נאך היינט שעהנער פון אלע היינטיגע מאמזעלקעס (מאדמאאזעלען) — האט זיא שמייכלענד געזאגט. קיינער וועט זאגען אז איך בין שוין אהן אנהארע (עין הרע) אלט איבער פופציג יאהר. מעהר קען מען מיך ניט שאצען וויא דרייסיג, העכסטענס 31 יאהר. עס איז אן אונ־גליק אויף מיר וואס איך האב דא א טאכטער פון איבער דרייסיג יאהר, דורך איהר פערשטעהט מען אז איך בין שוין ניט קיין יונג ווייבעלע. דאס איז אויך אויף מיר אן אונגליק וואס איך קען מיך ניט פערפוצען וויא א היינט־מאָדישע דאמע. אלע זיינען געוואוינט געווארען מיר צו זעהען געקליידעט אלטמאָדיש. עפעס פאסט ניט, איך זאל פון דער העלער הויט זיך פערפוצען נאך דער לעצטער מאָדע. נור ווען איך זאל דאס יא קענען טהאָן, בנאמנות אז דער פיינסטער יונגער מאן וואלט זיך נאך אין מיר פערליעבט. אנאָ איך וויל זעהען וויא וועל איך אויסוויזען אין שעהנע פריצעשע קליידער און אין שעהנע ציערונג.

זיא איז אריינגעגאנגען אין צווייטען צימער, האט פון דאָרט ארויסגעטראגען א פעקעל קליידער, פון דעם פעקעל האט זיא ארויסגענומען א רויט סאמעט קלייד וואס זיא האט ערשט נעכטערן אבגעקויפט ביי א רייכער קריסטין. האט עס אנגע־צוינען און האט זיך געמאכט אן אונגעהייער גרויסען טיורניור. נאכהער האט זיא אויסגעזוכט א בלאנדען פאריק מיט א פאר לאנגע צעפ, האט עס אנגעטהאן אויפ'ן קאפ, אין דיא אויערן האט זיא אריינגעשטעקט א פאר דיאמאנטענע אויעררינגע, אויך אויף דיא פינגער האט זיא ארויפגערוקט עטליכע רינגען. דאביי האט זיא גע־נומען א פאכער אין דער האנד און שטעהענדיג נעגען שפיגעל האט זיא זיך אנגעהויבען צו פאָכען.

— וואונדער שעהן! — האט זיא ענטציקט אויסגערופען — קיינער וועט זאגען א קוקטהאנדיג אויף מיר יעצט אז איך בין א יודיש קינד, איך וויז אויס וויא א געבאָרענע פריצה. וויא א שעהנע גענעראלשע.

פלוצלונג האט זיא זיך א צאפעל געטהאן וויא יעמאנד זאל זיא פון הינטען א ביס טהאן, דען דיא טהיר האט זיך אויפגעעפענט און אונזער מערי איז אריינ־געקומען.

נאָלדען איז אזוי פינסטער געווארען אין דיא אויגען, דאס זיא האט זיך אנ־געהאפט אן א שטוהל זיא זאל ניט פאלען.

— איז דיא טענדלערין אין דער היים? — האט מערי רעספעקטפאל געפרעגט. נאָלדע האט באלד געפאסט מוטה און האט געענטפערט:

— מיך דארפט איהר ?

— אייך ?.... וואס זעה איך דאס, זייט איהר מאדאם ? — האט מערי ארום־גערופען און האט זיך מיט אלע קרעפטען אייננעהאלטען זיא זאל זיך ניט פער־נאנדער לאכען.

— עס פערשטעהט זיך אז דאס בין איך. ביי מיר איז שוין אזא מאָדע אז יעדע זאך וואס איך קויף מעסט איך אן אויף זיך· אום איך זאל זעהן צו האט מען מיך ניט אפגענארט און וואס פאר א פרייז איך קען דערפאר נעהמען. איהר זייט דאך עפּעס א היינטוועלטינע פריילין, זאגט איהר זאלט מיר לעבען, וויא ליעגט אויף מיר דאס קלייד, א יא שעהן ?

— שעהן ! פּראכטפאָל שעהן — האט מער געענטפערט און איהר האט פיעל מיה געקאָסט ניט אויספּלאצען מיט א געלעכטער — איך האב אייך גאר ניט דער־קענט, איך האב געמיינט אז איך זעה פאר זיך אן עלעגאנטע וועלט־דאמע.

— טאקע ? — האט גאָלדע זעהר מיט א פערגניגט שמייכעל געפרעגט.

— איך מאך קיין שפּאס. מיר איז טאקע א וואונדער פאר וואס איהר זאלט זאנאר אין דער גאס ניט ארויסגעהן אזוי געקליידעט, וואס איז אייך פּאַסט דאס ניט ?

— אָי, וואס רעדט איהר, נאָט איז מיט אייך ! איהר ווילט מען זאל נאך מיר נאכלויפען וויא נאך א משוגענע ? מיר ארימע ווייבער מישטיינס געזאגט טאָהרען קיין זאך ניט טהאן. טאָמער פערגינען מיר זיך א שטיקעלע פערגניגען מאכט מען פון אונז חוזק וויא פון דעם גרעסטען נארר. נור גלויבט מיר פריילין לעבען, אז דאס וואס אונזערע ווייבער האבען שכל אין דיא קעפּ האבען דאס ניט דיא היינטינע מאָדישע דאמיצעס (דאמען) אפילו אין זייערע פּיאטעס. נישט מער מישטיינס געזאגט מיר ווילען זיך דאס הארץ ניט נאכגעבען. יא, מחשבות'ן איהר זייט דאך געוויס געקומען צו אייער געשוועסטער־קינד.

— ניין, איך בין געקומען צו אייך.

— צו מיר ? איהר ווילט אפשר ביי מיר עפּעס קויפען ? אט קויפט חלעבען דאס קלייד וואס איך טראג יעצט. דאס האב איך אפּגעקויפט פון א גענעראלשע, זאלען מיר דאס ביידע דאס אייגענס האבען חאָטש אין צעהן יאהר ארום וואס דער גענעראלשעס קיך־געפּעס האבען איהר אפּגעקאָכט, איך בין איין מאל ארייננעקומען צו איהר אין קיך בין איך פּשוט שיער בלינד געווארען קוקענדיג אויף דיא רייכקייט וואס איך האב געזעהן. דאס קלייד וואס איהר זעהט יעצט אויף מיר האט דער גענעראלשע אבגעקאָסט געוויסע צוויי הונדערט קארבען און איהר קענט זיא קויפען נאר פאר וואָלוועל.

— ניין, גוטע פרוי, איך וויל יעצט קיין קלייד קויפען, איך בין צו אייך גע־קומען נאר ווענען אן אנדער זאך.

— ווארטס א ווײלע איהר זאלט מיר לעבען. איך וועל נור נעהן אראפּווארפען פון זיך דיא שמאטעס, נאָט זאל מיך ניט שטראפען פאר דיא רייד, דיא זאך וואס מען איז ניט געוואוינט געווארען צו טראגען ליעגט עפּעס ווי א טארב

אויף דיא פלייצעס. טפוי, קיין נוטער איד זאל דאס ניט קענען. זיצט א מינוטעטשקע באלד קום איך צוריק.

זיא איז אריינגעלאפען אין צווייטען צימער און אין צעהן מינוטען ארום איז זיא צוריק ארויסגעקומען נעקליידעט אין איהרע אלטמאדישע קליידער.

— וויא, איצט בין איך וויא זאגט מען דאס אויס פריצה, וויטער טענדלערקע, האט זיא לאכענד געזאגט, איצט קען איך שוין מיט אייך אביסעל מעהר ריידען. זאגט איהר זאלט מיר לעבען וואס פערלאנגט איהר פון מיר. איהר זייט מיר אפשר געקומען אנזאגען דיא נוטע בשורה אז אייער נעשוועסטער־קינד איז צום שכל נעקומען און האט אבגעלאזט דעם נארישען שידוך וואס ער האט געטהאן מיט ראָטה־בלום'ס שטרייענע פאנע.

— ניין ער וויל דעם שידוך בשום אופן ניט אפלאזען. אבער איך וויל אייך פרעגען אין אנדער זאך, איז דאס טאקע אמת אז זיינער א פעטער האט איהם איבערגעלאזט עטליכע מיליאן ירושה ?

— נאָט איז מיט מיר. האט ער אייך דערפון נאר ניט דערצעהלט ?

— ער לייגענט זיך פאר מיר, ער זאגט אז דיא גאנצע מעשה איז א ליגען.

— חע, חע חע ! א ליגען איז דאס, זאל איך מיט אייך חאַטיש נאך אין צעהן יאהר ארום פערמענען, וואס עס טרעפט אין דיא פראָצענטען פון דעם געלד וואס זיין פעטער האט איהם איבערגעלאזט. נור איך פערשטעה פאר וואס ער וויל אייך דעם אמת ניט זאגען.

— פאר וואס ?

— מסתמא האט ער מורא, אז איהר וועט ביי איהם בעטען א שטיקעל חלק, און פאר וואס זאל ער אייך טאקע ניט געבען קיין חלק ? אז גאָט האט איהם אזוי בעגליקט דארף ער זיינע שוועסטער־קינדער אויך אין זינען האבען. איהר ווייסט פריילייין קרוין וואס איך וועל אייך זאגען ? אז צווישען אונז נערעדט איז אייער גריץ נאר ניט קיין גוטער מענש. כ'לעבען איך האב פון איהם אזא שלעכטסקייט ניט ערווארטעט. איך ווייס אז ווען דער רבונו של עולם זאל מיך מזכה זיין חאָטיש מיט איין מיליאָן רובעל, וואלט איך אלע מיינע קרובים גליקליך געמאכט, עפעס א קאַ־טאָוועס איינענע בלוט. הלואי זאלען מיר ביידע חאטש נאך אין צעהן יאהר דעם איינענס האבען, וואס מיין זיידע עליו השלום האט צוטהיילט ארימע קרובים. איך האב נעהאט א זיידען א גביר, צו זיין חתונה האט מען אויף צעהן מייל וויט אויס־געבעטען אלע גאסען מיט סאמעט און מען האט איהם אויף דעם צו דער חופה געפיהרט. מען האט דענצמאָל געמאכט וועטשערעס פאר פערמדע ארימע לייט וואס יינען פון טויזענד מייל ארום געקומען צו דער חתונה ווייל זיי האבען געוואוסט אז זיי וועלען דא חאפען א שעהנס נדבה און וועלען עסען פון כל טוב.

— זאגט איהר אז ער האטווירקליך אזא טהייערע ירושה ?

— איך אליין זאג ? און ווער זאגט דאס דען ניט ? דוכט זיך אלע ווייסען שוין פון דער נייעס. מען שלאגט איהם פשוט אפ דיא טהירען, זיינע בעקאנטע קומען צונעהן איהם בעטען ער זאל זיי לייהען אדער זיי געבען שטעלען אין דיי:

געשעפטען וואס ער וועטמאכען. איך האב פיינד צו זאגען, ער זאגט זיי אפילו אלעמען צו גרויסע גליקען, נור צו ער וועט האלטען וואָרט דאס ווייס איך ניט. אפשר וועט ער זיי טאקע שפעטער צו־וואָרפען עטליכע ביינדלאך. אבער דאס וואס ער לייגנעט אזא זאך פון אייך, זיינס א לייבליך שוועסטער קינד, דאס איז דיא גרעסטע עולה. איך אליין וועל איהם זאגען אז דאס איז א גרויסע עולה. איך שעהם מיך גאר פאר איהם ניט, ער מעג זיך טאקע האבען מיליאנען און איך בלייב גאָלדע דיא טענד־לערקע. הלואי ווייטער, איך האב קיין מאל ביי איהם קיין לאסקע ניט נעבעטען און וועל דאס ווייטער אויך ניט טהאן. איך האב פיינד צו זאגען, אנטקעגנען מיר איז ער זעהר פיין, אָט למשל האט ער מיר צונעזאגט אז ווען ער וועט שוין איינמאנען זיינע מיליאנען וועט ער פאר מיר אפקויפען דאס הויז וואו איך וואוין יעצט. מאכטייסע, וועט ער דאס טהאן וועל איך איהם נעווים דערפאר ניט שעלטען. אבער אן אמת האב איך ליעב צו זאגען אין דיא אוינען אפילו מיין אייגענעם טאטען....

— אבער זאגט מיר גוטע פרוי, יעצט האט ער עפעס א סך געלד ?

— וואס פרעגט איהר דא, האט מיר קיין פעראיבעל ניט, אזעלכע נאַררישע קשיות. איהם איז א דאגה איצט מיט געלד. הלואי זאלען מיר ביידע חאָטש אין צעהן יאהר דאס איינענס האבען וואס ער קען איצט קריגען געלד. וואוהין ער וועט ארייננעהן, ווען ער וועט בעטען וועט מען איהם טראגען אנטקעגען טויזענדער רובעלס. עפעס א קינדערשפיעל איז דאס אזא מענש וואס דארף באלד אפנעהמען מיליאנען. אָט וויא איהר קוקט מיך אן, איך בין ניט קיין גבירה, פון דעסטוועגען זאל ער מיר נור בעטען איך זאל איהם געבען געלד, וועל איך איהם אוועקגעבען וואס איך האב. נו, און אייך וויל ער גאר קיין געלד ניט געבען ?

— איך האב דאך אייך שוין געזאגט, אז ער לייגנעט זיך פאר מיר און זאגט אז ער האט גאר קיין ירושה ניט, אז דיא גאנצע מעשה איז א ליגען.

— זאגט איהם אז ער איז אליין א גרויסער ליגנער. פע, חלשות וויא איך בין א אידישע טאָכטער, מען זאל זיך ניט וועלען לאזען געפינען פאר אן אייגענעם שוועסטער קינד. נעהמט זיך נור צו איהם אביסעל שטארקער, וועט איהר זעהן וויא ער וועט גאר אנדערש ווערען. מיט דיא לייט דארף מען וויסען וויא צו האנדלען. מיט זיי טאָהר מען מיט גוטען ניט געהן, נור מיט בייזען.

— זייט זיכער, אז עס וועט שוין זיין רעכט. ער וועט מיר שוין געבען געלד וויפיעל איך וועל וועלען — האט מערי צאָרניג געזאגט.

— אָט אזוי. קענט איהר רייסען א פאס, רייסט. א גרויסע מצוה וועט איהר האבען, ווען איהר וועט צוקוקען קאלטבלוטיג וויא אלע זיינע מיליאנען גיט ער אָב ראָטהבלום׳ס רויטער מויד. איך פערשטעה גלאט ניט, פאר וואס זאָל ער טאקע מיט אייך אליין קיין חתונה ניט האבען ? דיא גוטע יאהר זאל איך האבען, וואס איהר זייט שעהנער פון דער רויטער פאווע. פאר וואס זאל אזא אייגענס פער־פרעמדט ווערען ? וועט ניט זיין מעהר מצוה, ווען עס וועט א־יינפאלען אין אייגענע הענד ? אויב איהר ווילט וועל איך מיך דא ארייגלייגען פאר א שדכן׳טע און וועל

איהם אזוי לאנג רייסען דיאביינער, ביז ער וועט מוזען אייער חתן ווערען. עס פערשטעהט זיך, אז מיין טרחה דארף דא ניט זיין אומזיסט.

— איהר פערשפּארט זיך מטריח צו זיין, גוטע פרוי. איהר קענט זיך אויף מיר פערלאזען, אז איך קען אליין אויך זיין א גוטע שדכנ׳טע: נור אזוי לאנג קריינקט ער, וויא לאנג איך וועל נאך ניט וועלען מיט איהם חתונה האבען. איך וויל בעסער ער זאל מיר געבען א שעהנעם נדן. אבער טאקע אזא נדן, וויא איך וויל. וועט ער ניט געבען מיט גוטען, וועט ער געבען מיט בייזען.

— אויב איהר קענט איהם רייסען דיא צייהן, רייסט, פריילין קרוין. זאל ער טאקע וויסען, אז אנטקעגען אן איינענער גע׳שוועסטערקינד דארף מען זיין אביסעלע איידעלער.

— עס וועט שוין זיין רעכט! — האט מערי געזאגט אויפ׳שטעהענד פון איהר ארט — דערווייל א גוטען טאג. איך דאנק אייך זעהר פאר דעם וואס איהר האט מיר דיא אוינען געעפענט, איך זאל זעהן וואס פאר א שוועסטערקינד איך האב.

זיא האט נאלדעס האנד געדריקט און איז אוועקגעגאנגען.

213טעס קאפּיטעל.

## וואס ווייטער ליכטינגער.

— זאג מיר נור, יאניק, וואס וויל פון דיר דער זשיד וואהרהאפטיג האבען? — האט פיאדארא קאבאנאוו געפרעגט איהר מאן, וועלכער איז אהיים געקומען פון דער פאליציי.

— וואס איז? ער האט דא מיך געפרעגט?

— ער האט דיך דא געוויסע צעהן מאל געפרעגט.

— נו, וואס־זשע ביסט דוא אזוי אין כעס?

— מיר שמעקט דאס ניט, וואס ער איז מיט דיר אזא גרויסער מחותן; גע־ווארען. דאס האב איך דיר ׳שוין לאנג געזאגט, און ווידערהאלע עס נאך אמאל.

— אבער, נאררישע פרוי, וואס דוא ביסט. וואס האסט דוא מורא, ער וועט מיר אברייסען א שטיק נאז?

— פון מיינטוועגען מעג ער דיר דיא גאנצע נאז אברייסען. אבער איך פער־שטעה, אז ער וויל פון דיר אויספארשען אזא זאך, וואס קען אונז אין גרעסטען אונגליק בריינגען.

— זיי דאך ניט קיין נארר, מיין בהמה׳לע. איך בין ניט אזא אקס, מען זאל פון מיר קענען עפּעס אויספארשען. איך פערשטעה אליין אויך גוט א געשעפט. דעם בעוויז האסט דוא, וואס איך בין אזוי לאנג אויף איין שטעלע.

— וואס דען האט זיך דער זשיד אן דיר אזוי אנגעטשעפּעט?

— וואס־זשע ארט דאס מיך, נאררישע פרוי. דערווייל שטעלט ער ווין און שנאפּס, ניט איך. זאל ער ווייטער שטעלען און מיר וועלען טרינקען. עס וואלט טאקע געוועזען זעהר גוט, ער זאל יעצט אהער קומען, דען איך האב שטארק לוסט צו א גוט גלעזעלע וויין.

— אָי, שיכור, וואס דוא ביסט! א מענש זאל אין זינען האבען נור איין זאך: וויין און וויין.

— דאס האסט דוא אן אירטהום, מיין בהמה'לע. איך האב אויך א גוט ביטעל ספירט ליעב. אבער איז דאס דען א שאנדע? צווישען זיך גערעדט, האסט דוא דאס פיינד? טרינקסט דוא דען ניט אויס דיא גאנצע אָצישצענע וואס איך קויף פאר זיך? דוא האסט אפילו שכל צו דערגיסען מיט וואסער, אבער מיין גומען קען מען ניט נארען. איך קען דיך און וויים, אז דוא ביסט אין דעם הינזיכט גלייך מיט מיר און מירביידע זיינען א גלייך פאָר'ל.

ער האט נאך דיא ווערטער ניט געענדיגט, האט מען געגעבען א קלאפ אין טהיר.

— דאס איז ער — האט פיאדארא געזאגט — דאס איז וויטער דער זשיד. ער האט טאקע געזאגט, אז ער וועט שפעטער קומען.

— זעהר שעהן, זאל ער אריינגעהן. ער איז ביי מיר פון דיא בעסטע געסט. עס וועט באלד ווערען וויין, פיאָדושינקא: געשווינד עפען אויף דיא טהיר.

— אבער דוא זאָלסט זיך ניט לאָזען ציהען ביי דער צונג.

— וואס רעדסט דוא דומהייט? עפעס מיינסט דוא אז מיין צונג איז א הפקר־זאך, און ווער עס וויל וועט איהם ציהען? — האב קיין זאָרג, מיין בהמה'לע און עפען געשווינד אויף דיא טהיר.

פיאדארא האט געעפענט און ווירקליך מארים וואהרהאפטיג איז אריינגעקו־מען מיט א ברייטען גוטען אבענד.

— גוטען אבענד, הערר וואהרהאפטיג! — האט יאניק זעהר פריינדליך גע־ענטפערט שיטעלענד דעם גאסט'ס האנד· זיצט, ליעבער פריינד, און דערצעהלט מיר וויא געהט עס אייך?

— וויא זאל דאס געהן? איך בין נאך אלץ בעשעפטיגט מיט דעם זוכען מיין פאטערס מערדער.

— נו, לויט איך וויים, זיצט דאך שוין נאך איינער פון דיא מערדער אין געפענגניס?

— נו, איינעם האבען מיר שוין; עבען דארום בין איך הייטע מעהר בע־שעפטיגט אלס אלע מאל, אויסצוגעפינען דיא איבעריגע.

— זיי וועלען זיך געפינען — האט יאניק געזאגט — פאר מענשען־בלוט שווינדט נאט ניט· א מערדער מוז זיין שטראפע ערהאלטען. וואס הערט זיך עפעס וויטער נייעס?

— קיינע בעזאנדערע נייעס האב איך פאר אייך ניט. איך בין בלויס אהער געקומען, ווייל איהר ווייסט דאָך, אז איך האב ליעב מיט אייך צו פערברייננגען.

— מיין פרוי האט דאך מיר געזאגט, אז איהר האט מיך הייטע עטליכע מאל געפרעגט, האט איהר דאך געווים צו מיר עפעס א ביטע?

— איך האב יא א קליינע ביטע, אבער....

— אבער וואס?

— איהר ווייסט דאָך, אז איך בין פון דיא מענשען, וואס האבען פיינד צו שפרעכען ביי א לערינען טיש. איז פיעללייכט מעגליך יעמאנדען צו שיקען בריינגען א פלאש וויין ? איך גיעב דאס געלד דערצו.

— אך, פאר אזעלכע זאכען איז מיין פיאָראָשקא דער בעסטער שליח. איאָ, מיין בהמה׳לע, דוא וועסט געהן בריינגען א פלאש וויין ?

— דוא זאָלסט זיך ניט וואגען מיך ווייטער צו רופען פאר פרעמדע מענשען אין דיא אוינען, דיין בהמה׳לע — האט פיאדארא בייז געזאגט.

— שא, זיי ניט אזוי אין כעס. אויב ניט בהמה׳לע, וועל איך דיר רופען מיין צינעלע. ביסט דוא צופריעדען ?

— וואס זאגט איהר, הערר וואהרהאפטיג, צו מיין אלטען נארר ? — האט פיאדארא לאכענד געזאגט צום גאסט — נאר אויף דער עלטער האט ער אנגעהויבען מיר נייע נעמען צו געבען.

— דאס איז דערפאר, וואס אונטער דיין אלטען נאמען ביסט דוא מיר שוין אבשייליך געוואָרען, פרוביר איך מיך דיר נייע נעמען צו געבען, פיעללייכט וועסט דוא מיר ליעבער ווערען, חע, חע, חע ! וואס זאגט איהר, הערר וואהרהאפטיג, איך קען זאגען וויצען ווען איך וויל. ניט וואהר ?

— נו, גענוג שוין מיט דיינע נאררישע וויצען — האט פיאדארא שוין פריינד־ליכער געזאגט, צונעהמענדיג דאס געלד, וואס מאריס האט אויף דעם טיש גע־לייגט — וואס פאר א וויין זאָל איך קויפען, אלטער באָק ?

— וויא ? וויא רופסט דוא מיך ? אלטער באָק ?

— זעלבסטפערשטענדליך : אז איך בין א צינעלע, איז מיין מאן א בעקעלע. זעהסט דוא, מיין ליעבער מאן, אז איך קען אויך זאגען וויצען, ווען איך וויל.

— בראוואָ ! בראווא פיאָדושינקא ! אזוי האב איך דיך ליעב, אז דוא קענסט געבען א ביס פאר א ביס ביסטו א קלוגע. דערפאר אבער זאלסט דוא קיין איבער־ריגען טרונק ניט טהאָן טראגענדיג דאס פלעשעל וויין. חע, חע, חע ! עפעס שיטען זיך היינטיגע נאכט וויצען איינער בעסער פאר דעם צווייטען.

— דוא הערסט אויף מיט דיינע משוגענע וויצען ? דען איך געה נאר ניט נאך דעם וויין.

— נור שא, מעהר רייד איך שוין ניט, אבי געה וואס גיכער.

פיאדארא איז ארויסגעגאנגען.

— וואס זאגט איהר, הערר וואהרהאפטיג צו מיין ווייבעלע ? איאָ, זיא איז ניט קיין נארר ?

— זיא איז זעהר א קלוגע פרוי — האט מאָריס געענטפערט.

— זיא איז ווירקליך ניט קיין נארר. זיא האט פערשטאנען, אז איהר ווילט מיט מיר ריידען ווענען פיינס קינד, וויל זיא דאס שטארק ניט ליידען.

— איך פערשטעה ניט, פארוואס וויל זיא ניט ליידען ?

— זיא איז אביסעל נערעכט, דען דיא געשיכטע איז פערבונדען מיט א גע־פאהר פאר איהר אלטער מאמען

— יענקט איהר, אז איך װעל אײך בעהיטע נאָט שלעכטעס טהאָן?

— ניין! איך דענק דאס ניט, אבער זיא דענקט דאס יא.

— אויב אזוי מיז איך אײך זאגען, אז איך האב זיא פאר פיעל קלינער גע- האלטען. איך בין ניט דער מענש יעמאנדען שלעכטעס צו טהאָן.

— דאס װײס איך, אבער איהר קענט זיך פאר יעמאנדען אויסריידען גאר ניט װילענדיג, דאן קען אונז, בעזאנדערס מײן פיאדארא׳ס מוטער זעהר פיעל שא- דען מאכען.

— זייט אונבעזארגט, איך בין קיין פלוידערזאק.

— אבער ערקלערט מיר, ליעבער װאהרהאפטיג, װארום װילט זיך אײך דאס אזוי נאָטהװענדיג װיסען?

— זעהר איינפאך. איך בין אין דער געשיכטע פעראינטערעסירט, װיא אין אלע אנדערע שעהנע געשיכטען.

— עך, מארק מיכאילאָװיטש, איהר נאררט מיך — האט יאניק שמייכלענד געזאגט — איהר ערלויבט זיך דאס מאל צו זאגען א ליגען.

— װארום דענקט איהר, אז איך זאג א ליגען?

— װארום איך גלויב? װייסט איהר דען ניט, אז איך בין שוין א געריי־ניגער פויגעל? פערשטעהט איך דען ניט, אז ניט אויס בלויזער נייגיערדע גיט איהר מיר קיין רוהע, איך זאל אײך ענטדעקען, װאס פאר א געהיימניס דא שטעקט? מיך נאררט מען ניט, מארק מיכאילאָװיטש. איך בין פון דיא אינגלאך װאס זיינען שוין לאנג ארויסגעגאנגען פון דער שולע.

— װאס־זשע דענקט איהר איז דיא אורזאַכע, װאס איך װיל דיא געהיימניס װיסען?

— איך דענק, אז דער אלטער שלמה פיין האט אײך אנגעבעטען, איהר זאָלט פון מיר אויספאָרשען װאו זיין זוהן איז. איהר דארפט זיך גאָר ניט לייקענען, מארק מיכאילאָװיטש. איך בעטראכט דאס ניט פאר קיין זינדע. שלמה אליין האט אויך דאס רעכט מיך צו פרעגען װעגען דעם, און װען ער װעט ניט זיין קיין נארר, װועל איך דאס איהם געװיס אויסזאגען. מיר געהט מיין שװיגערמוטער גאר ניט אָן. היינטיגע צייטען דארף יעדער מענש זיך זעלבסט אין זינען האבען. קען ער פערדינען עטליכע רובעל, דארף ער דיא געלעגענהייט פון דער האנד ניט ארויסלאזען. איהר פערשטעהט?....

— איך פערשטעה אײך זעהר גוט. איהר האט פאלקאמען רעכט. אבער איך בין נייגיעריג צו װיסען, װיפיעל װאָלט איהר פערלאנגט פאר דעם, װאס איהר זאָלט אונז דיא געהיימניס ענטדעקען?

— איך װאָלט קיין סך פערלאנגט.

— צום ביישפיעל, װיפיעל?

— ניט מעהר, װיא....

— זאגט, שעמט זיך ניט.

— איך װאָלט פערלאנגט ניט מעהר װיא צעהן טויזענד רובעל.

— וואס? — האט מאָריס ערשראָקען אויסגערופען.

— עפעס האט איהר זיך אזוי פערוואונדערט, ריכטיג וויא איך זאָל ביי אייך בעטען צעהן מיליאָן רובעל.

— אבער, הערר קאבאנאוו, איהר רעדט פון צעהן טויזענד רובעל וויא פון א קליינער אונבעדייטענדער סומע. איהר פערגעסט וואס צעהן טויזענד רובעל איז?

— איך האב ניט פערגעסען. איך וויים זעהר גוט, אז צעהן טויזענד רובעל זיינען צעהן טויזענד רובעל. אבער איהר אדער דער הערר פיין דארפען דאס אויך ניט פערגעסען, אז פאר דיא צעהן טויזענד רובעל גיעב איך אָב א טאטען אזא זוהן וואס פערמאגט אפשר צעהן מיליאָן רובעל.

— אזוי רייך איז ער?

— יא, פיעללייכט נאך רייכער.

— אבער, הערר קאבאנאוו, איהר פערלאנגט אונמעגליכעס. איך וועל דאָך נעווים פאר אזא זאך קיין געלד געבען, דען וואס געהט מיך אָן שלמה'ס זוהן, און ער, ס'הייסט שלמה אליין, האט נאר ניט אזוי פיעל געלד אייך דערפאר צו געבען. ווען ער זאָל זאגאר דאס יא האבען, וויים איך אויך ניט צו ער וואלט אזא סומע נעגעבען, דען ווער וויים צו וועט ער האבען נחת פון דעם זוהן. לויט וויא איך הער, איז ער א מיליאנער און נאך דערצו א קריסט, וועט ער געווים זיך נאר שעמען מיט א אידישען טאטען.

— ניין, ער וועט זיך ניט שעמען מיט א אידישען טאטען, ווייל ער איז זעהר א נעבילדעטער אויפגעקלערטער מאן. ער האט ליעב אלע מענשען. א איד און א קריסט איז ביי איהם גלייך. נאך אלס קינד פלעגען זיך זיינע עלטערן בעקלאגען, אז ער איז א גרויסער אפיקורס און ער גלויבט ניט אז דיא היילינע מאריא האט געלעבט מיט גאָט וויא מיט א זינדיגען מאן, און האט איהם געשענקט א קינד בלוט מיט פלייש וויא אלע זינדיגע מענשען. איך וויים זיכער, אז ער וועט זיך זעהר פרייען מיט זיין טאטען.

— אבער זאגט מיר, ליעבער קאבאנאוו, וויים דער יונגער מאן אז זיין ערציהער איז ניט געוועזען זיין פאטער?

— מיר שיינט, אז איך האב אייך שוין איין מאל דערצעהלט דיא גאנצע געשיכטע וויא אזוי ער קומט צו זיין ערציהער, און אז דיעזער האט דאס אידיש קינד וויא זיינס אז איינגעגעם ערצויגען.

— וויים ער ניט, אז זיין ערציהער איז ניט געוועזען זיין פאטער?

— ניין, דאס וויים ער ניט.

— נו, שטעלט־זשע אייך פאָר, ווי דער מענש וואס מיינט אז זיין פאטער איז געוועזען איינער פון דיא פאָרנעהמסטע קריסטען, וועט פלוצלונג ערפאהרען, אז זיין פאטער איז נאָר אָן איינפאכער איד. וויא וועט דאס איהם שמעקען?

— אבער איהר הערט דאך וואס איך זאג אייך, אז ביי איהם איז אלץ איינס א איד א׳ א קריסט. איך וויים, אז ער האט אויך זיין ערציהער, וויא אויך

דעם ערציהערס גאנצע פאמיליע ניט ליעב געהאט, ווייל דאס איז א פאמיליע און לויטער ענגאיסטען און שלעכטע מענשען.

— און ער אליין איז א גוטער?

— ער איז א דימענט. איך האב נאך אין מיין לעבען אזא גוטע זעעלע ניט געזעהן

— דאך איז אונמעגליך מען זאל אייך געבען דיא סומע וואס איהר פאדערט, ווייל זיין וואהרער פאטער האט אזוי פיעל געלד ניט.

— און ווענינער פון דער סומע וועל איך ניט לאזען.

דיא טהיר האט זיך אויפגעעפענט און פיאדארא האט אריינגעטראגען א פלאש וויין.

— יעצט וועלען מיר א לעב טהאן — האט יאניק מונטער געזאגט — גיעב אהער, מיין בהמה׳לע, ניין, איך וויל זאגען מיין ציגעלע, טפוי צום שווארץ יאהר איך האב גאר געוואלט זאגען מיין ווייבעטשקע, דריי גלעזער, וועלען מיר זעהן צו דוא ביסט א מבינ׳טע אויף גוטע סחורה.

— דאס קענסט דוא דאך פערשטעהן און דעם, וואס איך האב דיך פון אלע סחורות אויסגעקליעבען.

— מיך? חע, חע, חע! און דעם האב איך זיך גאר פערגעסען. יא, וויא מיין נאמען איז יאניק אז דוא פערשטעהסט זיך זעהר גוט אויף גוטע וואארע. נור איך, ארמער טייפעל, מוז נעשטעהן צו מיין גרעסטער שאנדע, אז איך בין אויף סחורה גאר קיין מבין ניט....

— נו, זאל דיר שוין זיין געננג צו פלוידערן. עפעס ביסט דוא מיר היינטינען אבענד זעהר לוסטינ — האט פיאדארא מיט כעס געזאגט.

— שא! שריי ניט אזוי, איך וועל מעהר ניט פלוידערן, נו, גיכער, וואו זיינען שוין דיא גלעזער?

באלד זיינען געשטאנען דריי גלעזער אויפ׳ן טיש און זיי האבען אנגעהויבען צו טרינקען.

— איך האב אייך ליעב, מארק מיכאילאָוויטש! — האט יאניק געזאגט אלס ער האט דיא ערשטע גלאז אויסגעטרונקען — איהר זייט א מאלאדיעץ — איך גלויב, אז מיין ווייבעטשקע האט אייך אויך ניט פיינד. זעהט נור מיט וואס פאר אן אייגעלאך זיא קוקט אויף אייך. איך הייב באלד אן צו אייפערן. דוא הערסט ציגעלע.

-- חא, חא, חא! — האט זיך פיאדארא פארנאנדער געלאכט — עפעס האסט דוא היינט געמוזט א גרויס געווינס געווינען, וואס דוא ביסט אזוי פרייליך? איך האב דיך קיין מאל אזוי לוסטיג ניט געזעהן וויא היינטע.

— יא, מיין ציגעלע. מיר וועלען באלד א גרויס געווינס געווינען דער הערר וואהרהאפטיג וועט מיר געבען צו פערדינען צעהן טויזענד רובעל. דוא הערסט, פיע־יאשינסאן! צעהן טויזענד רובעל וועט מיר דער הערר וואהרהאפטיג געבען צו פער־דיענען. ־ארף מען איהם נים ליעב האבען?

— וואס איז דאס פאר א געשעפט, וואס דער הערר וואהרהאפטיג ליינט דיר פאר? — האט פיאדארא ניינערינג געפרעגט.

— טרעף ציינעלע. דוא ביזט דאך א קלוגע.

— דא האנדעלט זיך געוויס ווייטער וועגען דעם גראף....

— שטיל בהמה! — האט יאניק צארניג א געשריי געטהאן.

פיאדארא איז בלאס געווארען, זיא האט פערשטאנען אז זיא האט זיך אויס־גערעדט א נארישקייט. זיא האט אנגעהויבען צו פלאפלען אזעלכע ווערטער וואס איינס האט זיך ניט געקלעבט צום צווייטען.

אבער מאררים האט זיך קאלט אנגענאסען נאך א מאל דיא גלעזער און האט זיך געקלערט: וואס ווייטער ווערט ליכטיגער, איך האף אז איך וועל אלעס ער־פאהרען אהן צעהן טויזענד רובעל.

214טעס קאפיטעל.

## זיסע פארשטעלונגען.

— וואו געהסט דוא דאס ארום איוואן? — האט קאטהארינא געפרעגט דעם אלטען איוואן; אלס ער איז אריינגעקומען אין הויף פון טייפעלסשלאס — ערינא ווארט שוין דא צוויי שטונדען.

— האסט דוא איהר דערצעהלט אז מען ווייס שוין ווער דער מאן איז וואס האט דיא שטיוועל פערגעסען ביי ליסא; אין שטוב?

— ניין, איך האב דאס איהר ניט דערצעהלט.

— זעהר גלייך האסט דוא געטהאן, איך זעלבסט וועל איהר דיא נאכריכט איבערגעבען. דען וויא מען זאל ביי אונז אזא זאך ניט פארזיכטיג זיין, קען דער פוינעל פון דער קליעטקע ארויספליהען. וואו איז זיא?

— זיא זיצט אין שטוב.

— נו, און גרינזאנג איז נאך ניט צוריקגעקומען פון דאנילאווקא?

— נאך נים.

— איך וועל מיט ערינא'ן אריינגעהען אין גארטען און דארט מיט איהר ריידען, ווייל איך וויל מיט איהר אונטער פיער אויגען שפרעכען. פיעללייכט וועט גרינזאנג צוריקקומען זאלסט דוא דאס מיר געבען צו וויסען.

— פאר וואס ווילסט דוא מיט איהר ניט ריידען אין מיין געגענווארט?

— ווייל איך וויל איהר איינבילדען אז דוא ווייסט נאך אויך ניט ווער איהר הינדס מערדער איז. איך קען שוין דיא נאטור פון אייערע פרויען, קוים ווייסען זיי א געהיימניס און זיי פיהלען אז נאך יעמאנד ווייס פון דעם, ווערט דיא געהיימניס ביי זיי אזוי וואכעדיג דאס זיי דערצעהלען זיא ווען זיי בעגעגנען, אנדערש איז אבער ווען זיי מיינען אז אויסער זיי ווייס קיינער דערפון ניט, דאן רעספעקטירען זיי אזא סוד און געבען איהם קיינעם ניט איבער.

— דוא האסט פון אונזערע פרויען זעהר א שעהנעם מיינונג — האט קאטהא־רינא ספאטיש געזאגט — גור טהוא וויא דוא ווילסט.

זיי זיינעןביידע אריינגענאנגען אין שטוב.

ערינא איז דעם אלטען ענטגעגען געלאָפען און האט זעהר נייגיעריג געפרעגט צו האט ער שוין עטוואס ערפאהרען וועגען דעם איינגענטהימער פון יענע שטיוועל.

— קומט אריין מיט מיר אין גארטען וועלען מיר דאָרט ריידען — האט איוואן געענטפערט

— אבער איהר האט שוין יא א שפור געפונען פון דעם מערדער?

— איהר וועט שוין הערען.

ער האט זיא אריינגעפיהרט אין גארטען האט זיא געבעטען זיך זעצען און האט געזאגט:

— בעפאָר איך וועל אייך זאגען דאס וואס איך האב ערפאהרען מוז איך אייך איין זאך בעטען.

— וואס איז דאס פאר א זאך?

— אז אלעס וואס איהר וועט פון מיר הערען זאל בלייבען פערשלאָסען ביי אייך, קיינער זאל דערפון ניט וויסען.

— ליסא׳ן זאל איך דאס אויך ניט זאגען?

— ניין, איך האב דאס זאגאר מיין קאטהארינאן אויך ניט פערטרויט.

— ווארום זאל מען דאס האלטען אזו פערשלאָסען?

— דערפאר וואס אבוואהל מיר וויסען ריכטיג ווער דער מערדער איז דארפען מיר זיך מאכען וויא מיר וויסען גאר ניט. דען ווען דער שורקע וועט נור דערשמעקען אז מיר האבען אויף איהם דעם מינדעסטען פערדאכט, וועט ער אנטלויפען.

— דאס האט איהר רעכט גוטער איוואן. אבער דערצעהלט מיר שוין ווער איז דער פערפלוכטער מערדער?

— פערשפרעכט איהר מיר צו טהאן וויא איך האב אייך געזאגט?

— יא, איך שווערע אייך זאגאר אויף דעם אז איך וועל קיינעם זיין נאמען זאגען.

— זיין נאמען וויים איך נאך אליין אויך ניט, איך וויים נור אז ער געפינט זיך ביי דעם גראף דאנילאוו אין פאלאץ.

— ביי׳ם גראף אין פאלאץ? וואס טהוט ער דאָרט?

— דאס וויים איך אויך ניט. אבער ער האט זיך אין דעם פאלאץ בעזעצט זייט דער גראף איז אוועקגעפאהרען, דאס דיענט מיר אלס בעווייז אז דעם גראף׳ס קוזינע וואר אויך בעטהיילינט אין אייער קינד׳ס מאָרד.

— וועלכע קוזינע, דיא וואס איז אמאל ביי ליסאן אין שטוב געוועזן?

— יא, דיעזעלבע.

— גרויסער גאָט! וואס האט דיא פרוי געהאט צו מיין קינד.

— דיא אורזאכע דערפון פערשטעה איך, דאס איז דערפאר וואס זיא האט געמיינט, אז דאס איז דעם גראפס א קינד און זיא האט ניט געוואָלט אז נאך דעם גראף זאל אן אנדער יורש בלייבען אויסער איהר.

— אַ, פערפלוכטע בעסטיע! — האט ערינא צאָרניג אַ געשריי געטהאן — איך וועל צו איהר לויפען און וועל זיא מיט מיינע הענד דערשטיקען.

— איהר האט מיר דוכט זיך געשוואָרען, אז איהר וועט טהאן אלעס וואס איך וועל אייך הייסען?

— אָבער יעזוס מאַריא! וויא וועל איך מיך קענען איינהאלטען ניט ראַכע צו נעהמען פון מיין קינדס מערדער.

— לאָזט דאָס איבער מיר, איך וועל שוין אלעס טהאן וואס מען בעדאַרף.

— וואס וועט איהר טהאן?

— איך פאָהר באלד דאס מעלדען דעם סליעדראָוואטעל.

— נו וואס־זשע וועט זיין?

— וואס פערשטעהט איהר דא ניט וואס עס וועט זיין, מען וועט דעם מאן פון דיא שטיוועל פערהאַפטען און דורך איהם וועט מען שוין ערפאהרען, אז אויך דעם גראַפס קוזינע וואר אין דעם מארד בעטהייליגט.

— וועט איהר־זשע געוויס פאהרען צום סליעדראָוואטעל?

— געוויס, איך ווארט דא נור אויף איין מאן. וויא באלד ער וועט נור קומען פאהר איך גלייך אוועק.

— אַ, ליעבער גוטער איוואן! איך בעט אייך שוויינט ניט אין דעם. זאל מיין קינדס בלוט ניט אונגערעכט בלייבען. זאל זיך דיא מערדערס בלוט אזוי גיעסען וויא זיינע, זאלען זייערע גליעדער אזוי צוריסען ווערן וויא זיי האבען זיינע גליעדערלאך צוריסען.

— עס וועט אלעס רעכט זיין אונגליקליכע ערינא — האט דער אלטער איהר פערזיכערט — איהר זאלט נור היטען אייער פערשפרעכען און זאלט מיט קיינעם פון דעם ניט ריידען. עס זאל אייך אויך ניט איינפאלען זיך דרעהען ארום דעם גראַפס פאלאסט מיט דעם געדאנק אייער קינדס מערדער אנצוקוקען, דען אייער ערשיינונג ארום דעם פאלאסט קען אויפפאלענד ווערן און דערצו פיהרען, דער מערדער זאל אנטלויפען. ערשט דאמאלס ווען מען וועט איהם פערהאַפטען וועט איהר אלעס קענען טהאן.

— גוט! — האט ערינא געענטפערט ווישענד דיא טרערען פון דיא אויגען — איך וועל געהאָרזאם זיין און וועל אונגעדולדיג ערווארטען צו זעהען דיא שווארצע ענדע פון מיין קינדס מערדער.

זיא האט נאך דיא ווערטער ניט געענדיגט, אלס קאמהארינא האט זיך געוויזען אין דער טהירל פון׳ם גארטען און האט געמעלדעט איהר מאן, אז גרינזאנג איז געקומען צופאָהרען.

— געהט אהיים ערינא — האט איוואן צו דער יונגער פרוי געזאגט — און פערגעסט ניט מיינע ווערטער. מארגען וועט איהר הערן נייעס.

ערינא האט זיך בעדאנקט און איז אוועקגעגאנגען.

אויך איוואן האט דעם גארטען פערלאזען און איז אריינגעגאנגען אין שטוב, ער האט דארט געטראָפען גרינזאנג׳ן זעהר אויפגערעגט. ער האט מיט דעם ערשטען

בליק אויף איהם דערקענט, אַז ער האט פון דאנילאָווקא וויכטיגע נייעס געבראַכט.

— ווייסט איהר פיעללייכט וואו דער גראף דאנילאָוו איז? — האט ער ראַש געפרעגט.

— יא, איך ווייס — האט גרינזאנג זעהר בעזאָרגט געענטפערט.

— ווירקליך? איהר ווייסט? וואו איז ער?

— עס איז ריכטיג וויא איך האב אייך פריהער געזאגט, אַז זיין פערפלוכטע קוזינע האט איהם אין געפענגניס געוואָרפען, דאדורך וואס זיא האט געמעלדעט דער פּאָליציי פון דעם מאָרד וואס ער האט בעגאנגען.

— פון וואנען האט איהר ערפאהרען אַז דאס איז אַזוי?

— איהר פּאָטער אליין האט עס מיר דערצעהלט.

— איהר פּאָטער? דער קארטענ-שפּיעלער פעליקס? איז ער דען יעצט אין דאנילאָווקא?

— יא, ער איז דארט. זיין טאָכטער האב איך דארט ניט געזעהן, וואהר-שיינליך, איז זיא אוועקגעפאהרען.

— און ער האט אייך אליין דערצעהלט, אַז דער גראף איז אין געפענגניס?

— יא, ער האט דאס מיר דערצעהלט, ווייל ער האט געמיינט אַז איך בין איינער פון דיא פּאָליציי בעאמטע און איך ווייס דערפון אליין.

— וויא קומט ער צו אַזא אירדטהום?

— ווייסט איהר דען ניט, אַז אויף דעם גנב ברענט דאס היטעל. לויט איך האב פערשטאנען שרעקט זיך דער אלטער פאר א שולד וואס ער פיהלט אויף זיך. אין וואס אייגענטליך דיעזע שולד בעשטעהט, ווייס איך נאך ניט.

— וואו זיצט דער גראף?

— טאקי אין אָרשא.

— אַזוי אין אָרשא? האב איך דאך קיין פעהלער געמאכט דאמיט וואס איך האב אהין געוואָלט פאָהרען.

— יעצט זעהט מען אַז דאס וואר קיין פעהלער.

— וואס-זשע דענקט איהר יעצט העררר גרינזאנג, זאלען מיר טהאן.

— צו אלעם ערשטען מוז מען פאהרען נאך אָרשא, זיך זעהן מיט דעם גראף, הערען וואס פאר א בריעף האט ער צו אייך געשריעבען און איהם דערצעהלען אַז זיין קוזינע מיט איהר פאָטער, זיינען יעצט דיא אייגענטהימער פון זיין הויז. צווייטענס, דארף מען איהם אויפקלערען וויא פאלש איז דיא בעשולדיגונג וואס ער האט געוואָרפען אויף זיין פרוי. און אַז ער וועט שוין אין דעם זיין איבערצייגט, זאל מען איהם דערצעהלען, אַז זיא לעבט. זעלבסטפערשטענדליך, אַז ער וועט באלד בע-פרייט ווערען, ער וועט צוריק צוזאמענקומען מיט זיין פרוי און וועט ראכע נעהמען פון זיין קוזינע מיט איהר פאָטער.

— אך העררר גרינזאנג! — האט איוואן העכסט ערפרעהט אויסגערופען — וויא גליקליך איהר מאכט מיר מיט דיעזע ווערטער. וועט איהר אליין דיא זיסע ארבייט איבערנעהמען אויף זיך אדער איהר וועט דאס מיר איבערגעבען.

— איך נעהם דאס אויף זיך, ווייל איך האב פערשפראכען דער גרעפין מאריא, אז איך וועל זיא צוריק צוזאמענבריינגען מיט איהר מאן און וועל זיא צוריק צו איהר ערשטען גליק פיהרען.

— ווען־זשע פאהרט איהר נאך ארשא?

— באלד.

— איך פאהר אויך מיט אייך. ערשטענס, וויל איך בייוואוינען דעם גראפס בעפרייאונג און צווייטענס, מוז איך דארט זיין ביים סליעדראוואטעל און איהם איבער־געבען אלעס וואס איך ווייס פון דעם מערדער, וואס האט א קליין אונשולדיג קינד ערמארדעט. דיעזער מערדער מוז נאך מארגען פערהאפטעט ווערן.

215טעם קאפיטעל.

## פ אָ ר ט  אַ  ו ו י י ב.

מיט א פערנינטער מינע איז בת־שבע אהיים געקומען. זיא האט שטארק פערנגינען געהאט דערפון, וואס איהר האט געלונגען יאזעף לעהמאן צו בעוועגען ער זאל זיך ענטשיידען ענטוועדער הייראטהען מיט סאָנקאן אדער צורייסען דעם בונד וואס האט זייביידען פערבונדען.

— ער איז א וואוילער יונגער מאן — האט זיא געזאגט אראפוואדפענד פון זיך דעם מאנטעל און זיך זעצענד אין א וויען־שטוהל — סאָנקא האט זעהר א גוטען געשמאק. אבער וואס קומט ארויס פון זיין שעהנעם געזיכט, אז דאס הערץ איז ביי איהם פערדאָרבען, אזוי וויא ביי יענעם אונמענשען וואס האט מיך אין אונגליק געשליידערט.

נור מיר שיינט אז דא מוז עפּעס זיין — האט זיא זיך ווייטער געקלערט — איך פערשטעה אן זיינע רייד, אז ער האט ענטוועדער עפּעס אויסגעפונען אין סאָנקאן א פעהלער, אָדער שלעכטע ציינגער האבען זיך דאָ אריינגעמישט און האבען זיא פאר איהם פערליימדעט. מיר שיינט אז אין סאנקא'ן קען מען קיין פעהלער געפינען, ווען איך זאל זיין א מאַנספערזאן וואָלט איך זיך אין איהר פערליעבט בלויז פאר איהר עהרליכקיים. עס איז ביי מיר קיין צווייפעל, אז שלעכטע צינגער האבען דעם זיס לעבען וואס דיא ביידע האבען געהאט פערגיפטעט.

זאל איך איבערגעבען סאָנקאן פון דעם וואס איך האב זיך מיט איהר התן געזעהען? זאל איך איהר דערצעהלען אלעס וואס איך האב מיט איהם גערעדט? נאָר ניין! ווער ווייס וויא דא וועט זיך אויסלאזען, דארף זיא ניט וויסען אז איך האב מיך דא אריינגעמישט. ערשט דאן, ווען מיין בעזוך וועט גוטע פריכטע ברייננגען און לעהמאן וועט זיך אבערמאלס צו איהר פריינדליך ציינען, וועל איך איהר דערצעהלען פון מיין וויזיט ביי איהם. אבער איך וועל דאס פערשפארען איהר צו דערצעהלען, דען ער אליין וועט דאס איהר געווים איבערגעבען.

מען האט א קלאפּ געטהאן פלוצלונג אין טהיר.

— דאס מוז זיין סאָנקא — האט זיא זיך געקלערט — דען זיא האט מיר פערשפראכען אין דיעזער צייט הייטע מיר צו בעזוכען.

זיא איז פון איהר ארט אויפגעשפרונגען און איז צום טהיר צוגעלאפען און האט זיא געעפענט.

אבער אנשטאט סאָנקאָן איז אריינגעקומען א סאָלדאַט.

— וואס פערלאנגסט דוא — האט איהם בת־שבע געפרעגט.

— וואוינט דא מיכל ברענערס פרוי ? — האט דער סאָלדאַט געענטפערט אראָפּנעהמענד דעם הוט און זיך שטעלענד מיט רעספּעקט וויא פאר אן אָפיציער.

— יא, דאס בין איך זיין פרוי.

— ווירקליך ? איהר נארט מיך ניט באָרינקא ?

— וואס פאלט דיר איין ? איך זאג דיר נאך אמאל, אז איך בין ברענערס פרוי.

— זיצט אייער מאן אין געפענגניס ?

— יא.

דער סאָלדאַט האט זיך אין אלע זייטען אומגעקוקט וויא ער זאל זיך וועלען איבערציינגען צו זיינען דא קיין איבעריגע אויגען און אויערן ניטאָ.

בת־שבע האט פערשטאנען וואס ער מיינט מיט דעם קוקען און האט דארום געזאגט :

— דא זיינען קיינע זייטיגע מענשען פארהאנדען. אויב דוא האסט מיר עט־וואס צו זאגען קענסט דוא אהנע פורכט זאגען.

— איך האב אייך שרעקליכעס מיטצוטהיילען — האט דער סאלדאט זעהר שטיל געזאגט — אבער ווען בעהיטע נאָט מען וועט ערפאהרען אז איך האב דאס געזאגט, בין איך מיט מיין קאָפּ ניט זיכער.

— איך זאג דיר נאך א מאל, אז דוא קענסט ריידען וואס דוא ווילסט, קיינער וועט דיינע ווערטער ניט הערען. פריהער וויל איך וויסען ווער ביזט דוא.

— אז איך בין א סאלדאט דאס זעהט איהר. איך בין ביין פּאָלקאָווניק מא־לינבערג שוין זייט דריי יאהר אלס הויז־קנעכט. קענט איהר דעם פּאָלקאָווניק מאלינבערג ?

— יא, איך קען איהם זעהר גוט.

— דיעזער מענש איז איינער פון דיא ערגסטע מענשען אין דער וועלט — האט דער דיענער געזאגט — איך האב מיך אין דער צייט וואס איך בין ביי איהם אין הויז אזוי פיעל מערדערייען אנגעזעהן דאס דיא האאר שטעלען זיך מיר קאַפּויר ווען איך דערמאהן מיך נור אן זיי. איך האב אבער געמוזט שווייגען ווייל אָך בין דאך ניט מעהר וויא א דיענער און דער פּאלקאָווניק האט מיר אנגעזאגט אז אויב איך וועל עטוואס אויסזאגען פון דעם וואס איך האב געזעהן ביי איהם אין הויז וועט ער מיך קאטארגע אוועקשיקען, און אויף אזעלכע זאכען איז ער בעגלויבט. ווייל ער אליין האט געוויס אזוי פיעל האאר אין קאָפּ ניט וויפיעל מענשען ער האט שוין אוועקגעשיקט קאטאָרגע. דארום האב איך געהאלטען דאס מויל פערשלאָסען און האב געשוויענען. אָבער מיט עטליכע טעג צוריק איז דער באנדיט געקומען בערוישט

אהיים און האט מיך זא נעשלאגנען דאס ווען איך זאל נים נעווען דורך א פענסטער ארויס׳שפרינגנען וואלט ער מיך געווים ערמארדעט.

אויף מארגען האט ער מיך אפילו איבער־געבעטען און האט מיר נאך נעשענקט דריי רובעל אויף טהעע. אבער מיין בלוט הערט נים אויף צו קאכען אויף איהם און איך האב מיך בעשלאסען איך זאל פון איהם ראכע נעהמען. דארום האב איך מיך אנגעהויבען איהם נאכצוקוקען אויף יעדען טריט און שריט או׳ האב אנגעהויבען צוליינען מיינע אויערן צו זיין טהיר אין דער צייט ווען ער פלעגט זיך פערשפארען אין זיין צימער מיט זיינע פערטרויטע קאמעראדען. איינער פון זיינע פערטרויטעסטע מענשען איז דער קאפיטאן מאלאיעוו. ער איז אזא ישורקע וויא דער פאלקאווניק. איך האב הייטע בעמערקט וויא מאלינבערג איז שטארק ערפרעהט נעווארען אלס מאלאיעוו איז צו איהם אריינגעקומען און זיי האבען זיךביידע פערשפארט ביי דעם פאלקאווניק אין צימער. איך האב באלד פערשטאנען אז זיי ווילען דא ריידען פון א וויכטיגע געהיימניס וואס קען מיר שטארק צוניץ קומען, דארום בין איך צוגעגאנגען אויף דיא שפיצען פינגער צו דער טהיר, האב צוגעלייגט מיין אויער און האב געהערט א שרעקליכע זאך וואס בעלאנגט צו אייער מאן.

— וואס איז דאס פאר אזא שרעקליכע זאך? — האט בת־שבע נייגיעריג נעפרעגט.

— איהר וועט זיך געווים דערשרעקען אלס איהר וועט דאס דערהערען.

— עס מאכט נים אויס, רייד אפען אלעס וואס דוא ווייסט.

— זיי האבען אבגעמאכט צווישען זיך מען זאל אייער מאן....

— נו, רייד שוין.

— מען זאל איהם איינפאך ערמארדען אין דער צעלע וואו ער זיצט.

— ערמארדען?! — האט בת־שבע אויסער זיך פאר ערשטוינען און שרעק נעפרעגט:

— יא, בארינא, אזוי האבען זיי זיך בעשלאסען.

— אבער ווארום?

— לויט איך האב פערשטאנען פון זייערע רייד, האבען זיי מורא פאר אייער מאן ער זאל אויף זיי נים אויסזאגען אזעלכע זינדע דורך וועלכע זיי קענען ביידע זיין קאפוט.... איהר פערשטעהט.

— אהא! איך פערשטעה, דא האנדעלט זיך געווים וועגען דעם מארד וואס מען האט בענאנגען אויף וואהרהאפטינען.

— יא, יא. איהר האט רעכט, איך האב טאקע נעהערט וויא זיי האריי׳ איינינע מאל דערמאהנט דעם נאמען וואהרהאפטיג.

— אבער וויא אזוי דענקען זיי מיין מאן צו ערמארדען.

— מאלאיעוו האט נעמאכט דעם פראיעקט. מען זאל מאכען איין האנד מיט דעם סמאטריטעל און מען זאל ברענערן אין זיין צעלע נעפינען א נעהאנגענעם. וויא אזוי דאס וועט צונעהן, האט ער דייטליך נים נעזאגט, עס קען זיין אז ער האט עס דעם פאלקאווניק יא ערקלערט, אבער איך האב נים ווילענדיג זיך א שאר נעטהאן

אין דער טהיר אין אוים פורכט פיעללייכט וועלען דיא ביידע מערדער דורך דעם פערשטעהן אז יעמאנד שטעהט הינטער דער טהיר, האב איך געפונען פאר קלוג שנעל אוועקצוגעהן. -

— איז דאס געוויס, אזוי וויא דוא האָסט מיר דערצעהלט?

— קליאנוס באָנאָם! (איך שווער ביי גאָט!) — האט דער סאלדאט געענט־פערט און האט זיך איבערגעצלמ'ט — אז אלעס וואס איך האב אייך דערצעהלט איז וואהר.

— וויא אזוי איז דיר איינגעפאלען קומען צו מיר?

— איך האב אנגעהויבען צו קלערן וואס טהוט מען? פריהער איז ביי מיר געוועזען א פּלאן איך זאל דאס מעלדען דעם פּאָליצמייסטער. נאכהער אבער האב איך זיך בעקלערט, אז אזוי וויא איך בין ניט מעהר וויא א סאָלדאט, וועט מען מיר קיין גלויבען שענקען און איך קען נאך אין גרעסטען אונגליק פאלען. דארום האב איך אנגעהויבען נאכצופאָרשען פיעללייכט האט דער ברענער א ווייב אָדער עלטערן. איך האב וועגען דעם געמאכט א געשפרעך מיט א געהיים־פּאָליציסט וואָס איז מיט ברענערן געוועזען זעהר בעפריינדעט און דיעזער האט מיר דערצעהלט, אז ברענער האט ניט לאנג געהייראטהעט און האט מיר אויך געזאגט וואו איהר וואוינט.

— איך דאנק אייך זעהר גוטער מענש פאר דעם אלעם וואס איהר האט מיר ערצעהלט — האט בת־שבע געזאגט — איך וועל שוין געוויס אין דעם ניט שוויי־גען. ווען זאגט איהר האבען זיי דעם טייפלישען פּלאן געמאכט?

— הייטע אום עלף אוהר פאר מיטאג.

— און ווען האבען זיי בעשטימט דיא צייט דעם העלישען פּלאן אויסצופיהרען?

— מיר שיינט, אז אויך הייטע אבענדס.

— אויב אזוי איז דאך דיא שרעקליכע שטונדע אנגעקומען, דען עס איז שוין נאכט אין דרויסען.

— יא באריניא, אבער איהר קענט נאך דאס אונגליק פערהיטען. דערווייל א גוט נאכט, איך בעט אייך באריניא קיינער זאל וויסען אז איך בין דא געוועזען און האב עס אייך דערצעהלט.

— אויב איך וועל נאך צייט האבען מיין מאן צו רעטען וועט אייער בעזוך ביי מיר פערשוויעגען ווערן, אינ'ם פאל אבער ווען עס איז שוין נאך אלעמען וועט איהר מוזען דעם גענעראל־גובערנאטאָר זעלבסט אלעס איבערדערצעהלען, וואס איהר האט מיר זא עבען דערצעהלט.

— גאט אין הימעל! פאר דעם גענעראל־גובערנאטאר וועל איך דארפען שטעהען און ריידען? — האט דער סאָלדאט ערציטערט געפרעגט.

— יא — יא האט בת־שבע זעהר ערנסט געענטפערט — אבער איהר קענט זיין גאנץ זיכער, אז אייך וועט קיין האר געקרימט ווערן. אין געגענטהייל, איהר וועט נאך דערפאר גוט בעלאהנט ווערן, אויף דעם האט איהר מיין עהרענוואָרט.

— אָבער אום גאטעס ווילען באריניא! האט רחמנות! ווי[illegible] וואס פאר אן ענדע איך וועל דא האבען?

— שטיל! ניט איין ווארט מעהר — האט בת־שבע זא שטרענג א געשריי געטהאן דאס דער סאלדאט האט מעהר ניט געוואגט צו ריידען — געה א היים, איך מוז דיא מינוט לויפען נאך דעם געפענגניס, פיעללייכט וועט מיר נאך געלינגען מיין מאן צו רעטען.

זיא האט געחאפט אויף זיך איהר מאנטעל און איז שנעל ארויסגעלאפען. אין דרויסען האט זיא זיך ארויפגעחאפט אויף א דראָשקע און האט געהייסען מען זאל זיא פיהרען נאך דעם געפענגניס.

## 216טעס קאפיטעל.

## ער איז ניט אונגערעכט.

— וואס ווינשען זיי העררר גריץ? — האט דער באנקיר ראָטהבלום געפרעגט סימאָן גריץ ווען ער איז אריינגעקומען צו זיין פרינציפאל אין ציממער.

— איך בין געקומען זיך מיט אייך געזעגענען העררר באנקיר.

— וואס? איהר פאהרט שוין אוועק?

— יא, איך מוז דאך פאהרען אבנעהמען מיין ירושה.

— נו פאָהרט געזונטערהייט — האט ראטהבלום געזאגט איהם רייכענד דיא האנד — איך וויניש אייך א גליקליכע רייזע. גאט ווייס צו מיר וועלען זיך נאך זעהן אמאל. דען געוויס וועט איהר שוין פטרבלייבען אין קאליפאָרניען.

גריץ האט א ביטערן זיפץ געטהאן.

— איהר זיפצט העררר גריץ? זייט איהר אונצופריעדען פון דער גליקליכער רייזע וואס איהר מאכט יעצט.

— איך מוז אייך זאגען, העררר ראטהבלום, אז לויט איך זעה, איז נאר אויף דער וועלט קיין גליק ניטאָ. שטעלט אייך צום בייישפיעל פאָר מיך אליין. אזא גליק וויא מיך האט געטראפען טרעפט דאך איינעם אין הונדערט יאהר, און דאך ווייס איין גאט, אז איך פיהל מיך העכסט אונגליקליך.

— אבער ווארום, ליעבער גריץ?

— וואס קומט מיר ארויס פון דיא מיליאָנען וואס איך וועל אבנעהמען אין קאליפאָרניען, אז מיין הערץ בלייבט איבער דא אין מאָסקווא? איך שווער אייך ביי מיין לעבען, דאס מיט פערגעניגען וואלט איך דיא אלע מיליאָנען אבגעגעבען פאר איין פריינדליך וואָרט פון אייער טאכטערס מונד.

— נו, פרעג איך אייך, העררר גריץ, זייט איהר ניט קיין קינד? וויא קומט דאס צו אייך איהר זאָלט אזעלכע ווערטער ריידען? איז דען מיין טאכטער איין מערכען אין דער וועלט? גלויבט מיר, אז איהר וועט געפינען א כלה וואס וועט זיין טויזענד מאל שעהנער פון איהר.

— איהר דארפט אבער ניט פערגעסען, העררר ראטהבלום, אז א מענש האט ניט מעהר וויא איין הערץ, און ווען דאס הערץ נעהט געפאנגען אין דער נעץ פון דער ליעבע צו איינער, וועט עס שוין פון דאָרט קיין מאל בעפרייט ווערן.

— דאס זיינען אבער נור אזעלכע ווערטער וואס פאכען פאר פאָעטען, אבער

מיר פראקטישע מענשען אָהן פאנטאזיען, מיר דארפען אזא נעגענשטאנד מיט אנדערע בליקען בעטראכטען. עס איז ווירקליך זעהר אנגענעהם צו הייראטהען מיט דאס מערכען וואס מען האָט ליעב, אבער ווען דאס מערכען איז זאָ דום דאס זיא פערשטעהט ניט דאס גליק וואָס מען לייגט איהר פאָר, דארף מען גאָר לאנג ניט טראכטען און אויסזוכען אַן אנדערע.

— איהר, ליעבער הערר ראטהבלום האט שוין געמוזט פערגעסען יענע יונגע יאָהרען, אין וועלכע איהר האָט אויך אזוי פאנטאזירט וויא אלע יונגע לייט. דער־מאָהנט זיך אבער גוט, וועט איהר נעשטעהען, אז עס איז ניט אזוי לייכט זיך ארויס־צורייסען פון דיא ליעבעס פלאמען, וואָס א שעהן מערכען צינדעט אָן אין אונזערע חערצער. ליעבער טהייערער הערר ראטהבלום! פיעללייכט קענט איהר נאָך ווירקען, איך זאָל דער גליקליכסטער מענש אונטער דעם הימעל ווערען.

— ווייסט איהר דען ניט, ליעבער פריינד, אז איך האָב איינגעוויליגט אייך פאר מיין שוועגערזאָהן צו מאכען. אויך מיין פרוי ווינשט זיך קיין בעסערס, וויא אונזער טאכטער אייך אבצוגעבען. אבער וואָס קאנען מיר טהאָן, אז אונזער רעבעקא וויל דאצו ניט איינוויליגען.

— איך גלויב אבער אז ווען מען זאל זיא אויפקלעהרען וואס פאר א גליק זיא לאָזט ארויס פון דיא הענד, וועט זיא דאָך איינוויליגען מיין פרוי צו זיין.

— ניין, הערר גריטץ, דאס וועט זיין אַן אומזיסטע מיהע. איך בין שוין פעסט איבערצייגט, אז זיא וועט זיך ניט בעשליסען אייער פרוי צו זיין. איך מוז אייך זאָגען אז איך פערשטעהדאס זעלבסט ניט ווארום זיא לאָזט ארויס אזא גליק פון איהרע הענד ?

— און איך פערשטעה יא דיא אורזאכע דאפאָן.

— וואָס איז דא פאר אַן אורזאכע ?

— איך וואָלט דאָס אייך געזאגט אבער איך פירכטע, דאס אייך וועט דאס פערדריסען.

— מיך וועט דאס ניט פערדריסען, איהר קאנט פריי רעדען.

— מיר שיינט אז אייער טאָכטער איז פערליעבט אין אַן אנדערן.

— אזוי ווייזט אייך אוים ?

— איך בין אין דעם פאסט איבערציינט.

— ווירקליך? אין וועמען איז זיא פערליעבט ?

— זעהר אין א שענדליכען מאַן.

— קאנט איהר מיר זיין נאָמען זאגען ?

— ווארום ניט, איך קאָן דאס אייך זאָגען. אָבער איהר מוזט מיר נאך אמאָל פערשפרעכען אז אייך וועט דאָס ניט פערדריסען.

— איך האב אייך שוין נעגעבען דיא ערלויבניס פריי צו שפרעכען.

— זיין נאָמען איז יאקאָב פיין.

— איך וועל אייך ניט זאָגען, הערר גריטץ, אז איהר האט אַן אירטהום — האָט ראטהבלום קאלט געזאגט — דען איך זעלבסט האב דאס שוין לאנג בעמערקט, אז זיא איז צו דעם יונגען מאן ניט גלייכגילטיג, אבער ער איז ניט אזא שענדליכער

וויא איהר מיינט, דען מען ווייס שוין ריכטיג, אז מען האט איהם פאלש בעשולדיגט, אז ער האט וואהרהאפטיגען ערמארדעט. דער יונגער וואהרהאפטיג אליין האט מיר געזאגט, אז יאקאב פיין איז ריין וויא גאלד און ער ווייס שוין, ווער דיא ווירקליכע מערדער פון זיין פאטער זיינען.

— עס קען זיין אז ער איז אין דעם פערברעכען פאלש בעשולדיגט געוואָרען, דערפאר אבער האט ער אנדערע פערברעכען בעגאנגען.

— וואָס מיינט איהר מיט דיא ווארטען?

— עס טהוט מיר זעהער לייד אייך דאָס צו זאָגען, און מיר איז דאס זעהר אונאנגענעהם, ווייל איהר קענט מיינען, אז איך רייד אויף יאקאבן שלעכטעס דער־פאר, וואס איך בעטראכט איהם אלס מיין קאָנקורענט.

— האט אייך רעבעקא ניט ערצעהלט פון דאס מעדכען וואָס פיין האט זיא אין א בלאָטע פערפיהרט....

— ניין! זיא האָט דאס מיר ניט ערצעהלט.

— מיר איז א נרויס וואונדער, אז נאך אזא שענדליכע זאך וויא זיא האט פון איהם ערפאהרען, האט זיא איהם נאך אין זינען.

— אבער דערצעהלט מיר וואס איז דאס פאר א געשיכטע?

— דאָס איז זעהר א שענדליכע געשיכטע. דער הערצלאזער יאקאב האט פערשפראָכען א מעדכען פון ארמען שטאנד, אז ער וועט זיא הייראטהען און דורך דעם איז איהם געלונגען איהר עהרע צו רויבען, און אז ער האט שוין זיין שענדליכען ציעל עררייכט, האט ער איהר געלאזט שטעקען אין דער בלאָטע אין וועלכער ער האט זיא פערפיהרט און האט זיך גענומען שדכענען צו אנדערע עהרליכע מעדכענס.

— איז דאָס מעגליך? — האט ראטהבלום ערשטוינט געפרעגט.

— דאָס איז אזוי זיכער, וויא יעצט איז טאָג.

— נו, און רעבעקא ווייס דאפאָן?

— דאָס אונגליקליכע מעדכען אליין האט דאָס איהר דערצעהלט.

— דאס קומט מיר אונגלויבליך פאר, אז נאך אזא שרעקליכען שקאנדאל זאל מיין טאכטער ניט פערליערען דיא סימפאטיע צו אזא טייפעל.

— מיר איז דאס אויך א וואונדער און איך קאן עס נאָר ניט פערשטעהען וואס מיט אייער טאכטער איז, זיא זאל אין זינען האבען אזא שענדליכען סוביעקט, וואס עס איז דיא גרעסטע שאנדע מען זאל נאר וועגען איהם ריידען. דאס וואָלט איך קיין מאל געגלויבט.

— זייט זיכער, הערר גריטץ, אז מעהר וועט זיא שוין וועגען איהם ניט דענ־קען — האט ראטהבלום זעהר אויפגערעגט געזאגט — איך בין איהר פאטער און איך וועל זיך געווים ניט לאָזען בעשמוצען.

— קען איך האפען אויף דעם גליק, אייער טאכטער'ס הערץ צו געווינען?

— אויף איהר הערץ קען איך ניט בעפעהלען, דארום קען איך עס אייך ניט פערשפרעכען, אבער איהר האנד קען איך יא פערשפרעכען.

— אויב אזוי, פאַהר איך שוין ניט — האט גריטץ העכסט ערפרעהט אויסגע־

רופען — איך בלייב נאך דאָ, ביז איך וועל וויסען, אז איך בין מיט רעבעקא'ס האנד בעגליקט געוואָרען.

217טעס קאפיטעל.

# דיא שרעקליכע בשורה.

אין א שעהנעם פרי־זומאָרגען איז אן עקיפאזש געשפאנט צו צוויי פערד אריינ־געפאהרען אין דער שמזארט או"שא און איז צוגעפאהרען צו דעם בעסטען האָטעל פון שטערטעל, וועלכער האט זיך גערופען „פעטערבורגער האָטעל", פון דעם עקיפאזש זיינען ארויסגעגאנגען אונזערע צוויי בעקאנטע מיכאל גרינזאנג און דער אלטער איוואן.

דער ווירטה פון האָטעל איז ענטגעגען דיא געסט ארויסגעלאָפען און נאך בעפאָר זיי האבען איהם עטוואס געפרעגט, האט ער זיי אנגעשאָטען ניין מאָס רייד וועגען דיא שעהנע צימער וואס געפינען זיך אין זיין האָטעל און וועגען דיא גוטע בעדיענונג וואס דיא געסט האבען ביי איהם אין האָטעל.

גרינזאנג האט א שמייכעל געטהאן און האט געהייסען דעם רעדנער ער זאל איהם מיט זיין בעגלייטער אריינפיהרען אין איינעם פון זיינע בעסטע צימער.

דער ווירטה האט דעם וואונש באלד ערפילט און האט זיינע געסט אריינגע־פיהרט אין א גרויס ליכטיג צימער.

— ווילט איהר פיעללייכט עפעס עסען צו טרינקען? האט ער מיט גרויס רעספעקט געפרעגט.

— הייסט מאכען דערווייל דעם סאמאוואר, וועגען עסען וועלען מיר שפעטער ריידען — האט גרינזאנג געענטפערט.

דער ווירטה איז ארויסגעלאָפען.

— וואס דענקט איהר יעצט צו טהאן הערר גרינזאנג? — האט דער אלטער איוואן געפרעגט.

— איך וועל באלד אונטערגעהן צו דעם היזיגען פאָליציימייסטער און וועל איהם דערצעהלען אז דער גראף דאנילאוו האט קיין מאָרד בעגאנגען, זעלבסטפער־שטענדליך אז איך וועל איהם זאגען וואו דיא גרעפין מאריא געפינט זיך און אונזער ארעסטאנט וועט נאך הייטע בעפרייט ווערען.

— אז ער וועט הייטע בעפרייט ווערען דאס גלויב איך ניט, ווייל מען מוז דאך פריהער נאכפאָרשונגען מאכען צו דאס איז וואהר אז זיין פרוי לעבט, דאס וועט נעהמען צייט עטליכע טעג.

— ניין, דאס קען העכסטענס געדויערן ביז מאָרגען, דען איך וועל טעלעגראַ־פירען צו מאריא'ן זיא זאל קומען אהער און קיין בעסער עדות פון איהר דארף מען ניט.

— דאס האט איהר אויך רעכט.

— איך וועל פרעגען דעם פאליציימייסטער אליין וואס איך זאל דא טהאן אום דער גראף זאל וואס גיכער בעפרייט ווערען, ער וועט געוויס מיר א גלייכען ראטה געבען.

— און איך נעה באלד צו דעם סליעדאָוואטעל איהם מעלדען וועגען דעם

קינד וואס איז ערמארדעט געווארען און וואו דער מערדער געפינט זיך — האט איוואן געזאגט — אך הערר גרינזאנג, עס קומט מיר אליין פאר אונגלויבליך ווען איך דערמאהן מיך אז דאנילאווקא איז געווארען א מערדערהעהלע, איך וואוין שוין אין טייפעלסשלאס צוואנציג יאהר און נאך קיין מאל האבען זיך אזעלכע מערדערייען אין מיין גענענד געטראפען וויא אין דער לעצטער צייט, דאס איז הימעלשרייענד.

— אבער יעצט וועט צו דיא מערדערייען אן ענדע נעהמען — האט גרינזאנג געענטפערט – עס איז נור שלעכט געוועזען בעפאר מען האט געפונען דיא לאך פון דיא שלאנגען, אבער קוים האט מען שוין זייער אויפענטהאלטס ארט געפונען, וועט מען זיי איינציגנווייס אויסראטהען.

— יא, מען מוז זיי אויסראטהען, דען ווער ווייס וויפיעל מענשענלעבענס זיי וועלען נאך פערניכטען ווען מען וועט פון זיי וואס גיכער קיין ענדע מאכען. ניט אומזיסט זאגט מען אז איין שטינקענדיגע פליעג מאכט קאליע דעם בעססען בוימעל. דיא איין ארדעלא האט דאס דא אנגעפלאדעט אזוי פיעל מערדער און האט אנגע-בראכט אזוי פיעל צרות אויף דעם גראפ׳ס הויז. וואס ווייסט איהר הערר גרינזאנג וויא גליקליך אנטאן האט מיט זיין מאריא׳ן פריהער געלעבט. איך שווער אייך אז דיא גאנצע וועלט האט זיי געמעגט מקנא זיין. זיי האבען אימער נור איינעם דעם צווייטען אין דיא אויגען געקוקט. און צייט דיא פערפלוכטע ארדעלא איז צו זיי אין הויז אנגעקומען האט צו זייער ליעבע און זייער גליק אן ענדע גענומען.

—ווארט! איהר וועט זעהן וויא דיא פערפלוכטע בעסטיע וועט בעשטראפט ווערען — האט גרינזאנג צארניג געזאגט — זיא אויך איהר פאטער מוזען זייער לעבען אויף דעם עשאפאט ענדיגען, זאל נור אנטאן בעפרייט ווערען פון זיין קערקער. וועט ער זיך שוין מיט זיי אברעכענען וויא מען בעדארף.

דיא טהיר האט זיך געעפענט און דער דיענער האט דעם סאמאוואר אריינ-געטראגען. ער האט איהם אוועקגעשטעלט אויפ׳ן טיש און האט געוואלט אוועקגעהן, אבער גרינזאנג האט איהם אבגעהאלטען.

— הערר נור יונגע — האט ער צו איהם געזאגט — איז דאס געפענגניס ווייט פון דאנען?

— ניין הערר, עס איז ניט ווייט — האט דער דיענער געענטפערט.

— וואוינט דער סמאטריטעל אויף נעבען דעם געפענגניס!

— יא, ער וואוינט דארט.

— טרעפט מען איהם דעם גאנצען טאג צו הויז?

— וויא א מאל, א מאל טרעפט מען איהם צו הויז און א מאל ניט. וואס איז, איהר דארפט זיך מיט איהם זעהן?

— יא.

— איך וואלט אייך ניט געראטהען איהר זאלט צו איהם הייטע געהן.

— ווארום נים?

— ווייל איך ווייס אויך ניט וואס דארט האט זיך געטראפען, ווער עס קומט אריין צום סמאטריטעל דעם ארעטירט מען.

— וואס הייסט דאס ? — האט גרינזאנג ערשטוינט געפרעגט — ווארום ארע־מירט מען גלאט אזוי אונשולדינע מענשען ?

— דערפאר וואס דיא טעג האט מען פערגיפטעט אין געפענגניס א רייכען ארעסטאנט. פאלט דער פערדאכט אויף יעדען פרעמדען מענשען וואס קומט אריין צום סמאָטריטעל, וויל מען מיינט אז ער האט שולד אין דעם טהאט פון דעם רייכען ארעסטאנט.

— איך פערשטעה נאך אלץ ניט וואס דוא רעדסט. ווער האט פערגיפטעט דעם רייכען ארעסטאנט ?

— ווען מען זאל וויסען ווער, וואָלט שוין גוט געווען, אבער מען וויים נור אזוי ביעל, דאס איינער האט איהם אריינגעשיקט א גוטען מיטאג און וויא נור דער ארעס־טאנט האט איהם אויפגעגעסען איז ער באלד געשטאָרבען.

— דאס איז זאנדערבאר. ווייסט דוא ניט וויא דער ארעסטאנט האט גע־הייסען ?

— איך וויים נור דאס, אז ער איז געווען זעהר א רייכער מאן. ער איז געזעסען אין אסטראג דערפאר וואס ער האט זיין פרוי דערשאָסען.

גרינזאנג מיט איוואנען זיינען הערענדיג דיא ווערטער בלייך געוואָרען.

— ווייסט דוא ניט וויא דער ארעסטאנט האט געהייסען ? — האט גרינזאנג געשטאַמעלט.

— מיר שיינט אז ער האט געהייסען דניאל אדער דאנילאק.

— דאס איז אנטאן! — האט איוואן ערציטערט אויסגערופען.

— איהר האט איהם דען געקענט ? — האט דער דיענער געפרעגט.

— אך מיין גאָט ! — האט איוואן ציטטערענד ביי אלע גליעדער געיאמערט, מען האט איהם פערגיפטעט, מיין גוטער הערר איז טוידט ?!

דער דיענער האט א קוועטש געטהאן מיט דיא פלייצעס און איז אוועקגע־גאנגען.

— הערר גרינזאנג ! — האט איוואן מיט א פערצווייפעלטער מינע א געשריי געטהאן — איהר האט געהערט וואס דער מענש האט דערצעהלט.

— צו איך האב געהערט פרענט איהר ? אלע גליעדער שוידערן אין מיר פון דער נאכריכט.

— נו, וואס טהוט מען יעצט ?

— איך בין וויא פערטומעלט, איך וויים אליין ניט וואס מיר זאלען טהאן.

— הערר גרינזאנג דאס איז אויך זייער ארבייט.

— ווע מינס ?

— איך גלויב אז דער ניפט האט איהם אויף דיא פערפלוכטע אדעלא מיט איהר פאטער אין קערקער אריינגעשיקט.

— דאס קען זעהר זיין, אבער מיר קענען דאך דאס ניט בעווייזען.

— עס שאדעט אבער ניט ווען מיר וועלען אוונזער פערדאכט איבערגעבען דער פאָליציי.

— איך וועל זיך שוין מעהר דא ניט מ׳שען — האט גרינזאנג געענטפערט — דען איך פאנג אן צו גלויבען, אז דאס איז אבגעארבייט געוואָרען מיט דעם וויסען פון א גרויסען בעאמטען. ווייל מיר גלויבט זיך דאס גאָר ניט אז מען זאל קענען צו א; ארעסטאנט אריינשיקען גיפט און קיינער זאל ניט בעמערקען ווער דער שליח פון דעם מוירדט איז געווען און ווען איך וועל זיך דא אריינמישען וועל איך געוויס ניט גוט אבשניידען.

— און איך וועל דאס ניט שווייגען — האט איוואן מיט פייער געזאָגט — ווען איך וועל זיין ביים סליעדאָוואַטעל וועגען דעם מערדער וואס האט דאס קינד ער־מאָרדעט וועל איך איהם אויף דעם גראַפ׳ס מערדער אויך אויפמערקזאם מאכען.

— איך ראטה אייך דאס ניט צו טהאן.

— עס מעג זיין וואס עס וויל, איך מעג דאביי מיין לעבען פערליערן; וועל א יז׳ אזא זאך ניט שווייגען. איך מח אויסגעפינען ריכטיג ווער עס האט דעם גראף ער־מאָרדעט. אבער איך פערשפאָר דאס אויסצוגעפינען, איך וויים אזוי זיכער וויא יעצט איז טאג, אז דאס איז אדעלאס ארביים. איך דארף נור אנווייזען וואו זיא געפינט זיך.

— דאס איז נאך אלס ווענינ. איהר וועט מוזען אויפווייזען אז זיא איז ווירליך דיא מערדערין.

— ווען נור דער סליעדאָוואטעל האט אין זיך חאטש א שטיקעלע געוויסען, וועט ער שוין אליין נאכזוכען און וועט זיך איבערציינגען אז איך האב רעכט. אלע בעאמטע זאלען אנטהייל נעהמען אין אזא מערדעריי איז דאך אונמעגליך? איך וועל זיין ביי אלעמען, ביים סליעדאָוואטעל, ביים פּאָליצמייסטער, ביים ספראווניק און ביי דעם סמאָטריטעל פון געפענגנים און ווען נור איינער פון זיי וועט זיך ענערגיש נעהמען דיא זאך צו ערפארשען איז דאס פאר מיר שוין גענוג.

— טהוט וויא איהר פערשטעהט, איך פאָהר נאך אין א פּאָר שטונדען אוועק פון דאנען. פיעללייכט וועט עס יא האלטען ביי א וועג און איהר וועט דארפען דערצו געלד, זאלט איהר מיר שרייבען אדער טעלעגראפירען, וועל איך אייך באלד ארויס־שיקען געלד וויפיעל איהר וועט געטהיג האבען.

— זעהר גוט, איך דאנק אייך דערפאר וואס איהר ווילט מיר מיטהעלפען חאטש מיט געלד — האט איוואן געענטפערט אויסווישענד דיא טרערין וואס האבען זיך פון זיינע אויגען געגאסען ביי דעם געדאנק דאס דער גראף אנטאָן איז שוין טוירדט און ער וועט איהם ניט קענען דערפרייען מיט דער נאכריכט דאס זיין פרוי מיט זיין קינד לעבען.

## 218טעס קאפּיטעל.

# אַ פראַכטפאָלע אַקטריסע.

— וואס טהוט מען?

דיא פראגע האט זיך שוין אונצעהליגע מאל געפרעגט וולאדימיר גלוי־ראוו, אלס ער האט זיך דערמאנט אן זיין כלה ארעלא דאנילאוו.

זייט זיא איז געקומען נאך מאסקווא. איז זיין אנטיפאטיע צו איהר נאך גרעסער געווארען. עס האט איהם פעסט געעקעלט אלס ער האט זיך אן איהר

דערמאָנט. ער האט בײַ זיך גאר ניט געקענט רעכט מאכען מיט איהר זיך צו פער־בינדען און זיא פאר זײַן פרוי צו מאכען.

מיט דער גראָבהייט וואס זיא האט בעהאנדעלט דער ארמער גובערנאנטין סוסאנא פעטראווו, האט זיא אין איהם געגען זיך א שרעקליכען האס ערוועקט, זיא האט איהם דאמיט געוויזען אז זיא שטעהט פיעל ניעדעריגער אלס ער האט זיך פריהער פאָרגעשטעלט.

וואס טהוט מען? וויא בעפרייט מען זיך פון אזעלכע קייטען, וואס וועלען איהם פאר דאס גאנצע לעבען וויא דעם אונגליקליכסטען ארעסטאנט בינדען.

ער איז געוועזען שטארק אין כעס אויף דער מאדאם פעטראָוו דערפאר וואָס זיא האט איהם צונערעדט ער זאל אדעלאן בעהאנדלען וויא א געטרייער חתן דארף זײַן בראוט בעהאנדלען. ווען ניט זיא וואלט ער איהר קיין פריינדליכען בריעף גע־שריעבען און זיא וואלט ניט געקומען צו איהם.

זיא איז שוין דא אין מאָסקווא זײַט דרײַ טעג און יעדען טאג קומט זיא צו איהם און ער מוז קומען צו איהר. יעדעס מאל וואָס זיא פלעגט צו איהם קומען איז איהם געוועזען אויפ'ן הערצען ריכטיג וויא א הונגעריגער לייב זאל צו איהם אריינ־קומען אום איהם צו צערפליישען און ווען ער האט בעדארפט געהען צו איהר האט ער זיך געפיהלט זא שלעכט וויא ער זאל דארפען געהען געגען דעם טוידט. אבער ער האט דאס אלעס געמוזט געדולדיג ערטראגען און איז נאך געצוואונגען געוועזען מאכען א פרעהליכע פריינדליכע מינע.

וויא שלעכט דאס איז ווען מען מוז זיך צייגען פריינדליך צו דעם מענשען וואס מען האסט וויא דעם טוידט. דאס איז איינס פון דיא גרעסטע קוואלען, וועלכע קענען דעם שטארקסטען מענשען צערשמעטערין. בעזאנדערס נאך ווען דער מענש איז אן ארדענטליכער און קען ניט פאלש זײַן.

דיעזע העלישע שמערצען האט יעצט געפיהלט נעלידאוו צוויי מאָל יעדען טאג. איהם איז געוואָרען אזוי ביטער, דאס איינפאך דאס לעבען איז איהם צו לאַסט געפאלען.

וואס טהוט מען? ווא וואָרפט מען פארט פון זיך דיא שרעקליכע לאַסט ארונטער. זאגען אדעלא'ן גאר פלוצלונג אז ער האט חרטה אויף דעם שידוך, וועט ער דאך בײַ איהר אויסווייזען וויא א משוגענער. ערשט שרייבט ער איהר אזא ליעבע בריעף און בעט זיא רחמים זיא זאל צו איהם קומען און פלוצלונג וועט ער איהר ערקלערן אז ער קען יהר מאן ניט זײַן. און אויסער דעם וואס זיא וועט איהם בעטראכטען אלס א וואהנזיניגען, וועט זיא איהם דען שווייגען פאר דער בעליידיגונג? אזא סחורה וויא אדעלא איז קען דאך דיא גרעסטע סקאַנדאלען מאכען און אלע וועלען איהר גערעכט געבען.

זיא האט איהם נאך מיט צוויי טעג צוריק געזאגט, אז זיא פאהרט באלד צוריק אוועק נאך דאנילאווקא, אבער זיא איז ניט געפאָהרען.

— אָ, ווארום האלט זיא קיין וואָרט? פאר וואָס פאהרט זיא שוין ניט

אוועק ? — האט ער מיט כעס צו זיך אליין גערעדט — זיא זאל מך חאטש אויף איינינע טעג אבלאזען, וואלט איך נאר פרייער געאטהמעט, עס וואָלט מיר ליכטינער געוואָרען אין דיא אויגען.

דיעזע ווערטער האט ער גערעדט אין דער צייט ווען זיא האט בעדארפט צו איהם קומען. זיא האט איהם בעשטימט דיא שטונדע אין וועלכער זיא וועט איהם מיט איהר בעזוך בעגליקען און ער האט געמוזט אויף איהר ווארטען, דען אוועק־געהן אָהן זאגען איהר נאכהער א פאלשען תירוץ, אז ער האט געמוזט פון דערהיים אוועקגעהען האט ער ניט געקענט, ווייל ער האט געוואוסט אז אדעלא פערשטעהט זיך זעהר גוט אויף פאלשע תירוצים און פון איהר מיילכעלע וועלען זיך אנהייבען צו שיטען אזוי פיעל פארווירפע דאס ער וועט ניט האבען וואוהין פאר איהר צו אנטלויפען.

און נאך בעפאר ער האט צייט געהאט זיך צו בעשליעסען וואס צו טהאן, האט מען איהם אנגעקלאפט אין טהיר. ער איז בלאס געוואָרען, דען ער האט פער־שטאנען אז דאס איז זיא, אבער עס העלפט ניט מען מוז איהר עפענען.

ער האט געעפענט און ווירקליך איז אדעלא אריינגעקומען מיט זעהר א מונ־טערע פרעהליכע מינע. ער האט פערשטאנען אז איהר האט עטוואס אנגענעהמעס פאסירט, אבער ער האט איהר ניט געפרעגט וואָרום זיא איז יעצט אזוי פרעהליך.

— נו, מיין העלד וואס מאכסט דוא ? — האט זיא געפרעגט איהם רייכענד דיא האנד — עפעס ווייזט דוא מיר אויס וויא א חלום׳דינער.

— א חלום׳דינער ? — האט ער מיט א געצוואונגענעם שמייכעל געענטפערט — איך גלויב ניט, אז דוא ביזט געקומען מיר צו חלום.

— דוא גלויבסט נאר ניט איך זאל קומען דיר צו חלום ? דאס איז א בעוויז, אז דיין ליעבע צו מיר איז ניט אזוי פייערינ, דען ווען זיא זאל יא זיין אזוי פייערינ וויא אלע אנדערע ליעבעס, וואלסט דוא מיך יעדע נאכט געזעהן אין טרוים.

— איך הער דאס ערשט, אז ווען דיא ליעבע איז הייס מוז מען דער געליעב־טער זעהען זיין געליעבטע אין טרוים.

— דוא הערסט דאס ערשט ? זאג איך בעט דיר קיין ליגענס ניט, מיר שיינט אז דוא האסט אין דיין לעבען דורכגעלעזען איינינע ראמאנען האָסט דוא געווים אין איינעם פון זיי בעגעגנט וואס דיא ליעבענדע האבען איינער דעם צווייטען אין זינען אימער זאגאר אין טרוים זעהען זיי איינע דיא אנדערע.

— דאס זאגט אלץ א ראָמאן, וואס איז אין גאנצען פול מיט פוסטע פאנ־טאזיען, מיר זיינען אבער מענישען מיט א ריינעם פערשטאנד, דארום זעהען מיר אונזערע פריינדע און געליעבטע נור וואכענדינ אבער ניט אין שלאף.

— דוא ביסט א פיינער מענש געוואָרען מיין ליעבער וולאדימיר — האט זיא מיט א שפּאָטישען טאָן געזאגט—וואס א טאָג ווייטער געפין איך אין דיר אלץ מעהר פליענען. נור איך פערצייהע דאס דיר אבער מיט דעם בעדינונג דוא זאָלסט מיר א געפאלען טהאן.

— א געפאלען ? וואס פערלאנגסט דוא דען ?

— איך פערלאנג פון דיר, דוא זאלסט דער גובערנאנטין סוסאנא פון דיין הויז פערטריבען.

— אבערמאלס האסט דוא אנגעהויבען אזעלכע דומהייט צו רעדען? — האט נעלידאוו צארניג געזאגט.

— דומהייט? דוא וואנסט מיר צו זאגען אז איך רייד דומהייט? און אלץ דערפאר וואס איך האב פערלאנגט דוא זאלסט ארויסטרייבען דער שלעפערקע פון דיין הויז? יעצט פערשטעה איך שוין אלעס.

— וואס פערשטעהסט דוא?

— איך פערשטעה, אז דיא גיבערנאנטין בעטרעט דא נאך א גרעסערע שטעלע אלס לערנען מיט קליינע קינדער. זיא לערנט מיט דיא עלטער קינדער פיעל בעסער....

— איך פערשטעה ניט וואס דוא רעדסט אדעלא? — האט נעלידאוו מיט זעהר אן ערנסטע מינע געזאגט.

— אָ, דוא פערשטעהסט מיר צו גוט, נור דוא מאכסט זיך ניט פערשטע־הענדיג. אָבער מיר שיינט אז דוא ווייסט זעהר גוט דאס מיר נארט מען ניט.

— איך פערשטעה ווירקליך ניט וואס דוא ווילסט פון מיר אדעלא?

— איך וויל דוא זאלסט דער פערפלוכטער גובערנאנטין פון דעם הויז ארויס־יאגען. איך וועל רוהיג ניט קענען בלייבען, ווען איך וועל וויסען אז זיא געפינט זיך דא אין שטוב.

— דאס וועסט דואאבער ביי מיר ניט אויספיהרען. ערשטענס, דיענט זיא ניט ביי מיר, זאנדערן ביי מיין מוטער. איך האב קיין רעכט איהר א שלעכט וואָרט צו זאגען. צווייטענס, וועל איך זיך ניט ערלויבען אן אנשטענדיגע ארענטליכע פרוי אזוי ווייט צו בעליידיגען און זיא וויא איינע דיעבין פון אונזער הויז ארויסטרייבען.

— דאס איז אלץ פוסטע פראזען. דאָ ליעגט א גאנץ אנדער מיין.

— וואס האסט דוא זיך איינגעבילדעט, אז דא ליעגט אן אנדער מיין? וואס פאר א מיין קען דא שטעקען?

— דוא מאך זיך נור ניט אזוי נאאיוו וויא א קינד. איך האב דיר איין מאל געזאגט און זאג עס נאך אמאל, אז מיך וועסט דוא ניט נאררען. איך פערשטעה אלעס. איך פערשטעה, אז דיא גובערנאנטין איז ביי דיר פיעל טהייערער אלס איך, ווייל זיא פערקויפט דיר איהר עהרע....

— אדעלא! — האט נעלידאוו וויטהענד א געשריי געטהאן — דוא בריינגסט מיך פון געדולד ארויס מיט דיינע אונפערשעמטע ווערטער. דיא מאדאם פעטראוו איז אזוי עהרליך וויא דוא.

— דאס איז שוין איבער דער מאס! — האט אדעלא אויסער זיך פאר כעס געשריען און איהר געזיכט איז אזוי ווילד געווארען, דאס נעלידאוו האט זיך ער־שראָקען — וואס? דוא האסט דיא פרעכהייט מיך צו פערגלייכען צו דיעזער פער־דאָרבענער שענדליכער פרוי? אויב אזוי מוז יעצט געהמען אן ענדע. קלייב זיך אויס איינע פון אונז ביידען.

— אבער וואצו היצט דוא זיך אזוי?

— איך קען דאס מעהר ניט ערטראגען, אַן ענדע זאָל דאס נעהמען. ענטווע־דער איך זאָל זיך פון דיר אויף אימער שיידען אדער זיא. דוא הערסט, וולאדימיר, וואס איך זאג?

— דוא האַסט, וויא מיר שיינט, אויך געהערט מיין בעשלוס, אז איך וועל דער מאדאם פעטראוו פון דאנען ניט ארויסיאגען.

— איז זיא ביי דיר טהייערער פון מיר? — האט אדעלא העכסט צארניג גע־שריען.

— איך וועל אַן ארענטליכען מענשען פאר קיין פאל בעליידיגען.

— איך בעפעהלע עס דיר, דוא זאלסט דאס טהאן.

— איך בין דיינער קיין שקלאַפע, דוא זאלסט דאס רעכט האבען מיר צו בעפעהלען.

— נו, אויב אזוי, אדיע אויף אימער און עוויג. דוא וועסט מיר צו זעלבסט־מאָרד בריינגען און דיין גאנץ לעבען וועט דיא זינדע וויא א שווערע לאַסט ליגען אויף דיין געוויסען.

ביי דיא ווערטער איז זיא ווילד ארויסגעלאָפען פון זיין צימער.

— אדעלא! אדעלא! — האט איהר געלידאוו נאכגעשריען, אבער זיא האט שוין ניט געהערט און איז אנטלאָפען געווארען.

געלידאָוו וואָלט הטכסט צופריעדען געוועזען מיט דעם צופאל, וואס האט איהם געטרענט פון דיעזער פערהאסטער פערזאָן; אבער איהרע לעצטע ווערטער, דאס זיא וועט זעלבסטמארד בעגעהן, האבען איהם שטארק ערציטערט. צוליעב איהם זאָל א מענש שטארבען, דאס האט זיין עדעלקייט איהם ניט דערלאָזט. ביי איהם וואר קיין צווייפעל, אז זיא וועט אויס גרויס כעס ווירקליך זעלבסמארד בעגעהן.

נאר אויף דאס נייע האט זיך אין איהם ערוואכט דיא אלטע פראגע וואס טהוט מען? אבער שוין נאר מיט אַ אנדער זין. ער האט ענדליך אויף זיך געהאפט זיין מאנטעל און איז אויך פון שטוב ארויסגעלאפען נאכיאגען אדעלא׳ן און זיא אב־האלטען פון א זעלבסטמאָרד.

ערעלער געלידאוו! ווען דוא זאלסט זעהן וואס פאר א שמייכעל אויף דער פאלשער אדעלא׳ן איז געלעגען, אלס זיא איז אויף יענער זייט פון דיין טהיר געוועזען, וואלסט דוא אזוי אונרוהיג ניט געוועזען. דיעזער שמייכעל האט וויא געזאגט: איך קען דיך, מיין שעפעלע, איך וויים וויא מיינע ווערטער וועלען דיך ניט לאָזען רוהען, און דוא וועסט מיך זוכען.... בראוואָ, אדעלא! דוא ביסט א פראכטפאָלע אקטריסע!

## 219טעס קאפיטעל.

## צו שפעט.

דיא נאכריכט דאס מען וויל ברענער׳ן אין זיין קערקער ערמארדען, האט בת־שבע׳ן וויא אונטערגעצונדען. אבוואהל זיא האט איהר מאן ניט געליעבט און איז איהם זאגאר ניט געטריי געוועזען, אבער ביי אזא פאל דאס ער שטעהט אין גע־

פאהר איינפאך ערמאָרדעט צו ווערען. האט זיא ניט געקענט רוהען און איז, וויא מיר וויסען, געפלוינגען צום אסטראג.

זיא האט קומענדיג צום סמאָטריטעלס וואוינונג זיך גלייך געלאָזט צו איהם מעלדען, אבער מען האט איהר געענטפערט אז ער שלאָפט.

זיא האט אבער שטארק געוואלט וויסען צו האט זיא ניט פערשפעטיגט דיא צייט און צו ברענער לעבט נאך, דארום האט זיא ניט געוואלט אוועקגעהן און האט שטרענג געפאָדערט מען זאל דעם סמאטריטעל אויפוועקען, ווייל זיא האט מיט איהם וועגען זעהר א וויכטיגער זאך צו שפרעכען.

נור איהר האט נאר ניט געהאָלפען. דעם סמאָטריטעל האט מען ענטוועדער ניט געוואלט אויפוועקען, אדער ער איז אזוי שטארק געשלאָפען, דאס מען האט איהם ניט געקענט אויפוועקען.

איהר איז דא זעהר ביטער געווארען, און נאך א לאנגעס נאכדענקען האט זיא זיך בעשלאָסען פליהען צו דעם סליעדאוואטעל. איהם איבערגעבען אלעס וואס מען האט איהר דערצעהלט און איהם בעטען, ער זאָל דיא מינוט א נאָכפאָרשונג מאכען צו לעבט ברענער, אויך פערזאָרגען, אז איהם זאָל קיין שלעכטעס געשעהן.

אבער וויא ערפאהרט מען וואו דער סליעדאָוואטעל וואוינט און וויא קומט מען צו איהם אין אזא צייט מיט אזעלכע זאכען? פיעללייכט איז נאר דיא גאנצע געשיכטע וואָס מאלינבערגס מענש האט איהר דערצעהלט א ליגען, וועט זיא נאך חאפען א שווארצען סוף פון׳ם סליעדאָוואטעל, דערפאר וואס זיא דולט איהם דעם קאָפ אומזאָנסט.

נור דאָ העלפט קיין זאך. דיא צייט איז ביי אזא פאל זעהר טהייער. מען מוז דעם סליעדאָוואטעל זעהן. און אויב ניט איהם, האט זיא זיך בעשלאָסען פליהען צום פאָליצמייסטער.

— יא, צום פאָליצמייסטער — האט זיא ענדליך אויסגערופען — דען ביז איך וועל געפינען דעם סליעדאָוואטעל קען ווער־ווייס־וואָס פאסירען.

זיא האט זיך ווייטער ארויפגעחאפט אויף א דראָשקע און האט דעם קוטשער געהייסען ער זאל זיא פיהרען צום פאָליצמייסטער.

עס האט לאנג ניט געדויערט, האָט זיך דער איזוואָזשציק צוגעשטעלט ביז דער טהיר פון׳ם פאָליצמייסטערס הויז. זיא איז גלייך צוגעלאפען און האט אנגעהויבען צו ציהען ביי דער שנור פון דער טהיר־גלאָקע.

א דיענער איז ארויסגעלאָפען.

— איך מוז נאָטהווענדיג דעם פאָליצמייסטער זעהן — האָט זיא האסטיג געזאגט.

— ער איז אבער יעצט בעשעפטיגט מיט געסט — האט דער דיענער געענטפערט.

— דערפון וויל איך ניט וויסען — האט בת־שבע שטאָלץ געענטפערט — איך מוז איהם שוין זעהן, דען עס האנדעלט זיך אום א מענשען־לעבען צו רעטען פון א געוויסען טויט.

— איך וועל איהם דאס מעלדען — האט דער דיענער געענטפערט און איז צוריק אריינגעלאָפען אין שטוב.

עס זיינען קיינע דריי מינוטען פאָראיבער איז ער צוריק ארויסגעקומען און האט געזאגט: ביטע, קאָמען זיי אריין.

ער האט בת־שבע׳ן ארויפגעפיהרט אויף דיא טרעפ פון דעם פאליצמייסטערס וואוינונג און האט זיא אריינגעפיהרט אין צימער.

— דאָ, בארישניא, וועט איהר אייניגע מינוטען ווארטען, וועט דער קניאז מיט אייך ריידען.

בת־שבע האט זיך אניעדערגעזעצט אויף א ווייכען שטול, אבער איהר האט אויסגעוויזען אז זיא זיצט אויף שפילקעס. יעדער אויגענבליק וואס איז איבערגעגאנגען, האט זיך אין איהרע אויגען וויא א יאהר אויסגעצויגען.

ענדליך האט זיך דיא טהיר געעפענט און דער פאליצמייסטער, דער קניאז גאליצין איז אריינגעקומען.

בת־שבע איז פון איהר אָרט אויפגעשפרונגען.

דער קניאז וועלכער איז אריינגעקומען שטארק אין כעס, דערפאר וואס מען האט איהם פון זיין פערגעניגען געשטערט, איז נאר אנדערש געווארען, אלס ער האט דער שעהנער בת־שבע׳ן דערזעהן. אויף זיין געזיכט האט זיך געוויזען זעהר א פריינדליכער שמייכעל און מיט א זאנפטע שטימע האָט ער געפרעגט:

— ווער זייט איהר?

— מיין נאמען איז באבעטהא ברענער.

— וואס פערלאנגט איהר?

— עס איז א שאנדע צו זאגען — האט בת־שבע געענטפערט — אבער איך מוז דיא וואהרהייט זאגען, דאס איך בין דיא פרוי פון דעם בעוואוסטען מיכאאיל ברענער, וועלכער זיצט יעצט אין געפענגניס בעשולדיגט אלס דער מערדער פון א געוויסען וואהראפטיג.

— אזוי? איהר זייט דעם ברענער׳ס פרוי?

— יא, קניאז.

— נו, וואס ווינשען זיא?

— איך מוז אייך זאגען גנעדיגער קניאז אז אבוואָהל איך בין ברענערס פרוי, דאָך בין איך צו איהם זעהר גלייכגילטיג געוועזען זייט מיר האבען געהייראטהעט, מיך האט זעהר ווייניג געקימערט וואס מען האט איהם אריינגעזעצט אין געפענגניס, איך קען זאגאר זאגען אז מיר האט דאס ניט שלעכט געשמעקט. דען איך האב אליין איינס געדענקט פון איהם זיך צו שיידען. אבער היינטע האב איך ערפאהרען אז דיא פערזאנען, וועלכע זיינען דיא ווירקליכע מערדער פון וואהראפטינען, האבען זיך בעשלאסען איהם אין זיין צעלע צו ערמאָרדען אויס פורכט ער זאל ניט ריידען אזעלכע זאכען וואס פאסט ניט פאר זיי, דאס האט מיך בעוועגט איך זאל צו אזא מערדעריי ניט דער דערלאזען. ווייל אויסער מיר האט ברענער קיינעם דא אין שטאדט

ווער עס זאל זיך פאר איהם אינטערעסירען, האב איך דאס דארום נעפונען אלס מענשליכע פפליכט צו איילען איהם צו הילפע.

— ווער האט דאס אייך דערצעהלט. אז מען וויל איהם ערמאָרדען?

— איך קען דאס נאך דערווייל נים זאגען, ווייל איך האב הייליג יענעם מאן פערשפראָכען דאס איך וועל זיין נאָמען זאגען נור אין פאל ווען עס וועט זיך ארויס־ווייזען אז ברענער איז ווירקליך ערמאָרדעט געווארען.

— דאס איז א פוסטע פאנטאזיע, איך גלויב דאס נים.

— עס קען זעהר זיין, אז דאָס איז א פוסטע פאנטאזיע, אבער אונזער שולדיג־קייט איז, מיר זאלען דאס אונגליק פערהיטען אויב ער איז נאך נים געקומען, דען דער מענש וואס האט מיר דערצעהלט איז אזא מאן וואס מען מוז איהם גלויבען.

— גוט! — האט דער קניאז געענטפערט — איך וועל דיא זאך שוין בעזארגען.

— אבער גנעדינער קניאז — האט בת־שבע פאסט וויינענד געזאגט — לויט דער מאן האט מיר דערצעהלט איז דאס אבגעמאכט געוואָרען ביי דיא מערדער מען זאל ברענערן הייטע ערמאָרדען.

— נאך הייטע?

— יא, קניאז, עס איז בעשטימט געוואָרען אויף הייטע, איך ציטער פיעללייכט האט שוין דאס אונגליק געטראפען.

— זייט איהר געוועזן זיך ערקונדיגען אין געפענגניס.

— יא, איך בין געלאָפען צום סמאטריטעל, אבער מען האט מיר געענטפערט אז ער שלאָפט.

— קענט איהר מיר נים זאגען ווער דיא מענשען זיינען וואס ווילען איהם פון דער וועלט אבשאפען.

— דאס קען איך אייך זאגען.

— ווער זיינען זיי?

— דער פאלקאווניק מאלינבערג און דער זשאנדארמיסקער קאפיטאן מאלאיעוו.

— אויב אזוי גלויב איך אז דא איז עטוואס, — האט דער קניאז געענטפערט עטוואס נאכדענקענד — גוט, איך פאהר שוין מיט אייך נאך דעם געפענגניס און מיר וועלען זעהן וואס דאָרט טהוט זיך.

— אה, איך דאנק אייך זעהר גנעדינער קניאז פאר דיא גנאדע וואס איהר ערצייגט מיר — האט בת־שבע מיט זעהר א דאנקבארע מינע געזאגט.

— ווארטעט דאָ איינינע מינוטען. איך וועל מיך נור איבערקליידען, דאן פאָהר איך מיט אייך.

— ביי דיא ווערטער איז ער פון צימער ארויסגעגאנגען.

בת־שבע איז גאר ניי בעלעבט געוואָרען אלס זיא האט דיא ווערטער דער־הערט, וועניגסטענס וועט זיא באלד וויסען צו לעבט ברענער און צו איז נאך מעגליך איהם פון אזא אונגליק צו פערהיטען.

עס האט קיין פולע פינף מינוטען געדויערט איז דער פאָליציימייסטער צוריק אריינגעקומען געקליידעט אין זיין פולער פאָרמע און האט געזאגט:

— קומט מאדאם.

זיי זיינען ביידע דיא טרעפ ארונטערגעגאנגען און האבען זיך אויף דער ערשטער דראָשקע געזעצט און זיינען נאך דעם געפענגנים אוועקגעפאהרען.

קומענדיג צום סמאטריטעלס הויז, האט דער קניאז געהייסען מעלדען דעם סמאטריטעל אז ער איז דא און ער זאָל דארום דיא מינוט צו איהם ארויסגעהן, וויא ערשטוינט אבער איז ער געוואָרען אלס מען האט איהם געענטפערט:

— דער העדר סמאטריטעל שלאָפט אזוי שטארק דאס מען קען איהם גאר ניט אויפוועקען.

— איך וויל איהם זעהן — האט דער קניאז שטרענג געזאגט.

מען האט איהם אריינגעפיהרט צום סמאטריטעל אין צימער און דער פאלי-ציימייסטער האט איהם געטראפען טויט שיכור פערזונקען אין אזא טיעפען שלאָף דאס עס וואר ווירקליך אונמעגליך איהם אויפצרוועקען.

— איז דא יעמאנד הייטע געוועזען ביי דעם סמאטריטעל? — האט דער קניאז געפרעגט זיך ווענדענד צו א דיענער.

— דא איז געוועזען דער קאפיטאן מאלאיעוו — האט דער דיענער געענטפערט.

— און זיי האבען צוזאמען געטרונקען?

— יא, קניאז.

— וואס האבען זיי נאכהער געטהאן?

— זיי זיינען אריינגעגאנגען אין געפענגנים.

— אה, מיין גאָט! — האט בת־שבע אויסגערופען — איך פערשטעה אז מיר זיינען צו שפעט געקומען.

— מיר וועלען דאס באלד זעהן — האט דער קניאז שטארס אויפגערעגט גע־ענטפערט — קומט מיט מיר אין געפענגנים.

זיי זיינען ביידע צוגעגאנגען צום טויער פון געפענגנים, דיא וועכטער האבען באלד זייער עהרענצייכען געמאכט און האבען דיא געסט אריינגעלאזען אין הויף.

— אין וועלכען נומער געפינט זיך דער ארעסטאנט ברענער? — האט דער קניאז געפרעגט דעם עלטעסטען וועכטער וועלכער איז צו איהם צוגעלאָפען.

— איך וייס ניט דורכלויכט — האט דער געפראנטער געשטאַמעלט.

— געפינען זיך גאר ביי אייך קיינע ביכער וואו דיא געמען פון דיא ארעס־טאנטען זיינען איינגעשריעבען — האט דער קניאז געדאָנערט — מען זאל מיר דיא מינוט ברענגען דאס בוך פון דיא ארעסטאנטען.

דער וועכטער האט געמוזט געהאָרזאם זיין און האט דאס בוך געבראכט און דער קניאז האט באלד אויסגעפונען אז ברענער זיצט אין נומער 120.

ער איז גלייך צוגעגאנגען מיט בת־שבע'ן צו דעם ערוועהנטען נומער און האט געהייסען דיא טהיר עפענען.

דיא טהיר האט זיך געעפענט, דער קניאז מיט בת־שבע'ן האבען זייערע קעפ אהין אריינגעשטעקט. דיא מאדאם ברענער האט א פירכטערליכען געשריי געטהאן, דען זיא האט דערזעהן ברענערן הענגענדיג אויף א שטריק וואס וואר צוגעבונדען

אין דיא גראטעס פון דעם קליין פענסטערל, וועלכער איז געווען אין דער צעלע גאנץ הויך נעבען פאלאפ.

220טעס קאפיטעל.

# אונגליק איבער אונגליק.

וויא דאס רעדעלע דרעהט זיך!

דער רייכער געריהמטער גביר היראנים ראזענדופט, וואס קיין איד האט נע־וואגט זיין שוועל איבערצוטרעטען, מיט זיין פרוי סיציליע וועלכע האט געמיינט אז דיא ערד דארף א גרויסע עהרע האבען דערפאר וואס זיא טרעט אויף איהר, וויא אויך זייער טאכטער ליענאטשקא וואס האט געמיינט אז זיא איז א געבארענע פרינצעסין אין האט קיין אידיש פנים געקענט אנקוקען, דיעזע אלע שטאלצע פערזאנען ליעגען פערשטעקט אין א פליגעל פון א אידיש הייזעל אין זאראדיע און דאנקען גאט דערפאר וואס זיי האבען חאטש א שטיקעל ארט וואו זיי קענען אהנע פורכט זייערע קעפ אנשפארען.

און ווער איז זייער וואהלטהעטער?

א אידעל וואס איז ניט לאנג געווען איינער פון דיא אונגליקליכסטע אין דער וועלט, א אידעל וואס איז טאקע פון דעם זעלבען ראזענדופטען אויף דעם שענדליכסטען ארט בעהאנדעלט געווארען, דאס אידעל איז יעצט א גליקליכער מאן, איהם פעהלט קיין זאך, ער מעג פריי וואוינען אין מאסקווא און דארף פאר קיינעם מורא האבען וועהרענד דער שטאלצער ראזענדופט וואס אונטער איהם האט ניט לאנג דיא ערד געציטערט טאהר זיך אויף דער גאס ניט ווייזען און דארף אויסקוקען דיעזער משה זאל איהם ערנעהרען.

איז דאס ניט מערקווירדיג?

מיר זעהן דיעזער פאמיליע וועלכע האט מיט א קורצער צייט צוריק געמיינט אז זיי זיינען אויף אימער פערזארגט מיט גליק אין דעם פליגעל וואס מיר האבען דערמאהנט.

דיעזער פליגעל איז בעשטאנען פון דריי קליינע צימערליך. דיא פענסטער ארויסגעקוקט גלייך צו דעם בית־הכבוד, דיא ווענד פון דיא צימער זיינען געווען געל, דען מען האט זיי שוין זייט פיעלע יאהרען ניט געקאלכט און ניט געפארבט. אין איינינע ווינקלען האבען שפינען ארומשפאציערט איבער דיא פאלאצען וואס זיי האבען פאר זיך אליין אויסגעסטרויעט. דער פלאר וואר אין פיעלע ערטער צובראכען און דיא ערד וואס האט פון דיא לעכער ארויסגעקוקט האט געווארפען א מרה שחורה אויף יעדען מענשען וואס האט אויף זיי א קוק געטהאן, דאס מעבעל איז בעשטאנען פון א פאר אלטע בעטען און א פראסטער טיש מיט איינינע שטוהלען.

אויף איין בעט ליעגט ליענאטשקא זעהר בלאס עס איז לייכט צו דערקענען אז זיא איז קראנק, נעבען איהר זיצט דיא מוטער פערפינסטערט און מיט א פער־צווייפעלטע מינע. אנטקעגען זיי אויף א שטוהל איז געזעסען היראנים אנגעשפארט דעם קאפ אויף דער רעכטער האנד זא טרויעריג וויא א אונגליקליכער וואס האט שוין אלע האפנונגען פערלארען.

— וואס טהוט מען היראנים? — האט נאך א לאנגעס שווייגען סיציליע געפרעגט — דאס קינד איז דאך געפעהרליך קראנק.

— באלד וועט געוויס משה קומען מיט דעם דאָקטאָר — האט היראנים גע־ענטפערט.

— איז ער דען נאך איהם אוועקגעגאנגען?

— יא, ער האט געזאגט אז ער געהט ברענגען א דאקטאר. וואהרשיינליך וועט ער באלד קומען, איך רעכען אבער אז דאס וועט אזוי איבערגעהן, זיא האט זיך געמחט צוקיהלען.

— וואס רעדסט דוא פון צוקיהלען, זעהסט דוא דען ניט אז זיא פיהלט קיין גאנצע גליעד ניט.

— נו, וועט דאך באלד דער דאקטאר קומען וועלען מיר הערען וואס ער וועט זאגען — האט היראנים צארניג געענטפערט.

— וואס ביסט דוא אזוי אין כעס. וואס ווארפסט דוא זיך אזוי? אנשטאט דעם וואס איך האב בעדארפט זיין אויף דיר אין כעס דערפאר וואס מיר זיינען אזוי אונגליקליך ווייזט דוא נאר א ווילדען צאָרן.

— איך בין שולדיג אין אונזער אונגליק? דוא רעדסט נאך. האט איהר ביידע מיך ניט ארויפגעפיהרט אויפ'ן גליטש?

— נו, זאל דיר שוין זיין גענוג צו טענה'ן — האט סיציליע צארניג געזאגט — אה! אז דוא וועסט ארויפווארפען דיא שולד אויף אונז וועסט דוא בעסער מאכען? איך האב שוין לאנג געזאגט אז דוא טויגסט ניט א קאין אן עק צו פערבינדען. עס האט דיר א פאר יאהר נור אבגעגליקט האָסט דוא געמיינט אז דוא ביסט א גרויסער בריה. איך האב אימער ערווארטעט אזא שווארצען סוף.

— דוא האָסט ערווארטעט א שווארצען סוף? ווען דאס זאל זיין וואהר, וואָלסט דוא ניט פערשווענדעט אזוי פיעל געלד. דוא האָסט מיך רואינירט דורך דיא קליידער וואס דוא האסט זיך טאג טעגליך געמאכט און דורך דיא פערשווענ־דערישע בעלער וואס דוא האָסט אימער געגעבען.

— אָט האָסט דוא דיר. טאָמער האט ער פערליהען זיין געלד אין שלעכטע הענד, זיינען שולדיג מיינע קליידער. דוא מענסט זיך שעהמען ווען דוא קענסט זאָ וואס זאגען.

— און ווער האט מיך געבראכט דאצו איך זאל פערלייהען מיין געלד אין שלעכטע הענד ווען ניט דוא?

— נו, הער שוין אויף צו ריידען דיינע נאררישקייט, עס קעהרט מיר גרין אין גאל דאס הערענדיג. יענער האט געפיהרט וויא א פלוט איז איהם אימעצער שולדיג. בערעכען אליין וויא דוא האָסט געפיהרט וועסט דוא אליין איינזעהן אז דוא ביזט געווען איינפאך וואהנזיניג. קוים האט דיר דאס גליק א שפיעל געטהאן, האסט דוא זיך שוין מיט קיין אידען ניט געוואָלט בעגעגנען. נו, טהוט דאס אזוי א מענש מיט א קלאָרען פערשטאנד?

— וואס? — האט היראנים וויטהענד אויסגערופען, אויך דאס ווארפסט דוא

ארויף אויף מיר. ווער איז געווען דער ערשטער וואס האט אנגעהויבען צו טרייבען דיא אידען פון אונזער הויז ווען ניט דוא. אוך האב שטענדיג געזאגט אז איך וועל ניט פערבייטען איין אידישע פוס אויף הונדערט קריסטליכע קעפּ.

— דאס איז א לינעך, דוא האסט דיא אידען אימער פיינד געהאט און האסט אין איין קול געשריען אז מיט דיא זשידעס טאָהר מען זיך ניט בעגעגנען. דערמאהן זיך נור וויא דוא האסט בעהאנדעלט טאקע דעם אייגענעם משה׳ן וועלכער טהוט מיט אונז אזוי פיעל גוטעס? איך בין אפילו דערביי ניט געווען אז דוא האסט איהם פון דיין שטוב ארויסגעטריעבען און האסט אויף איהם קיין רחמנות געהאט ווען ער האט דיך וויא אן אלטען גוטען פריינד געבעטען דוא זאלסט מיט איהם מיטלייד האבען און איהם שענקען עפּעס אויף ברויט, דען ער געהט ארום א הונגעריגער.

— ווייב שטיל! — האט היראנים מיט א ווילדען כעס געשריען, דערמאהן ניט דיא שאנדטהאט, דען איך וועל דא פאר דיר אין דיא אויגען זעלבסטמארד בעגעהן.

ווער ווייס צו וואס פאר א סצענע דא וואָלט געקומען ווען זיי זאלען אין דער מינוט ניט געווען דערהערען א קלאפּ. דער געדאנק פיעללייכט האט דיא פּאליציי דערשמעקט אז זיי זיינען דא און מען איז נאך זיי געקומען, האט זיי זא ערציטערט דאס זיי זיינען ביידע דורך א הינטער טיהר ארויסגעלאפען.

דיא טהיר האט זיך געעפענט און משה מיט א דאקטאר איז אריינגעקומען. זיי האבען דא געטראפען ליענא׳ן אליין ליעגענדיג אויפ׳ן בעט.

— איז דאס דיא קראנקע? — האט דער דאקטאר געפרעגט.

— יא, — האט משה געענטפערט.

דער דאקטאר איז צו דער פּאציענטין צוגענאנגען, האט זיא אנגענומען פאר דער האנד, האט בעטראכט דעם גאנג פון איהר פולס, נאכהער האט ער אויסגע־הערט דאס קלאפּען פון איהר הערץ און האט זיא אין אלגעמיין זעהר גוט בעטראכט.

— דא איז קיין געפאהר — האט ער געזאגט צו משה׳ן זיא האט געמוזט אצו שטארקען שפּרונג טהאָן און וויל זיא איז אין געזעננטע אומשטענדע (שוואנגער) דארום האט עס איהר פערשאַדעט.

משה איז אויסער זיך געווארען אלס ער האט דיא ווערטער דערהערט, אז ליענאטשקא, איז אין אזעלכע אומשטענדע דאס עס האט זיך איהם גאר ניט גע־חלום׳ט. אבער ער איז געווען אזוי ווייט קלוג דאס ער האט דעם ארצט ניט געגעבען צו מערקען אז ער איז פערוואונדערט, און האט געפרעגט וואס מען זאל דער קראנקער טהאָן.

דער ארצט האט פערשריעבען א רעצעפּט און האט אנגעזאגט אז דיא פּא־ציענטין זאל א פּאָר טעג ליעגען רוהי׳ג אין בעט דאן וועט זיא גיך געזונד ווערען.

— איהר האט גאר ניט וואס צו זארגען — האט ער געזאגט צו משה׳ן וועלכער האט איהם אריינגערוקט א רובעל אין האנד. אייער טאָכטער וועט געוויס געזונד ווערען און וועט אייך נאך שענקען א געזונדען אייניקעל.

משה האט אפילו געוואָלט זאגען אז זיא איז זיינע קיין טאָכטער, אבער ער

האט זיך גוט בעטראכט דאס דער דאקטאר איז אלץ איינס א פרעמדער און ער ווייס אויך ניט אז דיא פאציענטען איז אונפערהייראטהעט. דארום האט ער נע־שוויענען. ערשט אז דער דאקטאר איז שוין געוועזן אויף יענער זייט שוועל איז ער איהם נאכגעלאפען און האט געזאגט:

— הערר דאקטאר איך וויל אייך בעטען איהר זאלט זא פריינדליך זיין און מארגען קומען נאך א מאל.

— גוט, איך וועל קומען. וויא איז דער נומער פון דעם הויז און וויא איז אייער נאמען.

— דער נומער פון דעם הויז איז 240 זאראדיע, און מיין נאמען איז משה האנינמאן.

דער דאקטאר האט דאס פערשריעבען אין זיין נאטיצ־בוך און איז אוועק־געגאנגען.

אזא מעשה? — האט משה צו זיך אליין געזאגט אלס ער איז אליין געבליעבען, זיא איז גאר שוואנגער? וויא איך זעה האט מיין יונגענדפריינד גרונם אין אלע הינ־זיכטען געלעבט וויא א נארר און האט געפיהרט וויא א משוגענער. ניט אומזאנסט האט איהם גאט אזוי געשטראפט.

221טעס קאפיטעל.

## אידין און גרעפין.

— אך וואס פאר א גאסט! — האט דיא מאדאם גרינזאנג העכסט ערפרעהט אויסגערופען אלס דיא גרעפין מאריא דאנילאוו איז צו איהר אריינגעקומען. איך האב שוין הייטע געוואלט געהן צו אייך זיך ערקונדיגען וועגען אייער געזונד. וואס איז דאס מיט אייך ליעבע מאריא, איך וויל זאגען סוסאנא, וואס איהר ווייזט זיך גאר צו אונז ניט.

— צו גוטע פריינד איז אנגענעהם צו געהן ווען אויפ'ן הערצען איז פרעהליך— האט מאריא געענטפערט — אבער ניט ווען מען איז בעזארגט, דען געוויס ווייסט איהר ליעבע מאדאם, דאס פרייד און קומער זיינען אנשטעקענד, היינט וואצו זאל איך מיינע בעסטע גוטע פריינד אנשטעקען מיט מיין קומער.

— זאגט דאס ניט ליעבע פריינדין. דיא וועלט איז שוין אזוי געשטעלט גע־ווארען מען זאל דיא גוטע פריינד מיטטהיילען פרייד און לייד. דיא שולדינקייט פון יעדען אררענטליכען מענשען איז ער זאל דעם צווייטען מיטהעלפען זיין לאסט צו טראגען.

— אבער איך וויל ניט יעמאנד זאל מיר העלפען מיינע ליידען טראגען, איך וויל קיינעם בעלעסטיגען מיט מיין קומער.

— פערגעסט אבער ניט ליעבע מאריא אז עס קען זיין דאס אן אנדערער וועט אייך אויך מוזען בעלעסטיגען מיט זיין קומער און ווען איהר וועט אלעס וואס איהר טראגט אין הערצען נור פאר זיך אליין בעהאלטען, וועט קיינער קיין רעכט האבען אייך זיינע שמערצען אנפערטרויען. וויא ווייט איך קען אייך ווייס איך אז

איהר האט א גוטעס הרצ, איהר וועט זיך קיין מאל ענטזאגען אן אונגליקליכען צו העלפען. נו, ווארום זאלען זיך אנדערע ניט אינטערעסירען מיט אייער אונגליק. אבער נענוג דערפון, אן אייערע ווערטער דערקען איך דאס איהר האט שמערצען פון עטוואס. איך בעט אייך זייט זא פריינדליך און דערצעהלט מיר וואס מיט אייך האט דא פאסירט דיא לעצטע צייט.

— איך ווייס אז איהר וועט דערפון שמערצען האבען. איז פיעל גלייכער אז איהר זאלט דערפון ניט וויסען.

— ניין, ליעבע מאריא, אייך וועט קיין זאך העלפען, איהר מוזט מיר אלעס דערצעהלען. איך מוז אלעס וויסען.

— ווען איהר ווילט דאס דורכאויס וויסען מוז איך אייך דאס דערצעהלען. איך האב דיא לעצטע טעג גרויסע שמערצען פון א גאסט וואס איך קען זאגען אז איך זעלבסט האב אהער אראפגעבראכט.

— ווער איז דאס דער גאסט ?

— דאס איז נעלידאוו'ס בראוט.

— איך האב דאך גאר געהערט פון מיין מאן אז ער וויל שוין מיט זיין בראוט ניט הייראטהען ?

— יא, דאס איז וואהר, ער האט ניט געוואלט, אבער איך האב איהם צו ערקלערען געגעבען אז ער טהוט א גרויס אונרעכט דאמיט וואס ער ברעכט דאס ווארט וואס ער האט אן אונשולדיגע מעדכען געגעבען דאס ער וועט זיא הייראטהען. מיינע ווערטער האבען אויף איהם זא וויט געווירקט דאס ער האט זיך בעשלאסען זיא צו הייראטהען און האט איהר געשריעבען א בריעף זיא זאל קומען. זיא איז גע־קומען און האט מיר פאר דער טובה וואס איך האב איהר געטהאן בעלוינט דאמיט וואס זיא האט פון איהם שטרענג געפאדערט ער זאל מיך פון זיין הויז פעריאגען.

— איז דאס מעגליך ? — האט דיא מאדאם גרינזאנג העכסט אויפגערעגט אויסגערופען.

— יא, פריינדין, דאס איז וויא איך האב אייך דערצעהלט — האט מאריא מיט טרעהרענדע אויגען געענטפערט.

— נו, און איהר זיצט נאך דארט אין הויז ?

— איך האב דאס הויז געוואלט פערלאזען, אבער נעלידאוו האט מיך פאסט מיט טרעהרען געבעטען איך זאל בלייבען, ער האט מיך אזוי פיעל געבעטען דאס איך האב איהם געמוזט פערשפרעכען אז איך וועל בלייבען.

— אבער וואס האט דיא אונפערשעהמטע צו אייך ?

— דאס ווייס איך אויך ניט, אבער איך האב פערשטאנען אז זיא אייפער־זיכטיג אויף איהר חתן, זיא פירכטעט פיעללייכט האט ער מיך ליעב.

— ווער איז דיא פערפלוכטע בעסטיע ?

— איך ווייס אויך ניט ווער זיא איז. דען נעלידאוו האט עס פון מיר פער־שוויעגען, איך האב אויך ערפאהרען דיא אורזאכע דערפון. דען איך האב פיעל מאל געהערט וויא ער בעקלאגט זיך אויף דעם וואס זיא האט זעהר א שענדליכען פאטער,

דער פאטער מוז זיין אזוי שענדליך, דאס ער שעהמט זיך איינפאך אויסצוזאגען אז ער וויל זיין טאָכטער הייראטהען.

— ווען איהר פאטער איז א שענדליכער מענש, איז שוין קיין וואונדער וואס ער האט אויף דער וועלט געבראכט אזא פערפלוכטעס וועזען וויא זיא איז; אבער מיין ליעבע מאריא איך וועל אייך מעהר ניט לאזען געהן אהין. ניין, אין דעם הויז וואו אזא אונפערשעהמטע פרוי קומט אריין דארפט איהר ניט זיין.

— דאס קען איך ניט גוטע מאדאם, איך האב געלידאוו'ן מיין וואָרט געגעבען איך זאל דאָרט בלייבען.

— דאס מאכט גאר ניט אויס. ער האט ניט דאס רעכט אייך צו פערהאלטען אין זיין הויז נאכדעם אז איהר זייט פון זיין כלה זא בעליידיגט געוואָרען.

— ער איז דאך אבער ניט שולדיג אין דעם וואס זיא איז אזא אויסוואורף דער נאטור, און קעהרט צוריק דאס בלאט, איז זיא ניט אזוי שטארק אונגערעכט, זיא האט געמיינט אז איך זאָל איהר ברויטינאמ'ס הערץ פון איהר אוועקרויבען.

— צוליעב א פּוסטע פאנטאזיע זאל זיך א מענש ערלויבען דעם צווייטען זאָ וויט צו בעליידיגען, דאס איז אונערהערט. אה, מאריא וויא קלאגט מיר דאס הערץ אויף אייער ביטערן שיקזאל.

סאבינא'ס אויגען זיינען פול געוואָרען מיט טרעהרין ביי דיא ווערטער.

— גוטע ליעבע מאדאם גרינזאנג — האט מאריא געריהרט אויסגערופען ער־גרייפענד סאבינא'ן פאר דער האנד — ווארום זייט איהר צו מיר אזוי פריינדליך?

— אָה, קינד מיינס! — האט סאבינא וויינענד געזאגט אומארמענד דער גרעפין — ענטשולדיגט וואס איך רוף אייך מיט דעם נאמען מיין קינד. גלויבט מיר אז איך האב נאך אין מיין לעבען קיינעם אזוי געליעבט וויא איך ליעב אייך זייט איך האב אייך דערזעהן, מיין הערץ הערט אין מיר ניט אויף צו קלאגען אויף אייער ביטערן שיקזאל.

— צופיעל מאדאם גרינזאנג — האט מאריא געזאגט קיסענד סאבינא'ן — איהר בעווייזט מיר שוין צופיעל צערטליכקייט. איך ווייס אז איך האב דאס ניט פערדיענט, איך האב ניט דיא ווערטה איהר זאלט זיך צוליעב מיר אזוי פיעל קימערן.

— רעדט דאס ניט מאריא! — האט סאבינא געזאגט — איהר ווייסט ניט וויפיעל פערגניגען איהר פערשאפט מיר.

— וואס? איך פערשאף אייך פערגניגען — האט דיא גרעפין ערשטוינט גע־פרעגט.

— יא, מיין קינד, איהר פערשאפט מיר אזא פערגניגען וואס קיין מענש אין דער וועלט איז דאס אין שטאנד מיר צו פערשאפען, דען ווען איך דערזעה אייך, מיין איך אז איך זעה מיין טאָכטער.

— אייער טאָכטער? האט איהר דען פערלאָרען א טאָכטער?

— יא, — האט סאבינא זיפצענד געענטפערט — איך האב פערלארען א קינד נאך דאן ווען זיא איז איינינע יאהר אלט געוועזן, זיא איז פערפאלען געוואָרען! ווען זיא זאל לעבען וואלט זיא געוועזן אין אייערע יאהרען און זיא וואלט פיעללייכט אויס־

געזעהן ריכטיג וויא איהר זעהט אויס, דאס קענט איהר פערשטעהן אן דעם בילד וואס עס הענגט ביי מיין מאן אין קאבינעט, איז דאס בילד ניט א ריכטינע קאָפּיע פון אייך ?

— יעצט פערשטעה איך אייערע ווערטער. נור ווארט.... איך האב מיך אין דער מינוט עטוואס ערא‌ינערט.

— וואס האט איהר זיך עראינערט ?

— האט איהר א מאל ניט געוואוינט אין אָרשא ?

— יא איך בין א געבאָרענע אויס אָרשא.

— יעצט איז מיר אלעס קלאר און דייטליך. נעווארען, מערקווירדיג איז דאס וואס מיר איז ביז יעצט דיא געשיכטע ניט איינגעפאלען און האב זיך גענצליך אן איהר פערגעסען.

— וואס פאר א געשיכטע ?

— האט ביי אייך אין הויז א מאל געדיענט א מאן מיט דעם נאמען איוואן ?

— יא, פון וואנען ווייסט איהר דאס ?

— מיר האט דאס דערצעהלט טאקע דערזעלבער איוואן.

— איוואן האט דאס אייך דערצעהלט ? לעבט ער ? וואו איז ער ?

— ער איז ביי מיין מאן אין א שלאָס דער שלאָסהאלטער.

— וואס האט ער אייך דערצעהלט ?

ער האט מיך בעקאנט געמאכט מיט אייערע ליידען וואס איהר האט געהאט ביז איהר האט געהייראטהעט. יעצט האב איך מיך אלעס עראינערט און איך פערשטעה וויא גרויס אייערע וואונדען זיינען.... אבער איהר דארפט האָפען מאדאם גרינזאנג איז אייער טאָכטער וועט זיך נאך געפינען, און ווען זאגאר זיא זאל זיך ניט געפינען, דארפט איהר אויך קיין גרויסע זאָרג האבען, דען ווער ווייס וואס פאר אן אונגליק איהר האט ערווארטעט. איהר קענט דאך דאס זעהן פון מיר, האב איך ווען געדענקט אז איך וועל אזוי אונגליקליך זיין. מען בעדארף העבער ניט שטעהן וויא איך בין געשטאנען און דאך בין איך אין אזא טיעפען אבגרונד געפאלען.

— איהר זייט נאך יונג ליעבע מאריא, איהר ווייסט נאך גאר ניט וואס אייך ערווארטעט אין צוקונפט. עס קען נאך זיין אז אייער גליק וועט צוריק אנהויבען צו שיינען און נאך שעהנער אלס פריהער.

— ניין, גוטע פריינדין, איך האב מיך שוין פון גליק גענצליך ענטזאגט. דען איך האב איין מאל מיין הערץ אוועקגעשענקט מיין אנטאָנען און קיין אנדער מאנס-פערזאן קען איך שוין ניט ליעבען און וויא באלד אז ביי איהם איז רעכט געווען מיך צו שיסען האב איך שוין אלע האָפנונגען אויף גליק פערלארען.

— איהר ווייסט אבער ניט צו האָט אייער מאן קיין חרטה אויף דעם וואס ער האט אייך אזוי בעהאנדעלט.

— ניין! איך ווייס בעשטימט אז ער האט קיין חרטה ניט, דען ער מיינט נאך אלץ אז איך בין איהם אונגעטריי געווען.

— יוזאס ביי איהם אין הערצען איז יעצט, דאס קענט איהר ניט וויסען, גור

אויב זאגאר ער איז נאך יעצט אויך מיט דער מיינונג אז איהר זייט איהם נים געטריי, ועט איהם מיין מאן עפענען דיא אויגען ער זאל זעהן וואו ער איז אין דער וועלט.

— אייער מאן וועט איהם עפענען דיא אויגען? וואו וועט ער איהם דען זעהן?

— איך האב דאס איי׳ך ביז אהער ניט געוואלט דערצעהלען, נור יעצט קען איך מיך שוין ניט איינהאלטען און מוז אייך ענטדעקען אז מיין מאן איז אוועקגעפאהרען נאך דאנילאווקא.

מאריא איז פון איהר אָרט אויפגעשפרונגען.

— וואס? — האט זיא געשטאמעלט — דער הערר גרינזאנג איז געפאהרען נאך דאנילאווקא.

— יא, ליעבע מאריא.

— ווענען וואס איז ער אהין געפאהרען? — האט מאריא זעהר נייגיעריג געפרעגט.

— ער איז געפאהרען מיט דעם איינציגען ציעל אייך צוריק צו אייער גליק צו פיהרען — האט סאבינא לעבעלענד געענטפערט.

— מיין גאָט! וועט ער אויסזאגען אנטאנגען אז איך לעב? — האט דיא גרעפין ערציטערט געפרעגט.

— האט נאר קיין פורכט ליעבע מאריא, מיין מאן איז קיין דומקאָפּ. ער וויים שוין וואס ער האט צו טהאן, פריהער וועט ער איבערציינען דעם גראף וויא אונשולדיג איהר זייט, נאכהער ווען ער וועט זעהן אז אייער מאן איז ווייכער געווארען און ער בערייהעט דיא זינדע וואס ער האט געגען אייך בעגאנגען; דאן ערשט וועט איהם מיין מיכאל ערפרייהען מיט דער נאכריכט אז איהר לעבט.

— אבער וויא אזוי וועט איהם דער הערר גרינזאנג קענען איבערציינען אז איך בין אונשולדיג?

— דאצו וועט ער שוין דארט אויפ׳ן אָרט געפינען בעווייזע. איהר קענט זיך אויף מיין מאן פערלאָזען.

— אָה, גוטע מענשען, וויא זאל איך אייך דאנקען דערפאר וואס איהר אינ־טערעסירט זיך אזוי פאר מיר עלענדעס ווזען.

— דאס איז אונזער שולדינקייט מיר זאלען זיך פאר אייך אינטערעסירען, טאקע דערפאר וואס איהר זייט אן עלענדע.

דער דיענער וואס איז אין דער מינוט אין צימער אריינגעקומען מיט א דעפעשע אין דער האנד האט דאס געשפרעך פון ביידע פרויען איבערגעשלאגען.

— וואס איז דאס פאר א טעלעגראמע? — האט סאבינא געפרעגט געהסענד דיא דעפעשע אין איהר האנד.

דאס איז פון מיין מאן — האט זיא געזאגט זיא עפנענדיג.

— פון אייער מאן? — האט מאריא העבסט אויפגערעגט געפרעגט.

— יא, פון איהם. ער שרייבט אז ער פאהרט אהיים, איך גלויב אז ער וועט ברענגען זעהר וויכטיגע נייעס.

מאריא האָט אַ זיפֿץ געטהאָן, וויא זיא זאָל זאָגען איך האב קיין אמונה ניט אַז פאַר מיר זאָל נאָך געבען גוטע נייעס.

222 טעס קאפיטעל.

# ערינא און ליסא.

— ליסא! — האָט ערינא אויסגערופן אַריינפליהענד אָן אַטהעם אין שטוב.

— וואָס איז? וואָרום ביזט דוא אַזוי ערשראָקען? — האָט ליסא אונרוהיג געפרעגט זיא ערגרייפענד פאַר דער האַנד.

— ליסא, גוטע ליסא... איך האָב איהם ערשט געזעהען — האָט ערינא געשטאַמעלט זיך זעצענד אויף אַ שטול.

— וועמען האָסט דוא געזעהן?

— איהם... מיין מאַן...

— ! — האָט ליסאַ געפרעגט אויסגלאָצענדיג דיא אויגען אויף דער יונגער פרוי — וואס זאגסט דוא? דיין מאן האסט דוא געזעהן?

— יא, דאס איז ער. איך וועל שווערן ביי אלעם וואס איז הייליג, אז דאס איז ער.

— אבער דערצעהל דאך מיר וואו האסט דוא איהם געזעהן.

— איך בין געלעגען אויף מיין קינדס קבר, איז פליצלונג פערביינגעפלויגען א רייטער אויף א פלינקען פערד, איך האב אויף דעם רייטער ניט ווילענדיג א קוק געטהאן און האב דערזעהן מיין מאן. אבער איידער איך האב צייט געהאט צו זיך צו קומען איז ער שוין פערשוואונדען געוואָרען.

— פיעלליכט האסט דוא אן אירטהום געהאט?

— ניין, איך האב קיין אירטהום געהאט. דאס איז ער, איך וועל שווערן ביי אלעם וואס איז הייליג, אז דאס איז סעמיאָן.

— אויב אזוי איז דאך וואהר וואס מען האט דיר דערצעהלט אז דיין מאן געפינט זיך אין דיזען געגענד.

— יעצט ערשט זעה איך אז דאס איז וואהר. אבער איך וויים ווייטער ניט, וואו איך זאָל איהם זוכען.

— אין וועלכען זייט איז ער געפאָהרען?

— אין דער זייט וואס געהט צום טייפעלסשלאָס.

— און דוא רעכענסט אז ער איז געפאָהרען צום טייפעלסשלאָס?

— דאס וויים איך ניט. איך האב אייך נור געזאגט, אז ער איז אין יענער זייט געפאָהרען.

— און פון וועלכער זייט איז ער געפאָהרען.

— פון דער וועג וואס פיהרט פון דאנילאוווקא.

— ווען איך זאָל דאס געוועזען זעהן וואלט איך באלד דערקענט פון וואנען ער אָהרען.

— וויא אזוי וואלט איהר דאס דערקענט?

— א ױעם פערד אויף וועלכען ע איז געװאהרען, דען איך קען אלע פערד פון דאנילאָװקער מוזשיקעס.

— דאס איז נישט געװען קיין פי. ר פון ז מוזשיק, דאס פערד װאר א פריצעשער.

— אויב אזוי דארף מען נאכפאָרשונגן מאכען ביי דעם גראף אין הויף, פיעללייכט איז ער געפאָהרען אויף איינעם פון דאנילאָװ'ס פערד.

— ניין, מיר גלויבט זיך דאס נים אז פון דעם גראפס מענשען װייסען פון דעם. דען וויא קומט ער אין דעם הויף פון'ם גראף דאנילאָװ.

— וואס דען דענקסט דוא?

— איך דענקע, אז ער איז געפאהרען פון ערגעץ אנדערש און אויב דאס איז יא געװען דאנילאָװס א פערד, האט ער איהם געווים גענגבעט און איז ערגעץ אװעקגעלאפען.

— איך דענק אבער גאר עטוואס אנדערש.

— צום ביישפיעל וואס?

— וויא באלד מען האט דיר שוין לאנג געזאגט, אז ער געפינט זיך אין דעם געגענד און דוא האסט איהם יעצט געזעהען, איז דאס א בעוויז, אז ער איז נים געקומען אהער אויף א ווײלע. ער מוז זיך דא מיט עטוואס בעשעפטיגען און מיר װעלען איהם אויסגעפינען. ביזט דוא איבערצייגט אז דאס איז װירקליך דיין מאן געװען?

— צו איך בין איבערצייגט פרענט איהר? געוויס וועל איך מיין מאן דערקענען און וועל קיין אירטהום האבען אן אנדערן אלס איהם צו בעטראכטען. איך זאג נאך אמאל, אז דאס איז ער געווען. א שאדע וואס איוואן איז דא יעצט ניטא, איך וואלט עס איהם דערצעהלט און ער װאלט מיר שוין געראטהען װאס צו טהאן.

— וואו איז דען איוואן?

— ער איז אוועקגעפאהרען דערצעהלען דעם סלידאָװאטעל.

— וואס דארף ער איהם דערצעהלען?

ערינא איז רויטה געװאָרען און האט ניט געענטפערט.

— װענען װאס איז ער געפאהרען צום סליעדאָװאטעל?

— איך קען דאס אייך נים זאגען ליעבע ליסא.

— װארום?

— וויל....

— זאג, װארום רעדסט דויא האלבע ווערטער.

— איוואן האט מיר אנגעזאגט איך זאל מיט קיינעם וועגען דעם ניט רעדען.

— וועגען וואס זאלסט דוא מיט קיינעם נים רעדען?

— וועגען דעם מערדער פון מיין קינד.

— וויס ער דען שוין ווער דער מערדער איז?

— ער האט מיר יא עטוואס פערטרויט, אבער ער האט מיר דאביי אנגעזאגט איך זאל זיינע ווערטער סיינעם א'כערגעבען.

— מיר אויך נים?

אייך אויך ניט.

— איז ער א גרויסער נאר. ער מוז מיינען אז איז בין גלייך צו אנדערע ווייבער, ער ווייס נאר ניט דער אלטער נאר, אז איך בין קליגער פון איהם. הער איהם ניט מיין טאכטער, מיר מעגסט דוא אלעס דערצעהלען, דוא ווייסט גאנץ גוט וויא איך האב דיר ליעב. איך האב מיט דיר דיינע צרות מיטגעטהיילט, מעג איך וויסען פון א שטיקעלע נחת אויך.

— וואס איז דא פאראן פאר א נחת. און אז מען וועט שוין אפילו געפינען מיין קינדס מערדער וועל איך שוין דערמיט געהאלפען ווערען? מיין קינד וועט אלץ דורך דעם ניט לעבעדיג ווערן.

— נקמה אליין איז אבער אויך זעהר א זיסע זאך — האט ליסא געזאגט — איך האב געזעהן דיין צער פון דעם וואס דער מערדער האט דיין קינד ערמאָרדעט׳ איל איך דערפאר אויך זעהן דיא צרות וואס דער פערפלוכטער מערדער וועט האבען פאר דעם מאָרד וואס ער האט בעגאנגען.

— געוויס וועט איהר דאס זעהן. דיא גאנצע וועלט וועט דאס אויך זעהן.

— אבער איך וויל שוין וויסען ווער דער מערדער איז?

— גלויבט מיר ליעבע ליסא, אז דאס ווייס איך נאך אויך ניט, איוואן האט דאס מיר פאר קיין פאל ניט געוואָלט זאגען.

— אבער דוא האָסט דאָך געזאגט אז ער האט דיר עפּעס פערטרויט.

— יא, אבער אייך וועט דאס גאר ניט נוצען.

— עס מאַכט ניט אויס, דערצעהל מיר וואס האט ער דיר געזאגט?

ערינא האט קיין אנדער ברירה געהאט און האט געמוזט ליסא׳ן איבערגעבען אלעס וואס איוואן האט איהר דערצעהלט. זיא האט אבער דערביי דער אלטער נעבעטען זיא זאל דאס אויך האלטען בסוד און זאל דאס קיינעם ניט זאגען.

— וואס רעדסט דוא נאררישקייט — האט ליסא בייז געענטפערט — דוא דארפסט מיך נאך ווענען דעם בעטען, וואס בין איך עפּעס א קליין מיידעלע אדער א פּלוידערזאק, זאל איך שטום ווערען אויב אימיצער וועט דערפון עפּעס וויסען. מיר איז אבער איין זאך דא א וואונדער.

— וואס וואונדערט אייך?

— וויא באלד דער מערדער וואוינט ביי׳ם גראף אין פּאלאץ, האט דאך דער שוסטער געוויס געמוזט געוואָהר ווערן ווער ער איז און וויא ער הייסט. וויא־זשע קומט דאס וואס איוואן האט דיר דאס ניט געזאגט.

— איך האב אויך פערשטאנען אז ער ווייס דעם נאמען פון דעם מערדער. אבער מיר האט ער דאס ניט געוואלט זאגען. וואהרשיינליך אלץ דערפאר איך זאל דאס פאר קיינעם ניט אויספּלו׳דערן.

איך האב געזאגט און זאג דאס נאך א מאל, אז דער איוואן איז א גרויסער נארר, ער מיינט אין דער אמת׳ן אז מיר ווייבער קענען ביי זיך קיין סוד איינהאלטען. מיר זיינען אבער געשייטער און פאָרזיכטיגער פון דיא מאנסלייט. איך וועל נאך ערפאהרען ווער דער מערדער איז.

— וויא אזוי וועט איהר דאס ערפאהרען?

— איך לויף באלד אריבער צו דעם שוסטער און ער וועט מיר אלעס זאגען.

— אום נאטעס ווילען! וואס ווילט איהר טהאן? — האט ערינא ערשראָקען נע־ רענט—איהר פערגעסט אז ביי אזא זאך דארף מען זיין זעהר פאָרזיכטיג און שווייגזאם.

— האב קיין מורא ניט איך וועל דא ניט קאליע מאכען.

— ניין ליסא! איך וועל דאס אייך ניט לאזען טהאן. איהר זאלט צום שוסטער ניט געהן און זאלט גאר וועגען דעם מיט קיינעם ניט ריידען.

— נו, שא! ווען דוא האָסט אזוי מורא וועל איך צו איהם ניט געהן.

— וועט איהר געוויס ניט געהן?

— ווען איך זאג ניין איז ניין.

— נו גוט, אויב אזוי בין איך רוהיג.

— אבער ערקלעהר דאָך מיר ערינא — האט ליסא נאך א קורצער פויזע גע־ זאגט — מיר שיינט אז דוא האָסט געזאגט, דאס איוואן איז אוועקגעפאהרען וועגען זיין קינדס מערדער, וואוהין איז ער געפאהרען?

— ער איז געפאהרען צום סליעדראוואטעל.

— צו וועלכען סליעדראָוואטעל?

— איך וויים אויך ניט צו וועלכען.

— אבער אין וועלכער שטאדט!

— דאס וויים איך אויך ניט.

— געה, דוא נאררסט מיך. דוא ווילסט מיר דעם אמת ניט אויסזאגען.

— ניין ליסא, איך נארר אייך ניט. אבער איהר דארפט וועגען דעם אזוי פיעל ניט פרעגען, אונז איז דאס אלץ איינס צו וועלכען סליעדראוואטעל ער וויל זאל ער פאהרען אבי ער זאל ערדרייבען זיין ציעל.

— איך זאג דיר ליסא, אז דוא האָסט אין מיר א ניי לעבען אריינגעגעבען מיט דער נאכריכט דאס מען וויים שוין וואו דער מערדער געפינט זיך. גלויב מיר אז חאָטש איך בין א שוואכע פרוי וואס קען ניט זעהן וויא מען דערשטיקט א פליעג, וואלט איך מיט מיינע הענד דעם מערדער דיא אָדערן פון לייב צוטרענט און וואָלט מיינע הענד אין זיין בלוט געוואשען.

איך בין אבער אלץ ניט רוהיג כל־זמן איך וועל ניט וויסען ריכטיג אז מען האט שוין דעם מערדער געחאַפט וועל איך רוהיג ניט קענען בלייבען.

— האב נאר קיין זארג, מען וועט איהם חאפּען און ער וועט האבען א שווארצען, פינסטערן סוף. גאָט שווייגט ניט, ווען מען פערגיעסט מענשען־בלוט. דוא וועסט זעהן וויא פיעל יסורים דער באנדיט וועט נאך האבען. נור וואס איז דאס, זעה נור ערינא, מיר שיינט אז א רייטער איז צוגעפאהרען צו אונזער שטוב, אפשר איז דאס דער זעלבער וואס דוא האָסט געזעהן, אפּשר איז דאס דיין מאן.

ערינא האט זיך א צאפּעל געטהאן, זיא האט אויך דערזעהן וויא א רייטער איז צוגעפאהרען צו ליסא'ס הויז.

און ביידע זיינען האַסטיג צו דעם פענסטער צוגעלאָפען.

228טעס קאפיטעל.

## גוט אדער שלעכט.

מיר זעהן אבערמאלס שלמה פיין מיט מאַררים וואַרהאפטיג ביי דעם ערשטען אין קוואַרטיר.

— עטוואס נייעס וועגען אייער ערשטען זוהן און א סך נייעס וועגען אייער יאקאב'ן האב איך אייך ערשט געבראכט הערר פיין — האט מאַרים געזאגט אלס ער איז צו שלמה'ן אין צימער אריינגעקומען.

— איך בין זעהר נייגיעריג אייערע נייעס צו הערען — האט שלמה געזאגט— זעצט זיך הערר וואַהרהאפטיג און דערצעהלט מיר אלעס.

מאַררים האט זיך געזעצט האט פעררויכט א סיגאַר און האט געזאגט:

— איך קען אייך גראטולירען מיט א זוהן א גראף.

— וואס? — האט שלמה ערשטוינט אויסגערופען — וואס זאגט איהר?

— איך זאג אז איך קען אייך גראטולירען מיט א זוהן א גראף, דען יאניק קאבאנאוו'ס ווייב האט זיך אויסגערעדט דאס אייער זוהן איז יעצט א גראף.

— מיין זוהן איז א גראף.

— יא, אבער וואו ער איז און וואס פאר א גראף ער איז דאס האב איך נים געקענט ערפאהרען, אבער איך בין פעסט פערזיכערט אז איך וועל ענדליך מיינס אויספיהרען און וועל דאך אויספאָרשען אלעס וואס איך וויל וויסען. זיא האט זיך דאס נים ווילענדיג אויסגערעדט און האט באלד חרטה געהאט. אויך יאניק האט אויף איהר אנגעהויבען צו שרייען זיא זאל שווייגען.

— און מעהר האט זיא ניט גערעדט?

— ניין.

— און איהר גלויבט אז איהר וועט דאך קענען פון איהר דיא גאנצע געשיכטע ערפאהרען?

— איך צווייפלע אין דעם ניט, האט נור געדולד זיא וועט ריידען, פערלאזט זיך אויף מיר. יעצט וועל איך אייך דערצעהלען וויא עס האלט מיט אייער יאקאב'ן.

— האט איהר דא אויך גוטע נייעס?

— דאס קען איך אייך ריכטיג ניט זאגען. עס קען זיין אז מיט איהם האלט זעהר גוט, און עס קען אויך זיין אז עס איז יעצט ערגער געווארען אלס פריהערו.

— ערקלערט דאך מיר ליעבער פריינד וואס האט פאסירט.

— איהר ווייסט דאך דיא געשיכטע אז מען האט א געוויסען מיכל ברענער פערהאפטעט, ווייל דער פאָלקאָווניק מאלינבערג האט געזאגט אז מיין פאטערס פעלץ האט ער ביי דעם ברענערן געקויפט.

— יא, דאס וויים איך.

— ברענער האט זיך פון דער געשיכטע אבגעלייגענט, אבער ער האט געזאגט אז דער פאָלקאָווניק מאלינבערג מיט נאך איינינע בעאמטע פון דער געהיים-פאָליציי וויסען פיעל מעהר וועגען דעם מאָרד אלס ער, און ער האט דערביי פערשפראָכען

גרויסע אויפקלערונגען צו מאכען אין דעם מארד-פראָצעס. ער האט אויסדריקליך נעזאנט אז אייער יאקאב איז א.נשולדיג. מען האט ערווארטעט אז דיעזער מאן וועט ארונטערנעהמען דעם שלייער פון דיעזער געהיימניספאָלע געשיכטע און אלעס וועט ריין און דייטליך ערקלערט ווערען. אבער שטעלט אייך פאָר דיא ווענדונג וואס דיא גאנצע געשיכטע האט גענומען דורך דעם וואס מען האט דעם ברענער געפונען א נעהאנגענעם אין קערקער.

— וואס ? ער האט זיך געהאנגען ? — האט שלמה ערשראָקען נעפרענט.

— יא, ער האט זיך געהאנגען. דער פאָליציימייסטער אליין מיט ברענערס פרוי האבען איהם נעטראָגען טוידט הענגענדיג אין זיין צעלע. מען האט אפילו נאך אין דערזעלבער נאכט פערהאפטעט דעם פאָלקאווניק מאלינבערג מיט דעם זשאנדארמסקין קאפיטאן מאלאיעוו, וואהרשיינליך האט מען זיי חושד געווען אז זיי האבען דאצו געבראכט, ברענער זאל זעלבסטמאָרד בענעהן. אבער אויף מאָרגען אין דער פריה האט מען זיי פריי געלאזען. וואס דא טהוט זיך ווייס איך ניט. יעצט גלויב איך וועט איהר שוין פערשטעהן דיא ווערטער וואס איך האב אייך נעזאגט אז איך ווייס ניט וויא מיט אייער זוהן האלט יעצט, גוט אדער שלעכט.

— וויא איז אייער מיינונג ?

— איך קען אייך קיין מיינונג זאגען. דאס וועט אונז דיא צייט בעווייזען.

— דיא צייט ? איהר גלויבט אז דאס וועט נאך א לאנגע צייט נעדויערן ?

— ווער קען וויסען וואס דא וועט זיך אויסלאזען. מיר דארפען האָפען אז דער אמת וועט זיענען און אייער זוהן'ס אונשולד וועט ענדעקט ווערען. דען יעצט איז אוממעגליך אז אויף איהם זאל פאלען דיא שולד.

— אוממעגליך, זאגט איהר ? — האט פיין זיפצענד נעזאגט — איהר פערגעסט ניט, אז מיר זיינען אידען און וואס פאר א ווערטה האט אין רוסלאנד א איד. ווען דא איז ערלויבט אונזערע אונשולדיגע מענשען אין מיטען דער גאס און אין מיטען העלען טאג צו בערויבען און שלאגען, קען מען דאך גלויבען אז ביי דער היזיגער גערעכטיגקייט זאל רעכט ווערען: מען זאל מיין זוהן אלס מערדער ערקלערען גאר אהן א פאר וואס.

— וואצו זאלט איהר קלערן וועגען אזעלכע זאכען, קלערט בעסער נור נוטעס. איך מוז אייך הערר פיין זאגען, אז איך פערשטעה אין אלגעמיין ניט וואס דא טהוט זיך? דוכט זיך אייער זוהן האט דא קיין מאסע בעקאנטע ניט, דארף ער דאך דא ווענינ פיינדע האבען און דאך צייגט זיך הערויס, אז ער האט אין דיעזער שטאדט זעהר פיעל פיינדע.

— ווארום דענקט איהר אזוי ?

— ערשטענס, פערשטעה איך, אז דעם בלבול דאס ער איז מיין פאָטערס מערדער, האט איהם געמאכט א געהיימער פיינד. צווייטענס, האט מען זיך ניט נעפוילט פאר דיא ביסעל פריינדע וואס ער האט דא אויף איהם אנצורייידען אזעלכעס, וואס נור בלוטיגע פיינדע זיינען אין שטאנד אזעלכעס אויסצוטראכטען.

— וואס צום ביישפיעל האט מען וועגען איהם נעקענט שלעכטעס דערצעהלען?

— איך ווייס, אז פאר א היזינע אריסטאקראטישע פריילײן, וואס לויט וויא איך האב דערקענט, האט זיא אייער יאקאָב'ן ניט פיינד געהאט, האט מען דער־צעהלט אז ער האט פערפיהרט א היזיגע ארמע מעדכען און האט זיא געלאזט שטעקען אין בלאטע.

— איז דאס מעגליך, מען זאל אויף מיין יאקאָב'ן זא וואס זאגען?

— איהר זעהט דאך אז דאס איז מעגליך.

— און איהר האט ניט ערפאהרען ווער עס האט װענען איהם אזא קלאנג ארויסגעגעבען.

— ניין, דאס האב איך ניט געקענט ערפאהרען. דיא פערזאן וואס האט מיר דאס דערצעהלט, האט מיר זאגאר געזאגט: דאס צו איהר איז געקומען דאס אונ־גליקליכע מעדכען אליין און האט עס איהר דערצעהלט. אבער איך גלויב דאס איהר ניט, אבוואהל דאס פריילין וואס האט מיר דאס דערצעהלט, איז אזא פערזאן וואס מען קען איהר גלויבען.

— אויב מען קען איהר גלויבען, זאלט איהר גלויבען — האט שלמה נאכ־רענקענד געזאגט.

— וואס מיינט איהר מיט דיא ווערטער?—האט מארים ערשטוינט געפרעגט.

— איך מיין גאנץ איינפאך, אז וויא באלד א שורקע האט אויף מיין זוהן אויסגעטראכט אזא שענדליכע זאך, קען זעהר זיין אז ער האט אזא סארט מעדכען אויסגעפונען וואס האט זיך בעשלאסען פאר געלד דערצעהלען אויף מיין יאקאָב'ן אזא ניעדערטרעכטיגע זאך.

— דאס האט איהר זעהר רעכט און מען דארף אין דעם ניט שווייגען.

— וואס דענקט א ה־רען איז דא אין דעם צו טהאן?

— איך מוז אויסגעפינען דאס מעדכען, וואס האט זיך פארגעשטעלט פאר דער פריילײן, וואס איך האב אייך געזאגט, אלס דיא אונגליקליכע און פון איהר וועל איך שוין ריכטיג ערפאהרען וואס דא טהוט זיך.

— קענט איהר דאס מעדכען אויסגעפינען?

— מען דארף זיא זוכען און אז מען זוכט געפינט מען.

— זעהר שעהן, איך וועל אייך דאפיר זעהר דאנקבאר זיין. עס קען זעהר זיי אז פון דעמזעלבען אונמענשען וואס שטאמט דיא צווייטע פערלײמדונג, נעהמט זיך אויף דיא ערשטע.

— יא, היינטיגע צייטען איז אלץ צו גלויבען, איך וועל שוין אלע קרעפטען אנווענדען דאס מעדכען אויסצוגעפינען. אבער דאס שטעהט ביי מיר אויף דער צווייטער רייהע, דיא הויפטזאכע בין איך זעהר נייגיעריג צו ווי.ען דעם רעזולטאט פון ברענערס טוירט, צו דאס וועט ברייננען א הילף פאר אייער יאקאב'ן אדער בעהיטע גאט אין איינגליק — גוטעס אדער שלעכטעס?

224טעס קאפיטעל.

## דער פאָטער האט רעכט.

— פאָטער! — האט רעבעקא א נעשריי געטהאן אלס דער באנקיר ראטבלום איז אין שטוב אריינגעקומען — איך האב פאר דיר ווייטער א וויכטיגע נייעס?

— וואס פאר א נייעס?

— יאקאב פיין איז וויטקליך נענצליך אונשולדיג און דעם מאָרד פאר וועלכער ער שמאכטעט אין געפענגניס, ריכטיג וויא איך האב דיר פריהער געמעלדעט.

— נו, וואס־זשע איז אויף דיר אזא פרייד?

— וואס איז דאס פאר א פראגע? — האט זיא ערשטוינט אויסגערופען — און דיך פרעהט דאס נאר ניט, וואס אן אונשולדינער מענש ווערט נערעטעט פון אזא אונגליק.

— איך גלויב אבער, אז גאט שטראפט קיין אונשולדינען — האט ראטבלום ביין נעזאגט — ווען יאקאב פיין איז אונשולדיג אין דעם פערברעכען, האט ער געוויס אויף זיך אן אנדער זינדע פאר וועלכער גאט שטראפט איהם אזוי.

— דוא זאלסט אזעלכעס רעדען פאָטער, דאס איז מיר א וואונדער. וויא קומט דאס צו דיר דוא זאלסט אויף אן ארדענטליכען מאן זא וואס רעדען?

— אויף ארדענטליכע לייטע רייד איך ניט.

— ביזט דוא איבערצייגט, אז יאקאב פיין איז א פערדאָרבענער מענש?

— יא, רעבעקא. איך בין אין דעם פעסט איבערצייגט.

— וואס? דוא ביזט איבערצייגט אז יאקאב איז א פערדאָרבענער מענש? — און דוא פרענסט דאס? ביזט דוא אליין נאך ניט מעהר אין דעם איבער־צייגט אלס איך?

— וואס מיינסט דוא מיט דיא ווערטער, פאָטער?

— איך מוז דיר זאגען מיין טאכטער, אז איך דערקען דיר נאר ניט, דוא ביזט אין דיא לעצטע צייטען א מערקווירדיגעס מערכען געווארען. האט דיר אן אונ־גליקליכע פריילין ניט דערצעהלט פון דעם אונגליק וואס יאקאב פיין האט אויף איהר געבראכט?

— פון וואנען ווייסט דוא דאס?

— דאס מאכט שוין ניט אויס פון וואנען איך וויים, אבער איז דאס ניט וואהר וואס איך האב ערשט געזאגט?

— וואהר איז דאס, אבער איך בין פעסט איבערצייגט, אז ענטוועדער דאס מערכען האט אן אירטהום געהאט, אדער דא שטעקט א שווינדעל.

— מיר וואונדערט גאר ניט אויף דעם וואס דוא רעדסט אזוי — האט ראט־בלום שטארק אויפגערעגט געזאגט — דאס ליעגט שוין אין דער נאטור פון יעדען מענשען, אז דעם פערזאן וואס ער ליעבט זוכט ער מיט אלע מעגליכקייט צו פער־טהיידיגען זאגאר דאן, ווען ער זעהט דייטליך אז ער איז א פערברעכער. איך מוז מיט דיר יעצט טאכטער מיינע אפען רעדען. איך האב שוין לאנג בעמערקט, אז דוא ביזט צו דעם יאקאבן ניט גלייכגילטיג; אבער מיך וואונדערט דאס גאר ניט,

דען א פאלשער מענש האט אימער דיא קראפט צו פערשלעפען אין זיין נעץ אונ־שולדינע מענשען און זיי דיא אויגען צו פערבלענדען, זיי זאלען זיינע ניעדערטרעכ־טינקייט ניט זעהען. דוא ביזט ניט מעהר וויא א קינד און דיעזער פיין איז שוין אן אלטער געאיבטער שווינדלער און אז ער האט זיך גענומען דיך צו בעשווינדלען האט ער דאס זעהר לייכט געקענט אויספיהרען. ווייל דוא ביזט נאך זעהר אונשולדיג, זעהר ארדענטליך און פערשטעהסט זיך ניט אויף דער פאלשהייט פון שלעכטע פערדארבענע מענשען.

— ניין פאטער, איך האב געזאגט און ווידערהאלע מיינע ווערטער, דאס יאקאב פיין איז איינער פון דיא ארדענטליכסטע מענשען אין דער וועלט. ער מוז האבען פיעלע פיינדע און דיא האבען איהם אין געפענגניס געווארפען דורך דעם בלבול, אז ער האט א מענשען ערמארדעט. דיא פערפלוכטע מענשען האבען זיך אויך בענוצט מיט דעם אירטהום וואס יענע מערדער האט געהאט, אום איהם צו בעשמוצען.

— רעבעקא! — האט דער באנקיר זעהר שטרענג געזאגט — דוא דארפסט פערשטעהען, אז איך בין אין דער וועלט פיעל פראקטישער אלס דוא. דוא ווייסט אליין וויא איך האב דעמזעלבען פיין פערעהרט, וויא איך האב איהם געאכטעט און געשעצט, ווייל איך האב איהם אויך פאר א פיינעם אנשטענדיגען מאן געהאלטען. אבער יעצט בין איך פעסט איבערצייגט, אז ער איז א שורקע זאנדער גלייכען און איך ביטע דיך, דוא זאלסט אין מיין געגענווארט מעהר זיין נאמען ניט דערמאנען און זאלסט זאגאר ביי זיך אליין ווענען איהם ניט דענקען. דען דאס איז פאר דיר דיא גרעסטע שאנדע, דוא זאלסט איין מאמענט ווענען דעם שורקע טראכטען. מיר האבען איהם ביז אהער ניט געקענט און לאמיר איהם ווייטער אויך ניט קענען.

רעבעקא האט געשוויגען. זיא האט אנגעהויבען צו קלערן פיעללייכט האט איהר פאטערווירקליך רעכט, דען ער איז דאך טאקי פיעל פראקטישער און קליגער אלס זיא.

— איך מוז דיר זאגען מיין קינד — האט דער באנקיר ווייטער געזאגט — דאס איך דערקען דיר גאר ניט. אין דער לעצטער צייט ביזט דוא גאנץ אנדערש געווארען.

— איך בין אנדערש געווארען? — האט רעבעקא ערשטוינט געפרעגט.

— יא, מיין טאכטער, דוא ביזט גאנץ אנדערש געווארען. איך געדענק אז ביז אהער האבען מיינע ווערטער ביי דיר א גרויסען ווערטה געהאט. האב איך דיר עטוואס געזאגט, האסט דוא דאס אריינגענומען גוט אין זינען און האסט ווענען דעם געטראכט. גרעסטענטהיילס האסט דוא אין אזא פאל גאר ניט געקלערט און האסט געטהאן וויא איך האב דיר געהייסען, אבער הייטע....

— נו און הייטע בין איך דיר ניט געהארזאם?

— זעלבסטפערשטענדליך, אז דוא ביזט מיר ניט געהארזאם. דוא ווייסט מיין קינד זעהר גוט, אז איך זוך בעשטענדיג נור דיך גליקליך צו מאכען. ווייל דוא ביזט ביי מיר טהייערער פון אלעם אין דער וועלט און אז איך האב אויסגעפונען, אז סיטאן

נריץ איז פאר דיר דיא בעסטע פארטיע, האסט דוא בעדארפט פערשטעהן אז איך האב קיין איהררטהום. אבער דוא האסט דיין פלאן וועגען דעם גליק אוועקגעמאכט אונטער דער האנד, ריכטיג וויא דאס זאל דיר זאגען גלאט א מענש פון דער גאס.

— אָבער ליעבער פאָטער איך קען נריצ'ן ניט ליעבען.

— דאס איז אלץ אן איינבילדונג מיין טאכטער, דוא האסט זיך אין קאפ א נארישקייט אריינגענומען.... דארום האסט דוא אויף דעם פיינעם ארדענטליכען נריץ מיט גלעזערנע אויגען געקוקט. איך בין אויך א מענ'ש מיט א געשמאק און איך זעה ניט ארויס ווארום נריץ זאל ניט געפעלען. א שעהנער יונג איז ער, א היב'ש ביסעל געבילדעט און דאביי איז ער א מיליאנער. נו, קען דען אין דער וועלט א בעסערער שידוך געבען פאר דיר וויא דיעזער איז? איך וועל דיר זאגען דיא וואהר= הייט, אז איך בוואונדער זיין ליעבע צו דיר. ער איז יעצט אין שטאנד צו הייראטען דאס שעהנסטע און רייכסטע מערכען. נו און אז דוא האסט אזוי פיעל גליק דאס זר וויל נור דיר הייראטהען, מאכסט דוא דאס אוועק פון אונטער דער האנד ריכטיג וויא דא זאל זיךריידען וועגען א געוועהנליכען שידוך. פרעג איך דיר טהוסט דוא קלוג?

רעבעקא האט געשוויעגען און האט זיך פערטיעפט אין געדאנקען.

— פאָלג מיך מיין טאכטער, יעדער מענש מוז אין דער וועלט מיט אפענע אויגען ארומגעהען — האט ראטבלום ווייטער געזאגט — מאכט זיך איהם א גרויס גליק וואס ער קען לייכט עררייכען טאהר ער דאס פון דער האנד ניט ארויסלאָזען, יען ישפעטער ווערט שוין צו שפעט און ער קען דעם אירטהום ניט פערריכטען.

— ווילסט דוא דורכאויס איך זאָל הייראטהען נריצ'ן? — האט רעבעקא נאך א קורצעם נאכדענקען געפרעגט.

— איך וויל? — האט ראטהבלום געלאכט — זעה נור, מיין טאָכטער, וויא דוא רעדסט קינדיש. עפעס וויל איך דאָ דורך דעם שידוך פאר זיך נוצען ציהען? זאָל מיך נאט היטען פון אזעלכע זאכען. אבוואהל נריץ האט געניג מיליאנען און ער פערלאננט פון מיר קיין געלד, פון דעסטוועגען וועל איך דיר דיין נדן אין גאנצען אפגעבען. איך האב דיר פערשפראָכען צוואנציג טויזענד רובעל נדן צו געבען, און דיא סומע געלד גיעב איך דיר אָב אויף דאן, ווען דוא ווערסט הייראטהען נריצ'ן. איך זוך דא נור דיין גליק. איך וויל דיך פערזארגען, דיך גליקליך מאכען, דאס איז נאר, און איך בין פעסט איבערצייגט, דאס ווען דוא הייראטהעסט נריצ'ן האָסט דוא עררייכט דאס גליק צו וועלכען איך וויל דיך פיהרען.

— גוט! איך בין צופריעדען צו ערפילען דיין ווונש — האט רעבעקא גע־ענטפערט — איך זועל הייראטהען נריצ'ן.

— לעבען און געזונד זאָלסט דוא זיין, מיין זיסע ליעבע טאָכטער! — האט ראטהבלום ענטציקט אויסגערופען און פריידען־טרערען האבען זיך אין זיינע אויגען געוויזען — יעצט בין איך רוהיג. יעצט ווייס איך, אז מיין קינד וועט דיא גליקי ליכסטע אין דער וועלט זיין.

ער האט זיין טאכטער אומגעארמט און האט זיא הערצליך געקושט.

### 225טעם קאפיטעל.
## קלאטהילדא.

וואס פאר א קראפט דיא געוויסענסביסע האט! פאר איהר ניעבט עס קיין פלאץ וואו זיך צו בעהאלטען. זיא פערפאלגט איהרע אָפפער אין עק וועלט, זיא בעגלייטעט זיי וואוהין זיי געהן. זאגאר אין דיא פינסטערסטע נעכט שטעלט זיא פאָר פאר זייערע אויגען אזעלכע שרעקליכע בילדער וואס ערציטערען אלע זייערע גליעדער.

דיא קראפט פון דער געוויסענסביסע האט אויף זיך יעצט געפיהלט דיא גרע־פין קלאטהילדא. זייט זיא האט ערפאהרען דאס זיא האט נור געדיענט אלס וואפע אין דער האנד פון דער מערדערין אדעלא, און זיא האט קיין רוהע געהאט. איהר פריינ־דין מאריאס בילד האט זיא פערפאָלגט איבעראל. איהר איז געווארען אזוי ביטער, דאס זיא האט אויף זיך דעם טויט געבעטען.

דיא לעזער געדענקען געוויס דאס זיא האט זיך צוזאמענגעטראפען מיט אדע־לא'ן אין וואגאן פאהרענדיג נאך מאסקווא. צווישען זיי האט דאמאלס א סקאנדאל אויסגעבראָכען, און ווער ווייס מיט וואס ער וואלט זיך געענדיגט ווען אדעלא וואלט ניט געווען אזוי קלוג צו אנטלויפען אין אן אנדער וואגאָן אלס דער צוג האט זיך צוגעשטעלט ביי א סטאציאָן מיט דעם אויסרייד, דאס דא מוז זיא ארונטערגעהן.

קלאטהילדא איז געווען וויטהענד. זיא איז פערטיג געווען צו ווערפען זיך זעלבסט אין גרעסטען פייער, אבי דער פערפלוכטער אדעלא'ן נאך זיך נאכצושלעפען.

אבער זיא האט איהר פערשטאנד באלד צוריק בעקומען אלס אדעלא איז פון איהר וואגאן ארויסגעגאנגען. זיא האט זיך בערעכענט, אז זעלבסטמארד פאסט פאר א פיינלינג, א טרוס, און זיא וועט דערמיט נאך א טובה טהאן דער פערדאָר־בענער מערדערין אדעלא מיט איהר באנדע. ביי איהר איז בעסער געבליעבען, זיא זאָל יעצט אלע איהרע קרעפטען אנווענדען ראכע צו נעהמען פון דער פערזאָן דורך וועלכע זיא האט אזא שאנדטהאט בעגאנגען.

— יא! ראכע! ראכע מוז איך נעהמען פון דיעזער ניעדערטרעכטיגער אדע־לא — האט זיא ביי זיך געקלערט — איך מוז זיא זא פערפאָלגען וויא מאריא'ס גע־זיכט פערפאלגט מיך. איך מוז דיעזער מערדערין פון דער וועלט פעריאגען. ווען זאגאר איך וועל דערביי מיין לעבען פערליערען ארט מיך אויך ניט.

אבער וויא אזוי? וואס טהוט מען? וואס פאנגט מען אָן צו טהאן, אום דער טייפלישער פרוי צו פערניכטען?

אויך קומענדיג אהיים נאך מאָסקווא, האט זיא קיין רוהע געפונען. נאך אין דערזעלבער נאכט האט זיא געזעהן מאריא'ן אין חלום, וויא זיא שטעהט נעגען איהר מיט אן אָפענער ברוסט פון וועלכע עס רינט בלוט און זיא בעט זיך ביי איהר זיא זאָל פון דאָרט ארויסנעהמען דיא קוגעל וואס זיא האט אין איהר אריינגע־שאָסען.

זיא האט זיך ערוואכט מיט א געשריי און האט שוין מעהר ניט געקענט שלאפען. זיא האט געשווינד אנגעצונדען א לאָמפ, אבער אלע געגענשטענדע פון

דעם צימער האבען אננענומען דאס נעשטאלט פון דער אונגליקליכער מאריא. וואוהין זיא האט אקוק געטהאן האט איהר אויסגעוויעזען, אז מאריא שטעהט איהר ענט־נעגען מיט א טויט־בלאסעם געזיכט און פון איהר ברוסט רינט בלוט. זיא וואט נעפרובירט זיך איבערדעקען מיט דער קאלדרע איבער דעם קאפ, אבער אויך אין דער פינסטער האט זיך מאריא'ס געזיכט פאר איהר געוויעזען נאך דייטליכער וויא פאר דעם פייער פון דער לאמפע.

איהר איז געווארען שרעקליך צו מוטה. זיא איז פון איהר בעט אויפגע־שפ־ונגען און האט אויפגעוועקט איהר אלטע ניאניא וואס אויף איהרע הענד האט זיא זיך ערצויגען, און זיך בעקלאגענד אויף קאפ־ווייטאג האט זיא דער אלטער גע־בעטען זיא זאל געבען איהר זיצען.

— איך האב אבער באלד וויא דוא ביסט געקומען בעמערקט אז דוא ביסט ניט געזונד — האט דיא אלטע געזאגט — דיר האט דער וועג שטארק געשאדעט, מיין קינד. דוא האסט זיך געוויס געמוזט צוקיהלען.

— עס קען זיין — האט קלאטהילדא געקרעכצט.

— זאג מיר, קלאטהילדא, וואו ביסט דוא דאס דיא גאנצע צייט געוועזען? — האט נאך א לאנגעס שווייגען דיא אלטע געפרעגט.

קלאטהילדא האט געשוויעגען.

— דוא שווייגסט? דוא ווילסט מיר, דיין געטרייער ניאניא ניט דערצעהלען וואו דוא ביסט געוועזען? — האט דיא אלטע פערדריסליך געזאגט — פאר מיר האסט דוא געהיימניסע?

— לאזט מיך צו־רוהה, מארינא, — האט קלאטהילדא צארניג געענטפערט — עס איז שוין צייט איהר זאלט אויפהערען זא נייגיעריג צו זיין.

— אז איך בין קיין נייגיעריגע פרוי, דאס ווייסט איהר זעהר גוט — האט מארינא געזאגט — אבער וואס עס אנבעלאנגט צו דיר בין איך אימער נייגיעריג ווער וויים נאך וויפיעל וויא דוא, דאס איך ליעב דיך וויא אן איינציג־קינד, און דא־ריים פערדריסט מיך זעהר ווען דוא טהוסט עטוואס אהן מיין וויסען.

— יא מארינא — האט קלאטהילדא הערצענד געענטפערט — איך בערייהע דאס זעלבסט וואס איך האב אייך ניט דערצעהלט ווענען וואס און וואוהין איך פאהר.

— אזוי? — האסט דוא, וויא איך פערשטעה, פון דיעזער רייזע גרויס אונאנ־געהמליכקייט געהאט?

קלאטהילדא האט געשוויעגען.

— דוא שווייגסט ווייטער? דוא ווילסט מיר אלץ ניט דערצעהלען וואו דוא ביסט געוועזען און וואס מיט דיר האט פאסירט?

— איך וויל ניט, איך קען ניט! — האט קלאטהילדא צארניג און וויינענד געענטפערט.

— שא, גריזשע זיך ניט אזוי. ווען דוא קענסט דאס מיר ניט זאגען, וועל

איך דין' מעהר ווענען דעם ניט פרענען. אבער דאס איינע מוז איך דיר זאגען, אז דוא האסט דא א גרויסען שאדען נעהאט.

— א שאדען? וואס פאר א שאדען האב איך דען נעהאט?

— עס האט זיך געפונען א וועקסעל אויף דיין פאטער אויף זעהר א גרויסער סומע. דער איינענטהימער פון דעם וועקסעל א געוויסער קויפמאן גרינזאנג איז דא געוועזען און האט דיך געוואלט זעהן, אום מיט דיר וועגען דעם חוב צו צעטלען. אבער דוא ביסט צו הויזע ניט געוועזען, און איך האב ניט געוואוסט וואס איהם צו ענט־פערן, האט ער מיר געזאגט דיא ווערטער: איך האב דער יונגער גרעפין קיין שלעכ־טעס געוואלט טהאן ווייל זיא איז א וויזע (א יתומה); נור אזוי וויא זיא איז דאָ ניטאָ און איהר ווייסט ניט וואס דאס איז, מוז איך דעם וועקסעל פראָטעסטירען. דאס וועט דער יונגער גרעפין נ״ויס שאדען ברייננען, אבער איך קען דערצו ניט העלפען.

— וואס? — האט קלאטהילדא ערשראקען אויסנערופען — מיין פאטערס א וועקסעל האט מען פראָטעסטירט — נו, און איהר האט דערצו דערלאָזט?

— וואס האב איך נעקענט דערצו העלפען?

— ווארום האט איהר דיעזען קויפמאן ניט געבעטען, ער זאל ווארטען ביז איך וועל קומען.

— איך האב איהם דאס יא געבעטען, אבער ער האט דערפון ניט געוואָלט הערען.

— ווייסט איהר געוויס, אז ער האט דעם וועקסעל פראָטעסטירט?

— אזוי האט ער געזאגט, אז ער וועט איהם פראָטעסטירען.

— וויא זאגט איהר, הייסט דיעזער קויפמאן?

— מיכאאיל גרינזאנג.

— מיכאאיל גרינזאנג? — האט קלאטהילדא נאכדענקענד וויא צו זיך אליין גערעדט — דער נאמען איז מיר ניט פרעמד. נור שא, איך האב מיך דערמאָנט. מיין נאָטזעלינער פאטער פלעגט אימער ריידען פון א מאן מיט דעם נאמען גרינ־זאנג. ער האט דיעזען מאן זעהר נעליובט, און האט דערצעהלט אז נאך אזא ערעל־מאן וויא ער איז, איז אין דער גאנצער וועלט ניטאָ.

— איך האב אויך דערקענט אָן איהם אז ער איז אַן עדעל־מאַ׳, דען ער האט ניט גערעדט וויא א שטרענגער בעל־חוב, זאָנדערן וויא א גוטער פריינד האט ער מיר ערקלערט, אז עס טהוט איהם לייד דעם וועקסעל צו פראָטעסטירען, אבער ווען ער וועט דאָס ניט טהאָן, וועט זיין גאנץ געלד פערלארען געהן.

— שוין לאנג אז ער איז דאָ געוועזען?

— מיט צוויי וואָכען צוריק.

— מיט צוויי וואָכען צוריק? מיין גאָט! האט ער געוויס שוין אויף דעם וועקסעל א פראָטעסט געלייגט און דאדורך איז מיין פאטערס נאמען בעשמוצט געווארען. אָ, מארינא, פיעללייכט קענט איהר ערפאהרען, וואו דיעזער קויפמאן וואוינט?

— דאס איז א קליינינקייט.

— וויא אזוי דענקט איהר דאס צו ערפאהרען?

— זעהר איינפאך. מען קען פרעגען אין אדרעסנעם סטאָל. דער נאמען פון אזא מאן מוז געוויס דאָרט פערשריעבען זיין.

— טהוט דאס, ליעבע מארינא. אום גאטעס ווילען טהוט דאס. איהר זאָלט מארגען באלד וויא איהר וועט אויפשטעהן, לויפען נאך דעם אדרעסנעם סטאָל און ערפאהרען וואו דיעזער גרינזאנג וואוינט.

— ווערסט דוא צו איהם געהן?

— געוויס וועל איך צו איהם געהן. איך מוז דאס וועקסעל אויסלייזען. איך וועל נים דערלאָזען, מיין פאטערס נאמען זאָל בעשמוצט ווערן.

— דאס ווערסט דוא טהאן זעהר גלייך. דוא קענסט זיכער זיין, אז נאך מארגען אום צעהן אוהר ברייננ איך דיר גרינזאנג'ס אדרעסע, און דאס וועקסעל וועט קענען מארגען אויסגעלייזט ווערן.

226טעס קאפיטעל.

## איז אַ איד דען אַ מענש?

— דער שעף פון דיא זשאנדארען איז דאָ! — האט מען געמעלדעט דעם אבערפאליצמייסטער קניאז נאליצין, וועלכער איז ארומגעגאנגען שטארק פערטיעפט אין געדאנקען איבער זיין צימער.

— גוט, זאָל ער אריינקומען! — האט דער קניאז געהייסען.

באלד איז צו איהם אין צימער אריינגעקומען א הויכער מאן פון א יאהר פופציג מיט א געזונדען רויטען געזיכט, וועלכעס האט געהאט צוויי גרויסע באקען, בערד און א פאָר לאַנגע וואָנצעס.

— זייט מיר ווילקאָמען, וואסיל באנדאנאוויטש — האט דער קניאז אויסגע־רופען איהם רייכענד דיא האנד — איך האב אייך שוין מיט דער גרעסטער אונגע־דולד ערוואַרטעט.

— איך האב פערשטאנען, אז איהר דאַרפט מיך זעהר נייטיג האבען, וויא באלד איהר האט מיך געשיקט רופען אזוי שפעט ביי נאכט.

— יא, וואסיל באנדאנאוויטש! דא האט זיך געמאכט א וויכטיגע ערא־יינגיס: זיצט, פערראויכט א ציגאר, וועלען מיר ווענען דעם ריידען.

דער גאסט האט זיך געזעצט, האט פערראויכט דעם סיגאר וואס דער קניאז האט איהם געגעבען און האט געזאגט:

— איך בין זעהר נייגיעריג צו וויסען, וואס פאר א וויכטיגע עראייגניס דא האט זיך געטראפען?

— דא איז אזא געשיכטע — האט דער קניאז געענטפערט זיך זעצענד נעגען דעם שעף — איינער פון אייערע לייטע האט ערמאָרדעט אן ארעסטאנט אין זיין צעלע.

— איז דאס מעגליך?

— יא, וואסיל באגדאנאוויטש. איך דערצעהל אייך א פאקט.

— וויא הייסט דער מערדער?

— דאס איז דער קאפיטאן מאלאיעוו.

— מאלאיעוו? — האט ער ערמארדעט אן ארעסטאנט?

— יא.

— ערשטענס בין איך נייגיערינ צו וויסען וויא אזוי האט ער דאס געטהאן? מיר שיינט, אז ארום יעדען קערקער געהן ארום וועכטער; צווייטענס, פאר וואס האט ער איהם ערמארדעט?

— דיא ערשטע פראגע קען איך אייך בעאנטוואָרטען דערמיט, דאס ער האט דעם סמאָטריטעל אנגע׳שיכור׳ט, און האט שוין דורך דעם געפונען א וועג צו יענעם ארעסטאנט. אויף דער צווייטער פראגע קען איך אייך ענטפערען, דאס לויט איך האב ערפאהרען, האט מאלאיעוו איהם ערמארדעט אויס פורכט, ער זאָל ניט אויסזאגען אזעלכע זאכען וואס קענען איהם שאדען.

— ווייסט איהר אויך וואס פאר א זאכען דער ארעסטאנט האט געקענט אויסזאגען?

— אזא זאך, פערשטעהט איהר זעלבסט, קען איך ריכטיג ניט וויסען; אבער איך שטויס מיך אָן ווענען וואס דאָ האנדעלט זיך.

— דארף איך פרעגען וואס פאר א געהיימנים דאָ שטעקט?

— איך קען דאס אייך זאגען. געוויס ווייסט איהר, אז ניט לאנג האט מען ערמארדעט א אידישען קויפמאן מיט׳ן נאמען וואהרהאפטיג?

— יא, איך האב דערפון געהערט.

— האט איהר אויך דאס געהערט, דאס מען האט געפונען דעם ערמאָרדע-טענס פעלץ ביי מאלינבערג׳ן?

— ביי וועלכען מאלינבערג׳ן?

— ביי דעם זשאנדארמסקען פאלקאווניק מאלינבערג.

— וואס רעדט איהר, קניאז?

— איך דערצעהל אייך א טהאטזאכע.

— וויא קומט דער פעלץ צו מאלינבערג׳ן?

— דאס האט מען דעם פאלקאווניק אליין געפרעגט און ער האט געענט-פערט, אז דעם פעלץ האט איהם פערקויפט איינער פון זיינע געהיים-פאָליציסטען, א געוויסער איד ברענער. געוועהנליך האט מען דעם ברענער׳ן פערהאפטעט און אין געפענגניס איינגעשפערט. ער האט אנגעהויבען אויסצוזאגען מיט האלבע ווער-טער, אז דיא מערדער פון וואהרהאפטיג׳ן זיינען געוועזן דער פאלקאווניק מאלינבערג מיט מאלאיעוו׳ן און נאך איינינע. ער וואָלט געוויס באלד גערעדט מיט א פאָלען מונד, אבער מאלאיעוו האט דאס געשטערט. דאדורך וואס ער האט ברענער׳ן ערמאָרדעט אין זיין צעלע.

— אזוי? — האט ער דאס דעם ארעסטאנט ערמארדעט?

— יא, דעם. יעצט, וואסיל באגדאנאוויטש, וויל איך אייך בעטען, אז איהר

ואַלט זיך נעהמען צו דיא צוויי לייטע, ווייל זיי שטעהןביידע אונטער און איהר זאָלט זעהן אז זיי זאלען בעשטראפט ווערן, לויט וויא זיי האבען פּ׳

— וואס פערלאַנגט איהר, קניאז, איך זאָל זיי טהאן?

— וואס איך פערלאַנג? איך וויל ניט מעהר איהר זאָלט זיי בעשטראפען, לויט דער זאקאָן פאָרדערט. זיי האבען ביידע דעם טויט פערדיענט.

— יא, קניאז. איהר האט רעכט.... האט דער שעף לאנגזאם נעזאגט — דער זאקאָן הייסט ווירקליך אזוי, אבער....

— וואס ווילט איהר זאגען, וואסיל באנדאנאוויטש?

— איך גלויב, אז מיר ביידע האבען וויכטינערע זאכען ווענען וואס צו טראכטען.

— וויכטינערע זאכען? — האט גאליצין ערשטוינט אויסגערופען — קען רען געבען א וויכטינערע זאך וויא א מערדער צו בעשטראפען?

— א מערדער צו א מערדער איז אבער ניט גלייך....

— איך פערשטעה אייך ניט, וואסיל באנדאנאוויטש. זאגט, וואס מיינט איהר מיט דיעזע ווערטער?

— איך וויעדערהאָלע דיא זעלבע ווערטער: „א מערדער צו א מערדער איז ניט גלייך“. מיר קענען ניט פעראורטהיילען דעם מערדער פון א רויב־גיערינער חיה, צונלייך מיט דעם מערדער פון א מענשען.

— איך פערשטעה נאך אלץ ניט וואס איהר רעדט, וואסיל באנדאנאוויטש.

— איך וועל דאס אייך דייטליכער ערקלערען, קניאז. האט איהר זעלבסט ניט נעזאגט, אז דער וואהרהאפטיג וויא אויך ברענער זיינען נעוועזן זשידעס?

— יא. נו, אבער איז דען א איד קיין מענש?

— ניין! א זשיד איז א רויב־גיערינע חיה — האט דער שעף מיט אן עונס־טער מינע נעענטפערט—דאס איז אזא חיה, וואס ניט נור מען דארף ניט בעשטראפען דעם מענשען וואס ערשיעסט זיא, זאנדערן עס איז דאס גרעסטע רעכט, מען זאָל דיא פּאראזיטען פערניכטען.

— זיי זיינען דאך אבער פאַרט מענשען?

— איהר זאָלט דאס זאגען, קניאז, איז מיר א גרויסער וואונדער. ווייסט איהר דען ניט, אז דאס איז א פערשאלטען־פאָלק? איהר האט דאך א בעווייז, אז זאנאר אונזער נגעדינער קייזער האט זיך געמאכט צור אויפגאבע, דיעזע פער־פלוכטע בעסטיעס צו פערניכטען.

— אבער אונזער זאקאָן איז געבליעבען פאר זיי אויך א זאקאָן. עס איז ניט ערלויבט יעדען רוסע, ער זאָל ערמאָרדען א אידען.

— ערלויבט איז דאס ניט, אבער אז איינער טהוט אָפּ אזא זאך, דארף מען איהם דאנקבאר זיין.

— איהר האט שוין צופיעל איבערגעהאפט דיא מאס, וואסיל באנדאנא־וויטש.

— נו, איך וועל אייך נאכגעבען, אז עס איז אן אונרעכט א זשיד צו

ערמארדען, אבער איז ביי אייך רעכט, אז צוליעב אזעלכע צוויי פערפלוכטע מענשען זאָל מען טויטען אזעלכע צוויי וויכטיגע פערזאָנען, וויא דער פאלקאוואניק מאלינבערג מיט דעם קאפּיטאן מאלאיעוו זיינען? איהר דארפט ניט פערגעסען, אז דיא צוויי זיינען קריסטען, רוסען — מענשען, וואס האבען דורך זייער לאנג-יעהרינער דיענסט, זיך ערווארבען דיא אכטונג פון אלע זייערע בעקאנטע, זאל מען זיי ביידען טויטען צוליעב צוויי ניפטיגע פליעגען? ניין, קניאז, דאס האב איך פון אייך ניט ערווארטעט צו הערען. מיין ראטה איז, קניאז, מיר זאָלען זיך מאכען ניט זעהענדיג און ניט וויר־סענדיג. נענוג וועט זיין פאר דיא ביידע, ווען איך וועל זיי שארפע פאָרווירפע מא־כען, דיא שטראפע וועט פאר זיי א לעהרע זיין אויף ווייטער.

דער קניאז האט איינינע מינוטען נעטראכט און האט ענדליך נעזאנט:

— איך וואָלט שוין איינגעווילינט דערצו, אבער איך פירכטע דאָ פאר אַן אנדער זאך.

— פאר וועלכע זאך פירכטעט איהר?

— דיעזער ברענער האט א פרוי, זיא וויזט אויס זעהר א קלוגע און א פייַ־ערינע פרוי צו זיין. זיא האט ערפאהרען פון דער געשיכטע דאס מען וויל איהר מאַן ערמארו׳ען, און זיא האט דאס מיר איבערגענעבען. זיא האט אויף מיר אזוי ווייט נעווירקט, דאס איך בין מיט איהר צוזאמען נעפאהרען נאך דעם געפענגניס, און מיר ביידע האבען נעפונען איהר מאן הייגנענדיג אין זיין צעלע. דיא יוננע פרוי איז אויסער זיך געוועזען און זיא האט פון מיר שטרענג נעפאָרדערט, איך זאל פאר איהר מאן ראכע נעהמען. דערביי האט זיא מיר נענעבען אנצוהערען, דאס אינ׳ם פאל ווען איך וועל אין דער ראכע נאכלעסינ זיין, וועט זיא טרעפען צו דיא הויכע פענס־טער.... וואס איינענטליך זיא האט נעמיינט מיט דעם אויסדרוק הויכע פענסטער דאס ווייס איך ניט. אבער איך פערשטעה, אז זיא וועט זיך בעקלאגען פאר העכערע אלס איך בין.

— נו, און איהר פירכטעט פאר אזעלכע ווייבערשע רייד? — האט דער שעף לאכענד נעפרענט.

— לאכט פון דעם ניט, וואסיל באנדאנאוויטש. א שוואכע פרוי קען אמאָל דעם שטארקסטען העלד אין גרעסטען אונגליק שטירצען.

— לאכט זיך אויס פון אזעלכע זאכען, קניאז. איך האב ניט ערווארטעט פון אייך אזעלכע ווערטער צו הערען. ווען מיר זאָלען פורכט האבען פאר יעדען מעניטען, דארפען מיר אונזערע עמטער פערלאָזען.

— פיעללייכט וועט זיא זיך ווירקליך בעקלאגען פאר העכערע פון מיר?

— נו, און דיא העכערע ווייסען דען ניט דאס זעלבע וואס מיר ביידע ווייסען, אז א זשיד איז קיין מענש, און ער האט נים דיא ווערטה מען זאָל זיך פאר איהם אינטערעסירען? איך שעם מיך, הערענדיג פון אייך אזעלכע ווערטער, קניאז.

— נוט — האט דער אבערפאליצמייסטער נאכדענקענד געענטפערט -- איך וועל מיך שוין אין דעם ניט מעהר מישען. מהוט וויא איהר פערשטעהט.

— פערלאזט זיך אויף מיר, קניאז, עס וועט שוין אלעס רעכט זיין — האט דער שעף גענטפערט אויפשטעהענד פון זיין אָרט — מעהר האט איהר מיר נאָר ניט צו זאגען?

— נאָר ניט.

— נו, א גוט נאכט דערוויל, קניאז. עס וואָלט ניט געשאדעט, איהר זאָלט זיך פון אייער זייט בעמיהען, דאס דער געהאנגענער זאל בעגראבען ווערען ווא שנעלער.

— דאס וועט שוין דער סמאָטריטעל אליין שכל האבען צו טהאן.

— געוויס וועט דער דאקטאר פון געפעננעגים־האספיטאל אויך ארויסגעבען פון זיך א צייגנים, דאס דער ארעסטאנט האט זיך אליין געהאנגען.

— דאס איז אלעס דעם סמאטריטעלס זאך.

— עס שאדעט אבער ניט, מען זאָל איהם אויף דעם אויפמערקזאם מאכען. נור אויב אייך איז דאס שווער צו טהאן, וועל איך אליין דאס פערזארגען. מען דארף מאכען, דיא גאנצע געשיכטע זאל פערשלונגען ווערען, און פון איהר זאָל קיין שאטען בלייבען.

— טהוט וויא איהר פערשטעהט, וואסיל באנדראנאוויטש.

— נו, א גוט נאכט, קניאז — האט דער שעף פריינדליך געזאגט און האט פערלאזט דעם פאליצמייסטערס הויז.

227טעס קאפיטעל.

## רויבער וועגען רויבער.

מיר האבען שוין לאנג ניט בעזוכט טראכים׳ס שענק, וועלכער איז געוואָרען, זייט משה דער ראנדאר האט דאנילאָווקא פערלאזט דער צענטראל־פונקט פון אלע דאנילאָווקער מוזשיקעס. אבוואהל זיי האבען זיך אין דער לעצטער צייט נאך מעהר בעקלאגט אויף טראכים׳ס שנאפס, און אלע אין איין קול האבען געשריען, אז דאס איז נאר קיין שנאפס, זאנדערן אן עסטראקט פון עסיג מיט וואסער. דאך האבען זיי קיין אנדער ברירה נעהאט וויא נור אהער צו געהן. זיי האבען מקיים געווען דעם רוסישען פסוק: „אז קיין פיש איז ניטא, איז א ראק אויך פיש״, און אז קיין אמת׳ע גוטע שנאפס בעקומט מען ניט, איז טראכים׳ס עסטראקט אויך שנאפס.

יעצט, מאנטאג נאך האלבען טאג, זעהן מיר אין דיעזען שענק ניט מעהר וויא אונזערע צוויי אלטע בעקאנטע סטעפאן קאזאקאוו מיט סעמיאן וואָרין, און אבוואהל אין מיטען דער וואָך און נאך האלבען טאג פערבלאנדזשעט זעהר זעלטעי א מוזשיק אין דיעזען שענק, פון דעסטוועגען זיינען זיי ביידע געזעסען פערשפארט אין א בעזונדער צימער און האבען אזוי שטיל גערעדט, דאס דעם אויסוועגדינסטען מענשען וואר אונמעגליך איין וואָרט פון זייער געשפרעך צו הערען.

— נערענק, סטעפאן, וואס איך זאג דיר, — האט סעמיאָן געזאגט — מיר האבען יעצט דיא בעסטע צייט אונזער חלק ירושה אבצונעהמען. ארעלא איז ניטא. מיט דעם אלטען חאליערניק וועלען מיר גיך אבהאנדלען. צוויי פינגער אויף זיין

העלזעל איז ער א דערשטיקטער האן, און מיר וועלען קענען טהאן אלעס, וואס מיר וועלען דארפען.

— קיין שלעכטער פּלאן איז דאס ניט, אבער ווער ווייס, צו וועט זיך לאָהנען דיא שווערע מיהע? איך גלויב, אז אדעלא האט שכל געהאט דאס גאנצע געלד פון ראנען צו נעהמען.

— דאס קען ניט זיין. וואוהין וועט זיא שלעפּען דאס גאנצע געלד?

— איך קען אדעלא'ן בעסער אלס דוא. זיא האט מורא פאר איהר איינענעם פאטער, דארום וועט זיא ניט לאזען קיין געלד אין דער שטוב וואו ער איז. זיא האט געוויס דאס גאנצע געלד אוועקגעפיהרט אין מאסקווא, אום דאס אויף איהר נאמען אין א באנק אבצוגעבען.

— נו, וועלען מיר צונעהמען דאס גאלד, זילבער און ציערונג וואס געפינט זיך אין דעם הויז. דוכט זיך, דוא אליין האסט מיר דערצעהלט, אז דער גראף דא־נילאוו האט זעהר פיעל פון דיא זאכען.

— דאס אלעס קענען מיר צו'גנב'ענען גאר אָהן א מארד.

— וויא אזוי? איך זעה ניט איין שטיקעל איבעריגע זילבער אין שטוב. געוויס ליענט דאס ערגעץ פערשלאסען, און דעם שליסעל האט ענטוועדער אדעלא מיט זיך צונענומען, אדער ער געפינט זיך ביי דעם אלטען תאלערניק.

— מיר וועלען זיך פריהער פּרובירען דאס אלעס אזוי צו בעקומען, נור ווען מיר וועלען זעהן, אז מיר קענען דאס אנדערש ניט בעקומען וויא דורך דעם אל־טענס טויט, קענען מיר איהם צו יעדער צייט מכבד זיין מיט א גוטע פּאָרציאָן מיתה־משונה.

— ווען זאָלען מיר זיך פּרובירען? פערגעס ניט, אז אזא זאך טאָר מען ניט אבלייגען. אדעלא קען יעדע מינוט אנפאהרען און זיא וועט זיך שוין בעמיהען, מיר זאָלען קיין זאך ניט נעהמען.

— מיר קענען נאך היינט נאכט פּרובירען. נאך מיינער מיינונג, ליענט דעם גראפס גאלד, זילבער און ציערונג פערשלאסען אין דעם אייזערנעם שראנק, וואס שטעהט ביי'ם גראף אין צימער.

— אין דעם צימער שלאפט דאך דער אלטער לומפּ?

— עס מאכט גאר ניט אויס. מיר וועלען אנטהאן מאסקעס און אריינקומען אין מיטען דער נאכט צו איהם אין צימער. מיר וועלען שטרענג פאָדערן, ער זאָל אונז דעם שליסעל פון דעם קאסטען געבען. אויב ער האט איהם ווירקליך ניט, וועלען מיר דיא קאסטען אזוי עפענען, און אויב ער וועט אונז וועלען אין אונזער ארבייט שטערען, וועלען מיר אויף איהם אונזערע הענד ארויפלייגען און איהם בענטשען מיט אזא ברכה, וועלכע וועט איהם אין זיעבענטען הימעל ארויפברייננען.

— גוט, איך בין צופריעדען — האט סעמיאָן פערגעניגט געזאגט — איך בין פערטיג צו אלעם ערשטען איהם מיין ברכה צו שענקען. איך גלויב, אז ווען איך וועל זיין דער אנפאנגער, וועסט דוא שוין דיא ארבייט פערשפּאָרען.

— זעהר שעהן. איך קען דיר מכבד זיין מיט דער ערשטער ברכה. ווייסט דאָך, אז אין אזעלכע זאכען האב איך מיך פיינד צו קריעגען.

— בלייבט דאס אזוי, אז הייטע אבענד וועלען מיר דעם שפאציערגאנג צו דעם אייזערנעם קאסטען מאכען.

— יא, אזוי בלייבט דאס, אז היינטיגע נאכט געהן מיר אויף א מאסקעראד.

— עס איז שוין טאקע צייט אנהויבען צו ארבייטען. מיר זיצען שוין פון איי־נינע צייט אָהן א שטאָך ארבייט. ווען מיר וועלען דיא שטיקעל ארבייט ענדיגען, פאהר איך אוועק אהיים.

— אהיים? וואוהין, אין אסטראג? — האט סטעפאן געלאכט.

— דומקאָפּ! דוא מיינסט, אז אויסער דעם אסטראג האב איך קיין היים? איך האב דיר נאך ניט דערצעהלט אז איך האב א ווייב, און עס קען זיין, אז איך בין שוין א פאטער פון א שעהן קינד.

— וואס? דוא האסט א ווייב? דוא שפּאסט ניט?

— ניין! דאס איז מיין פאָלער ערנסט.

— וואו האסט דוא זיא דערטאפּט, און ווען האסט דוא מיט איהר חתונה געהאט?

— דאס מאכט שוין ניט אויס, אבי איך האב א ווייב, און אז איך בין פון איהר אוועקגעפאהרען איז זיא שוין געווען אין דיא נעבענטשטע חדשים, וואס זיא האט בעדארפט בעגליקט ווערען מיט א נייעם וועלט־בירגער.

— לאנג האסט דוא מיט איהר געלעבט?

— עטליכע מאנאטען.

— עטליכע מאנאטען? — דאס איז דער גרעסטער וואונדער וואס מיר האט נעטראפען צו זעהן אין מיין לעבען. דוא ביסט געווען מיט א ווייב צוזאמען עטליכע מאנאטען?

— יא, איך. אבער איך פערשטעה ניט פארוואָס וואונדערסט דוא זיך אזוי? דוא גלויבסט נאָר ניט, אז איך זאל ליעבען א פרוי?

— יא, דאס גלויב איך, אבער אז דיין ליעבע זאָל געדויערן עטליכע מאנאטען דאס קען איך ניט גלויבען.

— דוא וועסט זיך נאך מעהר וואונדערן ווען דוא וועסט הערען, אז איך האב זיא נאך הייטע אויך ליעב און איך בענק נאך איהר.

— איז דאס מעגליך?

— יא, פריינד. גלויב מיר, אז איך זאג דיר קיין ליגען. איך האב זיא נאך הייטע אויף שטארק ליעב און איך ערקוויק מיך ווען איך שטעל מיר פאָר, אז איך וועל זיא באלד זעהן און וועל געפינען ביי איהר מיינס א שעהנעם קינד.

— חא, חא, חא! דאס איז א שעהנע פאנטאזיע, אבער ניט פאר אונזערע לייט, וויא קומען מיר צו ווייבער און צו קינדער?

— איך האב אויך ניט נעגלויבט אז איך זאל אין שטאנדע זיין צו ליעבען א פרוי א לאנגע צייט און האבען א חשק צו האלטען מיינס א קינד אויף דיא הענה

יעצט אבער בין איך צו דער איבערציינגונג געקומען אז דיא נאטור איז שטארקער פון אונזערע לייט. יא פריינד איך זאג דיר נאך א מאל און גאנץ ערנסט, אז איך ליעב מיין פרוי און וועל זעהר גליקליך זיין ווען איך וועל קענען מיינס א קינד צו מיין ברוסט צו דריקען.

— קלערסט דוא פון דאנען גלייך פאהרען צו איהר ?

— יא, איך בין פעסט ענטשלאָסען אזוי צו טהאן. עס וועגדעט זיך נור אן דעם געלד וואס איך וועל פון דאנען קענען אוועקפיהרען. אבוואהל וויא דוא ווייסט האב איך שוין ביי זיך א פאר טויזענד רובעל וואס אדעלא האט מיר געגעבען, אבער איך מוז פון דאנען אוועקפאהרען ניט ווענינער וויא מיט צעהן טויזענד רובעל.

— נו, און דיין פרוי ווייס וואס דוא ביסט פאר א פוינעל ?

— דאס ווייס זיא ניט ריכטיג, אבער זיא מוז זיך שטויסען אז איך געהער ניט צו דיא פאָפען וואס פערברענגען זייער גאנצען לעבען אין דיענען גאָט.

— און דוא פירכטעסט גאר ניט צו קומען אין יענער שטאדט ? איך פרעג דאס דיר דארום ווייל איך פערשטעה אז עס איז אונמעגליך דוא זאלסט אין יענער שטאדט וואו דוא האסט עטליכע מאָנאטען געוואוינט קיינע סקאנדאלען מאכען.

— איך טאָהר אהין ניט קומען, אבער איך וועל שוין אויסגעפינען א מיטעל דארט צו זיין און זיך זעהן מיט מיין ווייב און מיט מיין קינד, איך קלער מיט זיי צו־זאמען נאך אמעריקא אויסוואנדערן.

— אזוי גאר ? דוא ווילסט אויסוואנדערן נאך אמעריקא ? און דאָרט דענקסט דוא פיעללייכט אן עהרליכער מאָן ווערען ?

— דומקאָפ וואס דוא ביסט, איז דען אמעריקא ניט אזא וועלט וויא דא ? ווייסט דוא דען ניט אז אהין אנטלויפען מערדער און פערברעכער ? געוויס פליהען זיי ניט אהין אום דאָרט נוט און פרום צו ווערען. מען זאגט אז אזעלכע לייטע וויא מיר זיינען מאכען דאָרט דיא בעסטע געשעפטען.

— דאס איז באלד ניט קיין נאררישקייט. דא אין רוסלאנד קענען מיר שוין טאקע ניט וואוינען, דען אונזערע קעפ זיינען דא יעדע מינוט אין דער גרעסטער געפאהר. דוא ווייסט ליעבער סעמיאן אז איך דענק דיך אהין צו בעגלייטען ?

— ווילסט דוא אויך פאהרען נאך אמעריקא ?

— יא, דאס איז פאר אונז ביידען דער בעסטער פלאַן.

— זעהר שעהן, מיך וועט זעהר פרייען דיך אלס מיין בעגלייטער צו האבען נאך יענער פרייער וועלט. יעצט ברודער דארפען מיר דאך געוויס אלע קרעפטען אנווענדען וואס מעהר געלד צו בעקומען. דוא שפיעלסט זיך מיט אזא וויטע רייזע, אויסער דעם איז פאר אונז אין אלע פאַכען גלייבער ווען מיר וועלען אין אמעריקא ארייגפאהרען אלס רייכע געסט, ניט אלס קבצנים.

— זעלבסטפערשטענדליך אז עס איז פיעל גלייבער אין א נייער וועלט אריינ־צופאהרען מיט א סך געלד. איך צווייפעל גאר ניט אז ווען מיר וועלען דערטאפען דעם גראף׳ס גאנצע גאלד, זילבער און ציערונג וועלען מיר זיין געמאכטע לייט.

— אום וויפיעל אוהר זאלען מיר געהן אויף דעם מאסקען באל ?

— איך וועל דיך שוין קומען רופען. דוא פערשטעהסט דאך אליין אז ביי אזא זאך דארף מען זעהר פאָרזיכטיג זיין. דען אין דעם גראף׳ס הויז געפינען זיך נאך היבש דיענער און ווען דער אלטער חאלערניק וועט געבען א געשריי זיינען זיי אלע גלייך אין צימער און מיר זיינען דאן פערלארען.

— נו, בין איך דאך גערעכט אז מען דארף נאר מיט דעם אלטען פיעל צע־רעמאָניעס ניט מאכען, נאר אהן פראגען דארף מען איהם דעם גאָרגעל צושטיקען און דאן וועט ניט זיין ווער עס זאל שרייען, מיר וועלען קענען נאר אהן מיה צוטרעטען צו דעם אייזערנעם קאסטען און נאר אהן רעש וועלען מיר צונעהמען אלעס וואס דאָרט געפינט זיך. עס קען נאך זעהר זיין, אז מיר וועלען דאָרט אויך בארעס געלד אויך געפינען.

— דאס קען אויך זעהר זיין.

— איך וועל שוין זיצען גרייט אין מיין צימער אום דיך צו ערווארטען איך זאג דיר ליעבער פריינד אז איך פערגין נאר ניט ארדלאָ׳ן דיא מיליאנען וואס איהר איז געבליעבען פון דאנילאווי׳ן דוא זעהסט האָטש אז מיר האבען נור פאר איהר געארבייט. זיא איז געבליעבען ביי מיליאנען און מיר דארפען זיך צופריעדענשטעלען מיט דיא פאאר ביינדלאך וואס זיא האט אונז צוגעוואָרפען.

מיר האבען א גרויסען פעהלער בעגאנגען וואס מיר האבען זיא געלאזט אונ־געהינדערט אוועקפאהרען, מיר האבען בעדארפט איהר דיא זעלבע חתונה אויפ־שפיעלען וואס מיר ווילען איהר פאטער אויפשפיעלען.

זעלבסטפערשטענדליך אז מיר האבען א גרויסען פעהלער געטהאן. נור דאס איז דאך שוין פערפאלען, לאמיר־זשע דעם אלטען אליין חתונה מאכען און מיר וועלען זיך שוין מוזען בעגנוגענען מיט דעם גד, וואס אונז וועט פון דער האָכצייט אריינפאלען.

## 228טעס קאפיטעל.

# דיעזעלבע קאָמעדיע.

— איין מאל פאר אלע מאל, איך מוז צו סאנקא׳ן אריינגעהן און מיט איהר אָפען ריידען — האט זיך יאָזעף לעהמאַן בעשלאָסען — איהר פריינדין האט זעהר רעכט וואס זיא האט געזאגט, איך זאל מאכען אהער אדער אהין. וואס האב איך דא מורא פאר איהר, איך וועל איהר גאנץ פריי ערקלערן אז איך האב ער־פאהרען פון איהר שאנדע און דארום וויל איך זיא ניט מעהר קענען. פיעללייכט וועט זיא זיך קענען פערטהיידיגען און איך וועל מיך איבערציינגען אז דער נויטה האט זיא געמאכט פאר א זינדערן, דאן וועל איך איהר רחמנות האבען און וועל איהר זינדע פערצייהען. יא אזוי מוז איך טהאן. דאן וועל איך פון מיין קאָפ א גאנצע לאסט ארונטערוואַרפען. דען איך אליין געה אויך דיא גאנצע צייט ארום וויא דול און ווייס ניט וואס צו טהאן. אזוי בלייבט דאס, נאך הייטע געה איך צו איהר אריין און מיר וועלען זיך קוויטירערן.

ער האט זיך אנגעטהאן אום אוועקצוגעהן צו סאנקא׳ן אלס מען האט א קלאפ געטהאן אין טהיר.

אויף זיין אויסרוף „אנטרעע“ האט זיך דיא טהיר געעפענט און א יונגער מאן זעהר עלעגאנט געקליידעט איז אריינגעקומען.

— דאקטאר מארקפיעלד! — האט לעהמאן איבערראשט א געשריי געטהאן.

— יא, דאס בין איך פריינד — האט דער גאסט מיט א פריינדליכען שמייכעל געענטפערט.

אוןביידע יונגע לייט האבען זיך אומארמט און הערצליך געקושט.

— דוא מארקוס ביסט דא אין מאסקווא? — האט לעהמאן נאך דער ערשטער איבערראשונג געפרעגט.

— דוא זעהסט דאך אז איך בין אין מאסקווא.

— שוין לאנג ביסט דוא דא?

— א שעהנע פראגע, האסט דוא ניט געהערט אז איך האב דא געהייראטהעט?

— ווירקליך? דוא האָסט דא א ווייב, ווען האסט דוא דאס צייט געהאט צו הייראטהען. עס זיינען דאך נאך קיינע פולע צוויי יאהר פערגאנגען זייט דוא האָסט דעם סטודיום געענדיגט.

— צו אזעלכע זאכען וויא הייראטהען געפינט מען צייט — האט דער דאקטאר לאכענד געענטפערט.

— אבער דוא האָסט דאָך נאר געוואוינט אין ווילנא, וויא קומסט דוא אהער אין מאסקווא?

— איך האב מיך מיט מיין כלה, דאס הייסט מיין יעצטיגע פרוי בעגעגענט אין ווילנא, זיא וואר דארט מיט איהר מוטער צו גאסט ביי דער מוטערס א שוועס־טער. דארט האבען מיר פריינדשאפט געשלאָסען, באלד איז אונטערגעקומען דיא ליעבע און האט אונז חתונה געמאכט. מיין שוויעגערפאטער האט מיך אנדערש זיין טאכטער ניט געוואלט געבען וואו איך וועל מיך ניט בעזעצען אין מאסקווא. נו, וואס טהוט מען ניט צוליעב א ווייב, פערשטעהסט דוא דאך שוין אז איך האב מיך דאצו בעשלאָסען און בין געבליעבען א מאסקווער איינוואוינער.

— געהט עס דיר דא גוט?

— זעהר גוט. איך האב מיר דא א שעהנעם נאמען ערוואָרבען. איך האב דא א גאנץ גרויסע פראקטיק און פערדיען זעהר שעהן געלד.

— דאס פרעהט מיך זעהר. נו, און פון דיין פאמיליענלעבען ביזט דוא צו־פריעדען?

— זעהר צופריעדען. מיין ווייב ליעבט מיך, איך ליעב זיא, זיא איז געזונד און איך בין נאך געזינטער. געלד פערדינט זיך, איהר גדן ליענט נאך ביי מיר אין גאנצען, היינט, וואס פעהלט מיר?

— פון וואנען האָסט דוא געוואוסט אז איך בין דא?

— מיר האט דאס דערצעהלט אונזערביידענס פריינד מאררים וואהרהאפטיג. ער האט מיר אויך דיין אדרעסע געגעבען.

— זעהר שעהן, איך בין זעהר צופריעדען דיך דא צו זעהן. געדענקסט דוא נאך דיא צייט ווען מיר ווארען ביידע יונגע קינדער און זיינען ארומגעשפרונגען אויף דעם

הויכען בארג וואס שטעהט נאך הייטע אויף אונטער אונזער שטעדטעל.

— צו איך געדענק פרענסט דוא? יענע צייט וועל איך קיין מאל פערגעסען. דען דאס וואר דיא בעסטע צייט פון מיין לעבען. איך בין שוין געקומען צו דער איבערצייגונג, אז א מענש מעג ווער ווייס וויא גליקליך זיין, ווייזט איהם דאך אויס אז אין דיא קינדערשע יאהרען איז ער נאך גליקליכער געוועזען. געדענקסט דוא חאָטש יאָזעף וויא מיר האבען אין יענער צייט פאנטאזירט? איך האב זיך פאָרגעשטעלט דיא גליקען וואס איך וועל האבען ווען מיר וועט געלינגען א מאל אויסשטודירען דאקטאר און דוא האסט זיך פארגעשטעלט אז דוא וועכט א מאל זיין א צווייטער ראָטהשילד. נו, אז איך האב מיין וואונש עררייכט און בין דאקטאר געווארען דאס ווייסט דוא זעהר גוט. יעצט וועל איך דיר פרעגען, צו האָסט דוא דיין ציעל ערד רייכט און ביסט א מיליאנער געווארען?

— פון מיליאָנען בין איך נאך זעהר ווייט — האט יאזעף שמייכלענד געענט• פערט — אבער איך קען מיך אויף מיין שיקזאל ניט בעקלאָגען. מיר איז ניט שלעכט, איך בין א קויפמאן און פערדיען מיר גאנץ פיינעס געלד. איבעריגענס דארף איך נאך קיין סך געלד האבען, ווייל איך בין נאך לעדיג, איך האב נאך קיין האָרב אויף דער פלייצע אזוי וויא דוא.

— אויב אונטער דעם ווארט האָרב, מיינסט דוא א ווייב, זאג איך דיר פריינד אז דוא האסט אן אירדטהום. איך ווייס, אז מיין ווייב מאכט מיר דאס לעבען האניג זיס און איך וועל זיא קיין מאל אלס לאסט אויף מיינע שולטערן בעטראכטען.

— דאס איז דאך נאָר א שפאס. ווען איך זאָל ווירקליך בעטראכטען א ווייב, אלס א הארב, וואָלט איך קיין מאל געוואָלט הייראטהען און איך קען דיר אויך ערפרייען מיט דער גוטער נאכריכט, דאס וויא מיר שיינט וועל איך אין קורצען אויך זיין אזוא גליקליכער מאן וויא דוא ביזט.

— אזוי? דוא האלסט אויך ביי הייראטהען?

— וואס־זשע וואונדערסט רוא זיך אזוי, דוא מענסט און דער אנדערער טהאר ניט?

— ווער זאגט דיר דען אז דוא טהארסט ניט. זאל דיר גאט העלפען, דוא זאלסט אין דיין פרוי געפינען דיא גליקליכע וואס זאל דיר אויף אימער גליקליך מאכען.

— איך דאנק דיר זעהר ליעבער פריינד פאר דיין זעגען.

— נור איך זעה אז איך האב דיר פון עטוואָס געשטערט ליעבער יאָזעף, וויא מיר שיינט האסט דוא געוואלט ערגעץ געהען.

— יא, איך האב בעראַרפט געהן ווענען א געטהיגע זאך, נור אז דוא ביזט דא ביזט דוא ביי מיר נעטהיגער פון אלץ אין דער וועלט. זעץ זיך ליעבער מארקוס דערצעהל מיר וויא דיר איז דיא גאנצע צייט געגאנגען.

— ניין פריינד, איך קען יעצט מיט דיר פיעל ניט פערברייננען, מיר וועלען דאס אבליינען אויף אן אנדער צייט. פערגעסט ניט אז איך בין א דאָקטאָר און מיין צייט איז פערקויפט צו דיא פּאַציענטען.

— מחט דוא יעצט נעהען?
— יא.
— נוט מיר וועלען נעהעןביידע צוזאמען אין וועלכער זייט נעהסט דוא?
— נאך זאראדיע.
— נאך זאראדיע? איך נעה אויך אהין. צו וועלכען הויז דארפסט דוא דען יעצט נעהען?
— צום הויז נומער....
— מערקווירדיג, אין דעם זעלבען הויז נעה איך אויך. ווער איז דען דארט קראנק?
— איך נעדענק ניט אויסענוועגדיג.
— אבער ביי דיר איז דער נאמען פון דיין פאציענט פערשריעבען?
— יא.
— זיי אזוי נוט און טהו א קוק וואס איז דאס פאר א נאמען.
דער דאקטאר האט ארויסגענומען זיין נאטיץ־בוך האט אין איהם א בלעטער נעטהאן און האט נעטהאן אך האט נעזאגט: דעם נאמען פון מיין פאציענטין ווייס איך ניט, דא איז פערשריעבען נור דער נאמען פון איהר פאטער משה האנינמאן.
— משה האנינמאן? — האט יאזעף איבערראשט א נעשריי נעטהאן.
— יא, אזוי הייסט ער, דוא קענסט איהם דען?
— און ווער איז ביי איהם קראנק?
— איך זאג דאך דיר זיין טאכטער.
— וואס פאר א טאכטער?
— א טאכטער פון א יאהר צוואנציג, זעהר א שעהנע פרוי.
— זיא איז קראנק?
— יא, אבער ניט אזוי נעפעהרליך.
— וואס פעהלט איהר דען?
— דוא קענסט דיעזער פרוי אויך?
— יא, איך קען זיא. אבער וואס זאגסט דוא עפעס פרוי, זיא איז דאך נאך א מעדכען.
— ווער איז א מעדכען?
— דיא טאכטער וועגען וועלכער מיר רעדען יעצט.
— ווירקליך? — האט דער דאקטאר שמייכלענד נעפרעגט
— איך פערשטעה ניט, ווארום דוא וואונדערסט זיך אזוי?
— איז איהר נאמען ניט מאריא?
— וואס איז דיר עפעס נעפעלען נעווארען דער נאמען מאריא?
— איך ווייס, ווייל אמאל האט א כשר מעדכען מיט דעם נאמען מאריא נעשוואננערט פון נאט אליין, קען זיין אז דעמזעלבען נס האט אויך דער מאריא נעטראפען.
יאזעף איז בלאס נעווארען און האט נעשטאמעלט:

— זיא איז שוואנגער ?

— נאך וויא — האט דער דאָקטאָר געלאַכט — גאנץ ניך וועט זיא דער וועלט בענליקען מיט נאך א מענשען. נור יעצט פערשטעהע איך שוין וואָרום דיא עלטערן האלטען זיא אין א בעזונדער איינזאמטען פליגעל אין הויף ? זיי ציטערן יעמאנד זאל בעהיטע גאט ניט דערשמעקען דעם נס, וואס גאט האט זייער טאָכטער געטהאן.

— איז דאס מעגליך ? — האט יאזעף וויא צו זיך אליין אויסער זיך פון ער־שטוינען געפרעגט — סאָנקא איז ווייטער שוואנגער ?

— ווייטער זאגסט דוא ? — האט דער דאקטאָר געפרעגט — וויא איך פער־שטעה, האט מיט איהר שוין איין מאל אזא נס פּאסירט ? אבער וואצו האבען מיר זיך פּערדעדט וועגען אזעלכע פּוסטע נסים. דוא געהסט מיט מיר יאזעף צו ניין, דען איך האב קיין צייט אויף דיר דא צו ווארטען.

— ניין איך וועל יעצט ניט געהן — האט יאָזעף געענטפערט.

— שוין אזוי גיך האסט דוא חרטה געקראגען פון דעם נעטהינגען גאנג וואס דוא האסט בעדארפט מאכען.

— איך האב מיך דערטאהנט אן אן אנדער וויכטיגערן גאנג.

— בלייבסט דוא אין דער היים ?

— דוא קענסט געהען, איך וועל נאך דא איינינע מינוטען פערבלייבען דאן וועל איך אויך געהען.

— נו האב־זשע מיר א נוטען טאג ליעבער פריינד, ווען קענען מיר זיך זעהן ? דוא וועסט פיעללייכט אביסעל אריינקומען צו מיר, וועל איך דיר מיט מיין ווייב בעקאנט מאכען.

— אויף געוויס קען איך דיר ניט פערשפרעכען, דען עס קען נאך זיין, איך זאל הייטע אוועקפאהרען פון מאָסקווא. נור אויב איך וועל דא בלייבען נאך א טאָג וועל איך דיר געוויס בעזוכען, לאָז מיר איבער דיין אדרעסע.

— נא דיר מיין אדרעס־קארטע וועט זיא דיר שוין גלייך אנציינען וואו איך וואוין. נו. אדיע דערווייל מיין פריינד, אייב דוא וועסט מוזען נאך הייטע אברייזען פון דאנען ווינש איך דיר א גליקליכע רייזע.

ער האט הערצליך געדריקט יאזעפ'ס האנד און איז אוועקגעגאנגען.

— גרויסער גאט אין הימעל ! — האט יאזעף אויסגערופען אלס זיין פריינד איז אוועקגעגאנגען — איז דאס ריכטיג, אז סאָנקא איז שוין געוואָרען אזא אויסוואורף דער נאטור ? יא ! יעצט איז שוין יעדער צווייפעל אראפּגעפאלען, יעצט האט זיך אלעס קלאר וויא דער טאג ארויסגעוויעזען, אז יענעס קינד וואס מען האט ביי משה'ן אין הויז געזעהן וואר איהרעס אין דעם איז שוין קיין ספק ניטא, יעצט האט זיא אבערמאלס דיעזעלבע זינדע בעגאנגען. דאס הייסט פערדאָרבען, דאס איז אונפער־שעהמט. א דאנק גאט וואס עס האט זיך אזוי אויסגעלאָזט און איך האב אלעס ריכטיג ערפאהרען, יעצט קען איך מיט א ריינעם געוויסען און מיט א פריי הערץ כאנקאן דעם עווינען אדיע זאגען.

229טעס קאפיטעל.

## איוואַן דערצעהלט נייעס.

— געלויבט איז דיא הייליגע יונגפרוי! אבי איך זעה דיר געזונד און לעבעדיג — האט דיא אלטע קאטהארינא מונטער אויסגערופען אלס איהר מאן איוואן איז ארויפגעפאהרען אויף זיין הויף — איך בין שוין געוועזן שרעקליך אונרוהיג וועגען דיר. ווארום האסט דוא זיך אזוי לאנג געזאמט אין ארשא?

— אליך ווילסט דוא זאָל איך דיר דערצעהלען אויף איין פוס, — האט ער געענטפערט — ווארט א ווײלע, לאז מיך אריין אין שטוב וועסט דוא שוין אלעס וויסען.

ער האט אבגעשיקט דעם פוהרמאן מיט דער פוהר וואס האט איהם אהער געבראכט צוריק נאך ארשא און איז זעלבסט אריינגעגאנגען אין שטוב.

— נו, דערצעהל־זשע מיר שוין וואס איז דיא אורזאכע וואס דוא האסט זיך אין אָרשא אזוי לאנג געזאמט? — האט קאטהארינא געזאגט נאכדעם אז איוואן האט זיך געזעצט.

— איך האב געווארט אויף דעם סליעדאָוואטעל וועלכער איז גאנצע צוויי טעג געוועזן אין א דאָרף וועגען א מאָרדהאט וואס דארט האט געטראָפען.

— גרינזאנג האט אויך אזוי לאנג דאָרט געווארט?

— ניין, ער איז גלייך אוועקגעפאָהרען.

— האט ער עפּעס געטהאן פאר דעם גראף?

— ניין, ער האט שוין פערשפּאָרט וועגען דעם אונגליקליכען צו ארבייטען.

— ווארום?

— וויל עס איז שוין ניט געוועזן וועגען וועמען צו ארבייטען, — האט איוואן זיפצענד געענטפערט.

— וואס רעדסט דוא האלבע ווערטער? איך פערשטעה דיר גאר ניט.

— ווילסט וויסען קלארע ווערטער, זאג איך דיר, אז דער גראף אנטאָן דאַנילאוו איז טוידט —

— וואס? דאנילאָוו איז געשטארבען? — האט קאטהארינא ערציטערט א געשריי געטהאן.

— יא, ער איז געטשאָרבען, — האט איוואן געענטפערט אויסווישענדיג דיא טרערען פון דיא אויגען.

— וועה איז מיר! — האט קאטהארינא וויינענד געזאגט פערברעכענד דיא הענד — אנטאָן איז געשטאָרבען? און גאר פּלוצלונג?

— איך ווייס ניט צו פּלוצלונג צו לאנגזאם, אבי ער איז טוידט, דער טרויער־ רינער פאקט איז שוין פאר אונז געוויס.

— אונגליקליכער אָרמער אנטאָן! — האט קאטהארינא זיפצענד געזאגט — וויא שרעקליך נאט האט איהם געשטראפט! אך, אזא מענש, אזא גוטער מענש!

— וואס העלפט דאס וויינען, עס איז שוין פערפאלען, ער איז טוידט און מיר וועלען איהם ניט מעהר לעבעדיג מאכען. דיא פערפלוכטע אדעלא איז געבליעבען

זיין ערבין. יעצט קען זיא זיך בעריהמען, אז ניט אומזאנסט האט זיא זא נעארבייט זיא האט איהר ציעל ערדייכט, אבער איך האף נאך, אז זיא וועט איהר שווארצען סוף האבען, דען איך האב דעם סליעדאָוואטעל אלעס דערצעהלט. איך האב איהם מיט דער גאנצער שענדליכער געשיכטע קלאר געמאכט.

— וואס האסט דוא איהם דערצעהלט?

— איך האב איהם בעקאנט געמאכט מיט דעם מאָרד וואס יענער אונבע־קאנטער פערברעכער האט בעגאנגען אויף ערינאס קינד און האב איהם דאביי מיין מיינונג געזאָגט, דאס אדעלא האט אין דעם מאָרד אַנטהייל גענומען און אלס ער האט מיך געפרעגט וויא אזוי איך קום צו דער אידעע, האב איך איהם דערצעהלט דיא גאנצע געשיכטע וואס דא האט פאסירט מיט דער גרעפין מאריא, וועלכע איז ערמאָרדעט געווארען נור דורך אדעלא׳ס אינטריגען. דער סליעדאָוואטעל האט מיר פערשפּראָכען א גענויע אונטערזוכונג צו מאכען און איך גלויב, אז ער וועט אויס־געפינען דאס איך האב רעכט, אז אין דעם קינדס טוידט האט אויך אדעלא שולד. זיא האט יענעם געהיימען פערברעכער אונטערגעשיקט ערינא׳ס קינד צו ערמאָרדען ווייל זיא האט געמיינט, אז דאס איז דעם גראפס א קינד.

— און דוא האסט דעם סליעדאָוואטעל געזאגט אז דיא גרעפין מאריא איז געשטאָרבען?

— יא.

— ווארום האסט דוא איהם דיא וואהרהייט ניט דערצעהלט?

— אום דיא שולד אויף אדעלאַן זאל שטארקער ווערען. דען ווען דער סליע־דאָוואטעל וועט מיינען, אז דיא גרעפין איז ווירקליך ערשאסען געווארען צוליעב אדעלאַן, וועט ער זיינע נאכפאָרשונגען שטרענגער מאכען און דורך דעם וועט דער גאנצער אמת פון אויבען ארויפשווימען.

— דאס האסט דוא אויך רעכט. אבער מען וועט דאך שפעטער מוזען ער־פאהרען אז דיא גרעפין לעבט, דאן וועסט דוא האבען א לאנגע נאז.

— וואס שפעטער וועט זיין וויל איך ניט וויסען, איך דארף יעצט טהאָן דיאס וואס איך געפין פאר נויטהיג צו טהאן.

— און וואס האט דיר דער סליעדאָוואטעל געזאגט?

— ער וועט נאך היימע אבענדס זיין אין דאנילאָווקא. ער האט מיר פער־שפּראָכען, אז ער וועט שוין זארגען דאפיר, דיא פאליציי זאל ארויסשיקען גענוג קרעפטען צו פאנגען יענעם קינדער־מערדער.

— אזוי? וועלען זיי נאך היינט ביי נאכט דא זיין?

— יא, אזוי האט ער מיר פערשפּראָכען.

— זעהר גוט! איך וועל מיך גאר ערקוויקען, ווען מען וועט דעם מערדער כאפּען. איך האב נאך אזא מערדעריי קיין מאל ניט געהערט. ווען איינער ערמאר־דעט א גרויסען ערוואקסענעם מענשען, קען מען נאך איהם פערענטפערן, דאס דער ערמאָרדעטער האט איהם שלעכטעס געטהאן, אבער א פיצעל קינד וואס איז ריין וויא אן ענגעל, אזא נפש זאל מען אזוי אונרבארימליך ערמאָרדען. דאס איז

אזא פערברעכען וואס יעדע שטראפע איז פאר דעם צוקליין. בין איך ניט גערעכט איוואן?

— עס פערשטעהט זיך, אז דוא ביזט גערעכט. יעדער איינציגער דארף אוי־סער זיך ווערען פון כעס צו אזא מערדער, צו אזא הערצלאָזען סוביעקט. אבער ער וועט אליין זיין שטראפע ערהאלטען, דאס בין איך זיכער.

— זאג מיר נור איוואן, האסט דוא גאר ניט געקענט ערפאהרען פון וואס פאר א קריינק דער גראף אנטאָן איז געשטאָרבען? .

— ניין, איך האב דאס ניט געקענט ערפאהרען. עפּעס שטעקט דא א גע־היימניס וואס מען וויל דאס פאר קיינעם ניט ענטדעקען.

— פון וואנען פערשטעהסט דוא דאס?

— עפּעס האט דער סליעדראָוואטעל מיט מיר גערעדט ווענען דעם גראפ׳ס טוידט מיט א האלבען מויל. איך האב זאגאר בעמערקט א שמייכעל אויף זיינע ליפּען.

— וואָס האט ער געשמייכעלט?

— דאס איז א שעהנע פראגע. פון וואנען זאל איך וויסען וואס ביי איהם אין הארצען טהוט זיך. אבער אן דעם שמייכעל האב איך פערשטאנען אז דא ליענט עפּעס א געהיימניס.

— וואס קלערסט דוא קען דא ליענען פאר א געהיימניס?

— ווייטער פרעגנסט דוא מיר אזעלכע נארישע זאכען. וואס קען איך דא דענקען? דיא לייטע שמייכלען אימער ווען מען רעדט ווענען א שווארצען סוף פון אן ארעסטאנט, דער ארעסטאנט האט געמאנט זיין דער פיינסטער מאן, בעטראכט מען זיין טוידט וויא דעם טוידט פון א הונד אדער פון א קאץ.

— וואס וועט יעצט זיין מיט דער גרעפין מאריא?

— וואס קאן מיט איהר זיין? אין איין פאך איז פאר איהר בעסער וואס איהר מאן איז געשטארבען. דען פון אנטאָנ׳ס הערצען וואלט מען שוין ניט געקענט ארויסרייסען דעם פערדאכט, וואס ער האט אויף איהר געהאט און זיא וואלט גע־ציטערט זיך פאר איהם צו ציינען, זיא וואלט אימער זיך געשראקען, פיעללייכט ערפאהרט דאנילאָוו וואו זיא געפינט זיך, וועט ער קומען פון איהר ראבע נעהמען. יעצט וועניגסטענס איז זיא זיכער, אז ער וועט איהר קיין שלעכטעס טהאן. אבער לויט איך קאן איהר, וויים איך, אז זיא וועט דיא נאכריכט פון אנטאנס טוידט מיט שרעק עמפּפאנגען. זיא האט איהם נאך אלע מערדערייען וואס ער האט נענען איהר בעגאנגען פארט ליעב געהאט.

— אויב זיא וועט איהם בעדויערן איז זיא א נאר. איך בעדויער איהם יא, ווייל ער האט מיט אונז אימער גוטעס געטהאן; אבער זיא דארף זיין אנדענקען אימער פלוכען, ווייל ער האט זיא בעהאנדעלט וויא דער גרעסטער מערדער. אבער מיר גלויבט זיך דאס גאר ניט זיא זאל איהם נאך ליעבען.

— מיר האט גרינזאנג אויך געזאגט, אז לויט ער פערשטעהט אָן איהר, האט זיא דעם גראף אנטאָן נאך יעצט אויך ליעב. ווען מען רעדט ווענען דעם גראף

ווערט זיא שרעקליך אונמוטהיג. זיא האט זיך נאך ניט איין מאל וועגען איהם מיט פערדרוס אויסגעדריקט.

— מיר, ווייבער, זיינען טאקע גרויסע דומקעפ,— האט קאטהארינא געזאגט — וויפיעל שמערצען איהר מאנסלייט פערשאפט אונז, פערגעסען מיר באלד און מיר בלייבען צו אייך צוגעבונדען ביז אונזער טוידט. אבער זאג מיר איוואן, ווען איז גרינזאנג אוועקגעפאהרען פון אָרשא?

— אין דעם זעלבען טאָג וואס מיר זיינען אהין אָנגעקומען.

— אזוי גיך?

— יא, וויא ער האט דערהערט, אז דער גראף איז טוידט, האט ער שוין מעהר ניט געוואלט פערבלייבען. ער האט מיר אבער געזאגט, אז עס קען זיין דאס ער וועט צוריק אהער קומען.

— וועגען וואָס?

— דאס ווייס איך אויך ניט. ער האָט מיר געבעטען איך זאָל איהם שרייבען וועגען דעם מענשען, וועלכער האט דאס קינד ערמארדעט און וויא דער שוסטער האט געזאגט, הייסט ער סעמיאָן וואָרען.

— וואס זאָלסט דוא וועגען איהם שרייבען?

— איך זאל ערפאהרען, צו האט דעם מערדערס פאטער געהייסען כריסטאנף וואָרין און צו זיין מוטער האט געהייסען עממא?

— האָסט דוא איהם ניט געקענט גלייך זאגען, אז אזוי האָבען זיי ווירקליך געהייסען.

— פון וואנען ווייסט דוא, אז זיי האבען אזוי געהייסען.

— דוא געדענקסט דען ניט וויא דיא גרעפין מאריא האט אונז דערצעהלט איהר לעבענסגעשיכטע און האט דייטליך געזאָגט, אז זיא האט זיך ערצאָגען ביי א געריהמטען גנב כריסטאנף וואָרין, וואס זיין פרוי עממא איז געווען זעהר א גוטע טרייהערציגע פרוי?

— אזוי האט זיא דערצעהלט?

— און דוא געדענקסט דאָס ניט?

— ניין איך געדיינק ניט.

— נו, זאָג איך דיר, אז אזוי האָבען זיי געהייסען, זיא האט דאָך אונז אויך דערצעהלט, אז איהר שטיפברודער סעמיאָן וואָרין איז ארעטירט געוואָרען גלייך מיט זיין פאָטער פאר איין גנבה.

— מיין גאָט! — האט איוואן אויסגעשריען — דוא האסט מיך דאָס אלעס יעצט דערמאהנט קאטהארינא. איז דער סעמיאָן מאריא'ס שטיפברודער?

— אזוי ווייזט דאס אויס.

— דאס איז א מערקווירדיגע געשיכטע, — האט איוואן אויסער זיך פאר ערשטוינונג געזאָגט — דער גרעפינס א ברודער זאָל זיין אזא מערדער?

— האסט דוא זיך פערגעסען דאס זיא האט אונז איהם אלס מערדער פאר־געשטעלט. נו וואס־זשע וואונדערסט דוא זיך אזוי?

— וואָס־זשע האט ער געקאנט האבען צו ערינאס קינד ?

— אויף א מערדער פרענט מען קיינע פראגען. געוויס האט ער דאביי עפּעס א ציעל געהאט.

— וואָט טעביע נאָ (אָט האָסטו זיך)! האט איוואן גערעדט וויא צו זיך אליין זיך אויפהייבענדיג פון׳ם ארט און ארומגעהענדיג הין און צוריק איבער׳ן צימער. דער גרעפינס שטיפברודער איז דער מערדער פון ערינאס אונשולדיגעם קינד. דאס וואלט איך קיין מאָל געגלויבט, דאס איז מיר גאָר קיין מאל ניט איינגעפאלען.

230טעס קאפּיטעל.

## ד י א  ר אַ כ ע.

דער מאָרד וואס מען האט בעגאנגען איבער מיכל ברענער האט דער קאלטער בת־שבען אזוי צוהיצט, דאס זיא האט איינפאך געברענט. ברענערס טוידטער קערפּער וויא זיא האט איהם געטראָפען הייגענדיג אין זיין צעלע, האט אויף איהר א שרעקליכען איינדרוק געמאכט. דאס מענשליכע געפיהל וואס איז געוועזן זאָ טיעף פערגראָבען אין איהר ברוסט דאס זיא אליין האט עס ניט ארויסגעזעהען, האט זיך פלוצלונג ערוואכט און האט מיט א פירכטערליכער שטימע געשריען „ראכע!“.

זיא האט זיך שטעהענדיג אין קערקער נעבען ברענערס לייבע פעסט בעשלאָסען, ראכע צו נעהמען פון דיא מערדער וואס האבען איהר בלומערשט־מאן ערמאָרדעט. זיא האט דעם אָבערפּאָליציימייסטער מיט טרעהרען געבעטען ער זאל פאַר ברענערס בלוט ניט שווייגען און זיא האט זיך אביסעל בערוהיגט, אלס דער קניאז האט איהר זיין עהרענוואָרט געגעבען, דאס ער וועט אלע קרעפטען אָנווענדען פון דיא מערדער ראכע צו נעהמען.

וויא שלוי און קלוג בת־שבע איז געוועזן, האט זיא דאך ניט געוואוסט, אז ביי א רוסישען קניאז און נאך א בעאַמטער דערצו איז קיין עהרענוואָרט פארהאנדען. זיא האט איהם געגלויבט און האט גערעכענט, אז מאָרגען גאנץ פריה וועט שוין מאלאיעוו מיט מאלינבערגען שמאכטען אין געפענגניס.

זיא האט דיא גאנצע נאכט ניט געקענט שלאָפען, ברענערס געזיכט מיט דעם אָפענעם מונד און מיט דער הערויסגעשטעקטער צונג האט פאר איהרע אויגען געשוועבט און האט זיא ניט געלאָזט רוהען. זיא האט געוואלט עס זאל וואס גיכער טאָג ווערען אום זיא זאל קענען לויפען ערפאהרען צו זיינען שוין ברענערס מערדער אין געפענגניס.

אָבער וויא לאנג יענע נאכט האט זיך אויסגעצויגען! עס האט אויסגעזעהן, אז עס וועט קיין מאָל ניט טאָג ווערען און ברענערס שרעקליכעס געזיכט האט אלץ ניט אויפגעהערט געגען איהר צו שוועבען.

עס איז ענדליך דאך טאָג געווארען. זיא האט זיך א ביסעל בערוהיגט און טראָץ דעם וואס זיא האט געוואלט אויפשטעהן, איז דער שלאף געפאלען אויף איהרע אויגען און זיא איז אָבגעשלאָפען ביז נאך האלבען טאָג.

אלס זיא האט זיך ערוואכט און האט דערזעהן, אז דער זייגער איז שוין נאך

צוועלף, איז זיא ווילד פון איהר בעט אויפגעשפרונגען, שנעל האט זיא זיך איינגע־וואשען, אנגעקליידעט און אהנע עטוואס צו געניסען, האט זיא איהר צימער פער־לאזען און איז אוועקגעפלויגען צום קניאז גאליצין.

זיא האט איהם געטראָפען ביים מיטטאג און האט געמוזט ווארטען ביז ער וועט זיין עסען ענדיגען. ענדליך האט מען זיא צום פּאָליציימייסטער אין קאבינעט אריינגעפיהרט.

זיא האט ערווארטעט, אז דער קניאז וועלכער איז געסטערן אבענדס צו איהר אזוי פריינדליך געוועזען, וועט זיא אויך יעצט פריינדליך עמפּפאנגען און וועט איהר דערצעהלען, אז איהר מאנס מערדער זיצען שוין אין געפענגניס. וויא ערשטוינט אבער איז זיא געווארען, אלס דער קניאז האט אויף איהר א קוק געטהאן מיט זעהר אן אונפריינדליכע מינע און האָט שטרענג געפרעגט:

— ווער ביסט דוא און וואס פערלאנגסט דוא?

— איהר האט מיך ניט דערקענט גנעדיגער קניאז? — האט זיא ערשטוינט געפרעגט.

— ניין, איך קען דיך ניט. זאג ווער ביסט דוא?

— איך בין דאך דיא פרוי פון דעם מאן וואס איז געסטערן אבענדס ער־מאָרדעט געוואָרען אין געפענגניס.

— אהא! איך האב מיך שוין דערמאנט. נו, וואס־זשע ווילסט דוא?

— מערעכטיגקייט אויסצואיבען פאר מיין ערמאָרדעטען מאן. בין איך יעצט גע־קומען ערפאהרען וואס עס הערט זיך, צו האט מען שוין דיא מערדער ארעטירט?

— וועלכע מערדער? — האט דער קניאז וויא פערוואונדערט געפרעגט.

— איך מיין דעם פּאָלקאָווניק מאָלינבערג מיט דעם קאפּיטאן מאלאיעוו.

— ווייסט דוא געוויס, אז זיי זיינען דיין מאן'ס מערדער? — האט דער קניאז שטרענג געפרעגט.

— און איהר צווייפעלט אין דעם? האב איך אייך נאך געסטערן אבענדס ניט איבערציינט, אז דיא ביידע זיינען זיינע מערדער?

— דיינע ווערטער האבען קיין קראפט, ווייל זיי האבען קיינע בעווייזע.

— דארף מען בעסערע בעווייזע וויא דאס וואס איך האב אייך געמעלדעט פון דעם מאָרד נאך איידער ער האט זיך אויסגעפיהרט?

— דא איז קיין מאָרד געשעהן. דיין מאן האט זעלבסטמארד בעגאנגען. דאס האט דער דאקטאר ערקלערט.

— ווען דער דאקטאר האט דאס ערקלערט איז ער א לומפ, — האט בת־שבע צאָרניג אויסגערופען — עס איז אזוי זיכער וויא יעצט איז טאג אז מאלינבערג מיט מאלאיעוו'ן האבען מיין מאן ערמאָרדעט.

— דוא ווייסט מיט וואס דוא שמעקסט דערפאר וואס דוא ווארפסט ארויף אזא שולד אויף אזעלכע צוויי מענער.

— איך ווארף אויף זיי קיין שולד ארויף קניאז, איך זאג דיא וואהרע דיא ריינע וואהרהייט!

— אבער וויא אזוי ווערסט דוא בעווייזען, אז דאס איז וואהר?

— איך וועל שטעלען פאר אן עדות דעם מאן וועלכער האט אליין געהערט וויא מאלינבערג מיט מאלאיעוו'ן האבען אפגערעדט זיי זאלען מיין מאן ערמאָרדען.

— ווער איז דער עדות?

— דאס קען איך ניט זאגען.

— נו, דאס איז א בעוויז אז דוא האָסט קיין עדות.

— בת־שבע האט שוין געוואלט זאגען ווער דאס האט איהר דערצעהלט, אבער אין דער מינוט איז איהר איינגעפאלען דער געדאנק, אז דער קניאז איז איבער נאכט אן אנדער מענש געוואָרען און ער וויל דעם גאנצען מארדטהאט פערדעקען. דארום האט זיא געשוויעגען.

— נו, דוא זאגסט מיר ניט ווער דער עדות איז? — האט דער קניאז געפרעגט.

— דאס קען איך ניט זאגען.

— אויב דוא קענסט דאס מיר ניט זאגען, ווייס איך בעשטימט אז דוא האָסט אזא עדות נור אין טרוים געזעהן, איך קען שוין אייערע זשידעס און איך ווייס אז איהר זוכט בעשטענדיג צו בעשולדיגען אונשולדיגע ארדענטליכע לייט אין אזעלכע פערברעכען פון וועלכע זיי האבען קיין אהנונג, געה און דול מיר מעהר ניט דעם קאָפּ.

— גוט! — האט בת־שבע זעהר אויפגערעגט געענטפערט — איך וועל אייך קניאז מעהר דעם קאָפּ ניט דולען; אבער איהר צווינגט מיך דאמיט איך זאל דולען דיא קעפּ פון גרעסערע מענשען אלס איהר זייט?

— וואס? – האט דער קניאז אויפבראָזענד א געשריי געטהאן — דוא שרעקסט מיך נאר.

— איך שרעק אייך ניט קניאז, — האט בת־שבע גלייכגילטיג און אונער־שראָקען געענטפערט — איך האב אייך מיט דיא ווערטער נור צו פערשטעהן געגעבען, דאס איך בין ניט פון יענע, וואס לאזען זיך אבשרעקען פון א גרויסען מאַן. מיר האבען נאָט זיי דאנק אין רוסלאנד פיעל גרויסע מענער, צווישען זיי געפינען זיך נאך אזעלכע וואס האבען אין זיך געוויסען און דיא וועלען מיר געוויס געדולדיג אויסהערען און וועלען טהאן דאס וואס מען בעדאַרף.

זיא האט איהם א פערעכטליכען שמייכעל צוגעוואָרפען און איז פון זיין הויז ארויסגעגאנגען.

— אזוי נאר? — האט זיא צו זיך אליין גערעדט אלס זיא איז שוין אין דער גאס געוועזען — אין דיא הויכע פענסטער טראָהנט אויך דיא פאלשקייט אזוי וויא ביי סאַנעטע דער שווינדלעריך אין הויז, אונטער דיא גלענצענדע מונדירען ליעגען אויך פערשטעקט הערצער אהן יושר און אהן מענשליכע געפיהלע. אויב אזוי בין איך דאך נאך ניט אזא געפאלענע פערזאן וויא איך האב געמיינט. קען איך זיך דאך אויך אויסגלייכען אין עהרליכקייט מיט דיא אלע לייטע וואס שפּיעלען אזעלכע גרויסע ראָליען אין דעם לאנד.

אבער פאר ברענערס בלוט וועל איך אלץ ניט שווייגען. עס קען זעהר זיין,

אז ער האט דעם טויט פערדיענט דערפאר וואס ער איז געוועזען א בעטרינער און האט אויך אנטהייל גענומען אין וואהרהאפטינס מארד. אבער ווארום זאלען אויך דיא הויפטמערדער מאלינבערג, מיט מאלאיעוו׳ן מיט דעם טויט ניט בעלאוינט ווערען? זיי האבען דאך געוויס קיין רעכט געהאט איהם צו טוידטען. ניין, איך וועל אזא אונרעכט ניט שווייגען. איך וועל שוין טרעפען וואוהין צו געהן זוכען גערעכטינקייט, איך וועל דיר ווייזען שטאלצער קניאז, אז דוא האסט אן אירטהום, וואס דוא בע־טראכטעסט מיך וויא אן איינפאכע זשידאווקא. איך מוז דיר ציינען, אז איך בין אזא פוינעל וואס קען דיר דעם גאנצען מארך אויספיקען....

זיא איז געקומען א היים, האט געהייסען איהר דיענסטמעדכען זיא זאל איהר דערלאנגען קאפע און עפעס צובייסען.

— דא האט אויף אייך געפרעגט א מאן, — האט דאס דיענסטמעדכען גע־מעלדעט אלס זיא האט איהר דיא קאפע דערלאנגט.

— ווער איז דער מאן?

— ער ווייזט אויס זעהר א רייכער מאן צו זיין, דאס האב איך דערקענט אן דיא דיאמאנטענע רינגען וואס ער האט אויף זיינע הענד געטראגען.

— איז ער א יונגער אדער אן אלטער?

— ער איז שוין א מאן פון עטליכע און פיערציג יאהר.

— האט ער דיר זיין נאמען ניט געזאגט?

— ניין.

— האט ער דיר געפרעגט אויף מיין נאמען?

— יא, ער האט געפרעגט אויף באבעטקא ברענער.

— און ווייטער האט ער דיר גאר ניט געזאגט?

— אלס איך האב איהם געענטפערט, דאס איהר זייט צו הויזע ניטא, האט ער געזאגט איך וועל אריינקומען אין אן אנדער צייט און בין דיא ווערטער איז ער אוועקגעגאנגען.

— עס, ווען ער דארף מיך נעטהיג וועט ער וואהרשיינליך קומען, — האט בת־שבע געזאגט און האט זיך געזעצט עסען מיט אפעטיט.

נאך דעם עסען האט זיא זיך פרעכטיג פערפוצט און האט זיך אין שפיענעל א היבשע צייט בעטראכט.

— יא! — האט זיא צו זיך זעלבסט גערעדט — איך מוז יעצט געהן צום גראספירסט און מיין ציעל ערררייכען.

## 231טעס קאפיטעל.

# שרעקליך, מתים זיינען לעבעדיג געווארען.

גרינזאנג איז צוריק א היים געקומען זעהר בעטריבט און שטארק אויפגערעגט. סאבינא האט מיט דעם ערשטען בליק אויף איהם דערקענט, אז ער איז ניט ביי א גוטער לוינע.

זיא האט איהם אבער אין דיא ערשטע שטונדען קיין פראגעס געשטעלט

ערשט שפעטער אז ער האט זיך פונ'ם וועג אויסגערוהט, האט זיא זיך נעזעצט נעגען איהם און האט זעהר צערטליך געזאגט:

— איז קיין האָפנונג פאראן דער גראף דאנילאָוו זאָל זיין אונגליקליכער פרוי צוריק צו זיך נעהמען?

— אויף דעם איז קיין האָפנונג פערהאנדען — האט גרינזאנג זיפצענד גע-ענטפערט.

— וואָרום? וויל ער אלץ ניט גלויבען, אז זיינע פרוי איז אונשולדיג.

— ער וואָלט דאָס פיעללייכט געוואָלט גלויבען אבער ער קען ניט.

— ער קען ניט? פאר וואס קען ער ניט?

— דערפאר וואָס ער בעפינדעט זיך שוין אין אַ בעסערער וועלט.

— וואָס? — האט סאבינא העכסט ערשטוינט אויסגערופען — ער איז טוידט?

— יאָ, ער איז טוידט.

— איז דאס מעגליך? אזא יונגער מאַן און איז שוין אזוי גיך געשטאָרבען.

— דער טוידט רייסט זעהר אפט אוים דיא שטארקסטע צעדערן פון זייערע ערטער, דאס איז שוין קיין נייעס.

— אזוי? איז ער געשטאָרבען? נאר פלוצלונג?

— וויא אזוי ער איז געשטאָרבען דאס וויים איך ניט. אבער איך פערשטעה, אז ער האט ניט געקענט ערטראגען דאס לעבען אין געפעננניס און איז דארום געשטאָרבען.

— אין נעפעננניס? וויא קומט ער אין נעפעננניס?

— מען האט איהם ארייננעזעצט אהין טאָקי פאר דעם מאָרד וואָס ער האט בענאנגען איבער זיין פרוי.

— מען מיינט נאָך אלץ, אז ער האט זיא ערמאָרדעט?

— יאָ, דארט אינ'ם גאנצען נעגענד צווייפעלט נאר קיינער ניט אין דעם, אז מאריא איז פון זיין האנד ערמאָרדעט געוואָרען. דאס האט מען אויך איבערנעגעבען דער פאָליציי, מען האט איהם אין נעפעננניס נעשליידערט און דאָרט איז ער אין אַ קורצער צייט נאָך דעם נעשטאָרבען.

— מיין גאָט! וויא גרוים מאריאס שמערצען וועלען זיין ווען זיא וועט דאס ערפאהרען, דוא קענסט זיך נאר ניט פארשטעלען מיכאל וויא זיא ליעבט איהם און וויא זיא בעננט נאך איהם.

— מען דארף דאס איהר דערוויייל ניט דערצעהלען.

— זיא וועט אבער נעוויס באלד קומען אהער דיך צו פרעגען וועגען דעם רעזולטאט פון דיין רייזע.

— האסט דוא דען איהר דערצעהלט וועגען וואָס איך בין געפאָהרען?

— יאָ, איך האב דאס איהר דערצעהלט.

— נו פרעג איך דיר מיין לעבען, האסט דוא גלייך נעטהאן דאמיט וואס דוא האסט איהר דערצעהלט אזא זאך, וואס איך האב נעוואלט אין געהיים האלטען?

— ווער האט זיך געזאלט ריכטען אויף אזא שרעקליכען רעזולטאט — האט זיך סאבינא פערטהיידינט.

— ווען זאנאר עס זאל זיך ניט געווען אזוי ענדיגען, האסט דוא דאס איהר אויך ניט בעדארפט דערצעהלען. דען דוא האסט בעדארפט קלערן, פיעללייכט וועט דער גראף פאר קיין פאל איינוויליגען זיא צוריק צונעהמען.

— איך האב ווירקליך א פעהלער געטהאן, נור עס איז שוין פערפאלען. יעצט מוזען מיר קלערען וואס צו ענטפערן סאריא'ן ווען זיא וועט דיר פרעגען אויף איהר מאן.

— איך וועל איהר מוזען דיא גאנצע וואהרהייט דערצעהלען. דוא ווייסט דאך אז איך קען קיין ליגען זאגען, און ווען איך זאל זיך זאגאר ערלויבען איהר א ליגען צו זאגען וועט זיא באלד פערשטעהען פון מיר אז איך נאר זיא.

— נו וואס־זשע איז דאס פאר אזא אונגליק ? אלס איינס וועט זיא מוזען פון דעם ערפאהרען, פריהער שפעטער, אזא נאכריכט מוז צו איהרע אויערן קומען, איז פיעל גלייכער זיא זאל שוין דערפון ערפאהרען. איבערינענס ווייסען מיר ביידע, אז זיא האט מיט זיין טוידט נאר ניט פערלארען, אין געגענטהייל זיא האט דאסיט פיעל געוואונען, דען יעצט וועט זיא ערשט קענען טהאן א פיינעם שידוך. זיא וועט הייראטהען אזא מאן וואס פערשטעהט איהר ווערט אי ..עט זיא שעצען און עהרען.

— יא דאס איז זעהר ריכטיג אבער....

— וואס ווילסט דוא זאגען ?

— זיא האט מיט דאנילאווס טוידט איהר גוטען נאמען פערלארען. רען ווען ער זאל לעבען וואלט ער געוויס ערפאהרען, אז ער וויא אויך זיינע פרוי זיינען גע־פאלען אלס אפפער פאר דער אינטריגע פון פערפלוכטע הערצלאזע מענשען. שלעכמע ציננער האבען פערברייטעט וועגען דעם גוטען ענגעל אזא קלאנג, וואס וועט פער־אורזאכען אלע זאלען זיא וויא א טייפעל בעטראכטען. דוא פערשטעהסט סאבינא, ווען דער גראף זאל דאס געווען אלעס ערפאהרען; וואלט ער צו אלעם ערשטען זיא קניענד אום פערצייהונג געבעטען פאר דעם אונרעכט וואס ער האט איהר געטהאן און דערנאך וואלט ער פון דיא פערלייטדער דיא גרעסטע ראכע גענומען. דאס אלעס וואלט דער גרעפין צוריק אין איהר ערשטען גלאנץ געבראכט. אבער יעצט, יעצט ווען מען וועט ערפאהרען אז זיא לעבט וועט מען אויף איהר אויסריידען אזעלכעס וואס וועט איהר שעהנעם נאמען אויף אימער און עוויג פערשמוצען.

— דאס האסט דוא זעהר רעכט. נו, וואס טהוט מען יעצט ?

— נאך מיינער מיינונג וואלט געווען פאר איהר פיעל בעסער, ווען זיא זאל פאר דער וועלט געשטארבען בלייבען. זיא דארף אימער טראגען דעם נאמען וואס זיא טראגט יעצט. אונטער דעם נאמען קען זיא דיא גלענצעסטע פארטיע טהאן און קען זעהר גליקליך לעבען.

— אבער איז דען דאס מעגליך ? וויא וועט זיך ניט געפינען איינער פון איהרע בעקאנטע וואס וועט זיא ניט בעגעגנען און דערקענען, דאן וועט דאס איבעראל בעקאנט ווערען.

— דאס איז אויך וואהר, אבער דאצו איז דא א מיטעל.

— וואס פאר א מיטעל ?

— זיא זאל פאהרען נאך אויסלאנד.

— דאס מיטעל איז ניט שלעכט, אבער מיר וועט דאס פיעל קרענקונג פער־שאפען.

— ווארום ?

— ווייל איך בין איהר אזוי צוגעבונדען דאס איך קען גאר אהן איהר ניט לעבען.

— נו, פערלאנגסט דוא, אז צוליעב אזא נאררישקייט זאל זיא דיא אונגליק־ליכסטע אין דער וועלט זיין ?

— בעהיטע גאָט, איך פערלאנג דאס גאר ניט. איך זאג דאס נור דיר; פער־קעהרט איך וועל אלעס אויפאָפפערן צוליעב איהר, מיר וועט קיין זאך צו שווער זיין צו טהאן פון איהרטוועגען.

— מיר וועלען שוין זיך בעראטהען וואס מיט איהר צו טהאן — האט גריגאָרי נאך א קורצעס נאכדענקען געזאגט — אבער הער סאבינא, איך האב פאר דיר נאך זעהר א וויכטיגע נייעס.

— וואס איז דאס פאר א נייעס ?

— דוא געדענקסט וויא מיר האבען אלץ געזוכט דעם זוהן פון אונזער טאָכ־טערס ערציהערין, א געוויסען סעמיאָן וואַרין וועלכער איז אין געפענגניס געזעסען ?

— יא, איך געדענק.

— מיר שיינט אז דיעזען סעמיאָן וואַרין האב איך געפונען.

— ווירקליך ? דיעזען גנב האָסט דוא געפונען ? — האט סאבינא איבערראשט געפרעגט.

— יא, אזוי שיינט מיר.

— וואו איז ער ?

— אויב דאס איז דער זעלבינער, געפינט ער זיך יעצט אין דאנילאָווקא. ער האט דאָרט א שרעקליכען מאָרד בעגאנגען.

— דוא האָסט איהם געזעהן ?

— ניין, איך האב געמוזט פאהרען נאך אָרשא. ווייל איך האב געמיינט אז דער גראף לעבט, האב איך איהם געוואָלט פון זיין געפענגניס בעפרייען אבער אלס איך האב ערפאהרען אז ער איז טויט, איז ביי מיר געבליעבען איך זאל צוריק נאך מאסקווא פאהרען, ערשטענס דערפאר וואס איך בין שוין לאנג פון דער היים און איך האב געוואוסט אז מיינע געשעפטען פאָרדערן איך זאל דא זיין, צווייטענס האב איך דאָרט איבערגעלאזען אזא מענשען וועלכער וועט שוין ריכטיג ערפאהרען צו דאס איז דערזעלבער וואָרין וואס מיר זוכען. ער וועט דאס מיר געווים שרייבען. דעם מענשען קענסט דוא זעהר גוט, דאס איז דיין אלטער דיענער איוואן.

— אזוי ? האָסט דוא דאָרט איוואנען געטראָפען ? מיר האט שוין מאריא דערצעהלט וועגען איהם אז ער וואוינט נעבען דאנילאָווקא.

— איך האב ביי איהם אין הויז קוואַרטירט צוויי טעג. איך זאג דיר סאבינא

אז איך האב נאך אזא ארדענטליכען מענשען ניט בעגעגענט, דאס איז א מוסטער פון עהרליכקייט.

דער דיענער איז אין דער מינוט אריינגעקומען און האט איבערגעגעבען גרינ־זאנגען א וויזיט־קארטע און האט איהם דערביי געמעלדעט, אז א יונגע פרוי פער־לאנגט נאטהווענדיג מיט איהם צו שפרעכען.

— אה, דאס איז דיא גרעפין קלאטהילדא — האט גרינזאנג געזאגט אלס ער האט אין דער קארטע א קוק געטהאן. פיהר זיא אריין אין מיין קאבינעט.

— ווער איז דיא גרעפין קלאטהילדא? — האט סאבינא געפרעגט אלס דער דיענער איז ארויסגעגאנגען.

— דאס איז דיא יונגע גרעפין, וואס איך האב איהר פאטערס וועקסלען געוואלט אננעמען אין סור, אבער איך האב מיך איינגעהאלטען אויס פורכט פיעל־לייכט וועט דאס איהר שאדען צום נאמען.

ער איז אויפגעשטאנען און איז אריינגעגאנגען אין זיין קאבינעט.

קלאטהילדא איז נור וואס אהין אריינגעקומען און אלס זיא האט איהם דער־זעהן, האט זיא זעהר העפליך געפרעגט:

— האב איך דיא עהרע צו שפרעכען מיט דעם העררן גרינזאנג?

— יא, גנעדיגע גרעפין דאס בין איך. מיך פרעהט זעהר וואס איהר זייט יעצט געקומען, דען דאמיט האט איהר אייער עהרע גערעטעט און מיר שמערצען און מיה פערשפארט.

זיא האט איהם ערשטוינט אנגעקוקט און האט מיט א ציטערענדע שטימע געפרעגט:

— האט איהר שוין מיין פאטערס וועקסלען אנגענומען?

— ניין, גרעפין איך האב דאס ניט געטהאן.

— ווירקליך? — האט קלאטהילדא העכסט ערפרעהט אויסגערופען.

— איך פערזיכערע אייך אבערמאלס גרעפין דאס איך האב דאס ניט געטהאן, וויל איך האב בערעכענט דאס איהר זייט א וויזע (יתומה) און דאס קען אייך פיעללייכט שאדען.

— אה, איך דאנקע אייך אונצעהליגע מאל בעסטער הערר! — האט קלא־טהילדא געריהרט געזאגט ערגרייפענד זיין האנד — איך בעטראכטע דאס אלס גרעסטע וואהלטהאט און וועל עס קיין מאל פערגעסען.

— איך האב קיין וואהלטהאט געטהאן זאנדערן מענשליכקייט — האט גרינזאנג שמייכלענד געענטפערט.

— דאס איז ווירקליך מענשליך אין פאלען זיגע דעם ווארטעס — האט קלא־טהילדא מיט א דאנקבארע מינע אויסגערופען. מיט פערגניגען וועל איך אייך יעצט בעצאהלען דאס גאנצע געלד וואס אייך קומט אויף דיא וועקסלען מיט דיא פראצענ־

— פראצענט נעהם איך ביי אייך ניט.

— ווארום?

— וויל איך האב אייער נאטזעליגען פאטער דאס געלד געגעבען מיט דעם

אויסדריקליכען בעדינגנג ער זאל מיר דאפיר קיין פּראָצענט צאהלען. איך האב איהם געוואָלט טהאָן א טובה פאר דער טובה וואס ער האט מיינע ברידער א מאל געטהאָן.

— אייערע ברידער ? — האט קלאָטהילדא פערוואונדערט געפרעגט — וועמען מיינט איהר הערר גרינזאנג ?

— איך מיין דיא אידען, וועלכע זיינען מיינע ברידער.

— זאל איך גלויבען אז איהר זייט א איד ? — האט זיא אויסער זיך פאר ערשטוינען געפרעגט.

— יא גרעפין, איך האב דיא עהרע אייך צו זאגען אז איך בין א איד.

— א איד ? — האט זיא אלץ פערוואונדערט געשטאמעלט.

— איך פערשטעה ניט ווארום איהר וואונדערט זיך אזוי.

— איך וואלט קיין מאל געגלויבט אז צווישען דיא אידען וואס זיינען איבעראל פערהאַסט צוליעב זייער געלדגיערינקייט, זאל איך אזא מערקווירדינגען עדעלמאן געפינען.

— דאס האט איהר א קליינעם בעוויז גרעפין, אז דיא אידען זיינען פאלש בעשולדינגט און ערקלערט געווארען אלס געלדגיעריגע, דאס איז וואהר אז צווישען אונז געפינען זיך שלעכטע פערדארבענע מענשען, אבער אין אלע נאציאנען ווערט איהר שלעכטע מענשען געפינען איבערהויפט אין דעם פערברעכען פון געלדגיעריג־קייט שטעהען מיינע אידען ניט ערגער אלס אייערע קריסטען.

ער האט נאך זיינע ווערטער ניט געענדיגט אלס דיא טהיר האט זיך אויפגע־עפענט און סאבינא מיט דער גרעפין מאריא האבען זיך אין טהיר געוויזען.

קוים האט קלאָטהילדא דער גרעפין מאריא דערזעהן איז זיא לייבענבלאס געוואָרען, זיא האט אנגעהויבען פירכטערליך און ווילד צו שרייען און איז וויא וואהנ־זיניג פון גרינזאנגס הויז ארויסגעלאָפען.

## 232טעם קאַפּיטעל.

## דער פערהענגניספאָלער בריעף.

מיר האבען געזעהן וויא דער גוטער געלידאוו האט זיך דערשראקען פאר אדעלא׳ס ווערטער, אז אויב ער וועט דער גובערנאנטין סוסאנא פעטראוו ניט ארויס־יאָגען וועט זיא זעלבסטמארד בעגעהן. דער גוטהערציגער מאן האט געגלויבט אז אדעלא וועט דאס ווירקליך טהאן און דער געדאנק אז צוליעב איהם וועט אזא יונגע פרוי שטערבען האט איהם נאכגעטריעבען נאך איהר אום זיא פון איהר שרעקליכען פלאן אפצוהאלטען.

אבער אלס ער איז אין דרויסען ארויסגעלאָפען האט ער אדעלא׳ן שוין ניט געזעהן, זיא איז פערשוואונדען געוואָרען.

איינינע מינוטען האט ער זיך בעדענקט וואס ער זאל טהאן און ביי איהם איז געבליעבען, ער זאל לייפען צו איהר אהיים, דען וואו אנדערש קען זיא דעם זעלבסטמאָרד בעגעהן ווען ניט ביי איהר צו הויזע ?

ער האט זיך געזעצט אויף א דראָשקע און איז געפלויגען נאך אדעלא׳ס

וואוינונג. וויא ערשראָקען אבער איז ער געווארען אלס ארעלא׳ס דיענסטמעדכע האט איהם געזאגט דאס איהר ווירטהין איז שוין זייט צוויי שטונדען צו הויזע ניטא.

— ווער ווייס צו איז זיא ניט אוועקגעלאפען צום טייך איהר לעבען אין דיא קאלטע וועלען צו בעגראבען — האט זיך געלידאוו געטראכט און אלע גליעדער האבען אין איהם געשווידערט.

— וואס טהוט מען. יעצט לויפען צום טייך? איז שוין צו שפעט, דען זיא איז נאך פריער אהין געקומען און האט שוין געוויס צו איהר לעבען אן ענדע געמאכט.

דיא האאר פון קאָפּ האבען זיך ביי איהם געשטעלט וויא שפיזען אלס ער האט זיך פאָרגעשטעלט דאס ארעלא איז שוין געשטאָרבען און זיא ליעגט יעצט טויט אויף דעם גרונד פון טייך. ער האט שטארק בערייהעט דאס וואס ער האט איהר ניט נאכגעגעבען און האט דער גובערנאנטין ניט ערווייטערט פון זיין הויז.

— זיא האט פאָלעס רעכט געהאט דאס צו פאָרדערן, וויא באלד זיא האט א פערדאכט געהאט דאס איך האב מיט דער גובערנאנטין א גוט לעבען — האט ער צו זיך אליין געזאגט — און איך האב בעדארפט דעם קליינעם וואונש ערפילען. דען איך וואלט דאס פון ארעלא׳ן געוויס אויף פערלאנגט ווען איך זאל געווען זעהן ארער מיינען אז זיא האט אונערלויבטע פערהעלטניסע מיט אן אנדער יונגען מאן.

ער איז געוועזן אזוי פערצווייפעלט דאס ער איז וויא צודולט געשטאנען נעבען דער טהיר פון ארעלא׳ס הויז.

— עס קען אבער זיין — איז איהם א געדאנק אין קאָפּ איינגעפאלען — דאס ארעלא איז געגאנגען צו מיר מיט דעם פעסטען בעשלוס אז אויב איך וועל איהר ניט געהאָרזאם זיין און וועל דער גובערנאנטין ניט ארויסיאגען זאל זיא גלייך פון מיר צו דעם טוירט פליהען. אויב אזוי האט זיא געוויס איבערגעלאזט א בריעף אין וועלכען זיא האט איהר לעצטען ווילען געאייסערט, איך מוז דאס באלד ערפאהרען.

ער איז אבערמאלס צוגעגאנגען צו דער טהיר און האט אנגעקלונגען.

דאס מערכען איז אבערמאלס ארויסגעגאנגען.

— האט דיין ווירטהין דא ניט איבערגעלאזען א בריעף? — האט ער געפרעגט.

— איך ווייס ניט — זואר דעם מערכענס אנטוואָרט — זיא איז הייטע געועסען ביי זיך אין צימער און האט געשריעבען, אבער צו זיא האט אבריעף איבערגע־לאָזט דאס ווייס איך ניט.

אהנע ווייטער צו ריידען איז געלידאוו אריינגעגאנגען צו ארעלאן אין צימער.

ער האט ווירקליך אויף דעם טיש א פערזיעגעלטען בריעף געפונען. שנעל האט ער איהם א חאפּ געטהאן און האט באלד דערזעהן אז ער איז ארדעסירט צו איהר פאטער אין דאנילאווקא.

— דאס האט זיא געמוזט שרייבען צו איהר פאטער אז זיא שטערבט און דיא אורזאכע וואס איהר האט צום טויט געטריעבען — האט ער זיך געקלערט — זאל איך דעם בריעף עפענען?

עפענען א פרעמדען בריעף וואס איז ניט אדרעסירט צו איהם האט ער אימער פאר דער גרעסטער זינדע בעטראכט. אבער יעצט האט זיין נייגיערדע דיא העכסטע

שטופע ערררייכט. ביי איהם וואר קיין צווייפעל דאס דער בריעף איז און אבשיעדס שרייבען בעפאָר זיא פערלאזט דיא וועלט צוליעב איהר אונגעטרייען חתן וועלכער וואר זא שלעכט געגען איהר און האט זיא מיט זיין שלעכטער בעהאנדלונג צום טויט געטריעבען.

ער האט זיין גאנצע שטאנדהאפטיגקייט פערלארען און האט ענדליך דעם בריעף אויפגעעפענט.

דער בריעף האט אין זיך ענטהאלטען פאָלגענדעס:

„ליעבער פאטער!

„דיא דעפעשע האב איך ערהאלטען. וויא וויט זיא האט מיך דערפרעהט דאס קענסט דוא זיך זעהר לייכט פאָרשטעלען. יעצט זיינען אלע שטיינער פון אונזער וועג אבגערוימט געווארען, יעצט זיינען מיר דיא איינענטהימער פון אנטאנס קאַ־פיטאל. איך פערשפּאָר דיר צו דאנקען פאטער דערפאר וואס דוא האָסט אלעס זא קונסטפּאָל אבגעארבייט, זא דאס עס איז קיין שפור געבליעבען פון דער פער־גיפטונג... ווייל דוא האָסט זיך זעלבסט דאמיט אזא טובה געטהאן וויא מיר. יא פאטער, יעצט וועסט דוא שוין ניט בעדארפען זוכען א פלאץ וואו צו לייהען עטליכע רובעל, יעצט זיינען מיר רייך און דיר וועט שוין גאר ניט פעהלען.

„איך וועל דיא טעג קומען צו דיר פאטער, איך ווארט נור דא אויף א קלייני־נינקייט. מיין וואלאדיא האט עפּעס אין זיין הויז אריינגענומען א גובערנאנטין וועלכע געפעלט מיר גאר ניט דאפיר וואס זיא געפעלט איהם צופיעל.... איך מוז דיעזער פרוי פון זיין הויז פעריאגען. וויא מיר שיינט וועט דאס מיר ניט זעהר לייכט אנ־קומען, אבער דוא ווייסט דאך פאטער אז מיינס מוז איך אויספיהרען....

„גיעב גוט אכטונג אויף סטעפאנען און אויף סעמיאנען, דוא ווייסט דאך אז זיי זיינען ביידע גרויסע מערדער און גרויסע גנבים, זיי קענען אונז בדלות שטעלען ,ווען דוא וועסט זיי צופיעל צוטרויען שענקען. איך וועל שוין זעהן זיי זאלען ביידע געהן צום טייפעל. דוא ווייסט דאך זא גוט וויא איך אז זיי זיינען אנטלאפענע ארעסטאנטען, מיר האבען זיי נור בעדארפט האבען זיי זאלען אונז העלפען אונזער פלאַן אויסצופיהרען אום אנטאנס רייכטהום זאָל אין אונזערע הענד אריינפאלען. וויא באלד אבער מיר האבען שוין אונזער ציעל דורך זיי עררייכט, דארפען מיר זיי ניט און זיי קענען זיך געהן צום טייפעל....

„איך בעט דיך דוא זאלסט מיר דייטליך אויסשרייבען וויא דיא פערגיפטונג איז צוגעגאנגען, צו איז נאכדעם קיין שפור געבליעבען.... איך בין נאך אונרוהיג, ווער וויים צו וועט זיך דאס ענדיגען גוט....

„איך פערבלייב דיין געטרייע טאָכטער

אדעלא״.

דיא אויסדריקע פון דיעזען בריעף האבען געלידאָוו׳ן איבערראשט. דיא ווערטער פערגיפטונג, מערדער, גנבים האבען זאנדערבאר געקלונגען אין זיינע אויערן. ער האט פערשטאנען אז דא האנדעלט זיך וועגען עפּעס שרעקליכעס, ער האט אויף פער־

שטאנען אז אדעלא שפיעלט מיט איהם נור א קאמעדיע מיט איהר פארדערונג, ער זאל דער גובערנאנטין ארויסטרייבען.

אבער וואס טהוט מען יעצט? ווען אדעלא וועט קומען און וועט זעהן אז ער האט דעם בריעף געעפענט און האט איהם דורכגעלעזען וועט זיא דאך שרעקליך וויטהענד ווערען און וועט איהם פאר דעם ניעדערטרעכטיגסטען אין דער וועלט האלטען.

ער האט נעפרובירט דעם בריעף צוריק אריינלייגען אין קאנווערט ער האט זיך אבער באלד איבערציינט אז עס איז אונמעגליך צו מאכען מען זאל ניט פערשטעהן אז ער איז געעפענט געווארען.

איהם איז געווארען זעהר שלעכט, ער האט זיך קיין ראטה געקענט געבען וואס צו טהאן.

— אלץ איינס וועט זיא וויסען, אז איך האב דעם בריעף געעפענט — האט ער ענדליך לויט אויסגערופען — לאמיך נאך א מאל איהם איבערלעזען פיעללייכט וועל איך פערשטעהן וואס פאר א געהיימניס דא ליעגט פערשטעקט.

ער האט דעם בריעף אבערמאלס געעפענט און האט איהם דורכגעלעזען. וואס מעהר ער האט איהם געלעזען איז זיין געזיכט אלץ בלאסער געווארען.

— עפעס שמעקט דא מיט א פערניפטונג וואס מען איז בעגאנגען איבער דעם גראף אנטאן — האט ער געשטאמעלט — און אין דער פערניפטונג האבען מיט־געהאלפען צוויי מערדער איינער הייסט סטעפאן און דער צווייטער סעמיאן. אדעלא פירכטעט פיעללייכט וועט מען ערפאהרען פון דער געהיימניס און דארום איז זיא אזוי אונרוהיג. זאל איך גלויבען אז זיא איז פעהיג צו אזעלכע מערדערייען? אה, ניין! דאס איז אונמעגליך, דא מוז זיך ריידען וועגען עפעס אנדערש וואס איך קען דאס ניט פערשטעהן.

זיין געזיכט איז פון מינוט צו מינוט פינסטערער געווארען, ער האט זיך דער־מאהנט וואס פאר א סוביעקט דער אלטער גראף פעליקס דאנילאוו איז, אויף איהם קען מען יא דיא שרעקליכסטע שענדליכסטע זאכען גלויבען און אז אדעלא שרייבט איהם אזעלכע זאכען קען מען גלויבען אז זיי האבען זיך ביידע פעראייניגט אין א מארדטהאט. אבער ניין און נאך טויזענד מאל ניין! אדעלא איז ניט זא ניעדריג געפאלען זיא זאל ביי אזא שמוציגע שטופע האלטען, עס איז אונמעגליך זיא זאל א מערדערין זיין.

ער האט געוואלט דעם בריעף אוועקלייגען און אוועקגעהן, אבער עס האט איהם וויא געצוואונגען ער זאל איהם נאך א מאל דורכלעזען פיעלייכט וועט ער דאך ערגרינדען וואס אין איהם שטעהט. ער האט איהם נאר אויף דאס נייע דורכ־געלעזען.

— מיין גאט! — האבען זיינע ליפען געשעפצעט — זא דייטליך, מען קען גאר קיין אנדער קאמענטאריום אויף דיעזע ווערטער ניט געבען. דא האנדעלט זיך דאך וועגען א געהיימניספאלער פערגיפטונג. דא זעהט מען פארט, אז אדעלא מיט דעם אנטאן פעליקס און מיט נאך צוויי מערדער שטעהן אין פערבינדונג אין דיעזער

שרעקליכער טהאט. אלע גליעדער שוידערן אין מיר ווען איך דענק, דאס אדעלא האָט....

— אבער זיי דאך קיין דומקאָפּ, וולאדימיר, — האט ער אויף זיך זעלבסט שטרענג א געשריי געטהאן — וויא וואגסט דוא זאָ וואס צו דענקען וועגען דיינער בראוט? איז דאס ניט דיא גרעסטע שאנדע, דוא זאלסט זיא אין אזעלכע זאכען בעשולדיגען?

ער האט געפּרובירט זיך זעלבסט אויסלאכען, אבער עס האט זיך ניט גע־לאכט. דיא בליקען זיינען אלץ צוגעקלעפּט געבליעבען צו דיא עלעגאנטע ציילען פון דיעזען בריעף און דיעזע ציילען האבען איהם ערצעהלט מיט דייטליכע ווערטער, אז אדעלא מיט איהר פאטער האבען יעמאנדען פערגיפטעט.

ער האט זיך פּלוצלונג א צאפּעל געטהאן, דען דיא טהיר האט זיך אונערווארטעט געעפענט און אדעלא איז אריינגעקומען.

ווער עס האט ניט געזעהן אדעלען אין יענער מינוט ווען זיא האט געטראפען איהר וואלאדיען איבער דעם פערהענגניספאלען בריעף, דער האט אין זיין לעבען קיין מערדער ווען מען פערטהיילט איהם צום טויט ניט געזעהן. זיא האט ווירקליך אלס אזעלכער אויסגעזעהן און זיא האט זיך אנגעחאפּט אָן דער טהיר, זיא זאל צו דער ערד ניט פאלען.

233טעס קאפּיטעל.

## דעם טייפעל'ס ברודער.

ליסא מיט ערינא'ן זיינען צוגעלאפען צום פענסטער זעהן, ווער איז דער רייטער וואס איז צו דער שטוב צוגעפאהרען.

אבער דאס וואר ניט דער זעלבער רייטער וואס ערינא האט געזעהן מיט א קורצע צייט פריהער. „דאס איז אַן אנדערער!״ האט זיא געזאגט צו ליסא'ן, איך קען איהם ניט.

— איך קען איהם אויך ניט — האט ליסא געזאגט — איך זעה איהם יעצט צום ערשטען מאל. אך, וואס פאר א שעהנער מענש ער איז! ער ווייזט אויס וויא א קייזער. איך גלויב, אז דאס מוז זיין איינער פון דיא רייכע געסט וואס קומען אָפט צו דיא ארומיגע פריצים.

דער רייטער איז אראפּגעשפּרונגען פון'ם פערד, האט דעם פערד צוגעבונדען צו א בוים און איז אריינגעגאנגען אין דעם ארמען הייזעל.

עס וואר א מאן פון אונגעפעהר פיערציג יאהר. הויך וויא א צעדערבוים, שטארק וויא א ריעז, און דאך איז אויף זיין געזיכט געלעגען אזא צארטהייט וויא אויף א שעהנער פרוי. אלע זיינע געזיכטס־ציגע זיינען געווען וויא אבגעטאָקט, זיינע אויגען ווארען פעך שווארץ און האבען אזוי ליעבליך ארויסגעקוקט פון דעם שעהנעם שנעע־ווייסען געזיכט, דאס מען האט געמוזט גלויבען, אז דיעזער מאן איז אין זיין לעבען קיין מאל צארניג ניט געווען. זיינע בלאנדע האאר ווארען קורץ געשוירען און זיי האבען וויא א גאלדענע ראם זיין קאפּ מיט דיא אויערן ארומגערינגעלט.

זיין אנצוג וואר פון איינפאכען שטאָף, אבער אויף איהם איז עס געלעגען וויא אויס־געגאסען און האט אויסגעזעהן וויא א קייזערליכער ראָק.

— בעקום איך ביי אייך, גוטע פרויען, א גלאז קאלטעס וואסער? — האט דער מאן געפרעגט זיך העפליך פערניינענד נעגען ליסאַ'ן מיט ערינאַ'ן.

— יא, גנעדיגער הערר! — האט ערינא געענטפערט — איהר בעקומט ביי מיר א גלאז וואסער מיט אייז.

— איך וועל אייך זעהר דאנקבאר זיין, גוטע פרוי. — וועט איהר מיר ערלויבען זיך צו זעצען און זיך אביסעל אויסרוהען?

— אך איז מיר. א שעהנע פראגע צו וועל איך אייך ערלויבען. איך וועל דאס פאר דער גרעסטער עהרע בעטראכטען ווען דער גנעדיגער הערר וועט ביי מיר אין דער ארמער וואוינונג אביסעלע זיצען.

דער גאסט האט א גוטמיטהיגען שמייכעל געטהאן און האט זיך געזעצט ביים טיש, פון דער טאש האט ער ארויסגענומען א זילבערנע עלעגאנטע ציגאר־פושקע, און ארויסנעהמענדיג פון דאָרט א ציגאר האט ער איהם פערדויכט און האט זיך וויא פערזונקען אין געדאנקען.

עס האט לאנג ניט געדויערט האט ליסא געבראכט א ריינע גלאז וואסער אויף א שאל און האט עס אוועקגעשטעלט נעבען איהם.

דער גאסט האט דיא גלאז מיט איין אטהעם־צוג אויסגעטרונקען און האט העפליך געפרעגט צו קען זיא איהם נאך א גלאז וואסער געבען.

— מיט פערגעניגען — האט ליסא געענטפערט, און האט באלד נאך א גלאז וואסער געבראכט.

אויך דיעזע האט דער רייטער מיט איין זופּ אויסגעטרונקען און האט זיך זעהר העפליך בעדאנקט.

— ווילט איהר, גנעדיגער הערר, פיעללייכט עטוואס געניסען? — האט ליסא געפרעגט.

— ניין, איך דאנקע, איך בין יעצט ניט הונגעריג. אין אזעלכע הייסע טעג פערליערט זיך דער אפּעטיט און דער דורשט בעטרעט זיין שטעלע. וויא הייסט דער דאָרף וואס איז ניט וויים פון דאנען, גוטע פרוי?

— דאנילאווקא.

— וויא, דאנילאָווקא?

— יא, גנעדיגער הערר.

— צו וועמען געהערט דער דאָרף?

— צו דעם גראף אנטאן דאנילאָוו.

— ער וואוינט טאקע אין דיעזען דאָרף?

— יא, גנעדיגער הערר.

— ער איז שוין אן אלטער מאן?

— ניין. ער איז ערשט איינינע און צוואנציג יאהר אלט.

— אזא יונגער מאן?

— יא, גנעדינער הערר.

— האט ער שוין א ווייב?

— ער האט ערשט אונגעפעהר מיט איין יאהר צוריק נעהייראטהעט.

— חא, חא, חא! — האט זיך דער גאסט אזוי ווילד פארנאנדער געלאכט, דאס ערינא מיט ליסא'ן האבען זיך דערשראקען און האָבען זיך איינינע טריט אהינטער אפגערוקט.

— איינגנע און צוואנציג יאהר אלט און איז שוין פערהייראטהעט? — האט דער פרעמדער געפרעגט נאך זיין ווילדען געלעכט — איז דער מענש פעררירקט?

— מיר שיינט, אז אלע מענער דארפען הייראטהען צו צוואנציג יאהר — האט ליסט געזאגט.

— זאגט בעסער, אז אלע מענער דארפען נאָר ניט הייראטהען. דער וואס הייראטהעט דער איז א דומקאָפּ, אַן עזעל, א וואהנזינינער.

— דער גנעדינער הערר וועט מיר פערצייהען ווען איך וועל מיין מיינונג זאגען, אז זיי זיינען צאָרניג אויף אלע פרויען דערפאר, וואס זיי האבען געוויס א שלעכטע פרוי נעהייראטהעט.

— איך נעהייראטהעט? זאל מיך גאָט היטען! — האט דער גאָסט אויסגע־רופען וויא ערציטערט — אבער זאגט מיר, גוטע פרוי, לעבט דער גראף דאנילאוו גליקליך מיט זיין פרוי?

— דיא ערשטע צייט נאך זייער חתונה האבען זיי געלעבט זעהר גליקליך.

— נו, און הייטע?

— הייטע ווייזט אויס, אז זיי זיינען ביידע זעהר אונגליקליך.

— אהא! זעהט איהר שוין, אז איך האב ניט אומזאָנסט געלאכט דאפאָן, וואס ער האט גיזהייראטהעט. אונגליקליך איז יענער מאן, וואס נעהמט אזא האָרב אויף זיינע פלייצעס וויא א ווייב איז.

— נאך אייערע רייד, גנעדינער הערר, דארפען מיר, פרויען, בלייבען אויף עווינ זיצען אליין?

— ווער הייסט אייך זיצען אליין? איהר קענט זיצען מיט נאך א פרוי — האט דער מענש געלאכט.

— א געלעכטער אָהן א זייט, מיין הערר — האט ליסא שוין אביסעל בייז גע־זאגט — איך פערשטעה, אז איהר בעטראכט דיא פרויען וויא בייזע גיפטינע שלאנ־גען. דאס איז אבער אן אירטהום. איך ווייס, אז איך האב אויך חתונה געהאט און מיין מאן פלעגט בעשטענדיג זאגען, אז ער איז מיט מיר זעהר צופריעדען און גליקליך.

— ער פלעגט זאגען? נו, און וואס זאגט ער הייגט?

— הייגט קען ער ניט זאגען, ווייל ער איז טויט.

— טויט? חא חא חא!

און דער פרעמדער האט זיך אבערמאלס פארנאנדער געלאכט מיט דעם זעל־בען ווילדען געלעכטער וואס פריהער.

ליסא האט א ווינק נעטהאן צו ערינא'ן, אז דער מאן מח ניט זיין ביי זיין קלארען פערשטאנד.

— ער איז טויט? — האט דער גאסט ווייטער ווילד נעלאכט — נו, האב איך ניט רעכט דערמיט וואס איך זאג, אז דער וואס הייראטהעט שלעפט אויף זיך דעם טויט?

ליסא האט שוין נעשוויענען און האט מורא נעהאט א ווארט אויסצוריידען.

— ווער איז דיא יונגע פריילין? דאס איז אייערע א טאכטער? — האט דער פרעמדער נאך א קורצעס שווייגען נעפרענט.

— ניין, זיא איז ביי מיר נור א גאסט.

— זיא איז זעהר א היבשעס מערכען.

— זיא איז שוין קיין מערכען מעהר, זיא האט א מאן.

— וואס, זיא האט שוין א מאן?

— יא, ננעדיגער הערר.

— און ער איז מיט איהר צופריעדען?

ליסא האט נעשוויעגען.

— איהר שווייגט? — האט דער זאנדערבארער גאסט נעפרענט — איהר ווילט מיר ניט אויסזאגען דיא וואהרהייט, אז ער פיהלט זיך העכסט אונגליקליך?

— ער איז נאר דא ניטא — האט ליסא נעענטפערט.

— וואו דען איז ער?

— ער איז פערשוואונדען נעווארען און מען וויים ניט וואו ער איז אהינגע־קומען.

— ער איז פון איהר אנטלאפען נעווארען? חא, חא, חא! נו האב איך ניט רעכט וואס איך זאג, אז מען דארף פון דיא פרויען אין עק וועלט אנטלויפען.

— ליסא — האט ערינא א שעפצע נעטהאן דער אלטער אין אויער — איך פאנג אן פאר דעם מענשען מורא צו האבען, ער ווייזט אוים וויא וואהנזיניג.

ליסא האט נור מיט א צייכען בעשטעטיגט ערינאס מיינונג.

— וואס האט איהר דארט דער אלטער א שעפצע נעטהאן אין אויער? — האט דער גאסט שטרענג נעפרענט.

ערינא איז בלאס נעווארען און האט נעשטאמעלט:

— גאר נישט מיין הערר, איך האב נאר נישט נעזאגט.

— נור קיין לינען זאלסט דוא מיר זאגען — האט דער פרעמדער מיט א נע־ביטערישען טאן נעזאגט — דען אזוי וויא איך האב אין אלגעמיין פיינד דיא פרויען, אזוי האב איך פיינד זייערע ליגענס. זאג וואס פאר א געהיימניס האסט דוא דער אלטער פערטרויט.

— איך האב איהר קיין געהיימניס פערטרויט — האט ערינא ערציטערט נעענטפערט.

— דוא ווערסט מיך ניט נארען — האט דער גאסט נאך שטרעננער נעזאגט — איך פערשטעה, אז דוא האסט איהר יא עטוואס נעזאגט וועגען מיר. אבער אבוואהל

דוא ווילסט דאס מיר ניט אויסזאָגען, פערשטעהע איך, אז דוא האסט געזאגט דאָס איך בין ניט ביי מיין קלאָרען פערשטאנד. זאג האב איך געטראפפען? דוא זאלסט גאר ניט פירכטען, דען פאר אן אמת ווער איך קיין מאָל ניט אין כעס. האסט דוא דאס געזאגט?

— יא — האָט ערינא קוים אויסגערעדט.

— אזוי רייד! וואצו דיא לינענס — האט דער נאסט געלאסען; געזאגט — אלע פרויען מיט וועלכע איך קום אין א געשפרעך, זאגען דאס מיר אין דיא אויגען. אבער איהר האט אלע אן אירדטהום, איך בין ניט וואהנזיניג. געוועהנליך, וועט איהר אלס פרויען מיר ניט נאכגעבען און וועט מיט אלע קרעפטען זיך בעמיהען, מיך אלס וואהנזינינגען צו ערקלערען. אבער דיא מענער, דיא וועלען מיר אלע ענדליך געשטעהען, אז איך האב דיא ריכטיגע וואהרהייט געפונען. אדיע מיינע דאמען, איך דאנק אייך זעהר פאר אייער נאסטפריינדליכקייט וואס איהר האט מיר בעוויעזען, פערצייהעט מיר ווען איהר האט זיך געפונען דורך מיינע ווערטער בעליידיגט אדער געקרענקט. איך האב צו דיא פרויען אין אלגעמיין גאָר ניט, איך בעדויערע נור דיא מענער וואס פערהייראטהען זיך מיט פרויען, אויב איהר ווילט וויסען ווער איך בין קען איך אייך אויך זאגען, איך בין דעם טייפעלס א ברודער. נו, יעצט קענט איהר מיך שוין? חא, חא, חא!

ער האט זיך אבערמאלס ווילד פארנאנדער געלאכט. איז ארויסגעלאָפען פון ליסאָס הויז, איז ארויפגעשפרונגען אויף זיין פערד און איז שנעל וויא א בליץ פון דארט פאָרטגעפלויגען, איבערלאזענדיג דיא ביידע פרויען העכסט ערציטערט און ערשטוינט.

234טעס קאפּיטעל.

## אַ ביטער געשעפט.

מיט א גליקליכען שמייכעל אויף דיא ליפען איז געזעסען סימאן גריץ אין זיין צימער פערטיעפט אין זיסע געדאנקען. יעצט האט ער פאָלעס רעכט געהאט זיך פאָרצושטעלען לויטער גליקען, דען דער באנקיר ראטבלום האט איהם הייטע דיא גוטע נאכריכט איבערגעגעבען דאס זיין רעבעקא רעדט שוין נאר מיט אנדערע ווער־טער וועגען איהם און ביי איהם איז קיין צווייפעל מעהר, אז זיא וועט באלד אפּען איינוויליגען, מאדאם גריץ צו ווערן.

יעצט האט זיך אונזער גריץ געפונען נאהענט ביי זיין ציעל. ער האט געזעהן דאס גרעסטע גליק פאר דיא אויגען און ער איז זיך זעלבסט דאנקבאר געווען פאר דיא העלדענטהאטען וואס ער האט דא בעוויעזען.

נאך אביסעל און רעבעקא מיט איהר גרויסען גדן זיינען זיינע. נאך אין ווייניג צייט וועט ער זיין דער שוויעגער־זאָהן פון דעם באנקיר ראטבלום און ווען מען וועט שוין שפּעטער ערפאהרען דיא שווינדלען וואָס ער האט געמאכט, איז שוין אויך קיין סכנה ניט. דען דאמאלס ווען ער וועט שוין זיין וויא מען זאגט אויפ'ן פערד, וועט איהם קיינער גאר ניט קענען טהאן.

— און צוריקקעהרענדיג דעם בלאט ועט מען נאָר קיין מאָל ערפאהרען, אז איך האב דא א שווינדעל געמאכט — האט ער זיך געקלערט — דען דער פראָקוראָר וועט דאך געוויס ניט אויסזאגען, אז דורך מיר איז יאקאב פיין אין געפענגניס אריינ־געפאלען. ווענען מיין פעטערס ירושה וועט מען אויך ניט ערפאהרען, אז דורך מיר אליין איז דער פאלשער קלאנג ארויסגעגאנגען. איך קען שפעטער זאגען, אז דיא אמעריקאנישע צייטונגען האבען אן אירטהום געהאט דאמיט וואס זיי האבען מיר געמאכט פאר א יורש פון מיליאנען, אלזא בין איך דא גאר ניט שולדיג. דא וועט אויסקומען פון אלע זייטען גוט. איך וועל זיין רעבעקאס מאן, ראטבלום׳ס איידעם און נאך דערצו א פיינער ארדענטליכער מאן, און קוים וועל איך טראָגען אויף זיך דיא מאסקע פון אן ארדענטליכען מאן, וועל איך קענען שפעטער נאך גרעסערע וואונדער בעוויייזען. איך וועל לייכט מאכען, אז ראָטבלום׳ס גאנץ קאפיטאל וועט אין מיינע הענד איבערגעהען. דען א שוויגער־זאהן איז דאך א וואהרער זאהן און יענע א וואהרער זאהן שטעלט זיין טאטען בדלות, איז ער קיין שווינדלער.

דיא טהיר האט זיך פלוצלונג געעפענט און גאָלדע דיא טענדלערין איז אריינ־געקומען אויף דיא שפיץ פוס פינגער.

— וואס? איהר שלאפט ניט, הערר גריץ? — האט זיא אויסגערופען — אבי איך בין אריינגעגאנגען צו אייך שטיל וויא א קאץ.

— וואס דארפט איהר? — האט גריץ פריינדליך געפרעגט — איהר ווילט מיר עפעס זאגען?

— יא איך וויל אייך זאגען, אז אייער נישוועסטער קינד איז דא און וויל מיט אייך רעדען.

— ועלכער נישוועסטער קינד?

— איהר האט דען מעהר וויא איין נישוועסטער קינד דא אין שטאָדט? מיר שיינט, אז קיין אנדערע קרובים און קרובטעס א חוץ דער שעהנער מערי, האט איהר דא אין מאסקווע ניט.

— מערי איז דאָ? — האט גריץ דערשראָקען געפרעגט.

— יא, זיא איז דא. איך שווער אייך ביי מיין אידישקייט, אז איך האב זיא ליעב וויא מיינע אן אייגענע טאכטער. איך האב נאך אזא בריליאנטענע מיידעל ניט געזעהען, איהר פאסט דאך צו זיין א בת מלכה. איך קען דאס גאר ניט פער־שטעהען ווארום איהר האט בעסער ניט זיא אויסגעקליעבען פאר אייער כלה אלס יענער רויטער מויד, יענע שטרויענע פאנע, ראטבלום׳ס טאכטער.

— אָבער גאָלדע! — האט גריץ שטרענג געזאגט — מיר שיינט, אז איך האב אייך שוין א פאר מאל געבעטען, איהר זאלט מיר קיין שידוכים ניט ריידען.

— חלילה! ווער רעדט אייך דען שידוכים? ווייל עס איז צו ריידנעקומען האב איך דאס דערמאנט. דען אזוי וויא איהר קענט מיך, אז איך בין ניט פון דיא ווייבער וואס האבען ליעב איבעראל דיא נאז צו שטופען און זיך מישען אין פרעמדע גע־שעפטען, זאג איך אייך, אז דא קען איך מיך שוין ניט איינהאלטען. חלעבען. איהר דארפט וויסען אז נאך אזא גוטען פריינד וויא איך בין אייך, האט איהר ניט געהאט

און וועט טאקי ניט האבען. טהוט מיר וואס איהר ווילט, איך קען פאָרט, האט מיר קיין פעראיבעל ניט קיין נארישקייט ניט צוקוקען. איך האב אייך געזאגט און זאג אייך יעצט אויך, און וועל אייך בעשטענדיג זאגען, אז דער שידוך מיט ראטבלום'ס טאָכטער איז פאר אייך קיין שידוך ניט. וואס איז דאס עפעס, אזא יונגער מאן וויא איהר זייט זאל אנשטאָפּען מיט מיליאָנען א פרעמדער נארישער מויד. כ'לעבען, פיעל גליקליכער וועט איהר זיין ווען איהר וועט בעסער חתונה האבען מיט אייער שוועסטערקינד און דערביי וועט איהר טאקי א מצוה אויך פערדיענען, ווארום זיא איז דאך נעבאך א יתומה, פאר וואָס זאלען אייערע מיליאָנען פערפרעמד ווערען?

— וועה איז מיר! איהר וועט דאך מיך הייטע דול מאכען — האט גריץ אונגעדולדיג אויסגערופען — וואס האט איהר זיך אן מיר אנגעטשעפּעט מיט אייער שידוכים, אז איך בין שוין א חתן.

— נישקשה, אויף מיינע אחריות. איהר מענט אזא שידוך אבלאָזען, איך נעהם אויף זיך דיא עבירה. זאל דאס מיר זיין וואס איהר וועט מיר שפּעטער ווינ־שען פאר דעם וואָס איהר האט מיך נעפּאָלגט. איך שווער אייך ביי מיינע קינדער, אז איך בין חלילה ניט אויסען מיינע שדכנות נעלד. מישטיינס געזאגט, און אז איהר וועט מיר שוין געבען עטליכע טויזענד רובעל שדכנות געלד, וועט איהר מיך דערמיט גליקליך מאכען? איך האב שוין געזעהען אין מיין לעבען געלד. איך בין ניט פון דיא ווייבער וואס קאכען זיך אזוי אין נעלד. מאכטייסע וועט איהר מיך וועלען פאר מיין גוטער עצה בעפריעדיגען וועל איך געווים אייער מתנה מיט דאנק אננעה־מען, אבער גאט איז מיין עדות אז איך בין דא קיין נעלד און קיינע מתנות אויסען, איך וויל דא פשוט א מצוה פערדיענען און דערביי טאקי אייך אויך אין איין וועג א טובה טהאן. פאלגט מיך ליעבער גריץ, טהוט וויא איך הייס אייך, וועט איהר שפּעטער פאר מיר גאט בעטען, איהר וועט שרייען אין אלע גאסען, אז גאָלדע דיא טענדלערקע האט אייך אויפ'ן גלייכען וועג געבראכט. אייער גישוועסטער קינד איז דא, זיא האט געוואלט גלייך צו אייך אריינגעהן, נור איך האב זיא אבגעהאלטען וויל איך האב געמיינט אז איהר שלאָפט. דאריבער בין איך אריינגעקראכען אהער אזוי שטיל וויא א גנב אום אייער שלאָף ניט צו שטערען, אבער יעצט אז איך זעה דאס איהר שלאפט ניט, וועל איך זיא אריינפיהרען אהער און טאקי פאר מיר אין דיא אויגען זאלט איהר אין א גוטער מזלדינער שעה ווערן חתן כלה. אך וואס פאר א שעהען פּאריל דאס וועט זיין, אזא יאהר אויף מיר טאטע זיסער. איהר זייט איי־נער פאר דעם אנדערן טאקי וויא געבארען געוואָרען.

— טהוט מיר צוליעב ליעבע גאָלדע — האט גריץ געזאגט — געהט ארויס פון דאנען און זאגט מיין גישוועסטער קינד, אז איך שלאָף יעצט און דארום זאל זיא קומען אין אן אנדער צייט.

— דאס וועט דיר ניט העלפען, איך הער אז דוא שלאפסט ניט — האט זיך אין דער מינוט געהערט א קלינגענדע שטימע און מערי איז אריינגעלאפען אינ'ם צימער.

— חע, חע, חע ! — האט גאָלדע געלאכט — אי, לעבען זאל זיא, ניט אומזיסט האב איך זיא אזוי ליעב בעקומען, דען זיא איז נאר קיין מיידעל ניט, נור א קאָזאק. בראַוואָ מיין טאכטער ! אזוי דארף מען טאקי האנדלען מיט היינטיגע שוועסטער־קינדער. געהט עס ניט מיט גוטען דארף מען צוטרעטען מיט בייזען. איך וועל אייך ניט שטערען קינדערלאך, איך וועל אייך דא איבערלאזען אליין. רעדט זיך דא אבי־סעל דורך און איהר וועט ביידע פערשטעהן, אז איהר זייט נור איינער פארן צווייטען בעשלאסען געוואָרען. פאלגט מיך ליעבער הערר גריץ, פאלגט דער אלטער גאלדען וועט זיין אזוי וואויל און אזוי גוט צו אייך.

און מיט א גליקליכען געלעכטער איז זיא ארויסגעגאנגען פון צימער.

— אזוי נאר ? — האט מערי מיט א גיפטיגען שמייכעל געזאגט אלס זיא איז מיט גריצען אונטער פיער אויגען געבליעבען — דוא האָסט געהייסען זאגען אז דוא שלאָפסט אום מיך ניט ארייגצולאָזען אין דיין צימער.

— איך בין יעצט ניט אויפגעלייגט געסט צו עמפפאנגען — האט גריץ שטרענג געענטפערט.

— איך בין גאר ניט געקומען צו דיר אין געסט. איך בין געקומען נאר וועגען געשעפטסזאכען ...

— געשעפטסזאכען ? וואס פאר א געשעפטען האב איך מיט דיר ?

— עפעס מאכסט דוא זיך אזוי נארריש נור וויא א קליינעס קינד. דוא ווייסט נאר ניט וואס פאר א געשעפטען מיר האבען יעצט ?

— ניין, איך ווייס ניט.

— נו, אויב דוא ווייסט ניט וועל איך דיר זאגען, אז איך וויל דוא זאלסט מיר היינטיגען טאג געבען צעהן טויזענד מזומנע רובעלס.

— וואס ?—האט גריץ מיט א שפּאָטישען געלעכטער געפרעגט.

— דוא מאך נור פון מיר ניט חוזק און לאך זיך פון מיר ניט אויס, דען איך בין ניט קיין משוגע'נע — האט מערי צאָרניג געזאגט — משוגע בין איך אפשר געוועזען ביז אהער וואס איך האב דיר געגלויבט אז דוא האָסט קיין גרויסע ירושה ערהאַלטען און איך האב ביי דיר נור גענומען הונדערט רובעל, יעצט אבער אז איך ווייס שוין אלעס ריכטיג, וועל איך שוין מעהר משוגע ניט זיין און וועל וועניגער פון צעהן טויזענד רובעל ביי דיר ניט געהמען.

— יעצט ווייסט דוא שוין זיכער אז איך האב א גרויסע ירושה ערהאַלטען ?

— יא, דאס ווייס איך קלאר.

— ווער האט דאס דיר געזאגט ?

— ווער מיר האט דאס געזאגט מאכט שוין ניט אויס, אבי איך ווייס אלעס און איך וויל צעהן טויזענד רובעל און אויב דוא וועסט מיר ארויסברענגען פון געדולד וועל איך בעטען צוואנציג טויזענד רובעל.

— דוא מעגסט בעטען חאָטש א מיליאָן רובעל.

— אזוי, איך מעג בעטען חאָטש א מיליאָן רובעל ? נו, און דוא וועסט זיך פון מיר אויסלאכען און וועסט מיר גאר ניט ענטפערן?

— איך וועל מיר נעווים פון דיר אויסלאכע,

— איך וועל דיר יעצט ענטפערן וויא דוא האָסט מיר נעענטפערט דוא מעגסט לאכען וויפיעל דוא ווילסט, אבער איך וועל שוין ניט לאכען איך וועל דיר אויפ- שפיעלען אזא חתונה וואס דוא וועסט מיר נעדענקען צייט דוא וועסט לעבען.

— וואס וועסט דוא מיר טהאן?

— דוא ווילסט וויסען וואס איך וועל דיר טהאן? זעהר גוט, דאס קען איך דיר גלייך זאגען. ערשטענס, וועל איך אריינגעהן צו ראטהבלומען אין דער צייט ווען דוא וועסט דאָרט זיצען און וועל דיר אין דיא אויגען דערצעהלען פון דער גאנצער אינטריגע וואס איך האב צוליעב דיר געמאכט, וואס איך האב אויף יאקאב פיין אזא פאַלש און אזא בילבול געמאכט. צווייטענס, וועל איך דאָרט דערצעהלען וויא דוא אונמענש האסט מיך אונגליקליך געמאכט. איך בין געוועזן אן ארדענטליך קינד א דיענסטמעדכען וואס האט פערדיענט איהר ברוידט מיט איהר שוויים, דוא שארלאטאן האסט מיך מיט דיינע זיכע רייד פון גלייכען ווענ אראפגעפיהרט און דורך דיר האב איך מיך איבערגעגעבען צו א שענדליכען לעבען. דריטענס, וועל איך טאקע דיא גאנצע געשיכטע אין געריכט איינגעבען, איך גלויב אז איך האב פאַלעס רעכט אויף דיר צו קלאגען און פאָרדערן מען זאל דיך בעשטראפען דערפאר וואס דוא האָסט מיך אין טיעפען אבגרונד געווארפען. דוא פערשטעהסט שוין יעצט וואס איך קען דיר טהאן?

— וויא פערשטעהסט דוא אבער, ווענמען וועט מען בעסער גלויבען מיר צו דיר? — האט גריץ שמייכלענד געפרעגט.

— מיר! — האט מערי מיט פייער געענטפערט — דען איך וועל פון דיר דיין מאסקע אראפרייסען און וועל פאר אלעמען ווייזען וויא שענדליך וויא שמוציג דוא ביסט דוא פערשטעקסט ?!

— דוא היצסט זיך נאר אומזאנסט מערי — האט גריץ שוין ערנסט אבער געלאסען געזאגט — דוא מיינסט ווירקליך אז דוא האָסט דא א גאָלד-גרוב געפונען, אבער איך זאג דיר אז דוא האָסט א גוואלדיגען אירטהום.

— איך האב שוין קיין אירטהום און אומזאָנסט ווילסט דוא זיך דיא מיה געבען מיך צו נאררען, איך וויים שוין קלאר אז דוא ביסט א מיליאנער געווארען און ווען דוא האָסט אליין קיין הערץ ניט מיר צו געבען עטליכע טויזענד רובעל, וועל איך דיך צווינגען דוא זאלסט מיר געגען דיין ווילען געבען וויפיעל איך וועל פער- לאנגען.

— זאג מיר נור מערי, צו ווילסט דוא מיך גאר ניט לאזען ריידען?

— איך וויים פריהער וואס דוא וועסט צו מיר ריידען. איך קען דיך שוין. איך וויים אז דוא וועסט מיר ווייטער זאגען דאס זעלבע אז דוא האָסט קיין ירושה ערהאלטען.

— וויא וועט אבער זיין ווען איך וועל דיר דייטליך איבערציינגען אז דיא וועלט האט אן אירטהום.

— מיט וואס וועסט דוא דאס מיר בעווייזען?

— נא לעז איבער דיעזען בריעף וועסט דוא פערשטעהן וואס דא טהוט זיך. איך בין פעסט פערזיכערט אז דוא וועסט מיין נעהיימנים קיינעם ענטדעקען.

— לאמיך נור זעהן וואס איז דאס פאר א נעהיימניס, האט זיא נעזאגט צר נעהמענד ביי איהם פון דער האנד דעם בריעף וואס ער האט איהר נענעבען.

זיא האט איהם אויפגעעפענט און האט נעלעזען פאָלגענדע ווערטער.

„ניו יאָרק, דעם 15טען יוני....18

„ליעבער פריינד סימאן.

„איך האב אלעס נעטהאן וויא דוא האָסט פון מיר פערלאנגט. איך האב צו־נעשיקט צו דעם באנקיר ראָטהבלום אזא בריעף וויא דוא האָסט נעבעטען. נעמליך איך האב איהם נעשריעבען אז דיין פעטער אין קאליפארניען איז נעשטארבען וויא ער האט דיר איבערנעלאזט פיעלע מיליאנען, איך האב אין מיין בריעף אויך אריינ־נעלייגט א נעדרוקטע שטיקעל פאפיער וואס ווייזט אוים וויא פון א צייטונג אויס־נעשניטען, דאָרט איז נעדרוקט דיא גאנצע נעשיכטע וואס דוא האָסט וועגען דער פאנאסטישער ירושה אויס־נעקלערט. איך גלויב, אז איבערלעזענדיג דעם בריעף וועט ער נים צווייפלען אז דוא ביסט א מיליאנער געווארען און דוא וועסט נעוויס ער־רייכען דיין ציעל.

„איך האָף אז דוא ביסט מיט מיר צופריעדען. יעצט וועסט דוא וויסען אז איך בין א גוטער ברודער.

„איך פערבלייב דיין וואהרער פריינד

N. B.

„שרייב מיר באלד דעם רעזולטאט פון מיין בריעף, דען איך בין דאס זעהר נייניערינ צו וויסען. ד. ז.

— נו, מערי, דוא זעהסט שוין יעצט וואס פאר א רייכער יורש איך בין? — האט נריין לאכענד נעזאגט — דוא זעהסט שוין חאָטש אז איך האב דיך נים נענארט?

— יעצט זעה איך אז דוא האָסט מיך נים נענאררט — האט מערי נעענט־פערט — אבער איך וויל וויסען ווארום האסט דוא דאס אלעס נעטהאן, נעוויס האָסט דוא דערביי א נעוויסען ציעל.

— פערשטעהסט דוא דען נים דעם ציעל וואס איך האב דערביי נעהאט? איך האב נעוואָלט איינפאך פערבלענדען דעם באנקיר ראָטהבלום וויא אויך זיין טאָכטער דיא אוינען, זיי זאלען מיך אלס מיליאניער בעטראכטען און רעבעקא זאל דארום מיך הייראטהען.

— דאס איז זעהר א קלוגער פלאן — האט מערי שפאָטיש נעלאכט — און עבען דארום האסט דוא מיך אנגערעדט איך זאל פאר רעבעקא'ן אויף יאקאב פיין א נרויסען לינען דערצעהלען, ווייל דוא האָסט נעוויס בעמערקט אז זיא האט דעם הערצן פיין ליעבער אלס דיך.

— נו, אז אזוי איז וואס?

— איז וואס פרעגסט דוא? דאס איז א שעהנע פראגע, מיך האסט דוא אויף מיין גאנצען לעבען אונגליקליך נעמאכט און האסט מיר מיט צעהן רובעל פער־

שמירט דיא אוינען איך זאל דיר צו א גרויס גליק פיהרען, דוא ווילסט גליקליך זיין אין דער צייט ווען איך וועל אין עלענד, אין זינד און אין אונגליק לעבען?

— איך האב דאך דיר נאך הונדערט רובעל געגעבען.

— דוא האָסט ערשטענס דאס מיר ניט געגעבען, איך האב עס פון דיר מיט געוואלד ארויסגעריסען. צווייטענס האט עפּעס א בעטרעף ביי מיר הונדערט רובעל, קען איך שוין דאמיט גליקליך זיין?

— איך האב דאך אבער יעצט קיין געלד מעהר דיר צו געבען. דיא הונדערט רובעל זיינען דיא לעצטע געוועזן.

— איך וויל ביי דיר קיין געלד מעהר נעהמען.

— וואס דען ווילסט דוא?

— איך וויל דיין פרוי ווערען, איך קען שוין מעהר אזא לאסטערהאפטעס לעבען ניט פיהרען, איך וויל לעבען וויא אלע פרויען לעבען, דוא פערשטעהסט מיך צו ניט?

— וואס רעדכט דוא דומעס מעדכען? — האט גריץ ערציטערט אויסגע-רופען — דוא פערלאנגסט אונמעגליכעס.

— אונמעגליכעס פערלאנג איך? וואס איז, דיר שטעהט ניט אן צו הייראטהען אזא מעדכען וועלכע פערקויפט איהר עהרע פאר געלד? אבער ביסט דוא דען א שעהנער מענש פאר מיר, טהוסט דוא ניט דיא שענדליכסטע שמוצינסטע שווינדלען צוליעב געלד? דער אונטערשיעד צווישען אונז ביידען איז נור דאס וואס איך בין געצוואונגען צו לעבען אונאָרדענטליך און דוא טהוסט עס פון גרויס ראָשקאָש. נו, זאג-זשע אליין ווער איז א שעהנערער מענש, איך צו דוא?

— אבער דוא דארפסט גאר וועגען אזא דומהייט ניט דענקען.

— אויב איך דארף וועגען אזא דומהייט ניט דענקען, זאלסט דוא אויך ניט דענקען פון דער דומהייט צו הייראטהען מיט רעבעקא ראטהבלום. דען איך וועל דאצו ניט דערלאזען. איך וועל איהר אלעס דערצעהלען, אויך פון דעם שווינדעל מיט דער ירושה וועל איך איהר איבערגעבען.

— אונגליקליכע! — האט גריץ העכסט צאָרניג א געשריי געטהאן אויפשפרינ-גענד פון זיין אָרט מיט געבאלטע פויסטען — דוא ווערסט וואגען אזא זאך צו טהאן, איך וועל דיך דא אויף דעם אָרט טויט שלאגען.

-- דאס קען מען פון דיר ערווארטען, — האט מערי קאלט געענטפערט דען דער מענש וואס ערלויבט זיך אזעלכע שווינדלען צו מאכען דער קען אויך זעהר לייכט א מארד בעגעהן. אבער דוא זאלסט ניט דענקען אז איך וועל מיך לאזען אזוי שנעל פון דיר ערמאָרדען, הייב נור א האנד אויף מיר אויף, מאך איך אזא געוואלד דאס פון דער גאנצער גאס וועט מען זיך צוזאמען לויפען און אלע וועלען ערפאהרען וואס דוא ביסט פאר א פויגעל.

— וואס ווילסט דוא אונפערשעהמטע? — האט גריץ געברומט קריצענד מיט דיא צייהן.

— איך וויל ענטוועדער דיין פרוי ווערען אדער א סך געלד.

— הערצלאַזע ! וואו זאל איך דיר נעהמען נעלד ?

—דיר איז לייכט צו בעקומען יעצט נעלד, ווייל אלע מיינען אז דו ביזט א מיליאָנער נעוואָרען, דוא דאַרפסט נור איין וואָרט אויסריידען וועט מען דיר טראָגען נעלד פון אלע זייטען.

— ווער ? ווער וועט מיר נעבען נעלד ? — האט נריין מיט א פערשטיקטע שטימע נערעדט און זיינע אוינען זיינען היא מיט בלוט אננעפילט נעוואָרען.

— ווער ? — זאנאר דיין ווירטהין וועט דיר נעבען נעלד וויפיעל דוא ווילסט.

— זיא וועט ניט נעבען.

— זיא וועט יא נעבען זאג איך דיר. זיא האט דאס מיר אויך נעזאנט.

— זיא האט דיר נעזאנט ? דוא האסט שוין מיט איהר וועגען דעם נערעדט?

— עס איז בלויז צורייך נעקומען, האט זיא מיר נעזאנט, אז זיא וועט דיר נעבען נעלד וויפיעל דוא וועסט אליין וועלען.

— וויפיעל זשע פערלאַננסט דוא ?

— וועניגסטענס פערלאַנג איך טויזענד רובעל.

— ביזט דוא וואהנזיניג ? טויזענד רובעל ? וואו וועל איך נעהמען איהר אזוי פיעל נעלד אָבצונעבען ?

— דוא וועסט חתונה האבען מיט רעבעקאַ׳ן, וועסט דוא נענוג נעלד האבען.

— ניין ! עס מעג זין וואס עס וויל, איך וועל דיר איין קאָפיקע ניט נעבען.

— נו, דארף מען ניט, זיי זיך געזונד. מעהר וועסט דוא מיך שוין ביי דיר אין צימער ניט זעהן.

זיא האט ביי דיא וואָרטען נעוואָלט אוועקגעהן.

— וואוהין פליהסט דוא, דומעס מערכען ?

— וואס אינטערעסירט דאס דיך, וואוהין איך פליה ? מיר זיינען שוין אויס מחותנים.

— אָבער מערי ערבאַרם זיך ! — האט ער זיך נעבעטען זיא אנגרייפענד ביי דער האנד — איך פרעג דיך איז דאס אָרדענטליך פון דיר דוא זאָלסט מיך אזוי פיעל קוועלען ?

— ווארום רעדסט דוא מיר פון אָרדענטליכקייט, — האט זיא שפאטיש נע-זאנט — מיר זיינען אונטער פיער אוינען און מיר ווייסעןביידע אז מיר זיינען ניט קיין אָרדענטליכע לייט. איך פרעג דיך צום לעצטען מאל, וועסט דוא מיר נעבען דיא טויזענד רובעל.

— איך קען ניט, מערי. איך שווער דיר ביי מיין לעבען, אז איך קען ניט.

— איך וויל פון קיין זאך ניט ווייסען, דוא וועסט מיר נעבען טויזענד רובעל אָדער ניט ?

— איך וועל אלע קרעפטען אָנווענדען דיר צו נעבען הונדערט רובעל.

— וואָס ? הונדערט רובעל ווערסט דוא מיר נעבען ? א שעהנעם דאנק דיר, מיין מיליאָנער. איך וועל ביי דיר זאנאר 999 רובעל ניט נעהמען, איך וויל גאַנצע טויזענד און טאקע דיא מינוט.

— דיא מינוט ־ ואס איז מיט דיר געווארען מערי? עס פאסט דאך איינפאך ניט שוין צו בעטען ביי דער ווירטהין לייהען געלד, זיא וועט פערשטעהן אז דא מוז עפעס זיין.

— נו, וועל איך דיר צוליעב טהאן און וועל ווארטען ביז מארגען אבענדס. געדיינק זשע סימאן, דוא האסט צייט ביז מארגען אבענדס, ווען איך וועל צו דיר קומען, זאל שוין דאס געלד ליגען גרייט דא אויפ'ן טיש. דוא הערסט? נור מעהר האב איך ניט וואס מיט דיר צו ריידען. א גוט נאכט.

זיא האט ניט געווארט אויף אן אנטווארט און איז ארויסגעגאנגען.

— דאס איז א ביטער געשעפט — האט גריץ צו זיך אליין געטענעט אלס זיא איז ארויסגעגאנגען — איך האב מורא אז זיא וועט מיך קיין מאל ניט לאזען לעבען. מען מוז זוכען עפעס א מיטעל וויא אין גאנצען פון איהר פטור צו ווערען.

235טעס קאפיטעל.

## אַ שרעק נאך אַ שרעק.

גרינזאנג מיט זיין פרוי סאבינא זיינען אויסער זיך געווארען פון דער גרעפין קלאטהילדא'ס שרעק. זיי האבען גאר ניט פערשטאנען ווארום זיא איז אזוי ערצי־טערט געווארען און איז וויא א וואהנזיניגע פון זייער הויז ארויסגעלאפען. אויך מאריא האט ניט פערשטאנען וואס דאס בעדייט. זיא האט גערעכענט, אז איהר שול־קאלעגין קלאטהילדא איז איהר בעסטע פריינדין, און אנשטאט דעם וואס זיא האט זיך בעדארפט ערפרייען אלס זיא האט זיך מיט איהר בעגעגענט, איז זיא גאר ערשראקען געווארען און איז פארטגעלאפען וויא פאר א טייפעל.

איהר איז גאר ניט איינגעפאלען דער געדאנק, אז דיעזע שול־קאלעגין האט איהר אין טיעפסטען אבגרונד געשליידערט, אז דורך איהר איז זיא צו דער געגענ־ווערטינער שרעקליכער לאגע געקומען.

— וואס זאל דאס בעדייטען? — האט גרינזאנג דער ערשטער געפרעגט — איך גלויב, אז דיא יונגע גרעפין האט איהר פערשטאנד פערלארען.

— דוא צווייפעלסט נאך אין דעם אז זיא איז וואהנזיניג? — האט סאבינא געענטפערט — זא א שרעק און אזא ווילדהייט זעהט מען נור ביי וואהנזיניגע. ארמעס קינד! מיר איז א וואונדער, וואס טיי לאזט זיא אליין ארומגעהן איבער דיא גאסען.

— איך קען דאס מיר ניט ערקלערען זאט מאריא געזאגט — זיא איז אימער געוועזען א געזונדע מיט א קלארען מענשען־פערשטאנד.

— איהר קענט זיא דען? — האט גרינזאנג געפרעגט.

— יא, איך האב מיט איהר צוזאמען אין איין שולע געלערנט. מיר זיינען געוועזען דיא בעסטע פריינדינס.

— שוין לאנג האט איהר זיא ניט געזעהן?

— העכער א יאהר.

— מיר שיינט, אז אייער ערשיינען האט אויף איהר א שטארקען איינדרוק געמאכט.

— דאס קען זיין.

— איך גלויב, — האט גרינזאנג נאכדענקענד געזאגט — דאס איך פערשטעה דיא אורזאכע פון איהר שרעק.

— וואס איז דאס, נאך אייער מיינונג?

— זיא האט געמוחט הערען אז איהר זייט טויט, און דארום האט זיא זיך ערשראָקען, אלס זיא האט אייך זאָ אונערווארטעט דערזעהן לעבעדיג.

— זיא איז אבער ניט פון דיא שרעקעדיגע קינדערלאך געווען — האט מאריא געזאגט — אין געגענטהייל, מען האט זיא אין דער שולע געהאלטען פאר דער מוט־הינסטער פרייליין. איך וועל איהר א בעזוך אבשטאטען און מוז ערפאהרען וואס מיט איהר טהוט זיך. נור געגוג יעצט פון איהר צו שפרעכען. דערצעהלט מיר, הערר גרינזאנג, וואס הערט זיך אין דאנילאָווקא?

— וואס זאָל זיך דאָרט הערען ... האט גרינזאנג געשטאמעלט.

— האט איהר געזעהן מיין מאן?

— ניין.... איך האב איהם ניט געזעהן.

— ער איז יעצט ניט אין זיין דאָרף?

— ניין.

— וואו דען איז ער?

— דאס קען איך אייך ניט זאגען.

— ווארום קענט איהר דאס מיר ניט זאגען? צו דערפאר וואס איהר ווייסט ניט וואו ער איז, אדער דאָ שטעקט אן אנדער אורזאכע?

— איך קען דאס אייך אויס פערשיעדענע אורזאכען ניט זאגען — האט גרינ־זאנג געענטפערט, און עס וואר לייכט אָן איהם צו דערקענען, אז דאס געשפרעך איז איהם זעהר אונאנגענעהם.

מאריא האט איהם ערשטוינט איינינע מינוטען אנגעקוקט און האט נאכהער געזאגט:

— איהר מאכט מיך שטארק אונרוהיג, הערר גרינזאנג. איך בין זעהר נייגיעריג צו וויסען דיא אורזאכע, ווארום קענט איהר מיר ניט זאגען וואו מיין מאן איז?

גרינזאנג האט געשוויגען.

— און איך פערשטעה ניט, ליעבע מאריא — האט זיך סאבינא אנגערופען — ווארום פרענט איהר זיך אזוי נאך אויף דעם טיראן, וואס האט אייך זאָ מערדעריש בעהאנדעלט? עס איז ווירקליך א שאנדע פאר אייך, איהר זאָלט נאָר וועגען איהם ריידען.

— אבער, מאדאם גרינזאנג, איך פערשטעה אייך נאר ניט, — האט מאריא געזאגט — איהר זעלבסט האט דאך מיר ערקלערט, אז איך קען נאך גליקליך זיין, ווען מיין מאן וועט צום שכל קומען און וועט פערשטעהען, אז ער האט מיך שלעכט בעהאנדעלט. איהר אליין האט געזאגט, אז ער איז אין דעם אונגליק ניט אזוי שולדיג, ווייל שלעכטע מענשען האבען איהם דיא אויגען פערבלענדעט.

-- יא, איך האב דאס ווירקליך געזאגט, אבער איך האב זיך דאך ענדליך בעקלערט, אז ער איז פאָרט אליין אין דעם גאנצען אונגליק שולדיג, ווייל א מענש מיט א ריינעם געוויסען דארף זיך ניט איינהערען צו דעם וואס שלעכטע צונגען ריידען, און ווען ער הערט זיך יא צו זייערע ווערטער איין, דארף ער זיי ניט גלויבען, און דער מענש וואס גלויבט בלינד אלעס וואס מען דערצעהלט איהם און בעגעהט דורך אזעלכע דומהייט אן אונרעכט, דער האט ניט דיא ווערטה צו טראגען אויף זיך דעם נאמען מענש.

— עס קען זעהר זיין, אז איהר האט רעכט אין בעצוג אויף אנדערע פערזאָ־נען — האט מאריא געענטפערט — אבער וואס אנבעלאנגט צו מיין מאַן, זאג איך אייך, אז איהר מוזט מיר ענטשולדיגען ווען איך וועל אייך זאגען, אז איהר האט אן אירטהום. אנטאן איז דער בעסטער מענש אין דער וועלט. און דאס אונגליק וואס ער האט אויף אונז ביידען געבראכט שטאמט אויך בלויס פון זיין גוטסקייט. ער ווייס פון קיין פאלשקייט און פערשטעהט זיך אויך ניט אויף בעטרוג, און וויא באלד שלעכטע מענשען האבען זיך צו איהם צוגערוקט מיט פאלשע פערלייםדונגען, האט ער געמוזט גלויבען אלעס וואס זיי זאגען. איך בין פעסט איבערצייגט אין דעם, דאס ווען ער וועט זיך ארומזעהן אויף דעם פעהלער וואס ער האט געמאכט, וועט ער צו מיר נאך פיעל בעסער זיין אלס ער איז פריהער געוועזן. ער וועט זיין גאנץ לעבען בערייהען דיא שלעכטעס וואס ער האט מיר צוגעפינט צוליעב זיין לייכט־גלויבינקייט.

— ניין, מאריא! איך בין ניט מיט אייער מיינונג — האט סאבינא מיט זעהר אן אונרוהיגע מינע געזאגט — איך וועל זיך האלטען ביי מיינע ווערטער, דאס אייער מאַן האט ניט פערדיענט איהר זאָלט פון איהם דענקען און וועגען איהם פרעגען. פערגעסט דעם אונמענשען און רעדט שוין מעהר ניט וועגען איהם...

— מאדאם גרינזאנג! — האט מאריא זעהר ערנסט געזאגט — איך פער־שטעה, אז דא האט עטוואס שרעקליכעס פאסירט און דארום ווילט איהר איך זאָל וועגען מיין מאַן ניט מעהר פרעגען. אבער, מיינע פריינדע, איהר מאכט מיך דערמיט נאך אונרוהיגער. איך בעט אייך, העדר גרינזאנג, האט מיטלייד מיט מיר, און דערצעהלט מיר אלעס וואס איהר ווייסט פון מיין מאַן.

גרינזאנג האט שוין געוואלט עפענען דאס מויל צו ענטפערן, אבער סאבינא האט איהם א ווינק געטהאן ער זאָל שווייגען, און האט זיך געווענדעט צו מאריא'ן געזאגט:

— איך האב ניט ערווארטעט פון אייך, מיין קינד, איהר זאָלט אזא שוואכ־הייט צייגען. אום זיך צו אינטערעסירען פאר אזא מענשען וואס האט אייך אזוי אונמענשליך, אזוי הימעלשרייענד בעהאנדעלט, דארף מען אין זיך קיין עהרענגעפיהל האבען; איך ווייס דאָך אבער אז איהר בעזיצט אין זיך פיעל מעהר עהרענגעפיהל אלס א געוועהנליכער מענש, דארום קריינקט דאס מיך ווען איהר רעדט אזוי פיעל פון דעם הערצלאָזען גראף.

— אבער, מאדאם! וואס נוצען דיא אלע ווערטער — האט מאריא פאסט

שטרענג געזאגט — איך וויל דורכאויס וויסען וואס איז מיט מיין מאן געוואָרען.

— וואס זאל פון איהם ווערען? ער איז געזונד און שטארק, צופריעדען מיט דער מערדעריי וואס ער האט געגען אייך בעגאנגען.

— איך וויים, אז איהר זאגט קיין מאל קיין לינען — האט מאריא נעענט־פערט — אבער אייער מאנס געזיכט צייגט אויף עטוואס אנדערש. איהר האט מיך צו שטארק ליעב, מאדאם גרינזאנג, און דארום ערלויבט איהר זיך מיך צו נארען. פאר אייער גרויסע ליעבע צו מיר בין איך אייך זעהר דאנקבאר, אבער איהר מוזט וויסען אז מיט דער אונריכטיגקייט וואס איך הער פון אייך יעצט, מאכט איהר מיר זעהר אונרוהיג. דארום ביטע איך אייך, טהוט מיר צוליעב און ערצעהלט מיר אלעס וואס איהר וויסט פון מיין מאן. דאס הערץ זאגט מיר, אז איהם האט אן אונגליק געטראפען.

— ווארום דענקט איהר אזוי? — האט גרינזאנג געפרעגט.

— איך דענק אזוי, ווייל לויט איך קען מיין אנטאנען, וויים איך, אז דיא מערדעריי וואס ער האט געגען מיר בעגאנגען וועט איהם קיין מאל קיין רוהע גע־בען. איך פירכטע, אז דאס וועט איהם צום טויט בריינגען.

— און ווען זאגאר דער פאל זאל יא אזוי זיין, דארפט איהר זיך אזוי נעהמען צום הערצען? — האט סאבינא געזאגט.

— וואס? — האט דיא גרעפין ערציטערט אויסגערופען — האב איך קיין אירטהום געהאט, אז מיין ליעבער מאן....

— עס איז שוין פערפאלען, גרעפין — האט גרינזאנג זיפצענד געענטפערט — איהר דארפט איהם שוין פערגעסען, און בעטען גאָט ער זאָל איהם זיינע גרויסע זינד פערצייהען.

— איז ער טויט? — האט מאריא אויסגערופען, און איהר געזיכט איז לייך־בענבלאס געוואָרען.

— יא.... ער איז שוין אין יענער געהיימניספאָלער בעסערער וועלט — האט גרינזאנג געענטפערט.

— טויט? מיין ליעבער מאן איז טויט? — האט מאריא פערצווייפעלט און יאמערנד א געשריי געטהאן פאלענד אָהנמעכטיג אויף א שטוהל.

— אבער, מאריא, מיין קינד! אום גאטעס ווילען, ווארום געהמסט דוא דיך זיין טויט אזוי צום הערצען? — האט סאבינא געזאגט זיא ערגרייפענד ביי ביידע הענד.

— טויט? מיין מאן איז טויט? — האט מאריא שלוכצענד גערעדט וויא צו זיך אליין — אָ, גאט! ווארום האסט דוא מיך בעסער פון דיעזער שלעכטער וועלט אנשטאט איהם ניט צוגענומען? מיט פערגעניגען וואלט איך מיין לעבען פאר זיינעם אבגעגעבען.

זיא האט מעהר ניט געקענט ריידען. איהר איז אין דיא אויגען פינסטער געוואָרען און זיא איז געבליעבען פערוואָרפענד דעם קאפ אהינטער אין אָהנמאכט.

— מאריא! מיין קינד! — האט סאבינא אויסער זיך פאר שרעק געשריען,

פאלענד איהר אום דעם האלז — מיכאל! וועה איז מיר. זעה, זיא איז אין אהנמאכט געפאלען.

— א דאקטאר! א דאקטאר! — האט גרינזאנג געשריען צולויפענד צום טהיר — שנעל זאל מען בריינגען אהער א דאקטאר אדער צוויי.

— וואסער! וואסער! — האט סאבינא מיט אלע קרעפטען געשריען.

236טעס קאפיטעל.

## דיא נידערטרעכטיגקייט טריאומפירט.

— בראוואָ מאלאיעוו! — האט דער פאלקאָווניק מאלינבערג אויסגערופען אלס דער קאפיטאן איז צו איהם אריינגעקומען — איך קען אייך געבען דיא בעסטע צייגניס אז איהר זייט א קינסטלער זאָנדער גלייכען. איהר האט אָבגעארבייט דיא געשיכטע מיט ברענערן וויא א מייסטער ערשטער קלאסע.

— האב איך אייך ניט פריהער געזאגט, אז איהר קאנט זיך אין דעם פאך אויף מיר פערלאָזען? — האט מאלאיעוו געלאכט — איך מוז אייך זאָגען אז איך האב גאָר ניט בעוויזען אזעלכע קונסטשטיקע וויא איהר זאגט. איך האב נור צוקוועטשט א וואנץ און ווייטער גאר ניט.

— זאגט דאס ניט, ליעבער פריינד. איהר האט דא געוויזען אזא העלדענ־טהאט וואס מען דארף בעוואונדערן. ערמארדען אן ארעסטאנט אין אסטראג זא דאס קיין האָן זאל א קרעה טהאן, דאס איז צו בעוואונדערן.

— אבער יעצט פאלקאָווניק זייט איהר שוין רוהיג.

— יא, יעצט בין איך פאלקאמען רוהיג, דען דיא גאנצע שולד וועט יעצט פאלען אויף דעם געהאנגענעם ברענער און אויף דעם צווייטען זשידאָק וואס זיצט שוין זייט אייניגע וואכען אין געפענגניס פאר דער זעלבער זינד.

— יא, דער צווייטער זשידאָק וועט דא אויך כאפען א טהייערן קלאפ, איהם וועט ניט העלפען קיין שבועות און קיינע רעדעס. אבער איך האב אייך יעצט גע־בראכט נאך א וויכטיגערע נייעס.

— נאָך א וויכטיגע נייעס? — .זאט מאלינבערג ערשטוינט געפרעגט.

— יא, דאס וועט ביי אייך זעהר וויכטיג זיין. איהר וועט גלויבען, אז אונזער שעף ווייס פון דער גאנצער געשיכטע.

— פון וועלכער געשיכטע ווייס ער? — האט מאלינבערג ערשראָקען געפרעגט.

— פון דער געשיכטע וואס איך האב ברענערן ערמארדעט.

— איהר שפאסט ניט קאפיטאן?

— איך שווער אייך ביי מיין לעבען, אז ער ווייס פון אלעס.

— ער ווייס אז איהר האט ברענערן ערמארדעט? — האט מאלינבערג גע־פרעגט ציטערנד ביי אלע גליעדער.

— יא, ער ווייס פון דעם.

— וויא אזוי האט ער דאס ער[illegible]

— דאס ווייס איך ניט.

— אבער ווער האט דאס אייך דערצעהלט אז ער ווייס ראפאן?
— ער זעלבסט האט דאס מיר געזאגט.
— וואס האט ער אייך געזאגט?
— ער האט מיר געזאגט אפען, אז ער ווייס ריכטיג דיא גאנצע געשיכטע, וויא איך האב דעם סמאטריטעל פערשכורט און ברענערן ערמארדעט.
— נו? — האט מאלינבערג נייגיעריג געפרעגט.
— איהר מוזט געוויס מיינען אז וויא באלד ער ווייס דאס, וועט מען אונז דיא קעפ אבהאקען אדער אויפהענגען? האט גאר קיין פורכט ניט, אונז וועט קיין שלעכטעס געשעהען.
— אבער קאפיטאן, רעדט מיט א פולען מויל, איהר מאכט מיר דעם טויט מיט אייערע האלבע ווערטער.
— וואס שרעקט איהר זיך אזוי, ווען איך שרעק מיך ניט, — האט מאלאיעוו געלאכט — ער האט מיר געזאגט, אז אויס מיטלייד צו אונז ביידען, וועט ער אונז קיין שלעכטעס טהאן, אבער ווען עס וועט זיך נאך א מאל אזא געשיכטע טרעפען וועט ער אונז געוויס ניט שענקען.
— אונז? האט ער דען מיך דערמאנט?
— ער ווייס דאפאן אויך אז מיר ביידע האבען שולד אין ברענער'ס טויט און אז מיר זיינען וואהרהאפטיג'ס ווירקליכע מערדער.
— אבער פון וואנען ווייס ער דאס?
— דאס קען איך ניט וויסען.
— נו, וואס האט איהר איהם געזאגט?
— וואס פערשטעהט איהר דא ניט, אז איך האב מיך פון דער גאנצער געשיכטע אבגעלייגנעט. אבער ער האט א שמייכעל געטהאן און געזאגט: איהר פערשפארט זיך צו פערענטפערן, איך ווייס אלעס, מען האט מיר אלעס דערצעהלט. אבער איהר דארפט דאנקען גאט דאפיר וואס איך בין אייער שוצ-ענגעל, ביי אן אנדערן וואלט איהר פאר אזא געשיכטע אוועקגעגאנגען ווייט, זעהר ווייט פון דאנען.
— נו, וואס זשע האט איהר געענטפערט?
— איך האב אלס דאס זעלבע געזאגט, אז מיר וויסען פון דיא מארדטהאטען ניט, דאך דאנק איך איהם דאפיר, וואס ער גלויבט ניט אויף אונז אזעלכע זאכען און ער טהוט אונז דאפיר קיין שלעכטעס.
— זעהט נור, ליעבער מאלאיעוו, צו האט ער מיט דיא ווערטער ניט געוואלט עפעס אויספארשען פון אייך.
— איהר קענט זיך שוין אויף מיר פערלאזען, אז איך פערשטעה ווען מען וויל פון מיר עפעס אויספארשען. ער האט דאס גערעדט אין פאלען ערנסט.
— דאס איז אבער זעהר א ביטערע געשיכטע.
— ווארום איז דאס אזוי ביטער?
— וויא באלד דער שעף ווייס פון אזעלכע זאכען, וועט ער שוין אויף אונז מיט אנדערע אויגען קוקען.

— דערפאר זאלט איהר זיך נארניט שרעקען, אין גענענטהייל, דאס בעווייזט אונז אז דער שעף האט פערגניגען, ווען מיר מאכען מיט עטליכע זשידעס ווענינער. מיר שיינט אז אייך איז שוין פון לאנג בעקאנט, אז ער האט שרעקליך פיינד דיא זשידעס.

— יא, דאָס וויים איך.

— נו, וויא באלד איהר ווייסט דאס, דארף אייך שוין ניט זיין קיין וואונדער וואס ער מאכט אזא זינד אוועק אונטער דער האנד. מיר קענען אונזערע געשעפטען וויטער פאָרטטרייבען און קענען זיכער זיין אז דער שעף וועט אימער אונזער שוצ־ ענגעל זיין.

— אָבער פון וואנען האט ער דיא געהיימנים געקענט ערפאהרען?

— עס קען זיין אז איינער פון דיא ווכטער האט דאס איהם איבערגעגעבען.

— זיינען דען געווען עטליכע וועכטער דאביי ווען איהר האט ברענערן ער־ מאָרדעט.

— עס איז בלויז געווען איין וועכטער דאביי און דיזער האט ערהאלטען פון מיר א שעהנע סומע ער זאל האלטען מויל, ער האט דאס מיר הייליג פערשפראכען.

— אבער עס קען זיין אז ער האט קיין וואָרט געהאלטען און האט דאס יעמאנדען דערצעהלט? ווער וויים נאך ועמען ער קען דאס דערצעהלען.

— איך האב שוין וועגען דעם אליין געטראכט, איך וועל מיך מיט איהם זעהען און וועל מאכען ער זאל שוין מעהר ניט רעדען, איך גלויב אז איך וועל דאס אויספיהרען.

— נעדיינקט זשע, איהר זאָלט דאס ניט האלטען פאר גרינג. מען מוז איהם פערשטאָפּען דאס מויל מיט גוטען צו מיט בייזען, אָבער ווער וויים פיעללייכט האט דאס דער שעף ערפאהרען פון אן אנדער זייט.

— ניין! פון קיין אנדער זייט האט ער דאס ניט געקענט ערפאהרען, דען קיין אנדערער וויים פון דער שרעקליכער געשיכטע ניט. יעצט פאָלקאָווניק מוזען מיר זיך פארבערייטען צו אן אנדער זאך.

— צו וואָס פאר א זאך?

— מיר מוזען אלע קרעפטען אָנווענדען און מאכען, אז מען זאל דעם צווייטען זשידאָק, וועלכער זיצט פאר דער בעשולדיגונג אז ער איז איינער פון וואהרהאפטינס מערדער, אלס דעם צווייטען פון ברענערן ערקלערען, דאס הייסט מען זאל ניט צווייפלען אין דעם אז ער מיט ברענערן האבען וואהרהאפטיגען ערמאָרדעט, דען וויא באלד דיא וועלט וועט ערפאהרען אז דיעזער זשידאָק איז דער ווירקליכער מערדער וועט שוין קיינעם ניט איינפאלען עטוואס שלעכטעס וועגען אונז צו דענקען.

— מיר שיינט אז דאס איז גענצליך איבעריג, וויא באלד דער שעף נעהמט אונז אונטער זיין שוץ האבען מיר ניט צו פירכטען.

— זאגט דאס ניט, איך גלויב דאס וויא באלד דיא געשיכטע איז אנגעקומען צו דעם שעפס אויערן, וועט דאס אויך צו אנדערע אויערן אנקומען און איבעראל וועט מען ריידען פון אונז אלס פון מערדער, דאס קען אונז קיינע נוצען ברענגען.

ווען אבער מען וועט אלס א נעוויסען פאקט דערצעהלען, אז דיא מערדער זיינען ברענער מיט יאקאב פיין, וועט מען ישוין ניט גלויבען אז מיר האבען דא אנטהייל נענומען.

— דאס האט איהר זעהר רעכט. אלזא וואס האבען מיר דא צו טהאן?

— מיר מוזען אויסנעפינען נאך א פאר עדות וואס מיט זייערע בעווייזע זאל מען יעדען צווייפעל וועגען פיין׳ס אונשולד פעריאגען.

— דאס איז פון דיא לייכטעסטע זאכען. מיר וועלען הייסען צוויי פון אונזערע לייטע זיי זאלען אלס עדות ערשיינען און זיי וועלען שוין זאגען אלעס וואס מיר וועלען זיי הייסען.

— אזוי עדות איז עפעס ניט אזוי גוט. דאצו דארף מען ציינען נאר פון אן אנדער קלאסע.

— וואס מיינט איהר מיט אייערע ווערטער?

— איך מיין מיר זאלען אנשטעלען עפעס א מערדער וואס זאל זאגען אז זיא איז פיין׳ס נעליעבטע און אין יענער נאכט ווען דער מארד האט שטאטגעפונען, האט זיא אין איהם בעמערקט זאנדערבארע זאכען און זיא האט פערשטאנען אז ער האט יענע נאכט א שרעקליכע זאך נעטהאן.

— דאס איז אויך א שעהנער פלאן.

— אבער וואו נעהמט מען אזא מערכען.

— דאס איז אויך א נעשעפט? ווענינ פרויען זיינען דא וואס פאר געלד וועלען זיי דערצעהלען גאנצע לינענס זאגאר אויף גאט אליין.

— אבער צו אזא נעשעפט מוז מען האבען א אידיש מערכען, ווייל דער יאקאב איז אויך א איד.

— אין נענענטהייל, צו אזא נעשעפט דארף מען האבען א קריסטין אום זיא זאל זאגען דאס דער זשיד האט זיך פאר איהר אלס קריסט פארגעשטעלט און זיא האט איהם נעגלויבט און האט איהם דארום מיט ליעבע נעענטפערט, ענדליך אבער האט זיא ערפאהרען אז ער איז א זשיד און נאך א מערדער דאצו, דארום האט איהר דאס נעוויסען ניט נעלאזט רוהען און זיא האט זיך בעשלאסען ארויסצוגעבען אלעס וואס זיא ווייס וועגען איהם.

— נו, קענט איהר נאר אזא קריסטין ניט נעפינען וואס זאל אזעלכע ווערטער ריידען?

— פיעללייכט ווייסט איהר פאלקאווניק פון אזא קריסטין?

מאלינבערג האט איינינע מינוטען נעטראכט און האט ענדליך נעזאגט:

— ווארום זאלט איהר זיך ניט ווענדען צו מארושא דער וועשינס טאכטער פאאולינא וועלכע האט ביי מיר א גאנץ יאהר נעדיענט?

— איהר האט זעהר רעכט פאלקאווניק — האט מאלאיעוו ערפרעהט אויס־נערופען. זיא איז נעבארען צו אזא קאמעדיע, דען ערשטענס האט זיא אזוי ליעב נעלד, דאס זאגאר איהר איינענער מוטער איז זיא פערטינ פאר נעלד צו פערקויפען. צווייטענס, האט זיא זעהר פיינד א אידען.

— איך וועל אייך נאך א בעסערן ראטה געבען — האט מאלינבערג נאך א קורצעם נאכדענקען נעזאגט:

— וואס איז פאר א ראטה?

— איהר זאלט פאאולינא'ן געבען א בריליאנטענעם רינג פון דיא וואס מיר האבען אוועקגרויבט פון וואהרהאפטיגס קאמאדע, זיא זאל זאגען אז דעם רינג האט זיא ערהאלטען פון יאקאב פיין.

— דער ראטה איז פראכטפאָל — האט מאלאיעוו ענטציקט אויסגערופען. איך וועל דאס שוין בעזארגען, דען צווישען דיא רינגען געפינט זיך איינער וואס טראגט אין זיך דעם נאמען מאלווינא וואהרהאפטיג, דאס איז געוויס דער נאמען פון דער מאדאם וואהרהאפטיג.

— זעהר גוט! — האט מאלינבערג געענטפערט — גיט איהר איבער דעם רינג און ווען זיא וועט זאגען דאס זיא האט איהם ערהאלטען פון יאקאב פיין, וועט שוין קיינער צווייפלען אז נור ער איז וואהרהאפטיג'ס ווירקליכער מערדער.

237טעס קאפיטעל.

## געפעהרליכע עהרליכקייט.

דיא לעזער קענען זיך לייכט פארשטעלען וויא אדעלא'ן איז פינסטער געוואָרען אין דיא אויגען אלס זיא האט געטראפען נעלידאוו'ן לעזענדיג דעם בריעף וואס זיא האט צוגעגרייט פאר איהר פאטער. אויך נעלידאוו איז געבליעבען פערווירט און פערטומעלט אלס אדעלא איז אריינגעקומען און האט איהם געטראפען לעזענדיג איהר בריעף. דען דעם וואהרען עהרליכען מאן איז זעהר שווער צוקוקען זיינעם א פריינד אין דיא אויגען נאכדעם אז ער דערטאפט איהם ביי א פערברעכען.

אדעלא איז אבער ניט געווען פון דיא פערברעכער וואס פערליערען דעם מוטה באלד וויא מען ערפאהרט ווער זיי זיינען. זיא האט געהערט צו דער קלאסע אונ־מענשען וואס שטעהענד איבער דעם בלוט וואס זיי האבען פערגאסען, קענען זיי מיט דער גרעסטער קאלטקייט און גלייכגילטיגקייט דעם צווייטען איינבילדען אז זיי זיינען דיא עהרליכסטע לייט אין דער וועלט.

אדעלא איז באלד געקומען צו זיך און זיא האט צוריק איהר מוטה בעקומען. מיט א מינע פון א בעליידיגטען מענשען האט זיא זיך געווענדעט צו איהר ברויטיגאם און האט געזאגט.

— אזוי נאר וואלאדיא, דוא ערלויבסט זיך אויך צו לעזען אזעלכע בריעף וואס זיינען אדרעסירט צו אן אנדערן?

— אין אן אנדער צייט וואלט איך געזוכט זיך צו פערענטפערן פאר דער זינדע — האט נעלידאוו געענטפערט — אבער יעצט וועל איך מיר פאר דיר גאר ניט פערענטפערן, מיר בלייבט נור איבער צו בעדויערן זיך זעלבסט וואס איך בין מיט דיר זא וויט בעפריינדעט געווארען.

— וואס? דוא בערייעסט אונזער גרויסע פריינדשאפט? — האט זיא ניפטיג געזאגט — אלץ דערפאר וואס איך האב מיך געוואגט פון דיר צו פערלאנגען דוא זאלסט דער גובערנאנטין ארויסטרייבען פון שטוב.

— יעצט איז קיין רעדע פון דער גובערנאנטין. יעצט האנדעלט זיך אום א וויכטינערע זאך דערפון — האט ער שטרענג ערוויעדערט.

— א וויכטינערע זאך? — האט זיא וויא ערשטוינט אויסנערופען — וואס פאר א וויכטינע זאך מיינסט דוא?

— מיר שיינט אז דוא האסט דיעזען בריעף נעלעזען פריהער אלס איך.

— דיעזען בריעף? נו, וואס האסט דוא פאר א וויכטינעס אין דיעזען בריעף דען נעפונען?

— דוא מוזט מיינען אז איך בין אזא נארר וואס פערשטעהט זאגאר ניט אזעלכעס וואס איז אננעשריעבען שווארץ אויף וויים.

— דאס וויים איך אז דוא קענסט א בריעף איבערלעזען, אבער איך וויים נאך אלץ ניט וואס פאר א וויכטינעס האסט דוא אין דיעזען בריעף נעפונען.

— איז פערניפטען א מענשען ביי דיר פון דיא אונוויכטינסטע זאכען.

— וואס? — האט זיא וויא העכסט פערוואונדערט נעפרענט — פערניפטען א מענשען, וואלאדיא! איך וויל וויסען וואס מיינסט דוא מיט דיא ווערטער?

— איך מיין דאסזעלבע וואס דוא מיינסט מיט דיא ווערטער וואס דוא האסט דא אננעשריעבען.

— פערניפטען א מענשען? — האט זיא נאך א מאל איבערנעפרענט — אונטער דיא ווערטער וואס איך האב דא נעשריעבען ווענען פערניפטונג מיינסט דוא אז מען האט פערניפטעט א מענשען?

— וואס דען זאל איך אנדערש מיינען?

— יעזוס מאריא! — האט זיא אויסנערופען און האט זיך איבערנעצלם׳ט. אין אזא לאנע פערזעצט דוא מיך, דאס דיר קען איינפאלען דער שרעקליכער נעדאנק אז איך רייד פון פערניפטען א מענשען.

— אבער ערקלער דאך מיר וויא זאל איך אנדערש מיינען.

— וואָרום האסט דוא מיך באלד ניט נעפרענט דיא בעדייטונג פון מיינע ווערטער וואלט איך דאך דיך באלד ערקלערט.

— נו, פרענ איך דיך יעצט?

— איך האב דיר איינענטליך נאר ניט בעדארפט ענטפערן. איך האב דיך זאגאר ניט בעדארפט ווירדינען מיט אן אנטווארט. נור וויא באלד דוא ביסט אזוי דום, ריכטינער נעזאנט אזוי שלעכט. דאס דוא קענסט דענקען אז איך רייד פון פערניפטען א מענשען, מוז איך דאך דיר ענטפערן אום דיר צו ערקלערען אום וואס עס האנדעלט זיך. דען ווען איך זאל שוויינען קענסט דוא ביי דער שרעקליכער מיינונג בלייבען, אלזא ווילסט דוא הערען דיא דייטונג פון דיא ווערטער?

— איך הער מיט דער גרעסטער נייניערינקייט.

— אין דאנילאווקא ביי מיין קוזין איז דא א הונד, דאס איז א יאנד־הונד וועלכער איז אזוי נעוועזן צונעבונדען צו זיין הערען דאס ער האט איינפאך אהן איהם ניט נעקענט לעבען. אלס מען האט מיין קוזין צונענומען אין נעפענגנים, האט דער הונד ניט אויפגעהערט צו קלאגען, ער האט אזעלכע ווילדע קולות ארויסגעגעבען,

דאס איך האב געציטערט אין שטוב צו זיצען. מיין פאטער וועלכער איז נראדע אי יענער צייט צו מיר געקומען האט געזאגט זיין מיינונג אז דער הונד איז פערריקט און מען מוז איהם פערגיפטען, איך האב אבער ניט געקענט צוזעהן, וויא מען פער־גיפטעט א לעבעדינע זאך און בין צוליעב דעם פון דאנילאווקא אוועקגעפאהרען, איך האב הייטע ערהאלטען פון מיין פאטער א טעלעגראמע אז דעם הונד האט ער פער־גיפטעט, דארום האב איך איהם אנגעפרענט צו איז דיא פערגיפטונג אבגעגאנגען צו האט דאס קיינעם געשאדעט.

— נו, און ווער זיינען דיא צוויי מערדער וועגען וועלכע דוא רעדסט דא אין דעם בריעף?

— דאס זיינען צוויי דיענער וואס זיינען ביי מיין קוזין זעה בעליעבט געוועזן. זא בעליעבט, דאס ער האט פאר זיי א סך געלד אבגעשריעבען. איך האב אבער ערפאהרען אז זיי זיינען ביידע אנטלאפענע ארעסטאנטען, דארום האב איך גע־שריעבען צו מיין פאטער, ער זאל אויף זיי גוט אכטונג געבען, אבער ער זאל לעבען מיט זיי פריעדליך ביז איך וועל זיי דעם געריכט איבערגעבען. מיט אזעלכע לייטע מוז מען פארזיכטיג זיין, דען זיי קענען אויפ'ן גרעסטען פייער ברייננען. נו, דוא האסט נאך עפעס צו פרעגען?

וואלאדיא האט אויף איהר אקוק געטהאן און האט געזעהן אז זיא רעדט ־נסט, דאס עס איז אונמעגליך זיא אין א פערברעכען צו בעשולדיגען.

— עס קען זיין, אז איך האב אן אירטהום געהאט — האט ער זיך געקלערט— .ען עס איז דאך ווירקליך אונמעגליך צו גלויבען, אז ארעלא זאל האבען געשעפטען ט מערדער און זאל זעלבטט א מערדערין זיין.

— דוא שווייגסט? — האט זיא שטרענג געזאגט — דוא ווילסט, וויא איך ך פארט איינבילדען, דאס איך בין א מערדערין?

— ניין, ארעלא! — האט ער געענטפערט — מיר בלייבט נור איבער, דיך פערצייהונג צו בעטען, דאפיר וואס איך האב געוואגט וועגען דיר זא־וואס צו ען.

— איך האב דיר פאר אזא זינדע ניט בעדארפט פערצייהען — האט ארעלא נטפערט מיט א מעלאנכאלישען טאן — איך מוז דאך אבער דיר צייגען אז איך טעה העכער פון דיר אין אלעם, דארום פערצייהע איך עס דיר. איך האף, אז דיין געוויסען וועט דיך אליין פלאגען, דערפאר וואס דוא האסט איין מאמענט געקענט מיך בעשולדיגען אין אזא פערברעכען.

זיא האט ביי דיא ווערטער צוגעטראגען איהר טאשען־טוך צו דיא אויגען.

— נו, נענוג, ארעלא! — האט געלידאוו צערטליך געזאגט — ווין ניט, דען דוא צורייסט מיר מיין הערץ. איך בעט דיך אויף דיא קניע אום פערצייהונג פאר דער בעליידיגונג. דוא ווייסט דאך אז יעדער מענש אויף מיין פלאץ וואלט לעזען־דיג אזעלכע ווערטער איבערגעקלערט ווער ווייס וואס. נו, בעווייז מיר א פרעהליך געזיכט, וועל איך וויסען, אז דוא האסט מיר פון טיעפען הערצען פערצייהט.

— קען איך דיר ווייזען א פרעהליך געזיכט? — האט זיא ווייננד געענט־

פערט — וויפיעל שמערצען האסט דוא מיר אין היינטיגען טאג פערשאפט? איך האב פון דיר פערלאנגט אזא קליינינקייט, דוא זאלסט דער גובערנאנטין פון דיין הויז אבשאפען, האסט דוא דאס מיר ניט געוואלט טהאן. נאכהער ביסט דוא געקומען צו מיר אין הויז, און האסט אויפגעבראכען א פערזיגעלטען בריעף וואס וואר אדרעסירט צו מיין פאטער, און אז דוא האסט דעם בריעף דורכגעלעזען, האסט דוא אויף מיר אזא פערדאכט געווארפען, דאס מיין גרעסטער פיינד וואלט זיך ניט געוואגט זא-וואס ווענען מיר צו דענקען.

— איך האב מיך ווירקליך געגען דיר פערזינדיגט — האט געלידאוו געענטפערט — נו, דערפאר וואס איך האב דיר אזוי פיעל שמערצען פערשאפט, פערשפרעך איך דיר אלע דיינע ביטען צו ערפילען.

— וועסט דוא אויך דער גובערנאנטין ענטזאגען?

— יא.

— יא? — האט זיא ערפרייט אויסגערופען — דוא וועסט זיא פון דיין הויז ארויסיאגען?

— איך זאג דיר נאך אמאל יא.

— נו, אויב אזוי, בין איך פערטיג אלעס צו פערגעסען. יא, איך וועל דיר עווינג דאנקבאר זיין דערפאר, וואס דוא טהוסט מיר אזא געפאלען.

— עס וועט שוין זיין וויא דוא פערלאנגסט.

— ווען וועסט דוא זיא ארויסיאגען, טאקע היינט?

— דאס קען איך דיר נאך בעשטימט ניט פערשפרעכען.

— ווארום?

— ווייל איך מוז נאך מאכען, אז מיין מוטער זאל דערצו איינוויליגען.

— איך פערשטעה דיך גאר ניט, וואלאדיא. וויא איך זעה, האלט דיך דיין מאמע אין דער מורא וויא א שול־יונגע?

— זיא איז מיין מוטער און איך מוז איהר געהארזאם זיין.

— אז א מוטער דארף מען עהרען דאס ווייס איך, אבער מען זאל איהר דארפען יעדע קליינינקייט פרעגען, דאס זעה איך און הער דאס ערשטע מאל.

— דאס איז קיין קליינינקייט, א גוטער עדלער פרוי פון איהר ברויט צו ענטזאגען.

— פון איהר ברויט צו ענטזאגען? — האט אדעלא געלאכט — דוא פירכטעסט פיעללייכט אז זיא וועט פון הונגער שטערבען? זיי זיכער, אז זיא וועט אזא שטעלע צו יעדער צייט געפינען. איך אליין וועל פאר איהר אויסזוכען א שטעלע, אבי זיא זאל ביי דיר אין שטוב ניט זיין.

— גוט, גוט, עס וועט שוין זיין רעכט.

— געדיינק־זשע, ליעבער וואלאדיא, איך האלט דיך ביי דיין ווארט.

— דוא פערשפארסט מיר ביי מיין ווארט צו האלטען. זיי איך פערשפרעך עטוואס, האלט איך שוין אליין מיין ווארט.

— איך גלויב דיר, מיין טהייערער. נו, איך וועל שוין מעהר חענען דעם מיט

דיר ניט ריידען. איך בין פעסט פערזיכערט, אז דוא וועסט דיין פערשפרעכען הייליג האלטען. וואס, דוא שטעהסט שוין אויף? דוא געהסט שוין?

— יא, אדעלא, איך מוז געהן. אדיע דערווייל.

ער האט איהר דיא האנד געדריקט, און טראָץ איהר פערלאנגען ער זאל דא נאָך בלייבען, איז ער אוועקגעגאנגען.

אבערמאלס זעהן מיר אויף אדעלא׳ס געזיכט דעם זעלבען טריאומפירענדען שמייכעל וואס מיר האבען געזעהן, אלס זיא איז פון דעם זעלבען געלידאָוו׳ס הויז ארויסגעגאנגען. דער שמייכעל האט וויא דייטליך געלויטעט: בראוואָ, אדעלא, דוא ביסט אן אויסגעצייכענטע שוישפּילערין.

238טעס קאפּיטעל.

## דער רעטהזעלהאַפטער גאַסט.

מיר זעהען דעם זעלבען רייטער וואָס וואר ביי ליסא׳ן אין קליין שטיבעל, צר פאָהרענדיג צו דעם גראף דאנילאָוו׳ס שלאָס.

מאטוויי, וועלכער וואר נאָך אלס שטאלמייסטער אין דאנילאָוו׳ס הויז, און האט יעצט אויך בעטראָטען דיא שטעלע פון שווייצאר, איז ארויסגעלאָפען צו דעם שעהנעם גאסט, און זיך טיעף פערניינענד האָט ער געפרעגט:

— ווינשען זיי צו שפּרעכען מיט דעם גנעדיגען גראף?

— יא, — האָט דער רייטער שטאָלץ געענטפערט ארונטערשפּרינגענד פון זיין פערד.

— זאָל איך אייער פערד אין שטאל אריינפיהרען?

— זעלבסטפערשטענדליך, אז ער מוז זיך אביסעל אויסרוהען און מוז עפּעס עסען. זעהסט דוא דען ניט וויא פערשוויצט און אבגעמאטערט ער איז?

— צו בעפעהל, גנעדיגער הערר — האט מאטוויי געזאגט, צונעהמענד דעם פערד פאר דער צוים.

— איז דער גראף יעצט צו הויזע? — האט דער רייטער געפרעגט.

— יא, הערר, ער איז צו הויזע.

דער גאסט איז צוגעגאנגען צו דער טהיר און האט אנגעקלונגען.

דעם גראף פעליקס אלטער דיענער פיליפּ האט דיא טהיר געעפענט, און אלס ער האט דעם גאסט דערזעהן, האָט ער זיך זעהר דעמיטהיג פערביינט, און האָט געפרעגט וואָס ער ווינשט.

— איך וויל זעהן דעם גראף דאנילאָוו — וואר דעם פרעמדענס אנטוואָרט.

— דעם אלטען, צו דעם יונגען?

— מיר מאכט ניט אויס, ער מעג זיין אלט אדער יונג.

— ווערדען זיי אזוי פריינדליך זיין מיר זייער נאמען זאָגען?

— דאָס איז ניט נעטהיג. זאָג איהם אז א מאן פון גרעסטען אדעל ווינשט מיט איהם צו שפּרעכען.

פיליפּ איז אריינגעלאָפען אין שטוב. פיליפּ האָט איהם צוגעפיהרט צו דער

מהיר פון זיין הערענס צימער, האט זיא געעפענט, און דער רייטער איז אריינגע-גאנגען.

דער אלטער גראף פעליקס איז געזעסען אויף א שטוהל מיט א לאנגער פייף אין מונד און האט אויסגעזעהן זעהר פערגעניגט. ערשטוינט האט ער אקוק געטהאן אויף דעם שעהנעם מאן וועלכער איז אריינגעקומען, און האט זיך אויפגעהויבען פון זיין ארט. ער האט געמיינט, אז דער גאסט וועט זיך פאר איהם פארשטעלען און וועט איהם באלד זיין נאמען זאגען. אבער דער פרעמדער האט, וויא עס שיינט, ניט געפונען פאר נעטהיג דאס צו טהאן. ער האט זיך נור זעהר לייכט פערניינט, האט זיך גלייך געזעצט אויף א שטוהל און האט געזאגט גאנץ קאלטבליטיג:

— וואס מאכט איהר, הערר גראף? וויא געהט עס?

זעהר שטרענג האט פעליקס אקוק געטהאן אויף דיזען זאנדערבארען מענ-שען, און האט מיט זעהר א פערדריסליכע מינע געפרעגט:

— איך וויל וויסען, מיט וועמען איך האב דיא עהרע צו שפרעכען?

— איהר דארפט דאס פאר קיין עהרע בעט־אכטען, אזוי וויא איך בעטראכט נים פאר קיין עהרע וואס איך שפרעך מיט אייך — האט דער גאסט געענטפערט און א זאנפטער שמייכעל האט זיך אויף זיינע ליפען געוויזען.

— אבער, מיין הערר! — האט פעליקס צארניג אויסגערופען — איך פערלאנג דורכאויס צו וויסען ווער איהר זייט.

— דאס וואס איהר פערלאנגט אינטערעסירט מיך זעהר וועניג. איך בין ניט אייערער א שקלאפע און איהר האט קיין רעכט מיר צו בעפעהלען.

— אבער פערגעסט נים, מיין הערר, אז איהר זייט ביי מיר אין הויז, און איך האב פאלעס רעכט צו פארדערן ביי דיא מענשען וואס קומען צו מיר אריין, זיי זאלען מיר זאגען ווער זיי זיינען און וואס זיי פערלאנגען.

— איז דאס הויז דען אייערס?

— וואס איז דאס פאר א פראגע? — האט פעליקס ערוויעדערט און עס וואר לייכט אן זיין געזיכט צו דערקענען, אז דיא פראגע האט איהם אין פערווירונג געבראכט — זעלבסטפערשטענדליך, אז דאס איז מיין הויז.

— וואו האט איהר זיא דען גענומען?

— וועמען?

— מאקע אייער הויז.

— וואס הייסט דאס? — האט פעליקס צארניג אויסגערופען — וואס שטעלט איהר מיר עפעס אזעלכע פראגען?

— איך מוז אייך דיא פראגע שטעלען, וויל איהר זאגט אז דאס הויז איז אייערס.

— דארף איך אייך דען רעכנונג אבגעבען וואו איך האב דאס הויז גענו-מען? — האט פעליקס ענטריסטעט אויסגערופען.

— ווען איהר ווילט פאר קיין אנדערען קיין רעכנונג אבגעבען, פאר וואס־זשע פערלאנגט איהר איך זאל אייך רעכנונג אבגעבען—רעכנונג ווער איך בין און וואס איך מוז דא?

— ווייל איך האב דאס רעכט דערצו. איהר געפינט זיך יעצט אין מיין הויז.

— ווען איהר וועט מיר אבער ניט זאגען וואו איהר האט דאס הויז גענומען, וועל איך אייך אייער פראגע ניט בעאַנטוואָרטען.

— אבער, מיין הערר! — האט פעליקס שטארק אויפגערעגט געזאגט — איך וויל וויסען ווער איהר זייט.

— און איך וויל אייך ניט זאגען.

— איהר מוזט מיר זאָגען.

— און אז ניט, וואס וועט איהר טהאָן?

— איך וועל אייך הייסען פון דאנען ארויספיהרען.

— חא, חא, חא! — האט זיך דער פרעמדער פאַרנאַנדערגעלאַכט — איהר וועט מיך הייסען פון דאנען ארויספיהרען? און דאָס וואָס איז?

ער האט ביי דיא ווערטער ארויסגענומען א רעוואָלווער פון זיין טאש. פעליקס איז לייבען־בלאס געוואָרען.

— איהר פערשטעהט שוין יעצט מיט וועמען איהר האָט דאָ צו טהאָן? — האט דער גאסט מיט א שפּאָטישען טאָן געזאגט — איהר זעהט שוין יעצט אז איך בין ניט פון דיא איינגעלאַך וואס ערלויבען צופיעל מיט זיך צו שפיעלען.

— אבער, מיין ליעבער הערר, איהר מוזט דאָך מיר טהאן דיא געפעלינקייט און מיר זאגען וואָס איהר ווינשט. איהר ווילט פיעללייכט געלד?

— געלד? — האָט דער פרעמדער צאָרניג אויסגערופען — איהר האלט מיך פאר א מערדער, אדער פאר א רויבער?

— וואס דען פערלאנגט איהר?

— איך בין צו אייך געקומען אלס גאסט. פארבייפאהרענדיג בין איך אהער אויסגעפאָהרען אום זיך דאָ אביסעל אויסצורוהען.

— איהר ווילט זיך דאָ אויסרוהען? ניט מעהר? — האט פעליקס ערפרייט געזאגט — אך, מיט דעם גרעסטען פערגעניגען וועל איך אייך איינעם פון מיינע שעהנסטע צימער אבגעבען. אבער איך מוז דאָך וויסען וועמען איך האב דיא עהרע צו האָבען ביי זיך אין שטוב?

— אויב איהר ווילט דורכאויס וויסען ווער איך בין, קען איך דאָס אייך טהאָן, איך בין דעם טייפעלס א ברודער.

— וואס? — האָט פעליקס העכסט ערשטוינט געפרעגט — וואָס האָט איהר געזאגט?

— מיר שיינט, אז איהר האט פון מיר דייטליכע ווערטער געהערט, אז איך בין דעם טייפעלס א ברודער.

— איך פערשטעה אייך ניט, מיין הערר. איך גלויב, אז איהר ערלויבט זיך נור א שפאס.

— ניין, גראף. איך בין ניט פון דיא מענשען וואס האַבען ליעב צו שפּאסען. איך ווידערהאָלע מיינע ווערטער, אז איך בין דעם טייפעלס א ברודער. איהר קוקט מיך ווילד אָן, חא, חא, חא! איהר מוזט מיינען אז איך בין וואהנזיניג. ניט וואהר?

דער אלטער גראף איז ערציטערט געוואָרען. ביי איהם וואר יעצט קיין צווייפעל, אז דיעזער שעהנער עלעגאנטער גאסט איז א וואהנזיננינער.

— איהר האט דאָך געבעטען א צימער, זיך דאָרט אויסצורוהען? — האָט ער געזאָגט אויפשטעהענד פון׳ם אָרט — נו, וועל איך געהן פאר אייך אזא צימער בעזאָרגען.

— זיצט אויף אייער אָרט — האט דער פרעמדער געזאגט — איך וויל נאָך מיט אייך עפעס ריידען.

— אבער איהר דארפט זיך דאָך אויסרוהען?

— זאָרגט ניט פאר מיר, איך בין ניט אזוי מיעד, איך קען נאָך מיט אייך פלוידערן וויפיעל איהר ווילט.

דער גראף האט אויס פורכט פאר דעם גאסטס רעוואלווער, זיך צוריקגעזעצט און האט מיט ערשראָקענע בליקען געקוקט אויף דעם וואנזיניגען.

— איהר וואוינט שוין לאנג היער? — האט איהם דער פרעמדער געפרעגט.

— ניין, ניט לאנג.

— וויא לאנג?

— צעהן טאָג.

— וויא? צעהן טאג ניט מעהר?

— ניט מעהר.

— און ווער האט דא פריהער געוואוינט?

— מיינער אַן נעפע.

— וויא האט ער געהייסען?

— גראף אנטאָן דאנילאָוו.

— וואו איז ער יעצט?

— ער איז געשטאָרבען.

— געשטאָרבען? ווען איז ער געשטאָרבען?

— מיט איינינע טעג פריהער.

— אזוי? ער איז געשטאָרבען? — האט דער מאן ערשטוינט וויא צו זיך זעלבסט גערעדט — פון וואס פאר א קריינק איז ער געשטאָרבען?

— איך ווייס ניט.

— וואס הייסט איהר ווייסט ניט? איהר זייט דאָך זיינער אן אנקעל און וויא איך פערשטעה אויך זיין יורש, וויא־זשע קומט דאס איהר זאָלט ניט וויסען פון וואס פאר א קריינק ער איז געשטאָרבען.

— אבער ליעבער הערר, איך בין ניט געזאָנען מיט אייך פיעל צו ריידען — האט פעליקס געזאָגט זעהר אויפגערעגט.

— אזוי? איהר ווילט ניט ריידען? נו, אז איהר ווילט ניט דארף מען ניט. אָבער זאגט מיר דאָס איינע, איהר וואוינט דא גאנץ אליין אין דיעזען פאלאַסט?

— אליין.

— איהר האט גאר קיין קינדער?

— אָבער וואצו ברויכט איהר דאס צו וויסען? — האט פעליקס אויפגערעגט געזאגט.

— איך פערשטעה ניט, ווארום זייט איהר אין כעס און פאר וואָס ווילט איהר מיר ניט בעאנטוואָרטען מיינע פראגען.

דער אלטער האט זיך זעהר מיט אן אונגעדולדיגע מינע אומגעדרעהט אויף זיין שטוהל.

— איהר ווילט מיר ניט ענטפערן? — האט דער פרעמדער שטרענג געפרעגט.

— איך האב א טאָכטער — האט פעליקס א ברום געטהאן.

— וואו איז זיא יעצט?

— אין מאָסקווא.

— שוין לאנג אז זיא איז אהין אוועקגעפאָהרען?

— ניין ניט לאנג.

— ווען איז זיא אוועקגעפאהרען?

— אבער אום גאטעס הימעל! וואס האט איהר זיך אן מיר אנגעטשעפעט? וואס ווילט איהר פון מיר האבען?

— וואס טהו איך אייך? איך פרעג דאך אייך נור ווען איז אייער טאָכטער פון דאנען אוועקגעפאָהרען.

— מיט אַכט טאג צוריק. נו, וועט איהר מיך שוין מעהר ניט קוועלען מיט אייערע פראגען?

— ווענען וואָס איז זיא געפאהרען נאך מאָסקווא?

— מיין העדר! איהר ברענגט מיך פון געדולד ארויס — האט פעליקס געזאגט אויפשפרינגענד פון זיין ארט.

— זיצט זאג איך אייך! — האט דער פרעמדער א געשריי געטהאן — פער־געסט ניט, אז איך בין דעם טייפעלס א ברודער אין דער טוידט ליעגט ביי מיר אין טאש....

— וואס ווילט איהר פון מיר האבען?—האט פעליקס פאסט וויינענד געפרעגט.

— ענטפערט מיר אויף דעם וואס איך פרעג אייך. ווענען וואס איז אייער טאכטער געפאָהרען נאך מאָסקווא?

— זיא האט דארט א ברוטינאם.

— נו, איז זיא געפאהרען צו איהר ברוטינאם?

— יא.

— און איהר זייט שוין לאנג דא?

— איך האב דאך אייך געזאגט, אז זייט צעהן טאג בין איך דא.

— אין דער גאנצער צייט זייט איהר ערגעץ ניט געפאָהרען?

— ניין.

— איהר זאגט קיין ליגען ניט?

— א ליגען? איהר האלט מיר פאר א ליגנער?

— מיר ווייזט אויס, אז איהר זייט א ליגנער.

— האַ? איהר וואַנט מיך צו שימפּפען, ביי מיר אין הויז? — האָט פעליקס אויפבּרויזענד אַ געשריי געטהאָן.

— ששששש! אהן כעס, דעם טייפעלס ברודער האָט פיינד ווען מען ווייזט געגנען איהם כעס. קוקט מיר גלייך אין דיא אויגען און זאָגט, זייט איהר ניט איינער פון דיא גרעסטע ליגנער אין דער וועלט? חאַ, חאַ, חאַ! איהר זייט ווייטער אין כעס? ששששש! איהר האָט געוויס ניט פערגעסען, וואָס איך האָב אייך געזאָגט. איהר קוקט מיר גלייך אין דיא אויגען צו ניט?

פעליקס'ן איז פינסטער געוואָרען אין דיא אויגען. אַ בייזע מורא איז אויף איהם אנגעפאַלען. ער האָט אַ קוק געטהאָן צו דער טהיר פיעללייכט וועט יעמאַנד פון דיא בעדיענטע אריינקומען. צום אונגליק אבער האָט זיך קיינער געוויעזען און דאָ זיצט דער וואַהנזיניגער געגנען איהם מיט ווילדע אויגען און ער רוקט שוין אבער־מאָלס דיא האַנד אין טאַש צו דעם רעוואָלווער.

— איהר קוקט מיר גלייך אין דיא אויגען צו ניט? — האָט דער פרעמדער זאָ שטרענג געזאָגט, דאָס איבער דעם אַלטענס גליעדער איז אַ שוידער איבער־געגאַנגען.

— איך קוק, איך קוק — האָט ער געשטאַמעלט ציטערנד ביי אַלע גליעדער און האָט אנגעפאַנגען צו קוקען דעם פרעמדען אין דיא ווילדע אויגען.

— איהר זייט אין דיא צעהן טעג פון דאַנען ניט ארויסגעפאָהרען? — האָט דער וואַנזיניגער געפרעגט און זיינע בליקען האָבען וויא געשאָסען מיט פייער.

דעם פרעמדענס פייעריגע בליקען האָבען אויף דעם ערשראַקענעם אַלטען אַזאַ ווירקונג געמאַכט דאָס ער האָט אַ ווילדען געשריי געטהאָן און איז אין אונמאַכט געפאַלען.

## 239טעם קאַפּיטעל.

## ביי גרינזאַנג'ן.

דיא גרעפין מאַריא ליענט יעצט ביי גרינזאַנג'ן אין הויז, אין איינעם פון דיא פּראַכטפאָלסטע צימער. דיא מאַדאַם גרינזאַנג טרעט פון איהר בעט ניט אָפּ, און וויא אַ געטרייע מוטער ווענדעט זיא אַלע קרעפטען אָן זיא צו פּפלעגען און אויף איהר אכטונג צו געבען.

דיא נאַכריכט פון איהר מאַנס טויט האָט אויף דער יונגער גרעפין אַזאַ שרעקליכען איינדרוק געמאַכט, דאָס זיא איז געפעהרליך קראַנק געוואָרען. מיט גרויסער מיהע האָבען דיא ערצטע, וועלכע זיא האָט געבראַכט דאַמאָלס ווען זיא איז אין אָהנמאַכט געפאַלען, זיא צוריק אין'ס לעבען געבראַכט. אבער זיא איז פון דער מינוט אָן אַזוי קראַנק געוואָרען, דאָס זיא האָט שוין ניט געקענט אויפשטעהן פון דער בעט אויף וועלכער מען האָט זיא אניעדערגעלייגט. אַ שטאַרקער פיבער איז איהר בעפאַלען און זיא האָט גערעדט פון היץ זאַנדערבּאַרע ווערטער. דיא ווערטער זיינען בעשטאַנען פון איהר מאַן, פון'ם טייפעלסשלאָס, פון איוואַנען מיט קאַטהארינאַ'ן און פון איהר קינד.

דיא מאַדאַם גרינזאַנג איז אויסער זיך געוועזען פאַר גרויס קומער. זיא האָט

ווי א פערצווייפעלטע אויסגעזעהן, און זיא האט זיך מיט קיין אנדער זאך בעשעפ־טיגט וויא מיט מאריא'ן.

אויך גרינזאנג האט זיך מיט דער אונגליקליכער שטארק אינטערעסירט. ער האט זיך אליין דאס לעבען פערשאלטען, דערפאר וואס ער האט איהר געבראכט דיא נאכריכט פון איהר מאנס טויט. אבער עס איז שוין געוועזן פערפאלען. ער האט דארום יעצט איינפאך געשאטען מיט געלד פאר דיא ערצטע, אום זיא צוריק געזונד צו מאכען.

זיין פריידע האט קיין גרענעץ געהאט, אלס איינער פון דיא בעסטע ערצטע האט געזאגט, דאס מיט איהר איז קיין געפאהר און זיא וועט געזונד ווערען.

בערוהיגט פון דער פערזיכערונג, זעהן מיר איהם זיצען אין זיין קאבינעט מיט א ציגאר אין מונד. ער האט געטראכט פון דער אונגליקליכער גרעפינס שיקזאל, וואס מיט איהר האט זיך איבערגעטהאן אין פערלויף פון איין יאהר און האט זיך שטארק געוואונדערט אויף דיא קראפט פון דער צייט, וואס אין א קורצער צייט שליידערט זיא דעם מענשען פון שטופע צו שטופע; דא הייבט זיא איהם אויף גאנץ הויך און פלוצלונג גיט זיא איהם א שליידער אין טיעפען אבגרונד.

— מיר דארפען קיינער שטאלצירען מיט דעם גליק וואס דיא צייט ברייננט אונז — האט ער נאך א לאנגען נאכדענקען געזאגט, דען בעפאר מיר קוקען זיך ארום, קענען מיר אין טיעפסטען אבגרונד געשליידערט ווערען.

דער דיענער האט איהם געמעלדעט, אז משה האנינמאן מיט נאך א העררן פערלאנגען מיט איהם צו שפרעכען.

— זאלען זיי אריינקומען — האט גרינזאנג געענטפערט.

דער דיענער איז ארויסגעגאנגען און באלד איז משה האנינמאן מיט שלמה פיין אריינגעקומען.

— דיעזער מאן, — האט משה געזאגט אנצייגענד אויף שלמה'ן — איז העדר שלמה פיין, דער פאטער פון דעם אונגליקליכען יאקאב פיין, וועלכער איז אייך זעהר גוט בעקאנט.

— זעהר אנגענעהם — האט גרינזאנג געזאגט רייכענד שלמה'ן דיא האנד — מיך פרייט זעהר אייך צו זעהן, דען פון אייך וועל איך וויסען ריכטיג וואס עס הערט זיך מיט אייער ליעבען זאהן. איך שוועהר אייך, אז איך האב דיא גרעסטע שמערצען דערפון וואס ער זיצט אין געפענגניס. איך בין פעסט איבערצייגט אין זיין אונשולד.

— איך בין אייך זעהר דאנקבאר, העדר גרינזאנג, פאר דער גוטער מיינונג, וואס איהר האט וועגען מיין זאהן. איך האב פריהער געוואוסט, דאס איהר גלויבט ניט אז ער איז א מערדער. קיין אנשטענדיגער מאן וועט דאס ניט גלויבען.

— אבער דערצעהלט מיר, העדר פיין, וואס הערט זיך יעצט וועגען איהם? איז נאך זיין אונשולד ניט ענטדעקט געווארען?

— עס האט שוין געהאלטען דערביי, דאס זאל יא ענטדעקט ווערען, ליידער

אָבער האָט זיך דאָס רעדעל א דרעה געטהאָן, און איך ווייס ניט וואָס דאָ וועט ווערען.

— קענט איהר מיר ערקלערען, וואָס איהר מיינט מיט דיא ווערטער?

— ווארום ניט? איך קען דאס אייך ערקלערען, פיעללייכט וועט איהר גע־פינען א ראטה וואָס איך זאָל טהאָן.

— דערצעהלט, הערר פיין, איך בין זעהר נייגיעריג אלעס צו וויסען.

שלמה האט איהם דערצעהלט דיא גאנצע געשיכטע מיט דעם פעלץ וואס מען האט געפונען ביי מאלינבערג'ן אין הויז, וויא ער האט געווארפען דיא שולד אויף ברענער'ן און וויא מען האט ברענער'ן פערהאפטעט.

— איך האב געמיינט, — האט ער זיין ערצעהלונג געענדיגט — דאס יעצט וועט דער גאנצער אמת ארויפשווימען, דען ברענער האט שוין אנגעהויבען עטוואס אויסצוזאגען פון חדר. עס האט אויסגעזעהן, דאס דיעזער ברענער האט פון דער גאנצער געהיימניס געוואוסט און ער האט דאס געוואלט ארויסגעבען. ליידער אבער האט זיך פלוצלינג ברענער געהאנגען אין זיין קערקער און אלעס איז ווייטער געבליעבען פערטיעפט אין דונקעלהייט.

— ער האט זיך זעלבסט געהאנגען? — האט גרינזאנג געפרעגט.

— זעלבסטפערשטענדליך, אז ער האט זיך זעלבסט געהאנגען.

— זאגט דאס ניט אז עס איז זעלבסטפערשטענדליך. עס קען זיין, אז דאָ שטעקט נאר אן אנדער זאך.

— וואס פאר אן אנדער זאך קען דא שטעקען?

— עס קען זיין, אז מען האָט איהם געהאנגען, ניט ער האט זיך זעלבסט געהאנגען.

— דאס פערשטעה איך שוין נים. ווער האט איהם דען געקענט הייננען אין קערקער?

— ווער, פרענט איהר? איך גלויב, אז דאס האבען געטהאן דיא לייטע, וואס האבען געפירכטעט, פיעללייכט וועט ער, וויא איהר זאגט, אויסזאגען פון'ם חדר.

— איהר מיינט דעם פאָלקאָווניק מאלינבערג?

— מאלינבערג'ן מיין איך געוויס. איך דענק אבער, אז אין דעם זיינען געווען בעטהיילינט נאָך איינינע פערזאנען.

— וויא אזוי קען מען אזא זאך ערפאהרען?

— דאס איז זעהר א שווערע זאך צו ערפאהרען, דען געוויס איז דאס געטהאָן געווארען מיט דעם וויסען פון'ם סמאטריטעל און זיינע וועכטער. דיא לייטע וועלען געוויס וועגען דעם שווייגען.

— איהר האט פאלקאמען רעכט, הערר גרינזאנג — האט שלמה נאכדענקענד געזאגט — יעצט פאלט עס מיר ערשט איין, אז דאס האט געמוזט אזוי זיין וויא איהר זאגט. דען דער זעלבער פאליציימייסטער וואס האט דעם פעלץ געפונען ביי מאלינבערג'ן אין הויז און האט פערשפראכען דיעזען מערדער אויפ'ן עשאפאט צו

ברייננגען. דער זעלבער מאן רעדט שוין יעצט גאר אנדערע ווערטער. וויא איך פער־שטעהע, האט מען איהם ענטוועדער אונטערגעקויפט ער זאָל שווייגען, אדער אן אנדער שטן האט זיך דאָ אריינגעמישט, וואס האט איהם צום שווייגען געבראכט.

— זעהט איהר שוין, אז איך האב רעכט, — האט גרינזאנג געזאגט — נור ווארט, מיר איז א ראטה איינגעפאלען. עס קען זיין, אז דאס וועט צו עטוואס פיהרען.

— אָ, אום גאטעס ווילען רעדט, הערר גרינזאנג. יעצט איז א קלוגער ראטה פון א גוטען פריינד זעהר נאָטהווענדיג.

— איהר ווייסט דערפון, אז דיעזער מיכל ברענער האט א ווייב?

— יא. איך האב געהערט, אז זיין ווייב איז געווען סאָניעטע דיא גילדערנע הענטעל, וועלכע איז בעריהמט אלס דיעבין.

— ניט דיא מיין איך, דען מיט איהר האט ער זיך גע׳גט. איך מיין דיא צווייטע פרוי, מיט וועלכע ער האט געהייראטהעט.

— פון דעם ווייס איך גאָר ניט.

— איך ווייס אבער יא פון איהר. זיא איז א מערקווירדיגע פרוי, וואס קען זאגאר צום קייזער אליין צוטרעטען. איך גלויב, אז זיא דארף ניט שווייגען פאר איהר מאנס טויט.

— איהר זעהט דאך, אז זיא שווייגט יא.

— איך זעה דאס ניט. איהר, הערר פיין, זעהט דאס אויך ניט, ווייל איהר ווייסט נאר ניט פון איהר עקסיסטענץ. עס קען זעהר זיין, אז זיא טהוט יא עטוואס וועגען דעם, און איהר דארפט זיך נאטהווענדיג מיט איהר זעהן.

— וואו קען איך זיא זעהן?

— איך ווייס ניט וואו זיא וואוינט יעצט. אבער איך נעהם דיא ארבייט אויף מיר, און איך פערשפרעך אייך זיא אויסצוגעפינען.

— איך וועל אייך עוויג דאנקבאר זיין דערפאר.

— וועגען דאנקבארקייט וועלען מיר שפעטער ריידען — האט גרינזאנג שמייכ־לענד געזאגט — דערווייל דארפען מיר ניט האלטען פערלייגט א האנד אויף א האנד. מיר מוזען ארבייטען, און ענערגיש ארבייטען, דען אזא זאך וואס מען טהוט וועגען דעם ניט, ווערט דאס פערשלאָפען. עס קען זעהר זיין, אז ברענערס ווייב טהוט ווירקליך גאר ניט וועגען דעם; ווייל, לויט וויא איך ווייס, האט זיא איהם ניט געליעבט. אבער איך צווייפלע גאר ניט, דאס ווען איך וועל איהר ערקלערען אז דא האנדעלט זיך וועגען דער רעטונג פון אן אונשולדיגען מענשען און מען וועט איהר דערביי פערשפרעכען א סומע געלד, ווייל זיא האט זעהר ליעב געלד, וועט זיא געוויס אלע קרעפטען אנווענדען דעם שלייער פון דער געשיכטע ארונטערצו־נעהמען. איך בין זיכער, דאס ווען זיא וועט זיך נור ענערגיש דערצו נעהמען, וועט זיא גאנץ גיך אלעס ערפאהרען.

— איך בין בערייט איהר מיין גאנץ פערמעגען אבצוגעבען, אבי זיא זאל נור מיין קינד רעטען.

— נו, נו, עס וועט שוין זיין רעכט. איך פערשפרעך אייך צו טהאָן אלעס, וואס עס ליעגט אין מיין קראפט צו טהאן אין דעם פאך.

— איך בין שוין יעצט רוהיגער — האט שלמה נעזאגט אויסווישענד א פאר טרערין פון דיא אויגען — דען וויא באלד איהר וועט זיך אינטערעסירען אין מיין זאהנס קרימינישער לאגע, קען איך האָפען, אז זיין הילף וועט ניך קומען. יעצט, הערר גרינזאנג, וועל איך אייך ערקלערען דעם ציעל פון מיין געגענווערטיגען בעזוך צו אייך.

— ביטע, זאגען זיא.

— איך בין צו אייך געקומען אין דער אנגעלעגענהייט פון אן אונגליקליכער פאמיליע, וועלכע דארף אייך זעהר גוט בעקאנט זיין. ריעזע פאמיליע האט זיך ניט לאנג נערעכענט צווישען דיא גליקליכסטע אין דער וועלט און יעצט איז זיא איינע פון דיא אונגליקליכסטע. ווען מיר וועלען איהר צו הילף ניט איילען, קען זיא צו גרונדע נעהן.

— וואס איז דאס פאר א פאמיליע ?

— דעם פאמיליען־פאטער קענט איהר זעהר גוט.

— וויא הייסט ער ?

— היראנים ראזענדופט.

— וואס ? — האט גרינזאנג העכסט ערשטוינט אויסגערופען — היראנים ראזענדופט?

— יא, הערר גרינזאנג. איהם מיין איך.

— איז ער אזוי אונגליקליך ?

— מיר איז א וואונדער, וואס איהר ווייסט נאך דערפון נים.

— איך ווייס גאר ניט. ביטע, ערצעהלט עס מיר.

שלמה האט איהם דערצעהלט פון היראנים'ס געגענווערטיגע לאגע און האט אויך דערצעהלט אין וואס פאר א נויטה און עלענד ער געפינט זיך יעצט ביי משה'ן אין הויז.

— איז דאס מעגליך ? — האט גרינזאנג העכסט ערשטוינט אויסגערופען.

— יא, הערר גרינזאנג, — האט משה געענטפערט — אלעס וואס דער הערר פיין האט דערצעהלט, איז קיין אנהייב ניט פון דיא ליידען, אין וועלכע דיא פאמיליע געפינט זיך יעצט.

— ווען איך זאל דאס פון אייך ניט הערען, וואָלט איך דאס ניט געגלויבט. היראָנים ראָזענדופט זאל אזוי אונגליקליך זיין ! ער איז דאך מיט א קורצער צייט צוריק געשטאנען אזוי גרויס אין פאָלען גלאנץ ?

— נו, איהר זעהט דאך וואס גאט קען מאכען — האט משה געענטפערט — ער הייבט אויף דעם ארימאן פון שטויב און זעצט איהם אוועק אין הימעל, און פערקעהרט, ווארפט ער דעם גליקליכסטען מענשען פון הימעל אראפ אין דעם פינסטערסטען קבר.

גרינזאנג האט זיך אויף איינינע מינוטען פערטראכט, און האט ענדליך געזאגט:

— איינענטליך האט היראנים ראזענדופט ניט פערדיענט איך זאל מיך פאר איהם אינטערעסירען, דען ער איז געווען דער ערגסטער מענש אין דער וועלט. וועהרענד ער איז אין גליק געשטאנען, האט ער אלעמען וויא פליגען בעטראכט און פון דיא אידען האט ער גאר ניט געוואלט וויסען. ער האט זיך זאגאר געשעמט מיט דעם נאמען איד. אבער מיר דארפען איהם בעווייזען, אז גראדע דערפאר וואס מיר שטאלצירען מיט דעם נאמען איד, קענען מיר איהם אין אזא עלענד און אין אזא נויטה ניט איבערלאזען. ניט איהם איבער אין מיין נאמען, אז איך בין פערטיג מיט לייב און לעבען איהם צו העלפען. איך וועל נאך הייטע זיין ביי א פאר פאר־נעהמע קריסטען, וועלכע וועלען איהם דיא גרעסטע טובה טהאן. מען וועט איהם שוין פון מאָסקווא ניט ארויסטרייבען. ער וועט דא בלייבען, וויא לאנג ער וועט וועלען.

— לעבען זאלט איהר, הערר גרינזאנג — האט משה ערפרייט אויסגערופען — איהר האט זעהר רעכט. מיר וועלען איהם ווייזען, אז דער וואס שעמט זיך ניט מיט דעם נאמען איד, דער האט אין זיך רחמנות. דאס וועט זיין פאר איהם דיא בעסטע לעהרע אויף ווייטער. יא, איך האב מיך דערמאנט אייך, הערר גרינזאנג, צו פרעגען: איהר פאהרט דאך יעצט פון דאנילאווקא, וואס מאכט דער גראף אנטאָן דאנילאָוו?

— איהר פערשפּאָרט שוין וועגען איהם צו פרעגען.

— ווארום?

— איהר פערשטעהט דען ניט ווארום? וועגען א טויטען מענשען איז ניטאָ וואָס צו פרעגען.

— וואס? דער גראף דאנילאָוו איז טויט?

— יא, ער איז געשטארבען.

— הוא אלהים! ווען איז ער געשטארבען?

— מיט א קורצער צייט צוריק.

— פון וואס פאר א קריינק?

— מען האָט איהם פערגיפטעט.

— פערגיפטעט? וועה איז מיר. ווער האט איהם פערגיפטעט?

— דאס וויים מען נאך ניט. אבער דאס איז בעשטימט, אז מען האט איהם פערגיפטעט אין געפענגניס.

— אין געפענגניס! וויא קומט ער אין געפענגניס?

— דאס איז א לאנגע געשיכטע, און איך בין יעצט ניט ביי אזא לוינע איך זאָל דאס אייך קענען דערצעהלען. נור וויא דיא זאך איז, ער איז טויט.

— נו, און דיא גרעפין וויים שוין דערפון?

— יא, זיא וויים, און זיא איז פון גרויסע שמערצען קראנק געווארען.

— אזוי? נאך אזוי פיעל צרות וויפיעל ער האט זיא אנגעטהאן, האט זיא שמערצען דערפון וואס ער איז געשטארבען?

— איהר זעהט דאָך, אז דאס איז אזוי. דעם מענשענס נאטור קען מען נאר

ניט ערקלערען. טאגבעס־מאל ליעבט ער זיינע גרעסטע פיינדע און פערהאסט זיינע בעסטע פריינדע. בעזאנדערס בעמערקען מיר אזא רעטהזעלהאפטע ערשיינונג ביי דיא פרויען.

240טעס קאפיטעל.

## וועליקי קניאז און אנטאָן דאַנילאָוו.

דער גראף דאנילאוו האט צוגעטראגען דאס פערגיפטעטע עסען צום מונד, מיט דער אבזיכט, איין מאל פאר אלע מאל אן ענדע צו מאכען צו זיין פינסטער לעבען.

דיא לעפעל איז אבער שטעהן געבליעבען ביי זיינע ליפען און איז ווייטער ניט געגאנגען. דיא ליעבע צום לעבען, וועלכע האט זיך שוין געוועזען פאסט גענצליך פערלאָשען אין דאנילאוו'ס ברוסט, האט זיך פלוצלינג ערוואכט ביי דעם אנבליק פון דעם שווארצען טויט, און האט וויא געשריען צו איהם: האלט! דוא דארפסט נאך ניט שטערבען; וואָצו זאלסט דוא מיט דיין טויט גליקליך מאכען דיינע ערגסטע פיינדע וואס ווילען דיך פון דער וועלט פערטרייבען?

איהם איז אין דער מינוט איינגעפאלען דער געדאנק, אז דאס פערגיפטעטע עסען האט איהם געשיקט זיינער א שרעקליכער פיינד, וואס וויל דורך זיין טויט נוצען ציהען.

דיא האנד וועלכע האט דיא לעפעל געהאלטען האט זיך אראפגעלאָזט און דער גראף האט זיך פערטיעפט אין פאָלגענדע געדאנקען:

— ווער האט דאס געקענט טהאן? ווער וויל דאס אזוי שטארק, איך זאָל שטערבען?

ער האט זיך אנגעהויבען צו דערמאָנען אָן אלע פערזאָנען וועלכע דארפען איהם זיין פיינדע, אבער ער האט ניט איינעם געפונען וואס זאל איהם זיין אזא בלוטיגער פיינד, דאס ער זאל זיך וואגען איהם גיפט אין קערקער אריינצושיקען.

— דאס איז ארדעלא'ס ארבייט — האט ער ענדליך געשטאמעלט — יא, נור זיא האט דאס געטהאן, קיין אנדערער. זיא דענקט געוויס פון מיין טויט נוצען צו ציהען; קיין אנדערע יורשים אויסער איהר מיט איהר פאטער האב איך ניט, און נאך מיין טויט בלייבט אלעס איבער פאר זיי ביידען.

אבער מיין בריעף? — האט ער ווייטער געקלערט — אין דעם בריעף וואס איך האב געשריעבען צו איוואנען, האב איך דאך אויסדריקליך געשריעבען, אז פון מיין גאנץ פערמעגען זאל מען ארדעלאן אויך איהר פאטער איין קאפיקע ניט געבען. דארף זיא דאך וויסען, אז נאך מיין טויט וועט איהר פון מיין פערמעגען גאר ניט אנקומען.

עס קען אבער זיין, אז זיא וויים פון דעם בריעף ניט — האט ער דיא פראגע פערענטפערט — דארום האָפט זיא נאך מיין יורש'טע צו ווערען. יא, קיין אנדערער האט דאס געטהאן, נור זיא. נו, זאל איך איהר צוליעב טהאן און שטערבען? ניין! אזא נארר וועל איך ניט זיין. איך מוז מיך יעצט נעהמען צו איהר און זיא פערניכטען. אזא מערדעריי דארף ניט פערשוויעגען ווערען.

ער איז צוגעגאנגען צום טהיר און האט א געשריי געטהאן צום וועכטער, ער זאל איהם דיא מינוט אהער־שיקען דעם סמאטריטעל, דען ער מוז איהם זעהר א נאָטהווענדינע זאך איבערגעבען.

דער וועכטער, וועלכער האט א בעפעהל ערהאלטען, ער זאל דיעזען ארעס־טאנט מיט נאכזיכט בעהאנדלען, איז באלד געלאפען און האט דיא ווערטער איי־בערגעגעבען דעם סמאטריטעל, וועלכער האט פערשטאנען אז דא מוז עפּעס וויכ־טיגעס זיין, און איז דארום באלד געקומען צו דעם גראף אין דער צעלע.

— איהר האט מיר עפּעס צו זאגען? — האט ער אנטאגען געפרעגט.

— יא, הערר סמאטריטעל. — האט איהר דאס ערלויבט, מען זאל מיר אריינשיקען א פערגיפטעטען מיטאג?

— א פערגיפטעטען מיטאג? — האט דער סמאטריטעל ערשראקען געפרעגט.

— יא, מען האט פערגיפטעטעס עסען אריינגעשיקט. דא שטעהט עס, און איהר קענט זיך זעהר לייכט איבערצייגען אין דער ריכטיגקייט פון מיינע ווערטער.

— אבער פון וואנען ווייסט איהר, אז דאס עסען איז פערגיפטעט?

— דא זיינען מיינע עדות — האָט אנטאן געענטפערט, אנצייגענד אויף דיא טויטע מייז וואס זיינען דארט געלעגען.

דער סמאטריטעל האָט זיך א צאפּעל געטהאָן, אלס ער האט דיא טויטע מייז דערזעהן.

— איהר פערשטעהט שוין יעצט, הערר סמאטריטעל, אז איך האב אייך קיין ענענדע דערצעהלט? — האט דער גראף זעהר ערנסט געזאגט.

— ווייסט איהר געוויס, אז דיא מייז זיינען גע׳פגר׳ט פון דיעזען עסען? — האט ער נאך א קורצעס נאכדענקען געפרעגט.

— איך האב דאס אליין געזעהן.

— דאס איז מערקווירדיג, — האָט דער סמאטריטעל וויא צו זיך אליין גע־זאגט — אבער איך קען נאך אלץ ניט גלויבען, אז דאס עסען איז פערגיפטעט. איך מוז זעלבסט א פּראָבע מאכען.

ער האט געהייסען דעם וועכטער ער זאל חאפּען אין גאס א הונד און זאָל איהם ברייננען אהער.

דער וועכטער איז ארויסגעלאָפען אין דער גאס, און עס האט לאנג ניט גע־דויערט, האט ער אריינגעבראכט א גרויסען הונד.

דער סמאטריטעל האט גענומען א שטיק פלייש פון דעם בראטען וואס איז געשטאנען, האט עס א וואָרף געטהאן דעם הונד, וועלכער האט דעם שטיק פלייש איינגעשלונגען. עס זיינען קיינע פינף מינוטען איבערגעגאנגען, האט דער הונד אנגעהויבען שרעקליך צו בילען און זיך צו קרימען. ענדליך איז ער געפאלען צו דער ערד, און נאך א קורצען קאמפּף מיט דעם טויט איז ער גע׳פגר׳ט.

— נו, וואס זאגט איהר יעצט, הערר סמאָטריטעל? — האט דער גראף געפרעגט.

— איך מוז געשטעהן, אז איהר האט רעכט — האט דער סמאטריטעל

נעגנטפערט און איז לייכען־בלאס געווארען — איך זעה יעצט, אז דער מאן וואס האט אייך דאס עסען אהער געשיקט, איז א מערדער און א בעטרינער.

— קענט איהר דעם מאן, וועלכער האט מיר דאס עסען אהער געבראכט?

— ער האט זיך פאר מיר פארגעשטעלט אלס גראף מארקוס דאנישעוו אויס פעטערבורג. איז אייך דיעזער נאמען בעקאנט?

— ניין. איך הער פון אייך צום ערשטען מאל דיעזען נאמען.

— ער האט מיר דערצעהלט אז ער איז געוועזען אייער פאטערס בעסטער פריינד און אייך האט ער געליעבט וויא א קינד, און ווען איהר זייט געוועזען אין פעטערבורג, פלעגט איהר ביי איהם קווארטירען.

— דאס איז פאלש, און דיא פאר מאל וואס איך בין געוועזען אין פעטערבורג האב איך קווארטירט אין האטעל „סאקסאניע".

— אלזא, איז קיין צווייפעל, אז דיעזער מאן איז א מערדער און א שווינדלער — האט דער סמאטריטעל געזאגט — פיעללייכט קענט איהר איינפאלען ווער דאס איז?

— וויא האט ער אויסגעזעהן?

דער סמאטריטעל האט איהם פארגעשטעלט, וויא דער אלטער האט אויסגעזעהן.

— דאס איז פעליקס! — האט אנטאן אויסגערופען.

— ווער איז דער פעליקס?

— צו מיין גרויסער שאנדע, איז ער מיין אנקעל.

— איז ער אויך א גראף?

— יא. ער איז אויך א גראף, אבער ניט דאנישעוו, זאנדערן דאנילאוו. יעצט פערשטעה איך שוין אלעס. מיר איז באלד, וויא איך האב ערפאהרען אז דאס עסען איז פערגיפטעט, איינגעפאלען אז דאס האט געטהאן זיין טאכטער אדעלא אדער ער אליין.

— וואו וואוינט ער?

— ער וואוינט אין מאסקווא. איהר וועט איהם געוויס דערקענען ווען איהר וועט איהם נאך אמאל דערזעהן.

— געוויס, וועגען דעם דארפט איהר ניט צווייפלען.

— אלזא, וואס קלערט איהר יעצט צו טהאן הערר סמאטריטעל?

— איך וועל דיא געשיכטע איבערגעבען דעם פראקוראר און ער וועט דאס אריינשיקען צום סליעדאוואטעל. איהר קענט גאנץ זיכער זיין, אז דעם אלטען מערדער וועט אזא מערדעריי ניט געשענקט ווערען.

— איך בעט אייך, טהוט אלעס וואס אייער שולדיגקייט איז ביי אזא זאך צו טהאן. איך וועל פערשטעהן וויא אייך פאר אייער ארבייט צו בעלאהנען.

— איך קוק דא ניט אויף לאהן, — האט דער סמאטריטעל געענטפערט — דאס בלוט קאכט אין מיר, ווען איך דערמאן מיך אז אזא שורקע, אזא בעטרינער

האָט מיך געוואָלט אין אַן אונגליק אריינשלעפּען. דען ווען בעהיטע גאָט, ער זאָל געוועזן שטערבען, וואָלט די גאַנצע שולד געפאַלען אויף מיר.

ער האָט גענומען דאָס עסען, האָט עס גלייך אוועקגעשיקט צום פּראָקוראָר און האָט איהם די גאַנצע געשיכטע דערצעהלט.

דער פּראָקוראָר איז אויסער זיך געוואָרען פון דער ערצעהלונג. ער איז אַליין מיט דעם סמאָטריטעל אוועקגעגאַנגען צום סליעדראָוואַטעל און אַלע דריי האָבען זיך בעראַטהען, וואָס זיי זאָלען דאָ טהאָן.

— קענט איהר דעם מאַן, וואָס האָט דעם מיטטאָג אהער געבראַכט?—האָט דער סליעדראָוואַטעל געפרעגט דעם סמאָטריטעל.

— יאַ, איך קען איהם, דאָס איז אַ קעלנער פון וואַסילעוו׳ס רעסטאָראַן.

— נו, דאַרפען מיר צו אַלעם ערשטען דיעזען קעלנער אויף איין פערהער שטעלען, — האָט דער סליעדראָוואַטעל געזאָגט און האָט באַלד געשיקט רופען די צוויי קעלנער פון וואַסילעוו׳ס רעסטאָראַן.

דער סמאָטריטעל האָט גלייך דערקענט דעם קעלנער, וואָס האָט דאָס עסען געבראַכט פאַר דעם גראַף.

אויף דער פראַגע. ווער עס האָט דאָס עסען אין יענעם רעסטאָראַן בעשטעלט, האָט דער קעלנער געענטפערט, דאָס אַן אונבעקאַנטער יונגער מאַן האָט דאָס בע-שטעלט און האָט בעפאָר מען האָט דאָס אוועקגעטראָגען אין קערקער אַליין פער-זוכט און האָט זיך עפּעס אַרום דעם בעשעפטיגט.

— אַלזאָ, איז דאָ נאָך איינער פאַראַן צו דעם אַלטען, — האָט דער סליע-דראָוואַטעל געזאָגט — דאָס איז זעהר אַ שווערע אויפגאַבע.

— וואָרום איז דאָס שווער ? — האָט דער פּראָקוראָר געפרעגט.

— זעלבסטפערשטענדליך, אַז וואו מיר ווען ניט אויסגעפינען דעם יונ-גען, קענען מיר מיט דעם אַלטען ניט אָנפאַנגען, דען ער וועט זיך אין גאַנצען אָב-לייקענען פון דעם גיפט. ער קען זאָגען אַז ער ווייס פון דער גאַנצער געשיכטע ניט.

— אָבער ער האָט דאָך מיט מיר אַליין וועגען דעם גערעדט?—האָט דער סמאָטריטעל געזאָגט.

— דאָס איז נאָך אַלץ ווענינ. ערשטענס, קען ער אייך פאַר אַ ליגנער מאַ-כען, דען ער האָט דאָך מיט אייך אונטער פיער אויגען גערעדט און אַז ער וועט זאָ-גען, דאָס ער האָט מיט אייך פון קיין עסען גערעדט, האָט איהר קיין בעווייזע זיי-נע ווערטער אָבצולייקענען. צווייטענס, ווען ער זאָל שוין געשטעהן, אַז ער האָט מיט אייך וועגען דעם גערעדט, קען ער זאָגען, אַז ער האָט מיט דעם יונגען מאַן קיין פערבינדונג ניט און ער ווייס גאָר ניט ווער ער איז.

— אָבער ווי אַזוי קען מען דעם צווייטען מערדער אויסגעפינען ?

— מיין ראַטה איז,—האָט דער סליעדראָוואַטעל געענטפערט—אַז מען זאָל אַרויסלאָזען אַ קלאַנג, דאָס איין אַרעסטאַנט איז אין קערקער געשטאָרבען פון פערגיפטונג, ווער דער אַרעסטאַנט איז, דאַרף מען אויך זאָגען. דאַן ווען זיינע

מערדער וועלען זעהען, דאָס זיי האָבען זייער ציעל עררייכט, וועלען זיי זיך דאָך כאַפּען צו דעם, וואָס איז נאָך געבליבען. ווילען מיר שוין ערפאַהרען, וואָס פאַר א געהויבענע פּיגעלאַך דאָס זיינען. איך גלויב אויך, אז זיי וועלען זיך ניט אין פריערען מיט דעם נאַכלאַס צוטהיילען און פון זיי אליין וועלען מיר קענען אלעס ערפאַהרען. דאַביי קען זיין אז איינער פון דער חברה וועט זיך אינטערעסירען וועגען דעם נאַכפאָרשונגען צו מאַכען, וועלען מיר איהם גלייך פערהאַפטען.

דער ראטה איז זעהר געפעהלען געוואָרען דעם פּראָקוראָר און דעם סמאָטרי-טעל און זיי האָבען זיך אלע בעשלאָסען זאָ צו טהאָן.

באלד איז ארויס אין גאַנץ אָרשא א קלאַנג אז א רייכער ארעסטאַנט מיט דעם נאָמען דאַנילאָוו איז אין קערקער פון פערגיפטונג געשטאָרבען. די פּאָליציי האָט זיך גענומען שטרענג נאַכצוקוקען אין יעדען פרעמדען מענשען, און פיעלע פערהאַפטונגען זיינען פאָרגענומען געוואָרען.

עס זיינען איבערגעגאַנגען אייניגע טעג און פון דעם יונגען מערדער איז קיין שפּור געווען צו פינדען. אויף דער אָנפראַגע, וואָס דער סליעדאָוואַטעל האָט גע-מאַכט וועגען דעם גראַף פעליקס דאַנילאָוו האָט מען געענטפערט, דאָס דער גראַף איז שוין זייט 10 טאָג פון מאָסקווא אוועקגעפאָהרען, וואו ער איז וויים מען ניט.

איין מאָל אין א שעהנעם פריהמאָרגען האָט זיך ביים סליעדאָוואַטעל געמעל-דעט א רייכ־געקליידעטער מאַן מיט זעהר אַן אריסטאָקראַטישעס אויסזיכט און האָט געבעטען דעם סליעדאָוואַטעל, ער זאָל איהם דערצעהלען די גאַנצע געשיכטע פון גראַף דאַנילאָוו׳ס פערגיפטונג.

דער סליעדאָוואַטעל האָט אָנפאַנגס געוואָלט דיעזען אונבעקאַנטען מאַן פער-האַפטען, ווייל ער האָט געדענקט אז ער מוז אויך געווים זיין איינער פון די לייטע וואָס האָבען אָנטהייל גענומען אין דאַנילאָוו׳ס פערגיפטונג. ער האָט דאָס אָבער ניט געוואַגט צו טהאָן, דען דער פרעמדער האָט אין איהם רעספּעקט געגען זיך איינגעפלעסט און ער האָט געזעהן אז אזא מענש מיט אזא גוטמוטהיגעס געזיכט איז ניט פעהיג א מאָרד צו בעגעהן.

אויף דער פראַגע, ווער ער איז, האָט דער מאַן ארויסגענומען אַן עלעגאַנטע וויזיט קאַרטע אויף וועלכע מען האָט פון איין זייט געקענט לעזען פּרינץ וולאַדי-מיר אלכסנדראָוויטש און פון דער צווייטער זייט זיינען געווען אָנגעשריעבען איי-ניגע ציילען מיט דעם פאָלגענדען אינהאַלט: קיינער האָט דאָס רעכט דיעזען מאַן צו פרעגען אויף זיין נאָמען, מען מוז איהם בלינד געהאָרזאַם זיין—וולאַדימיר.

דער סליעדאָוואַטעל האָט שוין מעהר קיינע פראַגען געמאַכט און האָט דעם פרעמדען אלעס ערצעהלט.

אין פערלויף פון אייניגע טעג, וועל איך אייך אויסקונפט געבען וועגען די מערדער — האָט דער פרעמדער שמייכלענד געענטפערט און זיך לייכט פערניי-גענד האָט ער פערלאָזט דעם סליעדאָוואַטעל׳ס צימער.

---

241טעם קאפיטעל.

## דער געפאנגענער.

זיצען אין פינסטערען קערקער פאר א בלבול, ווי שרעקליך דאס איז! דעם וואהרען פערברעכער איז די גרעסטע שטראפע ניט אזוי שרעקליך, ווייל בעפאר ער איז צו דעם פערברעכען צוגעגאנגען, האט ער די שטראפע אין זינען געהאט, ער האט זי ערוואַרטעט, און די זאך, וואס מען ערוואַרטעט צו זי איז גוט צו שלעכט, מאכט זי ניט אזא שטארקען איינדרוק מיט איהר ערשיינען. אנדערש אבער איז, ווען א גליק אדער אן אונגליק קומט אונערוואַרטעט. די מאכען אפט אויף דעם מענשען אזא איינדרוק, דאס זיי קענען איהם איינפאך וואהנזיניג מא-כען. מען מוז האבען א געזונד הערץ מיט געזונדע נערווען אום מען זאל אזא אונ-ערוואַרטעטען גאסט קענען גערולדיג ערטראגען.

אויך יאקאב פיין האט געהאט צו פערדאנקען זיין אייזערנער נאטור דאפיר, וואס ער האט געקענט ערטראגען דעם שרעקליכען אונגליק, וואס איהם האט ער-רייכט. איהם האט זיך דאס גאר קיין מאל ניט גע'חלום'ט, ער זאל זיצען אין גע-פענגנים און אזוי אונשולדיג, איהם האט גאר קיין מאל דער געדאנק אין קאפ ניט געקענט איינפאלען, דאס איהם וועט מען אלס מערדער בעשולדיגען.

באלד ווי מען האט איהם אין געפענגנים געווארפען, האט ער געהאפט, דאס מען וועט זיך באלד ארומזעהן דעם אריטהום וואס מען האט דא געהאט און מען וועט איהם עהרענפאל פון'ם קערקער ענטלאסען. בעזאנדערס האט זיך אין איהם די האפנונג אויף רעטונג געשטארקט, ווען די פאלשע עדות האבען זיך אין זיין געגענוואַרט און פאר דעם דעם סליעדאוואטעל אין די אויגען אזוי געפלוטעט אין זייערע אנגאבען.

דעם בעוויז דערצו אז די פלוידערייען פון די עדות האבען אויף דעם סליע-דאוואטעל שטארק געווירקט, האט ער געהאט דערפון, וואס מען האט איהם אי-בירגעפיהרט אין א ליכטיגערע צעלע. ער האט געהאפט אז באלד וועט אין גאנ-צען ליכטיג ווערען און ער וועט בעפרייט ווערען.

ווי מיר ווייסען שוין האט איהם מעהר פון אלעם געקריינקט, דאס וואס רע-בעקא ראכ'הבלום מיינט אז ער איז ווירקליך א מערדער. ער האט זיך זעלבסט קיין רעכענונג געקענט אבגעבען, ווארום וויל ער אין איהרע אויגען מעהר אונשולדיג און ריין ערשיינען אלס ביי אלע איבעריגע מענשען. אבער ער האט דאס דאך גע-וואלט, און אז מאררים וואהרהאפטיג האט איהם געזאגט, דאס רעבעקא גלויבט ניט, אז ער האט דעם מארד בעגאנגען, האט ער זיך ערקוויקט, ווי מען זאל איהם אנזאגען אז ער איז שוין בעפרייט געווארען.

זעהר א ריהרענדע סצענע האט זיך אבגעשפילט, אלס זיין פאטער האט איהם אין געפענגנים א בעזוך געמאכט. די פינסטערע וועגד פון'ם קערקער האבען בע-דארפט ווייגען קוקענדיג אויף זייערע הייסע טרעהרען וואס זיי האבען פערגאסען.

ווען מען בעגעגענט זיך מיט דעם בעסטען פריינד אין אן עת-צרה, אין דער צייט, ווען די וואסער דערלאנגט ביז צום האלז, דאן עפענט זיך די טרעהרען-קוועלע און די פערבאָרגענע טרעהרען פליסען דאן ארויס אין שטראָמען איבער דעם אונגליקליכענס וואנגען.

דער פאָטער מיט דעם זאָהן האָבען זיך אומגעארמט און איינער דעם צווייטען האָט מיט זיינע הייסע טרעהרען בעגאָסען. זיי האָבען אָבערביידע קיינע ווערטער געהאט. זיי האָבען ניט געוואוסט וועגען וואָס צו ריידען. ביידענס הערצער זיינען געווען אזוי אָנגעפיהלט מיט ליידען, דאָס ניט איין וואָרט האָט זיך פון דאָרט געקענט ארויסרייסען.

ערשט נאָך דעם אז זיי האָבען זיך ביידע אויסגעוויינט, האָט זיך דאָס לשון געוויעזען. יאַקאָב האָט זיין פאָטער דערצעהלט די גאנצע געשיכטע, ווי אזוי ער איז אין הָעם אונגליק אריינגעפאלען, אָבער ער האָט ניט געוואוסט, ווער עס האָט דאָס אונגליק אויף איהם געבראכט. פערשטאַנען האָט ער, אז דאָס האָט געטהאָן א געהיימער פיינד; אָבער ווער יענער הערצלאָזער פיינד איז, דאָס האָט ער ניט געקענט זאָגען.

דער פאָטער האָט איהם געטרייסט אז אלעס געהט אין דער בעסטער אָרדנונג, אז מען ווייס שוין ריכטיג, ווער דיווירקליכע מערדער זיינען, און דאָס דער פאָליצמייסטער אליין, ווי אויך דער סליעדאָוואטעל, האָבען זיך ענערגיש גענומען די גאנצע געשיכטע אויפצודעקען.

דאָס האָט יאַקאָב'ן פרישען מוטה געגעבען זיין אונגליק געדולדיג צו ערטראָגען. ביי איהם וואר שוין קיין צווייפעל מעהר, אז ער וועט בעפרייט ווערען פון דיעזען שרעקליכען אָרט, און א ניי לעבען האָט זיך אין זיין ברוסט אריינגעכאפּט. ער האָט אָנגעהויבען שטארקער צו האָפען, זיסע בילדער האָבען אָנגעפאנגען פאר זיינע אויגען צו שוועבען.

די זיסטע פון די אלע בילדער, וואָס האָבען אין דיעזען פינסטערען קבר פאר זיינע אויגען אין פאָלען גלאנץ געטאנצט, איז געווען דאָס בילד פון רעבעקאַ ראָטהבלום. איהר שעהנעס געזיכט האָט פאר איהם וואכענד אויך טרוימענד ערשיינט. אן איבער־אירדישעס פערגעניגען האָט זיין ברוסט אָנגעפילט, אלס ער האָט זיך פאָרגעשטעלט דעם שלום־עליכם, וואָס רעבעקאַ וועט איהם געבען אלס ער וועט פון געפענגניס ארויסגעהן און וועט צו איהר קומען. זי וועט איהם געוויס דאן די האנד רייכען, און וועט מיט שטראהלענדע אויגען אויסרופען:

— אָ, געלויבט איז גאָט, וואָס איך זעה אייך איבערמאלס אלס פרייען מענשען. איך האָב פריהער געוואוסט, אז איהר וועט לאנג אין קערקער ניט שמאכטען, ווייל איך האָב אין אייער אונשולד ניט איין מאָמענט געצווייפעלט.

— זיסע, טהייערע מינוטען! וואו זייט איהר? ווי דערלעב איך שוין, איהר זאָלט קומען — האָט ער ביי אזעלכע געדאנקען זיך געטראכט — איך וואָלט צו־פריעדען געווען באלד נאָך אייך צו שטערבען, אבי אייך צו געניסען!

ווי ריכ טיג שלמה המלך האָט געזאָגט: „תוחלת ממושכה מחלת לב", דאָס

הייסט, אַ פערצווייגענע האָפנונג איז נור אַ האַרץ-ווייטאָג. איהר קענט אייך קויפען דעם בעסטען פריינד פאַר דעם ערגסטען פיינד, ווען איהר וועט איהם פערשפּרע-כען אַ טובה און וועט איהם פון טאָג צו טאָג אָבציהען. עס איז פיעל גלייכער אָן אונגליקליכען גלייך צו ענטזאָגען, אַלס איהם אָבציהען פון טאָג צו טאָג מיט פאַל-שע פערשפּרעכונגען. דען ביי אַזאַ האַנדלונג מוז פּלאַצען די גערולד.

אויך יאַקאָב׳ס גערולד האָט שיער געפּלאַצט, אַלס עס האָבען זיך אָבגעצויגען פיעלע טעג, און פון קיין הילף איז קיין שפּור געווען. עס האָט אויסגעזעהן, ווי אַלע האָבען אָן איהם פערגעסען. דען צום סליעדראָוואַטעל האָט מען איהם שוין ניט מעהר גערופען. איינזאַם איז ער געזעסען אין זיין קערקער און האָט אויסגעקוקט אויף רעטונג. יעדען טאָג האָט ער זיך געקלעהרט, אַז מאָרגען וועט די הילף קומען. אָבער דער מאָרגענדיגער טאָג האָט דאָס זעלבע געבראַכט, וואָס דער נעכטיגער טאָג — איינזאַמקייט און עלענד.

ער האָט אָנגעהויבען אין כעס צו ווערען אויף דער גאַנצער וועלט און אויף דער גאַנצער מענשהייט. ער האָט פערשאָלטען דעם טאָג, וואָס ער איז אָנגעקומען אין מאָסקווא. דער שטילער רוהיגער מענש, וואָס האָט קיין מאָל, ווי מען זאָגט, אַ פליג אויף דער וואַנט ניט געטשעפּעט, איז יעצט געוואָרען אַ ווייטהענדעס טהיר. ווען עס וואָלט מעגליך געווען, וואָלט ער מיט זיינע אייגענע הענד ערשלאָגען דעם סליעדראָוואַטעל, דעם פּראָקוראָר, דעם סמאָטריטעל מיט זיינע וועכטער צוזאַמען. זיי האָבען אַלע אין זיינע אויגען אויסגעזעהן, ווי מערדער, ווי באַנדיטען, וואָס האָבען איין האַנד געמאַכט איהם צו האַלטען פערשלאָסען אין דיעזען קערקער גאָר אָהן אַ פאַרוואָס.

— וואו איז די גערעכטיגקייט, די מענשהייט, דאָס געוויסען?—האָט ער זיך זעלבסט געפרעגט—וואָרום פערשטעהען די לומפען ניט, דאָס איך בין עהרליכער פון זיי, און איך שמאַכטע אין געפענגנים גאַנץ אונשולדיג.

אָבער די שטומע ווענד פון זיין קערקער זיינען אויך געוועזן טויב פאַר דיעזע פראַגען, און קיינער האָט זיי בעאַנטוואָרטעט.

ווער וויים, צו וואָלט ער אוים כעס אליין צו זיין לעבען קיין ענדע געמאַכט, ווען ניט די האָפנונג צו זעהן אַמאָל רעבעקאַ׳ן און איהר איבערציינגען, אַז זי האָט קיין אירטהום געהאַט, דערמיט וואָס זי האָט ניט געגלויבט אַז ער איז אַ מערדער.

יאַ, נור דיעזער געדאַנק האָט איהם נאָך געהאַלטען אויף די פיס. ער האָט גע-וואָלט ערקלעהרט ווערען אונשולדיג, נור אום רעבעקאַ׳ן צו ציינען, אַז ער איז ווירקליך אַזאַ עהרליכער מאַן, ווי זי דענקט.

— וואָרום קומט מעהר ניט מאָררים וואָהרהאַפטיג, אויך ניט מיין פאַ-טער?—פלעגט ער יעדען טאָג פרעגען — אויך זיי האָבען זיך אָן מיר פערגעסען? זיי ווילען שוין אויך פון מיר ניט וויסען ? די גאַנצע וועלט, ווי איך זעה, איז מיר פרעמד געוואָרען; קיינעם אינטערעסירט מיין אונגליק; אַלע שטעהען קאַלט און קוקען גלייכגילטיג צו, ווי מען קוועלט מיך.

מען האָט זיך דאָך אָבער ענדליך אָן איהם דערמאָהנט, דען אין אַ שעהנעם פריהמאָרגען האָט מען איהם געפיהרט צום סליעדראָוואטעל.

מיט דער גרעסטער שפּאַנונג האָט ער ערוואַרטעט צו הערען, וואָס דער סליע-דראָוואטעל וועט איהם זאָגען. ביי איהם וואַר קיין צווייפעל, אַז מען וועט איהם אָנזאָגען די גוטע בשורה, דאָס ער איז פריי.

אָבער באַלד, ווי ער איז אַריינגעקומען צו דעם סליעדראָוואטעל אין דער קאַנ-צעלאַריע און האָט אַ קוק געטהאָן דעם בעאַמטען אין געזיכט, האָט ער פערשטאַ-נען אַז מיט איהם איז ניט פרעהליך, דען דער סליעדראָוואטעל האָט אויף איהם אַ פינסטערן בליק געוואָרפען און האָט איהם גאָר אויף דאָס ניי אָנגעהויבען צו פרעגען וואָס ער האָט אין יענער נאַכט געטהאָן ביי מיכאל וואָהרהאַפטיג אין הויז.

יאַקאָב'ן איז פינסטער געוואָרען אין די אויגען. ער האָט פערשטאַנען, אַז דאָס רעדעל האָט זיך איבערמאַלס אַ דרעה געטהאָן צום שלעכטען.

— הערר סליעדראָוואטעל — האָט ער געזאָגט זעהר אויפגערעגט — מיר שיינט, אַז איך האָב אייך שוין גענוג דייטליך ערקלערט ווי די זאַך איז צוגעגאַנגען און איהר זעלבסט האָט זיך אויסגעדריקט, אַז איהר פערשטעהט, דאָס איך בין אונשולדיג.

— איך בין אויך ניט מעהר ווי אַ מענש—האָט דער בעאַמטער שטרענג גע-ענטפערט—מיר קען אויך אַמאָל אויסקומען אַ שוואַרצע זאַך ווייס... אויף קיינעם ליעגט יעצט די בעשולדיגונג אויסער אויף אייך און נאָך איינעם. יענער האָט ניט געוואָלט וואַרטען ביז דאָס געריכט וועט איהם בעשטראָפען און ער האָט זיך אַליין בעשטראָפט, דאַדורך וואָס ער האָט אין זיין קערקער זעלבסטמאָרד בעגאַנגען. אָבער איהר, גלויב איך, וועט אַזאַ דומהייט ניט טהאָן; איהר וועט וואַרטען ביז אייער פּראָצעס וועט זיך אין געריכטס־זאַל ערקלעהרען, און דאַן קען מעגליך זיין, אַז מען וועט אייך ניט אַזוי הארט בעשטראָפען ווי איהר דענקט.

— אָבער מיין גאָט!—האָט יאַקאָב אויסער זיך פאַר פערדרוס און פער-צווייפלונג אויסגעשריען—האָב איך דען ניט געגעבען דייטליכע בעווייזע, אַז איך בין אונשולדיג! אָדער האָט איהר אַליין ניט געהערט, ווי די פערפלוכטע עדות, וואָס האָבען מיט גוואַלד געוואָלט מיך אַלס מערדער בעשולדיגען, האָבען איינער־דעם צווייטען אָבגעלייקענט דורך זייערע פאַלשע בעווייזע.

— איך ווייס קיין זאַך ניט,—האָט דער סליעדראָוואטעל מיריש געענט-פערט — אין געריכטס־זאַאל וועט זיך אַלעס דייטליך ערקלעהרען.

— אין געריכטס־זאַאל ? — האָט יאַקאָב אויפגערעגט אויסגערופען.

— יאַ, אייער פּראָצעס וועט די טעג ערקלעהרט ווערען—האָט דער סליע-דראָוואטעל קאַלט געענטפערט.

— ווען דאַרף דער פּראָצעס ערקלעהרט ווערען ?

— די טעג, איך גלויב אַז עס וועט ניט דויערען מעהר פון צעהן טעג. האָט איהר אַ פערטהיידיגער ?

— ניין.

— מיר שיינט אז איהר זייט זעלבסט אן אדוואקאט, וועט איהר זיך פיעל-לייכט זעלבסט פערטהיידיגען — האט דער סליעדראוואטעל מיט א שפאטישען טאן געזאגט.

דיעזער שפאטישער טאן האט יאקאב'ן אזוי אויפגערייצט, דאס ער האט זיך מיט מיהע איינגעהאלטען ניט ארויפצושפרינגען אויף דעם סליעדראוואטעל און איהם מיסהאנדלען. ער האט נור מיט שטאלץ און מיט פייער געענטפערט: יא! איך וועל מיך זעלבסט פערטהיידיגען. פאר דעם געריכט וועל איך דייטליך בעוויי-זען, וואס פאר א יושר ביי אונז עקזעסטירט. ווי די פראקוראָרען, סליעדראוואטע-לעס און אלע אנדערע בעאמטע בעהאנדלען די אונשולדיגע מענשען, וואס פאלען אין זייערע הענד אריין.

— זעהר גלייך וועט איהר טהאן,—האט דער סליעדראוואטעל שפאטיש און שמייכלענד געענטפערט—בעווייזט טאקי וואס איהר קאנט, דערווייל געהט צוריק אין אייער קערקער און גרייט צו עפעס א פיינע רעדע וועגען אונז.

ער האט א וואונק געטהאן צו דעם סאלדאט, וואס איז דארט געשטאנען און מען האט דעם אונגליקליכען יאקאב'ן צוריק אוועקגעפיהרט אין געפענגניס.

242טעס קאפיטעל

בײם גראספירסט.

איין מאל אין דער וואך עמפפאנגט דער גראספירסט סערגיי אלכסנדראוויטש די ביטעס פון די פערזאנען, וואס ווענדען זיך צו איהם אום הילף. אין יענעם טאג, ביז צוועלף אוהר מיטטאג איז דער עמפפאנג-זאאל פון זיין פאלאסט אנגעשטאפט מיט מענשען. דאס זיינען אזעלכע לייטע, וואס געפינען ביי די קלענערע בעאמטע קיין געהער אויף זייערע קלאגען, דארום ווענדען זיי זיך צו דעם קאפ אליין מיט דער האפנונג, אז ער וועט זיי פון אלע זייערע ליידען בעפרייען, און אבוואהל מען האט שוין זיכער געוואוסט, אז דער גראספירסט וויל זיך גאר די מיהע ניט געבען די אלע פאפירען, וואס ער עמפפאנגט דורכצולעזען און גיט זיי איבער צו זיין אד-יוטאנט, וועלכער שענקט די אלע פאפירען, וואס גרעסטען טהייל פון זיי זיינען געשריבען מיט בלוט און מיט טרעהרען, קיינע אויפמערקזאמקייט. פון דעסטווע-גען געהט מען נאך אלץ מיט ביטשריפטען צו דעם גראספירסט מיט דער האפנונג, פיעללייכט וועט דאס מאל ווירק[illegible]ן און ער וועט פארט עטוואס טהאן פון זייערט וועגען. יעדען ליידענדען געלוסט זיך צו האפען אויף דער בעפרייאונג פון זיינע שמערצען, האטש ער וייס געוויס אז צו זיינע שמערצען איז קיין מעדיצין ניטא.

מיר זעהען יעצט אין דעם עמפפאנג זאאל פון דעם גראספירסט, אדער ווי ער הייסט הייטע דער גענעראל גובערנאטאר פון מאסקווא זעהר פיעל מענער און פרויען מיט פאפיערען אין די הענד, אלע ערווארטען מיט אונגעדולד און מיט שרעק דעם שטרענגען הערין, וואס נור אין זיינע הענד ליעגט זייער הילף.

צווישען די פערזאנען זעהן מיר אונזער בעקאנטער בת-שבע ברענער. זי איז

אויף געזעסען צווישען די אַלע הילפס־בעדירפטיגע, אָבער אָהן אַ פּאַפּיער אין דער האַנט.

חאַטש דאָרט איז געוועזען אַזוי פיעל מענשען, פון דעסטוועגען איז געוועזען אַזוי שטיל, דאָס ווען אַ פליעג איז דורכגעפלויגען, האָט מען געהערט איהר זשומען.

דער זייגער האָט שוין געשלאָגען עלף. יעדע מינוט האָט מען ערוואַרטעט דעם גראַפספירסט'ס ערשיינונג, קוים האָט זיך געגעבען אַן עפען די טהיר, האָבען זיך אַלע אַ צאַפּעל געטהאָן און האָבען געמיינט אַז דאָס געהט שוין דער ער־וואַרטעטער גענעראַל־גובערנאַטאָר.

ענדליך האָט זיך געעפענט אַ זייטיגע טהיר און דער גראַפספירסט מיט זיין אדיוטאַנט זיינען פון דאָרט אריינגעקומען. אַלע אַנוועזענדע האָבען זיך מיט דעם גרעסטען רעספּעקט געשטעלט און יעדער האָט ארויסגעשטעלט זיין פּאַפּיער.

מיט דער מינע פון אַ הימעל־מענשען האָט דער גראַפספירסט אָנגעהויבען צו געהן פון איין פּערזאָן צום צווייטען, זיין אדיוטאַנט האָט ביי יעדען צוגענומען דאָס פּאַפּיער, האָט דאָרט אַ קוק געטהאָן און האָט געזאָגט דעם גראַפספירסט, וואָס דער מענש פערלאַנגט. די גרעסטע העלפט ביטעס האָט ער גלייך ענטזאַגט און אויף די איבעריגע האָט ער גאָרניט געענטפערט.

ענדליך איז ער צוגעגאַנגען צו בת־שבע ברענער.

מיט דעם ערשטען בליק אויף איהר, האָט ער זי דערקענט, אַז דאָס איז די באַראָנין פליגענדאָרף, אין וועלכער ער האָט זיך ניט לאַנג שטאַרק געליעבט און האָט איהר אַ פּאָאָר מאָל אָפּגעשטאַטעט אַ בעזוך אין איהר האָטעל.

— וואָס ווינשען זי? — האָט ער איהר געפרעגט.

— גראַפספירסט! — האָט בת־שבע געענטפערט — איך ווינשע מיט איה־נען אונטער פיער אויגען צו שפּרעכען וועגען זעהר אַ נויטווענדיגער זאַך.

— איהר מוזט דאָס באַלד דערצעהלען, אָדער עס איז רעכט אויך אין אַן אַנדער צייט? — האָט ער פריינדליך געפרעגט.

— עס קען זיין אין אַן אַנדער צייט, ווען יעצט איז דאָס אייך אונמעגליך צו טהאָן.

— גוט. איהר וועט קומען מאָרגען אום פיער אוהר נאָכמיטאָג, וועל איך אייך אויסהערען.

— איך דאַנק אייך זעהר, גראַפספירסט, פאַר דער גנאַדע, וואָס אייער קיי־זערליכע האָהייט צייגט מיר! —האָט בת־שבע געזאָגט מיט אַ קאָקעטישער מינע.

זי האָט זיך העפליך פערניינט און איז ארויסגעגאַנגען.

אַלס זי איז אַרונטערגעגאַנגען די טרעפּ פון'ם גענעראַל־גובערנאַטאָר'ס פּאַ־לאַסט, האָט זי דערהערט הינטער זיך אַ שטימע:

— גנעדיגע פריילין, ווערדען זי מיר ערלויבען מיט איהנען איניגע ווערטער צו שפּרעכען?

בת־שבע איז שטעהן געבליבען, האָט זיך אומגעקוקט, און האָט דערזעהן אַ

מאן פון א יאָהר פינף און פיערציג, זעהר עלעגאַנט געקליידעט מיט אן אריס-טאָקראַטישעס אויסזיכט.

— וואָס פערלאַנגט איהר ?—האָט זי געפרעגט.

— איך האָב בעמערקט, אז איהר זייט בעפריינדעט מיט דעם גראָספירסט—האָט דער מאַן געזאָגט.

— נו, וואָס-זשע ווילט איהר ?

— איך וויל איהר זאָלט פערדיענען פיעל געלד.

— איך פערשטעה אייך ניט, מיין הערר.

— דאָ איז אן איינפאַכע געשיכטע. איך האָב יעצט אזא פאַל, וואָס איך מוז אָנקומען צו דעם גראָספירסט'ס א טובה, דאָס איז מיר אָבער זעהר שווער אויסצו-פיהרען. איך גלויב, אז אייך וועט דאָס גרינג אָנקומען, און קוים פיהרט איהר דאָס אויס, בעקומט איהר צעהן טויזענד רובעל פאַר אייער מיהע.

— צעהן טויזענד רובעל איז געלד—האָט בת-שבע געענטפערט—איך וועל מיך פרובירען זיי צו פערדיענען. זאָגט, וואָס האָב איך צו טהאָן ?

— איך קען דאָס אייך ניט זאָגען דאָ אין דער גאַס. איהר מוזט מיר געבען אייער אדרעסע, וועל איך צו אייך קומען.

— אויף רעכט, דאָ האָט איהר מיין אדרעסע.

זי האָט איהם געגרייכט איהר וויזיט-קאַרטע.

— ווען קען איך אייך טרעפען צו הויזע?—האָט ער געפרעגט איבערלעזענד די קאַרטע.

— איהר קענט מיך טרעפען דעם גאַנצען טאָג צו הויזע, בעזאָנדערס אין דער פריה פון צעהן ביז צוועלף און פון צוויי ביז אכט אוהר נאָכמיטטאָג; נור מאָרגען וועט איהר מיך נאָכמיטטאָג צו הויז ניט טרעפען, ווייל איך מוז זיין ביי דעם גראָספירסט.

— נו, וועל איך זיין ביי אייך הייטע צווישען דריי און פיער נאָכמיטטאָג.

— זעהר גוט, איך וועל אייך ערווארטען.

דער מאַן האָט זיך זעהר דעמיטהיג פערנייגט און איז אוועקגעגאַנגען.

— דאָס קען זיין ניט קיין שלעכטער געשעפט—האָט בת-שבע צו זיך אליין געזאָגט געהענדיג אהיים—צעהן טויזענד רובעל איז א סך געלד; נור ווער ווייס, אום וואָס דאָ האַנדעלט זיך? פיעללייכט איז דאָס אזא שווערע זאַך, וואָס מיר וועט אונמעגליך זיין אויסצופיהרען ?

— זי האָט זיך צוליעב דעם נייעם געשעפט, באַלד געוואָען פערגעסען אָן דעם אַלטען געשעפט; עס הייסט אָן דעם, וואָס זי האָט זיך אונטערגענומען ראַכע צו נעהמען פאַר ברענער'ן. אָבער באַלד האָט זי זיך צוריק אָן דעם דערמאַהנט און א שמייכעל האָט זיך געוויעזען אויף איהרע ליפען, אלס זי האָט זיך פאָרגעשטעלט, וואָס פיר א נאַז זי וועט באַלד קענען ווייזען דעם פאָליצמייסטער צוזאַמען מיט דעם סמאָטריטעל.

— איך וועל זיי ווייזען, אז איך בין ניט אזא שוצלאָזע זשידאָווקאַ ווי זיי

מיינען—האָט זי געזאָגט אַלס זי האָט זיך געפונען אַליין אין איהר צימער—איך וועל זיי וויזען, דאָס מיט מיר שפּאַסט מען ניט. ברענער׳ס בלוט מוז גערעכענט ווערען, אָבוואָהל ער האָט דעם טוידט כשר פערדיענט, דערפאר וואָס ער האָט זיך בעטהייליגט אין וואָהרהאַפטיג׳ס מאָרד.

עס זיינען קיינע צוויי שטונדען פערגאַנגען זייט זי איז צוריקגעקומען פון׳ם גענעראַל-גובערנאַטאָר, האָט איהר דינסטמעדכען איהר אַ בריעף אריינגעטראָגען.

זי ה. דעם בריעף געעפענט און האָט געזעהען אַז דאָס איז פון גרינזאַנג׳ן.

דער בריעף האָט געלויטעט פאָלגענדעס:

„געהערטע מאַדאַם !

„ווען עס איז מעגליך זיי זאָלען מיר הייטע אָבענד אום זעקס אוהר אבענד אַ בעזוך אָבשטאַטען וועל איך זיי זעהר דאנקבאר זיין. איך האָב מיט זיי זעהר וויכטיגעס צו שפּרעכען. אכטונגספאָל

מיכאַאיל גרינזאַנג״.

243טעס קאַפּיטעל.

## דאָס איז מערקווירדיג.

לעהמאַן איז שוין יעצט פיעל רוהיגער. די צווייטע נאַכריכט וואָס זיין פריינד האָט איהם אַזוי אונערוואַרטעט געבראַכט פון סאָנקאַ׳ס פּערדאָרבענהייט, האָט שוין דעם לעצטען פונק ליעבע צו דיעזעס מעדכען אין זיין ברוסט פערלאָשען ער האָט זיך בעשלאָסען, זי מעהר אין זינען ניט צו האָבען, און ווי עס האָט אויסגעזעהן האָט ער דאָס מאָל דעם בעשלוס הייליג געהאַלטען. ער האָט שוין פון איהר מעהר ניט געטראַכט. ער האָט זיך דערמאָהנט, אַז ער איז אַ קויפמאַן, און האָט אָנגעהויבען שטאַרק ווענען געשעפט צו טראַכטען.

ער האָט זיך געזעהן מיט זיינע בעקאַנטע קויפלייטע, און גראָדע האָט זיך פאַר איהם געמאַכט אַ געשעפט, וואָס צוליעב איהם האָט ער געמוזט בלייבען וויי-טער אין מאָסקווא.

אויף דעם דריטען טאָג נאָך יענער נאַכריכט, וואָס דער דאָקטאָר האָט איהם געבראַכט, האָט ער אַ בעזוך אָבגעשטאַטעט איינעם פון זיינע בעקאַנטע סוחרים. ער האָט אין דעם הויז געטראָפען אַ שטאַרקע בעשעפטיגונג. אויף זיין פראַגע, וואָס דאָ איז פאַר אַ בעשעפטיגונג, האָט איהם דער הויז-ווירטה געענטפערט, אַז ער מאַכט הייטע אָבענדס חתונה אַ טאָכטער.

— איהר וועט געוויס מיך אויך בעעהרען מיט אייער געגענוואַרט, הערר לעהמאַן—האָט דער הויז-ווירטה ווייטער געזאָגט—ווען איהר זייט שוין יאָ דאָ אין מאָסקווא אין אַזאַ צייט, ווען ביי מיר איז אַזאַ שמחה, וועט איהר געוויס איינער פון מיינע געסט זיין.

— איך וועל זעהן. אויב איך וועל צייט האָבען, וועל איך געוויס זיין — האָט יאָזעף געענטפערט.

— זייט איהר דען אַזוי בעשעפטיגט, דאָס איהר קענט זיך אויף אַ פּאָאַר

שטונדען ניט אָבגעריסען און פערברייננגען ביי מיין קינד אויף דער חתונה?—האָט דער קויפמאַן געפרעגט—איהר וועט ביי מיר טרעפען פיינע לייטע. מען קען זאָגען, די פיינסטע לייטע פון מאָסקוואַ, אויך מיכאל גרינזאַנג וועט דאָ זיין.

— אַזוי? גרינזאַנג וועט אויך ביי אייך זיין?

— יאָ. ווייסט איהר דען ניט, אַז אין דער לעצטער צייט האנדעל איך מיט איהם? מיר האָבען שוין גרויסע געשעפטען געמאַכט, פון וועלכע מיר האָבען ביידע פערדיענט פיעל געלד.

— דאָס הער איך ערשט פון אייך. וואָס, צום ביישפיעל, פאַר אַ געשעפטען האָט איהר צוזאַמען?

— איך קויף אָב פאַסט די גאַנצע צוקער פון זיין צוקער-פאַבריק און מאַך דערביי גוטע געשעפטען.

— דאָס פרעהט מיך זעהר פון אייך צו הערען, הערר פעלדבערג.

— און מיך וועט נאָך מעהר פרעהען, ווען איהר וועט זיין אויף מיין טאָכטער'ס חתונה—האָט פעלדבערג שמייכלענד געזאָגט.

— גוט, — האָט יאָזעף געענטפערט — איך וועל קומען.

— בעשטימט?

— אַז איך זאָג אַ וואָרט, ווייסט איהר דאָך אַז איך האַלט עס.

— זעהר שעהן. איך דאַנק אייך זעהר, הערר לעהמאַן. געדענקט-זשע, איך ערוואַרטע אייך הייטע צווישען מיינע געסט.

— איך וועל געוויס קומען — האָט יאָזעף בערזיכערט.

ער האָט דאָ ניט געוואָלט שטערען די פאָרבערייטונגען וואָס מען האָט געמאַכט, און איז אַוועקגעלאָפען אהיים זיך אויסרוהען און זיך צוגרייטען צו דער חתונה.

אין אַ פּאָאַר מינוטען אַרום האָט מען אין זיין טהיר אָנגעקלאַפּט. ער האָט די טהיר געעפענט און האָט דערזעהן אבערמאַלס זיין פריינד דעם דאָקטאָר מארק-פילד.

— דו ביסט נאָך דאָ? אונמענש—האָט דער דאָקטאָר מיט אַ שפּאָטישען טאָן אויסגערופען—דו ביסט אַזאַ צייט אין מאָסקוואַ און צו מיר שטעהט דיר אַלץ ניט אָן צו קומען?

— ווינאָוואַט! (איך בין שולדיג)—האָט לעהמאַן געענטפערט—אָבער אַן ענטשולדיגונג האָב איך נאָך, וואָס איך האָב מיך אין גאַנצען פערגעסען אָן דיר און אָן דיין ווייב.

— אַזוי גאָר? דו האָסט אָן אונז פערגעסען? דאָס בעווייזט, ווי גרויס דיין פריינדשאַפט איז צו אונז.

— מיין פריינדשאַפט צו דיר איז די זעלבע וואָס געוועזן—האָט יאָזעף געלאַכט—אָבער מיין ליעבע צום געשעפט איז נאָך שטאַרקער, דו פערשטעהסט? דו ביסט אַ דאָקטאָר, דו האָסט קיין אַנדער זאַך אין זינען ניט, ווי אַ קראַנק; איך בין אָבער אַ געשעפטסמאַן. מיר ליגען אין זינען לעבעדיגע געשעפטען, און צוליעב זיי

מוז איך א מאָל פערגעסען די פריינדע, וואָס האָבען אימער אין קאָפּ נור קראַנקע און טוידטע געשעפטען.

— דו ביסט נאָך אַלץ דער זעלבער שפּאַס-פאָגעל וואָס פריהער—האָט דער דאָקטאָר געזאָגט—נו, לאָמיר-זשע דאָס געלעכטער אָבליינען. קומסט דו צו מיר הייטע אָבענדס?

— ניין.

— ווארום? אויס גרויסער ליעבע צו דיינע געשעפטען?

— ניין, הייטע אָבענדס האָב איך א חתונה.

— אזוי? דו לויפסט שוין גאָר אויף חתונות? גליקליכער מענש. טאָמער וואָלטען מיר זיך אַמאָל געביטען, דו זאָלסט געהן צו מיינע קראַנקע און איך וועל לויפען אויף דיינע חתונות.

— אויב דו ווילסט, קען איך דיך אויך מיטנעהמען.

— איך דאַנק דיר זעהר פאר דיין גוט הארץ, גוטער ברודער. איך האָב דער-צו קיין צייט ניט. אויף היינט ביי נאַכט זיינען ביי מיר פערשריעבען צעהן קראַנ-קע, וואָס איך מוז ביי זיי זיין.

— שאַ! דו האָסט מיך דערמאָהנט דיך צו פרעגען, וואָס מאַכט יענע פּאַ-ציענטין, פון וועלכער דו האָסט מיר דערצעהלט?

— וועמען מיינסט דו ?

— דו האָסט מיר, דוכט זיך, דערצעהלט פון א הייליגער יונגפרוי, וואָס וויל בעגליקען דער וועלט מיט א צווייטען יעזוס'ל.

— אָה, דו מיינסט געווים משה האָניגמאַנ'ס טאָכטער ?

— יא, די מיין איך—האָט יאָזעף געענטפערט, און האָט מיט גרויסער אָנ-שטרענגונג זיך בעמיהט רוהיג אויסצו-ווייזען.

— וואָס זאָל זי מאַכען? דאָס איז איהר גליק, וואָס איך בין איהר דאָקטאָר; ביי אַ אַנדערען וואָלט זי שוין לאַנג געווען אין'ם זיעבעטען הימעל.

— אזוי קראַנק איז זי ?

— יא, זי איז געפעהרליך קראַנק, נור שוין בעסער ווי געווען, דען זי האָט גע'מפּל'ט. זי וועט מוזען נאָך גאַנצע צוויי וואָכען היטען דאָס בעט. נור וואָס פאַרדערסט דו עפּעס פון מיר א רעכנונג וועגען מיינע פּאַציענטען, זאָג, דו וועסט זיין ביי מיר צו ניט ?

— יא, מאָרגען וועל איך ביי דיר זיין צו מיטטאָג.

— גערענק-זשע אָבער שפּאַספויגעל, דו זאָלסט קומען, אויב דו ווילסט מיך ניט אריינברייננגען אין כעס.

— איך וועל גערענקען, זיי זיכער אז איך וועל דיך ניט אריינברייננגען אין כעס — האָט יאָזעף געענטפערט.

אַלס דער דאָקטאָר איז אוועקגעגאַנגען, האָט ער זיך גענומען צוגרייטען צו דער חתונה, דען עס איז שוין געוואָרען נאַכט און ער האָט געוואָלט אָנקומען צו דער חופּה.

ער האָט זיך איינגעוואַשען און האָט זיינע פיינסטע קליידער אָנגעצויגען, און נאָכדעם, אַז ער האָט זיך בעטראַכט אין שפּיגעל און האָט געפונען אַז אַלעס איז אין בעסטען אָרדנונג, האָט ער פערלאָזט זיין צימער, איז אַרויס אין גאַס, דאָן האָט ער זיך געזעצט אויף אַן איזוואָזשטשיק און איז אַוועקגעפאָהרען צו דעם קויפמאַן פעלדבערג.

ער איז געקומען ריכטיג צו דער חופּה. ער האָט געטראָפען איינינע בעקאַנטע פּערזאָנען ווי אויך גרינזאַנג'ן. איהם איז געוואָרען זעהר זויער, אַלס ער האָט צווישען די געסט אויך דערזעהן משה האַניגמאַן.

זיי האָבען זיך ביידע קאַלט בעגריסט און האָבען איין וואָרט מיט איינאַנדער ניט גערעדט.

— אָט וואָס די וועלט איז,—האָט זיך יאָזעף געקלערט—מען מוז זיך ציינען פאַר דער וועלט פרעהליך אין דער צייט ווען דאָס הערץ איז פערגאָסען מיט בלוט. איך שטיל מיר יעצט פאָר, ווי משה'ן איז יעצט אויפ'ן האַרצען, וויסענדיג אַז זיין טאָכטער, אַ מערדכען, געפינט זיך זיין אַזעלכע שענדליכע אומשטענדען אָבער ער מוז זיך נעבאָך קנייפּען די באַקען די פאַרב זאָל שטעהען, ער מוז געהן אויף חתונות אום מען זאָל ניט וויסען די צרות וואָס ליגען פערבאָרגען אין דער היים. אָרעמער משה, ווי בעדויער איך דיך, דו ביזט דאָך נעבאָך געווים אַן עהרליכער מאַן, צו דיר קען מען גאָר ניט האָבען.

די מוזיק האָט אָבגעשפּיעלט אַן אומעדיגעס, דער בדחן האָט בעזעצט דער כלה. מען האָט זי בעדעקט און צו דער חופּה געפיהרט ווי ביי אַלע יודען.

נאָך דער חופּה האָט מען די געסט פערבעטען צום טיש און מען האָט זיך געזעצט עסען.

— וואָס איז די מעשה, ר' משה, וואָס אייער ווייב מיט אייער טאָכטער זיינען ניט געקומען?—האָט די מחותנת'טע געפרעגט משה האַניגמאַן.

— זיי האָבען ניט געקענט געהן גלייך מיט מיר אָבער זיי וועלען קומען—האָט משה מונטער געענטפערט.

יאָזעף האָט דאָס אַלעס געהערט און ער האָט זיך געקלערט: נעבאָך, דיעזער עהרליכער מאַן מוז געגען זיין ווילען זאָגען אַ ליגען, ער שעהמט זיך נעביך זאָגען אַז זיין טאָכטער ליגט אין קינד-בעט און זיין ווייב קען פון איהר בעט ניט אָבטרע-טען. ער זאָגט איהר אַז זיי וועלען נאָך קומען. וואָס דען זאָל ער זאָגען? זיי וועלען ניט קומען, וועלען זיי דאָך גאָר אויף דאָס ניי אָנהויבען פרעגען: פאַר וואָס? פאַר ווען? ער האָט זעהר גלייך געטהאָן דאַמיט, וואָס ער האָט אַזוי געענטפערט. שפּע-טער וועט ער שוין אויסזוכען אַ תירוץ צו ענטפערען אויף דער לעצטער פראַגע.

אַלס מען האָט אָבגעגעסען, זיינען זיך די עלטערע מענשען פערנאַנדערגע-גאַנגען יעדער אין זיין היים, און די יונגע לייט זיינען געבליבען צו פערברייננגען דעם אָבענד אין טאַנצען.

אויך יאָזעף לעהמאַן איז דאָ פערבליבען און איז אַריינגעגאַנגען אין טאַנץ-זאַאַל.

עס האָבען זיך אָנגעהויבען די טענץ און יאָזעף האָט בעוויעזען זיין קונסט אין טאַנצען. ער איז דיעזען אָבענד געווען זעהר אין א גוטע לוינע און ער האָט זיך זעהר מונטער און פערגניגט געטאַנצט.

ענדליך אַלס ער האָט זיך אָבגעמאַטערט, איז ער צוגעגאַנגען צום בופעט, האָט אויסגעטרונקען א גלאָז סעלצער און האָט זיך אַניעדערגעזעצט אויף א שטוהל זעהן ווי אַנדערע טאַנצען.

— וואָס איז דאָס? איז דאָס קיין טרוים? זעהט ער רעכט?

ער איז אויסער זיך געוואָרען און איז געבליעבען רעגונגסלאָז זיצען אויף זיין אָרט, דען א פּאָארל האָט זיך א לאָז געטהאָן צום טאַנץ און אין דעם פּאָארל האָט ער בעמערקט זיין סאָנקאַ׳ן.

— זאָל דאָס מעגליך זיין, אז דאָס איז זי?—האָט ער געשטאַמעלט—יא, דאָס איז זי. אָבער, וואָס הייסט דאָס? מאַרקפיעלד האָט דאָך מיר דערצעהלט אז זי איז געפעהרליך קראַנק און זי וועט נאָך מוזען א פּאָאָר וואָכען די בעט היטען. זי ווייזט גאָר ניט אוים ווי א קראַנקע, אין געגענטהייל זי שטראַהל פון פּאָלער געזונדהייט. ווי שעהן, ווי הערליך זי ווייזט אוים. זי איז נאָך קיין מאָל אזוי שעהן געווען.

יא, דאָס איז זי. זי זעהט איהם גאָר ניט און פּיעללייכט וויל זי איהם ניט זעהן. וואָס טהוט זי דאָ? וואצו האָט דער דאָקטאָר אזא ליגען געזאָגט? דוכט זיך מאַרקפיעלד איז קיין ליגנער, דאָס איז א מערקווירדיגע רעטזעל.

— זאָל איך מיך ציינען פאַר איהר?—האָט ער זיך זעלבסט געפרעגט אָדער זאָל איך שוין אוועקגעהן פון׳ם זאאַל זי זאָל מיך ניט זעהן. דען וואָס פאַר א פּנים וועלען מיר ביידע האָבען ווען מיר וועלען זיך דאָ בעגעגנען.

— דאָס איז דאָך אָבער פּאָרט אונפערשטענדליך ! — האָט ער געשטאַמעלט—משה האָט מעהר קיינע טעכטער און מאַרקפיעלד וועט קיין ליגען זאָגען. ווער קען מיר ערקלעהרען, וואָס דאָ טהוט זיך.

— איך וועל יעצט אוועקגעהן פון דאַנען,—האָט ער זיך נאָך א לאַנגער נאָכדענקען געטראַכט—איך וויל מיך דאָ מיט איהר ניט בעגעגנען, דען אָבוואָהל די צווייטע שולד, וואָס דער דאָקטאָר האָט אויף איהר ארויפגעלעגט איז פאַלש, אָבער די ערשטע איז דאָך וואהר.

— און אפשר?—האָט ער ווייטער געקלערט—ווי באלד אז די צווייטע איז פאַלש קען דאָך זעהר זיין אז די ערשטע איז אויך פאַלש. עס איז לייכט צו גלויבען אז דאָרט איז אויך עפּעס אַן אירטהום. איך וועל מיט איהר רעדען, איך וועל מיך מאַכען גאָר ווי צווישען אונז איז גאָר ניט געווען.

— אָבער ניין, זי וועט דאָך מיר אָנהויבען ווייטער צו פרעגען די אורזאַכע, וואָרום איך בין ביי זיי אזא לאַנגע צייט ניט געווען און איך וועל ניט האָבען, וואָס צו ענטפערען. איך וועל בעסער יעצט אוועק פון דאַנען און וועל מאָרגען איהר א בעזוך אָבשטאַטען, וועל איך שוין אין איין וועג ערפאַהרען וואָס איז דאָס פאַר א געשיכטע מיט יענע קינדבעטאָרין וואָס דער דאָקטאָר האָט מיר ערצעהלט.

244טעס קאַפּיטעל.

## אַ קאָמעדיע פאַר אַ טראַגעדיע.

גאַנץ אַנדערש האָט שוין יעצט רעבעקאַ ראָטהבלום גערעדט און געדענקט פון יאַקאָב פּיין.

זי האָט זיך אַרומגעזעהן, אַז זי טהוט אַ גרויס אונרעכט דאַמיט, וואָס זי האָט דעם אַרעסטאַנט אַזוי פיעל אין זינען. עס קען טאַקע זיין אַז ער איז אונשולדיג, אָבער ווי באַלד אַז ער טראָגט אויף זיך אַזאַ פערדאַכט און עס איז אויף'ן טויזענ־דען פאַל מעגליך אַז ער האָט דעם מאָרד בעגאַנגען, האָט ער שוין ניט די ווערטה מען זאָל וועגען איהם דענקען, בעזאָנדערס ווען איהרע עלטערען האָבען דערפון שמערצען. פערשאַפען די ליבע עלטערן אומזאָנסטע שמערצען צוליב, אַ פרעמדען יונגען מאַן וואָס איז בעשולדיגט אין אַ מאָרדטהאַט דאָס איז געוויס אַ דומהייט.

אַזוי האָט זיך רעבעקאַ בעטראַכט און האָט זיך פעסט בעשלאָסען דיעזען מענשען צו פערגעסען.

גאַנץ אַנדערש האָבען יעצט אין איהרע אויערען געקלונגען די ווערטער, וואָס מען האָט צו איהר גערעדט וועגען סימאָן גריץ, זי האָט זיך אָנגעהויבען צו בערעכ־נען אַז עס איז גאָר ניט אַזוי קרום דער פּלאַן, וואָס די עלטערען האָבען געמאַכט, זי זאָל דיעזען רייכען יורש הייראַטהען. און פאַר וואָס ניט, ער איז יונג, שעהן, געבילדעט, ער איז אין איהר פערליעבט איבער די אויערען און איז נאָך דאַצו אַ יורש פון מיליאָנען.

— אַזאַ יונגער מאַן, ווי סימאָן גריץ איז קען דאָך ווירקליך טהאָן דעם גרעס־טען שידוך—האָט זי זיך געקלעהרט—דען וועלכעס מעדכען וועט זיך ניט וועלען פערבינדען מיט אַ יונגען מיליאָנער און וועלכער פאָטער וועט זיך ענטזאָגען זיין טאָכטער אַזאַ מאַן אָבצוגעבען, און אַז מיר האָט זיך געמאַכט אַזאַ פּאַרטיע, וואָ־רום זאָל איך זיין אַזוי דום און זאָל מיך פון איהר ענטזאָגען? דאָס איז וואָהר אַז גריץ איז מיר עפּעס אַנטיפּאַטיש, ער געפעהלט מיר גאָר ניט; מאַנכעס מאָל פיהל איך זאָגאָר צו איהם אַ האַס; אָבער האָב איך דען אורזאַכע דערצו? דאָס איז נור דערפאַר, וואָס יאַקאָב פּיין איז מיר צופיעל סימפּאַטיש געוועזן; אָבער די סימ־פּאַטיע איז אַ פיעל גרעסערער דומהייט אַלס די אַנטיפּאַטיען, וואָס איך פיהל צו גריצען. דען איך האָב דאָך גענוג פאַקטען, אַז יאַקאָב פּיין איז ווירקליך איינער פון די פערדאָרבענסטע מענשען אויף דער וועלט. יענע מעדכען, וואָס האָט מיר דער־צעהלט, ווי אונגליקליך יאַקאָב האָט זי געמאַכט, האָט מיר קיין ליגען געזאָגט. ער האָט זי ווירקליך אונמענשליך בעהאַנדעלט, און ווי באַלד ער איז פעהיג צו אַזעל־כע אונמענשליכע טהאַטען איז ער דאָך אַן אויסוואורף דער נאַטור, וואָס יעדער עהרליכער מענש מוז פון איהם אַנטלויפען.

זי האָט זיך אַליין געשעהמט דאַמיט, וואָס זי וואַר אַזוי אונבערעכענט און האָט יאַקאָב'ן צו גוטען געאורטהיילט אויף נאָך דער געשיכטע, וואָס יענע מעד־כען האָט איהר דערצעהלט און זי האָט זיך אַליין געפרעגט:

— וואס איז דאס מיט מיר געוועז? וואו וואר מיין שכל? אבער — האט זי ביי זיך בעשלאסען — מעהר וועל איך שוין אזוי נאריש ניט זיין פון יעצט אן און ווייטער, וועל איך טהאן, וואס דער טאטע הייסט און וואס די מאמע הייסט און וואס אלע גוטע און פרומע לייט הייסען מיר צום גוטען טהאן.

די ווערטער, וועלכע זי פלעגט אלס קינד אימער זאגען אין דער ברכה, האט זי יעצט ווידערהאלט נאר מיט אן אנדער טאן און מיט אן אנדער געדאנק און זי איז געוועזען מיט זיך אליין צופריעדען, וואס זי האט זיך זעלבסט געקענט בעזיעגען.

גריץ איז אויסער זיך געווארען פון פריידע אלס ארייינקומענד איין מאל צו ראטהבלומען, האט איהם רעבעקא מיט דער גרעסטער פריינדשאפט און צערטליכקייט עמפפאנגען.

— וואס איז דאס מיט אייך, הערר גריץ? — האט זי נעפרעגט איהם די האנד רייכענד — איך האב אייך שוין דריי טעג ניט געזעהן, איהר זייט בייז אויף אונז?

— בייז אויף אייך? — האט ער געענטפערט, וועהרענד דאס הערץ האט איהם פאר פריידע געקלאפט — אין געגענטהייל, איך האב געדענקט אז איהר זייט בייז אויף מיר.

— ווארום האט איהר דאס אזוי געדענקט ?

— איך וויים?... מיך האט אויסגעוויעזען...

— וואס האט אייך אויסגעוויעזען ?

— מיך האט אויסגעוויעזען אז איהר זייט אונצופריעדען מיט מיינע בעזוכע.

— ווי פאלט איהר דאס אויס צו דענקען הערר גריץ? ווייסט איהר דען ניט, דאס מיר בעטראכטען אייך אימער אלס א הויז-פריינד, ריכטיגער געזאגט, אלס אן אייגענעם מענשען.

— אויב איך האב אן אירטהום געהאט, פרעהט דאס מיך זעהר.

— איך זאג אייך אויסדריקליך, אז איהר האט אן אירטהום געהאט. מיר זיינען אימער מיט אייך געוועזען צופריעדען, בעזאנדערס יעצט, ווען איהר דארפט פון אונז אויף אימער אוועקפאהרען.

— אזוי? — האט גריץ געלאכט — זייט איהר יעצט מיט מיר צופריעדען, דערפאר, וואס איך דארף פון אייך אויף אימער אוועקפאהרען.

— ווען איהר וועט דא בלייבען, וועלען מיר נאך מעהר צופריעדען זיין... האט זי געזאגט, און איז רויטה געווארען.

ער האט אויף איהר ערשטוינט א קוק געטהאן, ער האט גלייך בעמערקט די רויטקייט, וואס האט איהר געזיכט בעגאסען און מיט א שוואכע שטימע האט ער ערוויעדערט.

— ווען איהר מיינט דאס ערנסט, גנעדיגעס פרייליין, ווען איהר וועט צופריעדען זיין דאמיט, וואס איך וועל פערבלייבען היער, קענט איהר זעהר לייכט אויספיהרען אז איך זאל דא פערבלייבען.

האט געשוויעגען און האט דיא אויגען אראָפּגעלאָזט.

— פריילײן ראָטהבלום! — האט גריץ נאך א קורצער פּויזע מיט פייער אויס־פען: פיהלט איהר דען ניט אז אין אייער מויל ליעגט מיין גליק און מיין אונגליק, כטינער געזאגט מיין לעבען אדער מיין טוידט? אה, רעבעקא! שטעלט אייך פאָר וואס מיט מיר טהוט זיך יעצט. מיך ערוואַרטען מיליאנען, און אנדערער אויף מיין פלאץ וואָלט שוין לאנג אוועקגעפלויגען זיי צו ערגרייפען, אבער איך האב דאס ניט געקענט טהאן. ניין! איך האב פון דאנען זיך ניט געקענט לויזרייסען, ווייל דיא אלע מיליאנען שפּיעלען ביי מיר קיין ראָליע, זיי פערליערען אלע ביי מיר זייער ווערטה געגען איין בליק פון אייערע אויגען. אבוואָהל איהר האט מיך זעהר אונפריינדליך בעהאנדעלט און האט מיר קיין האָפנונג געוואָלט געבען אייער האנד צו געווינען. פון דעסטוועגען, בין איך ניט אוועקגעפאהרען, וויא דאס הערץ האט מיר געזאגט אז איך זאל זיך פון מיין גליק ניט ענטזאגען דען ער קען נאך קומען. צו האט מיר דאס הערץ פאלש פּראָפּעהצייהעט אדער וואהר, דאס קענט איהר מיר זאגען און ווען איך הער פון אייערע זיסע ליפּען אז דאס הערץ האט מיר ניט גענארט וועל איך מיך רעכנען פאר דעם גליקליכסטען אונטער דעם הימעל.

— איך האב גאר ניט געוואוסט, אז איך שוואכעס מעדכען בין אין שטאנד א מענשען פאר דעם גליקליכסטען אונטער דעם הימעל צו מאכען — האט רעבעקא זעהר פריינדליך געזאגט.

— יא, פריילײן! איהר זייט דאס אין שטאנדע צו טהאן — האט גריץ מיט פייער אויס־גערופען — קיינער אויסער אייך קען מיר גליק שענקען: מיט איין וואָרט פון אייער מויל קענט איהר אין מיר א נייע זעעלע, א נייען לעבען אריינגעבען.

נאך א מאל האט יאקאב פיין׳ס געזיכט פאר רעבעקא׳ס אויגען א שטראהל געטהאן, נאך א מאל האט זיך פאר איהר פאָרגעשטעלט דער שטארקער קאָנטראסט וואס איז צווישען מענער. אין פערגלייך צו יאקאב׳ן איז גריץ געווען א נול, א גאר־ניט. אבער וויא א שטימע האט אין איהרע אויערן אין דער מינוט א שושקע געטהאן: יאקאב פיין איז דער גרעסטער אונמענש אין דער וועלט, דוא דאַרפסט פון איהם ניט דענקען, דאס איז פאר דיר דיא גרעסטע שאנדע.

זיא איז דער שטימע געהאָרזאם געווען און וויא זיא זאל פירכטען פיעללייכט ווען זיא זיך אבערמאלס לאזען פערלייטען פון יאקאב פיין׳ס פּראכט, האט זיא גריצען דיא האנד געדרייכט און האט געזאגט:

— אויב איהר געפינט אין מיין האנד דאס גליק וואס איהר זוכט גיעב איך עס אייך מיט פולער פריידע.

— רעבעקא! ליעבע זיסע רעבעקא! — האט גריץ מיט א ציטערענדע שטימע אויס־גערופען ערגרייפענד רעבעקא׳ס האנד און זיא בעדעקענד מיט הייסע קושען. יעצט האב איך מיין ציעל ערדייכט.... יעצט בין איך דער גליקליכסטער אין דער גאנצער וועלט.

עס איז אין אלגעמיין זעהר אנגענעהם יעדען מענשען צו פיהלען אין זיך דיא

קראפט דעם צווייטען רעטען אדער הילפע צו ברייננען. בעזאָנדערס איז זעהר אנ־נענעהם יעדעס מעדכען צו הערען פון א יונגען מאַן, אז אין איהר זעהט ער זיין גאנצעס גליק, און ווען זיא וועט איהם איהר הערץ ניט שענקען האט דאס לעבען ביי איהם קיין ווערטה. פון דער צייט וואס דאס קליינע מעדכען קומט אריין אין דיא צייטינערע יאהרען, פאַנגט זיא אָן צו פאַנטאַזירען ווענעןאַז א גליקליכע שטונדע אין וועלכע זיא וועט יענע זיסע ווערטער הערען. זאגאר דיא קלינסטע און אויפגע־קלערסטע פריילין האט פערגעניגען ווענען אזא שטונדע צו טראַכטען, און ווען דיא שטונדע קומט שוין אָן, דאַן ווערען זיי וויא בערוישט פאַר פריידע. עס טרעפט זאָ־גאַר, אז ווען אַזעלכע ווערטער נעהן ארויס פון א מאַן וואס איז זיי ניט ליעב, האבען זיי אויך ניט ווייניג פערגעניגע: פון אזא געשפּרעך.

דיא ווערטער וואס זיינען ארויס פון גריץ'ס מונד, האבען אויך אויף אונזער קלוגער רעבעקאַ'ן זעהר א גוטען איינדרוק געמאַכט. אבוואהל, לויט מיר ווייסען, האט זיא איהם ניט געליעבט, אבער דער געדאנק אז דער מאַן איז צו איהר אזוי צוגעבונדען, דאס ער קען גאר אָהן איהר ניט לעבען, און דערמיט וואס זיא וועט איהם איהר האנד שענקען, מאַכט זיא איהם פון טויט לעבעדיג. דער געדאנק האט זיא ערקוויקט.

זיא האט ניט געוואוסט אז דיעזע ווערטער זיינען פאַלש, אז זיי געהן ארויס פון א פערדאָרבען הערץ. דיא אונפּראַקטיישע רעבעקא האט ניט פערשטאנען, אז דיעזער צופאַלקערטער געליעבטער רעדט דיא פייערינע ווערטער ניט אויס ליעבע צו איהר פערזאָן; זאָנדערן אויס לוכט צו דעם נדן וואס איהר פאַטער וויל איהר געבען. זיא האט ניט געדענקט, אז פאַר איהר שפּיעלט יעצט א קונסטפאַלער אַקטיאר בלויס א קאָמעדיע; פון יענע קאָמעדיען וואס ענדיגען זיך מיט שרעקליכע טראַגעדיען....

245טעס קאַפּיטעל.

## איז דאָס ווירקליך דער טייפעל?

— ווער איז דאָ געוועזען? וואָס איז דא געוועזען?

**דיא פראגע האבען איינער דעם צווייטען געשטעלט דיא בעוואוינער פון דעם גראף דאנילאָוו'ס שלאָס.**

מערקווירדיג האט זיך דא געטראָפען. א פרעמדער עלעגאנט געקליידעטער מאַן איז אהער געקומען צופאהרען רייטענדיג אויף אַן איינגענעם פערד. דאס פערד האט ער געהייסען אריינפיהרען אין שטאל און אליין איז ער אריינגעגאנגען צו דעם אלטען גראף פעליקס דאנילאָוו. דארט איז ער אבגעזעסען ביי א האלבע שטונדע, נאכהער איז אריינגעגאנגען און האט אנגעזאגט דעם אלטען פיליפּ'ן אז דער גראף איז אין אהנמאכט געפאַלען און באלד איז ער אריינגעגאנגען אין שטאל, האט גענומען זיין פערד, האט זיך אויף איהם געזעצט און האָט געוואלט אוועקפאהרען; אבער אין דער מינוט האט פיליפּ געמאַכט א גוואלד, אז דער פרעמדער האט זיין הערין ערמאָרדעט. אויף דעם געשריי איז סטעפּאַן מיט סעמיאָנען ארויסגעלאָפען פון זייער צימער. זיי זיינען צוגעלאָפען צו דעם רייטער און האבען פערהאלטענדיג זיין

פערד און איהם געוואָלט צווינגען ער זאָל ארונטערקריכען, אבער ער האט גאנץ רוהיג מיט א שמייכעל זיי געראטהען, זיי זאלען איהם לאָזען פאהרען. אלס זיי האבען אבער איהם גענומען שלעפען פון'ם פערד, האט ער יעדען פון זיי, זיצענדיג אויפ'ן פערד אראָפּגעלאזט צו איין פויסט (קולאק) איבער דיא קעפּ און זיי זיינען פערטר מעלטע צו דער ערד געפאלען, און ער איז שנעל וויא א פויגעל אויף זיין לייכטען פערד אוועקגעפלויגען און איז וויא אין דער ערד אריין.

מען האט געמוזט דיאביידע העלדען סטעפּאנען מיט סעמיאנען אונטער דיא הענד אין שטוב ארייגפיהרען, און עס האט לאנג געדויערט ביז זיי זיינען געקומען צו זיך. ביידע האבען איינשטימיג געזאגט, אז דעם רייטער'ס האנד איז ניט געווען פון פלייש און בלוט זאנדערן פון אייזען; דען עס איז אונמעגליך א מענש זאל אין זיינע הענד אזא קראפט האבען.

עס האט זיך אויסגעלאָזט, אז דער אלטער פעליקס איז גאר ניט ערמאָרדעט געווארען. ער איז טאקע נור, וויא דער פרעמדער האט געמעלדעט, אין אָהנמאכט געפאלען. אבער עס וואר קיין צווייפעל, אז דער געהיימניספאָלער גאַסט איז געווען א רויבער, דען מען האט בעמערקט וויא דעם גראפס טאשען זיינען דורכגעזוכט געוואָרען; איז דאָך דאָס א צייכען, אז דער פרעמדער האָט דאָרט געלד געזוכט.

אלס פעליקס איז געקומען צו זיך, האט ער זאָנדערבארע ווערטער גערעדט. ער האט זיך אויך ערשראקען אין אלע זייטען אומגעקוקט, און האט אלע ווייל דערמאנט דאס וואָרט „טייפעל".

זיין געטרייער פיליפּ האט פון זיין בעט ניט אבגעטראָטען. ער האט אלע קרעפטען אנגעווענדעט זיין הערן געזונד צו מאכען, און אלס דער אלטער האט שוין זיין פאָלעס בעוואוסטזיין צוריק בעקומען, האט ער איהם געבעטען ער זאָל איהם דערצעהלען וואס מיט איהם איז דאָ געווען.

— ער איז נאך דא? — האט דער אלטער ערציטערט געפרעגט.

— וועמען מיינט איהר? הערר גראף.

— איך מיין, דעם טייפעלס ברודער.

— וואס? — דעם טייפעלס ברודער? — האט פיליפּ ערשטוינט געפרעגט, מיינענדיג אז זיין הערר רעדט אויסען זינען.

— יא, דעם טייפעלס ברודער מיין איך — האט פעליקס געענטפערט זיך מיט ציטערנדע בליקען ארומקוקענדיג אין אלע זייטען.

— יעזוס קריסטוס! — האט פיליפּ ערציטערט געשטאמעלט — וואס פאלט אייך איין, גנעדיגער הערר. ווארום רעדט איהר פון דעם טייפעלס א ברודער?

— האסט דוא ניט געזעהן דעם מענשען וועלכער איז דאָ געווען?

— איהר מוזט מיינען דעם רויבער?

— וועלכען רויבער?

— דער עלעגאנט-געקליידעטער הערר וועלכער איז דא געווען, וואר אן איינ-טאבער רויבער, גנעדיגער הערר.

— א רויבער איז ער? פון וואנען ווייסט דוא דאס?

— האט איהר נים געפיהלט, וויא ער האט אייערע טאשען דורכגעזוכט?

— ער האט דורכגעזוכט מיינע טאשען? — האט דער אלטער העכסט ערשטוינט געפרעגט.

— יא. אלע אייערע טאשען זיינען געוועזען אויסגעקעהרט. ער האט דאָרט גע־זוכט געלד. — האט איהר געהאט ביי זיך געלד? געגעדיגער העררע.

— יא. אין מיין בוזים־טאַש איז געלעגען צעהן טויזענד רובעל.

— אזוי? נו, האט דער רויבער געווים דאס געלד צוגענומען?

דער אלטער האט אריינגעליינט דיא האנד אין זיין בוזים־טאש און האט פון דאָרט ארויסגעצויגען א גרויסען פאָרטמאָנע.

— יא — האט ער ערציטערט געזאגט — דער רויבער האט דעם פארטמאנע אין דיא הענד געהאלטען, דען דער שלאס אין איהם איז צובראכען.

מיט ציטערנדע הענד האט ער דעם פארטמאנע געעפענט, און וויא ערשטוינט איז ער געווארען אלס ער האט דא געפונען דאס גע׳גנב׳עטע געלד. עס האט זאגאר איין רובעל נים געפעהלט.

אויך יורקא איז אויסער זיך געווארען אלס ער האט דאס דערזעהן און האט ערשטוינט אויסגערופען:

— אויב אזוי, איז ער קיין רויבער געוועזן.

— ניין, ער איז קיין רויבער, זאָנדערן דעם טייפעלס ברודער — האט דער גראף געענטפערט.

— וואָרום רעדט איהר אלץ פוּם טייפעלס ברודער? — האט פיליפ גע־פרעגט.

— ווייל ער אליין האט מיר געזאגט, אז ער איז דעם טייפעלס ברודער. אנ־פאנגס האב איך איהם נים געגלויבט. איך האב געמיינט, אז ער שפאסט. ענדליך האב איך מיך איבערצייגט, אז ער איז ווירקליך דעם טייפעלס ברודער געווען, און פיעללייכט גאר דער טייפעל אליין. דען ער האט אויף מיר מיט אזעלכע שרעקליכע אויגען געקוקט, דאס איך האב זיינע בליקען נים געקענט ערטראגען. מיר איז אין דיא אויגען פינסטער געוואָרען און איך האב מיין פערשטאנד און מיין בעוואוסטזיין פערלארען.

— אויב אזוי, פערשטעה איך שוין — האט פיליפ אייסגערופען, וויא ער זאל זיך עטוואס דערמאנען.

— וואס פערשטעהסט דוא? — האט דער גראף נייגיעריג געפרעגט.

— איך פערשטעה יעצט ווארום סטעפאן און סעמיאן זאגען, אז ער האט נים געהאט קיינע געוועהנליכע מענשען־הענד, זאָנדערן הענד פון אייזען.

— אזוי זאגען זיי? פון וואנען ווייסען זיי דאס?

— ווייל ער האט זיי מכבד געווען מיט א פאר פון זיינע אייזערנע קולאקעס.

— ער האט זיי געשלאגען?

— יא. איך האב געמיינט אז ער האט אייך ערמארדעט, האב איך געמאכט א ליארם. סטעפאן מיט סעמיאָנען האבען דעם ליארם דערהערט און זיינען ארויס־

געלאפען. זיי האבען איהם געוואָלט חאפּען, אבער דא האבען זיי געחאפּט פּח איהם א פּאָר פויסטען אז זיי זיינען וויא דיא טויטע צו דער ערד געפאלען, און אונז אלעמען האט געקאָסט פיעל מיה זיי צו דערמינטערען.

— נו, זעהסט דוא שוין, דאס איך האב רעכט דערמיט וואס איך זאג, אז ער איז דעם טייפעלס א ברודער?

— יא. איך זעה יעצט. אז איהר האט רעכט, הערר גראף — האט פיליפּ גע־ענטפערט און האט זיך איבער'צלם'ט.

דיא געהיימניס אז דער טייפעל אליין אדער דעם טייפעלס א ברודער איז געוועז ביי דעם גראף אין שלאָס און האט דריי מענשען פאסט צום טויט געשלאָ־גען מיט זיינע אייזערנע הענד, איז איבערגעגאנגען פון מונד צו מונד און באלד האט גאנץ דאַנילאָווקא געקלונגען מיט דעם נייעס. עס איז געפאלען אזא מורא אויף אלע איינוויאוינער פון'ם דאָרף, דאס וויא עס פלעגט קומען דיא נאכט האבען זיי זיך פערשלאָסען אין זייערע הייזער, און ביי דעם מינדעסטען גערויש זיינען זיי ערציטערט געווארען, פיעללייכט קומט צו זיי דער טייפעל.

246טעס קאפּיטעל.

## דיא געהיימניס איז ענדעקט.

מאריס וואהרהאַפטיג האט געהערט צו דיא מענשען, וואס לאָזען זיך ניט אבשרעקען ווען זיי האבען קיין ערפאָלג אין עטוואס. ער פלעגט בעשטענדיג זאָגען, אז קיין זאך אין דער וועלט קען ניט פערפערטיגט ווערען מיט איין שטרייך. ביי יעדער זאך מוז מען גוט ארבייטען ווען מען וויל עס זאָל ארויסקומען פאָלקאָמען גוט, און ווען מען טרעפט עטליכע מאל ניט דאַרף מען דעם מוטה ניט פערליערען און מען מוז נאך מעהר קרעפטען אנשטרענגען דעם ציעל צו עררייכען. ווען מען טהוט אזוי, מוז מען אויספיהרען דאס וואס מען וויל.

אָבוואָהל יאניק קאבאנאוו וויא אויך זיין פרוי האבען זייער געהיימניס וועגען שלמה פיינס קינד שטארק געהאלטען אין זיך פערשלאָסען און האבען עס פאר קיין פאַל געוואָלט מאריס'ן ארויסגעבען, האט ער זיך דערפון גאר ניט געמאכט און ער האט זיך בעשלאָסען ווייטער צו ארבייטען; ארבייטען אזוי לאנג, ביז ער וועט דאָך פון זיי דיא געהיימניס ארויסקוועטשען.

ער האט באלד בעמערקט, אז דיא מאדאם קאבאנאוו איז דיא גאנצע שטע־רערין. זיא דערלאזט ניט דערצו איהר מאַן זאָל דיא וויכטיגע געהיימניס ענדעקען, דארום האט ער זיך בעשלאסען נעהמען זיך מיט אלע קרעפטען צו יאניקען און איהם אזוי לאנג גלעטען אין קעפּטל, ביז ער וועט אויספּלאצען מיט דער ריינער וואהרהייט.

אלס בעסטער מיטעל צו עפענען יאניקס מונד האט מאריס אויסגעפונען דעם ביטערן טראָפּען, אין וועלכען דער הערר קאבאנאוו האט זיך אזוי געליעבט, דאס ער איז פערטיג געוועזן צוליעב איהם אין פייער און אין וואסער צו לויפען. מיר האבען שוין געזעהן וויא ער האט זיך מיט דעם מיטעל בענוצט ביי יאניק'ן אין הויז און איהם האט געלונגען פון איהם עטוואס צו ערפאהרען.

אבער ביי איהם צו הויזע איז קיין פלאץ ווייטער דעם מיטעל אנצרוּוענדען, ווייל זיין ווייבעטשקע מישט זיך אין מיטען אריין. דאס האט וואהרהאפטיג נוט פערשטאנען און ער האט דארום נעמאכט אן אנדער פלאן, ער זאל רבי יאניק'ן אריינקרינגען צו זיך אין שטוב. דארט ווען זיי וועלען זיין אונטער פיער אויגען און קיין אנדערער וועט זיי ניט שטערען, וועט דאס מיטעל דיא בעסטע ווירקונג מאכען.

ער האט דארום ביי זיך אין דער־היים אנגעגרייט עטליכע פלאשען נוטען ווין און האט אויך געהייסען צוגרייטען א פראכטפאָלען אבענד־בראָדט, און אז אלעס איז שוין פערטיג געווען, האט ער זיך ארומגעדרעהט ארום דער פאליציי־געביידע אין דער צייט ווען יאניק האט בעדארפט געהן אהיים, און האט דאָרט אזוי לאנג געלויערט ביז יאניק איז פון דאָרט ארויסגעגאנגען.

ער האט געמאכט אזא מינע, וויא ער זאל זיך צופעליג מיט איהם בעגעגנען און איהם רייכענד דיא האנד האט ער אויסגערופען:

— נוטען אבענד, הערר קאבאנאוו. פון וואנען געהט איהר דאס יעצט?

— פערשטעהט איהר דען ניט, אז איך געה פון דער פאליציי? — האט יאניק געענטפערט מיט א פריינדליכע מינע.

— געהט איהר דאס יעצט אהיים?

— יא.

— פיעללייכט וועלען מיר אריינגעהן ערגעץ מאכען א שנאפס.

— איך בין זעהר הונגעריג, דארום מוז איך לויפען אהיים.

— מיר קענען אבער ערגעץ אנדערש אויך עטוואס צום עסען בעקומען.

— וואוהין ווילט איהר זאָלען מיר אריינגעהן?

— וואוהין איהר ווילט. אבער ווען איהר זאָלט מיך וועלען פאָלגען, וואָלט איך אייך איינגעלאדען צו מיר אהיים. ביי מיר וועט איהר בעקומען א נוטען אבענדבראָד און פון וויין אדער שנאפס איז קיין רעדע. איך האב געראדע הייטע בעקומען עטליכע פלאשען וויין און שנאפס וואס זיינען עלטער פון אונזערע זיידעס.

— אבער וואס וועט מיין פיעראָסקא דערצו זאגען, ווען איך וועל איהר ווארטען אזא שאנדע מאכען און וועל עס ניט עסען.

— עס שאדעט ניט. וואס האט איהר אזוי מורא פאר אייער פעדאסיען? זיא וועט דאך אייך נאך סיביר ניט אוועקשיקען. קומט, ליעבער קאבאנאוו, וועלען מיר לוסטיג דיא צייט פערטרייבען.

יאניק האט איינינע מינוטען געטראכט און האט געענטפערט:

— איך וועל אייך דאס מאל צוליעב טהאָן. קומט, איך געה מיט אייך.

— זעהט איהר, דערפאר בין איך אייך זעהר דאנקבאר — האט מאריס שטארק צופריעדען געזאגט — מיר וואָלט זעהר אונמוטהיג געווען צו זיצען דעם גאנצען אבענד אליין אין שטוב. איהר וועט געוויס קיין חרטה האבען, דערפאר וואס איהר געהט מיט מיר.

זיי זיינען ביידע אוועקגעגאנגען נאך מאריסעס וואוינונג.

קומענדינג אהין, האט וואהרהאפטיג זיין נאסט אריינגעפיהרט צו זיך אין זאל, האט באלד געהייסען גרייטען דעם טיש און דערלאנגען א פלאש קאָניאק מיט פערשיעדענע צובייסאכצען.

דערזעהענדיג דיא פרישע סערדינען און דיא שמאקהאפטע שווארצע איקרע (קאוויאָר) וואס מען האט אויף דעם טיש געשטעלט, האט יאניק שוין אנגעהויבען צו שלינגען דיא שפייאכץ.

מארים האט צוויי היבשע גלעזלאך אנגעגאָסען, און נאכדעם אז זיי האבע געטרונקען איינער פאר דעם צווייטענס געזונד, האבען זיי דיא גלעזלאך אויסגעליי־דיגט.

— דער קאניאק איז ווירקליך פּראכטפאָל — האט יאניק געזאגט ארונטער־שלינגענדיג דאס גלעזעל שנאפס.

— איהר ווייסט דאך, הערר קאבאנאוו, אז איך האב שוין א געשמאק אין אזעלכע זאכען. נו, פערבייסט־זשע, ליעבער פריינד, וועלען מיר נעהמען נאך צו גלעזלאך.

אונזער יאניק האט זיך צוגעחאפט צום עסען וויא נאך א קריינק. מאָרים האט איהם אונטערגערוקט איין גלעזעל נאך דער צווייטער, און דער גוטער קאבא־נאוו האט זיך לאנג ניט געלאָזט בעטען און האט אויסגעטרונקען אלעס וויא וואהר־האפטיג האט איהם געגעבען. זיין געזיכט האט אנגעהויבען צו ברענען, דיא אויגען צו פינקלען, און ער האט זעהר לוסטיג אויסגערופען:

— לעבען זאָלען אלע אידען! נאך אזא גוטע זיסע פאלק וויא דיא אידען זיינען, האב איך נאך ניט געזעהן. פערפלוכט זאָלען זיין דיא שורקען, וואס וואגען זיך אויף דיא אידען שלעכטעס צו ריידען; איך וואָלט ניט פערביטען איין נאגעל פון א אידישען פוס אויף צוואנציג קריסטליכע קעפּ.

— איך וויים, ליעבער קאבאנאוו, אז איהר זייט א פריינד פון מיין פאָלק, און איהר האט אלע אידען זעהר ליעב. דארום ליעב איך אייך. איך בין צו אייך וויא א ברודער צוגעבונדען. ווען אלע קריסטען זאָלען זיין אזוי עהרליך און גוט וויא איהר זייט, האט מען זיי אלעמען בעדארפט שעצען און עהרען. נו, איך וויל מיר זאָלען יעצט פערזוכען פון דיא נייע פרישע וויין וואס איך האב היינטע געקויפט. דער וויין וועט אייך געוויס זעהר גוט שמעקען, און איהר וועט טרינקען אויף מיין געזונד.

— א קליינינקייט צו וועל איך טרינקען פאר אייער געזונד; ניט איין מאָל, נור זעקס מאָל וועל איך דאס טהאן; דען אייער געזונד, ליעבער וואהרהאפטיג, איז ביי מיר זעהר טהייער. איך קען פון׳ם אמת ניט אוועקגעהן, איך האב שוין וועגען דעם אויך מיין פּיאדאסען פיעל מאל געזאגט, אז מארים וואהרהאפטיג איז גאר קיין מענש, נור א מלאך.

מארים האט געשווינד געבראכט א פלאש וויין, האט אנגענאסען פאר זיין נאסט א גרויסע טהעע־גלאָז און האט איהם אונטערגעטראָגען מיט דיא ווערטער:

— איהר מוזט האלטען ווארט, ליעבער פריינד. דיעזע גלאז מוזט איהר אין גאנצען פאר מיין געזונד אויסטרינקען.

— איך בין א ווארט׳ס־מאן! — האט יאניק זעהר מונטער נעענטפערט — זאנאר מיינע ערנסטע פיינדע וועלען מוזען געשטעהן, אז איך בין א ווארט׳ס־מאן. נו, איך טרינק אויף אייער געזונד, ליעבער גוטער זיסער פריינד. איך ווינש אייך, איהר זאלט לעבען און לעבען. וויוואט!

ער האט זעהר קונסטפאל דיא גאנצע גלאז אין איין צוג אויסגעטרונקען.

— אך, וואס פאר א וויין דאס איז! — האט ער איבערראשט א געשריי געטהאן — איך האב נאך אין מיין׳לעבען אזא וויין ניט געטרונקען. וויפיעל קאסט ער?

— ער קאסט דריי רובעל א פלאש.

— זעהר בילינ. מען מעג פאר איהם צאהלען פינף זאנאר צעהן רובעל א פלאש. בראווא, וואהרהאפטינ, מען מוז רעספעקטירען אייער געשמאק.

ער האט שוין דיא ווערטער גערעדט מיט א האלבען מונד און מיט א פער־שיכורטע מינע, זא דאס מארים האט געזעהן, אז ער קען שוין אנפאנגען צו ריידען, וועגען דעם וואס ער וויל.

— האט איהר געהערט, ליעבער קאבאנאוו, פון דעם סקאנדאל וואס איך האב הייטע געהאט? — האט ער געפרעגט.

— א סקאנדאל? איהר האט געהאט א סקאנדאל?

— יא. איך האב אזא סקאנדאל געהאט, דאס איך האב מיך געמוזט ווענ־דען צו דער פאליציי אום הילף.

— דערצעהלט מיר אויך וואס דאס איז געווען פאר א סקאנדאל.

— איהר האט דאך געהערט פון דעם אידען שלמה פיין?

— וועלכער שלמה פיין?

— דער, ווענען וועלכען מיר האבען איינינע מאל גערעדט, וואס זיין קינד איז פערפאלען געוואָרען.

— א, דעם שלמה׳קע מיינט איהר? נו?

— דיעזער אלטער נארר איז פלוצלונג צו מיר הייטע געקומען מיט א וועק־סעל אונטערגעשריעבען מיט מיין פאטערס האנד און האט פון מיר געפאדערט איך זאל איהם צעהן טויזענד רובעל געבען, און אלס איך האב דאס ניט געוואלט טהאן, איז ער מיך בעפאלען וויא א רויבער און האט מיך געוואלט שלאגען.

— אזוי? — האט יאניק מיט שכור׳ע גרימאסען געפרעגט.

— יא. ער האט מיך געוואלט איינפאך דערשטיקען פון כעס; איך האב מיך אבער פון זיינע הענד ארויסגעריסען, בין צוגעגאנגען צום פענסטער און האב גע־מאכט אזא גוואלד, דאס עטליכע נאראדאוואיעס זיינען געקומען צו לויפען.

— נו, האבען זיי איהם אוועקגעשלעפט אין דער פאליציי?

— יא. ער זיצט אין געפענגניס, און איך וועל שוין ניט רוהען ביז איך וועל איהם ניט אין גרעסטען אונגליק בריינגען.

— איהר האט רעכט! איך שווער אייך ביי גאט, אז איהר האט רעכט.

מיט דיא פערפלוכטע זשידעס דארף מען קיין צופיעל צערעמאניען מאכען; וויא דיא קעץ דארף מען זיי אלעמען אויסשטיקען.—ניין! איך מיין ניט אלע זשידעס — האט ער זיך צוריק א חאפ געטהאן — איך מיין דיא פערפלוכטע זשידעס וואס בעפאלע פלוצלינג אזעלכע עהרליכע לייט וויא איהר זייט. איהר זאָלט איהם ניט שווייגען, הערר וואהרהאפטיג. איהר זאלט איהם נאך דער קאטאָרגע אוועקשיקען. איך וועל אייך אין דעם העלפען.

— זייט זיכער, אז איך וועל איהם שוין ניט שווייגען. איך וועל איהם ווייזען וואס איך קען. איך זאג אייך, הערר קאבאנאוו, אז יעצט האב איך מיך ארומגע־זעהן, דאס זעהר ריכטיג זאגט דאס רוסישע ווערטעל: „ס׳קעם ניע זשיוויאָש, טאָוואָ ניע זנאיעש״, מיט וועמען דוא וואוינסט ניט צוזאמען, דעם קענסט דוא ניט דערקענען. איך האב בעשטענדיג דעם שלמה פיין געהאלטען פאר זעהר אן אָרענט־ליכען מאן; איך בין איהם דער בעסטער גוטער פריינד געוועז. א בעווייז האט איהר, אז איך האב אייך עטליכע מאל געבעטען איהר זאלט מיר זאגען, וואו זיין פערלארענער זאהן געפינט זיך; ווייל איך ווייס, אז ער איז זעהר נייניעריג צו וויסען וואס מיט דעם זאהן איז געווארען. צום סוף האט ער מיר געוויעזען, אז ער איז איינער פון דיא ערגסטע מענשען אין דער וועלט.

— איך ווייס שוין פון לאנג, אז מען דארף זיך ניט צו יעדען מענשען פריינד־ליך צולאָזען — האט יאניק געענטפערט — איך בין שוין געניג פראקטיש אין דער וועלט.

— א קליינינקייט צו איהר זייט פראקטוש — האט איהם מאָרים נעשמיי־כעלט — ניט אומזאָנסט האלט אייך דיא וועלט פאר א גרויסען חכם. נור איך וועל שוין ווייטער אויך קליגער זיין. פון היינט אָן און ווייטער וועל איך שוין וויסען וואס איך האב צו טהאן. יעצט ווען איך זאל זאגאר וויסען וואו זיין קינד איז, וואלט איך איהם אויך ניט אויסגעזאגט.

— זעהט איהר שוין אז איך בין א חכם, דערמיט וואס איך האב אייך ניט געוואלט אויסזאגען דיא געהיימנים.

— יא. איך געשטעה, אז איהר האט זעהר רעכט געהאט. דער אונמענש האט ניט פערדינט מען זאָל איהם אזא זאך ענדעקען. אבער איך גלויב, אז ווען זאגאר מען זאל איהם אויסזאגען דיא וואהרהייט, וואָלט ער קיין גרויס פערגעניגען געהאט ווייל זיין זאָהן איז א קריסט, און ער אליין איז זעהר א פאנאטישער איד.

— פון וואנען ווייסט איהר, אז זיין זאָהן איז א קריסט?

— האט איהר דען פערגעסען, אז איהר האט דאס מיר אליין געזאגט?

— איך האב אייך שוין אויסגעזאגט ווער זיין זאהן איז? — האט דער בע־רוישטער קאבאנאוו ערשטוינט געפרעגט.

— מיר איז א וואונדער, איהר זאלט אזא זאך פערגעסען. איהר האט מיר זאגאר דערצעהלט אז ער איז א גראף.

— אזוי? איך האב אייך שוין דערצעהלט, אז דאס איז דער גראף אנטאן דאנילאָוו.....

מאריס האט זיך נאר דערקוויקט, אלס ער האט דיא ווערטער דערהערט. יעצט האט ער שוין דייטליך געוואוסט, אז שלמה פיינס פערשוואונדענער זאהן הייסט גראף אנטאן דאנילאוו; אבער ווער איז דער דאנילאוו און וואו וואוינט ער, דאס האט איהם נאך געפעהלט צו וויסען, דארום האט ער בענוצט דיא יעצטיגע מערקווירדיגע געלעגענהייט אויף דאס איבעריגע אויסצופארשען.

— זאגט מיר נור, ליעבער פריינד, — האט ער געזאגט זיך ווענדענד צו יאניק'ן — איז ווירקליך דער גראף אנטאן דאנילאוו א רייכער מאן?

— צו ער איז רייך, פרעגט איהר? — האט יאניק געענטפערט — ער איז א מיליאנער. אויסער דעם דארף דאנילאווקא אין וועלכען ער וואוינט, האט ער נאך דריי גרויסע דערפער. דערצו האט ער א קאפיטאל פון מיליאנען אין דיא ביינק און ביי זיך אין דער-היים.

מעהר האט וואהרהאפטיג ניט בעדארפט וויסען. ער איז אויפגעשטאנען פון'ם טיש מיט דעם אויסרייד, אז ער מוז אויף איינינע מינוטען ארויסגעהן. ער איז אריינגעלאפען אין זיין קאבינעט און האט פערשריעבען דא איינינע ווערטער. גראף אנטאן דאנילאוו פון דעם דארף דאנילאווקא.

247טעס קאפיטעל.

## אַ גוטער ראַטה.

סאָנקא האט זעהר מונטער און פערגעניגט געטאנצט ביי פעלדבערגען אויף דער חתונה.

דיא יונגענד וועלכע איז נאך פריש וויא א פרישע בלומע, וואס פאנגט זיך ערשט אָן צו ענטפאלטען, לאָזט זיך ניט אזוי לייכט ביינגען פון דיא לעבענסשטירמע. דען איין גלאנץ פון דער ליכטיגער זוהן ווירקט אויף איהר צו גוטען פיעל מעהר אלס טויזענדער שטירמע קענען אויף איהר ווירקען צום שאדען. דאס הערץ פון דעם יונגען מענשען אין דער פריהלינגס צייט פילט זיך לייכט אָן מיט פרייד ביי דעם לוסטיגען שפיעלען פון א שעהנעם אָרקעסטער אָדער ביי דער אנזיכט פון אַ פרעהליכע סצענע. אין יענער מינוט ווערען אלע זאָרגען וואס דאָרט געפינען זיך פערשוואונדען וויא דער רויך פאר דעם ווינד.

סאָנקא האָנינמאָן, אָבוואָהל זיא האט אין דיא וועניגע יאהרען וואס זיא האט אבגעלעבט, פיעל מעהר ליידען איבערגעטראגען אלס מאנכער אלטער מאן אין זיינע פיעלע יאהרען, האט אבער דיא לוסט צום לעבען ניט פערלאָרען און אז זיא איז אריינגעקומען אין א לוסטיגער געזעלשאפט האט זיא אָן אלע איהרע צרות פערגעסען און איז געוואָרען מונטער וויא א קינד.

ביי פעלדבערגען אויף דער חתונה, וויא זיא האט דערהערט דיא לוסטיגע טענער פון א שעהנעם אָרקעסטער און האט פאר זיך דערזעהן פיעלע פרעהליכע לייטע וואס האבען נור אין זינען געהאט טאנצען און לוסטיג זיין, איז איהר יונגעס הערץ אַ־יך פול געוואָרען מיט פריידע און לוסט צום פערגעניגען. זיא האט זיך לאַני ניט געלאזט בעטען אלס א יונגער קאוואליער האט זיא צום טאנצען איינגע-

לאדען, זיא האט אין דער מינוט אלע איהרע פערגאנגענע צרות פערגעסען און האט זיך איבערגעגעבען דער געגענווערטיגער פריידע.

ענדליך האט דער טאנץ אויפגעהערט און איהר קאוואליער האט זיא צוגע־פיהרט צו איינעם פון דיא לעדיגע שטוהלען — און האט זיא אוועקגעזעצט. ניט ווילענדיג האט זיא א קוק געטהאן צו דער טהיר און איהר גאנצעס בלוט איז איהר אין קאפ אריינגעקומען, דען זיא האט דערזעהן יאזעף לעהמאן געהענדיג צו דער טהיר, זיא האט איהם דערקענט פון הינטען און אלס ער איז שוין אין דער טהיר געשטאנען האט ער זיך אומגעקוקט, זייערע בליקען האבען זיך אויף איין מאמענט בעגעגענט און ער איז וויא האסטיג ארויסגעלאפען.

זיא איז געבליעבען בעוועגונגסלאז זיצען אויף איהר פלאץ. יאזעף איז דא אויף דער חתונה. ער האט זיא געזעהן און האט זיא זאגאר ניט געוואלט בעגריסען.

— אונמענש שלעכטער הערצלאזער מאן! — האבען איהרע ליפען געשטאמעלט — וואס האב איך דיר אזעלכעס געטהאן וואס דוא אנטלויפסט פאר מיר וויא פאר דעם טייפעל. איך פיהל מיך גאר ניט זינדיג געגען דיר. זעהר גלייך וואס עס האט זיך אזוי געמאכט, וואס איך האב דערקענט דיין ניעדערטרעכטיגקייט. דאס וועט פיעללייכט פערלעשען דיא פלאמען וואס איך האב אין הערצען פאר דיר געטראגען. עס פרעהט מיך זעהר וואס איך בין פון דיינע הענד געראטעוועט געווארען דען איך קען מיר שוין פארשטעלען וויא דוא וועסט בעהאנדלען א ווייב נאך דיין חתונה.

דוכט זיך אז זיא אליין האט איהר צופריעדענהייט אויסגעדריקט פון דעם וואס זיא איז פון דעם הערצלאזען יאזעף בעפרייט געווארען. פון דעסטוועגען האט זיא שוין אין דיעזען אבענד ניט מעהר געקענט פרעהליך זיין. זיא האט שוין מעהר ניט געטאנצט און אויף דיא אלע ווערטער וואס איהרע בעקאנטע האבען צו איהר גע־רעדט, האט זיא נור געצעהלטע ווערטער געענטפערט. מען האט זעהר לייכט גע־קענט דערקענען, אז דא האט זיך עטוואס געמאכט וואס האט מיט איין שלאג איהר פרעהליכע לוינע פערדארבען.

זיא אליין איז אויף זיך זעלבסט שטארק צארניג געווען דערפאר וואס יאזעף׳ס ערשיינונג האט אויף איהר אזא ווירקונג געמאכט, אבער זיא האט דאצו גאר ניט געקענט העלפען, עס איז איהר געווען אזוי ביטער דאס זיא האט געוואלט ווייגען, נור זיא האט זיך מיט אלע קרעפטען איינגעהאלטען, דען זיא האט זיך געשעהמט.

זא איז פערגאנגען דער רעסט פון דעם אבענד, זיא האט קוים דערלעבט איהר פאטער זאל זיא אהיים רופען און איז פון דער חתונה אנטלאפען געווארען וויא איינער אנטלויפט פון געפענגנים.

ערשט קומענד א היים אלס זיא האט זיך פערשפארט אין איהר צימער האבען זיך איהרע אויגען געעפענט און דיא טרעהרין האבען זיך שטראמען פון דארט ארויס־געשפארט. זיא האט קיין מאל אזוי געוויינט וויא יעצט, קיין מאל איז איהר ברוסט ניט געווען אזוי בעלאדען מיט שמערצען וויא אין דיעזען אבענד.

אומזאנסט האט זיא זיך זעלבסט פארווירפע געמאכט אויף דעם וואס זיא וויינט, אומזאנסט האט זיא זיך זעלבסט געפרעגט דיא פראגע ווארום וויין איך אין

דער צייט ווען איך דארף זיך פרעהען דאמיט וואס איך בין נערעטעט פון אזעלכע שלעכטע הענד. אויף דיעזער פראגע האט זיא קיין אנטוואָרט געפונען און דיא טרעהרען האבען וואס וייטער שטארקער און קרעפטיגער געשטרעמט פון איהרע אויגען געגען איהר ווילען, וויא איהר צו להכעיס האבען זיך פאר איהר פאָרגעשטעלט דיא גוטע טהאטען וואס יאָזעף האט איהר בעוויעזען אין דער צייט ווען זיא וואר אין דאנילאווקא, בעזאָנדערס יענע רעטונג וואס ער האט איהר געבראכט אין יענעם שרעקליכען טאג ווען דער פריסטער פון דאנילאווקא האט זיא מיט געוואלד גע־וואלט שלעפען אין דער קירכע זיא דאָרט צו טויפען.

— וואס איז דאס מיט איהם געוואָרען? — האט עס אין איהר געפרעגט. ער ער האט מיר פיעל מאל בעוויעזען דאס ער ליעבט מיך מיט דעם גאנצען הערצען. זאנאר דאן ווען אלע האבען מיך געהאלטען פאר א גנב'טע, האט ער מיר געוויעזען אז ער גלויבט קיין זאך ניט און ער האלט מיך פאר דער עהרליכסטער אין דער וועלט, און יעצט בעווייזט ער מיר אזא האס און אזא פעראכטונג וויא ער זאל צו דער איבערציינונג קומען דאס איך בין ווירקליך א וואהרע גנב'טע.

וואו נעהמט מען אזא גוטען פריינד איך זאל קענען פאר איהם דאס הערץ אויסגיעסען. אך, ווען יעמאנד זאל אין מיר ערוועקען האס צו דיזען מענשען, וויא דאנקבאר איך וואָלט איהם דערפאר געווען.

זיא האט זיך דערמאהנט אן איהר פריינדין בת־שבע. זיא איז דיא איינציגע פאר וועמען זיא קען איהר הערץ אויסגיעסען אום איהר זאל ווענינסטענס אביסעל לייכטער ווערען.

זיא האט שוין בת־שבע'ן זייט איינינע טעג ניט געזעהן. אבער זיא האט זיך אויף דעם ניט געוואונדערט, דען בת־שבע וויל געווים צו איהר ניט קומען ווייל זיא ווייס אז איהרע (סאָנקא'ס) עלטערן זיינען בייז אויף איהר און ווילען ניט ליידען זיא זאל צו זיי אין הויז קומען.

מאָרגען גאנץ פריה וועל איך ביי איהר זיין — האט זיך סאנקא בעשלאסען. יא, איך וועל ביי איהר זיין און וועל פאר איהר מיין הערץ אויסריידען, זיא איז א קלוגע, זיא וועט מיר געבען א גוטען ראטה וואס איך זאל טהאן.

זעהר ווענינ האט זיא יענע נאכט געשלאָפען און אלס זיא איז אויף מאָרגען אין דער פריה אויפגעשטאנען, וואר איהר ערשטער געדאנק, געהן צו בת־שבען. עס איז נאך אבער געווען צו פריה דארום האט זיא געווארט ביז דער זייגער האט גע־שלאָגען צעהן דאן איז זיא אוועקגעלאפען צו בת־שבע'ן.

זיא האט דער פריינדין געטראָפען ביי'ם טיש טרינקענד קאפע. בת־שבע האט זיך זעהר דערפרעהט אלס זיא האט סאנקאן דערזעהן. זיא האט איהר פאסט מיט שוועסטערליכער צערטליכקייט עמפפאנגען.

— איך גלויב אז אייך האט עטוואס וויכטיגעס אהער געטריבען—האט זיא געזאגט דריקענד סאנקא'ס האנד. אין אזא צייט וועט איהר זיך ניט ערלויבען וויזיטען מאכען.

— יא, פריינדין! — האט סאנקא געענטפערט — מיינע שמערצען האבען מיך יעצט צו אייך געטריבען.

— אייערע שמערצען? האט אייך עטוואס שלעכטע נייעס פאסירט?

— דאס זיינען קיינע בעזאָנדערע נייעס, מען קען זאגאר זאגען אז דאס זיינען אלטע זאכען, אבער זיי האבען זיך נעסטערן אבענד ערשט אבגעפרישט און האבען נאך שטארקער אנגעהויבען צו בלוטען.

— וואס איז אזעלכעס געשעהן? — האט בת־שבע נייגיעריג געפרעגט.

סאנקא האט איהר דערצעהלט פון איהר בעגעגנונג מיט יאָזעף'ן אויף דער האָכצייט און וויא ער האט איהר קיין אויפמערקזאמקייט געשענקט און איז באלד וויא ער האט איהר דערזעהן פאַרטגעגאנגען.

— נו, וואס־זשע נעהמט איהר זיך דאס אזוי צום הארצען? — האט בת־שבע געזאגט אלס סאָנקא האט אנגעהויבען צו ווישען דיא טרעהרען פון דיא אויגען. איהר ווייסט דאך שוין פון לאנג אז ער איז אן אונמענש און ער האט גאר ניט דיא ווערטה מען זאל נאך איהם בענקען און וועגען איהם דענקען.

— ווען איך זאל דאס ויסען וואלט איך מיך שוין געטרייסט, ליידער ווייס איך דאס געגענטהייל אז ער איז פאָרט געוועזן דער בעסטער מענש אין דער וועלט.

— וואס האט איהר זיך אריינגענומען אין זינען אזעלכע פוסטע זאכען, איך זאג אייך, אז ביי אייך איז נור א פאלשע איינבילדונג, עס טרעפט זעהר אָפט אז זאגאר דער גרעסטער מערדער טהוט א וואלטהאט. נו, איז ער שוין דערפאַר קיין מערדער ניט.

— אבער יאָזעף איז קיין מערדער — האט סאנקא וויינענד געענטפערט — איך קען איהם פון דער בעסטער זייטע, אויך אלע זיינע בעקאנטע זאגען אין איין שטימע, אז ער איז א פיינער ארדענטליכער מאן.

— וואס קומט מיר ארויס וואס לייט זאגען, דיא בעהאנדלונג וואס איהר האט פון איהם בעוויזט אונז דייטליך, אז ער האט אין זיך קיין פונק מענשליכקייט און איך ראטה אייך וויא א וואהרע פריינדין איהר זאלט פון איהם ניט מעהר דענקען. ווען ער האט נאך דער פערשפרעכונג וואס ער האט מיר געגעבען קיין וואָרט געהאלטען, איז ער א פערדאָרבענער מענש אין פאלען זינען דעם וואָרטעס.

— איך פערשטעה אייך גאר ניט — האט סאָנקא ערשטוינט געזאגט — וועגען וואס פאר א פערשפרעכונג רעדט איהר יעצט.

— איך רייד פון דער פערשפרעכונג וואס ער האט מיר געגעבען.

— ווער? וועמען מיינט איהר?

— איך מיין טאקע אייער יאָזעף'ן.

— יאָזעף האט אייך א פערשפרכונג געגעבען? איהר קענט איהם דען? איהר האט מיט איהם גערעדט?

— יא, — האט בת־שבע שמייכלענד געענטפערט — איך האב דיא גרויסע עהרע געהאט אייער לעבענסווירדיגען לעהמאַן פערזענליך צו זעהן. איך האב אויך דאס גרויסע גליק געהאט מיט איהם צו שפרעכען.

— איז דאס מעגליך? ווען האט איהר מיט איהם גערעדט?

— איך האב דאס ביז אהער אייך ניט געוואלט דערצעהלען — האט בת־שבע

געגנפערט — ווייל איך האב געגלויבט, אז ער וועט ווארט האלטען און וועט טהאן וויא ער האט מיר פערשפּראָכען, אבער יעצט אז איך זעה דאס זיינע ווערטער און זיינע פערשפּרעכונגען האבען קיין ווערטה, קען איך מיך שוין ניט איינהאַלטען אייך ניט דערצעהלען פון דעם בּעזוך וואס איך האב איהם אבגעשטאטעט.

— איהר האט איהם א בעזוך אבגעשטאטעט?

— יא.

— ווען? און ווארום האט איהר דאס געטהאן?

— איך האב ערשטענס, געוואָלט קענען אייער אידעאַל. מיר האט זיך זעהר געוואָלט זעהן דעם מענשען וועלכען איהר פערגעטערט אזוי. צווייטענס, האב איך גע־וואָלט מיט איהם ריידען טאקע וועגען אייך און ערפאהרען וואס ער דענקט צו טהאן, צו וויל ער ערנסט מיט אייך הייראטהען אדער ער וויל אייך נור דעם קאָפּ פער־דרייען.

— נו, האט איהר איהם געזעהן און מיט איהם גערעדט? — האט סאנקא אויסער זיך פאר נייגיערדע געפרעגט.

— יא, איך האב איהם געזעהן און האב מיט איהם גערעדט.

— נו?

— וועגען זיין פערזאָן מוז איך אייך געשטעהן אז ער מאכט זעהר א גוטען איינדרוק. איך האב איהם דערצעהלט אז איך בין אייערע א פריינדין און אהנע אייער וויסען בין איך צו איהם געקומען זיך ערקונדיגען וואס צווישען אייךביידען איז פאָרגעפאלען.

— נו, וואס־זשע האט ער אייך געענטפערט?

— לויט וויא ער האט מיט מיר גערעדט, האב איך פערשטאנען אז יעמאנד האט צווישען אייך א שטארקע אינטריגע געמאכט. איך האב דייטליך בעמערקט אז ער ליעבט אייך נאך יעצט אויך, נור עטוואס האט זיך דא אריינגעמישט און דערלאזט איהם ניט מיט אייך הייראטהען.

— ער האט מיך נאך ליעב? — האט סאנקא אויסגערופען און א פריידענ־שטראהל האט איהר געזיכט בעגאָסען.

— יא, אזוי האב איך פערשטאנען.

— נו, וואס־זשע האט ער אייך געזאגט?

— איך האב פון איהם שטרענג געפאָדערט ער זאל מאכען אן ענדע אהער אדער אהין, עס הייסט ענטוועדער ער זאל אייך הייראטהען, אדער ער זאל זיך געגצליך פון אייך ענטזאגען, און ער האט מיר זיין וואָרט געגעבען אז דיא טעג וועט נעהמען אן ענדע צו דער דראמא וואס דא שפּיעלט זיך און עס וועט זיין איינס פון דיא ביידע אהער אדער אהין.

— ווען זייט איהר ביי איהם געוועזען?

— מיט דריי טעג פריהער. איך האב שוין אין זינען געהאט אייך דורך א בריעף אנצופרעגען צו איז ער ביי אייך געוועזען און וואס וואר דער רעזולטאט פון זיין בעזוך. נור יעצט אז איהר זייט אליין געקומען און האט מיר אזא נייעס געבראכט

דאס אלס ער האט אייך בענעגענט אויף א האָכצייט איז ער פון אייך אנטלאָפען געוואָרען, זאג איך אייך, אז איהר טהוט דיא גרעסטע אונרעכט דאמיט וואס איהר דענקט נאך וועגען איהם, וועו ער האט ניט געמאכט אהער אדער אהין זאלט איהר דאס מאכען.

— וואס זאל איך טהאן?

— איהר שרייבט איהם באלד אריין א בריעף אין וועלכען איהר זאלט איהם מעלדען אז אבוואהל איהר ליעבט איהם נאך יעצט אויך מיט דעמזעלבען פייער וואס פריהער, נור אזוי וויא איהר זעהט אז ער אנטלויפט פון אייך ווילט איהר איהם מעהר צו לאָסט ניט פאלען און איהר ענטזאגט זיך פון איהם.

— אבער ליעבע באבעטהא איך קען מיך פון איהם ניט ענטזאגען האט סאנקא יאמערנד געזאגט.

— „ניט קענען” דאס געהט ניט — האט בת-שבע זעהר ערנסט געענטפערט— א מענש מוז אלעס קענען. פאלגט מיין ראטה ליעבע סאָנקא איהר וועט זעהן אז איהר וועט מיר שפעטער פאר דער ראטה איניגסט דאנקבאר זיין.

— גוט, — האט סאנקא נאכרענקענד געזאגט — איך וועל אייך פאָלגען נאך הייטע שרייב איך איהם א בריעף אריין. וועט איהר מיר געבען זיין אדרעסע?

— יא, איך שרייב אייך שוין אויף דיא אדרעסע.

זיא האט זיך געזעצט און האט אויפגעשריעבען אויף א שטיקעל פאפיער לעהמאנס אדרעסע און האט עס איבערגעגעבען סאנקא'ן.

סאנקא האט שוין געוואָלט אוועקגעהן, נור בת־שבע האט זיא אבגעהאלטען מיט דער פראגע:

— וואס הערט זיך מיט פעדערבליצען? קומט ער נאך אלץ אריין צו אייך.

— ניין, ער איז אין דיא לעצטע טעג ניט געווען.

— אבער איהר וועט ניט פערגעסען צו טהאן וויא מיר האבען אפגערעדט, אז אויב ער וועט ביי אייך זיין זאלט איהר איהם בעשטימען א צייט ווען ער זאל צו אייך קומען און זאלט מיר דערפון מעלדען אום איך זאל קענען צו אייך קומען און זיך מיט איהם אפרעכענען דערפאר וואס ער האט מיך אזוי שעהן פאָרגעשטעלט פאר אייערע עלטערן?

— געוויס האב איך דאס ניט פערגעסען און וועל טהאן וויא איך האב אייך פערשפראָכען.

## 248טעם קאפיטעל.

# דאָס איז ער.

ליסא מיט ערינאן זיינען געבליעבען שטעהען וויא דיא צודולטע נאכדעם, אז דער זאנדערבארער רייטער וועלכער האט זיך פאר זיי פארגעשטעלט אלס דעם טייפעלס ברודער איז אוועקגעפאהרען.

— דאס איז א וואהנזיניגער! — האט ליסא נאך א לאנגעס שווייגען געזאגט צו ערינא'ן.

— פיעללייכט איז ער ווירקליך דעם.... — האט ערינא געזאגט און האט פורכט געהאט צו ענדיגען.

— וואָס ווילסט דוא זאגען? — האט ליסא געפרעגט.

— איך וויל זאגען פיעללייכט איז ער ווירקליך דעם טייפעלס־ברודער.

— חע, חע, חע! — האט זיך ליסא פערנאנדער געלאכט — איך האב ניט ערווארטעט, אז דוא מיין קינד זאלסט אזעלכע דומהייט ריידען. דוא גלויבסט, אז דער טייפעל האט א ברודער און דיעזער ברודער געהט ארום אין דער וועלט צווי־שען מענשען? הייסט דארפסט דוא ניט פערגעסען, אז דער טייפעל איז בעקאנט פאר א העסליכע בעשעפעניס מיט הערנער און מיט א שוויף (אן עק) און דיעזער רייטער איז שעהן וויא א פרינץ. ווען ער זאל ווירקליך זיין דעם טייפעלס א ברודער, וואלט ער אויך אזוי העסליך געוועזען וויא דער טייפעל אליין.

— אבער מען זאגט דאך, אז דער טייפעל קען זיך פערשטעלען אין פער־שיעדענע געשטאלטען.

— דאס זאגט מען נור, אבער מיר דארפען אזעלכע זאכען ניט גלויבען. דאס איז געוועזען אן איינפאכער וואהנזיניגער מענש און ווייטער גאר ניט.

ערינא האט געמוזט צוגעבען אז פון איהר ווארט דאס א דומהייט, וואס זיא האט געגלויבט דעם וואהנזיניגען, אז ער איז דעם טייפעלס ברודער. זיא האט פון זיך אליין געלאכט פאר דער דומהייט. דאך האט זיא זיך אין הערצען פאָרט גע־שראקען פאר יענעם רעטזעלהאפטען מאן און האט פון קאפּ ניט געקענט ארויס־שלאגען דעם געדאנק, אז ער איז דאך דעם טייפעלס א ברודער.

איהר האט אין דיא אויערן געקלונגען זיין ווילדעס געלעכטער און דיא קלינ־גענדע ווערטער וואס זיינען פון זיין מונד ארויסגעגאנגען:

— איך בין דעם טייפעלס ברודער!

אבער אין א פּאָר שטונדען ארום האט זיא פערגעסען דעם רייטער מיט זיין גאנצעס געשפרעך און זיא האט זיך אָבערמאלס אן איהר אונגליק דערמאנט. זיא האט זיך בעשלאָסען געהן נאך דעם טייפעלסשלאָס און זעהען צו איז שוין דער אלטער איוואן געקומען פון אָרשא און צו האט ער זיך געזעהען מיט דעם סליערא־וואָטעל וועגען איהר קינדס מערדער.

זיא האט לאנג ניט געקלערט און איז אוועקגעגאנגען נאך דעם טייפעלשלאָס. דיא גאנצע וועג האט איהר געשווינדעלט אין דיא אויגען יענער רייטער, אין וועלכען זיא האט איהר מאן דערקענט. — איז דאס מעגליך, אז דאס איז ווירקליך געוועזען סעמיאָן? — האט זיא זיך אונצעהליגע מאל געפרעגט. איז ער טאקי דא אין דיעזען געגענד, איז נאך דא א האפנונג זיא זאל איהם געפינען. אבער וואו קען מען איהם דא זוכען?

איך וועל דאס דערצעהלען דעם אלטען איוואן און ער וועט מיר שוין ראטהען וואס איך זאל טהאן — האט זיא זיך געקלערט — דיעזער אלטער וועט באלד פאלען אויף דעם ריכטיגען וועג, וואס איך האב צו געהען אום מיין אונגעטרייען מאן אויסצוגעפינען.

עס איז דערווייל געוואָרען פינסטערלאך אין דרויסען. דער וואלד האט זיך אנגעפאנגען מיט שווארצע נאכטשאטען צו פערדעקען. דיא בוימער האבען אויס־געוויזען וויא הויכע שווארצע גייסטער מיט אויסגעשפרייטע פליגלען.

ערינא'ן איז שטארק אונהיימליך געוואָרען אין דיעזען איינזאמען געררוישלאָזען געגענד. דא איז עפעס אזוי שטיל געווען דאס עס האט אויסגעזעהען וויא אלעס איז אויסגעשטאָרבען. קיין צווייגעלע האט זיך גערירט, קיין מאן וואר הערבאר. פון הימעל האבען דיא שטערן אנגעהויבען צו פינקלען און אראָפקוקען אויף דעם שטילען וואלד. איהר האט אויסגעוויזען, אז יעדער שטערן איז אן אויג פון'ם טייפעל און אלע ווילדע אויגען קוקען אויף איהר. דא האט זיא זיך אבערמאלס דערמאָנט אן דעם טייפעלס ברודער און אלע גליעדער האבען אין איהר אנגעהויבען צו שוידערן. זיא האט זיך געשראָקען פאר דעם געררויש פון איהרע אייגענע שריט.

— וויא דערלעב איך שוין צו קומען אין דעם טייפעלסשלאס — האט זיא צו זיך גערעדט פערדאפ־[illegible]ד דעם גאנג פון איהרע טריט. דוכט זיך אז עס איז שוין נים ווייט צום טייפעלסשלאס.

עס איז פון מינוט צו מינוט פינסטערער געוואָרען. עס איז ענדליך געוואָרען זא פינסטער דאס זיא האט געמוזט גוט זוכען דעם וועג וויא אזוי צו געהן און וואָס מעהר דיא פינסטערניס האט זיך געשטארקט, האט זיך איהר שרעק אלץ מעהר פערגרעסערט.

— מיין גאט! — האט זיא געשטאמעלט — איך געה אזוי לאנג און בין נאך נים געקומען צום טייפעלסשלאס. איך האב געמוזט פערבלאָנדזשען, דער טייפעל האט מיך געמוזט פערשלעפען ווער ווייס וואוהין.

און זיא האט אנגעהויבען נאך שנעלער צו לויפען.

— יא! איך האב פערבלאנדזשעט! — האט זיא ערציטערט געשטאמעלט און איז שטעהען געבליעבען. זיא האט זיך אין אלע זייטען ארומגעקוקט, אבער זיא האט נים מעהר געזעהען וויא בוימער פון פערשיעדענע גרויס און יעדעס בוים האט וויא א הויכער ריעז אויסגעזעהען.

— וואס טהוט מען? — האט דיא ערשראקענע געפרעגט -- געהן צוריק, ווייס איך דאך דעם וועג נים; געהן ווייטער, וועל איך פערקריכען ווער ווייס וואהין.

נור עס העלפט נים. מען מוז ווייטער געהן. דוכט זיך דיעזען בוים האט זי אימער געזעהן וועז זי פלעגט געהען צום טייפעלסשלאס. יא, דעמזעלבען בוים האט זי געזעהן, ער געפינט זיך אונגעפעהר איין ווארסט ווייט פונ'ם טייפעלשלאס.

אבערמהלס האט זיך אין איהר דיא האפנונג ערוואכט באלד איהר ציעל צו ערדייכען און זיא האט אנגעהויבען מוטהיגער און מונטערער צו געהן.

זיא איז אבערמאלס שטעהן געבליעבען. זי האט דערהערט א גערויש פון טריט נים ווייט פון זיך. א קעלט איז איהר דורך דעם לייב דורכגעלאפען. ווער ווייס צו איז דאס נים קיין טריט פון א רויבגיעריגעס טהיער און זיא וועט באלד דיענען אלס שפייז צו א ווילדער הונגעריגער חיה.

אבער עס איז געוואָרען שטיל ארום איהר וויא אויף אַ בית עולם קיין גערויש האט זיך מעהר געהערט.

— דאס איז געוועזן אן אירדטהום — האט זיא זיך געטרויסט — יא, דאָס וואר נור אן אירדטהום.

און זיא האט אנגעהויבען וויטער צו געהען. אבער ניט זא שנעל, דען זיא האט שוין קיין קרעפטען געהאט ניך צו לויפען.

זיא האט אנגעהויבען פריי צו אטהמען, אלס זיא איז ארויס פון'ם וואלד און האט פון וויטען פאר דעם שיין פון'ם מאָנד דערזעהן דעם טייפעלסשלאָס.

— נו, געלויבט איז גאָט! — האט זיא ערפרייט אויסגערופען — איך האב וויא איך זעה ניט געבלאנדזשעט, איך בין דאך געקומען צום טייפעלסשלאָס.

יעצט ערשט האט זיא בעקומען פרישע קרעפטען און זיא איז שוין ניך געלאָפען דיא קורץ שטיקעל וועג און איז באלד געשטאנען ביי דעם טייפעלסשלאס.

זיא האט דערזעהן נעבען דעם טויער שטעהענדיג אַ פערד צוגעבונדען צו אַ בוים.

זיא איז ערציטערט שטעהען געבליעבען, דען זיא האט דערקענט דאס פערד אויף וועלכען דעם טייפעלס ברודער איז געפאהרען.

— איז דאס מעגליך, אז ער איז יעצט אינ'ם טייפעלסשלאָס? — האט זיא דערשראקען זיך געפרעגט — פיעללייכט פערפאָלגט ער מיך, דען ער איז דאך אַ טייפעל און דיא טייפלען יאגען זיך בעשטענדיג צו חאפען אין זייער נעץ מענשענזעלען.

אבערמאלס איז איהר א שרעק בעפאלען, זא דאס זיא האט קיין מוטה געהאט אינ'ם שלאס אריינצוגעהען.

זיא האט זיך געזעצט אויף דער ערד ניט וויט פון'ם שלאס און האט דיא אויגען ניט אראפגענומען פון'ם פערד.

עס זיינען נאך קיינע פינף מינוטען איבערגעלאפען, האט זיך דער טויער פון'ם שלאָס געעפענט און זיא איז אויסער זיך געווארען, אלס זיא האט דערזעהן פארן שיין פון דעם מאנד יענעם העררן, וועלכער האט זיך פאָרגעשטעלט אלס דעם טייפעלס ברודער אין דער בעגלייטונג פון דעם אלטען איוואַנען. נאך מעהר האט זיא זיך געוואונדערט, אלס זיא האט געזעהן וויא רעספעקטפאל איוואן איז נאך דעם טייפעל נאכגעגאנגען און אלס זיי זיינען צוגעגאנגען צו דעם פערד, האט ער דעם רייטער געהאלפען דאס פערד בעשטייגען און דיעזער שרעקליכער רייטער האט וויא א געזונטער איינפאכער מענש געזאגט הויך:

— אדיע אלטער! איך בין דיר זעהר דאנקבאר פאר דיא מיטטהיילונגען וואָס דו האסט מיר געמאכט. דו זאלסט דערפאר רייכליך בעלאהנט ווערן.

— דאס איז ער! — האט ערינא געשטאמעלט — אבער וויא קומט דאס וואס איוואן פערשטעהט ניט, אז ער איז אַ טייפעל אדער אַ וואהנזיניגער.

דער רייטער איז פערשוואונדען און ערינא האט זיך פון איהר אָרט אויפגעהויבען און איז אריינגעגאנגען אין'ם טייפעלסשלאָס.

249טעס קאפיטעל.

# דיא קלוגע מוטער.

נעלידאוו איז ארויסנעגאנגען פון אדעלא'ס הויז מיט דעם פעסטען בעשלוס, דער גוברנאנטין סוסאנא פעטראָוו צו ענטזאגען פון דער שטעלע, וואס זיא האט בייא זיין מוטער אין הויז.

— איך בין ניט פערפליכטעט א פרעמדער פערזאָן אין מיין שטוב צו האַל־טען און דאדורך צו שטערען דעם פריעדען פון מיין פאמיליע — האט ער זיך גע־קלערט — אדעלא איז יעצט א מיטגליעד פון מיין פאמיליע, זיא דאַרף מיין פרוי זיין, און ווען זיא פערלאנגט פון מיר עטוואס מוז איך איהר וואונש ערפיעלען. פון איהר איז דאס טאקע א דומהייט וואס זיא האט אויף מיר א פערדאכט אז איך ליעב דער גוברנאנטין. אבער אלע פרויען האבען אין זיך דיא שוואכהייט, דאס ווען דער מאן וועלכען זיי ליעבען בעהאנדעלט פריינדליך א שעהן מעדכען ווערען זיי אייפערזיכטיג. איך וועל שוין זעהן אזוי מאכען, דאס דיא גוברנאנטין זאָל קיין שאדען האבען, דאדורך וואס זיא פערליערט דיא שטעלע. איך וועל איהר בע־צאהלען פאר צוויי יאהר איהר געהאלט; דאן, גלויב איך, וועט זיא זעהר צופריע־דען זיין.

ער איז אהיים געקומען, האט זיך געזעצט אין זיין צימער און האט זיך אויף א היבשע צייט פערטראכט. ער האט זיך דערמאנט, אז דיא גוברנאנטין האט אליין געוואָלט פון דעם הויז אוועקגעהן, נאכדעם אז אדעלא האט זיא בייא דער ערשטער בעגעגנונג אזוי שלעכט בעהאנדעלט; נור ער האט זיא פאסט מיט טרע־רען געבעטען, זיא זאָל בלייבען וויטער. זיא האט איהם צוליעב געטהאָן און איז געבליעבען, יעצט דארף ער איהר אליין הייסען דאס הויז פערלאסען. וויא ניעדעריג, וויא אונמענשליך, און וויא טאקטלאָז דאס איז!

אבער עס העלפט ניט. ער האט אדעלא'ן זיין וואָרט געגעבען, אז דיא גור בערנאנטין וועט דאס הויז פערלאזען, און זיין וואָרט קען ער ניט ברעכען.

— איך וועל וועגען דעם איבערריידען מיט מיין מוטער, — האט ער צו זיך זעלבסט געזאגט — איך וועל איהר ערקלערען וואס דא טהוט זיך און וועל זיא בעטען, זיא זאָל דער סוסאנא ענטזאגען, דען איך בין דאס ניט אין שטאנד צו טהאָן. ניין! אזוי גראב קען איך ניט זיין.

ער איז אויפגעשטאנען פון זיין אָרט און איז אריינגעגאנגען צו זיין מוטער אין צימער. ער האט זיא געטראפען ארבייטענדיג א קראגען פאר דער איינגסטער טאכטער.

— פון וואנען קומסט דוא יעצט, וואלאדיא? — האט איהם דיא מוטער צערט־ליך געפרעגט.

— איך בין געוועזען ביי אדעלא'ן.

— מיר שיינט, אז זיא איז דא אויך געוועזען?

— יא, זיא איז דא געוועזען.

— אויב איך האב קיין אירטהום, איז זיא אוועקגעגאנגען פריהער. ערשט אין עטליכע מינוטען שפעטער ביסט דוא ארויסגעגאנגען פון שטוב.

— יא, מוטער, דוא האסט קיין אירטהום.

— וואס זאָל דאס בעדייטען? ווארום זייט איהר ביידע גלייך ניט ארויסגע-גאנגען, וויא באלד דוא האסט איהר געוואָלט א בעזוך אבשטאטען?

— מיר האבען זיך פאר א קלייניגקייט צו=ווערטעלט און זיא איז ארויסגע-לאָפען בייז.

— ווענען וואס האט איהר אזוי זיך צו־ווערטעלט וואס זיא איז בייז ארויס-געלאפען? — האט דיא מוטער מיט א בייזע מינע געפרעגט.

— איבער א קלייניגקייט, ליעבע מוטער. עס האט גאר ניט דיא ווערטה מען זאל פון דעם ריידען.

— דאס וואס דוא רופסט אָן א קלייניגקייט האט ביי מיר א גרויסע בעדיי-טונג — האט דיא מוטער זעהר ערנסט געזאגט — ביי א יונג פאר פאלק פאר דער חתונה דארפען אזעלכע זאכען ניט פארקומען. יעצט איז ביי אייך דיא בעסטע צייט, וואס צווישען אייך דארף קיין פעררדרוס און קיינע פאָרוויפרע שטאטפינדען. ווען יעצט קענט איהר אין קלייניגקייטען ניט שטימען, וואס וועט שוין שפעטער זיין?

— דוא דארפסט אבער, ליעבע מוטער, פון אזעלכע זאכען קיינע שמערצען האבען — האט געלידאוו שמייכלענד געענטפערט — אונזער קריעג איז בעשטאנען דארויף, וואס ארעלא האט מיך צו שטארק ליעב.

— דאס פערשטעה איך שוין גאר ניט. קענסט דוא, מיין זאהן, מיר ניט געבען צו ערקלערען וואס דוא מיינסט מיט דיא ווערטער?

— ווארום ניט? איך וועל דאס דיר ערקלערען. ארעלא האט ביי אונז אין הויז דערזעהן דער גוברנאנטין סוסאנא פעטראוו.

— נו?

— האט איהר אויסגעוויזען, אז איך בין צו דער מאדאם פעטראוו צופיעל פריינדליך, דארום האט זיא מיך געבעטען איך זאָל זיא ענטזאגען.

— וואס? — האט דיא אלטע ענטריסטעט אויסגערופען — זיא האט דיך געבעטען דוא זאלסט ענטזאגען דער מאדאם פעטראוו פון דער שטעלע?

— יא, ליעבע מוטער.

— וויא האט זיא דאס געוואגט? — האט דיא מאדאם צארניג אויסגערר פען — ערשטענס, דיענט דיא מאדאם פעטראָוו ניט ביי דיר, זאנדערן ביי מיר. איך בין מיט איהר שטארק צופריעדען. איך וועל זיא פאר קיין פאל ענטזאגען, דערפאר וואס ארעלא וויל אזוי. צווייטענס, וויא האט זיא געוואגט דיך בעשול-דיגען אין אזא שענדליכע זאך, אז דוא האסט געהיימניסע מיט סוסאנען? דאס איז דאָך א בעזייז, אז זיא האלט דיך זעהר פאר א ניעדערינען מענשען.

— אלע פערליעבטע פרויען זיינען אייפערזיכטיג—האט געלידאוו ארעלא'ן פער-טהיידיגט.

— דאָס איז פאלש! איך בין אויך א פרוי, איך בין אויך אמאל געווען

יונג און האב דיין פאטער געליעבט מיט לייב און זעעלע, דאך איז מיר קיין מאל איינגעפאלען אויף איהם אייפערזיכטיג צו זיין, ווייל איך האב איהם בעטראכט אלס ארענטליכען געטרייען מאן, וועלכער ליעבט נור זיין פרוי, אבער קיין אנדערער.

— א נאטור צו א נאטור איז אבער ניט גלייך.

— יא, דאס איז וואהר, אז א נאטור צו א נאטור איז ניט גלייך — האט דיא מוטער גיפטיג געזאגט — דארום מוז יעדער קלוגער מאנספערזאן זיך אויסקלייבען א פרוי מיט אזא נאטור וואס זאל שטימען מיט זיינעם. וויא באלד אז זייערע נאטורען שטימען ניט, איז פאר זיי פיעל גלייכער מען זאל זיי נאך פאר זייער חתונה פיהרען צום קבר אלס צו דער חופה. וויא באלד אז אדעלא איז שוין אזוי אייפערזיכטיג און זיא האט דיא פרעכהייט פון דיר צו פערלאנגען דוא זאלסט אן אונשולדיגע ארענטליכע פרוי פון דיין הויז פעריאגען דערפאר וואס איהר ווייזט עפעס אויס.... בין איך זיכער, אז נאך אייער חתונה וועט זיא דיר דיא גרעסטע סקאנדאלען מאכען, ווען דוא וועסט מיט א פרעמדער פרוי א פאר ווערטער אויסריידען.

נעלידאוו האט געשוויעגען.

— נו, איז זיא אנטלאפען געווארען, דערפאר וואס דוא האסט איהר וואונש ניט געוואלט ערפילען? — האט דיא מוטער ווייטער געפרעגט.

— יא — האט נעלידאוו געענטפערט.

— ווארום ביסט דוא נאכהער איהר נאכגעלאפען?

— זעהר איינפאך. זיא האט מיך געשראקען, אז אין'ם פאל ווען איך וועל איהר וואונש ניט ערפילען, וועט זיא זעלבסטמארד בעגעהן.

— אזוי? האט זיא דיך געשראקען?

— יא, מוטער.

— נו, און דוא האסט זיך פאר דיא ווערטער דערשראקען און ביסט געלאפען זיא פון זעלבסטמארד אבצוהאלטען?

— יא.

— האסט דוא זיא ווירקליך געטראפען דערביי וויא זיא האט געוואלט זעלבסטמארד בעגעהן?

— ניין! איך האב ביי איהר צו הויזע קיינעם געטראפ... איך בין דארט ביי א פירטעל שטונדע געזעסען, נאכהער איז זיא געקומען.

— נו, וואס־זשע איז ווייטער געווען?

— איך האב איהר געמוזט מייןווארט געבען, אז דיא גובערנאנטין וועט מעהר ביי אונז אין הויז ניט זיין.

דיא מאדאם נעלידאוו איז וויטהענד פון איהר ארט אויפגעשפרונגען.

— אזא ווארט האסט דוא איהר געגעבען? — האט זיא צארניג געשריען — ביסט דוא געווען ביי דיין קלארען פערשטאנד?

— איך האב דאס איהר געמוזט צוליעב טהאן.

— נו, און ווען זיא וועט דיר הייסען דוא זאלסט דיין מוטער פון דיין שטוב ארויסטרייבען, וועסט דוא איהר אויך מוזען צוליעב טהאן?

— אבער, מוטער! וואס איז דאס פאר א פערגלייך? ווארום רעדסט דוא אזעלכע ווערטער?

— איך ווייס וואס איך רייד. וויא באלד אז זיא קען אויף דיר ווירקען, דוא זאלסט אן ארענטליכע פרוי, וועלכע פעררעכנט ביי אונז איהר ברויט מיט דעם שוויים, ארויסטרייבען, קען זיא אויף דיר ווירקען דוא זאלסט אויך דיין מוטער פון דיין הויז ארויסטרייבען. מיין גאָט! האב איך דאס ווען ערוואַרטעט, אז מיין זאָהן זאל אזא אונרעכט בענעהן? איך מוז דיר יעצט זאגען, מיין זאָהן, אַז דיין אדעלא האט אין זיך קיין געוויסען און קיין הערץ. איך וועל אונטערעסטליך בלייבען ווען דוא וועסט זיא הייראטהען.

נעלידאוו האט קיינע ווערטער נעהאט צו ענטפערן.

— וואלאדיא! — האט נאך א קורצער פויזע דיא מוטער געזאגט — ווילסט דוא איך זאל דיין געטרייע מוטער בלייבען, אדער דוא ווילסט איך זאָל מיך פון דיר אויף אימער ענטזאגען?

— אך, מיין מוטער! — האט וואלאדיא אויסגערופען אומארמענד דער אלטער — ווייסט דוא דען ניט, אז איך ליעב דיך פיעל מעהר אלס זיך זעלבסט?

— אויב דאס איז ווירקליך אזוי, וויא דוא זאגסט, זאָלסט דוא זיך אויסקלייבען איינע פון אונז ביידען: ענטוועדער דוא וועסט הייראטהען אדעלא'ן און דוא פערליערסט דאדורך דיין מוטער, אדער דוא בלייבסט מיין צערטליכער זאהן און דוא וועסט דער הערצלאזער אדעלא'ן גענצליך פערגעסען.

— אבער, מוטער, וויא איז דאס מעגליך? וואס וועט דיא וועלט זאגען?

— דיא וועלט וועט זאגען, אז דוא האסט געטהאָן זעהר א גלייכע זאך. דען אדעלא האט זעהר א שלעכטען נאָמען. פיעלע מענשען האבען מיך שוין געפרעגט, וויא קומט דאָס וואס דוא ווילסט זיך פערבינדען מיט אזא שלאנג? איך זעלבסט האָב דיר שוין אונצעהליגע מאָל געזאגט, אז איך קען זיא ניט ליידען. דעם בעוויז האָסט דוא, דאס ווען זיא קומט אהער בעהאלט איך מיך, אום זיא זאל מיך ניט זעהן, איך זאל מיך מיט איהר ניט בעגעגנען. נו, וואס זאגסט דוא? נעהסט דוא איין אויף דיא קאנדיציאנען וואס איך האב דיר געשטעלט?

— מוטער, האב ערבארמען, האב מיטלייד! — האט זיך וולאדימיר געבעטען — דוא קענסט דאָך מיך, אז איך וועל ליעבערסט שטערבען, אלס זאָ אונמענשליך בעהאנדלען מיין בראוט.

— זאג מיר נור דיא וואהרהייט, וואלאדיא. דוא ליעבסט ווירקליך אדעלא'ן פון גאנצען הארצען?

— ניין, דאס קען איך ניט זאגען.

— ווארום קענסט דוא ניט זאגען, קענסט דוא דען זיך זעלבסט ניט אדער ווייסט דוא דען ניט וואס ביי דיר אין הערצען קומט פאר?

— איך מוז דיר דיא ריינע וואהרהייט זאגען מוטער, אז איך האב אדעלא'ן גארניט ליעב. אין געגענטהייל, איך פיהל מאנכעס מאל צו איהר א האס, אבער....

— אבער וואס? — האט דיא מוטער נייגיעריג געפרעגט.

— איך האב מיט איהר מיטלייד. שטעל זיך פאר, ווען זיא האט נעוואלט זעלבסט-מארד בענעהן בלויז דערפאר וואס זיא האט נעמיינט, אז איך בין מיט אונזער גובערנאנטין שטארק בעפריינדעט, וויא זשע וועט שוין זיין ווען איך וועל מיך פון איהר אין גאנצען ענטזאגנען?

— לאָך זיך אויס פון אזעלכע זאכען — האט דיא אלטע לאכענד געזאגט — אדעלא איז ניט פון דיא מענשען וואס זיינען פעהיג גלייכגילטיג זעלבסטמאָרד בע־געהן. דאס שרעקט זיא דיך נור ווייל זיא קען דיין גוטמיטינקייט און דיין שוואכען כאראקטער. א בעווייז האָסט דוא דערפון, וואס זיא איז לעבענד צוריק געקומען אהיים און איז ניט געלאפען צום טוידט וויא זיא האט דיר פערזיכערט. פאָלג מיך מיין זוהן, אויב דוא ווילסט לעבען אויף דער וועלט און גליקליך לעבען זאלסט דוא זיך פון איהר גענצליך ענטזאגנען.

— ניין, מוטער, איך בין דאס ניט אין שטאנד צו טהאן — האט נעלידאוו האָסט וויינענד געזאגט.

— נו, ווען דוא קענסט דאס ניט טהאן, ניעב דיא ארבייט מיר איבער.

— וואס הייסט דיר איבערגעבען דיא ארבייט?

— איך זעלבסט וועל איהר זאגען אז זיא קען דיין פרוי ניט זיין, איך וועל זאגאר דיא גאנצע שולד נעהמען אויף זיך. איך וועל איהר זאגען אז איך דערלאז דיך ניט דאצו.

— דאס וויל איך געוויס ניט — האט נעלידאוו געזאגט, — איך וויל ניט אז אדעלא זאל דיך שעלטען און זאל זאגען אז דוא האָסט זיא אונגליקליך געמאכט.

— איך האב פאר איהר שעלטען קיין פורכט, זיי דאך ניט אזוי צאנגהאפט, עס איז א גרויסע שאנדע דאס א יונגער מאן וויא דוא ביזט זאל אזוי שוואכהערציג זיין

— איך קען דאס אבער דאך ניט טהאן.

— ווילסט דוא פערליערען דיין מוטער?

— לאז דאך מוטער! — האט זיך וולאדימיר געבעטען — מיר וועלען נאך איין וועניג ווארטען, פיעללייכט וועל איך אליין געפינען א מיטעל אונזער בונד צו צורייסען. מיר שיינט אז דעם מיטעל האב איך שוין.

— וואס פאר א מיטעל מיינסט דוא.

— ווען זיא וועט זעהן דאס סוסאנא פעטראוו איז אלץ געבליעבען אין אונזער הויז, וועט זיא אויף מיר שטארק צאָרניג ווערען, דאן וועט ווערען צווישען אונז א נייע קריעג און עס קען זעהר זיין אז דורך דער קריעג וועט אונזער בונד צוריסען ווערען.

— נו, איך וועל ווארטען א קורצע צייט — האט דיא מוטער געזאגט — אבער דאס זאלסט דוא געדענקען, דאס אין פאל ווען ביי דיר וועט בלייבען דוא זאלסט אדעלא'ן יא הייראטהען, דארפסט דוא גאר פערגעסען אז דוא האָסט א מוטער. טהו וואס דוא ווילסט, אבי דוא זאָלסט מאכען אז אייער בונד זאל צוריסען ווערען.

— איך וועל אלע קרעפטען אנווענדען דאס צו טהאן — האט נעלידאוו

געענטפערט און עס וואר לייכט אן זיין געזיכט צו דערקענען דאס ער איז זעהר אונרוהיג.

ער האט נאך אמאל דער מוטער א קוש געטהאן אין האנד און האט איהר צימער פערלאָזען.

250טעס קאפיטעל.

## פריידען און ליידען.

דיא וועלט זאגט א ווערטעל, דאס „בעפאָר דער מענש רעדט ארויס אן ערענסט וואָרט איז ער דער בעל־הבית פון וואָרט, קוים אבער רעדט ער איהם שוין ארויס איז ער דער שקלאף פון דעם וואָרט“.

דאס איז אפילו נור א ווערטעל אבער ער איז זעהר וויכטיג און פראקטיש. מיט קיין זאך דארף מען אזוי ניט פארזיכטיג זיין וויא מיט דעם ריידען. מען קען א מאל דורך א וואָרט וואס מען רעדט אונגערן אדער אונבערעכענט אויס, זיך אויף דאס גאנצע לעבען אונגליקליך מאכען. עס העלפט נאכדעם קיין חרטה, קיין פער־ענטפערונג, מען בלייבט דער שקלאף פון דעם אויסגעשפראָכענעם וואָרט.

דאס אונגליק אונבערעכענט אן ערענסט וואָרט אויסצוריידען, האט געהאט אונזער שעהנע רעבעקא בלום. זיא האט גרייץ'ן איהר וואָרט געגעבען דאס זיא וועט איהם הייראטהען און זיא איז דאדורך ארייננעפאלען אין אזא נעץ פון וועלכער זיא האט זיך ניט געקענט ארויספלאָנטערן.

זיא האט באלד חרטה געהאט אויף דעם געגעבענעם וואָרט. אבער איהם צוריקציהען דאס איז ניט געווען פאר איהר אָרדענטליכקייט, באלד וויא גרייץ האט איהר צימער פערלאזען אום צו מעלדען איהר פאטער דיא גוטע נאכריכט דאס ער איז שוין מיט דער טאָכטער אויך פערטיג, האט זיא פערשטאנען דיא דומהייט וואס זיא האט בעגאנגען, אבער עס איז שוין געווען פערפאלען.

מערקווירדיג וואר דאס, מיט א פיערטעל שטונדע פריהער, האט גרייץ אין איהרע אויגען ערשיינט אלס פיינער מאן, וועלכער איז אין שטאנד א פרוי גליקליך צו מאכען. אויך דאן ווען ער האט מיט איהר גערעדט האט ער ביי איהר אויסגע־חיעזען זעהר רייצענד און זיא האט גרויס פערגעניגען געהאט אלס ער האט מיט א בענייסטערטע מינע איהר האנד געקושט און האט געזאגט אז ער איז דער גליק־ליכסטער אין דער וועלט. אבער באלד וויא ער איז פון איהר צימער ארויסגעגאנגען האט זיך זיין פערזאן פאר איהר פאָרגעשטעלט אזוי אבשייליך, אזוי ניכטסווירדיג דאס איהר האט איינפאך אנגעהויבען צו עקלען.

ווען מען קען ניט אריבער מוז מען ביי זיך רעכט מאכען צו געהן ארונטער, זאגען קלוגע לייט. חאָטש רעבעקא האט פון דעם קלוגען ווערטעל ניט געוואוסט, פון דעסטוועגען האט זיא זיך אויך בעמיהט ביי זיך רעכט צו מאכען געהן ארונטער, ס'הייסט הייראטהען מיט גריצען און זיך זעלבסט מיט געוואלד איינבילדען אז זיא געהט צום גרעסטען גליק. אבערמאלס האט זיא געצעהלט זיינע מעלות, אבערמאלס האט זיא דערמאהנט זיינע מיליאנען און האט דאביי זיך פאָרגעשטעלט וויא גליקליך

מיליאנען קענען מאכען אזא יונגע פרוי וויא זיא איז. אבער טראָץ דיא אלע פּאַר־שטעלונגען האט גריץ׳ס פּערזאן אלץ אבשייליך און עקעלהאפט פאר איהר ערשיינט.

זיא האט שטארק זעהר שטארק בערייהעט דאס וואס זיא האט איהם אזא וואָרט נעגעבען, אבער זיא האט זעלבסט געוואוסט אז זיא קען שוין דאס וואָרט צוריק ניט ציהען, און זיא מוז זיך בעשליסען הייראטהען מיט דיעזען עקעלהאפטען סוביעקט.

און נאך בעפאָר זיא האט צייט געהאט זיך צו בעטראכטען וואס מיט איהר טהוט זיך, האט זיך דיא טהיר פון איהר צימער אויפגעעפענט און איהר פאטער מיט דער מוטער אויך גריץ זיינען אריינגעקומען מיט פון פריידע שטראהלענדע גע־זיכטער.

— קינד מיינס !—האט דיא מוטער אויסגערופען אומארמענד דער טאָכטער— איז דאס וואהר וואס דער העדר גריץ האט אונז דערצעהלט דאס דוא האָסט איהם דיין האנד געשענקט ?

— יא, האט רעבעקא ערבלאַסענד און מיט א האלבען מונד געענטפערט.

— עמפּפאנג־זשע מיין קינד דעם זעגען פון דיין געטרייער מוטער — האט דיא גליקליכע מאדאַם ראָטהבלום אויסגערופען קושענד איהר קינד און איהרע אויגען זיינען פול געוואָרען מיט פריידענטרעהרען.

— אויך דיין פאטערס זעגען עמפּפאנגע פון מיר ליעבעס קינד ! — האט ראטה־בלום געזאגט און האט זיין טאָכטער הערצליך געקושט, — איך האָף צו גאָט אז איהר וועטביידע גליקליך זיין און וועט זיך עלטערן אין גרעסטען גליק.

איהר וועט ביידע גליקליך זיין !

וויא שרעקליך דיא ווערטער האבען יעצט געקלונגען אין רעבעקא׳ס אויערן. דאס וואָרט „איהר ביידע״ האט זיא שיער פון געדולד ארויסגעבראכט. וויא קענען מיר ביידע גליקליך זיין ? — האט זיא אין דער מינוט געטראַכט ווערפענד א פּער־עכטליכען בליק אויף דעם גליקליכען גריצען וועלכער איז דא געשטאנען און האט ניט געוואוסט וואס צו טהאן פאר גרויס שמחה. זיא וואלט זיך דוכט זיך ערקוויקט ווען זיא זאל קענען פריי זאגען : טרייבט איהם ארויס פון דאנען ! איך האס איהם, איך קען איהם ניט ליידען, איך וועל ליעבערסט אין גראב געהן אלס מיט איהם צו דער חופּה.

אבער „פערפאלען״ ! האט עס אין איהרע אויגען געקלונגען „דוא האָסט דיין וואָרט געגעבען און דיין וואָרט מוז הייליג בלייבען״.

רעבעקא האט זיך יעצט בעטראכט אלס דיא אונגליקליכסטע אונטער דעם הימעל, וויא נור אום איהר ליידען צו פערשאַפען, האט זיך נאר אויף דאס נייע יאקאב פּיזס פערזאן פאר איהר פאָרגעשטעלט און דער קאנטראסט צווישען דיא ביידע יונגע לייט וואר אזוי גרויס דאס איהר איז אין דיא אויגען פינסטער געוואָרען, זיא איז געפאלען דער מוטער אויף דעם האלז און האט זיך פערנאנדער געוויינט.

אלע כלות וויינען ! ביי אלע כלות זעהט מען טרעהרען אין דיא אויגען.

דאס איז מען געוואוינט געווארען ביי אידען צו זעהן און צו זאגען. דארום

איז ביי ראטהבלומען און ביי זיין פרוי אויך קיין וואונדער נעווען וואס זייער טאכ־טער וויינט יעצט. זיא איז דאך א כלה נעווארען, נו, דארף זיא דאך וויינען, דאס זיינען פריידענטרעהרען.

וויא באלד אז דיא טאָכטער פערניעסט פריידענטרעהרען דארפען דאָך דאס דיא עלטערן נעוויס טהאן, דארום האבען דיא נעטרייע עלטערן אויך קיין טרעהרען נעשפארט און האבעי זיי פערגאסען מיט פרעהליכע הערצער.

— היינט איז דער גליקליכסטער טאג פון מיין לעבען האט ראטהבלום וויינענד אויסנערופען אומארמענד דעם ליעבען חתן. איך האב בעשטענדיג נעבעטען ביי גאָט ער זאל מיך מזכה זיין מיין טאָכטערס חתונה צו דערלעבען, און אז איך האב דאס דערלעבט, קען איך זאגען דאס זעלבע וואס יעקב אבינו האט נעזאגט „רב לי, עתּה אָמות“ איך האב שוין גענוג נחת און איך קען שטערבען.

— רעדט ניט פון טוידט ליעבער מחותן; — האט נריץ נעענטפערט — איהר קענט לעבען, אום איהר זאלט זעהן; וויא גליקליך אייער ליעבע טאָכטער וועט ביי מיר זיין. איך וועל פון היינט אן און ווייטער לעבען נור פאר איהר. מיין גאנצע מיה און שטרעבען וועט זיין נור זיא מונטער און פרעהליך צו מאכען.

— יא, מיין קינד! — האט ראטהבלום מיט פייער נעזאגט — איך ניעב דיר איבער מיין קינד, איך בין פעסט איבערצייגט אז אין קיין בעסערע הענד האב איך זיא ניט נעקענט איבערנעבען. איך וויים וויא דוא ליעבסט זיא, איך ווייס אויך אז דוא ביסט אן עהרליכער מאן; און דוא וועסט וויסען דיא פפליכטע וואס לינען אויף דיר אום דיין ווייב גליקליך צו מאכען. איך זאג דיר אָפען אז איך בין מיט דיר העכסט צופריעדען, מאָרגען אבענדס וועלען מיר פייערן דיינע מזלדינע תנאים. איך וועל פערבעטען אלע מיינע גוטע פריינד אום אלע זאלען זיך אין מיין שמחה פרייען; דיא גאנצע וועלט מוז פון מיין גליק וויסען.

דיא אלע ווערטער האבען רעבעקא'ס הערץ וויא מיט שפיעזען נעשטאָכען, אבער זיא האט נעשוויענען און האט א וואָרט ניט נערעדט.

ווייטער א צייכען אז דיא כלה איז גליקליך, דען אלע גליקליכע כלות שעהמען זיך צו ריידען. זייער שווייגען איז דיא בעסטע דייטליכסטע שפראכע וואס דערצעהלט וויא גרוים דאס גליק איז וואס פילט אן זייערע הערצער.

דאס האבען רעבעקא'ס עלטערן זיך נעקלערט און זייער גליק האט זיך פער־דאפעלט.

זיי האבען ניט נעזעהן וויא ארויסנעהענדיג פון זייער טאכטערס צימער, אלס זיא איז אליין נעבליעבען, איז זיא נעפאלען שלוכצענד אויף דער זאָפע, און זיך שלאָ־נענד מיט דיא הענד אין הערצען, האט זיא וויטהענד נעשריען:

— אונגליקליכע! וואס האסט דוא נעטהאן? וויא אזוי האָסט דוא ביי זיך רעכט נעמאכט שענקען דיין הערץ דעם יענינען וועלכען דוא קענסט ניט ליידען. אָ, יאקאב! יאקאב! וואו ביסט דוא? ווארום האָסט דוא זיך נאָר פאר מיר נעוויעזען אום מיין גליק אין מיין רוהע אויף אימער אין עווינ צו רויבען?

שרעקליך איז נעווען דיא פערצווייפלונג פון דער, וואס איהרע עלטערן האבען

גענלויבט באמונה־שלמה, אז זיא פיהלט זיך פאר דער גליקליכסטער אין דער וועלט. זיי האט גאר ניט געקנט איינפאלען, אז זייער ליעב קינד איז יעצט דיא אונגליקליכסטע אונטער דעם הימעל.

דערפאר אבער האט זיך דער חתן העכסט גליקליך געפיהלט. געהענדיג צוריק אהיים צו גאָלדע דער טענדלערין, האט ער שוין געמאכט א חשבון, וואס ער וועט טהאן מיט דעם געלד וואס ער וועט אלס נדן ערהאלטען פון דעם רייכען מחותן.

זיין קלארעס גליק האט זיך אבער באלד אויך פערדונקעלט, אלס קומענדיג אהיים האט איהם גאָלדע בעגעגנט אין דער טהיר און האט איהם אנגעזאגט דיא גוטע בשורה, אז זיין קוזינע מערי ווארט שוין אויף איהם זייט דריי שטונדען.

ער האָט שוין אין זינען געהאט זיך צוריק אומצוקעהרען, אבער אין דער מינוט האט זיך אויך מערי פאר איהם געוויעזען אין דער געשטאלט פון א דראָהענדען ענגעל און האט מיט א שפּאָטישען טאָן אויסגערופען:

— קום אריין, מיין ליעבער סימאָן, אנטלויף פון מיר ניט, דען אז איך וועל פון דיר אנטלויפען, וועסט דוא פיעל ערגער מאכען.

אך, ווען ער זאָל דוכט זיך קענען, דער פערפלוכטער בעסטיע א חאפּ טהאָן פאר דעם גאָרגעל און זיא צווישען זיינע פינגער דערשטיקען! ער וואָלט זיך גאר דערקוויקט; ליידער אבער האט ער דאס ניט געקענט טהאָן, און וויא אַן אָקס צו דער שחיטה האט ער געמוזט אריינגעהן מיט מערי'ן אין זיין צימער און אויסהערען איהרע זיסע ווערטער.

— זאג מיר נור, דוא לומפּ! — האט מערי גיפטיג געזאגט — דוא האָסט דאס גאר קיין אנדערן ניט געפונען פון וועמען חוזק צו מאכען, אויסער מיך?

— שא, שריי ניט אזוי, רייד אביסעל שטילער — האָט סימאָן ערציטערט געזאגט.

— וואס זאגסט דוא מיר עפּעס איך זאל ניט שרייען? — האט מערי מיט איהר געשליפענעם צינגעל געענטפערט — פאר וועמען האב איך מורא אדער פאר וועמען דארף איך מיך שעמען? דוא ווייסט דאָך, אז איך האב שוין לאנג פון זיך דיא בושה אראָפּגעוואָרפען. איך לאך מיך אויס פון דיר און פון דער גאנצער וועלט.

— אבער, ליעבע מערי, זאג דאך מיר. וואס ווילסט דוא?

— קוקט איהם נור אָן דעם עהרליכען כשר'ן יונגען מאן וויא ער פרעגט מיך וואס וויל איך, ריכטיג וויא ער זאל מיך ניט קענען און זאל טאקע ניט וויסען וואס איך וויל? דוא מוזט מיינען אז איך בין דער באנקיר ראטהבלום אדער זיין נאררישע טאכטער וואס לאזען זיך פון דיר נאררען? ניין, דוא ממזר! איך בין קליגער פון דיר. א סימן האסט דוא, אז איך האב פון דיר אלע דיינע געהיימניסע אויסגעקוועטשט און איך וועל נאך פון דיר דיין נשמה אויך אויסקוועטשען ווען דוא וועסט וועלען מיך אויך נאררען. דוא האָסט דאמאלס ווען איך בין ביי דיר געוועזען מיר געהייסען קומען מארגען נאך געלד. אז איך בין אויף מארגען געקומען, האב

איך דיך ניט געטראָפען. איך האָב אפילו באַלד געוואָלט לויפען צו ראַטהבלומען און דערצעהלען דאָרט וואָס פאַר א סוחר דו ביסט, נור איך האָב מיך איינגע־האַלטען. איך האָב זיך בעקלערט: לאָמיך וואַרטען נאָך א טאָג, פיעללייכט וועסט דו דאָך האַלטען וואָרט. היינט בין איך געקומען האָב איך דיך ווייטער ניט גע־טראָפען. דו האָסט געוויס געמוזט מיינען, אז איך וועל דאָס מאָל אויך אוועקגעהן מיט לעדיגע הענד, אבער דו האָסט ניט געטראָפען דעם אָרט; דו פערשטעהסט, נאַררישער שלימזל! מערי האָט זיך פון דיר איין מאָל געלאָזט נאַררען, און אין א בלאָטע פערשלעפען אבער ניט מעהר. איך האָב דאָ אויף דיר אזוי לאַנג גע־וואָרט, ביז איך האָב מיך דערוואָרט און האָב דיין ליכטיגען פנים דערזעהן. יעצט וויל איך פון דיר קיין זאַך ניט הערען, איך וויל נור זעהן, דו פערשטעהסט? איך וויל זעהן דיא טויזענד רובעל וואָס דו האָסט מיר צוגעזאָגט. איין קאָפּיקע זאָל פון זיי ניט פעהלען, דו הערסט?

— אבער דיא זעלבע זאַך קענסט דו דאָך ריידען אָהן כעס און אָהן גע־שרייען — האָט גריץ מיט א פערצווייפעלטע מינע געזאָגט.

— צו א הונד מוז מען האָבען א שטעקען — האָט מערי געענטפערט — איך קען דיר שוין; איך וויים, אז מיט גוטע ווערטער וועל איך מיט דיר גאָר ניט אויס־פיהרען. נור דיא ווערטער וואָס איך רייד יעצט זיינען גאָר ניט; פינסטער און ביי־טער וועט דיר זיין, ווען איך וועל געהן צום באַנקיר ראַטהבלום אין שטוב און וועל דאָרט ריידען. דו פערשטעהסט, צו ניט?

— זאָג מיר נור, מערי, מיך ווילסט דו גאָר ניט לאָזען ריידען?

— איך האָב דאָך דיר שוין געזאָגט, אז איך וויל קיין זאַך ניט הערען, נור זעהן. וואו זיינען מיינע טויזענד רובעל?

— דאָס וויל איך דאָך דיר געבען דיא טויזענד רובעל.

— נו, אויב אזוי איז עטוואָס אַנדעריש; ניכט דו מיר טויזענד רובעל בליי־בען מיר דיא בעסטע גוטע פריינד. דו וועסט זיך דאַמאַלס מענען חתונה האָבען חאָטש מיט דער בת־מלכה.

— וועסט דו שוין זיין שטיל?

— איך וועל זיין שטום וויא א טויטער.

— אבער איידער איך וועל דיר דאָס געלד געבען, וועסט דו דאָך מיר ער־לויבען א פאָר ווערטער צו זאָגען?

— יאָ, דאָס מעגסט דו ריידען. אבער איך וואָלט זעהר צופריעדען געוועזען, ווען דו זאָלסט מיר פריהער דאָס געלד געבען.

— איך וועל דיר געבען — האָט גריץ צאָרניג געזאָגט — דאָס געלד וועט פון דיר ניט אַנטלויפען. נו, לאָז דו מיר א פאָר ווערטער ריידען?

— וואָס ווילסט דו זאָגען?

— איך וויל דיר זאָגען, אז קיין מזומן געלד קען איך דיר יעצט ניט געבען, זאָנדערן א וועקסעל.

— וואָס? — האָט מערי מיט א ווילדען כעס אויסגעפלאַצט — דו האָסט

אנגעהויבען ווייטער מיר דעם קאָפּ צו פערדרעהען מיט דיינע לינענס און מיט פוסטע ווערטער?

— זאל מיך גאט שטראפען, אויב איך וויל דיר דא זאגען ליגען. מענסט אמאל מיר אויך גלויבען.

— נו, זאג=זשע שוין ווענען וואס פאר א וועקסעל רעדסט דוא יעצט?

— דוא פערשטעהסט דאך אליין, ליעבע מערי, אז קיין מזומן געלד קען איך דיר ניט געבען. איך האב מיך געפּרובירט בעטען ביי איינינע בעקאַנטע, אבער זיי ווילען ניט געבען. ניט דערפאר וואס זיי גלויבען ניט אז איך האב א גרויסע ירושה, זאָנדערן ווייל זיי פירכטען דאס ווען איך וועל אוועקפאהרען אבנעהמען מיינע מיל=יאָנען וועל איך אָן זייער חוב פערגעסען.

— האָסט דוא ביי דיין ווירטהין אויך געבעטען?

— פרעג ביי איהר וועט זיא דיר דערצעהלען אז איך האב ביי איהר צוויי מאל געבעטען זיא זאָל מיר דיא טובה טהאן און לייהען טויזענד רובעל, אבער זיא האט מיר יעדעס מאל געענטפערט אז זיא האָט אפילו ניט ביי זיך קיין טויזענד גראָשען. דארום איז ביי מיר געבליעבען, איך זאל דיר געבען א וועקסעל אויף טוי=זענד רובעל.

— איך וויל פון קיין וועקסלען גאר ניט הערען — האט מערי געזאגט.

— שא, וואַרט נאך איין מינוט וועל איך דיר ערקלערען, אז דער וועקסעל איז גלייך וויא געלד. איך וועל איהם שרייבען אויף א דאטום פון אכט טאג, און ווען איך וועל דארפען הייראטהען מיט ראטהבלום'ס טאכטער וועסט דוא קומען אין דעם טאג פון דער חתונה צו מיר, וועל איך דיר בעצאהלען טויזענד רובעל.

— און אז דוא וועסט מיר ניט ועלען בעצאהלען וואס וועל איך דיר טהאן?

— נארוניו, דאן קענסט דוא דאך אין דעם טאג פון דער חתונה אריינגעהן צו מיין מחותן אדער צו מיין כלה און זיי דערצעהלען אלעס וואס דוא ווייסט ווע=גען מיר. דוא פערשטעהסט שוין אז דוא דארפסט קיין פורכט האבען, פיעללייכט וועל איך דיר דיין געלד ניט אבגעבען.

— דאס איי גראָדע ניט קיין שלעכטער פּלאַן — האט מערי נאכדענקענד געזאגט — גוט, איך בין צופריעדען. גיב מיר א וועקסעל אויף צוויי טויזענד רובעל.

— וואס? דוא רעדסט שוין פון צוויי טויזענד רובעל?

— וויא באלד א וועקסעל און איך מוז ווארטען, וויל איך צוויי טויזענד רו=בעל — האט זיא ענטשלאסען נעענטפערט.

— אבער, מערי, נעדענק אָן גאָט! וויא האסט דוא דאס א הארץ פון מיר צוויי טויזענד רובעל אומזיסט צו נעהמען?

— חא, חא, חא! — האט זיך מערי פארנאנדער געלאכט — דאס איז א שעהנע פראגע — איך וועל דיך אויך דאס זעלבע פרעגען: וויא האסט דוא א הארץ אויסנארען ביי ראטהבלומען זיין טאכטער מיט א סך טויזענדער? דוא מענסט אלץ און דער אנדערער טאָר גאר ניט?

— מערי!.... האט נריץ אנגעהויבען צו זאגען.

— שטיל! — האט זיא א נעשריי געטהאן — איך וויל פון קיין זאך ניט וויסע. וויא באלד אז דוא גיסט מיר א וועקסעל, וויל איך ער זאל זיין אויף צוויי טויזענד רובעל. ווען דוא וועסט מיך אריינבריינגען אין כעס וועל איך בעטען דריי טויזענד און אז דוא וועסט מוזען נעבען דאס פערשטעהסט דוא אליין, נו? איך וועל נאך דארפען מיט דיר פיעל ריידען?

— שא, שריי ניט אזוי! דוא קענסט דאך מיט דיינע גוואלדען א מענשען טויב מאכען.

— וועסט דוא מיר נעבען דאס וועקסעל וואס איך פערלאנג פון דיר? ווען ניט שריי איך נאך העכער.

— איך וועל דיר נעבען, אבי שריי ניט אזוי.

ער האט גענומען טינט און פעדער און האט זיך געזעצט שרייבען דאס וועקסעלע.

— שטעה! — האט מערי געזאגט — מען דארף קיין וועקסעל ניט.

— וואס דען?

— איך וויל פון דיר אן אנדער משכון.

— א משכון? וואס פאר א משכון ווילסט דוא דען?

— איך וויל דוא זאלסט מיר געבען דעם בריעף וואס דיין גוטער פריינד האט דיר געשריעבען פון אמעריקא וועגען דעם פאקוס וואס איהר האט ביידע גע־מאכט.

— וואס טויג דיר דער בריעף?

— דוא פערשטעהסט דען ניט וואס דער בריעף טויג מיר? אויב דוא וועסט מיר א פאר טעג פאר דער חתונה קיין געלד ניט געבען, וועל איך איהם וויזען דיין כלה.

— דוא וועסט שוין באלד ביי מיר בעטען, איך זאל דיר געבען דאס טעלערל פון הימעל — האט גריץ וויטהענד געזאגט.

— איך דארף ניט קיין הימלישע טעלערלאך. איך דארף נור דעם בריעף, מעהר וויל איך מיט דיר ניט טענה'ן; מיר איז שוין טרוקען געווארען אין האלדז ידענדיג; דוא גיסט מיר דעם בריעף, צו ניט? איך זאל אזוי לעבען און געזונד זיין, וויא איך נעה גלייך פון דיר אוועק צו דיין כלה און דערצעהל איהר אלעס.

— קיין גוטער איך זאל דיר ניט קענען. נא, דא האסט דוא דעם בריעף — האט גריץ מיט א ווילדען כעס געזאגט, און האט איהר א ווארף געטהאן יענעם בריעף וואס זיא האט פערלאנגט.

— מעהר דארף איך ניט — האט מערי קאלטבלוטיג געזאגט צונעהמענדיג דעם בריעף — יעצט וויים איך, אז מיינע טויזענד רובעל זיינען ביי מיר וויא אין דער קעשענע. א גוטען טאג, רבי שמעון.

זיא האט זיך קאמיש פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען.

עפענענדיג דיא טהיר האט זיא בעמערקט, וויא גאלדע דיא טענדלעריך איז פון דער טהיר אבגעשפרונגען און איז אריינגעלאפען צו זיך אין צימער.

## 251טעס קאפיטעל.

# דער טוך פאַבריקאַנט.

ריכטיג צו דער בעשטימטער שטונדע האט בת־שבע בעזוכט דער פרעמדער מאַן, וועלכער האט מיט איהר אבגעמאכט געבען דעם גענעראל גובערנאטארס הויז ער זאל צו איהר קומען מיט איהר ווענען זיין געשעפט איבעררעדען.

זיא האט איהם זעהר פריינדליך עמפפאנגען און האט איהם אריינגעבעטען איז איהר קליינעם סאלאָן.

וויא מיר האבען שוין געזאגט וואר ער א מאַן פון אונגעפעהר פיערציג יאהר. ער האט אויסגעזעהן זעהר רייך און אנשטענדיג. זיין גאנצע האלטונג וואר וויא פון א געבאָרענעם אריסטאָקראַט.

אלס ער האט זיך אויף בת־שבע'ס איינלאדונג געזעצט, האט ער געזאגט:

— איך ערלויב מיך צו פרעגען וויא זאל איך אייך רופען פריילין אדער מאדאם?

— איך האב דיא עהרע אלס מאדאם זיך פארצושטעלען — האט בת־שבע געענטפערט — מיין נאמען איז באבעטהא ברענער.

— און איך האב דיא עהרע זיך פאר אייך פאָרצושטעלען מיט דעם נאמען איליאַ (אליהו) קראָנענשטיין אויס אדעסא. איז אייך פיעללייכט מיין נאמען בע־קאַנט?

— ניין איך בין אין אדעסא קיין מאל געוועזן.

— מיין נאמען איז אויך היער בעקאנט, דען זייט דריי יאהר האב איך דאָ ערעפענט א טוך־פאבריק און פערברענג היער פאסט זעקס מאָנאטען אין יאהר.

— איך מוז דיא וואהרהייט זאגען דאס אייער נאמען איז מיר אונבעקאנט, אבער מיך פרעהט איהנען צו קענען. זאגט וואמיט קען איך אייך דיענען?

— מיט א קליינינקייט וועלכעס וועט ביי מיר פון גרויסער וויכטינקייט זיין. וויא איך האב אייך דערצעהלט, האב איך היער זייט דריי יאהר ערעפענט א טוך־פאבריק דאס געשעפט געהט זעהר גוט. איך פערדיען פון איהם זעהר פיעל געלד. נור איך מוז אייך זאגען אז פון דעם געלד וואס דאס געשעפט ברענגט מיר יעהרליך אריין האב איך ניט זא פיעל פערגניגען וויא פון דעם וואס פון איהם לעבען ביז צוואנציג אידישע פאמיליען, דער גרעסטער טהייל פון זיי זיינען מיינע פערוואנדטע. דיא איבעריגע זיינען גלאט בעקאנטע עהרליכע לייט. געוויס איז אייך בעקאנט מאדאם דאס יעדער אידישער קויפמאן אין מאָסקווא האט געהאט דאס רעכט צו האלטען אין זיין געשעפט אידישע פריקאשציקעס. זעלבסטפערשטענדליך אז מיר איז אויך ערלויבט געווען אין מיין געשעפט לויטער אידען צו האלטען, מיינע מענשען האבען זיך גליקליך געפיהלט דאמיט וואס זיי קענען בכבוד זייער ברויט פערדיענען און איך האב פערגניגען געהאט דערפון וואס איך בין אין שטאנד אזוי פיעל פאמיליען ברויט צו געבען. אבער אין דער לעצטער צייט וויא איהר ווייסט אז דיא אידישע לאגע אין מאסקווא זעהר ביטער געוואָרען, מען מעג זיין דער פיינסטער מאַן, קוים טראגט

מען נור אויף זיך דעם נאמען איד איז מען שוין אונגליקליך, דיא פאלציי זוכט שוין אויס מיטלען וויא דיא אידען צו פעריאגען פון דאנען, זאגאר דיא וואס האבען פולעס רעכט היער צו וואוינען האבען דא אויך קיין רוהע. מען טרייבט זיי איינפאך וויא דיא הינד פון דאנען. דער שיקזאל האט אויך געטראפען מיינע מענשען וואס אר־בייטען מיט דעם ביטערן שוויים אום אין שטאנדע צו זיין זייערע פאמיליען צו ער־נעהרען, און אין א שעהנעם טאג האט מען אלע מיינע פריקאשציקעס ארעטירט און מען וויל זיי אלעמען ארויסשיקען פון מאסקווא. אומזאנסט האב איך אלע קרעפטען אנגעווענדעט זיי צו בעפרייען. איך האב וועגען דעם געבעטען אלע היזינע גרויסע בעאמטע, אבער פון זיי אלע האב איך בעקומען איין אנטווארט אז דיא זשידעס מוזען פארטגעהן פון היער און אויב זיי וועלען מיט גוטען ניט געהן וועט מען זיי מיט געוואלד ארויסשיקען אין יענע שטעדט וואו זיי איז ערלויבט צו וואוינען. דארום איז ביי מיר געבליעבען איך זאל מיך ווענדען צום גראספירסט אליין. פיעל־לייכט וועט ער יא מיטלייד האבען מיט צוואנציג אונגליקליכע פאמיליען און וועט זיי ווייטער לאזען לעבען. איך האב שוין אנגעשריעבען א ביטשריפט צו דעם גראס־פירסט און בין וויא איהר ווייסט, צו איהם געגאנגען, אלס איך בין דארט געשטאנען האב איך בעמערקט וויא פריינדליך ער האט מיט אייך גערעדט, דאס איז מיר געוועזען א בעוויז אז איהר זייט ביי איהם אין גרויסער אכטונג און ביי מיר איז דארום געבליעבען דער פראיעקט, איך זאל מיך ווענדען ליעבערסט צו אייך איהר זאלט איהם וועגען דעם בעטען, דען אייך וועט איהם שווערער זיין אזא ביטע צו ענט־זאגען אלס מיר. ווען ער ענטזאגט מיר האב איך שוין קיין האפנונג מעהר אויף רעטונג פאר מיינע מענשען, דארום וויל איך מיך גאר ניט איינשטעלען. איך בין פערטיג, וויא איך האב אייך שוין געזאגט זיך לאזען קאסטען צעהן טויזענד רובעל, אבי מיינע לייטע זאלען פערבלייבען אויף זייערע ערטער. וויא דענקט איהר מאדאם וועט איהר קענען אויספיהרען דיעזע גרויסע זאך?

— אויף געוויס קען איך אייך ניט פערשפרעכען, אבער איך וועל מיך פראָ־בירען וועגען דעם מיט איהם ריידען, פיעללייכט וועט דאס מיר געלינגען, עס ווענדט זיך נור אן דער לוינע אין וועלכע איך וועל איהם טרעפען. אויב ער וועט זיין אין א גוטער לוינע, וועט ער דאס מיר געוויס טהאן.

— איהר זייט שוין לאנג בעקאנט מיט דעם גראספירסט?

— ניין, ניט לאנג. איך מוז אייך זאגען דיא וואהרהייט הערר קראָנענשטיין, דאס איך בעוואונדער דאס וואס איהר האט פון דיא געצעהלטע ווערטער וועלכע איך האב מיט איהם גערעדט, פערשטאנען אז ער איז מיינער א גוטער פריינד.

— דאס איז לייכט געוועזען צו דערקענען אן דעם פריינדליכען שמייכעל וואס עס האט זיך אויף זיין געזיכט געוויזען אלס ער האט אייך דערזעהן. ווען דענקט איהר מאדאם מיט איהם צו שפרעכען?

— מארגען אום דריי אוהר.

— קען איך קומען מארגען פאר נאכט הערען אן אנטוואָרט?

— יא.

— מיט אונגעדולד וועל איך דיזען אנטוואָרט ערוואַרטען און דעם וואָרט וואס איך האב אייך געגעבען ווענען דיא צעהן טויזענד רובעל וועל איך הייליג האלטען.

— איך גלויב אייך הערר קראנענשטיין, מען דערקענט מיט דעם ערשטען בליק אויף אייך אז איהר זייט אן עהרליכער מאן.

— דאס איז זעהר שמייכעלהאפט — האט קראנענשטיין מיט א פערגניגט שמייכעל געזאגט — איך דאנק אייך מאדאם פאר אייער קאָמפּלימענט. איך קען אייך פערזיכערן אז איהר האט אין מיר קיין אירטהום געהאט; אבער ערלויבט מאדאם אייך צו פרעגען, איז אייער הערר געמאהל היער?

— ניין, — מיין מאן איז גאנץ ווייט פון היער — האט בת־שבע רוהיג גע־ענטפערט.

— וואו געפינט ער זיך?

— אין יענער בעסערער וועלט.

— וואס? איהר זייט א וויטווע?

— יא, מיין הערר.

— זאָ יונג און שוין א וויטווע?

— איך האב מיט מיין מאן בלויס איינינע מאנאטען צוזאמען געלעבט.

— שוין לאנג אז ער איז טוידט?

— אכט טאָג.

— אכט טאג? — האט קראנענשטיין העכסט פערוואונדערט אויסגערופען.

— יא, הערר קראנענשטיין, בלויז אכט טאג — האט בת־שבע מיט דער זעלבער קאלטקייט און רוהינקייט געענטפערט.

דער גאַסט האט זיא ערשטוינט אנגעקוקט, וויא ער זאל פרעגען: ערשט אכט טאג און דא איז קיין צייכען פאַרהאַנדען פון טרויער?

בת־שבע האט פערשטאנען ווארום ער וואונדערט זיך אזוי, און האט שמייכ־לענד געזאגט:

— מיין מאן איז ניט מיט זיין נאטירליכען טויט געשטארבען, מען האט איהם געהאנגען.

— וואס? מען האט איהם געהאנגען?

— יא, מיין הערר.

— ווער האט דאס איהם געהאנגען?

— ווענען דעם בין איך דאס הייטע געוועזן ביי דעם גראספירסט, ער זאל בע־שטראפען זיינע מערדער.

— ווייסט איהר דען ווער זיי זיינען?

— יא, איך ווייס.

— דער גאַסט האָט זיך נאך מעהר פערוואונדערט. ער האט גאר ניט געקענט פערשטעהן וואס דא טהוט זיך. האט זיא דעם מאן אזוי געהאַסט, דאס

זיא נעפינט פאר איבעריג נאך זיין טויט טרויער אנצוליינען, ווארום אינטערעסירט זיא זיך אזוי מען זאל זיינע מערדער בעשטראפען? און ווען זיא האט איהם ליעב געהאט, ווארום זעהט מען דא קיין צייכען פון טרויער?

ער האט זיך ניט געקענט איינהאלטען און האט געזאגט:

— איך נעהם מיר דיא פרייהייט, מאדאם, אייך א פראגע צו שטעלען; אבער איך מוז אייך ראבייז בעטען מיר צו פערצייהען, ווען מיין פראגע וועט אין אייערע אויערן קלינגען אלס פרעכהיים. איך האב שוין אזא פערפלוכטע נאטור, איך מוז ריידען אָפען דאָרט, וואו פאר מיר ערשיינט א זאך רעטהזעלהאפט.

— ביטע, פרעגען זיא; איך האב אויך אזא נאטור. איך ליעב אימער נור אָפען צו ריידען.

— האט איהר אייער מאן געליעבט? — האט דער גאסט צענערנד געפרעגט.

— ניין — האט בת־שבע גאנץ פריי געענטפערט.

— איהר האט איהם ניט געהייראטהעט אויס ליעבע?

— ניין.

— וואס דען איז געווען דיא אורזאכע וואס האט געבראכט דערצו איהר זאלט זיך מיט איהם פערבינדען.

— איך האב איהם געהייראטהעט נור אויס א קאפריז.

— וואס? אויס א קאפריז?

— יא, מיין העדר.

— וויא איז דאָס מעגליך, אז ביי אזא גרויסע זאך זאָל א קאפריז שפיעלען דיא הויפט־ראָלע?

— דאס איז ווירקליך א וואונדער — האט בת־שבע שמייכלענד געענטפערט — איך מוז אייך אבער אויפמערקזאם מאכען, דאס איך בין אן אנדער סאָרט מענש. איך האב קיין מאל געקענט הייראטהען א מאן אויס ליעבע, דארום האב איך גע־הייראטהעט אויס א קאפריז.

— איך פערשטעה דאס גאר ניט, וויא איז עס מעגליך, איהר זאָלט ניט קענען הייראטהען אויס ליעבע? האט איהר דען קיין הערץ און קיינע געפיהלע?

— אזוי וויזט דאס אויס — האט זיא קאלט געענטפערט.

— ווען איך זאָל אייך, מאדאם, ניט דערקענען אלס ערנסטע פרוי, וואָלט איך גאר ניט געצווייפעלט אין דעם, אז איהר מאכט שפאס.

— בעהיטע גאט, עס ליענט גאָר ניט אין מיין נאטור צו שפאסען.

— אלזא, פערשטעה איך אייך גענצליך ניט, מאדאם.

— ווילט איהר דאס פערשטעהן?

— איך בין אויף דער העכסטער שטופע נייגיעריג.

— נו, וועל איך אייך אין קורצען ערקלערען, דאס איך האב אין דיא ביסעל יאהרען וואס איך האב אבגעלעבט אזוי פיעל פערדאָרבענהייט געזעהן אין מענשען, דאס איך האב אלע מענשען פערהאסט און דארום קען איך קיין מענשען ליעבען.

— גלויבט איהר גאר ניט, אז עס געפינען זיך ארענטליכע לייטע אין דער גאנצער וועלט?

— איך גלויב עס ניט.

— האט איהר מיט איינינע מינוטען פריהער זעלבסט ניט געזאגט, אז איהר האט מיך דערקענט אלס עהרליכען מאן?

— יא, אין געשעפט'ס-זאכען אבער ניט אין ליעבעס-פערהעלטניסע.

— אזוי? — האט דער גאסט לאכענד אויסגערופען — איהר מיינט, אז אין ליעבעס-פערהעלטניסע איז גאר ניט פארהאנדען איין עהרליכער מאן, וואס זאל ווירקליך געטריי זיין א פרוי?

— יא, אזוי מיין איך. איך קען זאָגאר זאָגען, אז איך בין אין דעם פעסט איבערצייגט.

— איהר האט צופיעל איבערטריבען, מאדאם. אלס עלטערער מענש קען איך אייך זאגען, אז עס געפינען זיך לייטע וואס זיינען זייערע געליעבטע אדער זייערע פרויען איבערגעגעבען מיט לייב און זעעלע.

— זעלבסטפערשטענדליך, אז איהר מוזט פערטהיידינען אייערע מענער, אבער ביי אייך אין הערצען ווייסט איהר אז איך האב רעכט.

— איך שווער אייך ביי מיין לעבען, אז דאס וואס איך האב אייך געזאגט האב איך ערנסט געמיינט. איך וועל אייך מיין איינענע פערזאן אלס ביישפיעל שטעלען. עס קען זעהר זיין, אז איהר וועט מיר ניט גלויבען, אבער איך קען אייך נאך אמאל שווערען ביי אלעם וואס ביי מיר איז הייליג און טהייער, אז איך וועל אייך דיא ריינע וואהרהייט דערצעהלען. ווילט איהר מיך אויסהערען?

— ווארום ניט? דערצעהלט.

— איך האב געליעבט א מעדכען. אזא מעדכען, וואס מיר ווער אונמעגליך צו הייראטהען, דען מיינע עלטערן האבען שטארק פראָטעסטירט געגען דעם, און האבען זיך געוואָלט פון מיר ענטזאגען אינ'ם פאל ווען איך וועל זיא הייראטהען. איך האב אבער אויף דיא אלע זאכען ניט געקוקט. איך האב מיינע עלטערען פער־לאזט און האב דיא גרעסטע שמערצען אין דער וועלט איבערגעליטען, אבער מיין געליעבטער בין איך טריי געבליעבען.

— האט איהר זיא געהייראטהעט?

— זעלבסטפערשטענדליך, אז איך האב זיא געהייראטהעט.

— און איהר לעבט מיט איהר אין פריעדען ביז הייטע?

— זיא איז ליידער מיט צוויי יאהר צוריק געשטארבען, און ביז זיא איז גע־שטאָרבען בין איך איהר געטריי געוועזען מיט לייב און לעבען.

— זאָל איך דאס גלויבען?

— איהר זאָלט דאס גלויבען, איך זאג קיין מאל קיין ליגען. מיר האט זיך אין דיא צוויי יאהר געמאכט גלענצענדע פארטייען, אבער איך האב פון זיי ניט גע־וואָלט הערען, דען איך האב מיין פרוי ניט געקענט פערגעסען.

— אויב אזוי, מוז איך אייך זאגען, אז איהר זייט אן אויסנאהמע פון אלע מענער.

— ניין, מאדאם, אזעלכע אויסנאהמעס געפינט איהר אויף שריט און טריט. איהר זייט, וויא איך זעה, נאך ווענינ בעקאנט מיט דער וועלט. עס קען זיין, אז א פאלשער מענש האט אייך שלעכט בעהאנדעלט, דארום זייט איהר צארנינ אויף אלע מענער. איך פערזיכער אייך אבער, דאס דער גרעסטער טהייל מענער זיינען בראוו און ארענטליך. נור וואצו דארפט איהר מיינע בעווייזע? איהר זעהט פאר זיך א גאנצע וועלט פערהייראטהעטע פרויען; ווען אלע זאלען בעטראגנען און שלעכט בעהאנדעלט ווערען פון זייערע מענער, וואלט דיא וועלט שוין לאנג אויפגעהערט צו עקסעסטירען. מיר זעהן דאך אבער, אז פאסט אלע מענער לעבען אין שלום און אין אחדות מיט זייערע פרויען, און ווען עס טרעפט זיך א פאר'ל וואס לעבט אין קריעג קען מען דער גאנצער מענשהייט צוליעב זיי אלס בעטרינער ניט אנרופען.

— עס קען זיין, אז איהר האט רעכט — האט בת־שבע נאכדענקענד געזאגט.

— ניט עס קען זיין, דאס איז געוויס און בעשטימט אזוי וויא איך זאג. איהר וועט זיך שפעטער אליין איבערצייגען אין דער ריכטינקייט פון מיינע ווערטער. נור מיר האבען זיך דא צולאנג פערערדט. איך מוז שוין געהן. אדיע מאדאם, צום ווידערזעהן. מארגען פארנאכט בין איך ווידער דא אייער אנטווארט צו הערען.

זעהר שעהן, איך וועל אייך דא ערווארטען; איך בין אייך זעהר דאנקבאר פאר דער געזעלשאפט וואס איהר האט מיר געלייסטעט און פאר דער לעהרע וואס איהר האט מיר געגעבען. עס קען זיין, אז דאס וועט אין מיר אן אנדער מיינונג איינפליסען צו אייערע מענער און דאס וועט מיך נאך פיעללייכט צום גליק פיהרען;

ער האט איהר האנד געדריקט און איז אוועקגעגאנגען.

— אך, וויא שעהן זיא איז! — האט ער צו זיך זעלבסט געזאגט אלס ער איז שוין אין דער גאס געווען — איך האב נאך אין מיין לעבען אזא שעהנהייט ניט גע־זעהן. ארמע פרוי! עס איז לייכט צו פערשטעהן, דאס זיא האט זעהר פיעל געליטען.

## 252טעס קאפיטעל.

# איבערראשונג און שרעק.

וויא א פייל פון'ם בויגען איז מאריס וואהרהאפטיג געפלויגען, נאכדעם אז אניק קאבאנאוו האט זיין הויז פערלאזט, צו שלמה פיין אויף דער קווארטיר, איהם דיא וויכטינע נאכריכט צו בריינגען, אז ער ווייס שוין ווער זיין זאהן איז און וואו ער געפינט זיך.

ער האט איהם גראדע צו הויזע געטראפען.

שלמה האט מיט דעם ערשטען בליק אויף וואהרהאפטיג'ן דערקענט, אז ער האט איהם וויכטיגע נייעס געבראכט און ער האט אויסגערופען:

— איהר ווייסט שוין אלעס?

— יא, הערר פיין, איך ווייס שוין אלעס — האט מאַריס געענטפערט זיך וואָרפּטהאָנדיג ערמיעדעט אויף א שטוהל.

מויל און אויערן האט שלמה יעצט אנגעשטעלט אויף וואהרהאפטיגנען. ער ווייס שוין אלעס: ער ווייס, וואס מיט זיין ערשטען זאהן איז געוואָרען; ער ווייס אויך וואו ער איז. דאס הערץ האט אין איהם אזוי אנגעהויבען צו קלאפּען, דאס ער האט א ווארט ניט געקענט אויסריידען.

— איך ווייס שוין ווער אייער זאָהן איז — האט מאַריס געזאגט אלס ער האט זיך אביסעל אבגערוהט — איך ווייס, אז איהר וועט איבערראשט ווערען אלס איהר וועט זיין נאמען דערהערען.

— איך בין אויף אלעס געפאסט — האט שלמה געזאגט.

— איז אייך בעקאנט א דאָרף מיט דעם נאמען דאנילאָווקא?

— יא, דיעזער נאמען איז מיר זעהר גוט בעקאנט, דען דיא פרוי וועלכע האט דאן מיט מיר אין איין הויז געוואוינט, יאניקס שוויגער איז געוועזען פונ'ם דאָרף דאניי אָווקא.

— אויב אזוי איז מיר א וואונדער, ווארום האט איהר אייער קינד ניט געזוכט אין יענעם דאָרף?

— איך האב דאס אויך געטהאן — האט שלמה געענטפערט — איך מיט מיין פריי [illegible]ען דאמאלס געפאהרען נאך דאנילאָווקא. מיר האבען זיך געווענדעט צו דעם אלטען גראף מיט דער ביטע ער זאל אונז בעהילפיג זיין פון קאטהארינא'ס מונד דיא וואהרהייט צו ערפאהרען, צו האט זיא אונזער קינד צוגענומען צו נים; אבער דער גראף האט אונז פון זיין הויז ארויסגעיאגט און האט אונז אנגעזאגט, מיר [illegible]לען נים וואגען מעהר אין זיין דאָרף צו זיך ווייזען.

— נו, קען איך אייך אבגעבען א ריכטיגען גרוס, אז אייער זאָהן איז טאקע געבליב[illegible]ען אין דאנילאָווקא.

— ווירקליך?

— יא, הערר פיין. דאס איז אזוי ריכטיג, וויא מיר האבען יעצט נאכט.

— און ער איז נאך הייטע אויף דאָרט? — האט שלמה זעהר נייגיעריג געפרעגט

— [illegible]א, ער איז נאך הייטע אויך אין דאנילאאווקא.

— [illegible]אס? איז ער געווים א פּראָסטער מוזשיק?

— ניין, הערר פיין, ער איז גראדע זעהר א גרויסער מענש.

— א[illegible] א דאָרף א גרויסער מענש? וויא איז דאס מעגליך?

— אז אי[illegible] זאג אייך ער איז א גרויסער מענש, זאלט איהר מיר גלויבען.

— נו, זאג[illegible]שע שוין וואס ער איז און ווער איז ער?

— איהר וועט געווים שטוינען ווען איהר וועט זיין נאמען הערען, און עס קען זעהר זיין, אז איך וועט דאס אלס אונגלויבליך פאָרקומען.

— אבער אום גאָטעס ווילען, הערר וואהרהאפטיג, איהר פערשטעהט דען!

ניט וויא נייגיעריג איך בין צו וויסען ווער מיין זאָהן איז, און איהר נעהמט פון מיר דיא כחות אוועק מיט אייער צענגערן.

— איך וועל אייך זאגען דיא וואהרהייט, הערר פיין, אז איך ווייס ניט צו וועט אייך פרייען ווען איהר וועט ערפאהרען ווער אייער זאהן איז, דארום קען איך ביי זיך ניט רעכט מאכען און גלייך זיין נאמען צו זאגען.

— ער מעג זיין ווער ער איז, איך מוז אבער וויסען זיין נאמען.

— זיין נאמען איז גראף דאנילאוו.

— וואס ? — האט שלמה אויסגערופען אויפשפרינגענד פון זיין אָרט — דער גראף דאנילאָוו ?

— יא. דער גראף דאנילאָוו איז אייער זאָהן, הערר פיין.

— וועלכער דאנילאוו ? — האט שלמה געשטאמעלט און זיין געזיכט איז לייכענבלאס געוואָרען.

— איך זאג דאך אייך, אז דער גראף דאנילאָוו, דער יעצטינער איינענטהימער פון דעם דאָרף דאנילאווקא דער איז אייער זאָהן. אבער אום גאטעס ווילען, הערר פיין, ווארום זייט איהר אזוי בלאס און ערשראָקען ?

שלמה האט אויסגעזעהן מעהר טויט אלס לעבעדיג. ער האט זיך צוריקגעזעצט אויף זיין אָרט און ארויפלייענענד דיא האנד אויף זיין ברוסט, האט ער געזאגט :

— גרויסער גאָט אין הימעל ! האסט דוא מיר דאס אלעס געלאזט ערפאהרען אום מיין הערץ אין גאנצען צו צערשמעטערען ?

— איך פערשטעה ניט, וואס איהר רעדט ? הערר פיין — האט וואהרהאפטיג געזאגט — האט איהר דען פריהער ניט געוואוסט אז אייער זאהן איז א קריסט ? מיר שיינט, אז איך האב אייך נאך פריהער געזאגט אז אייער זאהן איז א גראף, און קיין אידישע גראפען האבען מיר נאך ניט אין רוסלאנד.

— ניט דאס האט מיין הערץ פערוואונדעט — האט שלמה מיט א פערצווייפעלטע מינע געענטפערט — איך וואלט מיך מיט מיין זאָהן געפרייט ווען ער זאָל וואנאר זיין א רוסישער פריסטער אבער און עהרליכער מאן. מיין אונגליק בעשטעהט אבער אין דעם וואס ער איז שוין ניטא.

— וואס הייסט, ער איז ניטא ? — האט מאריס פערוואונדערט געפרעגט.

— ער איז ניטא — האט שלמה געענטפערט ווישענד דיא אויגען, — ער איז געשטאָרבען.

— געשטארבען ? ווער איז געשטארבען ?

— דער גראף דאנילאָוו.

— פון וואנען ווייסט איהר דאס ?

— איך האב דאס ערשט געסטערן צופעליגערווייזע ערפאהרען פון גרינזאנג׳ן. איך האב געהערט וויא ער האט איינעם דערצעהלט, אז דער גראף איז געשטארבען אין געפענגניס פון פערגיפטונג.

— פון פערגיפטונג ?

— יא, מען האט איהם פערגיפטעט. אָ, ליעבער פריינד, מיט אייער נאָכריכט

האט איהר מיין הערץ אין גאנצען צובראכען. איך קען שוין יעצט ניט האפען מיין ערשט־געבארענעם זאהן צו זעהן און איהם צו מיין ברוסט צודריקען!

וואהרהאפטיג איז נאך דיא ווערטער נעבליעבען וויא איינער וואס מיינט אז ער האט א גרויסע זאך אויפגעטהאן און ער האט זיך ענדליך איבערצייגט, אז ער האט א גרויסען פעהלער בעגאנגען. ער האט זיך זעלבסט פערשאלטען, דערפאר וואס ער האט זיך אזוי פיעל מיהע געגעבען צו ערפאהרען ווער שלמה'ס זוהן איז, און האט דורך דער ערפאהרונג וואס ער האט געמאכט, דעם אלטען אונגליקליכען פאטער נור אין פערצווייפלונג געבראכט.

— אבער, הערר פיין, — האט ער מיט א פערדריסליכע מינע געזאגט — פיעללייכט איז יענער דאנילאוו וואס איז פערגיפטעט געווארען, געוועזען גאר אן אנדערער. עס מוזען זיין פיעלע מענשען וואס טראגען אויף זיך דעם נאמען דאנילאוו.

— איך הער דאך אבער דאס איהר זאגט, אז ער איז געוועזען דער איינענטהימער פון דעם דארף דאנילאָווקא, און גראדע פון דיעזען האט גרינזאנג דערצעהלט, אז ער איז אין געפענגניס פערגיפטעט געווארען. אומזיסט, ליעבער פריינד, ווילט איהר מיך טרייסטען; איך זעה, אז גאט האט פון מיר אלע טרייסטונגען צוגענומען. ווער וויים נאך, וואס מיט יאקאב'ן וועט ווערען? איך זעה, אז דאס אונגליק האט מיך שרעקליך אנגעהויבען צו פערפאָלגען מיט זיין גאנצער קראפט און פאר מיר וועט שוין דיא וועלט זיין א שרעקליכער גי־הנם.

ער האט בעהאלטען דאס געזיכט איןביידע הענד און האט זיך אויף א לאנגער צייט פארנאנדער געוויינט.

אויך דער גוטער מאריס וואהרהאפטיג האט געוויינט קוקענדיג אויף איהם. ער האט זיך בערעכענט, אז דיעזער מאן איז ווירקליך איינער פון דיא אונגליקליכסטע אין דער וועלט; דאס איז קיין קליינינקייט פאר א פאטער, וואס האט נאך א פערלויף פון עטליכע און צוואנציג יאהר געפונען זיין פערלארענעם זוהן, און האט צו דערזעלבער צייט ערפאהרען אז ער איז טויט. דאס איז אן אונערטרעגליכער קלאפ פאר יעדען געפיהלפאָלען מאן, בעזאנדערס פון אזא פאטער וואס דער איינציגער איבערגעבליעבענער זאהן זיצט אונשולדיג אין קערקער אנגעקלאגט אלס מערדער, און דיא אלע האָפנונגען וואס ער האט געהאט איהם צו בעפרייען זיינען אויך פערשוואונדען.

ער האט מיט לייב און לעבען געוואלט דעם אונגליקליכען פאטער בערוהיגען, אבער ער האט פערשטאנען אז דאס וועט איהם אונמעגליך זיין, דארום האט ער איהם יעצט נור מיטגעהאָלפען מיט זיינע טרערען.

## 253טעם קאפיטעל.

# אַ טויט־שרעק.

דיא קלעפ וואס דיא ביידע באנדיטען סטעפאן מיט סעמיאָנען האבען בעקומען פון יענעם רעטהזעלהאפטען גאסט, האבען דיא ביידע מערדער נור אויף איינינע שטונדען פערטומעלט און אין בעט געוואָרפען. דיא קאלטע וואסער וואס מען האט

זיי אויף דיא צושלאגענע קעפ געליינט האט אזוי גוט געווירקט, דאס אין פינף שטונדען ארום זיינען זיי צוזיך געקומען.

ביידע זיינען אין איין צימער געלעגען, און דארום האבען זיי, וויא נור זיי האַבען צוריק זייערע קרעפטען בעקומען, זיך אנגעהויבען צו בעראַטהען וועגען זייערע געשעפטען.

— וואס זאגסט דוא, סעמיאָן, צו דעם פערפלוכטען סוביעקט? — האט סטעפאן געזאגט מיט א שמייכעל — ער האט דאך מיך שיער דעם קאפ אין שטיקער צוקלאפט. איך האב שוין אין מיין לעבען גענוג קלעפ געחאפט, נור אזא אייזערנעם קולאק האב איך נאך ניט בעגעגענט.

— דוא דארפסט דאס מיר ניט דערצעהלען — האט סעמיאן געענטפערט — איך וויים שוין אויף דעם טעם פון דעם קולאק. דוא ווייסט, ליעבער פריינד, אַז מען מוז רעספעקטירען דעם מאן וואס האט אזעלכע אייזערנע הענד.

— יא, מען דארף איהם רעספעקטירען — האט סטעפאן שפאטיש געזאגט — איך וועל דער ערשטער איהם גרויס עהרע צוטהיילען. ביי'ם ערשטען בליק וואס איך וועל אויף איהם טהאן, וועל איך איהם מיט דריי פייערינע קוגלען טראקטירען.

— איך זאג דיר דיא וואהרהייט, אז איך ווינש מיך גאר ניט נאך אמאל מיט איהם צו בעגעגנען. איך בין פעסט איבערצייגט, דאס ווען דוא וועסט איהם נאך אמאל דערזעהן וועט דיר אזוי ווערען ביטער אין דער נאז, דאס דוא וועסט פערליערען דעם אפעטיט איהם מיט דיינע קוגלען מכבד צו זיין.

— וואס? דוא דענקסט, אז איך וועל מיך פאר איהם דערשרעקען?

— ניט איך דענק, איך בין אין דעם איבערצייגט. איך וויים דאס פון זיך זעלבסט. ווען איך זאל איהם נאך אמאל דערזעהן, וואָלט מיין גאנצעס בלוט אין מיר פערקיהלט געוואָרען.

— דוא ביסט א פיינלינג.

— און דוא ביסט א דומקאָפּ. דערמיט וואס דוא ווילסט מיך איינבילדען, דוא וואָלסט זיך פאר איהם ניט דערשראָקען. איך כוז דיר זאגען דיא וואהרהייט, אז איך פאנג אָן ערנסט צו גלויבען, אז דאס איז ניט געוועזען קיין מענש, זאָנדערן א טייפעל פון דער העהלע. איך קען ניט גלויבען, אז א מענש זאל אין שטאַנדע זיין אזעלכע אייזערנע קולאקעס צו געבען. זאג מיר נור, האט ער דעם אלטען חאָלעריע'ניק דעם גראף פעליקס דאנילאָוו אויך אזא פעטש פאַרציאָן געגעבען?

— וואס רעדסט דוא נאַרישקייט? ווען ער זאל איהם געוועזען געבען א האַלבע פון דיעזער פאַרציאָן, וואָלט שוין דער אלטער דיא אויגען אויף אימער צוגעמאַכט.

— וואס דען האט ער איהם געטהאן?

— דוא האסט דאך געהערט וואס מאַטוויי האט דערצעהלט, אז ער האט אויף איהם איין קוק געטהאָן.

— איין קוק האט ער אויף איהם געטהאָן?

— יא, נור איין קוק, און מיט דעם קוק האט ער דעם אלטען אזוי ערצימערט, דאס ער איז אין אָהנמאכט געפאלען.

— נו, זאג? איז ער אן איינפאכער מענש?

— זאל ער זיך זיין וויא דוא זאָגסט, חאָטש דער טייפעל אליין, ווארום זאָלען מיר נאָר ריידען פון איהם. מיר האבען בילכערע זאכען פון וואס צו ריידען.

— פון וואס ווילסט דוא יעצט ריידען?

— מיר האבען דאך, דוכט זיך, עפּעס אבגערעדט אויף היינט ביי נאכט?

— דוא מיינסט וועגען דער חתונה וואס מיר ווילען אבשפּיעלען דעם אלטען גראף דאנילאָוו?

— יא, דאס מיין איך

— נו, מיר קענען דאס נאך הייטע אויספיהרען. יעצט גלויב איך וועט דאס אונז לייכטער אנקומען אלס אין אן אנדער צייט.

— ווארום וועט דאס יעצט לייכטער אנקומען?

— ווייל דער אלטער חאלעריעניק ליענט אין בעט און קען פון דאָרט ניט ארויסקריכען. דוא האָסט דאָך געהערט וואס מאטוויי האט דערצעהלט אז ער איז נאך אזוי אנגעשראקען, דאס ער קען צו זיך ניט קומען. נו, וועלען מיר דאך פיעל ארבייט ניט האבען איהם פאר דעם גאָרגעל אנצונעהמען און פון איהם זיין נשמה ארויסקוועטשען.

— אבער איך גלויב אז וויא באלד ער איז קראנק מוז יעמאנד נעבען איהם זיצען.

— יא, נעבען איהם זיצט דער אלטער יורקא. מיט דעם שלים־מזל וועלען מיר טהאן איינס פון דיא ביידע, ענטוועדער מיר וועלען איהם אויך פאר דעם גארגעל אננעהמען, אדער מיר וועלען שוין געפינען א מיטעל איהם אויף א קורצער צייט פון גראף׳ס בעט צו צונעהמען.

— עס וואלט געווען פיעל גלייכער ווען מען זאל איהם קענען פון דעם גראף׳ס בעט צונעהמען, דען צוויי מארדטהאטען מיט איין מאל וועט א גרויסען רעש מאכען.

— דאס איז פון דיא קלענסטע זאכען.

— וויא אזוי דענקסט דוא איהם פון דעם אלטענס בעט אפצורייסען.

— גאנץ איינפאך, מיר וועלען איהם איינלאדען אהער אויף א גלעזועלע שנאַפּס, און אין זיין גלעזועלע וועלען מיר איהם ארייגשיטען יענעם פּאָראָשאָק וואָס וועט איהם באלד פערשלעפערן און ביז ער וועט זיך אויפחאַפּען וועלען מיר דערווייל אונזער ארבייט ענדיגען און מיר וועלען זיין גאנץ ווייט פון דאנען.

— זעהסט דוא, דאס איז ניט קיין שלעכטער פּלאַן, אבער איך גלויב ניט צו וועט ער יעצט איבערלזאען זיין קראנקען גראף אום א שנאַפּס צו מאכען.

— וועגען דעם זאלסט דוא ניט זארגען. איך שטעל דיר איהם צו אהער, זאל נור ווערען האלבע נאכט, אלע זאלען זיך צולייגען שלאפען דאן וועלען מיר זיך צו דער ארבייט נעהמען.

— מיר שיינט אז מיר דארפען צו האלבע נאכט ניט לאנג ווארטען, וויפיעל איז יעצט דער זייגער?

— דער זייגער איז יעצט צעהן, מיר מוזען ווארטען ביז איינס. דערווייל לאמיר צונרייטען אונזערע אינסטרומענטען. דען עס וועט אונז אויסקומען פיעלע שלעסער אפצורייסען.

— דאס איז פון דיא קלענסטע זאכען, אלע אינסטרומענטען ליענען פער־שלאסען ביי מיר אין דעם קאסטען וואס שטעהט אונטער מיין בעט.

— נעה־זשע שוין און טראג אהער אריין דיא אלע זאכען, מיר זאלען לאנג ניט דארפען ווארטען. עס איז פאר אונז פיעל גלייכער ווען מיר וועלען זיין מיט אלעם פערטיג און בערייט.

— איך קען דאס דיר צוליעב טהאן — האט סעמיאן געענטפערט און איז אריינגעגאנגען צו זיך אין צימער, פון דארט האט ער ארויסגענומען אלע אינסטרו־מענטען וואס א גנב מוז האבען ביים איינברעכען אין הויז און דיאביידע קאמעראדען האבען אנגעהויבען צו ערווארטען דיא ערשטע שטונדע נאך האלבע נאכט.

דיא שטונדע איז אנגעקומען, אין דעם גראף׳ס פאלאץ איז געווען שטיל וויא אויף א בית־עולם, אלע דיענער האבען שוין שטארק געכראפעט, נור אונזערע צוויי קאמעראדען האבען געוואכט.

— זייך דא סעמיאן — האט סטעפאן געזאגט — איך וועל געהן א קוק טהאן וואס עס הערט זיך ביי דעם אלטען אין צימער.

ער איז שטיל וויא א קאץ פון זיין צימער ארויסגעגאנגען און איז מיט בארפוסע פיס צוגעגאנגען צו דער טהיר פון דאנילאווס צימער. ער האט זיך פריהער גוט איינגעהערט. עס וואר שטיל דאס קיין מינדעסטער גערויש האט זיך געהערט.

פארזיכטיג האט ער דיא טהיר געעפענט; פלוצלונג איז יורקא פון זיין ארט אויפגעשפרונגען און איז איהם ענטגעגענגעלאפען מיט דער פראגע:

— וואס ווילט איהר?

— איך בין געקומען זיך ערקונדיגען וועגען דעם גראף׳ס בעפינדען, — האט סטעפאן שטיל געענטפערט.

— ער שלאפט, — האט יורקא אויך זעהר שטיל געענטפערט.

— נו, און איהר וואכט דיא גאנצע נאכט?

— יא, אזוי האט ער מיר אנגעזאגט.

— ארמער אלטער! — האט סטעפאן מיט א רחמנות פנים געזאגט — זייט איהר דען קיין מענש ניט, דארפט איהר ניט רוהען? קומט ליעבער פריינד אריין צו אונז אויף איינינע מינוטען וועלען מיר חאטש טרינקען צו גלעזעלאך וויין.

— איך קען דאך אבער דעם אלטען דא אליין ניט איבערלאזען.

— קומט אריין בלויס אויף צוויי מינוטען, נאכהער וועט איהר זיך צוריק אהער אומקעהרען.

יורקא האט זיך בעטראכט אז דאס איז ווירקליך קיין קרומע זאך, אז אביסעל וויין שארעט יעצט נאר ניט. דארום האט ער אנגענומען סטעפאנס גוטען ראטה

און איז מיט איהם אריינגעגאנגען אין דעם צימער וואו סעמיאן איז יעצט אליין געזעסען.

— יורקא? — האט סעמיאן וויא ערשטוינט אויסגערופען — וויא קומט איהר יעצט אהער?

— דאס האב איך איהם איינגעלאדען אויף א גלעזעלע וויין — האט סטעפאן געענטפערט. דער ארמער אלטער זיצט נעביך דיא גאנצע נאכט איינער אליין נעבען דעם גראף'ס בעט און האט מורא א דרימעל צו חאפען, דען דער הערצלאָזער דאנילאוו האט איהם אנגעזאגט ער זאל דיא גאנצע נאַכט איבער איהם וואכען.

— איהר האט געטהאן זעהר גליין ליעבער פיליפ וואס איהר האט זיך לאנג ניט געלאזט בעטען און זייט צו אונז געקומען אויף א גלעזעלע וויין, האט סעמיאן פריינדליך געזאגט.

— אבער וויא קומט דאס וואס איהר מיינע פריינדע שלאפט ניט אזוי שפעט? — האט פיליפ געפרעגט.

— מיר האבען דעם גאנצען מאג געשמאק געשלאפען נאך דיא קלעפ וואס יענער טייפעל האט אונז געגעבען — האט סטעפאן געענטפערט — יעצט קענען מיר מעהר ניט שלאפען. נו סעמיאן, וואו איז דאס פלעשעל וויין?

— איך געה דיא מינוט ברענגען — האט סעמיאן געענטפערט און איז אבער־מאלס אין זיין צימער אריינגעלאפען, ער האט פון דאָרט ארויסגעטראגען דריי גלעזלאך מיט א פלאש וויין.

חברה האבען זיך געזעצט ארום דעם טיש, סעמיאן האט ביי א צווייטען טישעל דיא גלעזלאך אנגעגאסען און האט אין איין גלעזעל א פּאָראָשאָק אריינגע־שאָטען. נאכהער האט ער דיא אלע גלעזלאך געשטעלט אויף דעם גרעסערען טיש ביי וועלכען סטעפאן מיט פיליפען זיינען געזעסען און האט דאס גלעזעל אין וועלכען ער האט דעם פּאָראָשאָק אריינגעשאָטען געשטעלט נעבען יורקאן.

— נו, מיר וועלען טרינקען אויף דעם געזונד פון דעם אלטען גראף האט סטעפאן געזאגט אויפהויבענד זיין גלאז.

אלע האבען גענומען זייערע גלעזלאך און האבען זיי באלד אויסגעלדינט.

— דער וויין האט אין זיך א ביטערקייט — האט פיליפ געזאגט.

— דאס איז דאך א צייכען פון עכט גוטען וויין — האט סטעפאן געענטפערט — ווילט איהר נאך א גלעזעל?

— ניין, איך דאנק אייך — האט פיליפ געענטפערט — דער וויין שמעקט מיר גאר נים. מיר דולט שוין אין קאָפּ פון איהם.

— אלט איז ניט יונג — האט סעמיאן געלאכט — איך וואלט אזעלכע צעהן גלעזלאך איינס נאכ'ן אנדערן אויסגעטרונקען און ער וואָלט מיך גאר ניט געריהרט.

— מיר דולט שרעקליך דער קאָפּ! — האט פיליפ געזאגט זיך אנחאפענד אן דעם טיש.

— נו, לייגט זיך דא צו אביסעל — האט איהם סטעפאן געראטהען — סעמיאן! לאמיר דעם אלטען אוועקלייגען דא אויף דעם בעט.

זיי האבעןביידע גענומען דעם פערדולטען פיליפען האבען איהם צונעפיהרט צום בעט און האבען איהם דארט אניעדערגעלייגט. ער האט גלייך צוגעמאכט דיא אויגען און האט זיך פערזונקען אין א שטארקען שלאף.

— יעצט קענען מיר שוין געהן — האט סטעפאן געזאגט — גוטער סעמיאן, מיר טאָהרען קיין צייט פערליערען.

זיי האבען ביידע געחאפט זייערע אינסטרומענטען און זיינען געגאנגען צו דעם גראף'ס צימער.

שטיל האבען זיי דיא טהיר געעפענט און זיינען אין דעם צימער אריינגעקומען.

— יורקא! — דאס ביסט דוא? — האט פעליקס מיט א שוואכע שטימע גע־פרעגט — גיעב מיר א ביסעל וואסער.

— נא דיר וואסער אלטער טייפעל! — האט סעמיאן א געשריי געטהאן און איז צוגעלאפען צו דעם אלטענס בעט, ער האט שוין זיינע פינגער אויף פעליקסעס האלז ארויפגעלייגט, אבער ער איז דיא מינוט צוריק אפגעשפרונגען, דען עס האט זיך פלוצלונג דערהערט א גערויש פון פיעל מענשען אין הויף נעבען דעם פענסטער פון דעם צימער וואו זיי זיינען יעצט געשטאנען.

254טעס קאפיטעל.

## אַן אויסזיכט אויף ראַבע.

— ראבע! ראבע!

מיר דיא צוויי ווערטער האבען געקלונגען דעם גראף אנטאן דאנילאָוו אין דיא אויערן. ער איז פערטיג געווען יעדע מינוט צו שטארבען, אבי ער זאָל וויסען, אז פעליקס דאנילאָוו מיט זיין טאכטער זיינען בעלוינט געוואָרען, לויט זיי האבען פערדיענט.

ביי איהם איז קיין צווייפעל נעווען, אז דעם ניפט האט איהם פעליקס אריינ־געמישט. ער האט אויך אויף זיכער געוואוסט, אז נור ארעלא האט זיי, ליעבע פרוי מיט זיין קינד אין גראב געטריעבען, און דארום האט זיין בלוט ניט אויפגע־הערט אין איהם צו קאָכען. ער האט נור געוואלט פון דיא צוויי סוביעקטען ראבע נעהמען.

לעבען האט ער שוין ניט געוואָלט. דאס לעבען איז אויף איהם שטארק צו לאסט געפאלען, ער האט ניט געוואָלט לעבען נאך דער מערדעריי וואס ער האט בעגאנגען איבער זיין ליעבער געטרייער מאריא'ן. ער האט געפיהלט, אז ביז צו זיין גראב וועט איהם דיא געוויסענסביסע פערפאָלגען און וועט איהם קיין רוהע געבען. אבער דאס איינע האט ער געוואָלט פאר זיין טויט: ראבע נעהמען.

דער סמאטריטעל מיט דעם סליעדראָוואטעל האבען איהם פערזיכערט, דאָס זיי וועלען אלע מעגליכקייט אנווענדען אום זיין וואונש צו ערפילען, זיינע און זיין פרוי'ס מערדער זאלען פאר זייערע מערדערייען בעלוינט ווערען. אבער ער האט זיך פון זייערע ווערטער ניט געפונען בערוהיגט, ווייל ער האט גוט געקענט דיא רוסישע בעאמטע און ער האט געוואוסט, אז פאר געלד איז יעדער פון זיי פעהיג זיין גע־וויסען צו פערקויפען.

איין מאל האט זיך דיא טהיר פון זיין צעלע געעפענט און דער סמאטריטעל איז צו איהם אריינגעקומען. דעם גראף איז זעהר אויפפאלענד געווארען דיא רעד־ליכקייט מיט וועלכע דער סמאָטריטעל האט איהם בעגריסט.

— הערר גראף! — האט דער סמאָטריטעל געזאגט — איך בין געקומען אייך איינלאַדען צו מיר אויף טהעע.

דאנילאוו האט איהם ערשטוינט אנגעקוקט און האָט ענדליך געזאגט:

— מיך ווילט איהר איינלאַדען אויף טהעע? פערגעסט איהר, אז איך בין אן ארעסטאנט?

— איך האב דאס ניט פערגעסען, אבער איך האב א בעפעהל ערהאלטען, איך זאל אייך בעהאנדלען ניט וויא אן ארעסטאנט, זאָנדערן וויא א ברודער. פון היינט אָן און ווייטער, וועט איהר שוין אין קערקער ניט מעהר זיצען, זאָנדערן ביי מיר אין הויז. דארט איז שוין פאר אייך אנגעגרייט א פראכטפאָלעס צימער, וואו איהר וועט קענען לעבען וויא ביי זיך אין דער־היים.

דער סמאטריטעל האט געמיינט אז מיט דער נאכריכט וועט זיך דער גראף דערפרייען, וויא ערשטוינט אבער איז ער געוואָרען, אלס ער האט בעמערקט דאס אויף דאנילאָוו'ס געזיכט האט זיך ניט געוויעזען איין שטראהל פון פריידע. אין גע־גענטהייל, ער האט א בימערן זיפץ געטהאָן.

— זייט איהר, הערר גראף, אונצופריעדען מיט דער נאכריכט, וואס איך האב אייך געבראכט?

— איך וועל מיך צו אייך אין הויז ניט אריינציהען — האָט דאנילאוו זעהר מיט אן ערנסטע מינע געענטפערט.

— ווארום?

— זעהר איינפאך, וויל מיין פלאַץ איז דאָ. איך בין א מערדער, און דער פלאַץ פון א מערדער איז אין געפענגניס.

— איהר זעהט דאך אבער, אז מען האלט אייך ניט פאר קיין מערדער — האט דער סמאטריטעל געזאגט — דען ווען מען זאָל אייך פאר אזעלכען האלטען יואָלט מען מיר אזא בעפעהל ניט געגעבען, איך זאל אייך וויא א ברודער בע־האנדלען.

— ווער האט אייך דיעזען בעפעהל געגעבען?

— דער מאָסקוווער גענעראל־גובערנאטאר.

— ווירקליך? — האט דאנילאוו ערשטוינט געפרעגט.

— יא, הערר גראף אין דעם פאפיר וואס איך האָב ערהאלטען פון דעם מאָסקווער פאליצמייסטער'ס קאנצעלאריע, שטעהט אויסדריקליך, אז דער גענעראל גובערנאטאר גראָספירסט סערגעיי אלכסנדראָוויטש האָט געהייסען, מען זאָל אייך מיט דער גרעסטער עהרע בעהאנדלען ביז אייער פראָצעס וועט ערקלערט ווערען. אלזא, הערר גראף, געהט איהר מיט מיר אין מיין הויז?

— ניין! — האט אנטאן געענטפערט — איך וועל ניט געהן; איך וועל דאָ בלייבען, וויל וויא איך האב אייך ערקלערט, איז מיין פלאַץ דא אין געפענגניס.

— טהוט וויא איהר פערשטעהט. איך קען אייך ניט צווינגען, איהר זאָלט אייער לאַנע פערבעסערן.

— הערר סמאטריטעל! — האט אנטאן נעזאגט נאך א קורצעס שוויינען — האט מען שוין עטוואס נעטהאן, אום אויסצוגעפינען דיא מערדער וואס האבען מיך נעוואלט פערניפטען?

— זעלבסטפערשטענדליך, אז מען שוויינט אין דעם ניט. דער סליעדראָוואטעל האט זעהר וויכטינע נייעס ערפאהרען וועגען דיא פערזאָנען, וואס האבען אייך צו דער נעגענוועהרטינע לאַנע נעבראכט.

— קען איך וויסען, וואס פאר א נייעס ער האָט ערפאהרען?

— איינער פון אייער דאָרף האט איהם קלאָר נעמאכט מיט אייער נאנצער טרויערינער נעשיכטע, און האט זאגאר אנגעוויזען וואו עס נעפינט זיך דער מערדער פון אייער קינד.

— וואס? מען ווייס שוין ווער עס האט מיין קינד ערמאָרדעט?

— יא. יענער מאַן האט דאס ריכטיג ערפאהרען און האט, וויא איך האב אייך דערצעהלט, אננעוויזען דעם סליעדראָוואטעל, וואו דער מערדער נעפינט זיך. אָבוואָהל דער סליעדראָוואטעל דאָרף אזעלכע זאכען קיינעם דערצעהלען, אבער מיר האט ער דאס דערצעהלט וויל מיר זיינען זעהר בעפריינדעט.

— ווייסט איהר אויך ווער יענער מערדער איז?

— איך ווייס, אז זיין נאמען איז סעמיאָן וואָרין.

— סעמיאן? — האט דער נראף אויסער זיך פאר כעס א נעשריי נעטהאָן — אויך אין מיין קינדס טויט שטעקט יענער באנדיט?

— איהר קענט איהם דען?

— צוליעב איהם בין איך דאָך א מערדער נעוואָרען און האב מיין ליעבע פרוי ערמאָרדעט.

— אזוי? — האט דער סמאָטריטעל נייגיעריג נעפרענט — וואס איז דאס פאר א סוביעקט?

— דאס איז פיעל צו דערצעהלען. אבער איז דאס בעשטימט, אז ער האט מיין קינד ערמאָרדעט?

— יא, דאס איז בעשטימט.

— וואו נעפינט ער זיך?

— ער וואוינט טאקע אין אייער פאלאסט.

— ביי מיר אין פאלאסט?

— יא, אזוי האט דער מאן דערצעהלט.

— דאס איז אונמענליך.

— דאס וועלען מיר מארגען וויסען.

— וויא אזוי וועט איהר דאס וויסען?

— וויל דער סליעדראָוואטעל פאהרט הייטע אבענדס נאך דאנילאָווקא, ריעזען באנדיט צו פערהאפטען.

— פאהרט ער אליין?
— ניין, מיט איהם פאהרט אויף א פריסטאוו מיט פיעל סאלדאטען. מיר פערשטעהען שוין, אז אזעלכע פייגעלאך איז שווער צו פאנגען מיט גוטען; זיי מוז מען נעהמען מיט בייזען, מיט גוואלד.
— פאהרען זיי בעשטימט הייטע אבענד נאך דאנילאווקא?
— בעשטימט.
— ווייסט איהר פיעללייכט, ווער עס וואוינט הייטע אין מיין פאלאסט?
— דאס ווייסען מיר ניט. אבער וויא באלד אז אייער קינדם מערדער געפינט זיך אין אייער הויז, פערשטעהט מען שוין אין וועמעס הענד אייער פאלאסט איז אריינגעפאלען.
— האט מען געמאכט נאכפארשונגען וועגען מיין קוזינא אדעלא און וועגען איהר פאטער?
— יא. אדעלא איז אין מאסקווא און וואו איהר פאטער איז וויים מען נים.
— איז זיא אין יענער צייט ווען מען האט מיר דאס גיפט אריינגעשיקט געווען אין מאסקווא?
— יא.
— איז דאס בעשטימט?
— אזוי האט מען אונז פון מאסקווא בענאכריכטעט.
— אויב אזוי, האט זיא דעם טייפלישען פלאן געוואלט אויספיהרען דורך איהר פאטער. ווען מען זאל איהם דערטאפען, וואלט מען פון איהם אלעס ריכטיג ערפאהרען, דען ער איז א גרויסער פייגלינג. ער וואלט זיך דערשראקען און באלד אלעס אויסגעזאגט.
— זייט זיכער, או מען וועט איהם דערטאפען. דיא פאליציי וועט אלע קרעפטען אן איהם צו געפינען.
— אבער איהר וואלט איהם דערקענען ווען איהר זאלט איהם זעהן?
— געוויס וואלט איך איהם דערקענט. ער שטעהט מיר נאך יעצט אויף פאר דיא אויגען.
— מיט איין ווארט, הערר גראף, דאס וואס אנבעלאנגט צו דיא וואס האבען אייך געוואלט ערמארדען, וויים איך בעשטימט אז מען וועט זיי אלעמען אויסגעפינען. מיר טהוט נור לייד, וואס איהר זעלבסט ווילט זיך פון דער שולד וואס ליגט אויף אייך ניט ריין וואשען?
— וואס מיינט איהר מיט דיא ווערטער?
— איך מיין, אז פאר אייך איז דאס א גרויסער פעהלער וואס איהר זאגט אליין, אז איהר האט אייער פרוי ערמארדעט.
— וואס דען האט איהר געוואלט, איך זאל מיך לייקענען?
— קיינער צווינגט אייך איהר זאלט דיא וואהרהייט זאגען.
— מען צווינגט מיך יא. איהר האט אן אירתום, הערר סמאטריטעל.
— ווער צווינגט אייך דען?

— מיין איינענער געוויסען — האט דער גראף זעהר ערנסט נעענטפערט — איך ווייס, אז איך האב א מארד בעגאנגען. קיין מאל וועל איך קיין רוהע פינדען, דער געדאנק, אז איך האב מיין ליעבע פרוי אזוי מע־דעריש, אזוי הערצלאז ער־מאָרדעט, וועט מיר קיין מאל קיין רוהע געבען. ווען זאגאר זיא זאל זעלבסט אויפשטעהן פון איהר גראב און זאל מיר זאגען אז זיא פערצייהעט מיר דיא זינדע, וועל איך אויך קיין טרויסט געפינען. מיין איינציגער טרייסט קען נור זיין דער טויט. אבער ניט א נאטירליכער טויט וואס ענדעט דאס לעבען פון אלע מענשען, זאנדערן א טויט אויף דעם עשאפאָט, דאָרט וואו אלע אייזענע מערדער וויא איך בין ענדיגען זייער זינדיג לעבען.

— איהר מאכט זיך אליין, הערר גראף, פאר א גרעסערען פערברעכער אלס איהר זייט. לויט איך בין יעצט קלאר אין אייער געשיכטע פערשטעה איך, אז איהר זייט אין דעם מארד וואס איהר האט בעגאנגען גאר ניט שולדיג, דען שלעכטע מיט׳טען האבען אייך דיא אויגען פערבלענדעט און דעם קאפּ פערדרולט, דאס איהר האט זעלבסט ניט געוואוסט וואס איהר טהוט.

— דאס איז אויך וואהר, אבער דערמיט וויל איך מיך ניט פערטהיידיגען. איך האב ניט בעדאַרפט זיך לאזען דיא אויגען פערבלענדען פון שלעכטע פערדאָר־בענע מענשען. איך האב באלד בעדארפט פערשטעהן, אז זיי האבען פאר מיר א גאנץ אויסגעשפרייט, דען מיין פרוי איז געווען א מוסטער פון קיישהייט (צניעות). זיא איז געווען אן ענגעל פון׳ם הימעל, צו שלעכטעס וואר זיא ניט פעהיג. אך, הערר סמאָטריטעל, — האט דער גראף זיינע ווערטער געענדיגט — ווען איך דער־מאָן מיך נור אָן מיין זיסער ליעבער מאריאן, פיהל איך, אז דאס הערץ ווערט אין מיר אין טויזענד שטיק צובראָכען.

דער סמאָטריטעל האט פערשטאנען, אז טרייסט־ווערטער וועלען ניט ווירקען אויף דעם גראפס פערוואונדעטעס הערץ, דארום האט ער מעהר ניט גערעדט, און איז שטיל פון דער צעלע ארויסגעגאנגען.

א היבשע צייט איז דאנילאוו געזעסען פערטיעפט אין זיינע פינסטערע גע־דאנקען און טרערען האבען זיך וויא וואסער איבער זיינע וואנגען געקייקעלט. ענדליך אבער האט זיך געוויזען א פרעהליכע מינע אויף זיין פערצווייפעלטעס גע־זיכט. דער געדאנק, אז עס איז דא אן אויסזיכט ער זאָל ראבע נעהמען פון זיינע און זיין ווייב׳ס מערדער האט איהם ערקוויקט.

255טעס קאפיטעל.

## דיא ערשטע ניעדערלאַגע.

שטארק צופריעדען איז אדעלא מיט זיך אליין געווען, אלס געלידאָוו איז פון איהר אוועקגעגאנגען. זיא האט זיך אליין געפּאטשט בראוואָ פאר דער קונסטשפּאָלער ראָליע וואס זיא האט מיט איהר לייבטגלויביגען חתן געשפיעלט.

— קיינער וואלט אזא קונסט געקענט בעווייזען — האט זיא טריאומפירענד אויסגעשריען — ווען דאס טרעפט אויף אן אנדערער אזא בריעף זאל אריינפאלען אין אזעלכע ערליכע הענד וויא וואלאדימס זיינען, וואָלט זיא זיך שוין פאר ...

פאל ניט אויסגעפלאנטערט — ווערהערענד איך האב נאך געמאכט, אז ער האט מיר נאכגעגעבען דאס וואס איך האב געוואָלט, און ער האט מיר פערשפראָכען דער גובערנאנטין ארויסצוטרייבען. וויא באלד ער האט דאס נור פערשפראָכען, וועט ער האלטען וואָרט.

א גליקליכער שמייכעל האט זיך אויף איהרע ליפען געוויעזען. זיא האט זיך אליין קיין רעכנונג געקענט אבגעבען, ווארום זיא האסט אזוי יענער פרעמדער נר בערנאנטין, אבער זיא האט דאך געפיהלט א שרעקליכען האס צו איהר פון דער ערשטער מינוט וואס זיא האט איהר דערזעהן. עפעס האט זיא זיך וויא געשראקען פאר דער גובערנאנטינס עהרליכע גוטמיטהיגע בליקען. אויך איהר בלענדענדע סימפאטישע שעהנהייט איז איהר ניט געפעלען.

— אזוי! — האט זיא ניפטיג אויסגערופען — זאָל ער דיא קאנאליע ארויס־יאגען פון זיין שטוב. וויא קומט זיא צו זיין אין איין הויז מיט וואלאדיען? ער איז דאך ניט מעהר וויא א מאנספערזאָן, און דיא מאנסלייט ווערען זעהר לייכט פער־ליעבט אין א שעהנער יונגער פרוי ווען זיי זעהן זיא טעגליך. אָבוואָהל איך וויים, אז וואלאדיא איז צו שטאלץ ביי זיך, ער זאל זיין הערץ אוועקשענקען אזא ניעדע־ריגע פרוי וויא דיעזע איז. קען א מענש ניעדעריגער זיין פון א גובערנאנטין, וואס פערקויפט איהר צייט אום זיך מיט קליינע קינדער צו בעשעפטיגען און איבערטרא־גען אלע זייערע קאפריזען? דאס איז דאך דיא ניעדעריגסטע שטופע. אבער עס איז דאך גלייבער ווען זיא וועט מיט איהם אין איין שטוב ניט זיין.

וואס פאר שעהנע אויגען זיא האט — האט זיא זיך געקלערט — ווען איך זאָל זיא בעגעגענען אין גאס ניט וויסענדיג ווער זיא איז, וואלט איך געוויס געמיינט אז זיא איז א גרעפין אדער א פרינצעסין. וויא קומט צו איהר אזא געזיכט, אזא בלענדענד־ווייסע הויט, אזעלכע זיידענע בלאָנדע האאר? יא, עס איז זעהר גלייך וואס ער וועט זיא ארויסטרייבען. דוכט זיך, ער וועט האלטען וואָרט. ער איז א וואָרט׳ס־מאן. וואס ער זאגט איז געזאגט. חא, חא, חא! איך שטעל מיר פאָר, וואס פאר א לאנגער נאז ביי איהר וועט ווערען, ווען ער וועט איהר הייסען זיך זוכען אן אנדער שטעלע. יענע מוז מיינען, אז וואלאדיא איז אין איהר פערליעבט, דען ער פלעגט דאָך זיצען שטונדען־לאנג מיט איהר און ריידען, פלוצלינג וועט זיא זיך ארומזעהן, אז ער האט זיא ניט מעהר וויא א דינסט בעטראכט. איך גלויב, אז זיא וועט פערשטעהן אז דיא קוגעל האט איהר פון מיין האנד געטראפען. נור וואס ארט דאס מיך? זאל זיא דאס טאקע פערשטעהן. זאל זיא וויסען, אז איך בין ניט גלייך צו איהר, און מיר שטעהט ניט אָן זיא זאל מיט מיין חתן פערברייננגען וויא מיט איהר׳ס א גלייכען. איך מוז מארגען פריה ארייננעהן צו איהם און זעהן, צו האט ער וואָרט געהאלטען.

זיא האט קוים דערלעבט דיא נאכט זאל איבערגעהן, און באלד וויא זיא איז אויפגעשטאנען האט זיא זיך גענומען מאכען איהר טואלעטע. זיא האט זיך פערפוצט וויא א קעניגין, און אלס דיא אוהר האט געוויזען דיא צעהנטע

שטונדע, האט זיא זיך געזעצט אויף א דראָשקע און איז געפאהרען צו גע־לידאווי׳ן.

אריינקומענדיג אין שטוב האט זיא זיך בעגעגענט מיט דער מאדאם געלי־דאוו. זיא האט דער אלטער פריינדליך בעגריסט, אבער דיא מאדאם געלידאוו האט איהר אויף דעם גרוס ניט געענטפערט. זיא האט נור אויף איהר בייז א קוק געטהאן און איז אריינגעגאנגען צו זיך אין צימער.

— וואס איז דאס? — האט אדעלא זיך זעלבסט געפרעגט — ווארום האט דיא שווינערמוטער מיר אויף מיין גרוס ניט געענטפערט? איז זיא אויף מיר צארניג?

נור איך פערשטעהע שוין וואס דא טהוט זיך — האט זיא זעלבסט נאכדענ־קענד געענטפערט — וואלאדיא האט געמוזט דער גובערנאנטין ענטזאגען און זיא האט דאס ניט געוואלט ליידען, דארום איז זיא בייז אויף מיר ווייל וואלאדיא האט איהר געמוזט זאגען, אז ער טהוט דאס מיר צוליעב.

נור וואס געהט דאס מיך אן? זאל זיא זיין אין כעס וויפיעל זיא וויל, אבי מען האט דער גובערנאנטין ארויסגעיאָגט.

זיא האט געוואָלט אריינגעהן צו וואלאדיען אין צימער, אלס דורך דער שטוב איז דורכגעלאָפען איהר חתן׳ס א שוועסטער, א קליין מעדכען פון אכט יאהר.

— ליזא! — האט אדעלא צו איהר זעהר פריינדליך געזאגט — קום נאָר אהער, איך וועל דיך עפעס פרעגען.

ליזא איז צוגעלאָפען.

אדעלא האט זיא ארומגענומען און א קוש געטהאן. וואס מאכסט דוא, ליזכען? — האט זיא זיך ערבייז געפרעגט — ביסט דוא געזונד?

— יא, איך בין געזונד.

— לערענסט דוא גוט?

— דיא מאמא זאגט, אז איך לערען זעהר גוט.

— נו, וואס זאגט דיא גובערנאנטין?

— זיא פלעגט אויך זאגען, אז איך לערן גוט.

— און וואס זאגט זיא הייטע?

— הייטע? הייטע איז זיא שוין ביי אונז ניטאָ — האט דאס מעדכען מיט א זיפץ געענטפערט.

— זיא איז ניטאָ? — האט אדעלא העכסט ערפרייט געפרעגט — וואו איז זיא דען?

— זיא איז שוין ניטאָ — האט ווייטער ליזא ערווידערט.

פאר אדעלא׳ן איז דאס שוין גענוג געוועז, מעהר האט זיא ניט געדארפט וויסען. זיא וואר פעסט איבערצייגט, אז איהר וואלאדיא האט ווארט געהאלטען און האט דער גובערנאנטין פון זיין הויז ארויסגעיאָגט. בראוואָ, וואלאדיא! — האָט זיא מיט א פערגעניגטע מינע געזאָגט — יעצט ביסט דוא ביי מיר מיט הונדערט פראָ־צענט טהייערער געוואָרען. יעצט האב איך דיך נאָך מעהר ליעב אלס פריהער.

זיא איז גלייך צונעגאנגען צו דער טהיר פון וולאַדימיר'ס ציממער און האט אנגעקלאפּט. זיא האט באלד דערהערט זיין „אנטרעע" און איז אין זיין ציממער אריינגעגאנגען.

קוים האט ער זיא דערזעהן איז ער בלאַס געוואָרען און האט אבגעווענדעט דאס געזיכט.

— גוט-מארגען דיר, מיין ליעבער גוטער וואלאדיא! — האט זיא מיט דער גרעסטער צערטליכקייט געזאגט איהם פאר דער האנד ערגרייפענד — איך בין געקומען דיר מיין איניגסטען דאנק אבגעבען.

— א דאנק? — האט געלידאוו זעהר אונפריינדליך געפרעגט — פאַרוואָס קומט מיר א דאנק?

— דערפאר וואס דו האָסט וואָרט געהאלטען און האסט דער גוּבערנאַנטין ענטזאגט.

— ווער האט דאס דיר געזאגט, אז איך האב זיא ענטזאגט?

— דוא זעהסט דאָך, אז איך וויים.

— ניין, אדעלא, דוא ווייסט גאר ניט — האט געלידאָוו זעהר ערנסט געענטפערט.

— וואס הייסט, איך וויים ניט? — האט זיא געלאכט — דוא זעהסט דאָך, אז איך וויים יא, דאס דיא גובערנאנטין איז שוין ביי דיר אין שטוב ניטאָ.

— דאס איז וואהר אז זיא איז ניטא, אבער איך האב זיא ניט ארויסגעטריבען וויא איך האב דיר פערשפּראָכען. זיא איז ליידער זיצענדיג ביי איהרען אז בעקאנטען אין הויז פּלוצלינג קראנק געווארען און איז שוין דאָרט פערבליעבען.

— דוא ווילסט דאס מיר צוליעב ניט טהאן און זאגען, אז דוא ביסט דערפון צופריעדען — האט אדעלא מיט אַן אונצופריעדענער מינע געזאגט.

— צופריעדען? — האט געלידאוו געענטפערט — אין געגענטהייל, מיר טהוט דאס שטארק לייד.

— וואס טהוט דיר לייד?

— דאס וואס דיא ארענטליכע סוסאנא איז פּלוצלינג קראנק געווארען. איך האב זיא נאך געסטערן אבענד צוזאמען מיט מיין מוטער בעזוכט. מיר האבען זיא געוואָלט צו אונז אין הויז אריינגעהמען, אום מיר זאלען אויף איהר קענען גוט אכטונג געבען, אבער איהר פריינד, וואס אין זיין הויז געפינט זיא זיך, האט דערפון ניט געוואָלט הערען און האט זיא פון זיין הויז ניט געוואָלט ארויסלאָזען, בעפאָר זיא וועט פאָלקאָמען געזונד ווערען.

אדעלא איז בלאס געוואָרען. זיא האט איהרע אויערן ניט געגלויבט, אז זיי הערען פון געלידאָוו'ס מונד אזעלכע ווערטער, וואס זיינען גערעדט געוואָרען מיט דעם ציעל זיא צו רייצען.

— וואלאדיא! — האט זיא זעהר ערנסט אויסגערופען — זאָל איך גלויבען אז דוא ערלויבסט זיך א שפּאס, אום מיך נאכהער אויסצולאַכען?

— ניין, אדעלא, איך האב קיין מאל ניט ליעב שפּאסען, בעזאנדערס ביי

אזא פאל, וואס אזא אונגליקליכע ערלע פרוי ווי סוסאנא פעטראוו איז, ליעגט קראנק.

— וויא איך זעה, אינטערעסירסט דוא זיך זעהר שטארק מיט דער בעט־לערין?

— דוא האָסט א גרויסען אירטהום אדעלא — האט נעלידאוו מיט א צארנינגע מינע נעזאנט — א בעטלערין איז דיא וואס קוקט אויס אויף שטיצע פון רייכע פער־וואנדטע, אבער אז א מענש ארבייט מיט זיין שוויס פאר דעם שטיקעל ברויט, דער איז קיין בעטלער.

אלע גליעדער האבען פאר כעס אנגעהויבען אין אדעלאן צו שוידערן. זא וואס האט זיא פאר קיין פאל ערוואַרטעט, ואלאדיא זאל זא ווייט זיין צונעבונדען צו דער גובערנאנטין דאס צוליעב איהר זאל ער זיין כלה אזעלכע שטעכווערטער געבען, אויף אזא קלאפ האט זיא זיך גאר ניט פארבערייטעט.

— מיין גאט! — האט זיא נעשטאמעלט — דאס הער איך פון דיין מונד וואלאדיא אזעלכע ווערטער?

— יא, אדעלא, דאס הערסט דוא פון מיין מונד דיא ווערטער — האט וולא־דימיר געענטפערט זיך בעמיהענד מיט אלע קרעפטען רוהיג צו בלייבען, דען ער האט אנגעהויבען צו פיהלען מיטלייד צו אדעלא; וועלכע איז פאר איהם געשטאנען פערניכטעט און צערשמעטערט.

— וואלאדיא! — האט אדעלא אויסגערופען זיך א וואָרפטהאנדינג אויף א שטוהל, דוא ווילסט וויא איך זעה מיין מערדער זיין?

— איך וויל בלויס דיין לעהרער זיין — האט ער שארף געענטפערט — איך וויל דיך לעהרנען מיטלייד צו האבען מיט עלענדע און אונגליקליכע, ווייל איך האב בעמערקט אז דוא האָסט פערגנינגען א נעפאלענעם מיט דיא פיס צוטרעטען.

— דאס איז אלץ דערפאר וואס איך האב מיך געוואגט דיין געליעבטער צו בעליידיגען אונטער איהרע אויגען? — האט זיא מיט פייער געזאגט און איהרע ביידע אויגען האבען וויא צוויי העלישע פלאמען זיך אנגעצונדען.

— איך פאָדערע פון דיר רעספעקט אדעלא! — האט נעלידאוו זייער שטרענג, אויסגערופען — דוא זאלסט ניט וואגען מיך צו בעליידיגען.

— ווארום זאגסט דוא אז דיך פערדריסט וואס איך בעליידיג דיר? רייד אָפען. אז דיך פערדריסט נאר וואס איך האב מיך געוואגט דיין סוסאנא׳ן צו בעליידיגען

— דאס פערדריסט מיך אויך, איך קען ניט ליידען ווען מען בעליידינט אין מיין געגענוואַרט אן ארדענטליכע פרוי.

— הער־זשע אויס וואלאדיא — האט אדעלא וויטהענד געזאגט אויפשפּינגענד פון איהר אָרט — איך זעה שוין אין וואס פאר א בלאטע דוא ביסט פערקראָכען, דארום נעפין איך פאר נויטהיג דיר צו געבען דיא וואהל, דוא זאלסט זיך אויס־קלייבען איינע פון אונז ביידען, מיך אדער דער בעטלערין. איך ערוואַרטע ביז ביי נאכט דיין אנטוואָרט, ווען איך פון דיר קיין אנטוואַרט ביז פארנאכט ערהאלטען, וועסט דוא מיר שוין קיין מאל זעהן. איך זאג דיר דערווייל אויף אימער און עווינ אדיע.

מיט דיא ווערטער איז זיא צונעלאפען צום טהיר, זיא האט געמיינט אז נע־לידאוו וועט זיך נאך איהר נאכיאגען און וועט זיא מיט טרעהרען בעטען זיא זאל אויף איהם רחמנות האבען און געהן צוריק, אבער נעלידאוו איז געבליעבען זיצען קאלט אויף זיין פלאץ און אדעלא איז נעביך ארויסגעלאפען מיט א לאנגער נאָז.

256טעס קאפיטעל.

## דער אנפאַנג צו ענטדעקען דיא געהיימניסע.

— דוא ווייסט פעדאָסיא וואס איך וויל הייטע טהאן? — האט געזאגט יאניק קאבאנאוו צו זיין פרוי נאכדעם אז ער האט אפגעגעסען דינער און איז א פאר מאל דורכגעגאנגען הין און צוריק פערטראכט איבער דעם צימער.

— פון וואנען זאל איך וויסען וואס דוא דענקסט צו טהאן — האט פעדאסיא געענטפערט.

— דוא האָסט שוין גאר פערגעסען דאס וואס מיר האבען גערעדט.

— וואס מיינסט דוא יאניק?

— דאס וואס מיר האבען גערעדט ווענען דעם גראף דאנילאוו.

— דוא מיינסט געוויס דאס וואס מיר האבען אפגערעדט אז מיר זאלען שלמה פיין אדער מאריס וואהרהאפטיג ניט אויסזאגען אז אנטאן איז שלמה׳ס זוהן, ביז זיי וועלען אונז געבען צעהן טויזענד רובעל.

— ניט דאס מיין איך.

— וואס דען האבען מיר גערעדט?

— ציגענע קאָפּ וואס דוא ביסט! — דוא האסט שוין אזוי גיך פערגעסען אז ביי אונז איז געבליבען, איך זאל פאהרען צו דעם גראף און איהם דערצעהלען ווער זיין פאטער איז, דאביי זאלען מיר פון איהם פערלאנגען א גרויסע סומע געלד דערפאר וואס מיר וועלען קיינעם ניט אויסזאגען אז ער איז א יודיש קינד.

— אזוי? דאס מיינסט דוא? נו, דאס געדענק איך דאך.

— זאג קיין ליגען ניט פעדאסיא, דוא האסט דאס פערגעסען איך האב דיר שוין לאנג געזאגט אז דוא האָסט א קאצענקאָפּ.

— אבער איך פערשטעה גאר ניט ווארום זידעלסט דוא זיך אזוי? און אז מען פערגעסט א מאל אזא קלייניגקייט איז וואס.

— א קליינינקייט איז דאס ביי דיר? דוא פערגעסט אז מיר קענען דא א חאפּ טהאָן שעהנע עטליכע טויזענד רובעל מיט איין קלאפּ.

— נו, איז דען יעצט שוין פערפאלען?

— עס איז נאך ניט פערפאלען, לאנג לעבען זאל מיין קאָפּ דערפאר וואס ער פערגעסט ניט דאס וואס מען מוז געדענקען. ביי מיר איז געבליעבען איך זאל הייטע פאהרען נאך דאנילאווקא און ווענען דעם ריידען מיט דעם גראף.

— נו. פאָהר געזונדער הייט.

— א פרוי בלייבט א פרוי — האט יאניק בייז געזאגט — אט האט זיא זיך מיט א קאלטען לונג און לעבער אויסגערעדט פאָהר געזונדער הייט, עפּעס דאַרף

מען זיך דאך עפּעס בעראטהען וואס מען זאל מיט דעם גראף ריידען. ער איז טאקע א זאהן פון א זשיד, אבער יעצט איז ער דאך פּאָרט א גראף. מיט אזעלכע לייט דארף מען וויסען וויא צו ריידען.

— נו, ווייסט דוא דאך שוין וואס דוא האסט מיט איהם צו ריידען?

— ניין, איך וויים ניט. דוא דארפסט דאך פערשטעהן, אז עס טויג ניט אזוי ארייננעהן צו איהם און זאגען: איהר זאָלט וויסען, הערר גראף, אז איהר זייט א זאָהן פון א אידען, און אויב איהר וועט מיר קיין געלד ניט געבען וועל איך דאס אַלעמען דערצעהלען. ער וועט מיך אנקוקען וויא א משוגענעם און וועט גע= ווים הייסען זיינע קנעכט זיי זאָלען מיר דיא ביינער צוברעכען. דיר וועט דאך ניט וועה טהאָן. דוא וועסט זיך דא זיצען רוהיג און וועסט ראָמאַנסירען מיט דער פלע= שעל שנאפּס.

— עפּעס האסט דוא זיך אנגעהויבען צו מיר שטארק צו טשעפּען — האט פּיאדאסיא צאָרניג געזאגט — ווילסט דוא פאהרען, פאהר, און אויב דוא האָסט מורא פאר דיינע ביינער זיץ אין דער־היים.

— אָט האסט דוא דיר, הייסט זיא מיר שוין זיצען אין דער=היים. נו, און וועגען דיא טויזענדער רובעלס וואס מיר וועלען דאדורך פערליערען, ארט דיך גאָר ניט?

— נו, וואס־זשע טראכסט דוּא אזוי לאנג? מען נעהמט און מען פאהרט.

— מען נעהמט און מען פאהרט, און מיינע ביינער זאָל איך טאקע נאך דיין גוט הערץ איינשטעלען?

— אבער זאג מיר, יאניק, וואס ווילסט דוא פון מיר האבען? וויא איך וועל דיר זאגען וועט דאך דיר ניט געפעלען. נו, טאָ טהו וויא דוא פערשטעהסט אליין.

— ווען איך זאל קיין ווייב האבען וואָלט איך קיין אנדער ברירה געהאט און וואָלט געטהאָן וויא איך פערשטעה, אבער וויא באלד אז איך האב דיך גענומען זיך, מוז איך מיך מיט דיר בעראָטהען.

— וואס=זשע פערלאַנגסט דוא פון מיר?

— עפּעס האלטסט דוא דאָך זיך פאר א קלוגע פרוי? דוא זאגסט בעד־ שטענדיג, אז מיין גליק איז וואס איך האב דיר פאר א ווייב; ווען ניט דוא, וואָלט איך מיך שוין לאנג געוואלגערט אין אלע רינשטאָקען. נו, בעווייזזשע יעצט דיין חכמה און גיב מיר א ראטה וואס איך זאָל יעצט טהאָן?

— מיין ראטה איז, דוא זאָלסט פאהרען.

— נו, און וועגען מיינע ביינער ארט דיך גאר ניט?

— האב קיין פּורכט. דיינע ביינער וועלען זיין גאַנץ, ווען דוא וועסט נור שכל האבען וואס צו ריידען.

— בעוויז מיר אז דוא ביסט ווירקליך א קלוגע, און לערען מיך וויא איך זאל ריידען.

— ווען דוא וועסט זיך לאָזען לערנען, וועל איך דיר ישוי' זאגען וואס דוא האָסט צו טהאָן.

— נאררישע פרוי, וואס דוא ביסט! דוא הערסט דאָך, אז איך פרעג דיך אום א ראטה; דאס איז דאָך א בעוויין, אז איך וויל דיר געהאָרזאם זיין.

— מיין ראטה איז, דוא זאלסט אזוי טהאן: פאהר צום גראף. אז דוא וועסט קומען אהין זאָלסט דוא זיך גאנץ ריין איינוואשען און זאלסט אנטהאן דיין יום־טוב׳דיגען ראָק מיט א ווייסע העמד וואס איך וועל דיר מיטגעבען.

— נו, דאס פערשטעהט מען אהן דיין עצה, אז צום גראף קען מען ניט אריינגעהן אין פערשמוצטע קליידער. — וואס ווייטער?

— ווען דוא וועסט שוין זיין אנשטענדיג אנגעצוינען, זאלסט דוא געהן צום גראפס פאלאסט און זאלסט בעטען דעם דיענער ער זאל ראפארטירען דעם גראף, אז דער געהיים־ראטה יאניק קאבאנאוו אויס מאסקווא ווינשט מיט איהם צו שפרעכען. ער וועט מיינען אז דוא ביסט עפּעס א רעכטער מענש, וועט ער געוויס גלייך הייסען דיך אריינלאזען.

— אויף דעם האב איך אליין אויך שכל. נו, וואס ווייטער?

— ווען דוא וועסט שוין דארפען צו איהם אריינגעהן, זאלסט דוא דיין הוט מיט דיין שטעקען מיט דיין אויבער־ראָק איבערלאזען אין קארידאר. דוא זאלסט דאן גוט אבווישען דעם נאז און זיך אויסהוסטען.

— פוסטע זאכען! — האט יאניק בייז געזאגט — דאס וויים איך אלץ אהן דיר. איך וויל הערען דיין עצה, וויא איך זאל מיט איהם אנהויבען וועגען דעם צו ריידען.

— איך וועל דיך שוין אלץ אויסלערנען. שטעהר מיר נור ניט אין ריידען. ווען דוא וועסט שוין אריינגעהן צום גראף אין צימער, זאלסט דוא בלייבען שטעהן אין טהיר און זאלסט זיך זעהר טיעף פערביינגען און זאגען גוט־מארגען.

— וויא וועט אבער זיין, ווען איך וועל צו איהם אריינקומען ביי נאכט?

— דאן זאלסט דוא זאגען גוטען אבענד.

— נו, וואס ווייטער?

— ער וועט דיר געוויס ענטפערען גוט־יאהר און וועט דיך פרעגען וואס דוא פערלאנגסט, זאלסט דוא צוגעהן א פאר טריט נעהענטער, זאלסט זיך נאך אמאל טיעף פערביינען און זאלסט זאגען: הערר גראף....

— נו? — האט יאניק נייגיעריג געפרעגט.

— ווייטער דארפסט דוא אליין שכל האבען וואס צו זאגען.

— דאס איז דיא חכמה וואס דוא האסט מיך געוואלט לערנען? — א שעה־נעם דאנק דיר מיין זיסע ראטה־געבערין פאר דיין עצה. איך וועל זאגען הערר גראף און אויסגלאָצען אויף איהם א פאר אויגען, ניט וויסענדיג ווייטער וואס צו ריידען.

— דאס וויל איך דאך דיר לערנען וואס דוא זאָלסט ריידען. שלאָג־זשע מיר אין מיטען ניט איבער.

— נו, לערן מיך שוין, לאמיך הערען ווערטער — האט יאניק שטארק אונגע־דולדיג געזאגט.

— דוא זאלסט א הוסט טהאן און זאלסט זאגען: הערר גראף! איך בעט אייך טויזענד מאל אום פערצייהונג, דערפאר וואס איך וויל אייך ענטדעקען א גרויסע געהייםניס. ווען דער גראף וועט דיא ווערטער דערהערען, וועט ער פער־שטעהן אז דוא האסט איהם עפּעס וויכטיגעס צו זאגען, וועט ער דיך באלד בעטען זיצען און וועט דיר הייסען דוא זאלסט איהם דיא געהייםניס דערצעהלען.

— נו, וואס ווייטער?

— וואס ווילסט דוא מיט דיין ווייטער און ווייטער? — האט פיאראסיא מיט כעס געזאגט — דוא ביסט דאך שוין ניט קיין קינד, מען זאל דיר דארפען יע־דעס וואָרט איין מויל אריינלייגען?

— אויף דעם אלעם האב איך דאך אליין אויף שכל געהאַט. וואס־זשע האסט דוא זיך אונטערגענומען מיר צו געבען א קלוגען ראטה?

— שא! מיר איז עפּעס איינגעפאלען — האט פיאראסיא נאכדענקענד גע־זאגט — דוא מעגסט זיך טאקע בעריהמען, יאניק, אז דוא האָסט א קלוגע ווייב.

— נו, לאמיך שוין אמאל הערען דיין קלוגשאַפט.

— ווען דער גראף וועט דיר הייסען דוא זאָלסט איהם דיין געהייםניס פער־טרויען, זאלסט דוא נאך אמאָל א הוסט טהאן.

— יעזוס מאריא! — האט יאניק אויסגערופען — ווייטער הוסטען און וויעדער הוסטען. מיר וועט דאך טרוקען ווערען אין האלז הוסטענדיג. ו ו ע ר ט ע ר! זאג מיר וואס פאר אַ ווערטער איך זאל ריידען, דען פון דיא הוסטענעש וועט נאר ניט ווערען.

— לאז מיך ענדיגען — ווארום שלאנסט דוא מיר אין מיטען איבער? — האט פיאראסיא פערדריסליך געזאגט — מיר וועלען דאך קיין מאל צו קיין ענדע קומען.

— נו, א סוף! איך וועל שווייגען, אבער דוא זאָלסט מיר מעהר ניט ריידען פון הוסטען.

— נאררישער מענש, וואס דוא ביסט! ווען מען שטעהט פאר אזא גרויסען גראף ווערט מען אזוי דערשראָקען, אז עס הוסט זיך אליין. שלאג־זשע מיר שוין ניט איבער וועל איך דיר זאגען וואס דוא זאלסט ווייטער ריידען. ווען דוא ועסט זיך צום דריטען מאל נוט אויסהוסטען, זאלסט דוא זאגען אביסעל שטאָל־צער: גנעדיגער הערר גראף! איך בין אייך געקומען זאגען, אז א מענש וויל אייער נאמען פערשמוצען. דער גראף וועט דיך פערוואונדערט אנקוקען און וועט פרעגען ווער עס וויל איהם פערשמוצען, דאַן זאלסט דוא איהם דערצעהלען, אז יענער מענש האט ערפאהרען פון א ריכטיגע קוועלע, דאס ער, עס הייסט דער גראף, איז א זשיד׳ס א זאָהן און ער האט דאס געוואָלט אלעמען דערצעהלען. אבער דוא האָסט איהם געבעטען ער זאָל שווייגען און האסט איהם פערשפּראָכען אויסצו־ווירקען ביי דעם גראף ער זאל געבען א גרויסע סומע געלד, דערפאר וואס מען וועט דיא גע־הייםניס פערשטיקען. נו, איז דאס א שלעכטע עצה?

— דאס איז אפילו ניט שלעכט, אבער דער גראף וועט זיך דאך וואונדערן, וויא קומט דאס, וואס איך, א פרעמדער מענש אינטערעסיר מיך אזוי פאר איהם און דערלאז ניט מען זאָל זיין נאמען שמוצען?

— ניין, יאניק, דוא האסט אן אירטהום. דער גראף וועט באלד פערשטעהן, אז יענער מאן וואס האט דיא געהיימנים ערפאהרען ביסט דוא דאס אליין, און ער וועט דיך אבשיכען מיט געלד, אבי דוא זאָלכט שווייגען.

— אבער ער וועט דאך מיר ניט גלויבען אז ער איז א אידענס א זאהן, ווייל ער אליין ווייס דאך אויך פון דער געהיימנים ניט.

— ווען ער וועט דיר ניט גלויבען, וועסט דוא איהם שטעלען מיין מאמען פאר אן עדות.

— און אז ער וועט דיין מאמען אויך ניט גלויבען?

— איהר וועט ער מוזען גלויבען, דען ביי מיין מאמען געפינט זיך א בריעף וואס דער אלטער גראף האט געשריעבען צו זיין ווייב, אלס ער האט איהר דורך מיין מאמען דאס אידישע קינד אבגעשיקט.

— וויא קומט צו איהר דיעזער בריעף?

— דוא דארפסט וויסען, אז מיין מאמע איז פון שטענדיג אָן געוועזן זעהר קלוג. איהר איז נאך דאמאלס איינגעפאלען דער געדאנק, או אזא בריעף קען איהר אמאל צונוצען קומען, דארום האט זיא איהם איבערגעלאזט ביי זיך און האט גע־זאגט דער גרעפין, אז זיא האט דעם בריעף פערלארען.

— וואס שטעהט דען אין דעם בריעף?

— אין דעם בריעף בעשרייבט דער גראף פאר זיין פרוי דיא גאנצע געשיכטע, וויא מיין מוטער האט פון זיינטוועגען דאס אידישע קינד גע'גנב'עט און ביי איהם איז פעסט בעשלאסען געווארען, ער זאָל דאס קינד אלס זיינס ערציהען אונטער דעם נאמען אנטאָן פעליקס. ער בעט איהר, אז זיא זאָל דאס קינד אויך אלס איהר איינענס בעטראכטען, און זאָל איהם אלס גוטען קריסט ערציהען. דערפאר וועט זיי גאט העלפען, זיי זאלען האבען איינענע קינדער.

— אזוי? געפינט זיך אזא בריעף ביי דיין מאמען?

— יא.

— וועט זיא איהם מיר אבגעבען?

— דאס ווייס איך ניט, נור אז דער גראף וועט זיך וועלען אין דעם איבער־ציינען, קען זיא מיט דעם בריעף קומען צו איהם און איהם ציינען.

— יא, דאס איז אלץ גוט ווען דאס וועט אבגעהן גלאט און רוהיג, וויא דוא זאגסט. וויא וועט אבער זיין, ווען ער וועט אויף מיר ווערען אין כעס און וועט מיר פארט דיא ביינער צוברעכען?

— וואס האסט דוא אזוי מורא פאר דיינע ביינער? היינטיגע צייטען ברעכט מען ניט א מענשען דיא ביינער גלאט אומזאנסט. האב גאר קיין מורא ניט, יאניק, דיר וועט קיין שלעכטס געשעהן.

— זאנסט דוא איך זאל פאָהרען?

— יא.

— טאקי היינט?

— וואָס פריהער איזב עסער, וועלען מיר ניכער רייך ווערן.

— נוט מיין ציענעלע! איך פאָלג דיר און פאָהר נאך היינט אוועק נאך דאַ־נילאָווקא — האט יאניק מיט א פערגניגט שמייכעל נעזאגט.

257טעם קאפיטעל.

## דיא גרעפין מאַריאַ און אדעלאַ'ס בריעף.

דיא גרעפין מאריא איז שוין זאָ ווייט געזונד געוואָרען, דאס זיא האט געקענט גרינזאננס הויז פערלאזען. אָבער סאבינא האט איהר ניט אבגעלאזט פון זיך און האט זיך מיט אלע קרעפטען בעמיהעט, דער אונגליקליכער צו מוטהינען און צו שטארקען.

ניט סאבינא און ניט גרינזאננ האבען ערוואַרטעט פון דער גרעפין אזא פער־צווייפלונג צו זעהן איבער דעם טוידט פון דעם מאַן, וועלכער האט זיא זא מערדעריש בעהאנדעלט. זיי האבען זיך ערשט איבערציינט וויא שטארק מאריא האט איהר מאן געליעבט. זיא איז פון דער מינוט וואָס זיא האט ערפאהרען, אז דאנילאוו איז געשטאָרבען איינפאך אויס מענש געוואָרען. איהרע אויגען האבען ניט אויפגעהערט צו רעגנענען מיט טרערען.

אומזאנסט האבען סאבינא אויך גרינזאננ זיך דיא גרעסטע מיהע געגעבען מאריא'ן צו טרייסטען, זיא האט פון טרייסט ווערטער גאר ניט געוואָלט הערן. זיא האט אלץ געזאגט, אז איהר מאן וואר דער בעסטער מענש אין דער וועלט, נור שלעכטע ניעדערטרעכטיגע מענשען האבען איהם דורך אינטריגען דעם קאָפּ פער־דרעהט און דיא אויגען פערבלענדעט, דאס ער האט אליין ניט געוואוסט און ניט געזעהען וואָס ער טהוט.

דער עדעלער מאריא'ן איז זעהר אונאננענעהם געווען צו זיצען ביי גרינזאננ'ן אין הויז. דאס געוויסען האט איהר זעהר געפלאגט, וואָס זיא בעלעסטיגט דיזע עדעלליים. אבוואָהל זיא האט פון זיי נור פעטערליכע צערטליכקיים געזעהען, דארום האט זיא זיך זעהר געפרעהט, אלס דיא מאדאם געלידאָוו איז צו איהר געקומען און האט זיא געבעטען זיא זאל געהן צוריק צו איהר א היים אויף דער אלטער שטעלע. זיא האט גלייך געענטפערט, אז מיט פערגניגען ווען זיא צוריק איהר שטעלע בע־טרעטען.

סאבינא מיט גרינזאננ'ן זיינען געווען שטארק בייז אויף דער מאדאם געלידאָוו דערפאר, וואס זיא נעהמט זייער ליעבלינג פון זיי צו, אבער זיי האבען צו דעם גאר ניט געקענט העלפען. מאריא האט ווייטער פאר קיין פאל ביי זיי אין הויז געוואָלט פערבלייבען און נאכדעם, אז זיא האט סאבינא'ן וויא איינער אלטער צערטליכער מוטער געקוסט און איהר געדאנקט פאר דיא פיעלע גוטעס וואָס זיא האט איהר ערציינט, האט זיא פון איהר און פון גרינזאננ'ן אבשיעד גענומען און איז מיט דער מאדאם געלידאָוו אוועקגעגאנגען.

דיא מאדאם נעלידאָוו, וואר זעהר צופריעדען מיט דעם וואָס זיא האט דער גובערנאנטין צוריק אין איהר הויז נעבראכט. ערשטענס, דערפאר וואס זיא האט דיעזער גובערנאנטין אויך ליעב געהאט וויא אן אייגען קינד, צווייטענס, האט זיא נעוואָלט אדעלא'ן קריינקען דערמיט: „זאל דיא אונפערשעמטע זעהן, אז איהרע ווערטער. האבען ביי מיין זוהן קיין ווערטה און אוים פערדרוס, זאל זיא איהם ניט מעהר וועלען קענען", האט זיא זיך געטראכט.

אויך וולאדימיר נעלידאָוו, וואר זעהר צופריעדען מיט סוסאנא'ס צוריקקומען. ער האט איהר זיין פריידע וועגען דעם אָפען אויסגעדריקט.

דיא אורזאכע פון איהר פלעצליכע קרענק, האט זיא ניט געזאגט. זיא האט נעגען איהר געוואהנהייט זיך בענוצט מיט א ליגען און האט ערקלערט, דאס איהר איז פלוצלינג ניט גוט געוואָרען און זיא איז ביי גרינזאנג'ן אין הויז אין אהנמאכט געפאלען.

דער מאדאם נעלידאָוו, וויא אויך וולאדימיר'ן איז זעהר אויפפאלענד געוואָרען, דאס וואָס סוסאנא איז פאסט מעלאנכאָליש געוואָרען; דען אויך קומענדיג צו זיי אין הויז האט זיא אויסגעזעהען זעהר בעזארגט און פערטראכט, מאנכעס מאל האט מען איהר געטראָפען מיט פערוויינטע אויגען. זיי האבען פערשטאנען, אז מיט איהר האט עטוואָס פאסירט, אָבער וואָס דאס אלעס בעדייט האבען זיי ניט געוואגט צו פרעגען. עפעס האבען זיי צו דיעזער גובערנאנטין געפיהלט א גרויסע אכטונג, וויא פאר א גרויסער געאכטעטער פערזאָן.

מאריא האט זיך זעהר געוואונדערט, אלס עס זיינען צוויי טעג פערגאנגען און זיא האט דא ניט בעמערקט נעלידאָוו'ס כלה און האט אויך וועגען איהר ניט איין ווארט געהערט ריידען. זיא האט אבער קיינעם ניט געפרעגט דיא אורזאכע פון דעם.

איהר איינציגע טרייסט איז יעצט געוועזען איהר קינד, וועלכעס האט זיך גע־פונען ביי זעהר א גוטע אממע, וואס דיא מאדאם גרינזאנג האט אויסגעפונען. צוויי מאל אין טאג האט זיא איהר שעהנער ליזא'ן בעזוכט און איהר ליעבע צו דעם קינד, האט זיך יעצט בעדייטענד פערגרעסערט, ווייל זיא האט אין איהר געזעהען דאס בילד פון איהר אונגליקליכען מאן אנטאָן.

הייסע טרערען פלעגט זיא פערגיעסען, אלס זיא האט דאס קינד צוגעדריקט צו איהר ברוסט. זיא פלעגט זיך דאביי דערמאנען אן יענע גליקליכע טעג ווען זיא האט מיט אנטאָנען זאָ גליקליך געלעבט און האט זיך דאן געפיהלט וויא אין גן־עדן.

אָ פערשוואונדען זיינען יענע גליקליכע האָניג־זיסע טעג און עס איז מעהר קיין האפנונג דאָ זיי זאָלען זיך אמאל אומקעהרען. זיא האט זיך זעלבסט גוט געקענט און האט געוואוסט, דאס קיין מאנספערזאָן איז אין שטאנד זיך אין איהר ברוסט זא איינצרוואורצלען, וויא אנטאָן האט זיך דארט איינגעוואורצעלט.

דער צוקונפט האט פאר איהר פאָרגעשטעלט, וויא א ווייטע וויסטע, וואו סיין בלומעלע, קיין גרעזעלע איז צו זעהן. זיא האט זיך אליין בעטראכט, וויא אן אבגעלעבטע פרוי פאר וועלכער דיא וועלט האט שוין קיין אינטערעסע און זיא

זעהט פאר זיך גאנץ נאהענט דעם שווארצען גראָב, וועלכער וועט פערדעקען איהר פערגאנגענעס לעבען.

זיא איז איין מאָל אריינגעקומען צו נעלידאָוו'ן אין צימער אום צו שרייבען דאָרט א בריעף צו איהרע אן אלטע פריינדין.

זיא האט אנגעהויבען צו זוכען א לעדיג בוינגעלע פאפיער, אבער זיא האט אויף דעם טיש ניט געפונען. איהרע בליקען זיינען געפאלען אויף א קאָרב, וואָס איז געשטאנען אין א ווינקעל און איז געווען אנגעפילט מיט פאפיער.

זיא איז צוגעגאנגען צו דעם קאָרב, האט דאָרט אנגעהויבען צו זוכען א לעדיג ביינגעלע פאפיער, אָבער זיא האט ניט געפונען.

— וואס איז דאָס ?

זיא איז אויסער זיך געווען, אלס זיא האט אנגעטאפט א בריעף אין א פער־זינעלטען קאָנווערט אין דער קאָנווערט וואר געשטעמפעלט מיט דעם הערב פון'ם גראף דאנילאוו.

— ווער האט געקענט דעם בריעף אנשרייבען ? — האט זיא זיך געקלערט בעטראכטענד דעם בריעף פון אלע זייטען.

דיא האנדשריפט וואָס דיא אדרעסע וואר אנגעשריעבען איז געווען א פרויענ־האנדשריפט, זעהר עלעגאנט.

— וועלכע פרוי האט זיך געקענט בענוצען מיט דעם קאנווערט פון מיין מאן ? — האט זיא ערשטוינט אויסגערופען — איך מוז פרעגען נעלידאָוו'ן, ער וועט דאס מיר געווים זאגען.

זיא האט נאך אמאל דעם קאָנווערט בעטראכט. ער איז געווען פערזיעגעלט, מען האט נאך דעם בריעף וואס ליעגט אין איהם ניט געלעזען.

— וואס זאל דאס בעדייטען ? ווארום האט נעלידאוו דעם בריעף ניט גע־לעזען ? — האט זיא זיך זעלבסט געפרעגט — פיעללייכט איז ער דורך א פעהלער אין דיעזען קאָרב אריינגעפאלען און נעלידאוו ווייס גאר פון איהם ניט. איך וועל איהם נעלידאוו'ן אבגעבען, אדער איך וועל איהם אוועקליינען דא אויף דעם טיש וועט ער איהם אליין געפינען.

אבער ווער האט פאַרט דעם בריעף געקענט שרייבען אין מיין מאנס א קאנ־ווערט ? — האט דיא זיך ווייטער געפרעגט — פיעללייכט האט יעמאנד פון זיין הויף ערפאהרען אז איך בין דא און האט עטוואס ווענען מיר אריינגעשריעבען צו נעלי־דאוו'ן ? דאס איז זעהר מעגליך. ווער ווייס, וואס מען האט דא געשריעבען. עס קען זעהר זיין, אז דא האט מען נעלידאוו'ן בענאבריכטעט אז איך בין זעהר אונ־ארענטליך, און איך האב הינטער מיין מאנס פלייצעס געשעפטען מיט פרעמדע יונגע לייט. עס קען זיין, אז דיעזעלבע מיינונג וואס אנטאן האט ווענען מיר געהאט, האבען אויך אלע זיינע מענשען, און ווען יעמאנד האט צו נעלידאָוו'ן אזעלכעס גע־שריעבען, וועט ער מיך בעטראכטען אלס א ניעדערטרעכטיגע פרוי און וועט מיך פון זיין הויז מיט שאנדע פעריאגען. ער וועט זעהר גערעכט זיין, דען וועלכער

ארטנטליכער מאַן וועט דאס וועלען ליידען, אז א ניעדערטרעכטיגע פרוי זאל זיין א לעהרערין ביי זיינע קליינע שוועסטער?

ניין! איך וועל איהם דעם בריעף ניט אבגעבען. איך מוז איהם עפענען און זעהן, וואס מען האט דא וועגען מיר געשריעבען.

וואס? עפענען א פרעמדען בריעף? — האט זיא זיך זעלבסט פאָרווירפע געמאכט — וויא קום איך צו אזא שענדליכען געדאנק? עס מעג זיין וואס עס וויל, איך וועל איהם דעם בריעף אבגעבען.

זיא האט אוועקגעלייגט דעם בריעף אויפ׳ן טיש און האט געוואלט אוועק־געהן, אבער זיא איז דאָך שטעהן געבליעבען.

— אויב מען האט ווירקליך וועגען מיר אין דיעזען בריעף שלעכטעס געשריעבען, מאַך איך דאָך זיך אליין צו שפּאָט און צו שאַנד — האט זיא זיך געטראכט — און דאס וועט פון מיר דיא גרעסטע דומהייט זיין ווען איך וועל דערצו דערלאָזען, וועהרענד איך קען אזא שאנדע אויסמיידען.

זיא האט דעם בריעף צוריקגענומען.

— איך וועל איהם נאר פערברענען—האט זיא זיך בעשלאָסען - ניטאיך, ניט ער, דאַרפען זעהן וואס אין דיעזען בריעף שטעהט.

זיא איז מיט דעם בריעף אריינגעלאָפען צו זיך אין צימער.

258טעס קאַפּיטעל.

## אַ שעהנע מעשה.

אום דריי אוהר נאכמיטאגט האט בת־שבע אנגעקלונגען ביי דעם גענעראל־גובערנאטאר אין דער טהיר־גלאָקע.

א שווייצאר האט דיא טהיר געעפענט, און אלס זיא האט איהם איהר נאמען געזאגט, האט ער זיא גלייך אריינגעפיהרט אין א פּרעכטיגען סאַלאָן און האט איהר דאָרט געהייסען וואַרטען.

עס זיינען קיין פינף מינוטען איבערגעגאנגען, האט זיך דיא טהיר געעפענט און דער גראַספּירסט איז אין דעם זעלבען סאַלאָן אריינגעקומען.

בת־שבע איז פון איהר אָרט אויפגעשפּרונגען.

— זייט מיר ווילקאָמען, באַראָנין פאָן פליעגענדאָרף! — האט דער גראַס־פּירסט מיט א פריינדליכען שמייכעל געזאגט איהר דיא האַנד רייכענד — איך מוז אייך זאָגען אז איהר האט מיך געסטערן מיט אייער ערשיינונג אין מיין הויז אי־בערראַשט, ווייל איך האב גערעכענט אז איהר זייט שוין לאַנג אין אויסלאַנד.

— עס האבען זיך פערשיעדענע הינדערניסע געמאכט וואס האבען מיך ניט געלאָזט פון דאַנען פאָהרען — האט בת־שבע געענטפערט — וויא איך זעה יעצט, דאַרף א מענש קיינע שמערצען האבען פון דעם, וואס דער צופאל מאכט איהם הינדערניסע אין זיין וועג, דען דיא פאָרזעהונג שפּיעלט מאַנכעס־מאל מיט דעם מענשען אזא קאָמעדיע, אום ער זאָל א געוויסע מיסיאָן אויספיהרען.

— קענען זיי מיר, באַראָנין, דייטליכער זייערע ווערטער ערקלערען? — האט דער גראַספּירסט נייגיעריג געזאגט.

— יא, גראספירסט, איך וועל דאס אייך דייטליך ערקלערען. איך האב פון דיא הינדערניסע וועלכע האבען מיר מיין וועג געשטערט פיעלע שמערצען געהאט. יעצט אבער האב איך פון דעם פערגעניגען, דען דורך דעם וואס איך בין דא גע־בליעבען האב איך זעהר א וויכטיגע זאך ענדעקט. אזא זאך וואס קען פיעלע אונ־שולדיגע מענשען פון גרעסטען אונגליק רעטען, דאגעגען אבער פיעלע מערדער קען זיא זייער פערדינטען לאהן בעצאהלען.

— איך האב נאך אלץ דיא עהרע ניט אייערע ווערטער צו פערשטעהן, באַ־ראָנין, — האט דער גראַספירסט געזאגט.

— דא איז אזא געשיכטע — האט בת־שבע נאך א קורצער פויזע געזאגט־פערט — אלס איך האב בעדארפט צוריק אהיים פאהרען האט יעמאנד מיין גאנץ געלד פון מיין צימער צוגענומען. זעלבסטפערשטענדליך, אז איך האב שוין ניט גע־קענט פאהרען. ניט אזוי צוליעב דעם געלד וואס מען האט פון מיר צוגענומען, וויא צוליעב אן אנדער זאך. דער דיעב האט צוזאַמען מיין געלד אין איין גאנג צוגענומען א גאלדענעם מעדאליאָן וואס מיר איז פערבליעבען פון מיין מוטער. פאר דיעזען מעדאליאָן וואָלט איך א מיליאן רובעל ניט גענומען, דארום האב איך זיך פעסט בעשלאָסען דא אזוי לאנג צו בלייבען, ביז איך וועל דעם מעדאליאָן צוריק בעקומען. איך האב זיך גלייך געווענדעט צו דער פאליציי און דארט האט מען מיר פערזיכערט, אז אין פערלויף פון אכט טאג וועט מען דעם דיעב אויסגעפינען. פאר מיר אין דיא אויגען האט דער פאליצמייסטער געהייסען א געהיים־פאָליציסט מיט דעם נאמען מיכאאיל ברענער, ער זאל אלע קרעפטען אנווענדען דעם דיעב אויס־צוגעפינען. ברענער האט זיך זעהר געפרייט מיט דער ארבייט וואס מען האט איהם געגעבען און ער האט פערשפראָכען אלעס מעגליכעס צו טהאן און דעם איינברעכער אין זיין געץ דערטאפען.

— איך האב געוואלט דיעזען געהיים־פאָליציסט נאך מעהר ענערגיש צוגעבען, ער זאל אין זיין ארבייט נאך פלייסיגער זיין, דארום האב איך איהם פערשפראָכען א גרויסע סומע צו געבען ווען איהם וועט געלינגען מיר מיין מעדאליאָן צוריקצוגע־בען. איך האב ביי זיך אין נאטיץ־ביך אויך זיין אדרעסע פערשריעבען און בין רו־הינער צוריק נאך מיין קווארטיר געגאנגען.

אלס עס זיינען צוויי טעג איבערגעגאנגען און דער דעטעקטיו האט זיך צו מיר ניט געוויזען, בין איך זעהר אונרוהיג געווארען, און האב מיך בעשלאסען איהם א בעזוך מאכען.

אלס איך בין צו איהם אין הויז געקומען, האב איך איהם ניט געטראָפען. זיין דיסטמעדכען האט מיר געזאגט אז ער דאַרף באלד קומען, דארום בין איך געבליעבען דאָרט ווארטען אין א בעזונדער צימער.

א גאנצע פיערטיל שטונדע האב איך געווארט. פלוצלינג האב איך דערהערט וויא דיא טהיר פון דעם פאָר־צימער האט זיך געעפענט און צוויי מענער־שטימען האבען הויך גערעדט.

— איז ביי דיר יעצט קיינער דא, ברענער? — האט א שטארקע מענער־שטימע געפרעגט.

— ווער זאל דען ביי מיר זיין? — האט דער צווייטער געענטפערט — קומט אריין פאלקאווניק אינ׳ם זאל, וועלען מיר אונגעשטערט ריידען.

מיר איז א גרויסער וואונדער געווען וואס דאס דינסטמעדכען האט זיי ניט געזאגט אז א פרעמדע דאמע ווארט דא. איך האב פערשטאנען, אז זיא האט זיך נאר געמוזט אן מיר פערגעסען.

דיא ביידע מענער זיינען אריינגעקומען אין דעם סאלאן וועלכער וואר אבגע־טהיילט פון דעם צימער וואו איך בין געזעסען נור דורך א דינע וואנד, דארום האב איך אונווילענד געהערט אלעס וואס זיי האבען גערעדט. איך מוז אייך זאגען, גראספירסט, דאס זייט איך לעב בין איך אין אזא שרעק ניט געווען וויא אין יענער שטונדע וואס איך האב אין ברענער׳ס קאבינעט פערבראכט און האב געהערט דיא שרעקליכע ווערטער וואס זיי האבען גערעדט. איך האב פון זייער געשפרעך ער־פאהרען אז זיי זיינען ביידע מערדער.

— מערדער? — האט דער גראספירסט ערשטוינט געפרעגט.

— יא, גראספירסט, זיי זיינען ביידע מערדער. איך האב געהערט וויא ברע־נער האט געזאגט צום צווייטען: „איך קען נאך צו זיך ניט קומען פון יענער שרעק־ליכער סצענע. דער ערמארדעטער וואהרהאפטיג שטעהט מיר פאר דיא אויגען. איך האב דיא גאנצע נאכט ניט געקענט שלאפען, אלס איך האב זיך דערמאנט, וויא ער האט זיך געצאפעלט און געבאדען אין זיין בלוט.

— דאס איז דערפאר וואס איהר זייט א זשיד — האט דער צווייטער לאכענד געענטפערט — דיא זשידעס אין אלגעמיין דערשרעקען זיך פאר בלוט. יעצט פער־שטעה איך, ווארום איהר האט קיין אנטהייל געוואלט נעהמען אין דעם מארד און האט דיא גאנצע ארבייט איבערגעלאזט אויף אונזערע הענד. איך גלויב אבער, אז דערפאר וואס איהר האט אונז ניט מיטגעהאלפען און זייט דיא גאנצע צייט געוועזן נור א שטומער ציינע פון דער בלוטיגער סצענע, דארפט איהר קיין טהייל נעהמען פון דעם געלד וואס מיר האבען פון וואהרהאפטינ׳ס הויז צוגענומען.

— איך פערלאנג פון אייך גאר ניט, פאלקאווניק — האט ברענער געענט־פערט — דען דאס געלד וועט אימער וויא א שווערע לאסט ליגען אויף מיין געוויסען.

— אז איהר פערלאנגט גאר ניט זייט איהר געוויס א גוטער ברודער — האט דער צווייטער געזאגט — מאלאיעוו האט טאקע אנגעזאגט, מען זאל אייך ניט איין קאפיקע געבען. איך גלויב, אז איהר וועט אלץ איינס מויל האלטען. דען איהר וועט ניט פערגעסען, דאס דער מענש וואס קוקט גלייכגילטיג צו א מארדטהאט, דער ווערט בעשטראפט אלס גלייכער מערדער מיט דיא אלע וואס האבען דעם מארד בעגאנגען.

— איהר קענט גאנץ זיכער זיין, אז איך וועל שווייגען — האט ברענער פער־זיכערט.

איהר שטעלט אייך פאר, גראספירסט, וויא ערציטערט איך בין געווארען אלס

איך האב דיעזע ווערטער געהערט? מיר איז איינגעפאלען דער געדאנק, אז ווען דיעזע צוויי מענשען וועלען מיך טרעפען דא אין צימער און וועלען פערשטעהן אז איך האב זייער געשפרעך געהערט, וועלען זיי מיך דא אויף דער שטעלע ערמארדען, אום איך זאל ניט אויסזאגען וואס איך האב געהערט.

מיר איז פיעל לייכטער געווארען, אלס איך האב געהערט וויא דער צווייטער האט געזאגט: אדיע ברענער! זיי ניט קיין נארר און שלאף רוהיג, דען דער טויטער וואהרהאפטיג וועט געוויס ניט קומען דיך שטיקען.

איך האב געהערט וויא ער איז ארויסגעגאנגען און ברענער האט איהם בעגלייטעט ביז צו דער טהיר.

דאן בין איך אריינגעגאנגען און זאל אום ניט צו בלייבען אליין אין דעם קליינעם קאבינעט.

אלס ברענער איז צוריק אין זאל אריינגעקומען און האט מיך דארט געטראפען, איז ער שיער אין אהנמאכט געפאלען פאר שרעק. ער האט גאר זיינע אויגען ניט געגלויבט, ער האט ניט געקענט פערשטעהן פון וועלכער זייט איך בין אהין פלוצלינג אריינגעקומען.

— איך ווארט שוין דא אויף אייך הערר ברענער א גאנצע שטונדע — האב איך מיט א פריינדליכען שמייכעל געזאגט.

— באראָנין! — האט ער געשטאמעלט — ווען זייט איהר אהער געקומען?

— איך זאג דאך אייך, אז מיט א שטונדע צוריק.

— וואו־זשע זייט איהר דיא גאנצע צייט געזעסען?

— דא אין דיעזען קאבינעט.

— דא? אין קאבינעט? האט איהר געהערט וואס מען האט דא געשפראָכען? — האט ער געפרעגט און זיין געזיכט איז לייכענבלאס געווען.

— יא, הערר ברענער, איך האב אלעס געהערט — האב איך געענטפערט — אבער איך בעטראכטע אייך ניט אלס מערדער, ווייל לויט איך האב געהערט זייט איהר נור א שטומער צייגע געוועזן און דיא געוויסענסביסע פלאָגט אייך זאגאר דערפאר, וואָס איהר האט אזא מאָרד צוגעזעהען. מיר איז אויך געפעלען געוואָרען דאס וואס איהר האט זיך ענטזאגט פון דעם געלד, וואס מען האט ביי דעם ערמאָרדעטען גערויבט.

ער האט א מינוט געשוויעגען און האט נאכהער ציטערנד ביי אלע גליעדער געזאגט:

— אָ, באראנין! איהר קענט אייך גאר ניט פאָרשטעלען אין וואס פאר א בלאָטע דיא מערדערלייטע האבען מיך פערשלעפט. איך מוז אייך געדינע באראָנין קלאָר מאכען מיט דער גאנצער ביטערער געשיכטע אום איהר זאלט איבערצייגט זיין, אז איך בין דא ווירקליך גאר ניט שולדיג.

ער האט מיר דערצעהלט זעהר א שרעקליכע געשיכטע. וויא א געוויסער פאלקאָווניק פון דער געהיים־פאָליציי מיט דעם נאָמען מאלינגבערג און א זשאנדארם־סקער קאפיטאן מיט דעם נאמען מאלאיעוו, האבען איהם געסטערן האלבע נאכט

זאל געהן מיט זיי און מיט נאך פיער זשאנדארען מאכען א וויכטיגע ערזוכונג ווענען פאָליטישע פערברעכער. ער איז מיט זיי נעגאנגען און זיי האבען אנגעקלונגען ביי א היזיגען גביר מיכל וואהרהאפטיג. דער אלטער אליין האט גע־עפענט דיא טהיר און אלס זיי זיינען אריינגעקומען אין קאָרידאר האבען זיי דיא טהיר הינטער זיך פערשפּארט, האבען דעם אלטען געבונדען און אריינגעשלעפּט אין זיין וואוינונג, דארט האבען זיי פון איהם פערלאנגט זיין גאנצעס געלד. ער האָט זיי אבגעגעבען וויפיעל ער האט געהאט און אז זיי האבען דאס אלעס צוגענומען, האבען זיי דעם מאן אויף דער גרויזאמסטער וייזע ערמארדעט. אויך מיט זיין אלטער קעכין האבען זיי א קורצען פּראָצעס געמאכט און האבען זיא ערשטיקט, נאכהער האבען זיי צוגענומען אלע טרייערע ווערטהזאכען, וואס דארט האבען זיך געפונען און זיינען אוועקגעגאנגען.

— נו? און איהר הערר ברענער, וועט דאס קיינעם מעלדען? — האב איך נעפרעגט וועהרענד אלע גליעדער האבען אין מיר פאר שרעק געשווידערט.

— איך טהאר דאס ניט טהאן — האט ער מיר ערקלערט — דען דיא מערדער זיינען דיא קעפּ פון דער גאנצער געהיים־פּאָליציי און ווען איך וועל איין ווארט אויס־ריידען, בין איך מיט מיין לעבען ניט זיכער.

— אויב אזוי, וועל איך אליין דאס באלד מעלדען דעם גענעראל־גובערנא־טאר — האב איך מיט פייער זיך אויסגערופען.

ברענער איז פאר מיר אויף דיא קניע געפאלען, האט מיך מיט טרערען גע־בעטען איך זאל דאס ניט טהאן. דען דיא וואהרע מערדער וועלען א פערדאכט האבען, אז ער האט דיא שרעקליכע געהיימניס ענטדעקט, וועלען זיי אלע קרעפטען אנווענדען איהם אין אבגרונד צו שטירצען. ער האט מיך מיט זיין ווייגען אזוי גע־ריהרט, דאס איך האב איהם געמוזט פערשפּרעכען מויל צו האלטען.

איך בין צוריק אהיים אוועקגעגאנגען און האב שוין ניט געקענט רוהען. דיא אונערוואַרטעטע שרעקליכע מארד־געשיכטע, האט אויף מיר א שרעקליכען איינדרוק געמאכט. איך האב מיך ניט געקענט בעשליסען צו זאל איך אזא מערדעריי פער־שוויינען אדער אויסזאגען. איך האב ענדליך געפאסט דעם בעשלוס צו ווארטען ביז ברענער וועט אויסגעפינען מיין פערשוואונדענעם מעדאליאָן און ערשט דאן זאל איך מיט דער געהיימניס ארויסטרעטען פאר דער אָפענער וועלט.

עס זיינען אבערמאלס פיער וואָכען פערגאנגען פון יענער צייט. ברענער האט זיך פאר מיר געוויזען און האט מיר האפנונג געגעבען דעם דיעב צו געפינען, אבער אין דער לעצטער צייט האט ער זיך ניט געוויעזען. איך האב מיך בעשלאסען איהם נאך אמאל א בעזוך צו מאכען און איהם צום לעצטען מאל פרעגען צו עס איז דא א האפנונג איך זאל מיין מעדאליאן צוריק ערהאלטען.

איך האב אין זיין קוואַרטיר אבערמאלס געטראָפען דיזעלבע דיענסט־מעד־כען, וועלכע האט מיך דאמאלס אריינגעלאזט. אויף מיין פראגע צו איז דער הערר יענער צו הויזע, האט זיא מיך ערשטוינט אנגעקוקט און האט געזאגט:

— ווייסט איהר ניט מאדאם, אז דער הערר ברענער זיצט אין געפענגניס?

— פאר וואס? — האב איך געפרעגט.

דאס מערכען האט מיר א גאנצע געשיכטע דערצעהלט, דאס מען האט ביי דעם פאָלקאָווניק מאלינבערג געפונען א פעלץ פון אן ערמאָרדעטען מאן מיט דעם נאמען וואהרהאפטיג. דער פאלקאָווניק האט געזאגט, אז ער האט דיעזען פעלץ געקויפט ביי ברענערן און דערפאר האט מען איהם פערהאפטעט און אין געפענגניס געוואָרפען.

איך האב באלד פערשטאנען, אז דער מערדער מאלינבערג האט ביי אזא פאל דיא גאנצע שולד ארויפגעוואָרפען אויף דעם ארמען ברענער, ריכטיג וויא דיעזער האט פאָראויסגעזעהן; און מיך האט דאס שטארק פערדראסען. ווארום זאל דער ווירקליך שולדיגער ארומגעהען פריי אין דער ליכטיגער וועלט און דער אונשולדיגער זאל פאר איהם ליידען. איך בין געבליעבען זיצען וויא צודולט אין ברענערס וואוינונג און האב געקלערט וואס פאר א שריט איך זאל מאכען אום איהם צו בעפרייען.

פלוצלונג האט זיך דיא טהיר געעפענט און א סאָלדאט איז אריינגעלאָפען שטארק פערסאפעט און האט זיך מיט ערשראָקענע בליקען אין אלע זייטען ארומ־געקוקט, אלס ער האט מיך דערזעהן, איז ער צו מיר צוגעלאָפען און האט מיך מיט א געהיימניספאָלע מינע געפרעגט צו בין איך ברענערס פרוי.

איך האב פערשטאנען, אז דיעזער מאן האט געהיימניספאלע נייעס געבראכט, דארום האב איך מיך בעשלאָסען איהם צו נארען און האב איהם געענטפערט, אז איך בין מאדאם ברענער.

— מאדאם — האט דער סאָלדאט געזאגט — איך האב אייך זעהר א וויכטיגע זאך מיטצוטהיילען, מען האט געמאכט א פערשווערונג אייער מאן צו ערמאָרדען אין געפענגניס.

דיא ווערטער האבען מיך נאך נייגיעריגער געמאכט און איך האב איהם גע־פרעגט, ווער עס וויל מיין מאן ערמאָרדען.

דער סאלדאט האט מיר דערצעהלט: דאס זיין הערר, יער פאָלקאָווניק מאלינבערג מיט דעם קאפיטאן מאלאיעוו, האבען אבגעמאכט זיי זאלען ברענער'ן ערמאָרדען אין דער צעלע, וואו ער זיצט, אום ער זאל ניט אויסזאגען אזעלכע זאכען, וואס קען זיי שאדען.

אויף מיין פראגע פון וואנען ער ווייס דאס אלץ, האט ער מיר דערצעהלט, דאס ער איז געשטאנען הינטער דער טהיר פון דעם צימער, וואו זיי זיינען געזעסען און האט זייער גאנצעס געשפרעך געהערט. ער האט מיך געוואָרנט איך זאל וואס צום ניכסטען נעהמען אלע מאסרעגעלען דאס אונגליק צו פערהיטען.

— ווען דוא ווערסט דיא אלע ווערטער איבערדערצעהלען פאר דעם גענעראל־גובערנאטאָר, ווערסט דוא דאס טהאן? — האב איך געפרעגט.

-- יא, — האט ער געענטפערט און איז אוועקגעלאפען.

איך בין אויך צו זיך נאך דער קווארטיר אוועקגעגאנגען און האב געוואלט גלייך צו אייך גראָספירסט פליהען, אום אייך דיא אלע זאכען מיטצוטהיילען. איך

האב מיך אבער ענדליך בערעכענט, אז פון מיר וועט דאס זיין אן אונרעכט ווען איך וועל אייך מיט אזא זאך בעלעסטיגען, ווייל אויף אזעלכע זאכען זיינען דא א פאָליצמייסטער און נאך אנדערע בעאמטע, וואס קענען אויך פאר אזא פערברעכען הארט בעשטראפען און פערהיטען דעם אונגליקליכען ברענער פון א שרעקליכען טוידט.

ביי מיר איז נעבליעבען איך זאל באלד פליהען צום פאָליצמייסטער, אבער אין דער מינוט זיינען צו מיר אנגעקומען געסט און איך האב ניט געקענט אוועק־געהען. באלד נאך דיא געסט זיינען אנגעקומען אנדערע און איך האב מיך ערשט פון זיי בעפרייעט ביי נאכט. איך בין דאן אוועקגעלאפען צום קניאז גאליצין און האב איהם געטראפען שפּילענדיג מיט א קאָמפּאניע אין קארטען. ער האט שטארק ניט געוואלט ליידען, וואס מען שטערט איהם זיין פערגניגען, אבער ער האט מיך דאך אויסגעהערט. איך האב מיך פאר איהם פאָרגעשטעלט, אלס מאדאם ברענער און האב איהם דערצעהלט דאס איך האב ערפאהרען, אז מאלינבערג מיט מאלאיעוו׳ן ווילען הייטע מיין מאן ערמארדען און איך פירכטע פיעללייכט, האבען זיי שוין זייער שרעקליכען פלאן אויסגעפיהרט. דעם קניאז האט, וויא איך האב פערשטאנען, דיא זאך גאָר ניט געשמעקט און ער האט זיך אליין אויסגערופען, אז ער וועט מיט מיר געהן נאך דעם געפעננגניס זעהן, וואס דארט טהוט זיך. מיר זיינען ביידע אהין גע־פאָהרען און זיינען אריינגעקומען צום סמאָטריטעל, מיר האבען איהם געפונען לינענדיג טוידט שיכור און אלס דער קניאז האט געזעהען, אז ער האט ניט מיט וועמען צו ריידען, איז ער מיט מיר געגאנגען צו ברענערס צעלע און שטעלט אייך פאָר גראָס־פירסט אונזער ביידענס שרעק, אלס מיר האבען דעם ארעסטאנט געפונען אין זיין צעלע א געהאנגענעם.

—ווירקליך? — האט דער גראָספירסט וויא ערציטערט אויסגערופען.

— יאָ, גראָספירסט, דאס איז ריכטיג וויא איך דערצעהל אייך. איהר קענט זיך לייכט איבערציינען אין דער ווירקליכקייט פון מיינע ווערטער.

— נו, וואָס איז ווייטער געווען? — האט דער גראספירסט געפרעגט.

— דער פאָליצמייסטער האט מיר פערשפּראכען ראכע צו נעהמען פון ברע־נערס מערדער, ער האט מיר געהייסען קומען אויף מארגען אום שריפטליך צו בע־ציינען דאס וואס איך ווייס פון פריהער וועגען וואהרהאפטיגס מערדער און וועגען דער לעצטער פערשווערונג אויף ברענער׳ן.

אלס איך בין אויף מארגען צו דעם קניאז געקומען, האט ער מיך גאָר ניט דערקענט. מיט דער מיינונג אז איך בין ברענערס פרוי, האט ער מיך געשימפּפט מיט דעם אויסדרוק „פרוי פון א מערדער״ און „זשידאָווקא״ און אלס איך האב פון איהם שטרענג געפאָדערט ער זאָל ראכע נעהמען פאר וואהרהאפטיגען און פאר ברענער׳ן, האט ער מיך פון זיין הויז פעריאָגט.

— דאס איז ניעדערטרעכטיג — האט דער גראספירסט צאָרניג געזאגט.

— און אום דיא ניעדערטרעכטיגקייט זאל בעשטראפט ווערן — האט בת־שבע מיט איהר קאָקעטישען שמייכעלע געענטפערט — האב איך מיך בעשלאסען אייך גראָספירסט צו בעלעסטיגען.

— איך דאנק אייך זעהר בּאראָנין פאר דער מיטטהיילונג וואס איהר האט מיר געמאכט. איהר קענט זיכער זיין, אז איך וועל פאר אזא אונרעכט ניט שווייגען.

— איך האב פריהער געוואוסט, אז דער גנעדינער גראָספירסט וועט אזא אונרעכט ניט לאזען אונבעשטראפט. יעצט פרינץ האב איך צו אייך נאך א קליינע ביטע.

— זעהר אנגענעהם — האט סערגעי געזאגט און האט זיך גענהנטער צו איהר צוגערוקט — אלעס וואס איך וועל קענען פאר אייך שעהנע בּאראָנין טהאן, וועל איך געוויס טהאן.

— איך האב מיך היער צופעליג בעגעגענט מיט א יודישען קויפמאן, זיין נאָמען איז איליא קראנענשטיין, איך קען איהם שוין לאנג אלס בראווען ארדענטליכען מאן. אלס איך האב מיך מיט איהם צוזאמענגערעדט, האט ער פאר מיר זיין ביטער הארץ אויסגעגאָסען. געמליך, דיא פאָליציי וויל אלע זיינע בעדיענטע ארויסיאָגען פון זיין פאבריק, דערפאר וואס זיי זיינען יודען. דורך דעם ארויסטרייבען זא פיעלע מענשען, וואס ארבייטען ביי איהם אזוי לאנג, וועט מען דעם ארדענטליכען מאן אין גרעסטען ארמוטה שטידצען. איך האב איהם פערשפּראכען מיט אייך גנעדינער פרינץ, וועגען דעם צו שפּרעכען און האב איהם אין פאָראויס האָפנונג געגעבען, אז אייערע גנאדען וועלען איהם פון דעם בעפאָרשטעהענדען אונגליק שיצען.

— אייך ליעבע בּאראָנין, וועל איך אין דעם הינזיכט אויך צוליעב טהאן. איך ווערדע נאך הייטע א בעפעהל געבען, מען זאל קיינעם פון זיינע מענשען דאס מינ־דעסטע שלעכטעס טהאן.

— אך, וויא גנעדיג איהר זייט גראָספירסט — האט בת־שבע מיט פאן פריידע שטראהלענדע אויגען אויסגערופען — איך האב קיינע ווערטער אייך פאר דיא גנאָ־דען צו דאנקען.

— אייערע ווערטער זיינען פאר מיר ווירקליך ניט גענוג — האט סערגעי גע־ענטפערט זיך פעסטער צודריקענד צו איהר און זיינע אויגען האבען אנגעהויבען צו שיעסען פייער — בּאראָנין! איהר זייט אזא שעהנהייט וואס קען זאגאר אן ענגעל בעצויבערן.

ער האט זיא אומגעארמט און האט איהרע וואנגען מיט הייסע קיסע בעדעקט.

בת־שבע האט פערגנינט דיא מייסטעטישע קיסע עמפּפאנגט און ביידע האבען זיך געפיהלט זעהר גליקליך....

259טעם קאפּיטעל.

## ניט צום ווידערזעהן.

א גאנץ אנדער מענש איז יאזעף לעהמאן געוועזן קומענדיג פון פעלדבערגס האכציים צוריק אהיים. דער קאפּ האט זיך איהם געדרעהט, און דיא אויגען האט איהם געשווינדעלט. ער איז געוועזן וויא דול, וויא פערווירט.

— וואס איז דא פאר א פערדרעהעניש? — האט ער דיא גאנצע וועג גע־שטאמעלט — דער דאקטאר האט מיר געזאגט, אז סאנקא ליעגט אין בעט אז זיא וועט דארט מוזען נאך א פאר וואכען ליעגען און צום סוף איז דאס גאר א ליגען.

איך אליין האב זיא מיט מיינע אויגען געזעהן פריש און מונטער, אויף איהר געזיכט איז קיין צייכען פון שלאפקייט אדער פון קרענק פאראן. וואס זאל דאס אלעס בע־דייטען? האט מיך דער דאקטאר גענארט? וואס פאר א ציעל האט ער דאביי געהאט? וואס האט ער דאמיט געוואלט?

פיעללייכט האט ער אן אירתום געהאט? — האט ער זיך ווייטער גע־קלערט — עס קען זיין אז ביי משה'ן אין הויז געפינט זיך אן אנדער מעדכען מיט יענער קראנקהייט, וואס ער האט מיר געזאגט? אבער דאס גלויבט זיך מיר ניט. ביי דעם פרומען משה האנינמאן אין הויז קען זיך אזא פאציענטין ניט געפינען.

וואס דען זאל דאס בעדייטען?

ער איז געקומען א היים און האט זיך וויא פערצווייפעלט א ווארף געטהאן אויף א זאפע.

סאנקא'ס בילד האט פאר זיינע אויגען געשוועבט.

— וויא שעהן זיא האט הייטע אבענדס אויסגעזעהן און וואס פאר א ליעב־ליכע טונענדהאפטע מינע אויף איהר געזיכט איז געלעגען. עס איז גאר אונמעגליך צו גלויבען, אז דאס מעדכען איז פערדארבען און דאך....

ביי דעם „דאך" זיינען זיינע געדאנקען שטעהן געבליעבען וויא זיי זאלען בלאנדזשען אין אן אונבעקאנטען געגענד און זאלען ניט וויסען אין וועלכען וועג צו געהן. ביז אהער זיינען זיי פריי געגאנגען אויף א גראדען וועג מיט דער פעסטער איבערצייגונג דאס סאנקא איז א ניעדערטרעכטיגעס ווזען.

אבער יעצט....

דיא צווייטע בעשולדיגונג איז יעצט געגצליך פון איהר ארונטערגעפאלען. עס קען קיין צווייפעל מעהר זיין, אז דאס וואס דער דאקטאר האט וועגען איהר דער־צעהלט איז א ליגען. אויף איהר לאסטעט אבער נאך דיא ערשטע בעשולדיגונג וועגען דעם קינד וואס מען האט ביי זיי אין הויז געפונען און זיא, סאנקא, האט זיך מיט איהם בעשעפטיגט וויא א צערטליכע גוטע מוטער.

דיא בעשולדיגונג קען, וויא עס שיינט, פאר קיין פאל ניט פערענטפערט ווערען, דען וויא קומט צו איהר א קליין קינד?

— דאס וועט מיך שוין קיינער איינריידען, אז יענעס קינד איז ניט איהרס — האט ער געשטאמעלט — זיא האט א זינדע בעגאנגען. אין דעם איז ביי מיר קיין צווייפעל, און איך בין א גרויסער נארר וואס איך דול זיך אומזאנסט מיין קאפ וועגען איהר. עס וואר אויף פון מיר א גרויסער פעהלער, וואס איך בין פון דער חתונה אנטלאפען געווארען. זיא האט דאך גאר בעדארפט פאר מיר אויס שאנדע אנטלויפען, ניט איך פאר איהר. איך האב בעדאפט איהר פריי אין דיא אויגען קוקען, דען איך האב געגען איהר געהאנדעלט וויא א געטרייער איבערגעגעבענער ליעבהאבער, וועהרענד זיא וואר צו מיר פאלש וויא א העקסע.

ער האט זיך געלייגט שלאפען, און אום ער זאל מעהר ניט טראכטען פון סאנקא'ן, האט ער גענומען א בוך אין דער האנד און האט זיך אין איהם פער־טיעפט.

אבער דיא ווערטער פון דעם בוך האבען פאר זיינע אויגען געטאנצט און ער האט ניט איין ווארט פערשטאנען וואס דא שטעהט. אין זיינע אויערען האבען גע־קלונגען דיא טענער פון׳ם ארקעסטער און פאר זיינע אויגען האט געטאנצט סאנקא אין איהר נאנצער בעצויבערנדער שעהנהייט.

ער איז אויף זיך אליין שטארק צארניג געווארען, דאס בוך האט ער פון זיך א שליידער געטהאן אויף דער ערד. ער האט זיך שטארק איינגעדעקט אין דער קאלדרע און האט זיך בעמיהעט איינצושלאפען. אבער דער שלאף האט א לאנגע צייט ניט געוואלט זיינע אויגען צושליסען.

ער האט אבער ענדליך דאך איינגעשלאפען און האט אויך אין טרוים סאנ־קא׳ן געזעהן. זיא האט אין חלום פאר איהם ערשיינט וויא א וואהרער ענגעל.

ער האט זיך ערוואכט מיט דעם נאמען סאנקא, און אבוואהל דיא אוהר האט שוין געוויעזען דיא צעהנטע שטונדע, האט ער זיך ניט געאיילט אויפצושטעהן. ער איז א לאנגע צייט געזעסען אין בעט פערטיעפט אין געדאנקען וועגען סאנקא׳ן.

אנדערש ניט, אז זיא האט מיר א כשוף געטהאן — האט ער ענליך שטארק פערדריסליך אויסגערופען אראפקריכענדיג פון׳ם בעט. דאס איז דאך מערקווירדיג. איך זאל אזוי פיעל אין זינען האבען א מענשען, וועלכען איך פעראכטע אזוי פיעל; א מענש, וואס איך בין אין זיין פאלשקייט און ניעדערטרעכטינקייט איבערציינט. טפוי, דאס איז נור א שאנדע פאר זיך אליין.

ער האט זיך איינגעוואשען, האט אנגעקלונגען און געהייסען דעם איינטרע־טענדען דיענער, ער זאל איהם דערלאנגען טהעע.

— איך וואלט שוין וועלען מיינע היזיגע געשעפטען ענדיגען, אום איך זאל אויפהערען צו טראכטען פון סאנקא׳ן — האט ער געזאגט — איך פיהל, אז כל־זמן איך וועל זיין דא און וועל וויסען אז זיא געפינט זיך ניט וויים פון מיר, וועט עס מיך צו איהר שלעפען און איך וועל זיא ניט קענען פערגעסען.

אלס ער האט אבגעטרונקען טהעע, האט ער זיך פיין אנגעצויגען און איז ארויסגעגאנגען אין גאס וועגען געשעפט׳ס־זאכען. ער האט זעהר פיעל געהאט צו טהאן, און דארום האט ער זיך ווירקליך אן סאנקא׳ן און אן נעכטיגער חתונה פער־געסען.

שפעט ביי נאכט איז ער אהיים געקומען, און אלס ער האט זיך געוואלט לייגען שלאפען, האט איהם דער האטעל־דיענער א בריעף איבערגעגעבען.

ער האט א קוק געטהאן אויף דער אדרעסע און זיין הערץ האט אין איהם אנגעהויבען שטארק צו קלאפען. ער האט דערקענט סאנקא׳ס האנדשריפט.

ער האט אליין ניט געפיהלט וויא ער האט זיך דערפרייט. מיט ציטערנדע הענד האט ער דעם בריעף געעפענט און האט אין איהם פאלגענדע ווערטער גע־לעזען.

„יאזעף!

„דוא וואונדערסט זיך געוויס וואס איך וואג מיך צו שרייבען דיר א בריעף אין דער צייט ווען דוא ווילסט מיך ניט קענען און ווילסט פון מיר ניט וויסען. איך

מוז דיר אבער זאגען, אז גראדע דערפאר וואס דוא שווייגסט, האב איך מיך בע־שלאָסען צו ריידען. עס איז זעהר שלעכט ווען מען מוז אימער אין אונגעוויסהייט לעבען און שוועבען צווישען האָפנונג און פערצווייפלונג. דיא העכסטע שטופע פון פערצווייפלונג קען אזוי א מענשען פון געדולד ניט ארויסברייננגען, וויא לעבען אין אונגעוויסהייט און אין דיא אויערן זאל אימער קלינגען דאס וואָרט : פיעללייכט ?....

„דער ציעל פון דעם גענעגוועדטיגען בריעף איז דיך צו פרעגען, וואו האלט איך מיט דיר ? איך וויל פון דיר בעשטימט הערען : ליעבסט דוא מיך נאך אדער ניין ? דענקסט דוא זיך מיט מיר צו פערבינדען, וויא דוא האָסט מיר פערשפּראָ־כען, אדער דוא האסט חרטה און ווילסט דיין שבועה ברעכען ? איך מוז וויסען א ריכטיגען אנטוואָרט, אום מיין קאָפּ וועלכער איז אימער פול געדאנקען וועגען דיר, זאל קלאר ווערען. דוא פערשטעהסט מיך יאזועף ?....

„אבער איך בעט דיר אום פערצייהונג, ליעבער יאזועף. איך געשטעה, אז איך האב יעצט א פעהלער בעגאנגען, דערמיט וואס איך האב דיר אזא פראגע געשטעלט, וואס איך וויים בעשטימט וואס דוא וועסט מיר ענטפערען. איך וויים שוין, אז דוא ליעבסט מיך ניט, דען ווען אין דיר זאל ברענען נאך איין פונק ליעבע צו מיר, וואלסט דוא זיך אזוי פון דיין סאָנקא׳ן ניט דערווייטערט. דוא האסט מיך, יאָזועף. נו, ווארום זאל איך דיך נאך צווינגען, דוא זאָלסט דאס מיר אָפען זאגען ?

„איך ציה צוריק מיין פראגע און מיט דעם בריעף גיעב איך דיר צוריק אָפּ דיין וואָרט מיט דיין שבועה. איך וויל ניט, דוא זאָלסט א ליגנער און א שבועה ברעכער בלייבען. דוא ביסט פריי, ליעבער יאָזועף, דוא קענסט הייראטהען וועמען דוא ווילסט. איך גיעב דיר זאגאר מיין איניגסטען זעגען צו דעם בונד, וואס דוא וועסט שליסען מיט אַן אנדערער.

„נו, האסט דוא שוין צו מיר גאר ניט ?

„אבער בעפאר איך זאג דיר דעם לעצטען אדיע, בין איך זעהר נייגיעריג צו וויסען דיא אורזאכע, וואס דיך האט פון מיר אבגעריסען. מיר גלויבט זיך גאר ניט אז דוא האסט אויף מיר א האס בעקומען, דערפאר וואס אַן אנדערע האט דיין הערץ גערויבט. נעווים האָסט דוא געפונען איז מיר א פעהלער אדער א זינדע.

„איך וועל דיר ניט לייקענען, אז איך בין געגען דיר זעהר זינדיג. איך וויים דאס זעהר גוט, אבער דוא דארפסט געגען מיר אזוי שלעכט ניט זיין. גאט אליין איז א מוחל־עוונות (פערצייהעט זינדע). דארף דאך א מענש געווים אין זיך דיא נוטע מדה האבען ?

„ווילסט דוא מיר ערקלערען דיא אורזאכע, פון דיין פלוצלינג׳ן האס געגען מיר וועל איך דיר זעהר דאנקבאר זיין, און ווען דוא ווילסט דאס ניט, מאכט אויך ניט אויס. איך בלייב אלץ איינס אימער און עוויג דיין דאנקבארע פריינדין

סאָניע האָניגמאן.״

— ארמעס אונגליקליכעס מעדכען ! — האט יאזועף אויסגערופען אלס ער האט דעם בריעף געענדיגט — דוא ליעבסט מיך נאך. זאגאר דאן ווען איך האב דיר אזוי פיעל אונטרייהייט געוויזען ביסט דוא אלץ צו מיר צוגעבונדען. יעדעס

וואָרט פון דיין בריעף רעדט פאַר דיר און זאגט אז דוא ביסט אונשולדיג. איך מוז מיין פעהלער פעררירכטען. יא, מיין טהייערע, מעהר וועל איך אזוי שלעכט ניט זיין. איך וועל דיר ווייזען, אז איך בין יעצט אויך דיין געטרייער יאזעף, דערזעלבער וואס פריהער.

ער האט נאך אמאל דעם בריעף דורכגעלעזען און פּלוצלינג איז זיין גומעס געזיכט פערדונקעלט געווארען, און האט אָנגענומען זעהר אן ערנסטע בייזע מינע.

— זיא שרייבט אז זיא וועט ניט לייקענען, אז זיא איז געגען מיר זעהר זינ־דיג. דאס הייסט, אז זיא געשטעהט אָפען איהר זינדע און זיא איז זיך מודה אז זיא האט אונמענשליך געגען מיר געהאנדעלט. נו, און דערפאר וואס זיא איז זיך מודה זאל איך זיא הייראטהען? ווען זיא האט געקענט פאר דער חתונה אזוי ניעדערטרעכטיג זיין, קען זיא דאך נאך אונזער חתונה נאך ערגער זיין. ניין, איך וועל אזא דומהיים ניט טהאן. זיא ניט מיר אָן און נרן וואס נאט איז אויך א מוחל־עוונות. נארריש מערבען! ווען נאט זאל האבען א ווייב און זיא זאל איהם אזוי בעהאנדלען וויא דוא מיך, וואלט ער אויך אזא זינדע ניט פערצייהט. יעצט, אז זיא האט זיך אליין מודה געווען, בין איך דאך שוין וועניגסטענס זיכער, אז ניט אומזאנסט האָב איך אויף איהר א פערדאכט געהאט. דערפאר בין איך איהר זעהר דאנקבאר. וועניגסטענס וועט מיך מיין געוויסען ניט מעהר פּלאגען דערפאר וואס איך האב מיין שבועה געבראכען. יא, דוא מענסט מיר זאגען אויף אימער אדיע און איך קען דיר מיט א לייכטעס הערץ ענטפערן: ניט צום וויעדערזעהן.

260טעס קאפּיטעל.

## אינ׳ם טייפעלס־שלאָס.

— ערינא? — האט דער אלטער איוואן אויסגערופען, אלס ער האט פאר דעם שיין פון דעם מאָנד דערזעהן דער יונגער ערינא׳ן, וועלכע איז זעהר דערשראָ־קען צוגעלאָפען צו איהם באלד וויא דער געהייטניספאָלער רייטער איז פערשוואונדען געווארען.

— יא, גוטער איוואן, דאס בין איך — האט ערינא ציטערנד ביי אלע גלידער געענטפערט — אָ, האט מיטלייד, פיהרט מיך אריין צו אייך אין שטוב, דען קוים וואס איך שטעה אויף מיינע פיס.

דער אלטער האט זיא אריינגעפיהרט אינ׳ם טייפעלס׳שלאָס וואו דיא אלטע קאטהארינא האט דער דערשראקענער ערינא׳ן עמפּפאנגען, און האט זיך בעמיהט זיא צו בערוהיגען.

— וואס איז דאס מיט דיר? — האט איוואן געפרעגט — פון וואנען קומסט דוא יעצט ערינא און וואָרום ווייסט דוא אויס אזוי ערציטערט?

— אָ, איוואן, זאגט דאך מיר ווער איז דער מאַן, וועלכער איז ערשט ביי אייך געווען?

— אנטגעגען וואס פרעגסט דוא דאס?

— איז ער ווירקליך דעם טייפעלס א ברודער?

— ביסט דוא פערריקט? וויא קומסט דוא צו אזא פראגע?

— דער זעלבער מאַן איז הייטע פריה געוועזן ביי ליסאַ׳ן. ער האט גערעדט ואַנדערבאַרע ווערטער, און האט ענדליך געזאגט אז ער איז דעם טייפעלס א ברודער.

איוואן האט זיך פאַרנאַנדער געלאכט.

— איהר לאכט? — האט ערינא געפרעגט — האט ער אייך דאסזעלבע ניט געזאגט?

— נו, און ווען א מענש זאגט אז ער איז א טייפעל דאַרף מען איהם גלויבען?

— אבער ער האט אייך אויך דאס זעלבע געזאגט?

— יא.

— און איהר לאכט פון דעם?

— עס פערשטעהט זיך, אז מען דאַרף לאכען.

— האַלט איהר איהם פאר א וואַהנזיניגען?

— ניין. אין געגענטהייל, איך האַלט איהם פאר זעהר א קלוגען מאַן.

ערינא האט איהם ערשטוינט אנגעקוקט.

— דוא ביסט נאך גאר אונפראקטיש אינ׳ם לעבען — האט איוואן געזאגט — דו׳א דארפסט וויסען, אז דיא קלוגע מענשען מאכען זיך זעהר אָפט פאר פערריקט, ווען זיי ווילען עטוואס וויכטיגעס אויספיהרען. דיא פּראַקטיק ווייזט אונז, דאס ווען מען קען דורך דעם גראדען וועג ניט קומען צו דעם ציעל צו וועלכען מען שטרעבט, מוז מען זוכען זייטיגע קרימע וועגען.

— וואס־זשע וויל דער מאַן מיט דעם, וואס ער האט זיך פאר ליסאַ׳ן און פאר מיר פאַרגעשטעלט אלס דעם טייפעלס ברודער און האט גערעדט וויא א פערריקטער?

— וואס האט ער דען מיט אייך אזעלכעס גערעדט?

— ער האט אונז פאַרנאַנדער געפרעגט אין וועלכען געגענד ער געפינט זיך, און אלס מיר האבען איהם געזאגט אז ער איז ניט ווייט פון דאנילאוווקא, האט ער אונז געפרעגט, צו וועמען דאס דאַרף דאַנילאָווקא געהערט. מיר האבען איהם דערצעהלט, אז ער געהערט צו דעם גראף אנטאָן דאנילאָוו, האט ער אנגעהויבען צו פרעגען ווער און וואו ער איז, און האט דערביי זעהר ווילד גערעדט און געלאכט. ענדליך האט ער אונז געזאגט, אז ער איז דעם טייפעלס א ברודער.

— נו, און איהר, נאררישע פרויען, האט זיך פאר דיא ווערטער דערשראָקען?

— זעלבסטפערשטענדליך, אז מיר האבען זיך דערשראָקען. ביי מיר איז קיין צווייפעל געווען אז ער איז טאקע דעם טייפעלס א ברודער, דארום איז אויף מיר א שרעק אנגעפאלען אלס איך בין אהער געגאנגען. מיר האט אלץ אויסגעזעהן, אז דער טייפעל פערפאָלגט מיך. יעצט אז איך האב איהם טאקע געטראָפען נעבען אייער הויז, איז אין מיר קיין נשמה געבליעבען.

— חע, חע, חע! — האט זיך איוואן פאַרנאַנדער געלאכט — האָסט גאר ניט וואס צו פירכטען, נאררישע ערינא. דער מאַן איז קיין טייפעל, אויך קיין

ברודער פון א טייפעל. ער איז זעהר א פיינער אנשטענדינער מאן. ווי איך פערשטעה, איז ער א גאנץ גרויסער מאן.

— מיר האבען אויך פריהער, אלס מיר האבען איהם דערזעהן, געמיינט, אז ער איז א גראף אדער א קניאז; אבער וויא ער האט מיט אונז אנגעהויבען צו ריידען נאררישע ווערטער און האט נאכהער געזאגט אז ער איז דעם טייפעלס א ברודער, האבען מיר פערשטאנען, אז ער איז ענטוועדער ניט ביי זיין קלארען פערשטאנד, אדער ער איז ווירקליך א טייפעל.

— האב נאר קיין פורכט, ערינא, — האט איוואן שמייכלענד געזאגט — דיעזער מאן איז א געוועהנליכער מענש וויא אלע מענשען.

— ניין, איוואן! — האט זיך קאטהארינא אבגערופען — דוא ווייסט מיך ניט איינריידען, דיעזער מאן וואס איז דא ביי דיר געווען איז קיין געוועהנליכער מאן. ער ווייזט אויס וויא א פרינץ. זיין האלטונג, זיינע מאניערען, זיין קלינגענדע שטימע, זיין שעהנקייט, ענדליך זיין לאבען איז ניט פון קיין פראסטען מענשען.

— דאס האב איך דאך פריהער געזאגט, אז ער ווייזט אויס זעהר א גרויסער מענש צו זיין. אונטער דעם אויסדרוק „געוועהנליכער מענש“ האב איך נור געמיינט אז ער איז קיין הימעל-מאן, אויך קיין טייפעל. האסט דוא, קאטהארינא, געהערט וואס איך האב מיט איהם גערעדט?

— ניין. וואס איהר האט גערעדט האב איך ניט געהערט, ווייל איהר זייט ביידע געזעסען פערשפארט אינ'ם צווייטען צימער; אבער איך האב געהערט וויא ארויסגעהענדיג פונ'ם צימער האט ער געלאכט און האט געזאגט: „דער טייפעל קען אלעס מאכען“, האב איך אין דער שטימע און אין דעם לאך גלייך דערקענט, אז ער איז קיין איינפאכער מענש. איך בין זעהר נייגעריג צו וויסען ווער ער איז. קענסט דוא דאס מיר זאגען, איוואן?

— ניין. איך קען דאס ניט זאגען.

— ווארום?

— גאנץ איינפאך, דערפאר וואס איך אליין ווייס אויך ניט ווער ער איז.

— וואס האט ער מיט דיר גערעדט?

— ער האט מיך געפרעגט וויא לאנג איך וואוין דא און צו ווען געהערט דיעזער שלאס. איך האב דערצעהלט אז איך וואוין דא שוין זעהר לאנג און דער שלאס געהערט צו דעם גראף אנטאן דאנילאוו. דא האט ער מיך אנגעהויבען פארנאנדער פרעגען ווער איז דער אנטאן און וואס פאר א מענש ער איז. איך האב איהם אלעס דייטליך ערקלערט. עס איז אויך צו-רייד געקומען וועגען דעם גראפס לעצטען אונגליק. ער איז זעהר נייגעריג געווארען דיא געשיכטע צו הערען, און איך האב איהם אלעס דערצעהלט.

— וואס האסט דוא איהם דערצעהלט?

— דיא גאנצע געשיכטע מיט דער גרעפין און מיט ארעלאין וויא אויך מיט דעם קינד וואס מען האט ערמארדעט.

— נו, וואס-זשע האט ער אויף דעם אלעם געזאגט? — האט קאטהארינא נייגיעריג געפרעגט.

— ער האט גאר ניט געזאגט, אבער איך האב פערשטאנען אז מיין ערצעה־לונג איז איהם גוט אינ׳ם קאפּ אריין. דאָס בלוט האט אין איהם געקאָכט וויא אין א מערדער. ער האט אזוי ווילד געקוקט, דאס מיר האט אויסגעזעהן, אז זיינע אויגען שיסען פייער. נאכהער האט ער מיר דיא האנד געדריקט און האט געזאגט: איך בין זעהר צופריעדען, אלטער, מיט דער מיטטהיילונג וואס איהר האט מיר געמאכט. זייט זיכער, אז אלעס וועט זיין אין אָרדנונג.

— וואס פאר אַן אָרדנונג קען זיין, אז דער גראף אנטאן איז געשטארבען? — האב איך געפרעגט — זיינע מערדער קענען זייער שטראָפּע ערהאלטען, אבער דער־מיט וועט מען איהם ניט לעבעדיג מאכען.

— עס קען נאך זיין אז ער וועט לעבעדיג ווערען — האט דער זאנדערבארער מאן געענטפערט מיט א שמייכעל — איך קען אלעס מאכען, דען איך בין דעם טייפעלס א ברודער.

איך האב פערשטאנען אז ער מאכט חוזק, דארום האב איך אויך מיט א שמייכעל געענטפערט:

— דיא וועלט וואלט זעהר שעהן אויסגעזעהן, ווען זיא זאל האבען פיעלע אזעלכע טייפלען וויא איהר זייט.

ער האט אויף מיר זעהר א פריינדליכען בליק געוואָרפען, און מיך ערגריי־פענד פאר דער האנד האט ער געזאגט:

— איך האָב דיך ליעב, אלטער, דוא געפעלסט מיר זעהר. איך דערקען אָן דיר אז דוא ביסט א קלוגער און גוטהערציגער מענש. דערפאר פערשפּרעך איך דיר פיעל גוטעס צו טהאָן.

— האסט דוא איהם דערצעהלט אז דיא גרעפין מאריא לעבט? — האט קאטהארינא געפרעגט.

— יא האט איוואן געענטפערט — דוא האסט בעדארפט זעהן, קאטיא, וואס פאר אויגען ער האט אויף מיר אנגעשטעלט, אלס ער האט דיא נאכריכט געהערט. אנפאנגס האט ער מיר ניט געגלויבט, און האט בייז א געשריי געטהאן פון וועמען מאכסט דוא שפּאס, אלטער עזעל? דוא פערגעסט, אז פאר דיר שטעהט דעם טייפעלס א ברודער? נור אז איך האב איהם געשווארען, אז אלעס וואס איך האב איהם דערצעהלט איז וואהר און ער וואט זיך איבערצייגט אז איך מאך קיין שפּאס, איז זיין שעהנעס געזיכט מיט א העלע ליכטיגקייט בעגאסען געווארען און ער האט ארויפלייגענדיג זיין האנד אויף מיין אקסעל געזאגט: איך האב דיך ליעב, אלטער פריינד! דיא נאכריכט איז ביי מיר ווערט גאלד, און זיא זאל דיר גאלד אריינטראגען. ער האט מיך געבעטען איך זאל איהם געבען דיא אדרעסע פון דער גרעפין מאריא און איך האב איהם פערשריעבען גרינזאנג׳ס אדרעסע, דען פון איהם וועט ער גלייך ערפאהרען וואו מאריא איז.

— נו, וואס איז ווייטער געוועזן?

— נאר נים. ער האט זיך מיט מיר גאנץ פיין אבגעזעגענט און איז אוועק געפאהרען.

— אזוי? — האט ערינא פרעהליך אויסגערופען — האט ער דאס נור גע־שפאסט דערמיט וואס ער האט געזאגט אז ער איז דעם טייפעלס א ברודער?

— אך ווייבער, נאררישע ווייבער! — האט איוואן לאכענד געענטפערט — מען קען דאך אייך איינרייידען אז אויפ'ן הימעל איז א יריד. דוא מענסט זיך שעמען, ערינא, מיט אזא דומהייט.

— איך בין ניט אזוי דום וויא איהר מיינט, ליעבער איוואן — האט ערינא געענטפערט — אבער דער קאָפּ איז מיר אזוי פערשלאָגען פון דיא פיעלע צרות וואס איך האב געהאט, דאס איך בין וויא דול. דארום איז גאר קיין וואונדער, וואס איך גלויב אלעס. זאגט מיר, גוטער מענש, איז דא חאָטש א האפנונג, איך זאל קענען ראכע נעהמען פון מיין קינד'ס מערדער?

— יא, ערינא. איך גלויב, אז נאך דיא נאכט וועט דער מערדער געפאנגען ווערען.

— נאך דיא נאכט? — האט ערינא איבערראשט געפרעגט.

— יא, אונגליקליכע! — דער סליעדראוואטעל האט מיר פערשפראכען, הייטע אבענד אן איבערפאל צו מאכען איבער דאנילאָוו'ס פּאלאסט און פערהאפטען דעם פערפלוכטען מערדער פון אייער קינד.

— וועט ער געוויס דיא נאכט דעם איבערפאל מאכען?

— אויף געוויס קען איך אייך ניט פערשפרעכען. איך זאג אייך נור דאס וואס דער סליעדראוואטעל האט מיר פערשפראכען. איך וועל דיא גאנצע נאכט ניט שלאפען. דער סליעדראוואטעל האט מיר געזאגט, אז פארבייפאהרענדיג דעם טייר־פעלס־שלאָס וועט ער זיך דא צושטעלען, אום איך זאל מיט איהם מיטפאהרען און איהם אנצייגען דעם צימער וויא אויך אלע טהירען פון'ם גראפס שלאָס.

— ליעבער איוואן — האט ערינא געבעטען — ערלויבט דאך מיר אויך דא ביי אייך אין שלאָס דיא נאכט צו פערברייינגען, אום איך זאל וויסען צו מען וועט טאקע פאהרען נאך דעם מערדער און ווען איהר וועט קענען אויספיהרען איך זאל אויך דערביי זיין וויא מען וועט מיין קינד'ס מערדער ארעטירען, וועל איך אייך זעהר דאנקבאר זיין. דאס וועט זיין מיין איינציגער טרויסט און מיין אונגליק.

— זעהר גוט. דוא מענסט בלייבען דיא נאכט — האט איוואן געענטפערט — עס קען זיין אז דוא זאלסט דעם סליעדראוואטעל נאטהווענדיג זיין צו דער אונטער־זוכונג.

— איך דאנק אייך זעהר, ליעבער פריינד, — האט ערינא מיט טרעהרענדע אויגען געזאגט — איך קען שוין ליידער אויף קיין גליק האָפען, און דיא ראכע וואס איך וויל נעהמען פון מיין קינדס מערדער, וועט מיין איינציגעס גליק זיין.

— ווארום זאלסט דוא אזוי פערליערען דיא האָפנונג? — האט איוואן גע־ריהרט פון איהר פערצווייפלונג געזאגט — דוא ביסט נאך יונג, דוא קענסט נאך דיא גליקליכסטע זיין.

— וואס פאר א גליק, ליעבער פריינד, קען מיך ערוואַרטען? ביז דער לעצ־טער צייט, בעפאָר מיין קינד איז ערמארדעט געוואָרען, האב איך געהאָפט אז איך וועל מיין מאַן געפינען און ער וועט זיך מיט מיר צוריק פעראייניגען צוליעב אונזער קינד. יעצט האב איך אבער דיא האָפנונג אויף פערלאָרען. אז מיין מאַן האָכט מיך, פערשטעה איך דאָך אָן דעם, וואס ער איז פון מיר אנטלאָפען געוואָרען. דאס קינד וואס איך האב איהם געבארען און האב געהאָפט אז דורך דעם וועל איך איהם צוריק צו זיך צוציהען, איז שוין אויך ניטא. אלזא, אויף וואס קען איך האָפען?

— אבער איהר דארפט דענקען, פיעללייכט האט אייך אייער מאַן פערלאָזען ניט אוים האס צו אייך, זאנדערן צוליעב אַן אנדער זאך, און ווען איהר וועט איהם געפינען וועט ער זיך גאר מיט אייך דערפרייען?

— דאס איז א פאלשע האָפנונג — האט ערינא זיפצענד געענטפערט — איך מוז אייך פערטרויען א געהיימניס, אז איך האב מיין מאַן הייטע צופעלינגער־ווייזע געזעהן.

— ווירקליך? איהר האט איהם שוין געפונען?

— איך האב איהם נור געזעהן רייטענדיג אויף א פערד, און בעפאָר איך בין צו זיך געקומען, איז ער שוין פערשוואונדען געוואָרען.

— וואו האט איהר איהם בעגעגענט?

— ניט ווייט פון ליסא׳ס הויז.

— מוז ער דאך וואוינען ערגעץ אין דעם געגענד?

— דאס איז ביי מיר יעצט קיין צווייפעל.

— אבער זאגט מיר, ערינא, מיר שיינט, אז ליסא האט מיר דערצעהלט, דאס מען האט אייער מאַן געזעהן ביי׳ם פריסטער אין שטוב?

— יא, דאס איז וואהר.

— נו, ביסט דוא געוועזען ביי דעם פריסטער נאכפארשונגען צו מאכען וועגען איהם?

— יא, איך בין געוועזען.

— נו, וואס האט דיר דער באטיושקא געזאגט?

— דער נאמען טימאָפיי פושין (מיין מאַנס נאמען) איז איהם אונבעקאנט — האט ערינא געענטפערט.

— אבער וואס קען אייער מאַן טהאָן אין דיעזען געגענד?

— דאס ווייס איך ניט. דאס הערץ זאגט מיר אז ער טהוט דא קיין גוטעס....

ערינא איז שוין דארט געבליעבען אויף איבער־נאכט. ריכטיג אום צוועלף אוהר האט איוואן דערהערט א גערויש נעבען דעם שלאָס, און אלס ער איז ארויסגעלאָפען זעהן וואס דאס בעדייט, האט ער דערזעהן דעם סליעדראָוואטעל אויף א פריסטאַוו מיט פיעל סאלדאטען.

— נו, אלטער! — האט דער סליעדראוואטעל געזאגט אלס איוואן האט איהם בעגריסט — פאהרסט מיט אונז נאך דאנילאָווקא?

— יא — האט איוואן נעענטפערט — ווילט איהר פיעללייכט זעה; דיא מוטער פון דעם ערמארדעטען קינד?

— זיא איז דען יעצט דא?

— יא.

— זעהר גוט. עס שארעט ניט, ווען איך וועל זיא פארנאנדער פרעגען וויא אזוי דיא בלוטיגע געשיכטע האט זיך אבגעשפיעלט.

ער איז אריינגעגאנגען אין׳ם טייפעלס־שלאָס, האט א היבשע צייט גערעדט מיט ערינא׳ן און אלס זיא האט איהם געבעטען ער זאל זיא מיטנעהמען, האט ער באלד איינגעווילגט און זיי זיינען אלע נאך דאנילאווקא אוועקגעפאהרען.

261טעס קאפיטעל.

# דאָך בּרידער.

מיר מוזען זיך אומקעהרען צו א פאמיליע וועלכע מיר האבען שוין לאנג ניט געזעהן; א פאמיליע, וועלכע קען דיענען אלס מוסטער פאר אונז מענשען. מיר זאלען זעהן אז מיט רייכטהום טאָר מען ניט שטאָלצירען. דאס געלד איז אזא רע־דעלע, וואס דרעהט זיך פון איינעם צום צווייטען.

דאס איז היראָנים ראָזענדופט׳ס פאמיליע.

מיר האבען שוין געזעהן, וויא שרעקליך דיא פאמיליע איז געפלאנט געווארען. זייער געלד האט מען אויסגענאררט, דער טאכטערס עהרע בערויבט, זייערע פריינדע זיינען פון זיי אנטלאפען און זייערע פיינדע האבען געפאטשט בראוואָ.

ווען יעמאנד זאָל געוועזן מיט א האלב יאהר צוריק זאגען ראָזענדופט׳ן, אז ער וועט צו אזא לאנגע קומען, וואלט ער געוויס יענעם זיבען מאל אין געזיכט אָנ־געשפייט. היראנים ראָזענדופט האט צו יענער צייט געמיינט, אז ער שטעהט העכער פון אלע אידען. ער האט, וויא מיר ווייסען, זיך שטארק געשעמט מיט דעם נאמען „איד״ וואס זיינע פערפלוכטע עלטערען האבען איהם געשטעמפעלט. זיין ווייב האט אויך דיא זעלבע פעראכטונג צו איהר פאָלק געפיהלט און איז ביי זיך אויך אזוי שטאָלץ געוועזן וויא איהר מאן. ווענען זייער טאכטער העלענא איז געוויס קיין רעדע געוועזן, זיא האט זיך געהאלטען פאר א פרינצעסין און בלויס ביי דעם געדאנק, אז איהרע עלטערן זיינען זשידעס, איז זיא רויט געווארען און האט זיך געשעמט פאר דיא פיער וועגד פון איהר צימער. ביי איהר ווער קיין צווייפעל, אז זיא וועט אויף זיך באלד טראגען דעם נאמען קניאגינא אדער גרעפין.

וויא לאנג איז דאס אלעס געוועזן און וויא גיך דאס רעדעל האט זיך איבער־געדרעהט?

דיעזע שטאלצע רייכע גליקליכע פאמיליע ליעגט יעצט פערשטעקט ביי א אי־דען אין א לאָך. דיא קריסטען וועלכע זיי האבען אזוי פערגעטערט און אזוי פיעל פריינדשאפט געוויעזען, האבען זיי אפילו אזא לאָך אויך ניט געוואלט געבען. היראנים מיט סיציליען וויזען אויס וויא צוויי אנטלאָפענע ארעסטאנטען וואס ציטערן זיך פאר דער וועלט צו ווייזען און זייער פרינצעסין ליעגט אין בעט קראנק, און אין

אזא שענדליכע לאגע, וואס זיא שעמט זיך דאס פּנים פאר איהרע אייגענע עלטערן צו זעהן.

קיין אויסזיכט אויף רעטונג האבען דיא אונגליקליכע פאר זיך געזעהן. זיי האבען גוט געוואוסט, אז פון זייערע בעפריינדעטע קריסטען קענען זיי קיין הילף ערווארטען או. פון דיא אידען האבען זיי קיין רעכט הילף צו פערלאנגען.

וויא בערייהעט האבען דיא אלע זייער נארישקייט. זיי האבען יעצט דיא אויגען געעפענט צו זעהן, וויא בלינד זיי זיינען פריהער געווען. אך, ווען זיי זאָלען דורכט זיך, צוריק אויף זייער ערשטער שטופע שטעהן, וואָלטען זיי שוין גאר אנ־דערש געלעבט. זיי וואָלטען הייסע אידען געווארען.

אזוי האט יעדער פון זיי געקלערט. אבער וואס קומט ארויס פון דער חרטה ווען זיא ערשיינט צו שפּעט? זיי האבען שוין זייער האפנונג פערלאָרען צוריק זייער הויכע שטופע צו עררייכען. זיי האבען יעצט מעהר ניט פערלאנגט צו האבען דיא מעגליכקייט פון מאָסקווא אוועקצופאהרען, זיך בעזעצען ערגעץ אין א אידישער שטאדט און דאָרט פיהרען אן איינפאכעס עקאָנאָמישעס לעבען. זיי זאָלען ניט דאר־פען ציטערן יעדע מינוט פאר דעם איבערפאל פון דער פאליציי.

שלמה האט ווירקליך געמוזט זיין זעהר קלוג און פּראקטיש, דען ער האט געזאגט: ווען דיין פיינד איז הונגעריג גיעב איהם ברויט, און ווען ער איז דורשטיג גיעב איהם וואסער, ווייל מיט דער וואָהלטהאט שיטסט דוא ברענענדע קאָהלען אויף זיין קאָפּ.

וויא ריכטיג דיא ווערטער זיינען. עס קען גאר קיין ערגערע זאך ניט זיין פאר א מענשען וויא צו דערהאַלטען גוטעס פון אזא פּערזאָן, וועלכע ער האט בעהאנדעלט גרויזאם. ווען דיעזער שלעכט בעהאנדעלטער טהוט מיט זיין פיינד גוטעס נעהמט ער דערמיט פון איהם פיעל מעהר ראכע אלס מיט דיא גרעסטע קלעפּ וואס ער וואָלט איהם געגעבען.

דיא גוטעס וואס משה האָניגמאן האט געטהאָן מיט היראנים ראָזענדופט איז געווען דיא גרעסטע נקמה. היראנים האט משה׳ן גליידָ אין דיא אויגען ניט גע־קענט קוקען, דען ער האט ניט געוואוסט וויא אזוי זיין דאנקבארקייט אויס־צודריקען.

משה האט ווירקליך ראזענדופט׳ן געוויעזען דיא צערטליכסטע פריינדשאפט. ער האט איהם בעסער וויא א ברודער בעהאנדעלט. ער אליין וויא אויך זיין פרוי און טאכטער האבען זיך דיא גרעסטע מיהע געגעבען דיא ביטערע לאגע פון דער אונגליקליכער פאמיליע צו פערזיסען. זיי האבען זיי פערזאָרגט מיט אלעם וואס זיי האבען געברויכט און האבען זיי ניט געלאזט מאנגעל פיהלען.

אבער דיא אלע וואָהלטהאטען האבען היראנים׳ן וויא מיט שפּיזען געשטאָכען. ער האט ניט געקענט פערגעסען וויא שלעכט ער האט דיעזען ארענטליכען מאן בע־האנדעלט, אלס ער איז צו איהם געקומען אין זיין נויטה הילפע צו בעטען. ער האט אמאל משה׳ן ערגריפען פאר דער האנד און מיט טרעהרענדע אויגען האט ער אויס־גערופען:

— משה דוא ביסט א מלאך!

— זיי ניט קיין נארר, — האט משה נעענטפערט — איך בין אזא מענש וויא דוא.

— זאג דאס ניט. איך האב דיך אנדערש בעהאנדעלט ווען מיר איז געווען גוט און דיר שלעכט.

— איך האב אויף דיר דערפאר קיין פערדרוס ניט — האט משה נעענט־פערט — ווייל אין יענער צייט ביסט דוא געווען אזוי פערבלענדעט, דאס דוא האסט זאגאר דיין איינען קינד געלאזט אין אונגליק קריכען. עס טרעפט זעהר אפט, אז דאס רייכטהום בערויבט דאס פערשטאנד פון דעם קלינסטען מענשען. איך האב זאגאר דאמאלס ווען דוא האסט מיך אזוי שלעכט בעהאנדעלט, אויף דיר קיין פער־דרוס נעהאט.

— אבער, ליעבער ברודער, וואס קען דא מיין ענדע זיין? — האט היראנים מיט זעהר א בעזארגטעם געזיכט נעפרעגט — עס איז דאך קיין פלאן פאר אונז ביידען, איך זאל ליגען פערשטעקט ביי דיר אין הויז? מיר איז שווער צו לעבען וויא אין געפעננניס און דיר איז שווער צו טראגען מיך מיט מיין פאמיליע אויף דיינע פלייצעס.

— אויף מיר ביזט דוא קיין לאסט — האט משה געענטפערט — מיך קרענקט נור דאס, וואס דוא געפינסט זיך אין אזא ביטערער לאגע. אבער עס ווערט מוזען דאצו אויך אן ענדע נעהמען. זאל נור דיין טאכטער פאלקאמען געזונד ווערען ווערט אלעס רעכט ווערען.

— וואס קען דא רעכט ווערען? — האט היראנים פערצווייפעלט געזאגט — איך זעה ניט ארויס פון וואנען מיר קען א שטיקעל הילף קומען.

— איך זעה אבער יא ארויס פאר דיר א הילף.

— וואס פאר א הילף זעהסט דוא ארויס?

— איך האב שוין איבערגערעדט וועגען דיר מיט א פאאר פון אונזערע לייט און זיי האבען פערשפראכען צו זעהן דיך פון דיין קריטישע לאגע צו בעפרייען.

— מיט וועמען האסט דוא גערעדט?

— מיט מיכאל גרינזאנג.

— מיט מיכאל גרינזאנג? — האט היראנים ערשטוינט נעפרעגט.

— יא, איך האב מיט איהם גערעדט וועגען דיך.

— און וואס האט ער דיר געזאגט?

— ער האט מיר פערשפראכען דיר צו העלפען מיט אלע מעגליכקייט.

— דוא שפאסט ניט ליעבער פריינד?

— שפאסען? דוא גלויבסט אז איך וועל זיך ערלויבען אין אזא צייט מיט דיר צו שפאסען?

— וואס האט ער דיר געזאגט?

— ער האט מיר פערזיכערט אז ער וועט אלע קרעפטע אנווענדען פאר זייד און ערלויבניס צו בעקומען דא צו בלייבען אום דוא זאלסט האבען דיא מעגליכקיי־

זיך צו פראָצעסירען מיט דיינע בעלי-חובות און פון זיי דיין געלד אפּנעהמען.

— אָ, געבענשט זאל דיעזער גוטער מענש זיין פון גאָט — האט היראנים גע-ריהרט אויסגערופען, ניט אומזאָנסט האט ער א נאמען פאר א גרויסען פהילאנ-טראָפּ, ער איז ווירקליך א זעלטענער מאן וואס זיין גלייכען איז שווער צו געפינען, נו, און דוא גלויבסט אז ער וועט קענען פאר מיר אזא ערלויבנים בעקומען.

— איך צווייפלע גאר אין דעם ניט. דוא מוזט געוויס וויסען, אז ער האט א גרויסען איינפלוס אויף אלע גרעסטע בעאמטע. איהם וועט מען קיין זאך ענט-זאגען.

— אך, ווען ער זאָל קענען אזא ערלויבנים פאר מיר בעקומען, וויא גליקליך ער וואָלט מיך דערמיט געמאכט.

— דוא קענסט רוהיג זיין, אז ער וועט דאָס געוויס בעקומען. איך האב נור בעדארפט פון זיין מונד הערען אז ער וועט דאס טהאן, און קיים האב איך דאס פון איהם געהערט, צווייפעל איך ניט, אז ער וועט זיין ציעל עררייכען. נור דאס איז נאך ניט גאר. דיעזער עדלער מענש האט פאר דיר געזארגט, דוא זאָלסט קיין מאנגעל אין קיין זאך האבען ביז ער וועט דיא ערלויבנים פאר דיר בעקומען.

— וואס מיינסט דוא מיט דיא ווערטער ?

— ער האט דורך מיר דיר געשיקט א גמילות-חסד, ביז גאט וועט דיר העל-פען און דוא וועסט אין שטאנדע זיין איהם דעם קליינעם חוב אבצוגעבען.

— א גמילות-חסד האט ער מיר געשיקט ?

— יא, פריינד. דא האָסט דוא דאס — האט משה געענטפערט איהם אי-בערגעבענד א פערזיגעלטען קאָנווערט.

מיט ציטערנדע הענד האט היראנים דעם קאָנווערט אויפגעעפענט און איז אויס איבערראשונג וויא פערשטיינערט שטעהן געבליעבען.

ער האט אין דעם קאָנווערט געפונען טויזענד רובעל אין רוסישע אסי-גנאציעס.

— משה ! — האט ער ווייגענד אויסגעשריען אומארמענד זיין אלטען פריינד. יעצט פערשטעה איך ערשט ווער מיינע ברידער זיינען.

162טעם קאפּיטעל.

# דער איבערפאַל.

מיר האבען געזעהן וויא ביידע מערדער סטעפאן מיט סעמיאנען זיינען ערצי-טערט געווארען, אלס זיי האבען דערהערט א ליארם אונטער דיא פענסטער. זיי האבען שוין דעם אלטען גראף פעליקס צו-רוהע געלאָזט און זיינען פון זיין צימער ארויסגעלאָפען.

זיי האבען נאך דעם ליארם פערשטאנען אז דא זיינען קיינע איינפאכע מענ-שען געקומען, זאנדערן פיעלע בעוואפענטע סאלדאטען. אָבוואָהל זיי האבען נאך ניט פערשטאנען דעם צוועק צוליעב וועלכען דיא סאָלדאטען זיינען געקומען, האבען

זיי דאך פערשטאנען אז מיט זיי איז ניט פרעהליך, און ביי זיי איז נעבליעבע זיי זאלען זיך בעהאלטען. דיא הערצער האבען זיי וויא געזאגט, אז מען איז נעקומען נאך זייערע נשמות.

זיי האבען געוואלט ארויסלויפען דורך אן אנדער טהיר, אבער צו זייער גרויסען שרעק האבען זיי באלד בעמערקט, אז ארום אלע טהירען שטעהן מענשען. זיי זיינען געקומען צו דער איבערצייגונג, אז מען איז בעפאלען דעם גאנצען פאלאסט און מען האט איהם פון אלע זייטען מיט סאלדאטען ארומגערינגעלט.

— אויפ'ן בוידים! — האט סטעפאן א שעפצע געטהאן און ביידע זיינען שנעל ארויפגעלויפען; אויף דעם גרויסען בוידים פון דעם פאלאסט און דארט האבען זיי זיך פערשטעקט אונטער צוויי גרויסע קאסטענס, וועלכע ווארען אנגעפילט מיט אלטע קליידער און צובראכענע געשיר.

דורך דיא קלעפ וואס דיא בעלאגערער האבען אין דיא טהירען געגעבען, האבען זיך דיא דיענער פון'ם פאלאסט אויפגעחאפט און האבען דיא טהירען געעפענט.

עס זיינען אריינגעקומען צוואנציג בעוואפענטע סאלדאטען אויסער דעם פריסטאוו, דעם סליעדאוואטעל, איוואן און ערינא.

צו אלעם ערשטען האבען זיי זיך א לאז געטהאן צו דעם צימער וואו דיא צוויי באנדיטען סטעפאן און סעמיאן האבען געוואוינט, אבער זיי האבען דארט קיינעם געפונען אויסער דעם אלטען פיליפ, וועלכער איז געלעגען וויא טויט און האט זיך מיט קיין גליעד געריהרט מען האט איהם גענומען אויפמינטערן, אבער אלעמענס מיהע וואר אומזאנסט דער סליעדאוואטעל האט גלייך דערקענט, אז מען האט דעם אלטען בעטויבט דורך א שלאף-געטראנק.

ער האט דיא ביסליך וויין וואס זיינען נאך געבליעבען אין דיא גלאזלאך צוזאמענגענאסען אין איין פלעשעלע און האט דאס בעהאלטען ביי זיך אין טאש.

דער פריסטאוו האט זיך א לאז געטהאן צו דיא איבעריגע צימער.

מען האט אויך דעם אלטען פעליקס געפונען האלב טויט ליגען אין זיין בעט. אבער ער איז באלד געקומען צו זיך און האט דערצעהלט וויא דיא צוויי מערדער זיינען איהם בעפאלען און האבען איהם געוואלט ערמארדען.

— אויב אזוי, מוזען זיי דאך זיין דא — האט דער פריסטאוו אויסגערופען און האט א בעפעהל געגעבען, מען זאל איבעראל זוכען.

— דיא סאלדאטען האבען זיך צושפרייט אין אלע צימער און אין קעלער. מען האט איין לאך ניט דורכגעלאזט מען זאל דארט ניט זוכען, אבער דיא באנדיטען האט מען דאך ניט געפינען.

אין דער צייט ווען דער פריסטאוו מיט דיא סאלדאטען האבען געמאכט א שטרענגע אונטערזוכונג אין דעם גאנצען פאלאסט, איז דער סליעדאוואטעל געזעסען ביי דעם אלטען דאנילאוו אין צימער און האט זיין גאנצע קונסט אנגעווענדעט, פון איהם אויסצופארשען דאס וואס ער האט געוואלט.

— וויא איז אייער נאמען ? — האט איהם דער סליעדראוואטעל פריינדליך געפרעגט.

— פעליקס דאנילאוו — האט דער אלטער מיט א שוואכער שטימע געענטפערט.

— איהר זייט אן אָנקעל פון'ם גראף אנטאָן דאנילאָוו ?

— יא.

— וואס טהוט איהר דא אין דיעזען פאלאסט ?

— נאך מיין געפעס טויט בין איך דער אייגענטהימער פון זיין גאנצעס אייגענטהום.

— איז דען אייער נעפע טויט ?

— יא.

— ווען איז ער געשטארבען ?

— מיט אייניגע וואָכען פריהער.

— וואו איז ער געשטאָרבען ?

— אין געפענגניס.

— לאנג איז ער אין געפענגניס געזעסען ?

— ניין, ניט לאנג, בלויז צעהן טעג.

— האט איהר איהם אין דער גאנצער צייט ניט בעזוכט ?

— ניין.

— ווארום ?

— ווייל זייט איך האב ערפאהרען אז ער האט א מאָרד בעגאנגען איבער זיין אייגענער פרוי, האב איך איהם אזוי פערהאסט, דאס איך האב מעהר איהם ניט געוואלט אנקוקען.

— זייט איהר גאר דיא גאנצע צייט וואס ער וואר אין געפענגניס ניט געוועז אין אָרשא ?

— ניין.

— מיר שיינט, אז איך האב אייך יא דאָרט געזעהן מיט צעהן טעג צוריק.

— איהר האָט אן אירטהום.

— איך האב קיין אירטהום. איך האב אייך געזעהן ביי'ם סמאָטריטעל אין הויז.

וויא דער אלטער איז געוועז שוואך און צודולט, זאבען איהם דעם סליעדראָוואטעל'ס ווערטער דעם קאָפּ אויסגעלייטערט און ער האט, ווערפענד אויף איהם ערשראָקענע בליקען געענטפערט :

— איך זאג אייך נאך אמאל אז איהר האט אן אירטהום. איך בין אין אָרשא ניט געוועזן.

— איך פערשטעה אבער ניט, גראף, וואָצו זאָלט איהר זיך לייקענען ? עס קען זיין אז איהר האט מיך ניט בעמערקט, אבער איך האב אייך זעהר גוט בעמערקט. איך וועל אייך זאגאר זאגען א צייכען, אז איהר האט געבעטען דעם

סמאטריטעל ער זאל אייך ערלויבען אריינצושיקען פאר דעם נראף אנטאן דאנילאוו עסען אין זיין קערקער. דער סמאטריטעל האט עס אייך ערלויבט און איהר זייט צופריעדען אוועקגעגאנגען.

פעליקס האט איהם פערוואונדערט אנגעקוקט. ער האט זיך אנגעהויבען צו ברטכען דעם קאפ קלערענדיג, צו איז דאמאלס ווען ער וואר ביי'ם סמאטריטעל געווען נאך א מענש דערביי ווען ער האט יערעדט וועגען אנטאנען; אבער ער האט זיך פאר קיין פאל געקענט אזא זאך ערמאנערן. ער האט פערשטאנען, אז דיעזער מאן וויל נור פון איהם שלעפען ווערטער, דארום האט ער זעהר בייז געזאגט:

— איהר זייט א ליגנער, איך בין אין ארשאקיין מאל געוועז, דעם דארטיגען סמאטריטעל האב איך קיין מאל אין מיינע אויגען געזעהן.

ער האט דאס געזאגט מיט אזא בעשטימטהיים, דאס דער סליעדאוואטעל האט אנגעהויבען צו צווייפלען אין דעם וואס אנטאן האט געזאגט, אז יענער אלטער מאן וואס האט בעזוכט דעם סמאטריטעל איז געווען זיין אנקעל פעליקס.

נאך א לאנגעס נאכדענקען האט ער זיך בעשלאסען ארויסצורופען דעם סמאטריטעל אהער, ער אליין זאל דעם אלטען אנקוקען און זאל זעהן, צו איז דאס ווירקליך דער אלטער וואס האט איהם בעזוכט. ער האט זיך געווענדעט צו פעליקס'ן און האט געזאגט:

— איך ביטע אום פערצייהונג, הערר נראף. איך האב מיט מיינע ווערטער וואס איך האב ערשט גערעדט קיין שלעכטס געמיינט. עס קען זיין, אז מיר האט זיך נור אויסגעגעבען אז איך האב אייך געזעהן ביי'ם סמאטריטעל. אבער איך זאל בעטיטעלט ווערען מיט דעם נאמען ליגנער, דאס שטעהט מיר ניט אן. איך קען ניט ערטראגען אזא בעליידיגונג און דארום וועט דער סמאטריטעל זעלבסט ענטשיידען צו בין איך א ליגנער צו ניט.

— דער סמאטריטעל זעלבסט? — האט פעליקס ערציטערט אויסגערופען — וויא אזוי וועט ער דאס ענטשיידען?

— גאנץ איינפאך. ער וועט מארגען זיין דא, וועט ער אייך זעהן און וועט גלייך זאגען, צו האט איהר רעכט אדער איך.

— ווער וועט דא זיין? — האט פעליקס געפרעגט ציטערנד ביי אלע גליעדער?

— איך זאג דאך אייך, אז דער סמאטריטעל פון דעם ארשא'ר אסטראג וועט דא מארגען זיין.

פעליקס האט זיך בעמיהעט פון זיין געלעגער זיך אויפצוהויבען.

— איהר ווילט אויפשטעהן? — האט דער סליעדאוואטעל געפרעגט.

— יא — האט דער צודולטער פעליקס געענטפערט — איך מוז אויפשטעהן. איך האב מיך דערמאנט אז איך מוז זעהר נאטהווענדיג נאך מאסקווא פאהרען.

א שמייכעל האט זיך געוויזען אויף דעם סליעדאוואטעלס ליפען און ער האט גאנץ רוהיג געזאגט:

— ניין, נראף! איהר וועט ניט פאהרען.

— וואס הייסט איך וועל ניט פאהרען? — האט פעליקס זעהר בייז אויסגע-רופען — ווער וועט דאס מיך אבהאלטען?

— איך וועל אייך אבהאלטען, הערר גראף.

— איהר? מיט וועלכען רעכט?

— איך בין אן ארצט און איך געפין אז דאס פאהרען נאך מאסקווא וועט אייך פיעל שאדען בריינגען.

— מיר וועט ניט שאדען. איך קען זיך זעלבסט בעסער אלס אלע ערצטע קענען מיך. אין נעגענטהייל, דאס פאהרען וועט אויף מיר זעהר גוט ווירקען.

— דאס וואס איהר זאגט איז נאך אלץ ווענינ — האט דער סליעדראָוואטעל געזאגט — איך געפין דיא רייזע פאר אייך אלס זעהר שעדליך און דארום קען איך אייך ניט ערלויבען איהר זאלט פאהרען.

— איך פרעג אייך ניט, איך דארף קיין ארצט — אויף זיך אליין בין איך דער בעסטער ארצט.

— נו, ווען איהר וועט קענען פאהרען, פאהרט — האט דער סליעדראוואטעל שמייכלענד געענטפערט.

— יא, איך פאהר מארגען גאנץ פריה. פיליפ! פיליפ! ניכער קום אהער. נעהם צוזאמען מיינע זאכען און פאק זיי איין, דען מיר פאהרען מארגען פריה אוועק פון דאנען.

אבער פיליפ איז נים געקומען, אויך קיין אנדער דיענער איז אריינגעקומען.

דער סליעדראוואטעל איז ארויסגעגאנגען ערפאַהרען וואס עס הערט זיך וועגען דער אונטערזוכונג.

מען האט איהם געמעלדעט אז דיא צוויי באנדיטען האט מען ניט געפונען, אבוואהל מען האט דאס גאנצע הויז דורכגעזוכט.

— דאס איז אבער אונמעגליך זיי זאלען פון דאנען אנטלויפען, דען מיר זיינען דעם פאלאסט איבערגעפאלען ריכטיג אין דער מינוט, ווען זיי האבען דעם אלטען גראף געוואלט ערמארדען.

— זיי זיינען אבער דאך ניטא — האט דער פריסטאוו געזאגט.

— דאס איז קיין אנטווארט. זיי מוזען דא ליגען ערגעץ פערשטעקט און מיר טאָרען דאס הויז ניט פערלאזען, ביז מיר וועלען זיי דערטאפען.

— וואס־זשע קענען מיר דאָ טהאן? — האט דער פריסטאוו געפרענט.

— מען מוז דאס הויז פון אלע זייטען בעוואכען — האט דער סליעדראָוואטעל געענטפערט — דיא באנדיטען וועלען דאָך מוזען פון זייערע לעבער ארויסקריכען, דער הונגער וועט זיי דערצו טרייבען. דאן וועלען מיר זיי דערטאפען.

— דאס האב איך שוין אליין אויך נעקלערט — האט דער פריסטאוו געענט-פערט — איך וועל ביי אלע טהירען שטעלען סאלדאטען, אום דיא מערדער זאָלען פון דאַנען ניט אנטלויפען.

— איהר זאָלט אויך געבען דעם גראפס צימער א סאלדאט שטעלען — האט דער סליעדראָוואטעל געזאגט — דער אלטער טייפעל דענקט פון דאנען צו אנטלויפען,

איהם מוז מען נאך מעהר היטען אלס יענע מערדער און מען מוז גלייך אוועקשיקען א קוריער צום סטאַטריטעל ער זאל מארגען אהער קומען אום זיך איבערצוציינגען צו איז דער אלטער גראף נים יענער וואס האט איהם א בעזוך געמאכט און האט אויסגעווירקט מען זאל פאר דעם גראף אנטאן דאנילאָוו ברענגען עסען פון א רעסטאָראן.

— וויא ווייזט איך אויס, איז ער דער זעלבער מאן?

— ביי מיר איז קיין צווייפעל, אז דאס איז דער זעלבער — האט דער סליעדאוואטעל געענטפערט — עבען דארום האב איך אייך געזאגט, אז מען מוז אויף דעם אלטען גוט אכטונג געבען. מיר מוזען איהם און אונזערע הענד האלטען.

— זייט זיכער, אז ער וועט זיך שוין פון אונזערע הענד נים ארויסרייסען — האט דער פריסטאוו פערזיכערט.

263טעס קאפיטעל.

## דאָס איז נים אומזאָנסט.

— ווארום זיצט דוא אזוי פערזאָרגט סאבינא? — האָט גריגזאנג געפרעגט זיין פרוי.

— איך ביינק איינפאך נאך דער גרעפין מאריא — האָט סאבינא זיפצענד געענטפערט — איך ווייס גאָר נים וואס דאס בעדייט, אבער איך מוז דיר זאגען, מיין מהייערער מיכאל, אז איך בין און דער יונגער פרוי אזוי פערליעבט, דאס איך קען גאר אָהן איהר נים לעבען.

— א גליק וואס זיא איז קיין טאנספערזאָן — האט גרינזאנג שמייכלענד געזאגט — זאָנסט וואָלט איך שטארק אייפערזיכטיג געוועןן.

— זעהסט דוא — האט אויך סאבינא מיט א שמייכעל געענטפערט — אז איך בין נים אייפערזיכטיג חאָטש איך ווייס אז דוא ליעבסט אויך דיעזער שעהנער פרוי. דוא וועסט דאס פיעללייכט אפלייקענען און וועסט זאָגען אז דאס איז א ליגען?

— איך וועל מיך גאָר נים לייקענען. איך זאָג דיר אָפען, אז איך ליעב זיא וויא א טאכטער.

— און פון דעסטוועגען האסט דוא זיא גלייכגילטיג פון דיין שטוב געלאָזט אוועקגעהן.

— איך האב זיא געלאָזט? וואס דען האָסט דוא געוואָלט, איך זאָל זיא האלטען אלס געפאנגענע ביי אונז אין הויז?

— דוא האסט בעדארפט אלע קרעפטען אָנווענדען זיא איינצורריידען זיא זאל ביי אונז בלייבען.

— דוא זעהסט דאך וואס דוא האסט אויסגעפיהרט רעדטסט וואס דוא האסט יא אנגעווענדעט אלע קרעפטען זיא איינצורריידען, זיא זאָל דא בלייבען, האבען דיינע רייד א שטאַרקע ווירקונג געמאַכט?

— פון דעסטוועגען גלויב איך, אז ווען דוא זאלסט געוועזן מיט איהר ווענען דעם ריידען, וואָלט זיא דיך יא געפאָלגט.

— ניין, סאבינא, דוא האסט אן אירטהום. איך האב פערשטאנען, אז דיא גרעפין וואלט פאר קיין פאל איינווילינגען דערצו, ביי אונז צו בלייבען. איך האב פערשטאנען אז זיא האט זיך קוים פון אונזער הויז ארויסגעחאפט, ווייל איהר איז געוועזען אונאנגנעהם אויף אונז צו לאסט צו פאלען.

— איז זיא דען געפאלען אויף אונז צו לאסט?

— דאס ניט, אבער זיא האט אזוי געמיינט.

— און דאס קריינקט מיך מעהר פון אלעס — האט סאבינא געזאגט — ווארום זאל זיא אזא שלעכטע מיינונג פון אונז האבען? האב איך איהר דען געגעבען אור־זאכע זא־וואס צו דענקען?

— געוויס האסט דוא איהר קיין אורזאכע געגעבען זיא זאל פון אונז אזא שלעכטע מיינונג האבען, אבער איהר גלויבט זיך גאר ניט, אז פרעמדע מענשען און נאך זשידעס דערצו זאלען ווירקליך זיין אזוי גוט און זאלען פאר א פרעמדער קריסטין זארגען וויא פאר אן אייגען קינד.

— דאס האסט דוא שוין אן אירטהום, מיכאל. דוא דארפסט וויסען, אז דיא מאריא האט דיא אידען פיעל ליעבער אלס דיא קריסטען.

— האט זיא דיר דאס אליין געזאגט?

— יא, זיא האט דאס מיר אויסדריקליך געזאגט.

— וואס האט זיא דיר געזאגט?

— זיא האט מיר אפען געזאגט: אז זיא איז צו דער איבערצייגונג געקומען, דאס דיא יודען זיינען פיעל עהרליכער און מענשענפריינדליכער אלס דיא קריסטען, פון טיעפען הערצען האט זיא בעדויערט, וואס מען בעהאנדעלט דיא יודען אין מאסקווא אזוי גרויזאם. זיא האט אויך מיט מיר וועגען אונזער רעליגיאן גערעדט און זיא האט געזאגט, אז אונזער רעליגיאן געפעהלט איהר פיעל בעסער, אלס דיא קריסטליכע איינפאך דערפאר, וואס זיא איז געגרינדעט אויף לויטער מענשענפריינד־ליכע זיטען.

— פון וואנען וויים זיא דאס?

— זיא האט געלערענט אונזער ביבעל, זיא איז בעקאנט מיט אלע אונזערע זיטען, וואס שטעהן אין תורת משה. זיא וויים, אז דאס קריסטענטהום איז א קינד פון אונזער רעליגיאן, א שלעכט קינד וואס פאטשט דער אלטער מאמע און לאזט זיא צו זיך אין שטוב ניט אריין. זיא איז דערפאר זעהר אויפגערעגט און זיא זאגט אז קיין גרעסערער אונרעכט וויא דיא קריסטען בענעהען געגען דיא יודען איז גאר ניט דא.

דער בעדיענטער איז אריינגעקומען און האט געמעלדעט, אז משה האנינמאן איז געקומען און ווינשט צו שפרעכען מיט דעם הערן.

— זאל ער אריינקומען — האט גרינזאנג געהייסען.

— וואס זאגט איהר עפעס גוטס רבי משה — האט גרינזאנג פריינדליך גע־פרעגט דעם הערייינקאמענדען משה'ן.

— איך בין געקומען אייך איבערגעבען ראָזענדופטס הערצליכסטען דאנק פאר דעם גמילות חסד, וואס איהר האט איהם געשיקט.
— וואס מאכט זיין טאכטער?
— זיא איז פיעל בעסער.
— וואס איז דאס ביי איהר פאר א קריינק?
— זיא האט זיך צוגעקיהלט.... — האט משה פערשעהמט געענטפערט.
— געהט דער ארצט יעדען טאג?
— יא.
— זעהר גוט, נים אכטונג רבי משה אויף דעם אונגליקליכען און אויף זיין פאמיליע — האט גרינזאנג געזאגט — אבוואהל ער האט זיך שווער פערזינדיגט געגען אלע יודען, אבער זיין שטראפע האט ער שוין ערהאלטען. איך גלויב, אז דיא שטראפע וועט איהם שוין אביסעל מעהר פערשטאנד אריינגעבען.
— יא — האט משה געענטפערט — ער איז שוין בעדייטענד קלינער געוואָרען. ער האט אליין שטארק הרטה אויף דעם וואס ער איז געוועזען מעהר קריסט אלס איד. איך בין פערזיכערט. אז ווען גאט וועט איהם יעצט העלפען וועט ער שוין אן אנדער מיינונג האבען וועגען אונזערע אידען, אזוי וויא ער האט אן אנדער מיינונג וועגען דיא קריסטען. וויא מיינט איהר רבי מיכאל, איז דא א האפנונג ער זאל קענען בלייבען היער וואוינען?
— דערווייל, געהט דאס צו זעהר שווער. איך בין שוין וועגען דעם געוועזען ביי אלע מיינע בעקאנטע קריסטען, וואס קענען אין דעם פאך א טובה טהאן און זיי האבען מיר געזאגט, אז זיי קענען דא גאר ניט העלפען. ווייל דער העכט שטינקט דא פון׳ם קאָפּ, איהר פערשטעהט?
— ניין רבי מיכאל, איך פערשטעה נים.
— דער בעפעהל הירשנים זאל מאָסקווע פערלאזען, שטאמט פון דעם גובער־נאטאָר אליין.
— וואס האט דער גובערנאטאָר צו איהם?
— איך האב דאס אויך ערפאהרען, אז דעם גובערנאטאָר, האט דאס אנ־געבעטען דיא קניאגיניא מעשצערסקאיא. ווייל זיא פירכטעט, אז הירשנים וועט פון איהר זיין געלד מאנען.
— נו, איז שוין גאר קיין העכערער מענש פונ׳ם גובערנאטאָר ניטא. איז ער דען א קייזער?
— עס זיינען יא דאָ העכערע מענשען. ליידער אבער איז דער גובערנאטאָר, אזא איינפלוסרייכע פערזאן, וואס דיא גרעסערע פון איהם ווילען זיין ווילען נים איבערגעהען. דארום בין איך יעצט ראטלאז און וויים ניט, וואס איך זאל טהאן.
— האט איהר שוין רבי מיכאל געפרובירט מיט דעם גובערנאטאָר אליין וועגען דעם צו ריידען.
— ניין! איך וויל מיך גאָר ניט מיאוס מאכען, ווייל איך וויים, אז דיא קניא־גיניא מעשצערסקאיא, האט ביי איהם מעהר ווערטה אלס איך.

— איז, וויא איך הער, קיין האפנונג דא אויסצוּווירקען פאר דעם אונגליקליכען ראָזענדופט אן ערלויבניס, ער זאל בלייבען היער וואוינען ?

— פאָרלויפיג איז דאצו קיין מיטעל דא. נור איהר קענט זיכער זיין, אז איך וועל דיא לעצטע מעגליכקייט אנוועגדען אזא ערלויבניס יא אויסצוּווירקען. דערווייל קען ער זיך וואוינען דארט וואו ער וואוינט, קיינער וועט איהם דאָרט בעאונרוהיגען. דער דוואָרניק וועט שווייגען וויא א פיש און קיין זייטיגער מענש דארף וויסען, אז היראָנים מיט זיין פאמיליע געפינען זיך דא. דען איהר ווייסט דאך, אז אלע היזיגע יודען האבען איהם פיינד און קוים וועלען זיי איהם קענען א ביס טהאן, וועלען זיי געוויס דיא געלעגענהייט פון דער האנד ניט ארויסלאזען דאס צו טהאן.

— זייט זיכער, אז קיינער וועט ניט וויסען וואו ער וואוינט. דעם גאנצען טאג געהט ער פון שטוב ניט ארויס, נור ביי נאכט בעזוכט ער אייניגע פריינדע און זיי ווייסען ניט, וואו ער וואוינט.

— וואס הערט זיך עפּעס ווייטער נייעס ביי אייך, רבי משה ?

— יא, איהר האט מיך דערמאָנט, אייך צו דערצעהלען א שטיקעלע נייעס, אבער איך ווייס ניט צו דאס וועט אייך אינטערעסירען.

— וואס איז דאס פאר א שטיקעל נייעס ?

— עס קען זיין, אז איהר וועט מיר דיא צייטען דארפען אָבגעבען א מזל טוב.

— א מזל טוב ?

— יא און א גרויסען מזל טוב.

— פאר וואָס וועט אייך קומען אזא גרויסער מזל טוב ?

— ווייל ביי מיין טאכטער וועט דוכט זיך דיא צייטען זיין תנאים.

— אזוי ? דאס איז ווירקליך א גוטע נייעס. נעהמט זיא באטש א רעכטען ברויטיגאם.

— געוויס וועל איך איהר ניט געבען אבי א חתן.

— וואס איז ער פאר א מענש ?

— ער איז א גרויסער מעבעל־הענדלער.

— וויא הייסט ער, פיעללייכט קען איך איהם.

— עס קען זיין, אז איהר קענט איהם, זיין פאמיליע איז פערערבליך.

— וויא ? פערערבליך דער מעבעלהענדלער ?

— יא, איהר קענט איהם דען ?

— איך קען איהם זעהר גוט.

— נו, געפעהלט אייך דער שידוך, רבי מיכאל ?

— איך קען אייך ניט זאגען יא אדער ניין.

— פארוואָס ?

— דערפאר וואס מען קען דעם מענשען ניט ריכטיג דערקענען. אמאָל ווייזט ער אויס, אלס זעהר אן עהרליכער פיינער מאן און אמאל בעמערקט מען אין איהם צייכענס פון א שארלאטאן. אָבער זאגט מיר וויא קומט ער צו אייך. עפּעס קומט דאס מיר זעהר רעטזעלהאפט פאָר.

— וואָרום?

— ווייל איך ווייס, אז דיעזער פעדערבליץ איז א גרויסער ליעבהאבער פון געלד און ער זאל נעהמען א כלה אהן געלד, דאס גלויבט זיך מיר נים.

— איהם איז שטארק געפעלען מיין מיידעל.

— ער קומט אָפט צו אייך אריין?

— דיא ערשטע צייט פלעגט ער אָפט אריינקומען, נור אין דער לעצטער צייט, האט ער אויפגעהערט צו געהן.

— נו, דאס איז דאך א בעוויז, אז ער איז אין אייער טאָכטער נים פערליעבט.

— איך האב דאסזעלבע אויך געמיינט, אבער היינט האט ער מיך בעגעגענט און האט מיר גאנץ אפען געזאגט, אז ער געהט נים דערפאר, וואס ער זעהט נים קיין רעכטע ליעבע פון מיין טאכטער צו איהם. נור אויב איך וועל איהם בעשטימט פערזיכערן, אז ער וועט זיין מיין איידים, וועט ער קומען ענדיגען דעם שידוך, דאס הייסט שרייבען תנאים.

— לויט איך פערשטעה פון אייערע ווערטער, איז אייער טאכטער נים צו־פריעדען מיט דעם שידוך?

— וואס ווייס אזא קינד וויא זיא איז — האט משה געענטפערט — פערנעסט נים, אז זיא האט זיך געהאדעוועט אין א דאָרף, נו, פערשטעהט זיא דען, וואס פאר איהר איז גוט. פעדערבליץ איז א יונגער מאן און עושר און א פיינער מענש, פאר איהם קען א וויב זעהר גליקליך זיין.

— צו זיא קען פאר איהם גליקליך זיין, דאס איז נאך א פראגע. אבער איך דענקע, אז דא מוז עטוואס זיין, וואס זיא וויל דעם שידוך נים טהאן. גראדע דער־פאר, וואס זיא האט זיך ערצויגען אין א דאָרף, דארף זיא אזא שידוך, אלס גליק בעטראכטען.

— דא איז פערשטעהט מיך מאקי פאראן א שטיקעל שפילקע, וואָס שטעכט איהר זעהר שטארק.

— וואס איז דאס פאר א שפילקע? — האט גרינזאנג שמייכלענד געפרעגט.

— איהר רבי מיכאל, זאלט דאס נים פערשטעהן איז מיר א וואונדער. דא איז גאנץ פשוט, זיא האט שוין כמעט וויא געהאט א חתן, וועלכער איז איהר שטארק געפעלען געוואָרען.

— נו, און פון דעם שידוך איז גאר נים געוואָרען?

— אזוי ווייזט דאס אויס.

— וואָרום?

— איך ווייס אויך נים ווארום, עפעס דער חתן ברעקעלט זיך!

— און איהר ווייסט נים ווארום ער ברעקעלט זיך?

— זאל מיך אזוי קיין בייז נים וויסען מיט אייך צוזאמען, וויא איך ווייס נים, וואס מיט איהם איז געוואָרען. פריהער האט ער זיך פאר איהר פשוט מקריב געווען, נאר פלוצלונג האט עס איהם עפעס פערדרעהט און ער האט אויפגעהערט צו קוקען אין אונזער ווינקעל.

— ער איז וואהרשיינליך א שארלאטאן?

— ניין, ער איז גראדע זעהר א פיינער יונגער מאן און איך קען דאס זיך אליין ניט ערקלערען וויא קומט צו איהם אזא רציחה.

— פון וואנען איז ער אליין?

— ער איז אליין פון װאַרשא. מען קען איהם דא אויך פאר זעהר א פיינעם קויפמאן.

— וויא הייסט ער?

— יאָזעף לעהמאן.

— וויא, יאזעף לעהמאן? — האט גרינזאנג העכסט פערוואונדערט געפרעגט. ער זאל טהאן אן עולה דאס גלויבט זיך מיר ניט.

— איהר קענט איהם דען?

— יא. איך קען איהם זעהר גוט. איך זאג אייך, אז מיר גלויבט זיך ניט, ער זאל טהאן אן עולה, דא מוז עפּעס זיין. פיעללייכט, האט איהר אדער אייער טאָכ־טער געגען איהם אן אונרעכט בעגאנגען?

— ניין, מיר פיהלען זיך ניט זינדיג געגען איהם.

— איך וועל שוין ריכטיג געוואהר ווערן, וואס דא טהוט זיך — האט גרינ־זאנג נאך א קורצעס שווייגען געזאגט.

— וויא אזוי וועט איהר דאס געוואהר ווערען?

— וואס ארט אייך, איך וועל מיך מיט איהם שוין זעהען און וועל ריכטיג ערפאהרען דיא אורזאכע, וואס האט איהם פון אייער טאָכטער אָבגעריסען.

— לאנגע יאהר זאל זאל אייך גאט געבען, רבי מיכאל, איהר וועט זיך כ׳לע־בען פארטיגע עולם הבא קויפען פאר דער מצוה. מיר זיינען טאקי אלע טשיקאווע צו וויסען, וואס מיט דעם יאָזעף׳ן איז געוואָרען.

גרינזאנג האט געוואָלט עפּעס זאגען אבער דער בעדיענטער איז אָבערמאלס אריינגעקומען און האט געמעלדעט, אז אן אָפיציער ווינשט מיט איהם צו שפרעכען.

— איך וועל אייך ניט שטערען — האט משה געזאגט — א גוטען טאג אייך רבי מיכאל.

— ער האט זיך טיעף פערנייגט און איז אוועקגעגאנגען.

— גרינזאנג האט געהייסען דעם אָפיציער אריינבעטען צו זיך אין קאבינעט און איז באלד אויך אהין אריינגעגאנגען.

— ער האט שוין דאָרט דעם אפיציער געטראפען, דאס וואר א יונגער מאן אין א פרעכטיגען אוניפאָרם.

— זייט איהר הערר גרינזאנג? — האט דער אפיציער געפרעגט.

— יא, מיין הערר.

— טהוט זיך אן און קומט מיט מיר.

— וואוהין? — האט גרינזאנג ערשטוינט געפרעגט.

— צום געגעראל גובערנאטאר.

— צום גראָספירסט? — האט גרינזאנג ערציטערט אויסגערופען.

— יא — האט דער אפיציער ערנסט נעענטפערט — אבער איהר האט זיך נים צו שרעקען, דא שטעהט פאר אייך קיין געפאהר.

— וואצו קען מיך דער גראָספירסט ברויכען? — האט גרינזאנג אלעס ער-ציטערט געפרעגט.

— ער ברויכט אייך נים אום אייך צו הענגען אדער שיסען. קומט מיט מיר דיא מינוט, דען איך האב בעפעהל אייך צו ברענגען.

מיט א קלאפענדעס הערץ און ציטערענד ביי אלע גליעדער האט גרינזאנג אנגעצוינגען זיין פיינסטען ראָק און איז מיט דעם אפיציער אוועקגעגאנגען.

264טעס קאפיטעל.

## וואס איז מיט דער כלה?

ביי דעם באנקיר ראָטהבלום אין הויז איז שמחה וששון. רעבעקא׳ס תנאים פייערן זיך מיט דעם גרעסטען לוקסוס.

פרעהליך איז דער טאטע, גליקליך דיא מאמע. זיי האבען דערלעבט דיא גאָלדענע צייט אויף וועלכער זיי האבען אזוי לאנג געהאָפט. זיי האבען דערלעבט זייער כאָכטערס תנאים, זיי האבען פאר איהר אויסגעפונען א חתן נאך בעסער אלס זיי האבען ערווארטעט. זיא פערבינדעט זיך מיט א יונגען מאן א מיליאנער, דיא גאנצע וועלט איז זיי מקנא אזא גליק.

דעם באנקירס זאל איז פול, דיא פיינסטע פון מאסקווא זיינען געקומען זיך פרייען אויף זיין שמחה. רייכ-געקליידעטע הערען און מיט שמוק בעהאנגענע דאמען דרעהן זיך ארום איבער דעם פרעכטיגען זאל וועלכער איז מאיסטעטיש אילומענירט, מען לאכט, מען פלוידערט, מען שיט מיט וויצען, אלעס גלענצט און אלעס שטראַהלט.

נור וואס איז דאס מיט דער כלה? האבען דיא געסט זיך זעלבסט געפרעגט בעמערקענד דאס דיא שעהנע רעבעקא ווייזט אויס זעהר בעטריבט און פערזאָרגט.

פערפוצט אין איהרע רייכע בראוט-קליידער האט דיא שעהנע רעבעקא יעצט אויסגעזעהן וויא א רייכער בר-מנן. דאס געזיכט איז געוועזן בלאס. עס האט זיך אויף איהם פאסט קיין לעבענסצייכען געוויעזען און ווען נים איהר שטראהלענדע פייערינע אויגען וואס האבען בעטראכט דעם גרויסען פובליקום, האט מען ווירקליך געקענט מיינען אז זיא איז טוידט.

איהר בלאסקייט איז אלע געסט אויפפאלענד געוועזן, נור איהרע עלטערן האבען דאס נים בעמערקט, ווייל זיי ווארען בעשעפטיגט מיט דער אויפנאמע פון זייערע געסט, זיי האבען געוואָלט אלעמען צופריעדען שטעלען, זיי האבען געוואָלט אז יעדער פון דיא געסט זאל א פרעהליכען לוסטיגען אבענד פערברענגען, דארום האבען זיי אין זייער טאָכטערס ווינקעל נים געקוקט.

דערפאר אבער איז דער חתן סימאן גרייץ זעהר לוסטיג געוועזן. ער האט גראדע יא נוט בעמערקט דעם טרויער וואס אויף זיין כלה׳ס געזיכט איז געלעגען, אבער איהם האט דאס וועניג אינטערעסירט, ער האט ערווייכט זיין ציעל, און וואס האט ער מעהר בעדארפט. ע״ איז געוואָרען רעבעקא׳ס חתן און באלד וועט ער ווערען איהר

מאַן. דעם נאָך וואס איהר פאטער האט איהר פערשפּראָכען וועט ער דאָך באלד ערהאַלטען, נו וואס־זשע דארף ער נאָך.

ניט מעהר וויא יוצא זיין פאר לייטען איז ער צו רעבעקא'ן צוגעגאנגען און האט אנגעפאנגען מיט איהר זעהר צערטליך צו ריידען, אבער ער האט זעהר אונ־אנגענעהמע ווערטער פון איהר געהערט.

— ווארום זיצט דוא אזוי פערטראכט מיין טהייערע? — האט ער זיא צערטליך געפרעגט זיך זעצענד נעבען איהר — האָסט דוא דען פערגעסען אז דיעזער אבענד איז דער גליקליכסטער אין דיין לעבען.

זיא האט אויף איהם א גיפטיגען בליק געווארפען און האט געענטפערט:

— איך פיהל דאס ניט....

— וואס פיהלסט דוא ניט? — האט ער ערשטוינט געפרעגט.

— עס טהוט מיר זעהר לייד, וואס דוא פערשטעהסט מיינע ווערטער ניט און פערלאנגסט א דייטליכע ערקלערונג.

— איך גלויב אז אזעלכע רעטהזעלהאפטע ווערטער וועט קיינער פערשטעהן — האט ער מיט א געצוואונגענעם שמייכעל געזאגט.

זיא האט געשוויגען.

— לויט איך פערשטעה מיין לעבען, ביזט דוא יעצט ניט ביי קיין גוטער לוינע.

— דאס האָסט דוא געטראָפען.

— ביזט בייז מיין זיסע רעבעקא? זאל איך גלויבען אז דוא ביזט בייז אויף מיר? מיר שיינט אז איך האב דיר דאָצו קיין אורזאכע געגעבען.

— איך בין ניט בייז אויף דיר, זאָנדערן אויף דיין אָנקעל.

— וואס? אויף וועמען זאגסט דוא ביזט דוא בייז?

— איך האב דאך דיר שוין געזאגט אז אויף דיין אָנקעל.

— אויף וועלכען אָנקעל?

— אויף דעם קאַליפאָרניער.

— אויף מיין טוידטען אָנקעל ביזט דוא בייז? הער איך רעכט?

— דוא האָסט זעהר ריכטיג געהערט.

— ווארום ביזט דוא אויף איהם בייז?

— עס טהוט מיר אבערמאלס לייד וואס דוא פערשטעהסט מיינע ווערטער ניט — האט זיא מיט א שפּאָטישען טאָן געענטפערט.

— איך מוז דיר זאגען זיסע רעבעקא אז איך דערקען דיך הייטע ניט — האט נריץ פערדריסליך געזאגט — דוא רעדסט מיט מיר הייטע אזעלכע רעטהזעלהאפטע ווערטער וואס קלינגען זאנדערבאר אין מיינע אויערן.

— פון מיר איז דאס א גרויסער פעהלער וואס איך האב דיא זעלבע ווערטער פריהער ניט גערעדט.

— ביזט דוא פיעללייכט אונצופריעדען מיט אונזער בונד?

— עס איז שוין צו שפּעט דיא פראגע צו בעאנטוואָרטען — האט זיא זיפ־צענד געענטפערט.

— אבער אום גאָטעס ווילען, רעבעקא! וואס איז דאס מיט דיר? האָסט דאַ מיר אליין ניט געריכט מיט פריידע דיין האַנד?

— יא, ליידער איז דאס וואהר.

— דוא האָסט אויף דעם חרטה?

— איך האב דאך דיר שוין פריהער געזאגט אז עס איז צו שפעט אזעלכע פראגען צו בעאנטוואָרטען.

גריץ איז געבליעבען זיצען וויא אבגעשטיסען, ער האט דייטליך געזעהן אז רעבעקא האט חרטה אויף דעם שידוך און ער האט אנגעהויבען צו ציטערן פיעל־לייכט זאגט זיא דאס אָפען ארויס פאר איהרע עלטערן און דאַן.... ווער ווייס וואס דאַן וועט זיין. דארום האט ער געפונען פאר קלוג ניט ארייננצולאזען זיך מיט איהר אין א טיעפען געשפרעך ווענען אזעלכע זאכען. ער האט נור אויסגערעדט דיא ווערטער:

— איך שווער דיר ביי אלעם וואס היילינ איז, אז דוא וועסט אין מיר גע־פינען אימער א געטרייען געהאָרזאמען דיענער. מיין גאנצעס לעבען וועל איך נור איין זאך אין זינען האבען, דיין לעבען צו פערזיסען.

און אָהנע צו ווארטען אויף איהר אנטוואָרט איז ער שנעל פון איהר אוועק־געגאנגען. דאס הערץ האט אין איהם אנגעהויבען צו ציטערן פיעללייכט וועט רעבעקא גאר ניט דערלאזען דערצו דיא תנאים זאלען שטאטפינדען. דארום האט ער זיך בעשלאסען צו טרייבען דיא מחותנים זיי זאלען וואס גיכער דיא תנאים ענדיגען; אום עס זאל הייסען אז ער האט זיך אָפיציעל אויף אימער פערבונדען מיט רעבעקא'ן.

— פריילין ראטהבלום! — האט אן עלעגאנט געקליידעטער יונגער מאַן אויסגערופען צוגעהענד צו רעבעקא'ן נאכדעם אז גריץ איז פון איהר אוועקגעגאנגען— איך זוך אייך שוין פון אייניגע מינוטען אום אייך מיין גראַטולאציאָן איבערצוגעבען. וויא קומט דאס וואס איהר האט זיך אוועקגעזעצט אין א ווינקעל און נעהמט קיין אנטהייל אין אייער אייגענער פריידע.

— איך פיהל מיך עטוואס אונוואהל הערר וואהרהאפטיג—האט רעבעקא גע־ענטפערט זיך בעמיהענד מאכען א פרעהליך געזיכט.

— אונוואָהל? דאס זאלט איהר ניט זאגען, איהר מוזט יעצט זיין גאנץ געזונד און מונטער. איהר זעהט אז זאגאר פרעמדע מענשען פרייען זיך מיט אייער גליק. צום ביישפיעל איך, אבוואהל מיין ברוסט איז נאך פול מיט דיא שמערצען וואס מיין פאטערס אונגליק האט אין מיר פעראורזאכט, פון דעסטוועגען האב איך ביי זיך ניט געקענט רעכט מאכען ניט צו זיין אויף אייערע תנאים. נו, שטעלט אייך פאָר וויא עס ווערט צו מוטה אייערע געסט וועלכע זיינען געקומען אייערע פריידע פערגרעסערן און געפינען אייך אונוואָהל און אונמוטהיג.

— ראס האט איהר זעהר רעכט הערר וואהרהאפטיג, איך בין אייך זעהר דאנקבאר דערפאר וואס איהר האט צוליעב מיר אזא אָפפער געבראכט. אבער איהר פערשטעהט זעלבסט אז קיין מענש איז ניט ביי זיך אין דיא הענד, מען קען

זיך ניט קויפען אויף אימער געזונד, זא וויא עס איז אונמעגליך צו קויפען פאר זיך א בעשטענדיגעס גליק....

— איך האב צו אייך קיינע פרעטענזיאנען פריילין ראטהבלום. איך ווינש אייך נור איהר זאלט זיין אימער געזונד, מונטער און זאלט מיט אייער קינפטיגען געמאהל הונדערט גליקליכע יאהר צוזאמענלעבען.

— איך בין אייך פאר דעם ערשטען זענען געווים זעהר דאנקבאר — האט זיא שמייכלענ געענטפערט — וואס מאכט איהר ליעבער פריינד. איהר וויזט אויס הייטע זעהר גוט.

— איך בין גאָט זיי דאנק פאלקאמען געזונד.

— און וויא געהען אייערע געשעפטען ?

— איך בעשעפטיג מיך יעצט מיט קיין זאך, איך האב מיר א וואָרט גע-געבען איך זאל קיין געשעפט בעטרייבען ביז איך וועל ראכע זעהן אין מיין פאטערס מערדער.

— נו, וואו האַלט דאס, האט איהר האָפנונג אייער וואונש זאל אין גיכען עררייכט ווערען ?

— ער איז שוין פאסט עררייכט געווארען.

— ווירקליך ? מען ווייס שוין ריכטיג ווער אייער פאטערס מערדער זיינען?

— געוואוסט האט מען שוין לאנג דערפון, אבער דיא מערדערווארען זאָ מעכטיג, זא שטאַרק דאס מען האט זיי ביז אהער גאר ניט געקענט טהאן. נור הייטע האט זיך וויא גאט אליין אריינגעמישט און האט גרויסע וואונדער בעוויעזען.

— וואס פאר א וואונדער האט ער דאס בעוויעזען ?

— מען האט הייטע פערהאפטעט דעם פאלקאווניק מאלינבערג און דעם זשאנדארמסקען קאפיטאן מאלאיעוו ווייל מען האט זיך איבערציינט אז זיי מיט נאך א גאנצער באנדע האבען מיין פאטער ערמארדעט. מען וועט געווים דיא איבעריגע מערדער אויך אויסגעפינען.

— נו, און וואס איז געווארען מיט יאקאב פיין ?

— וואס ? איהר ווייסט גאר ניט אז מען האט איהם הייטע פון געפענגניס ארויסגעלאזען און ער איז שוין א פרייער מענש.

— יאקאָב איז פריי? — האט רעבעקא אויסגערופען און איהר געזיכט איז נאך בלאסער געוואָרען אלס פריהער.

— יא, ער איז שוין יעצט א פרייער פויגעל. אבער וואס איז דאס מיט אייך פריילין ראטהבלום, איהר וויזט אויס שרעקליך בלאס.

— גאר נישט, איך האב דאך אייך געזאגט, אז איך בין אונוואהל — האט זיא געשטאמעלט — ווילט איהר זא פריינדליך זיין, הערר וואהרהאפטיג, מיר געבען א ביסעל וואסער.

זיא האט נאך דיא ווערטער ניט געענדיגט, האט זיך איהר קאפ ארונטער-געלאזט און ווען וואהרהאפטיג זאל זיא ניט געוועזען פערהאלטען וואָלט זיא צו באָ-דען געפאלען.

-- וואסער! וואסער! — האט וואהרהאפטיג אנגעהויבען צו שרייען — דיא בראוט איז אהנמאכט געפאלען.

עס איז געוואָרען אַ שרעקליכער ליארם און אלע געסט האבען זיך אַ לאָז געטהאן צו דער כלה.

## 264טעס קאפיטעל.

## אַ מערקווירדיגער אנטראג.

צופריעדען מיט זיך אליין איז בת־שבע געזעסען אין איהר וואוינונג און אַ פערגניגטער שמייכעל איז אויף איהרע ליפען געלעגען.

— עס האט זיך מיר נאר קיין מאל געחולם׳ט, איך זאל אַ וואהלטהעטערין זיין — האט זיא צו זיך אליין געזאגט — איין מאל האב איך געטהאן אלע יודען אַ טובה און יעצט האב איך אויפגעוויזען דיא מערדערייען פון פערמאסקירטע מערדער און געוויס וועלען אונשולדיגע דאדורך בעפרייט ווערען. דאס וואלט געווען זעהר גוט ווען איך וואלט געגלויבט אין עולם הבא, פאר אזעלכע מצות קען מען אויף אַ גוטע בעלוינונג האפען. נור אזוי בין איך אויך צופריעדען, עס איז דאך גלייכער גוטעס צו טהאן, אלס שלעכטעס. דאביי האב איך ראכע גענומען פאר ברענער׳ס בלוט און נאך אויסגעפיהרט אַ שטיקעל געשעפט, וואס דער הערר קראָנענשטיין וועט מיר פאר איהם שעהנע טויזענדער געבען.

זיא האט אנגעהויבען מיט אונגעדולד צו ערווארטען קראָנענשטיינען, אום איהם דיא גוטע נאכריכט איבערצוגעבען, אז זיינע לייטע וועלען שוין קענען ריהיג פערבלייבען אין מאסקווא.

זיא האט אויף קראָנענשטיינען לאנג ניט בעדארפט ווארטען. דען ער איז אויף מארגען נאך איהר בעזוך ביים גראָספירסט, געקומען ערפאהרען צו האט זיא עפעס אויסגעווירקט.

מיט אַ פריינדליכען שמייכעל, האט זיא איהם בעגעגענט און האט געזאגט:

— מיך פרייט זעהר אייך בעריכטען צו קענען, דאס איך האב אלעס אם בעסטען אויסגעפיהרט.

— ווירקליך? — האט ער דערפרעהט אויסגערופען.

— יא, הערר קראָנענשטיין, דער גראָספירסט זעלבסט, האט מיר פערשפראָכען אייערע לייטע ערלויבנים צו געבען זיי זאלען דא קענען ווייטער בלייבען וואוינען.

— האט ער דאס אייך זעלבסט געזאגט?

— יא.

— אויב אזוי מוז איך אייך אַ קאמפלימענט מאכען מאדאם, אז איהר זייט אַ וואונדערבארע פרוי. איהר דארפט וויסען, אז דיא איינפלוס רייכסטע היזיגע מענער האבען זיך ענטזאגט עטוואס צו טהאן פון מיינעטוועגען, ווייל זיי האבען געגלויבט, אז זייער מיהע וועט זיין אומזאנסט. דען דער גראָספירסט איז בעקאנט אלס שרעקליכער יודענפיינד.

— דער טייפעל איז ניט אזוי שרעקליך, וויא מען שטעלט איהם פאָר — האט

בת־שבע שמייכלענד נעזאגט — דעם בעוויז האט איהר יעצט פאר דיא אוינען.

— האט ער אייך פיעללייכט אויך געזאגט, ווען ער וועט דעם בעפעהל געבען מען זאל מיינע לייטע צו רוהע לאסען?

— דאס האט ער מיר ניט געזאגט, איך גלויב אבער, אז נאך היימע וועט איהר שוין דעם נינסטינען רעזולטאט ערפאהרען, דען ער האט אייער נאמען ביי זיך אין נאטיץ־בוך זעלבסט פערצייכענט.

— איהר קענט אייך גאר ניט פארשטעלען מאדאם, וואס פאר א וואהל־טהאט איהר האט דא בעוויזען. פיעלע ארמע פאמיליען ווערלען אימער פאר אייך גאט בעטען. זיי וועלען אייך, אלס זייער רעטערין בעטראכטען. דאס זאל ביי אייך הייסען א נייסטינער לֹסהן פון דיא ארמע פאמיליען און איך וועל אייך געבען דעם לאֹהן, וואס איך האב אייך פערשפראָכען, באלד וויא מיינע לייטע וועלען זייער רעכט ערהאלטען. אויב איהר ווילט קען איך אייך א געוויסע סומע שוין געבען.

— דאס מאכט ניט אויס, איהר וועט מיר אבנעבען אלעס מיט מיט איין מאָל — האט בת־שבע געענטפערט — וועט איהר מיר פיעללייכט דיא עהרע און דאָס פערגנינונגען פערשאפען און וועט ביי מיר עטוואס געניסען.

— ווען אייך וועט דאס פערגנינונגען פערשאפען, וועל איך אויך מיט פערגנינונגען ביי אייך עטוואס געניסען — האט קראנענשטיין געענטפערט.

בת־שבע האט באלד געהייסען איהר דינסטמעדכען דערלאנגען צום טיש פער־שיעדענע שנאפסען און פערבייסאכצען.

קראָנענשטיין האט זיך פיעל ניט געלאזט בעטען. ער האט געטרונקען און פערביסען וויא ביי זיך אין דער־היים און מיט יעדער גלעזעלע וואס ער האט אויס־געליידיגט האט ער זיך אלץ מעהר ארומגעזעהן אז דאס יונגע ווייבעל וואס זיצט דא פאר איהם איז פול מיט חן.

— מאדאם! — האט ער ענציקט אויסגערופען — איך בעטראכט אייך אלס גוטען ענגעל, אבער צוזאמען מיט דעם מוח איך אייך געשטעהן, אבוואהל אז אייך וועט דאס פערדריסען, אז איהר זייט זעהר שלעכט.

בת־שבע האט איהם פערוואונדערט אָנגעקוקט.

— איך בין שלעכט? — האט זיא לאקאניש געפרעגט — וואס פאר שלעכ־טעס האָט איהר דען אין מיר בעמערקט?

— איהר זייט שלעכט דערמיט, וואס איהר זייט אין שטאנד א מענשען גליקליך צו מאכען און איהר טהוט דאס ניט.

— וואס מיינט איהר מיט דיא ווערטער, העדר קראָנענשטיין?

— איך מיין דאָ גאַנץ איינפאך. אז ווען איהר זאָלט אייער הערץ און אייער האנד שענקען אן ארענטליכען מאן, קענט איהר איהם פאר דעם גליקליכסטען אין דער וועלט מאכען.

— נו, אנטגעגנען ווען בין איך דאס אזוי שלעכט?

— אנטגעגנען דעם מאן וואָס איהר שטערט איהם אזא גליק

(Mos., 82).

— דאס איז לעכערליך — האט בת־שבע שמייכלענד געזאגט — פריהער דארף איך וויסען צו עס איז דא אזא מאן וועלכער וואלט זיך מיט מיין געשענקטעס הערץ גליקליך געפיהלט, נאכהער דארף איך זיך זעלבסט אויך אין זינען האבען. דאס הייסט, איך דארף וויסען, צו קען איך מיט דעם מאן גליקליך זיין. ערשט שפעטער ווען מיר וואלטען געגענזייטיג איינער אינ׳ם צווייטען זיין גליק געזעהן, וואלט איך געהייסען שלעכטע דערמיט וואס איך פערשטויס פון זיך דאס גליק און בערויב איהם אויך פון אן אנדערן. •

— איז דאס מעגליך, אז דיא מענער זיינען אלע בלינד און זעהן ניט וויא דיא נאטור האט אין אייך פעראייניגט שעהנהייט, וויזהייט און גוטהערציגקייט!

— דאס איז ווירקליך א ריעזען־הויכער קאמפלימענט — האט בת־שבע שמייכלענד ערווידערט — עס איז נאר קיין וואונדער וואס פרעמדע לייטע האבען אין מיר אזוי פיעל מעלות ניט געזעהן, דען איך זעלבסט האב זיי אויך ניט בע־מערקט אין מיר.

— ניין, מאדאם! דאס וועט איהר מיך ניט איינריידען. דער שפיעגעל בע־וויזט אייך געוויס איינינע מאל אין טאג וויא פרעכטיג שעהן איהר זייט. שאדע שאדע וואס איך בין שוין אביסעל צו אלט פאר אייך, זאנסט וואלט איך אליין געוואלט דער גליקליכער זיין וואס זאל בעזיצען אייער האנד.

בת־שבע האט איהם ערשטוינט אנגעקוקט. זיא האט איהם בעטראכט מיט אזעלכע בליקען וויא זיא זאל זיך וועלען איבערציינען צו מיינט ער דאס ערנסט אך זיא האט ענדליך געזאגט:

— איך האב ניט ערווארטעט פון אייך, הערר קראנענשטיין, אזא שפאס.

— א שפאס זאגט איהר? — האט ער מיט פייער געענטפערט — ווארום דענקט איהר, אז איך שפאס?

— ווייל מיר גלויבט זיך דאס ניט, אז אזא רייכער מאן וויא איהר זייט זאל זיך וועלען פערבינדען מיט א פרוי וועלכע איהר זעהט דאס דריטע מאל און זייט ניט קלאר אין איהר פערנאננעהייט וויא אויך ניט איהר פאמיליע.

— ווען מען זעהט א פרעכטיגעס בילד וויל מען זיך נאר ניט אזוי שטארק אינטערעסירען וועגען דעם קינסטלער וואס האט עס בעשאפען. דער געניוס אליין וואס מען האט קוקענדיג אויף זיין פראכט איז שוין גענוג פאר דעם צושויער וואס איז נור א מבין אויף א מייסטער־ווערק. איך זאג אייך אויפריכטיג אז ווען איהר זאלט זיך בעשליעסען מיין פרוי צו זיין, וואלט איך מיך פאר דעם גליקליכסטען מענשען אין דער וועלט געשעצט.

— זעהט איהר, הערר קראנענשטיין, איך בין שוין נאר אן אנדערער מענש — האט בת שבע זעהר פריינדליך געענטפערט — אבוואהל איך דארף אייער אנטראג אלס גרעסטע גליק בעטראכטען, פון דעסטוועגען וועל איך מיך ניט איילען אייך מיין יא־ווארט צו געבען. איך מוז וועגען דעם פריהער גוט נאכדענקען און נאכ־פרעגען....

— דאס האט איהר פאלקאמען רעכט. ווען מען דארף אזא שרים מאכען מח מען זיך גוט בעדענקען און בעטראכטען. דיא וועלט האט שוין לאנג נעזאגט איהר פראקטיש ווערטעל: עס איז בעסער דער ערשטער רוגז אלס דער לעצטער.

— נו, ווארום־זשע האלט איהר אליין פון דעם ווערטעל ניט?

— איך האב דאס אייך שוין פריהער נעזאגט, אז איך בין פון דיא מענשען וואס בעגנינענען זיך מיט דעם איינדרוק וואס א קונסטפאלעס בילד מאכט אויף זיי און זיי וועלען זיך גאר דיא מיהע ניט געבען, צו ערפאהרען פון וואנען דאס בילד שטאמט. אלזא, דארף איך יעצט ווארטען אויף אייער אנטווארט?

— יא.

— איך קען אייך זאגאר יעצט זאגען, וואס איהר וועט וועגען מיר ערפאהרען — האט ער שמייכלענד געזאגט.

— נו, זאגט. איך בין נייגיעריג צו הערען, אויב איהר ווייסט וואס פאר א מיינונג דיא וועלט האט פון אייך.

— מען וועט אייך זאגען אז איך בין זעהער רייך און איך בין אן עהרליכער מאן, אבער איין פעהלער וועט מען דאך אין מיר אויסזעצען.

— וואס פאר א פעהלער?

— דאס וואס איך האב מיך ענטזאגט צו ערפילען דעם לעצטען וואונש פון מיין פאטער וועלכער איז פארינעס יאהר געשטארבען און האט מיר פאר זיין טויט בעפאהלען איך זאל הייראטהען מיין קוזינע לאה קראנענשטיין וועלכע האט זיך אין זיין הויז ערצויגען אלס יתומה.

— האט איהר אייער פאטער פערשפראכען זיין וואונש צו ערפילען?

— ניין, איך האב ניט יא אויך ניט ניין נעזאגט.

— ווארום ווילט איהר אייער פאטער'ס וואונש ניט ערפילען?

— וואס פערשטעהט איהר דען ניט? מיין קוזינא ליעב איך נור אלס שוועסטער, אבער אלס ווייב וועט מיר זעהר שווער זיין זיא צו ליעבען.

— נו, און זיא ליעבט אייך?

— דאס ווייס איך ניט. איך האב קיין מאל מיט איהר וועגען דעם ניט גערעדט.

— וואו געפינט זיא זיך יעצט?

— ביי מיינעם א צווייטען אנקעל.

— ווייס זיא שוין, אז איהר ווילט זיא ניט הייראטהען?

— ניין

— איהר זאגט דאך אבער, אז דיא וועלט ווייס יא דערפון.

— דיא וועלט פערשטעהט דאס, ווייל מען ווייס אז א יאהר איז שוין איבערגעגאנגען זייט מיין פאטער איז געשטארבען און איך האב זאגאר קיין פארבערייטטונגען געמאכט צו אונזער האכצייט.

— מוז דאך דאס אייער קוזינא אויך פערשטעהן?

— עס קען זיין, אז זיא פערשטעהט. איך גלויב אבער אז זיא וועט צופריעדען

זיין דערמיט וואס איך וועל מיך פון איהר ענטזאגען, דען זיא איז אויך פון איהו פריהעסטער יוגענד אָן געוואוינט געוואָרען מיך אלס ברודער צו בעטראכטען און איהר וועט זעהר שווער זיין זיך צוגעוואוינען מיט דעם געדאנק, אז איך וועל איהר מאן זיין. נור וואס נעהמט אונז אָן אזעלכע זאכען? איך בין א פרייער מאן און איהר זייט א פרייע פרוי. מיר האבען ביידע דאס רעכט צו האנדלען נאך אונזער איי־גענעם ווילען. ווען זאל איך צו אייך קומען נאך אן אנטוואָרט?

— עס מוז געדולדינ זיין ווענינסטענס אכט טאג.

— זעהר שעהן. אין דיא אכט טאג וועלען מיר זיך נאך זעהן. איך דארף אייך נאך אפבריינגען אייער געלד. אבער בעפאָר איך געה פון אייך אוועק מוז איך אייך אבערמאלס ווידערהאלען מיינע ווערטער, דאס איהר וועט מיך פאר דעם גליקליכסטען אין דער וועלט מאכען.

זיא האט גאָר ניט געענטפערט. שטום האט זיא איהם דיא געררייכטע האנד געדריקט, און האט זיך אויף א לאַנגער צייט פערטראכט אלס ער איז אוועק־געגאנגען.

265טעס קאפיטעל.

## דער אלטער העלד.

— פיליפ! דוא ביסט עס? — האט דער אלטער גראף פעליקס דאנילאוו גע־פרעגט זיין אלטען דיענער וועלכער איז צו איהם אין צימער אריינגעקומען מיט פערשלאפענע אויגען.

— יא, גראף, דאס בין איך, אייער ערגעבענסטער דיענער פיליפ. נעהמט ניט פאר אומגוט וואס איך האב אייך אויף אזא לאנגע צייט איבערגעלאזט אליין. דער שווארץ יאָהר ווייס וואָס מיט מיר איז געווארען. איך האָב מיך אויף, ערשט איך ליעג אין אן אנדער צימער און עס איז שוין ליכטיג אין דרויסען; איך גיעב אויפ'ן זיינער א קוק, ערשט עס איז שוין צעהן פאר האלבען טאג. יעזוס מאריא — האב איך א געשריי געטהאן — וואס איז מיט מיר געשעהן? דוכט זיך ווען איך בין פון אייער צימער ארויסגעגאנגען איז ערשט געווען האלבע נאכט. וויא אזוי־ושע איז אזוי גיך טאג געווארען?

— ווייסט דוא נאך גאָר נים וואס היינטיגע נאכט איז געוועזן? — האט דאנילאוו געפרעגט.

— פון וואנען זאל איך וויסען, אז א בייזער שלאף איז פלוצלינג אויף מיר אנגעפאלען.

— דוא ווייסט גאָר ניט, אז היינטיגע נאכט האט מען מיר געוואָלט ער־מאָרדען?

— וואס? אייך האט מען געוואָלט ערמאָרדען?

— יא יא, פיליפ, מיך אליין.

— ווער? ווער האט דאס געוואגט אייך צו ערמאָרדען?

— סטעפאן מיט סעמיאָנען.

— הא? סטעפאן מיט סעמיאָנען? זיי האבען אייך טאקע נאר פשוט געוואָלט דערשטיקען?

— זיי האבען מיר געוואָלט דערשטעכען.

— נו, און זיי האבען אייך נאך ניט דערשטאָכען?

— דוא זעהסט דאָך, נאררישער מענש, אז איך לעב.

— ווער האט אייך פון זייערע הענד גערעטעט?

— גאט האט צוגעשיקט אין דער זעלבער מינוט זיינע ענגלען און זיי האבען מיך פון דיא מערדערישע הענד גערעטעט.

— וואס זאגט איהר? ענגלען? טאקע אמת'ע מלאכים מיט פלינלען?

— ווען א מענש רעטעט אונז פון טויט איז ער אויך א מלאך.

— זיינען דאס געוועזען איינפאכע מענשען?

— יא.

— ווער זיינען זיי?

— דאס ווייס איך נאך ניט.

— נו, אויב אזוי, פערשטעה איך שוין ווארום זיי האבען מיך אריינגעגאררט אין זייער צימער און האבען מיך טראקטירט מיט וויין. דאס האבען זיי מיך פערשלעפערט, אום זיי זאלען קענען אריינגעהן צו אייך מיט מעסערס. דאס איז זייער גליק וואס איך בין דא ניט געוועזען, איך וואָלט זיי וויא הערינג צוריכטען. נור זאגט מיר, הערר גראף, וואו זיינען יעצט דיא מערדער? איך וועל מיך נאך מיט זיי יעצט אויך אברעכענען.

— דאס ווייס איך ניט.

— און אייערע גוטע מלאכים האבען זיי געלאזט מיט גאנצע ביינער פון אייך אוועקגעהן?

— וואו דיא מלאכים זיינען ווייס איך אויך ניט.

— דאס איז מערקווירדיג. וואו זיינען אלע דיענער? קיינער איז נאר נעבען אייך ניטאָ?

— אנדריי איז דא געוועזען. ער האט מיר דערלאנגט וואסער און קאפע.

— און ער האט אייך גאר ניט דערצעהלט פון דיא ענגלען און פון דיא מערדער?

— ניין.

— איהר האט איהם גאר ניט געפרעגט וועגען דעם?

— איך האב איהם יא געפרעגט, אבער ער האט ניט געענטפערט.

— נו, האט איהר איהם געשוויגען פאר אזא פרעכהייט? פארוואס האט איהר ניט געהייסען מען זאל איהם דערפאר אבציילען פינף הונדערט ריטער?

— ווען זאל איך הייסען, אז קיין לעבעדיגע זעלע קומט אהער אריין?

— ווארטס, הערר גראף, איך וועל מיך מיט דיא אלע הינד אברעכענען. זיי וועלען מיר שוין האבען צו געדיינקען צייט זיי וועלען לעבען. איהר ווייסט, גראף, וואס איך וועל אייך ראטהען?

— וואס? — האט פעליקס נעפרענט.

— איהר זאָלט באלד טעלעגראפירען צו אייער טאכטער דיא זאָל אהער וואס צום גיכסטען קומען. ווען זיא וועט דא זיין, וועט זיא שוין וויסען וואס זיא האט צו טהאן.

— דוא האָסט מיך דערמאנט אז איך בין נאך איהר אנטווארט שולדיג אויף איהר בריעף וואס איך האב נעסטערן פון איהר ערהאלטען. נעהם נור ארויס, פיליפ, פון מיין בוזים־טאש, דאָרט איז דעם ראָק איהר בריעף.

פיליפ איז צוגעגאנגען צום וואנד וואו עס איז נעהאנגען דעם אלטענס ראָק, האט פון בוזים־טאַש ארויסגענומען א פאַק אסיגנאציעס, אבער קיין בריעף איז דאָרט נעווען.

— דא ליגט קיין בריעף, הערר גראף — האט ער געזאגט.

— דוא ביזט בלינד צו וואס פאר א שווארץ־יאהר? — האט פעליקס צאָרניג א געשריי געטהאן — זוך דארט צווישען דיא געלד ליגט א בריעף.

— דא איז קיין בריעף נישט, הערר גראף — האט פיליפ געענטפערט דורכ־זוכענדיג נאך אמאל דיא טאַש און איבערוואַרפענדיג דאס געלד.

— דוא ביסט אן עזעל. איך האב אליין מיט מיינע הענד דעם בריעף דאָרט בעהאלטען און דוא זאגסט מיר אז ער איז נישטא?

— ער איז דאָך אבער פאָרט נישטאָ. גאָט, הערר גראף, זעהט אליין צו ליגט דא א בריעף צו נישט?

ביי דיא ווערטער האט ער דעם ראָק מיט דאס געלד צוגעטראגען צום גראף.

— מיין גאָט! — האט פעליקס ערציטערט אויסגערופען — ווער האט געקאנט דעם בריעף צוגעמען?

— דאס איז דען געווען א וויכטיגער בריעף?

— פיליפ! דוא זאָלסט מיר דעם בריעף געפינען, דען איך וועל שטארבען פאר שרעק.

— וואו זאל איך איהם זוכען, גנעדיגער הערר?

— זוך וואו דוא ווילסט, אבי געפין איהם. אויב ער וועט אריינפאלען אין פרעמדע הענד בין איך פערלאָרען. ער איז געלעגען צווישען דיא געלד.

— נו, ווער־זשע איז דען געווען ביי אייערע געלד?

— הא? — האט דער גראף אויסגערופען צוליינענד דיא האנד צום שטערן — זאל דאס מעגליך זיין?

— וואס? הערר גראף.

— זאל דאס מעגליך זיין, אז דער טייפעל האט דעם בריעף צוגענומען.

— וועלכער טייפעל, גנעדיגער גראף?

— איך מיין יענעם שרעקליכען טייפעל וועלכער האט מיך געוואלט ערשיסען און האט אויף מיר אזוי ווילד געקוקט, דאס איך בין אין אָהנמאכט געפאלען.

— איהר האט רעכט, הערר גראף. איהר האט דאָך אליין געזאגט, אז ער

האט איבערגעטרייסעלט אייערע טאשען און האט דאס געלד אין זיינע הענ־
געהאלטען.

— וואס רעדסט דוא דומהייט? וואצו דארף ער דעם בריעף — האט פעליקס
זעהר אונרוהיג געפרעגט.

— אויף א טייפעל אָדער אויף א משוגענעם קען מען קיין פראגען מאכען —
האט פיליפ געענטפערט.

— דוא ווייסט פיליפ, אז איך שרעק מיך זעהר — האט דער אלטער נאך א
לאנגעס נאכדענקען געזאגט.

— וואָרום שרעקט איהר זיך הערר גראף.

— ווען איך זאל זיכער וויסען, אז דער בריעף איז אריינגעפאלען צו דעם
טייפעל, וואלט מיך שוין ניט אינטערעסירט, אָבער איך ציטער פיעללייכט איז ער
אריינגעפאלען צו אן אנדערן אין דיא הענד.

— נייך, הערר גראף, איהר דארפט קיין פורכט האבען, דער בריעף איז גע־
ווים צו אן אנדערן אין דיא הענד ניט אריינגעפאלען, דער משוגענער האט עס גע־
ווים פערשלעפט זוכענדיג ביי אייך אין טאש. מיך פערדריסט אן אנדער זאך, דאס
וואס קיינער קימערט זיך אום אייך ניט און מען האט אייך איבערגעלאָזט דאָ אליין.
אבער איהר וועט זעהען וויא איך וועל מיך מיט דיא הינד אָברעכענען. אנדריי מוז
היינט געשמיעסען ווערען אויף דיא איבערינגע וועלען אהן קלעפ ניט ארויס פון מיינע
הענד, איך וועל אייך ציינען, אז כאטש אייער פיליפ איז שוין אלט איז ער דאך א
העלד זאָנדער גלייכען. איך וועל....

ער האט נאך זיינע ווערטער ניט געענדערט, האט זיך דערהערט א גרויסער
ליארם פון פיעל מענשען אין דיא איבערינע צימער, אויך איינינע שרעקליכע רעד־
וואָלווער־שיסע האבען איינער נאך דעם צווייטען געקראכט.

דער גראף פעליקס אויף זיין גרויסער הערך פיליפ, זיינען לייכענבלאס געוואָ־
רען און האבען איינער דעם צווייטען אנגעקוקט וויא צוויי דערשראָקענע האָזען.

— געה ארויס פיליפ, זעה וואס דארט האט פאסירט — האט ענדליך פעליקס
געזאגט.

אבער דער אלטער העלד, האט זיך פון זיין ארט ניט גערירט.

— וואָרום טהוסט דוא ניט וויא איך הייס דיר? — האט פעליקס בייז געפרעגט.

— איך האב מורא הערר גראף — האט דער אלטער בעדיענטער ציטערנד
ביי אלע גליעדער געענטפערט.

— פאר וועמען פירכטעסט דוא?

— איהר הערט דען ניט דאס מען שיעסט, מען קען מיך נאך אויך דערשיסען.

— נעה, דער טייפעל וועט דיך ניט חאפען.

— אבער, ערבארמט אייך, הערר גראף — האט זיך פיליפ געבעטען — עס
קען זיין, אז דאס זיינען דיעזעלבע מערדער וואָס האבען אייך געוואלט ערמאָרדען.
מען זיי האבען פאר אייך קיין אכטונג געהאט און האבען געוואגט מיט זייערע מע־

סערס צו אייך צו נעהען, וועלען די דאך פאר מיר נעווים קיין רעספעקט האבען און וועלען מיך נאך אין מיינע אלטע יאהר דערשיסען.

— נעה זאג איך דיר דוא אלטער טוינעניכטס, בריינג מיר א ריכטינע נאכ־ריכט, וואס דארט האט פאסירט — האט פעליקס זעהר בייז נעהייסען.

פיליפ האט נעמוזט נעהארזאם זיין. מיט ציטערענדע פיס איז ער צונעגאנגען צום טהיר האט זיא פארזיכטינ געעפענט און האט ארויסגעשטעקט דעם קאפ.

ער האט דערזעהען א סאלדאט פערביילויפענדינ דיא טהיר.

— וואס האט נעטראפפען? — האט ער דעם סאלדאט נעפרענט.

— מען האט זיי נעחאפט — האט דער סאלדאט נעענטפערט.

— וועמען האט מען נעחאפט?

— דיא מערדער.

— וועלכע מערדער?

— דיא וואס האבען נעוואלט דיא נאכט ערמארדען דעם אלטען הונד, וועל־כער ליענט דא אין דיעזען צימער.

— רעספעקט! — האט פיליפ שטאלץ א נעשריי נעטהאן, אין דיעזען צימער ליענט ניט קיין אלטער הונד, נור מיין גנעדינער נראף.

— זאל דיר דער טייפעל האלען צוזאמען מיט דיין אלטען נראף — האט דער סאלדאט נעענטפערט — איבער איהם האב איך דיא גאנצע נאכט ניט געשלאפען. איהר זייט ביידע אלטע הינד.

— שורקע! — האט פיליפ צארניג ארויסגערופען — דוא וועסט ביי מיר פאר אזעלכע ווערטער אין אסטראג זיצען.

— ביז איך וועל אין אסטראג זיצען וועל איך דיר דיינע לעצטע פערפוילטע צייהן ארויסזעצען — האט דער סאלדאט נעענטפערט און האט זיך מיט אן אויפגע־הויבענעם פויסט א לאז נעטהאן צו פיליפ'ן.

אבער דער אלטער העלד, האט אויף דעם אונאנגענעהמען זעץ ניט נעווארט און איז שנעל צוריק אבגעשפרונגען און האט העלדיש שנעל דיא טהיר צונעמאכט און פערשלאסען.

266טעס קאפיטעל.

## א האלבע טרייסט.

אונזערע לעזער וויסען שוין דאס יאקאב פיין איז בעפרייט נעווארען. אבער אזוי וויא דיעזער אונגליקליכער האט זעהר פיעל געליטען אונשולדינער ווייזע, איז אונזער שולדינקייט מיר זאלען זיין בעפרייאונג שענקען א בעזונדער קאפיטאל.

מיר האבען נעזעהען אין וואס פאר א פערצווייפלונג דיעזער עדעלער יונגער מאן איז נעבליעבען, נאכדעם אלס ער וואר צום לעצטען מאל ביים סליעדאוואטעל און האט נעהערט נאר אויף דאס נייע דאס דיא שולד פון וואהרהאפטיגס טוידט ליענט נור אויף איהם.

ער האט פון דיא ווערטער פערשטאנען, אז ער האט שוין מעהר קיין האפנונג אויף בעפרייאונג און דארום האט זיך פאר איהם דער צוקונפט אין אזעלכע שווארצע

שרעקליכע פארבען פאַרגעשטעלט, דאס ער האט פעראבשייעט דאס לעבען און האט אויף זיך דעם טוידט געבעטען. ער האט געוואוסט, אז פאר א מערדער איז דיא שטראפע אויף עוויג נאָך דיא מינען־גרובען פון סיביריען פערשיקט צו ווערען און דארט אימער דיא שווערסטע ארבייט צו טהאָן. נעגען אזא לעבען האט זיך דער טוידט פאר איהם אין דיא שעהנסטע פארבען פארגעשטעלט.

ער האט אנגעהויבען ערנסט צו דענקען וועגען זעלבסטמאָרד און אָבוואָהל ער האט קיין אויסזיכט נעהאט דיזען שרעקליכען פלאן אויסצופיהרען, ווייל דער סאָלדאט וואָס איז פארביי זיין צעלע ארומגעגאנגען, האט פאסט יעדע מינוט אין דעם קליינעם פענסטערל פון זיין קערקער אריינגעקוקט, אבער ער האט נעהאפט, אז ער וועט ענדליך דאך דיזען פלאן קענען אויספיהרען, דען צום טוידט זיינען דא זעהר פיעל וועגען.

דער בעשלוס וואר ביי איהם פעסט און ער האט זיך שוין גערעכענט אלס א טאדעס־קאנדידאט.

ווען א מענש ווייס בעשטימט, אז ער דארף שטארבען און דיא צוקונפטס טויערען ווערען שוין פאר איהר אויף אימער פערשלאָסען, בעשעפטיגען זיך זיינע גע־דאנקען בלויס מיט דער פערגאנגענהייט. זיין גאנצעס פערפלאָסענעס לעבען שטעלט זיך פאר איהם פאָר און ער זעהט פאר זיך אלעס וואס מיט איהם האט פאסירט זייט זיין פריהעסטער יוגענד.

אויף דער אונגליקליכער פיין, האט זיך פערזונקען אין נעדאנקען וועגען זיין פערגאנגענהייט.

דיזע פערגאנגענהייט וואר קורץ. ניט מעהר פון 25 יאהר. ניט לאנג איז ער געוועזען א האפנונגספאלעס קינד, דיא פרייד פון זיינע עלטערען, וועלכע האבען אין איהם געזעהען א קינפטיגען זשעניע דער שטאָלץ פון זייער עהרע און דיא שטיצע פון זייער עלטער. ער האט אימער אין גימנאזיום דיא בעסטע מיינונגען פון דיא לעהרער געהאט, יעדען קלאס האט ער געענדיגט מיט א צייכען פון אויסצייכנונג. אלע זיינע קאָליעגען האבען איהם מקנא געוועזען און האבען געזוכט איהם שמערצען צו פערשאפען, אבער ער האט זיך פון זיי אויסגעלאכט און האט שטאָלצירט מיט זייער נייד.

ער האט זיך דערמאנט וויא גרויס דיא פריידע פון זיינע עלטערען איז געוועזען, אלס ער האט דיא גימנאזיום געענדיגט מיט א גאָלדענעם מעדאל, וויא ליכטיג, וויא שעהן דיא וועלט האט זיך פאר איהם דאמאָלס פאָרגעשטעלט, וואָס פאר א רייכען גלענצענדען צוקונפט, ער האט פאר זיך ארויסגעזעהען. איין גליק גרעסער פון׳ם צווייטען, האט פאר איהם געשטראהלט. עס האבען זיך שוין דאמאָלס גע־פונען שעהנע מערבענס, וואס האבען אויף איהם געוואָרפען פייערינע בליקען און האבען געזוכט זיין פריינדשאפט, אבער ער האט דאמאָלס דעם נאט פון דער ליעבע וויא מען זאגט אנגעשפיגען אין געזיכט און האט זיך אויסגעלאכט פון זיינע ניפ־טינע פפייכען, ער האט דאן נור איין זאך אין זינען געהאט, גלענצענד זיין אוניווער־זיטעט סטודיום צו ענדיגען. ער האט געהייסען דעם בלינדען ליעבעס גאט ווארט

אויף שפעטער ווען ער וועט בעגליקט ווערען מיט דעם טיטול „יוריסט".

פלייסיג האט ער זיך צו דעם סטודיום גענומען און ער האט אויך דא אזעלכע פארשריטע געמאכט וויא אין גימנאזיום. אויך דא האט ער זיך מיט זיינע זעלטענע פעהיגקייט אויסגעצייכנעט. נאך אלס פאמאצשניק פאוויערעני (געהילפס-אדוואקאט) האט ער בעקומען א נאמען פון א גוטען אדוואקאט און לייטע וואס האבען געהאט אויף זיך פראצעסען, זיינען געקומען צו איהם עצות פרעגען און אלע האבען זיך גיט געקענט גענוג אבוואונדערן פון זיין שארפען פערשטאנד.

א גליקליכע צייט איז דאמאלס געווען.

ער האט זיך בעטראכט וויא איינער וואס פאהרט אויפ׳ן ים א לאנגע צייט און באלד דארף ער שוין דעם ברעג ערדייכען.

וואס פאר א שעהנער ברעג פאר איהם האט זיך געוויזען, ער וואר בע-וואקסען מיט פרוכט-בוימער און לויטער פראכטפאלע בלומען.

ער האט דעם ברעג ערדייכט. ער איז געווארען אדוואקאט, האט איבערראשט אלע פראפעסארען פון׳ם אוניווערזיטעט מיט זיין דעסארטאציע. זאגאר דיא אנטי-סעמיטישע פראפעסארען וואס האבען זיך געמאכט פאר א רעגעל צו דריקען און שטיקען אלע אידישע סטודענטען, אויך זיי האבען פאר דעם טאלאנטפאלען יוריסט רעספעקט געהאט.

ער האט באלד בעקומען א גרויסע פראקסיס. מען האט איהם אנגעהויבען אין אלע שוועריגסטע גריטהפעלע צו בענוצען און ער האט אין דעם פאך איינפאך וואונדער בעוויעזען. בעזאנדערס האט ער זיך א גוטען נאמען ערווארבען דאדורך וואס ער האט ביי ארמע קליענטען קיין געלד גענומען און האט זייערע פראצעסען אהן געלד געפיהרט.

דיא שעהנע מעדכענס, וואס האבען געזוכט נור דאקטוירים אדער אדוואקא-טען, האבען איהם פון אלע זייטען בעלאגערט, דיא רייכסטע מעדכענס האבען גערן געוואלט דיעזען געניאלען אדוואקאט צו הייראטהען. אבער אויך יעצט האט דער גאט פון דער ליעבע דעם ציעל פערפעהלט און זיינע פפיילען האבען דעם יונגען אדוואקאט ניט געטראפען. דען צווישען דיא אלע הייראטהסלוסטיגע מעדכענס, האט זיך ניט איינע געפונען, וואס האט דיא קראפט געהאט איהם צו בעצויבערן און זיין הערץ צו קויפען.

ערשט קומענדיג נאך מאסקווא, האט דער בלינדער אמור געזיענט, און איינע פון זיינע שארפע פפיילען האבען ריכטיג געטראפען דעם העלד, גלייך אין דער ברוסט אריין.

ער האט דערזעהען פרייליין רעבעקא ראטבלום און איז פערליעבט געווארען איבער דיא אויערן.

אונז איז שוין בעקאנט, אז ער האט פריהער געוואלט הייראטהען פרייליין העלענא ראזענדופט. ער האט זיך געוועזן איינגעבילדעט, אז ער ליעבט זיא, דאס איז אבער נור געוועזן דיא יונגענדפריינדשאפט וואס האט זיך אין זיין ברוסט אויפ-געפלאקערט אלס ער האט זיא דערזעהן. ערשט שפעטער, אז ער איז גוט בעקאנט

נעוואָרען מיט רעבעקא ראטבלום האט ער דערפיהלט דעם רעכטען געשמאק פון דער ריינער ליעבע און ער האט ערנסט אננעהויבען צו טראכטען טאג און נאכט נור פון איהר. ביי איהם וואר קיין צווייפעל, אז ער וואלט דיעזעס גליק ערךייכט ווען דאס אונגליק זאָל זיך ניט געוועז אריינמישען אום איהם פון רעבעקאן אויף אימער אבצורייסען.

אז ער איז פון איהר אויף אימער און עווינ אבגעריעסען געוואָרען, אין דעם האט ער ניט געצווייפעלט, ער האט זיך איינגעבילדעט אז זאגאר דאן ווען זיין אונשולד וועט ענטדעקט ווערען, וועט אויך רעבעקא ניט וועלען הייראטהען דעם מאן, וואס זיין נאמען וואר בעשמוצט מיט דעם ביינאמען מערדער.

דער געדאנק, אז רעבעקא וועט קיין מאָל זיינע ניט קענען זיין, האט איהם אין גאנצען דערשלאָגען און האט אין איהם ערוועקט דיא לוסט צום טוידט. ער האט נור געוואלט נאך איין מאל זיין ליעבען אונגליקליכען פאָטער זעהן, איהם אומאַרמען, איהם טרייסטען און דאן דער וועלט דעם לעצטען אדיע זאגען.

דיא טעג דארף זיין פראצעס פאָרקומען פאר דאס געריכט, האט איהם דער סליעדאָוואטעל געזאגט.

דיעזע ווערטער זיינען איהם גוט אינ'ם קאפ אריין, ער האט זיך שוין פאָרגעשטעלט וויא ער שטעהט אין געריכטס־זאל פאר דיא ריכטער, דער זאל איז פאל מיט נייגיעריגע צושויער און דיא געשוואָרענע רופען אויס „שולדיג" !

שרעקליך איז געוועז דיא לאגע פון דיעזען אונגליקליכען. קיין פעדער איז אין שטאנד פאָרצושטעלען דיא ליידען, וואס האבען זיין הערץ אננעפיהלט און איהם געמארטערט.

ביי יעדען גערויש פון טריט נעבען זיין טהיר, האט ער זיך א צאפּעל נעטהאן, דען ער האט געמיינט, אז מען קומט נאך איהם אין געריכטס־זאאל צו פיהרען.

א טאָדעס שרעק איז איהם בעפאלען, אלס דיא טהיר פון זיין צעלע האט איין מאל ווערהענד ער איז געשלאָפען זיך געעפענט און א רויהע שטארקע שטימע האט א געשריי געטהאן:

— יאַקאָב פיין !

ער איז פון זיין בעט ניט טוידט ניט לעבעדיג אויפגעשפּרונגען און האט פאר זיך דערזעהען דעם סמאָטריטעל פון אסטראָג.

— דוא הייסט יאַקאָב פיין ? — האט דער סמאָטריטעל געפרעגט.

— יא — האט יאַקאָב מיט א ציטערנדע שטימע געענטפערט.

— דוא קענסט געהן וואוהין דוא ווילסט, דען דוא ביזט פריי — האט דער סמאָטריטעל מיט א קאלטער מינע געזאגט.

יאַקאָב האט איהם ערשטוינט אנגעקוקט, עס וואר לייכט אן איהם צו דערקענען, אז ער גלויבט דעם סמאָטריטעלס ווערטער ניט און ער נעהמט דאס אן פאר א שפּאַס.

— וואס קוקסט דוא מיך אזוי אן מיט דיין זשידאָווסקער ראָזשע (פנים) —

האט דער סמאטריטעל געזאגט — איך הייס דאך דיר געהן פון דאנען, דען דוא ביזט פריי.

— גוטער עדלער הערר! — האט יאקאב פלעהענד געזאגט — טהוט מיר צוליעב און זאגט מיר, מיינט איהר דאס ערנסט?

— צו איך מיין ערנסט! וואס דען האסט דוא געמיינט, אז איך בין געקומען מיך מיט דיר גלאט אזוי אונטערהאלטען? נעה זאג איך דיר, דען דער גענעראל-גוּבערנאטאר, האט הייטע אריינגעשיקט א בעפעהל מען זאל דיך ארויסלאזען, ווייל ער האט ערפאהרען, דאס דוא ביסט אונשולדיג.

יעצט האט יאקאב פערשטאנען, אז דאס זיינען אמת'ע ווערטער. מען קען זיך לייכט זיין פריידע פאָרשטעלען. ער האט זיך וויא א קליין קינד פערגאנדער-געוויינט און האט דאס שרעקליכע געפענגניס פערלאָזען.

— — — — — — — — — — — — —

פערצווייפעלט איז געזעסען שלמה פיין אין זיין צימער. דיא וואסער איז שוין וויא מען זאגט, איהם געקומען צום האלז. דיא האפנונג צו בעפרייען זיין ליעבען זוהן יאקאָב'ן איז פיעל שוואכער געווארען, אלס זיא איז פריהער געוועזען. און דיא נאכריכט וואָס וואהרהאפטיג האט איהם געבראכט פון זיין צווייטען זוהן, האט איהם אין גאנצען צערשמעטערט.

ער האט וויא געפונען א טוידטען זוהן.

איהם איז נאָר קיין מאל איינגעפאלען, אז זיין עלטערער פארשוואונדענער זוהן לעבט, און ער האט ערפאהרען דאס ער לעבט יא, האט ער דאס ניט גע-גלויבט. ענדליך אז ער האט שוין דאס יא אנגעהויבען צו גלויבען, האט ער נאָר ניט געוואגט צו דענקען, אז זיין פערלאָרענ'ער זוהן איז א גראף; פלוצלונג איז איהם קלאר געוואָרען, אז זיין פערשוואונדענער זוהן איז דער גראף פון דעם דאָרף דאני-לאווקא און ער איז ערשט מיט איינינ'ע וואָכען צוריק געשטאָרבען.

דאס וואר פאר דעם אלטען אזא קלאפ, וואס האט איהם איינפאך צער-שמעטערט. ער האט פון יענער צייט אָן וואס וואהרהאפטיג האט איהם דערצעהלט דיא געשיכטע פון זיין זאָהן, דעם גאנצען מוטה פערלאָרען. ער האט פאר זיך איינפאך קיין אָרט געפונען.

טרעהרען, הייסע ביטערע טרעהרען האט דער אונגליקליכער פערנאָכען זי-צענדיג איינזאם אין זיין צימער. ער האט זיך געפיהלט אזוי עלענד און איינזאם, וויא ער זאל זיין פערוואָרפען ערגעץ אויף אן אינזעל ווייט פון מענשען, אבגעזאָנ-דערט פון דער לוסטיגער פרעהליכער וועלט.

מאריס וואהרהאפטיג האט גלייך בעמערקט דעם שלעכטען איינדרוק וואס זיין ערצעהלונג האט אויף דעם אלטען געמאכט, און ער האט זיך דארום בעמיהעט מיט אלע קרעפטען איהם צו טרייסטען.

אבער וואס קענען טרייסט-ווערטער פאר א ווירקונג האבען אויף אזא פער-וואונדעטעס הערץ? שלמה האט זיך ניט געקענט טרייסטען. דאס איינציגע מיט וואס מען האט יא געקאנט זיינע בלוטיגע וואונדען היילען, וואר דיא האָפנונג, אז

יאקאב וועט בעפרייט ווערן; ליידער אבער איז דיא האפנונג, וויא מיר ווייסען, זעהר שוואך געווארען און פאר זיין פערוואונדעטער ברוסט איז קיין מעדיצין נער בליעבען.

אין אזא פערצווייפעלטער פאָזע האט איהם איין מאל מארים וואהרהאפטיג געטראפען.

מיט דעם ערשטען בליק אויף שלמה׳ן האט מארים פערשטאנען, אז זיינע זיסע טרייסט-ווערטער וועלען קיין ווירקונג מאכען. דארום האט ער זיך געפרובירט האָטש מיט אנדערע זייטיגע נעשפּרעכע שלמה׳ס זאָרג צו פעריאגען.

— האט איהר געהערט נייעס, רבי שלמה? — האט מארים געזאגט מיט א מונטערע מינע.

— וואס פאר א נייעס? — האט שלמה קאלט נעפרעגט.

— מען האָט הייטע פערהאפטעט פיעלע גרויסע בעאמטע.

— פאר וואס?

— דאס ווייס איך אויך ניט. מען האט מיר זאגאר געזאגט, אז דעם פּאָל-קאָווניק מאלינבערג האט מען אויך פערהאפטעט, אבער איך גלויב דאס ניט.

— ווארום זאָלט איהר דאס ניט ינלויבען?

— מיר גלויבט זיך ניט, דאס אזא קלוגע שלאנגע זאל ארייגפאלען אין אן אונגליק. אלע טשינאָווניקעס זיינען זיינע גוטע ברידער, זאגאר מיט דיא סליעדאָ-וואטעלעס און מיט דיא פּראָקוראָרען שיכור׳ט ער גאנצע נעכט און שפּיעלט מיט זיי אין קארטען. נו, קען דאס מעגליך זיין אז איהם זאל מען פערהאפטען?

— מען דארף אלעס גלויבען — האט שלמה גיפטיג געענטפערט — מען דארף גלויבען, אז ניט נור אָרענטליכע לייט, זאנדערן אויך מערדער קענען אין אסטראג זיצען.

— מיר ווילט זיך דאס זעהר גלויבען אז מען האט דעם פערפלוכטען מא-לינבערג׳ן פערהאפטעט, ליידער אבער קען איך ניט פערגעסען אז מיר לעבען אין רוסלאנד און מיר זיינען בלויס אידען, ריכטיגער געזאגט פליגען, וואס יעדער האלט פאר א רעכט זיי צו פערניכטען.

— פון וועמען האט איהר געהערט, אז מען האט מאלינבערג׳ן פערהאפטעט? — האט שלמה נייגיעריג געפרעגט.

— מיר האט דאס דערצעהלט טאקע יאניק קאבאנאוו.

— וואו האט איהר איהם געזעהן?

— איך בין געוועזן אויפ׳ן וואקזאל האב איך איהם דאָרט געטראפען מיט א טשעמאָדאנטשיק אין דער האנד. ער האט מיר געזאגט אז ער פאהרט נאך דאני-לאווקא. דערביי האט ער מיר דערצעהלט פון דער געשיכטע וואס איך האב אייך איבערגעגעבען, נעמליך אז מען האט פיעלע בעאמטע פערהאפטעט, צווישען זיי איז אויך מאלינבערג.

— ער האט אייך ניט געזאגט, ווארום מען האט איהם פערהאפטעט?

— ניין, איך האב פערשטאנען, אז ער אליין ווייס דאס אויך ניט. ער האט

אויף דיא נעשיכטע מיט א האלבען מונד מיר דערצעהלט, זאָ דאס איך צווייפעל אין אלע זיינע רייד.

-- וואס קומט מיר ארויס פון דיא אלע זאכען? — האט שלמה זיפצענד נע־זאגט — צו דער באנדיט מאלינבערג איז יא פערהאפטעט נעווארען צו נים. איך וויים, אז מיין יאקאב וועט דערמיט ניט נעהאלפען ווערען. מען האט זיך איין מאל פאר אלע מאל צו איהם נענומען איהם אלס מערדער צו בעשולדינען און זייער פערפלוכטען פלאן וועלען זיי נעווים אויספיהרען.

— זאגט דאס ניט. מיר קענען נאר ניט וויסען, וואס עס קען זיין.

— איהר ווילט זאגען, אז עס קען טרעפען עפעס א נס? — האט שלמה מיט א ביטער נעלעכטער נעזאגט — אָ, ליעבער וואהרהאפטינ, מיר לעבען הייטע אין אזא צייט, וואס דיא נסים האבען נענצליך אויפגעהערט צו עקסיסטירען. אונ־זער גאט וואס האט אמאל צופיעל וואונדער בעוויעזען, האט זיך אין אונזערע צייטען אין גאנצען בעהאלטען און וויל אונז אפילו נאטירליכער־ווייזע נים רעטען פון אונ־זערע פיעלע אונגליקען.

— אבער צייטען מוזען זיך אומדרעהען, דאס וועט איהר ניט לייקענען.

— יא, צייטען מוזען זיך אומדרעהען, עס קען אבער זיין, אז ביז דיא נעגענ־ווערטינע שלעכטע צייט זאל זיך אומדרעהן זאלען פערנעהען גאנצע יאהר־הונדערטע און מיר קענען זיי נעווים ניט ערווארטען.

— זאגט דאס ניט. איך וויים, אז אין דיא ביסעל יאהר וואס איך האב אבגעלעבט, האבען זיך אויך דיא צייטען פיעל מאל נעביטען. איהר מעגט אייך זאגען וואס איהר ווילט. און איך גלויב באמונה־שלמה אז דיא אידישע לאגע אין רוסלאנד וועט פערבעסערט ווערען.

— ווארום גלויבט איהר דאס אזוי שטארק?

— דערפאר וואס היינט איז אן אנדער וועלט. דיא וועלט אין וועלכער מיר לעבען קען ניט ערטראגען לאנג גרויסע מערדערייען.

— איהר רעדט, האט מיר קיין פעראיבעל ניט, וויא א קינד. זעהט איהר דען ניט, וויא דיא וועלט אין וועלכע מיר לעבען איז דיעזעלבע וויא יענע וואס אונ־זערע עלטערען האבען נעלעבט, נור זיא איז היינט אנדערש נעקליידעט. דאס איז ריכטינ וויא מען זאגט ביי אונז א ווערטעל: „דיעזעלבע יענטע, נור אנדערש גע־שלייערט“.

— איך פערשטעה ניט וואס איהר מיינט מיט אייערע ווערטער, הערר פיין.

— וואס איז דאָ פאראן צו פערשטעהן? אמאל האט דיא וועלט אויף זיך נעטראגען דיא מאסקע פון פרומקייט און האט אין דעם נאמען פון גאט און פון אלע היילינע דיא גרעסטע רציחות נעטהאן און הייטע טראגט דיעזעלבע וועלט אויף זיך דיא מאסקע פון ציוויליזאציאָן און טהוט אין איהר נאמען אלע שענדליכסטע מערדערייען. פערשטעהט איהר שוין מיינע ווערטער „דיעזעלבע יענטע נור אנדערש נעשלייערט?“ נור וואצו האבען מיר זיך פארנאנדער נערעדט וועגען אזעלבע זאכען, וואצו זאל איך עצט דענקען פון דעם צרת הכלל, ווערענד איך האב מיר מיינע

איינענע ליידען וואס דריקען מיך אונערבארמליך? איהר שפיעלט זיך עפעס, הער־וואהרהאפטיג, מיט מיינע אונגליקען? מיר שיינט, אז אזעלכע אונגליהען טרעפען איין מאל אין הונדערט יאהר. מיין עלטערער זאָהן איז מיט עטליכע און צוואנציג יאהר צוריק פערשוואונדען געווארען און האט זיך יעצט אבגעזוכט אלס פערגיפ־טעטער גראף, און מיין איננערער זאָהן וועלכער קען ניט צוקוקען וויא מען צר קוועטשט א פליעג זיצט אין געפענגניס אלס שרעקליכער מערדער. נו, קען איך האבען אין זינען אנדערע אינטערעסען? איך זאג אייך דיא וואהרהייט, אז איך בעוואונדער זיך זעלבסט, פון וואנען נעהמען זיך צו מיר אזוי פיעל קרעפטען דאס אלעס איבערצוטראָגען.

— מיר שיינט, אז מען קלאפט אין טהיר — האט מאָריס דעם אלטענס ווערטער איבערגעשלאגען.

— הא? יא! מען קלאפט טאקי אין טהיר. דאס מוז געוויס זיין דער האטעל בעדיענטער מיט דעם סאמאָוואר.

ער איז אויפגעשטאנען פון זיין אָרט איז צוגעגאנגען צום טהיר, האט זיא געעפענט און א יונגער מאן איז אריינגעקומען.

— יאקאָב! — האט דער אלטער ווילד א געשריי געטהאָן פאלענד זיין זוהן אויף דעם האלז.

— פאָטער! — האט יאקאָב וויינענד אויסגערופען איהם פעסט האלטענד אין זיינע הענד — אָ רעטעט! ער איז אין אהנמאכט געפאלען. וואסער, וואסער, וואסער!

## 267טעס קאפיטעל.

# הימעל! וואָס איז דאָס?

— וויא קומט מיין מאנס א קאָנווערט אהער? — האט דיא גרעפין מאריא צום הונדערטען מאל זיך זעלבסט געפרעגט זיצענדיג ביי זיך אין צימער און בע־טראכטענד דעם בריעף וואס זיא האט געפונען אין דעם קארב פאפיערען ביי גע־לידאָוו׳ן אין צימער.

דיא אָרדענטליכע פרוי, האט ביי זיך נים געקענט רעכט מאכען דעם בריעף צו עפענען. זיא האט ניט פערגעסען, אז דיעזער בריעף איז ניט צו איהר זאנדערן צו אן אנדער פערזאן געשריעבען און געשיקט געוואָרען.

אוועקלייגען דיעזען בריעף צוריק אויף זיין אָרט, אדער ביי געלידאָוו׳ן אויפ׳ן טיש, האט זיא ניט געוואלט אוים פורכט, פיעללייכט האט יעמאנד געלידאָוו׳ן גע־שריעבען וועגען איהר עטוואָס שלעכטעס אום דיא מענשען צווישען וועלכע זיא וואוינט זאָלען פון איהר א שלעכטע מיינונג האבען, דאס האט זיא פאר קיין פאל געוואָלט.

אבער וואס איז דאס פאָרט פאר א בריעף?

דיא פראגע האט איהר קיין רוהע געגעבען. זיא איז ניט מיעד געוואָרען קו־קענדיג אויף דיעזען בריעף און איהם פון אלע זייטען צו בעטראכטען וויא זיא זאל ערוואַרטען, אז דער בריעף אליין וועט איהר גאָר אהנע געעפענט צו ווערן אלעס דערצעהלען, וואָס ער ענטהאלט אין זיך.

אבער דער שטומער בריעף איז אלס שטום געבליעבען, דיא האט נור אויף איהם געלעזען דיא אדרעססע, וואס איז געשריעבען געוואָרען מיט אן עלעגאנטער האנדשריפט און זיא האט דייטליך געזעהן, אז דאס איז א האנדשריפט פון א פרוי.

וועלכע פרויען זיינען פאראן אין דאנילאווקא וואס קארעספאָנדירען מיט געלידאָוו'ן?

אבער פרעג הייגט, פרעג מאָרגען, דאָס איז פאר איהר געבליעבען א רעטזעל און זיא איז איינפאך אויס דער הויט געשפרונגען.

זיא האט זיך זעלבסט שארפע פאָרווירפע געמאכט, דאפיר וואָס זיא אינטע־רעסירט זיך אזוי מיט א פרעמדען בריעף. אבער זיא האט זיך דאך ניט געקענט בערוהיגען.

— עס מעג זיין וואָס עס וויל — האט זיא ענדליך ענטשלאָססען געזאָגט — איך מוז וויסען וואס אין דיעזען בריעף שטעהט. איך וויים זעהר גוט, אז דאס איז א גרויסע זינדע, אבער וועלכער מענש בענעהט ניט איין מאל אין זיין לעבען א זינדע. קיינער אויף מיין פלאץ וואלט בעססער געווען, קיינער וואָלט זיך איינגעהאלטען אזא בריעף ניט צו עפענען.

זיא האט פעסט דעם בריעף אין דער האנד א נעהם געטהאן און האט איין ברעג פון דעם קאָנווערט אבגעריסען.

— זינדינע! וואס טהוסט דוא? — האט עס אין איהר געדאָנערט — וויא ערלויבסט דוא זיך אזוי ניעדעריג צו האנדלען און עפענען א פרעמדען בריעף.

מיט כעס האט זיא דיעזען בריעף אויף דער ערד א וואָרף געטהאן, ריכטיג וויא זיא זאל האלטען א גיפטיגע שלאנג אין האנד.

אבער דאס איז שוין אָבגעטהאן. אוועקלייגען דעם בריעף צו איהם אויפ'ן טיש קען מען געוויס ניט, דען ער וועט באלד דערקענען, אז מען האט געעפענט און וועט אויך מיינען, אז מען האט איהם געלעזען. זאגאר אין יענעם קארב פאפיער איז געפעהרליך איהם אריינצולייגען, דען געלידאָוו קען איהם צופעליג געפינען און וועט אויך מערקען, אז ער איז אין פרעמדע הענד געווען.

— נור וואָס קלער איך דא אזוי לאנג און ווארום ציטער איך אזוי דיעזען בריעף צו עפענען — האט זיא ענדליך שטארק בייז אויף זיך זעלבסט אויסגערופען — דאס איז איינענטליך גאר ניט אזא גרויסע זינדע. דען געלידאָוו האט קיינע פער־באָטענע געהיימניסע, וואָס מען טהאר פון זיי ניט וויסען. איך מוז דאך דיעזען בריעף לעזען, איך בין דאצו געצוואונגען אום מיין גוטען נאמען און מיין ברויט ניט צו פערליערען, אלזא מעג איך דעם בריעף לעזען און קיינער וועט זאגען, אז איך האב א זינדע בעגאנגען.

זיא האט דעם בריעף אויפגעהויבען פון דער ערד, מיט ציטערענדע האט זיא איהם געעפענט און האט געלעזען דיא ווערטער, וואס ארעלא האט ניט לאנג גע־שריעבען צו איהר פאָטער.

„ליעבער פאָטער!

„ענדליך איז געקומען דיא ערווארטעטע צייט, מיר האבען אונזער ציעל ערר

רייכט. מעהר וועסט דו שוין ניט דארפען הונגערען, דען דיין טאָכטער איז די אייגענטהימערין פון דאנילאָווקא. דער מערדער זיצט שוין אין געפענגניס, די שטעלפערטרעטערין בין איך, דו פערשטעהסט ליעבער פאָטער? איך בין יעצט אַ מיליאָנערין און ·ווי באלד אז איך בין רייך, וועט דיר שוין גאָר ניט פעהלען, מוזט געשטעהען פאָטער, אז דיין טאָכטער איז אַ קינסטלערין.

„אָבער ליעבער פאָטער, אויב דו ווילסט אז דיין טאָכטער זאָל אַ מיליאָנערין בלייבען און דו ווילסט אליין אויך גליקליך זיין, מוזט דו אלע קרעפטען אָנווענדען דעם מערדער מיט דעם טוידט צו בעשטראָפען, בעפאָר ער וועט פאַר דעם געריכט שטעהען, ער זיצט יעצט אין אָרשא, זיין שארפריכטער קען זיין דער וועכטער פון זיין געפענגניס... דו·ברויכסט איהם נור צו צייגען דאָס בלאנקע גאָלד, וועט אויך זיין שווערד בלאנק ווערען... און ווען דער מערדער וועט שוין ניט לעבען, דאַן זיינען מיר זיכער מיט אונזער ערפאָלג.

— „איך שיק דיר טויזענד רובעל, דאָס גלויב איך וועט דערווייל גענוג זיין, אויב דו וועסט באדארפען נאָך געלד, וועט אין דעם קיין הינדערניס זיין, מיט איי-נעם וואָרט, אנטאָן מוז אין זיין קערקער ערמאָרדעט ווערען.

— „איך בין פעסט איבערצייגט, אַז דו ליעבער פאָטער וועסט טהאָן, ווי איך האָב דיר געבעטען. דאָס וועסט דו ניט נור מיר אליין אַ געפאלען טהאָן, אויך דיך זעלבסט וועסט דו אויף אימער פון דיין קריטישער לאגע רעטען.

„מיט דער פעסטער פערזיכערונג, אַז אלעס וועט ביי דיר געהען אין בעסטער אָרדנונג, פערבלייבע איך דיין געטרייע טאָכטער                    אַדעלאַ".

מאריא'ן האָט אָנגעהויבען צו שווינדלען אין קאָפּ און אין די אויגען. די בוכ-שטאבען פון דעם בריעף האָבען ווי אָהן אַן אָרדנונג פאַר איהר אויף דעם פּאפּיער געטאנצט. זי האָט זיך פאַר קיין פאל געקענט פאסען און ריכטיג בעקלעהרען, וואָס דאָ טהוט זיך.

זי האָט דעם בריעף נאָך אַ מאָל דורכגעלעזען און ביסלעך ווייס איז ווי אַ וואָלקען פון איהרע אויגען אראָפּגעפאלען און זי האָט אָנגעהויבען אלעס צו זעהן אין נאטירליכער ווייזע.

אז דאָ האנדעלט זיך פון אַן אטענטאט וועגען איהר מאַן, האָט זי באלד פער-שטאנען. זי האָט זיך אויך דערמאָהנט אָן דער גרעפין אדעלא דאנילאָוו, וועלכע איז געווען אין דאנילאָווקא אין יענער צייט, ווען זי (מאריא) איז געזעסען אין'ם טייפעלסשלאָס. זי האָט זיך אויך דערמאָהנט, וואָס דער אלטער איוואן, האָט איהר דערצעהלט וועגען דיעזער שענדליכער פרוי. ווי אַ מאסקע איז יעצט פון איהרע אויגען אראונטערגעפאלען און זי האָט די נאכריכט פון איהר מאַנ'ס פערגיטונג אין געפענגניס מיט דעם פּלאַן, וואָס שטעהט דאָ אין דיעזען בריעף צוזאמענגעפּאַרט.

— זי, מיט איהר פאָטער האָבען מיין אָנטאָנען פערגיפטעט—האָט זי גע-שטאמעלט—זיי ביידע זיינען זיינע מערדער געווען, אום אין דעם בעזיץ פון זיינע מיליאָנען צו קומען.

אלט גליעדער האבען אין איהר געשווידערט. אלע פארבען האבען זיך אין איהר געזיכט געביטען. אבערמאלס האט איהר אנגעהויבען אין קאפ צו שווינדלען, זאָ דאס זיא האט זיך מיט ביידע הענד פאר דעם קאפ געכאפט וויא זיא זאל איהם וועלען פעסט האלטען, ער זאל ניט צערשמעטערט ווערען.

אבער וויא קומט דיעזער בריעף אהער?

דיא פראגע האט זיא פּלוצלינג אנגעהויבען צו בעשעפטיגען. זיא האט דוכט זיך זעהר גוט געוואוסט, אז געלידאָוו'ס כלה הייסט אדעלא. אבער דאך איז איהר ניט איינגעפאלען דער געדאנק, אז דאס איז דיעזעלבע אדעלא.

וויא קומט דער שרעקליכער בריעף אהער און ווארום האט איהם געלידאָוו ניט געלעזען? ער איז דאך גאר געשריעבען צו אן אנדערן און איז דאך אדרעסירט צו געלידאָוו'ן.

דאס איז רעטזעלהאפט און אונפערשטענדליך.

זיא איז ענדליך פון איהר אָרט אויפגעשפרונגען און איז ארייננעלאָפען צו געלידאָוו'ן אין צימער.

ער איז געזעסען ביי זיין שרייב־טיש און האט געשריעבען, אלס זיא האט דיא טהיר געעפענט, האט ער זיך אומגעקוקט און האט זיא דערזעהען. ער האט גלייך אן איהר טאדטענבלאסעם געזיכט דערקענט, אז מיט איהר האט עטוואס שרעקליכעס פאסירט און האט דארום ערציטערט געפרעגט:

— וואס איז אייך מאדאם פעטראָוו?

— גאָר נישט ... — האט זיא געשטאמעלט — איך מוז אייך נור איין זאך פרעגען?

— פרעגט מאדאם.

— קענט איהר ניט א פרוי אדער א מערכען מיט דעם נאמען אדעלא?

— וואס איז דאס פאר א פראגע? — האט ער געענטפערט — ווייסט איהר דען נים, אז מיין בראוט הייסט אדעלא.

— הא? — האט מאריא אויסער זיך פון איבערראשונג א געשריי געטהאן — זאל דאס מעגליך זיין? וויא איז איהר פאמיליען־נאָמען?

— דאנילאָוו — האט געלידאָוו געענטפערט.

— גרויסער גאָט! איז אייער בראוט אזא מערדערין?

געלידאָוו האט זיא העכסט ערשטוינט אנגעקוקט.

— מאדאם פעטראָוו — האט ער מיט א ציטערענדע שטימע געזאגט — ערקלערט דאך מיר וואס איז מיט אייך. וואס האט אייך אדעלא געטהאן און ווארום זיים איהר אזוי אויפגערעגט.

מאריא האט איהם גאר אהן ווערטער דעם בריעף איבערגעגעבען.

ערשטוינט האט געלידאָוו דעם בריעף אין זיין האנד גענומען און האט איהם איבערגעלעזען.

יעצט איז אויך זיין געזיכט לייכענבלאס געוואָרען און ער האט געשטאמעלט:

— וואו האט איהר דיעזען בריעף גענומען?

— דאס מאכט שוין ניט אויס וואו איך האב איהם גענומען, אבער איהר זעהט הערר געלידאָוו, וואס דא טהוט זיך.

— איך גלויב מיינע אויגען ניט — האט ער געענטפערט.

— אויב איהר גלויבט ניט אייערע אויגען זאלט איהר גלויבען אייזערע אויערן. איהר הערט יעצט פון מיר, אז אייער ברואט האט פערגיפטעט דעם גראף אנטאָן דאנילאָוו.

געלידאָוו איז פון זיין ארט העכסט ווילד אויפגעשפרונגען. ער האט זיך יעצט דערמאנט אן דעם בריעף וואס ער האט געלעזען ביי אדעלא'ן אין צימער.

— ווייסט איהר בעשטימט, אז דער גראף דאנילאָוו איז פערגיפטעט געוואָ־רען? — האט ער געפרעגט.

— צו איך וויים בעשטימט? איהר קענט דאס אויך פון אנדערע זעהר לייכט ערפאהרען.

— דאס איז שרעקליך! — האט געלידאָוו וויא צו זיך אליין גערעדט — אָבער מאדאם פעטראָוו, קען איך וויסען דיא אורזאכע ווארום איהר אינטערעסירט זיך אזוי פאר דעם גראף דאנילאָוו?

— איך אינטערעסיר מיך פאר איהם וויא פאר אן אונשולדיגען מענשען וועל־כער איז ערמארדעט געוואָרען דורך מערדערישע הענד — האט מאריא געענטפערט. מיר איז א ווּאונדער אויף אייך, הערר געלידאָוו, איהר זאלט אזא זאך פרעגען.

— יא.... איך פערשטעה.... איהר האט רעכט....

— נו, וואס זאגט איהר עדעלער מענש, וועט איהר דיא שרעקליכע מערדעריי פערשווייגען? וועט איהר מיטלייד האבען אויף אזא מערדערין, דערפאר וואס זיא האט אייך אין איהר נעץ פערשטיקט און האט אייך פאר איהר ברויטיגאם געמאכט.

— איך מוז אייך זאגען מאדאם פעטראָוו, אז זיא איז שוין ניט מעהר מיין בראוט — האט ער זעהר ערנסט געענטפערט.

— דאס הייסט, איהר וועט זיך שוין פון איהר ענטזאגען?

— ניט איך וועל, איך האב מיך שוין פון איהר ענטזאגט.

— שוין ענטזאגט? ווען?

— מיט צוויי טעג פריהער.

— נו, דאַרפט איהר דאך געוויס שטרענגע מאסרעגלען נעהמען געגען א פרעמדע מערדערין.

— איך וועל מיך ווענען דעם בעראטהען.

— איהר ווילט זיך ערשט ווענען דעם בעראטהען? — האט זיא מיט פייער אויסגערופען — ניין, ניט דאס האב איך ערווארטעט פון אייך צו הערען. איך האב געדענקט, אז איהר וועט באלד וויא איהר וועט דיעזען בריעף דערזעהן, זיך געהמען צו דער וויכטיגער ארבייט און ראכע נעהמען פון דיעזער מערדערין. נור ווען איהר זייט צו אזא זאך פויל, וועל איך דא ענערגיש זיין. איך וועל אייך צייגען, אז איך קען אויך אין אזא זאך עטוואס טהאן.

און אהנע צו ווארטען אויף זיינע ווערטער, איז זיא ארויסגעלאָפען.

### 268סטעס קאפיטעל.

## גרינזאַנג בײם גענעראַל־גובערנאַטאָר.

געהן צו א רוסישען גענעראל־גובערנאטאר און נאך א גראָספירסט דאצו, אזא גאנג איז פאר יעדען רוסישען אונטערטהאן שרעקליך. בעזאנדערס פאר א אידען, װעלכער װײס אז דיעזער גראָספירסט, האט אלע אידען פײנד און װיל זײ גאר ניט זעהען אין זײן שטאָדט.

אָבװאָהל גרינזאנג איז נים געװען פון די אידעלאך װאס ציטערן פאר א פריץ אדער פאר א טשינאָװניק. דאך איז ער יעצט שטארק דערשראקען געװען, ער האט גאר ניט געקענט פערשטעהען װאצו ברויכט איהם דער גראָספירסט און װאס װיל ער איהם זאגען.

בײ איהם װאר קײן צװײפעל, אז דא האנדעלט זיך װעגען א יודענפראגע. דער שטרענגער גענעראל־גובערנאטאָר, האט געװיס געמאכט הערען, אז ער (גרינזאנג) איז אײנער פון די געאכטעסטע אידען אין מאָסקװא, דארום האט ער איהם גע־שיקט רופען אום איהם פעראנטװאָרטליך צו מאכען פאר דעם כלל ישראל.

ער איז אין דער בעגלײטונג פון דעם אפיציער, װאָס איז נאך איהם געקומען געפאהרען צום גענעראל־גובערנאטאָר און די גאנצע װעג האט ער אלץ געטראַכט װעגען אײן זאך, װאצו קען איהם דער גראָספירסט בעדארפען?

ענדליך האט זיך דער עקיפאַזש אין װעלכען זײ זײנען געפאהרען צוגעשטעלט בײם גראָספירסטס פאַלאַסט און בײדע זײנען פון דאָרט ארויסגעגאנגען.

דער אָפיציער האט איהם ארײנגעפיהרט אין א רײכען צימער און האט איהם דארט געהײסען װארטען.

ער איז געבליעבען אלײן זיצען און אבװאָהל ער איז שוין געװאוינט געװען אין רײכע פאלאצען צו זיצען, איז אויף איהם אזא עהרפורכט אנגעפאלען, דאס ער האט זיך געפירכטעט א ריהר צו טהאן.

װײטער זײנען פופצעהן מינוטען פערשװאונדען. ענדליך האט זיך די טהיר געעפענט און א בעדיענטער אין א פראכט־פאלער ליװרײ, האט ארײנגעשטעקט דעם קאפ און האט גרינזאנג'ן א װינק געטהאן, ער זאל נאך איהם געהען.

זעהר שװער איז גרינזאנג'ן געװען צו מוטה. עפעס האט ער זיך געפיהלט װיא מען זאל איהם פיהרען צום עשאפאָט אדער פאר א שטרענגען ריכטער, װאָס קען מיט אײן װארט איהם אין טיעפסטען אָבגרונד װארפען.

דער בעדיענטער האט איהם דורכגעפיהרט אײניגע קארידארען און איז ענד־ליך בײ אײן טהיר שטעהן געבליעבען. ער האט די טהיר געעפענט און האָט גרינזאנג'ן א װינק געטהאן ער זאל ארײנגעהען.

דער ערציטערטער גרינזאנג איז ארײנגעגאנגען.

ער האט זיך געפונען אין א קײזערליכען צימער, בײ אײן טיש זײנען געזעסען צװײ הערען און האבען געשפיעלט שאך. אין אײנעם האט גרינזאנג גלײך דערקענט דעם גראָספירסט סערגעי אלכסנדראָװיטש, נור דעם צװײטען האט ער ניט געקענט.

אבער ער האט פערשטאנען, אז ער מוז אויך זיין איינער פון דער קייזערליכער פאמיליע.

ער איז שטעהען געבליעבען ביי דער טהיר און האט ניט געוואגט ווייטער צו געהען.

דער גראַספירסט סערגעי, האט אויף איהם א קוק געטהאן, ער האט זיך אבער געמאכט ניט זעהענדיג. ער האט זיך ווייטער פערטיעפט אין זיין שפּיעלען און האט וויא עס האט אויסגעזעהן זיך גאר פערגעסען אן דעם אידעל וואס שטעהט אין טהיר.

מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען גרינזאנג׳ס לאגע. ער האט געפיהלט, אז דיא פיס זעצען זיך אונטער איהם אויס שרעק, אבער ער האט ניט געוואגט זיך צו בעוועגען און איז וויא א מראמאָרנע סטאטוע שטעהען געבליעבען אויף זיין ארט.

נאך פינף מינוטען האט זיך דער צווייטער שפּיעלער געווענדעט צו גרינזאנג׳ן און האט געפרעגט:

— איז דיין נאמען מיכאאיל גרינזאנג?

— יא, דורכלויכט! — האט גרינזאנג מיט א ציטערנדע שטימע געענטפערט.

— קום צו נעהענטער.

גרינזאנג האט געמאכט א פּאָר טריט נעהענטער.

— נאך נעהענטער — האט דערזעלבער קאמאנדירט.

גרינזאנג איז צוגעגאנגען נאהענט פון׳ם טיש.

— איז דיר בעקאנט א גראַף מיט דעם נאמען דאנילאוו? — האט דערזעלבער הערר פריינדליך געפרעגט.

— יא דורכלויכט.

— פון וואנען קענסט דוא איהם?

— איך קען איהם פון מיין פריהעסטער יוגענד אן, דען איך האב מיט זיין פאטער געהאנדעלט.

— ווייסט דוא פון דעם מאָרדטהאט, וואס ער האט בעגאנגען אין דער לעצ־טער צייט?

— יא איך וויים.

— האט ער ווירקליך זיין פרוי ערמאָרדעט?

— ניין, ער האט זיא ניט ערמאָרדעט.

— פון וואנען ווייסט דוא אז ניט.

— ווייל זיין פרוי געפינט זיך דא אין מאָסקווא.

— ווען דוא ווייסט, אז ער האט קיין מאָרד בעגאנגען, ווארום האסט דוא געשוויגען און האסט דאס ניט ענטדעקט דער פּאָליציי.

— איך האב דאס יא געוואלט ענטדעקען — האָט גרינזאנג געענטפערט — איך בין זאגאר וועגען דעם מיט דעם גראף דאנילאוו׳ס א בעדינטען געפאהרען נאך ארשא אום אנצוצייגען ביים סליעדאָוואטעל, אז דיא פרוי פון׳ם גראף דאנילאָוו לעבט. אבער צו דערזעלבער צייט האב איך ערפאהרען, אז דער גראף איז אי זיין

קערקער געשטאָרבען און ווען יעמאנד קומט אריין צום סליעדאָוואטעל אדער אין דער פאָליציי עטוואס מעלדען וועגען דעם גראף, פערהאפטעט מען איהם באלד. דארום האב איך נעפירכטעט מיין פלאַן אויסצופיהרען און בין צוריק אהיים גע־פאָהרען.

— ווייסט דוא אויך דורך וואס פאר א טוידט דער גראף איז געשטאָרבען?

— יא, מען האט מיר דערצעהלט, אז מען האט איהם פערגיפטעט.

— האסט דוא פיעללייכט א פערדאכט אויף יעמאנדען?

— ניין, דורכלויכט.

— ווייס זיין פרוי, אז מען האט איהר מאן פערהאפטעט פאר דער בעשול־דיגונג, אז ער האט זיא ערמאָרדעט?

— ניין, זיא האט דאס ביז אכט טאג צוריק ניט געוואוסט.

— נו, און יעצט ווייס זיא דאס שוין?

— זיא ווייס, איך האב עס איהר דערצעהלט, אז ער איז אין געפענגניס יער־ניפטעט געוואָרען.

— נו, וואס האט זיא אויף דעם געענטפערט.

— זיא איז אין אהנמאכט געפאלען דערהעריענדיג דיעזע שרעקליכע נאכריכט, זיא האט אויך איינינע טעג נאך דעם אבגעקריינקט.

— אזוי? ווייזט אויס, אז זיא האט אויף איהם קיין האס געטראגען דערפאר וואס ער האט זיא זא שרעקליך בעהאנדעלט.

— א האס? — האט גרינזאנג שמייכלענד געענטפערט — איך האב נאך אין מיינעם לעבען ניט געזעהען, א פרוי זאל ליעבען איהר מאן, וויא דיא גרעפין מאריא האט געליעבט דעם גראף דאנילאוו. זיא זאגט נאך יעצט אויך, אז ער איז געוועזען דער בעסטער מענש אין דער וועלט און נור שלעכטע מענשען האבען איהם פונ׳ם גלייכען וועג אראפגעפיהרט און האבען איהם דורך אינטריגען בעוועגט ער זאל זיא אזוי אונמענשליך בעהאנדלען.

דער מאן וואס האט דיא אלע זאכען געפרעגט גרינזאנג׳ן, האט א קוק גע־טהאן אויף דעם גראָספירסט סערגעי, ביידע האבען זיך פערשטענדיג געמאכט, דורך אזא צייכען וואס גרינזאנג האט איהם ניט פערשטאנען.

— וויא קומט דיא גרעפין צו דיר? — האט ענדליך דער גראספירסט סערגעי געפרעגט.

— זיא איז געקומען אהער צוזאמען מיט מיינעם א גוטען פריינד, וועלכער איז געוועזען ארענדאר אין דאנילאָווקא, און וויא איך האב זיך דערוואוסט פון איהר פער־צווייפעלטע לאגע, האב איך זיא געוואלט נעהמען אונטער מיין שוץ; ליידער אבער, האט זיא מיין שוץ ניט געוואלט אננעהמען, אָבוואהל איך האב זיא מיט פערגניגען אין מיין הויז געוואלט אריינגעהמען און זארגען פאר איהר וויא פאר אן אייגען קינד.

— ווארום האסט דוא געוואָלט איהר אזא גנאדע ערצייגען?

— זייט איך בין זעלבסטשטענדיג געוואָרען, האב איך מיר צור אויפגאבע געמאכט אונגליקליכע צו שטיצען און שיצען.

— ווארום האט דיא גרעפין דיין שוין ניט געוואָלט אננעהמען?

— זיא איז זעהר ערעל און האט געמיינט, אז זיא וועט מיר צו לאַסט פאַלען. דארום האט זיא נור געוואָלט איהר ברויט דורך ארבייט פערדיענען.

— פערדיענט זיא יעצט דען איהר ברויט דורך ארבייט?

— יא, זיא איז א גובערנאנטין אין א רייך הויז.

— ביי וועמען איז זיא גובערנאנטין?

— ביי א געוויסער פרוי נעלידאָווו, נומער 60 ניקאָלאַיעווסקאַיא אוליצא.

— מיר שיינט, אז זיא האט געהאט א קינד — האט דער צווייטער געפרעגט. לעבט דאס קינד?

— יא, דורכלויכט. דאס קינד לעבט און בעפינדעט זיך אין זייער גוטע הענד.

— ביי איינער אממע?

— יא, דורכלויכט.

— וואו זאגסט דוא דיענט דיא גרעפין?

— אין נומער 60 ניקאָלאַיעווסקאַיא אוליצא.

דער מאן האט מיט א בליישטיפט דיא אדרעסע פערשריעבען און זיך ווענ-דענד צו גרינזאנג'ן, האט ער געזאגט:

— דוא קענסט שוין געהן.

גרינזאנג האט זיך זעהר טיעף פערנייגט און האט געוואלט ארויסגעהען. אבער דער גראָספירסט סערגעי האט איהם אבגעהאלטען מיט דעם אויסרוף:

— קום נור אהער יודע.

גרינזאנג איז צוגעגאנגען נעהענטער.

— וויא באלד דוא האסט אזוי ברידערליך און פריינדליך געקענט בעהאנדלען א קריסטין, איז דאס א צייכען אז דוא ביסט נאך ניט אזוי פערדאָרבען וויא דיינע אלע ברידער, דארום קענסט דוא פון מיר עטוואס פערלאנגען און איך וועל דאס דיר טהאָן.

— קייזערליכע האָהייט! — האט גרינזאנג געענטפערט — איך פיהל מיך העכסט גליקליך מיט דער פריינדשאפט וואס איהר ערצייגט מיר. איך האב יא א ביטע אן איהנען, אבער מיט דיא ערשטע ווערטער וואס אייער קייזערליכע האָהייט האט אויסגעשפראָכען, קען איך מיך ניט וואגען מיין ביטע אויסצודריקען.

— רייד דייטליך, וואס מיינסט דוא מיט דיא ווערטער?

— אייער קייזערליכע האָהייט האט זיך יעצט אויסגעדריקט דאס איך בין ניט אזוי פערדארבען וויא אלע מיינע ברידער. דאס בעווייזט אז איהר האט זעהר א שלעכטע מיינונג וועגען דיא אידען, דארום וואג איך ניט איהנען צו בעטען, מען זאָל דיא היזיגע אידען בעסער בעהאנדלען.

— ווילסט דוא דען בעהויפטען אז דיא אידען זיינען ניט פערדאָרבען?

— עס טהוט מיר זעהר לייד, וואס איך בין געצוואונגען געגען מיין ווילען צו פראָטעסטירען געגען דער מיינונג פון אייער קייזערליכער האָהייט. איך גלויב אבער אז אייערע גנאדען וועלען מיר פאר דער פרעכהייט פערצייהען. ערשטענס דערפאר,

וואס דיא שולדינקייט פון יעדען מענשען איז, ער זאָל זיינע ברידער פערטהיידינען; צווייטענס, גלויב איך, אז איך קען מיינע ברידער פיעל בעסער אלס יענע פערזאנען וואס האבען זיי פאר אייערע קייזערליכע גנאדען אין שווארצע פארבען פארגע־שטעלט.

— דוא האסט פאָלעס רעכט דיינע ברידער צו פערטהיידינען, אבער דוא דארפסט וויסען, אז פאר זיי ניעבט עס קיינע פערטהיידיגונג, דען מיר זיינען שוין צופיעל איבערצייגט אין זייערע פערדאָרבענהייט.

— מיך וואונדערט ניט וואס איך הער אזעלכע ווערטער פון אייער קייזער־ליכער האהייט — האט גרינזאנג זיפצענד געענטפערט — דען אייערע גנאדען האבען דיא געלעגענהייט ניט געהאט מיינע ברידער צו קענען און געווים האבען זייערע פיינדע זיי אבגעשילדערט אויף דער גרויזאמסטער וויזע. איך מוז אבער אייך בע־מערקען, דאס וויא וויים איך קען מיינע ברידער בין איך איבערצייגט, אז דער גרעסטער טהייל פון זיי זיינען ארבייטזאמע אָרענטליכע לייטע. זיי זיינען געטריי זייער קייזער און זייער פאטערלאנד. זיי זיינען אויך זעהר ניצליכע בירגער אינ'ם לאנד, וואו זיי וואוינען פערברייטען זיי דעם האנדעל און גיבען דיא קריסטען געלע־גענהייט פיעל געלד צו פערדינען.

א שמייכעל האט זיך געוויזען אויף דעם גראספירסט'ס ליפען און ער האט מיט א שפּאָטישען טאָן געזאגט:

— יא, איך וויים שוין וויא וויים זייער פריינדשאפט צו דיא קריסטען איז. זייער גאנצע פריינדשאפט בעשטעהט נור אין דעם, דעם קריסט דורך שמייכע־לייען אבצושינדען. איך וויים פון פיעלע אזעלכע פאקטען, וואס רייכע קריסטען זיינען דורך זייערע פערטרויטע אידען רואינירט געוואָרען.

— איך גלויב אז אזעלכע פעלע האבען געטראפען, אבער ניעבט עס דען ניט אויך פעלע וואס רייכע אידען זיינען דורך קריסטען רואינירט געוואָרען? ווען זייער קייזערליכע האָהייט וועלען מיר ערלויבען וועל איך זיי א לעבעדינען פאקט געבען.

— וואס איז דאס פאר א פאקט?

— היער בעפינדעט זיך א איד מיט דעם נאמען היראנים ראָזענדופט. דיעזער מאַן וואר א גרויסער קויפמאַן. ער וואר אזוי בעפריינדעט מיט דיא היעזינע ארי־סטאָקראטישע קריסטען, דאס צו זיין טאכטער האבען זיך גע'ישדכן'ט גראפען און קניאזען. נעמליך, דער קניאז מעשצערסקי און דער גראף לאמאנאוו. דער צווייטער האט אזוי וויים געבראכט דאס ער איז געווארען ברויטיגאם פון פריילין ראָזענ־דופט און דער שוויגער־פאטער האט איהם זיין גאנצען גדן אבגעגעבען. אבער וואס וואר דיא ענדע? באלד וויא דער גראף האט דאס געלד ערהאלטען, האט ער זיך פון דער פּארטיי ענטזאגט איבערלאָזענדיג זיין בראוט אין א פערצווייפעלטער קריי־טישער לאגע.... אויף איהם קוקענדיג האט אויך דיא קניאגיניא מעשצערסקאיא אבגעלייקענט דיא גרויסע סומע געלד וואס זיא האט געליהען ביי ראזענדופטען. דער מאַן איז געבליעבען איינפאך אָהן ברויט. דאס איז אבער נאך ניט נאָר. אוים

פורכט פיעללייכט וועט ראזענדופט מאָהנען זיין געלד דורך דעם געריכט, האבען זיי ביידע דיא קניאגיניא מעשצערסקאיא מיט דעם גראף לאמאנאוו אנגעבעטען דעם גוּבערנאטאר ער זאל דעם ארמען ראזענדופטען ניט לאָזען מעהר היער וואוינען טראָץ דעם רעכט וואס ער האט דא צו וואוינען אלס קייפמאן פון דער ערשטער קלאסע. נו, שטעלט אייך פאָר קייזערליכע האָהייט, ווען אידען טהוען אזא זאך א קריסט'ן, וואָלט מען ניט געשריען אין אלע בלעטער און אין'ם גאנצען לאנד, אז אלע אידען זיינען רויבער און שווינדלער זאָנדער גלייכען?

— איז דאס וואס דוא האסט מיר דערצעהלט א וואהרער פאקט? — האט דער גראָספירסט מיט א פינסטערער מינע געפרעגט.

— איך קען דאס, אייער קייזערליכער האָהייט, צו יעדער צייט איבערצייגען.

— אויב דאס איז וואהר, איז דאס ווירקליך א הימעל־שרייענדעס אונרעכט — האט דער גראָספירסט מיט א פינסטערער מינע געזאגט.

— אזוי וואהר וויא גאט לעבט, דאס אלעס וואס איך האב אייך דערצעהלט איז וואהר.

— פערלאנגסט דוא איך זאל דעם אידען פון זיין נויטה ארויסהעלפען? — האט דער גראָספירסט געפרעגט.

גרינזאנג האט פערשטאנען, אז דער גראָספירסט האט איהם דיא פראגע געשטעלט מיט דער אבזיכט, איהם פון דער ערשטער ביטע אבצוּווענדען; דארום האט ער געענטפערט:

— ווען אייער קייזערליכע האָהייט וועט דעם אונגליקליכען דיא גנאדע ערצייגען, וועלען אלע ארענטליכע לייט אייך הערצליך דאנקבאר זיין.

— גוט! — האט דער גראָספירסט געענטפערט — איך וועל שוין הייסען אן אונטערזוכונג מאכען און ראָזענדופט וועט צוריק זיינס ערהאלטען.

גרינזאנג האט שוין מעהר ניט גערעדט. ער האט זיך טיעף פערנייגט און איז אוועקגעגאנגען העכסט ערפרייט, דערמיט וואס ער האט היראנים'ן א טובה געטהאָן.

269טעם קאפיטעל.

## זיא ווייס אויך.

גאָלדע דיא טענדלערין וואר בעשעפטיגט מיט בעטראכטען דיא אלטע קליידער וואס זיא האט ערשט אבגעקויפט ביי א רייכער קריסטין, אלס דיא טהיר האט זיך געעפענט און אונזער בעקאנטע מערי איז אריינגעקומען.

— גאט העלף, גאָלדע! — האט מערי געזאגט מיט א פריינדליכען טאָן.

— א שעהנער גוט יאהר אייך, פריילין לעב, — האט גאָלדע געענטפערט — א גאסט, חלעבען. איהר זייט שוין א לאנגע צייט ביי אייער שוועסטער־קינד ניט געוועזן. וויא מיר ווייזט אויס, זייט איהר זעהר קאלטע קרובים.

— מיר זיינען קיין מאל ניט הייסער געוועזן איינער צום אנדערן.

— זייט איהר חאָטש געוועזן אויף זיינע תנאים?

— וואס? ביי איהם איז שוין געוועזן תנאים?

-- א שעהנע מעשה, חלעבען. א שוועסטער־קינד און ווייס ניט צו ביי איהר קרוב איז געווען תנאים? אבער וויא קומט דאס, וואס ער האט אייך אויף דיא תנאים ניט געבעטען?

— דער שווארץ־יאהר זאָל איהם וויסען. זייט ער האט ערפאהרען אז ער איז געוואָרען א יורש פון מיליאנען, איז ער ביי זיך שרעקליך שטאָלץ געוואָרען און ער שעמט זיך מיט דיא ארימע קרובים.

— חי, חי, חי! — האט זיך נאָלדע פארנאנדער געלאכט.

— ווארום לאכט איהר אזוי?

— חי, חי, חי! — האט נאָלדע נאך שטארקער געלאכט — איהר מוזט אין דער אמת מיינען אז איהר רעדט דא מיט א נאררישער מארק־אידענע, וואס ווייס ניט וואס עס טהוט זיך אין דער ליכטינער וועלט? — איהר האט אבער א גרויסען טעות, פרייליין קרוין.

— איך פערשטעה ניט וואס איהר מיינט, ליעבע נאָלדע.

— דערפאר אבער פערשטעה איך וואס איהר מיינט, פרייליין קרוין. איהר דארפט וויסען, אז וויא איהר קוקט מיך אָן, האט מען מיר בעשטענדיג געהאלטען פאר א קלוגע. מיין ערשטער מאן, דעם ליכטיגען גן־עדן זאל ער האבען, פלעגט אָהן מיר ניט טהאָן פון דאנען אהין. אָהן מיין עצה איז ער ניט געגאנגען, איך בעט אייך איבער אייער כבוד, אפילו אין שול און להבדיל אין באָד אריין, און מיין צווייטער מאן וואס איז ביי זיך געווען א גאנצער יא־מטבע־דאס און האט געמיינט אז ער איז איין חכם אין דער מדינה, האט אויך מודה געווען אז נאך אזא חכמה א ווייב וויא ער האט איז אין דער גאנצער וועלט ניטאָ. נור מיין דריטער מאן, זאָל דאָרט שטעהן און בעטען פאר אונז האט מיך ניט געוואָלט פאָלגען און האט גע־זאגט אז איך בין א נארר; אבער פאר זיין טויט האט ער אויך מודה געווען, אז איך בין גאר ניט קיין אידענע נור א מאנסביל.

— איהר האט געהאט דריי מאנען? — האט מערי ערשטוינט געפרעגט.

— נו, וואס־זשע איז? מיין מאמע, א גוטע מליצה זאָל זיא פאר אונז זיין, האט געהאט פיער מאנען און דיא וועלט האט פון איהר געהאלטען וויא פון א גוטען אידען. אבער ניט דאס בין איך אויסען. איך זאג דאס נור אנטגעגנען דעם, איהר זאלט ניט מיינען אז איהר רעדט דאָ מיט אבי א אידענע. געלויבט איז זיין ליעבער נאמען, איך ווייס אלץ און פערשטעה אלץ. נישמער, איך מאך מיר בילעיאָדע (כלא ידע).

— איך ווייס אבער אלץ ניט, אנטגעגנען וואס איהר זאגט דאָס — האט מערי געזאגט.

— איך זאג דאס אנטגעגנען אייער שוועסטער־קינדס ירושה. איהר מוזט מיינען אין דער אמת, אז איך ווייס ניט וואס דא טהוט זיך? איהר מענט זיך שוין אויף נאָלדע דער טענדלערין פערלאָזען. זיא ווייס ברוך־השם אלעס, נור זיא מאכט זיך ניט וויסענדיג.

— וואָס־זשע ווייסט איהר?

— איך ווייס, אז דער הערר גריץ וועט יורש'נען מיליאנען אזוי וויא איך און אזוי וויא איהר.

מערי האט איהר ערשטוינט אנגעקוקט.

— וואס קוקט איהר מיך אזוי פערוואונדערט אָן ? — האט גאָלדע געלאכט — איהר פערשטעהט נאך יעצט אויך ניט וואס איך רייד ?

— ניין, איך פערשטעה ניט.

— אַי געזונד זאָלט איהר זיין. איך דערקען אָן אייך, אז איהר ווילט זיין קלינער פון מיר. דאס קען אבער ניט זיין, פריילין לעב. איהר האט געוויס אין אייער לעבען אזוי פיעל צרות ניט געהאט וויא איך, דאריבער קענט איהר ניט זיין אזוי קלוג און דורכגעטריעבען אזוי וויא איך.

— אבער זאגט מיר, ליעבע גאָלדע, ווארום גלויבט איהר ניט, אז גריץ האט גע'ירש'ענט מיליאנען ?

— איך גלויב דאס ניט, דערפאר וואס איך הייס גאָלדע דיא טענדלערין און פערשטעה א געשעפט.

— איהר אליין האט דאך מיר געזאגט, אז ער איז א מיליאנער ?

— יא, אמת טאקע איך האב דאס געזאגט, אבער יעצט זאג איך גאנץ אנדערש.

— ווארום זאגט איהר יעצט אנדערש ?

— ווארום זאלט איהר זיך, פריילין קרוין, נארריש מאכען און מיר טויזענד מאל איין זאך איבערפרעגען ? האט איהר אליין איהם ניט געשראָקען, אז אויב ער וועט אייך קיין געלד ניט געבען וועט איהר אלעמען דערצעהלען פון דעם שווינדעל וואס ער האט דא געמאכט ?

— אזוי ? איהר זייט געשטאנען הינטער דער טהיר ?

— נו, איז דאס דען א חרפה ? פאַרוואָס זאל איך ניט שטעהן הינטער דער טהיר ? איז דאס דען ניט מיין טהיר ?

— האט איהר אלץ געהערט וואס מיר האבען גערעדט ?

— עס פערשטעהט זיך, אז איך האב געהערט ; וואס איז, איך בין דען חלילה טויב ? הלואי ווייטער, ביז מיין סוף לעבען זאָל איך אזוי הערען, וויא איך הער היינט.

— וואָס־זשע האט איהר געהערט ?

— זעהט איהר, פריילין קרוין, דאס פערדריסט מיך שוין אויף אייך וואס איהר שלעפט מיך ביי דער צונג. פערשטעהט איהר דען ניט אָן מיינע רייד, אז איך האב אלץ געהערט ?

— יא, איך פערשטעה, און איך מוז אייך מאכען א קאמפלימענט אז איהר זייט ווירקליך א קלוגע פרוי, דערפאר וואס איהר האט שכל צו שווייגען און דעם סוד ניט אויסזאגען.

— חי, חי, חי! — האט זיך גאָלדע אבערמאלס צולאַכט — און איהר מיינט אז איך וועל בעשטענדיג שווייגען ?

— וואס דען וועט איהר טהאָן?

— איהר וועט שוין האָבען א סימן וואס איך וועל טהאָן.

— מיר ווילט איהר דאס ניט פערטרויען?

— צוליעב וואס זאל איך דאָס אייך פערטרויען? יעדער מענש דאַרף היינ־טיגע צייטען קוקען פאר זיך. איהר האט זיך נעטהאָן אייערס, און איך וועל מיר טהאָן מיינס. איך פערשטעהע אויך ווען מען דאַרף זיך בענוצען מיט דער געלעגענ־הייט א פעט ביינדעל אבצולעקען.

— איהר ווילט ביי איהם בעטען געלד? — האט מערי געפרעגט.

פאַרוואָס ניט? — האט נאָלדע געענטפערט — איהר מעגט און איך טאָר ניט? חלעבען, איך בעדאַרף אָהן עין־הרע, מעהר געלד האבען פון אייך. איהר זייט נאָך אָהן עין־הרע א מיידעל, איהר האט אויף זיך קיין לאסט ניט און איך האב, זאָל געזונד זיין, א טאָכטער וואס ליגט אויף מיין קאַרק. איך זאג אייך אָן מיט דעם הארבען וואָרט, אז אויב אייער גריץ וועט מיר ניט געבען וועניגסטענס טוי־זענד רובעל וועל איך געוויס מיך ניט איינהאַלטען און וועל דערצעהלען ראָט־הבלומען פון דעם גאנצען שווינדעל.

— ווארום זאגט איהר דאס מיר אָן? רעדט מיט איהם אליין. פון מיינטוועגען מעג ער אייך אבגעבען חאָטש זיין גאנצען גדן.

— איך קלייב מיך שוין לאנג צו מיט איהם צו ריידען נור.... איך וויים אליין אויך ניט, פאַרוואס איך האב ביז אהער געשוויעגען. איהר, פריילין לעב, וואלט מיר חלעבען א גרויסע טובה געטהאָן, ווען איהר זאָלט איהם מיינע ווערטער איבערגעבען.

— איך בין ביי אייך קיין דינסט ניט און מיט מיר זאָלט איהר אזעלכע זאכען זיך ניט שאפען.

— חלילה! ווער זאגט דען אויף אייך, אז איהר זייט א דינסט? קוקענדיג אויף אייך, קען מען מיינען אז איהר זייט א בת־מלכה. איך האב מיך ניט געוואָלט מיט אייך חלילה שאפען, איך האב אייך נור געבעטען א קליינע טובה.

זיא האט נאָך דיא ווערטער ניט געענדיגט האט זיך דיא טהיר געעפענט און סימאָן גריץ איז אריינגעקומען.

נאָלדע איז שטום געוואָרען און האט זיך גענומען אבערמאלס בעטראַכטען איהרע ערשט געקויפטע קליידלאַך.

גריץ האט זעהר אָן אונפריינדליכע מינע געמאַכט אלס ער האט דערזעהן מעריין, אבער ער האט זיך געמאַכט טוטה און האט געזאָגט:

— זיי מיר ווילקאָמען, מערי! — דוא ביסט שוין לאנג דאָ?

— ניין, איך בין ניט לאנג געקומען.

— קום אריין צו מיר אין צימער, וועלען מיר אביסעל ריידען.

דא איז מיט איהם אין זיין צימער אריינגעגאנגען.

— מזל־טוב דיר, חתן! — האט זיא מיט א שפּאָטישען טאָן געזאגט אלס

וויא איז מיט איהם אונמער פיער אוינען געוועזן — איך האב געהערט, אז געססטערן אבענדס איז ביי דיר געווען תנאים.

— ווער האט דאס דיר דערצעהלט?

— טאקע דיין בעל־הבית׳טע.

— נו, ביסט דוא אין כעס דערפאר?

— אין כעס? — האט זיא לאכענד געענטפערט — ווארום זאל איך זיין אין כעס? איך פערגין דער פריילין ראטהבלום פון גאנצען הערצען אזא טהייערע סחורה, וויא דוא ביסט. איך בין אין געגענטהייל זעהר צופריעדען, דען יעצט וועסט דוא דאך מיר געוויס מיין געלד אבגעבען.

— נארוניו! ווייסט דוא דען ניט, אז פאר דער חתונה ניט מען קיין גדן ניט אב דעם חתן אין דיא הענד? וואו־זשע זאל איך דיר יעצט נעהמען אזוי פיעל געלד?

— און דוא קלערסט, וויא איך פערשטעה, אז איך וועל דיר ווארטען ביי נאך דיין חתונה?

— איך הייס דיר ניט אזוי לאנג ווארטען. איך וועל דיר א טאג פאר מיין חתונה דאס געלד געבען.

— וואו וועסט דוא דאן נעהמען אזוי פיעל געלד?

— איך וועל מיר שוין אן עצה געבען.

— איך וויל אבער, אז דוא זאלסט זיך דיא עצה געבען טאקע דיא וואך. דוא פערשטעהסט וואס איך זאג?

— ווארום זאל איך ניט פערשטעהן — האט ער שמייכלענד געענטפערט — דוא רעדסט דאך מיט מיר ניט אויף טערקיש?

— זאג מיר נור, סימאן — האט מערי זעהר בייז געזאגט — וויא מיר שיינט, שפיעלסט דוא דא מיט מיר א קאמעדיע, דוא שפאסט נאר! ווען וועט דיר זיין, ווען איך וועל אנהויבען צו שפיעלען, דאן וועל איך דיר אבשפיעלען אזא טראגעדיע, וואס דיר וועט זיין פינסטער און ביטער.

— זעה נור, וואס פאר א נארריש מעדכען דוא ביסט. באלד ווערסט דוא אין כעס. דוכט זיך, איך האב דיר דייטליכע ווערטער געזאגט, אז יעצט קען איך מיר קיין עצה ניט געבען צו בעקומען געלד, אבער שפעטער האף איך דאס יא צו בעקומען.

— דוא מיינסט אז איך בין אזא נארר און פערשטעה ניט דיינע היגטישע שטיק? דוא קלערסט זיך אז דוא וועסט מיר פערדרעהן דעם קאפ אזוי לאנג ביז דוא וועסט חתונה האבען און נאכדעם וועסט דוא מיר אויסשטעלען א פאר פייגען. אבער איך זאג דיר, סימאן, אז דוא האסט א גרויסען טעות. איך בין קליגער פון דיר, איך וועל מיך ניט לאזען פערדרעהען דעם קאפ און פערבלענדען דיא אויגען דוא מוזט מיר דיא וואך מיין געלד אבגעבען.

— דיא וואך איז מיר אונמעגליך. ווארט נאך א פאר וואכען.

— אויף ווען האט מען אבגעליינט דיין חתונה?

— אויף פיער וואָכען.

— קענסט דוא מיר ווייזען דיינע תנאים?

— יא.

— נו, ווייז־זשע מאקע מיר.

— דאס קען איך דיר טהאן — האט ער געענטפערט און האט פון זיין קא־מאדע א פאפיר ארויסגענומען און האט איהר געוויזען, אז דאָרט שטעהט אויס־דריקליך דאס דיא האָכצייט דארף געפייערט ווערען אין פיער וואכען ארום.

— נו, אויב אזוי וועל איך דיר ווארטען צוויי וואָכען — האט זיא שוין געלאַ־סענער געזאגט — אבער דוא ווייסט, סימאָן, אז דוא וועסט מוזען צוגרייטען נאך געלד.

— וואס פאר א געלד? — האט ער מיט א פינסטערע מינע געפרעגט.

— נאך א פערזאָן וואס ווייס דיין געהיימניס.

— וואס? — האט ער שטארק אויפגערעגט געפרעגט — דוא האסט שוין נאך אימעצען מיין געהיימניס איבערגעגעבען?

— ניט איך, זאָנדערן דוא אליין האָסט דאס מיט דיין אונפאָרזיכטינקייט נאך איינעם צו וויסען געגעבען.

— וואס מיינסט דוא מיט דיא ווערטער?

— דוא זאָלסט וויסען, אז אויך דיין בעל־הבית'טע, נאָלדע דיא טענדלערין ווייס פון דיין געהיימניס.

— פון וועלכער געהיימניס?

— פון דעם, אז דוא ביסט ניט קיין יורש פון מיליאָנען.

— פון וואנען ווייס זיא דאס?

— נעה פרעג איהר, אבער מיר שיינט אז פאר דיר איז גענוג דער פאקט אז זיא ווייס דיא גאנצע געשיכטע מיט דעם בריעף וואס דוא האָסט געשריעבען צו דיין פריינד אין אמעריקא און האָסט איהם געבעטען ער זאל דיך מאכען פאר א יורש פון מיליאנען.

— מיט וואס וועט דיא אלטע חאָלעריע דאס בעווייזען?

— א חאָלעריע ביסט דוא אליין — האט נאלדע דיא טענדלערין א געשריי געטהאן ארייגלויפענד אין דעם צימער — איך וועל דיר ווייזען וואס אן אלטע חאָ־לעריע קען. איך געה באלד אוועק צו ראטהבלומען און דערצעהל איהם אלסדינג וואס דוא האָסט דא גערעדט מיט דער „נאַפקע". איך ווייס אלעס, און ראטבלום וועט אויך אלעס וויסען. דוא פערשטעהסט ימח־שמו'ניק? מיט נאָלדע דער טענדלערין שפּיעלט מען זיך ניט, אז איך בין גוט בין איך גוט, אבער ווען איך וועל ווערען שלעכט וועט דיר זיין ווינד און וועה.

— שאט, וואס שרייט איהר אזוי? — האט נריץ וויא צודולט געזאגט פער־שטעלענד מיט ביידע הענד זיינע אויערען.

— וואס זאגסט דוא מיר עפּעס איך זאל ניט שרייען, דאס איז מיין שטוב און איך קען דא שרייען וויפיעל מיין הערץ געלוסט, אבער ניט נור אין שטוב וועל

איך אזוי הייך ריידען, איך וועל איין אלע גאסען שרייען אז דוא ביסט א שווינדלער און א בעטרינער, דוא הערסט כל־בו׳ניק וואס איך זאג דיר. דער „נאפקע” האסט דוא צונעזאגט צו נעבען עטליכע טויזענד רובעל און איך וויל ביי דיר מעהר ניט ווי איינע טויזענד רובעל. וואס? דוא ווערסט אפשר ניט נעבען וועל איך דיך בע־נראבען פיערציג איילען טיעף אין דער ערד. גערדיינק־זשע כל־בוניק וואס איך האב דיר דא אנגעזאגט דיא אלטע האלעריע וועט דיר וויזען ווער עלטער איז.

זיא איז ארויסגעלאפען און האט הינטער זיך אזא קלאפ מיט דער טהיר נע־געבען דאס דיא פענסטער האבען א ציטער געטהאן.

207טעס קאפיטעל.

# דיא שלאַנגע אין נעץ.

מען האט פערהאפטעט דיא צוויי באנדיטען סטעפאנען מיט סעמיאנען.

דיא געשיכטע פון זייער פערהאפטונג דארף פאר אונזערע לעזער זעהר אינ־טערעסאנט זיין, דארום וועלען מיר זיא דא אין ווייניגע ווערטער בעשרייבען.

דיא ביידע מערדער האבען וויא מיר ווייסען זיך פערגראבען אויפ׳ן ביידיב פון דעם נראף׳ס פאלאץ אונטער אלטע קאסטענס און דיא גאנצע מיה פון דיא סאלדאטען וואס האבען זיי נעזוכט וואר אומזאנסט, דען מען האט זיי פאר קיין פאל נעקענט געפינען.

דער פריסטאוו וויא אויך דער סליעדראוואטעל וואס זיינען דא געוועזען, האבען זיכער נעוואוסט אז דיא מערדער זיינען פון פאלאץ ניט ארויסגעגאנגען און זיי ליגען דא ערגעץ פערשטעקט. דארום איז ביי זיי נעבליעבען מען זאל פון דאנען ניט אוועק־געהן ביז מען וועט דיא באנדיטען חאפען.

דעם סליעדראוואטעלס ראטה איז געוועזען אז אלע סאלדאטען זאלען זיך בע־האלטען אין פערשיעדענע זייטען און זאלען לויערען, זא לאנג ביז דיא מערדער וועלען פון זייערע לעבער ארויסקריכען, דען עווינ וועלען זיי דאך דארט ניט זיצען.

אלע בעדיענטע פון דעם פאלאסט האט מען געהייסען פון דאנען אוועקגעהן, אויס פורכט פיעללייכט וועלען זיי העלפען דיא בעהאלטענע מערדער פון דאנען אנטלויפען.

דיא צוויי קאמעראדען סטעפאן מיט סעמיאנען זיינען דיא גאנצע נאכט גע־לעגען בעגראבען אין זייערע קברים, נור צייטען־ווייס האבען זיי זייערע קעפ ארויס־געשטעקט, ריכטיג וויא דיא מייז וואס ווילען זיך איבערציינען צו געפינט זיך ניט נאהענט פון זיי א קאץ.

ארום זיי איז געוועזען שטיל וויא אויף א בית־עולם.

— מיר שיינט, אז מיר קענען שוין פון אונזערע לעבער ארויסקריעכען — האט סעמיאן געזאנט — דיא קעץ האבען שוין געמוזט פון דאנען צולויפען.

— דאס איז נאך קיין בעווייז, אז זיי זיינען צולאפען — האט סטעפאן געענט־פער־ט — עס קען זיין, אז זיי ליעגען אויך פערשטעקט און קוקען אויס אונזערע נשמות.

— דאפיר דארפסט דוא קיין פורכט האבען, דיא הינד וועלען אזוי לאנג ניט ווארטען. זיי מיינען אז מיר זיינען אנטלאפען געוואָרען.

— דאך שאדעט ניט ווען מיר וועלען דא לינען נאך עטליכע שטונדען. מיר מחען זיך נענור איבערציינען, אז מיר זיינען ניט ארומגערינגעלט פון שפיאָנען.

— איך האב שוין אבער קיין זייט ניט צו ליגען דא, דאביי בין איך הונגעריג אז פשוט דאס הערץ פאלט פון מיר ארויס.

— עס מאכט ניט אויס, דער טייפעל וועט דיך ניט צוחאפען, דוא וועסט נאך קענען דא לינען עטליכע שטונדען.

און זיי זיינען ווייטער געלעגען אויף זייערע ערטער שטיל וויא צוויי טויטע.

עס זיינען נאך פיער שטונדען איבערגעלאָפען. דורך דעם קליינעם פענסטערל פון'ם בוידים איז דיא זאנענשטראהלען אריינגעקומען און האבען דא אביסעל ליכטינקייט פערשפרייט.

— סטעפאן! — איך וועל דאס ניט אויסהאלטען — האט סעמיאָן געזאגט — איך וועך איינפאך דערשטיקט, גוואלד וואו נעהמט מען חאטש אביסעלע וואסער דיא ליפען אבצונעצען.

— מיר איז אויך זעהר שלעכט — האט סטעפאן געענטפערט — מיר שיינט, אז מיר קענען שוין ארויסגעהען, דען ווען יעמאנד פון אונזערע פערפאָלגער וואָלט יא געווען דא, וואלטען מיר געהערט א שטיקעלע גערויש.

— אלזא זאלען מיר פון דאנען ארויסקריעכען?

— לאָמיר פּרובירען.

זיי זיינען ביידע פון זייערע לעבער ארויסגעקראָכען, האבען זיך אין אלע זייטען אומגעקוקט און אנגעשטרענגט זייערע אויערן פיעללייכט וועלען זיי עטוואס דערהערן אָבער עס איז אלעס געווען וויא פריהער זעהר שטיל.

— מיר שיינט, אז מיר קענען שוין יעצט פון דאנען ארויסגעהן — האט סטעפאן געזאגט — עס איז איבעראל שטיל און רוהיג, דיא פערפלוכטע סאלדאטען האבען שוין געמוזט אוועקגעהן. לאמיר אבער ארויסגעהן פאָרזיכטיג, אזוי גערוישלאָז, אז מיר זאָנאר אליין זאָלען ניט הערען דעם גערויש פון אונזערע טריט.

זיי האבען זיך אנגעהויבען ביידע ארונטערצולאָזען פון דיא טרעפּ. אלעס וואר וויא פערזונקען אין א גראב־שטילקייט. עס האט אויסגעזעהן, דאס אלע בעוואוינער פון דעם הויז זיינען פערשוואונדען געוואָרען און דא איז קיין לעבעדיגע זעעלע נעבליעבען.

זיי זיינען ארונטערגענאנגען דעם ערשטען שטאָק, דעם צווייטען און האבען זיך אנגעהויבען אראפּצולאָזען צו דעם אונטערשטען פלאָר.

זיי זיינען פּלוצלינג שטעהן געבליעבען, דען זיי האבען דערהערט א שוואכע שטימע.

ביידע באַנדיטען האבען זיך שטום אנגעקוקט איין אויגענבליק.

— דוא האָסט ביי זיך דיין מעסער? — האט סטעפאן א שושקע געטהאן סעמיאָנען אין אויער.

— יא. און דוא האָסט דיינעם?

— יא. מיר מוזען זיין פאַרבערייטען אויף אלעם. לאָמיר זיי האלטען אין דיא חענד.

זיי זיינען אלע טרעפּ הערונטערגעשטיגען און זיינען צוגעלאָפען צו דער טהיר וואס פיהרט צום גארטען.

פלוצלינג האט זיך דערהערט א לאנגער־פייף, און אזוי וויא פון דער ערד זיינען ארויסגעשפרונגען צעהן סאלדאטען מיט געלאָדענע רעוואָלווערען.

— שטעהט, אדער מיר שיסען! — האט איינער פון זיי שטרענג א געשריי געטהאן.

אבער דיאביידע מערדער האבען געוואוסט מיט וואס זיי שמעקען דא און האבען דארום מיט דער גרעסטער פערצווייפלונג זיך געוואָלט באהנען א וועג צווי־שען זייערע פערפאָלגער און ארויסלויפען אין גארטען. זיי האבען זאגאר איינעם פון דיא סאלדאטען וועלכער האט זיך צום ערשטען זיי אין וועג געשטעלט מיט זייערע מעסערס פערוואונדעט.

עס האבען א קראַך געטהאן צוויי רעוואָלווער־שיסע. סטעפאנען האט א קונעל געטראפען אין דעם רעכטען ארם און ער איז אָהנמעכטיג צום באָדען גע־פאלען, און סעמיאָן האט דערזעהן אז דער טויט שוועבט איהם פאר דיא אויגען, האט ער זיך זעלבסט איבערגעגעבען צו דיא סאלדאטען אין דיא הענד אריין.

באלד איז אויף דער פריסטאַוו, נאכהער דער סליעדאָוואטעל געקומען. זיי האבען דיא מערדער בעטראכט. דער סליעדאוואטעל האט דעם ערשטען פערהער געמאכט, אבער זיי האבען זיך ביידע געלייקענט און האבען געשווארען, אז זיי זיינען דיא עהרליכסטע לייטע אונטער דעם הימעל.

— דאס וועט זיך אלץ שפעטער ארויסציינען — האט דער סליעדאוואטעל שמייכלענד געענטפערט און האט געהייסען דיא לייטע שטארס בעוואכען.

ער האט זיך בעראטהען מיט דעם פריסטאוו וואס זיי זאָלען יעצט טהאן מיט דעם אלטען גראף דאנילאוו, און נאך א לאנגער בעראטהונג איז ביי זיי גע־בליעבען, מען זאָל מיט דעם אלטען מערדער אויף דאס זעלבע טהאן וויא מען האט געטהאן מיט דיא צוויי יונגע מערדער. געמליך, מען זאָל איהם אזוי בעוואכען ער זאָל דאס ניט פיהלען. דיא סאלדאטען זאָלען זיין פערשטעקט ארום דעם פּאלאסט און ווען זיי וועלען זעהן אז ער וויל פון דאנען אוועקפאהרען, זאלען זיי פון זייער פערשטעק ארויסגעהן און איהם פערהינדערן פון דאנען אוועקצופאהרען.

דעם פּלאן האבען זיי געמאכט, אום צו אויסגעפינען מיט וועלכע לייטע דער אלטער פערקעהרט. פיעללייכט זיינען דאָ נאך פערזאָנען וואס האבען איהם גע־האָלפען זיינע שענדליכע פּלענער אויסצופיהרען. דיעזע לייטע וועלען איהם געוויס בעזוכען ווען זיי וועלען וויסען אז ער איז פריי און מען וועט זיי אויך לייכט קענען אריינחאפּען אין א גוטער נעץ.

מען האט דעם אלטען פעליקס'ן געמעלדעט אז מען האט זיינע מערדער פער־

ין און ער קען זיך גאנץ רוהיג ליגען אין זיין צימער. דער פריסטאוו האט־

איהם זאנאר נעפרענט צו פערלאנגם ער מען זאל איהם דא איבערלאזען איינינע סאלדאטען וואס זאָלען איהם היטען פון אנדערע מערדער. אבער דער גראף האט זיך פון דער גנאַרע ענטזאגט און האט נעענטפערט, אז וויא באלד דיאביידע באנדיטען זיינען פערהאַפטעט האט ער פאר קיינעם קיין פורכט און ער ברויכט דאָ קיין וואַכע מעהר.

דער סליעדראוואטעל מיט דעם פריסטאוו זיינען דארט נאך פערבליעבען דעם גאנצען טאג, אום צו ערווארטען דעם סמאטריטעל פון׳ם אָרשאַ׳ר געפענגניס, ער זאל דערקענען דעם גראף פעליקס.

דער אלטער איוואן מיט ערינא׳ן האבען זיך זעהר געפרייט, אלס זיי האבען דערהערט אז מען האט פערהאַפטעט דיא ביידע באנדיטען. ערינא האט זעהר געוואלט זעהן איהר קינדס מערדער און איהם מיט איהרע איינענע הענד בעאַר־בייטען, אבער דער סליעדראַוואטעל האט דאס איהר ניט ערלויבט מיט דעם אויס־רייד, דאס ער קען ניט ליידען סקאנדאַליעזע סצענען דאָרט, וואו עס קען צונעהן שטיל און רוהיג.

— איהר וועט איהם נאך זעהן — האט ער איהר זאָגפט נעענטפערט — איהר זייט יעצט צופיעל אויפגערעגט — ווען איהר וועט רוהיגער ווערען דאן וועל איך אייך אלס איינס שטעלען דעם מערדער אויג אין אויג, אום איהר זאָלט איהם דערקענען.

אום זעכס אוהר פאר־נאכט איז דער סמאָטריטעל אנגעקומען פון אָרשאַ.

דא איז דעם סליעדראַוואטעל א נייער פלאן איינגעפאלען. ער האט געבעטען דעם סמאטריטעל אז זאגאר אינ׳ם פאל ווען ער וועט אין דעם אלטען גראף דער־קענען יענעם מערדער וואס האט געוואלט פערגיפטען דעם גראף דאנילאָוו, זאָל ער דעם אלטען אין דיא אויגען זאגען אז דאס איז ניט דער, אום דער גראף זאל בלייבען רוהיג ליגען אין זיין צימער, און זאָל אָהנע פורכט קענען זיינע געסט עמ־פפאנגען.

דיא ראטה איז געפעלען געוואָרען דעם פריסטאוו מיט דעם סמאָטריטעל און זיי האבען זיך בעשלאָסען אזוי צו טהאָן.

אלע דריי זיינען צו דאנילאָוו׳ן אין׳ם צימער אריינגעקומען.

— *ש־ש־ש־ש!* — האט פיליפ צו זיי שטיל געזאגט — מאכט ניט קיין גערויש דען דער גראף שלאפט.

— עס שאדעט ניט — האט דער סליעדראָוואטעל נעענטפערט — מיר וועלען איהם פון זיין רוהע ניט שטערען.

און אלע דריי זיינען צוגעגאנגען צו דעם אלטענס בעט.

פון דעם גערויש האט זיך דער גראף פון זיין שלאָף ערוואכט, און אלס ער האט געבען זיין בעט דערזעהען דעם סמאָטריטעל פון׳ם אָרשער געפענגניס האט ער א ווילדען געשריי געטהאן און האט זיך שנעל איבערגעדעקט מיט דער קאָלדרע אום מען זאָל זיין געזיכט ניט זעהן.

— דאס איז ניט דער אלטער וואס האט מיך בעזוכט — האט תיכף

סמאַטריטעל הויך נעזאגט, און האט א ווינק נעטהאן צום סליעדראוואטעל אז דאס איז דערזעלבער.

— נו, אויב אזוי, האבען מיר דאָך דא ניט וואס צו טהאָן — האט דער סליעדראָוואטעל אויך הויך נעענטפערט — קומט, מיר קענען שוין אוועקפאהרען. קוים האבען מיר יענע צוויי מערדער אין אונזער נעץ געחאפּט, האבען מיר שוין דא ניט וואס צו טהאן.

זיי זיינען ארויסגעגאנגען, און דער אלטער פעליקס האט פריי אויפגעאטהמעט וויא א גרויסער בארג איז פון זיין ברוסט ארונטערגעפאלען.

271טעס קאפּיטעל.

# אַדעלאַ.

אויך דיא קלוגע אדעלא האט דאס מאל א גרויסען אירטהום נעהאט. זיא האט נעמיינט, אז איהר נעליעבטער גּעלידאָוו וועט איהר אויך יעצט נאכלויפען און וועט קניענד פאר איהר זיא בעטען, זיא זאָל איהם זיינע גרויסע זינד פערצייהען. אבער ליידער איז איהר נעלידאָוו ניט נאכנעלאָפען און איז צו איהר אחיים ניט נעקומען איהר כבוד איבערצובעטען.

זיא איז דעם גאנצען טאג פון איהר צימער ניט ארויסנעגאנגען, ווייל זיא האט נעהאָפט אז נעלידאוו וועט נאך קומען. ווען יעמאנד האט נעגעבען א ציה ביי דער טהיר-גלאָקע, האט זיא נעמיינט אז דאס קומט וואלאָדיא.

ליידער אבער איז פערגאנגען דער טאג אויך דיא נאכט און פון וואלאדיא'ן איז קיין שפור נעווען.

דאס איז איהר שוין אריין אין קאָפּ. זיא האט פערשטאנען אז ער מאכט מיט איהר קיין שפאס און ער וויל זיך נאר ניט אויף א געלעבטער פון איהר שיידען.

מיר ווייסען שוין אז זיא האט נעלידאָוו'ן שטארק נעליעבט, און דארום איז קיין וואונדער וואס זיא איז נעווען אויסער זיך פון דעם סקאנדאל וואס זיא אליין האט אנגעמאכט, און האט דארורך איהר וואלאדיא'ן פון זיך פעריאגט.

זיא האט זיך זעלבסט פּאָרווירפע געמאכט דאפיר וואס זיא האט נעלידאוו'ן פון נעדולד ארויסגעבראכט. זיא האט זיך יעצט אליין בערעכענט אז זיא האט א גרויסע נאררישקייט געטהאן דאמיט וואס זיא האט איהם נעוואָלט צווינגען ער זאל ארויסטרייבען דער גובערנאנטין, „ער איז דאך דערוויל ניט מעהר וויא מיינער א ברויטינאם" האט זיא זיך געקלערט און איך האב ניט נעדארפט וואגען פון איהם אזא זאך צו פאָדערען, דען ער קען דערפון שליסען אז נאך אונזער האָכצייט וועל איך איהם דורך מיין אייפערזוכט דאס לעבען פערביטערן.

און וועהרענד זיא האט וועגען דעם„געטראכט האט זיך דיא אייפערזוכט מיט איהר פולער קראפט אין איהר הערצען צופלאמט. יעצט איז ביי מיר קיין צווייפעל אז ער ליעבט ווירקליך דער גובערנאנטין — האט זיא שטארק אויפגערעגט געשטאַמעלט — יא, ער ליעבט זיא און נור צוליעב איהר האט ער מיך פון זיך פערטריבען

— וואס ? זיא אן איינפאכע גובערנאנטין האט מיין ברוטינאם פון מיר נע־רויבט ? — האט זיא אויסער זיך פאר כעס געשריען — א פראָסטע פרוי פון פאָלק זאָל וואגען מיך ארויסצורייסען פון מיין געליעבטענס הערצען און זיך זעלבסט דאָרט פערפלאָנצען ? דאס איז אונערהערט, אזא פרעכהייט זאָל איהר ניט געשענקט ווערען, איך וועל ווייזען דער דיענסטמויד מיט וועמען זיא שטעהט דא אין קאמפף, צערשמעטערן, פערניכטען וועל איך דיעזער פערפלוכטער פרוי, מיט מיינע נעגעל וועל איך איהר ברוסט צורייסען און וועל מיינע הענד אין איהר בלוט וואשען.

חא, חא, חא ! — האט זיא זיך פלוצלונג ווילד צולאכט — א שעהנעם טויש (פערבייט) האסט דוא וואלאדיא געמאכט. מיך דער גרעפין אדעלא דאַנילאוו וואס איז א בעזיצערן פון מיליאנען האט דער דומקאָפּ פון זיך פערשטויסען און האט זיין הערץ געשענקט א גובערנאנטין וואס לעהרנט מיידלאך שרייבען. נונו ! איך וועל איהם לאזען ווייטער געהן, זאל ער זיך פערבינדען מיט דער אויסוואורף, ער וועט זיך נאכדעם ארומזעהן דעם פעהלער וואס ער האט געמאכט. ער וועט שפעטער פון זיך דיא האאר רייסען אויס פערצווייפלונג, אבער עס וועט שוין זיין פערפאלען.

א היבשע צייט איז זיא ארומגעלאָפען וויטהענד איבער איהר צימער דאס בלוט האט אין איהר געזאָדען. אך, ווען דיא פערפלוכטע גובערנאנטין זאל דוכט זיך יעצט קומען פאר איהרע אויגען, אין שטיקער וואלט זיא דער קאַנאליע צער־ריסען, א גאנצען ביין וואלט זיא אין איהר לייב ניט איבערגעלאזט.

ראבע ! איך מוז פון דער בעסטיע ראבע נעהמען — האט זיא װיסגעשריע, און האט געקריצט מיט דיא צייהן. איך מוז איהר בלוט זעהן.

זיא האט אנגעהויבען צו קלערען וויא אזוי זיא זאל איהר ראבע אויספיהרען. ויא איז געווארען אין כעס אויף דעם וואס זיא ברעכט זיך דעם קאָפּ קלערענדיג, וויא אזוי זיא זאל צערקוועטשען אזא פליעג. דען וואס פאר א ווערטה קען איא ניעדע־ריגעם ווזען האבען געגען אזא מעכטיגער לעווין וויא זיא איז.

אבער וויא עס ווייזט אויס, מוז מאנכעס מאל אויך דער לייב פיעל טראָבעל האבען ביז ער דערטאפט א שוואכע שפעלע אום זיין בלוט־דורשט צו שטילען. לאנג האט אדעלא געקלערט וויא אזוי זיא זאל דער גובערנאנטין פערגיפטען און האט קיין מיטעל דאצו געפונען.

אזוי זיינען פערגאנגען פיעלע ביטערע שטונדען, אדעלא האט שיער דעם שלאג בעקומען אויס האס און צאָרן. ווער ווייס צו וואָלט זיא ווירקליך דאס אויסגעהאלטען ווען עס זאל ניט געווען אנקומען פון איהר פאטער א בריעף מיט פאָלגענדען אינהאלט:

„ליעבע טאָכטער !

„אין דער קורצער צייט וואס איך בין דא האב איך איבערגעלעבט אזעלכעס וואס מיר האט זיך אין מיין גאנצען לעבען ניט געטרוימט. דוא וועסט געוויס שוידערען ווען דוא וועסט דערהערען: אז מען האט מיך געוואָלט ערמאָרדען און ווייסט דוא ווער ? מאקע דיינע פערטרויעטע סטעפאן מיט סעמיאנען.

„יא, ליעבע טאכטער, דיא מערדער האבען מיך געוואלט ערמארדען, וואהר־

שיינליך האבען זיי געוואָלט אוועקרויבען דאס געלד וואס זיי האבען ביי מיר דער־שמעקט. נור דורך א וואונדער בין איך גערעטעט געוואָרען, גראדע אין דעם מאמענט וואס זיי האבען שוין זייערע הענד אויף מיר געליינט, זיינען אנגעקומען מעגישען וועלכע האבען מיך פון דיא מערדערישע הענד געראטעט.

„טיינסט דוא טאָכטער מיינע אז מיט דעם שרעק האט זיך שוין געענדיגט. ניין, מיין קינד, באלד נאך דעם האב איך געהאט נאך אן ערגערן און א גרעסערן שרעק. איך וויים נאך יעצט אויך ניט וואס דיא אורזאכע איז, דער סמאטריטעל פון דעם אָרשא׳ער געפענגנים איז דא געוועזן און האט מיך בעזוכט. דוא פער־שטעהסט מיט וואס איך האב דא געשמעקט, דען פאר דעמזעלבען מאן האב איך מיך דאָך אלס אנדער פערזאן פארגעשטעלט אלס איך האב פאָרבערייטונגען גע־מאכט צו אנטאָן׳ס קבר.

„צום גליק אבער האט מיך דער סמאטריטעל ניט דערקענט. וויא איך פער־שטעה, האט יעמאנד געמוזט אונטערזאגען אז דאס בין איך געוועזן דער מאן וואס האט איהם געבעטען ער זאל ערלויבען דעם ארעסטאנט עסען אריינטראגען, דען ער איז אריינגעקומען מיט נאך צוויי לייטע און אלס ער האט מיך דערזעהן, האט ער געזאגט : דאס איז אן אנדערער. איך בין שטארק צופריעדען וואס עס האט זיך אזוי געענדיגט, דערפאר אבער בין איך אונרוהיג נאר פון אן אנדער זאך.

„איך פירכטע אז סטעפאן וועלכער איז יעצט געפאנגען זאל ניט אויסזאגען אז איך האב איהם געהייסען אריינטראגען דעם גיפטיגען מיטאג צו אנטאנען. אויף אזא באנדיט איז אלץ צו גלויבען. איך זאג דיר ליעבע טאָכטער אז איך לעב איינ־פאך ניט אויס שרעק. דארום ביטע איך דיר דוא זאלסט גלייך וויא דוא וועסט דעם בריעף ערהאלטען ארויספאהרען נאך דאנילאָווקא. אום מיר זאלען זיך בע־ראטהען וואס צו טהאן. דוא זאָלסט ניט פערגעסען מיין קינד אז מיר שטעהען דא ביידע אין געפאהר.

„איך האָף אז דוא וועסט באלד ערפילען דעם וואונש פון דיין געטרייען פאטער פעליקס״.

דיעזער בריעף האט אדעלא׳ן נאָר אנדערן שטאָף צום דענקען געגעבען, זיא האט פערגעסען געלידאָוו׳ן און דער גובערנאַנטין, פאר איהרע אויגען האט זיך יעצט פאָרגעשטעלט דיא געפאהר וואס שוועבט איבער איהר.

סטעפאן איהר פערטרויטער פריינד אויף סעמיאן דורך וועלכען זיא האט אזעלכע מערדערייען אויסגעפיהרט, קענען דאָך ווירקליך יעצט אלעס ענטדעקען און דאן....

אלע גליעדער האבען אין איהר געשווידערט אלס זיא האט זיך דערמאהנט וואס דאן קען זיין.

וואס מעהר זיא האט פון דעם געגענשטאנד געטראכט, האט זיך איהר דיא געפאהר אלץ שרעקליכער פאָרגעשטעלט.

איהרע בליקען זיינען געפאלען אויף דעם קאָנווערט וואס איז אויף דעם טיש

נעלעגען אך זיא האט דערקענט אז דער קאָנוועֹרט איז שוין איין מאל געעפענט געוואָרען.

שנעל האט זיא איהם א חאפ געטהאן און האט איהם בעטראכט פון אלע זייטען. ווירקליך! פון איין זייט איז ער געעפענט געווארען און איז מיט אנדערע קליי פערקלעבט געוואָרען.

— יעזוס! — האט זיא ערציטערט אויסגערופען — ווער האט דאס דיעזען בריעף געקענט עפענען.

נור פיעללייכט איז דאס געוועזן אזא קאנווערט — האט זיא זיך פרובירט בערוהיגען — דער פאטער איז דאך מיר שוין לאנג בעקאנט פאר אן אונפאָרזיכטיגען אידיאָט. עס איז געלעגען א קאָנווערט אויף דעם טיש האט ער זיך גאר דיא מיה ניט געוואָלט געבען איהם צו בעטראכטען און האט אין איהם דעם בריעף אריינגעלייגט.

אבער פיעללייכט האט איהם יעמאנד פאָרט געעפענט און געלעזען, האט זיא ניטטערענד ביי אלע גליעדער געזאגט.

נור ניין! — האט זיא נאך א לאנגעס נאכדענקען אליין געענטפערט — ווען עמאנד זאל יא געווען לעזען דיעזען שרעקליכען בריעף וואלט ער איהם שוין צו מיר נים אבגעשיקט. ער וואָלט איהם ענטוועדער צוגעשטעלט אין דער פאָליציי, אדער ער וואלט דורך איהם פון מיר און פון מיין פאטער געלד געקוועטשט. איך דארף גאר ניט פירכטען, קיינער האט דיעזען בריעף געלעזען. דאס איז טאקע געוועזן פון אנפאנג אן אזא קאָנווערט.

אבער פאהרען נאך דאנילאווקא מוז איך — האט זיא זיך געקלערט. ווער ווייס וואס פאר א חתונה דאָרט קען זיך אבשפּיעלען, ווען איך וועל ניט פערהיטען דאס אונגליק וואס סטעפאן מיט סעמיאנען קענען אויף מיר ברענגען.

נאך אין דעמזעלבען טאג איז זיא אוועקגעפאהרען נאך דאנילאווקא.

## 271טעס קאפיטעל.

# אַ שרעקליכע נאַכריכט.

ווער קען נאך אזוי געניסען דעם גוטען געשמאק פון דער פרייהייט וויא דער מענש וואס איז בעפרייט געווארען פון א פינסטערען געפענגניס פון וועלכען ער האט שוין ניט געהאָפט לעבעדיג ארויסצוגעהן. דיעזער גליקליכער זעהט דיא וועלט אין איהרע נאטירליכע שעהנע פארבען.

דאס אלטעגליכע לעבען וועלכע פאלט זעהר אָפט צו לאסט אויף דיא פרייע מענשען, דיעזעס לעבען ערשיינט פאר יענעם בעפרייטען ארעסטאנט וויא א הימלישעס לעבען. ער פיהלט אונאויסשרייבליכע פערגניגען אויף שריט און טריט. דער איין געדאנק, אז ער איז פריי און ער קען אונגעהינדערט זיך ערווארמען אן דיא ערקוויקענדע שטראהלען פון דער זוהן, דער איין געדאנק מאכט איהם גליקליך גאר אהן א-שיעור.

אזא גליקליכער מענש איז יעצט געוועזן יאקאב פיין, וועלכער איז וויא דורך א נס פון געפענגניס בעפרייט געווארען.

דיעזער יונגער מאַן וואס איז זא אונשולדיג פערהאפטעט געוואָרען, און אלע גרויסע מאסקווא׳ער קאַצאַפּעס האבען זיך מיט אלע קרעפטען גענומען איהם מיט געוואַלד פאר א מערדער צו מאַכען אום ער זאל אין טיעפסטען אבגרונד שטירצען. דיעזער בעפרייטער ארעסטאנט האט גאר זיך זעלבסט ניט געגלויבט, אז ער איז פריי און ער זיצט צוזאמען מיט זיין ליעבען פאטער אין א גרויס ליכטיגען צימער און פאר דער טהיר געהט ניט קיין בעוואפענטער סאלדאט איהם צו היטען, ער זאל ניט אנטלויפען און זאל קיין זעלבסטמארד בעגעהן.

דעם ערשטען טאג האט ער זיך פון זיין פאטער אויף איין מינוט ניט געקענט אפרייסען,ביידע האבען געהאט נענוג איינער דעם צווייטען וואס צו דערצעהלען.

בעזאנדערס האט יאקאב׳ן איבערראשט דיא נייעס וואס זיין פאטער האט איהם דערצעהלט וועגען זיין עלטערן ברודער. אז ער איז געוועזן א רייכער גראף און איז ניט לאנג געשטאָרבען אין געפענגניס.

דיא געשיכטע האט אין יאקאב׳ס אויערן געקלונגען וויא א מערכען (א זאגע), ער האט דעם פאטער ערשטוינט אנגעקוקט וויא ער זאל זיך וועלען ריכטיג איבערציינגען צו דערצעהלט ער דאס אין ערנסט אדער אין שפאס. אלס ער האט זיך אבער איבערציינט אז דאס איז א וואהרע געשיכטע איז ער אויסער זיך געווארען און האט געוואָלט אלעס גרינדליך ערפאהרען וואס מיט זיין אונגליקליכען ברודער האט פאסירט.

— ווייסט דוא ניט פאטער דיא אורזאכע ווארום ער איז געזעסען אין געפענגניס? — האט יאקאב געפרעגט.

— דאס ווייס איך ניט.

— און דיך האט גאר ניט אינטערעסירט דאס צו ערפאהרען?

— איך וועל דיר זאגען דיא וואהרהייט אז וויא באלד איך האב דערהערט דאס מיין זוהן איז שוין אויף דער וועלט ניטא, האב איך שוין פערלארען דעם חשק צו נאכפארשען וועגען איהם.

— און מיך אינטערעסירט דאס זעהר. זאג מיר נור פאטער ווער האט דיר געזאגט אז ער איז געשטארבען?

— איך האב דאס געהערט פון גרינזאנגס מויל.

— ווייס גרינזאנג אז ער איז געוועזן דיינער א זוהן?

— ניין, ער ווייס ניט.

— אויב אזוי האסט דוא דאך אלס זייטינער מענש איהם געקענט פערנאנדער פרעגען אלעס וואס עס אנבעלאנגט מיין ברודער, ער וואָלט גאר ניט געוואוסט ווארום דוא פרעגסט דאס און ער וואלט דיר געוויס אלעס דייטליך ערקלערט.

— איך האב דאך דיר געזאגט אז מיר איז שוין אין זינען ניט געלעגען ווייטערע נאכפארשונגען צו מאכען וועגען איהם. אויסער דעם בין איך מיט גרינזאנגען ניט אזוי שטארק בעפריינדעט, איך זאל איהם קענען בעלעסטיגען מיט פיעלע פראגען. איך בין ביי איהם געוועזן נור דורך א צופאל איך האב איהם געבעטען ער זאל א טובה טהאן היראנים ראַזענדופט.

— א טובה טהאן היראנים ראזענדופט? — האט יאקאב ערשטווינט נע. פרענט — וואס פאר א טובה האט מען דען דיעזען רייכען גליקליכען מענשען בעדארפט טהאן?

— רייכען גליקליכען מענשען? — האט שלמה געלאכט — וויא איך הער ווייסט דא נאך גאר ניט וואס פון דיעזען רייכען מאן איז געוואָרען.

— וואס איז פון איהם געווארען?

— דיעזער היראנים איז שוין ניט רייך און גליקליך. ער איז ארים און דער אונגליקליכסטער אין דער וועלט.

— דוא מיינסט דאס ערנסט, פאטער?

— דאס איז ריכטיג מיין זוהן וויא איך זאג דיר.

— היראנים ראזענדופט איז ארים?

— נאך וויא ארים, אז ער וואינט אין אין שכנות ביי גרינזאנגס א דיענער.

— איך קען דאס גאר ניט פערשטעהן, אין אזא קורצער צייט זאל אזא גביר אזוי ארים ווערען. וויא איז דאס מעגליך?

— דוא זעהסט דאך, אז קיין אונמעגליכעס איז אין דער וועלט ניטא.

— פון וואנען האט זיך צו איהם גענומען אזא ארמוטה?

— לויט איך האב געהערט, האט ער זיין געלד אריינגעשפארט צו קריסטען אין דיא הענד און דיא האבען דאס געהאלטען פאר א מצוה א זשידאָק צו בערויבען.

— אזוי? נו און וואס זאגט יעצט דיא שטאָלצע ליענאטשקא וואס האט גאר אויף א אידיש פנים ניט געוואָלט א קוק טהאן.

— ווער איז דיא ליענאָטשקא? וועמען מיינסט דוא?

— איך מיין היראנים'ס טאָכטער.

— וועגען איהר פרעג גאר נים.

— ווארום?

— עס איז גאר א שאנדע צו דערצעהלען וואס פון איהר איז געווארען, און אין וואס פאר א לאגע זיא געפינט זיך יעצט — האט שלמה געענטפערט — זיא האט געוואלט נור הייראטהען א קריסטליכען גראף, און דער גראף וועלכען זיא האט אויסגעקליעבען האט ביי איהר דיא עהרע בערויבט, און פון איהר פאטער פיעל געלד צוגענומען. יעצט ליגט זיא קראנק דורך א פריה-געבורט....

— מיין גאָט! — האט יאקאָב ערציטערט אויסגערופען. אין דער קורצען צייט וואס איך בין אין געפענגניס געזעסען האבען זיך דאך גאנצע וועלטען איבער-געקעהרט. איך מוז דיר זאָגען פאטער אז זיא וויא אויך איהרע עלטערן האבען דיעזע שטראפע פערדיענט. דוא קענסט זיך גאר ניט פאָרשטעלען וויא גע-האסט זיי האבען דיא אידען.

— איך וויים שוין פון אלץ. נור איך גלויב אז ער האט פאר זיינע זינד א צו גרויסע שטראפע ערהאלטען, דארום האב איך מיך ניט געקענט איינהאלטען, אלס זיין אלטער גוטער פריינד, איהם קיין טובה צו טהאן. איך בין אריינגענאנגען צו גרינזאנגען, דער איינציגער איד וואס האט א ווערטה ביי דעו הינער רעגיערונג,

און האב איהם נעבעטען ער זאל בעקומען פאר היראנים'ן אן ערלויבנים ער זאל מעגען דא וואוינען.

— טאָהר ער דען דא ניט וואוינען? ער איז דאך א קויפמאן פון דער ערשטער גילדע?

— ווייסט דוא דען ניט אז דאָרט וואו עס אנבעלאנגט א יודען קוקען דיא בעאמטע ניט אויף דעם זאקאָן, דער גובערנאטאר אליין האט א בעפעהל געגעבען מען זאל היראנים'ען פון מאסקווא ארויסטרייבען. ווען ער זאל זיך ניט געווען בע־האלטען ביי א בעקאנטען אידעל, וואָלט מען איהם פון דאנען ארויסגעשיקט וויא אן איינפאכען פערברעכער.

— דאס איז מערקווירדיג און אונגלויבליך — האט יאזעף אויסגערופען — ער זאל האבען אזא מפלה וואלט איך קיין מאל ערווארטעט.

— פלעגסט דוא א מאל אריינקומען צו איהם בעפאָר דאס אונגליק האט דיך געטראָפען?

— יא, איך בין ביי איהם אין הויז איינינע מאל געוועזן. איך מוז דיר זאגאר געשטעהן אז איך האב צו דער ליענאטשקא'ן א שטארקע נייגונג געהאט, דיא ער־אינערונגען אן אונזערע קינדערשע יאהרען האבען מיך צו איהר שטארק צוגעבונדען, אבער זיא האט מיך זא ניעדערטרעכטיג בעהאנדעלט, דאס איך האב מיר א וואָרט געגעבען, איך זאל צו זיי אין הויז ניט מעהר געהן.

— וואס האט זיא צו דיר געהאט?

— איהר האט פערדראָסען וואס איך האב צו איהר צו פיעל פריינדשאפט געוויעזען. זיא האט נור געוואָלט קריסטליכע פריינדע האבען אבער קיינע אידישע.

— אזוי ווייט איז זיא שוין געווען פערקראָכען?

— יא, איך האב אנפאנגס שמערצען געהאט פון איהר שלעכטער בעהאנד־לונג, אבער נאכהער האב איך מיך בערעכענט אז זיא האט גאר ניט דיא ווערטה מען זאל אויף איהר פערדרוס האבען און איך האב מיר אויסגעזוכט אנדערע הייזער וואוהין אריינצוגעהן. איך בין בעקאנט געווארען מיט א געוויסען באנקיר ראָטהבלום און האב אין זיין הויז דיא פריינדליכע אויפנאהמע געהאט. דיעזער ראָטהבלום האט א טאכטער וואס איך האב נאך אין מיין לעבען אזא זעלטענהייט ניט געזעהן, דאס פריילייִן האט מיר אימער שוועסטערליכע צערטליכקייט געוויעזען.

— איך האב געהערט אז זיא איז ווירקליך א זעלטענהייט — האט שלמה געענטפערט.

— פון וועמען האָסט דוא דאס געהערט?

— מיר שיינט אז מאָררים וואהרהאפטיג האט מיר פון איהר זעהר פיעל נוטעס דערצעהלט.

— יא, מאָריס וואהרהאפטיג איז טאקע אן איינגעהער דאָרט אין הויז, איך האב גאר פערגעסען איהם צו פרעגען וואס זיא מאכט.

— דוא וועסט איהם נאך פרעגען, ער וועט מאָרגען געוויס זיין ביי אונז.

און יאקאב פיין האט יעצט מיט דער גערסטער אונגעדולד אנגעהויבען צו

ערוואַרטען מאָררים וואָהרהאַפּטינגען אום פון איהם עטוואס צו הערען וועגען רעבעקאַ'ן.

ער האט שטאַרק געוואָלט וויסען וואס דענקט יעצט רעבעקאַ פון איהם, צו איז שוין פון איהר הערצען יעדער פערדאַכט פערשוואונדען געוואָרען, אדער זיא צווייפעלט נאָך אין זיין אָרדענטליכקייט.

ער האט אפילו נים פערגעסען וואס מאָררים האט איהם געזאגט, נאך דאָן, ווען ער איז אין געפענגניס געזעסען, אז רעבעקאַ גלויבט ניט אז ער איז א מערדער. דאַן האט ער זיך איינגעבילדעט, אז ענטוועדער מאָררים האט איהם גענאַררט, אדער זיא האט זיך נור אזוי אויסגעדריקט פאר מאָררים'ן אז זיא גלויבט אויף איהם נים אזעלכע זאַכען, דען וויא איז דאס מעגליך זיא זאל ניט גלויבען אזא זאַך וואס ביי קיינעם וואר קיין צווייפעל אז ער האט ווירקליך א מאָרד בעגאַנגען.

ער האט דיא גאַנצע נאַכט נור געקלערט וועגען רעבעקאַ'ן, ער האט זיך ניט געקענט בעשליסען צו ער זאל אריינגעהן מאָרגען צו איהר אדער נים. פיעללייכט וועט איהר זיין בעזוך אונאַנגענעהם זיין. דען וועך וויל זיך דאס בעגעגנען מיט א בעפרייטען אַרעסטאַנט וועלכער וואר בעשולדיגט אין א מאָרדטהאַט.

— איך מוז פריהר הערען פון מאָררים'ן וואס פאר א מיינונג זיא האט יעצט פון מיר — האט ער צו זיך זעלבסט געזאגט — ווען ער וועט מיר פערזיכערען אז זיא צווייפעלט נים אין מיין אונשולדינקייט, ערשט דאַן וועל איך צו איהר אריינגעהן.

ער האט זיך זעהר דערפרעהט אלס אויף מאָרגען אום צעהן אוהר פאר האַלבען טאָג איז מאָררים צו איהם געקומען.

— נו, ליעבער פריינד, וואס מאַכט איהר ? — האט מאָררים פריינדליך גע־פרעגט דריקענד יאקאָב'ס האַנד — האט איהר חאָטש דיעזע נאַכט גוט געשלאָפען ?

— נים זעהר גום, אבער מיר איז געווען פיעל אַנגענעהמער צו שלאפען אין דיעזען צימער אלס דאָרט אין קערקער.

— דערפאַר האב איך דיא פערגאַנגענע נאַכט ניט געשלאפען, האט מאָררים געזאגט.

— וואָרום ?

— איך בין געוועזן אויף א שמחה וועלכע האט מיר פערשאַפט פיעל קומער— האט וואָהרהאַפטיג געענטפערט.

— א שמחה האט אייך פערשאַפט קומער ? — האט פיין ערשטוינט גע־פרעגט.

— יא, איך וואר אויף א תנאים ביי איינער פון אייערע בעקאַנטע, און דאָרט האבען אלע געסען אנשטאַט פערגניגען נור שמערצען געהאַט, דען דיא כלה איז פּלוצלינג אין אָהנמאַכט געפאַלען און עס האט דיא ערצטע וועלכע מען האט גע־בראַכט פיעל געזונד געקאָסט ביז מען האט זיא אויפגעמונטערט.

— ווער איז דאס דיא כלה, וואס לויט איהר זאגט איז זיא מיינע א בעקאַנטע ?

— זיא איז דעם באַנקיר ראָטהבלום'ס טאָכטער.

— ווער ? רעבעקאַ ? — האט יאקאָב ערציטערט אויסגערופען מיט אזא טאָן

דאס מאררים האט זיך ערשראָקען, און האט געפרעגט וואס איז מיט אייך הערר פיין, ווארום זייט איהר זא איבערראשט געוואָרען.

— רעבעקא איז א כלה געוואָרען? — האט יאקאב וויא פון היץ געפרעגט.

— נו יא. וואס־זשע וואונדערט איהר זיך אזוי?

— יאקאב האט ניט געקענט ענטפערן. דיא נאכריכט האט וויא אן עלעק־טרישער שלאג איהם געטראפען און האט מיט איין מאל אלע זיינע האָפנונגען גערויבט און דיא צוקונפט שרעקליך פינסטער געמאכט.

272טעס קאפיטעל.

## יאנעק אין דאנילאָווקאַ.

א פוהר געשפאנט צו איין פערד איז ארייננעפאהרען אין דעם דאָרף דא־נילאָווקא, זיא איז צונעפאהרען צו דער הייזעל פון מאריאנא דער מומחה׳טע און האט זיך דארט אָפגעשטעלט.

וויא עס איז בעקאנט זיינען אין דיא רוסישע דערפער קיינע ערצטע פאָר־האנדען. אלע קראנקהייטען ווערען געהיילט פון אלטע באבעס און אלטע מוזשיקעס.

דיא קונסט פון דיא ערצטע בעשטעהן אין רעצעפּטען וואס זיי פערפערטיגען פון פערשיעדענע גראזען וויא אויך אין אָבשפרעכען.

דיא סטאטיסטיק האט אונז שוין לאנג געוויעזען אז דאָרט וואו קיין ערצטע זיינען פאָרהאנדען קומען שטערבע פעלע פיעל ווייניגער פאָר, אלס דאָרט וואו עס וואוינען עסקולאפּען (דאקטורים). וויא עס שיינט איז דיא נאטור אליין דער בעסטער ארצט. נור אזוי וויא דיא מענשען זיינען בעשטענדיג געוואוינט צו גלויבען אין איבערנאטירליכע קרעפטע וואס ברענגען אלע אונגליקען און אלע קראנקהייטען אויף דער וועלט, זוכען זיי מיטלען דיא קראפט פון דיא „ניט גוטע" אבצושוואכען. בעפאָר דיא מעדיצינישע קונסט איז ענטוויקעלט געווארען, האבען זיך אין דער וועלט געפונען טויזענדער נביאים און נביאות, מכשפים און מכשפות, וויא אויך שטערנ־זעהר וואס האבען געהיילט אלע קרענקען דורך זייערע סגולות, און דיא מענשען האבען געגלויבט אז דיעזע אלע רופאים זיינען געטליכע מענשען. דיא מע־דיצין האט דיא אלע געטליכע מענשען פעריאָגט און האט זייערע שטעלען פער־טראָטען. דיא פראקטיק האט נאכהער פאקטיש בעוויעזען אז דורך דיא אויס־שטודירטע ערצטע שטערבען צעהן מאל אזוי פיעל קראנקע אלס דיא פאציענטען וואס זיינען געשטאָרבען דורך דעם הומבאָג פון דיא מכשפים און שטערנזעהער. ווייל דיא זאָגנאנטע מכשפים און שטערנזעהער האבען זייערע קראנקע קיינע שעדליכע מעדיקאמענטע איינגעגעבען זיי האבען נור געהיילט דורך פוסטע ווערטער און דיא קראנקע זיינען געזונד געווארען פון דער איינפאכער נאטור.

אין דיא רוסישע דערפער וויים מען נאך ביז היינטיגען טאג ניט פון דאקטורים. דיא דאָרפס בעוואוינער האבען זיך וויא מיר האבען דערמאהנט זייערע באבעס וואס היילען זיי פון אלע קראנקהייטען דורך אבשפרעכען און אונשעדליכע גראזען, דארום איז קיין וואונדער וואס דאָרט ערציהען זיך דיא מענשען אין דער בעסטער יעזונדהייט און דיא קראנקע ווערען שנעל געזונד.

אבער די מושיקעס גלויבען ניט אין דער קונסט פון דער איינפאכער נאטור, זיי גלויבען אז פאר דער שנעלער גענעזונג פון זייערע קראנקע האבען זיי צו דאנקען זייערע באבעס, דארום געפינען זיך צווישען זיי פיעלע באבעס וואס האבען א נאמען אלס גרויסע מומחה׳טעס.

אויך די אלטע מאריאנא, האט אין דאנילאווקא געהאט א גרויסען נאמען אלס מומחה׳טע. קוים האט זיך ביי איינעם פון די בעוואוינער געמאכט א קראנקער איז מען באלד געלאפען צו איהר און יעדער פאציענט איז געווען זיכער אז דורך דיעזער מומחה׳טע וועט ער געוויס געהיילט ווערען.

אין דארף האט מען פון איהר דערציעהלט גאנצע נסים. מען האט געזאגט, אז ביי דעם אלטען גראף דאנילאוו אין הויז איז זיא געווען א גאנצע מאכערקע, אהן איהר האט מען זיך דארט קיין ריהר געטהאן, און ווען ביי׳ם גראף אין הויז איז יעמאנד קראנק געווארען האט מען קיין דאקטאר גערופען, זאנדערן מאריאנען און זיא האט אימער אלע מיטגליעדער פון דעם גראף׳ס פאמיליע פון די שווערסטע קראנקהייטען אויסגעהיילט. אויך האט מען דערציעהלט אז זיא בעזיצט אלע צויבער-מיטעלן וויא אזוי שלעכטע גייסטער ארויסצוטרייבען פון הייזער און פון מענשליכע קערפער, אלע מושיקעס און מושיצקעס האבען פאר איהר גרויס רעספעקט געהאט און אין ליידען וויא אין פריידען איז מאריאנא די מומחה׳טע אדער די זנאכערקע ביי זיי געווען די גאנצע מאטושקא.

די פוהר האט זיך אבגעשטעלט נעבען איהר הויז אין וועלכער זיא אליין האט געוואוינט. דאס איז געווען א קליין שטיבעל ניבער עהנליך צו א שטרייענער ביידעל. די קליינע ווענד וועלכע ווארען זאָ צופוילט דאס פון זיי האבען אלע פרויען גענומען צעררייבענעם פולווער אום צו בעשיטען די וואונדען פון זייערע קליינע קינדער. די שטרוי וואס האט דעם דאך בעדעקט איז געווען שווארץ און האלב אפגענעסען פון די דארפס בהומות. אין שטיבעל איז פאר א שטאדטדינגען מענשען געווען א שרעק אריינצוגעהן, דען קיין קוימען איז צו דעם הייזעל נים געווען און ווען מען האט איינגעהייצט אין אויווען איז דער רויך ארויסגעגאנגען דורך דער טהיר און האט אין איין גאנג אבגעפארבט די אלטע ווענד מיט אזא שווארצער פארב, דאס עס האט אויסגעזעהן וויא אויסגעשמירט מיט פעך, און גרויסע קאקארוטשעס האבען איבער זיי ארומשפאציערט וויא איבער א גן־עדן.

אין שטוב האט מען ניט געזעהן קיין טיש און קיין ביינקלאך, אויסער איין גרויסע ברעט אנגעשפארט אויף צוויי קלעצלאך, די ברעט האט געדיענט אלס טיש, אלס בעט און אלס שטוהל, אויך אלס שטאל פאר חזירים, געגז היהנער און קאטשקעס וואס האבען זיך אונטער איהר פעראייניגט.

פון דער פוהר איז ארונטער געגאנגען אונזער יאקאב קאבאנאוו. און איז אריינגעגאנגען דורך דער אָפענער טהיר פון וועלכער עס האט זיך א געדיכטער רויך ארויסגעשפארט.

פאר דעם ברעגענדען אויווען איז געזעסען די אלטע מאריאנא און האט גע-קוקט אויף א טעפעל וואס איז געשטאנען אין פייער און האט געזאָדען. זיא איז

נעוועזן א פערטיעפט אין געדאנקען דאס זיא האט ניט געהערט, וויא דיא טהיר האט זיך געעפענט און דער גאסט איז אריינגעקומען.

— גאָט העלף שוויעגער! — האט יאניק געזאגט אריינקומענד אין דער חורבה.

— יעזוס מאריא! יאנעק דוא ביסט דאס? — האט דיא אלטע איבעראשט א געשריי געטהאן אלס זיא האט דעם שוויעגערזאהן דערזעהן — וועלכער גוטער ווינד האט דיך אהער געבראכט? וואס מאכט פיאדאסיא?

— זיא איז גאָט זיי דאנק געזונד און געריסט אייך זעהר הערצליך. וואס מאכט איהר שוויענער?

— איך בין אויך גאָט זיי דאנק געזונד.

— וויא-זשע קומסט דוא אהער?

— איך בין צו אייך געקומען וועגען זעהר א וויכטיגער זאך שוויענער.

— וואס איז דאס פאר א וויכטיגע זאך?

— מיר האבען דיא געלעגענהייט יעצט א סך טויזענדער צו פערדיענען.

— א סך טויזענדער? — האט מאריאנא אויסגערופען און איהרע אויגען האבען אנגעהויבען צו פינקעלן וויא ביי א קאץ.

— יא, שווינער, מיר קענען טויזענד רובעל פערדינען.

— וויא אזוי? דוא האסט עפעס א קראנקע פרינצעסין, וואס אין איהר שטעקט א גלגול?

— ניין, שווינער, אזא פרינצעסין האב איך ניט.

— פון וואנען דען וועסט דוא נעהמען טויזענדער רובעל?

— איך וועל דאס אייך ערקלערען, אבער מיר טהוען וועה דיא פיס. וואו זעצט מען זיך דא אניעדער?

— זעץ זיך דא, מיין קינד, אויף דיעזער באנק.

— דא איז דאָך אזוי שמוציג און אייערע חזירים׳ליך טאנצען אזוי לוסטיג דא ארום?

— עס מאכט ניט אוים. דוא האסט דאך א סימן אז איך שלאף דאָ, מסתמא איז דא ניט אזוי שמוציג.

ער האט קיין אנדער פלאץ געפונען וואו זיך זעצען און האט געמוזט דעם פלאץ פערנעהמען.

— נו, דערצעהל מיר שוין וואו וועלען מיר נעהמען אזוי פיעל טויזענדער?

— איהר געדיינקט, שוויעגער, דיא געשיכטע מיט דעם גראף דאנילאָוו?

— וועלכע געשיכטע?

— וואס? איהר האט פערגעסען אז איהר אליין האט איהם אבגע׳גנב׳עט פון זיינע עלטערען און האט איהם איבערגעגעבען דעם אלטען גראף?

— אזוי? דיא געשיכטע מיינסט דוא? איך געדענק זיא זעהר גוט. נור אַנט-געגען וואס זאגסט דוא דאס?

— איך האב צופעלינגער-ווייזע ערפאהרען, ווער אנטאן׳ס עלטערען זיינען.

— דוא האסט דאס ערשט ערפאהרען? — האט דיא אלטע געלאכט — איך וויים דאס שוין פון לאנג, אז זיי זיינען זשידעס.

— דאס וויים איך אויך שוין פון לאנג, אבער האט איהר געוואוסט, וואו זיי זיינען היינט?

— ניין, דאס וויים איך נים.

— דערפאר וויים איך דאָס.

— וואו זיינען זיי?

— זיין פאטער איז יעצט אין מאָסקווא. ער וואוינט מיט זיין פאמיליע אין ארעס, ער איז נאך הייטע אויך א זשיד.

— נו, וואס־זשע ווילסט דוא?

— פערשטעהט איהר דען נים וואס איך מיין?

— ניין, איך פערשטע נים.

— איהר פערשטעהט נים, אז ווען מען זאָל ארייננעהן צום גראף און איהם דערצעהלען אז ער איז א אידיש קינד און אויב ער וועט אונז קיין סך געלד געבען, וועלען מיר זיין יחוס אויסזאגען, גלויב איך, אז ער וועט קיין צוויי ווערטער איבער־ריידען און וועט אונז געבען וויפיעל געלד מיר וועלען פערלאַנגען.

— וואס פלוידערסט דוא, יאניק? — האט דיא אלטע ערשטוינט געזאגט — וועגען וועלכען גראף רעדסט דוא?

— וואס הייסט, וועגען וועלכען גראף? איך מיין דעם גראף אנטאן דאנילאָוו.

— ביסט דוא פעררינקט? ווייסט דוא דען נים, אז דער גראף אנטאָן איז שוין טוים?

— הא? — וואס האט איהר געזאגט? — האט קאבאנאוו ערשראָקען גע־פרעגט — דער גראף אנטאן איז טוים?

— עס פערשטעהט זיך, אז ער איז טוים.

— ווען איז ער געשטאָרבען?

— נאך מיט צוויי וואָכען צוריק. ביי אייך אין מאָסקווא האט מען נאר נים געהערט פון דעם?

— ניין. איך הער דאס ערשט.

— וויים מען נאר נים אין מאָסקווא, אז אנטאן האט זיין ווייב געשאָסען און מען האט איהם דערפאר אין אסטראג ארייננעזעצט און דאָרט איז ער געשטארבען?

— וואס רעדט איהר, שוויגער? אנטאן האט זיין ווייב געשאָסען?

— עפעס רעדסט דוא וויא דוא זאלסט וואוינען אין א דאָרף? מיר שיינט, אז מיט דער מעשה קלינגט שוין דיא גאנצע וועלט

— איך האב דערפון נים געהערט.

— נו, זאלסט דוא־זשע דאס וויסען.

יאניק'ן איז אזוי ביטער געווארען, אז ער האט נאר נים געוואוסט וואס צו ריידען. איהם האט ווענין אינטערעסירט וואס דער גראף האט ערשאָסען זיין ווייב, אבער דאס וואס דער גראף איז געשטארבען, דאס האט איהם געקריינקט ביז אין

טויט. עפעס א קליינינקייט וואס פאר א שאדען ער האט דא נעהאט! ערשטענס, האט איהם נעקאָסט א גאנצער רובעל פוהר־געלד אהער; צווייטענס, האט ער זיך אין דער פאנטאזיע פראכטפאָלע לופט־שלעסער געבויט. ער האט שוין אין מאָסקווא אויף א גרויס הויז אן אויג געוואָרפען און ער האט ביי זיך פעסט בעשלאסען ער זאל זיא אבקויפען, און פלוצלינג אַט האָסט דוא דיר, פון אלע פאנטאזיען איז געווארען א הויפען אַש.

— אזוי? — ער איז געשטארבען? — האט ער וויא צו זיך אליין גערעדט — א שאדען, א גרויסער שאדען.

— פאר וואס ביסט דוא אויף דעם שכל פריהער ניט געפאלען, יאניק? — האט איהם דיא אלטע גע׳מוסר׳ט. מען האט טאקע געקענט ביי׳ם גראף א סך געלד נעהמען. ביי מיר ליעגט דאָך נאך דער בריעף וואס דער אלטער גראף האט געשריעבען צו זיין ווייב אלס ער האט איהר דאָס קינד דורך מיר אבגעשיקט אין דיא בעדער. דער בריעף וואָלט דאָך דיימליך געציינט, אז דוא זאגסט אמת.

— טפוי! — האט יאניק צאָרניג אויסגערויפען און האט א גרויסען שפיי געטהאן — איך בין אויף זיך אליין אין כעס דערפאר וואס מיר איז אזא זאך ניט איינגעפאלען. איך שעם מיך אויסצוזאגען, איך האב נאך פיעל געלד אנגעוואָרען.

— וואס נאך פאר געלד?

— איך האב געקענט ביי זיין פאטער נעהמען היבש געלד, דען ער וויל זעהר וויסען וואו זיין קינד איז אהינגעקומען. ער וואָלט דערפאר געוויס געגעבען וועניגסטענס טויזענד רובעל.

— נו, פארוואָס־זשע האסט דוא דאס ניט גענומען?

— ווייל איך האב געציטערט, פיעללייכט וועט ער נאכדעם אז ער וועט ערפאהרען אז דער גראף אנטאן איז זיין זאהן, אליין צו איהם פליהען און וועט איהם אלעס דערצעהלען. ווען איך זאל אבער געוועז וויסען אז ער איז טויט, וואָלט איך איהם געוויס אויסגעזאגט.

— נו, און יעצט איז שוין פערפאלען?

— איך וויים ניט.

— וואס הייסט דוא ווייסט ניט? ווארום ווייסט דוא דאס ניט?

— ווייל מיר שיינט, אז איך האב מיך וועגען דעם שוין אויסגעפלוידערט פאר א מענשען און יענער האט איהם פיעללייכט שוין אלעס דערצעהלט.

— דיר שיינט? געדיינקסט דוא אליין ניט וואס דוא האָסט געזאגט?

— איך געדיינק ניט ריכטיג, מיר שיינט נור אזוי. עס קען זיין, אז איך האב איהם נאר ניט געזאגט.

— נו, קענסט דוא דאָך דאס נאך יעצט אויך פערהאפען?

— איך וועל מיך פרובירען, גיט מיר נור אהער יענעם בריעף.

— וועלכען בריעף מיינסט דוא?

— דעם גראפס בריעף וואס איז ביי אייך פערבליעבען.

— וואָצו דארפסט דוא איהם?

— איך וועל דאך דעם אידען מוזען איבערציינגען אז איך זאג איהם קיין לינגען ניט, און דער בריעף איז דער בעסטער בעוויז.

— איך קען דיר דעם בריעף געבען.

זיא איז אויפגעשטאנען פק״ם ארט, איז צוגעגאנגען צו אן אלטען קופערט וואס איז געשטאנען אין א ווינקעל, האט איהם אבגעשלאסען, האט דארט א לאנגע צייט געזוכט און פון אונטער דיא אלטע קליידער האט זיא ארויסגענומען א שטאטע, האט דיא שטאטע פארנאנדער גענומען, און האט פון איהר א פאפיר ארויסגענומען.

— דאס איז דער בריעף — האט זיא געזאגט איבערגעבענד דעם פאפיר איהר איידים.

יאניק האט דעם פאפיר צוגענומען, האט איהם געעפענט און האט איהם מיט דיא בליקען דורכגעקוקט.

— לייען הויך, יאניק — האט דיא אלטע געזאגט — איך וויל אויך הערען וואס אין דעם בריעף שטעהט.

— איהר ווייסט דאך שוין ?

— איך האב שוין אבער פערגעסען. דאס איז שוין א מעשה פון איבער צוואנציג יאהר אז דער אלטער גראף האט איהם געשריעבען.

— איך קען אייך צוליעב טהאן און איבערלעזען.

ער האט א הוסט געטהאן און האט געלעזען פאלגענדע ווערטער:

„ליעבע טהייערע אידא!

„איך שיק דיר דורך מאריאנא׳ן א טהייערען פרעזענט, א שעהן אידיש קינד, וויא דוא האסט פערלאנגט. ער זאל פון היינט אן און ווייטער א קריסטליך קינד ווערען, זיין נאמען זאל זיין אנטאן דאנילאוו....

„דוא פערשטעהסט, מיין לעבען, וואס איך וויל? איך פערלאנג אז דאס אידישע קינד זאל ווערען א קריסטליכעס, מיר וועלען זיינע טויף־פעטער זיין. אלזא וועלען מיר דאך הייסען זיינע עלטערן און ער וועט הייסען אונזער זאהן און אלס אונזער זאהן זאלען מיר איהם אימער בעטראכטען.

„דוא זאלסט ניט פערגעסען, אז ער וועט ווירקליך אונזער זאהן זיין, דען מיר וועלען פון איהם דיא העסליכע זשידאווסקע זעעלע ארויסיאגען און אנשטאט איהר אין איהם אריינגעבען א ריינע כשר׳ע נשמה פון א קריסט, דאמיט מאכען מיר איהם פאר אונזער קינד און פאר אונזער פלייש און בלוט.

„ער זאל אונזער קינד, אונזער זאהן און אונזער ערבע זיין. ער זאל טראגען אונזער נאמען און אונזער טיטול. קיינער דארף וויסען פון וואנען ער שטאמט. דיא איינציגע וואס וויים יא דערפון, מאריאנא, וועט פאר קיינעם דיא געהיימניס ענט־דעקען, ווייל זיא האט דארויף געשווארען ביי׳ם הייליגען קרייץ.

„אלזא, איך גראטולירע דיר, מיין לעבען, מיט אונזער ניי־געבארענעם זאהן, מיר וועלען געווים פון איהם פיעל פערגעניגען האבען.

„איך פערבלייב זיין פאטער און דיין געטרייער מאן, מארטין דאנילאוו.״

— זעהסט דוא, יאניק, וויא דער גראף מארטין האט מיך געהאלטען פאר אן עהו׳ליכע פרוי, דאס ער האט געגלויבט אז איך וועל פאר קיין פאל דיא געהיימנים אז אנדערן ענדעקען און איך האב דאס טאקע קיינעם ענדעקט. קיינער וויים ניט פון דער געשיכטע אויסער איך, דוא און פעאָדאָסיע. וואָס? דוא שטעהסט שוין אויף, דוא ווילסט שוין צוריקפאהרען?

— יא, שוויענער, איך מוז באלד צוריקפאָהרען.

— ווערסט דוא ביי מיר גאר ניט עפּעס עסען? איך קאָך יעצט בולבעס אין חזיר׳שע מילך, דוא וועסט זיך גאר דערקוויקען.

— ניין, שוויענער, איך מוז דיא מינוט פאהרען.

— נו. פאהר־זשע געזונד. גערים מיין פיאָדאָסיען און קוש אָן מיינע אייניקליך. יא, איך האב מיך דערמאָנט, דוא פאהרסט דאָך איבער אָרשא?

— יא, איך פאהר איבער אָרשא.

— זאָלסט דוא ניט פערגעסען דאָרט אריינגעהן אין אסטראָג.

— וואס? איך זאָל אריינגעהן אין אסטראג? — האט יאניק ערשטוינט גע־פרעגט — וואס זאל איך טהאן אין אסטראג?

— וואס? דוא ווייסט גאר ניט אז מיין זאָהן טיעכאָן זיצט שוין זייט דריי מאָנאַטען אין געפענגנים?

— ניין, איך וויים נאָר ניט, איך הער דאס ערשט. ווארום זיצט ער אין אסטראג?

— וואס קומט ארוים פון דיא רייד? ער איז קיין מאל קיין לייט געווען און היינט געוויס ניט. מיט דריי מאנאטען צוריק איז ער אין א שעהנעם זונטאג גע־זעסען ביי טראבים׳ן אין שענק און האט דאָרט געטרונקען. ער האט זיך שטארק אנגע׳שיכור׳ט און האט זיך אנגעהויבען צו קריעגען מיט טראבים׳ס וויב; א וואָרט פאר א וואָרט, ביז ער איז ארוים פון געדולד און האט איהר געגעבען א שטארקען וואָרף פון זיך, זיא איז געפאלען און האט מפּיל געווען. דערפאר האט מען איהם ארעסטירט און פעראורטהיילט אויף א גאנץ יאהר ארעסטאנסקע ראָטע. ער זיצט שוין דאָרט זייט דריי מאָנאַטען. דיא גאנצע צייט האב איך פון איהם קיין בריעף ניט געהאט. איך בין דאָך, וויא זאגט מען דאָס, פאָרט א מאמע, דאס הארץ רייסט מיר זעהר, איך וויל וויסען וואס ער מאכט. יעצט אז עס האט זיך אזא גע־לעגענהייט געמאכט וואס דוא וועסט זיין אין אָרשא, מוזט דוא אריינגעהן אין געפענגנים זעהן וואס ער מאכט און מיר באלד שרייבען. לאָמיך האָטש וויסען אז ער לעבט.

— פארוואס האט איהר מיר פון דעם גאר ניט געשריעבען?

— צוליעב וואס האב איך דיר דאס בעדארפפט שרייבען, דוא וואָלסט פון אזא נייעס נחת געהאט? איך האב טאקע ניט געוואלט דיך און פיאדאסיען שמערצען פערשאפען. זאגסט דוא מיר צו, מיין קינד, אז דוא וועסט בעזוכען טיעכאנען?

— יא, איך וועל געווים ביי איהם זיין און וועל אייך באלד שרייבען א בריעף וואס ער מאכט.

— לאננע יאהר זאָלסט דוא דערפאר האבען, פאהר געזונד און לעב גליקליך מיט מיין ליעבער פיאדאסיען.

ער איז אוועקגעפאָהרען און דיא אלטע האט איהם לאנג נאכגעקוקט.

## 273טעם קאפיטעל.

# אַ שווערער פאַנג.

סאָנקא איז געזעסען אין איהר פאטערס וואוינונג און האט גענעהט א קלייד. דערביי האט זיא צוגעזונגען א דאָרפישע לידעלע, וועלכע לויטעט אין אידיש וויא פאלגט:

אויף דיא גרינע פעלדער
אויף דיא געדיכטע וועלדער
זוך איך דיך מיין קרוין.
איך פרעג אלע בלומען,
ווען וועסט דוא שוין קומען
זעהן וויא איך וויין?
איך וועל נים אויפהערען
צו פערגיעסען טרעהרען,
וויל דוא ביסט נימאָ.
פערפינסטערט איז מיין וועלט
מיין זון איז מיר פערשטעלט,
כ'האב קיין פרייע שעה.
קום צו מיר מיין ליעבער,
פיהר מיך צו דיר איבער,
בעשטראהל מיך מיט דיין שיין.
קומסט דוא נים זאָ גיך,
טרעפסטו שוין נים מיך,
אין קבר וועל איך זיין!

טרערען האבען זיך געגאָסען פון איהרע שעהנע אויגען און האבען פייכט געמאכט דעם ארבעל וואס זיא האט גענעהט.

— סאָנקא, דער פריץ איז געקומען — האט איהר קליינער ברודער אויסגע־שריען אריינלויפענד פערסאָפעט אין דעם צימער וואו זיא איז געזעסען.

— וועלכער פריץ? — האט סאנקא געפרעגט אויסווישענדיג דיא אויגען.

— דער פריץ, דוא קענסט איהם דען נים? שא! אָט איז ער.

דיא טהיר האט זיך געעפענט און סאָנקא האט דערזעהן פעדערבליץ'ן.

— גאט העלף, מיין שעהנעס פרייליין! האט פעדערבליץ זעהר פריינדליך געזאגט זיך העפליך פערנייגענד — איהר זייט דא גאנץ אליין?

— איהר זעהט דאך, אז איך בין דא אליין ? — האט סאָנקא קאַלט גענענט־פערט.

— איהר זייט יעצט בעשעפטיגט ?

— יא.

— וואס נעהט איהר דאס ?

— א קלייד — האט סאנקא געענטפערט און האט ווייטער גענעהט.

— א קלייד ? — האט דער פראנטישער פעדערבליץ אויסגערופען זיך זעצענד נעגען איהר — איהר נעהט אליין אייערע קליידער ?

— וואס וואונדערט איהר זיך אזוי ?

— אזעלכע שעהנע הענד זאָלען זיך בעשעפטיגען מיט אזא ארבייט, דאס קען איך ניט ערטראגען.

— איך דאַנק אייך פאר אייער מיטלייד — האט סאנקא שפּאָטיש געענט־פערט, איך מוז אייך אבער זאגען, אז איך נעטהיגע מיך ניט אין רחמנות, ווייל מיר פעהלט, גאט זיי דאנק, קיין זאך ניט.

— ווער זאגט דען, בעהיטע גאָט, אז אייך פעהלט יא עפּעס ? איך זאג גלאט, אז איך קען ניט ליידען ווען איך זעה אז אזעלכע שעהנע הענד מוזען אר־בייטען.

— דאס האט איהר אַן אירטהום, איך מוז ניט, קיינער צווינגט מיך דערצו ניט, איך טהו דאס אויס פערגעניגען.

— אזא שעהנער ענגעל וויא איהר זייט, דאַרף האבען אנדערע פערגעניגען.

— אַנדערע פערגעניגען ?

— יא. איהר דאַרפט פאהרען אין עקיפּאַזשען, איהר דאַרפט זיצען אין שעהנע פּאַלאַצען ארומגערינגעלט פון פיעלע דיענער.

— מיינע עלטערען האבען אזעלכע פערגעניגען ניט געהאַט, דארום זוך איך זיי אויך ניט.

— איהר זוכט זיי ניט פיעללייכט דערפאר, וואס איהר דענקט אז איהר וועט זיי ניט געפינען ?

— ניין. היינטיגע צייטען קען מען לייכט אזעלכע פערגעניגען געפינען, אבער איך האב צו זיי קיין לוסט.

— איז דאס מעגליך, אז אזא שעהנעס יונגעס מעדכען האט שוין פערלאָרען דיא לוסט צום לעבען ?

— איך האב דאס אייך ניט געזאגט, הערר פעדערבליץ. צום לעבען האב איך אזוי לוסט וויא אלע אנדערע. איך האָב אייך נור געזאגט, אז איך האָב קיין לוסט צו דיא פערגעניגען וואס איהר האָט אויסגערעכענט.

— צו וואס דען פאר א לעבען האט איהר יא לוסט ?

— דאָס דאַרף איך אייך ניט אָבגעבען קיין רעכנונג.

— בעהיטע גאָט ! ווער פערלאנגט דען פון אייך רעכנונגען ? מיר ריידען דאך אלס גוטע פריינד. איך בין זעהר נייגיעריג צו וויסען וואס ביי אייך הייסט גליק.

— וואס בײ מיר הײסט גליק ווילט איהר וויסען? דאס קען איך אײך גראדע יא זאגען. גליק רוף איך אָן, ווען צום בײשפּיעל א יונגע פרוי לעבט מיט דעם מאַן וואס זיא האט ליעב אין אן אײנפאכע דירה, אָהן לוקסוס און אָהן דיענער. בײדע ארבײטען: ער, אין זײן געשעפט און זיא אין שטוב. בײדע זײנען צופריעדען אײנער פון'ם צווײטען און ווינשען קײן בעסערס, וויא אימער צוזאמען צו לעבען.

— וויא עס ווײזט אויס זײט איהר אביסעל אונפּראקטיש, פרײליין האָני־מאַן — האט פעדערבליץ שמײכלענד געזאגט.

— ווארום געפינט איהר אז איך בין אונפּראקטיש?

— דערפאר וואס איהר בעגנינגט זיך מיט אזעלכע גליקען. וויא פערשטעהט איהר, ווען מען איז בעסער, צו דער פרוי וואס איהר האט ערשט אָבגעשילדערט, אדער א רײכע דאמע וואס לעבט אין אלעם גוטען? זיא ווײס פון קײן ארבײט און פון קײן זאָרג, זיא שלאפט אין א גרויסען קעניגליכען שלאָף־צימער אין אלע בעקוועמליכקײט, און אז זיא שטעהט אויף געפינט זיא ארום זיך פיעלע דיענער, וואס ווארטען נור אויף איהר בעפעהל. זיא עסט און טרינקט פון דאס שעהנסטע און דאס בעסטע און פאהרט זיך יעדען טאג ארויס אין א טהײערען עקיפּאזש געשפּאנט צו צווײ פערד, און זיא האט כבוד פון אלע זײטען?

— איך ווײס בעשטימט, אז איהר וועט אָבערמאלס מיך אָנרופען אונפּראקטישע, אבער איך מוז אײך די וואהרהײט זאגען, אז דאָס גליק פון דער פרוי וואס איך האב פאר אײך געשילדערט, שטעהט בײ מיר בעדײטענד העכער אלס דאס גליק פון אײער רײכער דאמע.

— דאס איז מערקווירדיג. ווארום זאגט איהר אזוי?

— דאס איז מײן פעסטע איבערצײגונג. איך ווײס, אז יעדער מענש מוז ארבײטען, און ווען מען ארבײט ניט און מען קוקט אלץ אויס אויף דער בעדינונג פון אנדערע, קען מען אײנפאך וואהנזיניג ווערען. אנדערש אבער ווען א הויז־פרוי האט אויף זיך פליכטע, זיא דארף ניט זוכען קײן מיטלען וויא די צײט צו טויטען, ווײל די צײט געהט בײ איהר אונבעמערקט איבער, ווײל זיא איז אימער בעשעפטיגט, און אין די געצעהלטע פרײע מינוטען וואס זיא זיצט אין דער געזעלשאפט פון איהר מאַן מיט איהרע קינדערלאך, פיהלט זיא פיעל מעהר פערגעניגען אלס יענע לעדיג־גײהערין האט פאהרענדיג אין דעם פּרעכטיגען עקיפּאזש אדער זיצענדיג אין טהעאטער.

— דאס זאגט איהר דערפאר וואס איהר זײט ערצויגען געווארען בײ ארמע עלטערען און איהר האט נאך ניט געפיהלט דעם זיסען טעם פון יענעם גליק וואס איך האב אײך פאָרגעשטעלט.

— אין געגענטהײל, דיא זאך וואס מען האט ניט, שטעלט זיך פאר אונזערע אויגען פאָר טויזענד מאל שעהנער אלס זיא איז אין דער ווירקליכקײט. איך זאג אײך נאך אמאל דאסזעלבע, אז איך בין מעהר מקנא יענער אײנפאכער גליקליכער פרוי, אלס דער דאמע אין דיא עקיפּאזשען.

— ווען איהר זײט מיט אזא פעסטער מײנונג, וועל איך אײך ניט

איבערשפּארען; אבער איהר דאַרפט ניט פערגעסען, פריילײן האַנינגמאַן, אז דיא אז דיא רייכע פרוי האט זיך דאס רעכט צו ארבײטען וויפיעל זיא וויל, קײנער קען איהר אין דעם ניט שטערען.

סאַנקא האט געשוויעגען.

— פריילײן האַנינגמאַן — האט פערדערבליץ נאך א קורצער פויזע געזאגט.

— וואס פערלאַנגט איהר?

— איך וויל זיין דער גליקליכער מענש, וואס זאָל קענען אייך אויך גליקליך מאַכען.

סאַנקא האט איהם גלייך געוואָלט אנזידלען, זיא האט זיך אבער דערמאהנט וואס זיא האט אבגערעדט מיט בת־שבע׳ן, דארום האט זיא געענטפערט:

— איהר פערשטעהט דאך אליין הערר פערדערבליץ אז ביי אזא וויכטיגער זאך קען מען זיך ניט גלייך בעשליסען צו ענטפערען דאס ווארט „יא“.

— דאס איז דאָך אבער ניט ערשט געוואָרען. איך ווארט שוין לאנג אויף דיעזען יא. איך האב אייך נור צוליעב דעם מיט מיינע בעזוכע ניט בעלעסטיגט אום איהר זאלט האָבען צייט זיך ווענען דעם צו בעדענקען. ביי מיר וואר קיין צוויי־פעל אז קומענד יעצט צו אייך וועט איהר מיר דעם ערווארטעטען יא ענטגעגען טראגען.

— נו, האט איהר דאס מאל אן אירטהום געהאט.

— איך פערשטעה אבער ניט פריילײן האַנינגמאַן, ווארום איהר קענט זיך ניט בעשליסען אונז ביידען גליקליך צו מאַכען, זייט איהר נאך ניט גענוג איבערציינגט אז פאר אזא רייכען מאַן וויא איך בין קענט איהר דיא גליקליקליכסטע אין דער וועלט זיין זיין.

— מיר שיינט, אז איך האב אייך שוין געזאגט דאס איך זוך ניט מיין גליק אין רייכטהום.

— האט איהר דען אויסצוזעצען פעהלער אין מיין פערזאָן?

— דאס זאג איך ניט.

— ווארום דען ווילט איהר מיר אייער הערץ און אייער האַנד ניט שענקען? האט איהר פיעללייכט עטוואס שלעכטעס פון מיר געהערט.

— דאס אויך ניט.

— אויב אזוי פערשטעה איך אייך גאר ניט. יעדער ווארום מוז דאָך האבען זיין דארום.

— איך וועל אייך בעטען הערר פערדערבליץ איהר זאָלט זאָ פריינדליך זיין און צו מיר אריינקומען אין אן אנדער צייט.

— וואס־זשע וועט דאַן זיין?

— דאַן וועל איך געבען א ריכטיגען אנטוואָרט, יא אדער ניין.

— זעהר שעהן. ווען בעפעהלט איהר זאל איך צו אייך קומען?

— איך ווייס?.... האט סאַנקא נאכדענקענד געזאגט — קומט אין דריי טעג ארום.

— ווען, מיטוואָך?

— יא.

— מיטוואָך וועל איך אבער קיין צייט האבען.

— ווען דען וועט איהר יא צייט האבען?

— קינפטינען זונטאג.

— גוט, זאל זיין זונטאג.

— וועל איך בעשטימט דאן פון אייך אן אנטוואָרט האבען?

— יא, בעשטימט.

— נו, וועל איך שוין מיט דער גרעסטער אונגעדולד אנהויבען צו ערוואַרטען דעם קינפטינען זונטאג, איך שמייכעל מיך מיט דער האָפנונג אז איהר וועט מיך בעגעגנען מיט דעם וואָרט „יא“.

— דאס וועלען מיר שוין זעהן.

ער האט איהר זעהר ליעבליך דיא האנד געדריקט און איז אוועקגעגאנגען.

— אהאָ! — האט פעדערבליץ געזאגט ארויסגעהענד פון משה'ס הויז — דאס איז א מערקווירדינער פיש. זעהר שווער איז איהם צו פאנגען. איך האב דאס גאר ניט ערוואַרטעט אז א דאָרפסמעדכען זאל זיך אזוי ניט לאזען שלעפען אין דער נעץ. אבער אויף דעם בין איך דאך א קונסטפאָלער פישער. דוא וועסט שוין מיין פישעלע פון דעם נעץ וואס איך האב פאר דיר אויסגעשפרייט ניט אנטלויפען. חאָ, חאָ, חאָ! איך שטעל מיר פאָר, וואס עס וואָלט געווען ווען זיא זאל דערשמעקען דעם ריכטינען ציעל פון מיין שרבענען זיך צו איהר. ווען זיא קען זיך ניט בעשליסען מיין פרוי צו זיין, וויא וואָלט שוין געווען ווען זיא זאל ערפאהרען אז איך וויל נור איהר עהרע בערויבען און דאן שלאגען מיט איהר כפרות. זאל זיא נור מיין כלה ווערען וועט זיא פון מיר א שעהנעם לעקציאָן ערהאלטען. זיא וועט ערשט דאמאלס ערפאהרען ווער פעדערבליץ איז.

— אונז דאָרפסמיידלאך האלט מען אין דיא שטעדט פאר דומע נאררישע מעדכענס — האט אין דערזעלבער צייט סאָנקא צו זיך אליין געלאכט — דיעזער נאָלדענער האָהן מיינט אז ער האט מיר בעצויבערט מיט זיין געלד. ער וויים גאר ניט אז איך פיהר איהם אין חדר. ביי מיר איז קיין צווייפעל אז צווישען איהם מיט בת־שבע'ן איז עטוואס שרעקליכעס פאָרגעקומען. איך שטעל מיר פאָר וואס פאר א לאנגע נאָז ביי איהם וועט ווערען ווען קומענד זונטאג אהער וועט ער דאָ טרעפען בת־שבע'ן אויף וועלכער ער האט אזוי פיעל שלעכטעס אנגערעדט און איז פאר איהר אנטלאפען געוואָרען וויא פאר א טייפעל. זיין אנטלויפען פאר איהר איז ניט אומזאנסט געווען; און ווען זיי וועלען זיך דא ביידע צחאמענטרעפען וועל איך שוין וויסען וואס דאס בעדייט. אך, וויא שלעכט דיא וועלט איז — האט זיא ענדליך זיפצענד אויסגערופען — גראדע דיא ווערטער וואס מען וויל הערען פון ,ענעם הערט מען נאר פון אן אנדערן. ווען מיין יאזעף זאָל צו מיר אזעלכע ווערטער ריידען, וויא דיעזער פראַנט האט ערשט גערעדט, וויא גליקליך וואָלט ער מיך דערמיט געמאכט.

## 274טעס קאפיטעל.

# עס קען זעהר זיין.

**זייט איינינע טעג איז בת־שבע נאָר אנדערש געוואָרען.**

דיא שעהנע פרוי וואס איז שוין פון א צייט ארומגעגאנגען מיט א הערץ פול האַס אויף דער גאנצער מענשהייט און האט זיך גענצליך ענטזאגט פון דעם פאמיליען־גליק, וואס אזא יונגעס ווייב וויא זיא איז קען געניסען; זיא האט אויף דער פערהאסטער וועלט אנגעהויבען מיט גאנץ אנדערע בליקען צו קוקען. דיא ווערטער וואס קראָנענשטיין האט מיט איהר גערעדט וועגען דער טרייהייט פון דעם גרעסטען טהייל מענער צו זייערע פרויען, דיעזע ווערטער האבען איהרע אויגען געעפענט זיא זאל זעהן, דאס זיא האט אין דיא מענער א גרויסען אירטהום גע־האט און זיא קען נאָך האָפען אויף א גליקליך לעבען צו פערברייננגען פאר אן ארענטליכען גוטען מאַן.

— עס איז דאָך ווירקליך אונגלויבליך דיא גאנצע מענשהייט זאָל פערדאָרבען זיין — האט זיא זיך געקלערט — ווען עס זאל ווירקליך אזוי זיין וויא איך האב פרי־הער געמיינט, וואלט דיא וועלט שוין לאנג אויפגעהערט צו עקסעסטירען. מען זעהט דאָך ווירקליך וויא פרויען לעבען פאר זייערע מענער זעהר גליקליך און ווען אזא מאַן וויא דער הערר קראָנענשטיין וויל מיט מיר הייראטהען, איז דאָך פאר מיר אויך דאָ א האָפנונג אויף א גלענצענדען צוקונפט.

קראָנענשטיין איז שוין אפילו ניט קיין יינגער מאַן, ער איז שוין געוויסע פינף און פיערציג יאהר אלט. אבער איז ניט פיעל בעסער אבצולעבען מיט אזא אינטעלינענטנעם מאַן געצעהלטע יאהר, אלס מיט א הערצלאָזען גראָבען יונג פיעלע לאַנגע יאהר אין צרות און שמערצען.

אז קראָנענשטיין איז אַן עדלער אינטעליגענטנער מאַן, דאס האט בת שבע ביי איהר ערשטער בעקאנטשאפט מיט איהם דערקאנט. אלע זיינע מאניערען, זיין האלטונג און זיין שפראַכע ווארען וויא פון א געבאָרענעם עדעלמאַן. ער איז ניט פעהיג צו שלעכטעס, ער איז געווים אזוי ניט פערראָרבען וויא יענער ניעדערטרעכ־טיגער מאַן וואָס האט איהר אין א בלאָטע פערפיהרט און איז זעלבסט פון איהר פאָרטגעלאָפען.

יענער ניעדערטרעכטינער מאַן!

נאָך האט איהר כעס אויף איהם זיך ניט פערלאָשען. עס האט נאָך אין איהר ברוסט געברענט וויא פריהער. זיא האט נאָך אלץ געהאָפט איהם צו געפי־נען אום פון איהם ראכע צו נעהמען. אז ער איז דאָ, דאס האט זיא דאָך אויף זיכער געוואוסט. זיא האט דאָך אליין איהם געזעהן ביי גרינזאנג'ן אויפ'ן באַל און האט שוין דעם ערשטען קאָנצערט איבער זיינע באַקען אבגעשפיעלט. נור דאס איז אין דער פראָגראַמע פון איהר ראכע־פלאַן ניט איינגעשריעבען געווען, זיא האט גע־וואָלט אַן א־דער ראכע אויסאיבען. אזא ראכע, וואס זאָל ניט נור פאר איהם, זאָנדערן פאר אלע אזעלכע שארלאַטאַנעס וויא ער איז א לעהרע זיין, זיי זאָלען זיך ווייטער ניט וואַגען אונשולדיגע אָרענטליכע קינדער אין זייער נעץ צו פערשטריקען.

אבער וואו נעהמט מען איהם? וואו דערטאפט מען דיעזען נעפעהרליכען סוביעקט?

טראכטענדיג פון איהם, האט זיא אין דער גאנצער וועלט פערגעסען. זיא האט זאגאר פערגעסען אין דעם גליק וואס ערוואַרטעט זיא, ווען זיא וועט הייראַטהען דעם עדלען, רייכען קראַנענשטיינען. איהר ברוסט האט זיך געהויבען אויס אויפרעגונג, דיא באקען האבען געפלאַמט און דיא שווארצע אויגען האבען איינפאך געבליצט.

— וואו איז ער? וואו איז יענער אונמענש, יענער מינער אין מענשען-געשטאלט? — האבען איהרע ליפען געשעפצעט, וועהרענד איהרע פויסטען האבען זיך צוזאמענגעפרעסט וויא צו א שרעקליכען קאמפף.

אין דיעזער אויפרעגונג האט איהר דאס דינסטמעדכען געמעלדעט, אז דער העהר קראַנענשטיין איז געקומען און ווינשט זיא צו שפרעכען.

ביי דעם נאמען קראַנענשטיין איז זיא פון איהר אָרט אויפגעשפרונגען, איז צוגעלאָפען צום שפיעגעל, האט זיך פון אלע זייטען בעטראכט, און נאכדעם אז זיא האט איהרע האאר און איהר קלייד אין אָרדנונג געבראכט, האט זיא געהייסען דער דינסטמעדכען איהם אריינלאָזען.

מיט זיין געוועהנליכער גוטמיטהיגער מינע איז קראַנענשטיין אריינגעקומען און רייכענד בת-שבע'ן דיא האנד האט ער פריינדליך געזאגט:

— איך האב אייך אייער חוב אבגעבראכט, מאדאם.

— מיין חוב? — האט זיא וויא ערשטוינט געפרעגט.

— יא. דאס געלד וואס איך האב פערשפראכען אייך צו געבען פאר דער טובה וואס איהר האט מיר געטהאן ביי דעם געגעראל-גובערנאטאר.

ביי דיא ווערטער האט ער ארויסגענומען א פעקעל אסיגנאציעס און האט עס אוועקגעלייגט אויפ'ן טיש.

— דאס איז איינענטליך אן איבעריגע זאך — האט בת-שבע גאנץ רוהיג געזאגט — דען איך האב ביי דער טובה וואס איך האב אייך געטהאן קיין מיהע געהאט. פיעללייכט איז אייך שווער דיא סומע צו געבען, קענט איהר עס צוריק נעהמען, העהר קראַנענשטיין.

— ניין, מאדאם, אזא זאך טהו איך ניט. דאס וואס איך פערשפרעך מוז געשעהן. דאס געלד איז אייערס, איהר האט עס כשר פערדיענט. איך בין פערטיג געווען פאר אזא טובה צו געבען צוויי מאל אזוי פיעל. איהר מוזט דאס געלד פון מיר אָננעהמען.

— זעהר שעהן. איך דאנקע, העהר קראַנענשטיין. — האט איהר שוין בעקומען דאס ערלויבניס, אייערע מענשען ווייטער דאָ צו האלטען?

—.יא, ליעבע פריינדין. יעדער פון מיינע מענשען האט א פאפיר בעקומען אונטערגעצייכנעט פון'ם פאָליציימייסטער, אז ער מעג דא וואוינען פראנק און פריי. איך קען אייך נאָר ניט פאָרשטעלען וויא צופריעדען איך בין. ביי מיר האט דאס דיא ווערטה מיליאנען. ווער רעדט, מיינע מענשען, זיי זיינען יעצט אינ'ם

זיבעטען הימעל. זיי גלויבען זיך גאָר אזא גליק ניט, אז זיי מעגען וואוינען אין דער שטאָדט פון וועלכער מען טרייבט אונערבארמליך זייערע ברידער.

— וויא פערשיעדען דיא נאטורען פון דיא מענשען זיינען — האט בת־שבע געזאגט — אייערע מענשען דאנקען גאט דערפאר וואס ער האט זיי געשענקט דאס גליק זיי זאלען קענען בלייבען וואוינען אין דער שטאדט, וועהרענד איך בעט ביי גאָט, ער זאָל מיר שענקען דאס גליק, איך זאל קענען אויף אימער פערלאָזען דיא שטאדט.

— נו, ווער לאזט אייך דען ניט פון מאָסקווא אוועקפאָהרען?

— איך מיין ניט מאָסקווא, איך רייד פון אלגעמיין שטעדט. דאס לעבען אין דיא רוישענדע שטעדט איז מיר עקעלהאפט געווארען. איך וואָלט זיך לעבען אין א רוהיג אָרט, ערגעץ אין א פערוואָרפענעם דאָרף וואו עס איז דא א וואלד, הויכע גרינע בערג און א קלאָרער טייך. איך וואלט מיך ערקוויקט ווען איך זאָל, דוכט זיך, אליין זיצען צווישען אזעלכע בערג נעבען א טייכעל און זאל ארום זיך ניט הערען דאס גערויש פון מענשען נור דיא שטימע דער נאטור, וויא צום ביישפיעל דאס מורמלען פון׳ם טייכעל, דאס גערויש פון דיא בלומען, ווען דער ווינד שפאַצירט ארום צווישען זייערע בלעטער און דאס געזאנג פון דיא פייגעלאך, וועהרענד זיי שפרינגען ארום פון איין צווייג צו דער צווייטער.

— נו, איז דאס דען א גרויסע זאך צו עררייכען? אויב איהר ווילט קען איך אייך דאָס פערגעניגען פערשאפען.

— וויא אזוי?

— איך האב אין פוילען געקויפט א דאַטשע וועלכע איז ריכטיג וויא דיא, וואס איהר האט זיך אבגעמאלט אין דער פאנטאזיע. דאָס איז א פראכטפאָלעס הויז מיט א גרויסען פרוכט־גארטען, פון דער רעכטער האנד איז א גרויסער וואלד וואס ציהט זיך מיילען־לאנג און אין דער לינקער האנד זעהט איהר ריזענהויכע בערג וועלכע ווייזען זומער אויס וויא בעדעקט מיט א גרינעם סאמעט. צווי־שען דיא בערג פליסט א זילבער־קלאָרער טייך. איך זאג אייך, ריכטיג אזא פלאץ וויא איהר ווינשט.

— נו, ווילט איהר מיר ערלויבען זיך דאָרט אויף א קורצע צייט צו בעזע־צען? — האט בת־שבע געפרעגט און איהרע אויגען האבען פאר פריידע וויא גע־שטראהלט.

— מיט דעם גרעסטען פערגעניגען וועל איך דאס אייך ערלויבען. באלד פאנגט זיך אָן דער פריהלינג, קענט איהר אהין פאהרען און דאָרט וואוינען וויא לאנג אייך וועט דאָרט אנגענעהם זיין צו זיצען.

— ווער וואוינט דאָרט יעצט?

— נור א סטראזשניק (א וועכטער) מיט זיין קליינער פאמיליע. באלד וויא דער פריהלינג וועט זיך אנפאנגען, קענט איהר אהין פאהרען צוזאמען מיט מיין שוועגער.

— אייער שוועגער?

— יא, מיין נעשטארבענער פרוי'ס מוטער, זיא איז זעהר א בראַווע אָרדענטליכע פרוי. דעם גאַנצען זומער לעבט זיא אין דיעזער דאַצשע מיט א דיענסט. איהר וועט זעהר אננענעהם זיין אייך נעבען זיך צו האבען, ווייל גאַנץ איינפאַך זיא וועט האבען מיט ווען צו פערברענגען.

— נו, און איהר קומט אָפט אהין?

— איך קום, אבער אויף נעצעהלטע טעג, ווייל מיינע נעשעפטען ערלויבען מיר ניט לאַנג פערגניגען צו האבען אין א דאָרף. ווילט איהר אהין פאַהרען?

— איך וועל אייך פאר דער וואָהלטהאַט קיין מאל פערגעסען.

— דאס איז קיין וואהלטהאַט. איהר וועט דאַמיט טהאן א גרויס געפעללינקייט מיין שוואַכער שוויענער-מוטער. איך קען אייך אויף פערזיכערען אז איהר וועט ניט בערייהען, ווען איהר וועט דאָרט פערברענגען איינינע מאנאטען. דאס דיא דאַצשע איז א וואַהרער גן-עדן און פאר א מענשען וואס וואוינט אימער אין דער שטאָדט קען קיין בעסערן פערגניגען געבען ווי א אומצרוועקסלען דער רוישענדער שטאָדט אויף אזא שטילען רוהיגען פאַראַדיעז.

— איך בין זעהר צופריעדען.

— און איך אויך, מיר האבען נאָך צוויי וואָכען צו מאי. וועט איהר מאַכע אין צוויי וואָכען אַרום קענען אהין פאַהרען.

— וועט שוין אייער שוויענערמוטער דאָרט זיין?

— ניין, איהר וועט צוזאַמען מיט איהר אהין אוועקפאַהרען.

— זיא איז דען דא היע?

— זיא וועט אין אכט טאג אַרום דא קומען. זיא וויל דאָ בעזוכען איהרען א נעפע וואס שטודירט דא אין יוריסטישען פאַקולטעט, דיעזער נעפע איז ביי איהר טהייער ווי א אן איינען קינד. ערשטענס, דערפאַר וואס זיא האט קיין איינענע קינדער ניט; צווייטענס, האט ער זיך אויף איהרע הענד ערצויגען.

— זעהר אנגענעהם — האט בת־שבע העכסט ערפרייט נעזאַגט. איך קען אייך גאר ניט פאָרשטעלען, הערר קראָנענשטיין, וויא צופריעדען איך בין. איך שטעל מיר שוין פאָר וואס פאר א שעהנעם זומער איך וועל אין יענעם שעהנעם פאראדיז פערברייננען. איך האָף, אז איהר וועט אונז דאָרט אויך אָפט בעזוכען.

— ווילט איהר איך זאל אייך בעזוכען?

— מיך וועט זעהר פרייען אייך דאָרט צו זעהן — האט בת-שבע פערשעמט נעענטפערט — איך מוז אייך נעשטעהן, אז מיט יעדען מאל וואס איך זעה אייך און רייד מיט אייך ווער איך אלץ מעהר צו אייך צוגעבונדען.

— ווירקליך? — האט קראָנענשטיין זעהר פערגעניגט אויסגערופען — איך מוז אייך זאגען, אז דיא ווערטער פערשאַפען מיר פיעל מעהר פערגעניגען, אלס אייך פערשאַפט דער געדאַנק אן דעם שעהנעם זומער וואס איהר וועט אין מיין גן-עדן פערברייננען. איך פאַנג אָן צו האָפען, אז איהר וועט זיך ענדליך בעשליסע אננעהמען מיין האנד, אום איך זאל אייך דאס גאַנצע לעבען דורכפיהרען....

— עס קען זעהר זיין — האָט זיא נעענטפערט מיט א נעזוננקטען קאָפּ.

## 275טעס קאפיטעל.

# דאָס איז ער!

— איוואַן, איך [illegible]עס ווילען, ווארום לאָזט מען מיך ניט צו מיין קינד'ס מערדער? — האט ערינא געזאגט צו איוואנען אריינפליהענדיג אין דעם טייפעלס־שלאָס.

— [illegible]סט איהם נאך הייטע זעהן — האט איוואַן געענטפערט.

— וויא אזוי וועל איך איהם זעהן, אז מען לאזט מיך צו איהם ניט אריין?

— איך זאָג דיר אבער, אז דוא וועסט איהם הייטע זעהן.

— וויא אזוי?

— מען וועט דיאביידע באנדיטען הייטע אַוועקפיהרען נאך אָרשא, מען וועט זיי פארבייפיהרען דעם טייפעלס־שלאָס, דאָ וועלען זיי זיך אויף איינינע מינוטען אבשטעלען, וועסט דוא זיי קענען זעהן.

— איז דאס ריכטיג אזוי וויא איהר זאָגט?

— איך זאג קיין מאָל קיין ליגען.

— זאל איך וואַרטען ביז מען וועט זיי פאָרבייפיהרען?

— זעלבסטפערשטענליך, אז דוא קענסט דאָ וואַרטען. אבער איך פערשטעה ניט ווארום ביסט דוא אזוי נייגיעריג צו זעהן דעם מערדער פון דיין קינד? וועט דיר דען צוקומען געזונד פון דעם?

— וואס רעדט איהר, ליעבער איוואן? איך זאל ניט וועלען זעהן דעם מער־דער וועלבער האט מיין אונשולדיג קינד אויף אזא גרויזאמער ארט ערמאָרדעט? איך גלויב נאָר ניט, אז ער האט א פנים פון א מענשען. נאך מיינער מיינונג, איז דאס א ווילדע, בלוט־גיערינע חיה.

— ער איז גראדע א מענש, און נאך א שעהנער יונגער מאן דערצו.

— איהר האט איהם דען געזעהן?

— יא, איך האב איהם שוין געזעהן. איך האב איהם דאך גענויזט אנקוקען אום איך זאָל דערקענען צו איז דאס דערזעלבער מענש וועלכען איך האב אין יענער נאכט ווען מען האט אייער קינד ערמאָרדעט בעגעגענט אין וואלד אָהן שטיוועל.

— נו, איז דאס דער זעלבער?

— יא, דאס איז דער איינענער.

— איהר האט מיט איהם גערעדט?

— עס פערשטעהט זיך, אז איך האב מיט איהם גערעדט. איך האב איהם גענויזט אין דיא איינען זאגען, אז איך האב איהם אין יענער נאכט בעגעגענט אין וואַלד א בארפוסען.

— ער האט זיך געוויס געלייקענט?

— ניין.

— וואס ניין? ער האט זיך מודה געוועזען אז ער האט מיין קינד ערמאָר־דעט? — האט ערינא ערשטוינט געפרעגט.

— יא, ער האט זיך מודה געוועזן.

— איהר האט איהם ניט געפרעגט דיא אורזאכע, ווארום ער האט דאס געמהאן? וואס האט ער געהאט צו מיין פיצעל אונשולדיג קינד?

— דאס האט איהם געפרעגט דער סליעדאָוואטעל.

— נו, וואס־זשע האט ער געענטפערט?

— ער האט געענטפערט, אז מען האט איהם דערצו אנגערעדט אין פֿאר בעצאהלט.

— ווער? ווער האט דאס איהם אנגערעדט דערצו?

— דאס האט ער נאך ניט געזאגט, איך גלויב אבער, אז ער וועט דאס ענדליך אויך אויסזאגען. איך וויים שוין ווער דאס האט איהם צו דעם מאָרדטהאט אָנגערעדט.

— איהר ווייסט? — האט ערינא אויסגערופען אויסגעלאָצענדיג דיא אויגען אויף איוואנען.

— יא, איך וויים.

— ווער איז דאס?

— איך קען דאס נאך ניט זאגען, ארמע ערינא.

— ווארום קענט איהר דאס ניט זאגען?

— דוא פערשטעהסט דאך אליין, אז אזעלכע זאכען טאָר מען ניט זאגען, בעפאָר מען איז נים איבערציינט אז עס איז אזוי.

— זייט איהר נאך ניט איבערציינט ריכטיג אז יענע פערזאָן האט עס איהם צוגערעדט צו דעם מאָרד?

— איך בין יא איבערציינט אין דעם, אבער איין שוואלב קען קיין זומער מאכען. קיינע בעווייזע צו בעשטעטיגען מיין מיינונג האב איך נאך ניט, דארום מוז איך שווייגען.

— נו, און דעם סליעדאָוואטעל האט איהר דאס אויך ניט געזאגט?

— איהם האב איך דאס יא געזאגט, נור ער קען אויך דערצו נאר ניט טהאָן, וויל מען מוז אזא זאך צו בעשטעטיגען בעווייזע האבען.

— וואס האט יענע פערזאָן צו מיין קינד געהאט?

— דאס איז ווייטער אזא געהיימניס וואס איך קען דיר ניט דערצעהלען, אבער איך קען דיר פערזיכערן, אז דוא וועסט מיט דער צייט אלעס ערפאהרען.

— מיין גאָט! וואוהין בין איך דא אריינגעפאלען — האט ערינא געקלאגט — דער טייפעל האט מיך אהער געבראכט צווישען מערדער און מענשען־פרעסער. אך, ווען איך זאָל מיין הערצלאָזען מאן דערטאפען, וואָלט איך מיין שווער ביטער הערץ צו איהם אויסגעלאָזט. צוליעב דעם שורקע בין איך אהער פערוואָרפען געוואָרען. ער געפינט זיך אין דעם געגענד, און איך גלויב, אז ער לעבט דא ערגעץ גאנץ נוט און איך דארף אזוי פיעל אומערטרעגליכע שמערצען האבען. גאט זאל איהם דערפאר בעלוינען.

איוואן האט אלע קרעפטען אנגעווענדעט זיא צו טרייסטען און בערוהיגען,

אבער ייזיי טיהע וואר אומזאָנסט. דיא אונגליקליכע האט זיך ניט געקענט בעּ רוהיגען.

עס זיינען קיינע צוויי שטונדען איבערגעגאנגען, האט קאטהארינא וועלכע איז געשטאנען אין פענסטער, א געשריי געטהאן:

— מען פיהרט דיא מערדער!

— מען פיהרט זיי? — האט ערינא ווילד א געשריי געטהאָן און בעפאַר איוואן האט צייט געהאט זיא צו פערהאלטען, איז זיא ארויסגעלאָפען אין דרויסען.

— — — — — — — — — — — — —

פון ווייטען האט מען ווירקליך געזעהן וויא סאָלדאטען פיהרען צוויי ארעסּ טאנטען, וואס זיינען איינער צום צווייטען צוגעשמידט.

דאס וואָרען דיא צוויי מערדער סטעפאן מיט סעמיאָנען.

ביידע זיינען געגאנגען מיט געזענקטע קעפ, אויף זייערע געזיכטער האט מען געקענט לעזען דיא פאָלע פערצווייפלונג.

זיי האבען ביידע זעהר גוט געוואוסט אז יעצט זיינען זיי פערלאָרען, אז דאס מאל וועלען זיי זיך שוין פון זייער אונגליק ניט ארויסדרעהן.

ביידע האבען שוין יעצט שטארק חרטה געהאט אויף דעם וואס נאכדעם וויא זיי האט געלונגען פון אסטראג צו אנטלויפען, האבען זיי זיך בעסער ניט בעמיהעט פון רוסלאנד צו אנטלויפען, אדער לעבען אלס ארענטליכע מענער אונטער פרעמדע נעמען. בעזאָנדערס האט סעמיאָן שטארק בערייהעט, דאס וואס ער האט זיך אבערמאלס אריינגעלאָזט אין מערדערייען, וועהרענד ער האט געקענט זעהר רוהיג און גליקליך לעבען מיט זיין ווייב און מיט זיין קינד.

ער האט זיין ווייב זעהר ליעב געהאט און האט נאך געקלערט צו איהר פאהרען ווען ער וועט א סך טויזענדער האבען. ער האט זיך אימער געקוויקט מיט דעם געדאנק, אז ווען ער וועט קומען אהיים וועט ער טרעפען א שעהנעס קינד עהנליך צו דער מוטער און ער וועט קענען דאַן ביידען איבערטראנספאָרטירען נאך אויסלאנד און אליין אויך אהין ארויספאהרען, אום מיט זיי צוזאמען צו לעבען אין אלעם גוטען.

יעצט אבער איז דיא זיסע האָפנונג פערלאָשען געוואָרען. ער האט שוין גאר ניט געוואגט וועגען אזא גליק צו דענקען. יעצט האט צו איהם ארויסגעקוקט פריי־ הער דאס געפענגניס, נאכהער דיא מינען־גרובען פון סיביריען.

דער גרעסטער מערדער, דער שרעקליכסטער פערברעכער פערליערט דעם מוטה ווען דער חלף ליעגט איהם אויפ'ן האלז און אין זיין ברוסט ערוועקט זיך מיטלייד צו זיינע איינענע מענשען.

אויך אין דעם הערצלאָזען סעמיאנען האט זיך יעצט ערוועקט מיטלייד צו זיין עלענדער פרוי און צו דעם קינד וואס זיא האט געווים אויף דער וועלט גע־ בראכט. ער האט געוואוסט, אז דיא מוטער וויא דאס קינד בלייבען אויף אימער איבער עלענדע, הילפלאָזע און אונגליקליכע.

— דאַרט לויפט עפּעס א פרוי! — האט איינער פון די סאלדאטען וואס האבען די ארעסטאנטען געפיהרט געזאגט — דא מוז עפּעס זיין נייעס.

— יא, א פרוי לויפט פריהער און נאך איהר לויפט א מאן — האט א צווייטער געענטפערט. דער מאן מוז זיא וועלען ערמאָרדען אדער שלאגען.

עס האט לאנג ניט געדויערט איז די פרוי שוין געשטאנען עטליכע טריט ווייט פון דעם טראנספּאָרט.

א סאלדאט איז איהר ענטגעגען געלאָפען, האט זיא פאר דער האנד ערגריפען און האט געפרעגט:

— וואס איז געשעהן? וואוהין פליהסט דו?

— וואו איז דער מערדער? — האט די פרוי אטהעמלאָז געפרעגט.

— וועלכער מערדער?

— דער מערדער וואס האט מיין קינד ערמאָרדעט.

— אזוי? דו ביסט דאס? — האט דער סאלדאט אויסגערופען, אלס ער האט דערקענט אז דאס איז די זעלבע יונגע פרוי וועלכע איז פונ'ם טייפעלסשלאָס מיטגענאמען אום איהר קינדס מערדער צו דערקענען. דו ווילסט זעהן דעם מערדער וואס האט דיין קינד געטויט?

— יא! איך וויל איהם זעהן — האט ערינא ווילד געשריען — איך וויל איהם מיט מיינע נעגעל די אויגען אויסקראצען. איך וויל איהם אזוי צערשמעטערן, וויא ער האט מיין קינד צערשמעטערט.

— אונגליקליכע! וואס ווילסט דו טהאן — האט איוואן וועלכער איז באלד צוגעלאפען צו ערינא'ן געזאגט, און האט זיא געחאפּט פאר דער צווייטער האנד.

— דעם מערדער! מיין קינדס מערדער! — האט ערינא געשריען זיך רייסענד פון זייערע הענד.

— אויב דו וועסט זיין רוהיג וועל איך דיר דעם מערדער ציינען. האט דער סאלדאט געזאגט — אבער ווען דו וועסט וועלען מאכען סקאנדאלען, וועל איך דיך הייסען בינדען.

— נו, איך וועל זיין שטיל — האט ערינא פערזיכערט — אבי לאזט מיך אנקוקען מיין קינדס מלאך־המות.

— קום איך וועל דיר איהם ווייזען — האט דער סאלדאט געזאגט — אלטער האלט זיא נור פעסט צו פאר דער צווייטער האנד, דאס איז אזא צאפּעלדיגע חיה וואס קען זיך לייכט ארויסרייסען פון אונזערע הענד. דו הערסט?

— איך וועל זיא האלטען — האט איוואן געענטפערט.

דער סאלדאט האט זיא צוגעפיהרט נאָהענט פון סעמיאָנען און האט געזאגט:

— דאס איז דער שעהנער מלאך־המות פון דיין קינד.

קוים האט ערינא זיך אין איהם איינגעקוקט, האט זיא אן אונמענשליכען געשריי געטהאן: „דאס איז ער” און איז אין אהנמאכט געפאלען.

— הימעל! וואס זעה איך? איז דאס קיין שרעקליכער טרוים? האט סעמיאָ־

געשייאמעלט און זיין געזיכט איז געל וויא וואקס געווארען — ערינא מיין ווייב ? מיין קינד האב איך דאס ערמאָרדעט !?

וויא וואהנזיניג האט ער זיך פּלוצלונג אנגעהויבען צו רייסען פון זיין קייט, שלאָגט מיך, שיעסט מיך, האט ער געליארעמט און געשלאגען אין אלע זייטען, נור דורך דער אנשטרענגונג פון דיא סאלדאטען און דיא פיעלע קלעפּ וואס זיי האבען איהם געגעבען האט מען איהם רוהיגער געמאכט און ווייטער אוועקגעפיהרט.

## 276טעס קאפּיטעל.

# ער לעבט!

דער אונגליקליכער גראף אנטאן דאנילאוו איז נאך אלץ אזוי פערצווייפעלט וויא געווען, אבוואהל וויא מיר ווייסען האט איהם דער סמאטריטעל איינגעלאדען צו זיך ער זאל ביי איהם וואוינען, האט ער דאס ניט אנגענומען און איז אלץ גע־בליעבען אין זיין קערקער. נור יעדען טאג פלעגט ער ארויסגעהן אין דעם גרויסען הויף פון דעם אָסטראָג, דאָרט פלעגט ער זיך זעצען אויף א באנק וועלכע איז גע־שטאנען נעבען דעם הויכען פּארקאן און איז דא אבגעזעסען א פּאר שטונדען פער־טיעפט אין זיינע פינסטערע געדאנקען.

זיין טראכטען איז בעשטאנען נור פון דער גרויסער זינד וואס ער האט בע־גאנגען געגען זיין מאריאן. דיא זעלבע מאריא וועלכע ער האט מיט א קורצער צייט צוריק בעטראכט אלס אן אויסוואורף דער נאטור. האט יעצט אין זיין פאנטאזיע זיך פאָרגעשטעלט אלס הייליגע מאדאָנא. וואס קיין שטערבליכער דארף זיך וואגען איהר נאמען צו דערמאהנען, און ווען ער האט זיך דערמאהנט אז ער איז איהר מערדער געווען, האט ער זיך זעלבסט בעטראכט אלס דעם זינדיגסטען מענשען אין דער וועלט וואס אלע שמערצען פון דיעזער וועלט און אלע קוואלען פון יענער וועלט זיינען פאר איהם ווייניג.

— וואס זיצט איהר אזוי פערטראכט הערר גראף — האט ער איינמאל דער־הערט געבען זיך א שטימע.

ערשטווינט האט ער זיך אומגעקוקט און האט דערזעהן דעם וועכטער פון דעם קערקער אין וועלכען ער איז געזעסען אלס ער איז אין דעם געפענגניס אנ־געקומען.

— איך טראכט פון דער אונארדענטליכקייט און פון דער אונאָרדנונג וואס עקסעסטירען אין אונזער וועלט — האט דער גראף געענטפערט ; דעם עכטען פער־ברעכען וואס האט דיא גרעסטע שטראפע פערדיענט לאזט מען פאסט פריי ארומ־געהען. און דעם אונגליקליכען וועלכער האט געגנב'עט א לעבעל ברויט אום זיין הונגער צו שטילען, דעם האלט מען שטארק איינגעשפּארט און מען לאָזט איהם אייך מאָמענט פריי ניט אטהמען.

— אנטקעגען וואס זאגט איהר דאס גראף ?

— איך זאג דאס געגען דער גוטער בעהאנדלונג וואס איך האב דא, האט אונאָג געענטפערט. מיך לאזט מען פריי פון מיין צעלע ארויס און אריינגעהן. מיך

האט מען געוויאלט אבגעבען א פּ־אבּטפּאלע קווארטיר מיט גוט עסען און בּעדינ־נינג, וועהרענד אלע איבּעריגע ארעסטאַנטען וואס זיינען קיין טוויזענד טהייל פע־ברעכער ווי איך בּין, דיא האלט מען איינגעשפּארט ווי די גענז אין א שטיינ און מען ערלויבּט זייא פון דארט אויף איינציגע מינוטען ניט ארויסצוגעהן.

— איך מוז אייך זאגען הערר ג־אף אז איה־ זייט לויט איך פערשטעה דא אין קע־ק ־ר מעלאנכאליש געוואר־ען—האט רע־ וועכטע־ געענטפערט—איך האב שוין געזעהן אזעלכע מערדער וואס יעדער פון זיי האט פיעל מענשען פון דער וועלט פערטריעבען מיט דעם איינציגען ציעל זייער געלד צו בערויבען, און דאך זיינען זי־ ניט אזוי פערצווייפעלט געווען וויא איהר.

— וואס האב איך צו קוקען אויף אנדערע — האט אנטאן בייז געזאגט, — פאר מיר איז גענוג דאס וואס איך וויים פון זיך זעלבסט. איך וויים אז איך האב מיין ליעבער געטרייער פרוי מיט מיין קינד אין גראב געטריבען דאס מאכט דאך ניט אוים, צו איך וואלט זיי ערמאָרדען צוליעב געלד־ אדער צוליעב אן אנדער זאך. זיי זיינען דורך מיין האנד פון לעבענסבוים אבגעפליקט געוואָרען.

— יעט איהר מיר ערלויבען הערר גראף וועל איך אייך עטוואס דערצעהלען—'אט דער וועכטער געזאגט.

— וואס ווילט איהר מיר דערצעהלען?

— איך וויל אייך דערצעהלען א מעשה וואס עס האט זיך געטראָפען אַלס איך בין נאך געווען א אינגעל פון פופצעהן יאהר. ווייל דאס איז זעהר עהנליך צו אייער געשיכטע און איהר קענט אין איהר טרייסט געפינען.

— טרייסט געפינען? — האט דער גראף מיט א ביטערן שמייכעל געענט־פערט — פאר מיר גיעבט שוין קיין טרייסט, נור אייער מעשה קענט איהר מיר דערצעהלען.

מיר שיינט, אז איהר ווייסט שוין דאס איך בין א אידיש קינד, דאס הייסט זז מייעע עלטערן זיינען געווען אידען?

— יא, דאס וויים איך.

— זיי זיינען געווען זעהר ארענטליכע נאָטספירכטינע לייטע און האבען מיך אויך געוואָלט מאכען פאר א פרומען נאטספירכטינען אידען. ביז מיין פירצענטען יאהר האב איך געלערנט אין א חדר ביי א מלמד ביבעל און תלמוד. מיין מלמד איז געווען אזא מענש וואס ער האט פון דער וועלט גאר ניט געהאלטען. ער האט נור יענע וועלט אין זינען געהאט און האט, לויט וויא ער האט געזאגט, דא געאָר־בּייט, אום ער זאָל קענען גלייך נאך זיין טויט ארייננעהן אין ליכטיגען גן־עדן. „די־א וועלט" פּ־עגט ער אימער זאגען, איז נור א קארידאָר צו יענער געהיימניס־פאָלער וועלט, דארום דארף מען דאָ ניט זוכען קיין פערגעניגען און קיין אנדערע זאכען אויסער דאס וואס מען מוז נויטהווענדיג האבען, געמליך, ברויט, וואסער און א שטיקעל ערד וואו דעם קאפּ אניעדערצולייגען נאך דער טאגעס־ארבייט.

דאס זעלבע האט ער אויך פערלאנגט פון זיינע צוויי קינדער, צוויי מעדכענס וועלבע ווארען זעהר ־יזהן און געזעגנט פון דער נאטור מיט אלע מעלות. ער האט

פון זייא געפאדערט. זייא זאלען קיין מאהל אין דער גאס ניט ארויסגעהן אונ זאלען אויך נור יענער וועלט אין זינען האבען.

אבער דיעזע ביידע מערכענס האבען פון יענער אונבעקאנטער וועלט ניט געוואלט וויסען. וויא אלע יונגע מענשען האבען זייא געוואלט געניסען דיא פערגעניגענס פון׳ם לעבען. זייא זיינען שוין געווע׳ צייטיגע מיידלאך און זעלבסט־פערשטענדליך אז זייא האבען ערוואַרטעט מיט אונגעדולד דיא צייט, ווען זייערע חתנים וועלען קומען זייא ארויסנעהמען פון זייער פאטערס הויז און זייא וועלן קע־נען לעבען מיט לייטען גלייך.

ליידער אבער האט דער פרומער פאטער גאר ניט געדענקט זיינע טעכטער צו פערהייראטהען מיט מענער, פאר וועלכע זיי וועלען קענען גליקליך זיין. ער האט פאר זיי געזוכט חתנים אזעלכע פרומע ווי ער אליין איז, און אז פאר דער עלטערער טאכטער האט זיך געמאכט א שידוך מיט אן ארמען אלמן א בלינדער אויף איין אויג וואס האט געהאט א נאמען אלס גרויסער למדן, האט דער טאטע לאנג ניט געטראכט און האט צו דעם שידוך איינגעוויליגט.

אין יענע יאהרען האט א קינד ביי א אידען קיין מוטה געהאט צו זאגען דיא עלטערען א דעה אין א שידוך. דער פאטער האט געמעגט פאר זיין טאכטער אויסקלייבען א חתן א קאליקע, וואס עס איז געווען עקעלהאפט אויף איהם צו קוקען, האט זיא געמוזט געהן מיט איהם צו דער חופה. אויך מיין מלמד׳ס טאכ־טער האט ניט געוואגט צו זאגען, אז זיא וויל ניט דעם חתן וואס איהר פאטער האט פאר איהר אויסגעקליבען. דער שידוך איז געשלאסען געווארען און מען האט דיא חתונה אבגעלייגט אויף א קורצער צייט.

מען האט געזעהן אז דיא כלה געהט ארום זעהר אונמוטהיג און ניעדער־שלאגען, אבער קיינעם האט דאס געקימערט. אלס עס איז געקומען דער טאג פון דער חתונה און דיא מחותנים האבען זיך שוין צוזאמענגעקליבען פיהרען דאס פארל צו דער חופה, האט מען זיך ארומגעזעהן אז דיא כלה איז ניטא. מען האט אנגעהויבען צו זוכען און מען האט זיא געפונען א געהאנגענע אין קעלער. ביי איהר אין קעשענע האט מען געפונען א בריעף אין וועלכען זיא האט געשריעבען, אז איידער צו געהן מיט אזא חתן צו דער חופה, וויל זיא בעסער געהן אין קבר.

איהר פאטער האט זיך ערשט ארומגעזעהן, וויא טיראניש ער האט זיין קינד בעהאנדעלט און דיא געוויסענסביסע האט איהם אנגעהויבען שטארק צו פלאגען. ער האט זיך בעטראכט אלס זיין טאכטערס מערדער און איהם איז דאס לעבען צו לאסט געפאלען. אין זיין פערצווייפלונג איז ער געלאפען צו דעם רב פונ׳ם שטעדטעל און האט איהם מיט טרעהרען געבעטען ער זאל איהם ארויסגעבען אזא שטראפע, וואס זאל זיינע גרויסע זינד אבמעקען. דער רב, וועלכער איז געווען א גרויסער חכם און א געלערנטער מאן האט איהם ערקלערט, אז אבוואהל ער האט ווירקליך א גרויסען פעהלער געטהאן, דערמיט וואס ער האט זיין טאכטער געוואלט פערהייראטהען צו אזא מאן וועלכען זיא האט פאר קיין פאל געקענט ליעבען.

אבער דער פעהלער איז שוין אזוי ווייט אריין ביי דיא אידען אין דער מאָרע, דאס ער קען ניבער בעטראכט ווערען אלס זאכאָך, און וויא באלד דאס איז א זאכאָך, איז ער ניט שולדיג וואס צוליעב דעם וואס ער האט דעם זאכאָך געהיט האט זיין טאכטער זעלבסטמאָרד בעגאנגען און ער דארף דערפאר קיין שטראפע ערהאלטען. אלס בעוויז אז ער רעדט ריכטיג, האט דער קלוגער רב איהם געשטעלט דיא מלחמות. דוכט זיך, בעטראכטענדיג דיא מלחמות מיט אָפענע אויגען, ניט עס קיין גרעסערע מערדערייען פון זיי ניט. דאָ פיהרט מען ארויס טויזענדער מענשען איינע נעגען דיא אנדערע זיי זאָלען איינע דיא אנדערע ערמאָרדען מיט דער גרעסטער גרויזאמקייט, און דאָך זעהן מיר אז אלע בעטראכטען דיא מלחמות אלס נעוועהנ־ליכע נאטירליכע זאכע, און דער וואס פערניסט אין א מלחמה מעהר בלוט דער איז אלץ מעהר נעאכטעט. דאס איז דערפאר, וואס דיא מלחמות זיינען שוין אזוי ווייט אריין אין דער מאָדע, דאס זיי זיינען אין זאכאָך אריין. דאס זעלבע זאג איך אויך אנטקעגנען אייך, גראף. איהר בעטראכט זיך זעלבסט אלס מערדער דערפאר, וואס איהר האט אייער פרוי ערשאָסען, גלויבענדיג אז זיא איז אייך אוננעטריי. איהר דארפט אבער ניט פערגעסען, אז אזעלכע סצענען זיינען שוין אריין אין דער מאָדע. דער ביבעל האט אויך אנגעזאגט, מען זאָל צום טויט פעראורטהיילען דער פרוי, וואס איז איהר מאן אוננעטריי און פערקויפט זיך צו אן אנדערן. דאס איז וואָהר אז איהר האט זיך שפעטער ארומגעזעהן אז זיא איז גאר אונשולדיג געווען, אבער אויך ביי דיא ריכטער וואס זיינען געשטעלט געוואָרען אויף דעם, צו זוכען נור יושר, אויך זיי פעראורטהיילען מאנכעס־מאל גאנץ אונשולדיגע מענשען צום טויט. א מענש איז ניט קיין מלאך, ער קען זעהר אָפט אין אירטהום האבען.

— איהר רעדט זעהר קלוג, ליעבער פריינד, — האט דער גראף געענטפערט — אבער דאס זיינען אלץ פוסטע ווערטער, וואס קענען דאס געוויסען אויף א קורצע צייט בערוהיגען. אייער רב האט בעדאַרפט מיר זאגען אזעלכע ווערטער, וואָלט איך איהם באלד ערקלערט אז ער איז א דעספאָט און האט פערדינט דעם נאמען זשיד וואס ער טראגט אויף זיך. איך וואָלט אזא פאטער וואס ערלויבט זיך זיין קינד צו פערהאנדלען צו א קאליקע, אום זיך א שטוהל אין גן־עדן צו פערזאָרגען, וויא דעם גרעסטען פערברעכער פעראורטהיילט. אויף זאָ אן ארט קען מען אויף יעדער זינדע אויסגעפינען אז זיא איז שוין לאנג אריין אין דער מאָדע און איז גע־וואָרען א זאכאָך. וואס צו מיר אנבעלאנגט וועל איך אויך דאסזעלבע זאגען אז ווען זאנאר דיא גאנצע וועלט וועט שרייען אז איך האב גלייך געטהאָן, וועל איך מיין מיינונג ניט ענדערן אז איך בין א פערפלוכטער מערדער. איך האב קיין רעכט געהאט מיין פרוי צו שיסען, ווען זאנאר זיא וואָלט מיר ווירקליך אוננעטריי געווען. קיינער האט ניט דאס רעכט דעם צווייטען צו צווינגען, ער זאָל איהם ליעבען. איך זאָג אייך נאך אמאל, אז אייער רב איז געווען אן עזעל אדער א שלעכטער מענש. דאס איז אבער ביי מיר קיין וואונדער, דען פיעלע, זעהר פיעלע פערדאָרבענע זיטען האבען זיך ביי דיא אידען איינגעוואָרצעלט.

— דאס איז מערקווירדיג — האט דער וועכטער געזאגט — מען מוז גלויבען.

אז דער אונגליקליכער מענש פערליערט דעם חן זאגאר ביי דיא בעסטע מענשען אין דער וועלט. לויט איך האב אייך דערקענט, הערר גראף, זייט איהר א מענשענ־פריינד און א פריי־דענקער, פון דעסטוועגען האט איהר אויך א שלעכטע מיינונג וועגען דיא אידען.

— איך קען אייך זאגען — האט דער גראף געענטפערט — דאס איך האב דיא אידען וואס זיינען געווען ארום מיר זעהר גוט בעהאנדעלט. איך האב זיי געשיצט פון אלע זייערע פערפאָלגער. דאס האט איהר א בעוויז אז איך האס זיי ניט און איך בעטראכט זיי אלס גלייכע מענשען מיט דיא קריסטען. נור פון דער וואהרהייט קען איך ניט אוועקגעהן; איך מוז אייך געשטעהן, אז איך גלויב דאס דער גרעסטער טהייל און פיעללייכט אלע זיינען פערדאָרבען.

— האט איהר זיך אין דעם איבערצייגט?

— דאס אליין וואס אלע האסען זיי, איז דיא בעסטע איבערצייגונג אז זיי פיהרען זיך ניט ארענטליך אויף.

— און איהר גלויבט אז א גאנצער נאראָד וואס איז צושפרייט אין אלע וועלט־טהיילען זאָל פערדאָרבען זיין? פערשטעהט איהר דען ניט, אז דיא אורזאכע פון דעם האס וואס דיא קריסטען טראגען אויף דעם אידען איז דיא נייד (קנאה) אן זייערע מערקווירדיגע פעהיגקייט? איהר האט מיר ערשט געזאגט, אז דיא אידען וואס זיינען געווען ארום אייך האט איהר געשיצט פון זייערע פערפאָלגער, דערמיט אליין קענט איהר אייער אירטהום דערקענען. וויא באלד איהר האט זיי געשיצט האט איהר זיי בעטראכט אלס ארענטליכע לייט, איז דאך דיא פראגע וואָרום האבען זיי געהאט פערפאָלגער?

— יענע אידען וועלכע איך האב געשיצט זיינען ווירקליך געווען אָרענטליכע לייטע. זיי זיינען פערפאָלגט געוואָרען פון מיינע מוזשיקעס נאר צוליעב אן אנדער זאך. איהר ווייסט דאָך, אז א מוזשיק איז פראָסט און אבערגלויביש, ער האט פיינד א אידען דערפאר, וואס ער געהערט צו אן אנדער רעליגיאָן.

— אויך דיא געבילדעטע קריסטען האבען דיא אידען דערפאר פיינד, נור אזוי וויא זיי פאסט ניט צו זאגען אז זייער פיינדשאפט האט אזא נאַרישען גרונד, דארום קלערען זיי אלע מאל אנדערע זינדע אויס אויף דיא אידען, אום זיי זאָלען בלייבען גערעכט דערפאר וואס זיי פערפאָלגען דיזע אונגליקליכע מענשען. אבער מען זאָל דאס נעהמען בערעכענען מיט א קלאָרען פערשטאנד, דארף מען דאָך אויסער זיך ווערען פון דער אונמענשליכקייט. שטעלט אייך צום בייש־פּיעל פאָר, דיא קריסטען פערגעטערן דעם אידישען ביבעל און גלויבען אין אלע נסים וואס גאט האט בעוויזען דיא איזראעליטען אין אמאליגע צייטען; זיי גלויבען אין משה׳ן און אין זיין תורה, אלזא זיינען זיי דאָך אויך מודה אז דיא אידען זיינען אן אלטעס הייליגעס פאלק, בלייבט דאָך דיא פראגע ווארום בעטראכטען זיי דיזע מענשען אלס ציגיינער וואס קיינער וויים ניט פון וואנען זיי שטאמען און מען האלט זיי פאר איבעריגע מענשען אין דער וועלט. דער מאָטיוו אז זיי זיינען פערדאָרבען, איז נור אן אויסרייד. ווייסט איהר דען, גראף, אליין ניט, אז דיא אידען האבען

אין זיך דיא פיינסטע זיטען? האט איהר ווען בעגעגענט אין אייער דאָרף א שיכורן יודען, אדער איינעם וואס זאל ניט זיין צונעבונדען מיט לייב און לעבען צו זיין פאַמיליע? זעהט דא אין געפענגנים, ווען איהר קיין פינף פראָצענט יודען געפינען, איז דאס ניט א בעווייז, אז צווישען זיי זיינען פאראן וועניגער פערברעכער אלס צווישען אנדערע נאציאָנען.

— עס קען זיין אז איהר האט רעכט.

— איך האב געווים רעכט. איהר ווייסט דאך זעהר גוט, אז איך בין שוין לאנג קיין יוד ניט. איך בין א פאָלקאָמענער קריסט און דאך צווישען זיך ריידענדיג בין איך צו דעם יודישען פאָלק צונעבונדען מיט לייב און זעעלע. ביי יודען געפינט איהר מיטלייד, עהרליכקייט און עכטע מענשענפריינדשאפט. איך האלט דאס פאר דער גרעסטער עהרע וואס איך שטאם פון דיעזען עהרליכען פאָלק.

דער גראף האט געשוויענען. עס וואר לייכט אן איהם צו דערקענען, אז דעם ועכטערס ווערטער האבען אויף איהם זעהר א גוטען איינדרוק געמאכט.

פון דער זייט וואו עס בעפינדעט זיך דעם סמאָטריטעלס הויז, איז ארויסגעגאנגען א סאָלדאט מיט א בריעף אין דער האנד.

ער איז צוגעגאנגען צו דעם גראף און מיט דיא ווערטער: דער בריעף איז פאר אייך, האט ער דאס איהם אבגעגעבען.

אנטאן האט ערשטוינט דעם בריעף צוגענומען, האט איהם פון אלע זייטען בעטראכט און אויף זיין געזיכט האט זיך געוויזען א פערוואונדערטע מינע.

— איז דאס מעגליך? — האט ער געשטאמעלט—דאס איז דעם גראָספירסטס א קאָנווערט.

ער האט שנעל דעם בריעף געעפענט און האט אין איהם געלעזען פאָלגענדע ווערטער:

„אנטאָן מארטינאָוויטש!

„צופעלינער ווייזע האב איך ערפאהרען פון אייער אונגליק, איך האב אבער נאך פייערינע נאכפאָרשונגען ערפאהרען, דאס איהר ליידעט אונשולדיג. דארום האב איך עס פאר מיין שולדיגקייט געפונען דעם טאפפערן אָפיציער, וועלכער האט אונטער מיין קאָמאנדע געדיענט און האט זיך אימער אלס עהרליכסטער מאן געצייגט, פון זיין אונגליק צו רעטען. איך וועל אייך ליעבער אנטאן מארטינאוויטש, מיט אזא סיורפריז איבערראשען, דאס איהר וועט אן אלע אייערע ליידען פערגעסען.

„אייער שיצער און פערטהיידינער וולאדימיר".

דער גראף איז פון דעם בריעף איבערראשט געוואָרען. ער האט איהם נאך אמאל דורכגעלעזען און האט זיינע אויגען ניט געגלויבט, דער גראָספירסט וולאַדימיר זאל פלוצלונג צו איהם שרייבען אזא פריינדליכען בריעף. דאס איז איהם נאר קיין מאל ניט איינגעפאלען:

און וואס מיינט ער מיט דיא ווערטער, אז ער איז אונשולדיג און ער וועט איהם דורך א סיורפריז איבערראשען?

דיא ווערטער האט דער גראף גאר ניט פערשטאנען און ער האט דעם גאנ-
צען טאג און נאכהער דיא גאנצע נאכט זיך געבראָכען דעם קאפ וועגען דעם.

אבער ער האט גאָר ניט געקענט ערקלערן.

276טעם קאפיטעל.

## מאַריאַ און גרינזאַנג.

שטארק צופריעדען איז גרינזאנג צוריקגעקומען פון'ם גענעראל-גובערנאטאר, איהם האט שטארק הנאה געטהאן, וואס ער איז בשלום ארויסגעגאנגען פון אזא גרויסען מענשען און ער האט געהאט דיא געלעגענהייט צו ערקלערן דעם גראָפ-פירסט, אז דיא יודען זיינען ניט אזוי פערדאָרבען וויא ער מיינט. דאביי האט איהם אויך געשמייכעלט דיא האפנונג, אז ער האט דעם אונגליקליכען היראָנים ראָזענ-דופט'ן א טובה געטהאן.

אבער איין זאך האט איהם בעאונרוהיגט, דאס וואָס דער גראָספירסט און דער צווייטער מאן, וואס איז מיט איהם געזעסען האָבען זיך אזוי נאכגעפרעגט אויף דער גרעפין מאריא.

— וואצו האבען זיי דאס בעדארפט וויסען אלעס וואס מיט דער גרעפין טהוט זיך? — האט ער זיך זעלבסט געפרעגט — ווער וויים צו שוועבט דא עפעס ניט א געפאהר איבער דער אונגליקליכער?

וויא ערשטווינט איז ער געוואָרען, אלס קומענדיג אהיים, האט ער געטראָפען מאריאַ'ן ווארטענדיג אויף איהם.

— איך האב אייך מיט דער גרעסטער אונגעדולד ערווארטעט, הערר גרינ-זאנג — האט זיא געזאגט — איך האב שרעקליכע נייעס ערפאהרען.

— שרעקליכע נייעס? — האט גרינזאנג געפרעגט.

— יא, מיין הערר, זעהר שרעקליכע נייעס האב איך ערפאהרען, לעזט דורך דיעזען בריעף וועט איהר זיי אויך ערפאהרען.

ביי דיא ווערטער האט זיא איהם איבערגעגעבען אדעלאס בריעף, וואס זיא האט געפונען ביי געלידאָוו'ן אין פאפיער קאָרב.

גרינזאנג האט אויפמערקזאם דעם בריעף דורכגעלעזען און אלע פארבען הא-בען זיך אין זיין געזיכט געביטען.

— מיין גאט! — האט ער געשטאמעלט — איז דאס מעגליך, אז דיעזעלבע אדעלא מיט איהר פאטער האבען איהם פערגיפטעט.

— איהר דארפט קיין בעסערע בעווייזע, הערר גרינזאנג.

— דאס איז שרעקליך! — האט גרינזאנג אויסגערופען — נו, וואס-זשע טהוט מען יעצט?

— דאס בין איך דאך געקומען אייך פרעגען וואס מען זאל טהאן. מען מוז פון דיא מערדער ראכע נעהמען.

— יא, וועגען דעם איז קיין רעדע, מען מוז פון זיי ראכע נעהמען. אבער דיא פראגע איז וואס זאל מען טהאן, צו ווען זאל מען זיך מיט דעם בריעף ווענדען?

— איהר זייט קליגער און פראקטישער פון מיר, הערר גרינזאנג, איהר קענט ניכער ראטהען צו ועמען מען זאל זיך ווענדען. נור נאך מיינער מיינונג קען מען דעם בריעף ווייזען וועמען מען וויל, וועט ער זיין איינדרוק מאכען און דעם ציעל צו וועלכען מיר שטרעבען עררייכען. דען ווער וועט זיך דאס ענטזאגען צו פערפאָלגען אזעלכע צוויי מענשענ־פרעסער.

— זאגט דאס ניט מאריא, היינטיגע צייטען קען מען זיך אויף דעם יושר פון מענשען ניט פערלאָזען. דען מיט געלד פערבלענדעט מען דיא אויגען, פון יענע פערזאנען, וואס זיינען פערפליכטעט פאר אזא אונערהערטע מערדעריי צו בעשטראפען. ביי מיר איז קיין צווייפעל, אז דיא צוויי מערדער האבען שוין טויזענדער רובעלס אויסגעשאטען אויף דעם, מען זאל ניט קענען דעם יושר אויפפאדערן זיי זאָלען בעשטראפט ווערן. אבער זאגט מיר מאריא, וויים שוין געלידאָוו פון דער שרעקליכער געשיכטע?

— יא, ער וויים, איך האב איהם דעם בריעף געוויעזען.

— נו, וואס האט ער געזאגט?

— ער איז וויא איך האב פערשטאנען אויף שטארק אויפגערעגט געוואָרען, אלס ער האט ערפאהרען צו וואס זיין ברודער איז פעהיג. עס קען זיין, אז ער וואָלט מיר נעהאלפען דער פערפלוכטער אדעלאן צו בעגראָבען, אבער איך האב מיך ניט געוואלט אויף איהם פערלאזען. אוים פורכט פיעללייכט וועט ער זיך שעהמען פאר דער וועלט, וואס ער האט זיך אזא בראוטע אויסגעקליעבען און ער וועט וועלען דיא גאנצע געשיכטע פערדעקען.

— דאס האט איהר אן אירדטהום מאריא. איך קען געלידאָוו׳ן זעהר גוט און איך וויים, אז זיין געוויסען וועט ער פאר אזא קליינינקייט ניט פערקויפען, אין געגענטהייל ער וועט אונז בעהילפיג זיין דיא מערדער צו בעגראָבען. ער קען אונז יא דעם ריכטיגען ראטה געבען, וואס מיר זאלען טהאן, ווייל ער איז אן אדוואָקאט און ער איז שוין קלאר אין אזעלכע זאכען.

— נו, קענען מיר זיך דאך יעצט אויך צו איהם ווענדען?

— דאס דענק איך צו טהאן. איך וועל מיט אייך צו איהם אריינגעהען און מיר וועלען זיך מיט איהם בעראטהען וועגען דעם.

— נו, לאמיר־זשע שוין געהען, הערר גרינזאנג.

— איילט זיך ניט אזוי, קוים האבען מיר דיעזען בריעף אין דער האנד, וועלען דיאביידע מערדער פון אונז ניט אנטלויפען. איך וועל אייך יעצט דערצעהלען א מערקווירדיגע זאך.

— וואָס איז?

— יעצט האבען זיך צוויי מענשען ביי מיר וועגען אייך שטארק אנגעפרעגט.

— ווער זיינען דיא וויכטיגע מענשען?

— דער גראָספירסט סערגעי אלכסנדראָוויטש מיט נאך איינעם.

מאריא האט אויסגעגלאצט דיא אויגען אויף גרינזאנג׳ן און האט איהם ער־שטוינט אנגעקוקט.

— איהר קוקט מיך פערוואונדערט אן — האט גרינזאנג שמייכלענד געזאגט — איהר גלויבט מיר פיעללייכט ניט?

— קענען ניט גלויבען אייך איז קיין רעדע, איך וויים, אז איהר וועט מיר קיין ליגען זאגען. אבער וויא קומט דאס וואס דער גראספירסט, האט זיך ביי אייך וענגען מיר נאכגעפרעגט? וואו האט איהר איהם געזעהען?

— ער האט מיר געשיקט רופען צו זיך.

— איהר זייט ביי איהם געוועזען?

— יא, דאס נעה איך ערשט פון איהם.

— האט ער אייך גערופען טאקי נור וועגען דעם?

— יא.

— דאס איז רעטזעלהאפט. פערשטעהט איהר פיעללייכט, הערר גרינזאנג, וואָרום ער האט דאס געפרעגט?

— לויט איך פערשטעה, שטעקט דא אייער טובה.

— וואס מיינט איהר מיט דיא ווערטער?

— איך מיין גאנץ איינפאך, וויא מיר שיינט אינטערעסירען זיך דיא לייטע זעהר שטארק אין אייער שיקזאל און זיי ווילען וויסען וואס מיט אייך טהוט זיך.

— אבער פון וואנען ווייסען זיי, אז איך לעב? אלע מיינען דאך, אז מיין מאן האט מיך געשאסען.

— וואהרשיינליך, האבען זיי ערפאהרען דיא וואהרהייט. מיר איז נור א וואונדער וויא אזוי האבען זיי געוואוסט זיך צו ווענדען צו מיר.

— נו, וואס האט איהר זיי געענטפערט?

— איך האב זיי דיא גאנצע וואהרהייט דערצעהלט.

— און זיי האבען אייך אויך געפרעגט וואו איך געפין מיך?

— יא.

— דא שטעקט עפעס א מערקווירדיגע געהיימניס — האט מאריא נאכדענקענד געזאגט — איהר ווייסט הערר גרינזאנג, וואס מיר איז איינגעפאלען?

— וואס?

— וויא באלד זיי אינטערעסירען זיך אין מיין ביטערער געשיכטע וואלט פיעללייכט ראטזאם געוועזען, זיי דעם בריעף צו צייגען. דא וואלט געווים מיט געוואלד דיא וואהרהייט געזיעגט.

— דאס איז ווירקליך ניט קרום — האט גרינזאנג געענטפערט.

— זאל איך אריינגעהען צום גראַספירסט מיט דיעזען שרעקליכען בריעף?

— יא, איהר קענט אריינגעהען, דאָ שטעקט קיין געפאהר פאר אייך.

— ווען זאל איך געהען צו איהם?

— הייטע גלויבע איך איז שוין צו שפעט, איהר וועט אריינגעהען מאָרגען.

— איך וועל אייך פאָלגען, מאָרגען אום צעהן אוהר, געה איך מיט דיעזען בריעף אריין צום גראַספירסט. יעצט האב איך צו אייך א ביטע הערר גרינזאנג.

— אויב עס ליעגט נור אין מיין מעגליכקייט דאס צו טהאן, וועל איך געוויס טהאן — האט גרינזאנג פריינדליך געענטפערט.

— מיין ביטע בעשטעהט אין דעם, איהר זאלט מיר ערלויבען ביי אייך אין הויז צו בלייבען איינינע טעג.

גרינזאנג האט איהר איין מאָמענט פערוואונדערט אנגעקוקט און האט ענדליך געזאגט:

— ווענען דעם דארפט איהר מיך בעטען? האבען מיר אליין אייך פיעל מאל ניט געבעטען איהר זאלט אונז טהאן דיא געפעלינקייט און אימער ביי אונז פערבלייבען, ווייל איהר זייט אונז טהייער וויא איהר זאלט זיין אונזערס אן איינען קינד.

— פריהער האב איך אייך ניט געוואָלט צו לאסט פאלען; ווייל איך האב געהאט א שטעלע און האב אליין געקענט מיין ברויט פערדינען, אבער יעצט האב איך מעהר קיין שטעלע. דען ביי געלידראָווי'ן אין הויז קען איך שוין ניט זיצען ווייל איך מוז יעצט אין בלוטינען קאמפף ארויסגעהען געגען זיין כלה.

— איך מוז אייך דיא וואהרהייט זאגען מאריא, אז איך בין זעהר דאנקבאר דעם צופאל וואס האט אייך דעם בריעף אין דיא הענד געוואָרפען; איינציג דערפאר, וואס צוליעב דעם קענען מיר דיא עהרע און דאס פערגניגען האבען אייך אין אונזער הויז צו האלטען. איהר קענט אייך גאר ניט פאָרשטעלען, וויא מיר זיינען צו אייך צוגעבונדען. מיין ווייב ליעבט אייך וויא א צערטליכע מוטער. דאמאלס ווען איהר זייט פון אונזער הויז צוריק אויף אייער שטעלע געגאנגען, האט זיא ביטערע טרערען פערגאָסען, ריכטיג וויא איהרס אן איינען קינד זאל זיא פערלאָזען. יעצט אז זיא וועט דערהערען דאס איהר פערבלייבט ביי אונז אויף אימער וועט דאס ביי איהר זיין ריכטיג וויא זיא זאל מיט א גרויס געווינס בעגליקט ווערען.

— אך וויא גוט איהר זייט — האט דיא גרעפין געריהרט געענטפערט — איך זאג אייך אהנע שמייכעלייען, אז איך וואָלט קיין מאל געגלויבט, אז אין דער וועלט געפינען זיך אזעלכע גוטע מענשען. פערפלוכט זאלען ווערען יענע אונמענשען, וואס וואגען אויף א יודען א שלעכט וואָרט צו זאגען. איך זאג אייך אויסדריקליך, אז איך וואָלט מיך גליקליך געפיהלט ווען איך זאל זיין א געבאָרענע יודין און זאל וויסען, אז אין מיינע אדערן פליעסט דאס עדעלע בלוט פון דער אלטער גוטער נאציאָן. ערלויבט מיר, ליעבער העדר גרינזאנג, אייער האנד צו קושען, אום אייך דאמיט צו ציינען, אז איך פיהל צו אייך קינדישע ליעבע.

זיא האָט איהם געוואָלט פאר דער האנד ערגרייפען, אבער גרינזאנג האט דאצו ניט דערלאָזט.

— אום גאָטעס ווילען גרעפין! — האט ער פאסט דערשראָקען אויסגערופען — וואס ווילט איהר טהאן. איהר ווילט א יודען דיא האנד קושען? אָ, ניין! מיר וועלען אייך אימער בעטראכט, אלס דיא עדעלע גרעפין דאנילאוו און וועלען ניט אויפהערען אייך צו רעספעקטירען און אייך צוטהיילען דיא עהרע וואס אייך קומט. לאָמיר בעסער אריינגעהען צו מיין פרוי, איהר ערפרייען מיט דער גוטער נאכריכט, אז איהר בלייבט אונזער גאסט אויף א לאנגער צייט.

— הערר גרינזאנג! איך ליעב אייך וויא א פאטער! — האט דיא גרעפין אויסגערופען דריקענד זיין האנד און איהרע אויגען זיינען פול געווארען מיט דאנקבארע טרערען — נור אז איהר ווילט מיר דאס פערגניגען ניט פערשאפפען איך זאל אייער האנד קושען, וועל איך וועניגסטענס קושען אייער פרוי, וועלכע איך ליעב וויא א גוטער צערטליכער מוטער.

און זיי זיינען ביידע אוועקגעגאנגען צו סאבינא׳ן אין צימער.

## 277טעס קאפיטעל.

# דיא פערצווייפעלטע כלה.

רעבעקא איז אויסער זיך, מען דערקענט זיא גאר ניט. וואו איז איהר פרעהליכקייט, איהר מונטערקייט? וואו איז אהינגעקומען דיא שעהנע בליהענדע פארב פון איהרע באקען?

— עס ליעגט אויף איהר געזיכט אזא מרה שחורה, אזא טרויערינקייט וויא ביי א מענשען וואס האט אלע האפנונגען אויף גליק אויפגעגעבען.

אזא גליקליכע כלה, און ווייזט אויס וויא איינע וואס איהר ליעבער מאן איז ערשט געשטארבען.

אזוי האבען צווישען זיך גערעדט דיא איינגעהער פון דעם באנקיר ראטהבלום׳ס הויז.

זיי האבען נאך וויא עס ווייזט אויס ניט געוואוסט פון דער געהיימניס, אז עס זיינען דא זעהר פיעלע מענשען, וועלכע מען בעטראכט אלס גליקליכע און זיי זיינען דיא אונגליקליכסטע אין דער וועלט.

רעבעקא איז ווירקליך געווען דיא אונגליקליכסטע אין דער וועלט. זיא איז געווארען א כלה פאר א מאן, וועלכען זיא האסט וויא דער טוידט, וועהרענד דער מענש, וועלכען זיא ליעבט מיט דעם גאנצען פייער פון דער ערשטער ליעבע איז דא און ווען זיא זאל ניט זיין פערבונדען מיט יענעם סוביעקט, וואלט זיא יעצט זעהר לייכט געקענט זיינע זיין.

זיא האט אבער ניט געוואגט פאר יעמאנדען איהר הערץ צו עפענען און דערצעהלען, וואס איהר דריקט. זיא האט געמוזט איהרע שמערצען פערבארגען טיעף אין הערצען און דאס האט זיא צערשמעטערט און פערניכטעט.

יאקאב פיין איז פריי, זיין אונשולד איז ענטדעקט געווארען.

דער געדאנק האט פון איהר קאפ ניט געקענט ארויסגעהען. זיא האט נאך פריהער געוואוסט, אז ער איז קיין מערדער, אז ער איז איינער פון דיא ארדענטליכסטע מענשען אין דער וועלט. נאך דאמאלס ווען אלע האבען איהם בעטראכט פאר א מענשענפרעסער פאר א שרעקליכען מערדער, האט זיא איהם אין הערצען פערגעטערט. בעזאנדערס יעצט, ווען אלע וויסען שוין, אז ער איז אונשולדיג, איז ער אין איהרע אויגען נאך מיט פופציג פראצענט טהייערער געווארען.

וויא האט זיא געוואלט איהם זעהן, חאטש פון ווייטען אויף איהם א קוק טהאן, וויא האט זיא געוואלט איהם אויסדריקען דיא פריידע, וואס זיא האט דאפען

װאס ער איז בעפרייט געװאָרען. אבװאהל, זיא האט גוט געװאוסט, אז װען זיא װעט איהם דערזעהען װעלען איהרע שמערצען נאך גרעסער װערען.

ער איז אבער צו איהר ניט געקומען. אבװאהל, עס זיינען שוין צװיי מאנ פערגאנגען זייט ער איז פון געפענגניס בעפרייט געװאָרען. זיא האט דאס אנגענומען אלס בעװייז, אז ער װייס שוין, אז זיא קען זיינע ניט זיין און דארום װיל ער זיך פאר איהר ניט װייזען.

דערפאר אבער האט איהר פערהאסטער חתן סימאָן גריץ זיא זעהר בעלעסטיגט מיט זיינע בעזוכע. צװיי מאל א טאג פלעגט ער צו איהר קומען זיך ערקונדיגען װעגען איהר געזונד און פלעגט נעבען איהר אבזיצען שטונדען־לאנג. עס האט ניט געהאָלפען װאס זיא האט אימער בייי אזא געלעגענהייט געזוכט פערשיעדענע מיטלען פון איהם בעפרייט צו װערען.

פלעגט זיא איהם דערזעהן, איז איהר געװען צו מוטה װיא זיא זאל דערזעהן א הענקער, װאס קומט איהר דעם קאָפּ אבהאַקען.

ער האט גוט בעמערקט, אז דיא זעלבע רעבעקא װאס האט ניט לאנג איהם אזוי פיעל פריינדשאפט געװיעזען איז נאר אנדערש געװאָרען. ער האט דייטליך געזעהן אז זיא קען איהם ניט ליידען, אבער ער האט זיך געטרייסט מיט דעם געדאַנק אז דיא אורזאכע דערפון איז ניט קיין האס אדער פעראַכטונג, זאָנדערן דאס װאס זיא איז ניט אין גאנצען געזונד. א קראנקער מענש איז אימער געררוטען און קען ניט ליידען מען זאָל איהם בעלעסטיגען. ער האט געהאָפּט, אז קוים װעט זיא געזינטער װערען, װעט זיא צו איהם פריינדליכער װערען.

— רעבעקא — האט ער איין מאל צו איהר געזאגט, אלס זיא האט זיך שוין ניט געקענט איינהאלטען און האט איהם געבעטען ער זאָל זיא אליין איבערלאָזען. איך מוז דיר אָפען זאגען, אז מיט דיין זאָנדערבארער בעהאנדלונג מאכסט דוא מיך זעהר אונרוהיג. װען איך זאָל ניט געדענקען דיא װערטער װאס דוא זעלבסט האסט מיט מיר גערעדט, װאָלט איך געמיינט איינפאך אז דוא קענסט מיך ניט ליידען.

— אבער הערר גריץ — האט רעבעקא געענטפערט — איהר זעהט דאָך אז איך בין קראנק, איך קען יעצט מיט אייך זאגאר ניט ריידען.

— איהר װעט מיר אזא זאך ניט איינבילדען — האט גריץ בייז געזאגט — דעם מענשען װאס מען ליעבט, דעם איז מען בעשטענדיג גערן, ער פאלט קיין מאל צו לאַסט.

— נו, װאס־זשע װילט איהר, איך זאָל אייך צו דיא פיס פאלען און שרייען געװאלד אז איך ליעב אייך? — האט רעבעקא שוין אויפגערעגט געענטפערט — איהר האט אליין בעדארפט מיך צו־רוהע לאָזען װען איהר זעהט אז איהר פאלט מיר צו לאַסט.

— איך װאלט אייך אין גאנצען צו־רוהע געלאָזט, װען איהר זאָלט מיר געװען פאר אונזער תנאים זאגען, אז איך קען אמאל אויף אייך צו לאַסט פאלען. אָ, רעבעקא! איך האב פון דיר אזא בעהאנדלונג ניט ערװאַרטעט. איך האב דיך ניט

געצוואונגען דוא זאָלסט זיך מיט מיר פערבינדען, איך האב דיר נור מיין הייסע ליעבע ערקלערט און דוא האסט פאָלעס רעכט געהאט מיר אָפען צו זאגען אז דוא קענסט מיך נים ליעבען. דוא האסט מיר אבער אליין פערזיכערט אז דוא ביסט צופריעדען דערמיט וואס איך ליעב דיך און האסט מיר דערביי אויף פערשפראָכען מיט דערזועלבער ליעבע צו ענטפערן און פלוצלינג נאכדעם, אז מיר הייסען שוין ביי דער וועלט חתן־כלה, האסט דוא זיך אנגעהויבען צו מיר ווייזען אזוי קאלט און אזוי אונפריינדליך. רעבעקא! איך וויל ניט גלויבען, אז דיינע געפיהלע זיינען אנדערש געווארען. דוא ביסט ניט פעהיג א מענשען אונגליקליך צו מאכען. ניין און טויזענד מאל ניין. איך וועל בעסער גלויבען אז איך האב מיט א דומהייט דיין צאָרן גענגעז זיך ערוועקט, אז דוא ביסט אויף מיר צאָרניג דערפאר וואס איך האב עס פער־דינט. אבער איך בין דאָך ניט מעהר וויא א מענש, יעדער בעסטער מענש קען אין זיין לעבען א פעלהער בעגעהן און דיא שולדינקייט איז, מיך אויף דעם פעהלער אויפמערקזאם צו מאכען, אום איך זאָל איהם קענען פעררינכטען. אבער מיך אזוי גרויזאם צו בעהאנדלען דאס פאסט ניט פאר דיר.

דיא ווערטער האבען אויף דער גוטער רעבעקא'ן שטארק געווירקט. זיא האט זיך בערעכענט, אז זיא טהוט ווירקליך א גרויס אונרעכט געגען דעם מענשען, וועלכען זיא אליין האט דיא האנד געררייכט צום עוויגען בונד. זיא האט נעגלויבט, אז גריץ האט דיא גרעסטע שמערצען דערפון וואס איהר ליעבע צו איהם איז אבגעקיהלט געוואָרען. זיא האט דארום מיט איהם גרויס מיטלייד געהאט און איהם יעצט רייכענד דיא האנד האט זיא געזאגט:

— פערצייהע, ליעבער סימאָן. איך געשטעה זעלבסט, אז איך האב אונ־רעכט געגען דיר, אבער וואס קען איך העלפען? איך בין דאָך ניט מעהר וויא א שוואכע פרוי....

— איך פערצייהע דיר, מיין לעבען — האט ער געענטפערט קושענד איהר האנד — איך קען דיר פערשפרעכען, אז איך וועל דיך שוין ניט מעהר בעלעסטיגען. ווען דוא ווילסט ניטליידען איך זאָל צו דיר קומען קען איך דיר צוליעב טהאן און קיין מאל מעהר פאר דיינע אויגען ניט ערשיינען.

— ניין, סימאָן! — האט רעבעקא געענטפערט און אין איהרע שעהנע אויגען האבען זיך געוויזען טרעהרען — אין געגענטהייל, קום יעדען טאָג, פיעללייכט וועסט דוא מיט דיין געגענוואַרט מיין מעלאַנכאָליע פערטריבען.

— איך וועל אלע מיינע קרעפטען אנווענדען דיך, מיין לעבען, צו ערהיי־טערן — האט גריץ געענטפערט און זיין ברוסט האט אין איהם אויס פרייד שטארק איינפאך געטאנצט. פון דיינטוועגען וועט מיר קיין זאך ניט שווער זיין צו טהאן. אין פייער און אין וואסער וועל איך מיט פערגעניגען פליהען, אבי דיינע ווינשע צו ערפילען.

נאך דיעזען געשפרעך האט זיך רעבעקא פעסט בעשלאָסען איין מאל פאר אלע מאל, זיך מאכען א הערץ און איהר חתן בעהאנדלען.

אבער עס האט זיך באלד נעמאכט אזא פאל וואס האט אבערמאלס אין אין איהר אן איבערקעהרעניש נעמאכט.

אלס זיא איז איין מאל נעזעסען אין איהר פאטערס זאל פערטיעפט אין נעדאנקען, האט מען איהר נעמעלדעט, אז אן אלטע פרוי ווינשט מיט איהר צו שפרעכען.

זיא האט נעהייסען דער פרוי ארייגלאזען.

אינ'ם זאל איז אריינגעקומען דיא אלטע נאלדע דיא טענדלערין.

— זיים איהר אפשר דאס פריילין רבקה ראטהבלום? — האט נאלדע נע- פרעגט זיך פערנייגענד נאך גרויס־שטעדטישער מאָדע.

— יא, איך בין עס — האט רעבעקא נעענטפערט.

— מיך קענט איהר, פריילין לעב?

— ניין, איך קען אייך ניט.

— איהר האט מיר נאָר קיין מאל ניט געזעהן?

— מיר שיינט, אז איך האב אייך יא אירגענד וואו נעזעהן, אבער איך קען מיך ניט ערמנערן וואו.

— נאט איז מיט אייך! איהר האט פערגעסען, אז סך־הכל מיט איין יאהר צוריק האב איך ביי אייער מאמען זאָל לעבען אבגעקויפט אלע אלטע קליידער וואס האבען זיך ביי איהר אין שטוב נעפונען.

— איך געדענק דאס ניט.

— אזוי? איהר נעדיינקט ניט? נור.... הא?.... חלעבען עס איז נאָר קיין וואונדער ניט וואס איהר געדענקט דאס ניט. מיר שיינט, אז איהר זיים טאקע דא- מאלס אין דער־היים ניט נעווען. אבער וויא דיא מעשה איז, מיר דארפט איהר קענען, ווייל איך בין דאָ אין אלע אידישע, און צעהן מאל להבדיל אין אלע קריסט- ליכע הייזער בעקאנט. נאלדע דער טענדלערין קענען אפילו אלע גראפיניעס און אלע גרעסטע פריצות. זיי ווייסען שוין, אז ווען זיי האבען עפּעס צו פערקויפען, איז קיין בעסערע סוחר'טע פון מיר נימא.

— מיר האבען אָבער יעצט ניט וואָס צו פערקויפען — האט רעבעקא גע- זאגט.

— איך בין יעצט ניט נעקומען ביי אייך עפעס קויפען, איך בין אהער נע- קומען נאָר וועגען אַן אנדער זאך.

— איהר דארפט נעוויס צו מיין מוטער?

— ניין, טאקע צו אייך אליין, פריילין קרוין.

— צו מיר? וואס בעדארפט איהר צו מיר?

— שרעקט זיך ניט. איך בין חלילה ניט נעקומען אייך שלעכטס טהאָן; וואס איך ווינש אייך זאָל דאס מיר געשעהן. חאָטש איך קען אייך ניט און זעה אייך יעצט דאס ערשטע מאל, פון דעסטוועגען האב איך אייך שטענדיג ליעב נעהאט וויא מיין לעבען.

— איהר זייט א מערקווירדינע פרוי — האט רעבעקא נעזאגט — וויא אזוי

האט איהר מיך געקענט ליעב האבען ווען איהר האָט מיך, וויא איהר אליין זאָגט, גאר ניט געקענט?

— פרעגט קיין קשיות ניט, פריילין לעב. דעם גוטען מענשען האָט מען ליעב האָטש מען קען איהם ניט

— אָבער זאָגט מיר וואָס פערלאַנגט איהר?

— איך וויל אייך פון אונגליק פערהיטען, פריילין לעב.

— פון אונגליק ווילט איהר מיך פערהיטען?

— יא, אבער טאקע פון א גאנץ גרויסען אונגליק.

— וואָס איז דאָס פאר אַן אונגליק?

— איז דאָס וואהר, אז איהר זייט א כלה געוואָרען פאר סימאָן גריץ?

— יא.

גאָלדע האט געוואָלט עפּעס זאגען, נור אין דער מינוט האט זיך האסטיג דיא טהיר געעפענט און סימאָן גריץ איז אריינגעלאָפען בלאס וויא דער טויט. ער איז געווען אזוי צוקאָכט, דאס ער האט רעבעקא׳ן אפילו ניט בעגריסט און זיך ווענדענד צו גאָלדען האט ער געזאגט:

— גאָלדע! קומט, איך דארף אייך עפּעס זאגען.

— וואס ווילט איהר מיר זאגען? — האט גאָלדע שפּאָטיש געפרעגט.

— קומט נור מיט מיר אויף איינינע מאָמענטע, וועל איך אייך זעהר א וויכטיגע זאך זאָגען.

— לאָמיך הערען וואס איז דאס פאר אזא וויכטיגע זאך — האט גאָלדע גע-ענטפערט און איז מיט איהם ארויסגעגאנגען פון׳ם זאל.

— גאָלדע! — האט סעמיאָן געזאגט ציטערנד ביי אלע גליעדער — האט מיט-לייד, מאכט מיך ניט אונגליקליך. זאגט, וואס פערלאנגט איהר?

— איך האב דאָך אייך שוין געזאגט, אז איך וויל טויזענד רובעל.

— איך ברייננ אייך שפּעטער דאס געלד.

— ווער זאָל אזוי לעבען?

— איך זאָל אזוי לעבען.

— וואס וועט זיין, אז איהר וועט מיך אבנאררען?

— וועט איהר דאך קענען נאך אמאל אהער טרעפען און דערצעהלען אלעס וואס איהר ווילט.

— גוט, איך וועל מיך פּרובירען דאס מאל אייך גלויבען. אבער וועה און וויינד וועט צו אייך זיין, ווען איהר וועט מיך נאררען. איהר דארפט ניט פערגעסען, אז איך היים גאָלדע דיא טענדלערין, מיט מיר שפּיעלט מען זיך ניט.

— איהר וועט זעהן, אז איך וועל וואָרט האלטען.

— נו, וועל איך נור זאגען אייער כלה א גוטען טאג און וועל אוועקגעהן.

— געדענקט־זשע אבער איהר זאָלט זיך קיין נארישקייט ניט אויסריידען.

— פערלאָזט זיך שוין אויף גאָלדע דער טענדלערין. אוך ווייס וואס איך האב צו טהאָן.

דיא איז צוריק אריינגעגאנגען אין זאַל און האט געזאגט:

— א גוטען טאג אייך, פרייליין קרוין. איך מוז יעצט ווענען א נייטינער זאך אוועקגעהן. עס קען זיין, אז איך וועל נאך היינט ביי אייך זיין. האט מיר א גוטען פרעהליכען טאג. ניט אָפּ א נערוס אייער מאמען זאָל געזונד און שטארק זיין, נישקאָשע, זיא קען מיך. מיך קענען אַלע גראַפיניעס און אלע גרעסטע פריצות. האט מיר א גוטען טאג.

זיא האט זיך אבערמאלס קאָמיש פערניינט און איז אוועקגעגאנגען.

רעבעקא האט ערשטוינט א קוק געטהאן אמאל אויף גאָלדע'ן און אמאָל אויף גריץ'ן. זיא האט פערשטאנען אז דא מוז עפּעס זיין, און אלס גאָלדע איז שוין ארויסגעגאנגען, האט זיא געפרעגט גריץ'ן וואס דאס בעדייט.

— גאר ניט — האט גריץ געענטפערט — דאס איז א וואהנזיניגע פרוי.

— וואס האט זיא מיר געוואָלט זאגען און וואס האָסט דוא איהר געזאגט?

— פרעג גאר ניט, ליעבע רעבעקא. עס האט ניט דיא ווערטה מען זאָל וועגען דעם ריידען. לאמיר בעסער שפּרעכען פון אנדערע זאכען.

אבער רעבעקאַ'ן איז דיא געשיכטע גוט אינ'ם קאָפּ אריין. זיא האט זיך פאר קיין פאַל געקענט בערוהיגען און האט זיך שטארק פערטראכט.... זיא האט פערשטאנען אז דיא טענדלערין האט איהר עטוואס געוואָלט דערצעהלען וועגען גריץ'ן, און ער האט דאס מיט זיין ערשיינען צערשטערט.

278טער קאפּיטעל.

## דעם טאַטענס שטאָלץ.

אין דאנילאָווקא איז אבערמאלס לעבעדיג. אדעלא איז געקומען צופאָהרען און מיט איהר קומען האט אלעס גאר אויף דאס נייע אויפגעלעבט. דער פּערסאָנאַל פון דיא דיענער האבען זיך פערגרעסערט, זיא האט אינ'ם פּאלאסט בעשטענדיג א שטארקע טהעטיגקייט בעמערקט. דיא פיעלע דיענער ויינען געלאָפען הין־און־הער, אין דער קיך האט זיך געקאָכט און געבראָטען, פון דער שטאדט האט מען ניט אויפגעהערט צו פיהרען פערשיעדענע וויינען און נאשערייען פאר דיא האָהע הערר־שאפטען, דיא נגעדיגע גרעפין און דער אלטער נגעדיגער גראף.

אדעלא האט דאָ געשפּיעלט אַ ראָליע פון א קעניגין. זיא האט פון אלע דיענער פערלאנגט קייזערליכע עהרע. אלע האבען פאר איהר געציטערט וויא פאר דעם מלאך־המות.

זיא האט פאר זיך יעצט קיין שאטען געזעהן, וואס זאָל אין שטאנדע זיין איהר גליק צו פערדונקעלען. אלעס איז שוין אבגעטהאן, אלעס איז פערזונקען אין דער פערגאנגענהייט. זיא האט אפילו מאנכעס־מאל געציטערט, פיעללייכט וועלען דיאביידע מערדער סטעפּאַ און סעמיאן דערצעהלען פון דעם אונגליק וואס זיא האט געבראכט אויף דעם גראף אנטאן און אויף זיין ווייב. אבער יעדעס מאל האט זיא זיך געטרייסט מיט דעם געדאנק, אז דיא ווערטער פון אזעלכע בעריהמטע מערדער וועלען ניט אנגענומען ווערען, און ווען עס וועט אויף איינעם פון דיא

בעאמטע יא א שטיקעל ווירקונג מאכען, וועט זיא שוין א שמיר טהאָן מיט געלד, און אלעס וועט אבערמאלס בלייבען שטיל.

נור דער אלטער פעליקס האט זיך נאך ניט געקענט בערוהיגען. ערשטענס האט ער געציטערט פיעללייכט וועט סטעפאן אויסזאגען, אז ער האט איהם דאס גיפט געגעבען פאר אנטאָנען; צווייטענס, האט ער ניט געקענט פערגעסען אָן דעם בריעף, וואס איז פון זיין טאָש פערשוואונדען געוואָרען.

אדעלא האט זיך אבער פון איהם אויסגעלאכט.

— נאררישער אלטער! — האט זיא צו איהם געזאגט — סטעפאן וועט דאך ציטערן צו דערמאָנען אז ער האט דאס גיפטיגע עסען געבראכט פאר אנטאָנען, ווייל ער איז ניט קראנק אויפ'ן שכל, ער ווייס, אז ווען מען וועט ערפאהרען, אז ער האט דאס גיפטיגע עסען פאר אנטאָנען געבראכט וועט ער צום טוידט פערורטהיילט ווערען. און וועגען דעם בריעף וואס איז פון דיין טאָש פערשוואונדען געוואָרען, גלויב איך, אז דוא האסט איהם אליין געמוזט פערברענגען, נור דוא האָסט זיך אָן דעם פערגעסען. איך ווייס דאך שוין פון לאנג, אז דוא האָסט א קאצענקאָפּ, דוא געדענקסט ניט פון דאנען אהין.

— איך קלער אלץ אז דאס האט יענער טייפעל פון מיין טאָש געמוזט ארויסגעהמען — האט דער גראף בעהויפטעט.

— וואס האסט דוא זיך אריינגענומען אין קאָפּ, אז דיך האט בעזוכט דער טייפעל? — האט אדעלא לאכענד געזאגט — איך גלויב, אז דוא ביסט ניט ביי דיין קלארען פערשטאנד. יענער מענש פון וועלכען דוא רעדסט האט געמוזט זיין אן איינפאכער גנב.

— ווען ער זאל זיין א גנב, וואלט ער דאָך מיין גאנץ געלד צוגענומען?

— עס קען זיין אז ער האט ווירקליך געוואָלט דיין געלד צונעהמען, נור פּלוצלינג האט ער דערהערט וויא יעמאנד קומט אָן, האט ער זיך דערשראָקען און האט גאר ניט גענומען.

— ניין, אדעלא — האט פעליקס געזאגט — דוא וועסט מיך ניט איינריידען. יענער מענש וויזט ניט אויס א גנב צו זיין. דוא זאָלסט איהם זעהן, וואָלסט דוא געמיינט אז ער איז א פּרינץ.

— חא, חא, חא! — האט אדעלא געלאכט — א פּרינץ וועט ניט קומען שרעקען אן אלטען מאן מיט א רעוואלווער, דאס איז געווען אן איינפאכער מערדער. איך פערשטעה אָן דעם וואס ער איז אזוי געזונד דאס ער האט סטעפאנען מיט סעמיאָנען געלייגט צו דער ערד מיט צוויי פויסטען. יא, פאטער, דאס איז געווען א מערדער. מיך פערדריסט וואס איך בין צו יענער צייט דאָ ניט געווען. ער וואָלט שוין פון דאנען גאנץ ניט ארויסגעגאנגען. איהר זייט אלע טוינעניכטס'ן, אז איהר האט אזא געפעהרליכען סוביעקט געקענט גאנץ אבלאזען, ער זאָל זיך געהן זיין וועג.

דיר איז גרינג צו ריידען, איך גלויב אבער, אז חאָטש דוא ביסט אזא גרויסע העלדין, פון דעסטוועגען וואָלט אין דיר אויך קיין הערץ געבליעבען, ווען ער

זאָל זיך צוּוּעהן געגנען דיר שטעלען מיט זיין רעוואָלוועה, אדער ער זאָל דיר שענקען איינעם פון זיינע קולאקעס. מיר זאגט אלץ דאס הערץ. אז ער איז געוועזן א שפּיאָן.

— א שפּיאָן? — האט אדעלא געלאכט — וויא קומען אהער שפּיאָנען, וואס פלוידערסט דוא אזעלכע דומהיים? קיינער וועט נים וואנען אהער שפּיאָנען צו שיקען. דער איינציגער שפּיאָן אין דיעזען געגענד איז דער פערפלוכטער איוואן. איהם וועל איך נאך דיעזע וואָך פון דאנען פעריאָגען.

— דוא זעהסט דאָך אבער אז ער פאָלגט דיך נים. דוא האסט איהם שוין עטליכע מאל אנגעזאגט ער זאל זיך פוּן'ם טייפעלס־שלאָס ארויסציהען, און ער זיצט זיך גאנץ רוהיג אויף זיין אָרט.

— ווארט, פאטער, דוא וועסט שוין זעהן וואס פאר א שטראָפע דער אלטער שורקע וועט פון מיר ערהאלטען, דערפאר וואס ער איז [illegible]. איך וויל מיך שוין מיט איהם רעכענען וויא מען בעדארף.

— וואס וועסט דוא איהם טהאָן?

— איך האב שוין אריינגעשיקט א ביטע אין דער פּאָליציי מען זאָל דעם אלטען הונד מיט זיין פרוי פוּן'ם טייפעלס־שלאָס ארויסיאָגען. דוא קענסט זיכער זיין, אז נאך דיעזע וואָך וועט ער פון דעם געגענד פעריאגט ווערען און זיין פוס וועט זיך דא קיין מאל געפינען. ער מיינט, אז קוים האט ער געמאכט איין האנד מיט דיא אלע מוזשיקעס פוּן'ם דאָרף זיי זאָלען מיך נים פאלגען ווען איך וועל זיי הייסען זיי זאָלען איהם פוּן'ם טייפעלס־שלאָס ארויסוואַרפען, וועט ער שוין דאָרט בלייבען אונגעשטערט זיצען. ער האט נאר פערגעסען, אז עס ניעבט א פּאָליציי אין דער וועלט, דאָרט וועט איהם שוין קיין זאך העלפען. האט מיר געלונגען אזעלכע צוויי ריעזען וויא אנטאן מיט זיין ווייב ווארען פון דאנען אבצורוימען, וועל איך דער אלטער פליג געוויס פערניכטען.

— יא, אדעלא, איך מוז דיר געשטעהן, אז דוא האסט דא אזעלכע העל־דענטהאטען געוויעזען וואס זיינען צום בעוואונדערן. דוא ביסט יעצט רייך און דוא קענסט זאגאר מיט א פּרינץ הייראטהען. פערגעס דעם טויגעניכטס געלידאוו. איך פערשטעהע נאר נים ווארום האסט דוא זיך אין דעם סוביעקט פערליאפּעט?

— איך וויים אויך נים ווארום איך ליעב איהם אזוי. איך מוז דיר געשטעהן, פאטער, אז דוא האסט רעכט געהאט מיט דעם וואס דוא האסט מיר געראטהען איך זאל פון איהם וויכען. ערשט יעצט האב איך מיך ארומגעזעהן, וואס פאר אן אונדאנקבארער קערל און וואס פאר אן אידיאָט ער איז. צוליעב א פערפלוכטע גובערנאנטין האט ער מיך אזוי שענדליך בעהאנדעלט; ער האט נאר פערגעסען, אז איך בין יעצט א מיליאנערין. איך מוז דיר דיא וואהרהייט געשטעהן, פאטער, אז אנפאנגס האב איך גרויסע שמערצען געהאט דערפון וואס מיר זיינען פארנאנ־דער געריסען געוואָרען, נור יעצט בין איך שטארק פון דעם צופריעדען. זאל ער זיך האָלטען מיט זיין גובערנאנטין, און שפּעטער ווען איך וועל הייראטהען מיט א פירסט אדער מיט א פּרינץ וועט ער זיך דיא האאר פוּן'ם קאָפּ רייסען.

— וואס איז דאס דאַרט פאר א גובערנאנטין וואס האט איהם אזוי בעצוי-בערט, דאס צוליעב איהר האט ער זיך מיט דיר צוקריעגט?

— ווארום פרעגסט דוא אזעלכע דומע פראגען? ווייסט דוא דען ניט וואס א גובערנאנטין איז, אן איינפאכע פרוי פון דער ניעדעריגער קלאסע וועלכע נער-קויפט זיך פאר דעם ברויט צו לערנען מיט קליינע קינדער.

— זיא מוז זעהר שעהן זיין?

— דאס קען איך ניט אפלייקענען, שעהן איז זיא. מען זאל ניט וויסען אז זיא איז א גובערנאנטין, קען מען מיינען אז זיא איז א געבארענע גרעפין. אבער נעפינען מיר ניט אויף יעדען טריט ביי'ם פראָסטען פאָלק זעלטענע שעהנהייטען, וואס קיינער קוקט זיך גאר אויף זיי ניט אום? דיעזע פערפלוכטע גובערנאנטין מוז א צויבערין זיין, זיא האט נעווים דעם נאררישען וואלאדיא א כשוף געטהאן, אנ-דערש קען מען זיין פריינדשאפט צו איהר ניט פערענטפערען. איך מוז דיר זאגען, פאטער, אז זייט איך לעב האב איך נאך קיין מענשען אזוי ניט געהאסט, וויא איך האס דיעזער פערפלוכטער פרוי; איך בין פעסט בעשלאָסען זיך נאך אמאל מיט איהר אבצורעכענען; מיין בלוט וועט אין מיר ניט רוהיג פליעסען, וואו איך וועל ניט זעהן וויא איהר בלוט גיסט זיך אויף דער ערד וויא וואסער.

— וואס קענסט דוא איהר טהאָן?

— דוא פרעגסט נאך? אנטאן און זיין פרוי זיינען געוועזען גרעסערע העלדען פון דיעזער גובערנאנטין, פון דעסטוועגען האב איך איבער זיי געזיעגט, נו, וועל איך איבער אזא דינסטמעדכען געוויס זיעגען.

— זיא איז דאך אבער אין מאָסקווא?

— נו, און איך וועל דען שוין מעהר אין מאָסקווא ניט זיין? זיי זיכער, אז איך וועל מיך שוין מיט איהר בעגעגנען און זיא וועט איהר לאָהן פון מיר ערהאל-טען. דוא קענסט דאך מיר שוין, פאטער, אז קוים טראג איך א האס אויף א מענשען, קען ער שוין גאנץ פון מיינע הענד ניט ארויסקומען. אויך מיט דעם נאררישען וואלאדיא וועל איך מיך אברעכענען, פאר דעם וואס ער האט מיך אזוי בעליידיגט. מיר האט ביז אהער געפעהלט פיעל געלד, און וויא באלד איך האב שוין דאס געלד וועל איך אלע מיינע ווינשע אויספיהרען.

דער אלטער האט פערגעניגט אויף זיין העלדישער טאכטער געקוקט. עס וואר לייכט אָן זיין געזיכט צו דערקענען, אז ער שטאָלצירט שטארק דערמיט, וואס גאט האט איהם געבענטשט מיט אזא זעלטענע טאכטער, וואס קען אזעלכע וואונ-דער בעוויזען.

— איך בין צופריעדען — האט ער געענטפערט — איך ווינש דיר, מיין קינד, דוא זאלסט אויספיהרען אלעס וואס דוא ווילסט. דוא האסט ריכטיג מיין נאטור. איך בין אין מיין יוגענד אויך אזוי געוועזען; האב איך צו עטוואס לוסט געהאט, האט מיך קיין זאך ניט אבגעשראקען און איך האב געמוזט מיינס אויספיהרען. יא, מיין קינד, איך האב דיך ליעב דערפאר וואס דוא ביסט אין אלע פאכ...

עהנליך צו מיר. דוא ביסט מיין שטאלץ און מיין אונטערשטיצונג אין דיא אלטע יאהר; דוא זאלסט אימער אין זינען האבען אז דארט וואו דוא קענסט נוצען ציהען, זאל ביי דיר קיין זאך קיין ראָליע שפּיעלען; פון מיטלייד זאלסט דוא קיין מאל ניט וועלען וויסען, דען אז דיר וועט זיין שלעכט וועט אויך קיינער מיט דיר קיין מיטלייד האבען. דוא מענסט אלעס טהאן: מארדען, רויבען, גנב'ענען, נור זעלבסטפערשטענדליך, קיינער זאל דערפון ניט וויסען; דאס איז געווען דער ווענ אין וועלכען איך בין אימער געגאנגען און אין דעם זעלבען ווענ זאלסט דוא, מיין קינד, אויך געהן. קום צו מיר, מיין טאכטער, לאמיך דיך האָטש קושען דערפאר וואס איך קען מיט דיר שטאָלצירען.

ער האט זיא צערטליך איינגעשלאסען אין זיינע הענד און האט זיא הערצליך געקושט.

279סטעס קאפּיטעל.

## אונערוואַרטעטע נייעס.

דאס בלוט האט געקאָכט אין וולאדימיר געלידראָוו. דער בריעף וואס דיא גובערנאנטין סוסאַנא פּעטראָוו האט איהם געוויעזען. דיעזער בריעף האט איהם יעצט דיא אויגען געעפענט ער זאל זעהן ווער און וואס זיין כלה איז, אז זיא איז א מערדערין און דער גרעסטער אויסוואורף דער נאטור.

דאס בלוט האט אין איהם געקאָכט דערפאר וואס ער האט זיך געלאזט אזוי לאנג און אזוי פיעל נאררען. ער האט זיך געשעמט פאר זיך אליין, וואס ער האט ביז אהער ניט בעמערקט וואס פאר א פערפלוכטעס, אבשייליכעס וועזען אדעלא איז, און זאגאר נאכדעם אז ער האט צופעלינגער־ווייזע געלעזען דעם בריעף וואס זיא האט געשריעבען צו איהר פאטער, אין וועלכען זיא האט אזוי דייטליך גע־שריעבען וועגען דעם גראף אנטאן'ס פערגיפטונג. אויך דאן האט ער זיך געלאָזט פון איהר נאררען און האט איהר געגלויבט, אז זיא רעדט פון א הונד'ס פערגיפּ־טונג.

— נור וואס איז מיט דער גובערנאנטין? איז איהם פלוצלינג א פראגע איינגעפאלען — ווארום האט זיא אזוי שרעקליך אויסגעזעהן, אלס זיא האט איהם דעם בריעף געוויעזען? פארוואס האט זיא איהם דעם בריעף ניט געוואָלט אבגעבען און איז מיט איהם אנטלאפען געוואָרען?

א לאנגע צייט האט זיך געלידראָוו געבראכען דעם קאפּ זוכענדיג דיא דייטונג פון דער רעטהזעל, אבער ער האט עס ניט געפונען. ער האט דאס נור געקענט פערענטפערען, מיט דעם האס וואס סוסאַנא האט אָהנע צווייפעל געטראגען אויף אדעלא'ן, דערפאר וואס זיא האט איהר דא אזוי פיעל בעליידיגט.

— וואס טהוט מען יעצט? — האט ער זיך געקלערט — איך זאל פערשווייגען אזא מערדעריי איז דאס דאָך א זינד פאר גאט און פאר זיך זעלבסט; זאל איך דאס איבערגעבען דער עפענטליכקייט איז דאס דיא גרעסטע שאנדע פאר מיר, דען איבעראל איז בעקאנט אז אדעלא איז מיין בראוט. מען וועט מיך צוליעב איהר אזוי פעראכטען, דאס איך וועל מיך שעמען דאס פנים וויזען פאר מיינע בעקאנטע.

— נור עס מעג זיין וואס עס וויל—האט דער ארענטליכער מאן ענדליך אויסגערופען—איך מוז דיא שרעקליכע געהיימנים פערעפענטליכען, אבער וואו איז דער בריעף? ווארום האט דיא גובערנאנטין דעם בריעף צוגענומען?

ער איז אויפגעשטאנען פון זיין אָרט און איז געגאנגען צו סוסאנא'ן אין צימער פאָדערן פון איהר דעם בריעף, אבער ער האט זיא אין איהר צימער ניט געטראפען. ער איז אריינגעגאנגען אין דעם קינדער־צימער אויך צו דער מוטער, פיעללייכט וועט ער זיא דא געפינען, אבער זיא איז נירגענד געווען.

— וואו איז דיא מאדאם פעטראָוו? — האט ער געפרעגט דער מוטער.

— איך וויים נים—האָט דיא מאדאם געלידאָוו געענטפערט—וואָצו ברויכסט דוא איהר?

— איך בעדארף זיא נאָטהווענדיג האבען.

— עפעס ביסט דוא שטארק אויפגערעגט. וואלאדיא—האט דיא מוטער געזאגט בעטראכטענדיג דעם זאָהן. זאג דאָך מיר, וואס פאר א נייעס האט ביי אונז פאסירט?

— נאָר נים, מוטער.

— דוא נאררסט מיך, וואלאדיא. איך פאָדערע פון דיר, דוא זאָלסט מיר אלעס דערצעהלען.

וואלאדיא האט אייניגע מינוטען געשוויעגען. עס איז איהם זעהר שווער געווען דער מוטער אזא שרעקליכע זאך צו דערצעהלען. אלס זיא האט אבער צום צווייטען און צום דריטען מאל דאסזעלבע פון איהם געפאָדערט, האט ער זיך שוין ניט געקענט איינהאלטען און האט געענטפערט:

— מוטער! אדעלא איז א איינפאַכע מערדערין.

— וואס? — האט דיא אלטע געפרעגט, אויסגלאָצענדיג דיא אויגען אויף דעם זאָהן.

— אדעלא איז א מערדערין — האט ער וויעדערהאָלט.

— וואס הייסט א מערדערין?

— זיא איז א מערדערין אין פאָלען זינע דעם וואָרט, דען זיא מיט איהר פאטער האבען א מענשען פערניכטעט.

דיא מוטער איז בלאס געוואָרען און האָט נאך מעהר פערוואונדערט דעם יאָהן אנגעקוקט.

— דוא גלויבסט מיר נים? מוטער—האט וואלאדיא געזאגט—האט דיר דיא מאדאם פעטראָוו גאָר נים דערצעהלט?

— ניין, זיא האט מיר גאר נים דערצעהלט.

— עס איז פיעל געזינטער פאר דיר, דוא זאלסט דאס ניט הערען און ניט וועלען וויסען

— איך בין דאָך אבער פאָרט נייגיעריג צו וויסען וואס דא טהוט זיך. דער־צעהל דאָך מיר, מיין זאָהן, איז דאס דיין ערנסט, אדער דוא שפאסט?

— ניין, מוטער, איך שפאס ניט. אדעלא האט אין דער ווירקליכקייט a מענשען פערניפטעט.

— וועלכען מענשען?

— איהר איינענעם קאָזין, דעם גראף אנטאן דאנילאָוו.

— יעזוס! הער איך ריכטיג?

— דאס איז ריכטיג וויא איך דערצעהל דיר, מוטער.

— אבער פון וואנען ווייסט דוא דאָס?

וואלאדיא האט איהר דערצעהלט פון דעם בריעף וואס ער האט צופעליג נעפונען ביי אדעלא'ן אין צימער, און פון דעם בריעף וואס דיא גובערנאנטין האט איהם נעוויזען.

— נו, און דוא ווייסט אז דער גראף דאנילאָוו איז ווירקליך פערניפטעט נעוואָרען? — האט דיא מאדאם נעלידאָוו נעפרעגט ציטערנד ביי אלע גליעדער.

— יא, איך וויים. דיא מאדאם פעטראָוו האָט עס מיר דערצעהלט.

— פון וואנען ווייס זיא דאס?

— דאס האב איך איהר ניט נעפרעגט.

— גרויסער גאט! — האט דיא מוטער ערשראקען אויסנערופען — דער קאָפּ צו שפאלט זיך אויף מיר. מיר גלויבבט זיך דאס גאר ניט. איך האב דיר שוין לאנג נעזאגט אז אדעלא נעפעלט מיר ניט, אז זיא איז זעהר פערדאָרבען, אבער זיא זאל זיין אן איינפאכע מערדערין, דאס איז מיר גאר ניט איינגעפאלען.

— איך וואלט דאס אויך קיין מאל נעגלויבט. וואס פאר א ראטה גיסט דוא מיר יעצט, מוטער?

— ווענען וואס פערלאנגסט דוא א ראטה?

— צו זאל איך דעם מאָ־דטהאט בעקאנט מאכען צו ניט?

— נעווים מאָר מען אזא שרעקליכע זאך ניט פערשווייגען.

— אבער פערגעס ניט, מוטער, וויא מיר וועלען זיין צו שפאָט און צו שאַנד. דוא שפיעלסט זיך מיט אזא זאך, מיין כלה איז אן איינפאכע מערדערין.

— נו, וואס־זשע איז? דוא זעהסט דאך אז קיינער האט פון דער נעהיימניס נעוואוסט, חאָטש זיא האט נעוואוינט צווישען מענשען און האט נעהאט פיעלע בעקאנטע און פריינדע. דוא טאָרסט דאָ ניט שווייגען, וואלאדיא. דיין שולדינקייט איז דיא שרעקליכע נעהיימניס צו פערעפענטליכען.

— איך וועל דאס נעווים טהאן, איך מוז אבער האבען דעם בריעף וואס דיא גובערנאנטין האט מיר נעוויזען.

— נו, נעהם ביי איהר דעם בריעף.

— איך וויים אבער ניט וואו זיא איז.

— נעווים וועט זיא באלד קומען.

— מיר איז א וואונדער, וואס זיא איז מיט דעם בריעף אנטלאָפען נעוואָרען; דיא איז אזוי נעווען פעראינכערעסירט, דאס מען קען מיינען אז דער מאָרדטהאט בעלאנגט איהר גאנץ לעבען.

— דאס ווייזט דיר נור אויס אזוי. זיא איז געווים דורכלעזענדיג דעם בריעף אזוי ערשראָקען געוואָרען, דאס זיא האט ניט געוואוסט וואו זיא איז אין דער וועלט; יעדער עהרליבער מאן וואלט זיך פערלאָרען ביי אזא צופאל. אבער זאג מיר, מיין זאָהן, וואו האט זיא דעם בריעף גענומען?

— דאס ווייס איך ניט.

אין דער מינוט האט מען א שטארקען קלונג געטהאן אין דער טהיר־גלאָקע.

— דאס מוז געהן דיא מאדאם פעטראוו — האט דיא מאדאם געלידאָוו געזאגט — דוא וועסט ביי איהר קענען דעם בריעף צונעהמען און שוין ארבייטען וועגען דעם.

דער דיענער איז ארייננעקומען און האט געמעלדעט, אז א רייך־געקליידעטער מאן וויל זעהן דעם הערר'ן געלידאָוו.

— דאס איז געווים איינער פון מיינע קונדען — האט וולאדימיר געזאגט — פיהר איהם אריין אין מיין קאבינעט.

ביי דיא ווערטער איז ער אליין אויך אין יענעם צימער אריינגעגאנגען.

באלד איז אין זיין קאבינעט אריינגעקומען יענער געהיימניספאָלער מאן, וועלכער איז אונזערע לעזער בעקאנט אונטער דעם נאמען „דעם טייפעלס ברודער".

— האב איך דיא עהרע צו שפרעכען מיט הערר'ן געלידאוו? — האט דער גאסט געפרעגט אין א ריין ליטעראַרישע רוסישע שפראכע.

— יא, מיין הערר, איך בין וולאדימיר געלידאָוו — האט וואלאדיא מיט רעספעקט געענטפערט — מיט וואס קען איך אייך דיענען?

— געפינט זיך ביי אייך אין הויז דיא גרעפין דאנילאָוו?

— דיא גרעפין דאנילאָוו? — האט געלידאוו ערשטוינט געענטפערט — ניין, מיין הערר, אזא גרעפין איז ביי אונז אין הויז ניט געווען.

— מיר האט אבער א געוויסער מאן דערצעהלט, אז דיא גרעפין געפינט זיך ביי אייך אין הויז.

— וועלכער מאן האט אייך אזא ליגען דערצעהלט?

— א איד, מיט דעם נאמען מיכאאיל גרינזאנג.

— מיכאאיל גרינזאנג איז קיין ליגנער און מיר איז א וואונדער, וויא קומט דאס ער זאָל זאָ־וואס דערצעהלען.

— ער האט דאך אבער פאָרט דערצעהלט.

— האָט ער דייטליך געזאגט, אז זיא געפינט זיך ביי מיר אין הויז?

— יא, ער האט געזאגט, אז זיא דיענט ביי אייך אלס גובערנאנטין.

— הא? — האָט געלידאוו איבערראשט אויסגערופען — זאָל דאָס מעגליך זיין, אז זיא איז דיא גרעפין דאנילאָוו?

— וועמען מיינט איהר?

— ביי אונז אין הויז געפינט זיך יא א גובערנאנטין, וועלכע דער הערר גרינזאנג אליין האָט אונז רעקאָמאנדירט, אבער זיא הייסט ניט גרעפין דאנילאָוו. אַנדערן סוסאנא פעטראוו.

דער מאן האט איינינע מינוטען נעטראכט און האט ויא צו זיך אליין גע־זאגט:

— דאס איז זיא.

— אזוי? זאל איך גלויבען אז דיא מאדאם פעטראָוו איז נאר דיא גרעפין ראנילאוו? נור איהר האט רעכט. יעצט פאנג איך אָן צו פערשטעהן, אז דאס איז ווירקליך דיא גרעפין דאנילאָוו.

— קען איך זיא יעצט זעהן?

— ניין, זיא איז גראדע יעצט צו הויזע נישט.

— ווער זיא פיעללייכט באלד קומען?

— עס קען זיין. בעשטימט קען איך ניט זאגען יא.

— איהר ווערט אזוי פריינדליך זיין, הערר געלידאָוו, איהר איבערגעבען דיעזע קארטע — האט דער גאסט געזאגט איבעררייכענד דעם אדוואקאט זעהר אן עלע־גאנטע קארטע, און זאלט איהר דערביי זאגען דאס איך ווינש זיא נאָטהווענדיג צו זעהן. זיא ווערט שוין וויסען וואו מיך צו געפינען.

— זעהר שעהן — האט געלידאוו געענטפערט צונעהמענד דיא קארטע.

געלידאוו איז באלד נאך זיין אוועקגעהן ארייגגעלאפען צו דער מוטער און האט אויסגערופען:

— מוטער! איך האב דיר זעהר א וויכטיגע זאך צו ענדעקען.

— וואס איז דאס פאר א זאך? — האט דיא מוטער נייגיעריג געפרעגט.

— דוא ווייסט ווער אונזער גובערנאנטין איז?

— ווארום זאל איך ניט וויסען? זיא זעלבסט האט דאך אונז דערצעהלט ווער זיא איז?

— זיא האט אונז גענארט, מוטער. זיא הייסט ניט סוסאנא פעטראוו, זאנדערן — גרעפין דאנילאוו.

— וואס? — האט דיא אלטע ערשטוינט געפרעגט.

— יא, יא, מוטער. זיא איז דיא גרעפין דאנילאָוו, דיא פרוי פון דעם פער־ניפטעטען גראף אנטאן דאנילאָוו. יעצט פערשטעהע איך שוין, ווארום אדעלאס בריעף האט אויף איהר אזא געוואלטיגען איינדרוק געמאכט.

— אָבער וואלאדיא, בעדענק נור וואס דוא רעדסט, וויא איז דאס מעגליך, אז דיא גרעפין דאנילאָוו זאל ביי אונז אננעהמען א שטעלע אלס גובערנאנטין. ווער ווייס ווער דער מאן איז. וואס איז דא ערשט געוועזען, דאס מוז זיין א וואהנזיניגער. אדער ער איז געקומען מיט אן אויסרייד אהער עפעס אויסקוקען.

— איך וועל באלד וויסען ווער ער איז, דען ער האט זיינע א קארטע איבער־געלאזט — האט געלידאָוו געזאגט און האט פון דער טאש ארויסגענומען דיא קארטע וואס דער גאסט האט איהם געגעבען.

מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען זיי און זיינע מוטערס ערשטוינען, אלס זיי האבען אויף דער קארטע איבערגעלעזען דעם נאָמען: גראָספירסט וולאָדימיר אלכסדראָוויטש.

280טעס קאפיטעל.

## צוויי פריינדינען.

נאר אן אנדער מינע ליענט יעצט אויף בת־שבע'ס געזיכט. פערשוואונדען איז דיא פרעכהייט וואס איז אויף איהר אנטליץ אימער געלעגען. קוקענדיג אויף איהר האט מען געקענט מיינען, אז דא איז פון יענע פרויען וואס קענען אויס קיישהייט קיינע צוויי ווערטער אויסריידען.

זיא זיצט יעצט פערטראכט ועגען א זיסען צוקונפט.

בת־שבע זאל טראכטען וועגען א צוקונפט. זיא, וואס האט קיין מאל געדענקט א פאמיליענ־לעבען צו פיהרען און לעבען מיט לייטען גלייך, זיא זאל פאנטאזירען פון א צוקונפט, וואס איז געגרינדעט אויף א פאמיליענגליק. דאס איז צו בעוואונ־דערן.

און דאך איז דער וואונדער געשעהען. דיא פערצווייפעלטע בת־שבע, וואס האט נור געוואָלט סקאנדאלען מאכען און זיך פערקויפען פאר טויזענדער צו יעדען אונמענש, דיא זעלבע פרוי האט יעצט מיט גאנץ אנדערע בליקען אויף דער וועלט געקוקט, איהרע אויגען האבען זיך וויא ערשט געעפענט צו זעהן אז דיא וועלט איז ניט אזוי פערדארבען וויא זיא האט געמיינט, אז עס גיעבען נאך אונטער דעם הימעל ארדענטליכע מענשען וואס מען מאג זיי געטרויען און גלויבען שענקען.

און דיא אלע נייע געפיהלע האט אין איהר איינגעפליסט קראַנענשטיין דורך דעם אנטראג וואס ער האט איהר געמאכט זיא זאל זיינע פרוי ווערען.

זיא האט זיך בערעכענט, אז זיא קען נאך א גליקליכע פרוי ווערען. זיא קען נאך צווישען אַרדענטליכע לייטע א גרויסע ראָליע שפּיעלען און זיך פערדיענען דיא אכטונג פון געאכטעטע פריינדע.

מען קען ניט זאגען, אז זיא האט קראַנענשטיינען געליעבט מיט יענער הייסער ליעבע, וואס א כלה קען פיהלען צו א הייס געליעבטען חתן. זיא האט אזא ליעבע צו איהם ניט געקענט פיהלען, ווייל ער וואר פיעל עלטער פון איהר, ער האט געמאנט זיין איהרער א פאָטער. אבער זיא האט איהם געליעבט וויא א פריינדין און געאכטעט אלס רייכען ארדענטליכען קויפמאַן.

זיא האט זיך פאָרגעשטעלט וויא שעהן זיא וועט קענען פאר אזא מאַן לעבען. אויסער וואס איהר וועט קיין זאך פעהלען, וועט זיא אין דער פיינסטער געזעלשאפט אריינטרעטען און אלע וועלען זיא אלס פאָרנעהמע דאמע בעטראכטען.

נור איין זאך האט זיא געפּלאגט און האט איהר קיין רוהע געגעבען. דאס געוויסען האט איהר דערמאנט, אז זיא בעגעהט א גרויסע זינדע געגען דעם גוטען מאַן, דאמיט וואס זיא לאזט איהם גלויבען, אז זיא איז איינע ארדענטליכע פרוי, וועהרענד זיא האט ביי זיך גוט געוואוסט, אז איהר עהרע איז אויף דער שענדליכ־סטער ווייזע געראובט געוואָרען. נאך גאָר ניט לאנג האט זיא איהר עהרע פערקויפט צו דעם גראַספירסט סערגעי אלכסנדראָוויטש ...

און ווער האט זיא ארויפגעפיהרט אויף אזא שמוציגען וועג? ער! אלעס יענער

אונמענש וואס האט זיך בענוצט מיט איהר לייכטגלויבינקייט און האט געמאכט אז אלעס זאל ביי איהר רעכט ווערען ...

ביי דעם געדאנק האט זיך איהר צארן אויף יענעם אונמענשען נאר אויף דאס נייע אין איהר ברוסט צופלאמט און דאס ראכע געפיהל האט זיא וויטהענד געמאכט.

— וואו דערטאפ איך דיעזען טייפעל? — האט זיא געשטאמעלט און האט געקריצט מיט דיא צייהן — א האלב לעבען וואלט איך אבגעגעבען ווען איך זאל איהם קענען זיין לאהן בעצאהלען....

א קלאפ אין טהיר האט איהרע געדאנקען געשטערט. אויף איהר אויסגע־שריי, הערא־ין! האט זיך דיא טהיר געעפענט און סאנקא איז אריינגעקומען.

דערזעהענדיג סאנקאן איז בת-שבע אבערמאלס מונטער געווארען. זיא האט שוין זייט איינינע טעג דיעזער איינציגער פריינדין ערוואַרטעט. זיא האט געוואלט פאר א גוטען פריינד איהרע געפיהלע פון דער לעצטער צייט אויסגיעסען און קיין אנדער פריינדין פון בת-שבע'ן האט זיא נאך דערווייל ניט געהאט.

דיא פריינדינס האבען זיך הערצליך געקושט און בת-שבע האט מיט א פאר־וואורפספאלען טאן געזאגט:

— וואס איז דיא אורזאכע ליעבע פריינדין, וואס איך האב אייך שוין א היב־שע צייט ניט געזעהען, איך האב געגלויבט, אז איהר ווילט מיך שוין ניט מעהר קענען.

— וויא אזוי האט איהר דאס געקענט רעכענען — האט סאנקא געענטפערט — האט איהר מיר דען אנלאס געגעבען איך זאל אויפהערען אייך אלס פריינדין צו בעטראכטען?

— היינטיגע צייטען דארף מען צו אזעלכע זאכען קיין אנלאס געבען - האט בת-שבע געלאכט — מיר זעהען זעהר אפט וויא פריינדע ווערען פיינדע נאר אהן א אורזאכע.

— וואס ביי לייטען איז ווייס איך ניט און וויל ניט וויסען. איך ווייס אז מיינער א פריינדין טוז איך אימער ליעבען.

— דאס איז זעהר פיין פון אייך ליעבע סאנקא. אבער דערצעהלט מיר וואס הערט זיך ביי אייך נייעס?

— ביי מיר איז אלץ דאס זעלבע — האט סאנקא זיפצענד געענטפערט.

— וואס? ער קומט אלץ צו אייך ניט?

— ניין.

— אבער ער איז נאך דא אין מאסקווא?

— דאס ווייס איך ניט. מיט אכט טאג צוריק האט מען איהם נאך דא געזעהן.

— נו, איז ער נאך געווים דא און דאס איז זעהר א גוטער צייכען.

— א גוטער צייכען?

— יא, דאס בעווייזט, אז ער קען פון דאנען ניט אוועקפאהרען איהר וועט זעהען ליעבע פריינדין, אז דער זעלבער יאזעף, וועלכער האט אייך אזוי שלעכט

בעהאנדעלט, וועט נאך קניענד פאר אייך אום פערצייהונג ביטען דאפיר, וואס ער האט אייך אזוי שלעכט בעהאנדעלט.

— דאס גלויבט זיך מיר ניט.

— און איך זאג אייך איהר זאלט דאס גלויבען. ער נעפעלט מיר פאר אן ארדענטליכען מאן און איך פערשטעה, אז דאס הערץ וועט איהם ניט דערלאזען ער זאל אייך שלעכט בעהאנדלען.

— וויא קומט דאס ליעבע בת-שבע וואס איהר האט אנגעהויבען צו גלויבען, אז א מאנספערזאן זאל זיין עהרליך — האט סאָנקא ערשטוינט געזאגט.

— וויא קומט דאס פרעגט איהר? גאנץ איינפאך, איך האב מיך אין דער לעצטער צייט אנגעהויבען איבערצוציינען, אז צווישען מאנסלייט געפינט זיך נאך אן עהרליכער מאן.

— אזוי? — האט סאָנקא געלאכט — איהר זאָלט צו אזא איבערציינונג קומען, דאס איז מיר א וואונדער.

— די צייט מאכט אלעס איבער — האט בת-שבע געענטפערט — אין דער קורצער צייט וואס מיר האבען זיך ניט געזעהען, האט זיך ביי מיר געמאכט אזא פאל וואס האט אלע מיינע מיינונגען, זאגאר מיינע געפיהלע אין גאנצען אומגע-ענדערט.

— דארף איך פרעגען וואס דאס איז געווען פאר א פאל.

— איך קען דאס אייך דערצעהלען און איהר אלס גוטע פריינדין און זייטיגער מענש וועט מיר, זא גלויבע איך, א גוטען ראטה געבען.

— מיט פערגניגען וועל איך אייך מיין פריינדליכסטען ראטה געבען.

בת-שבע האט איהר פריינדין דערצעהלט פון איהר בעגעגנונג מיט קראנענ-שטיינען און פון דעם וואס ער האט איהר א הייראטס אנטראג געמאכט. זיא האט געענדיגט מיט די ווערטער:

— דיעזער מאן האט אויף מיר זעהר א גוטען איינדרוק געמאכט, ניט מיט זיין רייכטהום, זאנדערן מיט זיין ערעלקייט.

— מיר איז זעהר אנגענעהם זא וואס צו הערען — האט סאנקא געזאגט — עס פרעהט מיך זעהר וואס אייך האט זיך אזא גלענצענדע פארטיי געמאכט און מיין ראטה איז, איהר זאָלט אזא גליק פון דער האנד ניט ארויסלאָזען.

— געוויס וועל איך מיך ניט ענטזאגען פון אזא גליק. איך ציטער נור, ער זאל זיך פון אזא אונגליק ענטזאגען.

— אן אונגליק? — האט סאנקא ערשטוינט געפרעגט — וואס מיינט איהר מיט די ווערטער?

— איך בין פאר אזא עדעלמאן אן אונגליק — האט בת-שבע ערנסט געענט-פערט — איך בין אין זיך ניט גענארט און איך ווייס, אז איך האב די ווערטה ניט זאגאר זיינע א דיענסט צו זיין.

— זאגט דאס ניט ליעבע פריינדין, אלע מענשען זיינען מענשען. דאס הייסט פון בלוט און פלייש, רייכטהום אליין מאכט דעם מענשען ניט איבער, ער בלייבט

דער זעלבער וואס פריהער. איך פלעג אימער זיך אויך טראכטען, אז איך האב ניט דיא ווערט צו זיין יאזעף לעהמאנס פרוי. דען איך בין דאך ניט מעהר ווי א דארפסמעדכען און ער איז א גרויסער וועלטליכער קויפמאן. אבער מיט דער צייט, אז איך בין אביסעל פראקטישער געוואָרען אין דער וועלט, האב איך אנגעפאנגען צו פערשטעהען, אז אלע מענשען זיינען גלייך, דען ווען זיי זאלען זיין פערשיעדען וואלט יאָזעף מיך ניט געליעבט.

— ביי אייך איז אן אנדער זאך און ביי מיר איז ווייטער א גאנץ אנדער זאך....

— וואס איז דאס ביי אייך אנדערש אלס ביי מיר.

אויף דער פראגע איז בת־שבע שולדיג געבליעבען איהר אנטווארט. זיא האט איהר שמוציגע געהייטניס פאר אזא אָרדענטליכעס קיישעס מעדכען ניט געקענט דערצעהלען און זיא האט דארויף געזאגט:

— לאמיר בעסער ריידען פון אנדערע זאכען. וואס הערט זיך ביי אייך ווייטער פאר א נייעס?

— יא, איך האב מיך נאר פערגעסען אייך איבערצוגעבען דיא וויכטיגע נייעס וואס איך האב אייך געבראכט.

— א וויכטיגע נייעס האט איהר מיר געבראכט?

— יא, ליעבע פריינדין, איהר האט זיך דאך געוואָלט זעהן מיט פערערבליצען, וועלכער האט אויף אייך אזוי פיעל שלעכטעס גערעדט.

— דאס וויל איך יעצט אויך.

— נו, זאלט איהר זיך בעמיהען אריינקומען צו מיר זונטאג.

— וועט ער דען ביי אייך דאמאלס זיין?

— יא, ער האט מיר פערשפּראָכען מאנטאג מיט א בעזוך צו בעגליקען, אום פון מיר צו הערען צו בין איך צופריעדען זיין פרוי צו זיין — האט סאנקא מיט א ספּאָטישען טאָן געזאגט.

— זעהר שעהן, איך וועל געוויס קומען — האט בת־שבע געענטפערט.

281טעס קאפּיטעל.

## יאַנעק איז אין כעס.

מיר זעהען יעצט אונזער בעקאנטען יאנעק קאבאנאוו אין וואַרשאַ. ער האט אויסגעווירקט אן ערלויבניס, צו זיין שוואנער אין געפענגניס אריינצוגעהן און ער נעהט יעצט צו דעם ארעסטאנט מיט א בעזוך.

זיין שוואגער וואר א מאן פון אונגעפעהר דרייסיג יאהר אלט, א געזונדער אייזערנער מוזשיק וואס האט זיך אין דעם דאָרף דאנילאָווקא דורך זיינע שטארקע קלעפ (וואס ער האט געקענט געבען, א נאמען פון א העלד ערוואָרבען.

אזעלכע געזונדע לייטע ווערען אויך אין דיא רוסישע אסטראגען ניט פערפאלען, אויך דאָרט קריגען זיי זיך דיא אכטונג פון אלע ארעסטאנטען און שפּיעלען צווישען זיי ניט קיין קליינע ראָליע.

טראָפים פאַליעץ — אזוי האט יאניקס שוואנער געהייסען — האט אין ארשא'ר געפעננגים איוך דורך זיינע קלעפּ וואס ער האט געשענקט א פאר ארעסטאנטען זיך ערוואָרבען דיא אכטונג פון זיינע געפעננגים ברידער. אָבוואָהל ער איז פאר דיא קלעפּ א פאר טעג געזעזען „אין לאָך" (דאָס איז א פינסטערער קעלער וואו מען שפּערט איין דיא ארעסטאנטען וואס פערזינדיגען זיך), אבער ארויסגעהענד פון דער לאָך איז ער ביי דיא ארעסטאנטען וויא מען זאגט א גאנצער פּריץ געוואָרען, איהם האט מען מכבד געווען מיט דעם ערשטען כוס פון דיא שנאַפּס וואס דיא געפאנגענע פלעגען פאר געלד בעקומען דורך דיא וועכטער, איהם האט מען אבגעטראטען דעם שעהנסטען אָרט צום שלאָפען. קורץ ער איז דאָרט געווען א גאנצער מאַכער.

יאנעק האט געמיינט אז ער וועט זיין שוואנער געפינען פערקלאגט און פער־פינסטערט; וויא ערשטוינט אבער איז ער געווארען אלס אריינקומענד אין דעם גרויסען צימער וואו טראָכים מיט נאך פיעלע ארעסטאנטען זיינען געזעסען האט ער איהם געטראָפען שטארק פרעהליך, זיצענד אויבען אן ארום א טיש וואס איז גע־מאכט געוואָרען פון א ברייטער ברעט אויף א פאַס און שפּיעלענד אין קארטען מיט זיינע קאמעראדען.

— יאנעק ? — האט טראָכים איבערראשט אויסגערופען אלס ער האט דא זא אונערווארטעט זיין שוואנער דערזעהן.

— יא, דאס בין איך ליעבער שוואנער — האט יאנעק פריינדליך געענטפערט איהם דיא האנד רייכענד.

— וויא קומסט דוא אהער גוטער יאניק ?

— איך וועל דיר שוין דערצעהלען וויא איך קום אהער, קענסט דוא מיט מיר געהן א ביסעל אָן א זייט.

— עס איז אפילו א שאדע יעצט אוועקצוגעהן, דען דיא קארט געהט מיר זעהר גוט, אבער לכבוד אזא גאַסט מוז איך דאס שפּיעלען אויף איינינע מינוטען אוועקלייגען — האט טראָפים געענטפערט און איז אבגענאנגען מיט יאניק'ן אן א זייט.

— וויא קומסט דוא אהער יאניק ? — האט טראָפים אבערמאלס געפרעגט אלס זיי האבען זיך געזעצט ווייט פון דיא איבערינע ארעסטאנטען.

— איך בין געווען אין דאנילאווקא ביי דיין מאמען — האט יאניק געענט־פערט — האט זיא מיר דערצעהלט אז דוא זיצט אין געפעננגים, און האט מיך געבעטען אז דורכפאָהרענד אָרשא זאל איך צו דיר אריינגעהן ערפאהרען וואס דוא מאכסט. איך האב דאס איהר פערשפּראָכען און האב וואָרט געהאלטען וויא דוא זעהסט.

— דאס איז זעהר שעהן פון דיר יאנעק. זאג מיר נור וואס מאכט דיין ווייב און דיינע קינדערלאך.

— אלע זיינען געזונד.

— וואס האָסט דוא געטהאן אין דאנילאווקא ?

— דאס איז א לאנגע מעשה און עס האט ניט דיא ווערטה מען זאל זיא איבערדערצעהלען.

— איך בין אבער זעהר נייגיעריג זיא צו הערען, ווייל איך פערשטעה אז דוא ועסט ניט אזוי אומזיסט פאהרען נאך דאנילאווקא.

— איך וועל דיר זאגען דיא וואהרהייט אז איך בין נאך דאנילאווקא געפאהרען מיט דער האפנונג פיעל געלד צו פערדיענען, ליידער אבער האט מיך נור נעקאסט אומזיסטע הוצאות און איך פאהר צוריק מיט לעדיגע קעשענעס.

— איך פערשטעה דיך גאר ניט דוא ביסט געפאהרען נאך דאנילאווקא פיעל געלד צו פערדיענען. איך זעה גאר ניט ארויס וויא מען קען אין דיזען וויסטען דארף געלד בעקומען.

— ווען דער גראף זאל געוועזען לעבען וואלט איך אויך דיין מוטער גליקליך געוואָרען.

— וואס איז, דער גראף דאנילאוו איז געשטאָרבען?!

— עס פערשטעהט זיך אז ער איז געשטארבען.

— ווער האט דאס דיר געזאגט, האט טראָפים לאכענד געפרעגט.

— דיין מוטער האט עס מיר געזאגט.

— זיא דיא אלטע שיכורטע. איך האב איהם ערשט היינט אליין געזעהן.

— ועמען האָסט דוא געזעהן האט יאניק העכסט פערוואונדערט געפרעגט.

— וואס הייסט וועמען? דוא רעדסט דאָך פון דעם גראף אנטאָן דאנילאָוו, נו, זאג איך דיר אז איך האב איהם ערשט היינט אליין געזעהן.

— וואו האָסט דוא איהם געזעהן?

— ווייסט דוא דען ניט אז ער זיצט דא אין געפעננים?

— איך ווייס אז ער איז דא געזעסען און איז דא געשטאָרבען.

— דאס איז א לינען, ער לעבט אזוי וויא איך און אזוי וויא דוא.

— ביסט דוא ביי דיין קלארען פערשטאנד טראָפים?

— איך בין געוויס ביי מיין קלארען פערשטאנד. דען איך האב פאָרט אליין מיט מיינע אויגען געזעהן דעם גראף דאניאלוו.

יאניקס אויגען האבען אנגעהויבען פאר פריידע צו פינקלען. ווען ער זאל זיך ניט געוועזען שעהמען פאר דיא איבעריגע ארעסטאנטען וואלט ער דעם ליעבען שוואָגער געהאפט קושען פאר דער גוטער בשורה וואס ער האט איהם געבראכט.

— זיסער ליעבער טראָפים — האט ער ענטציקט אויסגערופען — זאל איך דיר גלויבען אז דער גראף אנטאָן דאנילאוו לעבט ווירקליך.

— זעהסט דוא, — האט טראָפים ספּאָטיש געענטפערט — יעצט פאנג איך אן צו גלויבען אז דוא ביסט ניט ביי דיין קלאָרען פערשטאנד, דען איך האב דיר שוין איינינע מאל געזאגט אז איך אליין האב דעם גראף דאנילאוו לעבעדיג געזעהן און דוא גלויבסט מיר אלץ ניט.

— זיצט ער נאָך יעצט אויך אין אסטראג.

— דוא הערסט דאָך אז ער איז דא, זאָגסט וואָלט איך איהם ניט געזעהן. נר, וויא מיר שיינט וועט ער אין ניכען בעפרייט ווערען, דען ער איז דא אויך וויא

פריי. ער נעהט זיך שטענדיג ארום פריי איבערן הויף און קיינער זאגט איהם א שלעכט ווארט ניט.

— זאג מיר מיין ליעבער טראפים, קען איך איהם פיעללייכט אויך זעהן?

— פאר וואס ניט. דוא קענסט בעטען דעם סמאטריטעל וועט ער דיך צו איהם אריינלאזען. נור איך גלויב אז דאס איז אויך איבעריג. דען גראדע צו דיעזער צייט קען מען דעם גראף אימער טרעפען אין הויף פון אסטראג. אבער קענסט דוא מיר זאגען יאניק וואס פאר א נעשעפטען דוא האסט מיט איהם.

— דאס דארפסט דוא יעצט ניט וויסען. שפעטער ווען איך וועל מיין ציעל עררייכען וועסט דוא אלעס ערפאהרען און וועסט געוויס אויך א פעט ביינדעל פון דער געשיכטע אבלעקען.

— ווען דוא ווילסט מיר ניט זאגען וועל איך דיר ניט צווינגען, אבער דוא מוזט שוין, ליעבער יאניק, ארויסנעהן אינ'ם הויף ווען דוא ווילסט דעם גראף זעהן, דען שפעטער קענסט דוא דאס פערשפעטיגען און דוא וועסט דארפען אנקומען צו אונזער סמאטריטעל. דוא קענסט דאך, דוכט זיך, דעם גראף אנטאן?

— א פראגע, צו איך קען איהם! ווען ער פלעגט קומען אין מאסקווא פלעג איך באלד ביי איהם זיין און בין קיין מאל מיט לעדיגע הענד פון איהם ניט ארויסגעגאנגען. אדיע דערווייל, טראפים. איך פאנג אן צו גלויבען, אז גאט אליין האט מיך נעמאכט איך זאל דיך בעזוכען, אום איך זאל ערפאהרען אז דער גראף לעבט און איך זאל מיינס דאך אויספיהרען.

ער האט טראפים'ן ברידערליך דיא האנד געדריקט און איז ארויסגעגאנגען אין הויף אריין.

ער האט זיך אין אלע זייטען אומגעקוקט און האט דערזעהן וויא אויף דער באנק וואס שטעהט אין מיטען הויף זיצט א מאן מיט א בוך אין דער האנד.

— דוכט זיך, דאס איז ער — האט זיך יאניק געקלערט און איז לאנגזאם צוגעגאנגען נעהענטער.

דאס וואר ווירקליך דער גראף אנטאן דאנילאוו. ער איז געזעסען פערטיעפט איבער א בוך, נור דאס געררויש פון יאניק'ס טריט האט איהם געשטערט דאס לעזען. ער האט אויפגעהויבען דעם קאפ און האט ערשטוינט אויסגערופען:

— קאבאנאוו?

— יא, גנעדיגער הערר גראף, דאס בין איך אייער ערגעבענסטער דיענער יאניק קאבאנאוו — האט יאניק געענטפערט זיך זעהר טיעף פערנייגענד -- אך וויא גליקליך איך בין וואס איך זעה אייך.

— אין אזא ארט? — האט דער גראף שפאטיש געפרעגט.

— ניין, הערר גראף. מיך פרייט וואס איך זעה אייך לעבעדיג, דען אין דער וועלט געהט א קלאנג אז איהר זייט געשטארבען. מיך האט דיא נאכריכט וויא א דונער געטראפען; איך דארף אייך ניט דערצעהלען, גנעדיגער גראף, וויא טהייער איהר זייט ביי מיר; איך בין אימער פערטיג געוועזען פון אייערטוועגען צו פליהען אין פייער און אין וואסער; איך אויך מיין פרוי האבען בלוטיגע טרעהרען

פערנאָסען, אלס מיר האבען געהערט אז איהר זייט געשטארבען. יעצט אבער בין איך גליקליך, און איך שטעל מיר פאָר וויא מיין פרוי וועט זיך דערפרייען אלס זיא וועט דערהערען, אז איהר לעבט.

— איך בין אייך זעהר דאנקבאר פאר אייער פריינדשאפט — האט דער גראף געענטפערט געריהרט פון דעם מענשענס ליעבע צו איהם.

— וואלט איך דאס ווען געגלויבט, אז דער גנעדינער גראף וועט זיצען דא אין געפענגניס? — האט יאניק געזאגט — אָ, דאס איז שרעקליך! איך מיין אייך ניט צו שמייכלען, גנעדינער גראף, דערמיט וואס איך וועל אייך זאגען, אז אזא גוטער מענש וויא איהר זייט ניט עס אין דער גאנצער וועלט ניט.

— עס קען זיין, אז געגען דער וועלט בין איך גוט געוועזען — האט אנטאן זיפצענד געענטפערט — דערפאר אבער בין איך געגען מיין איינענער פרוי א מער־דער געוועזען און דערפאַר האב איך פערדיענט א פיעל גרעסערע שטראפע, אלס היער אין געפענגניס צו זיצען.

— איהר דארפט אבער ניט זארגען, הערר גראף. איך גלויב, אז אזא מענש וויא איהר זייט מוז בעפרייט ווערען. איהר וועט נאך צוריקקומען אין אייער דאָרף דאנילאווקא און וועט אבערמאלס גליקליך לעבען.

— רייד ניט פון גליק, יאניק. דיעזער נאמען איז פאר מיר אבגעשטארבען. דערצעהל מיר בעסער וויא קומסט דוא אהער?

— געוויס ווייסט איהר אז דא זיצט מיין שוואגער טראפים?

— יא, איך האב איהם א פאר מאל געזעהן.

— צו איהם בין איך דאס געקומען געוואָהר־ווערען. איך האב גאר ניט ער־ווארטעט אזא גליק אייך דא לעבעדיג צו טרעפען. נור אז איך האב אייך שוין יא דא געטראפען, האב איך פאר אייך זעהר א וויכטיגע נייעס.

— פאר מיר א וויכטיגע נייעס?

— יא, הערר גראף. איך ווייס אפילו ניט צו דיא נייעס וועט אייך שמעקען, אלענפאלס איז זיא פון גרויסער וויכטיגקייט פאר אייך.

— דוא מאכסט מיך נייגיעריג, יאניק. דערצעהל מיך שוין וואס איז דאס פאר אזא וויכטיגע נייעס?

— ווען איך וועל אייך מיין נייעס דערצעהלען, הערר גראף, וועט איהר אויסער זיך ווערען פון איבערראשונג. מיין שוויעגער־מוטער, איהר קענט דאך זיא, דאס איז דיא אלטע מאריאנא וועלכע איז ביי אייער פאטער אין הויז געוועזען זעהר געאכטעט, זיא האט מיר דערצעהלט, ווייל זיא ערווארטעט יעדען טאג דעם טויט וויל זיא דיא געהיימניס מיט זיך אין קבר ניט מיטשלעפען.

— דאס איז א געהיימניס?

— יא, זעהר א וויכטיגע געהייטניס פאר אייך. צום גליק, וויים פון איהר קיינער אויסער איך אליין.

— נו, דערצעהל־זשע שוין, אין וואס בעשטעהט דיא געהיימניס?

— דאָ האנדעלט זיך וועגען דעם בוים פון וואנען איהר שטאמט.

— וואס פאר א בוים מיינסט דוא?

— איך מיין דיא קוועלע פון וועלכע איהר שטאמט.

— איך פערשטעה דיך אלץ ניט, יאניק.

— נו, ווען איהר פערשטעהט ניט, וועל איך אייך אלעס ערקלערען. איהר, הערר גראף, מיינט דאך אז דער אלטער גראף מארטין דאנילאוו איז געווען אייער פאטער?

— ביסט דוא וואהנזיניג, יאניק. וואס הייסט איך מיין?

— איך בין ניט וואהנזיניג, הערר גראף, איך וויים וואס איך רייד. איא איהר גלויבט אז דער גראף מארטין איז געווען אייער פאטער?

— נו, און דוא גלויבסט דאס ניט?

— איך בין פעסט איבערצייגט, אז דער גראף מארטין איז ניט געווען אייער פאטער און זיין ווייב איז ניט געווען אייער מוטער.

— וואס פלוידערסט דוא?

— איך פלוידער ניט, הערר גראף. דאס איז דאך דיא געהיימניס וואס מיין שווינער האט מיר איבערגעגעבען, ווייל זיא אליין האט אייך פון אייערע ווירקליכע עלטערען אבגע׳גנב׳עט און האט אייך איבערגעגעבען דעם גראף מארטין דאנילאוו, וועלכער האט פאר אלעמען געזאגט אז איהר זייט זיין זאהן, און האט אייך טאקע וויא זיינס א קינד ערצויגען.

— דאס האט דיר דערצעהלט דיין שווינער?

— יא, הערר גראף.

— האט זיא פאר איהר טויט ניט איהר פערשטאנד פערלאָרען?

— ניין, הערר גראף, זיא איז נאך גאנץ געזונד.

— דוא האסט דאך ערשט געזאגט, אז זיא ערווארטעט דעם טויט?

— איך האב דאך אייך שוין געזאגט, אז זיא האט מיר פערטרויט דאס זיא האט אייך אבגע׳גנב׳עט פון אייערע ווירקליכע עלטערן.

— ווער זיינען געווען מיינע ווירקליכע עלטערען?

— אויב אייך וועט דאס ניט פערדריסען, וועל איך דאס אייך זאגען.

— ניין, מיך וועט דאס ניט פערדריסען. זאג וואס דוא ווילסט.

— אייערע וואהרע עלטערען זיינען געווען....

— ווער?

— זשידעס.

יאניס האט געמיינט אז דער גראף וועט בלאס ווערען וויא דער טויט ווען ער יעצט דיא שרעקליכע נייעס דערהערען, און וועט איהם נאך אפשר האפען פאר דעם גאָרגעל שטיקען דערפאר וואס ער וואגט איהם אזוי צו בעליידיגען. וויא ער, שטוינט אבער איז ער געוואָרען, אלס ער האט געזעהן אז דער גראף איז געזעסען רוהיג אויף זיין פלאץ און קיין ציכען פון שאנדע איז אין איהם געווען צו בעמערקען. ער האט נור געפרעגט:

— האט דיין שווינער בעוויזען?

— יאַ, איך האָב די בעווייזע אין מיין טאַש.

— וואָס איז דאָס פאַר בעווייזע?

— איך וועל דאָס אייך צייגען, הערר גראַף, אָבער איהר מוזט מיר אייער וואָרט געבען, אַז איהר וועט דאָס מיר צוריק אָבגעבען.

— גוט! איך גיעב דיר מיין וואָרט אויף דעם.

יאַניק האָט פון דער טאַש ארויסגענומען דעם בריעף וואָס ער האָט צוגענומען ביי מאַריאַנאַ'ן און האָט איהם איבערגעגעבען דעם גראַף מיט די ווערטער:

— דיעזער בריעף וועט אייך שוין אַלעס ערקלעהרען.

אַנטאָן האָט דעם בריעף אַ פּאָאַר מאָל איבערגעלעזען. ערשט יעצט האָבען זיך אין זיין געזיכט אַלע פאַרבען געביטען און ער האָט געזאָגט:

— יאַ, יאַניק, דו האָסט רעכט. דאָס איז זעהר אַ וויכטיגע נעהיימניס. איך בין דיר זעהר דאַנקבאַר דערפאַר וואָס דו האָסט זי מיר ענטדעקט.

יאַניק האָט איהם העכסט פערוואונדערט אָנגעקוקט. דער גראַף דאַנילאָוו זאָל איהם דאַנקבאַר זיין דערפאַר, וואָס ער האָט איהם פערטרויט אַז ער שטאַמט פון אידען און ער איז קיין געבאָרענער גראַף, דאָס האָט ער גאָר ניט ערוואַרטעט.

— נאַ, דאָ האָסטו צוריק דעם בריעף—האָט אַנטאָן געזאָגט איהם צוריק דעם בריעף עררייכענד—שאַדע, וואָס איך קען מיט דיין שווינגער יעצט ניט ריידען.

— וואָס האָט איהר געוואָלט מיט איהר ריידען?

— איך האָב איהר געוואָלט פרעגען, ווער זיינען מיינע ווירקליכע עלטערען.

— איהר הערט דאָך, אַז זיי זיינען אידען?

— יאַ, דאָס האָב איך געהערט, אָבער איך בין זעהר נייגיעריג צו וויסען, ווער זיינען זיי און צו לעבען זיי נאָך?

יאַניק האָט זיך געקלעהרט, אַז דער גראַף וויל אויספאָרשען צו זיינע עלטערען לעבען, אום ער זאָל אין'ם פאַל, ווען זיי זיינען טוידט, זיך קענען אָבלייקענען פון דער גאַנצער געשיכטע, דאַרום האָט ער געענטפערט:

— דאָס קען איך אייך זאָגען, הערר גראַף.

— וואָס? די געהיימניס ווייסט דו אויך?

— יאַ, גנעדינער גראַף. איך ווייס.

— דו ווייסט ווער מיינע עלטערען זיינען?

— איך ווייס.

— און זיי לעבען ?

— יאַ, גראַף, זיי לעבען. אייער פאָטער איז יעצט אין מאָסקווא, איך ווייס זאָגאַר ווי ער הייסט.

— ער איז יעצט אין מאָסקווא ?

— יאַ.

— ווי הייסט ער ?

— שלמה פיין.

— איז דאס ריכטיג, אזוי וויא דוא דערצעהלסט מיר?

— איך שווער ביי דער היילינער יונגפרוי, אז דאס איז ריכטיג וויא איך דערצעהל אייך.

— יאניק! ליעבער גוטער יאניק! — האט אנטאָן העכסט ערפרעהט אויס־גערופען ערגרייפענד יאניקס האנד — אך וויא גליקליך דוא האָסט מיך יעצט געמאכט מיט דיין נאכריכט, מיין פאטער לעבט, איך האב נאך א פאטער?

יעצט האט אונזער יאניק אראפגעלאזען דעם נאז. דעם גראף'ס פריידע האט איהם זעהר ניט געשמעקט און ער האט דארום מיט א טרויעריגע מינע געזאגט:

— איז דאס מעגליך אז דער גנעדינער גראף איז צופריעדען דאמיט וואס זיין פאטער איז א זשיד.

— איז דען א יוד ניט אזא מענש וויא א קריסטליכער גראף? — האט אנטאָן געענטפערט — בעלעבט איהם דען ניט דיא זעלבע זעעלע וואס אונז. האט ער ניט אזעלכע עדלע גוטע געפיהלע וויא מיר. אך, יאניק! דוא קענסט זיך ניט פאָרשטעלען וויא גליקליך איך וואָלט געווען, ווען איך זאל מיין אידישען פאטער קענען זעהן ווען איך זאל איהם קענען אומארמען, זיך צודריקען צו זיין ברוסט און זיך גוט אויס־וויינען. דוא האָסט אין מיר ליעבער פריינד יעצט א נייעם לעבען, א נייע זעעלע אריינגעגעבען. מיין פאטער לעבט? איך האב א פאטער? גאָט! וואס פאר אן אונ־ערוואַרטעטעס גליק. פיעללייכט האב איך נאך א מוטער אויך? זאג ליעבער יאניק דאס ווייסט דוא ניט? לעבט נאך מיין מוטער?

יאניק האט שוין גאר קיין לוסט געהאט צו ענטפערן, דיא פריידענטרעהרען וואס האבען יעצט אנגעפיעלט דעם גראף'ס אויגען האבען איהם ביז צום טוידט געערגערט.

— זאג ליעבער יאניק, לעבט נאך מיין מוטער? — האט אנטאָן נאך א מאל געפרעגט.

— איך ווייס ניט — האט יאניק פערדריסליך געענטפערט — אבער הערר גראף, איך האב אייך געוואָלט עטוואס זאגען....

— רייד ליעבער פריינד.

— איך פערשטעה זעהר גוט אז אייך וועט ניט אנגענעהם זיין, דיא וועלט זאל ערפאהרען, אז איהר זייט א זשיד'ס א זוהן און אזוי וויא קיינער אויסער מיר וויים פון דער געהיימניס ניט, קענט איהר זעהר לייכט אויספיהרען איך זאל עס פאר קיינעם ניט דערצעהלען.

— דוא האָסט אן אירתום ליעבער יאניק, דיא גאנצע וועלט מעג דערפון וויסען, איך שעהם מיך גאר דאמיט ניט, אין געגענטהייל, איך בין זעהר צופריעדען וואס אין מיינע אדערן רינט דאסזעלבע בלוט וואס האט געראנען אין דיא אָדערען פון יעזוס קריסטוס. דוא מעגסט דאס אלעמען דערצעהלען ליעבער יאניק, דען איך זעלבסט וועל אויך דערפון קיין געהיימניס מאכען.

מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען וויא יאניק'ן איז געווען צו מוטה אלס ער

האט דיא ווערטער נעהערט. איהם איז נאך יעצט נעבליעבען דער איין טרויסט אז קומענד נאך מאסקווא וועט ער פון שלמה פיין קענען נעלד שעפּען דורך דעם, וואס ער וועט איהם דייטליך איבערצייגען אז דער גראף דאנילאוו איז זיין זוהן.

ער האט זיך אפילו גאר פערגעסען צו זאגען דעם גראף אדיע, און איז וויטהענד פון געפענגניס ארויסגעלאפען.

282טעס קאפּיטעל.

## לויטער זכות אָבות.

היראנים ראָזענרופּט ליענט נאך אלץ מיט זיין פאמיליע פערשטעקט אין לאָך, יאָרט אין דעם פליגעל פון דעם הויז וואו משה האָנינמאן וואוינט. ליענאָטשקא איז שוין בעסער, זיא קען שוין איהר בעט פערלאזען אבער זיא איז נאך שוואך, מען מוז זיא קרעפטיגען.

היראנים האט זיך יעצט אביסעל פרייער און לעבעדיגער געפיהלט, גרינזאנגס גמילות־חסד, דיא טויזענד רובעל וואס ער האט איהם געליהען האבען איהם דיא אויגען געעפענט. ער האט געקענט בעסער לעבען, ער האט אויך געקענט דער טאָכ־טער קורירען. אבער פון גליק איז ער נאך זעהר וויט געווען. אויף דער נאס האט ער זיך אלץ מורא געהאט צו ווייזען אויס פורכט פיעללייכט דערזעהט איהם א בע־קאנטער פּאָליציסט און שלעפּט איהם אוועק אין דער פּאָליציי.

— וואס קען זיין וויטער דיא ענדע ? — פלעגט ער זיך קלערען, צוריק האָפען אויף אזא רייכטהום וואס איך האב געהאט איז שוין אונמעגליך. איינמאהנען מיין געלד פון דיא הערצלאזע גראפען און קניאזען מיט וועלכע איך בין אין פערבינדונג געשטאנען דארף איך גאר ניט דענקען. דער איינציגער וועג איז פאר מיר גע־בליעבען פון דאנען אוועקפאהרען, אבער דיא פראגע איז : וואו פאהרט מען? אריינפאהרען ערגעץ אין א שטאדט אין דער ליטא, איז זעהר ביטער, ערשטענס, בין איך שוין פון יענעם לעבען אבגעוואוינט געווארען; צווייטענס, וואס קען איך דארט טהאן אָהן געלד ? פון דיא טויזענד רובעל וואס דער גוטער גרינזאנג האט מיר געליהען וועט איין קאפּיקע ניט בלייבען ביז איך וועל קומען אין איינער פון יענע פינסטערע שטעדט.

— און וואס וועט פון מיין ליענקאָין ווערען ? — פלעגט ער און אנדערש מאל קלערען — מיט וועמען וועל איך זיא יעצט פערהייראטהען ? זיא, וועלכע האט אי־מער פאנטאזירט פון גראפען און קניאזען, וועט מוזען הייראטהען אן איינפאכען אידישען יונגען מאן פון א קליין שטעדטעל. דאס הייסט אזוי פיעל, וויא זיא אויף עווינ אין אונגליק שטירצען.

זיין פרוי סיציליע, וועלכע האט בעשטענדיג אין זינען געהאט נור איין זאך זיך פוצען און קליידען, האט שוין גאר פערגעסען אז עס ניט אויף דער וועלט א שפּיגעל. זיא פלעגט זאָגאר פערגעסען זיך איינצו־וואשען.

דאס איז שוין ניט געווען דיא דיקע, שעהנע, שטאָלצע סיציליע וואס מיר האבען געקאנט. אין דער קורצער צייט איז פון איהר קיין העלפט געבליעבען. זיא

איז געווארען, וויא דיא ווייבער זאגען, פער׳חושך׳ט און פער׳צרה׳דיג. דיא גרויסע ליידען פון דער לעצטער צייט האבען איהר אויפגענעסען; אויף איהר שיקזאל האט זיא זיך נים געקענט בעקלאגען, וויל זיא האט געוואוסט אז אין דעם אונגליק וואס איהר האט עררייכט, איז זיא אליין שולדיג. זיא האט דעם מאן צוגערעדט ער זאָל אנטלויפען פון אידען און זוכען נור דיא פריינדשאפט פון קריסטען, זיא האט יעצט גאט געדאנקט, דערפאר וואס איהר היראנים האט זיין גאנץ ביטער הערץ צו איהר נים אויסגעגאָסען.

נאך א מערקווירדיגע זאך האט מען אין איהר געקענט בעמערקען. זיא, וועלכע האט קיין אידיש וואָרט קיין מאל געוואָלט ריידען און האט זיך מיט אלע קרעפטען בעמיהעט מען זאל בעהיטע נאך נים דערקענען אז זיא שטאמט פון אידען, דיעזעלבע סיציליע האט זיך פלוצלינג דערמאָנט, אז עס געפינט זיך א קרבן־מנחה סדור און א תהילים׳ל. זיא האט דיא אלטע צוויי פערגעסענע פריינד אויפגעזוכט און האט זיי דיא גרעסטע פריינדשאפט געוויזען. שטונדען־לאנג פלעגט זיא אבזיצען איבער דעם תהילים און האט זיינע בלעטער פייכט געמאכט מיט איהרע טרעהרען.

— מאַמע, וואס לייענסט דוא דאס? — האט איהר אמאל ליענא געפרעגט, דענקענדיג אז דיא מוטער לעזט א הערץ־רייסענדען ראָמאן.

— דאס איז א תהילים, מיין טאכטער — האט סיציליע געענטפערט אויס־ווישענדיג דיא אויגען.

— וואס איז דאס אזעלכעס דילים? דאס איז א ראָמאן?

— ניין, מיין קינד, דאס איז א בוך פון געבעט.

— וועלכער פערפאַסער האט איהם געמאכט?

— דאס האט געמאכט אונזער אלטער קעניג דוד. דוא ווייסט דאך געוויס, אז מיר אידען האבען א מאל געהאט א קעניג דוד?

— דאס איז יעזוס׳עס זיידע? — האט ליענקא געפרעגט זיך דערמאָנענדיג, אז זיא האט אמאל געלעזען דעם נייעם טעסטאמענט, וואו עס שטעהט געשריעבען אז יעזוס שטאמט פון דוד המלך.

— א כפרה מעג ווערען יעזוס פאַר דעם קעניג דוד׳ס מינדסטען נאָגעל — האט סיציליע מיט כעס געענטפערט — אזוי לאנג קריינקט ער אויף איין זייט, וויא לאנג ער איז נים דוד׳ס אן אייניקעל. זעהסט דוא, מיר אידען זיינען יא דוד׳ס אייניקלאך.

— וואו איז דער דוד געוועזען א קעניג, טאקע אין רוסלאַנד?

— ניין, ביי אונז אין דער לאַנד ישראל.

— וואס איז דאס פאַר א לאַנד?

— דאס לאַנד וואו אידען האבען אמאל געוואוינט און האבען דאָרט א גרויסע ראָליע געשפיעלט, הייסט „ארץ־ישראל“ און דאָרטען איז דוד געוועזען אונזער קעניג.

— האבען דען דיא אידען אמאל אן אייגענע לאַנד געהאט? — האט ליענא ערשטוינט געפרעגט.

— וואס דען מיינסט דוא, נארוניו, אז מיר זיינען עפעס נעבארענע שלע־פער? מיר זיינען אמאל אויך נעווען אזעלכע לייט וויא דיא קריסטען, נור מען האט אונז פון אונזער לאנד ארויסגעטריבען און מיר קענען צו זיך ניט קומען. אבער מיר דארפען דיא האפנונג ניט פערליערען. מיר אידען האפען אז גאט וועט נאך שיקען זיין געזאלבטען און וועט אונז צוריקברייננען אין אונזער לאנד, דאמאלס וועלען אזעלכע הינט וויא דער קניאז מעשצערסקי און דער גראף לאמאנאוו קיין עהרע האבען אפילו צו אונזער טהיר נאהנט צו גען.

— וואס־זשע שטעהט דא אין דעם דילים?

— איך זאג דאך דיר, אז דא שטעהן פערשיערענע געבעט. וואס פאסען פאר יערעס הערץ.

— לייען מיר נור איבער, מוטער, איינע פון דיעזע געבעט. איך וויל הערען וואס דארט שטעהט.

— איך וועל דיר איבערלעזען א קליינעם געבעט, וועסט דוא געשטעהן, אז עס פאסט ריכטיג פאר אונז.

זיא האט אנגעהויבען צו לעזען דעם דריטען קאפיטעל:

„גאט, וויא גרויס איז דיא צאהל פון מיינע פערפאלגער. פיעלע לייטע זאגען אז פאר מיר ניט עס שוין קיין הילף און איך קען שוין צו גאט ניט האפען, אבער דוא גאט ביסט מיין בעשיצער, דוא ביסט מיין עהרע, און וועסט נאך מיין קאפ הויך אויפהויבען. ווען איך רוף צו גאט ענטפערט ער מיר באלד...."

— וואס? דוא ווייגסט, מיין טאכטער? — האט סיציליע געפרעגט, אלס ליענא האט זיך פארנאנדער געוויינט.

— א, מוטער! דאס איז דאך ריכטיג וויא פאר אונז געשריעבען — האט ליענא וויינענד געזאגט. ווער האט נאך אזוי פיעל פיינדע און פערפאלגער וויא מיר? אלע האבען אונז פיינד, אלע זאגען אז מיר קענען שוין אויף הילף ניט מעהר האפען. יא, נור גאט אליין, ער דארף זיך יעצט אויף אונז ערבארמען; מיר זיינען אזוי עלענד, אזוי ניעדערגעשלאגען, דאס דער טויט איז אונז שוין פיעל ליעבער —

אין דער מינוט איז אריינגעקומען היראנים וועלכער איז געווען ביי משה האנינמאן אין שטוב. ער האט געטראפען זיין פרוי מיט זיין טאכטער פערוויינט און ער האט מיט זיי גרויס מיטלייד געהאט.

— וואס קומט ארויס פון דעם וויינען, מיינע ליעבע — האט ער געזאגט און האט א שטארקען זיפץ געטהאן. מיט זיפצען וועלען מיר אונזער לאגע ניט בעסער מאכען, מיר מוזען זיין מוטהיג און געדולדיג ערטראגען אונזע ביטערע לאגע; א מענש ווערט ניט אויף אייביג פערפאלגען, אזוי גיך וויא איהם ווערט שלעכט, אזוי גיך קען איהם גוט ווערען.

— איך זעה ניט ארויס, וויא אזוי אונז קען בעסער ווערען — האט סיציליע געזאגט — דער איינציגער מענש וואס האט אויף אונז רחמנות געהאט. דאס איז מיכאל גרינזאנג. ער האט שוין זיינס אבגעטהאן, ער האט אונז אריינגעשיקט זיין נדבה, מעהר וועט ער אונז ניט העלפען, און מיר קענען מאקע מעהר פון איהם

ניט פערלאנגען. אלזא, וואס פאר אן אויסזיכט אויף הילף האבען מיר?

— מיר קענען גאר ניט וויסען. דוא זעהסט דאך, אז עס געפינען זיך נאך גוטע מענשען אין דער וועלט. האבען מיר ווען געדענקט, אז גראדע דער מאן וועלכען איך האב טיראניש בעהאנדעלט, איך מיין משה'ן, אז ער וועט אויף אונז רחמנות האבען און וועט אונז בעהאלטען פון אונזערע פערפאלגער? אדער איז אונז ווען איינגעפאלען דער געדאנק, אז גרינזאנג וועט זיין אזוי פריינדליך צו אונז און וועט אונז שטיצען מיט אזא סומע געלד? נו, און דוא זעהסט דאך, אז דיא וואונדער זיינען דאך געשעהן, דארפען מיר דארום נאך אויף גרעסערע וואונדער האפען.

— יא — האט סיציליע זיפצענד געענטפערט — יעצט קענען מיר ווירקליך נור דורך וואונדער גערעטעט ווערען, דען מיטן גלייכען נאטירליכען וועג זעה איך ניט ארויס, אז צו אונז זאל דיא הילף קומען. וואס האסט דוא יעצט געטהאן ביי משה'ן?

— ער האט מיך געבעטען איך זאל צו איהם אריינגעהן און האט מיר אויך געגעבען האפנונג אויף הילף.

— וואס פאר האפנונג האט ער דיר געגעבען?

— ער האט מיר דערצעהלט, אז גרינזאנג האט מיט איהם נאך געסטערן גערעדט וועגען דעם און האט געזאגט אז עס איז דא א גרויסע האפנונג איך זאל געהאלפען ווערען. אין וואס דיא האפנונג בעשטעהט האט ער ניט געזאגט, נור לויט משה האט פון זיינע רייד פערשטאנען, קאכט זיך דא עפעס וועגען אזא זאך וואס ער קען נאך דערווייל ניט ערפאהרען.

ער האט נאך דיא ווערטער ניט געענדיגט, האט מען אנגעקלאפט אין טהיר.

— דאס מוז זיין סאנקא משה'ס טאכטער — האט הירא́נים געזאגט, דען זיא האט געזאגט אז זיא וועט באלד אהער אריינקומען. מענסט געהן עפענען, סיציליע.

סיציליע איז צוגעגאנגען צו דער טהיר, האט זיא געעפענט און א טויט־שרעק איז איהר בעפאלען, אלס זיא האט דערזעהן דעם יונגען גראף לאמאנאוו.

אויך הירא́נים איז אזוי ערציטערט געווארען, דאס ער האט זיך פון זיין ארט ניט געקענט ריהרען.

— נאט העלף, מיינע פריינדע! — האט לאמאנאוו זעהר פריינדליך אויס־גערופען — מיט גרויסער מיהע האב איך אייער אדרעסע אויסגעפונען. מען האט מיר געזאגט אז איהר זייט פון מאסקווא שוין אוועקגעפאהרען, דאס האט מיך זעהר געקריינקט, דען איך האב אייך ניט געוואלט א בעל־חוב בלייבען.

משה אויך סיציליע האבען איהם ערשטוינט אנגעקוקט.

— איך מוז געשטעהן — האט לאמאנאוו ווייטער געזאגט — אז איך האב מיך געגען אייער טאכטער וויא אויך געגען אייך שווער פערזינדיגט; איהר דארפט מיר אבער פערצייהען ווייל איך בין נאך א יונגער מאן וואס איז געוואוינט

געווארען צו מאכען סקאנדאלען. וואס אנבעלאנגט צו דעם געלד וואס איך האב ביי אייך גענומען, וועל איך אייך ביז איין קאפיקע אבגעבען. גערענקט איהר, וויפיעל געלד איך האב ביי אייך גענומען?

— איהר האט ביי מיר הונדערט טויזענד רובעל גענומען — האט היראנים געענטפערט און עס וואר לייכט אן איהם צו דערקענען, אז ער האלט לאמאנאוו'ס ווערטער פאר א שפאס.

— איך געדענק דעם רעכנונג — האט לאמאנאוו געענטפערט און דארום האב איך אייער געלד צוריק אבגעבראכט. אבער איהר מוזט מיר געבען א קוויטונג, אז איהר האט אייער גאנץ געלד פון מיר ערהאלטען.

ביי דיא ווערטער האט ער ארויסגעליינט אויפ'ן טיש א גאנצען פאק אסיגנאציעס.

היראנים אויך סיציליע זיינען אויס איבערראשונג לייכען-בלאס געווארען. זיי זיינען אזוי צודולט געווארען, דאס זיי האבען א ווארט ניט געקענט ענטפערען.

— נו, ווילט איהר מיר געבען א קוויטונג אויף דעם געלד? — האט לאמאנאוו געפרעגט — דא איז ריכטיג הונדערט טויזענד רובעל. אויב איהר פערלאנגט פראצענט, קען איך אייך געבען.

מיט ציטערנדע הענד האט היראנים דאס געלד איבערגעצעהלט. דא וואר ריכטיג הונדערט טויזענד רובעל.

סיציליע, גיב אהער טינט, פעדער און א פאפיר — האט דער בענליקטער היראנים געשטאמעלט.

סיציליע האט געשווינד געבראכט טינט, פעדער און פאפיר, און היראנים האט אנגעשריבען א קוויטונג.

לאמאנאוו האט דיא קוויטונג צוגענומען, האט אריינגעליינט אין טאש און האט געזאגט:

— איך האב פון אייך דאס אייגענטליך ניט ערווארטעט, איהר זאלט זיך פלאנען אויף מיר פאר דעם גראספירסט, אבער איך קען צו אייך קיינע פרעטענזיאנען האבען, איהר האט גענומען זיין אויף מיר אין כעס. אויך דיא קניאגיניא מעשצערסקאיא ווייס אייך, וויא מיר שיינט, אייער געלד הייטע אפבריינגען. זיא וואלט נאך געסטערן געבראכט, אבער זיא האט אייער אדרעסע ניט געוואוסט.

— איז דאס קיין טרוים? — האט זיך ראזענדופט אין דער מינוט געקלערט.

— ווער האט אייך געזאגט מיין אדרעסע? — האט ער ענדליך געפרעגט מיט א ציטערנדע שטימע.

— דער הערר היראנים ראזענדופט — האט לאמאנאוו געענטפערט זיך טיעף פערנייגענד און איז אוועקגעגאנגען.

— מיין גוטער גאט! — האט ערשט יעצט היראנים איבערראשט א געשריי געטהאן האלטענדיג דעם פאק געלד אין דער האנד — זאג סיציליע טרוימען מיר ניט.

— ניין, היראנים! — האט סיציליע וויינענד געענטפערט — דאס איז קיין טרוים. דער באנדיט האט ווירקליך אונזער געלד צוריק אבגעבראכט.

— וואס האט ער דא עפעס נעזאנט נראָספּירסט, אז מיר האבען זיך אויף איהם בעקלאָגט פאר דעם נראָספּירסט.

— דיא ווערטער פערשטעה איך אויך נים.

— דוכט זיך אז ער האט נעזאנט, אז דיא קניאגיניא מעשצערסקאיא וועט אונז אויך אָפּברעננען דאס וואס עס קומט פון איהר.

— יא, ער האט דאס נעזאנט.

— סיציליע! — האט היראָנים אויסער זיך פאר פריידע אויסגערופען — וואס זאל דאס בעדייטען? וועלכער גוטער מלאך האט זיך דא אריינגעמישט און איז אונז צו הילף געקומען

— דאס איז לויטער זכות אבות — האט סיציליע געענטפערט ווישענדיג דיא אויגען — איך זעה טאקי יעצט, אז נאט העלפט ווען מען וויינט פאר איהם. ליע־נאָטשקא מיין טאָכטער, מיר זיינען צוריק גליקליך.

אזוי האט דיא איבערראשטע סיציליע וויינענד געשריען פאלענד דער שוואַ־כער טאכטער אום דעם האלז.

283טעם קאפּיטעל.

# אַ באַרג פוּן׳ם הערצען אַראָפּגעפאַלען.

— איז׳דער הערר גרינזאנג צו הויז? — האט יאָזעף לעהמאן געפרעגט מיכאל גרינזאנג׳ס בעדיענטען.

— יא, ער איז צו הויזע — וואר דעם בעדיענטענס אנטוואָרט.

— קען איך מיט איהם יעצט שפּרעכען?

— איך וועל איהם פרעגען. וויא איז אייער נאמען?

— יאָזעף לעהמאן.

דער בעדיענטער איז אריינגעגאנגען אין שטוב און איז באלד ארויסגעקומען מיט דיא ווערטער:

— ביטע הערר לעהמאן, דער הערר גרינזאנג ערוואַרטעט אייך.

יאזעף איז אריינגעגאנגען צו גרינזאנג׳ן אין קאבינעט און האט איהם געטראָ־פען בעשעפטיגט מיט רעכנונגען.

— זייט מיר ווילקאָמען הערר לעהמאן — האט גרינזאנג פריינדליך אויסגע־רופען רייכענד יאָזעפ׳ן דיא האנד. איך האב געמיינט, אז איהר האט שוין לאנג דעם שטויב פון מאָסקווא אבגעשאקעלט פון אייערע פיס.

— עס האבען זיך אלץ געמאכט אזעלכע פעלע וואָס האבען מיך געצוואונגען דא פערבלייבען, נור יעצט פאהר איך שוין בעשטימט אוועק און בין צו אייך אריינ־געקומען. ערשטענס, פון אייך אָבשיעד נעהמען, צווייטענס, וויל איך אייך פרעגען צו האלט איהר ביי קויפען א וואלד.

— א גרויסער וואלד?

— זעהר א גרויסער און ער שטעהט זעהר אין א גוטען פּלאץ.

— וואו געפינט זיך דער וואלד?

— אייך איז דאך בעקאנט דער דאָרף דאנילאָווקא?

— יא.

— נו, מוז אייך אויך בעקאנט זיין דער גרויסער וואלד, וואס רינגעלט איהם ארום פון אלע זייטען.

— יא, דער וואלד איז מיר זעהר גוט בעקענט, ווער וויל דאס איהם פערקויפען?

— דיא נייע איינענטהימער פון דעם דאָרף דאנילאווקא.

— ווער זיינען דאס דיא נייע איינענטהימער?

— איך וויים נים אויב איהר וועט זיי קענען. דאס איז א געוויסער אלטער גראף פעליקס דאנילאוו מיט זיין טאכטער.

— זיינען זיי דען דא אין מאָסקווא?

— ניין, אבער עס איז געווען א בריעף פון דעם גראפס טאכטער צו א יודען, וועלכער איז ביי איהר פאַטער אין הויז געווען אן איינגעהער, אז זיא וויל דעם וואלד פערקויפען און אויב ער האט א קויפער זאל ער מיט איהם וועגען דעם ריידען.

— איך קען זייער גוט דעם דארף און דעם וואלד, אָבער קויפען וועל איך איהם ניט.

— ווארום?

— דערפאר וואס לויט מיר שיינט, איז דיא גרעפין פון וועלכע איהר רעדט נאך ניט דיא איינענטהימערין פון דאנילאווקא.

— וואס רעדט איהר הערר גרינזאנג? ווייסט איהר דען ניט, אז דער גראף אנ־טאָן דאנילאוו האט קיין אנדערע יורשים ניט איבערגעלאָזט אויסער זיין אלטען אנקעל מיט זיין קהינע.

— ניין, הערר לעהמאן, איהר האט אן אירטהום, אנטאן דאנילאוו, האט נאך איבערגעלאזט א ווייב מיט א קינד.

— אויב אזוי, זעה איך דאך, אז איהר הערר גרינזאנג ווייסט נאך נאר ניט דיא גאנצע בלוטיגע געשיכטע וואס דער גראף אנטאָן דאנילאוו האט אָפגעשפיעלט. ער האט דאך אליין זיין פרוי ערשאסען און דאס קינד וואס זיא האט געהאט איז ערמארדעט געוואָרען.

— עס קען זעהר זיין, אז איהר ווייסט מעהר פון מיר — האט גרינזאנג לאַ־כענד געענטפערט — אבער איך ווידערהאלע מיינע ווערטער, אז דער אלטער שארלאטאן פעליקס וויא אויך זיין טאכטער זיינען נאך ניט דיא איינענטהימער פון דעם גראף אנטאנס נאכלאס.

— איהר הערר גרינזאנג האט גוט געקענט דעם גראף אנטאן?

— זעהר גוט.

— איך זאג אייך דיא וואהרהייט, אז אין מיר קלאנט דאס הערץ ווען איך דערמאן מיך זיין ביטערע ענדע. ער איז געווען איינפאך א מענש אהן א גאל. איך האב נאך ניע אין מיינעם לעבען אזא דיאמאנטענעם מענשען געזעהען.

— יא, ער איז ווירקליך זעהר א גוטער מענש געווען, אויף איהם קען מען זאגען, אז ער איז געווען א יודענפריינד.

— וואס ווייסט איהר וואס פאר א יודענפריינד ער איז געוועז. איך פלעג דאך זעהר אפט זיין אין דאנילאווקא, האב איך געזעהען וויפיעל גוטעס ער האט געטהאן מיט משה האָנינגמאן, וועלכער האט ביי איהם געהאלטען דיא ארענדע. ווען דער גראף זאל איהם ניט געוועזן בעשיצען וואלטען דיא מוזשיקעס פון'ם דאָרף איהם שוין לאנג געוועזן ערמאָרדעט.

גרינזאנג האט זיך יעצט דערמאנט וואס משה האט איהם דערצעהלט וועגען דעם וואס יאָזעף לעהמאן, האט זעהר שלעכט בעהאנדעלט זיין טאכטער און ער האט זיך דארום בעשלאסען יעצט פון איהם אלעס צו ערפאהרען.

— איהר קענט משה האָנינגמאן? — האט ער יאָזעפ'ן געפרעגט.

— יא, איך קען איהם זעהר גוט. יעדעס מאל ווען איך בין געוועזן אין דא־נילאווקא פלעג איך ביי איהם קווארטירען.

— געוויס ווייסט איהר, אז ער דיענט הייטע ביי מיר.

— יא, דאס ווייס איך, איך מוז אייך זאגען הערר גרינזאנג, אז אויב עס איז יא דא וויא מען זאגט עולם הבא, וועט איהר דעם גרעסטען טהייל צוגעהמען פאר דער מצוה וואס איהר האט געטהאן, דאמיט וואס איהר האט דיעזען אונגליקליכען פון זיין ביטערע לאגע גערעטעט.

— איך סוק דא ניט אויף מצות, משה איז זעהר א טיכטיגער מענש און ער קומט מיר שטארק צונוץ אין מיינע געשעפטען.

— דאס פערשטעה איך, וויל איך קען איהם אויך פאר א פלייסיגען מענשען און וועגען אָרדענטליכקייט איז דאך קיין רעדע, ער איז נאך מיינער מיינונג דיא ארדענטליכקייט אליין.

— קענט איהר זיינע קינדער אויך הערר לעהמאן?

— געוויס קען איך זיי — האט יאָזעף געענטפערט און איז רויטה געוואָרען.

— ער האט פיינע קינדער ניט וואהר?

— יא, שעהן זיינען זיי.

— שעהן? דאס איז דיא גאנצע מעלה וואס איהר האט אין זיי געפונען? — האט גרינזאנג שמייכלענד געפרעגט — און אין ארדענטליכקייט שטעהען זיי דען ניעדעריגער פון דעם פאָטער?

— דאס איז ניט מיין זאך און איך וויל פון דעם ניט ריידען.

— איך פערשטעה אן אייערע ווערטער הערר לעהמאן, אז איהר האט אויס־צוזעצען פעהלער אין משה'ס קינדער, דארום ביטע איך אייך איהר זאלט זא פריינד־ליך זיין און מיר אלעס זאגען, פיעללייכט ווייסט איהר עפּעס שלעכטעס פון זיי.

— נו, וואס קען דאס אייך שאדען ווען זיי זיינען שלעכט?

— זאגט דאס ניט הערר לעהמאן, דאס קען מיר זעהר פיעל שאדען. דען זיינע קינדער קומען פאסט יעדען טאג אריין צו מייז ברודערס קינדער. זיי זיינען שטארק בעפריינדעט מיט זיינע קינדער. איהר פערשטעהט, ליעבער יאָזעף? גע־וועהנליך, איז יעדער פאטער פערפליכטעט צו היטען זיינע קינדער, זיי זאָלען ניט קומען אין דער געזעלשאפט פון פערדאָרבענע פרעמדע קינדער.

— דאס האט איהר אויך רעכט. אבער מיר שיינט, אז גראדע משה'ס פערדאָרבענע קינדער קומען צו אייער ברודער נים.

— ווער פון משה'ס קינדער זיינען דען פערדאָרבען?

— איך בעט אייך, הערר גרינזאנג, צווינגט מיך נים איך זאָל פאר אייך ריידען אזעלכעס, וואס איך דארף נים ריידען.

— אבער, הערר לעהמאן — האט גרינזאנג זעהר ערנסט געזאגט — איך פערשטעה גאר נים וואס עס טהוט זיך מיט אייך? איך פרעג אייך וויא א גוטער פריינד, און איהר ענטפערט מיר ווערטער וואס קלעפען זיך נים איינס צום צווייטען. מיר שיינט, אז איהר דארפט מיך קענען דאס איך געהער נים צו דיא פוסטע נייגיעריגע מענשען, אבער ביי אזא זאך וואס אנבעלאנגט צו מיין ברודערס קינדער מוז איך נייגיעריג זיין, און אייער שולדיגקייט אלס פריינד איז, איהר זאָלט מיר דערצעהלען אלעס וואס איהר ווייסט. אדער גלויבט איהר פיעללייכט, אז איך בין אזא פלוידערזאק וואס וועל אויספלוידערן דאס וואס איהר וועט מיר אנפערטרויען?

— בעהיטע גאָט! ווער קען וואגען פון אייך, הערר גרינזאנג, אזוי וואס צו דענקען.

— אלזא, ווארום ווילט איהר מיר נים ענטפערן, אויף דעם וואס איך פרעג אייך?

— איך האב דאָך אייך שוין ערקלערט, אז אייער ברודערס קינדער קען דאס גאר נים שאדען, ווייל דאס איינציגע פערדאָרבענע קינד משה'ס קומט צו זיי נים אריין און זיא האט געווים קיינע געשעפטען מיט אייער ברודערס קינדער.

— ווארט נור — האט גרינזאנג וויא נאכדענקענד געזאגט — וועלכע פון משה'ס קינדער קומען צו מיר און צו מיין ברודער נים אריין? הא? איהר מיינט געווים זיין עלטערע טאָכטער סאָנקא'ן?

לעהמאן האט געשוויעגען.

— אזוי? איהר שווייגט, הערר לעהמאן? נו, דאס איז דאָך דער בעסטער בעווייז, אז איהר מיינט טאקע נור זיא.

— אבער, ליעבער הערר גרינזאנג, טהוט מיר דעם געפאלען און רעדט מיט מיר נים פון דעם — האט זיך יאזעף געבעטען

— ניין, הערר לעהמאן, איהר וועט דאס ביי מיר נים אויספיהרען. איך מוז אלעס וויסען, ווייל סאָנקא משה'ס טאכטער איז אין דער לעצטער צייט א שטארקע איינגעהערין געווארען אין מיין ברודערס הויז, דארום מוז איך וויסען, אין וואס איהר פערדאָרבענהייט בעשטעהט.

— גלויבט מיר, אז זיא איז קיין ריעבין. זיא וועט ביי אייך גאר נים אויסגעגנב'ענען.

— אין וואס דען בעשטעהט איהר פערדאָרבענהייט?

— איך קען דאס אייך נים זאגען, הערר גרינזאנג.

— איהר קענט און איהר מוזט מיר אלעס דערצעהלען. נים אזוי צוליעב דער טאכטער, וויא צוליעב איהר פאטער. עס קען זיין, אז משה וויים אויך נים דאס

זיין טאכטער איז פערדאָרבען און ווען ער וועט בעצייטענס זיך ניט נעהמען איהרע פעהלער אויסצובעסערען, קען זיא איהם אויך אונגליקליך מאכען.

— אויף דעם קען איך אייך זאגען, אז איהר פאטער ווייס איהר פעהלער פיעל בעסער אלס איך.

— אזוי? משה ווייס אויך אז זיין טאכטער איז פערדאָרבען? נו, און ער שווייגט?

— ער מוז נעביך שווייגען. וויא פערשטעהט איהר, וועט א פאטער אויס־שרייען זיין קינדס פעהלערען פאר דער וועלט?

— אויב אזוי, מוז איך דאך וועניגסטענס פון דעם וויסען. איך גיב אייך מיין עהרען־וואָרט, הערר לעהמאן, אז קיינער וועט פון מיר דאס מינדעסטע ניט ערפאהרען פון דעם וואס איהר וועט מיר דערצעהלען.

— ווען איהר צווינגט מיך אזוי פיעל, מוז איך אייך אלעס דערצעהלען — האט יאָזעף נאך א קורצער פויזע נעזאגט.

— דערצעהלט, ליעבער פריינד. אלעס זאלט איהר מיר זאגען.

— איך מוז אייך נעשטעהן, הערר גרינזאנג, אז איך האב דיעזער סאָנקאָ'ן שטארק ליעב נעהאט.

— אזוי? — האט גרינזאנג וויא שטארק פערוואונדערט אויסגערופען.

— יא. איך האב זיא אזוי שטארק נעליעבט, דאס איך האב נור אין איהר אליין מיין גליקליכען צוקונפט נעזעהן. עס איז שוין נעקומען אזוי וויית, דאס איך האב מיך פאר איהר אין ליעבע ערקלערט און האב איהר הייליג נעשוואָרען, איך זאָל זיא הייראטהען.

— נו, און איהר האט נאכהער זיך ארומגעזעהן, אז זיא איז פאר אייך קיין כלה' ניט?

— ניין, הערר גרינזאנג. איך בין ניט פון דיא מענשען וואס טהוען אָפּ אזעלכע דומהייט, אויף וועלכע זיי האבען שפּעטער חרטה. איך האב זיא נעליעבט און ליעב זיא נאך יעצט אויך, אבער....

— נו, רעדט ווייטער.

— איך האב צופעליג ערפאהרען אזא זאך, וואס האט מיך נעצוואונגען איך זאל מיין וואָרט און מיין שבועה ברעכען.

— קען איך וויסען, וואס דאס איז פאר אזא מערקווירדיגע זאך?

— עס איז מיר זעהר שווער, אייך דאָס צו ענדעקען.

— פאר מיר מעגט איהר אלעס זאגען, ליעבער פריינד.

— זאגט מיר נור, הערר גרינזאנג — האט יאזעף נאך א לאנגער פויזע נע־זאגט — איהר קומט אָפּט אריין צו משה'ן?

— יא, איך בין ביי איהם איינינע מאל נעוועז.

— נו, און איהר האט דאָרט נאָר ניט בעמערקט?

— וואס האב איך דען דאָרט בעדארפט בעמערקען?

— איהר ווייסט וויפיעל קינדער משה האט?

— איך ווייס, ער האט פיער: איין טאכטער מיט דריי זיהן.

— נו, פארוואס רעכענט איהר נית דעם קליינעטשקען?

— וועלכען קליינעטשקען?

— דעם זוינע-קינד, וואס סאנקא האלט אימער אויף דיא הענד.

— איך מוז אייך זאגען, הערר לעהמאי, אז איך הערר פון אייך רעטהזועל-האפטע ווערטער. איך ווייס, אז משה האט קיין קליין קינד נית.

— דאס ווייס איך. בלייבט דאך דיא פראגע, וועמעס זוינע-קינד איז דאס, וואס סאנקא ניאנטשעט זיך מיט איהם אזוי?

— איך האב אזא פיצעל קינד דארט נית בעמערקט. נור ווארט איין מא-מענט.... ווען האט זיך אין זייער הויז אזא פיצעל קינד געפונען?

— מיט א קורצע צייט צוריק.

גרינזאנג האט זיך דערמאנט אן דער גרעפין מאריא'ס קינד, וואס איז דיא ערשטע צייט געווען ביי משה'ן אין הויז. ער האט גלייך פערשטאנען יאזעף'ס אירטהום און ער האט זיך פארנאנדער געלאכט.

— ווארום לאכט איהר, הערר גרינזאנג? — האט יאזעף ערשטוינט גע-פרעגט.

— איך פערשטעהע שוין, ליעבער פריינד, דעם אירטהום, וואס איהר האט דא געהאט. איהר האט געוויס געזעהן אז סאנקא האלט א קליין קינד אויף דיא הענד און אזוי וויא איהר ווייסט אז משה'ס ווייב האט נית אזא קינד, האט איהר געמיינט אז דאס איז סאנקא'ס. נית וואהר?

— איך מיין דאס יעצט אויך.

— נו, קען איך אייך זאגען דעם געהיימניס פון אייערע ווערטער, אז אויב עס איז דא א ניי-הנם וועט איהר דעם גרעסטען טהייל האבען, דערפאר וואס איהר האט אן אונשולדיג קינד אומזאנסט בעשולדיגט, אז זיא איז אונארענטליך.

— איז דאס דען נית איהר קינד?

— ניין, הערר לעהמאן. איך ווייס וועמעס קינד דאס איז. סאנקא איז ריין וויא א ענגעל.

— איהר שפאסט נית, הערר גרינזאנג? — האט יאזעף ערשטוינט געפרעגט.

— שפאסען? ניין, מיין פריינד. ביי אזא זאך וואס בעלאנגט דער עהרע פון אן אונשולדיג מעדכען, קען מען און מען טאר נית שפאסען. איך זאג אייך נאך א מאל, אז משה'ס טאכטער איז ריין וויא א ענגעל. דאס קינד וואס זיא האט וויא א געטרייע מוטער אין איהרע הענד געהאלטען, געהערט צו אן אונגליקליכע פרוי וועלכע דער נוטער משה האט פון גרעסטען אונגליק געראטעט. פיעללייכט גלויבט איהר מיר נית אויף מיין גראדען ווארט, גיב איך אייך מיין עהרען-ווארט אז אלעס וואס איך האב אייך דערצעהלט איז ריכטיג.

— איך גלויב אייך, הערר גרינזאנג — האט יאזעף שטארק דערפרייט גע-זאגט — איהר קענט אייך גאר נית פארשטעלען, וויא גליקליך איהר האט מיך

יעצט געמאכט. אבער נאך איין זאך מוז איך אייך פרעגען. מען האט מיר דערצעהלט, אז זיא איז קראנק געוועזן דיא לעצטע צייט, ווייל זיא ...

— רעדט, ווארום ענדיגט איהר ניט?

— עס איז מיר ווייטער א שאנדע דאס אויסצוריידען. איך מוז אייך אויך דערביי זאגען, הערר גרינזאנג, אז אין דער צווייטער זאך וואס איך פרעג אייך, בין איך פעסט איבערצייגט אז מען האט מיר פאלש דערצעהלט, דען וועהרענד מען האט מיר פערזיכערט אז זיא ליגט אין בעט און קען פון דאַרט ניט ארונ־טערגעהן, האב איך זעלבסט זיא געזעהן אויף יענער האָכצייט, וואס איהר האט מיט אייער געגענוואַרט אויך בעעהרט. אבער ווייל דער מאן וואס האט מיר דיא פערזיכערונג געגעבען איז זעהר אן עהרליכער מאן און ער איז גאר ניט פעהיג א ליגען צו זאגען.

— איך פערשטעהע שוין וואס איהר מיינט, הערר לעהמאן — האט גרינזאנג עטוואס נאכדענקענד געזאגט — דא וואר ווייטער אן אירטהום, אין משה'ס הויז געפינט זיך ווירקליך א קראנקעס מעדכען, אבער דאס איז גאר אן אנדערע. ווילט איהר, קענט איהר זיך באלד איבערצייגען. געהט אהין אריין, וועט איהר זיא אויך זעהן.

— גענוג! — האט יאזעף געענטפערט — איך זעה, אז דא איז עפעס א פערדרעהעניש אדער א פערבלענדעניש געוועזן. איך האב געגען דער ארענטליכער סאַנקען שטארק געזינדיגט, אבער אזוי געזינדיגט דאס איך בין איהר פערצייהונג ניט ווערטה און איך שעם מיך פאר איהר דיא אויגען צו ווייזען.

— קוים ליעבט זיא אייך. יועט זיא אלע אייערע זינד פערצייהען — האט גרינזאנג שמייכלענד געענטפערט — נור געהט אָפען, ליעבער פריינד. פערענטפערט זיך ניט מיט אנדערע אנטוואָרטען, דערצעהלט איהר דיא וואהרהייט וואס דא איז געוועזן און איך בין זיכער, אז זיא וועט אייך פערצייהען מיט דעם גרעסטען פער־גניגען און מיט דער גרעסטער פריידע.

— יא — האט יאזעף געענטפערט — איך וועל איהר אלעס ערקלערען. איך וועל זיא מיט טרעהרען אום פערצייהונג בעטען, און פאר דיא שמערצען וואס איך האב איהר אומזאָנסט פערשאפט, וועל איך מיך בעמיהען איהר פיעל גליק צו ברייננען. דערווייל אדיע, עדלער הערר גרינזאנג. איך בין גאר ניט אין שטאנד אייך אזוי פיעל צו דאנקען, וויא איהר האט פערדיענט. איך מוז אייך נור דאס זאגען, אז איהר האט זיך אן עווינען פריינד געקויפט. דען א גאנץ שווערען מיהל־שטיין האט איהר דורך אייערע רייד פון מיין ברוסט אראפגעוואָרפען.

ער האט גרינזאנג'ס האנד הערצליך געדריקט און איז אוועקגעגאנגען.

284טעס קאפיטעל.

## מאַריאַ בייםׂ גראָספירסט.

דעם גענעראל־גובערנאטאר'ס לייב־קנעכט האט אויף א זילבערנעם טעצעל צו זיין הערן אריינגעטראגען א וויזיט־קארטע און האט דערביי געמעלדעט, דאס

א דאמע האט דאס אריינגעשיקט און האט געבעטען דיא ערלויבניסס מיט דעם גראספירסט צו שפרעכען.

דער גראספירסט האט גענומען דיא וויזיט־קארטע, און אלס ער האט אויף איהר איבערגעלעזען דעם נאמען „מאריא גרעפין פאן דאנילאוו" האט ער געזאגט צום דיענער:

— פיהר דיא דאמע אריין צו מיין ברודער.

דער דיענער איז באלד אריינגעגאנגען אין א צווייטען צימער, וואו דער מאן וועלכער איז בעקאנט אונטער דעם נאמען דעם טייפעלס ברודער, איז געלעגען אויס־געשטרעקט אויף א וויכער זאפע און האט גערויכט א ציגאר.

— וואס ווילסט דוא? — האט דעם טייפעלס ברודער איהם געפרעגט.

— דורכלויכט! א דאמע מיט דעם נאמען גרעפין דאנילאוו ווינשט צו שפרעכען מיט אייער ברודער, אבער דער גנעדיגער גראספירסט האט מיר געהייסען איך זאל זיא אריינפיהרען צו אייך.

— דיא גרעפין דאנילאוו איז דא? געשווינד פיהר זיא אריין אהער — האט דער דורכלויכט אויסגערופען אויפשפרינגענד פון דער זאפע.

עס האט לאנג ניט געדויערט, האט דער לייב־קנעכט אריינגעפיהרט דער גרעפין מאריא צו דעם טייפעלס ברודער אין צימער.

— גראספירסט וולאדימיר? — האט מאריא אויסער זיך פאר ערשטוינען געשטאמעלט.

— יא, גרעפין, דאס בין איך — האט דער גראספירסט געענטפערט איהר דיא האנד רייכענד. מיר איז א וואונדער וואס איהר האט מיך דערקענט. איהר האט דאך מיר בלויז איין מאל געזעהן?

— יא, אבער איך האב אייך געזעהן אין אזא אונפערגעסליכע צייט, וואס יעדע זאך וועלכע מען זעהט דאמאלס ווערט אויף אימער און אייביג איינגעפרעסט אין דאס געדעכטניס. איך האב אייך געזעהן אין דעם טאג, וואס איך בין פער־לאבט געווארען צו אנטאן דאנילאוו. איך געדענק נאך דעם זענען, וואס איהר האט מיר דאן געגעבען.

— איהר האט מיך אויף אן אונאנגענעהמען געגענשטאנד אויפמערקזאם געמאכט, גרעפין — האט דער גראספירסט מיט אן ערנסטע מינע געזאגט, געמליך: אז מיין זעגען האט קיין ווערטה. לויט איך האב געהערט, איז אייער עהע זעהר אונגליקליך געוועזען.

— יא, דאס איז וואהר, אבער אייער זעגען האט געוויס קיין שולד אין דעם, גנעדיגער פרינץ. איהר האט געוויס געוואלט מיר זאלען גליקליך זיין, ליידער אבער קען איין ענגעל ניט זיעגען אין דעם קאמפף מיט פיעלע טייפלען....

— איך פערשטעהע אייערע ווערטער, אונגליקליכע! איך מוז געשטעהן, אז דא האבען זיך ווירקליכע טייפלען אריינגעמישט, אום אייך מיט אייער מאן אין אונגליק צו שטירצען.

— וויא איך הער, ווייסט איהר שוין פון דעם אונגליק וואס אונז האט

געטראפפען — האט מאריא געזאגט, און איהרע אויגען זיינען פול געווארען מיט טרעהרען.

— יא, גרעפין, איך ווייס אלעס. איך קען אייך זאגען, אז מיך האט דאס ביז צום טויט געקריינקט, דען איהר מוזט געוויס וויסען וויא טהייער אייער מאן איז ביי מיר אימער געוועזן. ער איז אין מיין פאָלק דער טאפפערסטער אָפיציר געוועזן. דיא גאנצע צייט וואס ער האט אין מיין רעגימענט געדיענט, האב איך איהם וויא א ברודער בעהאנדעלט.

— יא, איך ווייס דאס זעהר גוט, אנטאן פלעגט דאס אימער דערמאָנען. אבער, דורכלויכט, וועט איהר מיר ערלויבען אייך א פראגע צו שטעלען?

— פרעגט, גרעפין, וואס איהר ווילט.

— איך ערלויב מיר צו פרעגען, אייער דורכלויכט, וואס האט מען אייך ווע־גען מיין אונגליק דערצעהלט? איך פרעג דאס אייך דערפאר, ווייל איך פירכטע, דאס מען האט אייך פון מיר שענדליכע זאכען דערצעהלט.

— זייט רוהיג, גרעפין, איהר ברויכט זיך ניט צו פערטהיידיגען. איך בין אין אייער געשיכטע פיעללייכט קלערער פון אייך. איך ווייס, וויא פערפלוכטע הערצ־לאָזע מענשען האבען צווישען אייך מיט אייער מאן אינטרעגירט אזוי לאנג, ביז זיי האט געלונגען דעם גוטען אנטאָנען אין א ווילדעס רויב־ניערינגעס טהיר צו פער־וואנדלען. א בעווייז האט איהר דאס איך ווייס אלעס דערפון, וואס ווערענד אלע מיינען אז איהר זייט שוין לאנג טויט, האב איך געוואוסט אז איהר לעבט.

— דאס איז ווירקליך מערקווירדיג. איך קען עס ניט פערשטעהן, ווער עס האט אייך מיט דיא טרויעריגע אומשטענדע בעקאנט געמאכט?

— ווילט איהר וויסען וויא אזוי איך האב אלעס ערפאהרען? — האט דער גראספירסט מיט א פריינדליכען שמייכעל געזאגט.

— ווען איהר ווילט אזוי פריינדליך זיין און דאס מיר דערצעהלען, וועל איך אייך זעהר דאנקבאר זיין.

— איך קען דאס אייך ערקלערען. מיט איינינע וואכען צוריק בין איך געפאה־רען אינקאָגניטאָ (פערשטעלט) איבער דיא פוילישע שטעדט. איך האב געוואָלט בעקאנט ווערען מיט דעם כאראקטער און מיט דיא פערהעלטניסע פון'ם פאָלק. אלס איך בין פאהרענדיג געקומען נאך אָרשא, האב איך צופעלינער־ווייזע געהערט דערצעהלען, אז דער גראף אנטאן דאנילאוו איז פערניפטעט געווארען אין געפענגניס. דיא זאך האט מיך זעהר אינטערעסירט, ווייל איך האב אימער דיא גרעסטע אינ־טערעסע גענומען אין אנטאָנען און האב אנגעפאנגען נאכפארשען ווארום ער זיצט אין געפענגניס און וויא אזוי זיין פערגיפטונג האט שטאטגעפונען. איך האב ער־פאהרען אז ער האט אייך ערשאָסען, און איז דערפאר פערהאפטעט געווארען. מיר האט זיך דאס גאר ניט געוואָלט גלויבען, אנטאן זאל ערשיסען זיין פרוי וועלכע ער האט אזוי איניג געליעבט. דאס האט געוויס א מערקווירדיגע אורזאכע. איך האב מיך בעשלאסען ניט צו רוהען, ביז איך וועל אלעס גרינדליך ערפאהרען.

נ״י מיר איז נעבליעבען; איך זאל אריינפאהרען נאך דאנילאווקא און דאָרט נאכ־
פאָרשונגען; מאכען וועגען אלעם וואס דאָרט האט פאסירט.

איך בין נעפאהרען נאך דאנילאָווקא. אבער נאך בעפאָר איך בין אהין נע־
קומען האב איך אויפ'ן וועג ערפאהרען, דאס אין דאנילאווקא זיצט יעצט אנטאנס
אנקעל פעליקס דאנילאוו מיט זיין טאכטער. וועגען דיעזען פעליקס'ן האט מיר
אנטאן שוין אמאל דערצעהלט אז ער איז אן אויסוואורף דער נאטור, אויך פון
פרעמדע מענשען האב איך דאסזעלבע נעהערט. איך האב דארום פערשטאנען אז
זיין טאכטער איז ניט בעסער פון איהם, און מיר איז באלד דער נעדאנק איינגע־
פאלען, אז דיא ביידע האבען נעמוזט פאר אנטאנען א קבר גראבען, אום דיא
איינענטהימער פון זיין גרויסען קאפיטאל צו ווערען.

איך בין גלייך ארייננעפאהרען אין דאנילאווקא און האב זיך נעלאזט מעלדען
ביי דעם אלטען דאנילאוו. דיעזער האט מיך עמפפאנגען, ניט וויסענדיג ווער איך
בין. איהר מוזט נעווים וויסען, נרעפין, אז איך בין א גרויסער ליעבהאבער פון
שפאסען, דארום האב איך מיר אויך דעם גאנצען וועג א שפאס נעמאכט. פאר
אלע מענשען מיט וועלכע איך בין צוזאמענגעקומען, האב איך מיך פאָרגעשטעלט
אלס דעם טייפעלס א ברודער. איך קען נים לייקענען, אז אביסעל וואהרהיים ליגט
אין דעם. איך האב שוין אמאל אין אייער נעגענוואַרט מיט אייער מאן גערעדט
וועגען דעם, וואס מיין ברודער אלכסנדר דער דריטער איז מעהר טייפעל אלס
מעניש.... אלס דעם טייפעלס ברודער האב איך מיך אויך פאר דעם אלטען דא־
נילאוו פאָרגעשטעלט, און מערקווירדיג איז דאס, וואס דער נאמען האט איהם
ערציטערט. ער האט נעמוזט מיינען אז איך בין ווירקליך א טייפעל, און אלס איך
האב איהם אנגעפאנגען אויסצופאָרשען צו איז ער נעווען אין אָרשא אין יענער צייט
ווען אנטאן איז ערמאָרדעט נעוואָרען, איז ער אזוי ערשראקען נעוואָרען דאס ער
איז אין אָהנמאכט נעפאלען. איך האב מיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט און
האב פון איהם ארויסבעקומען א בריעף וואס זיין טאכטער האט צו איהם גע־
שריעבען. פון דעם בריעף האב איך דערקענט, אז אנטאן איז דורך זיי פערניכטעט
נעוואָרען. מעהר האב איך נים בעדארפט און איך בין אוועקגעפאהרען צוריק נאך
אָרשא. פאהרענדיג האב איך מיך צוגעשטעלט ביי אן אלטען שלאָס, וואס געהערט
אויך צו אייער מאן.

— דאס איז דער טייפעלס־שלאָס — האט מאריא געזאגט.

— אין דיעזען שלאָס האב איך געטראָפען אן אלטען מאן וועלכער איז מיר
מיט דעם ערשטען בליק שטארק נעפעלען נעוואָרען פאר א רעכטליכען מאן. איך
האב מיך מיט איהם אויפגערעדט און ער האט מיר דערצעהלט פון דעם גאנצען
אונגליק, וואס דעם אלטען פעליקס טאכטער האט אויף אייך געבראכט. פון איהם
האב איך אויך ערפאהרען אז איהר לעבט. איך קען אייך גאר ניט פאָרשטעלען,
וויא דיא נאכריכט האט מיך דערפרייט. איך האב גלייך נעשיקט רופען דעם מאן
וואס האלט אייך אונטער זיין שוץ, א געוויסער גרינזאנג, און דיעזער האט מיר
אייער אדרעסע נענעבען. איך בין זעלבסט נעפאהרען צו דער מאדאם געליראָוו

איך צו זעהן, ליידער אבער האב איך אייך דאָרט ניט געטראָפען. דארום פרעהט עס מיך זעהר, וואס איהר זייט יעצט געקומען אהער. איך גלויב, אז דיא מאדאם געלידאוו האט אייך אהער געשיקט.

— ניין, איך בין ביי דער מאדאם געלידאוו פון געסטערן אָן ניט געווען. איך וואוין יעצט ביי דעם גוטען גרינזאנג וועלכער בעהאנדעלט מיך וויא א געטרייער פאטער, און זיין ווייב ציטערט איבער מיר וויא איבער אן איינציגע טאכטער. איך בין יעצט נאר געקומען וועגען אן אנדער זאך.

— וואס איז דאס פאר א זאך?

— איך האב ניט געוואוסט אז איהר, דורכלויכט, ווייסט שוין פון דער שרעקליכער געהיימניס, אז דער אלטער פעליקס דאנילאָוו מיט זיין טאכטער האבען מיין מאַן פערגיפטעט, און אזוי וויא צו מיר אין דיא הענד איז אויך אריינגעפאלען א בריעף פון דער פערפלוכטער אדעלאַ'ן, און ווייל איך האב געפירכטעט מיט דיזער געהיימניס זיך ווענדען צו אן אנדערן ווייל איך וויים אז דיא מערדער וועלען געוויס איבעראל שיטען מיט געלד, אום זיי זאלען פאר זייערע מערדעריי ניט בעשטראפט ווערען, דארום איז ביי מיר געבליעבען איך זאל מיך ווענדען צו אייער גנעדיגען ברודער. איך האב נאר אזא גליק ניט ערווארטעט איך זאל אייך, דורכלויכט, דא טרעפען און זאל פערשפארען מיט אייך צו ריידען דערפון, ווייל איהר ווייסט שוין אליין אלעס.

— יא, איך וויים אלעס — האט דער גראספירסט געענטפערט און איך וועל ראַכע נעהמען פון אייערע פיינדע. זעהר גוט וואס איהר זייט יעצט צו מיר געקומען. ווילט איהר מיט מיר הייטע פאהרען?

— וואוהין?

— נאך דאנילאווקא.

— דארף איך פרעגען צו וועלכען צוועק?

— ניין, איהר פערשפארט צו פרעגען. איך דארף מיט אייך נאָטהווענדיג אהין פאהרען.

— זעהר שעהן, ווען איהר פערלאַנגט דאס, וועל איך פאהרען.

— גרייט־זשע זיך צו צו דער רייזע, גרעפין. מיר מוזען נאך הייטע פאהרען. ווען איהר ווילט, קענען מיר דיא מינוט אוועקפאהרען.

— איך מוז דאך אבער אנטהאָן א רייזע־מאַנטעל?

— נו, געהט־זשע, גרעפין, אהיים. איך וועל אייך אום זעקס אוהר דא ער־ווארטען.

— איך וועל פונקט אום זעקס אוהר קומען — האט דיא גרעפין געענט־פערט.

זיא האט זיך דעמיטהיג פערנייגט און איז אוועקגעגאנגען.

— איך שטעל מיר פאָר, וואס פאר אן איבערראשונג עס וועט זיין — האט דער גראספירסט מיט א פערגעניגטען שמייכעל געזאגט אלס ער איז אליין

נעבליעבען — ווען דיא אונגליקליכע גרעפין וועט דערזעהן איהר מאן לעבעדיג און ער וועט ערפאהרען אז ער איז קיין מערדער און וועט זיין ליעבע פרוי אבערמאלס לעבעדיג אומארמען.

285טעס קאפיטעל.

## אבערמאַלס אין טייפעלס־שלאָס.

אין דעם טייפעלס־שלאָס איז א גאנצע איבערקעהרעניש. דער אלטער איוואן מיט קאטהארינאַן געהן ארום וויא צודולטע. דיא ערפאהרונג וואס זיי האבען געמאכט, אז דער מערדער פון ערינאַ'ס קינד איז טאקע ערינאַ'ס מאן, דעם קינדס פאטער, האט דיא אלטע לייט אזוי איבערראשט, דאס זיי האבען איינפאך זייערע קעפּ פערלאָרען.

אזא מערקווירדיגען צופאל האט זיך זיי נאך ביידען ניט געטראפען בייצוּוואוינען.

— איך זאג דיר, קאטיא, אז אזא געשיכטע מעג מען אין דיא צייטונגען שרייבען — האט איוואן געזאגט צו זיין אלטער — דער קאָפּ צושפאלט זיך ביי מיר ווען איך טראַכטע מיך נור וועגען דעם וואס דא איז געוועזען. שטעל זיך נור פאָר, אן איינענער פאטער האט זיין קינד דערמארדעט, מיינענדיג אז דאס איז א פרעמד קינד. איז דאס ניט א פיננער פון הימעל? איך גלויב, אז נאט האט פאר דיעזען מערדער אזא שטראפע אויסגעקליעבען. מיר שיינט, אז קיין גרעסערע שטראפע פאר א מערדער וויא דיעזע וואר, איז נאך ניט געוועזען. דוא האסט געזעהן וויא טויט, וויא ערציטערט דער מערדער איז געווארען, אלס ער האט דערקענט זיין ווייב ערינאַ'ן און האט דורך דעם ערפאהרען אז דאס קינד וואס ער האט ערמארדעט איז געוועזען זיינס. דוא האסט געזעהן וויא דער מח האט זיך אין זיין קאָפּ איבערגעקעהרט און ער האט זיך געבעטען מען זאל איהם הייננען אדער שיסען. איך האב נאך אזא פערצווייפלונג פון א מענשען ניט געזעהן.

— יא — האט קאטהארינא געענטפערט — א שטראפע איז דאס ווירקליך א גרויסע; אבער וואס האט גאט געהאט צו דער ארמער ערינא? מיר גלויבט זיך דאס גאר ניט, אז אום צו בעשטראפען א מערדער זאל גאט אזוי אונגליקליך מאכען אן אונשולדיגע ארענטליכע פרוי. ערינא וועט געוויס אזא קלאַפּ ניט איבערלעבען; איך צווייפלע שטארק, צו זיא וועט פון איהר יעצטיגע קריינק געזונד ווערען. הייטע איז דא געוועזען ליסא, האט זיא דערצעהלט אז זיא ליגט אין שרעקליכע היץ און רעדט אלץ פון איהר מאן און פון איהר קינד.

— זיא וועט געזונד ווערען — האט איוואן געענטפערט — דוא ווייסט דאך, אז איך בין אויך א שטיקעל דאקטאר. איך בין הייטע אין דער פריה דאָרט געוועזען, איך האב זיא געזעהן, זיא ליעגט ווירקליך אין היץ, זיא איז קראנק, אבער דאס וועט איבערגעהן, זיא מוז געזונד ווערען.

— גיב גאט, זיא זאל געזונד ווערען. דאס הערץ הערט ניט אויף אין מיר צו קלאַנגען אויף איהר אונגליק. איך שטעל מיר פאָר, וואס וואָלט פּאָרט דיא

גרעפין מאריא געזאגט, ווען זיא זאל דערהערען דיא לעצטע מערדעריי וואס איהר שטיף־ברודער האט בעגאנגען.

— וואס קען זיא דערצו זאגען? זיא וועט זיך גאר ניט וואונדערן, ווייל זיא קען שוין דעם באנדיט. זיא ווייס אז ער איז צו אלץ פעהיג. דוא דענקסט פיעל־לייכט איהר וועגען דעם שרייבען?

— ניין, וואצו זאל איך דאס טהאן? קיין גרויס פערגעניגען וועט זיא פון דעם ניט האבען. עס איז פיעל גלייכער זיא זאל דערפון ניט וויסען, אבער גרינזאנג'ן מוז איך וועגען דעם שרייבען.

— וואס ווערסט דוא איהם שרייבען?

— ער האט מיך געבעטען, איך זאל איהם בענאכריכטען ווער דער מערדער פון ערינא'ס קינד איז, וועל איך איהם דייטליך אויסשרייבען אז ער הי סט סעמיאָן וואָרין און ער איז דער גרעפינס א שטיף־ברודער.

— נו, ווען ער האט דיך וועגען דעם געבעטען, דארפסט דוא איהם געוויס דאס געפאלען טהאן און איהם אלעס אויסשרייבען.

— זעלבסטפערשטענדליך, אז איך וועל איהם אלעס אויסשרייבען. איך וועל איהם זאגאר בעשרייבען סעמיאנ'ס גאנצען יחוס, לויט מיר וויסען פון דער גרעפין מאריא.

— זאג מיר נור, איוואן, וואס וועט יעצט פון דער גאנצער געשיכטע ווערען?

— וועלכע געשיכטע מיינסט דוא?

— איך מיין דעם אלטען טייפעל פעליקס דאנילאָוו און פון זיין ליעבע טאכ־טער, וויא אויך פון דער ארמער גרעפין מאריא.

— וואס פערשטעהסט דוא דען ניט? נארוניו. דיא ביידע מערדער, דער טאטע מיט דער טאכטער וועלען ניך זייער פינסטערן סוף ערהאלטען. ווייסט דוא דען ניט, אז זיי זיינען יעצט ארומגערינגעלט פון געהיים־פאָליציסטען?

— וואו שטעקען דיא געהיים־פאָליציסטען?

— זיי זיינען פערקליידעט אלס איינפאכע מוזשיקעס און דרעהן זיך אימער ארום דעם גראף'ס שלאָס.

— וואס ווילען זיי דערמיט טהאָן?

— ערשטענס, ווילען זיי דיא ביידע מערדער פון דיא אויגען ניט אָבלאָזען. צווייטענס, וויל מען וויסען צו שטעהען זיי ניט אין פערבינדונג נאך מיט אזעלכע מערדער וויא זיי זיינען.

— אויב אזוי, פערשטעה איך שוין.

— חע, חע, חע! — האט איוואן געלאכט — איך האב קיין מאל אזוי פיעל פערגעניגען ניט געהאט וויא היינט פון דעם וואס אדעלא האט מיר שוין צום צעהנ־טען מאל געשיקט אנזאגען, אז אויב איך וועל מיט גוטען דעם טייפעלסשלאָס ניט פערלאזען וועט זיא מיך אין קייטען פערשמיעדען און אין אסטראג אריינזעצען. וואָרט מיין מייזעלע! האב איך זיך בישעת מעשה געקלערט, נאך אביסעלע ווערסט דוא הוליען. באלד וועלען אבער אויף דיר אנשפרינגען אזוי פיעל קעץ, וואס וועלען

דיך מיט דיין ליעבען מאטען אין שטיקער צעררייסען. יא קאטיא, דוא וועסט זעהן וואס פאר א פינסטערן שווארצען סוף זיי וועלען האבען. מען וועט זיי אלס מערדער פעראורטהיילען און נאך סיביר אוועקשיקען און אונזער גוטע גרעפין מאריא, וועט בלייבען דיא ווירטהין פון אנטאָנס נאכלאס. דען איהר קינד איז דאך זיין וואהרער יורש. דוא פערשטעהסט, וואס פאר א נקמה מיר וועלען זעהען אין דער פער פלוכטער ארעלאן?

— וויא דערלעבט מען שוין דאס — האט קאטהארינא זיפצענד געזאגט — עס איז שוין לאנג צייט געווען דיא גוטע אונגליקליכע גרעפין מאריא זאל אבערמאלס אנהויבען צו געניסען אביסעל גליק.

— דוא וועסט דאס דערלעבען קאטיא און גאנץ ניך. דוא וועסט זעהן, אז נאר אין קורצען וועט מאריא וואוינען אין איהר מאנס שלאס און זיא וועט דא דיא גאנצע ווירטהין זיין.

— האסט דוא פיעללייכט געהאט פון איהר א גערוס? איז זיא חאטש געזונד און שטארק?

— יא, זיא איז געזונד, זיא איז אין גוטע הענד אריינגעפאלען. גרינזאנג מיט זיין ווייב גיעבען געווים אויף איהר אכטונג וויא אויף אן אייגען קינד. דוא קענסט זיכער זיין, אז איהר פעהלט דארט נים וויא מען זאגט פון פויגעל מילך. איך וויים זעהר גוט, אז דיא אונגליקליכע גרעפין וועט זיך שוין קיין מאל גליקליך ניט פיהלען, זיא וועט איהר מאן אנטאנען ניט פערגעסען און זיצענדיג אין זיין פאלאסט וועט ער איהר אויף יעדען טריט פעהלען; אָבער פאר איהר וועט דאך פיעל בעסער זיין, ווען זיא וועט ווערען דיא איינענטהימערין פון אזא רייכטהום, אלס אויסקוקען גנאדע פון פרעמדע מענשען; און עס קען אויך מעגליך זיין, אז דיא צייט וועלכע פערהיילט אלע וואונדען וו״ט איהר קראנקעס הערץ אויך היילען. נור וואס האב איך זיך דא פעררעדט, מען דארף דאך אנשרייבען א בריעף צו גרינזאנגען.

ער האט זיך געזעצט ביים טיש און האט אנגעשריעבען פאָלגענדען בריעף:

„ערעלער הערר גרינזאנג!

„איהר האט מיך געבעטען איך זאָל אייך שרייבען דעם רעזולטאט פון דעם מערדער, וואס האט דער ארמער ערינא׳ס קינד ערמאָרדעט. דארום געפין איך פאר מיין שולדינקייט אייער וואונש צו ערפילען.

„דעם מערדער פון דעם קינד האט מען געפאנגען גענומען. ער הייסט מאקע סעמיאָן ווארין, זיין פאָטערס נאמען איז געווען, כריסטאָנף ווארין, ער איז געשטארבען אין געפענגניס, וואו ער איז געזעסען פאר פערשיעדענע פרעפעלטהאטען. זיינע מוטער האט געהייסען עסמא ווארין, זיא איז גראדע געווען זעהר אן ארדענטליכע פרוי. איהר וועט זיך געווים וואונדערן הערר גרינזאנג, ווען איהר וועט הערען אז דיעזער קינדער מערדער וואר דער גרעפין מאריא׳ס א שטיף-ברודער. ריכטיגער געזאגט, זיא האט זיך ביי זיינע עלטערען ערצויגען און זיא וויים אליין ניט ווער איהרע עלטערען זיינען געווען. דען נאך אלס קינד האט מען זיא איבערגעגעבען צו עסמא ווארין אלס זויגעקינד.

„נאך מעהר ווערט איהר זיך וואונדערן העררגרינזאנג, ווען איך וועל אייך דערצעהלען, אז דיעזער סעמיאָן וואר דער פאָטער פון דעם קינד, וואס ער האט ערמאָרדעט. ער האט דאס אליין ניט געוואוסט ביז דעם מאָמענט וואָס ער האט זיין ווייב, דעם קינדס מוטער דערזעהען.

„איז דאס ניט א מערקווירדיגער צופאל?

„ווייטער קען איך אייך בענאכריכטען, דאס דער אלטער גראף פעליקס דאַ־נילאוו וויא אויך זיין טאכטער אדעלא געפינען זיך יעצט אין בעלאגערונגס צו־שטאנד, זיי זיינען אטאקירט פון געהיים־פּאָליציסטען, וועלכע לאָזען זיי פון אויג ניט אב, מען ווייס שוין ריכטיג, אז זיי האבען דעם גראף אנטאָן דאנילאוו פערגיפטעט און זיי וועלען פאר זיין טוידט געוויס מיט זייער לעבען בעצאָהלען.

„איך פערבלייב אכטונגספאל אייער ערגעבענסטער דיענער

איוואַן קאוואלסקי״.

P. S. מיין אלטע קאטהארינא גריסט אייך מיט אייער פאמיליע. אויב איהר וועט זיך דיא מיהע געבען דער אונגליקליכער גרעפין מאריא אונזער גרוס איבער־צוגעבען, וועלען מיר אייך זעהר דאנקבאר זיין. זאגט איהר, אז מיר זיינען געבליעבען און וועררען בלייבען איהרע געטרייע ערגעבענסטע דיענער וויא צופאָר.

איוואַן.

ער האט דעם בריעף ארייננעלייגט אין א קאָנווערט האט אונטערגעשריעבען גרינזאנגס אדרעסע און האט איהם אוועקגעטראגען צו דעם פּאָסטיליאָן פון׳ם דאָרף וואס טראגט אוועק אלע דארפישע בריעף צו דער פּאָסט, וואס געפינט זיך אין דעם נאהענטען שטעדטעל מאריצאָווקא.

אריינקומענדיג אין דאנילאווקא האט ער בעגעגענט דער גרעפין אדעלא, וועלכע איז מיט א קאמער־מעדכען געגאנגען שפאציערען. זיא האט אויף איהם אזא גיפטיגען בליק געוואָרפען, וויא זיא זאל איהם וועלען מיט דיא אויגען פער־ניכטען. ער האט אבער א לאך געטהאן און איז שנעל ווייטער זיין וועג געגאנגען.

286טעס קאפּיטעל.

## דיא אָבגעפרישטע ליעבע.

— איך מוז זיא זעהן, עס מעג זיין וואס עס וויל, איך מוז זיא בעזוכען און מיט איהר ריידען. איך האב דאך געוויס ניט קיין אורזאכע זיא אויסצומיידען און זיך פאר איהר צו שעהמען.

אזוי האט יאקאב פיין זיך געטראכט ארומגעהענד הין און צוריק איבער דעם צימער.

איהם האט שטארק געצויגען זיך זעהן מיט רעבעקא׳ן. וויא מיט א מאגנעט האט עס איהם געשלעפּט צו איהר. ער האט אין שטוב ניט געקענט איינזיצען. עס האט איהם איינפאך אין דער לופט געטראגען, ער האט אין זיין צימער ניט געקענט איינזיצען.

— יא, איך מוז מיך מיט איהר זעהן — האט ער זיך פעסט ענטשלאָסען —

איך מוז דאס טהאן נאר צוליעב אן אנדער זאך, ווען איך וועל פון איהר ווייכען און וועל זיא אויסמיידען וועט זיא מיינען אז איך פיהל מיך שולדיג אדער זינדיג.

אבער טראָץ דעם וואס ער האט זיך שוין איינינע מאל בעשלאָסען, רעבעקאן א בעזוך אבשטאטען, האט ער דאָך צו איהר ניט געקענט גאהן. דער געדאנק אז זיא איז שוין פערלאָבט און זיא קען שוין זיינע ניט זיין, האט איהם אבגעהאלטען דעם שריט צו מאכען. איהם איז שווער געווען זיך מיט איהר צו בעגעגנען, איהר גלייך אין דיא אויגען צו קוקען, זאָ וויא עס איז שווער א מענשען צו קוקען אויף דער טהייערער זאך וואס איז פיר איהם פערלארען.

ער האט זיך אבער דאך ניט געקענט איינהאלטען און איז אין א שעהנעם נאכמיטאג אוועקגעגאנגען צו דעם באנקיר ראָטהבלום.

דאס הערץ האט אין איהם שטארק געציטערט געהענד צו דעם באנקיר. דער געדאנק אז באלד וועט ער זעהן רעבעקא'ן, באלד וועט ער מיט איהר ריידען, האָט איהם פאסט ערציטערט, אהנע זיך רעכנונג אבצוגעבען ווארום איהם שרעקט אזוי דאס הערץ.

ענדליך איז ער געקומען צו ראטהבלום'ס הויז.

דא איז ער שטעהן געבליעבען. עס וואר איהם אונמעגליך צו געהן צו דער טהיר און א ציה טהאן ביי דער טהיר גלאָקע. איהם האט אויסגעזעהן אז ווען ער וועט ארייִנקומען צו דעם באנקיר וועלען אלע אויף איהם קוקען מיט פעררעכטינע בליקען וויא אויף אן ארעסטאנט וואס איז ערשט פון געפענגניס ארויסגעגאנגען.

— ניין! — האט ער ענדליך א זאג געטהאן — איך וועל ניט אריינגעהן, איך קען ניט. איך מוז צוריקגעהן.

ער האט שוין אויפגעהויבען דעם פוס צוריקצוגעהן, אלס פון פענסטער האט א קלונג געטהאן א קלינגענדע שטימע:

— הערר פיין! ביטע קאָמען זיי הערויין.

איהם איז ליכטיג געוואָרען אין דיא אויגען, ער האט דערזעהן רעבעקא'ן אין איהר פאָלער מאיעסטעטישער פראכט. זיא האט פון פענסטער אויף איהם געקוקט מיט אזעלכע גליהענדע פריינדליכע בליקען וויא אין יענער גליקליכער צייט....

יעצט האט ער שוין אלע פריהערינע געדאנקען פערגעסען, ער איז צוגעלאפען צום טהיר און האט א ציה געטהאן פאר דער טהיר גלאָקע.

דיא טהיר האט זיך געעפענט און רעבעקא איז איהם מיט אן אויסגעשטרעק־טער האנד ענטגעגענגעקומען.

— אך, וויא פרעהט עס מיך אייך צו זעהן הערר פיין — האט זיא מיט דער גרעסטער פריידע אויסגערופען — איך האב ניט ערווארטעט פון אייך, איהר זאלט צו אונז ניט אריינקומען נאכדעם אז גאָט האט אייך געהאָלפען און איהר זייט פון אייער אונגליק גערעטעט געווארען. קענט איהר זיך דען ניט פאָרשטעלען וויפיעל שמערצען און וויפיעל קימער אייער אונגליק האט אונז פערשאפט.

— איך בין איין זעהר דאנקבאר פריליין ראטבלום פאר דער טהיילנאהמע וואס איהר האט גענומען אין מיין אונגליק און פאר דעם וואס אייך פערשאפט מיין

בעפרייאונג פערגעניגען; איך האב אייך אימער בעטראכט אלס מיין בעסטע פריינדין און מיך פרעהט דאס זעהר וואס איך בין יעצט איבערצייגט דאס איך האב אין דעם קיין אירטהום געהאט.

— קומט אריין הערר פיין. אך, וויא קרענקט דאס מיך וואס מיין פאטער איז יעצט צו הויזע ניטא, ער וואלט זיך ניט ווענינער געפרעהט פון מיר, דען געוויס גערענקט איהר וואס פאר א גוטער פריינד ער איז אייך געוועזן און דערזעלבער פריינד איז ער אייך אויך יעצט געבליעבען.

— דאס ווייס איך אז אין אייער הויז האב איך ליטער פריינדע — האט יאקאב געענטפערט אריינגעהענד צו ראטהבלומען אין זאל.

— זיצט הערר פיין — האט רעבעקא מיט שטראהלענדע אויגען געזאגט — איהר האט מיך מיט אייער יעצטיגען בעזוך איבערראשט. איך האב אייך אויסגע-קוקט זייט איהר זייט פון געפענגניס ארויסגעגאנגען. איך מוז אייך זאגען ליעבער פריינד אז איהר האט זיך ניט פיעל פערענדערט, איהר ווייזט זעהר גוט אויס, דאס איז א בעווייז, אז אויף דעם ווירקליך ארדענטליכען מאן ווירקען ניט דיא ליידען וואס קומען אונפערדיענט אויף איהם אן.

— מיין אינניגסטען דאנק גיעב איך אייך פריילייו ראטהבלום, איך מוז אייך זאגען אז מיט אייערע פריינדליכע ווערטער ערקוויקט איהר מיך. איהר קענט זעלבסט פערשטעהן וויא אנגענעהם עס איז צו הערען גוטע פריינדליכע ווערטער פון א וואהרען פריינד נאכדעם אז ער האט געשמאכטעט א לאנגע צייט אין געפענגניס און האט פאר זיך געזעהן נור דיא וויסטע ווענד פון זיין קערקער און דאס ווילדע געזיכט פון זיין וועכטער. נו, א דאנק גאט אבי איך בין שוין פריי און איך קען מיך ווייטער געפינען צווישען ארדענטליכע גוטע מענשען. יא, איך האב מיך נאר פער-געסען צו גראטולירען אייך מיט אייער פערלאבונג, — האט ער געזאגט און איז רויט געווארען.

— עס טהוט מיר זעהר לייד וואס איך קען אייך פאר דער גראטולאציאן ניט דאנקען.

— ווארום?

— פרענט ניט ליעבער פריינד. ווייסט איהר דען ניט אז דיא מענשען זיינען מאנכעס מאל אזוי בלינד, דאס זיי זעהען ניט דיא ריכטיגע פארבען....

יאקאב האט זיא פערוואונדערט אנגעקוקט. ער האט פערשטאנען אז זיא איז אונצופריעדען פון דעם מאן מיט וועלכען זיא איז פערלאבט. דיא בעמערקונג האט איהם אזוי דערפרעהט, דאס ער האט קיינע ווערטער געפונען וואס צו ריידען;

אויך רעבעקא האט געשוויעגען, זיא האט נור א זיפץ געטהאן און האט דיא דיא בליקען צו דער ערד אראפגעלאזט.

— פון וואנען איז אייער ברויטיגאם? — האט פיין נאך א קורצעס שווייגען געפרעגט.

— ער איז א היזינער. אבער דערצעהלט מיר ליעבער פריינד איז דאס וואהר וואס מען זאגט אז אייער פאטער איז אויך דא אין מאסקווא?

— יא, ער איז דא היע.

— שוין לאנג?

— שוין איינינע מאָנאַטען.

— איינינע מאָנאַטען? און דיא גאנצע צייט איז ער ביי אונז ניט געוועזען. ער האט וויא עס שיינט גאר ניט געפֿוהלט וויסען דאס איהר זייט געוועזען אונזערער א הויזפריינד.

— ער האט דאס יא געוואוסט, אבער דער קאָפּ איז איהם געוועזען אזוי פער־דרעהט דאס איהם איז אין זינען ניט געלעגען מאכען וויזיטען.

— ער האט דאך אבער געקענט צו אונז ארייננעהן וויא צו א פריינד זיך בעראטהען וואס צו טהאָן.

— ער האט אייך ניט געוואָלט בעלעסטינען. דען עס איז זעהר שווער פאלען צולאסט פרעמדע מענשען מיט איינענע שווערע ליידען.

— און איך בעטראכט דאס פאר א גרויסען אונרעכט ווען מען איז אין א נויט און מען וויל זיך צו קיינעם ניט ווענדען אום הילפע. אויף נסים קען מען זיך היינטינע צייטען ניט פערלאזען, דיא מענשען זיינען פערפליכטעט איינער דעם צווייטען צו שיצען און צו רעטען אין א נויטה.

— איהר האט פאלקאמען רעכט פריילין ראטהבלום — האט יאקאב שמייכ־לענד געענטפערט — אבער איהר דארפט ניט פערגעסען אז ערשטענס, ווען מען איז אין א נויטה פערליערט מען דעם צוטרויען צו דער וועלט און צו דיא מענשען. צווייטענס, ווען א מענשען טרעפט אן אונגליק וויא מיך האט געטראפען, שעהמט ער זיך צו ווייזען דאס געזיכט פאר בעקאנטע און פריינדע, דען בעפאר דיא וואהרהייט נעהט ארויס, מיינט מען ביי אזא פאל אז דיא בעשולדינונג האט יא געוויסע גרינדע.

— דאס איז ניט ריכטיג הערר פיין, איך ווייס ניט אויב איהר ווערט מיר גלויבען, אבער איך פערזיכערע אייך אז איך האב פאר קיין פאל געגלויבט אז אין דעם וואס מען האט אייך בעשולדיגט איז איין פינק וואהרהייט פאראן.

— איך בין אייך הערצליך דאנקבאר, ליעבע פריינדין, דאפיר וואס איהר האט דאס צוטרויען אין מיין עהרליכקייט ניט פערלארען. אבער ליידער נעפינען מיר זעהר ווייניג אין דער וועלט אזעלכע גוטע עדלע מענשען וויא איהר זייט. דער דיא גרעסטע טהייל וויל זיך גאר דיא מיהע ניט געבען צו בעטראכטען גוט, אויב דער בעשולדיגטער איז ווירקליך שולדיג. מיין אונערווארטעטעס אונגליק האט מיך געבראכט צו דער ביטערער איבערציינונג אז דאס איז זעהר ריכטיג וואס מען זאגט, אז דער מענש איז קיין מאל ניט זיכער מיט זיין לעבען און ער ווייס ניט וואס מיט איהם קען שפעטער מיט איינינע מינוטען זיין. איז דאס מיר ווען איינגעפאלען, אז מיך וועט מען בעשולדיגען אין א מאָרד־טהאט? מיר גלויבט זיך דאס יעצט אויך ניט, אז דאס אונגליק איז פאר מיר אזוי גלאט געקומען. ביי מיר איז קיין צווייפעל, אז יעמאנד האט דא פאר מיר א קבר געגראבען.

— אזוי? איהר גלויבט אז יעמאנד האט אייך מיט פלייס אין אונגליק גע־שמירצט?

— איך זאג דאך אייך, אז ביי מיר איז דאס קיין צווייפעל.

— נו, און איהר האט א פערדאכט אויף יעמאנדען, וואס נאך אייער מיינונג, האט ער דאס געטהאן?

— ניין! איך פיהל גאר ניט אזא בלוטיגען פיינד. מיר שיינט, אז איך האב קיינעם קיין שלעכטעס געטהאן.

— פיעללייכט איז דיא בעשולדיגונג אויף אייך געפאלען נור דערפאר, וואס מען האט אייך געזעהן אין דעמזעלבען אבענד ארויסגעהענדיג פון וואהרהאפטיג׳ס הויז?

— דאס איז אונמעגליך, ווייל אין יענער צייט ווען איך בין פון וואהרהאפטיג׳ס הויז ארויסגעגאנגען, האט מיך קיינער געזעהן. איך דענק, אז איך האב ערגעץ אליין דערצעהלט פון מיין בעזוך ביי וואהרהאפטיגען. דערביי איז געוויס געשטאנען מיינער א פיינד און ער האט זיך דערמיט בענוצט, אום מיך אין אונגליק צו שטירצען.

— קענט איהר דאס דען ניט ריכטיג ערפאהרען?

— וויא אזוי?

— גאנץ איינפאך. אזא זאך קען מען אויסגעפינען ביי דעם פראקוראָר אדער ביי דעם סליעדאָוואטעל.

— וועלען זיי דען דאס מיר זאָגען?

— עס קען זיין אז זיי וועלען דאס אייך זאגען, נור....

— וואס ווילט איהר זאגען, פריילין ראָטהבלום?

— איהר מוזט דאך געוויס וויסען וויא עס הייסט דער פראָקוראָר, וואס אייער פראָצעס איז אין זיינע הענד געווען?

— יא, דאס וויים איך. זיין נאמען איז מאווריקי קאפוסטניקאָוו.

— מאווריקי קאפוסטניקאָוו? ער וואוינט אין וואסיליעווסקי נומער פופצעהן?

— יא. איהר קענט איהם דען?

— איך קען איהם זעהר גוט. ער איז איינער פון מיין פאטערס קונדען. זיין געלד ליגט אין מיין פאטערס געשעפט. ער איז מיט אונז אלעמען זעהר בעפריינדעט און ווען איך זאל געוואוסט האבען אז אין זיינע הענד ליעגט אייער פראָצעס, האב איך אייך געקענט דיא גרעסטע טובה טהאן.

— ווען דאס האט געקענט איינפאלען אז איהר זייט אזוי גוט בעקאנט מיט דעם פראָקוראָר? אבער דאס איז שוין א פערפאלענע זאך. איך דאנק נאט וואס איך בין בעפרייט געווארען אָהנע אייך צו בעלעסטיגען, אבער דאס גלויב איך, קענט איהר, פריילין ראָטהבלום, יא טהאן: אויספאָרשען פון דיעזען פראָקוראָר פון וואנען שטאמט דיא אונפערדינטע בעשולדיגונג, וואס דורך איהר האט מען מיך אין געפענגניס געבראכט.

— איך וועל דאס געוויס פון איהם אויספאָרשען און ער וועט עס מיר אָהנע צווייפעל ערקלערען. דאס בין איך זיכער. איך בעט אייך, ליעבער פריינד, איהר

זאָלט אין דער צוקונפט אזוי שלעכט ניט זיין ווי איהר זייט ביז אהער געווען און זאָלט אונז אָפט בעזוכען.

— דיא צייט וואס איך וועל דא זיין אין מאָסקוואַ, וועל איך געוויס אייער אָפטער גאסט זיין — האט יאקאב געענטפערט — איך גלויב אבער, אז ניט לאנג וועל איך דאָ פערווייַלען.

— איהר קלערט שוין צוריקפאהרען נאך ארעסאַ?

— זעלבסטפערשטענדליך, אז איך וועל צוריקפאהרען, דען ווארום זאָל איך דא אומזאָנסט זיצען?....

— מיר שיינט, אז איהר האט דאָ בעדארפט עפעס א פּראָצעס פיהרען?

— דורך מיין לאַנגעם זיצען אין געפענגניס, האט מיין קליענטין אן אנדער אדוואקאט גענומען, דיעזער האט דעם פּראָצעס פערלאָרען און זיא איז צוריק אהיים אוועקגעפאהרען.

— דאך וואָלט איך אייך, הערר פיין, געראטהען, איהר זאָלט נאך דא א קורצע צייט פערבלייבען.

— וואס וועל איך דא טהאָן?

— ווייסט איהר דען ניט פון דעם ווערטעל, „אז מען דארף זוכען דאָ, וואו מען פערליערט....“

— איך האב דא אבער ניט וואס צו זוכען, דען איך האב דא שוין אלעס פערלאָרען....

ביי דיא ווערטער האט ער אויף איהר א גליהענדען בליק געוואָרפען, וועלכער האט דייטליך ערקלערט וואס ער מיינט.

אבערמאָלס האבען זיינע בליקען ארויסגעוואָרפען א פארב אויף איהרע וואנגען.

— הערר פיין! — האט זיא מיט א ציטערנדע שטימע געזאגט — אויב עס איז מעגליך איהר זאָלט נאך דא א קורצע צייט פערבלייבען, טהוט עס. איהר קענט אייך גאר ניט פאָרשטעלען, וויא גערן איך האב אייך. מען מוז דאך אמאל צוליעב גוטע פריינד עטוואס אָפּפערן. איך גלויב, אז אייער צייט איז ביי אייך זעהר טהייער; איך פערשטעה אויך אז איהר בעננט נאך אייערע עלטערן, איך וויל זאגען נאך אייער מוטער, אבער דאך וואָלטען מיר אייך זעהר דאנקבאר געווען ווען איהר זאָלט אונז מיט נאך איינע בעזוכע בעעהרען.

ער האט איינע מאָמענטע געטראכט און האט געענטפערט:

— דיעזען קליינעם אָפּפער מוז איך פאר אייך ברייננען. איך פיהל, אז איך האב ניט נאך אזא גוטע פריינדין וויא איהר זייט מיר. יא, פריילין ראָטהבלום, איך פערבלייב דא נאך א פאר וואכען.

— דא האט איהר מיין דאנק דערפאר — האט זיא געזאגט איהם דיא האנד רייכענד.

ער האט איהר האנד ערגריפען און האט געשפירט וויא זיא ציטערט אין זיינע. ער האט פערשטאנען, אז איהר ליעבע צו איהם איז אזוי שטארק וויא זיינע

צו איהר און אין דיא מינוטען האט ער זיך פאר דעם גליקליכסטען מענשען אין דער וועלט גערעכענט.

287טעס קאפיטעל.

# ביי גרינזאַנג׳ן.

מיט דער גרעסטער אונגעדולד האט גרינזאנג ערווארטעט דער גרעפין מאריא, וועלכע איז אוועקגענאנגען צום גראַספירסט סערגעי מיט אדעלא׳ס בריעף. ער איז געוועזן זעהר נייגיעריג צו וויסען וואס דער גראספירסט האט איהר געענטפערט, און ווארום ער האט זיך אויף איהר אזוי נאכגעפרעגט.

ער האט אנגעהויבען אונרוהיג צו ווערען איהם איז איינגעפאלען אין קאָפּ א געדאנק, ווער ווייס צו האט זיך דער גראַספירסט ניט נאכגעפרעגט אויף מאריא׳ן ווייל אויף איהר איז געפאלען א פערדאכט פון א נייער בעשולדיגונג, דערפאר וואס זיא בעהאלט זיך אונטער א פרעמדען נאמען.

דיעזער געדאנק האט איהם קיין רוהע געגעבען. זיין אונרוהיגקייט האט געשטיעגען פון מינוט צו מינוט, זאָ דאס ער האט אויף זיין אָרט ניט געקענט איינזיצען.

ער האט ניט אויפגעהערט צו קוקען אויף דעם זייגער, און איהם האט אויסגעזעהן אז זיא איז שוין פון א לאנגע צייט אוועקגעגאנגען. ער האט אויך פון׳ם פענסטער ניט אבגעטראָטען, און האט געקוקט אין דער זייט פון וואנען מאריא האט בעדארפט אנקומען.

ער איז איבערראשט געווארען, אלס ער האט דערזעהן וויא זיא איז צוגע־פאהרען צו זיין הויז. ער איז פיעל רוהיגער געוואָרען, אלס ער האט אויף איהר געזיכט א קוק געטהאן און האט בעמערקט אז זיא איז יעצט פיעל מונטערער און פרעהליכער, אלס זיא איז געוועזן בעפאָר זיא איז צו דעם גראספירסט אוועקגע־פאהרען.

ער האט קיין געדולד געהאט צוווארטען ביז זיא וועט אין שטוב אריינגעהן און איז איהר ענטגעגענגעלאָפען.

— גרעפין! — האט ער געזאגט אלס ער האט זיך מיט איהר אין דער טהיר בעגעגענט — ווארום האט איהר זיך אזוי לאנג געזאמט? איך בין זעהר אונרוהיג געוועזן.

— איהר האט ניט וואס אונרוהיג צו זיין, הערר גרינזאנג, — האט זיא שמייכלענד געענטפערט — עס איז אלעס אין בעסטער אָרדנונג.

— האָט איהר געוויזען דעם גראַספירסט דער מערדערינס בריעף?

— איך האב פערשפארט דעם בריעף איהם צו ציינען, ווייל ער האט שוין אלעס אליין געוואוסט.

— וואס האָט ער געוואוסט?

— דאָס וואָס דער פערפלוכטער פעליקס דאנילאָוו מיט זיין טאָכטער האָבען מיין מאַן פערגיפטעט.

— ווירקליך? פון וואנען האָט ער דיא געהיימניס ערפאהרען?

— ער האט אויך אזא בריעף וויא מיינער איז.

— דאס פערשטעה איך שוין גאר ניט. וויא קומט צו איהם אזא בריעף?

— ער האט איהם דערטאפט ביי דעם אלטען פעליקס דאנילאוו. איהר וועט זיך אבער נאך מעהר וואונדערן, הערר גרינזאנג, ווען איהר וועט הערען אז איך האב ניט גערעדט מיט דעם גראפפירסט סערגעי, זאנדערן מיט זיין ברודער וולאדימיר.

— וולאדימיר? איז יענער מאן וואס איז מיט איהם צוזאמען געזעסען אלס איך וואר דארט, געוועזען וולאדימיר אלכסנדראוויטש?

— אזוי ווייזט דאס אויס.

— און ער האט דערטאפט ארעלא'ס בריעף ביי פעליקס'ן?

— יא — האט מאריא געענטפערט און האט גרינזאנג'ן דערצעהלט פון אלעם וואס וולאדימיר האט מיט איהר גערעדט. זיא האט איהם אויך דערצעהלט פון דעם וואס ער האט זיא איינגעלאדען זיא זאל מיט איהם פאהרען נאך דאנילאווקא.

— נו, און איהר וועט פאהרען?

— זעלבסטפערשטענדליך, אז איך מוז מיט איהם פאהרען.

— וואס בעצוועקט ער מיט דיעזער רייזע?

— דאס ווייס איך ניט. אבער וויא איך פערשטעה, האנדעלט זיך דא וועגען זעהר א וויכטיגע זאך וואס ער וויל מיר ניט זאגען.

— נו, פאהרט. וואס קען דאס שאדען. לויט איך פערשטעה נאך דעם געשפרעך וואס איהר האט מיט איהם געהאט איז ער ווירקליך אייך א גוטער פריינד און געוויס מיינט ער קיין שלעכטעס אייך טהאן.

— יא. דיעזער גראפפירסט האט מיין מאן וויא א פאטער בעהאנדעלט; אלס מיר האבען זיך פערלאבט, האט ער אונז זיין זעגען וויא א צערטליכער פאטער געגעבען און האט אונז פערשפראכען אימער אונטער זיין שוץ צו האלטען און מיט דער לעצטער טהאט וואס ער האט בעוויזען, דערמיט וואס ער איז אליין נאך דאניאלאווקא געפאהרען צו ערפאהרען וועה עס האט שולד אין מיין געמיינטען טוידט, מיט דיעזער לעצטער טהאט האט ער מיר געצייגט אז איהם אינטערעסירט מיין אונגליק אויף דער העכסטער שטופע און איך מעג מיך אויף איהם אין אלע פאכען פערלאזען.

— ווען וויל ער מיט אייך פאהרען נאך דאנילאווקא?

— הייטע.

— וואס נאך הייטע?

— יא, איך בין יעצט געקומען נור מיינע קליידער אומבייטען פון אייך אבשיעד נעהמען און צוריק צו דעם גראפפירסט געהן אום מיט איהם צו פאהרען נאך דאנילאווקא. ווארום איז דאס אזוי געאיילט?

— איך ווייס אויך ניט ווארום, דער גראפפירסט האט זאנאר געוואלט מיר זאלען שוין פאהרען, נור איך האב איהם געבעטען ער זאל ווארטען ביז איך וועל מיך

איבערקליידען און וועל פון אייך אבשיעד נעהמען. איז אייער ליעבע פרוי יעצט צו הויזע?

— יא, זיא איז ביי זיך אין צימער.

— נו, וועל איך געהן פון איהר אבשיעד נעהמען, — האט מאריא געזאגט און איז פון דעם צימער ארויסגעגאנגען.

גרינזאנג איז געבליעבען זיצען פערטיעפט אין געדאנקען. איהם האט זעהר לייד געטהאן וואס דיא גרעפין פאהרט אוועק און ער ווייס ניט בעשטימט וועגען וואס זיא פאהרט.

דער דיענער האט איהם געמעלדעט דאס דיא קניאגיניא מעשצערסקאיא פערלאנגט מיט איהם צו שפרעכען.

— דיא קניאגיניא מעשצערסקאיא? — האט גרינזאנג ערשטוינט געפרעגט, וויא קומט דיעזע פערשווענדערין צו מיר, צו וויל זיא אפט ביי מיר קיין געלד לייהען? ער האט געהייסען זיא אריינפיהרען.

זעהר מיט א שטאָלצע מינע, מיט דעם שטאָלץ פון איינער קייזערין איז דיא קניאגיניא אריינגעקומען.

— איך וויל שפרעכען מיט דעם זשיד גרינזאנג, — האט זיא שטרענג געזאגט אלס זיא האט גרינזאנגען דערזעהן.

— דא וואוינען קיינע זשידעס, דא וואוינען איזראעליטען — האט גרינזאנג אויך שטאלץ געענטפערט.

— דאס איז אלעס איינס, ביזט דוא פיעללייכט גרינזאנג אליין:

— יא, דאס בין איך, ווער ביסט ד ו א?

דיא קניאגיניא איז בלאס געווארען פאר כעס, זיא האט געמיינט אז וויא דער זשיד גרינזאנג וועט נור דערהערען, אז זיא איז צו איהם געקומען וועט ער פאר איהר שטעהן וויא א דיענער פאר זיין שטרענגע ווירטהין, צום סוף וואגט ער זיך גאר איהר צו זאגען „דוא".

— האט דיר דיין דיענער ניט געזאגט ווער איך בין? — האט זיא וויטהענד געפרעגט.

— מיין דיענער האט מיר געזאגט אז א קניאגיניא ווינשט מיט מיר צו שפרעכען, איך האב ערווארטעט פאר זיך צו זעהן אן ערעלע פערזאן וואס פער־שטעהט וועניגסטענס וויא צו ריידען מיט מענשען. איך האב אן אירדטהום געהאט, דען איך זעה פאר זיך אזא פרוי וואס האט אין זיך גאר קיין ערעלקייט ניט.

— דוא האָסט ניט פערדיענט איך זאל צו דיר וויא צו א מענשען שפרעכען, דען דוא האָסט געוואגט מיך פאר דעם גראָספירסט צו בעליידיגען.

— איך האב אויף דיר קיין ליגענס דערצעהלט — האט גרינזאנג קאלט גע־ענטפערט.

— דוא ביזט אונפערשעהמט! — האט זיא צאָרניג א געשריי געטהאן.

— מעשצערסקאיא! — האט יעצט גרינזאנג אויך צאָרניג געענטפערט —

דוא זאלסט ניט פערגעסען אז דוא ביסט ביי מיר אין שטוב. איך קען דיך דיא מינוט ארויסיאגען פון דאנען.

דיא קניאניניא האט אנגעהויבען ביי אלע גליעדער צו ציטערן פאר כעס. זיא האט אויסגענלאָצט אזא פאר ווילדע אויגען אויף גרינזאנגען וויא זיא זאל איהם וועלען אויף דער שטעלע מיט איהרע בליקען פערניכטען.

— דוא מיינסט אז איך וועל פאר דיר רעספעקט האבען — האט גרינזאנג שטאָלץ געזאגט — דוא האסט וויא איך פערשטעה מיך אנגענומען פאר איינעם פון יענע אידעלאך וואס דערשרעקען זיך פאר א געפוצטער קריסטין. איך האב שוין געזעהן אזעלכע דאמען וויא דוא ביסט. איך קען דיך פרוי מעשצערסקאיא, אָבּ־וואָהל איך האב מיט דיר קיינע געשעפטען געהאט. איך ווייס וויא אונגליקליך, וויא רואינירט דוא האסט דעם ארמען היראנים ראזענדופט. איך ווייס אויך דער־פון, אז דוא האסט אנגעבעטען מען זאל איהם פון דאנען ארויסיאגען, אום ער זאל זיין געלד ביי דיר ניט מאָנען. איהם האסט דוא געקענט בעגראבען ווייל ער איז געוועזען א גרויסער נארר וואס האט רעספעקט געהאט פאר אזא פערשווענדערישע מאדאם וויא דוא ביסט; אבער ביי מיר שפּיעלסט דוא קיין ראָליע. דוא ווייסט דאך שוין וואס פאר א חתונה איך האב דיר ביי דעם גראספירסט אויפגעשפּיעלט. איך האב דאס ניט געטהאן אום דיר צו בעריידען, זאָנדערן אום גערעכטיגקייט צו פאָרדערן. ראזענדופט׳ס בלוט וואס דוא האסט פערגאָסען זאל דיר ניט געשענקט ווערען. מיר אידען זיינען אויך מענשען און קיינער האט דאס רעכט אונז אומזאָנסט צו טרעטען מיט דיא פיס און אונז בערויבען. דוא פערשטעהסט מיינע ווערטער?

דיא קניאניניא איז געשטאנען וויא צעדשמעטערט, זיא האט פערשטאנען אז פאר איהר שטאָלץ איז דא קיין פּלאץ. דארום האט זיא איהם (דעם שטאָלץ) אן א זייט אוועקגעלייגט און האט שוין מיט א גוטמיטהיגער מינע געזאגט:

— עס קען זיין אז איך האב א פעהלער געטהאן דאמיט וואס איך האב אייך גראב אנגעטראטען, אבער איהר דארפט אויף מיר קיין פערדרוס האבען, איהר קענט זעלבּסט פערשטעהן וויא אויפגעקאָכט איך בין געוואָרען אלס איך האב ער־פאהרען וויא איהר האט מיך בעליידיגט פאר דעם גראָספירסט. אבער מיין כעס איז שוין איבערגעגאנגען, איך בין שוין יעצט רוהיגער און איך וויל מיר זאלען גוטע פריינד בלייבען.

— גוטע פריינד? — האט גרינזאנג געלאכט -- איהר ווילט זיין בעפריינדעט מיט א זשיד?

— נו, גענוג דיא שטעכווערטער — האט זיא געזאגט און האט זיך בעמיהט א רוהיגע מינע צו ציינען — מיר ישיינט אז אויב איהר האט אין זיך א מענשליך געפיהל, דארפט איהר אייער גרעסטען פריינד רייכען דיא האנד צום פריעדען ווען ער ניט אייך פריהער דיא האנד.

— יא, ווען מען רייכט מיר דיא האנד זוכענד פריעדען בין איך דער פריעד־ליבסטער מענש אין דער וועלט. אבער ווען מען קומט צו מיר מיט שימפּפווערטער

און בעליידיגונגען, קען איך בעווייזען אז איך בין אויך אין שטאנד מיט אזא מטביע צו בעצאהלען.

— נו, האב איך אייך דאך שוין אום פערציייהונג געבעטען דאפיר וואס איך האב אייך גראב אנגעטראטען און האב אייך געבעטען מיר זאלען פריעדען שליסען.

— און איך האב אייך שוין אויך געענטפערט, אז מיר גלויבט זיך ניט איהר זאלט וועלען פריעדען שליעסען מיט אן איינפאכען אידען אהנע דאביי א געוויסען ציעל צו האבען. זאגט גלייך קניאגיניא, וואס פערלאנגט איהר?

— איך האב אייך געוואָלט בעטען, הערר גרינזאנג, איהר זאלט אזוי פריינדליך זיין און מיר טהאן א שטיקעל געפעלינקייט.

— א געפעלינקייט?

— יא, הערר גרינזאנג. איהר האט געבראכט דערצו, דער גראספירסט זאל מיך שטרענג בעפעהלען איך זאל ראזענדופט'ן זיין קליינעם שולד אבגעבען. ליידער אבער בין איך יעצט ניט ביי קאסא, דארום וויל איך אייך בעטען איהר זאָלט אזוי פריינדליך זיין און איבעררייידען מיט ראזענדופט'ן ער זאל מיר זיין געלד נאך א קורצע צייט וואַרטען. איך וועל איהם געוויס ביז איין קאפיקע אבגעבען. איך האב בעהיטע גאט גאר ניט געדענקט איהם א שולדנערין צו בלייבען.

— נו, ווארום רעדט איהר אליין מיט איהם וועגען דעם ניט איבער?

— איך מוז אייך דיא וואהרהייט זאגען, אז איך קען איהם גלייך אין דיא אויגען ניט קוקען, איך פיהל מיך זינדיג געגען איהם.

— איהר דארפט אבער וויסען, קניאגיניא — האט גרינזאנג שפּאָטיש געענטפערט — אז איך קען ניט פערצייהען דיא זינדע וואס מען בעגעהט געגען פרעמדע. מיט דער ביטע דארפט איהר זיך ווענדען צו דעם הערר ראָזענדופט אליין.

— האב איך דאך אייך שוין געזאגט, אז איך קען מיך פאר איהם ניט ווייזען.

— נו, וויא באלד אז איהר זייט געגען איהם אזוי זינדיג, דאס איהר שעמט זיך פאר איהם צו צייגען, האב איך געוויס דאס רעכט ניט זיך דא אריינצומישען. אבער נאך מיין מיינונג מוז איך אייך אָפען זאגען, קניאגיניא, דאס איהר וועט געוויס אייער זינד מיט פוסטע ווערטער ניט אבווישען. איהר מוזט איהם אבגעבען צוריק אייער געלד.

— איך האב אבער יעצט ניט.

— קען איך אייך דערצו גאר ניט העלפען. דער הערר ראזענדופט געפינט זיך יעצט אין א שרעקליכער נויטה. אין דער נויט האטה איהר איהם געטריעבען, און ער וועט זיין א גרויסער נארר ווען ער וועט אייך ווארטען איין איבעריגע שטונדע. איך אויף זיין פלאץ וואָלט אייך געוויס איין איבעריגען מאמענט ניט געווארט.

— איהר זייט א שלעכטער מענש, הערר גרינזאנג — האט דיא קניאגיניא קיין געזאגט.

— עס קען זיין — האט גרייזאנג געלאכט — אבער דערווייל האב איך נאך ביי קיינעם קיין געלד פערהאפט. קיינער קען זיך בעקלאגען אז איך האב איהם דיא מינדעסטע שלעכטס געטהאן. איך בעט אייך, קניאגיניא, איהר זאלט מיך מעהר מיט אזעלכע ביטעס ניט בעלעסטיגען. דאס וואס איהר האט מיט ראזענדופט'ן איז נים מיין זאך. מיין שולדיגקייט איז נור געווען זיך אנצונעהמען פאר דעם אונגליקליכען אין דער צייט ווען ער וואר פון אלע זיינע פריינדע פערלאסען, און מיך פרעהט זעהר אויף דעם וואס מיר האט געלונגען איהם צו טהאן א שטיקעלע טובה.

— גערעכט, הערר גרינזאנג! — האט דיא קניאגיניא צארניג אויסגערופען— איך וועל ראזענדופט'ן זיין געלד אבגעבען, אבער מיט אייך וועל איך מיך רעכענען. איך וועל אייך ווייזען וואס איך קען!

זיא איז האסטיג ארויסגעלאפען ווערפענד אויף דעם זשיד א גיפטיגען פעראכטליכען בליק.

גרינזאנג איז געבליעבען זיצען מיט א שמייכעל אויף דיא ליפען.

— לויף לויף, קאנאריע! — האט ער געשמאמעלט — נעה נור צאהל אב ראזענדופט'ן זיין געלד, נאכהער מענסט דוא זיך מיט מיר רעכענען וויא דיין הארץ געלוסט.

ער האט געוואלט אויפשטעהן פון זיין ארט און ארויסגעהן פון זיין צימער, אלס דיא טהיר האט זיך געעפענט און דיא גרעפין מאריא געקליידעט אין רייזע־קליידער מיט סאבינען זיינען אריינגעקומען.

— נו, הערר גרינזאנג — האט זיא מיט איהר ליעבליכען שמייכעל געזאגט — איך פאהר שוין, לעבט וואהל!

— אזוי? איהר פאהרט שוין? פאהרט געזונד ליעבע מאריא. איך דארף אייך ניט זאגען וואס פאר א ווינשע מיין הערץ טראגט פאר אייך. איהר ווייסט אליין וואס פאר א פריינדע איהר געפינט אין אונז.

— צו איך ווייס? איך קען אייך נור זאגען אז איך וועל דאס אייך קיין מאל פערגעסען. איך בעטראכט אייך און וועל אייך אימער בעטראכטען אלס מיינע גוטע, צערטליכע עלטערען.

הערצליך האט זיא גרינזאנגען מיט סאבינא'ן דיא הענד געדריקט. דאנקבארע טרעהרען האבען זיך געוויעזען אין איהרע שעהנע אויגען. דער זייטיגער צושויער וואלט גאר ניט געצווייפעלט אז דיא גרופע בעשטעהט אויס צארטע עלטערען און זייער ליעבעס, גוטעס קינד.

288טעס קאפיטעל.

## אַלטע געשיכטען.

מיר זעהען אבערמאלס אונזער בעקאנטער בת־שבע'ן מיט דעם הערען איליא בראגענשטיין אין דער ערשטערס וואוינונג ביי א גלאז טהעע. ביידע זיצען זא פערטרויליך וויא א פאאר טויבען, מען האט געקענט מיינען אז זיי זיינען שוין לאנג בעקאנט.

— אלזא, אזוי בלייבט דאס בת-שבע — האט קראנענשטיין געזאגט — מאָרגען קומט מיין שוויגער מוטער, וועל איך אייך פאר איהר פאָרשטעלען אלס מיין ניכטע (פלעמיאניצע). דען זיא טאָהר ניט וויסען אז איך וויל איהר זאלט בעטרעטען איהר טאָכטערס שטעלע. איך גלויב אז זיא וועט אייך זעהר ליעב בעקומען און וועט זיך פרייען וואס זיא האט אייך פאר א בעגלייטערין און פאר א געזעלשאפטערין אין יענער רייצענדער איינזאמער דאצשע (זומער-וואוינונג).

— יא. איך גלויב, אז זיא וועט ווירקליך אין מיר א געטרייע פריינדין געפינען. איך וועל מיר דיא גרעסטע מיהע געבען דיעזער אלטער אין אלע הינזיכטען צופריעדען צו שטעלען, ווייל איך וועל ניט פערגעסען, אז זיא איז אייער שוויענער-מוטער.

— אזוי? דאס ווילט איהר נור צוליעב מיר זיא אזוי פריינדליך בעהאנדלען? — האט קראָנענשטיין געלאכט.

— יעצט וויל איך דאס טהאן צוליעב אייך, ווייל זיא אליין האט נאך ביי מיר ניט פערדיענט איך זאל איהר א הייסע פריינדין זיין. שפעטער קען זיין, ווען איך וועל מיט איהר נעהענטער בעקאנט ווערען און איך וועל זעהן אז זיא האט מיין פריינדשאפט פערדיענט, וועל איך זיא דיענען צוליעב איהר אליין.

— ביי מיר איז קיין צווייפעל, אז זיא וועט אייך וויא א מוטער ליעב בעקומען, דען אז איהר האט געקענט אויף מיר אזא גוטען איינדרוק מאכען, וועט איהר אויף איהר געוויס נאך א בעסערן איינפלוס האבען. איך שטעל מיר פאָר, וויא פערגעניגט איהר וועט אין יענער דאצשע דעם זומער פערברייננגען. דער מענש אין אלגעמיין האט ליעב וועכסלונגען אין זיין לעבען און בעסער פון אזא וועכסלונג וויא פאר א גרויס-שטעדטישען איז דאס לעבען אין א שטילע רוהיגע דאצשע ניעבט עס ניט.

— איהר האט דאך מיך פערשפראָכען, אז איהר וועט אויך אָפט אהין קומען אונז צו בעזוכען. וועט איהר האלטען וואָרט?

— געוויס וועל איך אפרייסען צייט און צו אייך קומען, פערברייננגען ווענינגסטענס א פאר וואָכען אין אייער געזעלשאפט.

— עס האט זיך נאך קיין מאל געמאכט איהר זאלט א גאנצען זומער אין א דאצשע פערברייננגען?

— בלויז איין מאל בין איך א גאנץ זומער געזעסען אין א דאצשע מיט מיין גאָט-זעליגער פרוי. דאס איז געוועזען באלד נאך אונזער חתונה. מיר זיינען אבער דאָרט ניט געזעסען אויס פערגעניגען, זאָנדערן אויס נויטה.

— אויס נויטה זייט איהר געזעסען אין א דאצשע? — האט בת־שבע ערשטוינט געפרעגט.

— יא, נור אויס נויטה. מיר האבען זיך דאן ביידע בעהאלטען.

— פאר וועמען?

— פאר אונזערע בעסטע פריינד, פאר אונזערע עלטערען.

(Mos., 90.)

— דיא ווערטער קלינגען רעטהזעלהאַפט אין מיינע אויערן.

— איך וועל דאס אייך אין קורצען ערקלערען. אונזערע עלטערען וואָבען נים געוואלט איינשטימען צו אונזער פערבינדונג. דארום ווארען מיר געצוואונגען זיך אינ׳ם געהיים צו פערהייראטהען און זיך בעהאלטען פון אונזערע עלטערען זיי זאלען אונזער גליק נים שטערען.

— אויב אזוי פערשטעה איך שוין. איך שטעל מיר אויך פאָר וויא ביטער אייער לאַנגע איז דאמאלס געוועזען, אז מען מוז זיך פאר איינענע עלטערען בעהאלטען.

— יא, אונז איז נים געוועזען צו בענייידען — האט קראַנקענשטיין געענטפערט — איהר דארפט וויסען, אז מיר האבען ראָמאַנסירט מיט צוויי יאהר פריהער בעפאָר מיר האבען געהייראטהעט. מיר האבען זיך אזוי געליעבט, דאס מיר האבען איינער אָהן דעם צווייטען נים געקענט לעבען. מיר זיינען פערטיג געוועזען צו ווארפען אין עק וועלט אדער אירגענד וואו אויף א פערוואָרפענעם אינזעל. אבער מיר האבען אַ לאַנגע צייט זיך נים געקענט פעראייניגען, ווייל אונזערע עלטערען האבען אונז בע־וואכט וויא דיא ארעסטאנטען.

— ווארום האבען אייערע עלטערען צו דער פארטיי נים געוואָלט איינווי־ליגען?

— ווייל זיי זיינען געוועזען שרעקליכע פיינדע. זיי האבען ביידע זייער גאַנץ לעבען קאָנקורירט אין זייערע געשעפטען, און וועהרענד זיי האבען איינער אין דעם צווייטען געשאָסען באָמבעס, האבען מיר, זייערע קינדער, זיך געליעבט מיט דעם גרעסטען ליעבעס־פייער. זיי, עס הייסט אונזערע עלטערען, האבען דאס דערשטעקט און האבען אלע זייערע קרעפטען אנגעווענדעט אונזער ליעבע צו פערלעשען און עס קען זיין אז זיי וואָלט דאס געלונגען, אבער עס האט זיך געטאכט זאָ א פאל וואס מיר האבען געמוזט בלייבען מאַן און ווייב. דיא ליידען וואס מיר האבען געהאַט ביז מיר זיינען דאס געווארען, איז אונמעגליך צו בעשרייבען. איך קען אייך זאגען, אז דערמים וואס מיר האבען אונזער ציעל עררייכט, האבען מיר דיא גרעסטע העל־דענטהאַט בעוויזען.

— נו, און נאך אייער חתונה זיים איהר מיט דיא עלטערען שלום געוואָ־רען? — האט בת־שבע ניינגיעריג געפרעגט.

— יא. אבער ערשט אין איינגע יאהר ארום אז זיי זיינען ביידע בדלות געוואָ־רען און מיר האט גרארע דאס גליק א שפיעל געטהאן און איך האב פיעל געלד פערדינט, ערשט דאמאלס האבען ביידע פארטייען מיט אונז פריעדען געשלאָסען און האבען אונז צוריק אלס זייערע קינדער אנערקאנט.

— און איהר האט מיט אייער פרוי גליקליך געלעבט?

— זעהר גליקליך, נור איין זאך האט אונז געפעהלט: קיין קינדער האט אונז נאט געגעבען. מיין פרוי האט זיך אזוי לאַנג קורירט ביז זיא איז געפעהרליך קראַנק געווארען און איז געשטארבען. איהר מוטער בעטראכט מיך נאך יעצט אויך אלס איהר׳ס א קינד און איך בין ביי איהר טהייער וויא איהר לעבען.

— דאס בעווייזט, אז זיא איז א פרוי מיט א פיינעם כאראַקטער.

— יא, זיא איז א זעלטענע פרוי. זיא האט נאך דאמאלס ווען אונזערע עלטערען האבען אלע קרעפטען אוועקגעליינט אונזער בונד צו צורייסען, געשטאנען אין אונזער זייט. אבער זיא האט דערצו גאר ניט געקענט העלפען. דיעזע פרוי האט געליעבט איהר טאכטער פיעל מעהר אלס זיך זעלבסט. פאר דער טאכטער איז איהר קיין זאך צו שווער געווען צו טהאן, און זייט זיא איז געשטארבען איז דיא צערטליכע מוטער אונטרעסטליך געבליעבען.

— דארף זיא מאָרגען אהער קומען?

— יא, איך האב פון איהר א טעלעגראמע ערהאלטען אז זיא קומט מאָרגען צופאהרען.

— איך שטעל מיר אבער פאָר וויא זיא וועט מיך האסען ווען זיא וועט ערפאהרען, אז איהר ווילט איך זאל איהר טאכטערס שטעלע בעטרעטען.

— זיא דארף גאר דערפון ניט וויסען. איך האב דאך אייך שוין געזאגט, אז איך וועל אייך פאר איהר אלס מיין ניכטע פאַרשטעלען. זיא וויס, אז אין ראָסטאָוו געפינט זיך מיין ברודערס א וויטווע מיט א טאכטער, וועל איך אייך פאָרשטעלען אונטער דעם נאמען בת־שבע קראַנענשטיין.

— איך מוז אייך זאגען, אז מיר וועט דיא ערשטע צייט זעהר אונאנגענעהם זיין דיעזער גוטער אלטער צו נאררען.

— ווארום זאל דאס אייך שווער זיין? איהר טהוט דיעזער אלטער דאמע קיין שלעכטעס.

— אבער זיא וועט דאך דאס שפעטער ערפאהרען, וועט זיא מיך האלטע פאר א בעטרינגערין?

— וואצו זאלט איהר זאָרגען וועגען שפעטער? איך גלויב, אז אונטער דער צייט וואס איהר וועט זייןביידע צוזאמען וועט זיא אייך אזוי ליעב בעקומען, דאס זיא וועט אליין וועלען מיר זאָלען איינער דעם צווייטען געהערען.

— מיר שיינט, אז איהר האט געזאגט דאס זיא האט דא א זאָהן אדער א נעפע?

— יא, זיא האט דא א נעפע. ער איז זעהר אן אנשטענדיגער יונגער מאַן, א סטודענט. אין וואקאציע וועט ער אויך מיט אייך אין יענער דאצשע א פאר מאנאטען פערברייננגען.

— איך פרעה מיך שוין ווען איך עראינערע מיך אָן דיא גוטע טעג וואס איך וועל פערברייננגען אין יענעם גן־עדן אין דער געזעלשאפט פון אזעלכע פיינע לייט. אבער אין אייער געזעלשאפט וועט מיר נאך מעהר אנגענעהם זיין. געדענקט, הערר קראנענשטיין, איהר זאלט ווארט האלטען און זאלט אויך אהין קומען.

— איהר פאנגט שוין אן נאך מיר צו בענקען — האט קראנענשטיין מיט א ליעבליכען שמייכעל געזאגט, דאס פרעהט מיך זעהר. דאס איז א בעווייז, אז איהר הייבט שוין אן מיך צו ליעבען.

— איך וועל אייך נים לייקענען, אז איך ליעב אייך ווירקליך, אבער פאר־לויפיג נים מעהר וויא א טאכטער ליעבט איהרען א פאטער.

— דאס איז אפילו פאר מיר נים זעהר שמייכעלהאפט, אבער איך בין איבערצייגט, אז דיא ליעבע וועט זיך מיט דער צייט אין א גאנץ אנדערען פארם פערוואנדלען....

— איך וויל האפען אז אזוי וועט זיין.... האט בת־שבע ערדעטהענד גע־ענטפערט.

בת־שבע האט געוואלט עפעס זאגען, אבער אין דער מינוט האט זיך דיא טהיר געעפענט און דאס דינסטמעדכען האט געמעלדעט, אז סאנקא האגינמאן איז געקומען.

## 289טעס קאפיטעל.

# וואס זאל דאס בעדייטען?

יאקאב׳ס בעפרייאונג האט דעם אלטען שלמה פיין זייער בעלעבט, אבער דיא נאכריכט וואס ער האט געהאט פון זיין ערשטען זאהן׳ס טויט, האט איהם נים געלאזט רוהען. דער געדאנק אז מיט א קורצער צייט צוריק האט ער געהאט דיא מעגליכקייט זיין פערשוואונדענעם זאהן צו זעהן און יעצט איז שוין דיא האפנונג אויף אזא גליק פערשוואונדען, דיעזער געדאנק האט זיין לעבען פערביטערט.

איהם האט זעהר אינטערעסירט צו וויסען אלע איינצעלהייטען וועגען זיין זאהן, וואס איז מיט איינינע און צוואנציג יאהר צוריק פון איהם אבגעריסען געווא־רען. ער האט נאכגעפארשט וועגען איהם וואו ער האט נור געקענט און ער האט ערפאהרען, דאס דער גראף אנטאן דאנילאוו איז געוועזען זעהר א ליבעראלער מענש און ער וואר פון אלע זיינע בעקאנטע און פריינד בעליעבט פאר זיין גוטהערציגקייט און פאר זיין עדלען כאראקטער. עס האט זיך איין מענש נים געפונען, וואס זאל אויף איהם שלעכטעס ריידען.

בעזאנדערס האט איהם משה האגינמאן בעקאנט געמאכט מיט אנטאנס לעבען. וויא מיר וויסען, האט משה געקענט אנטאנען פון זיין פריהעסטער קינדהייט אן, דארום איז ער אין שטאנד געוועזען שלמה׳ן אויסקונפט צו געבען וועגען דאני־לאוו׳ס גאנצעס לעבען.

משה האט נאך נים געוואוסט, וואס פאר א מחותן שלמה פיין איז מיט דעם גראף דאנילאוו. אלע פראגען פון דעם הערין פיין האט משה בעטראכט אלס נייניערינקייט און ער האט דארום וויא אן איינפאכער בעקאנטער פון דעם גראף דאנילאוו שלמה׳ן אלעס דערצעהלט. ער האט איהם זאגאר בעקאנט געמאכט מיט דעם לעצטען סקאנדאל וואס איז פארגעקומען ביי דעם גראף אין הויז מיט דער גרעפין מאריא, וואס אנטאן האט זיא ערשאסען, דערפאר וואס אינטריגאנטען האָ־בען זיך אריינגעמישט און האבען אויף דער אונשולדיגער גרעפין זעהר שענדליכע זאכען דערצעהלט.

דיא געשיכטע האט שלמה׳ן פערדראסען. איהם האט זעהר געקריינקט וואס

זיינער א זאהן האט אזא סקאנדאל געמאכט און האט א מאָרדטהאט בעגאנגען איבער זיין אייגענער פרוי.

— ווען ער זאל געווען זיין א איד, ערצווינגען אין מיין הויז, וואָלט ער אזעלכע מערדערישע טהאטען ניט בעגאנגען — האט ער זיך געקלערט. פערפלוכט זאלען זיין דיא מענשען, וואס האבען אזא גוט קינד אריינגעגעבען צו דיא פערפלוכטע גראפען אין דיא הענד, און האבען פון איהם געמאכט, דאסזעלבע וואס זיי אליין זיינען.

שלמה האט אבער ענדליך דערקאנט אָן משה'ס רייד, אז דיא גרעפין איז ניט געשטארבען און ער האט אנגעהויבען איהם צו דריקען מיט פראגען, ער זאָל איהם זאגען וואס פון דער שעהנער מאריא'ן איז געוואָרען.

— איך קען דאס אייך דערווייל ניט זאגען — האט משה געענטפערט — ווייל דא שטעקט א געהיימניס.

— איך פערשטעה אבער ניט, ווארום פירכטעט איהר מיר דיא געהיימניס צו ענדעקען? איך וועל דאך דאס געוויס קיינעם ניט איבערגעבען.

— און איך פערשטעה ניט, ווארום איהר זייט אזוי נייגיעריג דאס אלעס צו וויסען? — האט משה געענטפערט.

— דאס איז בלויז נייגיערינקייט — האט שלמה ערוויעדערט — אזא געשיכטע וויל יעדער מענש הערען. טהוט מיר דאס געפאלען, רבי משה, און דערצעהלט מיר צו לעבט דיא גרעפין דאנילאָוו?

— ווען איהר ווילט דאס דורכאויס וויסען, זאג איך אייך אז יא.

— אזוי? זיא לעבט? — האט שלמה דערפרייט אויסגערופען — נו, און איהר קינד?

— דאס לעבט אויך.

— ווירקליך?

— אז איך זאג אייך אז זיי לעבען, קענט איהר מיר גלויבען.

— וואו זיינען זיי יעצט?

— דאָ היע.

— וואָס? דא אין מאסקווא זיינען זיי? — האט שלמה איבערראשט געפרעגט.

— יא, זיי זיינען דא אין מאסקווא. איך פערשטעה אָבער ניט, פארוואס איהר וואונדערט זיך אזוי.

— זיי זיינען דא אין מאסקווא? — האט שלמה מיט דערזעלבער איבערראשונג געפרעגט.

— איך האב דאך אייך געזאגט, אז זיי זיינען דא אין שטאדט.

— קען איך זיי זעהן?

— ווארום ווילט איהר זיי זעהן?

— איך בעט אייך, רבי משה, טהוט מיר דיא געפעלינקייט און צייגט מיר אן וואו זיי זיינען. איך וועל אייך עוויג דאנקבאר זיין פאר דער טובה.

— א טובה? — האט משה פערוואונדערט נעפרעגט — וואס פאר א טובה קענט איהר פון דעם האבען?

— מיר איז דאס דיא גרעסטע טובה.

— נו, מהיכא־תיתא, אויב דאס איז אייך אזא גרויסע טובה וועל איך אייך דאס צוליעב טהאן און אייך צו זיי פיהרען. אבער מיט וואס פאר אן אויסרייד קען איך מיט אייך אריינגעהן צו איהר? זיא וועט דאך מיך אנקוקען וויא א משוגע־נעם, ווען איך וועל פלוצלינג צו איהר אריינפיהרען א אידען און וועל איהר זאגען, אז ער איז געקומען זיא אנקוקען, ווייל איהר געשיכטע אינטערעסירט איהם זעהר?

— דאס זיים איהר אויך גערעכט. אבער גיט־זשע אן עצה וואס צו טהאן, איך וויל זיא דאך זעהן.

משה האט איינינע מינוטען געטראכט און האט נאכהער געזאגט:

— איהר קענט זיא זעהן, ווען זיא וועט קומען צו מיר מיט א בעזוך.

— קומט זיא דען צו אייך אין שטוב?

— זיא קומט פאסט יעדע וואך.

— ווען דארף זיא ביי אייך זיין?

— דאס קען איך אייך בעשטימט ניט זאגען. איך גלויב אבער, אז דיא מען וועט זיא צו מיר קומען רופען בעזוכען מיין סאנקא'ן, זיא זאל מיט איהר געהן בע־זוכען איהר קינד ביי דער אם.

— איז דען איהר קינד ביי אן אם?

— יא.

— אויב אזוי וועל איך אייך בעטען, איהר זאלט אזוי פריינדליך זיין און מיך פיהרען צו דער אמע.

— צו דער אמע? וואס וועט איהר דארט טהאן?

— איך וויל זעהן איהר קינד.

— וואס וועט איהר דארט זעהן? דאס איז אזא קינד וויא אלע קינדער, געוועהנליך איז דאס זעהר א שעהן מיידעלע. מען דערקענט מיט דעם ערשטען קוק אויף איהר, אז זיא איז א גרעפיש קינד. נו, האט איהר קיין מאל קיין שעהנע קינדער געזעהן?

— איך בין אבער דאך זעהר נייגיעריג צו זעהן חאטש דאס קינד — האט זיך שלמה געבעטען.

— נו, ווען איהר פערלאנגט דאס, מוז איך דאך אייך צוליעב טהאן — האט משה געענטפערט. — קומט, רבי שלמה, מיר וועלען געהן בעזוכען דעם קינד.

און ביידע זיינען אוועקגעגאנגען.

שטארק האט שלמה'ן געקלאפט דאס הערץ, ביי דעם געדאנק אז ער געהט צו זיין אייניקעל, צו זיין עלטערען זאהן'ס קינד. ער האט דאס קיין מאל ערווארטעט, צו זעהן א קינד פון דעם זאהן, וואס איז שוין אזא לאנגע צייט פון איהם פערשוואונדען געווארען, און ער האט אלע האפנונגען פערלארען איהם אמאל ווידער צו זעהן.

זיי זיינען א לאנגע צייט געגאנגען, ביז זיי זיינען געקומען צו א הויז אין ניקאָ־לאיעווסקא אוליצא.

— דא געפינט זיך דאס קינד — האט משה געזאגט — איהר זאָלט אזוי גוט זיין, רבי שלמה, און זאגען אז איהר געהט גלאט אזוי מיט מיר, ניט מעהר ווייל איהר דאַרפט מיך נאך פאר א נייטיגע זאך האבען, דעריבער ווילט איהר מיך ניט אבלאזען און זייט מיט מיר אהער אריינגעגאנגען. וועט איהר אזוי זאגען, רבי שלמה?

— ווען מען וועט מיך פרעגען, וועל איך אזוי זאגען — האט שלמה וואו צר טומעלט געענטפערט.

משה האט איהם ארויפגעפיהרט אויפ'ן צווייטען שטאָק און האט אנגע־קלאפט אין איינע פון דיא דריי טהירען וואס זיינען דאָרט געווען.

דיא טהיר האט זיך געעפענט און א יונגע פרוי האט זיך אין טהיר געוויזען און אלס זיא האט דערזעהן משה האַנינמאַן האט זיא מיט זעהר א פריינדליכע מינע געזאגט:

— הערר האַנינמאַן, ביטע קומט אריין. ווער איז דער מאַן?

— דאס איז מיינער א בעקאנטער — האט משה געענטפערט — איך בעדאַרף מיט איהם אריינגעהן אין א פלאץ, פארביינעהענדיג אייער הויז האב איך מיך ניט געקענט איינהאלטען ניט אריינצוגעהן זעהן וואס מאכט דיא קליינע פאולינא. דאַ־רום האב איך איהם געבעטען, ער זאָל מיט מיר אויך אהער אריינגעהן.

— קומט אריין — האט דיא יונגע פרוי געזאגט — פאָלי האט זיך ערשט פון שלאָף ערוואכט.

זיי זיינען איהר נאכגעגאנגען אין א פיינעם, ליכטיגען און ציכטיגען צימער. דאָרט אין א קליין בעטעלע איז געלעגען א בילד־שעהנעס קליינעס מעדכען, וועלכע האט דערזעהענדיג משה'ן אויסגעשטרעקט איהרע קליינע הענטליך און א זאנפ־טער שמייכעלע האט זיך געוויזען אויף איהרע ראָזענאַרטיגע ליפעלאך.

— איז דאס אנטאן דאנילאָוו'ס קינד? — האט שלמה געפרעגט ציטערנד ביי אלע גליעדער, דערזעהענדיג זיין זאָהן'ס טעכטער'ל.

— יא, הערר פיין, דאס איז דעם אונגליקליכען גראפס קינד — האָט משה געענטפערט.

שלמה איז צוגעגאנגען צום ווינעלע, האט אייניגע מינוטען בעטראכט דאס שעהנע קינד. זיינע אויגען זיינען פול געוואָרען מיט טרעהרען. ער האט זיך ענדליך צום קינד צוגעבויגען, האט איהר א פאָר הייסע קושען געגעבען און האט זיך אליין וויא א קליין קינד פאַרנאַנדער געוויינט.

— וואס איז דאס מיט אייך, הערר פיין? ווארום וויינט איהר אזוי? — האט משה פערוואונדערט געפרעגט.

אבער שלמה האט ניט געקענט ענטפערן. דאס הערץ איז איהם אזוי פער־ביטערט געוואָרען, דאס ער האט א לאנגע צייט ניט געקענט צו זיך קומען.

דיא טהיר האט זיך געעפענט און אן אפיציר איז אריינגעקומען.

— וואוינט דא א פרוי מיט דעם נאמען סארא בלאַנר? — האט ער זעהר העפליך געפרעגט.

— יא, דאס בין איך — האט דיא יונגע פרוי געענטפערט.

— געפינט זיך ביי אייך א קינד פון א פרוי סוסאנא פעטראוו?

— יא, גנעדינער העדר.

— מיך האט אהער געשיקט דער גראַספירסט סערגעי אלכסנדראָוויטש, איך זאָל אייך זאגען, דאס איהר זאָלט דיא טינוט מיט דעם קינד קומען אין זיין פאלאַסט.

— ווארום? — האט דיא אמע ערשראָקען געפרעגט.

— דאס איז ניט אייער געשעפט, טהוט וויא מען הייסט אייך.

— אבער, גנעדינער העדר, דאס קינד איז דאָך ניט מיינס און ווען דיא מוטער פון דאס מערכען וועט אהער קומען און וועט דא דאס קינד ניט טרעפען, וועט זיא אויס שרעק שטארבען.

— דיא מוטער איז אויך יעצט ביי'ם גראַספירסט אין פאלאַסט.

— אויב אזוי, איז עטוואס אנדערש — האט דיא אמע געענטפערט

— נו, מאכט-זשע ניט קיינע גרויסע פאַרבערייטונגען און קומט.

— איך מוז דאָך אבער זיך איינוואַשען און אנטהאָן אן אנדער קלייד. וויא נעהט מען אזוי צום גראספירסט אין פאלאַסט?

— נו, וואשט זיך איין אבער מאכט דאס וואס גיכער, דען איך האב קיין צייט צו ווארטען.

— איך וועל שוין קומען. איהר קענט אייך געהן, גנעדינער העדר.

— ניין, איך וועל אָהן אייך און אָהן דעם קינד ניט געהן.

— וועה איז מיר! ווער ווייס וואס מען וועט אונז דאָרט טהאָן — האט דיא אמע ווייגענד געזאגט.

— האב קיין פורכט, נארדישע פרוי, מען וועט אייך דאָרט ניט אויפעסען — האט דער אפיציער שמייכלענד ערוויעדערט.

דיא אמע האט שוין ניט געוואנט מעהר צו ריידען. זיא האט זיך שנעל איינגעוואשען, האט אנגעצויגען אן אנדער קלייד, און געהמענדיג דאס קינד אויף איהרע הענד איז זיא מיט דעם אפיציר ארויסגעגאנגען. פאר דעם הויז איז גע-שטאנען א פרעכטיגער עקיפאדש, אין וועלכען דער אָפיציר מיט דער אמע האבען זיך אריינגעזעצט און זיינען אוועקגעפאהרען.

— וואס זאָל דאס בעדייטען? — האט שלמה געפרעגט — וואצו האט מען דאס קינד געפיהרט צו דעם גראַספירסט?

— איך ווייס אויך ניט וואס דאס בעדייט — האט משה געענטפערט — איך מוז לויפען דאס דערצעהלען דעם העררן גרינזאנג.

— ווארט, איך וועל אויך געהן מיט אייך, רבי משה — האט שלמה גע-זאגט — איך דארף אלץ איינס זיין ביי איהם.

און ביידע זיינען אוועקגעגאנגען צו גרינזאנג'ן.

### 220טעם קאפּיטעל.

## אַ טייפלישער פּלאַן.

מיר האבען געזעהן גרייץ'ן ארויסרופענדיג זיין ליעבער ווירטהין גאָלדע דיא טענדלערין פון ראָטהבלום'ס הויז.

— גאָלדע! — האט ער זיא געפרעגט ציטערנד ביי אלע גליעדער, איהר האט נאך גאר ניט דערצעהלט רעבעקא'ן?

— ניין, דערווייל נאך ניט, דען איהר האט מיר אין מיטען איבערגעשלאגען.

— האט איהר געוויס נאך גאר ניט דערצעהלט?

— זאָל איך אזוי זיין א מאמע צו מיין טאכטער וויא נאך ניט. אבער איך וועל דאס איהר דערצעהלען, אז איהר וועט ווייטער זיין אזוי איינגעשפארט און וועט מיר ניט וועלען געבען, דאס וואס איך פערלאנג פון אייך.

— גזלן'טע! רוצח'טע! וואס ווילט איהר פון מיר?

— חע, חע, חע! וויא געפעלט אייך דער אָנשטעל? — האט גאָלדע שפּאָטיש געזאגט — מיך רופט ער גזלן'טע, רוצח'טע! דערווייל זייט איהר, הערר גרייץ, א גזלן. איהר ווילט פון דעם באנקיר ראטהבלום גזל'ענען א טאכטער מיט א גרויסען נדן.

— זאגט מיר, וואס ווילט איהר?

— איך דארף אייך טויזענד מאל זאגען איין זאך, מיר שיינט אז איך האב אייך שוין צוואנציג מאל געזאגט אז איך וויל ניט מעהר וויא טויזענד רובעל.

— וואו זאל איך אייך אבער נעהמען אזוי פיעל געלד. איהר ווייסט דאך שוין, אז קיין רייכע ירושה האב איך ניט, רעבעקא'ס נדן האב איך נאך אויך ניט אפּגענומען, נו, הכלל? וואו־זשע זאל איך פאר אייך נעהמען טויזענד רובעל?

— נישקאָשע! אזא קלוגער סוחר וויא איהר זייט קען זיך אן עצה געבען אין אזא קליינער סומע.

— גאָלדע, איך שווער אייך ביי מיין לעבען, איך שווער אייך ביי גאָט אז איך קען מיר קיין עצה געבען וואו דאס געלד צו נעהמען.

— וואס טויגען מיר אייערע שבועות. איך וויל גאר פון זיי ניט וויסען. איך דארף האבען געלד און ווייטער געהט מיר גאר ניט אהן. טהוט זיך פון מיינטוועגען חאָטש צעהן מיתות אן, אבי מיר זאָלט איהר מיינע טויזענד רובעל אפּגעבען.

— גאָלדע! — האט זיך גרייץ געבעטען וועהרענד דיא גאל איז ביי איהם שיער צופלאצט געוואָרען פון כעס — געהט אריין אין מיין לאגע, וואו קען איך פאר אייך נעהמען געלד? בעטען יעצט ביי דעם מחותן קען איך ניט, דאס פערשטעהט איהר דאך אליין, ערגעץ אנדערש וועט מען מיר אויך ניט געבען. נו, און פון זיך אליין קען איך דאך געוויס קיין געלד מאכען.

— וואו האט איהר גענומען געלד פאר אייער מערין.

— מערין? האב איך איהר דען געגעבען געלד?

— וואס דען האט איהר געגעבען?

— איך האב איהר געגעבען א וועקסעלע ערשט צו בעצאהלען נאך מיין חתונה. ווען איך וועל ווירקליך ווערען רייך.

— נו, ווילט איהר אפשר מיר אויך געבען אזא וועקסעלע?

— אויב איהר ווילט וועל איך דאס אייך געבען.

— צו וועלכע צרות דארף איך אייערע וועקסעלאך.

— פערשטעהט איהר דען ניט, אז דאס איז גוט געלד, באלד נאך מיין חתונה וויא איך וועל רעבעקא סנדן האבען אין מיינע הענד בעקומט איהר אייער געלד.

— און איהר מוזט מיינען הערר גריין, אז איך בין אזא נארר וויא דיא נאררישע מערי? חע, חע, חע! איהר האט חלעבען ניט געטראָפען דאס אָרט. צו פערשטעהע איך דען ניט אז באלד וויא איהר וועט דערטאפען דעם גרן וועט איהר מאכען דיא פליטה, ווייל איהר פערשטעהט זעהר גוט אז איהר קענט דא מעהר ניט זיין נאך דעם פאלש וואס איהר האט געמאכט דאמים, וואס איהר האט איינ־בילדען ראָטהבלומהן און רעבעקא׳ן אז איהר זייט א יורש פון מיליאנען. איך וויים זעהר גוט, אז וויא דער נאררישער ראטהבלום וועט אייך זיין טאָכטער׳ס נדן איבער־געבען וועט איהר אזוי ניך פערשווינדען אז איהר וועט אפילו פערגעסען צו זאגען בעל הבית׳טע זיי געזונד.

— איך וועל דאס ניט טהאן נאָלדע, איך שווער אייך ביי גאָט אז איך וועל דאס ניט טהאן.

— וואצו זאלט איהר זיך אומזיסט און אומניׅשט נארריש מאכען — האט נאלדע געענטפערט — וואס פאר א ווערטה האבען ביי מיר אייערע שבועות. צו וויים איך דען ניט, אז אזא מענשעל וויא איהר זייט, וואס ערלויבט זיך אזעלכע פאלשען צו מאכען, גלויבט ניט אן גאט, און אלע זיינע שבועת זיינען ניט ווערטה קיין אויסגעבלאזענע איי. הערר גריין, איך רייד מיט אייך קורץ און שארף, געלד! איך וויל געלד, אויף כפרות דארף איך אייך מיט אלע אייערע שבועות און מיט אייערע וועקסעלאך. איהר פערשטעהט ריין אידיש, צו ניין?! טאָמער פערשטעהט איהר ניט, וועט מיך רעבעקא פערשטעהן און טאקע באלד.

דאס גאנצע בלוט האט אין גריצען געקאָכט. אך, ווען ער זאל קענען מיט א האק צערשפאלטען דעם קאָפּ פון דיעזער מכשפה, וואלט ער זיך גאר דערקוויקט. ליידער אבער האט ער דאס ניט געקענט טהאן, און האט געמוזט אנווענדען תפילות מיט תחנונים.

— נאָלדע! — האט ער געבעטען — האט אויף מיר רחמנות, איך וועל אלעס טהאן וואס איהר וועט מיר הייסען, נור קיין געלד זאלט איהר פון מיר ניט פער־לאנגען, ווייל מיר איז אונמעגליך צו געבען אייך איין פפעניג, איך האב ניט. איך זאל אזוי לעבען וויא איך בין יעצט א קבצן אין דריי נאָרען.

— דאס איז ניט מיין נע׳שעפט און ניט מיין באבעס דאנה — האט נאָלדע קאלט געענטפערט — נור וואס האב איך דא מיט אייך אזוי פיעל צו טעהנען, איך פרעג אייך נאך א מאל! קענט איהר מיר געבען טויזענד רובעל, אויב ניט, שווער איך אייך: איך זאל אזוי זיין א טאמע ביי מיין טאָכטער און א באבע ביי מיינע

אייניקלאך, וויא איך נעה שוין צוריק און דערצעהל אלעס וואס איך האב פריהער געוואלט דערצעהלען.

סימאן האט אייניגע מינוטען געטראכט און האט נאכהער געפרעגט:

— איהר וועט מיר ווארטען ביז הייטע אבענדס?

— דאס איז א קלייניגקייט. איך קען אייך ווארטען. דען מארגען איז אויך א טאג, איך וועל מארגען אויך טרעפען וואו רעבעקא וואוינט. וועט איהר־זשע מיר ברענגען דאס געלד ביז אבענד?

— יא.

— נו, אויב אזוי בלייבען מיר גוטע פריינד — האט זיא לאכענד געזאגט — איך וועל נאך זיין א מחותנ׳סטע אויף אייער חתונה און וועל טאנצען א קאזאצקע ווען איהר וועט געהן מיט אייער כלה פון דער חופה.

— גוט, איך וועל געהן אלע קרעפטען אנווענדען פאר אייך געלד צו בעקומען— האט גריץ געזאגט און האט געוואלט אוועקגעהן.

— ווען זאל איך אייך ערווארטען־מיט דעם געלד? — האט נאלדע געפרעגט.

— אום ניין אדער אום צעהן אוהר.

— זעהר גוט, ווען אפילו מיט א שעה אדער מיט צוויי שעה שפעטער מאכט אויך ניט אויס, איך וועל מיך ניט לייגען אזוי גיך שלאפען און וועל אייך ערווארטען, אבער איהר זאלט ניט פערגעסען צו ברענגען גאנצע טויזענד רובעל, עס זאל אפילו איין קאפיקע ניט פעהלען, איהר הערט?

— איך הער — האט גריץ בייז געענטפערט און איז אוועקגעגאנגען.

— מען מוז זעהן עפעס א מיטעל וויא אזוי פון דער אלטער חאלעריא בע־פרייט צו ווערען — האט ער געמורמעלט אלס ער איז אוועקגעגאנגען, זיא קען מיר דאך זעהר א ביטערע חתונה אפשפיעלען. דען קיין געלד האב איך ניט איהר צו געבען און ווען איך זאל איהר יא קענען געבען טויזענד רובעל בין איך דאך ניט זיכער, אז מארגען וועט זיא ביי מיר נאך געלד ניט בעטען. יא, איך מוז זעהן זיא פון האלז אפצושאפען.

— אבער וויא אזוי?

— איך וועל זיא גאנץ איינפאך פערניפטען צום שווארץ־יאהר — האט ער זיך געקלערט — פאר פינף קאפיקעס ארסעניק וועל איך איהר דינגען א פוהר אזש אין ליכטיגען גן־עדן.

— אבער ווער ווייס צו וועל איך גוט אבשניידען מיט אזא טהאט? — האט ער ווייטער געקלערט — דען ווען זיא וועט פלוצלונג שטארבען וועט מען איהר געוויס פאלמעסען און מען וועט אויסגעפינען אז זיא איז פערגיפטעט, דאן וועט דער פער־דאכט פאלען אויף מיר, דען קיין אנדערע מענשען אויסער אונז ביידען געפינען זיך ניט אין דעם הויז. ניין, דאס איז קיין פלאן ניט.

ער האט א היבשע צייט נאכגעדענקט און האט ענדליך געזאגט:

— הא? דאס איז גראדע זעהר א גוטער פלאן. יא, איך וועל אזוי טהאן אז

פון דער אלטע מכשפה וועט ביז מאָרגען קייןביינדעלע בלייבען און אויף מיר וועט קיין פערדאכט פאלען.

— אזוי בלייבט דאס, האט ער ווייטער צו זיך גערעדט — אבער וואס טהוט מען מיט מערי׳ן? וויא ווערט מען פון איהר פטור. זיא וועט דאך בלייבען אן אייבינער הארב אויף מיר. מען דארף זעהן עפעס פון איהרעטוועגען אויך אויסזוכען א מיטעל זיא זאל אין דער בעסערער וועלט איבערגעהן.

נור לאָמיך פריהער בעפרייט ווערען פון דער אלטער מכשפה, נאכהער וועל איך מיך נעהמען צו מערין. איך וועל איהר ווייזען וואס הייסט אומזיסט און אומ־נישט פון מיר געלד רייסען. אין דער ערד, טיעף אין דער ערד וועלען זיי ביידע ביי מיר געהן.

איהם האט אפילו א שוידער נעטהאן אלס ער האט זיך דערמאהנט, וואס ער וועט טהאן אום פון דער אלטער גאלדען בעפרייט צו ווערען אבער ער האט באלד צוריק זיין מוטה בעקומען און האט מיט א פעסטער שטימע געזאגט:

— אזוי בלייבט דאס און אזוי מוז עס זיין, אויף אזא אלטער העקסע טאָהר מען קיין רחמנות האבען. געלד גלוסט זיך איהר? גאנצע טויזענד רובעל? איך וועל דיר ווייזען טייפלישע פרוי וואס הייסט טויזענד רובעל.

— חע, חע, חע! — האט גאלדע אין דער זעלבער צייט צו זיך אליין געלאכט— איהם געלוסט זיך געביך ניט, מיר טויזענד רובעל צו געבען. איך מוז דיר אבער בעווייזען נאררישער גריין אז גאלדע דיא טענדלערין האט מעהר שכל פון דיר און פון דיין מערין. דער נאררישער יונג האט געמיינט, אז ער וועט מיר דאס מויל פער־שליסען מיט א וועקסעלע; חע, חע, חע! ער האט געביך ניט געטראָפען דעם אָרט. וואס טויגען מיר דיא פאפירעלאך, צו וועלכען שווארין־יאהר דארף איך זיי האבען, איך דארף מזומן געלד, מזומנע טויזענד רובעל. לאמיך נור דיא ערשטע טויזענד רובעל ביי דיר נעהמען, וועסט דוא מיר געבען נאך. גאָלדען פאטערט מען ניט אפ מיט טויזענד רובעל, האב איך דיך אנגעחאפט ביי דער טשופרינע וועסט דוא מיר שוין געבען געלד וויפיעל איך וועל אליין וועלען. חע, הע, חע! מען דארף קיין נארר ניט זיין, מען מוז אלע מאל שכל האבען און זיך בענוצען מיט דער געלעגענ־הייט וואס עס מאכט זיך א סך געלד צו פערדיענען....

291טעס קאפיטעל.

## איהם ציהט צו דיא עלטערען.

אנטאן דאנילאוו האט יעצט פיעל לעבעדיגער און סונטערער אויסגעזעהן אלס פריהער.

דיא נאכריכט וואס יאניק קאבאנאוו האט איהם געבראכט אין געפענגניס אז ער האט א פאטער, האט אין איהם א ניי לעבען אריינגעגעבען.

דיא אונערוואַרטעטע איבערראשענדע נייעס האט איהם זעהר פיעל שטאַף געגעבען צום דענקען.

דיעזער גראף וויא מיר ווייסען וואר זעהר א ליבעראלער מענש. ער האט

אימער אלע מענשען פון דיא פערשיעדענע נאציאָנען וויא גלייכע ברידער, גלייכע מענשען בעטראכט. ער האט שון לאנג פערשאָלטען דיא רעליגיאנען, וואס צוליעב זייער פערשיעדענהייט האבען זיי איינגעטהיילט דיא מענשען אין פערשיעדענע פעלקער און האבען אין זיי ערוועקט א האס פון איינעם געגען דעם צווייטען. געגען דיא אידען האט ער א שטיקעל אנטיפאטיע נעהאט איינפאך דערפאר, וואס ער איז פון זיין פריהעסטער יונגענד אָן געוואוינט געווארען צו זעהן וויא דיא זשידעס ווערען פעראכטעט פון אלע איבעריגע פעלקער. דאס איז שוין אן אלט בעקאנטע זאך, אז מאנכעס מאל ווערט דעם מענשענס קלארער גייסט פערשיכורט דורך דער געוואוינהייט. ריכטיגער געזאגט דורך דער איינבילדונג.

דער געטויפטער ווענטער וועלכער האט מיט איהם זעהר אָפט געשפראָכען וועגען דיא אידען האט איהם אבער פון זיין שכרות אויפגעמונטערט. דער קלוגער אנטאן איז באלד צו דער איבערציייגונג געקומען, דאס ער האט וועגען דיא אידען אין אלגעמיין א פאלשע מיינונג געהאט און ער האט דאס פון זיינער זייטע אלס אונ־רעכט בעטראכט וואס ער האט א גאנצע פאָלק פעראכטעט נור ווייל ער איז בלינד נאכגעגאנגען נאך דער מיינונג פון דער וועלט.

איהם האט דארום יעצט גאר ניט געקימערט וואס ער האט א טאטען א אידען. דיא גרויסע טיטולען גראף אדער קניאז האבען שוין ביי איהם לאנג זייער ווערטה פערלאָרען, ער האט בענייידעט דעם איינפאכען פאסטוך אין דעם גראָבען מוזשיצקען קאסטיום, וועלכער ווייס ניט פון דיא אינטריגען וואס קומען פאָר אין דיא אריסטאקראטישע הייזער און ער לעבט זיך דארום אונבעזאָרגט מיט א ריינעם געוויסען צווישען זיינע שאף.

מען קען זאגען, אז איהם האט הערצליך געפרעהט וואס דער אלטער גראף מארטין וועלכער וואר בעקאנט אלס הערצלאזער מענש און גרויסער טיראן, וואר ניט זיין פאטער. איהם האט קיין מאל זיין רייכטהום געשמעקט, ביי דעם געדאנק דאס דער גראף מארטין דאניקאָיו האט עס ערוואָרבען דורך דעם שווייס פון זיינע ארמע ארבייטער, וועלכע ער האט ערנער אלס זיינע פערד און הינט בעהאנדעלט.

— מיין פאטער איז א איד — האט ער זיך יעצט געקלערט — פאָלגליך איז ער א שטילער רוהיגער מענש, וואס זיינע הענד זיינען קיין מאל בעשמוצט געווארען מיט דעם בלוט און דעם שווייס פון ארעמטליכע ארבייטזאמע פערזאָנען. ער מוז זיין א גוטער מאן און א צערטליכער פאטער. ער האט נאך געוויס ניט פערגעסען זיין קינד, וועלכעס שלעכטע, הערצלאָזע מענשען האבען פון איהם מיט עטליכע און צוואנציג יאהר צוריק אוועקגערויבט. עס קען זיין אז ער, ווען ער זאל ערפאהרען אז איך בין זיין זאָהן, וואָלט ער זיינע הענד פאר מיר אויסגעשפרייט מיך אומצוארמען, מיך צו זיין ברוסט צו דריקען מיט דער גאנצער פעטערליכער ליעבע. עס קען אויך זיין, אז מיין מוטער לעבט. מיין מוטער וועלכע האט אָהנע צווייפעל פיעלע, פיעלע טרעהרען פערגאָסען, אלס מען האט מיך פון איהרע הענד אוועקגערויבט. אך, ווען איך זאל זיי קענען יעצט זעהן, ווען איך זאל זיי קענען אומארמען און מיין ביטערע הערץ אויסגיסען אויף זייערע

העלזער. ווײנען אזוי לאנג, ביז מײן זעעלע וועט פון מיר ארויסגעהן.

זעהר זים האט זיך יעצט דער טויט פאר איהם פארגעשטעלט אין דער געגענגגווארט פון געטרייע גוטע עלטערען. עס איז זעהר אנגענעהם פאר דעם אונ־גליקליכען פערצווייפעלטען מענשען צו שטארבען מיט דעם געדאנק, אז עס גע־פינען זיך נאך אזעלכע מענשען וואס וועלען פערגיסען טרעהרען אויף זײן לייכע, און וועלען אפט זײן קבר בעזוכען.

דער אונגליקליכער אנטאן האט שוין דיא האפנונג אויף בעסערע צייטען אויפגעגעבען, דאס לעבען האט בײ איהם שוין מעהר קײן ווערטה געהאט. ער האט געפיהלט, אז איהם וועט אונמעגליך זײן צו פערגעסען דיא זינדע וואס ער האט בעגאנגען געגען זײן ווייב און קינד. ער האט געוואוסט, אז זײן מאריא'ס בילד וועט ניט אויפהערען איהם צו פערפאלגען אויף שריט און טריט. דארום האט ער גע־וואלט זײן לעבען זאל אן ענדע נעהמען, אבער ניט אויפ'ן עשאפאט, זאנדערן אין דעם קרייז פון פריינדע, פון געטרייע מענישען, וועלכע וועלען איהם חאטש א טרעהר און א זיפץ שענקען. נו, וואו קען מען נעהמען געטרייערע פריינדע וויא אייגענע עלטערען זיינען?

אבער דיא פראגע איז, וואו נעהמט מען יענע אונבעקאנטע עלטערן? זיי האבען דאך גאר קײן אהנונג, אז זייער לאנג פערשוואונדענער זאהן לעבט און ער געפינט זיך אין געפעגגניס.

ווען ער זאל חאטש וויסען זייערע נעמען וואלט ער שוין געזוכט א מיטעל וויא אזוי מיט זיי זיך צוזאמענצורייךען, מיט זיי צוזאמענצוקומען, חאטש איין בליק ווארפען אויף זיי. אבער ער ווייס דאך ניט וויא זיי הייסען. דער שלעכטער יאניק קאבאנאוו האט עס איהם ניט געזאגט.

איהם האט פערדראסען אויף דעם, וואס ער האט דיעזען געלד־גיריגען מאן קײן געלד ניט געגעבען, אום ער זאל איהם אלעס דערצעהלען.

— אבער יאניק לעבט דאך — האט ער זיך געקלערט — איך קען נאך פיעל־לייכט יעצט דעם פעהלער פערריכטען. דיעזער מאן וועט זיך פון געלד ניט ענטזאג־נען. איך מוז שרייבען צו א גוטען פריינד ער זאל זיך מיט איהם זעהן און איהם פערשפרעכען געלד וויפיעל ער וויל, אבי ער זאל זאגען וואו מיינע עלטערען גע־פינען זיך.

נור צו וועמען שרייבט מען?

לאנג האט ער וועגען דעם זיך געבראכען דעם קאפ און איהם איז ענדליך א ראטה אייננעפאלען אין קאפ.

ער האט צו זיך גערופען יענעם געטויפטען וועכטער, וועלכער האט איהם אין דער צייט וואס ער זיצט דא זעהר פיעל פריינדשאפט בעוויעזען.

— איך וועל אייך, ליעבער פריינד, פערטרויען א געהייםניס — האט ער צו דיעזען וועכטער געזאגט, אלס ער איז צו איהם אריינגעגאנגען.

— א געהיימניס? — האט דער וועכטער ערשטוינט געפרעגט.

— יא, זעהר א וויכטיגע געהיימניס. איך מוז יעצט האבען א גוטען פריינד

וועלכער זאל מיר אין א וויכטיגע זאך בעהילפיג זיין, און קיין בעסערען פויינד פון אייך האב איך דאָ ניט.

— מיט ליעב און זועלע שטעה איך אייך צו דיענסט — האט דער וועכטער געענטפערט

— מיין געהיימניס בעשטעהט אין דעם — האט דער גראף נאך א קורצער פויזע געזאגט — וואס איך האב ערפאהרען אז איך האב נאך עלטערען.

— וואס? איהר האט עלטערען? מיר שיינט, אז איהר האט מיר געזאגט דאס זיי זיינען שוין לאנג טויט?

— יענע וואס זיינען טויט און וועלכע איך האב ביז אהער אלס מיינע עלטערען בעטראכט, זיינען פרעמדע מענשען; דאס האב איך דיא טעג ערפאהרען. אונערוואַרטעט האט מען מיר געבראכט דיא נאַכריכט אז מיינע וואהרע עלטערען לעבען נאך, און איהר וועט זיך נאך מעהר וואונדערן אלס איהר וועט הערען, דאס זיי זיינען אידען.

— דער וועכטער האט איהם ערשטוינט אנגעקוקט און האט געזאגט:

— איהר שפאסט ניט, גראף?

— ניין. מיר ליעגט יעצט אין קאפּ ניט קיין שפּאס. דאס איז ריכטיג וויא איך דערצעהל אייך.

— וויא אזוי איז דאס אבער מעגליך? איהר זייט דאך א געבאָרענער גראף?

— דאס מיינט דיא וועלט אזוי און איך אליין בין אויך ביז אהער מיט דער זעלבער מיינונג געווען. אבער יעצט בין איך צו דער ריכטיגער איבערצייגונג געקומען, אז דער מענש וועלכען איך האב פאר מיין פאטער גערעכענט, האט מיך פון מיינע ווירקליכע עלטערען אוועקגערויבט. ער האט מיך געטויפט און האט מיך פאר דער וועלט אלס זיין זאָהן ערקלערט.

— און אייערע אידישע עלטערען לעבען?

— אז מיין פאטער לעבט וויים איך בעשטימט, און וועגען מיין מוטער האב איך נאך ניט געקענט ערפאהרען.

— וואו איז יעצט אייער פאטער?

— ער געפינט זיך יעצט אין מאָסקווא.

— און איהר ווייסט זיין אדרעסע?

— ניין. דאס עבען איז דאס אונגליק וואס איך וויים ניט זיין נאמען און זיין אדרעסע, מען קען דאס אבער ערפאהרען. ווען איך זאל האבען א געטרייען מענשען וואס זאל זיך נעבען דיא מיהע אין מאסקווא וועגען דעם נאכצופאָרשען?

— ביי וועמען דארף מען דאס נאכפארשען?

— טאקע ביי דעם מאן וואס האט מיר דיא געהיימניס פערטרויט.

— קענט איהר יענעם מאן?

— יא, איך קען איהם זעהר גוט און איך וויים אויך וואו ער וואוינט אין מאָסקווא

— ווארום האט ער אייך ניט אלעס דערצעהלט?

— וואהרשיינליך, האט ער נעוואלט געלד, נור איך בין פון דער נאכריכט אזוי איבערראשט געווארען דאס איך האב דעם פעהלער בעגאנגען איהם קאלט אבצולאָזען פון זיך, אָהנע איהם א גרויסע סומע פאָרצולייגען ער זאָל מיר אלעס דערצעהלען. איך גלויב אבער אז ווען מען וועט איהם יעצט געלד געבען וועט ער אלעס דייטליך ערקלערען.

— נו, וואס=זשע פערלאנגט איהר פון מיר?

— פיעללייכט איז מעגליך, איהר זאָלט קענען אויף איינינע טעג פאהרען נאך מאסקווא, זיך זעהן מיט דעם מענשען און ערפאהרען ווער מיין פאטער איז און וואו ער וואוינט.

— איך קען דאס ניט טהאָן, מען וועט מיך געוויס ניט אבלאָזען פון דאנען. עס קען אבער זיין, אז ווען איהר וועט בעטען דעם סמאטריטעל, וועט ער מיר דיא ערלויבניס געבען נאך מאסקווא צו פאהרען.

— גוט, איך וועל מיט איהם ווענען דעם איבערריידען, און איך האף אז ער וועט מיר דאס ניט ענטזאגען.

— וואס האב איך צו טהאָן, ווען איך וועל קומען אין מאָסקווא?

— איהר דאַרפט אריינגעהן צו דעם מענשען וואס איך וועל אייך זאגען און איהם געבען וויפיעל ער וויל, אבי ער זאל אייך אנצייגען וואו מיין פאטער וואוינט. ווען איהר וועט שוין דאס וויסען, זאלט איהר צו מיין פאטער אריינגעהן איהם דערצעהלען אז זיין זאָהן לעבט און וואו ער געפינט זיך. איך גלויב, אז וויא נור ער וועט דאס דערהערען וועט ער באלד קומען אהער צו פליהען.

— זעהר גוט. רעדט ווענען דעם איבער מיט דעם סמאטריטעל. איך קען פאָהרען האטש היינט.

אנטאָן האט באלד פערבעטען דעם סמאָטריטעל צו זיך, ער האט איהם גע= זאגט אז ער מוז א מעניטען אוועקשיקען אין מאסקווא ווענען זעהר א וויכטיגער זאך, וואס בעלאנגט צו זיין פראָצעס און האט איהם דאבייא געבעטען ער זאל ער= לויבען דעם וועכטער פאהרען אהין.

דער סמאטריטעל האט זיך לאנג ניט געלאזט בעטען און האט ערלויבט דעם געטויפטען וועכטער פאהרען נאך מאסקווא.

דער גראף האט דעם שליח פערשריעבען יאניקס אדרעסע, ער האט איהם אויך אן אנווייזונג געגעבען אין א מאסקוואָ'ער באנק אויף א גרויסער סומע געלד און דער וועכטער איז נאך אין זעלבען טאג אוועקגעפאהרען.

292טעס קאפיטעל.

## אדעלא'ס פעך.

אדעלא לעבט וויא אין גן־עדן, זיא איז דיא זעלבסטהערשערין פון דאני= לאווקא. זיא איז דיא איינענטהימערין פון אן אונערמעסליכען קאפיטאל. איהר עהרגייץ איז בעפריעדינט געוואָרען, זיא האט געפונען דאס וואס זיא האט געזוכט זיא האט יעצט געשוועבט אין א הימעל פול מיט פערגעניגען. זיא האר־

געליעבטען נעלידאוו גאנץ און נאר פערגעסען. זיא האט זיך בערעכענט אז מיט אזא קאפיטאל וויא זיא האט יעצט קען זיא דיא גלענצעסטע פארטיי טהאן. זיא קען דעם פיינסטען חתן עררייכען, א גליקליכער שמייכעלן האט זיך געוויעזען אויף איהר געזיכט ביי דעם געדאַנק וויפיעל שמערצען נעלידאָוו וועט האבען ווען ער וועט ערפאהרען אז זיא איז א כלה געווארען פאר א קניאַז אדער פאר א רייכען גראַף. זיא האט שוין בערעכענט דיא אלע קניאזען און גראַפען וואס זיא קען און האט פאר זיך אויסגעקליעבען דעם יונגען גראף לאמאנאוו,

ער שטעהט בעדייטענד העכער פאר נעלידאוו'ן אין אלע פאַכען האט זיא זיך געקלערט, דען מען זאגט אויף איהם אז אין זיינע אָדערן רינט קייזערליכעס בלוט, אז זיין פאטער איז געווען דעם קייסער ניקאלאַיים א זייטיגער זוהן. לאמאנאוו איז בעליעבט אין אלע אריסטאקראטישע קרייזען. וועהרענד נעלידאוו איז אן איינ־פאַכער מענש אן ארוואקאט, לאמאנאוו וועט זיך גאר שעהמען מיט איהם זיך אין א געזעלשאַפט צו בעגעגנען.

אלעס ארום איהר איז וויא מיט בלומען בעוואקסען. אלעס גלענצט און שטראַהלט. נור איין זאַך פערביטערט איהר דעם גליקסבעכער, ווען זיא דערזעהט דעם אלטען איוואַן, ווערט דאס גאנצע בלוט אין איהר אויפגעקאָכט.

וויפיעל מאל האט מען שוין דעם אלטען טייפעל אנגעזאגט ער זאל זיך פון איהר טייפעלסשלאָס ארויסציהען, אבער דער פרעכער קערל וויל זיך גאר פון זיין אָרט ניט ריהען. ער האט נאך אין זיך דיא אונערהערטע חוצפה זיא ניט צו בע־גריסען ווען ער דערזעהט זיא, ער נעהמט זאגאר דעם הוט ניט ארונטער.

איהר צאָרען האט אין איהר וויא א העליש פייער געברענט און זיא האט פאר זיך קיין אָרט נעפונען. זיא האט געוואלט געבען פיעל געלד דיא מוזשיקעס פון דאָרף זיי זאלען דעם אלטען מיט זיין פרוי פון דעם טייפעלסשלאס ארויסווארפען, אבער קיינער פון דיא מוזשיקעס האט זיך געוואָלט ריהרען דעם אלטען איוואן זייער בעליעבטען ראטהגעבער אין אלע נויטהפעלע דאס מינדעסטע שלעכטעס צו טהאן. זיא האט זיך געווענדעט צו דער פאָליציי, אבער מען האט איהר ענטזאגט אויס דעם גרונד, דאס כל זמן זיא איז אָפיציעל ניט אנערקענט אלס אנטאָנס איינציגע ערבין האט זיא קיין רעכט יעמאנדען פון זיין וואוינונג ארויסצי־ווארפען.

דער אנטוואָרט האט זיא נאך מעהר וויטהענד געמאכט. וואס הייסט דאס מען זאל זיא נאך ניט האלטען פאר אנטאנס איינציגע יורש'טע. דאכט זיך אלע האבען בעדארפט וויסען אז זיא איז דיא איינענטהימערין פון אנטאנס גאנצעס קאפיטאל.

זיא האט זיך ענדליך בעשלאסען דער פאָליציי אונטערצוקויפען מען זאל דעם אלטען איוואן פאָרט פון טייפעלסשלאָס ארויסווארפען.

זיא האט דארום איינגעלאדען צו זיך דעם סטארשינא (עלטעסטען) פון דעם דאָרף דאנילאווקא. האט איהם טראָץ איהר שטאָלץ זעהר פריינדליך עמפפאנגען, זיא האט איהם געזעצט איבען אָן און איהם טראקטירט מיט דעם בעסטען וויין

וואס נעפינט זיך ביי איהר אין קעלער, זיא האט איהם אויך א היבשע סומע געלד נעגעבען, ער זאל דעם אלטען איוואן מיט זיין פרוי פון איהר שלאס ארויסוואַרפען.

דער סטאַרשינא האט זיך געלאזט איבערריידען אין אונטערקויפען פון דער נעריכט און האט איהר פערשפּראָכען נאך דיעזע וואך דעם אלטען טייפעל פון טייפעלסשלאָס ארויסצו־וואַרפען.

יעצט איז שוין אדעלא פאָלקאמען רוהיג געווארען. מעהר האט זיא פארלוי־פיג ניט פערלאנגט וויא דעם ביין פון הארצען ארויסצו־וואַרפען. זיא האט שוין אננעקוואלען זיך פאַרשטעלענד איוואַן׳ס שמערצען אלס מען וועט איהם מיט זיין ווייב און מיט זיינע בעביכעס ארויסוואַרפען פון דעם אָרט וואו ער האט אזוי פיעל יאהר זא רוהיג געלעבט.

## 293טעס קאפיטעל.

## דיא זון שיינט ווידער.

אין אלגעמיין טהוט וועה דאס הערץ, ווען מען פערליערט א וויכטיגע טהייערע זאך, בעזאנדערס ווען מען פערליערט דיא ליעבע פון דעם מענשען צו וועלכען מען איז צוגעבונדען מיט לייב און זעעלע. אזא שאדען איז זעהר שווער צו ערטראגען און מאנכעס מאל ברענגט דיא זארג וועגען אזא שאדען צום טויט.

עס האט ווייט ניט געפעהלט אונזער ארדענטליכע סאנקא זאל אויך צום טויט ניט געטריעבען ווערען, דורך דעם וואס זיא האט יאָזעף לעהמאַן׳ס ליעבע פערלארען.

זיא האט זיך אפילו פאר דער וועלט געוויזען פרעהליך און מונטער, אבער אין הערצען האט עס ביי איהר געגאַנגען וויא א ווארים, דען איהר ליעבע צו לעהמאנען האט זיך נאך אויף דאס מינדעסטע ניט פערקלענערט. און געגענטהייל מען קען זאגען אז זיא האט זיך נאך בעדייטענד פערגרעסערט און צופלאַמט.

זיא האט געפיהלט אז זיא וועט שוין קיין מאל קיין אנדערן קענען ליעבען, אז יאזעף איז דער ערשטער וואס זיא האט הערציג ליעב בעקומען און ער וועט אויך זיין דער לעצטער. אומזאָנסט האט זיא זיך געפּרובירט איהרע הערצענסוואונדען פערהיילען מיט פערשיעדענע פאַרשטעלונגען און פאנטאזיען. אומזאָנסט האט זיא זיך בעמיהט איינצוגעוואוינען מיט דעם געדאנק, אז יעצט ווען איהר פאטער האט אזא פיינע שטעלע, וועט זיא בעקומען א פיעל פיינערען חתן אלס יאזעף איז, דיא אלע געדאנקען און איינבילדונגען האבען קיין ווירקונג אויף איהר געהאט. ביי יעדער געלעגענהייט האט זיא זיך דערמאהנט אן יאזעפען און האט נאך איהם שטארק געבענקט.

האט זיא דען געקענט פערגעסען דעם מענשען, וואס נאך דאן, ווען זיא וואר אן איינפאך דאָרפיש מעדכען און איז אין געפענגנים געזעסען אלס דיעבין, האט ער זיך פאר איהר אינטערעסירט און האט איהר דיא צערטליכסטע ליעבע און טריי־הייט בעוויזען, ווען דיא גאנצע וועלט האט זיא פעראכטעט האט ער זיא געאכטעט און איז פערטיג געווען פאר איהר אין פייער און אין וואסער צו לויפען אדער, האט

זיא נעקענט פערגעסען דעם מאַן וועלכער האט זיין לעבען איינגעשטעלט און האט איהר פון דעם דאַנילאָוקער פריסטער מיט דיא מוזשיקעס נערעטעט, אלס זיי האבען זיא מיט געוואַלד געוואָלט אין דער קירכע שלעפּען אום זיא פאַר א קריסטין צו מאַכען.

ניין, דאס אלעס האט זיא ניט געקענט פערגעסען און איהר דאנקבארקייט צו דיעזען מענשען האט איהר מיט עווינע קייטען צו איהם צוגעשמיעדט זא דאס זיא האט געפיהלט, דאס קיין זאך אין דער וועלט וועט איהר פון איהם אפּרייסען קענען לעבען מיט יאָזעפ׳ן אדער שטערבען.

דאס איז געווען איהר וואונש און זיא האט זיך פעסט בעשלאָסען דאס אינ׳ם פאַל ווען יאזעף וועט ניט זיין איהרער, זאל זיא דורך זעלבסט מאָרד צו איהר האפנונגסלאָזען לעבען אן ענדע מאַכען.

זיא האט נאך געווען געהאפט, אז דער בריעף וואָס זיא האט געשיקט צו יאזעפ׳ן, וועט א קריזיס מאַכען אין איהר טרויעריגער לאַגע. ליידער אבער, האט זיא זיך באלד איבערציינט, אז דיא עצה, האט אויך ניט געהאָלפען. דען עס זיינען צוויי טעג פערגאנגען פון יענער צייט וואָס זיא האט צו איהם דעם בריעף געשיקט און ער האט איהר ניט געענטפערט.

דער לעצטער פונק האפנונג האָט זיך אין איהר ברוסט פערלאָשען. זיא האט שוין גאָר ניט געדענקט, דאס עס קען נאך אמאל קומען א צייט, וואָס יעזעף וועט זיך צו איהר אומקעהרען און וועט זיא אזוי ליעבען וויא פריהער.

קיינער האט בעמערקט דיא פערצווייפלונג, וואס ביי דער יונגער מעדכען אין הערצען איז אויסער איהר מוטער. א בליק פון א מוטער איז קיין קליינינקייט, דיא מוטערליעבע בעוויזט מאנכעס מאל דיא גרעסטע וואונדער, דאמיט וואָס זיא ענטדעקט איזעלכע געהיימניסע, וואס קיין זייטיגער מענש קען בשום אופּ׳ן אויף זיי ניט פאלען.

סאָנקא׳ס מוטער האט בעמערקט, אז אונטער דער טאָכטערס לאַך איז פערבאָרגען אזא זארג, וואס מען בעגעגענט נור ביי דיא מענשען, וועלכע האבען זיך שוין געגעזליך ענטזאגט פון׳ם לעבען. בעזאנדערס איז איהר זעהר אויפפאַלענד געוואָרען וואָס איהר טאָכטער האט אין דער לעצטער צייט צופיעל אנגעהויבען צו ריידען וועגען דעם טוידט. זיא האט זיך אבער אלס ניט וויסענדיג געמאכט ביז סאנקא האט איהר אין א שעהנעם אבענד געפרעגט:

— מאמע, ווען א מענש טהוט זיך אליין א מיתה אן, איז טאקי א גרויסע זינד?

— וואָס איז דאס פאר א פראגע? — האט שרה דערשראקען געפרעגט.

— איך פרעג גלאט אזוי אין דער וועלט אריין.

— נו, ביי דיר איז נאך א ספק צו דאָס איז א גרויסע זינד. געוויס קען נאר קיין גרעסערע עבירה פון דעם ניט זיין, א מענש מוז אויסלעבען דיא יאהרען, וואס גאט האט איהם געגעבען. ווען אָבער ער רייסט זיך מיט געוואלד אב פון׳ם לעבענס בוים, איז ער א מערדער אויף זיך אליין און ער קען קיין מאָל קיין כפּרה ניט האבען.

— פאר וואס־זשע הערען מיר יעדען טאג אלעס אנדערע נייעסען, פון מענשען וואס האבען זעלבסטמארד בעגאנגען?

— נו און אז מיר הערען יעדען טאג נייעסען פון מענשען וואס האבען גע־גנבעט אדער גענזלט, איז דאס דען א בעווייז, אז מען מעג גנבענען און גזלענען?

סאנקא האט געשוויענען און א טיעפער שווערער זיפץ איז פון איהר הערצען ארויסגעגאנגען.

— זאג מיר נור מיין טאכטער, ווארום ביזט דוא אזוי טרויעריג און פער־זא־גט — האט שרה געפרעגט — האבען זיך דיינע שיפען אין ים דערטרונקען אדער דיינע הייזער האבען אבגעברענט?

— ווען איך זאל האבען שיפען מיט הייזער און זיי זאלען אלע אין איין טאג פערברענט ווערען, וואלט מיך ווייניג געקימערט — האט סאנקא געענטפערט — דוא ווייסט דאך ליעבע מוטער, אז איך בין ניט פון די מעדכענס וואס פאנטא־זירען פון רייכטהום.

— וואס דען ליעגט אויף דיר אזא שווערע זארג, דוא בענקסט נאך אפשר נאך יאזעפ׳ן?

סאנקא האט ניט געענטפערט, נור איהרע אויגען זיינען פול געוואָרען מיט טרערען.

— וויא איך זעה האב איך געטראָפען — האט סאנקא געזאגט — דוא קענסט נאך אלץ דעם כאראקטערלאזען יאזעפ׳ן ניט פערגעסען.

— און דוא רופסט איהם אן כאראקטערלאזער מענש? — האט סאנקא בייז געזאגט — האסט דוא פערגעסען די גוטעס, וואס ער האט מיט מיר געטהאן?

— יא, דאס איז אמת, אז ער האט מיט דיר גוטעס געטהאן. אבער, ער איז וויא יענע בהמה, וואס האט געגעבען א סך מילך און האט נאכהער מיט דער פוס א בריקע געטהאן און האט דאס גאנצע שעפעל מילך אויסגעקעהרט. ניין, סאנקא! דוא מענסט זאגען, אז דיין מאמע איז א נאר, איך וועל אבער ניט אויפ־הערען צו זאגען, אז יאזעף האט דיך בעהאנדעלט נאר ניט וויא אן ארדענטליכער מאן. דיר מעג דאס טאקי שטארק פערדריסען און איך וועל נאך אמאל זאגען דאס איינענע, אז ער איז א כאראקטערלאזער שלעכטער מענש. דאס וואס ער האט דיר פריהער אזוי פיעל פריינדשאפט געוויזען איז ביי מיר פיעל ערגער וויא ער זאל דיר דיא שטארקסטע פעטש געבען; דען דערמיט האט ער דיך צוגעבונדען צו איהם אום דוא זאלסט דיין גאנץ לעבען נור אומגליקליך זיין.

— און דוא גלויבסט, אז יאזעף האט זיך פון מיר ערוויטערט נאר אהן אן אורזאכע.

— איך גלויב דאס גאר ניט, איך פערשטעה זעהר גוט, אז ער האט געמוזט געפינען א כלה מיט א סך געלד, דאריבער האט ער דיך אוועקגעוואָרפען.

— ניין מאמע, איך וועל דאס אויף יאָזעפ׳ן פאר קיין פאל גלויבען.

— נארוניו, פאר וואָס דען האט ער פלוצלינג דיך אוועקגעוואָרפען?

— דאָ מוז זיין א גאנץ אנדערע אורזאכע.

— אי קינדער! נארישע קינדער וואס איהר זענט! — האט ישרה געזאגט שאקלענד מיט דעם קאפ — איהר האלט זיך אלע פאר קלוגע און איהר זייט נעביך גרויסע נאראנים, ווען א יונגער מאן ווייזט אייך א פרייע מינע און גיט צו אייך א פריינדליכען שמייכעל, מיינט איהר שוין, אז ער איז פאר אייך דיא כפרה. דאס איז אבער א גרויסער טעות. נא דיר א פיעטאק פאר אלע יונגע לייט און פאר זייערע ליעבעס. היינט נעפעלט זיי דיא, מארגען דערזעהען זיי אן אנדערע געפעלט זיי יענע. איך זאג דיר מיין טאכטער, אז ווען דוא זאלסט שכל האבען האסט דוא שוין לאנג בעדארפט פערגעסען דעם שלעכטען יאזעפ'ן. טפוי אויף זיין קאפ און אויף זיין לייב און לעבען.

סאנקא האט געשוויעגען. איהר מוטערס ווערטער זיינען איהר נור אין דיא אויערן אריין, אבער צום הערצען האבען זיי ניט געקענט צוקומען.

אבער דיא מאמע האט געמיינט, אז איהרע ווערטער האבען יא געווירקט און דאס האט איהר שטארק הנאה געטהאן.

אך, ווען דיא מוטער זאל געוווען קענען זעהען, וואס ביי איהר טאכטער אין הארצען טהוט זיך און וואס ביי איהר אין קאפ פלאנט זיך, וואלט זיא אויסער זיך געווארען פאר שרעק.

ביי סאנקא'ן אין ברוסט האט געברענט א העליש פייער און אין קאפ האט זיך געפלאנט א ווילדער פלאן וועגען זעלבסטמארד.

-- איך מוז שטארבען! — האט זיא צו זיך אליין געזאגט אלס זיא איז אין איהר צימער אריינגעקומען — איך וועל שטארבען און פאר מיין טוידט וועל איך אריינשרייבען א בריעף צו יאזעפ'ן, אז איך שטארב נור צוליעב איהם. דיא נאכריכט וועט איהם ריהרען און ער וועט געוויס הייסע טרערען פערגיעסען, עס קען נאך זיין, אז ער וועט ברענגען א בלום צו מיין פרישען קבר.

דער געדאנק, אז יאזעף וועט נאך איהר ווייגען און וועט ברייננען א בלום פאר איהר פרישען קבר, האט דעם טוידט אין איהרע אויגען פראכטפאל שעהן פארגעשטעלט. איהר האט נור געקריינקט דאס, וואס זיא וועט ניט קענען זעהען וויא ער וועט דעם קראנץ בלומען אויף איהר קבר ארויפלויגען און וועט דאביי פערגיעסען טרעהרען.

עס איז ניט מעהר געבליעבען דיא פראגע: וואס פאר א טוידט זיא זאל פאר זיך אויסקלייבען.

— דיא בעסטע זאך איז נור ניפט איינצונעהמען — האט זיא זיך בעשלאסען און דאס ניפט קען מען זעהר לייכט בעקומען, דען אין אלע אפטייקען פערקויפט מען ארסעניק פאר מייז.

— אזוי בלייבט דאס און אזוי מוז עס זיין; — האט זיא געשטאמעלט.

זיא וואר שוין אזוי פעסט בעשלאסען צו שטארבען דורך גיפט דאס זיא האט שוין מעהר קיין אנדער געדאנק נעהאט וויא ניפט און טוידט. זיא האט זיך שוין פארגעשטעלט וויא איהרע עלטערן וועלען זיא בעוויינען, וויא איהרע גוטע פריינד וועלען נאכזאגען איהרע מעלות.

אלס זיא איז אזוי געזעסען פערטיעפט אין דיא ש׳רעקליכע געדאנקען, האט זיא דערהערט וויא איהר מוטער זאגט צו יעמאנדען:

— מיין סאנקא איז יעצט אין דער היים ניטא און ווען זיא זאל אפילו זיין אין דער היים וואלט זיא אויך מיט אייך קיין צוויי ווערטער ניט אויסגערעדט.

— אבער גוטע שרה — האט א מענער שטימע געענטפערט — איך מוז דאך זעהען אייער סאנקא׳ן.

סאנקא איז פון איהר ארט אויפגעשפרונגען און דאס גאנצע בלוט איז איהר אריין אין געזיכט. דוכט זיך, אז דאס איז זיין שטימע.

— איך זאג דאך אייך הערר לעהמאן, אז מיין סאנקא ווערט מיט אייך ניט וועלען ריידען — האט שרה ווייטער הויך געזאגט — נאך דער זיסער בעהאנדלונג מיט וועלכער איהר האט זיא בעהאנדעלט דארף זיא טאקי פון אייך אנטלויפען וואו דער שווארצער פעפער וואקסט.

— איך בין ניט שולדיג גוטע שרה — האט יאזעפס שטימע דייטליך געקלונגען — איך שווער אייך ביי גאט, אז איך בין ניט שולדיג. דא איז געווען אן אונגליקבליכער אירטהום, איך וויים, אז איך בין געווען אייער טאכטער שולדיג און עבען דארום בין איך יעצט געקומען זיא אום פערצייהונג בעטען.

— אומזיסט אייער טרחה, הערר לעהמאן, זיא ווערט אייך געוויס ניט מוחל זיין און זיא ווערט גערעכט זיין. איך אויף איהר ארט וואלט פון אייך אנטלאפען וויא מען אנטלויפט פאר א ווילדע חיה.

— ניין שרה, — האט יאזעף מיט א פלעהענדע שטימע געזאגט — סאנקא איז ניט אזוי שלעכט, זיא וויים וויא איך ליעב זיא און זיא ווערט פערשטעהען, אז איך בין דא נאר ניט שולדיג. איך בין ניט מעהר וויא א מענש און יעדער מענש קען אין זיין לעבען א פעהלער בעגעהן. איך וועל פאר מיין ליעבער סאניען אויף דיא קניע פאלען, איך וועל זיא מיט טרערען בעטען זיא זאל מיר מיין זינד מוחל זיין.

— איך זאג דאך אייך אבער, אז אייער מיה ווערט זיין אומזיסט דען זיא דארף זיין דער גרעסטער נאר אין דער וועלט, זיא זאל אייך יעצט גלויבען און זאל זיך לאזען פון אייך איינרעדען, אז איהר ווערט שוין ווערען גוט און פרום. וואס וועלען מיר טהאן ווען מארגען ווערט זיך מאכען אן אנדער אירטהום און איהר ווערט זיא ווייטער אוועקווארפען אזוי וויא פריהער.

— זאל מיך גאט שטראפען ווען איך וועל נאך אמאל אזא זינדע בעגעהען, מיין גאנץ לעבען ווערט מיר רייסען דאס הערץ און דאס געוויסען ווערט מיך פלאגען אויף דעם וואס איך האב מיך פריהער פאר איהר פערזינדיגט. מיין ליעבע סאנקא ווערט פערשטעהען, אז איך מיין דאס ערנסט און זיא ווערט מיט מיר פריעדען שליסען.

— אומזיסט אייער טרחה, הערר לעהמאן — האט שרה שטרענג געזאגט — איך וויים געוויס, אז מיין סאנקא ווערט אייך פאר קיין פאל וועלען מוחל זיין —

— גלויב דאס ניט יאזעף, איך פערצייהע דיר — האט זיך פלוצלינג דערהערט א זאנפטע שטימע און סאנקא איז אריינגעקומען מיט אן אויסגעשטרעקטע האנד און איהר געזיכט האט געשטראהלט פון גליק.

סאָנקא! מיין ענגעל! מיין נשמה! — האט יאזעף א נעשריי געטהאָן ערגרייפענד סאָנקא׳ס האנד און זיא בעדעקענד מיט הייסע קיסע.

באלד זיינען דיאביידע יונגע מענשען געשטאנען ארומגעארמט און פון זייערע קיסע האט דאס גאנצע צימער א הילך געטהאָן.

— נו, געה מאך עפּעס מיט היינטיגע נארישע קינדער — האט שרה געזאגט אויסווישענד איהרע פייכטע אויגען — אט זיינען זיי צוקריעגט אויף מעסער און פּלוצלינג צופלאמט זיך אין זיי דיא פערליעבעניש וויא א פּאָזשאר (בראנד) גע־דענקט־זשע אבער, אז פון היינט אן און ווייטער זאלט איהר שוין מעהר קיין נא־רישקייט ניט טהאן און איהר זאלט זיך עלטערן אין נחת און אין פריידען.

294טעם קאפּיטעל.

## וויא קומט זיא אַהער?

מיט דעם בעזוך וואס יאקאָב פיין האט געמאכט רעבעקאן, האט ער נאָר אויף דאָס נייע אין איהר ברוסט אלע ליעבעספלאמען אויפגעבלאָזען. זיא האט פאר זיך יעצט קיין זאך געזעהען וויא נור דעם שיינעם ארדענטליכען יאקאָב׳ן.

וואָס אנבעלאנגט גריצען, האט זיא איהם יעצט זא פערהאסט, דאס זיא האט איינפאך זיין נאָמען ניט געקענט הערע׳. זיא איז ערציטערט געווארען אלס מען האט פון איהם גערעדט, ריכטיג וויא מען זאל ריידען פון א מענשען וואס האט זיך גע־נומען זיא אין טיעפסטען אבגרונד צו שליידערן.

וואס האט זיין הויז־ווירטהין מיר געוואָלט פון איהם דערצעהלען און ווארום איז ער אזוי האסטיג אריינגעלאָפען און האט זיא ארויסגערופען, האט זיא זיך אונצעהלינע מאל געפרעגט. געווים שטעקט דא עפּעס א געהיימניס, א שענדליכע געהיימניס וואס גריץ ציטערט פאר איהר.

וויא אזוי ערפאהרט מען דאס?

זיא וואר בעשלאסען רופען דיעזער פרוי צו זיך און פון איהר אויספאָרשען אלעס וואס דא טהוט זיך. זיא האט זיך אבער בערעכענט, אז וויא באלד גריץ האט זיא דאמאלס אבגעהאלטען פון ריידען, האט ער שוין פערזארגט זיא זאל ווייטער אויך שווייגען.

ביי איהר איז נאך א לאנגעס נאכדענקען געבליעבען זיא זאל דיעזער פרוי א בעזוך אבשטאטען אין דער צייט ווען גריץ וועט צו הויזע ניט זיין און וועט איהר גאנצע קראפט אנווענדען דיא געהיימניס פון איהר ארויסצובעקומען.

— דיא אלטע וויא איך פערשטעה, האט געפּאָרדעט ביי גריצען געלד פאר שווייגען און אלס ער האט איהר דיא פערלאנגטע סומע ניט געוואָלט געבען איז זיא געקומען מיר אלעס דערצעהלען, ער האט דאס דערשמעקט און איז געקומען צופליהען זיא אבצוהאלטען. ער האט איהר אהנע צווייפעל דיא פערלאנגטע סומע געגעבען און דאמיט האט ער איהר מונד פערשטאפּט.

— איך וועל פריהער פּרובירען אויסצופאָרשען פון גריצען אליין וואס דא טהוט זיך — האט זיא זיך געקלערט — פיעללייכט וועל איך פון איהם אליין ערפאה־רען דאס וואס מיר איז נעטהיג צו וויסען.

אלס נריץ איז אויף מארגען, נאך יענער סצענע וואס מיר האבען געזעהען ביי ראטבלומען אין הויז, געקומען בעזוכען זיין ליעבער בראוט, האט רעבעקא איהם פריינדליך עמפפאנגען. זיא האט מיט איהם א היבשע צייט געשפראָכען וועגען פערשיעדענע זאכען ביז זיא האט איהם געפרעגט:

— וואָס האט פון מיר געוואָלט אייער ווירטהין?

— פרעג נאר ניט, דאס איז א וואהנזיניגע פרוי.

— אבער לויט איך האב פערשטאנען, האט זיא דאך מיר עטוואָס צו זאָגען. נור איהר האט זיא דערפון אבגעהאלטען.

— איך האב איינפאך ניט געוואָלט זיא זאָל דיר מיין טהייערע דולען דעם קאפ מיט איהרע נארישע פלוידערייען.

— ווען זיא איז וואהנזיניג און א פלוידערזאק ווארום קווארטירט איהר ביי איהר אין הויז?

— עס האט זיך אזוי געמאכט, אז איך האב מיך צו איהר אריינגעצויגען און ווייל איך האב זעהר פיינד צו בייטען דיא דירות, בין איך שוין אויף ווייטער געבליעבען. מיר וועלען דאך באלד הייראטהען, וועל איך אלץ איינס איהר הויז פערלאָסען.

— איהר מוזט ביי דיעזע פרוי האבען זעהר א גוטע בעקוועמע קווארטיר — האט רעבעקא נאך א קורצעס שווייגען געזאגט.

— יא, איך קען מיך אויף דיעזער קווארטיר ניט בעקלאגען, זיא איז ווירקליך זעהר גוט און בעקוועם. אבער, ליעבע רעבעקא, איך פערשטעה נאר ניט ווארום בעהאנדעלסט דוא מיך וויא א פרעמדען און זאגסט צו מיר „איהר“ אנשטאט דעם ברידערליכען „דוא“ וועלכען איך האב אלס ברויטיגאם ביי דיר פערדיענט?

— כל־זמן מיר האבען ניט געהייראטהעט זיינען מיר נאך פרעמד — האט רעבעקא מיט אן ערנסטע מינע געענטפערט.

— וואס? פרעמד זיינען מיר? — האט נריץ מיט פייער אויסגערופען — קען שוין זיין נעהענטער אלס א ברויטיגאם מיט א בראוט זיינען?

— איך ווייס ניט וויא ביי לייטען, נור ביי מיר הייסט אזא פאָר וואס האבען נאך ניט געהייראטהעט, פרעמדע מענשען.

— דיינע ווערטער, ליעבע רעבעקא, קרייגקען מיך זעהר — האט נריץ בייז געזאגט — דוכט זיך דיא גאנצע וועלט ווייס, אז קוים פערלאָבען זיך צוויי יונגע מענשען הייסען זיי שוין „פעראיינט“ און זיי געהערען איינער דעם צווייטען אויף אימער און עווינ און ביי דיר הייסען פערלאָבטע, פרעמדע. אזא לאָגיק הער איך דאס ערשטע מאל.

— אבער וואָצו דיא דיספוטען, הערר נריץ? לאָמיר ריידען וועגען וויכטיגערע זאכען. וואס הערט זיך אזוי נייעס?

— וואס פאר א נייעס ווילט איהר הערען? — האט ער מיט א ברוגז׳ן טאָן און א פינסטערע מינע געפרעגט.

— איך וויל הערען גלאָט אזוי נייעס אין דער וועלט אריין.

— לײדער קען איך אײער נײגיערדע ניט בעפריעדיגען, דען איך בין ניט פון דיא מענשען וואס זוכען נור נײעסען....

— נו, וועל איך אײך דערצעהלען א וויכטיגע נײעס.

גריץ האט איהר נײגיעריג אנגעקוקט און האט געפרעגט:

— וואס איז דאס פאר אזא וויכטיגע נײעס?

— ווילט איהר דאס הערען?

— זעהר גערן.

— איהר האט דאך ערשט געזאגט, אז איהר זײט ניט פון דיא מענשען וואס זוכען נײעסען?

— דאס איז וואהר אז איך זוך ניט, נור ווען מען ברײנגט מיר פערטיגע, הער איך עס זעהר גערן, בעזאָנדערס נאך פון אײער מונד.

— איהר געדענקט, אז צו אונז פלעגט ארײנקומען אן אדעסער יונגער מאַן מיט דעם נאמען יאקאב פײן?

גריץ איז בלאַס געוואָרען און ער האט געשטאמעלט:

— יא, איך געדענק. ער זיצט, דוכט זיך, אין געפענגניס פאר א מאָרדטהאַט וואס ער האט בעגאנגען.

— יא ער איזווירקליך פאר אזא בעשולדיגונג געזעסען, אבער זײן אונשולד האט זיך דײטליך ארויסגעוויזען און ער איז יעצט פרײ.

— ער איז פרײ? — האט סימאן ערשראָקען אויסגערופען.

— יא, ער איז פרײ. געסטערען, באלד ווי א איהר זײט אוועקגעגאנגען איז ער דא געווען.

— איך פערשטעה גאר ניט, ווארום איהר רופט דאס אַן וויכטיגע נײעס? מיך אינטערעסירט זעהר ווייניג אזא זאך. אין געגענטהײל, מיך קרײנקט דאס, וואס אין אונזערע צײטען איז קײן יושר ניטא און מען בעפרײט דיא שרעקליכסטע מערדער.

— וואַ־אַ־אַס? איהר גלויבט אז פײן איז א מערדער? — האט רעבעקא העכסט צאָרניג געזאגט.

— נאך מײנער מײנונג, זעצט מען קײן אָרענטליכע לײט ניט ארײן אין גע־פענגניס. לויט איך האב געהערט, זײנען געגען דעם הערין געווען זעהר דײטליכע בעווייזע אז ער איז א מערדער.

— פון אזעלכע בעווייזע איז קײן מענש ניט זיכער. איך האב באלד געזאגט אז דיעזער עדלער יונגער מאן איז פאלש בעשולדיגט געוואָרען, און מיך פרעהט זעהר וואס מײן בעהויפּטונג האט זיך אלס ריכטיג ערוויזען. צו דער איבערצײגונג זײנען אויך אלע בעאמטע און אלע ריכטער געקומען און מען האט דעם אָרענטליכען מאן בעפרײט.

גריץ האט פערשטאנען, אז ווען ער וועט שלעכטעס רײדען אויף יאקאב פײן וועט רעבעקא שטארק אין כעס ווערען און זיא וועט נאך פיעללײכט פערשטעהן, אז ער איז דער אײנציגער קברות־מאַן וואס האט פאר יאקאב'ן דעם קבר גענרא.

בען, דארום האט ער נעפונען בעסער פאר נעטהינג אבשיעד נעהמען פון זיין כלה און אוועקנעהן.

אלס ער האט איהר דיא האנד נערייכט און האט נעזאגט מיט א צערט-ליכער מינע:

— אדיע מיין ליעבע רעבעקא, איך וועל שוין אנהויבען צו צעהלען דיא מי-נוטען; אונזער האבציים זאל נעפייערט ווערען, אום דוא זאלסט מעהר נים זאגען אז מיר זיינען פרעמדע, האט רעבעקא מיט א שמייכעל נעענטפערט:

— יא, ווען מיר וועלען הייראטהען וועל איך אייך נעווים נים אלס פרעמדען בעטראכטען. בעפאר איהר נעהט אוועק מוז איך אייך מיין ראטה נעבען, איהר זאלט זיך ארויסציהען פון אייער וואהנזינינער ווירטהין. וואצו זאלט איהר וואהנען אין אזא הויז, וואס דיא ווירטהין איז אן אונערטרעגליכער פלוידער-זאק ?

— איך וועל דאס טהאן. עס קען זיין, אז איך וועל מיך נאך דיעזע וואך פון איהר הויז ארויסציהען.

— מיר שיינט, אז איהר וואוינט אין נומער פערציג, אלכסנדראווסקאיא אוליצא ?

— יא.

ער האט איהר דיא האנד נעדריקט און איז אוועקנעגאנגען.

— איך מוז נאך הייטע ארייננעהן צו זיין ווירטהין — האט זיך רעבעקא נע-קלערט אלס זיא אליין נעבליעבען. ווען איך איהם טרעפען, וועל איך זאגען אז איך בין נעקומען צו איהם מיט א וויזיט. ער איז דאך מיינער א ברוטינאם, איז דאך דאס מיר ערלויבט צו טהאן. און אויב איך וועל איהם צו הויזע נים טרעפען וועל איך קענען אונגעשטערט ריידען מיט זיין ווירטהין און פון איהר אויספארשען דאס וואס זיא האט מיר נעוואלט זאגען, אלס זיא איז נעקומען צו מיר.

פארנאכט האט זיא זיך זעהר רייך אנגעצוינען און איז אוועקנעפאהרען צו דעם הויז נומער פערציג אלכסנדראווסקאיא אוליצא.

זיא האט לאנג נים בעדארפט זוכען נריץ'ס קווארטיר, רען זיא האט דער-זעהן נאלדע דער טענדלערינס נעזיכט אין פענסטער פון דעם צווייטען שטאק.

זיא איז נלייך ארויפנעגאנגען צום צווייטען שטאק און האט אנגעקלאפט.

נאלדע האט דיא זעהר נעעפענט און אלס זיא האט דערזעהן רעבעקא'ן, האט זיא איהר נים דערקענט און האט נעפרענט זעהר העפליך:

— וואס ווינשט דאס גנעדינע פריילין? איהר ווילט נעווים עפעס קויפען, צו פערקויפען?

— איז מיין ברוטינאם צו הויזע? — האט רעבעקא נעפרענט.

— וועמען פרענט איהר? אייער ברוטינאם? טפוי צו מיינע שונאים'ס קעפ! רוכט זיך, פריילין ראטהבלום. אסור אויב איך האב אייך דערקענט, דאס איז א סימן אז איהר וועט א מיליאנשציכע ווערען. קומט אריין, גנעדינע פריילין, אך וואס פאר א גרויסער גאסט! ווען מיין אייועז זאל נים זיין קיין נייער, וואלט איך איהם נעוויס צוליעב אזא גאסט צובראכען.

— זיא איז ווירקליך א פלוידער־זאק — האט זיך רעבעקא נעקלערט און האט, אריינטרעטענדיג אין גאָלדעס וואוינונג, געפרעגט:

— איז מיין סימאָן צו הויזע?

— ניין, גנעדיגע פריילין, ער איז פון נעכטען אָן דא ניט געווען. ער האט דיא פערנאנגענע נאכט גאָר אין דער־היים ניט גענעכטיגט. נור עס מאכט ניט אויס, מיט מיר קענט איהר אויך פערברייננען עטליכע מינוטען; איך בין אויך ניט פון דיא ווייבער וואס פערקויפען זיך צעהן פאר א גראָשען. איך האב שוין, געלויבט איז זיין ליעבער נאמען, געערדט מיט דיא גרעסטע גראפיניעס און קניאזיכעס, איך בין א דאנק גאט ניט פערשעמט געוואָרען, הלואי ווייטער, אך וואס פאר א גאסט! זיצט, איהר זאלט מיר האבען לאנגע לעבעדיגע יאהר.

רעבעקא האט זיך אניעדערגעזעצט אויף א שטוהל וואס איז בעצויגען געווען מיט אזא אבגעריבענעם סאמעט, דאס עס איז שווער געווען צו דערקענען וואס פאר א פאַרב ער האט אמאל געהאט.

— אזוי? — האט גאָלדע געלאכט — האט איהר זיך פאָרט דערמאָנט, גנע־דיגעס פריילין, חאָטש איין מאל בעזוכען אייער חתן? איך האב שוין פיעל מאל זיך אליין געפרעגט, וויא קומט דאס וואס איהר קומט קיין מאל ניט צו נעהן גע־וואָהר־ווערען צו אייער חתן? איך געדענק אז ווען איך בין געווען א כלה, פלעגט עס מיך ציהען, שלעפען צו דער שטוב וואו מיין חתן האט געוואוינט.

— עס קען זיין, אז דאס איז דערפאר, וואס איהר זייט צו אייער ברוטיגאם געווען שטארקער צוגעבונדען אלס איך צו מיינעם, — האט רעבעקא שמייכלענד געזאגט.

— איז דאס מעגליך אז איהר זייט צו אייער חתן ניט שטארק צוגעבונדען? זאל איך גלויבען אז איהר האט גריצען ניט ליעב?

— וויא זאגט איהר, דארף מען איהם ליעבען צו ניט?

— דאס איז א שעהנע פראגע חלעבען. מיר שיינט אז ווען א מיידעל ווערט א כלה פאר א יונגען מאן איז דאס א סימן אז זיא האט איהם ליעב. בפרט נאך אזא רייכע פריילין וויא איהר זייט. געוויס האט אייך קיינער ניט געצוואונגען איהר זאלט מיט גריצען זיך פערבינדען, און אז איהר האט זיך יא מיט איהם פערבונדען האט איהר איהם מכתמא ליעב.

— נו, וויא האב איך געטהאן נאך אייער מיינונג גוט צו שלעכט?

— דאס, איהר זאלט מיר קיין פערדיבעל ניט האבען, האט איהר בעדארפט פרעגען פריהער איידער איהר זייט א כלה געווארען. אבער יעצט ווען עס איז שוין נאך דיא תנאים, וועל איך זיין א גרויסער נארר ווען איך וועל אויף אייער חתן שלעכטס ריידען.

— וויא מיר שיינט האט איהר נעסטערן יא געוואָלט אויף איהם שלעכטס ריידען, נור ער האט אייך פון דעם אָפגעהאלטען.

— פון וואנען ווייסט איהר אז איך האב געוואָלט וועגען איהם שלעכטס ריידען? — האט גאָלדע פערוואונדערט געפרעגט.

— פון וואנען איך ווייס? איך האב דאס אן אייך פערשטאנען, וואס דען האט איהר מיר געוואָלט דערצעהלען?

— עס קען זיין אז איך וועל דאס נאך אייך דערצעהלען, אבער ניט יעצט.

— ווארום ניט יעצט?

נאָלדרע האט געוואלט עפעס ענטפערן, נור דיא טהיר האט זיך פלוצלונג גע־עפענט און מערי איז אריינגעקומען. זיא האט אויך רעבעקא'ן ניט דערקענט און האט זעהר לוסטיג געפרעגט נאָלדען?

— איז דער זיסער סימאָן אין דער היים?

— ניין, ער איז יעצט אין דער היים ניטא.

— ער האט זיך געמוזט ווייטער פון מיר בעהאלטען? — האט מערי געזאגט — זאגט דעם אמת, האט ער אייך אנגעבעטען איהר זאלט מיר זאגען אז ער איז אין דער היים ניטא?

ביי דיא ווערטער איז זיא צוגעלאפען צו נריץ'ס צימער און האט איהם גע־עפענט און האט אין איהם א קוק געטהאן.

— ער איז טאקע ניטא — האט זיא אויסגערופען — וואו איז ער דאס יעצט? איך דארף איהם זעהר נעטהיג האבען.

נאָלדרע האט איהר א ווינק געגעבען זיא זאל שווייגען, מערי האט זיך ערשט נוט אייננעקוקט אין רעבעקא'ן און האט זיא דערקענט. זיא איז בלאַס געווארען און האט ניט געוואוסט וואס צו טהאן.

אויך רעבעקא האט גלייך אין מערין דערקענט יענעם מערכען וועלכעס האט איהר דערצעהלט אז יאקאב פיין האט זיא פערפיהרט און אונגליקליך געמאכט, און זיא האט זיך באלד געפרעגט דיא פראַגע:

— וויא קומט זיא אהער? וואס פאר א מחותנ'עסטע איז זיא מיט נריצען?

295טעס קאפיטעל.

## וואס זאל דאס בעדייטען?

— מיר מוזען פאהרען אהיים יאקאב — האט שלמה פיין געזאגט צו זיין זוהן — וואס וועלען מיר דא זיצען? דיין מוטער זיצט דאָרט אין אדעסא אין גרויסע שמערצען, זיא ערווארטעט מיט דער גרעסטער אונגעדולד, זיא וואָלט דיר שוין געוואָלט זעהן.

— מיר וועלען דא נאך ווארטען א קורצע צייט — האט יאקאב געענטפערט— איך קען נאך פון דאנען ניט אוועקפאהרען.

— איך פערשטעה ניט, אויף וואס ווילסט דוא דא ווארטען.

— ערשטענס, האב איך פערזענליך אן אורזאכע דא נאך א ביסעל צו ווארטען, צווייטענס האסט דוא מיט דער געשיכטע וואס דוא האָסט מיר דערצעהלט וועגען מיין ברודערס קינד זעהר נייגיעריג געמאכט, איך וויל אויך זעהן דאס קינד פון דעם איינציגען ברודער וואס איך האב געהאט.

— וואס קומט ארויס פון דעם, וואס דוא וועסט זיא זעהן, אז דוא מוזט זיך

צו איהר אלס פרעמדער צייגען. מען וועט דאָך דיך האַלטען פאר א וואהנזיניגנע, ווען מען וועט דאס פון דיר הערען. צווייטענס, האב איך דאך דיר דערצעהלט אז דיא מוטער מיט דעם קינד זיינען אוועקגעפאהרען און איך ווייס ניט וואוהין.

— פון וואנען ווייסט דוא, אז זיי זיינען אוועקגעפאהרען?

— מיר האט דאס מיכאל גרינזאנג געזאגט, אלס איך בין צו איהם געקומען מיט משה האַניגמאַן און מיר האבען איהם דערצעהלט אז מען האט דער אמע מיט דעם קינד אוועקגעפיהרט צו דעם גראָספירסט האט ער געזאגט דאס ער ווייס דערפון, ער ווייס אז דער גראָספירסט דארף מיט דער גרעפין און מיט איהר קינד ערגעץ אוועקפאהרען, וואוהין ווייס ער ניט.

— אבער איך גלויב ניט זיי זאלען אויף אימער פון דאַנען אוועקפאהרען, זיי וועלען געוויס אין ניכען צוריקקומען און ווען זאגאר זיי וועלען ניט קומען צוריק וועט גרינזאנג געוויס ערפאהרען וואוהין זיי זיינען געפאהרען.

— איך האב שוין װעגען דעם מיט גרינזאנגען גערעדט און ער האט מיר פערשפראָכען אז וויא נור ער וועט ערפאהרען וואו זיי זיינען, וועט ער מיר באלד דערפון בענאכריכטען.

— ווייס שוין גרינזאנג אז דער גראף דאַנילאוו איז געוועזען דיין זוהן?

— יא, איך האב דאס איהם דערצעהלט, ער איז אויסער זיך געוואָרען פון דער נייעס, ער האט דאס גאר ניט געוואָלט גלויבען.

אין דער מינוט האט מען אנגעקלאפט אין טהיר.

אויף שלמה'ס אויסרוף הערייז, האט זיך דיא טהיר געעפענט און יאניק קא־באנאוו איז אריינגעקומען.

— איך דארף האבען דעם הערין שלמה פיין — האט ער געזאגט.

— דאס בין איך — האט שלמה געענטפערט.

— איך האב מיט אייך זעהר וויכטיגעס צו שפרעכען — האט יאניק גע־זאגט — אבער דאס מוז געשפראָכען ווערען אונטער פיער אויגען.

— פאר דעם יונגען מאן האב איך קיינע געהיימניסע, דען ער איז מיינער א זוהן — האט שלמה געענטפעט.

— אזוי, איז ער דיינער א זוהן! — האט יאניק געזאגט בעטראכטענד יאקאב'ן

— יא, איהר קענט אין זיין געגענווארט אלעס ריידען.

— גוט, — האט קאבאנאוו נאך א קורצעס נאכדענקען געזאגט — צו אלע־ערשטען מוז איך מיך פאר אייך פאָרשטעלען, מיין נאמען איז יאניק קאבאנאוו, סטאָל נאטשאלניק אין דער פּאָליציי.

— אזוי? — האט שלמה ערשטוינט אויסגערופען — איהר זייט דער העו קא־באנאוו? עס פרעהט מיך זעהר אייך צו זעהן.

— וויא איך הער, איז אייך מיין נאמען שוין בעקאנט.

— יא. ערשטענס, געדענק איך אייך אביסעל פון א מאל, פון יענע צייט ווען איך האב געוואוינט מיט אייער שוויגערמוטער אין איין הויז, און איהר מיט

אייער ווייב פלעגט זיא בעזוכען. צווייטענס, האט מיר פון אייך דערצעהלט דער הערר מארים וואהרהאפטיג.

— אויב אזוי, גלויב איך אז איהר ווייסט ווענען וואס איך בין צו אייך יעצט געקומען.

— ניין, איך ווייס נים.

— האט אייך וואהרהאפטיג נים דערצעהלט אז איך ווייס פיעל צו זאגען יענען אייער זוהן וואס איז מיט איינינע און צוואנציג יאהר פון אייך גערויבט געוואָרען.

— יא, ער האט דאס מיר דערצעהלט.

— עבען דארום, בין איך יעצט צו אייך געקומען, דער הערר וואהרהאפטיג האט אלע קרעפטען אוועקגעלייגט פון מיר צו ערפאהרען וואס מיט אייער זוהן איז געוואָרען, אבער איך האב דאס איהם נים געוואלט אויסזאגען, דערפאר וואס איהם קען דיא זאך ווענינ אינטערעסירען, אבער אייך וועל איך דאס פאר געוויסע בעדינגונגען יא אויסזאגען.

— וואס ווילט איהר מיר זאגען?

— איך קען אייך אויסקינפטע געבען ווענען אייער פערשוואונדענעם זוהן. ווייל איך ווייס ווער עס האט איהם פון אייך גערויבט און וואס מיט איהם איז געוואָרען.

— דאס ווייס איך אהן אייך, — האט שלמה געענטפערט.

— איהר ווייסט? וואס ווייסט איהר?

— איך ווייס, אז אייער הערצלאזע שוויעגערמוטער האט מיין קינד אוועקגעראובט פאר דעם גראף מארטין דאנילאוו.

— פון וואנען ווייסט איהר דאס? — האט יאניק אויסער זיך פאר ערשטוינגען געפרעגט אויסגלאָצענד דיא אויגען אויף שלמה'ן.

— דאס מאכט אייך שוין נים אוים פון וואנען איך ווייס דאס, פאר אייך איז גענוג דער פאַקט אז איך ווייס פון אלעם.

יאניק איז ווייטער געבליעבען וויא אבגעשמיסען, דיא לעצטע האָפנונג פיעל געלד צו פערדיענען איז אויך פערלאָשען געוואָרען

— איך בין זעהר נייגיעריג צו וויסען, ווער האט עס אייך געקענט דערצעהלען — האט ער נאך א לאנגעס שווייגען געזאגט — מיר שיינט אז אויסער מיר און מיין ווייב האט פון דער געהיימניס קיינער געוואוסט און איך האב עס געוויס קיינעם דערצעהלט.

— דיא וועלט שלאָפט נים — האט שלמה געענטפערט — אלע מערדערייען מוזען ענטדעקט ווערען.

— אזא טהאט הייסט נאך מיינער מיינונג נים מערדעריי — האט יאניק געזאגט — מען האט אייער קינד נים ערמאָרדעט, אין געגענטהייל מען האט עס אין רייכע הענד איבערגעגעבען, אייער זוהן איז געוואָרען א גראף און אן איינענטהימער פון פיעלע מיליאנען. וועז ער זאל נים געווען אליין בענעהז א מערדעריי וואלט ער

געלעבט וויא א קייסער אין אלעם גוטען, איז אייך בעקאנט וואס פון איהם איז יעצט געווארען?

— יא, — האט שלמה זיפצענד געענטפערט.

— דאס איז מערקווירדיג, אלעס ווייסט איהר. ניט אנדערש אז מלאכים פון הימעל האבען אייך אלעס דערצעהלט.

— ליידער האב איך קיינע געשעפטען מיט מלאכים זאנדערן מיט לויטער זינדיגע מענשען. איך מוז אייך זאגען הערר קאבאנאוו, אז אבוואהל אייער שוויעגער האט מיין זוהן פאר א קניאז געמאכט און האט איהם פיעל מיליאנען צוגעשארט, פון דעסטוועגען וועל איך מיין גאנץ לעבען זיא פלוכען און מיט קיין אנדער נאמען רופען וויא מערדערין. יא, זיא האט אן אונפערצייהליכען מארד בעגאנגען דאמיט וואס זיא האט פון צערטליכע עלטערן זייער ליעבעס קינד אוועקגערויבט. פאר אונזער זוהן וואלט אויך פיעל גלייכער געווען, ווען ער זאל געוועזען בלייבען ביי זיינע אידישע עלטערען, דען ער וואלט אלס איד קיין מאל צו אזא אונצייטיגען קבר געקומען וויא ער געפינט זיך יעצט. ער וואלט נאך הייטע אויף געלעבט.

יאניקס אויגען האבען אבערמאלס אנגעהויבען צו פינקלען. ער האט פערשטאנען, אז שלמה גלויבט אויך דאס זיין זוהן איז טוידט, אלזא איז דאך נאך געבליעבען א פלאץ, וואו געלד צו פערדיענען.

— איהר ווייסט אז אייער זאהן איז טוידט? — האט ער געפרעגט.

— יא — האט שלמה מיט א ביטערן זיפץ געענטפערט.

— מערקווירדיג! — האט יאניק מיט א שפאטישען טאן געזאגט — אלעס ווייסט איהר און דאך איז געבליעבען איין זאך וואס איהר ווייסט נאך ניט.

— וואס ווייס איך ניט?

— עס איז נאך דא זעהר א וויכטיגע געהיימניס, וואס איהר דארפט עס נאטהווענדיג וויסען?

— וואס איז דאס פאר א געהיימניס? — האט שלמה נייגיעריג געפרעגט.

— אזוי? — האט יאניק געלאכט — איהר ווילט דיא לעצטע געהיימניס אויך וויסען? אבער, ליעבער פריינד, איך בין קיין מלאך וואס דארף קיין זאך און דארום קען איך אלע געהיימניסע ניט עטנדעקען אומזאנסט....

— ווילט איהר געצאהלט פאר דער לעצטער געהיימניס?

— געווים.

— איז זיא זעהר וויכטיג?

— עס קען נאר קיין וויכטיגערע זאך געבען.

— וואס פערלאנגט איהר פאר אזא געהיימניס?

— ניט ווייניגער פון פינף טויזענד רובעל.

— וויפיעל? פינף טויזענד רובעל? זייט איהר ביי אייער קלארען פערשטאנד אדער איהר שפאסט?

— איך האב פיינד צו שפאסען, איך רייד אימער ערנסט.

— דאס ערשטע מאל אין מיין לעבען טרעפט דאס מיר, א מענש זאל בעד מען אזא סומע געלד פאר א געהיימנים.

— דאס געהיימנים האט אבער פאר אייך דיא ווערטה הונדערט טויזענד רובעל — האט יאניק מיט פייער געזאגט.

— איך פיהל דאס נים. איך קען נים פערשטעהן ווארום זאל אייער געהיימ־נים ווערטה זיין אזוי פיעל געלד? וויא באלד מיין זאהן איז געשטארבען, אינטער רעסירט מיך מעהר דיא גאנצע געשיכטע נים.

— אבער איך זאג אייך נאך אמאל, העדר פיין, אז דאס וואס איך האב אייך צו דערצעהלען האט ביי אייך דיא ווערטה הונדערט טויזענד רובעל. איהר וועט שפעטער אליין געשטעהן, אז איהר האנדעלט א מציאה.

— נו, דערצעהלט־זשע שוין וועל איך זעהן צו דאס האט פאר מיר דיא ווערטה אזוי פיעל געלד?

— פריהער צעהלט מיר אפ דיא פינף טויזענד רובעל, נאכהער וועל איך אייך מיין געהיימנים ענדעקען.

— אזא רומהיים זאלט איהר נים פערלאנגען. ווען מען קויפט סחורה מוז מען פריהער זעהן דיא וואארע, נאכהער צאהלט מען געלד.

— אבער מיינע וואארע טאר איך פריהער נים צייגען.

— נו, איז אונזער געשעפט קיין געשעפט נים.

— העדר פיין — האט יאניק עטוואס נאכדענקענד געזאגט — איך וויל מיך מיט אייך נים דינגען, איך לאז אייך פאר דריי טויזענד רובעל, נור גיט פריהער דאס געלד.

— איך וועל אייך פריהער זאגאר איין פעניג נים געבען.

— נו, אויב אזוי, הערט איהר קיין ווארט. איהר האט נאך צייט, העדר פיין, דען איך געה אוועק און איהר וועט מיך שוין נים מעהר זעהן.

— איהר קענט אייך געהן געזונטערהייט.

— איהר זאלט אבער נים פערגעסען, אז מיין געהיימנים בעלאנגט צו אייער לעבען און גליק.

— איך האב אייך שוין אונצעהליגע מאל געזאגט, אז איך גיעב פריהער קיין געלד — האט שלמה שטרענג געזאגט.

— נו, האט־זשע מיר א גוטען טאג — האט יאניק געזאגט און איז אוועק־געגאנגען.

— מיר שיינט, אז דיעזער מאן האט ווירקליך א וויכטיגע געהיימנים — האט יאקאב געענטפערט.

— וואס, דענקסט דוא, האט ער אונז צו זאגען?

— פון וואנען זאל איך וויסען וואס ער האט אונז צו זאגען? אבער איך יעה, אז ער האט זעהר א וויכטיגע זאך

דוא האסט דאך געהערט, וויפיעל געלד ער האט דערפאר גע־

— עבען דארום ווייל ער האט אזוי פיעל געלד געבעטען, איז א בעווייז אז זיין נעהיימנים איז וויכטיג.

— נו, וואס־זשע זאל מען יעצט טהאָן?

— איך גלויב, אז עס וואָלט ניט געשאדט ווען מען זאָל צו איהם אריינגעהן און מיט איהם ווענען דעם איבעררייידען.

— נו, און איהם בעצאהלען דריי טויזענד רובעל.

— דאס ניט, אבער וויא איך האב דיעזען מענשען דערקאנט איז ער א גרויסער פלוט און מען קען פון איהם אָהן געלד אויך זיין נעהיימנים ערפאהרען.

— מיר גלויבט זיך דאס ניט.

— וויא דיא זאך איז, שאדעט ניט מען זאל צו איהם אריינגעהן און זיך א פרוביר טהאָן מיט איהם ווענען דעם צו ריידען.

— אויב דוא האסט שטארק לוסט דערצו, קענסט דוא איהם בעזוכען.

— יא — האט יאקאב געזאגט — איך וועל צו איהם הייטע אדער מאָרגען אריינגעהן. איך וועל ניט קענען רוהען, ביז איך וועל ריכטיג ערפאהרען וואס דא טהוט זיך.

296טעס קאפיטעל.

## דיא נקמה.

סאנקא האָנינמאַן לעבט וויטער, דיא וועלט האט זיך נאר אויף דאס נייע פאר איהר נעעפענט און דיא גליקעס־זאָנע וואס האט זיך אזא לאנגע צייט בע־האלטען אונטער פינסטערע שווארצע וואָלקענס, האט מיט מעהר פייער און מיט מעהר גלאנץ אנגעהויבען פאר איהר צו שטראהלען.

זיא לעבט וויטער, איהר ליעבער יאזעף איז מיט איהר שלום געוואָרען. ער האט איהר ערקלערט אז ער האט זיא קיין מאל ניט אויפגעהערט צו ליעבען, נור דא וואר א מיספערשטענדניס וועלכעס האט איהם זיין לעבען פערביטערט און יעצט איז ער דער גליקליכסטער אין דער וועלט וואס ער האט צוריק זיין ליעבער טהייערער סאָנקא'ן.

אויך משה מיט זיין ווייב שרה האבען זיך וויא מיט א נייער הויט בעצויגען. זיי האבען איינפאך געשטראהלט אויס נחת, זעהענדיג אז דער גוטער עדלער יאזעף וועלכער איז זיא אין פיעלע נאָטהפעלע בייגעשטאנען, איז צו זייער ליעבער טאכטער אבערמאלס פריינדליך געוואָרען און ער וועט זיא הייראטהען.

און אנטגעגען זייער הויז דער מעבעל־העגדלער פעדערבליץ, האט נאך אלץ פאנטאזירט ווענען דער שעהנער ישוב'ניצע, פאר וועלכער ער האט זיין נעץ אויס־געשפרייט און האט געגלויבט באמונה שלמה, אז ער האט זיא שוין האלב דער־טאפט.

דיא קאלטקייט וואס סאָנקא האט צו איהם אימער געוויזען, האט זיין ליידענשאפט נאך מעהר פארנאנדער געפלאקערט. ער איז געוועזן אזוי צופלאקערט,

דאס ער איז פערטיג געווען, טראָץ זיין קארנשאפט, דיך לאָזען קאָסטען פיעל געלד אבי זיינס אויסצופיהרען.

אונזערע לעזער איז שוין בעקאנט דיא אבזיכט פון דיעזען שארלאטאן. ער איז געווען אזוי פערדאָרבען, דאס ער האט ניט געקענט אויף ריכטיג ליעבען און ערענטליך מערכען. ער האט גאר ניט געדענקט אמאל צו הייראטהען. ער האט זיך אונטערגענומען נור שעהנע אונשולדיגע מערכענס צו פערפיהרען, זיי רואינירען און נאכהער זיי אוועקווארפען וויא אן אבגעשלאָגענע הרשענה.

דיא האט איהם פערשפראָכען אז זאנטאג וועט זיא איהם געבען א ריכטיגען אנטוואָרט, צו וועט זיא זיך בעשליסען זיינע צו זיין אדער ניט, דארום האט ער אויף דעם זאנטאג מיט דער גרעסטער אונגעדולד געווארט. ער האט נור געווארט צו הערען פון איהר מונד אז זיא וויל זיין פרוי ווערען, דאן וועט ער זיך טיט איהר פערלאָבען. ער וועט שוין דאס רעכט האבען איהר קאוואליער אדער איהר ריטער צו זיין. ער וועט זיא טעגליך בעזוכען און זיא וועט מוזען איהם אויך א פאר בעזוכע אבשטאטען, דאן איז שוין זעהר לייכט דיעזער שעהנע בלומע אבצופליקען. קיינער וועט וואגען איהם א שלעכט וואָרט צו זאגען ווען ער וועט זיא נאכהער אוועק־ווארפען אום אן אנדערע צו זוכען, דען אָפּלאָזען א שידוך איז אין רוסלאנד ביי אידען פון דיא אלטעגליכע געוועהנליכע זאכען. בעזאנדערס ווען דער כלה׳ס על־טערען זיינען ארימע דאָרף׳ס־לייטע, וואס האבען גאר קיין שכל ניט צו קעמפפען מיט אזא לייב וויא ער איז.

— יא, זאנטאג וועט ער זיין ציעל ערדייכען. אין דעם האט ער ניט געצוויי־פעלט. זיא וועט ביז זאנטאג זיך געוויס בערעכענען, אז קיין בעסערען שידוך וויא ער איז פאר איהר וועט זיא געוויס ניט מהאן. נו, און איהרע עלטערען, זיי ווילען דאָך שוין פון לאנג ער זאָל זייער טאכטערס חתן ווערען. דיא נאררישע עלטערען צווייפלען דאָך גאר ניט אז ער מיינט ערנסט מיט זייער טאכטער צו הייראטהען, ווייל ער איז אין איהר שטערבליך פערליעבט און ער וועט זיא פון זיי צונעהמען וויא זיא שטעהט און געהט.

דער ערוווארטעטער זאנטאג איז געקומען. מיט א גליקליכען שמייכעל אויף דיא ליפען איז פערערבליץ געשטאנען אין שפיגעל און האט זיך געפוצט. ער האט זיך יעצט אנגעצויגען וויא צו א באל אין א שווארצען פראק מיט א שנעע־ווייסער העמד, א ווייסען האלז־טוך או ווייסע האנדשוה.

— שעהן! — האט ער מיט א צופריעדענער מינע צו זיך אליין געזאגט — איך בין ווירקליך דער שעהנסטער מאנספערזאן אין דער וועלט. מיר שיינט, אז קיין מיידעל, זיא מעג וויא שטאָלץ ביי זיך זיין, וועט ניט קענען בעשטעהן געגען דעם צויבער וואס ליעגט אויף מיר. קיינעם קען גאר ניט איינפאלען אז איך בין א איד. דער וואס קען מיך ניט וועט זאגען אז איך בין א געבאָרענער פרינץ.

ער האט אויף זיין טאשען־טוך א גאָס געטהאן אביסעל פארפומע, האט אויך דיא הענד מיט דער רופטענדער פליסינקיים אויסגעריבען און נאכדעם אז ער האט פעררויכט א גוטען ציגאר און האט נאך צוויי מאל זיך בעטראכט

אין שפּיגעל, איז ער אוועקגעגאנגען צו דעם דאָרף׳ס־מאַן משה האַנינמאַן.

משה איז צו הויזע ניט געווען. ער האט אין יענעם טאג פיעל געהאט צו טהאן אין דער גאס און שרה איז געשטאנען אין קיך און האט געקאכט מיטאג. אין דעם גרויסען צימער וואס האט ביי דער פאמיליע אלס זאל געדיענט, איז גע־זעסען סאנקא און האט געבלעטערט א אידישען ראָמאַן זיא האט יעצט אויסגעזעהן אזוי שעהן, דאס פעדערבליץ איז איבערראשט געוואָרען, ריכטיג וויא ער זאל זיא יעצט צום ערשטען מאל זעהן. מיט זעהר א ליעבליכער מינע האט ער זיך גענגען איהר פערביינט און איהר זיין האנד רייכענד, האט ער געזאגט:

— גאט העלף, מיין שעהנער זיסער ענגעל.

א שמייכעל האט זיך געוויעזען אויף סאַנקא׳ס געזיכט אלס זיא האט דיעזען פערפּוצטען פראנט דערזעהן. זיא האט געוואוסט ווענען וואס ער איז געקומען. אין אן אנדער צייט וואָלט זיא איהם באלד געזאגט אז ער מעג שוין געהן צוריק; אבער יעצט ווען זיא האט אבגעמאכט מיט בת־שבע׳ן זיא זאל אהער קומען אין דער צייט ווען דיעזער פראנט וועט דא זיצען, האט זיא איהם גאר ניט געקענט זאגען אום ער זאל ניט אוועקגעהן און בת־שבע זאָל איהם דאָ טרעפען.

דארום האט זיא מיט א פריינדליכע מינע זיין בעגריסונג ערוויעדערט און האט איהם געבעטען זיצען.

— איך האב געטראָפען — האט זיך פעדערבליץ געטראכט — עס ווייסט אויס, אז זיא האט זיך בעשלאָסען צו מיר אין דיא הענד זיך איבערצוגעבען. בראַוואָ, ישוב׳ניצע! טאקע דאס האב איך געמיינט....

— וואס מאכט איהר מיין שעהנע סאַנקא! — האט ער מיט חן געפרעגט — איך מוי אייך נאָר אָהנע קאָמפּלימענטען זאגען, אז איהר ווייזט יעצט אויס מאַ־יעסטעטיש שעהן.

— איך דאנק אייך פאר א גוט וואָרט, הערר פעדערבליץ — האט סאַנקא שמייכלענד געענטפערט — איך פיהל מיך הייטע ווירקליך זעהר גוט און מונטער.

— אזוי? — האט פעדערבליץ פערגעניגט געזאגט — דאס פרייט מיך זעהר, דען דאס איז א בעווייז אז איך בין אהער ניט אומזאָנסט געקומען...

— געוויס זייט איהר ניט אומזאָנסט געקומען. מיר וועלען קענען א פּאָר שטונדען פערגעניגט דיא צייט פערטרייבען. באלד וועט קומען מיין פאטער וועלען מיר צוזאמען מיטאג עסען.

— מיר וועט זעהר אנגענעהם זיין מיט אייך, מיין ענגעל, ביי איין טיש צו עסען. וואס ווייסט איהר, וויא ליעב איך האב אייך? מיר שיינט, אז אלע ראָמאַ־ניסטען פון דער גאנצער וועלט זיינען ניט אין שטאנד א טויזענדע טהייל צו בע־שרייבען פון מיין גרויסער ליעבע צו אייך.

— איך לעז גראדע יעצט א ראָמאַן, אין וועלכען עס איז בעשריעבען זעהר א הייסע ליעבע — האט סאנקא געזאגט.

— גאט אייך א האלבען גראָשען פאר אלע ראָמאַנען. וואס ווייסען זיי, דיא נאררישע שרייבער, פון דער וואהרער ערשטער ליעבע וואס אונזערער א ברודער

פיהלם? דיי שרייבען דאך אלע לינענס מיט פוסטע פאנטאזיעס. זאלען זיי מיך פרעגען, וועל איך זיי זאגען וואס ליעבע הייסט!

— ווען איך זאל קענען דעם שרייבער פון דעם ראמאן — האט סאנקא לא־כענד געזאגט — וואלט איך איהם געהייסען, אז ביי׳ם צווייטען ראמאן וואס ער וועט שרייבען, זאל ער אייך פרעגען.

— איהר שפאסט, ליעבע סאנקא? איך זאג אייך אבער, אז דאס איז קיין שפאס. ווען דער שרייבער זאל פיהלען א טויזענדסטע טהייל פון דעם וואס איך פיהל, וואלט ער געמאכט אזא ראמאן וואס אלע שטיינער וואלטען געוויינט מיט בלוטיגע טרעהרען.

— איך פערשטעהע אבער נים, ווארום זאלען דיא שטיינער וויינען ווען איינער איז שטארק פערליעבט?

— אויס ריהרונג — האט פערערבליץ געענטפערט — יא, אויס ריהרונג פון א הייסער ליעבע קענען אלע שטיינער צונאססען ווערען. אבער זאל זיין גענוג פון דעם צו ריידען, איהר מוזט געוויס וויסען ווענען וואס איך בין יעצט צו אייך גע־קומען, דער ציעל פון מיין קומען איז צו הערען פון אייך צו קען איך האפען דער גליקליכסטער אין דער וועלט צו זיין.

— ווארום זאלט איהר דאס נים האפען? יעדער מענש קען אזא האפנונג האבען.

— אבער מיין האפנונג בעשטעהט נור אין א לעבען מיט אייך צוזאמען: ליעבע זיסע סאנקא, איך האב אייך געזאגט און וויעדערהאלע מיינע ווערטער, אז אהן אייך איז מיין לעבען קיין לעבען נים. ווען בעהיטע גאט איהר ענטזאגט מיר און רייכט מיר ניט אייער האנד צום עווינען בונד וועל איך געוויס זעלבסטמארד בעגעהן. דען אהן אייך איז מיין וועלט קיין וועלט. דיא זון וועט פאר מיר נים קענען לייכטען, איך וועל מיך אימער און עווינ אונגליך פיהלען. נור דאס ווארט אונגליק איז נאך פאר מיר ווענינ, איך וועל דער אונגליקליכסטער בעדויערנסווערטער מענש אונטער דעם הימעל .זיין.

אין דער מינוט האט מען אנגעקלאפט אין טהיר.

— דאס איז געוויס בת־שבע — האט זיך סאנקא געקלערט און האט א געשריי געטהאן אנטרעע.

דיא טהיר האט זיך געעפענט און יאזעף איז אריינגעקומען.

סאנקא׳ס געזיכט האט זיך מיט א זאנפטער רויטהקייט איבערגעגאסען אלס זיא האט איהר הערצענס געליעבטען דערזעהן.

יאזעף האט זיך זעהר געוואונדערט אלס ער האט זיין סאנקא׳ן דערזעהן אין דער געגענווארט פון א פרעמדען יונגען פראנט.

ער האט סאנקא׳ן זעהר ליעבליך דיא האנד געדריקט און האט דאביי א קוק געטהאן אויף פערערבליצען וויא ער זאל פרעגען ווער איז דיעזער מאן.

סאנקא האט דאס בליק פערשטאנען און האט געזאגט:

— דא וועל איך פאר דיר ליעבער יאזעף פארשטעלען אונזער נאכבאר סאר

מואיל פעדערבליץ. און פאר אייך הערר פעדערבליץ האב איך דיא עהרע פאָרצו־
שטעלען מיין ברויטינאם יאָזעף לעהמאַן.

— אייער ברויטינאם? — האט פעדערבליץ ערשטוינט און ערשראָקען נעפרעגט.

— יא, הערר פעדערבליץ דאס איז מיין ליעבער ברויטינאם.

— אייער בעקאנטשאפט איז מיר זעהר אננענעהם — האט יאזעף נעזאגט
רייבענד פעדערבליצען דיא האנד.

פעדערבליץ האט נור מעכאניש יאָזעפ'ן דיא האנד נערייכט און האט אויס־
נעשמאַמעלט איינינע אונפערשטענדליכע ווערטער. ער האט נעוואָלט באלד אנט־
לויפען, אבער ער האט זיך נעשעהמט און איז דארום נעבליעבען זיצען אויף זיין אָרט
וויא א צודולטער. איהם איז זעהר ניט אנגעשטאנען וואס דיא דאָרפמעדכען האט
פון איהם אזוי חוזק נעמאכט און ער האט נעקלערט וויא אזוי פון איהר ראכע צו
נעהמען פאר דער פרעכהייט.

יאזעף האט זיך צו איהם נעווענדעט מיט פערשיעדענע פראגען וועגען זיינע
נעשעפטען, אבער דער צודולטער פעדערבליץ האט איהם האלבע ווערטער נעענטפערט.

עס איז קיין פיערטעל שטונדע פערגאנגען זייט יאָזעף איז אריינגעקומען, האט
מען אבערמאלס אננעקלאפט אין דער טהיר.

אן דעם קלאפ האט סאָנקא דערקענט אז דאס איז בת־שבע, דארום איז זיא
אליין נעלאָפען און האט דיא טהיר נעעפענט.

דאס איז ווירקליך נעווען בת־שבע.

פעדערבליץ איז לייבענבלאס געוואָרען אלס ער האט בת־שבע'ן דערזעהן. ער
איז פון זיין אָרט אויפנעשפרונגען און האט נעוואָלט דורך דער טהיר וואס נעהט
אריין אין קיך אנטלויפען, אבער עס איז שוין נעווען צו שפעט, בת־שבע האט איהם
אויך דערזעהן און האט א ווילדען נעשריי נעטהאן:

— דוד נאָלדפיין! דער טייפעל איז דא ביי אייך סאָנקא אין שטוב?

ביי דיא ווערטער איז זיא צוגעלאפען צו דער קיך־טהיר, האט זיך מיט
בליצענדע אוינען פאר איהם נעשטעלט און האט אויסגערופען:

— וואוהין ווילסט דוא לויפען טייפעל? דענקסט דוא פיעלייכט אז איך וועל
דיך אזוי אפלאזען. אָ, ניין! איך האב דיך שוין לאנג נעזוכט און אז איך האב דיך
דערטאפט ועסט דוא נאָנץ פון מיינע הענד ניט ארויס.

פעדערבליץ, וועלכער האט זיך אין דיא ערשטע מינוטען פערלארען, האט
יעצט צוריק זיין מוטה בעקומען און ער האט זיך שטאָלץ שטעלענד געגען בת־שבען
נעזאגט:

— וואס ווילסט דוא אונגליקליכע? דוא פערגעסט אז מיר זיינען אין א
פרעמד הויז!

— איך האב דאס ניט פערגעסען — האט בת־שבע אויסער זיך פאר כעס
נעשריען — איך האב דאס טאקע נעוואלט דיך אין א פרעמדער שטוב דערטאפפען
אום אלע זאלען זעהן וויא איך קען בעשטראפען דעם מאן וואס האט מיך אין א
שרעקליכער בלאָטע פערשלעפט, יעצט וועל איך דיר ווייזען וואס איך קען.

— וואס וועסט דוא מיר טהאן? דוא ווערסט פיעללייכט ווייטער זיך וואגען אויף מיר אנצופאלען און מיך שלאגען אזוי וויא דוא האסט געטהאן ביי גרינזאנגען אין הויז. ווערה ווערט אבער יעצט זיין צו דיר ווען דוא ווערסט מיך מיט איין פינגער בעריהרען, מען וועט דיינע ביינער איינציג ווייס פון דאנען ארויסטראגען.

— איך וועל דיך ניט שלאגען — האט בת-שבע ספאטיש געענטפערט, דען איך ווייס אז פאר אזא הונד וויא דוא ביסט זיינען איינפאכע קלעפ קיין שטראפע. איך האב אבער פאר דיר אן אנדער שטראפע אויסגעפונען, וועלכע איך טראג מיט זיך זיים איך זוך דיך, דוא ווערסט אליין געשטעהן אז דיא שטראפע איז פאר דיר וויא געבארען.

— וואס דענקסט דוא מיר צו טהאן? — האט פעדערבליץ לאכענד געפרעגט.

— דיא מינוט וועל איך דאס דיר צייגען, נא, אט האסט דוא זיא.

ביי דיא ווערטער האט זיא ארויס גענומען פון דער טאש א פלעשעלע מיט שווארצע פליסיגקייט און האט עס איהם א גאס געטהאן אין געזיכט.

— רעטעט איך בין פערברענט! — האט פעדערבליץ מיט א הערץ-רייסענדער שטימע געשריען זיך האפענד מיט ביידע הענד פאר דעם געזיכט.

— איין ראכע האב איך אויסגעפיהרט — האט בת-שבע פראהלאקענד אויס-גערופען — דיין געזיכט בלייבט אויף אימער און עוויג פערברענט און פערפלעקט, דאס וועט הייסען אזוי פיעל וויא קין'ס צייכען אויף דיין פערפלוכטעס געזיכט.

ביי דיא ווערטער איז זיא שנעל ארויסגעלאפען.

— רעטעט איך ברען, איך שטארב! — האט פעדערבליץ געיאמערט.

סאנקא מיט יאזעף'ן וועלכע זיינען וויא דיא צורולטע דא געשטאנען און האבען זיך מיט קיין גליעד געקענט ריהרען, זיינען אביסעל צו זיך געקומען און זיינען אוועק-געלאפען אין פערשיערענע זייטען ברענגען דאקטורים.

## 297טעס קאפיטעל.

# וואס מיינט ער?

אין דעם פיינסטען האטעל פון ארשא קווארטירט יעצט דער גראפפירסט וולאדימיר אלכסנדראוויטש און דיא גרעפין מאריא דאנילאוו מיט איהר קינד און אממע.

דיא גרעפין האט נאר ניט געוואוסט און האט פאר קיין פאל געקענט פער-שטעהן ווארום דער גראכפירסט האט זיא אהער געבראכט. זיא האט נור גערעכענט אז ער האט זיא מיטגענומען אהער, אום זיא זאל קענען אלס צייגין פיגורירען געגען דער פערפלוכטער ארעלא'ן און געגען איהר פאטער. אבער ביי דעם געדאנק האט זיא זיך געוואונדערט וואצו דארף דער גראספירסט איהר פערזאן ביי אזא זאך. דוכט זיך דער בריעף אליין וואס זיא האט געפונען ביי געלידאוו'ן אין פאפיערקארב צייגט דייטליך אז דיא ביידע זיינען דאנילאוו'ס מערדער.

זיא האט אבער ניט געוואגט איהם ווענען דעם עטוואס צו פרעגען, זיא האט נור געוואוסט אז ער האט זיא ניט געבראכט אהער מיט א שלעכטען אבזיכט.

דארום האט זיא געשווירענען און האט געדולדיג געווארט ביז ער אליין וועט איהר ערקלערען דיא אורזאכע פון איהר קומען אהער.

דריי גרויסע צימער האט דער גראַספירסט פאר איהר מיט דער אַמע און דאס קינד גענומען און פאר זיך האט ער אין צווייטען שטאָק בעזאָנדער דריי צימער גענומען. דער ווירטה פון האָטעל האט ניט געוואוסט ווער דיא געסט זיינען, דער דאקומענט וואס דער גראַספירסט האט איהם געגעבען האט קיין נאמען געטראגען, דאס וואר בלויס א בעפעהל פון מאָסקוואַ'ער גענעראל גובערנאטאר מען זאל דיא לייטע ניט בעאונרוהיגען מיט איבעריגע פראגען.

אַלס דיא גרעפין האט זיך שוין אין איהר נייער קווארטיר איינגעאָרדנעט איז דער גראַספירסט צו איהר אריינגעקומען און זיי האבען זיך ביידע געזעצט טרינקען טהעע.

— מיר וועלען לאנג פערבלייבען אין אָרשא? — האט דיא גרעפין איהם גע־פרובירט א פרעג טהאן.

— ניין גרעפין ניט לאנג, העכסטענס ביז מאָרגען.

— און וואוהין וועלען מיר פארען פון דאנען?

— נאך דאנילאווקא. מיר וועלען נאך מיט א דריטער פערזאן פאהרען.

— א דריטע פערזאן? ווער איז דאס?

— אייערער זעהר א גוטער בעקאנטער — האט דער גראספירסט שמייכלענד געענטפערט.

— קען איך דיא עהרע האבען צו וויסען זיין נאמען?

— דערווייל נאך ניט. איהר וועט דאס אבער נאך הייטע וויסען.

— איז דאס א געהיימניס?

— זעלבסטפערשטענדליך אז דערווייל איז דאס א געהיימניס, זאנסט וואָלט איך אייך גלייך זיין נאמען געזאגט.

— איך מוז אייך זאגען דורכלויכט — האט דיא גרעפין נאך א קורצעם שוויינען געזאגט — אז דאס פאהרען נאך דאנילאווקא איז מיר זעהר אונאנגענעהם.

— ווארום?

— זעהר איינפאך, דערפאר וואס אויף יעדען שריט וועל איך מיך עראינערן אן מיין אונגליקליכען מאן און דאס וועט מיינע וואונדען גאר אויף דאס נייע אויפ־רייצען.

— האט קיין זאָרג גרעפין, איך פערזיכערע אייך דאס געגענטהייל, אז גראדע אין דאנילאווקא וועלען זיך אלע אייערע וואונדען פערהיילען.

— איהר זייט קיין מאל קיין פרויענצימער געוועזען דורכלויכט — האט מאריא זיפצענד געזאגט — דארום קענט איהר ניט אריין אין דער לאגע פון א הייסליעבענ־דער פרוי וועלכע האט איהר ליעבען מאן אויף אזא שרעקליכער ארט און ווייזע פערלארען.

— איך זאג אייך אבער גרעפין אז איהר האט גאר ניט פערלארען האט דער גראַספירסט שמייכלענד געענטפערט.

— איך האב נאר נים פערלארען ? איהר שפאסט דורכלויכט ? א, מיין גוטער הערר, איך ווינש קיין פרוי זיא זאל אין אזא לאגע קומען וויא איך בין יעצט. איהר ווייסט, איך דארף אייך נים דערצעהלען וויא ערנסט געליעבט איך האב מיין אנטאָנען. איך האב איהם נים געהייראטהעט צוליעב זיין געלד אדער צוליעב זיין טיטול, אין געגענטהייל מיך האט אימער געקרענקט וואס ער שטעהט אין דעם פאך העכער אלס איך, איך האב געוואלט ער זאל שטעהן אויף א גלייכער שטופע מיט מיר. מיין ליעבע צו איהם איז אזוי גרויס געוועזן, דאס אבוואהל ער האט מיך אויף דער גרויזאמסטען ארט בעהאנדעלט, פון דעססטוועגען בין איך אויף איהם נים צאָרניג געוועזן, ווייל איך האב איהם אלץ אין דער גוטער זייטע בערעכענט. אן אנ־דערע אויף מיין פלאץ וואלט געוויס צופריעדען געוועזן מיט דער שרעקליכער ענדע וואס ער האט גענומען, זיא וואלט דאס בעטראכט אלס ראכע פאר זיין גרויזאמער בעהאנדלונג, אבער איך וועל אימער טראָסטלאָז בלייבען ווייל זיין שרעקליכע ענדע וועט מיין גאנצעס לעבען פערביטערן. נו, און איהר זאגט אז איך האב נאר נים פער־לאָרען. דאס איז א בעווייז אז איהר קענט מיך נאך נים דורכלויכט.

— איך קען אייך זעהר גוט גרעפין — האט וולאדימיר געענטפערט אבער איך ווידערהאָלע מיינע ווערטער אז איהר האט נאר נים פערלארען.

— איך האב נים דיא עהרע דעם זין פון אייערע רעטהזעלהאפטע ווערטער צו פערשטעהן.

— דאס האב איך פריהער געוואוסט אז איהר וועט מיינע ווערטער נים פערשטעהן אבער איין זאך מה איך אייך זאגען גרעפין, אז דער מענש איז אזוי בלינד דאס ער קען נים זעהן וואס ביי איהם געבען דער נאָז געהט פאָר.

— אנטקעגען וואס זאגט איהר דאס גראָפפירסט ?

— איך זאג דאס אנטקעגען דעם וואס איהר אליין דיט נאך נים געגנוג איבערצייגט אין אייער אונגליק....

— איהר ווילט געוויס זאגען אז איך קען נאך אין צוקונפט גליקליך זיין.

— איך צווייפלע נאר אין דעם נים, אז אייך ערווארטעט אין צוקונפט דאס גרעסטע גליק.

דיא גרעפין האט אבערמאלס א ביטערן זיפץ געטהאן, וויא זיא זאל זאגען:

— איהר קענט מיר דאך נים, גראפפירסט ?

— איהר מאכט אזא מינע, גרעפין, וויא איינע וואס האט זיך פון׳ם גליק געגצליך ענטזאגט ?

— נים איך האב מיך פון דעם גליק ענטזאגט, ואָנדערן ער איז פון מיר אנטלאפען געוואָרען.

— און איהר ווילט נאר נים גלויבען אין דער מעגליכקייט, אז ער וועט צוריק צו אייך קומען צו לויפען ?

– איך קען דאס נים גלויבען, דען קיין טויטע ווערען נים לעבעדיג.

-- דאס מיינט איהר אזוי — האט דער פירסט געלאכט.

-- וואס הייסט איך מיין אזוי ?

— גאנץ איינפאך. לוים איך ווייס, האט זעהר אָפט געטראָפען דאס טויטע ווערען יא לעבעדיג.

מאריא האט איהם העכסט ערשטוינט אנגעקוקט. איהר האט אויסגעוויזען, אז דער גראָספירסט מאכט זיך איבער איהר לוסטיג, דארום האט זיא בייז אבגע־ווענדעט פון איהם דאס געזיכט.

— וואס? איהר גלויבט ניט, גרעפין, אז טויטע ווערען אמאל לעבעדיג? — האט ער מיט דערזועלבער לאכענדער מינע געפרעגט.

— איך בעט אייך, דורכלויכט, — האט זיא געזאגט — טהוט מיר דיא גע־פעלינקייט און רעדט מיט מיר פון אן אנדער זאך.

— פון אן אנדער געגענשטאנד? ווארום איז אייך דער געגענשטאנד וואס מיר בעהאנדלען יעצט לעסטיג?

— מיר זיינען אימער לעסטיג ערצעהלונגען און מיינונגען, וואס איך קען זיי קיין גלויבען שענקען.

— און איהר רעכענט אז איך בין אזוי לייכטזיניג, דאס איך גלויב דאס טויטע קענען לעבעדיג ווערען?

— איך ווייס אז איהר גלויבט אזעלכע זאכען ניט, דארום האב איך דאך געזאגט דאס איהר מאכט זיך נור א שפאס.

— איך קען אייך אבער פערזיכערען, גרעפין, אז איך מאך יעצט קיין שפאס.

— אויב אזוי, מוז איך אייך, דורכלויכט, געשטעהן, אז איך פערשטעה אייך דאס מאל ניט.

— פערשטעהט איהר מיר יעצט ניט, וועט איהר מיך שפעטער פערשטעהן. איהר וועט זעהן אזא וואונדער, וואס איהר וואָלט עס קיין מאל געגלויבט איהר וועט מיר דאן אליין געשטעהן, אז אין לעבען קען אלעס טרעפען.

ער האט דיא גרעפין צערטליך דיא האנד געדריקט און איז אוועקגעגאנגען.

— וואס קען ער מיינען מיט דיזע אונפערשטענדליכע ווערטער? — האט זיך מאריא געקלערט אלס זיא איז אליין געבליעבען — האט ער געשפאסט, אדער ער האט דאס אין פאָלען ערנסט גערעדט? דער גוטער גראספירסט זאָל שפאסען אין דער צייט ווען פון מיינע אויגען גיסט זיך בלוט, דאס וואָלט איך קיין מאל גע־גלויבט און גלויב דאס יעצט אויך ניט.

זיא האט זיך באלד פערטיעפט אין אנדערע געדאנקען. זיא האט זיך דער־מאָנט, אז דא היע אין דעם אָרשער געפענגניס איז געזעסען איהר מאן און איז דארט פערגיפטעט געווארען.

— אנטאן איז בעגראבען אין דיעזער שטאדט, זיין קבר געפינט זיך היער — האט זיא זיך געקלערט — ווארום זאל איך צו זיין קבר ניט געהן? ווארום זאל איך מיך אויף דיעזען פרישען גראב ניט אויסוויינען?

— יא — האט זיא זיך פעסט בעשלאָסען — איך מוז געהן בעזוכען זיין גראב. אָ, אנטאן, אנטאָן! האב איך דאס מיט איין יאהר צוריק געדענקט, אז אונזער בונד וועט זיך אזוי שרעקליך צורייסען און איך וועל דארפען געהן אויף דיין גראב!

טרעהרען האבען זיך געוויזען אין איהרע ארגען. דא איז צוגעגאנגען צו דער וויעג וואו איהר קינד איז געלעגען, האט זיך צו איהר טאכטער צוגעבויגען און קושענד איהרע ראזענרעהנליכע בעקעלאך האט זיא ביטערע טרעהרען פערגאסען.

— דוא האסט קיין פאטער — האט זיא שלוכצענד געזאגט — דוא בלייבסט אן עווינע וויזע (א יתומה). דוא האסט קיינעם וועד עס זאל פאר דיר זארגען אויסער מיר. נור וואס קען איך אונגליקליכע שוואכע פרוי פון דיינטוועגען טהאן?

דער געדאנק אז איהר קינד איז א יתומה, האט נאך מעהר טרעהרען פון איהרע אויגען ארויסגעלאקט. זיא האט זיך פארגעשטעלט וויא גליקליך דאס זעלבע קינד וואלט געווען ווען אנטאן זאל לעבען און שלעכטע פערדארבענע מענשען זאלען זיך נים געווען מיט זייערע אינטריגען צווישען זיי אריינמישען.

באלד האט זיא זיך אבערמאלס דערמאנט אן דעם גראפירסט'ס רעטהזעלהאפטע ווערטער, און האט אנגעהויבען צו פערשטעהן אז אין זיי ליגט פערשטעקט עפעס א געהיימניס.

— נור וואס פאר א געהיימניס קען דא שטעקען? — האט זיא זיך נעד קלערט — ווארום האט ער מיר דייטליך ניט געוואלט ערקלערען דאס וואס ער האט צו זאגען. איך מוז איהם היטע אזוי לאנג מיט מיינע פראגען צווריקען, ביז ער וועט מיר זאגען וואס ער האט דערמיט געמיינט.

זיא האט מיט דער גרעסטער אונגעדולד אנגעהויבען צו ערווארטען דעם גראפירסט, אום מיט איהם נאך אמאל צו ריידען און ערפאהרען וואס ער האט געמיינט.

208טעס קאפיטעל.

## צוריק אויפ'ן פערד.

מיט איהר אוועקפאהרען האט דיא גרעפין מאריא ביי גרינזאגנ'ן אין הויז איבערגעלאזט אונמוטהיגקייט און זארג. סאבינא איז ארומגעגאנגען וויא א צודולטע. זיא האט שטארק געבענקט נאך דער יונגער אונגליקליכער פרוי וועלכע זיא האט ליעב בעקומען וויא אן איינענער טאכטער. זיא האט זיך אויך געשראקען פאר מאריאס אבפאהרט מיט דעם גראפירסט. זיא האט איבערקלערט אלע שרעקליכסטע זאכען וואס ביי אזא פאל קען פאסירען. בעזאנדערס האט זיא אונרוהיג געמאכט איהר מאן'ס אונרוהיגקייט. זיא האט גוט פערשטאנען, אז איהר מיכאל איז זייט מאריא איז אוועקגעפאהרען שטארק אונמוטהיג. אן אנדער פרוי אויף איהר פלאץ וואלט ביי אזא פאל געווים אייפערזיכטיג געווארען דאדורך וואס איהר מאן בענקט אזוי שטארק נאך א שעהנער יונגער פרוי, אבער סאבינא, וועלכע האט איהר מאן זעהר גוט געקענט און האט געוואוסט, אז ער געהערט נים צו דיא לייטע, וואס דער צויבער פון א שעהנער פרוי קען אויף זיי לייכט ווירקען. זיא האט נים געצווייפעלט, אז איהר מאן ליעבט דער אונגליקליכער גרעפין אזוי וויא זיא ליעבט איהר.

— מיכאל — האט זיא איין מאל געזאגט אריינקומענדיג צו איהר מאן אין צימער — דוא ווייסט נאך אלץ ניט וואוהין דער גראספירסט איז געפאהרען מיט מאריא'ן?

— איך האב דאך דיר געזאגט, אז זיא איז געפאהרען מיט איהם נאך אָרשא?

— פאר וואס־זשע האסט דוא געזאגט דעם העררן פיין, אז דוא ווייסט ניט וואוהין זיא איז געפאהרען?

— איך האב איהם געמוזט אזוי זאגען. דען ווען ער זאל וויסען אז זיא איז געפאהרען נאך אָרשא, וואָלט ער געוויס אויך אהין געפאהרען, אום נאך אמאָל זיין אייניקעל אומצוארמען. דערפון וואָלט דיא גרעפין פיעללייכט אונאנגעהמליכקייטען געהאט.

— איז דאס ווירקליך וואהר, אז דער גראף דאנילאָוו איז געוועזען ויינער א זאָהן?

— געוויס איז דאס וואהר. לויט ער האט מיר דערצעהלט, איז אין דעם קיין צווייפעל דא אז דאס איז וואהר.

— מערקווירדיג! ווער וואָלט דאס געגלויבט, אז דער גראף אנטאן דאנילאָוו איז געוועזען א אידענס א זאָהן?

— נו, זעהסט דוא דאָך אז אין דער וועלט קען אלעס טרעפען. עס קען זיין, אז אונזער קינד איז יעצט אויך א פרומע קריסטין און ניט איהר, ניט אלע איהרע בעקאנטע פאלט איין דער געדאנק אז זיא איז א אידיש קינד.

— יא — האט סאבינא זיפצענד געענטפערט — אויב זיא לעבט איז זיא געוויס א קריסטין, דען עמא וואָרין איהר אם וואר אויך א פרומע קריסטין. זאג מיר נור, מיכאל, איז שוין קיין האָפנונג דאָ מיר זאָלען אמאל ערפאהרען צו אונזער קינד לעבט?

— עס קען זיין אז מיר וועלען דאס ערפאהרען, ווען מיר וועלען געפינען א שפור פון עמא'ס מאן כריסטאנף וואָרין אדער פון זיין זאָהן סעמיאָן.

— וויא אזוי קענען מיר דיא באנדיטען געפינען?

— דאס זאלסט דוא ניט פרעגען, סאבינא. דוא זעהסט דאך וואס אין דער וועלט קען זיך מאכען, אז א פאטער זאל געפינען זיין זאָהן אין עטליכע און צוואנציג יאהר נאך זיין פערשווינדען, קען דאך זיין אז מיר וועלען נאך אונזער פערלאָרענע טאָכטער אויך געפינען?

— דער הערר ראזענדופט פערלאנגט מיט אייך צו שפרעכען — האט דער דיענער דאס געשפרעך איבערגעשלאגען.

— ראזענדופט? — האט גרינזאנג ערשטוינט געפרעגט — ער זאָל צו מיר קומען? דאס מוז עטוואס בעדייטען. שיק איהם אריין אהער, און דוא, ליעבע סאבינא, געה אריין צו זיך אין צימער, פיעללייכט וויל ער ריידען אזעלכעס וואס דוא דארפסט ניט הערען.

— זייט מיר ווילקאָמען הערר ראָזענדופט! — האט גרינזאנג פריינדליך אויס־געררופען איהם די האנד רייכענד — וויא געהט עס?

— עס געהט בעסער וויא געוואונשען, ליעבער גוטער הערר גרינזאנג, האט היראנים געענטפערט דריקענד גרינזאנג׳ס האנד. איך בין געקומען אייך מיין גוטער ענגעל צו דאנקען פאר דער הילף וואס איהר האט מיר געבראכט. איך מוז אייך זאגען אז איך ווייס ניט וויא אזוי איך זאל אייך מיין דאנקבארקייט אויסדריקען, איהר האט מיט מיר געטהאן אזעלכעס, וואס קיין פאטער, קיין ברודער וואלט דאס אין שטאנדע ניט געוועזען צו טהאן. ערלויבט מיר עדלער מענש איך חאָטש די האנד צו קושען און אייך אומארמען.

— די האנד דארפט איהר מיר ניט קושען הערר ראָזענדופט, איך האב מיט אייך געטהאן דאס וואס יעדער איד דארף טהאן מיט זיין געפאלענעם ברודער.

— יא, — האט היראנים פערשעהמט געענטפערט — איהר האט מיר יעצט בעוויעזען וואס א וואהרער איד איז און וואס פאר א ווערטה אזא מענש האט. איך שעהם מיך פאר זיך זעלבסט ווען איך עראינערע מיך וויא נארריש, וויא דום איך בין געוועזען דאמיט וואס איך האב מיך פון מיין פאלק, פון מיינע וואהרע גוטע פריינדע ערווייטערט. די לעקציאָן וואס איך האב פאר מיין נאררישקייט ערהאלטען האט מיר שוין גענוג די אויגען געעפענט איך זאל זעהן וויא צו האנדלען און וויא צו לעבען אויף דער וועלט.

— אבער דערצעהלט מיר הערר ראָזענדופט, האט אייך די קניאגיניא מעשטשערסקאיא אייער געלד אבגעגעבען?

— יא, זיא האט מיר מיין גאנץ געלד אפגעגעבען, אויך דער פערפלוכטער לאמאנאוו האט מיר מיין גאנץ געלד וואס ער האט ביי מיר גענומען אריינגע־טראגען. איך בין יעצט אבערמאלס רייך און איך בין אין שטאנד צו פערבעסערן די פעהלער וואס איך האב געמאכט. צו אלעם ערשטען נאט אייך אפ אייערע טויזענד רובעל וואס איהר האט מיר אין דער שלעכטער צייט געליהען, אלס פראָ־צענט פאר דעם געלד, גיעב איך אייך פינף טויזענד רובעל איהר זאלט דאס פערטהיילען צו מיינע ארימע ברידער און איך פערזיכערע אייך אז פון היינט אן און ווייטער וועל איך אזוי וויא איהר עדלער הערר גרינזאנג זיך בעמיהען מיט מיין פאָק נור גוטעס צו טהאן. איך מוז זיי נאך ווייזען אז היראנים ראָזענדופט איז א הייסער אידיישער פאַטריאָט.

— זאל אייך גאָט העלפען איהר זאלט אייער ווארט האלטען.

— איך וועל האלטען — האט ראזענדופט מיט פייער געענטפערט, איך וועל קיין מאל פערגעסען די שמיץ וואס איך האב ערהאלטען. זיי האבען אין מיר איבערגעלאזט אזעלכע בלוטיגע צייכענס וואס קענען קיין מאל ניט פערהיילט ווערען. אבער זאגט מיר ליעבער פריינד מיט וואס קען איך אייך אפדיענען פאר אייער ארבייט און פאר די וואלטהאטען וואס איהר האט גענען מיר בעוויזען.

— מיין בעלוינונג האב איך שוין ערהאלטען — האט גרינזאנג שמייכלענד געענטפערט, — דאס וואס עס איז צוגעקומען נאך א יודענפריינד וואס די אידישע

לאנע וועט איהם שטארק אינטערעסירען, איז פאר מיר דיא בעסטע בעלוינונג.

— דאס איז אבער נאך אלץ וועניג, איך וועל זיך פיהלען נענען אייך אימער אלס שולדנער ווען איך וועל אייך פערזענליך ניט אבדיענען.

— איך האב אייך שוין געזאגט הערר ראָזענדופט, אז איך פערלאנג פון אייך קיין זאך ניט. דען וואס קען איך פון אייך פערלאנגען, געלד האב איך גאָט זיי דאנק גענוג, נו, און אנדערע הילפע נעטהיג איך מיך אויך ניט. וואס־זשע קען איך פון אייך פערלאנגען. איך ווינש ניט מעהר איהר זאָלט אייער וואָרט האלטען און זאָלט בעשטענדיג בלייבען א אידישער הייסער פאטריאָט.

— דאס וועל איך אימער בלייבען, איך גיעב אייך נאך א מאל אויף דעם מיין עהרענוואָרט מיט מיין שבועה.

— איך גלויב אייך הערר ראָזענדופט און איך בין פאָלקאָמען צופריעדען. אבער זאגט מיר ליעבער פריינד, וואס הערט זיך מיט אן ערלויבנים דא צו וואוינען, האט איהר דאס שוין בעקומען?

— יא, דער גובערנאטאר אליין האט מיך גערופען צו זיך און האט מיך אונ־צעהליגע מאל איבערגעבעטען ז'ערפאר וואס ער האט מיך אזוי אונארדענטליך בע-האנדעלט. ער האט מיר ערקלערט אז דאס וואר איינפאך א מיספערשטענדניס. איך האב גוט פערשטאנען אז דא איז קיין מיספערשטענדניס געווען, אז איהם האט דיא קניאגיניא מעשצערסקאיא אנגעבעטען ער זאל מיך פון דאנען פעריאגען, נור איך האב מיך ניט וויסענדיג געמאכט און האב זיין ענטשולדיגונג אלס א גוטע מטבע אנגענומען. איך בין יעצט פערטיג צו פערצייהען מיינע גרעסטע פיינדע אלע ייערע פעהלער, אבי איך בין וויא מען זאגט צוריק אויפ'ן פערד.

— נו, און וואס מאכען אייערע לייט? איך מיין אייער ווייב מיט אייער טאָכטער.

— זיי זיינען גאָט זיי דאנק געזונד, דיא שמיץ האט אויף זיי אויך זעהר גוט געווירקט און זיי וועלען אויך פון היינט אן און ווייטער וויסען וויא צו שעצען זייערע אמת'ע ברידער און פערהאסען דיא וואס מאסקירען זיך אלס פאלשע ברידער. זיי האבען אויך געוואָלט קומען צו אייך, זייער דאנקבארקייט אייך אויסדריקען, אבער זיי האבען זיך איינפאך געשעהמט.

— זיי האבען זיך גאר ניט וואס צו שעהמען — האט גרינזאנג נוטמיטהיג געענטפערט — יעדער מענש בעגעהט אין זיין לעבען א פעהלער און וויא באלד נור מען פערשטעהט אז מען האט געטהאן א פעהלער און מען ווארפט איהם אוועק האט מען זיך שוין דאמיט ניט צו שעהמען.

נאך א מאל האט היראנים גרינזאנגען דיא האנד געדריקט. נאך א מאל האט ער איהם בעשאָטען מיט זיינע דאנקען און איז אוועקגעגאנגען העכסט פער־גנינט פון זיין וואהלטהעטערס הויז.

## 209טעם קאפיטעל.

# צווישען לעבען און טוידט.

— עס ברענט! פייער! פייער!

אזוי האט מען געהערט שרייען אין מיטען דער נאכט אין דער גאס וואו גאָלדע דיא טענדלערין האט געוואוינט.

און פון אלע זייטען זיינען געפלויגען מענשען צו דעם הויז וואו דאס פייער האט אויסגעבראכען.

זיילען רויך האבען געשלאגען דורך דיא פענסטער פון זער וואוינונג וואו גאָלדע האט געוואוינט מען האט פון אינווענינ געהערט פירכטערליכע געשרייען פון דיא בעוואוינער דעם הויזעס.

מען איז צונעלאפען צו דער גאס-טהיר, דער איינציגער ארויסגאנג פון דעם הויז, און מען האט דערזעהן אז זיא איז פון דרויסען מיט א גרויסען הענגשלאָס פערשלאָסען.

מען האט באלד פערשטאנען אז א באנדיט האט דאס פייער געמאכט און האט פון דרויסען דיא טהיר צוגעשלאָסען אום קיינער זאל זיך קענען רעטען. אבער עס איז אין דער צייט קיינעם אין זינען ניט געלעגען וועגען דעם לאַנג צו טראכטען, מען האט דעם שלאָס אפגעריסען און בעהערצטע מענשען זיינען אינווענינג אריינגע־לאָפען און האבען פון דאָרט ארויסגעטראגען צום טוידט ערשראקענע פרויען און קליינע קינדער, אויך אהנמעכטיגע מענער.

דיא טהירען פון גאָלדעס וואוינונג זיינען אויך געווען פון דרויסען פערשלאָסען.

מען האט אויך דיא שלעסער אפגעריסען און מען איז אריינגעלאפען אינווענינ.

מען האט געפונען דער אלטער גאָלדען פאסט א דערשטיקטע צווישען קוואלען געדיכטען רויך.

מען האט זיא מיט גרויסער מיה פון דאָרטען ארויסגעטראגען און זיא אין א האָספיטאל אוועקגעפיהרט.

עס זיינען אנגעלאפען דיא פייערלייטע און האבען דיא פלאמען באלד איינ־געלאָשען.

ערשט יעצט האט מען אנגעהויבען צו בעטראכטען וואס דא איז געווען און מען האט געפונען אלע צייכענס פון בראנד-שטיפטונג. מען האט דערקענט אז א מערדער יונג האט ביי גאָלדען אין הויז פייער געמאכט און האט דאסיר געזאָרגט זיא זאָל פערברענט ווערען.

אבער ווער דער מערדער יונג איז? דאס האט מען ניט געקענט ערפאהרען. דען גאָלדע איז געלעגען בעזינונגסלאָז און האט אייך וואָרט ניט געקענט אויסריידען, און קיין אנדערע מענשען זיינען געווען וואס זאלען קענען זייער מיינונג וועגען דעם זאגען.

מען האט געמאכט אן אונטערזוכונג און מען האט געפונען נעבען דער טהיר פון גאָלדע'ס וואוינונג א האנדשוה פון א מאנספערזאָן.

דאס וואר אן עלעגאנטע האנדשוה און מען האט פערשטאנען אז דער בראנדשטיפטער איז א פראנט פון דער לעצטער מאָדע.

— אבער ווער איז ער? וואו זוכט מען איהם.

מען האט אנגעהויבען נאכצופארשען ווער האט נאך געוואוינט ביי גאָלדען אין דער וואוינונג און דיא בעוואוינער פון דעם הויז האבען דערצעהלט אז ביי איהר אין א צימער וואוינט א יונגער מאן.

דער דוואָרניק פון דעם הויז האט אנגעגעבען דעם נאמען פון דעם יונגען מאן אלס סימאָן גריץ.

דער סימאָן גריץ איז וויא עס שיינט אין דער צייט פון דעם בראנד ניט געוועזען אין דעם הויז, דען מען האט איהם נירגענד געפונען, דיא פאליציי איז דארום בע־אויפטראגט געוואָרען צו זוכען דעם מאָרדער.

אבער מען האט איהם פערשפּאָרט צו זוכען, דען ער איז אליין געקומען צו פליהען וויא אן אבגעבריהטער צו גאָלדעס וואוינונג און האט אויסגעזעהן שטארק פערצווייפעלט פון דער נאכריכט, אז אלע זיינע זאכען און געטהינע פאפירען וואס זיינען אין גאָלדעס וואוינונג געוועזען, זיינען פערברענט געוואָרען.

מען האט דעם בחור באלד גענומען אויף א פערהער און ער האט דערצעהלט אז ער האט דיא נאכט גענעכטיגט ביי זיינעם א גוטען פריינד ביי וועלכען ער איז ביז נאך האלבע נאכט געזעסען און דארום האט מען איהם איינגעלאדען ער זאל דאָרט נעכטיגען.

מען האט געשיקט פרעגען אין דעם הויז וואו נאך זיין אנגאבע האט ער גע־נעכטיגט און מען האט דאָרט בעשטעטיגט זיינע ווערטער. מען האט זאגאר אנגע־וויזען דאס צימער וואו ער האט גענעכטיגט.

מען האט זיך צו גריצען ניט געקענט טשעפּען און מען האט אנגעהויבען צו זוכען דעם בראנדשטיפטער ערגעץ אנדערש.

גריץ האט, וויא עס האט אויסגעזעהן, זיך שטארק געקימערט וועגען דעם וואס זיין ליעבע ווירטהין געפינט זיך אין אזא טרויעריגער לאגע. ער האט זיא בע־זוכט אין האָספּיטאל און האט געוויינט געבען איהר בעט מיט ביטערע טרעהרען, ער האט דערצעהלט אז זיא איז אימער צו איהם געוועזען גוט וויא א צערטליכע מוטער און ער האט זיא געליעבט וויא א גוטער געטרייער זאהן.

דער דאקטאר פון האָספּיטאל האט איהם געטרייסט און האט געזאגט, אז עס איז דא א האָפנונג זיא זאל נאך לעבען. גריץ האט זיך געמאכט וויא דער בע־ריכט האט איהם דערפרעהט, אבער דיא ווערטער האבען וויא ניפּטינע פּפיילען זיין הערץ געלעכערט. ער וואָלט דוכט זיך א האלב לעבען אפּגעגעבען אבי גאָלדעס לעבען זאל זיך ענדיגען.

— דוכט זיך אז קיינער האט בעמערקט וויא איך האב נאך האלבע נאכט מיין שלאָף־צימער פערלאזען און בין געלאָפען צו גאָלדע'ס וואוינונג — האט ער זיך געקלערט — קיינער האט געזעהן וויא איך האב מיט דעם שליסעל וואס ליעגט ביי מיר איז טאש געעפענט דיא טהיר פון גאָלדע'ס וואוינונג אלס זיא איז געשלאפען

אַה האב אין מיין צימער א פייער געמאכט. ווענען דעם דארף איך מיך נאר ניט שרעקען, אבער איך ציטער פאר אן אנדער זאך, פיעללייכט ווערט דיא פערפלוכטע גאָלדע געזונד, דאן וועט זיא אבערמאלס אנהייבען פון מיר צו רייסען געלד.

ער האט אבער א גרויסען אירטהום געהאט, דערמיט וואס ער האט געגלויבט אז פון דער בראנדשטיפטונג וועט ער ארויס ריין און אויף איהם ליענט שוין קיין פערדאכט מעהר. איינער פון דיא געהיים־פאָליציסטען וועלכער האט דיא געפונענע האנדשוה געהאלטען ביי זיך האט דערזעהענדיג גריץ׳ס האנד פערשטאַנען אז דיא האנדשוה פאסט צו זיין האנד און ער האט זיך בעשלאָסען אין דער שטיל נאָכ־פאָרשונגען צו מאכען ביז דיא וואהרהייט וועט ארויס־שווימען פון אויבען....

800טעס קאפיטעל.

## אַ שפּאַנעל נייע חתונה.

שטארק אויפגערעגט איז בת־שבע אהיים געלאָפען. זיא האט געוואוסט אז זיא האט יעצט אזא זיגדע בעגאנגען, וואס דערפאר קומט א גרויסע שטראפע. איהר געוויסען וואר ריין און איהר ראבע־געפיהל בעפריעדיגט. נור וויא אזוי ענטגעהט מען דיא שטראפע וואס איהר ערווארטעט?

זעהר אונרוהיג האט זיא קומענדיג אהיים זיך א ווארף געטהאן אויף א שטוהל און האט זיך פערטיעפט אין געדאנקען. זיא וואר בעשלאָסען אויך יעצט, אינ׳ם פאל ווען זיא וועט אין אן אונגליק ארייגפאלען זיך ווענדען צו דעם גראַס־פירסט ער זאל זיא רעטען אדער נאר פון דאנען אוועקצופאהרען.

א קלונג אין דער טהיר־גלאָקע האט זיא ערציטערט זיא האט געמיינט, אז דאס קומט מען שוין איהר צו פערהאפטען.

זיא איז אבער באלד רוהיגער געווארען אלס איהר דינסטמעדכען האט איהר געמעלדעט אז דער העדר קראַנענשטיין מיט נאך א יונגען מאן זיינען געקומען און ווינשען מיט איהר צו שפרעכען.

זיא האט גלייך געהייסען זיי ארייננלאָזען.

צו איהר אין זאל איז אריינגעקומען קראַנענשטיין מיט א יונגען מאן פון אונגעפעהר פינף און צוואנציג יאהר. דאס וואר א הויכער שלאנקער יונג מיט שווארצע לאנגע האאר און מיט בליצענדע פייערינע שעהנע אויגען.

קראַנענשטיין האט צערטליך בת־שבע׳ן דיא האנד געדריקט און האט גע-זאגט:

— איך האב אייך געבראכט א גאסט, ליעבע בת־שבע. דער יונגער מאן איז מיין זעלינער פרוי׳ס א קוזין. דאס איז דער געמליבער וואס איך האב שוין מיט אייך איינינע מאל גערעדט ווענען איהם, זיין נאמען איז לעאָפּאָלד פריער. ער איז א סטודענט פון דעם יורידיצעסקען פאקולטעט.

— זעהר אנגענעהם — האט בת־שבע געענטפערט רייכענד דעם סטודענט דיא האנד — זיצט, מיינע העררען.

דיא העררען האבען זיך געזעטצט און האבען אנגעהויבען צו ריידען פון פער־

שיעדענע געגענדשטענדע. אַבוואָהל בת-שבע האָט זיך בעמיהט צייגען אַ רוהיגע מינע, האָט דאָך קראַנענשטיין בעמערקט אַז זי איז זעהר אונרוהיג.

— איך דערקען אָן אייך, בת-שבע, אַז איהר זייט יעצט זעהר אויפגערעגט— האָט ער געזאָגט.

— יאָ—האָט זי געענטפערט — עס האָט זיך מיר יעצט געמאַכט אַזאַ פאַל, וואָס האָט מיין גאַנצעס בלוט אויפגעקאָכט.

— דאַרף איך פרעגען, וואָס דאָס איז פאַר אַ פאַל?

— דאָס איז ניט נעטהיג אייך צו וויסען, נור... יאָ, איהר, הערר פריעד, ווי איך הער, זייט אַ סטודענט פון דעם יוריסטישען פאַקולטעט, ניט וואהר?

— יאָ—האָט פריעד געענטפערט.

— מוזט איהר דאָך געוויס וויסען דעם זאַקאָן, וואָס עס קומט דעם הערצלאָזען מאַן, וועלכער פערשלעפּט אָן אונשולדיג מעדכען אין אַ בלאָטע?

— דערפאַר קומט אַ געוויסע שטראַפע—האָט פריעד געענטפערט.

— ווי איז אָבער, ווען דאָס מעדכען האָט זיך אויף דער שטראַפע פון דעם געריכט ניט געקענט ערוואַרטען און האָט דעם אונמענשען אַליין בעשטראָפט?

— האָט זי זעהר גלייך געטהאָן—האָט פריעד לאַכענד געענטפערט.

— נו, און איהר קומט קיין שטראַפע דערפאַר וואָס זי איז אַליין געווען דעם פערברעכער'ס ריכטער?

— דאָס ווענדעט זיך אָן דעם, וואָס זי האָט איהם געטהאָן.

— זי האָט איהם שוין אַ גוטע שטראַפע אויסגעקליעבען. נעמליך, זי האָט איהם וויטריאָל אין געזיכט אריינגעגאָסען און האָט איהם דאָס געזיכט אַזוי פערברענט, דאָס ער וועט בלייבען איינער פון די העסליכסטע מענשען אין דער וועלט, עס קען אויך זיין, אַז ער איז אָהן אויגען געבליעבען.

— דאָס איז צופיעל—האָט פריעד געזאָגט—זי קען פאַר אַזאַ זאַך זעהר שווער ליידען.

— און עס וועט ניט העלפען, דאָס וואָס זי וועט פאַקטיש בעווייזען, אַז דיעזער אונמענש האָט זי פון גלייכען וועג אַראָפּגעפיהרט, ער האָט איהר פערשפּראָכען אויך געשוואָרען, אַז ער וועט זי הייראַטהען, דאַדורך האָט ער איהר עהרע בערויבט און האָט זי נאכהער איבערגעלאָזט אין גרעסטען נויטה און עלענד?

— ווען זי וועט דאָס, ווי איהר זאָגט, פאַקטיש בעווייזען, קען זיין אַז מען וועט זי אָדער גאָר ניט בעשטראָפען, אָדער זי וועט אַ קליינע שטראַפע ערהאַלטען. וואו איז יעצט די העלדין, וואָס האָט אויף אַזאַ אַרט און וויַיזע פון איהר פערפיהרער ראַכע גענומען?

— די העלדין זיצט יעצט פאַר אייך, מיינע פריינדע—האָט בת-שבע שמייכלענד געענטפערט.

— וואָס? איהר האָט אַזאַ זאַך געטהאָן?—האָבען ביידע, קראַנענשטיין מיט פריעד'ן אויסגערופען.

— יא, מיינע העררען, דאס בין איך אליין.

— ווען האט איהר די שרעקליכע ראכע אויסגעפיהרט?—האט פריעד גע-פרעגט.

— ניט מעהר, ווי מיט א שטונדע צוריק. איך מוז אייך די וואהרהייט גע-שטעהן, אז איך ציטער יעדע מינוט פון דער פאליצע איבערגעפאלען צו ווערען. דען ביז מען וועט ערפאהרען די אורזאכע, ווארום איך האב אזא זאך געטהאן, וועט מיך דערווייל פערהאפטען און אין געפענגניס שליידערן.

— אויב אזוי, איז מיין ראטה איהר זאלט שוין אוועקפאהרען פון דאנען—האט פריעד געראטהען.

— איך האב דאס אליין אויך געקלעהרט. אבער איך מוז אייך די וואהרהייט זאגען, אז איך וויים ניט וואוהין צו פאהרען.

— איהר קענט שוין פאהרען אין דער דאצשע, וועגען וועלכער מיר האבען גערעדט—האט קראנענשטיין געזאגט—איך וועל אייך געבען א בריעף צו מיין עקאנאם וואס זיצט דארט און ער וועט אייך מיט דער גרעסטער ערגעבענהייט אין פריינדשאפט עמפפאנגען.. אין א פאאר וואכען ארום וועט צו אייך קומען מיין שוויעגערמוטער און איהר ביידע וועט שוין דארט פערבלייבען דעם גאנצען זומער.

— זעהר גוט, הערר קראנענשטיין, איך פאהר באלד אוועק אהין. זייט אזוי פריינדליך און שרייבט אן דעם בריעף.

זי האט איהם געגעבען טינט, פעדער און פאפיער. ער האט זיך געזעצט, האט א בריעף אנגעשריעבען און האט עס איהר אפגעגעבען מיט די ווערטער:

— יעצט קענט איהר פאהרען אהין, ווי צו זיך אין דער היים.

— מיר וועלען אייך העלפען אייערע זאכען איינפאקען—האט פריעד געזאגט.

— דאס איז שוין צופיעל מיהע פאר אייך—האט בת-שבע מיט איהר זאנפ-טען שמייכעל געזאגט.

— קוקט יעצט ניט אויף אזעלכע זאכען—האט קראנענשטיין געענטפערט—גיט אונז אייערע זאכען, מיר וועלען דאס אייך אין איין אויגענבליק איינפאקען. מיר וועלען אייך אויך צום וואקזאל בעגלייטען און איהר וועט פאהרען געזונ-טערהייט.

— ווען איהר ווילט דאס דורכאויס, נעהם איך אייער הילפע מיט דער גרעס-טער דאנקבארקייט אן —האט בת-שבע געענטפערט.

די ביידע העררען האבען זיך באלד גענומען צו בת-שבע׳ס זאכען. עס האט לאנג ניט געדויערט, איז אלעס געווען פערפאקט. מען האט צוגערופען אן איז-וואזשציק. באלד זיינען אלע איינגעפאקטע זאכען געלעגען אויף׳ן וואגען און אלע דריי זיינען אוועקגעפאהרען צום וואקזאל.

אלס זיי זיינען אין וואקזאל אריינגעקומען, האט יעמאנד אויסגערופען:

— פריילין ראזענהוט?

בת-שבע האט זיך אומגעקוקט און האט דערזעהן גרינזאנג׳ן.

ער האט איהר זעהר פריינדליך די האנד גערייכט און האט געזאגט :

— איהר זייט די גאַנצע צייט געווען אין מאָסקוואַ?

— יאַ, הערר גרינזאַנג.

— און איך האָב אייך די גאַנצע צייט ניט געזעהן?

— דאָס איז קיין וואונדער—האָט זי געענטפערט—דען אונזערעביידענס געשעפטען האָבען זיך געענדיגט און עס איז ניט געווען וועגען וואָס צו אייך צו קומען.

— מען מוז אַלץ קומען וועגען געשעפטען? איהר האָט בעדאַרפט צו אונז אַריינקומען איינפאַך אַלס צו גוטע פריינד.

— עס איז פיעללייכט פון מיינער זייטע געווען אַ שטיקעל פעהלער, וואָס איך האָב אייך ניט בעזוכט, נור עס איז שוין פאַרפאַלען. איך בין יעצט זעהר צופריעדען, וואָס איך זעה אייך, און קען אייך לעב-וואָהל זאָגען.

— איהר פאָהרט אוועק?

— יאַ, דאָ וועל איך אייך בעקאַנט מאַכען מיט מיין אָנקעל איליא קראָנענשטיין און מיט זיינעם אַ פערוואַנדטען לעאָפּאָלד פריעד.

— איליא קראָנענשטיין?—האָט גרינזאַנג פערוואונדערט אויסגערופען—האָב איך די עהרע צו שפּרעכען מיט דעם צוקער-פאַבריקאַנט קראָנענשטיין?

— יאַ—האָט קראָנענשטיין געענטפערט.

— זעהר אַנגענעהם — האָט גרינזאַנג געזאָגט איהם די האַנד רייכענד— אייער נאָמען האָב איך שוין פיעלע מאָל געהערט. געוויס איז מיין נאָמען, מיכאל גרינזאַנג, אייך אויך ניט אונבעקאַנט?

— אייער נאָמען איז מיר זעהר גוט בעקאַנט — האָט קראָנענשטיין געענטפערט—און מיך פרעהט זעהר די געלעגענהייט צו האָבען מיט אייך פערזענליך בעקאַנט צו ווערען.

— און איהר זייט פריילין ראָזענהוט'ס אָן אָנקעל?—האָט גרינזאַנג געפרעגט זעהר ערשטוינט, דען ער האָט ניט פערגעסען, דאָס, וואָס בת-שבע האָט איהם ערצעהלט, אַז זי ווייס ניט וואו איהרע עלטערען זיינען, און ווי באַלד מען קען ניט די אייגענע עלטערען, האָט מען אויך קיין אָנקעל.

— יאַ, הערר גרינזאַנג, איך בין פריילין ראָזענהוט'ס אָן אָנקעל — האָט קראָנענשטיין מיט אַ האַלבען מונד געענטפערט—דאָ פאָהר איך זי בעגלייטען צו איהר אָפּרייזע.

גרינזאַנג האָט מעהר קיינע פראַגען ניט געוואָלט מאַכען און האָט נור מיט אַ שמייכעל געענטפערט:

— איך גלויב, אַז מיין זעגען צו אייער וועג וועט איהר אויך אָננעהמען.

— מיט דער גרעסטער דאַנקבאַרקייט—האָט בת-שבע געענטפערט.

—נו, פאָהרט-זשע געזונד און עמפּפאַנגט מיין דאַנק פאַר די פיעלע דיענסטע וואָס איהר האָט ערצייגט אונזערע ברידער אין אַלגעמיין און דעם אָרענטליכען יאַקאָב פיין אין'ס בעזאָנדערס. איך ווייס אַלעס, פריילין ראָזענהוט. איהר קענט שטאָלץ זיין דערמיט וואָס איהר האָט פיעלע אונגליקליכע רעטונג געבראַכט.

ער האָט איהר הערצליך די האנד געדריקט.

— איהר פאָהרט אויך ערגעץ, הערר גרינזאנג?—האָט בת-שבע געפרעגט אלס ער האָט שוין געוואָלט אוועקגעהן.

— ניין, איך בין נור געקומען זיך זעהן מיט מיינעם א פריינד, וועלכער דארף אָנקומען מיט דעם באלדיגען צוג.

ער האָט אויך אבשיעד גענומען פון קראָנענשטיינען און פריעד'ן און איז אריינגעגאנגען אין דעם בופעט פון דער ערשטער קלאסע.

גרינזאנג'ס ווערטער האָט בת-שבע'ס ווערטה פערדאָפעלט אין די אויגען פון קראָנענשטיינען און פריעד'ן. ווי באלד אז דער בעריהמטער גביר און פילאנטראָפּ גרינזאנג מאכט בת-שבע'ן אזעלכע קאָמפּלימענטען, האָט זי דאָס געוויס פער-דינט.

זיי האָבען באלד פאר איהר געקויפט א בילעט און האָבען זי אריינגעזעצט אין א וואגאָן ערשטער קלאסע.

— ביידע האָבען איהר צום אָבשיעד זעהר צערטליך די האנד געדריקט, נור אלס פריעד האָט איהר האנד געדריקט איז ביי זייביידען דאָס בלוט אריין אין די געזיכטער און יעדער פון זיי האָט אין דער מינוט געפיהלט שפּאנעל נייע געפיהלע.

## 301טעם קאַפּיטעל.

## דער אָנפאנג פון דער ענדע.

— איין רעטהזעל גרעסער פון דעם צווייטען.

דאָס האָט זיך רעבעקא ראָטהבלום געקלעהרט צוריקקומענד א היים פון גאָלדע'ס שטוב.

וואָס האָט גאָלדע מיר געוואָלט זאָגען דאמאָלס אז זי איז צו מיר געקומען און ווי קומט יענע מעדכען, וועלכע האָט מיר דערצעהלט, ווי אונגליקליך יאקאָב פיין האָט זי געמאכט, צו גריצען. זי האָט אויך איהם געפרעגט און איז אזוי היימיש צו איהם אין צימער אריינגעקומען, ווי צו אן אלטען גוטען בעקאנטען.

לאנג האָט זי זיך געבראָכען דעם קאָפּ קלעהרענדיג, וואָס דאָס אלעס בעדייט. בעזאָנדערס האָט איהר געוואונדערט, דאָס וואָס יענעם מעדכען איז ערציטערט געוואָרען אלס זי האָט זי (רעבעקא'ן) דערקענט, עס האָט אויסגעזעהן, ווי זי וויל עפּעס זאָגען און דאָך האָט זי זיך אָפּגעהאלטען.

נור קלעהר היינט, קלעהר מאָרגען, מען האָט גאָר ניט געקענט ערקלעהרען. אין איהר קאָפּ האָבען זיך יא געטומעלט פערשיעדענע געדאנקען, אָבער אָהן אָן אָרדנונג; זי האָט יא עטוואָס פערשטאנען, אָבער ניט דייטליך.

זי איז דעם גאנצען טאָג געזעסען ווי צודולט; אויך ביי נאכט האָט זי קיין רוהע געהאָט. זי האָט פאסט די גאנצע נאכט ניט געקענט שלאָפען און האָט אלץ געקלעהרט, וואָס פאר א געהיימניס דאָ שטעקט צווישען גריץ'ן מיט גאָלדען און יענער מעדכען?

אלס זי איז אויף מארגען שפעט אויפגעשטאנען און האט געוואלט אריינ-געהן אין טהעע־זאאל, האט איהר דאס דיענסטמעדכען, וועלכע האט איהר פריש וואסער אריינגעטראגען, דערצעהלט, אז דער פראקוראר מאוריקי קאפוסטניקאוו זיצט ביי איהר פאטער אין צימער און ווארט אויף דעם באנקיר, וועלכען מען האט געשיקט רופען פון דער באנק.

זי האט זיך דערמאהנט, אז זי האט יאקאב'ן פערשפראכען פון דעם פראקו-ראר אויסצופארשען, ווער עס האט איהם אין יענעם קבר אריינגעווארפען, וואו ער האט אזא לאנגע צייט געשמאכטעט.

שנעל האט זי זיך אנגעצויגען און איז אריינגעגאנגען אין דעם צימער, וואו דער פראקוראר איז געזעסען, זי האט איהם דארט נאך געטראפען. ער איז געזע-סען מיט א ציגאר אין מונד פערטיעפט אין געדאנקען.

אויף דעם גוט-מארגען, וואס זי האט איהם געגעבען, האט ער איהר זעהר פריינדליך געענטפערט און דריקענד איהר האנד האט ער זיך ערקונדיגט נאך איהר וואהל-זיין.

— איך בין א דאנק גאט געזונד—האט זי געענטפערט—וואס מאכט איהר, הערר פראקוראר? איך האב אייך שוין לאנג ניט געזעהן.

— דאס איז אלץ דערפאר, וואס איך וואר זעהר בעשעפטיגט—האט ער גע-ענטפערט—פון די פערברעכער וויל גאר קיין ענדע נעהמען. אין געגענטהייל, פון טאג צו טאג ווערט זייער צאהל גרעסער און שטארקער. איך וואלט הייטע אויך ניט געקומען, ווען א נויטהווענדיגע זאך זאל מיך ניט געוועזן טרייבען אהער צו אייער פאטער. איך קען מיט איהם וועגען דעם ניט ריידען ביי איהם אין געשעפט, דארום בין איך געקומען אהער און האב איהם געשיקט בעטען ער זאל קומען אהער.

אזא וויכטיגע זאך האט איהר דאס צו איהם ?

— יא, איך גלויב אבער, אז איך קען מיך מיט דער זאך אויך צו אייך ווענ-דען. איהר קענט מיר אויך וועגען דעם אויסקינפטע געבען.

— אויב עס וועט נור מעגליך זיין, וועל איך אייך געוויס אויסקינפטע געבען וועגען דעם וואס איהר וועט מיך פרעגען.

— דאס וואס איך וויל אייך פרעגען, איז אייגענטליך ניט מיין זאך — האט דער פראקוראר נאך א קורצעס נאכדענקען געזאגט—דאס געהערט נאר צום סליע-דאוואטעל, דאך בין איך דעם שטארק פעראינטערעסירט. איך בין געקומען אלס פריוואט-מאן, וועגען א וויכטיגער זאך נאכצופארשען. איז אייך בעקאנט דער נא-מען סימאן גריץ?

— יא—האט רעבעקא געענטפערט און איז רויטה געווארען.

— ער איז ביי אייער פאטער א בוכהאלטער ?

— ער איז דאס געווען.

— געוועזן? נו, און הייטע?

— הייטע דארף ער די שטעלע ניט, וויל ער איז אליין זעהר רייך געווארען.

— פון וואנען האט זיך צו איהם גענומען רייכטהום ?

— זיינער אן אנקעל א מיליאנער איז געשטארבען אין קאליפארניע און האט איהם זיין גאנצעס פערמעגען איבערגעלאזט.

— אזוי ?

— יא, הערר פראקוראר.

— וואס איז ער אזוי פאר א מענש ?

—מיין פאטער זאגט, אז ער איז אן ארענטליכער מאן.

דער פראקוראר האט זיך פערטיעפט אין געדאנקען.

— דארף איך פרעגען, ווארום איהר פרענט זיך אזוי נאך וועגען דיעזען יונגען מאן?—האט רעבעקא ענדליך דעם שוויינען איבערגעריסען.

— איך קען דאס אייך אלעס ערקלעהרען. פערגאנגענע נאכט האט א פייער אויסגעבראכען אין דעם הויז, וואו דער הערר גריץ האט געוואוינט. זיין הויז-וויר-טהין האט שלימע בראנד-וואונדען בעקומען און זי ליגט בעזינונגסלאז אין האספי-טאל. אויך די איבעריגע איינוואוינער פון דעם הויז זיינען ווי דורך א נס פון׳ם טוידט געראטעט געווארען.

— אזא פייער האט דיעזע נאכט ביי גאלדע דער טענדלערין אויסגעבראכען?—האט רעבעקא ערשטוינט געפרעגט.

— יא, זעהר א שרעקליכער פייער, און לויט מיר שיינט, איז דער בראנד-שטיפטער קיין אנדערער, ווי דער הערר גריץ.

רעבעקא איז בלאס געווארען און האט דעם פראקוראר ערשראקען אנגעקוקט.

— וואס קוקט איהר מיך אזוי פערוואונדערט אן, פריילין ראטהבלום?—האט דער פראקוראר געפרעגט.

— מיר גלויבט זיך ניט, אז דער הערר גריץ זאל אזא מערדעריי טהאן.

— עס קען זיין, אז איך האב אן אירטהום. אבער זאגט מיר, פריילין ראטה-בלום, ער קומט אפט אריין צו אייך?

— יא, פאסט יעדען טאג.

— אזוי? ער קומט אהער יעדען טאג, מוזט איהר דאך געווים בעקאנט זיין מיט זיינע קליידער און מיט די איבעריגע זאכען, וואס ער טראגט אויף זיך?

— מיר שיינט, אז איך בין מיט זיי בעקאנט.

— זיינען אייך אויך זיינע האנדשוה בעקאנט ?

— יא.

— קענט איהר מיר ניט זאגען, וואס פיר א פארב זיי האבען?

— זיי האבען אן אש קאליער.

— דאס האב איך ערווארטעט פון אייך צו הערען — האט דער פראקוראר געזאגט און האט ארויסגענומען פון דער טאש א האנדשוה.

— איז דאס ניט גריץ׳ס א האנדשוה?—האט ער געפרעגט.

— צו איז דאָס זיינס צו ניט, ווייס איך ניט — האָט רעבעקא געענט-פערט אָבער אז ער טראָגט אזעלכע, דאָס ווייס איך בעשטימט.

— איך דאַנק אייך זעהר, פריילין ראָטהבלום, פאר דעם ריכטיגען אנט-וואָרט וואָס איהר האָט מיר געגעבען — האָט דער פּראָקוראָר געזאָגט רייכענד רע-בעקאַ'ן די האַנד.

— דאָס האָט קיין דאַנק ווערטה — האָט רעבעקא געזאָגט — אָבער איך גלויב, הערר פּראָקוראָר, אז נאָכדעם וואָס איך האָב אייער פראַגע בעאַנטוואָרטעט, האָב איך אויך דאָס רעכט איהנען אַ פראַגע צו שטעלען.

— יאַ, פריילין ראָטהבלום, איהר האָט פאָלקאָמען דאָס רעכט מיך צו פרע-גען וואָס איהר ווילט און איך פערשפּרעך אייך אייער פראַגע ריכטיג צו בעאַנט-וואָרטען.

— איהר מוזט נאָך געדענקען, הערר פּראָקוראָר דעם פּראָצעס וואָס אַ גע-וויסער יאַקאָב פיין האָט אויף זיך געהאַט ?

— איהם מיינט דעם הערר פיין, וועלכער וואר בעשולדיגט אז ער האָט ער-מאָרדעט וואַהרהאַפטיג'ן?

— יאַ, דעם מיין איך.

— אַנטקעגען וואָס פרעגט איהר דאָס?

— באַלד ווי מען האָט דעם מענשען ארעטירט—האָט רעבעקא געענט-פערט—האָב איך שוין געוואוסט אז די בעשולדיגונג איז פאַלש, דען איך קען דעם הערר פיין אַלס איינעם פון די אָרענטליכסטע מענשען אין דער וועלט און עס האָט זיך ווירקליך אויסגעלאָזט אז ער איז אונשולדיג ווי אַ קינד.

— יאַ, זיין אונשולד האָט זיך דייטליך ענטדעקט.

— איך האָב מיך, די גאַנצע צייט וואָס ער איז אין געפענגניס געזעסען, גע-וואונדערט אויף דעם, ווי קומט דאָס וואָס אזאַ אָרענטליכער מאַן זאָל אין אזאַ שרעקליכען פערברעכען בעשולדיגט ווערען? איך האָב פערשטאַנען, אז שלעכטע פערדאָרבענע מענשען האָבען פאר איהם אַ קבר געגראָבען, דארום בין איך זעהר נייגיעריג צו וויסען ווער איז די פערפלוכטע פערזאָן, וואָס האָט געוואָגט אזאַ ענגעל אַלס מערדער צו פערקלאָגען?

— איהר ווילט דאָס שטאַרק וויסען?—האָט דער פּראָקוראָר געלאַכט.

— איך בין אויף דער העכסטער שטופע נייגעריג.

— איך האָב אייך איין מאָל פערשפּראָכען אייער פראַגע ריכטיג צו בעאַנט-וואָרטען און מיין וואָרט מוז איך האַלטען. דער מענש וואָס האָט דעם הערר פיין אַלס מערדער אָנגעקלאָגט איז אייך זעהר גוט בעקאַנט.

— ער איז מיר בעקאַנט?—האָט רעבעקא ערשטוינט געפרעגט.

— יאַ, איהר קענט איהם זעהר גוט—האָט דער פּראָקוראָר שמייכלענד גע-ענטפערט.

— ווער-זשע איז ער ?

— דאָס איז דער זעלבער וואָס די האַנדשוה געהערט צו איהם.

— ווער? סימאָן גריץ? — האָט רעבעקאַ אויסגערופען און איז בלאַס געוואָרען ווי דער טוידט.

— וואָרום האָט איהר זיך אזוי דערשראָקען, פריילין ראָטהבלום?

— סימאָן גריץ האָט דאָס דעם אָרענטליכען פיין אזא בלוטיגע חתונה אויפגעשפיעלט?

יא, פריילין ראָטהבלום. נור ער.

— מיין גאָט! וואָס פאר א געפעהרליכער טייפעל דער גריץ איז! — האָט רעבעקאַ א געשריי געטהאָן — וואָס האָט ער געהאט צו יאקאָב'ן?

— דאָס קענט איהר איהם פרעגען, דען איך בין ניט אין שטאנד די פראגע צו בעאנטוואָרטען.

— אָבער הערר פראָקוראָר, איז אין רוסלאנד ערלויבט א מענשען אין א מאָרדטהאט צו בעשולדיגען און אונבעשטראָפט צו בלייבען?

— גריץ האָט די בעשולדיגונג זעהר בערעכענט און קלוג אָבגעארבייט, זאָ דאָס מען קען איהם דערפאר ניט בעשטראָפען — האָט דער פראָקוראָר געענטפערט דען ער האָט דערצעהלט אזא פאקט וואָס מען קען איהם ניט אָפלייקענען, נעהמליך אז יאקאָב פיין איז מיט אן אָבענד בעפאָר דער מאָרד איז געשעהן געוועזען ביי וואָהרהאפטיג'ן אין הויז. דאָס אליין איז גענוג געוועזען אויף פיינען זאָל פאלען דער פערדאכט פאר וועלכען ער איז געזעסען אין געפענגניס. נאָכהער האָבען זיך מיט זיין ארעסט בענוצט די ווירקליכע מערדער אום די גאנצע שולד אויף דיעזען העררן פיין צו ווארפען אום אויף זיי זאָל קיין פערדאכט פאלען. דערווייל האָט דער אָרענטליכער מאן אומזאָנסט געליטען און זיין אָנקלעגער איז געבליבען ריין און אונשולדיג.

— דאָס איז אָבער אונערהערט! — האָט רעבעקאַ צאָרניג געזאָגט, גריץ האָט האָט דערפאר די גרעסטע שרעקליכסטע שטראפע פערדיענט.

— די שטראפע וועט באלד קומען — האָט דער פראָקוראָר מיט א רוהיגער מינע געענטפערט — מען מוז גלויבען אז דאָרט וואו די גערעכטיגקייט אליין האָט קיין קראפט די פערברעכער צו בעשטראָפען מישט זיך גאָט אליין אריין און פיהרט דעם שורקע צום אָבגרונד.

— וועט גריץ יא בעשטראָפט ווערען?

— פרעגט גאָר ניט. ער וועט נאָך הייטע געהן אהין וואו דער אונשולדיגער יאקאָב פיין האָט אזא לאנגע צייט געשמאכטעט. יעצט פריילין ראָטהבלום געפין איך פאר איבעריג אויף אייער פאָטער צו ווארטען, דען דאָס וואָס איך האָב בעדארפט פון איהם ערפאהרען האָב איך געהערט פון אייך, איך גיעב אייך דערפאר מיין איינינגסטען דאנק און זאָג אייך: אדיע צום ווידערזעהען.

ער האָט זעהר פריינדליך רעבעקאַ'ס האנד געדריקט און איז אוועקגעגאנגען.

רעבעקאַ איז געבליעבען ווי צודולט זיצען אויף איהר אָרט. די אונערוואַרטעטע ענטדעקונג האָט זי אזוי איבערראשט, דאָס זי האָט א לאנגע צייט ניט געקענט צו זיך קומען.

— גריץ האָט דאָס געמאַכט אויף יאַקאָב'ן דעם בלבול אַז ער האָט וואהר-האפטיג'ן ערמאָרדעט? צוליעב גריץ'ן האָט דער גוטער עדלער יאַקאָב געשמאַכ-טעט אין געפענגנגיס און עס האָט ווייט ניט געפעהלט ער זאָל אַלס מערדער פער-אורטהיילט ווערען?

די געדאַנקען האָבען איהר שיער דעם קאָפּ ניט צושפּאַלטען. ענדליך אָבער האָט זי זיך אָנגעהויבען ביסלאַך וויים צו בערוהיגען, איהר קאָפּ איז קלעהרער גע-וואָרען און זי האָט אָנגעהויבען צו פערשטעהן וואָס דאָ טהוט זיך.

— יאָ—האָט זי געשטאַמעלט—גריץ האָט שוין לאַנג געוואָרפען אויף מיר זיינע אויגען און ווייל ער האָט בעמערקט אַז איך בעהאַנדעל יאַקאָב'ן זעהר פריינדליך, האָט ער איהם אַלס זיין קאָנקורענט בעטראַכט און האָט איהם געוואָלט פון וועג אָפּראַמען. דאַרום האָט ער אויף איהם דעם בלבול געמאַכט. עס קען זיין אַז דאָס מערכען, וועלכע האָט מיר דערצעהלט אַ גאַנצע געשיכטע פון יאַקאָב'ן וואר אויך אונטערגעשיקט פון גריץ'ן. דעם בעוויז האָב איך דערפון, וואָס איך האָב אַליין געהערט ווי זי האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף גריץ'ן און אַזוי היימיש צו איהם אין צימער אריינגעגאַנגען.

— דאָס איז שרעקליך!—האָט זי נאָך אַ לאַנגעם נאָכדענקען אויסגערופען— און מיט אַזאַ אויסוואורף דער נאַטור האָט דאָס מיך מיין פאָטער פערבונדען? אַזאַ געשיכטע מוז אַלס אונגלויבליך קלינגען אין די אויערען פון אַלע אנשטענדיגע עהרליכע לייטע. איך מוז דאָס באַלד דערצעהלען מיין פאָטער און זאָל ער זיך שעהמען פאַר זיך אַליין.

## 203טעם קאַפּיטעל.

## די אונגליקליכע קלאָטהילדא.

די לעזער געדענקען געוויס, ווי קלאָטהילדא איז אַרויסגעלאָפען פון גרינ-זאַנג'ס הויז ווי וואַהנזיניג דערזעהענד די גרעפין מאַריאַ, וועלכע זי האָט פאַר טויט געדעכענט. זי איז אַריינגעשפּרונגען אין דעם עקיפּאַזש מיט וועלכען זי איז אַהער געקומען און האָט ווילד אַ געשריי געטהאָן צום קוטשער:

— פאָהר אַהיים, פליה וואָס גיכער!

שנעל ווי די אָדלער זיינען די פערד געפלויגען און אין איינינע מינוטען ארום זיינען זיי שטעהן געבליעבען פאַר איהר הויז.

ניט טויט ניט לעבעדיג איז קלאָטהילדא אריינגעלאָפען אין איהר וואוינונג, איהר אַלטע דינערין האָט מיט דעם ערשטען בליק אויף איהר דערקענט אַז זי איז זעהר דערשראָקען, דאַרום האָט זי צו איהר צוגעלאָפען און האָט געפרעגט:

— וואָס איז מיט דיר מיין קינד?

— אָבער קלאָטהילדא האָט ניט געענטפערט, זי האָט זיך דערשראָקען אומ-געקוקט צום טהיר ווי זי זאָל פירכטען פאַר איינעם וואָס יאָגט זי נאָך.

— קלאָטהילדא, אום גאָטעס ווילען, זאָג דאָך וואָס איז מיט דיר—האָט די געטרייע מאַנדאַליענא ערציטערט אויסגערופען, בעמערקענד ווי ווילד קלאָטהיל-דא קוקט אין אַלע זייטען.

קלאטהילדא איז געפאלען דער אלטער ארום דעם האלז און האט זיך ווי א קליין קינד פערנאנדער געוויינט.

— גרויסער גאט ! — האט די אלטע פערצווייפעלט אויסגערופען — וואס פאר אן אונגליק איז דא געשעהן.

א לאנגע צייט האט קלאטהילדא ניט געענטפערט, זי האט פערגראבען איהר געזיכט אויף מאגדאליענא׳ס ברוסט און האט ביטער געוויינט, ענדליך האט זי דעם קאפ אויפגעהויבען, האט זיך איבערמאלס מיט ציטערענדע בליקען אין אלע זייטען ארומגעקוקט און האט געזאגט:

— מאגדאליענא, פערשליעסט די טהיר!

— פאר וועמען פירכטעסט דו אזוי?

— א, פרעגט ניט און פערשליעסט די טהיר, אבער שטארק, אזוי שטארק, אז קיין טייפעל זאל קענען אהער אריינקומען.

— קיין טייפעל?—האט מאגדאליענא ערשטוינט געפרעגט—צו אונז קומען גאט זיי דאנק קיינע טייפלען.

— זיי זיינען נאך ביז אהער ניט געוועזן, אבער יעצט קענען זיי יעדע מינוט אנקומען.

— וואס רעדסט דו אזעלכע זאכען, מיין קינד, פאר וועלכע טייפלען פירכ-טעסט דו?

— א, מאגדאליענא!—האט קאלטהילדא געענטפערט ציטערענד ביי אלע גליעדער, איך האב זי אליין געזעהן.

— וועמען האסט דו געזעהן?

— איהר... אך ווי שרעקליך.

ביי די ווערטער האט זי מיט ביידע הענד פערמאכט די אויגען, ווי זי זאל פירכטען דאס יענע שרעקליכע ערשיינונג וועט זיך איבערמאלס צו איהר ווייזען.

— יעזוס מאריא!—האט מאגדאליענא געשטאמעלט, און האט זיך אייניגע מאל איבערגע׳צלמ׳ט—וואס פאר אן אונגליק האט דא געטראפען מיט מיין קלאטהילדא׳ן. דערצעהל דאך מיר מיין קינד, וואס האט מיט דיר פאסירט.

— מאגדאליענא—האט קלאטהילדא נאך א לאנגעס שווייגען געפרעגט,— האט איהר א מאל געזעהן א טוידטען מענשען?

— וואס איז דאס פאר א פראגע, איך האב אין מיין לעבען פיעלע טוידטע מענשען געזעהן.

— איך מיין ניט יענע טוידטע, וואס קענען זיך קיין ריהר ניט טהאן, איך פרעג אייך וועגען אזעלכע טוידטע, וואס געהן ארום?

— טוידטע וואס געהן ארום? ווי איז דאס מעגליך א טוידטער מענש זאל ארומגעהן.

— האט איהר קיין מאל ניט געהערט דערצעהלען פון טוידטע, וואס געהן ארום צווישען די לעבעדיגע מענשען.

— יא, מען דערצעהלט, אז ווען א מערדער ערמאָרדעט אַן אונשולדיגען מענשען קומט דעם ערמאָרדעטענס גייסט צו דעם מערדער און פון איהם ראַכע צו נעהמען. אָבער אזוי טוידטע זאָלען ארומגעהן, דאָס איז אונמעגליך.

— און דאָס איז וואהר אז די גייסטער פון די ערמאָרדעטע קומען צו די מערדער אום פון זיי ראַכע צו נעהמען?

— אזוי זאָגט מען, איך האָב גאָט זיי דאַנק קיין מענשען ערמאָרדעט און דארום האָט זיך צו מיר אזא גייסט ניט געוויזען, אָבער איך האָב שוין געהערט פיעלע געשיכטען פון גייסטער, וואָס זיינען געקומען צו מערדער אין דעם געשטאַלט פון לעבעדיגע מענשען און האָבען זיי אזוי לאַנג געקוועלט, ביז די מערדער האָבען אויס פערצווייפלונג זיך זעלבסט ערמאָרדעט. איך פערשטעה אָבער ניט אַנטקעגען וואָס דו פרעגסט דאָס.

— גוטע, זיסע מאגדאליענא—האָט קלאָטהילדא געזאָגט זיך פעסטער צודריקענד צו דער אַלטער'ס ברוסט, קענט איהר מיר ניט זאָגען, וואָס איז א מערדער?

— דו פרעגסט מיך עפּעס היינט זאָנדערבאַרע זאכען, מיין קינד. ווייסט דו ניט וואָס א מערדער איז?

— איך וויים, נור איך וויל הערען פון אייך.

— א מערדער איז דער וואָס טוידטעט א מענשען.

— און ווען איינער רייצט אויף דעם צווייטען ער זאָל טוידטען א מענשען, דער איז ניט קיין מערדער?

— דער איז נור א האַלבער מערדער.

— נו, און צו א האַלבען מערדער קומען אויך די גייסטער?

— אום גאָטעס ווילען, וואָרום פרעגסטו מיך הייטע אזעלכע רעטהזעלהאַפטע פראַגען. פון וואַנען זאָל איך אזעלכע זאכען וויסען, איך בין געלויבט איז די הייליגע יונגפרוי אין מיין לעבען זאָגאַר קיין פיערטעל מערדערין ניט געוועזען.

אין דער מינוט האָט מען אַנגעקלאַפּט אין טהיר.

— מאגדאליענא, רעטעט מיך, דאָס איז זי!—האָט קלאָטהילדא א געשריי געטהאָן זיך אַנהאַפּענד אָן דער אַלטער און איהר געזיכט איז אזש געל געוואָרען פאַר שרעק.

— וועמען מיינסט דו? וועה איז מיר! וואָס איז דאָס הייטע מיט דיר. זאָג פאַר וועמען שרעקסט דו זיך אזוי?

— עפּענט ניט, מאגדאליענא! דאָס איז איהר גייסט—האָט קלאָטהילדא געשטאַמעלט און גרויסע טראָפּענס שוויים האָבען זיך געוויזען אויף איהר שטערען.

— איהר גייסט?—האָט די אַלטע ערשטוינט געפרעגט—זאָג דאָך מיין קינד וועמען מיינסט דו, האָסט דו בעהיטע גאָט, יעמאַנדען ערמאָרדעט?

— אָ, מאגדאליענא, רעטעט מיך!—האָט קלאָטהילדא שטיל געיאָמערט—זי פערפאָלגט מיך, זי יאָגט מיר נאָך.

די קלעפּ אין טהיר איז געוואָרען נאָך שטאַרקער.

— דאָס איז געווים א בריעף-טרעגער אָדער א דעפּעשע ברייננער—האָט

מאנדראליענא געזאגט—איך וועל עפענען די טהיר וועסטו זעהן אז איך האב רעכט.

— ניין! עפענט ניט, איך וועל אייך ניט לאזען—האט קלאטהילדא געברומט האלטענדיג פעסט מאנדראליענא'ס הענד—זי וויל פון מיר ראכע נעהמען. זי זאל מיך שטיקען, שלעפען אין דער העהלע.

— עפענט אויף, עמפפאנגט א טעלעגראמע—האט מען פון יענער זייט טהיר געשריען.

— אהא, זעהסטו אז איך האב רעכט—האט מאנדראליענא טריאומפיהרענד געזאגט.

—קלאטהילדא האט פרייער אפגעאטהעמט און האט דער אלטער אבגעלאזען זי האט ארויסגענומען איהר טאשען-טוך און האט אבגעווישט די שווערע טראפענס שוויים פון איהר שטערען.

— געהט—האט זי געזאגט—געהט עפענט און זעהט פון וועמען איז דאס די טעלעגראמע.

מאנדראליענא האט געעפענט די טהיר און האט ביי דעם דעפעשען-בריינגער א טעלעגראמע פון דער האנד צוגענומען. זי האט עס איבערגעגעבען קלאטהילדא'ן, וועלכע האט זי געעפענט און האט געלעזען פאלגענדע ווערטער :

קלאטהילדא פאן גרילאוו.

דער גראף דאנילאוו געשטארבען אויס פערגיפטונג א פערדאכט אויף אייך. טהאמאס".

אלע גליעדער האבען אויף קלאטהילדא'ן אנגעהויבען נאר אויף דאס ניי צו ציטערען. ערשטענס, האט איהר ערשראקען די נאכריכט דעם גראף'ס טוידט. צווייטענס, האבען די לעצטע ווערטער „א פערדאכט אויף אייך" אויף איהר א שרעקליכען איינדרוק געמאכט.

אייניגע מינוטען איז זי געזעסען ווי פערשטיינערט אויף איהר ארט, ענדליך איז איהר געזיכט הייטערער געווארען און זיך ווענדענד צו מאנדראליענא'ן האט זי געזאגט:

די דעפעשע לויטעט, אז איבער מיר שוועבט א געפאהר פערהאפטעט צו ווערען אלס מערדערין, דאס איז זעהר גלייך. אבוואהל איך בין אין דעם מארד ניט שולדיג, אבער אלס מערדערין האב איך שוין לאנג בעדארפט פערהאפטעט ווערען, דארום בין איך דאמיט זעהר צופריעדען.

נאך אמאל האט זיך מאנדראליענא איבערגע'צלם'ט. היילינגע יונגפרוי!—האט זי אויסגערופען—וואס טהוט זיך דא הייטע, איך הער און זעה אלץ זאנדערבארע זאכען. ווארום זאגסט דו אז מען וועט דיך אלס מערדערין ארעטירען?

אבער קלאטהילדא האט ניט געענטפערט. זי האט בעהאלטען איהר געזיכט אין איהר טאשען-טוך און האט געוויינט מיט א הערצרייסענדער שטימע. זי האט בעוויינט איהר יונגענד פריינדין מאריא, וועלכע איז דורך איהרע אינטריגען אזוי יונג פון לעבענסבלום אבגעפליקט געווארען, זי האט בעוויינט איהר געליעבטען אנ-

טאָן, וואָס צוליעב איהר ליעבע צו איהם איז זי אויף אזא ניעדעריגע שטופע געפאַלען און האט אין דערזעלבער צייט אויך זיך זעלבסט בעוויינט, וואָס זי האט איהר לעבען פערשפיעלט און זי קען ביין גרעסטען גליק — גליקליך ניט זיין.

די אַלטע מאַריאַנאַ האָט געוויינט קוקענדיג אויף איהר, זי האָט געזעהן, אז איהר ליעבע קלאטהילדרא, וועלכע האָט זיך אויף איהרע הענד ערצויגען איז זעהר אונגליקליך, זי האָט גערעכענט איינס פון דיביידע, ענטוועדער זי איז גייסטיג קראַנק, וואָס זי האָט זיך אַזעלכע שרעקליכע זאַכען אין קאָפּ אריינגענומען, אָדער זי האָט ווירקליך אַ גרויסע זינד בעגאַנגען.

אומזאָנס האָט זי אַלע קרעפטען אַנגעווענדעט פון איהר צו ערפאַהרען וואָס מיט איהר האָט פּאַסירט, זי האָט גאָר ניט געקענט ערפאַהרען, קלאַטהילדרא האָט זיך זאָגאַר פּאַר דיעזער איינציגער פריינדין געשעהמט אויסזאָגען דעם פערברעכען וואָס זי האָט בעגאַנגען און זי איז געבליעבען אין דער פערצווייפעלטער לאַגע.

## 303טעס קאַפּיטעל.

## אונערוואַרטעט.

יאַניק איז אויסער זיך פאַר פערדרוס. ביז צום טויט קריינקט איהם דאָס וואָס פון אַלע זיינע האָפנונגען האָט זיך אויסגעלאָזט אַ באַרג אַש און ער האָט פון די אַלע אוצרות, וואָס ער האָט זיך פאַרגעשטעלט, איין קאָפּיקע ניט ערהאַלטען.

ער איז געוועזען שטאַרק אין כעס אויף דעם גראַף דאַנילאָוו און אויף זיין טאַטען דעם זשיד פיין. עס וואָלט מעגליך געוועזען וואָלט ער זיי ביידען אין פייער פערברענט.

— אַ זשיד בלייבט אַ זשיד—האָט ער גע'טענה'עט צו זיין פּיאַדאַסיען— דוכט זיך אַנטאָן האָט זיך ערצויגען אין אַ גראַפיש הויז און איז אליין אויך געוועזען פיעלע יאָהר אַ גראַף און איז דאָך געבליעבען מיט אַ פערדאָרבענעם כאַראַקטער. אַן אַנדערער אויף זיין פּלאַץ וואָלט די נשמה אָבגעגעבען, אבי מען זאָל ניט אויסזאָגען אַזאַ שאַנדע אַז ער שטאַמט פון אידישע עלטערען, און דער פערפלוכטער אַנטאָן האָט זיך גאָר דערפרעהט מיט דער נאַכריכט און האָט מיר איין קאָפּיקע ניט אָנגעבאָטען איך זאָל די געהיימניס בעהאַלטען. פון זיין טאַטען דעם זשיד שלמה'קע איז דאָך גאָר קיין רעדע. אויף איהם איז מיר קיין וואונדער ניט, וואָס ער גיט קיין געלד, דען דאָס איז דאָך אַ בעקאַנטע זאַך, אַז די זשידעם וואָלטען זיך פאַר געלד אויפגעפּפּערט. נור ווי די זאַך איז, דערווייל איז מיר פינסטער און ביטער, איך האָב אומזאָנסט הוצאות געמאַכט אויף פאָהרען נאָך דאַנילאָווקאַ און האָב גאָר ניט אויסגעפיהרט.

— אין דעם ביסט דו אליין שולדיג — האָט פּיאַדאַסיע געענטפערט—איך קען דאָך דיר אַז דו האָסט מאַנכעס מאָל ליעב צופיעל צו ריידען און צוליעב דעם צופיעל ריידען פיהרסט דו קיין מאָל ניט אויס וואָס דו ווילסט.

— דו שיטסט מיר נאָך זאַלץ אויף די וואונדען?—האָט יאַניק צאָרניג גע-

שריען—זאָג, דו הינטעשע טאָכטער, וואָס האָב איך דאָ שלעכטס געטהאָן ? דו זעהסט דאָך אז איך האָב דעם זשיד שלמה'ן גאָר ניט אויסגעזאָגט און ער ווייס נאָך יעצט אויך ניט, אז זיין זאָהן, דער גראַף דאַנילאָוו לעבט.

— אָבער פון וואַנען ווייס ער די געהיימנים, אז דער גראַף דאַנילאָוו איז זיין זאָהן? אויסער אונז ביידען האָט דאָך קיינער ניט געוואוסט?

— זאָל איך אַזוי וויסען פון דיר אין גאַנצען, ווי איך ווייס ווי אַזוי ער האָט דאָס ערפאַהרען.

— זעהסט דו, און איך ווייס דאָס יאָ.

— דו ווייסט? דו ווייסט ווער עס האָט שלמה'קען די געהיימנים ענטדעקט?

— יאָ, איך פערשטעה.

— נו, זאָג-זשע ווער האָט דאָס איהם געקענט ערצעהלען?

— טאקע דו אליין.

— ו-ו-אָ-ס? איך? איך האָב איהם דערצעהלט? דו ביסט אַ אונפערשעהמטע ליגנערין — האָט יאַניק געשריען אויסער זיך פאַר כעס — ווען? זאָג, דו בעסטיע, ווען האָב איך דאָס איהם דערצעהלט? איך האָב דאָך איהם ביז אַהער גאָר אין די אויגען ניט געזעהן?

— דו האָסט אָבער דערצעהלט די געהיימנים אַזאַ מענשען, וועלכער האָט איהם אלעס איבערגעגעבען.

— וואָס פּלוידערסט דו? וועמען האָב איך דאָס דערצעהלט?

— דו האָסט דאָס געמוזט דערצעהלען מאָררים וואַהרהאַפטיג.

— ס'איז אַ ליגען, איך האָב דאָס איהם ניט דערצעהלט. דו ביסט אימער אליין דאַביי געזעסען, ווי ער האָט מיך געקוועלט איך זאָל איהם די געהיימנים ענטדעקען, אָבער איך האָב ביי איהם דערפאַר פיעל געלד געבעטען.

— אין מיין געגענוואָרט האָסט דו איהם גאָר ניט דערצעהלט, ווייל איך האָב דיך אָבגעהאַלטען. דער זשידאָק וואַהרהאַפטיג האָט דיך אָבער געמוזט דערטאַפּען ערגעץ אין אַ שענק און האָט דיך אַזוי אָנגע'שיכור'ט, דאָס דו האָסט דיין קאָפּ פערלאָרען און האָסט אלעס אויסגעפּלוידערט.

— ווען ? ווען האָב איך דאָס איהם דערצעהלט ?

— זאָג מיר די וואַהרהייט, דו ביסט קיין מאָל ניט צוזאַמענקומען מיט וואַהרהאַפטיגען אין אַ שענק אָדער אין אַ ווייַנהויז?

— האָ?—האָט יאַניק נאָכדענקענד געזאָגט—מיר שיינט אז איך בין יאָ איין מאָל מיט איהם געוועזן אין אַ וויינהויז, אָבער איך האָב מיט איהם וועגען דעם ניט גערעדט.

— פון וואַנען זאָלסטו געדענקען, אז דו ביסט געוועזן בערוישט. איך געדענק ווי דו ביסט איין מאָל געקומען אַהיים טויט שיכור און אז איך האָב דיך געפרעגט וואו דו ביסט געוועזן, האָסטו געענטפערט, אז דו ביסט מיט וואַהרהאַפטיגען געוועזן אין אַ שענק. דאָס הערץ האָט מיר באַלד געזאָגט, אז ער האָט ביי דיר פאַר אַ טרונק

בראנדוויין אַלעס אויסגעפּאַרשט. יעצט זעה איך אַז איך האָב קיין אירטהום ניט געהאַט. דען דער זשידאָק וואהרהאפטיג האָט דאָס געוויס דערצעהלט שלמה פיין. דעם בעווייז האָב איך, דאָס וואָס ער האָט אויפגעהערט צו אונז קומען, ער דאַרף שוין ניט קומען, ווייל דאָס וואָס ער האָט געוואָלט וויסען האָט ער שוין ערפאהרען.

— איך ווייס? עס קען זיין אַז דו האָסט רעכט.

— עס קען זיין? ביי דיר איז נאָך אַ צווייפעל צו איך האָב רעכט? איך זאָג דאָך דיר אַז באַלד, ווי איך האָב דיר דערזעהן אַ שיכור'ן און האָב פון דיר דער-הערט אַז מאַררים וואהרהאפטיג האָט דיר פערשלעפּט אין אַ ווייַנהויז, האָב איך שוין פערשטאַנען אַז דו האָסט אַלעס אויסגעפּלוידערט.

— נו, וואָס-זשע טהוט מען יעצט ?

— יעצט איז גאָר ניט דאָ וואָס צו טהאָן, ווייסט דו דען ניט פון דעם גלייכ-וואָרט: אַז ווען אַ נאַר וואַרפט אריין אַ שטיין אין ברונען קענען עס קיין צעהן קלוגע ניט אַרויסנעהמען. עס איז פאַרפאַלען, דו וועסט שוין אין ערגעץ איין קאָפּיקע ניט נעהמען.

— אָבער שלמה מיינט דאָך אַז זיין זוהן איז טוידט און מיר ווייסען דאָך אַז ער לעבט.

— נו, וואָס-זשע קומט אַרויס דערפון, אַז ער וויל קיין געלד געבען פאַר דיין געהיימנים.

— ער וועט געבען, דו וועסט זעהן אַז ער וועט געבען—האָט יאַניק געענט-פערט—איך האָב פערשטאַנען אָן איהם אַז ער וויל יאָ וויסען, וואָס איך האָב איהם צו זאָגען. איך האָב אויך בעמערקט אָן זיין זוהן, וועלכער איז דאָביי געזעסען, אַז ער ברענט איינפאַך אוים נייגיערדע צו ערפאהרען מיין געהיימנים. דו וועסט זעהן פיעדאָרא אַז זיי וועלען נאָך קומען אהער מיך בעטען איך זאָל זיי אַלעס דער-צעהלען.

— אַז מיר וועלען לעבען וועלען מיר זעהן.

מען קען זיך פאָרשטעלען די פריידע פון דעם פּאָאַרל אַלס נאָך אין דעם אָבענד פון יענעם טאָג אין וועלכען יאַניק האָט גערעדט מיט שלמה'ן איז צו איהם אין הויז געקומען יאַקאָב פיין.

יאַניק האָט פערשטאַנען וועגען וואָס יאַקאָב איז געקומען, און ער האָט גע-מאַכט זעהר אַן ערנסטע מינע. ער האָט זיך געמאַכט ווי ער דערקענט איהם ניט און האָט געפרעגט ווער זייט איהר און וועמען בעדאַרפט איהר?

— איהר האָט מיך ניט דערקענט, הערר קאַבאַנאַוו—האָט יאַקאָב געענט-פערט, איך האָב די עהרע געהאַט הייטע אייך צו זעהן ביי אונז אין קוואַרטיר.

— אָה, איך האָב מיך דערמאָהנט, איהר זייט דוכט זיך דער יונגער הערר פיין, ניט וואהר ?

— יאָ הערר קאַבאַנאָוו.

— וואָס ווינשען זיי מיין הערר ?

— וועט איהר מיר ערלויבען זיך צו זעצען, וועל איך אייך-ערקלעהרען דעם ציעל פון מיין קומען צו אייך.

— ביטע זעצט זיך.

יאקאב האט זיך געזעצט, האט פעררויכערט א ציגאר און האט געזאגט:

— מיין פאטער איז א קאפריזנער מענש, דאס מוז איך זעלבסט געשטעהן, ער האט אייך ניט געענטפערט, דאס וואס ער האט אייך בעדארפט ענטפערען, דאס איז אבער קיין וואונדער, אלע עלטערע מענשען זיינען קאפריזנע.

— יא, הערר פיין, איך מוז אייך געשטעהן אז אייער פאטער האט מיך פון געדולד ארויסגעבראכט. איך קום צו איהם מיט א וויכטיגע געהיימניס, וואס האט די ווערטה מיליאנען און ער וויל גאר פון דעם ניט הערען, ווייל עס דארף איהם קאסטען געלד.

— איהר האט אבער הערר קאבאנאוו אביסעל איבערגעכאפט די מאאס, איהר האט א צו גרויסע סומע פערלאנגט.

— איך זאג אבער הערר פיין, אז ווען איהר וועט די געהיימניס הערען וועט איהר אליין געשטעהן אז איך האב נאך צו וועניג פערלאנגט.

— אבער הערר קאבאנאוו, בעפאר א מענש פערלאנגט פון יעמאנדען א סו-מע געלד, דארף ער פריהער אויף זיכער וויסען צו יענער איז אין שטאנד אזא סומע צו געבען.

— אייער פאטער איז דאס אין שטאנד צו געבען, מען זאג אז ער איז זעהר רייך.

— פון דעם וואס מען זאגט זאלט איהר קיין בעווייז נעהמען. עס זיינען דא פיעלע זאכען, וואס מען זאגט אזוי און עס איז פונקט פערקעהרט, איך זאג אייך, א מיין פאטער איז ניט אין שטאנד צו געבען אזא סומע פון עטליכע טויזענד רו-בעל, ווען זאגאר דא זאל זיך האנדלען אום זיין לעבען.

— וויפיעל דען איז ער יא אין שטאנד צו געבען?

— טויזענד רובעל.

— חא, חא, חא!—האט יאניק געלאכט—פאר טויזענד רובעל וויל ער פון מיר ארויסקוועטשען אזא געהיימניס, וואס האט די ווערטה הונדערט טויזענד.

— איהר זייט א מערקווירדיגער מענש, הערר קאבאנאוו, שטעלט אייך צום ביישפיעל פאר, מען ברענגט אייך א טהייערען עדעלשטיין, וואס האט די ווערטה א מיליאן רובעל און מען בעט אייך דערפאר הונדערט, איהר האט אבער זאגאר קיין פופציג ניט, וואס וואלט איהר דאמאלס געטהאן?

— ביי אזא מציאה וואלט איך זיך שוין אן עצה געגעבען וואו הונדערט רו-בעל צו בעקומען.

— ווי איז אבער, ווען איהר קענט זיך פאר קיין פאל קיין ראטה געבען ווי די קליינע סומע צו בעקומען, וואס וואלט איהר דאן געטהאן? איהר מוזט געשטעהן הערר קאבאנאוו, אז איהר וואלט די מציאה פון דער האנד געגען אייער ווילען ארויסגעלאזט. נו, דאס זעלבע איז אויך ביי אונז דער פאל, מיר קענען אייך

ביי אונזער בעסטען ווילען ניט געבען דיא סומע וואס איהר פערלאנגט, איינפאך דערפאר וואס מיר זיינען דאס ניט אין שטאנדע צו טהאן.

— וויפיעל דען זייט איהר אין שטאנד צו געבען?

— טויזענד רובעל.

— ניין, מיין הערר, פאר אזא קלייניגקייט גיעב איך מיין געהיימניס ניט ארויס.

— מיר קענען אייך אבער מעהר ניט געבען.

— דאס איז ניט מיין געשעפט.

— פערגעסט אבער ניט הערר קאבאנאָוו אז טויזענד רובעל איז אויך א גרויסע סומע געלד, לויט וויא איך פערשטעהע זייט איהר ניט אזוי רייך, און טויזענד רובעל דארף ביי אייך זיין א גאנצעס קאפיטאל.

— דאס איז שוין ניט אייער געשעפט, — האט קאבאנאוו בייז געזאגט — איהר האט מיין געלד ניט געצעהלט און איהר קענט גאר ניט וויסען צו איך בין רייך אדער אָרים. איך זאג אייך אויסדריקליך אז וועניגער פון צוויי טויזענד רובעל וועל איך ביי אייך ניט נעהמען.

— איהר פערליערט אבער דורך אייער קאפריז גאנצע טויזענד רובעל.

— דאס איז שוין מיין זאך.

— און אז איך וועל אייך געבען נאך פינף הונדערט רובעל?

— וועל איך אויך ניט נעהמען.

— איז דאס אייער לעצטער וואָרט?

— יא, הערר פיין.

פיאדאסיא איז אין דער מינוט אריינגעקומען און האט געמעלדעט איהר מאן, אז א פרעמדער מענש איז געקומען און וויל מיט איהם רעדען.

— דאס מוז זיין איינער פון דער פּאָליציי — האט יאניק געענטפערט — זאל ער אריינקומען.

פיאדאסיא איז ארויסגעגאנגען און באלד האט זיך דיא טהיר געעפענט און א סאָלדאט איז אריינגעקומען.

— וואס פערלאנגט איהר — האט יאניק געפרעגט.

— האב איך דיא עהרע צו שפרעכען מיט דעם הערר קאבאנאוו, האט דער סאלדאט געפרעגט.

— יא, איך בין יאניק קאבאנאוו — האט דער הויזווירטה שטאָלץ געענטפערט.

— מיך האט געשיקט צו אייך דער גראף אנטאָן דאנילאָוו וועלכער זיצט אין דעם געפענגניס פון אָרשא? — האט דער גאסט געזאגט.

— דער גראף אנטאָן דאנילאָוו לעבט דען? — האט יאקאב העכסט איבער־ראשט געפרעגט.

— דיעזער מאן מוז זיין בערוישט — האט יאניק ערבלאסענד געזאגט — דען יך ווייס גאר ניט וואס ער רעדט.

— איהר האט אן אירדטהום הערר קאבאנאָוו — האט דער סאלדאט

נעענטפערט זעהר ביין — איך בין נאך קיין מאל בערווישט נעווען. אז איך זאג אייך דאס מיך האט צו אייך נעשיקט דער נראף אנטאן דאנילאוו, זאלט איהר מיר גלויבען. ער האט מיר דערצעהלט אז איהר זייט ביי איהם נעווען אין נעפענגניס און האט איהם פערטרויט דיא געהיימנים אז זיין פאטער לעבט....

— אבער ווער פרענט אייך? — האט יאניק שטארק אויפנערעגט נעשריען.

— איך וויל נאר נים ווארטען ביז איהר וועט מיך פרעגען, איך מוז סהאן וויא מען האט מיר נעהייסען — האט דער סאלדאט שטאָלץ נעענטפערט — איהר האט דעם נראף פערטרויט יענע געהיימנים און האט איהם נים נעזאגט ווער איז זיין פאטער און וואו ער נעפינט זיך, דאמיט האט איהר דעם נראף זעהר אונרוהיג נעמאכט און ער האט מיך נעשיקט איך זאל ערפאהרען ווער זיין אידישער פאטער איז.

— אבער איך הייס אייך שווייגען — האט יאניק העכסט צאָרניג אויסגע־רופען — מיר וועלען ווענען דעם ריידען אונטער פיער אויגען.

— איך פערשטעה נים ווארום ווילט איהר ריידען אונטער פיער אויגען? דער נראף וויל שוין קיין געהיימנים מאכען דערפון וואס ער לעבט, ווייל מען ווייס שוין ריכטיג ווער דיא מערדער זיינען וואס האבען איהם נעוואָלט פערניכטען. איהר קענט מיט מיר ריידען גאנץ פריי.

יאקאב פיין איז אויפגעשטאנען פון זיין אָרט און זיך ווענדענד צו קאבאנאוו האט צו געזאגט:

— אדיע הערר קאבאנאוו, מיר זיינט אז מיר פערשפּאָרען זיך שוין צו דינגען....

— איך מהו אייך צוליעב הערר פיין און נעהם ביי אייך דאס געלד וואס איהר האט מיר אנגעבאָטען — האט יאניק נעזאגט.

— איך דאנק אייך זעהר — האט יאקאב שמייכלענד נעענטפערט — איך בין שוין מעהר נים נייניעריג אייער געהיימנים צו ערפאהרען, און איהר נוטער מענש— האט ער נעזאגט זיך ווענדענד צום סאלדאט, זאלט אזוי פריינדליך זיין און איבער־געבען דעם נראף אז זיין פאטער הייסט שלמה פיין און ער וועט נאך דיא וואָך קומען צו איהם און אָרשא זיך זעהן מיט איהם. אדיע מיינע הערען.

ער האט זיך מיט א שמייכעל פערביינט און איז אוועקגענאנגען.

מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען מיט וואס פאר א מוסה דער ארמער יאניק נעביך איז געבליעבען זיצען נאך יאקאב׳ס אוועקנאנג.

304טעם קאפּיטעל.

## מערי געהט צו רעבעקאָן.

— דאס איז סימאן׳ס ארבייט! — האט נעווים צום צוואַנציגסטען מאל צו זיך אליין נעזאגט מערי ארומגעהענד הין און צוריק איבער איהר ציטער—ביי מיר איז קיין צווייפעל אז סימאן האט נעוואלט פערברענגען גאלדע דער מענדלעריך אום זיא זאל ביי איהם נים קענען רייסען קיין געלד. איך גלויב אז ער וועט זוכען מיטלען אויף

פון מיר בעפרייט צו ווערען, אום איך זאל איהם מעהר צו לאסט ניט פאלען. אבער מיין ליעבער סימאן ניט דערלעבען ועסט דוא, מיר אזא בלוטינען שפיצעל אבצו־טהאן, איך וועל דיר אבער פריהער בעגראבען אלס דוא מיך. איך מוז איהם אויפ־זוכען און מיט איהם זיך אביסעל דורכריידען.

נור וואו זוכט מען איהם? ביי נאלדען איז ער דאך שוין ניטא, ער האט גע־מוזט פאר זיך אויסזוכען אן אנדער קווארטיר, דער טייפעל וויים איהם וואו זיין יעצטיגע קווארטיר איז.

לאנג האט זיא נעקלערט וואס זיא זאל טהאן. פון איין זייט האט זיא גע־פירכטעט פיעללייכט וועט פאר איהר סימאן אויך אזא קבר גראבען וויא ער האט נעגראבען פאר נאלדען, און פון דער צווייטער זייטע איז איהר א שאדע געוועזן דאס געלד וואס סימאן האט איהר פערשפראָכען און האט איהר זאגאר א וועכסעל גע־געבען.

— הא? — האט זיא נאך א לאנגעס נאכדענקען אויסגערופען — דאס איז ניט קיין שלעכטער פּלאן. ווען איך וועל קומען צו פרייליין ראטהבלום און וועל איהר זאגען אז איך וויל פינף הונדערט רובעל דערפאר וואס איך וויל איהר פער־טרויען אזא געהיימניס וואס בעלאנגט איהר גאנצעס לעבען, וועט זיא קיין צווי־ווערטער איבעררײדען און וועט מיר גלייך דאס געלד אפּצעהלען, זיא וועט מיר נאך דאנקבאר זיין דערפאר וואס איך האב זיא פון אונגליק פערהיט.

אהנע לאנג צו טראכטען האט זיא זיך זעהר שעהן אנגעצויגען און איז אוועק־געגאנגען צו דעם באנקיר ראָטהבלום.

— וועמען ברויכט איהר? — האט זיא דער ריענער געפרעגט אלס זיא האט א קלונג געטהאן אין דער טהיר-גלאָקע.

— איך ברויך נאָטהווענדיג צו שפּרעכען מיט דער פרייליין ראטהבלום.

— איהר קענט מיט איהר יעצט ניט שפּרעכען.

— ווארום?

— וויל זיא זיצט יעצט און רעדט מיט איהר ברוייטיגאם.

— מיט וועמען? מיט סימאן גריין?

— יא.

— נו, וועל איך אריינקומען שפּעטער — האט מערי געזאגט און איז אוועק־געגאנגען. זיא האט זיך געשטעלט ביי'ם צווייטען בלאָק און האט געוואַרט.

— איך וועל דא אזוי לאנג וואַרטען ביז ער וועט פון דאנען ארויסגעהן — האט זיא זיך געטראַכט — איך וועל נאך א פּרו־וו טהאן ביי איהם בעטען געלד, פּיעללייכט וועט ער יעצט געבען ווען איך וועל איהם מיט דעם פּוֹלען מויל זאגען אז דיא מינוט געה איך אריין צו רעבעקאן אום איהר אלעס צו דערצעהלען.

זיא האט לאנג ניט בעדארפט וואַרטען, ניט מעהר וויא אין א פיערטעל שטונדע ארום איז פון ראטהבלום'ס הויז ארויסגעגאנגען סימאן זעהר בעטריבט און אויפגערעגט.

ער וואר אזוי פערטיעפט אין געדאנקען דאס ער האט מערי'ן ניט בעמערקט

און האָט געוואָלט ווייטער געהן, אבער איהר שמיסע האָט איהם וויא פון שלאָף אויפגעוועקט און ער איז שטעהן געבליעבען.

— וואוהין לויפסט דוא אזוי סימאָן? — האָט איהם מערי ספּאָטיש געפרעגט.

— איך דארף א נייטיגען גאנג געהן. וואוהין געהסט דוא?

— איך געה צו דיין כלה.

— צו מיין כלה? וואס ווילסט דוא ביי איהר טהאָן?

— איך געה איהר דערצעהלען וואס פאר א סוחר דוא ביסט. מיר איז שוין איבערדריסיג געוואָרען צו ווארטען אויף דיין פערשפּרעכען.

— מערי, ביסט דוא ביי דיין קלארען פערשטאנד? — האָט סימאָן שטרענג געפרעגט.

— אין דעם אליין וואס איך געה יעצט צו דיין כלה, קענסט דוא פערשטעהן אז איך בין ביי מיין קלארען פערשטאנד.

— מיר האָבען דאָך עפּעס אפּגערעדט.

— וואס האָבען מיר אפּגערעדט?

— דוא זאָלסט ווארטען ביז מיין חתונה, דאמאלס אויב איך וועל דיר ניט אפּגעבען דאס געלד וואס איך האָב דיר פערשפּראָכען זאָלסט דוא טהאָן וואס דוא קענסט.

— איך האָב אבער מורא אזוי לאנג צו ווארטען.

— ווארום האָסט דוא מורא?

— גאנץ איינפאך דוא קענסט מיר טהאָן דאס זעלבע וואס דוא האָסט גע־טהאָן גאָלדען.

— וואס האָב איך דען געטהאָן גאָלדען? — האָט סימאָן געפרעגט און איז בלאס געוואָרען.

— דוא פרעגסט מיך וואס דוא האָסט איהר געטהאָן? מיר שיינט אז דוא ווייסט דאס פיעל בעסער אלס איך.

— עפּעס רעדסט דוא היינט פון שלאָף. מערי.

— איך רייד שוין ניט פון שלאָף סימאָן. מיר זאָלסט דוא קיין מעשיות דער־צעהלען, איך פערשטעה אז גאָלדעס הויז האָסט דוא אונטערגעצונדען.

— איך? — האָט סימאָן ציטערנד ביי אלע גליעדער געפרעגט.

— עס פערשטעהט זיך אז דוא, קיין אנדערער.

— מערי! דוא ווייסט וואס דיר קומט פאר אזא בילבול? — האָט סימאָן וועהר שטרענג געפרעגט.

— מאך זיך ניט איך בעט דיך פאר אזא אונשולדיגע נשמה׳קעלע, זיסער נריץ — האָט מערי געלאכט — מיר פערשטעהען זיך אויף אזעלכע פּאָקוסען. מיר זיינען דאך יעצט אונטער פיער אויגען, און כיר מעגען ריידען אלעס וואס מיר ווילען, זאג איך דיר אז איך קען שווערען ביי אלעם וואס ביי מיר איז נאך געבליעבען הייליג, אז גאָלדעס הויז האָסט דוא אונטערגעצונדען. אבער דאס איז ניט מיין זאך, פון מיינטוועגען מעגסט דוא גאנץ מאסקווא אונטערצינדען ארט דאס מיך אויך ניט;

איך וויל נור דוא זאלסט מיר אבנעבען מיינס, אבער טאקע באלה, איך וויל מעהר איין מינוט ניט ווארטען, דוא הערסט.

— דוא ביסט ווילד און וואהנזיניג מערי, איך האב קיין מאל ערוואַרטעט דוא זאלסט צו מיר אזעלכע ווערטער ריידען, איך האב דאס ביי דיר ניט פער־דיענט, זייט איך האב דיך דערקענט בין איך דיין בעסטער פריינד געוועזן.

— יא, דאס איז וואהר, אבער דיא גרעסטע פריינדשאפט וואס דוא קענסט מיר בעוויזען איז דיא, וואס דוא וועסט מיר מיין געלד אפּגעבען און טאקע באלד.

— אבער מערי, זיי דאָך ניט קיין נארר—

— איך וויל קיין זאך פון דיר הערען — האט איהם מערי אין מיטען ריידען איבערגעשלאגען — איך ווייס אלעס וואס דוא וועסט מיר זאגען, דיינע ווערטער זיינען מיר שוין אזוי לעסטיג געווארען אז איך קען זיי ניט מעהר הערען. קורץ גע־רעדט דוא גיעבסט מיר דיא מינוט מיין געלד צו ניט?

— איך קען דאך פון זיך אין איין מינוט קיין געלד מאכען, מעהר וויא דיא נשמה קען איך דיר ניט אוועקגעבען.

— אויף טויזענד כפרות דארף איך דיין נשמה. איין זינדיגע נשמה האב איך שוין וואצו דארף איך נאך א זינדיגערע. איך ברויך יעצט געלד סימאן.

— און ווען איך וועל דיר ניט געביען יעצט וואס וועסט דוא טהאן?

— האב איך דאך דיר שוין געזאגט וואס איך וועל טהאן, אויב דוא פער־שטעהסט קיין ווערטער ניט, וועל איך דיר דאס בעווייזען אלס טהאטזאכע. איך געה דיא מינוט אריין צו רעבעקא'ן און זיא וועט ערפאהרען וואס פאר א שעהנער סוחר איהר ליעבער חתן איז.

— אבער ווען איך וועל דיר געבען געלד מיט א פּאר שטונדען שפּעטער?

— איך קען שוין דיין שפּעטער.

— פּרוּוו נאך איין מאל. מעהר נעהם דאך דא ניט וויא אין א פּאר שטונדען.

— ווערסט דוא מיר געוויס אין א פּאר שטונדען ארום געבען געלד?

— יא.

— וואו וועל איך דיך זעהן?

— איך וועל דאס געלד ברענגען צו דיר א היים.

— בעשטימט?

— גלויב מיר נאך איין מאל, אויף מיין ווארט.

— נו, איך וועל פּרובירען דיר גלויבען נאך דאס איין מאל; אבער געדענק סימאן ווען פּונקט אין צוויי שטונדען ארום ברענגסט דוא מיר דאס געלד ניט וועט דיר זיין פינסטער און ביטער.

— איך האב דאך דיר געזאגט אז דוא ווערסט מענען טהאן אלעס וואס דוא ווערסט וועלען.

— נו, איך געה אהיים און וועל דיך דאָרט ערוואַרטען — האט מערי געזאגט. זיא איז אוועקגעגאנגען אין איין זייט, ער אין דער צווייטער זייט, אבער אלס

זיא איז שוין א פאאר קווארטאלען אבגעגאנגנען, האט זיא זיך צוריק אומגעקעהרט און האט געזאגט:

— ניין, נארישער סימאן, מיך וועסט דוא ניט נאררען, איך ווייס בעשטימט אז קיין געלד וועסט דוא מיר ניט ברענגען, דוא קענסט מיר ניכער ברענגען דעם טוידט אזוי וויא דוא האסט געוואָלט ברענגען גאָלדען. אבער איך וועל אזא נארר ניט זיין, איך וועל אין מיין קווארטיר הייטע שוין ניט זיין, דוא וועסט מיך דאָרט ניט טרעפען. איך וועל ליעבערסט אריינגעהן צו דיין כלה רעבעקאָן, וועל איך ביי איהר קענען קרינען עטליכע רובעל איז גוט, ווען ניט, וועל איך איהר דיין געהיימניס אזוי דערצעהלען, זאל זיא אויך וויסען וואס פאר א שעהנער חתן דוא ביסט.

זיא איז צוגעגאנגען צו דער טהיר פון ראָטהבלום׳ס הויז און האט אבערמאלס אנגעקלונגען.

305סטעם קאפיטעל.

# דער גראַף איז ערשטוינט.

וויא נור דער ועכטער איז אוועקגעפאהרען נאך מאסקווא, האט שוין דער גראף אנטאן דאנילאוו מיט דער גרעסטער אונגערולד אנגעהייבען איהם צוריק צו ער־ווארטען אום צו הערען אויב ער האט ערפאהרען ווער זיין פאטער איז און וואו ער וואוינט. אין איהם האט יעצט דיא נייע האפנונג אויפגעבליהט און האט זיין פער־שמאכטעט הערץ אביסעל אויפגעלעבט.

ער האט ניט אויפגעהערט צו טראכטען וועגען דעם קריזיס וואס עס האט זיך געמאכט אין זיין לאגע. געפינען א לעבענדען פאטער אין דער צייט ווען מען האט פון איהם נאר ניט געדענקט און מען איז געווען איבערצייגט אז ער איז שוין לאנג געשטארבען, אזא וויכטיגע נייעס מאכט א גרויסען קריזיס אין דעם מענשענס לאגע צו זיא איז גוט אדער שלעכט.

ער האט זיך נאר דאס גליק ניט געגלויבט, אז ער וו:ט נאך זעהן זיין לע־בענדען פאטער און וועט איהם קענען צערטליך אומארמען אבער ער האט דאס פאָרט געוואָלט גלויבען און ער האט דארום געהאָפט אז דאס גליק וועט איהם געשענקט ווערען.

— אך, ווען מיין מאריא זאל יעצט לעבען — האט ער זיפצענד צו זיך אליין געזאגט — ווען אויף מיין געוויסען זאל ניט ליגען אזא שרעקליכעס פערברעכען פון אזא שענדליכען מארדטהאט, וויא גליקליך וואָלט איך געווען. ווער וואָלט זיך צו מיר געקענט פערגלייכען!

אבער וואס קומט ארויס פון אזעלכע פאָרשטעלונגען, עס איז זאנאר איבעריג ווען מען זאל זיי זיך אין פאנטאזיע פאָרשטעלען. דיא ערמאָרדעטע גרעפין וו:ט קיין מאל לעבעדיג ווערען, איהר ליעבעס קינד וואס יענער מערדער האט זיא אונ־מענשליך צערריסען וועט קיין מאל דיא ליכטיגע וועלט זעהן, אין זייער פריהצייטיגער טוידט וועט אימער ליעגען אלס שווערער אונערטרעגליכער לאסט אויף זיין געוויסען.

אלס ער איז איין מאל געזעסען אין זיין צעלע פערטיעפט אין ריעזע טרויע־

רינג געדאנקען, האט זיך דיא טהיר געעפענט, דער וועכטער פון דער צעלע האט דעם קאָפּ אריינגעשטעקט און האט געזאגט:

— היי! ארעסטאנט! א מאן איז צו דיר געקומען מיט אן ערלויבניס פון סמאָטריטעל אין דיין צעלע אריינצוגעהן.

באלד נאך דער מעלדונג איז א רייכגעקליידעטער מאן אריינגעקומען אין דער ענגער צעלע.

קוים האט דער גראף אויף איהם איהם א קוק געטהאן האט ער אויסער זיך פאר ערשטוינען אויסגערופען:

— גראָספירסט וולאדימיר!

— ש־ש־ש! האט דער גאסט שטיל געזאגט — קיינער דארף וויסען ווער איך בין.

— אבער מיין גאָט! — האט אנטאן אלץ מיט דערזעלבער איבערראשונג געזאגט — איהר דורכלויכט, איהר זייט דא אין מיין צעלע.

— נו, וואס וואונדערט איהר זיך אזוי? — האט דער פרינץ לאכענד געענט־פערט — ווען איהר האט דא געקענט זיצען איינינע מאנאטען, וועל איך דאך דא איינינע מינוטען געוויס קענען זיצען.

— אבער וויא קומט דאס וואס איהר זייט אהער געקומען?

— איהר פערשטעהט דען ניט אז איך בין געקומען צו אייך.

— צו מיר?

— יא, צו אייך, געוויס האט איהר מיין בריעף ערהאלטען?

— יא.

— נו, האט איהר דאך בעדארפט פערשטעהן אז איך וועל אייך ניט לאזען לאנג זיצען אין דיעזער העהלע.

— אבער גנעדיגער.... איך מוז דא זיצען, איך בין א פערברעכער, א מערדער.

— ניין, פריינד, איהר זייט קיין מערדער און קיין פערברעכער — האט דער גראָספירסט שמייכלענד געענטפערט.

— האט איהר ניט געהערט פון דעם מאָרד וואס איך האב בעגאנגען.

— איך האב דאס יא געהערט.

— און ביי אייך איז רעכט אז אזא מערדער וויא איך בין זאל ארומגעהן פריי אין דער ליכטינער וועלט?

— איך האב דאך אייך שוין געזאגט אז איהר זייט קיין מערדער און קיין פערברעכער.

— איהר גלויבט דען ניט אז איך האב מיין ליעבער פרוי ערמאָרדעט?

— איך גלויב דאס ניט.

— אבער דורכלויכט דאס איז דאך א וואהרער טרויעריגער פאקט.

— איך וויים פון קיינע פאקטען, איך וויים נור דאס אז איהר זייט ניט פעהיג צו זיין א פערברעכער.

— גלויבט איהר מיר אליין אויך נים. ווען איך זאג אייך אז איך האב מיין פרוי ערשאָסען?

— איך גלויב אייך אויך נים נראף, איך קען אייך פיעל בעסער אלס איהר זעלבסט קענט זיך. איך וויים אז איהר זיים איינער פון די בעסטע מענשען אין דער וועלט. דורך אייער האנד מאָהר קיין בלוט נים פערגאָסען ווערען.

— דורך מיין האנד איז דאך אבער פאָרט מיין מאריא'ס בלוט פערגאָסען געוואָרען.

— דאס האט איהר געמוזט זעהן נור אין טרוים.

— דורכ.... איהר שפאסט.

— אבער ליעבער אנטאן מארטינאָוויטש — האט דער גראָספירסט געזאגט — וויא דיא זאך איז, איך וויל נים איהר זאלט דא מעהר איין מינוט זיצען. קומט מיט מיר.

— מיט אייך געהן?

— יא, אנטאן מארטינאוויטש, איך בין וועגען דעם אליין צו אייך געקומען, ווייל מען האט מיר געזאגט, אז איהר ווילט אייער קערקער נים פערלאזען. איך צווייפלע נים אז מיין בעפעהל וועט איהר נים וואגען נים געהאָרזאם צו זיין. איך בעפעהלע אייך, איהר זאלט מיט מיר פון דיעזען פינסטערן קערקער אוועקגעהן.

— וואוהין?

— דאס וועל איך אייך שוין שפעטער זאגען.

— אבער, גנעדיגער העררר, מיינט נים אז אין דער ליכטיגער וועלט וועל איך קענען לעבען מיט לייטען גלייך — האט אנטאן געזאגט — מיין וועלט איז שוין פערשפיעלט. דער געדאנק אז איך האב מיין פרוי ערמאָרדעט, וועט מיר קיין מאל קיין רוהע געבען.

— איך פערשפרעך אייך צוריק דיא רוהע צו געבען וואס איהר האט פער־לאָרען — האט דער גראספירסט געענטפערט — קומט מיט מיר, איהר וועט דאס נים בערייהען. איך וועל פאר אייך וואונדער צייגען.

— וואונדער וועט איהר פאר מיר צייגען? — האט דער גראף ערשטוינט געפרעגט.

— יא. איהר וועט זעהן אזעלכע וואונדער, וואס האבען זיך אייך קיין מאל געטרוימט — האט דער גראספירסט שמייכלענד געענטפערט — איהר וועט אייערע אייגענע אויגען נים גלויבען.

— איך מוז אייך זאגען, דורכלויכט, אז איך האב דיא עהרע נים צו פער־שטעהן דעם זין פון אייערע ווערטער.

— קומט נור מיט מיר, איהר וועט שוין באלד אלעס פערשטעהן.

דער גראף האט אייניגע מינוטען געטראכט און האט געענטפערט:

— איך געה מיט אייך, פיהרט מיך וואוהין איהר ווילט.

— זייט זיכער, אז איך וועל אייך צום גרעסטען גליק פיהרען — האט דער גראָספירסט געענטפערט.

און ביידע האבען דיא צעלע פערלאזען און זיינען פון געפענגניס ארויסגע־גאנגען.

306טעס קאפיטעל.

## איז דאס מעגליך?

איין בליק, איין האנדעס־דרוק, מאכט אמאל אן איבערקעהרעניש אין דעם מענשענס ברוסט.

אויך דער יונגער סטודענט וואס קראנענשטיין האט פאר בת־שבע׳ן אלס זיין פרוי׳ס קוזין פארגעשטעלט, האט אין בת־שבע׳ן א גאנצע רעוואלוציאן ארויס־גערופען. זיין האנדעס־דרוק, זיין פייעריגער בליק האט דאס גאנצע בלוט אין איהר אויפגעקאכט.

לאנג, זעהר לאנג האט זיא וועגען איהם געטראכט אלס זיא איז געפאהרען מיט דער באהן. זיין שעהנעס גוטעס געזיכט האט פאר איהרע אויגען ניט אויפגע־הערט צו שוועבען. יעצט האט קראנענשטיין אין דעם פערגלייך מיט איהם אויס־געזעהן זעהר אלט און ווערטעלאז.

— איך בין נאך אזוי יונג און מוז הייראטהען א מאן פון באלד פופציג יאהר — האט זיא זיך געקלערט — וואלט דען דער שעהנער סטודענט מיך ניט געוואלט הייראטהען? ער האט אויף מיר אזוי ליעבליך, אזוי גוטמיטהיג געקוקט, און מיט זיין האנדעס־דרוק האט ער מיר וויא דייטליך געזאגט:

— בת־שבע, איך ליעבע דיך.

דיא וואגאנען זיינען שנעל וויא א בליץ געפלויגען, יעדע מינוט האט דער לאקאמאטיוו א פייף געטהאן און בת־שבע׳ן האט אויסגעזעהן אז זיא פליהט וויא געטראגען אויף פליעגלען פון ענגלען אין א בעסערער וועלט.

איהר איז געווען אזוי גוט אויפ׳ן הערצען, זיא האט זיך געפיהלט אזוי גליק־ליך, דאס זיא האט זיך ניט געקענט עראינערען ווען זיא איז אזוי גליקליך געווען. שעהנע ליכטיגע בילדער האבען פאר איהרע אויגען געשוועבט און צווישען אלע פראכטפאלע בילדער האט ארויסגעשטראהלט דאס בילד פון יענעם זאנפטען שעהנעם סטודענט.

— ער וואלט מיך געהייראטהעט — האט עס אין איהר גערעדט — און ווארום דען ניט? בין איך ניט גענוג שעהן? ווען דער גראספירסט איז פון מיין שעהנהייט בעצויבערט געווארען, איז דאס א בעוויז אז איך קען נאך געפעלען אזא יונגען מאן וויא דיעזער גאלדענער מענש איז. אויסער דעם בין איך גענוג רייך, איך האב א סך טויזענדער, און צוליעב מיין געלד אליין וואלט מאנכער סטודענט מיך געהייראטהעט?

אבער וואס וועט דא זיין מיט דעם עדלען קראנענשטיינען?

דיא פראגע האט זיא זעהר בעאונרוהינט. זיא האט איהם שוין דאס ווארט געגעבען זיא זאל זיינע זיין, און וויא זאגט מען איהם יעצט אז זיא האט חרטה פון דעם שידוך?

— גור נייך! — האט זיא פעסט ענטשלאסען געשטאמעלט — איך וועל מיין

וואָרט ניט ווערטלען. איין מאָל האָב איך איהם פערשפּראָכען אַז איך וועל איהם הייראַטהען, מוז איך מיין וואָרט האַלטען, ווען איך זאָל זאָגאַר וויסען אַז דאָס וועט מיך מיין לעבען קאָסטען. איך קען אַזוי פערדאָרבען ניט זיין, נאָכדעם אַז דיעזער מאַן האָט וועגען מיר אַזאַ גוטע מיינונג דאָס אַבוואָהל ער האָט געזעהען וויא בעך פריינדעט איך בין מיט דעם ג'אָספּירסט, האָט ער מיר דאָך זיין האַנד געריכט איך זאָל זיין לעבענס-בעגלייטערין זיין.

יאָ, אַזוי בלייבט דאָס. איך מוז בלייבען מאַדאַם קראַנענשטיין. איך דאַרף קיין בעסערע פּאַרטיי ניט און איך קען קיין בעסערעס ניט ערוואַרטען. איך דאַרף ניט פערגעסען ווער איך בין, און וואָס פאַר אַ ראָליע איך האָב געשפּיעלט....

און דאָך האָט דאָס בילד פון דעם שעהנעם סטודענט ניט אויפגעהערט פאַר איהרע אויגען צו שוועבען און טראָץ איהר מיהע איהם צו פערגעסען האָט עס איהר ניט געלונגען.

אויף דעם צווייטען טאָג אין דער פריה איז זיא אנגעקומען צו דער סטאַנציאָן, פון וועלכע זיא האָט בעדאַרפט פאָהרען אין דער דאַצשע.

אין דרויסען איז געוועזען זעהר שעהן, דיא זון האָט פרעכטיג געשטראַהלט און האָט איהר ליכט אויסגעגאָסען אויף דיא וועלדער און פעלדער וועלכע האָבען פון זיך ניט לאַנג אַראָפּגעוואָרפען דיא ווינטער-קליידער און האָבען ערוואַרטעט דעם פריהלינג וועלכער וועט באַלד אנקומען זיי צו בעפּוצען מיט פרישע גרינע קליידער.

בת-שבע האָט זיך גאָר ערקוויקט זיך פיהלענדיג אין אַ שמילען אָרט, וואו מען הערט ניט דאָס ווילדע געררייש פון טויזענדער האַבגיעריגע מענשען און מען זעהט פאַר זיך נור דיא קינדער פון דער שטומער נאַטור. דיא עטליכע געזעהלטע מענשען וואָס זיא האָט געטראָפען אויף'ן וואָקזאַל האָבען אויך ביי איהר גאָר אַן אַנדער חן געהאַט. איהר האָט אויסגעזעהן, אַז דאָס זיינען מענשען גאָר פון אַן אַנדער סאָרט.

זיא איז אריינגעגאַנגען אין בופעט, האָט זיך געהייסען דערלאַנגען אַ שמאַקהאַפטען מיטאָג און האָט געגעסען מיט גרויס אַפּעטיט.

דיא אַלע דיענער פון'ם וואָקזאַל וויא אויך דיא פרוי וואָס איז געשטאַנען ביי'ם בופעט האָבען פערוואונדערט אנגעקוקט דער שעהנער רייכער פּאַסאַזשירין וואָס איז געבליעבען דאָרט אויף דיעזער סטאַנציאָן. זיי זיינען אַלע זעהר נייגעריג געוועזען צו וויסען וואָרום זיא איז דאָ געבליעבען און וואָס זיא דענקט דאָ צו טהאָן, אָבער קיינער פון זיי האָט געוואַגט צו איהר צוגעהן און זיא וועגען דעם פרעגען.

דיא בופעטניצע איז זעהר ערפרייט געוואָרען אַלס בת-שבע האָט זיך צו איהר געווענדעט מיט דער פראַגע:

— קען איך בעקומען היער אַ פוהר נאָך סאַטאַרינקאַ ?

— נאָך סאַטאַרינקאַ ? — האָט דיא פרוי פון'ם בופעט ערשטוינט געפרעגט.

— יאָ, נאָך סאַטאַרינקאַ. וואָרום וואונדערט איהר זיך אַזוי ?

— עס פאנגט זיך ערשט אָן דער פריהלינג און אין סאמארינקא איז אלעס וויסט און פוסט.

— עס מאכט ניט אויס, איך וועל דאָרט לאנג אויף דעם פריהלינג ניט דארפען ווארטען — האט בת־שבע גענטפערט — קען איך בעקומען אהין א פוהר?

— איהר קענט האָטש הונדערט פוהרען אהין בעקומען. איהר ווילט שוין פאהרען?

— יא.

בת־שבע איז פלוצלינג בלאס געוואָרען. דיא פרוי איז איהר זעהר קענטליך פאָרגעקומען. זיא האט באלד אין איהר דערקענט דער פרוי זעלדע, דיא צווייטע פרוי פון אברהם ראָזענהוט ביי וועמען זיא האט זיך ערצויגען און וועלכע האט זיא זעהר שלעכט בעהאנדעלט.

— איך שיק איינעם פון דיא וואקזאל־מענשען פאר אייך, גנעדינעס פרייליין, א פוהר צו ברייננען — האט זעלדע געזאגט.

— איך וועל אייך דאפיר זעהר דאנקבאר זיין, מאדאם — האט בת־שבע גע־ענטפערט און האט זיך בעמיהעט צו מאכען א גלייכגילטיגע מינע, אום זעלדע זאל ניט בעמערקען וויא פערענדערט זיא איז געווארען און זאל זיך דארום ניט שטויסען אז דא שטעקט עטוואס.

זעלדע האט באלד צוגערופען איינעם פון דיא וואקזאל־ארבייטער, האט איהם געהייסען וואס צום גיכסטען ברייננען א פוהר פאר דער גנעדינער פאַ־סאזשירין.

בת־שבע איז שנעל אוועקגעגאנגען און האט זיך צוריק געזעצט אויף איהר פלאץ, אום זעלדע זאל איהר ניט קוקען גלייך אין געזיכט און זאל זיא ניט דער־קענען.

עס איז קיין פירטעל שטונדע איבערגעגאנגען איז דער וואקזאל־דיענער צוריק געקומען מיט א פוהר. דאס וואר אן איינפאכער דארפישער וואָגען געשפאנט צו צוויי פערד און געפיהרט פון א מוזשיק.

בת־שבע האט בעצאהלט וויפיעל מען האט ביי איהר פערלאנגט פאר דעם עסען און האט זיך אריינגעזעצט אין וואגען.

דיא בופעט־פרוי איז צוגעגאנגען, האט איהר געוואונשען א גליקליכע רייזע.

אבער אין דער מינוט וואס בת־שבע איז אוועקגעפאהרען איז זעלדע שטעהן געבליעבען וויא פון דונער געטראָפען.

— הא? — האט זיא צו זיך אליין גערעדט — האב איך קיין אירטהום? דאס איז פונקט צוויי טראָפען וואסער יענע קאץ וועלכע איך האב געטראפען ביי ראָ־זענהוט'ן אלס איך האב איהם געהייראטהעט. יא, וויא מיין נאמען איז זינאאידא, אז דאס איז זיא. איהרע אויגען, איהר נאז און איהר שטימע. א בייזער חלום צו איהר קאפ! וויא קומט זיא צו אזא רייכטהום דיא ארימע קאץ? זיא ווייזט דאך

ארום זעהר רייך צו זיין? נור ניין! עס קען נים זיין. איך האב אז אירטהום, דאס איז נים בת־שבע.

— אבער איך וועל שווערען אז דאס איז פּאָרט דיעזעלבע בת־שבע וואס איך האב אימער פאר דיא האאר געריסען און האב צעהן מאל אין טאג געשלאגען. זיא איז נור שעהנער געוואָרען אלס זיא איז דאמאלס געוועזען, אבער דאס איז פּאָרט דיא אייגענע, קוקט זיא נור אן וואס פאר אן אָנשטעל זיא מאכט, א גאנצע פריצע געוואָרען. זיא האט גאר געמוזט פערגעסען אז מען האט זיא געפונען אין א פינדעל הויז אין דער שטאדט אָרלאוו און ווען נים מיין גאָטזעליגער מאן וואָלט זיא דאָרט אין דעם פינדעל הויז גענומען.

בת־שבע זאל ווערען אזא שעהנהייט און אזוי רייך, איז דאס מעגליך? האט דיעזעלבע אין יענעם טאג געוויסע טויזענד מאל איבערגערעדט — איך מוז ריכטיג ערפאהרען צו דאס איז זיא און וויא קומט זיא אין סאמארינקע? צו ווען פאהרט זיא אהין?

— וואס פאר א מערקווירדיגער צופאל — האט אין דערזעלבער צייט בת־שבע געזאגט פאהרענד נאך סאמארינקע, — שוין אכט יאהר אז איך האב דער פער־פלוכטער פרוי נים געזעהן און יעצט האב איך זיך מיט איהר צוזאמענגעטראפען. גוט וואס זיא האט מיך נים דערקענט, זאָנסט וואָלט זיא פערברייטעט אין דעם גאנצען געגענד דיא נאכריכט פון מיין יחוס, דערפון וואָלט אויך געוויס ערפאהרען קראַנעניצקיין און זיין קוזין.... דאן וואָלטען די אויף מיר מיט אנדערע בליקען גע־קוקט אלס זיי קוקען אויף מיר יעצט.

נור וויא קומט זעלדע צו האלטען דא א בופעט, דוכט זיך קיין אידען איז ערלויבט צו האלטען דא בופעטען פון אייזענבאהן. עס קען אבער זיין אז זיא האט זיך געטויפט. דען נאך דאמאלס ווען איך בין ביי איהר געוועזען האט זיא אלץ גע־רעדט פון דעם וואס זיא וויל זיך טויפען. מעהר וויל איך מיך מיט איהר נים בע־געגנען, דען זיא קען מיר ענדליך דאך דערקענען.

### 307טעס קאפּיטעל.

## גאַנץ אַנדערש.

היראנים ראזענדופט לעבט שוין ווייטער, ער וואוינט אבערמאלס אין א פרעכטיגער וואוינונג און אין שטאדט רעדט מען שוין ווייטער אז ער איז א גביר, דאביי אבער זאגט מען אז ער איז אזוי אנדערש געוואָרען, דאס ער איז שוין נים דערזעלבער וואס פריהער.

דאס איז ריכטיג וויא מען האט גערעדט, היראנים איז ווירקליך א גאנץ אנדער מענש געוואָרען. דעם פריהערינגען מוטה האט ער גענצליך פערלאָרען און אויף זיין געזיכט איז וויא א מעלאנכאָליע געבליעבען. עפּעס האט ער אנגעהויבען זעהר אָפט צו דערמאנען גאט און מען האט איהם זעהר אָפט בעגעגענט אין א שוהל. ער האט אויך אנגעפאנגען זעהר פיעל צדקה צו געבען און ווען מען האט איהם דערצעהלט פון אן אונגליקליכען האט ער זיך גום איינגע־

הערט אז מען האט נעזעהן אז איהם אינטערעסירט דאס זעהר שטארק.

אויך זיין סיציליע איז נאר אן אנדער פרוי געווארען. זיא האט זיך דערמאנט אז זיא קען ריידען אידיש און האט שוין מעהר קיין רוסיש ניט געוואלט ריידען. זיא פלעגט זיך אויך אלע שבת בעווייזען אין שול, און דיא וואס האבען זיא געקענט פון פריהער האבען זיך זעהר געוואונדערט, אלס זיי האבען איהר געזעהן זיצענדיג איבער א סידור מיט פערוויינטע אויגען.

נאך מערקווירדיגער איז געווען דיא פערענדערונג וואס מען האט בעמערקט אין זייער טאכטער ליענאטשקא. דיא ליענאטשקא, וואס האט פריהער אויף א אידיש פנים נאר ניט געוואלט אקוק טהאן און האט אלע קרעפטען אנגעווענדעט מען זאל ניט דערקענען אז זיא איז א אידישע טאכטער, דיא זעלבע ליענאטשקא האט אנגעהויבען יעצט צו זוכען דיא פריינדשאפט נור פון אידישע מיידלאך, און ווען זיא האט דערזעהן א בעקאנטען קריסט האט זיך אין איהר א כעס וויא א העליש פייער אנגעצונדען, פונקט וויא אלע קריסטען האבען איהר שלעכטעס געטהאן און צווישען זיי איז איינער א רעכטער ניטא.

בעזאנדערס האט זיא זעהר ליעב געהאט סאנקא׳ן, משה האניגמאן׳ס טאכטער. זיא איז צו איהר געווען צוגעבונדען וויא א גוטע צערטליכע שוועסטער.

אין אן אנדער צייט, דאס הייסט אין יענע צייטען ווען זיא האט געטרוימט פון דעם גליק צו הייראטהען מיט א גראף אדער מיט א קניאז, וואלט זיא אויף סאנקא׳ן שטארק רחמנות געהאט קוקענדיג וויא זיא איז א כלה געווארע פאר א זשיד וויא יאזעף לעהמאן איז געווען. אבער יעצט האט זיא אויף איהר מיט ניי־דישע בליקען געקוקט אלס סאנקא איז געזעסען מיט איהר יאזעף׳ן וויא א פאר טייבעלאך און האט מיט איהם פערגעניגט פערבראכט. ליענאטשקא האט פערשטאנען אז פאר אזא מאן וויא לעהמאן איז, קען מען פיעל גליקליכער זיין אלס פאר א גראף אדער פאר א קניאז.

אלס זיא איז איין מאל געגאנגען אין דער גאס, האט זיא זיך בעגעגענט מיט יאקאב פיין.

זיא איז רויט געווארען אויס שאנדע. זיא האט זיך געשעמט פאר זיך אליין אלס זיא האט זיך דערמאנט וויא אזוי זיא האט דעם עדלען יונגען מאן פון שטוב געטריעבען, דערפאר וואס ער האט זיך געוואגט איהר געבען צו מערקען אז ער ליעבט זיא. זיא האט זיך ניט געקענט איינהאלטען און איז צו איהם צוגעגאנגען מיט דיא ווערטער:

— וואס מאכט איהר, הערר פיין? וויא איך זעה, ווילט איהר זיך שוין מעהר מיט מיר גאר ניט בעגעגענען?

יאקאב האט זיא ערשטוינט אנגעקוקט, דען אין דער לאנגער צייט וואס ער האט זיא ניט געזעהן, איז זיא שטארק פערענדערט געווארען. ער האט זיא אבער באלד דערקענט און האט אויסגערופען:

— דאס זייט איהר, פריילין ראזענדופט?

— איהר האט מיך, וויא איך זעה, ניט דערקענט?

— איך האב אייך ווירקליך נים דערקענט, איהר זייט.... יא, איהר זייט גאנץ אנדערש געוואָרען.

— אנדערש געוואָרען? איהר ווילט זאָגען אז איך בין ערגער געוואָרען אין געזיכט?

— ניין.... איהר ווייזט אויס בלאַס, אבער איהר זייט נאָך אלץ דיא שעהנע ליענאטשקא וואָס איך האָב געקענט. וואָס מאַכט איהר? ווי נעהמט עס אייערע עלטערען?

— גאָט זיי דאנק. מיר זיינען שוין ווייטער, וויא מען זאגט, אויפ'ן פערד. געוויס האָט איהר געהערט וואו מיר האָבען שוין געהאלטען?

— יא.... עטוואס האָב איך געהערט. אָבער יעצט איז שוין ווייטער גוט?

— מיר האבען זיך יעצט נים צו בעקלאגען. אונז איז, וויא איך האָב אייך געזאָגט, גאָט זיי דאנק נים שלעכט; מען קען זאָגאר זאָגען גוט. ווארום קומט איהר נים אריין צו אונז, ליעבער יאקאָב? איהר האָט גאָר פערגעסען, אז מיר זיינען יוגענד-פריינדע?

— איך האב דאָס קיין מאָל פערגעסען, נור איהר האָט דאָס יא געוועזן פערגעסען....

— דערמאָנט נים דיא נאררישקייט פון א דומעס מעדכען — האָט ליענא געזאָגט — איך מוז אייך זאגען, אז איך קען פאר אייך דאָס געזיכט נים ווייזען. איך פערשטעה אליין וואָס פאר אן אונפערצייהליכען פעהלער איך האָב געמאכט.

— וויא באלד איהר פערשטעהט אליין אז דאָס איז א פעהלער, האָט איהר פערדיענט מען זאָל אייך פערצייהען.

— פערצייהעט איהר מיר ווירקליך? — האָט ליענא מיט א פלעהענדען טאָן געזאָגט.

— יא, ליענא, איך גיעב אייך מיין האנד אויף דעם אז איך פערצייהע אייך — האָט יאקאָב געזאָגט איהר דיא האנד רייכענד.

טרעהרען האבען זיך געוויעזען אין ליענא'ס אויגען אלס זיא האָט איהם איהר האנד גערייכט. פיין איז פון איהרע טרעהרען שטארק געריהרט געוואָרען. ער האט דערקענט אז זיא בערייהט הערצליך איהרע זינדע.

וויא שעהן, וויא גוט יאקאב האָט יעצט אויסגעזעהן אין ליענא'ס אויגען. זיא האָט זיך ערשט ארומגעזעהן, אז ער איז א זעלטענער יונגער מאן. אך, וויא האָט זיא יעצט פון איהם געוואָלט הערען דיא ווערטער וואָס זיא האט מיט איי־ניגע מאָנאטען צוריק פון איהם געהערט; אבער עס איז שוין געוועזן צו שפעט. יא־קאָב'ס הערץ וואר שוין פערנומען מיט דער ליעבע צו אן אנדערער פערזאָן, צו דער שעהנער רעבעקא'ן.

— וועט איהר פיעללייכט יעצט אביסעל אריינקומען צו אונז, יאקאב? — האָט זיא פריינדליך געפרעגט.

— ניין, ליענא, יעצט האב איך קיין צייט. איך וועל שוין זיין ביי אייך.

אבוואָהל ער האָט איהר צום אבשיעד הערצליך דיא האנד געדריקט, דאָך

האט ליענא פערשטאנען אז זיא קען שוין אויף דעם שעהנעם יונגען מאן ניט מעהר האפען, ער זאל איהרער זיין.

מיט א צובראכען הערץ איז זיא אהיים אוועקגעגאנגען. קומענדיג אין איהר צימער האט זיא זיך דארט פערשלאסען און האט זיך שטארק פארנאנדער געוויינט.

— קיין אנשטענדינער מענש וועט שוין מיט מיר ניט וועלען הייראטהען — האט זיא וויינענד געזאגט — דען וועלכער דום־קאפ וועט זיך דאס וועלען פערבינדען מיט אזא ענטעהרטעס פרייליין וויא איך בין? מיין שאנדע קען קיין געהיימניס בלייבען, וויל צופיעל מענשען וויסען פון דעם.

א קלאפ אין טהיר האט זיא פון איהרע טרויעריגע געדאנקען אויפגעריסען. שנעל האט זיא אבגעווישט דיא אויגען און האט דיא טהיר געעפענט.

אין צימער איז אריינגעקומען סאנקא!

וואס פאר א גליקליכע מינע אויף איהר געזיכט איז געלעגען! קוקענדיג אויף איהר האט מען געקענט מיינען, אז דאס מערכען האט איהר גאנצעס לעבען ניט געוואוסט פון קיין זארג.

— ליענאטשקא! — האט זיא געזאגט מיט א מונטערן טאן — ווייסט איהר וועגען וואס איך בין יעצט צו אייך געקומען?

— וועגען וואס?

— אייך איינלאדען צו מיר אויף דער האכצייט.

— וואס? אייער האכצייט וועט דען שוין באלד זיין?

— יא, נאך אין אכט טעג ארום.

— אזוי שנעל?

— מיין יאזעף וויל מיר זאלען נור אין אכט טעג ארום הייראטהען — האט סאנקא געענטפערט.

— נו, און איהר וועט נאך אייער האכצייט בלייבען דא אין מאסקווא?

— ניין! איך וועל מיט יאזעף׳ן ארויספאהרען צו איהם אין זיין שטאדט.

— אזוי? — האט ליענא בעזארגט געזאגט — פאהרט איהר אויך אוועק פון דאנען?

— יא, ליענאטשקא.

— שאדע. איהר זייט מיין אייציגע פריינדין און אייך וועל איך אויך פערליערען.

— מיר וועלען אויך פון וייטען בלייבען גוטע פריינדינען — האט איהר סאנקא פערזיכערט — איך וועל אייך אימער וויא א שוועסטער ליעב האבען. ווייסט איהר, ליענאטשקא, וואס פאר א שמערצען מיר האבען דיא וואך געהאט?

— שמערצען? וואס פאר שמערצען האט איהר דען געהאט?

— איהר ווייסט נאך ניט?

— ניין, איך וויים נאך נים.

— מיר האבען דאך אויף זיך געהאט א גאנצען פראצעס.

— איהר האט אויף זיך געהאט א פראצעס? וואס איז דאס פאר א פראצעס? — האט ליענא זעהר נייגיעריג געפרעגט.

— ביי אונז אין שטוב האט זיך דאך אבגעשפיעלט א גאנצע טראגעדיע? איהר האט גאר פון דעם ניט געהערט?

— ניין. דערצעהלט מיר איך בעט אייך, סאניעטשקא, וואס איז דאס געווען פאר א טראגעדיע?

— מיינע א בעקאנטע האט ביי אונז אין שטוב געטראפען דעם יונגען מאן, וועלכער האט זי פערפיהרט און אונגליקליך געמאכט. ווייסט איהר-זשע וואס זי האט געטהאן?

— זי האט איהם אבגעגאסען דאס גאנצע געזיכט מיט וויטריאל, דער גאנצער פנים איז ביי איהם פערברענט געווארען און די ערצטע זאגען אז אויף זיין געזיכט וועלען בלייבען אייביגע פלעקען.

— ווירקליך? — האט ליענא ערשטוינט אויסגערופען.

— יא, יא, ליענאטשקא, אזוי האט זי געטהאן.

— בראווא! — האט ליענא געזאגט — זי האט געטהאן, ווי א העלדין, נו, און מען האט איהר דערפאר גאר ניט געטהאן?

— מען וואלט איהר געוויס ניט געשווינגען, נור מען ווייס ניט וואו זי צו זוכען, דען קיינער אויסער מיר, ווייס וואו זי וואוינט. איהר דארפט פערשטעהן, אז איך האב פאר קיין פאל ניט געוואלט אנצייגען איהר וואוינונג און האב אויף אלע פראגען, וואס מען האט מיר געשטעלט געענטפערט :

— איך ווייס ניט.

זעהר גלייך האט איהר געטהאן, אבער מען קען דאך דורך דעם אדרעסטאל ערפאהרען וואו זי וואוינט.

— דאס איז אונמעגליך, דען איהר פערפיהרער ווייס ניט אז זי האט געהייראטהעט און זי טראגט אויף זיך איהר מאן'ס נאמען.

— נו, און איהר זייט ביי איהר געווען נאך דער געשיכטע?

— יא, איך בין צו איהר געגאנגען, איך האב זי אבער אין איהר קווארטיר שוין ניט געטראפען., זי האט זיך פון דעם קווארטיר ארויסגעצויגען, וואהרשיינליך דערפאר וואס זי האט געפירכטעט, פיעללייכט וועט מען דאך ערפאהרען וואו זי איז און מען וועט זי חאפען.

— זי געפעהלט מיר זעהר — האט ליענא געזאגט — אלע פערפיהרער האבען אזא שטראפע פערדיענט. ווער איז זי?

— איהר וועט זי ניט קענען, איך האב זי דורך א צופאל דערקענט און האב זי לייב בעקומען ווי א שוועסטער, זי איז א זעלטענע שעהנהייט און אזא קלוגע, וועלכע איך האב נאך אין מיין לעבען אזעלכע ניט געזעהען. נו, הכלל ליענאטשקא איהר וועט זיך געוויס ניט לאזען בעטען אויף מיין חתונה?

— געוויס וועל איך זיין.

— האַט-זשע מיר אַ גוטען טאָג, איך מוז שוין אוועקגעהן, איהר פערשטעהט דאָך אַז פאר אַ חתונה איז פאַראַן עפּעס צו טהאָן.

— געהט אייך פריינדין, איך טהאָר אייך ניט אָבהאַלטען.

— גליקליכעס מערכען!—האָט ליענא זיפצענד געזאָגט אַלס סאנקא איז אַרויסגעגאַנגען—זי איז יעצט די גליקליכסטע אין דער וועלט און איך?....

— וואָלט דאָס יעמאַנד געגלויבט מיט איינינגע מאָנאַטען צוריק אַז די רייכע שטאָלצע ליענא ראָזענדופט וועט מקנא זיין דער אָרעמער סאנקאַ׳ן, די טאָכטער פון דעם מאַן, וואָס איז געקומען צו איהר פאָטער בעטען עטליכע קאָפּייקען אויף עסען און איז אויף דער שענדליכסטער ווייזע פעריאָגט געוואָרען.

אזוי דרעהט זיך דאָס רעדעל און דרעהט אין אַ קורצער צייט אַלעס אום קאַפּויר.

## 308טעם קאַפּיטעל.

## אַ טהייערע איבעררַאשונג.

די ווערטער, וואָס יאַקאָב פיין האָט גערעדט צו זיין פאָטער, אַז יאַניק קאַ-באַנאַוו מוז ווירקליך איינע זעהר וויכטיגע געהיימניס האָבען, וועלכע מען מוז נויטהווענדיג ערפאַהרען, האָט דעם אַלטען פיין אונרוהיג געמאַכט.

ער האָט אייגענטליך אַליין ניט געוואוסט, וואָס ער זאָל קלעהרען וועגען דער געהייכ:ניס וואָס יאַניק האָט איהם צו זאָגען, אָבער ער האָט זיך בערעכענט אַז ווי באַלד ער האָט פאר איהר אזוי פיעל געלד געפאָדערט מוז דאָס פאר איהם זעהר וויכטיג זיין, ער האָט דאָרום ערלויבט יאַקאָב׳ן ער זאָל געהן צו קאַבאַנאַוו׳ן אויס-פאָרשען זיין געהיימניס און מיט דער גרעסטער אונגעדולד האָט ער איהם אָנגע-הויבען צו ערוואַרטען אום צו ערפאַהרען וואָס דאָ שטעקט.

עס קען זיין אַז קאַבאַנאַוו וויים עפּעס וועגען דער גרעפין׳ס פּלוצלינגעס אָפּ-רייזע—האָט ער זיך געקלעהרט—ער וויים אַז זי מיט איהר קינד שטעהען אין אַ גרויס געפאַהר און דאָרום וויל ער פיעל געלד דערפאַר וואָס ער וועט מיר ווייזען אַ וועג ווי אזוי איך זאָל די מוטער מיט דעם קינד רעטען, אַזאַ זאַך האָט ווירקליך ווערטה מען זאָל פאר איהר פיעל געלד בעטען, דען ווער איז נאָך אזוי פערפליכ-טעט דיביידען צו רעטען ווי איהר שוויעגערפאָטער און דעם קינד׳ס גראָספאָטער.

און פיעללייכט וויים ער אַז דאָס גאַנצע רייכטהום וואָס איז געבליבען פון דעם גראַף דאַנילאָוו איז אין פרעמדע הענד אריינגעפאַלען און ער וויל מיר אויפ-מערקזאַם צו מאַכען אויף דעם און איך זאָל מיך בעמיהען מיין זוהן׳ס ירושה זאָל פאר זיין קינד בלייבען? דאָס איז אויך זעהר וויכטיג.

פערשיעדענע זאַלכע געדאַנקען האָבען זיך געטומעלט אין שלמה׳ס קאָפּ, אָבער וואָס קומט אַרויס פון דעם דענקען, אַז די ריכטיגקייט איז אונמעגליך צו ערפאַהרען.

ענדליך, נאָך אַ לאַנגעס וואַרטען איז יאַקאָב צוריקגעקומען. שלמה איז איהם נייגיעריג ענטגעגען געלאָפען, ער האָט געקוקט אויף זיין געזיכט, ווי ער זאָל וועלען

פּתּ זיין שטערן איבערלעזען אום וואס דא האנדעלט זיך. ער האט ווירקליך אויף 'אקאבּ'ס פערהעליבּעס נעזוכט זעהר א גוטע נייעס איבערנעלעזען, אבּער ער האט אלץ נים נעוואוסט אין וואס זיא בּעשטעהט.

— נו ? — האט ער געפרעגט — האסט דוא ערפאהרען דאס וואס דוא האסט נעוואלט ?

— יא, — האט יאקאב נעענטפערט.

— יא ? נו, אום וואס האנדעלט זיך דא ?

— דא האנדעלט זיך אום אזא זאך וואס איז פיעל וויכטינער אלס מיר האבּען זיך פאָרגעשטעלט.

— נו, זאג־זשע מיר שוין וואס דאס איז ?

— נור נים נעאיילט ליעבּער פאטער — האט יאקאב מיט א שמייכעל נעענט־פערט — איך וויל נים דוא זאלסט איבּערראַשט ווערען, איך וויל דיך נור אויפמערק־זאם מאכען, דוא זאלסט זיין פאָרבּערייטעט צו ערפאהרען זעהר א וויכטינע זאך.

— דוא מאכסט מיך נאך מעהר נייגיעריג יאקאב, אבּער איך דענק אז איך פערשטעה אין וואס דיא נעהיימנים בּעשטעהט.

— אין וואס ?

— קאבאנאָוו האט דיר נעוויס דערצעהלט וואוהין דיא גרעפין מיט איהר קינד זיינען אוועקנעפאהרען.

— ניין, פאטער, דאס נים.

— וואס דען ? אום גאָטעס ווילען רייד שוין !

— דער העדר קאבאנאָוו האט מיר איבּערגעגעבּען א גרוס פון מיין ברודער.

— דאס פערשטעה איך נאר נים.

— איך האב אבּער און אירדטהום נעהאט פאטער, נים קאבאנאָוו האט מיר דעם גרוס איבערגעגעבּען, דיעזער שורקע האט נעוואלט פיעל געלד און אבוואהל איך האב איהם שוין נעוואלט נעבּען פופצעהן הונדערט רובעל, האט ער אלץ נים נעוואָלט מיר אויסזאגען דיא וויכטינע נעהיימנים, נור וויא דורך א וואונדער איז נראדע אננעקומען א פרעמדער מענש און דורך איהם האב איך אלעס ערפאהרען נאר אהן געלד.

— זאג־זשע שוין, וואס האסט דוא ערפאהרען ?

— דער מאן וועגען וועלכען איך האב דיר דערצעהלט האט נים נעוואוסט ווער איך בּין און דארום האט ער פאר מיר אין דיא אוינען נעזאגט צו קאבאנאָוו'ן אז דער גראף אנטאן דאנילאָוו האט איהם יעצט נעשיקט צו איהם.

— וואס ? וואס האָסט דוא געזאגט ? — האט שלמה נעפרעגט און איז בּלאַס נעווארען — דער גראף אנטאן דאנילאָוו האט איהם נעשיקט ?

— יא, פאטער, אזוי האט ער נעזאגט.

— ותּו האט ער איהם נעשיקט בּעפאָר ער איז געשטאָרבּען ?

— ניין, יעצט.

— יעצט ? וויא איז דאס מענליך ?

— וויא באלד ער לעבט איז דאס זעהר מעגליך.

— יער לעבט? מיין זוהן לעבט? ער איז ניט פערניפטעט געווארען? האט שלמה אויסער זיך פאר איבערראשונג געשריען.

— זעהסט דוא שוין פאטער אז איך האב רעכט געהאט דאמיט וואס איך האב דאס דיר גלייך ניט דערצעהלט, אויס פורכט דוא זאלסט ניט צופיעל איבערראשט ווערען.

— אבער יאקאב רייד ווערטער, איז דאס ריכטיג אז מיין זוהן לעבט? איך קען דאס ניט גלויבען.

— יא, פאטער ער לעבט און ער האט געשיקט א מענשען צו קאבאנאוו'ן ערפאהרען ווער זיין פאטער איז און וואו ער געפינט זיך, דען יאניק האט איהם שוין דערצעהלט אז ער האט א פאטער און ער לעבט ערגעץ, אבער ווער ער איז און וואו ער וואוינט האט ער איהם ניט געזאגט.

— לעבט מיין זוהן? — האט שלמה אויסגערופען און פריידענטרעהרען האבען זיך אין זיינע אויגען געוויעזען — אך, מיין גאָט וויא זאל איך דיר דאנקען, איך בין נאר דיינע חסדים ניט ווערטה. אבער מיין ליעבער יאקאב, איז דאס ריכטיג וויא ער האט דיר געזאגט?

— דאס איז ריכטיג פאטער, ער האט דאס ניט מיר געזאגט, זאנדערן קאבאנאוו'ן. ער האט גאר ניט געוואוסט אז דאביי שטעהט א ברודער און הערט דיא וויכטיגע נייעס. דיין זוהן לעבט און דוא קענסט איהם נאך זעהן.

— וויא אזוי קען איך איהם זעהן?

— גאנץ איינפאך. מיר קענען פאהרען צו איהם אין אָרשא און דאָרט ווע־לען מיר איהם זעהן, דען ער זיצט נאך אין געפענגניס.

— לאמיר שוין פאהרען, מיין זאָהן — האט שלמה געזאגט אויפשפרינגענד פון זיין אָרט.

— ניין, פאטער, מיר דארפען זיך נאך אביסעל אפהאלטען.

— ווארום?

— איך גלויב, אז זיין פרוי איז יעצט אוועקגעפאהרען מיט דעם צוועק איהם צו בעפרייען. דען וויא מיר ווייסען זיצט ער אין געפענגניס נור דערפאר, וואס מען מיינט אז ער האט זיין ווייב ערמארדעט און ווען זיא וועט זיך ציינען פלוצלינג לע־בעדיג, וועט ער זעלבסטפערשטענדליך באלד בעפרייט ווערען. דארום איז מיין ראטה מיר זאלעןווארטען נאך אביסעל, פיעללייכט וועלען מיר באלד הערען אז ער איז בעפרייט געווארען וועלען מיר דאן צו איהם פאהרען. דערווייל וועלען מיר טעלעגראפירען צו מיין מוטער זיא זאל וואס צום ניכסטען אהער קומען, וועלען מיר צואמען מיט איהר פאהרען נאך דאנילאווקא.

— דאס האסט דוא אויך רעכט. נעהם־זשע, מיין זאָהן, שרייב צו דיין מוטער באלד א טעלעגראמע זיא זאל וואס צום ניכסטען אהער קומען וועגען זעהר א וויכטיגע זאך, און אין וואס דיא וויכטיגע זאך בעשטעהט זאלסט דוא איהר ניט שרייבען.

— נוט — האט יאקאב נעענטפערט און האט אוועקגעשיקט א טעלעגראמע צו זיין טוטער, זיא זאָל וואס צום ניכסטען קומען נאך מאָסקווא.

309טעס קאפיטעל.

## אַלעס אַרויס אויפ׳ן טעלער.

מיר האבען געזעהן מעריין אריינגעהענד צו דעם באנקיר ראטהבלום אין הויז. דארום וועלען מיר אויך נאך איהר נאכגעהן און זעהן וואס פון איהר בעזוך איז געווארען.

דער דיענער האט געמעלדעט רעבעקא׳ן אז א פריילין פרעגט זיך צו איהר און ווינשט מיט איהר צו שפרעכען.

רעבעקא האט געהייסען מען זאל זיא אריינלאזען צו איהר אין צימער און וויא מערי איז אריינגעקומען, האט זיא איהר באלד דערקענט און האט פערשטאנען אז זיא האט איהר וויכטיגע נייעס געבראכט.

— פריילין ראטהבלום — האט מערי געזאגט זיך דעמיטהיג פערניינענד — איהר וועט זיך געוויס וואונדערן אויף דעם וואס איך וואג זיך אייך אזוי אפט צו בעאונרוהיגען מיט מיינע בעזוכע. גלויבט מיר, גנעדיגעס פריילין, אז מיר אליין איז דאס אויך זעהר אונאנגענעהם, אבער איהר מוזט געוויס וויסען אז אין לעבען קומט זעהר אָפט פאָר יעדען מענשען, ער זאָל געצוואונגען זיין פערשיעדענע ראָליען צו שפּיעלען.

— דאס וואס איהר מאכט מיר אָפטע בעזוכע אינטערעסירט מיך וועניג — האט רעבעקא געענטפערט — נור דאס וואס איהר רעדט פון פערשיעדענע ראָליען וואס יעדער מענש דארף שפּיעלען, דאס פערשטעה איך ניט. ערקלערט דאך מיר, וואס מיינט איהר מיט דיא ווערטער?

— איך וועל דאס אייך ערקלערען, פריילין ראטהבלום, אבער בעפאָר איך וועל אייך זאגען דעם ציעל פון מיין יעצטיגען בעזוך, וועל איך אייך א קליינע פראגע שטעלען.

— ביטע, פרעגט וואס איהר ווילט.

— ווען, צום ביישפּיעל, איהר זאָלט בעהיטע גאט אריינפאלען אין א טייך אָה זאלט האלטען ביי׳ם דערטרונקען ווערען, און אין דער זעלבער מינוט זאל אונטערקומען אן ארמער מענש און זאל אייך פון דיא שטירמישע וואסער בעפרייען, וואלט איהר איהם ניט בעלוינט לויט ער האט פערדיענט?

— געוויס — האט רעבעקא געענטפערט — איך וואָלט איהם געוויס ערשטענס גוט בעלוינט; צווייטענס, וואָלט איך איהם אימער דאנקבאר געווען פאר דער רעטונג וואס ער האט מיר געבראכט.

— איך האב ערווארטעט דיעזע ווערטער פון אייך צו הערען, פריילין ראָטה-בלום. איך מוז אייך אבער נאך עטוואס פרעגען. ווען יענער ארימער מאן זאל אייך צורופען אין דער צייט וואס איהר טרינקט זיך מיט דיעזע ווערטער:

— איך וויל דיך אלס איינס רעטען, דאך וויל איך דוא זאלסט מיר דיין

יוארט געבען, אז דוא ווערסט פאר דער רעטונג וואס איך וועל דיר ברייגנען מיר פינף הונדערט רובעל געבען. וואס וואלט איהר גענטפערט?

— דאס איז א קאָמישע פראגע — האט רעבעקא געלאכט — געוויס וואלט איך איהם מיט פערגעניגען פערשפראכען דיא פינף הונדערט רובעל.

— איך מוז אייך זאגען, פריילין ראטהבלום, אז איהר האלט יעצט אין אזא לאגע. איהר טרינקט זיך יעצט, אבוואהל איהר פיהלט דאס ניט און איך בין דער ארמער מענש וואס וויל אייך רעטען. אבער אזוי וויא איך בין זעהר ארם, פערלאנג איך פון אייך פאר דער הילף וואס איך וועל אייך ברייגנען פינף הונדערט רובעל. קענט איהר דאס מיר פערשפרעכען?

— ווען איהר וועט מיך איבערצייגען אז איהר האט מיך ווירקליך פון טויט געראטעט, וועל איך מיך ניט ענטזאגען אייך דיא פערלאנגטע סומע צו געבען.

מערי האט אייניגע מינוטען געטראכט און האט נאכהער געזאגט:

— גוט! איך גלויב אייך, פריילין ראטהבלום. אלזא, איך בין בערייט אייך צו דערצעהלען, אום אייך פון גרעסטען אונגליק צו רעטען. אבער איך מוז דערביי נאך א קליינע פאָרדערע מאכען.

— וואס איז דאס פאר א פאָרדערע?

— אין דער שפּיעל וואס איך וועל פאר אייך יעצט פאָרשטעלען, שפּיעל איך זעהר א טרויעריגע ראָליע. איך געשטעה אייך אליין, אז איך בין אוננערעכט. אבער איך מוז אייך, גנעדיגעס פריילין, אויפמערקזאם מאכען אויף דעם, וואס איך בין ניט מעהר וויא א יונגעס ארימעס מעדכען. דארום איז קיין וואונדער וואס איך האב זיך געלאזט פערפיהרען פון א שורקע, פון א ניעדערטרעכטיגען מענשען און האב געטאנצט נאך זיין פייפעל.

— איך וועל דיעזע מיינונג זעלבסט האבען. אבער דערצעהלט מיר שוין וואס פאר א געפאהר שוועבט געגען מיר?

— איהר זייט א כלה געוואָרען פאר סימאָן גריץ?

— יא.

— איהר גלויבט אז ער איז א יורש פון מיליאָנען?

— דאס איז פאר קיינעם קיין געהיימניס.

— דא איז אבער יא פאראן אזא געהיימניס, וואס נור איך אליין ווייס פון איהר. פריילין ראָטהבלום ער איז קיין יורש פון מיליאנען, ער האט קיין מאל אין קאָליפאָרניען קיין רייכען אנקעל געהאט. דאס האט גריץ געמאכט א שווינדעל, אום אייך אין זאק ארייינצונארען. איהר פערשטעהט?

— ניין, איך פערשטעה ניט.

— ער האט אין אמעריקא א טויטען ברודער. וועלכער איז אזא אונמענש וויא ער אליין. מיט דיעזען טויטען ברודער האט ער דאס אבגעמאכט ער זאל צו אייער פאטער א בריעף אריינשרייבען וועגען א רייכער ירושה וואס איז פערבליעבען פאר גריץ׳ן פון זיינעם א רייכען אנקעל. דיעזער אמעריקאנישער שווינדלער האט אויך געלאזט אבדרוקען אויף א שטיקעל פאפיר וואס זאל אויסזעהן וויא פון א צייטונג

אויסנעשניטען, אז פאר גריץ'ן איז נעבליעבען פיעל מיליאנען פון זיין קאליפארניער אנקעל. נו, יעצט פערשטעהט איהר שוין?

— דאס איז דאך אבער ניט מעהר וויא נעזאגט. האט איהר בעוויזען אז אייערע רייד זיינען ריכטיג?

— יא. איך וועל אייך אזעלכע דייטליכע בעווייזע געבען, וואס איהר וועט זיי פאר קיין פאל ניט קענען אפלייקענען.

— איך בין זעהר נייגיעריג דיא בעווייזע צו זעהן.

מערי האט ארויסגענומען דעם בריעף וואס זיא האט ביי גריץ'ן צוגענומען אלס פפאנד (משכון) זיא זאל איהם אין דער האנד האבען, און האט עס איבער־געגעבען רעבעקא'ן.

מען קען זיך לייכט פארשטעלען וויא אויסער זיך רעבעקא איז געווארען אלס זיא האט דיעזען בריעף דורכגעלעזען.

— נו, פריילין ראטהבלום, איהר זעהט שוין וואס פאר א בעטריגער אייער הערר ברויטיגאם איז? — האט מערי געזאגט — זיינען דאס ניט גענוגענדע בעווייזע אז ער האט אייך אלעמען דיא קעפ פערדרעהט, אום אייך אין זיינע הענד צו דערטאפען? איהר זאלט אבער ניט מיינען, אז דאס האט ער געטהאן אויס גרויסער ליעבע צו אייך. איך קען דיעזען פערפלוכטען סוביעקט זעהר גוט. איך וויים, אז ער איז ניט פעהיג צו ליעבען א מעדכען מיט ארענטליכע אבזיכטען. ניין, פריילין, ער איז ניט אין אייך פערליעבט, זאנדערן אין אייער געלד; דאס איז ביי מיר אזוי זיכער, וויא איינס מיט איינס איז צוויי. קוים וועט ער אייך הייראטהען וועט ער אייער געלד צונעהמען און איהר וועט איהם שוין מעהר אין דיא אויגען ניט זעהן.

— דאס איז שרעקליך! — האט רעבעקא אויסגערופען וועהרענד אלע פאר־בען האבען זיך אין איהר געזיכט געווען.

— דאס איז נאך ניט נאר, פריילין ראטהבלום — האט מערי געזאגט.

— דאס איז נאך ניט נאר? וואס נאך האט איהר צו דערצעהלען?

— געדענקט איהר אז איך בין ביי אייך געווען און האב אייך דערצעהלט א געשיכטע, וויא א געוויסער יאקאב פיין האט מיך אין א בלאטע פערשלעפט און האט מיין עהרע געראבט?

— יא, איך געדענק דאס זעהר גוט.

— דאס איז דיא פאלשע ראליע וואס איך האב אייך פריהער דערמאנט, וואס איך האב פאר אייך געשפיעלט. דער אונטענש גריץ האט מיר מיט זיינע גלאטע פאלשע ווערטער צוגערעדט איך זאל אייך אזא ליגען דערצעהלען. ער האט מיר א גאנצע געשיכטע דערצעהלט, וויא איהר האט זיך פערליעבט אין דיעזען יאקאב פיין וועלכער איז א מערדער, און אייער פאטער האט גרויסע שמערצען פון דיעזער ליעבע. דארום האט ער, אלס אייער פאטערס בעסטער גוטער פריינד, זיך אונטערגענומען אייער ליעבע צו דעם מערדער איינצולעשען, דורך דער געשיכטע וואס ער האט געהייסען מיר אייך דערצעהלען. איך האב איהם געגלויבט, און האב אייך דערצעהלט דיא געשיכטע וואס ער האט מיך אויסגעלערנט. יעצט גלויב איך,

ווייסט איהר שוין ווער סימאָן גריץ איז, און איהר ווערט מיר געשטעהן אן איך האב אייך פון פייער אדער פון וואסער געראטעוועט.

רעבעקא האט איהר זעהר אויפמערקזאם אויסגעהערט און האט נאכהער געפרעגט:

— קענט איהר מיר ניט זאגען, וויא אזוי קומט דער בריעף פון אמעריקא צו אייך?

— איך קען דאס אייך זאגען. אלס איך האב ערפאהרען וואס פאר א פער־דארבענער סוביעקט דיעזער גריץ איז, האב איך באלד געוואָלט פליהען צו אייך און אייך מיט זיינע פערהעלטניסע בעקאנט מאכען. אבער גריץ, וועלכער האט געוואוסט אז איך בין זעהר ארם, האט מיר פערשפּראָכען טויזענד רובעל צו געבען דערפאר וואס איך וועל שווייגען. ער האט מיר זאגאר ארויסגעגעבען וועכסלען אויף דיעזער סומע, און אלס איך האב דיא וועקסלען ניט געוואלט גלויבען האט ער מיר אלס פפאנד געגעבען דיעזען בריעף, אז אויב ער וועט מיר דאס געלד פאר זיין האכצייט מיט אייך ניט איינצאהלען, זאל איך דאס רעכט האבען אייך אלעס צו דערצעהלען און מיין ערצעהלונג דורך דיעזען בריעף בעשטעטיגען. איך האב אבער זיך בערעכענט אז עס איז א זינדע פאר נאט צוליעב געלד דאס געוויסען פערשמוצען און האב מיך דארום בעשלאָסען אייך אלעס צו ענטדעקען.

— זעהר שעהן, איך בין אייך דאפיר זעהר דאנקבאר און וועל אייך דערפאר זעהר שעהן בעפריעדינען, אבער איך האב צו אייך א קליינע ביטע.

— וואס פערלאנגט איהר?

— איך וויל איהר זאלט דאס אלעס וואס איהר האט ערשט גערעדט, א־בערדערצעהלען מיין פאטער.

— איך קען דאס אייך טהאן. איז אייער פאטער יעצט צו הויזע?

— יא. קומט מיט מיר אריין צו איהם אין צימער.

— איך נעה — האט מערי געזאגט — איך האב גאר קיין פורכט ניט דיא וואהרהייט צו דערצעהלען.

מערי איז נאך רעבעקא'ן אריינגעגאנגען צו דעם באנקיר אין צימער. זיי האבען געטראפען ראטהבלומען פערטיעפט איבער א בלאט צייטונג.

— פאטער! — האט רעבעקא געזאגט — דיעזעס מעדכען האט דיר זעהר וויכטיגע נייעס צו דערצעהלען.

— וויכטיגע נייעס? — האט ראטהבלום ערשטוינט געפרעגט בעטראכטענד מערי'ן מיט פריפענדע בליקען.

— יא, פאטער. זיא וועט דיר ערשטענס אפגעבען א גרוס פון גריץ'ס אנקעל אויס קאליפאָרניע; צווייטענס, וועט זיא דיר נאך א שעהנע געהיימניס ענטדעקען. דערצעהלט, פריילין, מיין פאטער אלעס, וואס איהר האט מיר פריהער דערצעהלט.

מערי האט פאר דעם באנקיר אלעס איבערדערצעהלט. זיא האט איהם אויך דעם בריעף אויס אמעריקא געוויזען.

דער באנקיר איז בלאס געוואָרען און האט גאר ניט געוואוסט וואס צו ענטפערען.

— דוא זעהסט שוין, ליעבער פאטער — האט רעבעקא געזאגט — דאס זאָגאר דיא קלינסטע מענשען קענען אמאל פערשטריקט ווערען אין דער נעץ פון שווינדלער און בעטרינער ? געדענקסט דוא אז איך האב פאר קיין פאל געוואָלט ווערען גריץ'ס כלה, ווייל איך האב שוין לאנג דערקענט אז ער איז א פערדאָרבענער מענש. יעצט האסט דוא א טיכטיגע לעקציאָן ערהאלטען און איך גלויב, אז פון היינט אָן און ווייטער וועסט דוא צוגעבען אז דיין טאכטער האט אויך אביסעל פערשטאנד און נאך דעם פערשטאנד וועסט דוא זיא לאזען האנדלען....

— דוא האסט רעכט, מיין קינד, — האט ראטהבלום געענטפערט קושענד זיין טאכטער — איך מוז געשטעהן אז איך האב דא געהאנדעלט וויא א דום־קאָפּ און אלס שטראפע פאר דיא שמערצען און שאנדע וואס איך האב דיר דורך מיין דומען שטרייך פערשאפט, פערשפרעך איך דיר זיך ניט מעהר צו מישען אין דער גרינדונג פון דיין צוקונפט. גרינדע דוא איהם אליין, קלייב זיך אויס א ברוויטיגאם וועלכער וועט דיר אליין געפעלען, און מיר לאז נור איבער מיין פעטערליכען זעגען דיר צו געבען.

— איך דאנק דיר ליעבער פאטער פאר דער פערשפרעכונג — האט רעבעקא העכסט דערפרייט געענטפערט אומארמענד איהר פאטער און אין איהרע אויגען האבען זיך פריידען־טרעהרען געוויזען.

## 310טעם קאפיטעל.

# דער פערליעבטער.

דעם זעלבען נוטען איינדרוק וואס דער סטודענט לעאָפּאָלד פריעד האט געמאכט אויף בת־שבע'ן, האט זיא געמאכט אויף איהם. זיא האט איהם וויא בעצויבערט מיט איהר בלענדענדער שעהנהייט. ער איז אויסער זיך געוואָרען פון איהר האלטונג און איהר שעהנער שפראכע. בעזאָנדערס האט איהם איבעררא'שט איהר העלדען־מוטה.

דיא לעזער וויסען געוויס, אז קראַנענשטיין האט בת־שבע'ן פאר דעם יונ־גען מאן פאָרגעשטעלט אלס זיינע ניכטע (פלעמיאניצע) דען ער האט ניט געוואלט אז ער, וויא אויך זיין שוויגער־מוטער, זאָלען וויסען אז דאס שעהנע מעדכען איז זיין בראוט. אום דיא אלטע עקס־שוויגער זאל אויף איהר ניט קוקען וויא אויף איהר טאכטערס שטעל־פערטרעטערין, וואס דאדורך קען זיך אין איהר ערוועקען א שטארקער האס צו בת־שבע'ן.

— קראַנענשטיינס א ניכטע און אזא שעהנעס מעדכען, ווארום זאל איך מיך ניט קענען אום איהר האנד בעווערבען ? — האט זיך פריעד געקלערט און מיט יעדען טאג איז דיא לוסט דיעזע שאץ צו בעקומען אין איהם שטארקער געוואָרען.

ער האט דאס אבער קראַנענשטיינען ניט געוואלט זאגען. ער האט זיך

נעשעמט צו זאגען אז ער איז פערליעבט אין א מערכען וואס ער האט בלויז איין מאל געזעהן. ביי איהם איז געבליעבען ער זאל זוכען דיא מעגליכקייט וואס פריהער זיך נאך אמאל צו זעהן מיט בת־שבע׳ן, ער זאל וועניגסטענס דארט אין סאמאַר־רינקע מיט איהר א פאר טעג פערברייננגען, דאן וועט ער שוין קענען פריי זאגען אז ער ליעבט זיא און בת־שבע וועט זיך געוויס ניט ענטזאגען זיינע צו זיין. אויך קראָנענשטיין וועט מיט פערגעניגען זיין ניכטע אין זיינע הענד איבערגעבען, ווייל ער ווייס אז פאר איהם וועט זיא גליקליך זיין.

ער האט אנגעהויבען צו צעהלען דיא מינוטען אז זיין טאנטע דיא מאדאם לאה פריעד זאל שוין קומען אהער פאהרענד נאך סאמארינקע, דארט דעם זומער צו פערברייננגען, דען דאן וועט ער דאך האבען אן אויסרייד אויך אהין צו פאהרען אום זיין אלטער טאנטע אהין צו בעגלייטען.

פון יענעם טאָג אָן וואס דער יונגער מאן האט דערזעהן בת־שבע׳ן, איז זיין רוהע פערשוואונדען געוואָרען. איהם איז אין מאסקווא צו ענג געווארען. ער וואָלט, דוכט זיך, א האלב לעבען אפגעגעבען ער זאל קענען שוין נאך סאמארינקא פאה־רען, וואס ניכער דער שעהנער בת־שבע׳ן צו זעהן, מיט איהר ריידען און זיך אי־בערציינען צו קען ער האבען האפנונג זיא זאל זיין פרוי ווערען.

קראָנענשטיינען איז גאָר ניט איינגעפאלען דער געדאנק, אז דער סטודענט וואס איז פערנומען מיט זיין סטודיום האט אין זינען ליעבע און ער האט יעצט בת־שבע׳ן פיעל מעהר אין זינען אלס סטודיום, דארום האט ער מיט פריעד׳ן זעהר אָפט גערעדט וועגען בת־שבע׳ן. און אז לעאָפּאָלד האט איהם געזאגט אז דאס מערכען איז א זעלטענהייט, האט עס איהם זעהר געפרעהט און בת־שבע איז ביי איהם מיט הונדערט פּראָצענט טהייערער געוואָרען. ער האט זיך הערצליך געפרעהט וואס ער איז אזוי גליקליך אזא זעלטענע כלה פאר זיך אויסצוקלייבען און פאר דיא גוטע רייד וואס לעאָפּאָלד האט וועגען איהר גערעדט, איז ער (פריעד) אויך ביי איהם זעהר טהייער געוואָרען.

עס ליעגט אין אלגעמיין אין יעדען מענשענס נאטור, ער זאל ליעב האבען צו ריידען וועגען דער זאך וואס געפעהלט איהם זעהר גוט, דארום איז קיין וואונדער וואס דיא צוויי מענער וואס ביידע ווארען פערליעבט אין בת־שבע׳ן, האבען בע־שטענדיג ווען זיי זיינען צוזאמענגעקומען, וועגען איהר זעהר פיעל גערעדט.

עס שאדעט ניט, ווען מיר וועלען זיך איינהערען צו איינעם פון זייערע געשפּרעכע.

דאס וואר אכט טאג נאך בת־שבע׳ס אפרייזע. אלס קראָנענשטיין איז געזע־סען ביי זיך אין צימער פערטיעפט אין געדאנקען, איז לעאָפּאָלד פריעד אריינגעקומען מיט א דעפּעשע אין דער האנד.

— הערר קראָנענשטיין! — האט ער געזאגט — איך האב ערשט ערהאלטען א טעלעגראמע פון דער טאנטע לאה. זיא שרייבט אז זיא פאהרט הייטע ארויס אהער, אום נאך סאמארינקא צו פאהרען.

— אזוי? — האט קראַנענשטיין צופריעדען אויסגערופען — זיא פאהרט שוין מארגען ארויס?

— יא — האט לעאפאָלד געענטפערט איהם דיא טעלעגראמע איבערריי‍כענד — מארגען וועל איך זיא ערווארטען ביי׳ם באהנהאָף.

קראנענשטיין האט דורכגעלעזען דיא טעלעגראמע און האט געזאגט:

— דאס פרעהט מיך זעהר. דיא ארמע בת-שבע זיצט אין סאמארינקא איינע אליין, איהר מוז דארט זעהר אונמוטהיג זיין. מיט דער שוויעגער-מוטער׳ס קומען וועט איהר שוין פרעהליכער ווערען.

— יא — האט פריעד געזאגט — איך שטעל מיר פאָר וויא אונמוטהיג זיא זיא איז דארט אין דעם איינזאמען דאָרף. ווער וויס צו איז דארט אלעס איינגע‍אָרדנעט וויא א זומער-וואוינונג דארף זיין?

— זיי זיכער, אז מיין מענש וואס זיצט דאָרט האט שוין אלעס אויפ׳ן בעסטען ארט איינגעאָרדנעט. איך האב איהם שוין צוויי בריעף געשריעבען ער זאל אלע צימער איינריכטען אויפ׳ן פיינסטען ארט.

— דאך, גלויב איך, מוז איינער פון אונז אהין ארייגפאהרען זעהן, צו האט אייער מענש געטהאן וויא איהר האט איהם געהייסען.

— איך קען נים פאהרען, דען איך בין זעהר בעשעפטיגט.

— נו, וועל איך אהין פאהרען צוזאמען מיט דער מאַנטע.

— קענסט דוא דען זיך אפרייסען פון דיין סטודיום?

— דאס איז פון דיא קלענסטע זאכען. איך נעהם ארויס פון א דאָקטאָר א צייגניס אז איך בין נים געזונד, וועט מען מיך אפּלאזען אויף א פּאר וואָכען.

— אויב דוא קענסט דאס טהאָן, וועל איך דיר זעהר דאנקבאר זיין; דען איך בין זעהר נייגיעריג צו וויסען וויא בת-שבע פיהלט זיך דאָרט אין דעם איינזאַ‍מען פערוואָרפענעם אָרט.

— איהר קענט זיין זיכער, אז איך וועל בעשטימט פאהרען

— איך גלויב, אז דיא ביידע פרויען וועלען דאָרט צווישען זיך זעהר גוט לע‍בען. וויא מיינסט דוא, לעאפאָלד?

— ביי אייך איז נאך א צווייפעל צו וועלען זיי גוט לעבען? געווים וועלען זיי איינער פון דער צווייטער שטארק צופריעדען זיין. דער מאַנטע קענט איהר דאָך, זיא איז זעהר אַן עדעלע פרוי; מען קען זאגאר זאגען, אז זיא איז א מוסטער פון נוטסקייט. נו, און אייער ניכטע ווייזט אויך אויס צו זיין זעהר אן עדלעס מערכען.

— צו זיא איז אַן עדלעס מערכען? מיר שיינט, אז מען געפינט אין דער גאנצער וועלט איהר גלייכען נים. וואס זאגסט דוא, לעאפאָלד?

— מיר שיינט אויך אזוי, אָבוואהל איך האב דיא עהרע געהאט זיא נור איין מאל צו זעהן.

— דאס איז גענוג — האט קראַנענשטיין מיט א פערגעניגטע מינע ערוויע‍דערט — אויף א גוטען ברילּיאנט דארף מען לאנג נים קוקען זיין ווערטה צו פער‍שטעהן. מיט דעם ערשטען בליק אויף איהם, פערשטעהט מען וואס ער איז.

— דאס האט איהר פאלקאמען רעכט, איך בין אויך מיט דער מיינונג אז אייער ניכטע איז אזא בריליאנט וואס מען דארף לאנג זוכען און ווער וויס צו וועט מען אזעלכעס געפינען. אבער זאגט מיר העור קראנענשטיין וואס איז דאס געווען פאר א געשיכטע מיט בת־שבע׳ן און מיט יענעם יונגען מאן וועלכען זיא האט אזוי הארט בעשטראפט.

— דאס איז איהר געהיימניס, און איך האב זיא גאר וועגען דעם ניט געוואלט פרעגען, אבער איך צווייפלע ניט אז דער יונגער מאן האט דיא שטראפע כשר פערדיענט. זיא וועט ניט טהאן אזא זאך וואס איז אונרעכט.

— זאל איך איהר וועגען דעם פרעגען ווען איך וועל זיין אין סאמארינקא?

— וואצו? קוים זאגט זיא דאס אליין ניט, וואהרשיינליך וויל זיא ניט יעמאנד זאל דערפון וויסען.

— דאס האט איהר אויך רעכט.

— ועסט דוא נעוויס פאהרען מיט דער שוויענער אהין?

— יא, בעשטימט.

— און דוא וועסט דארט פערברענגען א פאר וואכען?

— יא.

— זעהר גוט, דאס פרעהט מיך זעהר. איך גלויב אז אין אכט טאג ארום זאל איך אויך קענען פאהרען אהין, וועלען מיר דארט א קורצע צייט צוזאמען זעהר גוט פערברענגען. איך וועל מארגען צוזאמען מיט דיר ארויספאהרען בעגעגנען דער שוויגער אום איך זאל איהר קענען פארשטעלען בת־שבע׳ן אונטער דיא אויגען און ביי איהר אויסווירקען זיא זאל איהר וויא א טאכטער בעהאנדלען.

אויף מארגען זיינען ווירקליךביידע מענער ארויסגעפאהרען צום וואקזאל און האבען אבגעהאלט פון דארט דער אלטער לאה פריעד וועלכע איז געקומען צו־פאהרען.

דיא לאה פריעד וואר א פרוי פון אונגעפעהר זעכציג יאהר אלט, אין איהר פערקארטשעטעס געזיכט האט מען לייכט געקענט דערקענען אז זיא איז א מאל געווען א זעלטענע שעהנהייט. אבער דאס האט מען אויך געקענט דערקענען אז אין איהר ברוסט איז פערגראבען א גרויסע וואונד.

דיא וואס האבען דיעזער פרוי גוט געקענט האבען געוואוסט אין וואס איהר וואונד בעשטעהט. זיא האט געהאט בלויס איין טאכטער, וועלכע וואר קראנענ־שטיינס פרוי, דער טאכטער האט זיא געליעבט איבער אלעס אין דער וועלט און דיא טאכטער איז מיט א פאר יאהר צוריק אויס שווינדזוכט געשטארבען אהנע דאס זיא האט נאך זיך א קינד איבערגעלאזט. דיא אלטע האט פון יענעם טאג אן וואס דיא טאכטער איז געשטארבען זיך ענטזאגט פון דער גאנצער וועלט און פון אלע פערגניגונגען. פאסט יעדען טאג פלעגט זיא געהן צו דער טאכטער אויפ׳ן קבר זיך דארט אויסוויינען און איהר ביטער הערץ אויסצוגיעסען. איהר האט פון דעם גאנג קיין שנעע און קיין פראסט ניט אבגעהאלטען. דערפאר האט זיא דעם גאנצען זומער פערבראכט אין דער שעהנער דאציע סאמארינקא. דיא דאציע איז איהר

אויך ליעב געוועזן נור דערפאר וואס איהר מאכטער האט דאָרט דיא לעצטע טעג פון איהר לעבען פערבראכט.

זיא האט איהר שוויגערזאהן קראַנענשטיינען זעהר געליעבט, ווייל זיא האט געוואוסט וויא טהייער זיין ווייב, איהר מאַכטער איז ביי איהם געוועזן, ער איז דארום ביי איהר וויא איהרס א קינד טהייער געוועזן, זיא פלעגט זיך גאר דערקוויקען ווען זיא האט איהם דערזעהן.

אויך יעצט אלס זיא האט איהם געטראפען אויפ'ן באהנהאָף, האט זיא זיך שטאַרק דערפרעהט, צערטליך האט זיא איהם אומארמט און געקושט און הייסע טרעהרען האבען פון איהרע אויגען אנגעהויבען צו רינען.

קראַנענשטיין האט זיא גוט געקענט, ער האט געוואוסט וואס איהרע טרעהרען בעדייטען, דארום האט ער זיא אויך הערצליך געקושט און האט זיך מיט אלע קרעפטען בעמיהט זיא צו ערהייטערן און ערמונטערן.

— מוטער! — האט ער צו איהר מיט קינדישע צערטליכקייט געזאגט — עס איז שוין צייט איהר זאלט פערגעסען דאס אונגליק וואס אונז ביידען האט געטראָפען. מיר ווע̇לען מיט אונזערע טרעהרען אונזער חוה'ן ניט מעהר לעבעדיג מאכען.

— עבען דארום וויין איך — האט דיא אלטע פערצווייפעלט געזאגט — דאס איז מיין גאנצע קלאַגע וואס איך ווייס אז מיין חוה'ן וועל איך שוין ניט לעבעדיג מאכען. אָ, ווארום האט מיך גאָט אזוי געשטראָפט און האט זיא פריהער צוגענומען אלס מיך? מיר איז שוין לאנג צייט געוועזן צו שטארבען. ווען פון מיין קינד זאל חאָטש געוועזן בלייבען א שפראסלינג, וואָלט איך זיך נאך געקענט טרייסטען. מיין חוה'לע האט אבער נאך זיך קיין קינד איבערגעלאזט, פון איהר איז קיין אנדער אנדענקונג געבליעבען וויא איהר קבר. וויא קען איך מיך נאך אזא אונגליק בערוהיגען! איך געדענק נאך יענע גוטע צייט ווען איך פלעג צוזאמען מיט איהר פערברענגען דעם זומער אין סאמארינקא. וואס פאר א גליקליכע טעג דאמאלס זיינען געוועזן און יעצט מוז איך דאָרט אליין זיצען. מיר איז נור געבליעבען דאס ביטערע פערגניגען צו בע־זוכען דיא ערטער וואו זיא פלעגט ליעב האבען צו זיצען.

— אבער מוטער, פון דיא אלע זאכען וועט אייך קיין נוצען ארויסקומען — האט קראנענשטיין געענטפערט — מוטהיגט אייך און פערטראגט געדולדיג דיא שטראָפע פון גאָט. איך האב געזאָרגט וועגען דעם, איהר זאלט אליין אין סאמא־רינקא דעם זומער ניט פערברענגען. דאָרט ווארט שוין אויף אייך אן ערעלע פערזאן וואס וועט אייך דיא זומערדיגע טעג מיט איהר געזעלשאפט פערזיסען.

דיא אלטע האט איהם ערשטוינט אנגעקוקט און האט געפרעגט:

— ווער ערווארטעט מיך דען דאָרט?

— מיינע א ניכטע, זעהר א ליעבענסווירדיגע מעדכען. איך ווייס אז זיא וועט אייך דאָרט בעהאנדלען וויא א גוטע געטרייע מאַכטער און איהר וועט זיא אויך ליעב בעקומען וויא זיא זאל זיין אייערס א קינד.

אויף דער אלטער'ס געזיכט האט זיך געוויזען אן אונצופריעדענע מינע.

— דאס איז איבעריג — האט זיא געשטאמעלט — איך האב זעהר ליעב דיא איינזאמקייט, דען איך קען דאן אונגעשטערט װענען מיין טאכטער דענקען.

— דאס מאכט גאר ניט אויס, װענען אייער טאכטער װעט איהר אייך קענען דענקען װיפיעל איהר װילט, אבער אין דיא מינוטען װאס איהר װעט װעלען װיא אלע מענשען געניסען דיא פערגנינגען פון דעם פריהלינג און דעם זומער, װעט זיא אייך געזעלשאפט לייסטען און איך בין איבערציינט אז זיא װעט אייך צו לאסט ניט פאלען.

— אז זיא איז שוין דאָרט, זאל זיא זיין — האט דיא אלטע געענטפערט — אלעס איינס איז קיין מענש אין שטאנד מיינע געדאנקען פון מיין טאָכטער אבצר װענדען.

— טאנטע — האט לעאָפּאָלד געזאגט — איך װעל אייך נאך סאמארינקע אװעקפיהרען.

— דוא ? — האט זיא פערװאונדערט געפרעגט — װאצו זאלסט דוא זיך אב־רייסען פון דיין שטודיום און פאהרען מיט מיר ?

— איהר װייסט דאָך ליעבע טאנטע װיא טהייער איהר זייט ביי מיר — האט פריעד געענטפערט — דארום װיל איך זעהן צו איז דאָרט אלעס אין אָרדנונג.

— זעהר שעהן מיין קינד, איך דאנק דיר זעהר דערפאר װאס דוא זאָרגסט אזוי װעגען דיין אלטער טאנטע. איך װיל דאָך אבער מיר זאלען נאך הייטע אװעק־פאהרען, דען דוא װייסט דאָך אז איך קען ניט ערטראגען דעם גערויש פון א גרויסער שטאדט.

— מיר קענען הייטע פאהרען טאנטע. פון מיין זייט איז קיין הינדערניסע פאָרהאנדען, איך האב נאך געסטערן גענומען אן ערלויבניס פון מיינע פראָפעסאָרען אויף צוויי װאָכען.

און װירקליך אין דעם זעלבען טאג זיינען ביידע אװעקגעפאהרען נאך סא־מארינקא.

311טעס קאפּיטעל.

## װאונדער איבער װאונדער.

שטארק מיעד איז מיכאל גרינזאנג געקומען אהיים פון דער נאס. דאס איז ער ארומגעלאפען נאכפארשונגען צו מאכען װעגען דער גרעפין מאריא, פיעללייכט װיים יעמאנד װעגען װאס דער גראספירסט איז מיט איהר אװעקגעפאהרען.

ער האט אבער גאר ניט ערפאהרען און איז צוריק אהיים געקומען שטארק מיעד און ביין.

זיין פרוי סאבינא װעלכע האט געװאוסט װענען װאס ער איז אװעקגעגאנגען, איז איהם ענטגעגען געלאפען און האט איהם געפרעגט צו האט ער עפּעס גע־הערט.

— ניין ! — האט ער זיפצענד געענטפערט — איך װייס גאָר ניט, אבער מיר האבען זיך ניט צו בעאונרוהיגען. װען דער גראספירסט זעלבסט איז מיט איהר געפאהרען, װעט איהר קיין שלעכטעס געשעהן.

— פֿון װאַנען האָט מען זיך עפּעס דערמאָנט פֿון דער נטעוועט ר' גערש?

— כען האָט פּיעללייכט בעדאַרפֿט אנפֿרענען ביי א גוטען פֿריינד אין אָרשא?
— דאס איז אָן אומזאָנסטע ארבייט — ווען דער גראַספּירסט וויל דערפֿון מאַכען א געהיימניס, וועט קיינער עטוואס ערפֿאַהרען וואס דאָרט טהוט זיך.
— מיר רייסט זעהר דאס הערץ, — האט סאבינא געזאָגט — איך מוז דיר זאָגען, מיכאל, אז איך שלאָף איינפֿאַך קיין נעכט. עפּעס זאָגט מיר דאס הערץ אז דיא ארמע גרעפֿין איז אבערמאלס אין אן אונגליק אריינגעפֿאַלען.
— קוק נים אויף דעם וואס דאס הערץ זאָגט דיר — האט גרינזאנג געענטפֿערט מיט א שמייכעל — געווים ווייסט דוא וואס דיא וועלט זאָגט אז א הערץ איז א האלבער נביא און א נביא איז א נארר....
ביי דיא ווערטער איז ער צוגענאנגען צו זיין שרייב־טיש און האט אנגעהויבען דורכצולעזען דיא פֿיעלע בריעף וואס דאָרט איז געלעגען, וועלכע דער בריעף־טרעגער האט אין זיין אבוועזענהייט געבראכט.
איין בריעף האט אויף זיך זיין אויפֿמערקזאַמקייט געצויגען ווייל ער האט אויף איהם בעמערקט א שטעמפּעל, אויף וועלכען עס וואר געדרוקט דאס וואָרט „דאנילאָווקא".
— א בריעף פֿון דאנילאָווקא? — האט ער ערשטוינט געזאָגט — ווער קען דאס פֿון דאָרט צו מיר שרייבען?
— דוא מאכסט מיר זעהר נייגיעריג — האט סאבינא געזאגט — ווער קען ווירקליך צו דיר פֿון דאנילאָווקא א בריעף שרייבען?
— איך וועל שוין באלד זעהן — האט גרינזאנג געענטפֿערט עפֿענענדיג דעם בריעף.
— א.הא! — דאס איז פֿון דעם אלטען איוואנען — האט ער געזאָגט אקוק־טהאָנדיג אויף דעם אונטערשריפֿט.
— פֿון איוואנען? וואס שרייבט ער דיר?
— ער שרייבט זעהר א שווערע האנדשריפֿט — האט גרינזאנג געזאגט קוקענדיג אין דעם בריעף. עס איז אונמעגליך דעם בריעף צו לעזען. אבער וואַרט, איך וועל איהם דאָך איבערלעזען.
ער האט זיך זעהר אנגעשטרענגט און האט א לאנגע צייט געקוקט אין דעם בריעף.
פֿון מינוט צו מינוט איז זיין געזיכט פֿערענדערט געוואָרען. עס וואר לייכט אָן איהם צו דערקענען, אז ער גלויבט זיינע אויגען נים.
— וואס איז דאס מיט דיר, מיכאל? — האט סאבינא אונרוהיג געפֿרעגט — וויא איך דערקען אָן דיר, האט דער בריעף א שטארקע ווירקונג אויף דיר געמאכט.
— סאבינא! — האט גרינזאנג מיט א ציטערנדע שטימע געענטפֿערט — איך בין אויסער זיך. זאג, מיין לעבען, שלאָף איך יעצט אדער איך וואך?
— וואס איז דאס פֿאר א פֿראַגע? — האט סאבינא העכסט ערשטוינט געפֿרעגט.

— סאבינא! — האט גרינזאנג אויסגערופען און פון זיינע אויגען האבען זיך אנגעהויבען צו קייקלען טרעהרען — מיר גלויבט זיך דאס ניט, איך קען עס ניט גלויבען. אך, מיין נאַט! וואס טהוט זיך דא?

ער האט זיך מיט ביידע הענד געחאפט פאר זיין קאָפּ, וויא ער זאל פירכ־טען דאס דער קאפּ זאל זיך ביי איהם ניט צושפּאלטען.

— אבער אום גאָטעס ווילען, מיכאל, דוא ווארפסט אויף מיר אזא שרעק, דאס איך פאל איינפאך פון דיא פיס. זאג מיר שוין וואס פאר אן אונגליק דא האט געטראפען?

— ניין! — האט גרינזאנג ווירקליך וויא פון שלאף גערעדט — דאס איז קיין אונגליק. אין געגענטהייל, דאס איז איינס פון דיא גרעסטע גליקען. אבער.... מיר גלויבט זיך דאס ניט. דאס איז אונמעגליך, דאס זייען צו גרויסע וואונדער. דאס קען ניט זיין.

— וויא איך זעה, האסט דוא זיך הייטע בעשלאָסען פון מיר מיין געזונד צו צו נעהמען — האט סאבינא אויפגערעגט געזאגט — רייד שוין, לאָמיך הערען וואס שרייבט דיר איוואן?

— ער שרייבט.... ער שרייבט װעגען דעם מערדער וואָרין, וואס האט ארום דאנילאָווקא ערמארדעט א קינד.

— וואס שרייבט ער דיר וועגען איהם? איז דאס פיעללייכט דערזעלבע סעמיאן וואָרין וועלכען מיר זוכען?

— יא.... יא, סאבינא, דאס איז דער זעלבער.

— אזוי? דאס איז דער זעלבער סעמיאָן וואָרין, דער זאהן פון יענער עטא וואס צו איהר האבען מיר אונזער קינד אפּגעגעבען?

— יא, סאבינא, דאס איז דער זעלבער....

— נו, האט פיעללייכט איוואן פון איהם עטוואס ערפאהרען וועגען אונזער קינד?

— יא.... יא.... ער האט ערפאהרען.

— ער האט ערפאהרען? — האט סאבינא ווילד א געשריי געטהאן — זאג שנעל, וואס האט ער ערפאהרען?

— ער האט ערפאהרען אז דאס קינד וואס האט זיך ערצויגען ביי עטא וואָרין לעבט.

— זיא לעבט? מיין טאָכטער לעבט? — האט סאבינא אויסגערופען און איהר געזיכט איז פון איבעררראשונג לייכענבלאס געוואָרען.

— זיי־זשע ניט אזוי אויפגערעגט — האט גרינזאנג געזאגט — זאנסט װעל איך דיר שוין ניט דערצעהלען דאס איבעריגע.

— איך בין ניט אויפגערעגט — האט סאבינא געענטפערט און האט זיך בע־מיהט ציינען א מונטערעס געזיכט — איך בין ניט אויפגערעגט ליעבער מיכאל. אָ האב ערבארמען, דערצעהל מיר ווייטער, אונזער קינד לעבט, איך קען נאך האפען, מיין טאָכטער צו זעהן.

— יא, סאבינא, אונזער קינד לעבט — האט גרינזאננ ערווידערט — זעלבסט פערשטענדליך אז זיא וויס ניט אז מיר זיינען איהרע עלטערן.

— און ער שרייבט דיר וואו זיא געפינט זיך?

— יא.

— וואו? זאג געשווינד וואו געפינט זיך אונזער טאָכטער? אָ, מיין גאָט, איך שטעל מיר פאָר וואס פון איהר האט געקענט ווערען נאך דער ערציהונג וואס זיא האט געהאט ביי אזא גנב וויא וואָרין איז געווען.

— מערקווירדינער וויזע איז פון איהר געוואָרען זעהר א ליעבענסווירדינע אנשטענדינע פרוי, סאבינא! ווען איך וועל דיר זאגען דעם נאמען פון אונזער טאָכטער ועסט דוא אויסער זיך ווערען, דיר וועט דאס אונגלויבליך פאָרקומען.

און ביי דיא ווערטער האבען זיך פון גרינזאננס אויגען אבערמאלס אנגעהויבען צו גיעסען טרעהרען.

— וואס דוא ווייסט אויך וויא אונזער קינד הייסט יעצט? — האט סאבינא העכסט נייגיערינ און ערשטוינט געפרעגט.

— יא, סאבינא, איך וויים.

— נו, זאנ־זשע שוין וויא הייסט זיא? און וואו איז זיא. איך קען ווירקליך ולר ארויס דורך דיינע רעטהזעלהאפטע ווערטער, ווארום שווייגסט דוא אל? זאג וויא הייסט אונזער טאָכטער?

— זיא הייסט....

— וויא?

— גרעפין מאריא דאנילאוו.

א ווילדעס געשריי האט זיך ארויסגעריסען פון סאבינא׳ס האלז און זיא איז אין אָהנמאכט געפאלען אין גרינזאננס הענד.

812טעס קאפיטעל.

# עס איז געפעהרליך.

סימאָן גריץ איז פערצווייפעלט. ער וויים אז קוים וועט ער באלד ניט ברענגען מערין קיין געלד וועט זיא איהם אויפשפיעלען אזא חתונה וואס איהם וועט זיין פינסטער און ביטער, און וואו צו נעהמען געלד האט ער קיין אויסזיכט געהאט.

— וואס טהוט מען?

דער קאָפּ האט זיך איהם איינפאך צושפאָלטען קלערענדינ וואס טהוט מען, אבער ער האט קיין מיטעל געפונען.

— עס איז קיין אנדער מיטעל דא, וויא איהר ארפצוישפיעלען אזא חתונה וויא איך האב אויפגעשפיעלט נאלדען, האט ער זיך געקלערט. יא, עס מעג זיין וואס עס וויל, איך מוז זיא נאך הייטע פון דער וועלט פערטרייבען. דען ווען איך וועל דאס ניט טהאן בין איך מיט מיין לעבען ניט זיכער, זיא וועט געווים ערשטענס, לייי רעבעקא׳ן פון דעם שווינדעל וואס איך האב געמאכט מיט דער צוואה. זיא איהר דערצעהלען פון דעם וואס איך האב זיא געשיקט זיא זאל

אויסריידען אויף יאקאב פיין אזא לינען וואס איז ניט געשטוינען און ניט געפלוינען, דריטענס, וועט זיא דערצעהלען אז איך האב גאלדע׳ס הויז אונטערגעצונדען, און אבוואהל זיא קען דאס ניט דייטליך בעווייזען, וועט מען אנהויבען וועגען דעם שטארק צו דענקען, און מען וועט אזוי לאנג וועגען דעם נאכפארשען ביז מען וועט דיא וואהרהייט ערפאהרען און איך וועל האבען א שווארצען פינסטערען סוף.

יא, זיא מוז מיר היינט איהר לעבען ענדען — האט ער געזאגט — אבער וויא אזוי? וואס האב איך דא צו טהאן. וואס פאר א טוידט זאל איך פאר איהר אויסקלייבען!

נאך א לאנגעם נאכדענקאן איז ביי איהם געבליעבען, ער זאל זיא פערגיפטען.

— זיא האט ליעב א גלעזעלע וויין — האט ער זיך געקלערט — איך וועל מיט זיך נעהמען גיפט און וועל איהר זאגען אז איך האב איהר געבראכט געלד, אבער איך וויל איהר דאס געלד ניט געבען בעפאר זיא וועט מיט מיר ניט טרינקען א גלעזעלע וויין. איך וועל שוין אין איהר גלעזעל אריינשיטען א פּאָרציאָן גיפט, וואס וועט זיא באלד איבערטראנספּאָרטירען אין יענער בעסערער וועלט. נאכהער וועל איך שוין זיין פון אלע זייטען זיכער.

ער איז אריינגעלאפען אין א וויינגעשעפט האט געקויפט א גוטע פלאש וויין און האט אין אן אפּטהעק געקויפט ארסעניק מיט דעם אויסרייד אז ער דארף דאס פאר מייז, און איז אוועקגעלאפען צו מערי׳ס קווארטיר.

ער האט אבער איהר צימער געפונען פערשלאסען.

דאס איז איהם זעהר אויפפאלענד געווארען, מערי זאל איהם ניט ערווארטען אין דער צייט ווען זיא מיינט אז ער וועט איהר ברענגען געלד. דאס איז ניט אומ־זאָנסט, דא מוז עפּעס זיין.

— נור פיעללייכט איז זיא אוועקגעאנגען וועגען א נויטהווענדיגע זאך און זיא וועט באלד קומען — האט ער זיך געטראכט.

ער איז געבליעבען פאר דער טהיר און האט געווארט, עס איז אבער איבער־געגאנגען א האלבע שטונדע און זיא איז ניט געקומען.

— וואס זאל דאס בעדייטען? — האט ער זיך געקלערט — וואו קען זיא זיין? מערי זאל ניט ווארטען אויף איהם און אויף זיינע געלד? זיא ווייס דאך ניט אז ער האט זיא גענארט.

— דא מוז עפּעס זיין — האט עס אין איהם גערעדט — דאס איז ניט אומ־זאנסט — זער וויים צו האט זיא מיך ניט גענארט? עס קען זיין אז זיא איז אוועק־געגאנגען צו רעבעקא׳ן איהר אלעס דערצעהלען, ווייל זיא האט שוין פערלארען צו מיר דאס צוטרויען, און זיא ווייס בעשטימט אז איך וועל איהר קיין געלד געבען.

א קאלטער שוויים האט איהם בעגאָסען דענקענדיג אן דעם. אויב זיא איז שוין געוועזען ביי רעבעקא׳ן, איז דאס א פערפאלענע זאך, דא האט שין געוויס אלעס אבדערצעהלט און איך קען שוין דאצו גאר ניט העלפען.

— אבער ניין! איך וועל נאך אונטערלויפען צו רעבעקא׳ן פיעללייכט איז זיא

נאך דארטען, ווען ווען איהר זיין ווען זיא האט זיך געזאגט מיין געהיימניס ארויסצוגעבען.

נור וואס קען איך איהר דאמאלס טהאן? — האט ער זיפצענד געקלערט — קוים האט זיא שוין אלעס דערצעהלט, בין איך פערלארען און איהר וועל איך נאר ניט קענען טהאן.

נור אלענפאלס מוז איך געהן צו רעבעקאן. איז זיא דארט נאך ניט געוועזען, וועל איך קענען דאס אונגליק פערהיטען. און אויב זיא איז יא געוועזען, וועל איך פרובירען זיא מאכען פאר א ליגנערין, פיעללייכט וועט מיר געלינגען פון רעבעקא'ס הערץ ארויסצורייסען דעם פערדאכט וואס מערי וועט אין איהר אריינגעבען.

ער איז גלייך אוועקגעלאפען צו מערין.

— — — — — — — — — — — — — — — —

בעפאר גרייץ וועט אין ראטהבלום'ס הויז אריינטרעטען, וועלען מיר זעהן וואס דארט טהוט זיך.

אונזערע לעזער וויסען, אז גרייץ איז שוין איין מאל ביי רעבעקאן אין יענעם טאג געוועזען. דאס וואר נאכדעם וואס רעבעקא האט ערפאהרען פון דעם פראקוראר אז ער האט יאקאב פיין אין אונגליק געשטירצט.

מען קען זיך פארשטעלען וויא רעבעקא האט אויף איהם דאן געקוקט. אבער זיא האט זיך בעשלאסען מיט איהם וועגען דעם ניט צו ריידען, דען זיא האט איהם בעטראכט אזוי נידעריג דאס ער האט נאר ניט דיא ווערטה מען זאל איהם זאגאר וועגען עטוואס פארווירפע מאכען.

זיא האט אויף איהם אזוי בייז געקוקט דאס איהם האט א שוידער געטהאן און ער האט איהר געפרעגט:

— וואס איז דיר מיין לעבען? עפעס בעמערק איך דאס דואביסט אויפגערעגט.

— איך בין אונוואהל — האט זיא געענטפערט ניט קוקענדיג אויף איהם — און איך קען דארום מיט אייך יעצט ניט ריידען.

— ווייטער זאגסט דוא מיר אייך? — האט ער פערעריסליך געזאגט — דוא קענסט זיך נאך אלץ ניט געוועהנען מיך אלס דיין ברויטיגאם און דיין קינפטיגען מאן צו בעטראכטען?

זיא האט ניט געענטפערט.

— רעבעקא—האט ער געזאגט זעהר צערטליך זיא פאר דער האנד ערגרייפענד, איך פיהל מיך געגען דיר ניט שולדיג דוא זאלסט האבען דאס רעכט מיך זא שלעכט בעהאנדלען. ערקלעהר דאך מיר ווארום ביסט דוא אויף מיר צארניג? וואס האב איך דיר געטהאן?

— מיר האט איהר גאר ניט געטהאן ... האט זיא געענטפערט, און האט שטארק בעטאנט דאס ווארט מיר.

ער האט פערשטאנען אז מיט דעם אויסדרוק מיינט זיא עפעס, ער האט אבער נאך דאן נאר ניט גערעכענט, אז זיא וויים שוין וואס פאר א פוינעל ער איז און האט דארום געזאגט:

— ניט דיר האב איך שלעכטעס געטהאן, נאך דיינע ווערטער פערשטעה איך אז דוא דענקסט דאס איך האב יעמאנדען יא שלעכטעס געטהאן. זאג מיר וועמען מיינסט דוא, געגען וועמען האב איך מיך פערזינדיגט?

— דאס דארפסט דוא בעסער וויסען אלס איך....

— איך פיהל מיך געגען קיינעם ניט זינדיג.

— איך וויל אייך גאר ניט פרעגען צו איהר פיהלט זיך יא שולדיג צו ניט.

— אבער אום גאָטעס ווילען רעבעקא, ערקלעהר דאָך מיר וואס דוא מיינסט מיט דיינע ווערטער, פיעללייכט האט מיך יעמאנד פאר דיר פערליימדעט וועל איך געוויס אין שטאנדע זיין זיך ריין צו וואשען.

— איך פערלאנג דאס פון אייך ניט — האט זיא ספאָטיש געזאגט — איהר וועט זיך פערטהיידיגען פאר אימעצען אנדערש....

ער האט זיך נאך געפּרובירט פון איהר אויסצופאָרשען וואס דא טהוט זיך אבער ער האט גאר ניט געקענט ערפאהרען און איז וויא אבגעשמיסען פון איהר אוועקגעגאנגען.

שפּעטער האט רעבעקא'ן מערי א בעזוך געמאכט און האט איהר וויא מיר וויסען ענטדעקט נאך שרעקליכערע געהיימניסע. וועלכע האבען איהר קלאהר געוויעזען ווער גריין איז. זיא האט שוין ביי איהר פאטער אויך אויסגעפיהרט, זיא זאל זיך פון דעם שענדליכען גריצען בעפרייען. יעצט האט זיא ערוואַרטעט גריצען זיא זאל איהם קענען זאגען אז זיא איז שוין ניט זיינע. מיט דערזעלבער אונגעדולד האט זיא אויך ערוואַרטעט יעקב פיין, זיא זאל קענען איהם געבען אנצוהערען אז זיא איז צו איהם צוגעבונדען מיט לייב און זעעלע און נור מיט איהם וועט זיא גליקליך זיין.

מען קען זיך פאָרשטעלען איהר פריידע אלס אין האלבע שטונדע ארום נאך מערי'ס אוועקגעהן, האט זיך דיא טהיר געעפענט און יאקאב פיין איז אריינגעקומען.

— ריכטיג וויא גערופען — האט זיא זיך געקלערט און איהר געזיכט אויך וועלכען עס איז וויא א וואָלקען געלעגען, האט זיך אין איין מאָמענט אויסגעלייטערט.

זעהר הערציך האט זיא איהם עמפּפאנגען און האט וויא געוועהנליך מיט איהם אנגעהויבען צו ריידען פון פערשיעדענע זאכען, ביז ער האט געזאגט:

— איהר ווייסט פרייליין ראטהבלום ווענען וואס איך בין יעצט צו אייך געקומען?

— איך וויל דאס גאר ניט וויסען — האט זיא שמייכלענד געענטפערט — פאר מיר איז גענוג וואס איך זעה אייך יעצט ביי אונז אין הויז.

— איך בין אבער ניט געקומען מיט אייך יעצט צו פערברענגען, אבוואָהל דאס איז מיין גרעסטע פערגניגען. איך בין געקומען אהער פון אייך אבשיעד נעהמען.

— אבשיעד נעהמען? — האט זיא אויסגערופען און איז בלאַס געוואָרען, איהר פאהרט דען אוועק?

— יא, איך פאהר הייטע אוועק.

— וואוהין, ווייט?

— ניין, נאך דער שטאָדט אָרשא.

— אויף לאנג?

— דאס ווייס איך ניט, רוכט זיך אז איך וועל דארט לאנג ניט זיין און וועל צוריקקומען אהער אום צוריק נאך אדעסא אוועקצופאהרען.

— אזוי? אייך איז שוין מאסקווא צו לאסט געפאלען און איהר ווילט פון איהר אנטלויפען.

— און וויא זאגט איהר? — האט מיר דיא שטאדט ניט בעדארפט צולאסט פאלען? איהר ווייסט דאך וויפיעל שמערצען איך האב אין איהר געהאט. איך האב דא מיין גאנץ געזונד פערלארען.

— דיא וועלט זאגט דאך אבער אז מען דארף זוכען דארט וואו מען פער־לירט.... איך גלויב אז איהר וועט דא בלייבען קענט איהר געפינען א גאנץ גרויסע גליק.

— איך קען דא א גרויס גליק געפינען? — האט ער מיט א ביטערן שמייכעל געענטפערט — אָ, ניין, פריילין ראטהבלום! פאר מיר ניעבט עס אין דער גאנצער וועלט קיין גליק, בעזאנדערס היער!!

— איך פערשטעה ניט ווארום זיים איהר אזוי פערצווייפעלט, וויא באלד נאָט האט אייך געהאָלפען און איהר זייט געראטעוועט געוואָרען פון אזא אונגליק וויא עס האט איבער אייער הויפט געשוועבט, האט איהר מעהר רעכט אלס אלע אויף גרויס גליק צו האפען. איהר קענט נאך דא אויסגעפינען א מעדכען וואס זיא וועט ווערטה זיין איהר זאלט איהר אייער הערץ שענקען און צחאמען מיט איהר זעהר א גליקליך לעבען פערברענגען.

— דא האט איהר פריילין ראטהבלום ווייטער אין אירטהום, איך ביטע אום ענטשולדיגונג דאפיר וואס איך האב מיך זאָ הארט אויסגעדריקט, מיין הערץ איז פערשלאָסען פאר אלע שעהנע מעדכענס.

— אזוי נאר? — האט זיא געלאכט — וויא איך הער האט איהר זיך שוין גענצליך ענטזאגט פון דער גאנצער וועלט?

— אזוי ווייזט דאס אויס.

— דארף איך פרעגען דיא אורזאכע פון אזא פערצווייפלונג?

— אויב איהר ווילט דורכאויס דיא אורזאכע וויסען, מוז איך אייך דאס אויך ערקלעהרען, אז איך האב שוין דא איין מאל געליעבט.

— נו, און איהר האט קיין געגענליעבע ערהאלטען.

— עס קען זיין אז איך וואלט דאס יא ערהאלטען, אבער מיין אונגליק האט דאצו געבראכט דאס זיא איז פערלאבט געוואָרען פאר אן אנדערן.

רעבעקא האט פערשטאנען אז דאס מיינט ער זיא. אלע פארבען האבען זיך אנגעהויבען אין איהר געזיכט צו בייטען. זיא האט איינינע מינוטען נאר ניט גע־וואוסט וואס צו ריידען. ענדליך האט זיא געזאגט:

— עס קען זיין אז איהר וועט דאס פאר אן אונרעכט בעטראכטען, וואס איך וואגע מיך אייך צופיעל צו פרעגען, אבער איהר ווייסט דאך שוין אז דיא פרויען זיינען נייגיעריג און דארום קען איך מיך ניט איינהאלטען אייך צו פרעגען:

ווער איז דאס מערכען ווענען וועלכער איהר האט זאָ עבען גערעדט?

— דאס איז ווירקליך צופיעל פערלאנגט — האט יאקאב שמייכלענד גענענ־פערט און איז רויטה געוואָרען.

— קענט איהר מיר דאס נים זאגען?

— עס איז אן איבעריגע זאך.

— ווארום?

— ווייל דאס וועט קיין נוצען ברענגען נים מיר און נים אייך.

— איך בין דאך אבער פאָרט נייגעריג דאס צו וויסען.

— וויא באלד איהר פערשטעהט אליין נים ווער דאס מערכען איז, דארף איך דאס אייך נים זאגען.

— איך דארף דען דאס זעלבסט פערשטעהן?

— יא.

— נו, אויב איך דארף דאס, לויט איהר זאגט יא פערשטעהן, מהו איך אייך צוליעב און פערשטעה עס.... דערביי קען איך אייך זאגען, אז דאס מערכען וועלכע איהר האט דערמאנט איז נים פערלאָבט מיט קיינעם.

— דאס איז א בעוויז, אז איהר פערשטעהט נאך אלץ נים ווער דאס מער־כען איז.

— איך פערשטעה יא און איך ווידערהאָל מיינע ווערטער, אז נריץ איז שוין נים מעהר איהר ברוטינאם....

— רעבעקא! — האט יאקאב אויסגערופען אויפשפרינגענד פון זיין אָרט, וועהרענד זיין געזיכט האט איינפאך אנגעפאנגען צו שטראהלען — זאל איך גלויבען אז איהר רעדט דאס ערנסט?

— יא, ליעבער יאקאב, איך רייד דאס ערנסט; נריץ איז שוין נים מעהר מיין ברוטינאם. אויב דוא ליעבסט מיך ווירקליך וויא דוא זאגסט, בלייב איך דיינע אויף אימער און עוויג.

— רעבעקא, מיין זיסער גוטער ענגעל! — האט יאקאב אויסער זיך פון אי־בערראשונג אויסגעשריען איהר דיא האנד רייכענד — איך בין גליקליך, איבער גליקליך.

זייערע ליפען האבען זיך אין דעם מאָמענט צוזאמענגעקלעפט און זיי זיינען אזוי געשטאנען וויא צוויי קערפער מיט איין זעעלע.

אין דער מינוט האט זיך דיא טהיר געעפענט און סימאן נריץ איז אריינגע־קומען.

313טעס קאפיטעל.

## ביי דעם גראָספירסט.

עס וואר שוין רעכט פינסטער אלס דער גראספירסט מיט דעם גראף דא־נילאוו זיינען געקומען אין דעם האטעל וואו דער ערשטער האט קווארטירט.

דער גראספירסט איז געווען זעהר הייטער און לוסטיג, אבער זיין בעגלייטער האט אויסגעזעהן זעהר טרויעריג און פערצווייפעלט.

דעם נראַספּירסט וואָרונג וואָר שוין פּרעכטיג בעלײַכטעט אַלס די בײדע מענער זיינען אַהין אַרײַנגעקומען.

— מאַווריקי! — האָט וולאַדימיר טוטטער אַ נעשריי נעטהאָן צו זיין דינער. דו זאָלסט שנעל דעקען דעם טיש און הייס אַרײַנטראַגען פון בופעט דאָס בעסטע וואָס דאָרט נעפינט זיך.

— סלושאיו! — האָט מאַווריקי נעענטפערט.

— נו, אַנטאָן מאַרטינאָוויטש! — האָט דער נראַספּירסט נעזאָגט צום גראף ועלכער האָט זיך געזעצט אויף אַ שטוהל אין אַ ווינקעל און האָט, וויא עס האָט אויסגעזעהן, זיך נעוואָלט פערטיעפען אין זיינע נעדאַנקען — וועל איך אַמאָל אויס־ווירקען ביי אייך, איהר זאָלט האָטש אין מיין נענענוואָרט זיין אַביסעל פרעה־ליכער?

— נגעדינער פּרינץ! — האָט אַנטאָן זיפצענד נעענטפערט — איך גלויב, אז איהר ווייסט זעהר גוט, דאָס נענען דער נעוויסענסביסע העלפט קיין זאַך אין דער וועלט, דען קוים דרינגט זיא אַריין אין דעם מענשענס ברוסט, קען מען זיא פון דאָרט נים פעריאַגען.

— אבער, ליעבער פריינד — האָט וולאַדימיר צערטליך נעזאָגט — איהר זייט דאָך געוועזען מיין טאַפּפּערסטער אפיציר, איך האָב נימאָלס ערוואַרטעט דאָס איהר זאָלט וויא אַ שוואַכמיטהינע פרוי זיך איבערגעבען אַזעלכע געדאַנקען וואָס עס איז דיא גרעסטע שאַנדע פאַר אַ העלד מיט מוטה ער זאָל זיי אין זיין קאָפּ אַריינלאָזען.

— דאָס וועגדעט זיך נים אָן העלדענמוטה. איך גלויב, דאָס דער גרעסטער העלד אין דער וועלט וואָלט ביי אַזאַ פאַל זיין מוטה פערלאָרען.

— ביי אזא פאַל? וואָס מיינט איהר מיט דיא ווערטער?

— איך מיין דיא ביטערע נעשיכטע וואָס מיט מיר האָט געטראָפען. איך וועל קיין מאָל פערגעסען אז איך האָב מיין ליעבע אונשולדינע פרוי ערמאָרדעט און אז מיין טהייער קינד האָט אויך דורך מיר אזא גרויזאַמען שרעקליכען טויט גע־פונען.

— אבער, אַנטאָן מאַרטינאָוויטש! איך האָב אייך נעזאָגט און ווידערהאָל מיינע ווערטער דאָס איך קען נים גלויבען אז איהר האָט אַ מאָרד בעגאַנגען.

— דער גראָב פון מיין נוטער זיסער פרוי, ווען איך איבערצייגען אז דאָס איז ליידער וואָהר.

— וואו נעפינט זיך דער גראָב פון אייער פרוי?

— אין דעם טייפעלס־שלאָס.

— דאָס איז נים וואָהר. איך בין נעוועזען אין דעם טייפעלס־שלאָס, האָב נעבעטען דעם אַלטען דיענער וואָס וואוינט דאָרט ער זאָל מיר ציינען דעם גראָב פון דער גרעפין מאַריא, האָט ער מיר נעענטפערט אז אזא גראָב נעפינט זיך דאָרט נים.

— דאס האט ער אייך אזוי נעענטפערט, ווייל ער האט געמיינט אז ווען ער זועט דיא וואהרהייט זאגען, וועט ער מיין לאנגע פערשלימערן.

— ניין, אנטאן מארטינאוויש, איך פערשטעה שוין ווען א מענש רעדט צו מיר דיא וואהרהייט אדער א ליגען. איך האב גוט פערשטאנען דאס דער אלטער האט מיך ניט נענארט. יא, איך האב מיך עראינערט אייך איבערצוגעבען זעהר א וויכטיגע זאך.

— וואס איז דאס פאר א זאך?

— אלס איך וואר אין דעם טייפעלסשלאָס, האב איך דאָרט געטראפען אייער דיענער. ער הייסט טראשקא.

— נו?

— דיעזער טראשקא האט מיר א פאר זעהר וויכטיגע געהיימניסע ענטדעקט וואס איהר וועט אויסער זיך ווערען ווען איהר וועט זיי דערהערען. ערשטענס, איז דאס קינד וועלכע איז ערמארדעט געוואָרען ביי א פאכטערין אין הויז, איך גע־דענק שוין ניט דעם נאמען פון דיעזער פאכטערין, איז ניט אייער קינד געוועזן.

— וואס? — האט אנטאן אויסער זיך פאר ערשטוינען געפרעגט — דאס איז ניט געוועזן מיין קינד?

— ניין, גראף.

— דאס איז אבער אונמעגליך.

— דאס איז יא מעגליך. אייער דיענער האט מיר ערקלערט, דאס ער אליין האט אייך איינגעבילדעט אז יענעס קינד איז אייערס. עס איז א צו לאנגע גע־שיכטע צו דערצעהלען יעצט ווארום ער האט דאס געטהאָן.

— אזוי האט אייך טראָשקא דערצעהלט?

— יא. איך האר שוין גוט פערשטאנען אז ער האט מיך ניט גענארט.

— איז דאס נ ט געוועזן מיין קינד? — האט אנטאן אויסגערופען און זיין פינסטער געזיכט איז מיט איין מאל ליכטיג געוואָרען.

— דאס איז ניט געוועזן אייער קינד, אנטאן מארטינאוויטש, איך גיעב אייך אויף דעם מיין עהרען־וואָרט.

— ווארזשע איז מיין קינד?

— אייער קינד לעבט.

— מיין קינד לעבט? זאל איך דאס גלויבען?

— אויב מיין עהרענוואָרט האט ביי אייך א ווערטה, זאלט איהר דאס גלויבען — האט וולאדימיר רוהיג געענטפערט.

— גרויסער גאט! מיין קינד וואס מיין אונגליקליכע פרוי האט מיר געשענקט לעבט? — האט אנטאן אויסער זיך פאר איבערראשונג געפרעגט און פריידען־טרעהרען האבען זיך אנגעהויבען פון זיינע אויגען צו גיעסען. אָ, פרינץ, זאגט דאך מיר וואו איז יעצט מיין קינד?

— איך וועל אייך באלד זאגען. אבער לאזט מיר אייך דערצעהלען דיא אי־בעריגע געהיימניסע וואס דערזעלבער טראשקא האט מיר דערצעהלט. זיי וועלען

אייך נאך מעהר אינטערעסירען אלס די׳א ערשטע, דען זי זיינען נאך וויכטינער.

— נאך וויכטינער? — האט דער גראף געפרענט קוקענדיג אויף דעם גראס־פירסט מיט ווילדע בליקען — וואס קען נאך וויכטינער פאר מיר זיין, ווי דיא אונערווארטעטע נאכריכט אז מיין ליעב קינד לעבט?

— איהר וועט אליין געשטעהן, אז דיא צווייטע געהיימניס איז וויכטינער פאר דער ערשטער. טראשקא האט מיר פערטרויט, דאס דער רעוואלווער מיט וועלכען איהר האט אייער פרוי געשאסען איז ניט געווען געלאדען מיט א קוגעל.

— דאס פערשטעה איך שוין גאר ניט.

— ווארום פערשטעהט איהר ניט? האט איהר ניט געהייסען אין יענער פערהענגניספאלער נאכט אייער דיענער, ער זאל דעם רעוואלווער לאדען?

— יא — האט אנטאן געענטפערט.

— דיעזער קלוגער טראשקא האט פערשטאנען אז איהר ווילט עטוואס שרעקליכעס טהאן, דארום האט ער דעם רעוואלווער בלויז מיט פולווער געלאדען אהן א קוגעל.

— ווען אזוי, וואלט דאך מיין פרוי ניט ערמארדעט געווארען?

— פון וואנען ווייסט איהר דען, אז זיא איז יא ערמארדעט געווארען?

דער גראף האט ערשטוינט אנגעקוקט דעם גראספירסט.

— וואס איז דאס פאר א פראגע? — האט ער געשטאמעלט — ווייסט איהר דען ניט אז מיין ווייב איז דורך מיין האנד ערמארדעט געווארען?

— מיר שיינט, אז איהר אליין ווייסט דאס אויך ניט ריכטיג.

— פרינץ! — האט אנטאן מיט א ציטערנדע שטימע געזאגט — איהר רעדט מיט מיר הייטע אזעלכע אונפערשטענדליכע ווערטער, וואס מיין פערשטאנד קען זיי ניט בעגרייפען.

— איך רייד מיט אייך דייטליכע ווערטער — האט דער גראספירסט שמייכלענד געענטפערט — איך פרעג אייך, זאגט מיר, זייט איהר איבערצייגט אין דעם אז אייער פרוי איז טויט?

— געוויס בין איך אין דעם איבערצייגט.

— האט איהר אליין זיא געזעהן א טויטע?

— איך האב קיין מוטה געהאט זיא צו זעהן.

— אלזא, ווייסט איהר דאך נאך ניט בעשטימט צו זיא איז טויט?

— מיר האט דאך מיין אלטער דיענער איוואן אליין געזאגט, אז ער האט זיא בעגראבען אינ׳ם טייפעלס־שלאס?

— פיעללייכט האט ער דאס אייך געזאגט, בלויז מיט דעם ציעל איהר זאלט אויפהערען אייער פרוי צו פערפאלגען?

— דאס איז אונמעגליך.

— ווארום איז דאס אונמעגליך?

— איוואן וואלט מיך אזוי ווייט ניט גענארט.

— עס קען אבער זיין אז ער ואר געצוואונגען דאס צו טהאן, ארים פורכט איהר זאלט אייער פרוי ניט פערפאַלגען?

— גלויבט איהר, פּרינץ, אז.....

— אז אייער פרוי לעבט, ווילט איהר זאגען? איך קען אייך אויף דעם ענט־פערען, אז ביי מיר איז א גרויסער צווייפעל צו זיא איז טויט.

— מיין גאט! דורכלויכט! קענט איהר אייך דען פאָרשטעלען וואס פאר א שטורם איהר האט יעצט אין מיין ברוסט געבראַכט? אָ, ניין! איך קען אזא גליק ניט גלויבען. וואו וואָלט דען מיין פרוי געווען, ווען זיא זאל לעבען?

— דיא פראגע איז קאָמיש. איז דען דיא וועלט ענג? איז אין איהר קיין פּלאַץ דאָ זיך צו בעהאלטען?

אנטאן האט ווייטער אויף דעם גראספירסט מיט ווילדע בליקען געקוקט און האט ענדליך געזאגט:

— גראספירסט! איך דערקען אָן אייך אז איהר ווייסט א מערקווירדיגע געהיימניס. איך בעשווער אייך ביי אלעם וואס ביי אייך איז היילינ, איהר זאלט מיר אַלעס זאגען וואס איהר ווייסט.

— באלד, גראף. וועט איהר דא ווארטען איינינע מינוטען ביז איך וועל צוריק אריינגעהן?

— געוויס וועל איך ווארטען.

— ניט מעהר וויא אין פינף מינוטען ארום קום איך צוריק און דאן וועט אייך אלעס קלאָר ווערען — האט דער גראַספירסט געענטפערט און איז ארויסגע־לאָפען.

— דאס וועט זיין א שעהנע סצענע, ווען דיאביידע וואס יעדער פון זיי מיינט אז דער צווייטער איז טויט וועלען זיך דערזעהן לעבעדיג — האט וולאדימיר מיט א צופריעדענעם שמייכעל צו זיך אליין געזאגט און איז אריינגעגאנגען צו דער גרעפין אין צימער.

## 314טעס קאפּיטעל.

## אין וועג.

צו דער סטאנציאן סאמארינקא איז דער מיטען־נאכטיגער צוג צוגעפלויגען מיט גרויס אימפּעט. שטארק האט דער לאנגער פייף פון דעם לאקאמאטיוו גע־קלונגען אין דער שטילקייט פון דער נאכט.

פון אן ערשטען־קלאַסנעם וואגאן זיינען ארויסגעגאנגען צוויי פּערזאָן, א יונגער מאן מיט אן אלטער פרוי. דער יונגער מאן האט מיט איין האנד געפיהרט דער אלטער אונטער דעם ארם, און אין דער צווייטער האט ער געהאלטען אן עלעגאנטען רייזע־זאק.

זיי זיינען ביידע אריינגעקומען אינ׳ם בופעט פון דעם וואקזאל און האבען זיך דארט געזעצט ביי א טיש.

— וואס זאל איך הייסען דערלאנגען, טאנטע? — האט דער יונגער מאן גע־פרעגט.

— א גלאז טהעע.

— ניט מעהר ?

— איך וויל קיין זאך. אויב דוא, לעאפאלד, ווילסט עטוואס, קענסט דוא פאר זיך הייסען דערלאנגען וואס דיין הערץ געלוסט.

— איין גלאז טהעע און א פארציע; קאטלעטען מיט א גלאז ווין — האט דער יונגער מאן א געשריי געטהאן צו א קעלנער.

דער קעלנער האט באלד דערלאנגט דאס וואס מען האט איהם געהייסען.

— קענען מיר בעקומען א פוהר נאך דער דאצשע סאמארינקא ? — האט דער יונגער מאן געפרעגט.

— יא.

— נו, זאלסט דוא באלד א פוהר ברייננען אבער מיט א גוטען וואגען. דער פאר בעקומסט דוא ארענטליך אויף טהעע.

די פרוי וואס איז געזעסען ביים בופעט און האט די ווערטער געהערט, איז זעהר נייגעריג געווארען. זיא איז באלד צוגעגאנגען צו די געסט און זיך העפליך פערניינענד האט זיא געפרעגט :

— איהר פאהרט נאך סאמארינקא ?

— יא — האט די אלטע דאמע געענטפערט.

— מיר שיינט. אז א יונגע דאמע איז מיט א קורצע צייט צוריק געפאהרען נאך סאמארינקא ?

— יא.

— דארף איך פרעגען ווער זיא איז ?

— ווארום ווילט איהר דאס אזוי וויסען ?

— ווייל זיא איז מיר זעהר קענטליך פארגעקומען. איך געדענק אבער ניט וואו איך האב זיא געזעהן.

— עס קען זיין, דאס איהר האט זיא ווירקליך אמאל געזעהן.

— וויא איז איהר נאמען ?

— באבעטא קראנענשטיין.

— וויא ? קראנענשטיין ?

— יא, זיא איז מיין שוויגערזאהנס א ניכטע.

— אזוי ? — האט זעלדע ערשטוינט געענטפערט — דאס איז א בעווייז אז איך האב אן אירטהום געהאט. דען יענע וואס איך האב געקענט האט גאר קיין נאמען געהאט.

— וויא איז דאס מעגליך ?

— אין דער וועלט גיעבט קיין אומעגליכעס - האט זעלדע געלאכט — איהר פאהרט דאס יעצט געוויס נאך סאמארינקא, דארט דעם זומער צו פער ברייננען !

— יא — האט די אלטע געענטפערט — אבער זאגט מיר, ליעבע פרוי,

וויא מיר שיינט, האט איהר ניט לאנג דעם בופעט דא איבערגענומען, דען איך פאהר יעדעס יאהר נאך סאמארינקא און האב אייך דא ניעמאלס געזעהן.

— יא, מאדאם. איך האב ווירקליך ערשט מיט איינינע מאנאטען צוריק דיעזען בופעט איבערגענומען ביי דער פרוי וועלכע האט דא פריהער געהאלטען.

— פון וואנען זייט איהר אליין?

— אויס דער שטאדט ארלאוו.

— וואו איז דאס דיא שטאדט ארלאוו?

— אין טיעף רוסלאנד.

— וויא־זשע קומט איהר פון טיעף רוסלאנד אהער?

— מיין מאן האט זיך בעקאנט געמאכט מיט דעם פאטער פון דעם נאטשאלניק פון דיעזער סטאנציע, האט ער ביי איהם גענומען א בריעף צו זיין זאהן, ער זאל איהם דעם בופעט איבערגעבען. איך בין מיט דעם בריעף אהער ארויסגעפאהרען און דער נאטשאלניק האט מיר גלייך דיעזען בופעט איבערגעגעבען.

— האט איהר אין ארלאוו אויך א בופעט געהאלטען?

— יא.

— און וואו איז אייער מאן?

— מיין מאן איז א פאדריאדשיק, ער פאהרט אימער ארום וועגען זיינע געשעפטען. ער קומט אהער בלויז איין מאל אין דער וואך.

מעהר האט דיא פרוי ניט געהאט וואס צו ריידען און זיא האט זיך אומגעקעהרט צוריק צו איהר בופעט.

— איך האב דיעזער פרוי שרעקליך פיינד — האט דיא אלטע לאה געזאגט צו לעאפאלד'ן.

— ווארום?

— האסט דוא דען ניט געהערט וויא זיא האט דערצעהלט, אז זיא האט דיעזען בופעט ארויסגענומען פון דער פרוי וואס איהם האט פריהער דא געהאלטען. איך האב יענער פרוי זעהר גוט געקענט, זיא וואר אן אנשטענדינע דאמע, א וויטווע; פון דיעזען בופעט האט זיא זיך יאהרען־לאנג ערנעהרט. מען קען זיך לייכט פארשטעלען אין וואס פאר א טרויערינע לאגע יענע אונגליקליכע איז געבליעבען, נאבדעם אז מען האט פון איהר דאס ביסען ברויט אבגענומען.

— איהר האט רעכט, טאנטע, דאס איז ווירקליך א גרויס אונרעכט — האט לעאפאלד געענטפערט. אויסער אלע זאכען, מאכט דיעזע פרוי זעהר א שלעכטען איינדרוק. מען דערקענט באלד, אז זיא איז א שלעכטע און א הערצלאזע.

עס האט לאנג ניט געדויערט איז דער דיענער צוריקגעקומען מיט א פוהר.

— גנעדינע פרוי — האט דיא בופעטניצע געזאגט צוגעהענד צו דער אלטער — וועט איהר מיר ערלויבען איך זאל אייך אמאל בעזוכען? מיר זיינען דאך יעצט נאכבארען (שכנים).

— איך דאנק פאר דער עהרע — האט לאה געענטפערט — ליידער אבער קען איך אייך ניט עמפפאנגען, וויל איך עמפפאנג אין מיין דאצשע קיינע געסט.

זעלדע האט זיך אפילו געפונען שטארק בעליידיגט. אבער זיא האט זיך גע־מאכט מוטה און האט געזאגט:

— עס מאכט ניט אויס, ווען איך וועל צו אייך קומען וועט איהר מיך געוויס ניט ארויסטרייבען. איך בין אזא מענש, וואס אין מיין נעגענוווארט קען מען ניט אונטוטהינ זיין. איך פערזיכער אייך, אז איהר וועט מיר נאך בעטען איך זאל ביי אייך אן אפטער גאסט זיין.

לאה האט ניט נעענטפערט. זיא איז מיט לעאפאלד'ן ארויסגעגאנגען פון'ם וואקזאל, ביידע האבען זיך אריינגעזעצט אין וואגען און זיינען אוועקגעפאהרען.

— וואס זאגט איהר צו דער אלטער חאלעריע ? — האט זעלדע געזאגט צו דיא דיענער אלס דיא געסט זיינען אוועקגעפאהרען — זיא איז ביי זיך שטאלץ וויא א קייזערין. עפעס מח זיא מיינען, אז איך בין פון דיא וויבער וואס מען קויפט דריי פאר א גראשען ? מאקע איהר צו להכעים מוז איך צו איהר זעהר אפט פאה־רען, און לאמיך זעהן וויא זיא וועט מיך ארויסטרייבען.

אונזערע ביידע פאסאזשירען זיינען זיך דערווייל געפאהרען זעהר שנעל און זיינען ניך אנגעקומען אין דער ראציטש סאמארינקא.

דארט איז געווען שטיל וויא אויף א בית־עולם. בת־שבע האט זעהר געשמאק געשלאפען און האט געזעהן זיסע חלומות. צווישען דיא שעהנע בילדער וואס דער טרוים־ענגעל האט פאר איהר דורכגעפיהרט איז אויך געווען דאס בילד פון לעאפאלד פריעד....

דער עקאנאם פון דיעזער ראציטש מיט זיין קליינער פאמיליע האבען אויך פעסט געשלאפען, אבער דאס גערויש פון דעם וואגען וואס איז ארייפגעפאהרען אויף דעם הויף ווערכער וואר אויסגעפלאסטערט מיט שטיינער האט דעם אלטען עקאנאם פון זיין שלאף אויפגעריסען, ער האט זיך שנעל אנגעקליידעט און איז ארויסגעלאפען אין דעם הויף.

— חיים דוא ביסט דאס ? — האט דיא אלטע לאה פון וואגען געפרעגט.

— מאדאם פריעד ! — האט דער עקאנאם איבערראשט אויסגערופען — אך, וואס פאר א געסט.

ער איז שנעל צוגעלאפען און האט געהאלפען דער אלטער ארויסשטייגען פון וואגען.

— אויך איהר הערר פריעד זייט דא ? — האט חיים ערפרעהט געפרעגט לע־אפאלדען ווערכער איז פון וואגען ארויסגעשפרונגען.

— אזוי ווייזט דאס אויס אז איך בין אויך דא — האט דער יונגער מאן געענטפערט — וואס מאכט איהר אלטער פריינד ?

— וואס איך מאך ? איך מאך דאס זעלבע וואס איך האב געמאכט פאר א יאהרן און פאר פינף יאהר. איך לעב מיר דא אין סאמארינקא אבגעזונדערט פון דער גאנצער וועלט מיט מיין אלטעטשקער.

— נו, יעצט זייט איהר דאך ניט אליין, איהר האט דאך דא דאס פריילין קראנענשטיין.

— יא, יעצט איז אונז פרעהליכער — האט חיים געענטפערט — דאס גנעדיגע פריילין קראנענשטיין איז א ליעבענסווירדיגעס גוטעס מעדכען, מיר האבען זיא ליעב בעקומען וויא אן איינענער טאָכטער.

— זיא שלאָפט געוויס יעצט.

— עס פערשטעהט זיך אז זיא שלאפט, זיא האט זיך שפעט געליינט, וויל מיר האבען אלע געארבייט אין גארטען.

— וואס ? זיא ארבייט אויך.

— א קליינינקייט צו זיא ארבייט, זיא האט גרויס פערגניגען פון דער ארבייט אין גארטען, צו אין פעלד. אך, וויא וועט זיא זיך פרייען ווען זיא וועט אייך דער־זעהן, זיא דערמאהנט אייך זעהר אָפט.

— ווענמען דערמאהנט זיא ? — האט פריעד זעהר נייגיעריג געפרעגט.

— טאקע אייך העררר פריעד — האט דער אלטער געלאכט ארונטערגעהמענד דיא פעקלאך וואס דיא געסט האבען מיט זיך געבראכט.

— זאל איך פיעלליכט אויפוועקען פריילין קראנענשטיין ? — האט חיים געפרעגט אלס זיי זיינען אין דעם פרעכטיגען פאלאץ אריינגעקומען.

— ניין, — האט לאה געענטפערט — זאל זיא שלאפען מיר וועלען נאך צייט האבען זיך צו זעהן מאָרגען.

— עס פערשטעהט זיך אז מען דארף זיא ניט וועקען — האט אויך לעאָפאָלד געזאגט — מארגען פריה אז זיא וועט אויפשטעהן, וועט איהר ליעבער חיים איהר מעלדען אז מיר זיינען געקומען. יעצט וועלען מיר זיך אויך בעגעבען צו רוהע, דען עס איז שוין שפעט.

חיים האט שנעל פאר דיא גרויסע געסט צורעכט געמאכט ווייכע בעטען און דיא מיעדע געסט האבען זיך געלייגט שלאָפען.

לאנג האט לעאָפאָלד געוואָרט אויפ'ן שלאָף, ער האט צו איהם ניט געוואלט אזוי גיך קומען. דען דער געדאנק אז ער בעפינדעט זיך יעצט אין דעמזעלבען הויז וואו דיא שעהנע באבעטהא איז, האט לעאָפאָלדען ניט געלאזט אזוי גיך אנ־שלאָפען ווערען.

## 315טעס קאפיטעל.

# גריץ'ס מפלה.

מיר האבען געזעהן וויא סימאן גריץ האט געטראפען זיין כלה רעבעקא'ן אין יאקאב פיין'ס אומארמונג.

ער איז דיא ערשטע פאר מינוטען שטעהן געבליעבען וויא פערטומעלט, ער האט זיך מיט קיין גליעד געקענט ריהרען, אבער רעבעקא האט איהם פון זיין צו־דולטהייט אויפגעריסען דאמיט וואס זיא האט געפרעגט:

— ווענמען דארפט איהר דא ? העררר גריץ.

דיא פראגע האט איהם וויא א דונער געטראפען, ער האט אבער באלד זיין מוטה ווידער בעקומען און האט ספאטיש געענטפערט:

— ווען איך זאל נעווען ווינען אז איך וועל אייך פון אזא הימלישען פערגניגען שטערען וואלט איך זיך נעווים ניט ערלויבט אין דער מינוט אהער אריינצוקומען.

— איהר האט מיר ווירקליך אין מיין בעסטען פערגניגען געשטערט. האט רעבעקא געענטפערט, איהר זייט דאך שוין פראקטיש אין דער וועלט מוזט איהר געווים ווינען דאס עס איז זעהר אונאנגענעהם פאר א חתן מיט א כלה ווען יעמאנד, א פרעמדער מענש קומט אונבערופען אריין צו זיי אין דער צייט ווען זיי זיצען צו זאמען, וואס קוקט איהר מיך אזוי ערשטוינט אן? איהר פערשטעהט דען מיינע ווערטער ניט. נו, זאג איך אייך אז דער העדר יאקאב פיין איז מיין ברויטיגאם. איך גלויב דאס איהר קענט איהם זעהר גוט.

— איך האב ניט געוואוסט דאס איהר געהערט צו יענע מעדכענס וואס בייטען יעדען טאג דיא חתנים, אזוי וויא זייערע קליידער — האט סימאן שמייכלענד געזאגט.

— איהר האט אבער בעראפט ווינען העדר גריץ, דאס ווען יעמאנד קויפט זיך אזא קלייד וועלכע איז פערניפטעט, מוז ער זיא באלד אוועקווארפען און זיך קויפען אן אנדערע.

— אזוי נאר? איהר האלט מיך פאר א פערניפטעטעס קלייד.

— און איהר וועט דען אבלייגנען און זאגען אז איהר זייט ניט פול מיט גיפט.

— קיינער וועט דאס אויף מיר זאגען, אויסער אייך.

— יא, פיעללייכט וועט דאס קיין אנדערער זאגען, וויל מען קען אייך נאך נים אזוי גוט וויא איך קען אייך.

— איהר האט מיך דערקענט פאר א ניפטיגען מענשען?

— דאס ווארט גיפטיגער מענש איז נאך פאר אייך ווענינ — האט רעבעקא שטארק אויפגערעגט געזאגט — איהר זייט א מערדער, א רויבער און א בראנד־שטיפטער.

— וואַ־אַ־אַ־ס? — האט גריץ געשטאמעלט און איז לייכענבלאס געווארען.

— יא יא, העדר גריץ — האט רעבעקא רוהיג געענטפערט — דיא אלע נאמען וואס איך האב ערשט אויסגערעכענט האט איהר כשר פערדיענט. איהר דארפט פערשטעהן אן דיא ווערטער אז איך ווייס שוין אלע אייערע געהיימניסע. ווילט איהר פיעללייכט איך זאל אייך אויסרעכענען אלע אייערע מעלות.

— וואס קענט איהר דען אויף מיר אויסרעכענען?

— ציהט מיר ניט פאר דער צונג העדר גריץ, דען איהר וועט דאס בערייהען.

— איך האב נים וואס צו בערייהען.

— אזוי? איהר ווילט דורכאויס איך זאל ריידען אלעס וואס איך ווייס? — האט רעבעקא געזאגט — גו, גוט, איך וועל אייך צוליעב טהאן. ערשטענס, וועל איך אייך מעלדען, אז איך האב מיך געזעהן מיט דעם פראקוראר און ער האט מיר פערטרויט דיא געהייטנים, וועד עס האט ריעזען ארדענטליכען טאן און אונגליק געווארפען.

סימאנס געזיכט האט זיך וויא מיט א נעלער מאסקע בעצויגען און ער האט שוין מורא געהאט ווייטער צו ריידען.

— צווייטענס, — האט רעבעקא ווייטער געזאגט — ווייס איך ווער אייער אָנקעל איז, וועלכער האט אייך אזא גרויסע ירושה איבערגעלאזט. איך אליין האב געלעזען דעם בריעף וואס ער האט אייך געשריעבען אלס אנטוואָרט אויף אייער בריעף.

— וואַ־אַ־אַ־ס? — האט גריץ ערשראָקען געפרעגט — דיא פערפלוכטע מערי איז ביי אייך געוועזען?

— אזוי? — האט רעבעקא שמייכלענד געענטפערט — איהר פערשטעהט אליין ווער עס האט מיר אייער שווינדעל איבערגעגעבען? אבער דיא פערפלוכטע מערי, וויא איהר רופט זיא אָן, האט מיר אויך דאס איבערגעגעבען אז דיא געשיכטע וואס זיא האט מיר דערצעהלט וועגען דיעזען יאקאב פיין, שטאמט אויך פון אייך. נו, העררר גריץ, זעהט איהר שוין אז איך קען אייך פון אלע זייטען און אייך בלייבט נור איבער דאס הויז צו פערלאזען און מעהר מיך מיט אייער בעזוכע ניט בעד־לעסטיגען.

— און איהר מיינט אז אלעס וואס דיא שמוציגע מערי האט אייך דערצעהלט איז וואהר? — האט גריץ ערבלאסענד אויסגערופען.

— אלעס וואס זיא האט מיר דערצעהלט איז וואהר, איך בין אין דעם איבער־צייגט. אז זיא איז שמוציג דאס ווייס איך אליין, דען ווען זיא זאל געוועזען זיין אַן אָרדענטליכעס מעדכען וואלט זיא זיך ניט בעשלאסען אזעלכע אינטריגען צו מאכען, איך ווייס אבער אז איהר זייט נאך שמוציגער פון איהר. איך גלויב אויך אז אין דעם שמוץ וואס זיא שטעקט זייט איהר אליין שולדיג.

— איך פערשטעה אבער ניט מיין ליעבע רעבעקא — האט זיך יאקאב פיין אבגערופען — ווארום בעשמוצסט דוא זיך און רעדסט מיט אזא שמוציגען מענשען וויא דיעזער שורקע איז. דאס איז צופיעל עהרע פאר איהם וואס ער שטעהט דא און הערט פון דיין מונד ווערטער.

ווען עס פאסט דער פריילין ראָטהבלום צו ריידען מיט מערדער פאסט איהר מיט מיר געווים צו ריידען.

יאקאב האט געוואָלט צו איהם א שפרונג טהאן און איהם שענקען א פאר פון זיינע קולאקעס, אבער רעבעקא האט זיך שנעל אריינגעשטעלט אין דער מיט און האט געזאגט:

— שטעה יאקאב, דוא זאָלסט דעם באנדיט גאר ניט ענטפערן. איך וועל איהם עטוואס פרעגען אָבוואהל, איך ווייס אז דוא האָסט רעכט דאמיט וואס דוא זאגסט אז עס איז א שאנדע מיט אזא סוביעקט צו שפרעכען. זאג מיר נור גריץ, ווער האט געמאכט דעם בילבול אויף דיעזען הערר אז ער האט ערמאָרדעט וואהרהאפטיגען, ניט דוא?

— ניין, — האט גריץ בייז געענטפערט.

— ניין? דוא וואגסט דאס מיר אבצולייגנען? וועט מיר דער פראָקוראָר דער־

צעהלען א לינען, ער האט מיר אויסדריקליך נעזאגט דאס נור דוא האסט איהם דערצעהלט אז יאקאב איז נעווען מיט א נאכט פריהער בעפאר דער מארד האט שטאטגעפונדען אין וואהרהאפטינס הויז און האסט דאביי דיזען ארדענטליכען מאן אין דיא שווארצעסטע פארבען פארגעשטעלט.

— דער פראקוראר זאגט לינען — האט נריץ ווילד געשריען.

— א ליגנער, און אויסוואורף דער נאטור ביסט דוא אליין — האט רעבעקא צארניג געזאגט — אלזא, איך וויל מיט דיר מעהר נים ריידען. נעה, דען ווען דוא וועסט שנעל נים אוועקגעהן, וועסט דוא דאס ווייטער בערייהען.

— וואס נאך וועסט דוא מיר טהאן? צווי מאל אפלאזען א שידוך קען מען דאך נים.

— איך קען דיר נאר א נייעם שידוך ריידען און דיר אויפשפיעלען אזא חתונה, וועלכע וועט דיך פיהרען גלייך אין סיבירען. דוא געהסט פון דאנען אוועק מיט גוטען צו ניין?

— דערפאר וואס דוא טרייבסט מיך אזוי, וויל איך נים נעהן. איך מח דיין ליעבען נייעם חתן פריהער גוט אויסברעכען דיא ביינער, דערפאר וואס נור ער האט צווישען אונז ביידען א בייז לעבען געמאכט.

— סימאן! — האט רעבעקא שטרענג געזאגט — איך בעפעהל דיר דוא זאלסט דיא מינוט פון דאנען אוועקגעהן!

— דוא זעהסט דאך אז דיזער מערדער-יונג וועט מיט גוטען פון דאנען נים ארויסגעהן — האט יאקאב געזאגט — אלזא לאז מיך, איך וועל איהם ווייזען וואס הייסט מיר צוברעכען דיא ביינער.

ער האט זיך אבערמאלס געוואלט אלאז טהאן צו נריץ'ן, אבער רעבעקא האט איהם אויך דאס מאל אבגעהאלטען. זיא האט נור א קלונג געטהאן מיט דעם גלעקעל וואס איז אויף דעם טיש געלעגען און א דיענער איז ארייגגעלאפען.

— מאקס! — האט רעבעקא צו איהם א געשריי געטהאן — געה נור רוף אהער א פאליצייסקען.

— וואָ־אָ־ס? דוא שרעקסט מיך מיט א פאליצייסקען? — האט נריץ לאַ־כענד געזאגט — דוא מאכסט זיך לעבערליך, רעבעקא. אזעלכע מענשען וויא מיר זיינען האבען קיין פורכט פאר דער פאליציי, ווייל מיר האבען נאך נאט זיי דאנק קיינעם ערמארדעט.

— נו, וועסט דוא דאָ ווארטען ביז א נאַראַדאָוואָי וועט אנקומען?

— געוויס וויל איך ווארטען. איך וויל זעהן, ווער וועט דאס וואגען מיך צו ארעטירען.

— זעהר שעהן — האט רעבעקא געשמייכעלט — יעצט זעה איך אז דוא ביסט א טאפפערער העלד. איך גלויב אבער, אז שפעטער וועסט דוא גאר אנ־דערע ווערטער ריידען.

— איך וועל שפעטער ריידען דאס זעלבע וואס איך רייד יעצט — האט נריץ רוהיג געענטפערט.

פיהלסט דוא אין זיך קיין זינד?

— קיין זינד.

מאקס וועלכער איז ארויסגעלאָפען, האט זיך באלד צוריק אומגעקעהרט מיט א פּאָליצייסקען נאדזיראטעל.

— הערר נאדזיראטעל — האט רעבעקא געזאגט — האט איהר ניט געהאט אַן אויפטראג צו זוכען דעם בראנדשטיפטער, וועלכער האט פערגאנגענע נאכט אונטערגעצונדען א הויז?

— יא — האט דער נאדזיראטעל געענטפערט.

— ווייסט איהר אויך דעם נאמען פון דעם בראנדשטיפטער?

— ער איז ביי מיר פערשריעבען. מיר שיינט, אז ער הייסט סימאָן גרייץ.

— דא האב איך דיא עהרע דיעזען העררן גרייץ פאר אייך פאָרצושטעלען האט רעבעקא געזאגט צייגענד אויף גרייץ'ן.

— ווירקליך? — האט דער נאַדזיראטעל ערשטוינט אויסגערופען.

— יא, מיין הערר. דאס איז דער שעהנער קויפמאן.

יעצט האט גרייץ זיין גאנצען מוטה פערלאָרען. ער האט געוואָלט עפּעס ריידען, אבער דער נאַדזיראטעל האט איהם געפּאקט פאר דעם קראגען און האָט א געשריי געטהאן.

— קום מיט מיר!

ער האט געבאך קיין אנדער ברירה געהאט און איז אוועקגעגאנגען מיט דעם נאדזיראטעל נאך דער פּאָליציי.

316טעס קאפּיטעל.

## אונערוואַרטעטע מחותנים.

דיא אונערוואַרטעטע ערפאהרונג אז דיא שעהנע גוטע גרעפין מאריא איז זייער קינד, האט גרינזאנג'ן מיט סאבינא'ן דיא ערשטע צוויי טעג אזוי איבער־ראשט, דאס זיי האבען אויסגעזעהן וויא טרוימענדע.

דיא גרעפין מאריא, וועלכע זיי האבען געליעבט וויא זייער אייגען קינד נאך דאַן אלס זיי האבען געמיינט אז זיא איז א פרעמדע, זיא איז זייער קינד! דאס האט זיך זיי אנפאנגס גאר ניט געגלויבט, אבער זיי האבען דאך דאס פּאָרט גע־מוזט גלויבען. זיי האבען ערשט יעצט ריכטיג פערשטאנען, ווארום דאס בילד פון סאבינא'ן אין איהרע יונגע יאהר, איז אזוי עהנליך צו מאריא'ן. זיי האבען אויך ערפאהרען דיא אורזאכע פון דער געהיימער קראפט וואס האט זיי אזוי שטארק צוגעבונדען צו דיעזער פרעמדער קריסטין.

וויא מיר ווייסען, איז סאבינא אין אָהנמאכט געפאלען אלס זיא האט דיא מערקווירדיגע נייעס געהערט און אלס מען האט זיא אויפגעמינטערט איז זיא געוועזן וויא דול און האט אלץ געשריען צו גרינזאנג'ן:

— וואו איז מיין טאָכטער? גיעב מיר אָפּ מיין טאָכטער!

גרינזאננ, וועלכער איז אליין אויך געווען שטארק געריהרט פון דיא אונטער-
ווארטעטע נייעס, האט זיך בעמיהעט זיין פרוי צו בערוהיגען. ער האט איהר
פערשפראכען, אז נאך אין דעם זעלבען טאג וועט ער צוזאמען מיט איהר פאהרען
נאך אָרשא, דארט נאכפארשונגען צו מאכען וועגען זייער טאכטער.

ער איז אבער ניט געפאהרען.

— סאבינא! — האט ער צו זיין פרוי געזאגט — מיר טאָרען נאך קיין איינ-
ציגען שריט מאכען וועגען אונזער טאכטער.

— ווארום? — האט זיא ערשטוינט געפרעגט.

— מיר דארפען נאך דערווייל ניט פערגעסען ווער מיר זיינען און ווער
זיא איז.

— דיא ווערטער פערשטעה איך ניט.

— איך וועל דאס דיר ערקלערען. דוא דארפסט ניט פערגעסען ערשטענס,
אז מיר לעבען אין רוסלאנד. דאס איז אזא לאנד, וואו א קריסט איז ווייט פון
דעם אידען וויא הימעל פון דער ערד. דא איז מען אין אלגעמיין געוואוינט געווארען
צו זעהן דאס ווען א אידיש קינד טויפט זיך, שטעהט ער שוין מיט זיינע עלטערען
אין קיין פערבינדונג; ער ענטזאגט זיך פון זיי און זיי פון איהם. מיר ביידע זיינען
צוואר מיט אן אנדער מיינונג; מאריא איז אונז געווען ליעב זאנאר דאן, ווען מיר
האבען געמיינט אז זיא איז א געבארענע קריסטין, און אונז איז גאר ניט איינגע-
פאלען אז מיר זיינען איהרע עלטערען. בעזאנדערס יעצט ווען מיר ווייסען בעשטימט
אז זיא איז אונזער קינד, איז זיא געוויס ביי אונז טהייערער פון אונזערע זעעלען.
אבער מיר דארפען פון דעסטוועגען בעקלערען דעם צווייטען זייט, ווער ווייס צו
מאריא וועט צופריעדען זיין, דערמיט וואס זיא האט אידישע עלטערען? דאס איז
וואהר, אז זיא האט אונז אימער דיא צערטליכסטע ליעבע געוויעזען, דאס איז אבער
נאך אלץ קיין בעווייז אז זיא וועט אונז דיא זעלבע ליעבע בעווייזען, ווען זיא וועט
ערפאהרען אז זיא איז אונזער קינד. זיא איז דאך געוואוינט געווארען אויף זיך צו
טראגען דעם טיטול גרעפין און געאכטעט ווערען פון דיא גרעסטע קריסטען. דוא
האסט דאך א בעווייז, אז זאגאר גראספירסטען אינטערעסירען זיך מיט איהר
זאָגאר יעצט, ווען זיא איז פעריאגט און פערשטויסען געווארען פון איהר גרויסקייט.
היינט ישטעל זיך פאר וואס פאר א פנים מיר וועלען האבען, ווען מיר וועלען
פלוצלינג צו איהר קומען און וועלען איהר זאגען: „דוא ביסט אונזער קינד". עס
קען זעהר זיין אז קוים וועט זיא אזעלכע ווערטער דערהערען, וועט איהר שטארק
פערדריסען אויף דעם וואָס זיא איז גאר מיט אונז בעקאנט געווארען.

— ניין! — האָט סאבינא געענטפערט — איך קען מאריא'ן זעהר גוט — זיא
איז דיא ערעלקייט אליין. איך בין זיכער, אז זיא וועט זיך מיט אונז אזוי פרייען
וויא מיר מיט איהר.

— איך גלויב אויך דאָס זעלבע — האָט גרינזאננ געזאָגט — אבער א מענש
מוז אלעס בערעכענען. לאָמיר בעסער געדולדיג נאָך אביסעל וואַרטען, אום מיר
זאָלען קענען נעהן אויף אן אייזערנעם ברייט.

— וואס דענקסט דוא רען צו טהאָן?

— איך וועל באלד ארייגשיקען א בריעף צו דעם אלטען איוואן. אין דעם בריעף וועל איך איהם אלעס דייטליך שרייבען. איך וועל איהם ערקלערען, אז מאריא איז אונזער טאָכטער. ביי מיר איז קיין צווייפעל, אז דער גראספירסט וולאדימיר האט זיא אוועקגעפיהרט נאך דאנילאווקא מיט דעם ציעל איהר איבער־צוגעבען דאנילאוו'ס נאָכלאָס, וועט זיא דאך געוויס מיט דעם אלטען איוואן צוזא־מענקומען. דארום וועל איך בעטען דיעזען אלטען פריינד, ער זאל איהר פערטרויען דיא געהיימניס אז מיר זיינען איהרע עלטערען און זאל מיר שרייבען וואס פאר אן איינדרוק דיא נאכריכט האט אויף איהר געמאכט, אום מיר זאלען וויסען וואס צו טהאָן. געפעלט דיר מיין פלאן?

— יא — האט סאבינא געענטפערט — דוא האסט זעהר רעכט.

— זעהסט דוא, מיין לעבען, וויא מען טאָר זיך קיין מאל ניט איילען און מען דאַרף אלעס טהאָן איבערלעגט.

— נו, שרייב־זשע שוין אָן דעם בריעף.

— דיא מינוט — האט גרינזאנג געענטפערט, און האט זיך זעצענד ביי זיין שרייב־טיש פאָלגענדען בריעף אנגעשריעבען:

„ליעבער איוואן!

„דיין בריעף האב איך ערהאלטען. ווייסט דוא אלטער פריינד וואס פאר א וויכטיגע געהיימניס דיין בריעף האט מיר ענטדעקט? דוא וועסט דאס גאר ניט גלויבען, אז דיא גרעפין מאַריא איז מיין טאָכטער. מיר איז א וואונדער וואס דוא אליין האָסט דאס ניט פערשטאנען. דוא געדענקסט דאך געוויס אז מיין פרוי האט אונזער ערשטע קינד אבגעגעבען צו א פרוי עממא וואָרין, וועלכע האט געוואוינט מיט איהר מאַן נים ווייט פון דעם טייפלסשלאס, נאכהער איז דיא זעלבע עממא מיט איהר מאַן און מיט איהר קינד סעמיאָן וויא אויך מיט אונזער קינד ארויסגע־פאהרען נאך קיעוו. דארט האבען זיי א לאנגע צייט געוואוינט, אין דיא ערשטע פאאר יאהר פלעגט מיין פרוי זעהר אָפט פאהרען נאך קיעוו זיך זעהן מיט אונזער קינד, זיא האט זיך פאר דער אַמע און פאר איהר מאַן פאָרגעשטעלט אונטער דעם נאָמען מאַרגאַרעטהא. ענדליך אבער האבען זיי זיך פון דער אלטער קווארטיר ארויסגעצויגען און אלס מיין פרוי איז אהין געקומען האט זיא זיי פאר קיין פאל געקענט אויסגעפינען. אלס איך האב מיין סאבינאַ'ן געהייראטהעט און האב געוואָלט אונזער קינד צו אונז געהמען, האב איך אליין אויך אלע קרעפטען אנגעווענדעט אויסצוגעפינען וואו דער כריסטאָנף וואָרין געפינט זיך, אבער אויך מיינע נאָכפאָר־שונגען זיינען ערפאָלגלאָז געבליעבען. נו, פערשטעהסט דוא שוין גוטער איוואן דאס דיא מאריא, וועלכע האט זיך ערצויגען ביי כריסטאָנף וואָרין איז אונזער קינד. איך וועל דיר נאך א צייכען געבען, מיין פרוי האט איין מאל איבערגעלאזט פאר אונזער טאָכטער ביי איהר אַממע א מעדאיליאָן אין וועלכען אונזערעביידענס בילדער וואָרען אריינגעשטעלט, מאריא מוז פון דעם מעדאילין וויסען.

„אלזאָ בעט איך דיך ליעבער פריינד, אז אויב דוא וועסט זעהן דער גרעפין

מאריא, זאלסט דוא איהר דאס אלעס דערצעהלען און זיא פרעגען: צו וויל זיא אונזער קינד זיין. ריכטינער געזאגט: צו ווען זיא זיך ניט שעהמען אונז אלס איהרע עלטערען צו בעטראכטען.

„איך מוז דאס נויטהווענדינ וויסען און איך האָף אז דוא אלטער פריינד וועסט אונז באלד וועגען דעם בענאכריכטען, איך וועל דיר דאפיר עווינ דאנק־באר זיין.

„איך פערבלייב דיין געטרייער פריינד ס. גרינזאנג".

P. S. אויך מיין פרוי גריסט דיך הערצליך און פערלאנגט פון דיר דאס זעלבע.

קוים האט גרינזאנג דעם בריעף געענדינט, האט מען איהם געמעלדעט אז שלמה פיין ווינשט מיט איהם צו שפרעכען.

— זאל ער אריינקומען — האט גרינזאנג געענטפערט.

— ער איז דאָך אונזערער א מחותן — האט ער געזאגט אלס דער דיענער איז ארויסגעגאנגען — דאס איז מערקווירדינ! וויא דיא פאָרזעהונג האט צוזאמענ־געפאארט צוויי אידישע קינדער וואס ביידע האבען זיך ערצויגען ביי קריסטען און ניט איינער פון זיי האט געוואוסט אז אין זיינע אָדערן פליסט אידיש בלוט.

דיא טהיר האט זיך אויפגעעפענט און שלמה פיין איז אריינגעקומען.

— הערר גרינזאנג — האט ער געזאגט — האט איהר שוין געהערט פון דעם נייעם?

— פון וועלכען נייעם? — האט גרינזאנג נייגיערינ געפרעגט.

— וואס? איהר ווייסט נאך גאר ניט?

— וואס דארף איך דען וויסען.

— איהר ווייסט דען ניט אז מיין זוהן, דער גראף דאנילאוו לעבט?

— דער גראף דאנילאוו לעבט? — האבען ביידע, גרינזאנג מיט זיין וויב העכס ערשטוינט אויסגערופען.

— יא, ער לעבט. מיר אלע זאלען אזוי לעבען.

— איז דאס מעגליך?

— דאס איז אזוי וויא איך דערצעהל אייך, ער לעבט און איך בין יעצט גע־קומען אייך פרעגען, פיעללייכט ווייסט איהר וואוהין דיא גרעפין איז מיט איהר קינד אוועקגעפאהרען.

— דער גראף דאנילאוו לעבט? — האט גרינזאנג איבערראשט וויא צו זיך אליין גערעדט — ווייסט איהר דאס הערר פיין בעשטימט?

— איך ווייס דאס זיכער. איך וועל אייך גאר א בעסערע זאך דערצעהלען, אז ער ווייס שוין אז זיין פאטער איז א איד.

— פון וואנען ווייס ער דאס?

— דער זעלבער מאן וואס דורך איהם האב איך ערפאהרען אז דער גראף דאנילאוו איז מיין זוהן, דערזעלבער האט איהם דערצעהלט אז ער איז א יודענס זוהן.

— נו, וואס פאר אן איינדרוק האט דיא נאכריכט אויף איהם געמאכט?

— וויא עס שיינט האט דאס אויף איהם זעהר א גוטען איינדרוק געמאכט, דען ער האט ארויסגעשיקט א מענשען עקסטרא צוליעב דעם ער זאל ערפאהרען וואו זיין אידישער פאטער וואוינט און וויא ער הייסט.

— דאס איז מערקווירדיג, פון וואנען ווייסט איהר דאס?

פיין האט איהם דערצעהלט פון דער גאנצער געשיכטע וויא אזוי זיין זוהן וואר צופעליג ביי קאבאנאוו׳ן אין דער צייט ווען דאנילאוו׳ס שליח איז אהין גע־קומען נאכפארשונגען צו מאכען וועגען דעם גראף׳ס פאטער.

— נו, וואס־זשע קלעהרט איהר צו טהאן?

— איך האב טעלעגראפירט נאך מיין פרוי, זיא זאל דיא מינוט אהער ארויס־פאהרען, ווען זיא וועט קומען וועל איך מיט איהר און מיט מיין זוהן אריינפאהרען אין ארשא זיך זעהן מיט אונזער זוהן.

— עס קען זיין אז מיר וועלען פאהרען צוזאמען.

— איהר ווילט דען אויך פאהרען נאך ארשא?

— יא.

— וועגען וואס?

— בעזוכען מיין איידים, — האט גריניאנג שמייכלענד געענטפערט.

— אזוי? איהר האט אן איידים אין ארשא?

— יא, דיעזעזער איידים איז אויך מיט אייך פערוואנדט.

— מיט מיר איז ער פערוואנדט? ווער איז ער?

— זיין נאמען איז גראף דאנילאוו.

— וואס? — איהר שפאסט הערר גרינזאנג?

— שפאסען? דאס פאלט מיר גאר ניט איין, איך האב אייך דיא ריינע וואהרהייט געזאגט.

— אבער וויא איז דאס מעגליך דער גראף דאנילאוו זאל אייער איידים זיין, זיין פרוי קענען מיר דאך זעהר גוט. זיא איז א געבארענע קריסטין.

— דאס איז אן אירדטהום הערר פיין, זיא איז א געבארענע יודין.

— זאל איך גלויבען אז דיא גרעפין מאריא איז אייער טאכטער?

— איהר זאלט דאס גלויבען, דען זיא איז ווירקליך מיין טאכטער.

— מיין גאט! עפעס הער איך אין דער לעצטער צייט אזעלכע אונגלויבליכע זאכען, וואס ליינען זיך גאר אויף דעם גלייכען פערשטאנד ניט.

— איהר זעהט דאך אז עס פאסירען דאך אין דער וועלט אזעלכע מערק־ווירדיגע זאכען וואס מען מוז זיי יא גלויבען, וויא צום ביישפיעל דיא געשיכטע מיט דעם גראף דאנילאוו. האט זיך אייך ווען געטרויסט, אז דער גראף איז אייער זוהן?

— איז דיא גרעפין מאריא אייער טאכטער?

— יא, ליעבער פריינד.

— זיינען מיר דאך וואהרע מחותנים, הערר גרינזאנג?

— יא, וואהרע מחותנים. אלס צייכען אז איך בין צופריעדען פון דעם וואס איך האָב אייך פאר א מחות; גיעב איך אייך מיין האנד און מיין קוש.

און דיאביידע מחותנים האבען זיך אומגעארמט און זיך הערצליך געקושט.

317טעס קאפיטעל.

## אַן איבעררּאַשונג.

אום ניין אוהר דעם מאָרגענס האט זיך בת־שבע ערוואכט מיט א שמייכעל אויף דיא ליפען.

זיא האט דיא נאכט זעהר א זיסען טריים געזעהן, וויא דער שעהנער ליע־בענסווירדיגער סטודענט לעאָפאָלד פריעד שטעהט פאר איהר אויף דיא קניע און שרייט:

— באבעטא, איך ליעבע דיך!

דאס וואר ווירקליך זעהר א זיסער טרוים, וועלכער קען ארויסרופען א גליק־ליכען שמייכעל אויף דיא ליפען פון א הייס־ליעבענדער פרוי. אבער דאָס ערוואכען פון אזא טרוים איז זעהר ביטער.

בת־שבע האָט זיך באלד בעטראכט אז זיא האט א זיסען אָבער א נארישען טרוים געזעהן. דען אזא סצענע זאָל אין דער ווירקליכקייט טרעפען, לעאָפאָלד פריעד זאל פאר איהר שטעהן אויף דיא קניע און זאל זיך פאר איהר אין ליעבע ערקלערען איז אונמעגליך, ווייל זיא איז שוין פערבונדען אויף אימער און עוויג צו אן אנדערן, צו קראנענשטיינען.

יא, זיא איז צוגעבונדען צו קראָנענשטיינען און זיא וועט זיך קיין מאָל לאָז־רייסען קענען פון זיינע הענד; דען וועו זיא זאָל דיא פערדאָרבענהייט אליין זיין וועט זיא אויך ביי זיך נים קענען רעכט מאכען, זיך פון איהם צו ענטזאגען. ערש־טענס, זיצט זיא יעצט אין זיין דאצשע; צווייטענס, האט זיא דאך איהם אליין פערשפראָכען זיין פרוי צו זיין, און וויא האָט מען אזא גרעכהייט איהם יעצט צו זאגען, אז זיא האָט חרטה; דריטענס, איז דאָך פריעד זיינער א פ;רוואנדטער און אז ער וועט ערפאהרען דאָס זיא איז שוין פערלאָבט פאר קראָנענשטיינען, וועט ער פאר קיין פאל זיך ערלויבען זיא אָבצורייסען פון קראָנענשטיינען און מיט איהר חתונה צו האָבען.

דאך האט זיא פערגעניגען געהאט טראכטענדיג ווענען דעם זיסען טרוים. זיא האט זיך בעמיהעט זיך צו עראינערען אָן אלע זיינע איינצעלהייטען.

ענדליך איז זיא אויפגעשטאנען און האט אנגעקלונגען. דאס דינסטמעדכען וועלכע איז צו איהר דיא טעג אנגעקומען, זאל איהר ארייננראגען אלעס וואס זיא דארף האבען צו איהר טואלעטע.

דאס דינסטמעדכען איז ארייננעלאָפען.

זיא וואר אן איינפאכע דאָרף'ס־מעדכען; מיט געזונדע רויטע באקען און זעהר גראָבע הענד, וואס זיינען געוואוינט געווארען צו שווערע ארבייט.

— מארישא! — האט בת־שבע צו איהר א געשריי געטהאן — געשווינד טראג מיר אריין פריש וואסער און א ווייסען האנדטוך.

— דיא מינוט, בארישניא — האט דאס מעדכען נעענטפערט — האט איהר שוין געהערט אז דיא נאכט זיינען אהער אנגעקומען געסט?

— געסט? — האט בת־שבע ערשטוינט געפרעגט — ווער זיינען דיא געסט?

— דאס איז דיא אלטע מאדאם פריעד וועלכע איז דא געווען מיט א יאהר צוריק מיט איהרען א פלימעניק.

— מיט איהרען א פלימעניק? — האט בת־שבע איבערראשט אויסגערופען.

— יא, פריילין. ער איז איהרער א פלימעניק, זעהר א שעהנער יונגער מאן.

— הימעל! — האט בת־שבע געשטאמעלט — זאָל דאס זיין לעאָפּאָלד פריעד?

— יא, פריילין, ער הייסט טאקע לעאָפּאָלד. איך האב געהערט וויא דיא מאדאם פריעד האט איהם אזוי גערופען.

— דאס איז אונמעגליך! — האט בת־שבע געזאגט און אלע פארבען האבען זיך אין איהר געזיכט געביטען — לעאָפּאָלד פריעד זאָל אהער קומען? ער איז דאך א סטודענט און ער קען זיך פון זיין סטודיום ניט אברייסען. איז ניט געקומען נאך א מאן מיט זיי?

— ניין, גנעדיגעס פריילין, נור זיי ביידע זיינען געקומען.

דיא נאכריכט האט בת־שבע'ן אזוי איבערראשט, דאס זיא איז א היבשע צייט געבליעבען וויא צודולט זיצען אויף איהר אָרט. לעאפאלד פריעד איז דאָ! דער יונגער מאן וועלכער נעהט איהר פון זין ניט ארויס זייט זיא האט איהם דער־זעהן איז יעצט דא! אזא גליק האט זיא ניט ערווארטעט. זיא האט דאס אנפאנגס גאר ניט געוואָלט גלויבען, נור אז דאס דינסטמעדכען האט איהר פאָרגעשטעלט וויא דער יונגער מאן ווייזט אויס, איז שוין ביי איהר קיין צווייפעל מעהר געווען אז דאס איז ווירקליך לעאָפּאָלד פריעד.

זיא האט זיך זאָרגפעלטיג איינגעוואשען און אנגעקליידעט. דאס הערץ האט אין איהר וויא געשטורמט. וויא פון אלע זייטען האט עס איהר אין דיא אויערן געקלונגען: לעאָפּאָלד איז דאָ!

אלס זיא איז שוין מיט איהר טואלעטע פערטיג געווארען, איז זיא ארויסגע־גאנגען פון איהר צימער. זיא האט זיך בעגעגענט אין עס־צימער מיט דעם אלטען חיים'ן.

— מיר האבען געסט? — האט זיא איהם געפרעגט.

— יא — האט חיים געענטפערט — דיא מאדאם ליענא פריעד איז אהער געסטערן אבענד געקומען אין דער בעגלייטונג פון איהר פלימעניק לעאָפּאָלד פריעד. ער איז א סטודענט פון דעם מאָסקווער אוניווערסיטעט.

בת־שבע'ס געזיכט האט אנגעהויבען וויא צו שטראהלען פאר פריידע. יעצט איז שוין ביי איהר קיין צווייפעל געווען, אז לעאָפּאָלד פריעד איז דאָ.

— זיי שלאָפען נאך? — האט זיא געפרעגט.

— יא. זיי זיינען געסטערן שפעט ביי נאכט אהער געקומען. דער יונגער מאן

האט זיך ערשט געלײנט אום צװײ נאך האלבע נאכט. ער האט מיט מיר געװיסע צװײ שטונדען גערעדט.

— װאס האט ער מיט אײך גערעדט?

— מיר האבען גערעדט פון פערשיעדענע זאכען. בעזאנדערס האבען מיר גע-רעדט װעגען אײך.

— װעגען מיר?

— יא, פרײלײן. דער הערר פריער האט זיך װעגען אײך שטארק נאכגע-פרעגט. ער האט זעהר געװאלט װיסען װאס איהר מאכט, װיא איהר פיהלט זיך דא, און װיא אזוי איהר פערברײנגט אײער צײט.

— נו, װאס-זשע האט איהר איהם געזאגט?

— װאס האב איך איהם געקענט זאגען? איך האב איהם דערצעהלט, אז איהר זײט גאט זײ דאנק געזונד און איהר פיהלט זיך דא זעהר גליקליך.

— װאס נאך האט ער אײך געפרעגט װעגען מיר?

— װאס װילט איהר ער זאל פרעגען? ער האט מיך געפרעגט װאס איהר עסט, װאס איהר טרינקט, צו געהט איהר שפאצירען, צו לעזט איהר צײטונגען און צו האט איהר דא מיט װעמען צו פערברײנגען.

— נו, װאס-זשע האט איהר געענטפערט?

— איהר פערשטעהט דען נים, װאס איך האב געהאט אויף דיא פראגען צו ענטפערען? איך האב איהם דערצעהלט װיא דער אמת איז.

— ער װעט דא לאנג פערזאמען?

— א פאר װאכען.

— א פאר װאכען? — האט בת-שבע דערפרײט אויסגערופען.

— יא, אזוי האט ער מיר געזאגט. ער װעט דא פערזאמען א פאר װאכען, װײל ער איז עפעס נים געזונד און דיא דאקטוירים האבען איהם געהײסען ער זאל א פאר װאכען לעבען אין א דאצישב.

דיא נאכריכט דאס לעאפאלד האט זיך װעגען איהר אזוי פיעל פארנאנדער נעפרעגט, האט בת-שב׳ן ערקװיקט. זיא באלד ער אינטערעסירט זיך װעגען איהר אזוי פיעל, איז דאך דאס א בעװײז אז זיא שפיעלט בײ איהם א גרױסע ראליע.

חיים האט איהר דערלאנגט קאפע, אבער זיא האט זיך צו דער טאסע נים צוגעריהרט. איהר קאפ װאר בעשעפטיגט מיט עטװאס אנדערש. ערשט דאן אלס דער אלטער איז געקומען מיט א צװײטער טאסע קאפע האט ער זיא דערמאנט אז דיא ערשטע שטעהט נאך. זיא האט זיך װיא פערשעמט. איהר האט אויסגע-װיזען, אז חיים פערשטעהט װעגען װאס זיא קלערט....

זיא האט שנעל בײדע טאסען קאפע אויסגעטרונקען און איז ארויסגעגאנגען אין גארטען. זיא איז שטעהן געבליעבען נעבען א קוסטארניק פרישע בלומען, װאס זיא אלײן האט פערפלאנצט. דיעזע בלומען האבען פערברײטעט זעהר אן אנגענע-מען פרישען אראמאט.

בת־שבע האט איינגעבויגען דעם קאָפּ צו דיא פרישע בלומען און האט איינגעאטהמעט זייער פרישען דופט. אפרייסען איינע האט זיא ניט געקאנט. יעדע בלומעלע איז איהר געווען ליעב וויא זיא זאָל זיין איהר׳ס א קינד.

— גוט מאָרגען, פריילין קראַנענשטיין! — האט א קלינגענדע מענער־שטימע פלוצלינג הינטער איהר א קלונג געטהאָן.

זיא האָט זיך ראַש אומגעווענדעט און האט דערזעהן לעאפאלד פריעד.

זיא איז רויטה געווארען איבער דיא אויערן, און איהם רייכענד דיא האנד האט זיא געזאגט:

— זייט מיר הערצליך ווילקאָמען, הערר פריעד. איך האב ניט ערווארטעט אייך אזוי גיך דא צו זעהן.

— איך האב אויך ניט געדענקט אזוי גיך דא צו זיין — האט פריעד מיט א זאנפטען שמייכעל געענטפערט איהר האנד דריקענד, אבער עס האט זיך געמאכט אזא פאל וואָס האט מיך מיט געוואלד אהער געשלעפּט.... וואס־זשע מאכט איהר, פריילין קראנענשטיין? איך מוז אייך מאכען א קאָמפּלימענט, אז איהר האט זיך דא בעדייטענד פערבעסערט אין געזיכט.

— ווירקליך? — האט זיא געלאכט — דאס איז זעהר א שמייכעלהאפטער קאָמפּלימפּענט — איך מוז אייך זאגען, אז דיא לופט פון דער דאַצשע ווירקט אין דער טהאט אויף מיר זעהר גוט. איך פיהל מיך דא וויא א פיש אין וואסער.

— איז אייך דא ניט אונמוטהיג געוועזן אליין צו לעבען אין אזא אפגעזונ־דערטען אָרט?

— אין געגענטהייל. דיא שטילקייט וואס דאָ הערשט אימער איז מיר זעהר אנגענעהם. מיר שיינט, אז איך וואלט דא עוויג אליין געוואוינט. זעהט איהר, הערר פריעד, מיין ארבייט?

זיא האט איהם אנגעצייגט אויף דיא בלומען.

— אייער ארבייט? — האט ער ערשטוינט געפרעגט.

— יא, דאס איז מיין ארבייט. איך זעלבסט האב דיעזע בלומען פערפלאַנצט און זיי האבען זעהר שנעל אויפגעבליהט.

— פראכטפאָל, וואונדער שעהן! — האט פריעד ענציקט געזאגט — אבער מיר איז דאס קיין וואונדער; פון אייערע הענד מוז ארויסגעהן עטוואס שעהנעס און גלענצענדעס.

— איהר וועט מיך אזוי פערשיטען מיט קאָמפּלימענטען, הערר פריעד, דאס איך וועל ביי זיך צופיעל שטאלץ ווערען — האט זיא געלאכט מיט א פערגעניגטע מינע. איך וועל אייך אבער צייגען, אז איך וויים וויא פאר א זיס ווארט דאנקבאר צו זיין, דא האט איהר אייער לאהן.

זיא האט אפּגעריסען א פּרעכטיגע בלומע און האט עס איהם געגרייכט מיט דיא ווערטער:

— דאס טהו איך נור צוליעב אייך, דען פאר זיך אליין האב איך מיך ניט פערגונען איינע פון דיא שעהנע בלומען אפּצורייסען־

— דאס איז פאר מיר א גרויסארטינער פרעזענט — האט פריער געזאגט עמפפאנגענד דיא בלומע פון איהר האנד און זיא צוטראגענד צו דער נאז. איך דאנק אייך זעהר, פריילין קראַנענשטיין. איך....

ער האט זיינע ווערטער ניט געקענט ענדיגען, דען חיים איז אריינגעקומען אין גארטען און האט געמעלדעט, דאס דיא מאראם איז שוין אויפגעשטאנען און זיא ערווארטעט פריילין קראַנענשטיין מיט דער גרעסטער אונגעדולד.

דיא ביידע יונגע לייט זיינען געגאנגען צוריק אין שטוב.

318טעס קאפיטעל.

## דיא בעגעגנונג.

מען האט אנגעקלאפט ביי דער גרעפין מאריא אין טהיר.

אויף איהר אויסרוף „הערא״ין״, האט זיך דיא טהיר געעפענט און דער גראספירסט וולאדימיר איז אריינגעקומען. ער האט אויסגעזעהן זעהר מונטער און פערגעניגט.

— גרעפין! — האט ער פריינדליך געזאגט — האט איהר שוין געלעזען דיא היינטיגע „פעטערבורגסקאיא גאזעטא״?

— ניין — האט זיא געענטפערט.

— שאַ״ע, איהר וואָלט דאָרט א מערקווירדיגע נייעס געלעזען.

— וואס איז דאס פאר א נייעס?

— דאָרט שטעהט א מערקווירדיגע געשיכטע פון קאזאן, וויא א מאן וואס איז שוין געווען א לאנגע צייט טויט איז לעבעדיג געווארען.

— וויא איז דאס מעגליך? — האט זיא ערשטוינט געפרעגט.

— נו, זעהט איהר דאָך אז קיין אונמעגליכעס גיעבט עס אין דער וועלט ניט.

— וויא אזוי איז ער לעבעדיג געווארען אין קבר? — האט מאריא נייגיעריג געפרעגט.

— ניין. מען האט ארויסגעגעבען א קלאנג אז ער איז טויט. זיין פרוי האט זיך שוין געגעבענט אלס וויטווע און זיינע קינדער אלס וייזע (יתומים) און פלוצלינג איז ער פון דער ערד אויסגעוואקסען לעבעדיג, פריש און געזונד.

— אויב אזוי, איז דאס קיין וואונדער.

— ווארום איז דאס קיין וואונדער?

— גאנץ איינפאך. ביי יעדען מענשען קען זא־וואס טרעפען, מען זאל ארויס-ברייגגען א קלאנג אז ער איז טויט.

— נאָך אייערע ווערטער, דארפען מיר ניט גלויבען ווען מען דערצעהלט אונז אז יעמאנד איז געשטאָרבען?

— דאָרט וואו מיר קענען צווייפלען אין דעם וואס מיר הערען, דארפען מיר געווים ניט גלויבען.

— נו, ווארום-זשע גלויבט איהר אז אייער מאן איז טויט?

— וואס איז דאס פאר א פראגע? אין דעם קען מען דאָך ניט צווייפלען!

— ווארום קען מען אין דעם ניט צווייפלען?

— ווייל אין אזא בעריכט וואס דיא פאליציי גיט אָפיציעל ארויס מוז מען גלויבען, דען דיא בעאמטע וועלען זיך געוויס ניט ערלויבען פערבּרייטען אזא נאכ־ריכט וואס זיי זיינען זעלבסט אין דעם ניט איבערציינגט אז דאס איז וואהר.

— עס קען דאך אבער אמאל טרעפען אז דיא פאליציי גיט ארויס אזא קלאנג, ווייל זיא האט דערביי איהר ציעל.

— איך פערשטעה אבער ניט דורכאויס, ווארום האט איהר גראדע ביי אזא פאל דערמאנט מיין אונגליקליכען מאן?

— איך זאג דאס אנטגעגען דעם, וואס מען דארף מאנכעס־מאל ניט גלויבען ווען מען הערט אז א פריינד איז געשטארבען. זאגט מיר נור, גרעפין, זייט איהר איבערציינגט אין דעם אז אייער מאן איז טויט?

— מיין איבערציינגונג בעשטעהט אין דעם וואס איך האב אייך שוין געזאגט, וואס דיא פאליציי האט דאס אָפיציעל געמעלדעט.

— און איך זאג אייך, אז איך צווייפעל אין דעם.

— אין וואס צווייפעלט איהר? — האט זיא ערשטוינט געפרעגט.

— איך צווייפעל אין אייער מאן'ס טויט.

— וו־אַ־אַ־ס? איהר צווייפעלט אין מיין מאן'ס טויט?

— יא, גרעפין.

— דורכלויכט! איהר מיינט דאס ערנסט?

— אזוי וואהר וויא גאט לעבט, דאס איך מיין דאס ערנסט.

מאריא האט איהם העכסט ערשטוינט און ערציטערט אנגעקוקט. זיא האט אָן זיינע ווערטער און אָן זיין מינע פערשטאנען, אז דא איז עטוואס מערקווירדינעס.

— וואס קוקט איהר מיך אזוי ערשטוינט אָן, גרעפין? — האט דער גראָס־פירסט שמייכלענד געזאגט — אייך ווילט זיך גאר ניט גלויבען דאס אייער מאן זאָל אויך לעבעדיג ווערען? פיעללייכט איז דאס דערפאר, וואס איהר פירכטעט פיעל־לייכט וועט ער אויך ווייטער האבען א פערדאכט אויף אייך און וועט אייך פער־פאָלגען? איך קען אייך אבער פערזיכערן, אז ער האט שטארק בערייהעט וואס ער האט גענגען אייך געטהאן.

— האט ער זיך דען געוועזען איבערציינגט אין מיין אונשולד?

— יא. ער פלעגט מיט ביטערע טרעהרען וויינען, אלס ער האט זיך דער־מאָנט אָן דיא ליידען וואס ער האט אייך אומזאָנסט פערשאפט.

— אונגליקליכער אנטאן! — האט מאריא זיפצענד געזאגט און טרעהרען האבען זיך אין איהרע אויגען געוויזען. איך האב פריהער געוואוסט אז ער וועט אלעס בערייהען, ליידער אבער איז איהם ניט בעשערט געוועזען צו שטארבען מיט דער געוויסהייט אז ער האט מיך ניט ערמארדעט.

— איך האב דאך אייך געזאגט, דאס עס איז נאך א גרויסער צווייפעל צו ער איז ווירקליך געשטארבען.

— איך האב שוין פון אייך, פרינץ, דאס איינינע מאל געהערט, און איך

קע: פאר קיין פאל פערשטעהן וואס איהר מיינט מיט דיעזע אתפערשטענדליכע ווערטער?

— ווילט איהר זיי פערשטעהן?

— געוויס וויל איך דאס.

— קוממ-זשע מיט מיר.

— וואוהין?

— איהר וועט שוין באלד ווייסען וואוהין.

— איך געה מיט אייך, דורכלויכט. איך מוז אייך אבער געשטעהן, דאס מיין הערץ ציטערט שטארק אין מיר.

— ווארום?

— איך ווייס זעלבסט ניט ווארום.

— דענקט איהר פיעללייכט אז איך וויל אייך שלעכטעס טהאן?

— בעהיטע גאט! דאס פאלט מיר גאר ניט איין.

— ווארום דען שרעקט אייך דאס הערץ?

— איך האב דאך אייך שוין געזאגט. אז איך ווייס אליין ניט דיא אורזאכע פון דעם. עס קען זיין, אז דאס איז דערפאר וואס איך האב פון אייך געהערט אונפערשטענדליכע ווערטער. גראספירסט! אום הימעלס ווילען, זאגט מיר וואס דא געהט פאר? איך פערשטעהע, אז עס האט עטוואס זאנדערבארעס פאסירט.

— גור ניט געשראקען, גרעפין. אלעס וועט זיך ענדיגען פאר אייך אם בעסטען. איהר ווייסט זעהר גוט וואס פאר א פריינד איך בין אייך, איך וויל נור איהר זאלט גליקליך זיין. קוממ, האט קיין פורכט.

ער האט זיא צוגעפיהרט צו דער טהיר פון זיין צימער.

— שטעהט דא איינינע מינוטען — האט ער געזאגט — ווען איך וועל א קלונג טהאן מיט א גלעקעל זאלט איהר אנקלאפען אין דער טהיר און ווען איך וועל א געשריי טהאן „הערייאין", זאלט איהר אריינקוממען.

— גוט — האט דיא גרעפין געענטפערט און עס וואר לייכט אן איהר צו דערקענען, דאס זיא ציטערט וויא פון א שטארקען פיבער.

דער גראספירסט איז אריינגעגאנגען אין זיין צימער און זיא איז שטעהן געבליעבען ביי דער זייט טהיר.

— — — — — — — — — — — — —

דער גראף אנטאן דאנילאוו איז געבליעבען נאך דעם גראספירסט'ס אוועקגעהן וויא פערווירט זיצען אין דעם צימער. ווכאריטירס ווערטער האבען איהם איינפאך פערריקט געמאכט. אין זיין קאפ האבען זיך געטומעלט פערשיעדענע געדאנקען אהן אן ארדנונג און טאקטלאז.

— טראשקא האט דעם רעוואלוועד ניט מיט א קונעל געלאדען — האט דער פרינץ געזאגט — אלזא, איז דאך מאריא ניט דערשאסען געווארען, וואס-זשע איז איהר ענדע געווארען? איז זיא איינפאך אויס שרעק געשטארבען, ווארום האט דאס מיר איוואן ניט געזאגט? עס איז דאך ווירקליך זעהר מעגליך דאס מאריא

איז גאר ניט געשטאָרבען און איוואן האט מיר דאס ניט געוואלט זאגען, אויס פורכט פיעללייכט וועל איך זיא פערפאַלנען.

נור ניין! — האט ער לויט אויסגערופען — דאָס קען ניט זיין, דאס איז אונמעגליך! ווען מיין פרוי זאל לעבען, וואָלט מיך איוואן ניט געלאָזט זיצען אין געפענגניס; ער וואָלט באלד דערצעהלט אז זיא לעבט. דער גראספירסט האט זיך נור ערלויבט מיט מיר א שפּאס צו מאכען. עס איז אונמעגליך איך זאָל אזוי גליקליך זיין און לעבען מיט דער איבערציינונג אז איך בין קיין מערדער און מיין טהייערע מאריא לעבט?

הא? וואס האט ער געזאגט? דאס קינד וואס איז ערמארדעט געווארען איז ניט מיין קינד? דאס איז אויך געווען א שפּאס פון זיין זייט? ער זאָל זיך אזוי פיעל ערלויבען, דאס גלויבט זיך מיר ניט.

פוסטע, נאררישע זאכען! — האט ער צאָרניג געזאגט — און איך, דומער מענש, האב איין מאָמענט געקענט גלויבען אזעלכע אונגלויבליכע זאכען? בין איך ניט אזוי קינדיש דאס מען קען מיר איינבילדען אז אויפ'ן הימעל איז א יריד?

פערפאַלען! מיין וועלט איז רואינירט, מיין גליק איז פערשוואונדען, מיין איינציגע האָפנונג איז יעצט נור אויפ'ן טויט. נור ער קען מיך פון מיינע ליידען בעפרייען. דער גראָספירסט האָט א גרויסען אירטהום וואָס ער מיינט, אז דערמיט וואָס ער וועט מיך בעפרייען, וועט ער מיר גליקליך מאכען. נאך אזעלכע טויזענד זאָגען וויא דיא וואָס בעלייכטען דיא ערד וועלען שוין מיין פינסטער הערץ ניט קענען בעלייכטען.

דיא טהיר האט זיך געעפענט און דער גראָספירסט איז צוריק אריינגעקומען.

— גראף! — האט ער געזאָגט — זייט איהר יעצט אויפגעלייגט א גאסט צו עמפפאנגען?

— א גאָסט? – האָט אנטאָן פערוואונדערט געפרעגט.

— יא, זעהר א וויכטיגער גאסט.

— ווער איז דאָס?

— אייערע א יונגענד-פריינדין.

— ווער איז זיא?

— איהר נאמען האט זיא מיר ניט געזאָגט. אבער זיא פערלאנגט אזוי דרינגענד זיך מיט אייך צו זעהן, דאס איך האב פערשטאנען אז זיא איז אייערע א הייסע פריינדין.

— ניין, פרינץ. זיא מעג זיין ווער זיא וויל, איך קען זיא ניט עמפפאנגען — האָט דער גראף געענטפערט.

— ווארום?

— ביי מיר האָט יעצט קיין פריינד קיין ווערטה.

— אבער, ליעבער פריינד, דיא וועלט שטעהט נאך אויף איהר אָרט אלעס אין דער בעסטער אָרדנונג און איהר ווילט פון קיין זאך וויסען און קיין זאך הערען?

— האָב איך אייך דען פריהער ניט געזאגט, אז פאר מיר עקסיסטירט שוין דיא וועלט ניט מעהר? מיט מיין מאריא'ס טויט איז פאר מיר אלעס אָפּגע־שטאָרבען.

— לויט איר פערשטעהט פון דיעזער פרוי, האָט זיא אייך געבראכט וויכ־טיגע נייעס פון אייער פרוי.

— וואס פאר א נייסען קען מען מיר ברייננען פון מיין פרוי?

— דאס ווייס איך ניט.

ביי דיא ווערטער האט ער א קלונג געטהאן מיט דעם עלעקטרישען גלעקעל, וואס איז אויפ'ן טיש געשטאנען.

מען האט דערהערט א קלאפּ אין טהיר.

— דאס איז דיא פרוי וואס וויל זיך מיט אייך זעהען — האט וולאדימיר געזאגט שמייכלענד צו דעם גראף — אבער זייט געפאסט ליעבער פריינד איהר זאָלט ניט צופיעל איבערראשט ווערען.

— ווער איז דיא פרוי? — האט אנטאן ערשטוינט געפרעגט.

— זאגלייך וועט איהר זיא זעהען — האט דער גראָספירסט געענטפערט און האט א געשריי געטהאן — אנטרעע!

דיא טהיר האט זיך אויפגעעפענט און דיא גרעפין איז אריינגעקומען.

— מאריא!

— אנטאָן!

צו גלייכער צייט האט פון ביידענס מיילער וויא א דאָנער געטהאן. ביידע זיינען לייכענבלאס געוואָרען. דיא גרעפין האט עס ניט אויסגעהאלטען און איז ביי דער טהיר צו בארען געפאלען.

— מאריא! מיין מאריא!

מיט דיא ווערטער האט דער גראף א שפרונג געטהאן צו זיין אהנמעכטיגער פרוי, האט זיא אויפגעהויבען פון דער ערד, האט זיא וויא א קליין קינד אין זיינע הענד געהאלטען און קיסענד איהרע בלאסע וואנגען האבען זיינע אויגען וויא גערע־גענט מיט טרערען.

— פרינץ! — האט ער ווייגענד אויסגעשריען — האט איהר מיר מיין ווייב צוריקגעשטעלט, וויל איך זיא לעבעדיג זעהען — אָ רעטעט, רעטעט מיין גוטע ליעבע פרוי. גרויסער גאט! זאל איך גלויבען, אז מיין מאריא לעבט? אז איך האלט זיא אין מיינע הענד, איך בין ניט קיין מערדער?

דער גראָספירסט האט א געשריי געטהאן צום בעדינטען ער זאל ברייננען א גלאָז וואסער און האט געהייסען דעם גראף ער זאל דער אהנמעכטיגער אוועקלייגען אויף דער זאפע, דאן האט ער איהר א שפריץ געטהאן וואסער אין געזיכט האט אויך איהר געזיכט מיט איהרע הענד מיט שטארקע ווין געריבען ביז זיא האט דיא אויגען געעפענט.

— מיין מאן, מיין אנטאן! — וואָרען איהרע ערשטע ווערטער, אלס זיא האט דיא אויגען געעפענט.

— דיין אנטאן שטעהט פאר דיר אויף דיא קניע און בעט דיך אום פער־ צייהונג מיין הימלישע מאריא — האט דער גראף שטעהענד אויף דיא קניע פאר איהר בעט מיט א ריהרענדע שטימע געזאגט ערגרייפענד איהר האנד.

— אנטאָן! מיין ליעבער גוטער אנטאן — האט מאריא מיט א שוואכער שטימע געענטפערט — אך וויא גליקליך איך בין, דוא לעבסט? דוא ביזט געבען מיר?

— איך האב ניט דיא ווערטה צו זיין געבען דיר — האט דער גראף וויינענד געזאגט — איך בין זא זינדיג געגען דיר, דאָס איך פיעל מיך אונווירדיג נאהענט פון דיר צו שטעהן.

— פערגעס! פערגעס מיין טהייערער אלעס וואס עס איז געווען, לאָמיר בעז סער דאנקען גאָט דאפיר, וואס דיא וואהרהייט איז פון אויבען ארויפגעשוואומען און מיר קענען אבערמאלס גלייך קוקען איינער דעם צווייטען אין געזיכט.

— מאריא! — האט אנטאן געוואלט עפּעס זאגען, אָבער ער האט ניט געז קענט, דאָס וויינען האט זיין שטימע פערהאלטען. ער האט אנגעשפּארט דעם קאָפּ אויף איהר ברוסט און האט זא געוויינט דאס דער גראָססֿפירסט האט זיינע טרערען ניט געקענט איינהאלטען און האט אויך ביטער געוויינט. ער האט א שושקע געז טהאן זיין בעדינטען ער זאל געהען ארייננשיקען דער אמע מיט דאס קינד. דער בעדיענטער איז שנעל ארויסגעלאָפען.

— נו גענוג, גענוג! — האט וולאדימיר געזאגט צוגעהענד און ארויפלייגענד זיין האנד אויף דעם גראף — איהר קענט שוין ליעבער פריינד אויסווישען דיא טרעהרען און אנהויבען פרעהליך צו זיין. אייער פרוי לעבט, איהר זייט קיין מערדער, איהר לעבט און אייער ליעבע פרוי איז קיין וויטווע, אויך אייער קינד איז קיין יתום.

— מיין קינד? — האט דער גראף אויסגערופען ציטערנד אוים פריידע ביי אלע גליעדער — מיין קינד לעבט אויך, איך האב א קינד?

— נור ניט אויפגערעגט אנטאן מארטינאוויטש, מען דארף קענען גליק אר־ בערטראָגען זא גוט וויא אונגליק.

דיא טהיר האט זיך אויפגעעפענט און דיא אמע האט דאס קינד ארייננעז טראגען, דאס וואר א מעדכען פון בלענדענדער שעהנהייט.

— וואס איז דאס פאר א קינד? — האט אנטאן ערשטוינט געפרעגט.

— דאס איז אונזער קינד אנטאן אונזער אנטאשא! — האט מאריא געז ענטפערט.

— אונזער קינד? מיין קינד! — האט אנטאן ווילד אויסגערופען מיין גאט! גיעב מיר קרעפטען איך זאל אזא גרויסען גליק קענען איבערטראגען.

ער האט דאס קינד אויף דיא הענד גענומען, האט עס צוגעדריקט צו זיין ברוסט און בעדעקט מיט הייסע קיסע. וועהרענד דיא טרערען האבען וואס וויטער אלץ שטארקער זיך געגאסען פון זיינע אויגען.

דאס וואר אזא ריהרענדע סצענע, וואס דיא שטארקעסטע הערץ האט ניט געז קענט געריהרט ווערען און א שטיין האט געקענט טרערען ארויסגעבען.

819סטעם קאפיטעל.

# דיא ערקלערונג.

זעהר א גוטען איינדרוק, האט בת־שבע געמאכט אויף דער אלטער לאה פריעד. מיט דעם ערשטען געשפרעך וואס זיי האבען צווישען זיך געהאט, האט זיא דיא אלטע ליעב בעקומען וויא אן איינענער טאכטער.

— דאס מעדכען איז א וועלטענהיים — האט זיא געזאגט צו לעאפאלדץ אלס זיי זיינען אונטער פיער אויגען געבליעבען — מיך פרעהט זעהר וואס איך וועל מיט איהר צוזאמען דעם גאנצען זומער וואוינען אין דיעזער דאטשע. איך זעה שוין ארויס, אז זיא וועט מיר דאס לעבען היער צוקער־זיס מאכען.

לעאפאלדץ האבען דער טאנטעס ווערטער גאר ערקוויקט. דען ער איז געווען איהר איינציגער ערבע, זיא האט איהם פאר איהרם געזארגט וויא פאר איהרם א קינד. נו און וויא באלד בת־שבע איז איהר אזוי געפעלען געווארען, קען שוין קיין הינדערנים שטעהען אין דעם וועג פון זיין גליק.... דען אז בת־שבע'ס אנקעל קראנענשטיין וועט צופריעדען זיין פון דעם וואס ער (פריעד) וועט הייראטהען זיין פלעמיאניצע, אין דעם האט לעאפאלד ניט געצווייפעלט, ער האט נור געפירכטעט, פיעללייכט וועט דיא טאנטע דאצו ניט איינווילינגען. אבער וויא באלד בת־שבע געפעלט איהר אזוי איז דאך שוין פון אלע זייטען גוט און ער קען גלייך צו זיין גליק געהען.

עס האט זיך אנגעהויבען זעהר פרעהליך און פערגניגט צו לעבען אין סאמא־־ראווקא. מען האט געגעסען געטרונקען און געמאכט לאנגע שפאציער גענגע. יעדער פון דיא דריי האט אויסגעזעהען צופריעדען און גליקליך, זאגאר דיא פערזארגטע פערקימערטע לאה, וואס זייט איהר טאכטער איז געשטארבען, האט מען אויף איהר געזיכט ניט איין פרעהליכע מינע געזעהען, אויך זיא איז יעצט וויא פרישער און לעבעדיגער געווארען.

— באבעטא! — האט פריעד געזאגט צו בת־שבען אלס זיי האבען זיך איין מאל פאר נאכט אין גארטען בעגעגענט — איך פאנג אן צו גלויבען, אז איהר בעזיצט אן אונגעוועהנליכע קראפט.

— אן אונגעוועהנליכע קראפט? — האט זיא געלאכט — וואס מיינט איהר מיט דיא ווערטער הערר פריעד?

— איך מיין, דאס וואס איך רייד, און רייד דאס וואס איך מיין — האט ער געענטפערט — איהר בעזיצט ווירקליך אן אונגעוועהנליכע קראפט. וויא באלד איהר זייט אין שטאנד געווען מיין פערצווייפעלטער טאנטע צו ערהייטערן און איהר אריינצוגעבען נאר אויף דאס נייע דיא לוסט צום לעבען און צום פערגניגען.

— איך הער דאס ערשט פון אייך, אז איך האב אזא וואונדער געצייגט.

— נו, זאלט איהר־זשע דאס וויסען, אז נור איהר האט געקענט אזא וואונדער ציינען. דיא ארמע טאנטע האט שוין געהאט אין גאנצען פערלארען דיא ליעבע און דיא לוסט צום לעבען. ווען זיא זאל ניט זיין א יודין, וואלט זיא געווען שוין לאנג אין א מאנאסטיר אריינגעטראטען אום איהרע לעצטע יאהר צו ענדיגען און בעטען,

וויינען אין פאסטען, אבער זייט זיא איז מיט אייך בעקאנט געווארען איז זיא גע־
בעלעבט געווארען.

— אויב איך האב ווירקליך אזא וואונדער געציינט, פרעהט דאס מיך זעהר — האט בת־שבע מיט א פערגעניגטען שמייכעל געענטפערט.

— לויט איך מערק, פערשטעהט איהר אליין ניט, באבעטהא, וואס פאר א קראפט איהר בעזיצט — האט פריעד צערטליך געזאגט — מיר שיינט, אז איהר קענט מיך שוין אביסעל און איהר ווייסט אז איך בין ניט פון דיא קאוואליערען וואס האבען ליעב שעהנע מעדכענס פאלשע קאמפלימענטען צו מאכען. דארום גלויב איך אז איהר וועט מיר גלויבען ווען איך וועל אייך ערנסט זאגען, דאס אייך מיר האט איהר ניי בעלעבט.

— אויך אייך? — האט בת־שבע ערשטוינט אויסגערופען — האט איהר זיך דען שוין אויך געוועזען ענטזאגט פונ׳ם לעבען אזוי וויא אייער טאנטע?

— ניט דאס מיין איך — האט פריעד געענטפערט — אבער געוויס ווייסט איהר אז לעבען צו לעבען איז ניט גלייך. מאנכעס־מאל לעבט מען אהן א ציעל און אהן א צוועק, מען וויים נור אז מען דארף עסען און טרינקען אבי דיא צייט זאל גלייכגילטיג פארבייגעהן, און מאנכעס־מאל איז יעדע מינוט פונ׳ם לעבען אזוי טהייער, דאס מען וואלט וועלען אז יעדע סעקונדע זאל זיך לאנג זעהר לאנג ציהען. מען שעפט פערגעניגען פון יעדער קלייניגקייט. אלעס וואס אונזער אויג דערזעהט האט פאר אונז דיא גרעסטטע אינטערעסע. ווייסט איהר דערפון ליעבע באבעטא?

— איך וויים.... האט זיא פאסט זיפצענד געענטפערט.

— אויב איהר ווייסט דערפון, וועט איהר מיינע ווערטער פערשטעהן. זיצענ־דיג אין מאסקווא, האב איך קיין פערגעניגען פונ׳ם לעבען גענאסען; איך האב מיר געוואוסט אז איך דארף דיא אוראקען מאכען, אז איך דארף עסען, אום איך זאל האבען קרעפטען צו ארבייטען; איך דארף שלאפען, אום איך זאל מיט א קלארען קאפ קענען מיין סטודיום פארטזעצען. איך האב קוים דערלעבט דיא נאכט איך זאל מיך קענען אריינווארפען אין בעט, און בין געוועזען צארניג ווען דער זייגער האט אין דער פריה געשלאגען זיעבען און האט מיך דערמאנט אז איך דארף שוין אויפ־שטעהן. אבער זייט איך בין דא אין סאמארינקא איז מיר יעדע מינוט זיס און ליעב; מיר ווייזט אויס, אז דא איז נאר א נייע וועלט, א וועלט פאל גליק און זע־ליגקייט. איך וויל אז דער טאג זאל צעהן מאל אזוי לאנג און גרוים זיין אלס ער איז יעצט; אין דער פריה ערוואך איך מיך אליין, און מיר שיינט אז דיא גאנצע נאטור זאגט מיר גוט־מארגען, אז אלע בלומען און פייגעלאך בעגריסען מיך ביי מיין אויפשטעהן; עפעס שיינט מיר הייטע דיא זאנע פיעל שעהנער אלס זיא האט געשיינט ביז אהער. איך פיהל מיך אזוי גליקליך, דאס מיר שיינט אז איך בין אין הימעל און שוועב צווישען לויטער ענגלען.

— דאס איז איינפאך דערפאר, וואס דיא רוישענדע שטאדט און אייער סטודיום זיינען אייך צו לאסט געפאלען — האט בת־שבע געזאגט — זעלבסטפער־

שטענדליך, אז דיא שטילקייט וואָס דאָ הערשט און דיא שעהנהייטען פון דער גאָט־בעלעבטער נאַטור האָבען אויף אייך אזוי גוט געווירקט, דאס נור זיי האָט איהר צו פערדאנקען דיא צופריעדענהייט וואָס איהר פיהלט יעצט.

— ניין, באבעטא! אויך מיט א יאהר צוריק אין פריהלינג בין איך דאָ געוועזן. אבער דאמאלס איז מיר דאָ געוועזן אזוי אונמוטהיג, דאָס איך האָב מעהר ווי אכט טאָג דא ניט געקענט זיצען און בין וואס גיכער צוריק נאך דער רוישענ־דער שטאדט אוועקגעפלויגען. אבער יעצט איז מיר דאָ אזוי אנגענעהם, דאס מיר שיינט, אז עווינ עווינ וואלט איך דא געזעסען.

— גלויבט איהר, אז אויך דעם וואונדער האב איך בעוויזען? — האט בת־שבע לאכענד געפרעגט.

— יא, באבעטהא! איהר, נור איהר האט דעם וואונדער בעוויזען — האט פריעד מיט פייער געזאָגט — איך וויים בעשטימט דאס ווען איהר זאלט פון דאנען אוועקפאהרען, וואלטען דיא אלע זאכען וואס פערשאפען מיר יעצט אזוי פיעל פער־גניגען, אבערמאלס זייער ווערטה פערלארען.

— איז דאס קיין זיסער קאָמפּלימענט?

— ניין, באבעטא! איך שווער אייך ביי מיין לעבען, אז איך האב אייך דיא ריינע וואהרהייט געזאגט — איך האב אייך אויסגעדריקט דאס וואס איך פיהל.

— איך בין אייך זעהר דאנקבאר, הערר פריעד, פאר דיעזע זיסע ווערטער — האט בת־שבע מיט אן אָפענער פריידע געזאגט — איך פיהל מיך גליקליך דערמיט, וואס איך בין אין שטאנד געוועזן אייך און אייער גוטער טאנטע אזוי גליקליך צו מאכען. איך בין פעסט פערזיכערט, אז אויך דאן ווען מיר וועלען זיך צושיידען; וועט איהר ניט פערגעסען דיא זיסע שטונדען וואס מיר האבען בייזאמען אין דיעזען קליינעם גן־עדן פערבראכט?

— ווען מיר וועלען זיך צושיידען? — האט ער זעהר ערנסט אויסגערופען — וואס פאר שרעקליכע ווערטער איהר האט ערשט אויסגערעדט, באבעטהא! איך וויל גאר ניט גלויבען אז מיר וועלען זיך אמאל צושיידען....

— וראָ־אָ־ס? — האט זיא געפרעגט און א זאנפטע רויטקייט האט איהרע וואנגען בעגאָסען — איהר גלויבט, אז מיר וועלען אין דיעזער דאצשע עווינ זיצען?

— ניט גרארע אין דיעזער דאצשע. איהר קענט אויך דיא רוישענדע שטאדט פאר מיר אין א גן־עדן פערוואנדלען....

זיא האט איהם ערשטוינט אָנגעקוקט.

— באבעטהא! — האט לעאָפּאָלד מיט א ציטערנדע שטימע אויסגערופען — יעצט גלויב איך, איז געקומען דיא צייט איך זאל דיר ערקלערען דאס זיים איך האב דיך דערזעהן ביסט דוא דיא זאָנע וואס בעלייכטעט מיין וועלט און אהן דיר איז מיר דיא וועלט אויך דאס לעבען פינסטער וויא דער גראב. באבעטהא! איך ליעבע דיך מיט אלע פלאמען פון דער ערשטער ליעבע. דוא איינע ביסט אין

שטאנד מיך אויף אימער און עווינ צו בעגליקען אדער פאר דעם עלענדסטען מענשען אין דער וועלט צו מאכען.

אנפאננס האט זיך בת־שבע'ס געזיכט וויא מיט ליכטינע שטראהלען בעגאָסען הערענדיג דיעזע ווערטער, אבער באלד האט זיך וויא א שווארצער וואלקען אויף איהר שעהנעס געזיכט אויסגעשפרייט און זיא האט געענטפערט:

— הערר פריעד! איהר זאלט צו מיר מעהר אזעלכע ווערטער ניט ריידען.

— ניט ריידען מעהר אזעלכע ווערטער? — האט ער ערציטערט אויסגעררפען — באבעטהא, אום גאטעס ווילען! ווען איהר רייכט מיר ניט אייער האנד אום מיט מיר צחאמען דאס לעבען דורכצוגעהן, בלייב איך, וויא איך האב אייך געזאגט, דער אונגליקליכסטער אונטער דעם הימעל.

— איך קען אייערע ניט זיין, הערר פריעד — האט בת־שבע געשטאמעלט.

— ווארום, באבעטהא? אָ, זאגט דאך ווארום ווילט איהר מיין לעבען אויף אימער פערניפטען?

— איך קען דאס אייך פארלויפיג ניט זאגען. אבער דאס מוז איך אייך געשטעהן, אז איך וואלט מיך אויף פאר דיא גליקליכסטע געשעצט ווען איך זאל קענען אייערע זיין.

— ווען אזוי, זאגט דאך וואס רייסט אייך אָפּ פון מיר?

— איך קען דאס אייך ניט זאגען, הערר פריעד.

— שטעקט דא א געהיימניס?

— יא.

— האט איהר שוין פיעללייכט אייער האנד און הערץ צו אנדערען פערשפראָכען?

— יא.

— אזוי? אבער לויט איך פערשטעה פון אייערע ווערטער, ליעבט איהר איהם ניט.

— איך קען איהם אבער אויך ניט האסען. איך מוז האלטען דאס ווארט וואס איך האב איהם געגעבען.

— איהר מוזט? וועט אייך דען יעמאנד צווינגען דערצו?

— ווען מען זאל מיך דערצו צווינגען וואלט שוין נוט געווען, נענען א געצוואונגענער זאך העלפט א פעסטער ווילען. אבער דאס אונגליק איז דא, וואס קיינער צווינגט מיך ניט אויסער מיין געוויסען, און דאס מוזט איהר געוויס וויסען, אז דער געוויסען איז שטארקער פון אלץ אין דער וועלט; נענען איהם איז אונמעגליך צו קעמפפען.

— איך פערשטעה אבער ניט, וואס געהערט דער געוויסען צו א לעבענספראגע?

— איך בעט אייך, ליעבער הערר פריעד, קוועלט מיך ניט מיט אייערע פראגען. איך זאג אייך נאך אמאל, אז איך וואלט מיך פאר דער גליקליכסטע אין וועלט בעטראכט ווען איך זאל קענען אייער פרוי זיין, אבער דאס איז אונמעגליך.

איבערינענס, לאָמיר האָפען פיעללייכט ווען אנדערש ווערען. עס קען אלעס אומגע־ענדערט ווערען.

פריעדער האט אויף איהר א קוק געטהאן און האט בעמערקט טרעהרען אין איהרע אויגען.

— באבעטא! — האט ער געזאגט זיא ערגרייפענד פאר דער האנד — דיא וועלט מעג אונטערגעהן, און איהר מוזט מיינע זיין! איך וועל אלע הינדערניסע פון אונזער וועג אפרוימען ווען איך זאל זאגאר וויסען אז איך וועל דערביי מיין לע־בען פערליערען.

ער האט זיא איינגעשלאָסען אין זיינע הענד און האט דיא אנגעפאנגען הערצליך צו קושען.

— פריעדער, איהר זייט אונפערשעמט! — האט דיא א געשריי געטהאן און האט זיך פון זיינע הענד ארויסגעריסען און איז אוועקגעלאָפען אין שטוב.

320טעס קאפיטעל.

# א ווירקליכער מזל־טוב.

מיר מוזען זיך נאך אמאל אומקעהרען צו דעם באנקיר ראטהבלום אין הויז און זעהן וואס דאָרט טהוט זיך נאכדעם אז וויא מען האט פערהאפטעט נריץ'ן.

רעקבעקא'ס מוטער האט זיך שטארק דערשראָקען, אלס זיא האט בעמערקט דיא פאליציי ביי איהר אין הויז און האט דערזעהן; וויא זיי האבען איהר טאכטערס ברויטיגאם אזוי פעסט אנגענומען וויא א דיעב און האבען איהם אוועקגעשלעפט פון איהר הויז. זיא האט זיך זעהר דערשראָקען און האט באלד געשיקט רופען איהר מאן פון דער באנק.

— וואס איז דא געווען? — האט זיא געפרעגט רעבעקא'ן — פאר וואס האט מען נריץ'ן פון דאנען אוועקגעפיהרט וויא אן ארעסטאנט?

— געוויס האט ער דאס פערדיענט — האט רעבעקא קאלט געענטפערט.

דיא מוטער האט זיא העכסט פערוואונדערט אנגעקוקט. דיא טאכטער זאָל בלייבען אזוי קאלטבליטיג צוקוקענדיג וויא מען ארעטירט איהר חתן? דאס וואָלט זיא נאר ניט געגלויבט, ווען זיא זאל אליין ניט זעהן.

— רעבעקא! — האט זיא אויסגעריפען — ערקלער דאך מיר וואס טהוט זיך דא?

— איך וועל דאס דיר, מוטער, אין קורצען ערקלערען — האט רעבעקא גע־ענטפערט — מען האט ערפאהרען, אז סימאן נריץ איז איינער פון דיא שרעקליכסטע מענשען אין דער וועלט.

— דאס איז אונמעגליך! וואס פאר א זינדע האט דען נריץ בעגאנגענען?

— פרעג נאר ניט, מוטער, דאס איז שרעקליך. דיין ערענטליכקייט וועט דאס גאר ניט קענען פערטראגען, דוא וועסט דאס גאר ניט גלויבען.

— אבער, טאכטער, איך בין זעהר נייגיעריג צו וויסען איז וואס ד־־־־־־־ט זיין פערברעכען?

— ווייסט דוא, מוטער, ווארום דער הערר פיין איז אין געפענגניס געזעסען פאר דער בעשולדיגונג אז ער האט ערמאָרדעט וואהרהאפטיג'ן?

— ווארום? — האט דיא מאדאם ראטהבלום נייניעריג געפרעגט.

— דאס איז דערפאר, וואס דער אונמענש גריץ האט פאר דעם פּראָקוראָר דערצעהלט א גאנצע געשיכטע וואס איז ניט געשטויגען און ניט געפלויגען.

— איז דאס מעגליך?

— יא, מוטער. דער פּראָקוראָר אליין האט דאס מיר דערצעהלט.

— אבער פארוואָס? וויא איז דאס מעגליך אז א מענש זאָל אזוי פערדאָרבען זיין און זאל בעגראבען אן עהרליכען מאן אָהן אן אורזאכע?

— דיא אורזאכע פון דעם איז, וואס גריץ איז דער פערדאָרבענסטער מענש אין דער וועלט.

— עפּעס גלויבט זיך מיר דאס ניט, מיין קינד.

— גלויבסט דוא ניט מיינע ווערטער, מוטער?

— דער פּראָקוראָר אליין האט דאס דיר דערצעהלט?

— יא. ער זעלבסט האט עס מיר דערצעהלט, אבער דאס איז נאך ניט גאָר. דיא געשיכטע מיט דער גרויסער ירושה וואס איהם איז פון זיין קאליפאָרניער אָנקעל געפאלען איז בלויז א שווינדעל.

— א שווינדעל? — האט דיא מוטער ערשטוינט אויסגערופען.

— יא, מוטער, דאס האט דער אונמענש פערברייטערט דעם ליגען, אום מיך אין זיין נעץ צו פערשטריקען. פיעללייכט גלויבסט דוא דאס אויך ניט, האב איך בעוויזען. ביי מיר געפינט זיך דער בריעף וואס זיינער א פריינד, אזא שורקע וויא ער אליין איז, האט איהם געשריעבען פון אטעריקא. אין דעם בריעף ערקלערט זיך דיא גאנצע אפערע.

— מיין גאט! איז דאס מעגליך אז גריץ איז אזוי פערדאָרבען?

— דאס הייסט נאך ניט פערדאָרבען געגען דיא לעצטע טהאטען וואס ער האט בעוויזען — האט רעבעקא געענטפערט — געוויס האסט דוא געהערט פון דעם פייער וואס האט פערגאנגענע נאכט אויסגעבראָכען אין זיין וואוינונג, וואס זיין יוירטהין איז דורך דעם האלב פערברענט געוואָרען?

— יא, איך האב געהערט פון דעם.

— דאס איז געוועזן זיין ארבייט.

— וואס הייסט זיין ארבייט? — האט דיא מאדאם ראטהבלום ערציטערט געפרעגט.

— דאס הייסט, אז ער האט דאס פייער געמאכט.

— הימעל! זאל איך גלויבען?

— יא, מוטער, דאס איז פאקטיש בעוויזען געווארען. דוא פערשטעהסט שוין וואס פאר א חתן דוא מיט מיין פאטער האט פאר מיר אויסגעקליבען?

— דאס איז שרעקליך — האט דיא מוטער געשטאַמעלט און איהר געוויסען איז בלאס געווארען — נו, און דערפאר האט מען איהם יעצט פערהאפטעט?

— יא. מען האט ריכטיג ערפאהרען פון דעם לעצטען סקאנדאל און מען האט איהם דערפאר ארעסטירט. נעוויס וועט ער זיין פערדיענטע שטראפע ערהאלטען.

זיא האט נאך דיא ווערטער ניט נעענדיגט, האט זיך דיא טהיר אויפגעעפענט און דער באנקיר ראטהבלום איז אריינגעלאפען שטארק דערשראקען.

— וואס פאר אן אונגליק האט דא געטראפען? וואר זיין ערשטע פראגע.

— שרעק זיך ניט, פאטער, קיין אונגליק זאנדערן א גליק האט דא נעטראפען — האט רעבעקא נעענטפערט — מען האט צונענומען דעם טייפעל פון אונזער הויז.

— וואס מיינסט דוא מיט דיא ווערטער?

— אונטער דעם נאמען „טייפעל" מיין איך דעם פערפלוכטען גרייזן.

— ווער האט איהם צונענומען?

— דיא פאליציי.

— דאס פרעהט מיך זעהר — האט ראטהבלום מיט א צופריעדענער מינע נעזאנט — דיעזער פערפלוכטער הונד האט שוין לאנג בעדארפט זיצען אין געפעננניס.

— אזוי? — האט זיין פרוי ערשטרנט נעפרענט — דוא ווייסט שוין אויך וואס פאר א סוחר גרייז איז?

— יא, איך האב דאס ערפאהרען און איך וועל אימער דאנקען גאט, דערפאר וואס איך האב דאס צו דער רעכטער צייט ערפאהרען. איך וועל זיך אויך אימער שעמען פאר זיך אליין פאר דער דומהייט וואס איך האב בעגאנגען, דערמיט וואס איך האב מיין ליעבע טאכטער נעוואלט פערשלייערן פאר דיעזען סוביעקט. איך מוז דיר זאגען, מיין קינד רעבעקא, אז איך וועל מיך בעשטענדיג פיהלען זינדיג נעגען דיר און דוא האסט רעכט מיר ניט צו פערצייהען.

— זאג דאס ניט, פאטער — האט רעבעקא ערווידערט — דוא ביסט ניט שולדיג אין דעם אירטהום וואס דוא האסט נעהאט. דער קלינסטער מענש קען זעהר לייכט אריינפאלען אין דעם נעץ פון א בעטרינער. נור אויב דוא ווילסט איך זאל דיר עווינ דאנקבאר זיין, דארפסט דוא מיר נור א קליין נעפעלינקייט טהאן.

— זאג, מיין טאכטער, וואס פערלאנגסט דוא? פאר דיר וועט מיר נעוויס קיין זאך שווער זיין צו טהאן.

— איך וויל דוא זאלסט מיר צוריקנעבען דאס גליק וואס דוא האסט פון מיר נערויבט.

— איך פערשטעה דיך ניט, מיין טאכטער. וועלכעס גליק האב איך פון דיר נערויבט?

— איך מוז אייך, מיינע ליעבע עלטערען אפען נעשטעהן, דאס פון דעם ערשטען טאג אן וואס איך האב נעהאט דיא עהרע בעקאנט צו ווערען מיט דעם העררן יאקאב פיין, האב איך מיר איינגעבילדעט אז מיין גליק וועט זיין נור דארט, וואו ער וועט זיין....

רעבעקא איז שטארק רויטה געווארען אויסריידענדיג דיא לעצטע ווערטער און האט איהרע שעהנע אויגען צו דער ערד אראפגעלאזט.

— פון טיעפסטען הערצען גיעב איך אייך, ליעבע קינדער, מיין פעטערליכען זעגען — האט ראטהבלום געזאגט און פריידען־טרעהרען האבען זיך אין זיינע אויגען געוויזען — הערר פיין! פיהלט איהר אויך דאס זעלבע וואס מיין טאכטער פיהלט? זייט איהר איבערציינגט אין דעם אז איהר וועט אין שטאנדע זיין מיט איהר צו טהיילען פרייד און בעהיטע גאט לייד?

— פאטער! — האט יאקאב אויסגערופען ערגרייפענד ראטהבלום'ס האנד — איך שווער אייך אז איך וועל אייער ליעבער טאכטער בלייבען געטריי ביז דעם לעצטען אוינענבליק פון מיין לעבען.

— מעהר דארף איך ניט און מעהר פערלאנג איך ניט — האט ראטהבלום דערפרייט אויסגערופען — נאט זאל אייך פערבינדען מיט זיין זעגען אזוי וויא איך פערבינד אייך יעצט מיט מיין זעגען.

— שא! און וואו איז מיין ברכה? — האט דיא מאדאם ראטהבלום געזאגט — איך גלויב, אז דער זעגען פון א מוטער האט אויך א שטיקעל ווערטה קינד מיינס! איך ווינש דיר דוא זאלסט מיט דעם העררן פיין לעבען אין גרעסטען העכסטען גליק.

זיא איז געפאלען אויף דער טאכטערס האלז.ביידע האבען זיך געקושט, ביידע האבען געוויינט, וועהרענד ראטהבלום האט זיך אומגעארמט מיט יאקאב פיין און האבען אויך דאס זעלבע געטהאן.

דיא אלע פערזאנען האבען זיך יעצט געפיהלט זעהר גליקליך און צופריעדען. יעדער פון זיי האט געפיהלט אז יעצט קומט איהם א ווירקליכער מזל־טוב.

— איך פאנג אן פאנאטיש צו ווערען — האט ראטהבלום געזאגט — איך הייב אן צו גלויבען, אז דאס איז אמת וואס דיא וועלט זאגט „אז דאס וואס איז באשערט איז באווערט". דוכט זיך, איך האב שוין מיט מיין קינד א שידוך געטהאן און מען האט שוין גאר פון אנדערע גליקען ניט געדענקט, און דאך איז זיא פערבונדען געווארען מיט איהר באשערטען.

— איך וועל אייך זאגען דיא וואהרהייט, ליעבער פאטער — האט יאקאב פיין שמייכלענד געענטפערט — צו דאס ווערטעל וואס איהר האט ערשט דערמאנט איז וואהר דאס וויים איך ניט, אבער אין דעם בין איך יא איבערציינגט אז דיא ליעבע ברעכט דורך אייזערנע טהויערן און דיא שטארקסטע שלעסער, און קיין זאך קען זיא אפהאלטען איהר ציעל צו עררייכען....

321טעס קאפיטעל.

## פון טויט לעבעדיג.

**אויף דעם גראף דאנילאוו און אויף זיין פרוי מאריא האט מען ווירקליך געקענט זאגען, אז זיי זיינען לעבעדיג געווארען. דען יעדער פון זיי האט געגלויבט באמונה־שלמה און איז געווען פעסט איבערציינגט אז דער צווייטער איז טויט**

און פלוצלינג האבען זי איינער דעם אנדערען דערזעהן לעבעדיג, געזונד און שטארק!

עס לאזט זיך ניט בעשרייבען דאס גליק פון דיעזע פערזאָנען. דער גראף אנטאָן וואר א לאנגע צייט וויא בערוישט פון גליק. ער האט זיינע אויגען ניט גע־וואָלט גלויבען, אז ער זעהט זיין ליעבער מאריא׳ן לעבעדיג. איהם וואר שווער זיך איבערצוציינען אז ער איז קיין מערדער און זיינע הענד זיינען ניט פערשמוצט און אונשולדיג בלוט.

מאריא פון איהר זייט, וואר אויך יעצט אין זיעבענטען הימעל. דאס וואס איהר האט זיך זאגאר ניט געטרוימט, האט זיא יעצט דערלעבט צו זעהן. איהר ליעבער מאן לעבט און ער איז שוין איבערציינט אין איהר אונשולד; ער בערייהעט פון טיעפען הערצען וואס ער האט זיא אזוי שלעכט בעהאנדעלט און ער הערט נאר ניט אויף זיא אום פערצייהונג צו בעטען, דערפאר וואס ער האט גענען איהר געזינדיגט. זיא איז ווייטער גרעפין, און פאר איהר פאנגט זיך יעצט אָן נאר אויף דאס נייע א גליקליך לעבען.

מען קען זאגען, אז גליקליכער פון זיי ביידען וואר דער גראספירסט וולאדי־מיר; ער איז זיך אליין דאנקבאר געווען דערפאר וואס ער האט דיא צוויי געטרענטע געליעבטע פערזאנען צוזאמענגעבראכט. ער האט פערגעסען זיין ראנג און זיין שטאנד און האט ניט אויפגעהערט זיך צו קושען מיט דעם גראף אנטאן.

— פרינץ! — האט אנטאן מיט פייער אויסגערופען — איהר האט יעצט אזא וואָהלטהאט געטהאן, דאס נאך מיינער מיינונג איז דאס אין שטאנד צו בעווייזען א מאן אין הונדערט יאהר. זאגט, דורכלויכט, מיט וואס זאל איך אייך אפדיענען? פערלאנגט פון מיר אזא זאך, וואס איך זאָל דארפען מיין לעבען אויפאָפּפערן אום דאס אויסצופיהרען, זאגסט ועל איך מיך פיהלען אימער אונדאנקבאר געגען אייך.

— איך פערלאנג פון אייך קיין זאך, ליעבער פריינד — האט דער גראספירסט געענטפערט — אין געגענטהייל, איך בין אייך זעהר דאנקבאר דערפאר וואס צוליעב אייך האב איך יעצט אזא פערגעניגען, וואס איך קען דאס פאר געלד ניט קויפען. נור אויב איהר ווילט איך זאל יא פון אייך עטוואס פערלאנגען, וועל איך מיך ווענדען צו אייך מיט א קליינע ביטע.

— זאגט, פרינץ, וואס זאָל איך טהאן?

— איך וויל איהר זאָלט מיר פערשפרעכען, דאס פון היינט אָן און ווייטער זאלט איהר קיין שלעכטעס גלויבען אויף אייער מאריא׳ן, דען איך גלויב, אז איהרע פיינדע וועלען נאך אלץ ניט מיעד ווערען צו גראבען פאר איהר א גראב.

— און דאס דארפט איהר מיך בעטען? — האט אנטאן מיט פייער געענט־פערט — מיין גאנץ לעבען וועט מיך מיין געוויסען פלאגען אויף דעם וואס איך בין פריהער אזוי לייכטזיניג געווען און האב זיך געלאזט פערפיהרען פון פערליימדער, וועל איך דאס צווייטע מאל אזוי דום זיין? ניין גראָספירסט! דיא לעקציאָן וואס איך האב ערהאלטען וועל איך מיין גאנץ לעבען געדענקען און וועל פערשילטען יענע צייט אין וועלכע איך האב אזוי בלינד, אזוי דום און אונמענשליך געהאנדעלט

אָ, פרינץ! ווען איך זאל יעצט קענען מיין הערץ פאר אייך עפענען, איהר זאָלט זעהן וואס פאר א גליק דאָרט שטעקט יעצט וואָלט איהר פערשטאנען וואס פאר א גרויסע וואָהלטהאט איהר האט געטהאָן.

— איך פערשטעה, איך פערשטעה.... האט דער גראספירסט מיט א פערגעניגטען שמייכעל געענטפערט. אלזא, נענוג דערפון צו שפּרעכען, לאזען מיר יעצט עטוואס אנפאנגען צו טראכטען ווענען עטוואס אנדערש. זאגט מיר, גראף, וואס דענקט איהר יעצט צו טהאָן?

— וואס זאל איך דענקען? איך פאהר פון דאנען גלייך אוועק מיט מיין ליעבע פרוי און מיין טהייער קינד נאך דאנילאָווקא.

— נו, און וואס דענקט איהר צו טהאָן מיט אייערע ערבע (יורשים)?

— מיט מיינע ערבע? וועמען מיינט איהר, פרינץ?

— האט איהר פערגעסען אז אייער ליעבע קוזינא מיט איהר טהייערען פאטער האבען אלס אייערע איינציגע ערבע, שוין צוגענומען אלעס וואס איהר האט?

— וו-אָ-אָ-ס? — האט אנטאן אויסער זיך פאר צאָרן אויסגערופען — איז דאס מעגליך, אז דיא פערפלוכטע הינד זיינען יעצט אין דאנילאָווקא?

— איהר זאָלט דאס גלויבען, דען דאס איז אזוי. דיעזע ביידע לייטע האבען זיך ערקלערט אלס דיא ריכטיגע איינענטהימער פון אייער גאנץ פערמעגען; זיי שאלטען און וואלטען אין דאנילאווקא וויא דאס דאָרף זאָל זיין פון אימער זייערס.

— פערפלוכטע בעסטיען! — האט אנטאן צאָרניג אויסגעשריען — איך וועל שוין יעצט פון זיי ראכע נעהמען וויא זיי האבען פערדיענט.

— יא, דאס האט איהר זעהר רעכט. דיא אונמענשען האבען פערדיענט, מען זאל פון זיי דיא גרעסטע ראכע נעהמען. אבער וואס דענקט איהר צו טהאָן?

— איך וועל זיי אין געפענגניס ווערפען. ערשטענס, דערפאר וואס זיי האבען מיך געוואָלט פערגיפטען; צווייטענס, פאר דער פאלשער בעשולדיגונג וואס זיי האבען געמאכט אויף מיר, אז איך האב מיין פרוי ערמאָרדעט; דריטענס, דערפאר וואס זיי האבען צוגענומען מיין איינענטהום אָהנע יעמאנדען ווענען דעם צו פרעגען.

— דאס דאַרף דאָך אבער אלץ נעהמען צייט?

— איך קען דערצו גאר נים העלפען.

— דערפאר קען איך יא דערצו העלפען — האט דער גראָספירסט ערוויי-דערט — איך האב שוין אלעס בעזארגט. איהר דארפט שוין גאר ניט טהאָן. דען דער פאטער מיט דער טאכטער זיינען שוין פון אלע זייטען ארומגערינגעלט מיט שפּיאָנען און מיט פאָליציי-מענער, וואס אויף איין וואונק פון אייך וועלען זיי טהאָן וואס איהר וועט הייסען. איהר דארפט נור בעפעהלען.

— דעעפאר ניעב איך אייך מיין בעזאנדערן דאנק, פרינץ. דאס איז ווירק-ליך פיעל ארבייט פערשפּארט. אבער וואו וועל איך דאָרט דיעזע שפּיאָנען אויס-געפינען?

— איהר פערשפּארט זיי צו זוכען. זיי האבען שוין ערהאלטען א בעפעהל

ראס ווען איהר װעט אהין אנקומען, װעלען די אייך שטעהן בײ דער זיים. איהר װעט זיי דערקענען אן דיא ברייטע היטלען וואס זיי טראגען; זיי געהן געקליידעט וויא איינפאכע מוזשיקעס, נור אונטער דיא מחשיצקע קליידער טראגען זיי דיא אוניפארם (קליידער) פון זשאנדארען. ווען דענקט איהר צו פאהרען נאך דאני־לאווקא?

— נאך היימע.

— אזוי שנעל? איך האב געדענקט, אייך מיט אייער פרוי מיטנעהמען נאך מאסקווא. דארט וויל איך מאכען א פרעהליכען אבענד צו עהרען פון אייער בע־פרייאונג.

— אויב איהר ווילט מיר זאלען מיט אייך פאהרען נאך מאסקווא, קענען מיר פאהרען — האט אנטאן גענענטפערט — אבער ווען איהר, פרינץ, ווילט אונז א גרויסען געפאלען טהאן, זאלט איהר אונז ערלויבען א היים צו פאהרען. ערשט־טענס, זיינען מיר ביידע זעהר מיעד פון דיא שמערצען וואס מיר האבען אין דער לאנגער צייט געהאט; צווייטענס, וויל איך וואס גיכער ראכע נעהמען פון דער פערפלוכטער ארעלאַ'ן און פון איהר פאטער.

— זעהר שעהן. איך װעל אייך געווים נים צווינגען איהר זאלט מיט מיר נאך מאסקווא געהן; פאהרט אייך געזונטערהייט נאך דאנילאווקא. איך פאהר אויך מיט אייך. איך וויל אין אייער געזעלשאפט נאך איינינע טעג פערברייננען. מיר קענען אויך אין דאנילאווקא א פרעהליכען אבענד האבען.

— אך! אויב איהר ווילט אונז דיא גרעסטע עהרע בעווייזען און מיט אונז נאך דאנילאווקא פאהרען, װעלען מיר געווים מיט דעם גרעסטען דאנק דיא עהרע אננעהמען. אייער ארביים װעט דאן זיין פון אלע זייטען געענדינט.

— יא, אזוי בלייבט דאס — האט וולאדימיר ענטשלאסען געזאגט — איך פאהר מיט אייך און װעל אייער גאסט איינינע טעג זיין.

שעהן איז דיא זון ווען זיא ערשיינט נאך א פינסטערען חמארנעם טאג. דיא זעלבע זון וואס מיר זעהן יעדען טאג, ערשיינט דאן אין אונזערע אויגען פיעל שעה־נער אלס זאנסט. זא עבען איז זיט דיא אלגעמיינע געװעהנליכע פרייהייט און רוהע נאך א גרוים אונגליק. קיין מאל איז דער גראף דאנילאוו אזוי גליקליך געװען וויא יעצט און קיין מאל האט זיך דיא גרעפין מאריא אזוי צופריעדען געפיהלט וויא דאס מאל.

טונטער, פרעהליך און גליקליך זיינען אלע אװעקגעפאהרען נאך דאנילאווקא.

822טעס קאפיטעל.

## אַן אונערוואַרטעטע נייעס.

מיר האבען שוין לאנג נים געזעהן דעם אלטען איוואן, דארום מוזען מיר איהם יעצט א בעזוך אבשטאטען.

מיר זעהן איהם א פערצווייפעלטען זיצענדיג ביי'ם טיש. ער איז ערשט געקומען פון'ם סליעדאָוואטעל, וואו ער איז געווען אלס צייגע אין סעמיאָן וואָרינס פראצעס.

קאטהארינא האט פאר איהם נעגרייט דעם טיש, האט איהם דערלאנגט עסען, אבער ער האט ניט נעגעסען. ער האט בלויז צווי גלאז קאלט וואסער אויס-געטרונקען.

— דוא ווערסט דאס גאר ניט גלויבען, קאטהארינא, וואס איך האב ערשט געהערט — האט ער געזאגט צו זיין אלטע, וועלכע האט איהם געפרעגט ווארום ער זיצט אזוי פערטראכט.

— וואס האסט דוא געהערט? — האט זיא נייגיעריג געפרעגט.

— סטעפאן האט זיך מורה געווען אז ער האט דעם גראף דאנילאוו אריינ-געבראכט דאס גיפט אין געפענגניס, און ווייסט דוא ווער עס האט איהם דערמיט געשיקט?

— ווער?

— דער אלטער הונד פעליקס דאנילאוו.

— ווירקליך?

— יא, קאטהארינא. נור ער האט סטעפאנען אנגערעדט ער זאל דעם גראף אנטאן פערגיפטען.

— נו, פאר וואס-זשע שווייגט מען איהם און מען ארעטירט איהם ניט, וויא באלד ער איז אזא מערדער?

— איך האב מיך אויך אויף דעם געוואונדערט, און האב זיך זאגאר ניט געשעמט פרעגען וועגען דאס דעם סליעדאוואטעל. ער האט מיר אבער געענט-פערט, אז וויא באלד מען שווייגט דארף אזוי זיין און פריהער שפעטער, דער מערדער וועט זיין לאהן ערהאלטען.

— דאס איז שרעקליך! — האט קאטהארינא אויסגערופען — נו, זאג אליין, איוואן, דארפען דיא רייכע פריצים געגען אונז שטאלצירען? זיינען מיר ניט טויזענד מאל עהרליכער אלס זיי?

— דוא האסט זיך ערשט ארומגעזעהען, אז מיר זיינען עהרליכער פון זיי? — האט איוואן געלאכט — איך וויים דאס שוין פון לאנג, אז עס איז זעהר זעלטען צו געפינען צווישען דיא אריסטאקראטען א רעכטען מענשען. דאס איז גאר קיין וואונ-דער, דיעזע לייטע זיינען פון זייער פריהעסטער יוגענד אן געוואוינט געווארען צו לעבען אין ראשקאש און אין לוקסוס. קיין זאך זאל זיי ניט פעהלען און אז עס מאכט זיך אזא צייט וואס זיי פעהלט יא עטוואס, מוזען זיי דאך אלע שענדליכסטע מיטעל אנווענדען צו בעקומען דאס וואס זיי ווילען. איך מוז דיר זאגען קאטיא, אז איך ציטער פיעללייכט וועט דער מערדער פעליקס און זיין טאכטער דיא מערדערין נאך ריין ארויס פון דער מערדעריי, וואס זיי האבען בעגאנגען. דען זיי האבען יעצט געלד און מיט געלד קען מען אין אלע צייטען דיא גרעסטע שווערסטע זינדע אבוויישען.

— איך וועל דיר זאגען דיא וואהרהייט איוואן — האט קאטהארינא געענט-פערט — וויא באלד דיאביידע מערדער וועלען ריין ארויסקומען פון דער זינדע וואס זיי האבען בעגאנגען, איז שוין דיא וועלט קיין וועלט און מען מעג איינפאך שעכטען מענשען אין דיא גאסען.

— פון עווינג און האבען דאס דיא רייכע געטאנט—האט איוואן זיפצענד געזאגט — דאס איז שוין קיין נייעס מעהר. אבער איך זאָג דיר קאטיא, אז איך האב מיך פעסט בעשלאָסען, דאָס ווען דיאביידע מערדער וועלען זיך פראבירען זייער מערדעריי דורך גאלד אָבווישען, וועל איך נים שווייגען.

— וואָס דענקסט דוא רען צו טהאָן ?

— איך וועל מיט דער נאל ארבייטען זייער זינדע פאר דער גאנצער וועלט צו פערעפענטליכען. איך וועל צום קייזער אליין פליהען און וועל איהם עפענען דיא אויגען, ער זאָל זעהן וואָס אין זיין לאנד טהוט זיך. ניין קאטיא, אזא מערדעריי טהאר נים פערשווינען ווערן. נור שא, דוכט זיך מען קלינגט.

— יא, יעמאנד קלינגט אין דער גלאקע פון'ם טויער.

— געה נור ארויס קאטיא, זעה ווער דארט איז, איך בין זעהר מיעד פון דעם ווייטען גאנג.

קאטהארינא איז ארויסגעגאנגען און איז באלד צוריקגעקומען מיט א בריעף אין דער האנד.

— דער פאצטיליאן וואס פיהרט דיא בריעף נאך דאנילאָווקא, האט מיר דיעזען בריעף איבערגעגעבען;—האט זיא געזאגט איהם איבערדרייכענד דעם בריעף.

איוואן האט בעטראכט דעם בריעף פון אלע זייטען און האט געזאָגט:

— דאס איז פון מאָסקווא.

— פון מאָסקווא ? ווער האט דאס דיר געקענט שרייבען פון מאָסקווא א בריעף ?

— מיר שיינט, אז דאס איז פון גרינזאנגען.

ער האט געעפענט דעם בריעף און א קוקטהאנדיג אויף דעם אונטערשריפט האט ער געזאגט:

— יא, דאס איז ווירקליך פון מיכאל גרינזאנג.

— לייען נור איבער וואס שרייבט ער דיר.

איוואן איז מיט דיא בליקען דעם בריעף דורכגעלאָפען און האט אויסער זיך פאר ערשטוינען אויסגערופען:

— קאטיא! דא שטעהט אזא נייעס, וואס וועט דיך איבערראשען.

— וואס איז דאס פאר א נייעס ? — האט דיא אלטע נייגיעריג געפרעגט.

— דוא וועסט דאס גאר נים גלויבען קאטיא, אז דיא גרעפין מאריא איז גרינזאננס טאכטער.

— וואאאס ? — האט קאטיא אויסגערופען אויסגלאנצענדיג דיא ארגען אויף איהר מאן—וואָס האסט דוא געזאָגט ?

— איך האב דיר געזאגט, אז דיא גרעפין מאריא איז גרינזאננס טאָכטער.

— איך פערשטעהע גאר נים, וואס דוא רעדסט איוואן ?

— איך רייד דוכט זיך מיט דיר דייטליכע ווערטער, אז דיא גרעפין מאריא איז גרינזאננס טאָכטער.

— דוא שפאסט נים ?

— וואס פאר א שפאס, גרינזאנג אליין שרייבט דאס דא אין דעם בריעף.

— וויא אזוי איז דאס מעגליך?

— דאס איז זעהר נאטירליך און מיר איז א וואונדער אויף דעם, וואס אונז איז דאס ביז אהער ניט איינגעפאלען. געדענקסט דוא דיא געשיכטע וואס מאריא האט אונז דערצעהלט, וויא זיא האט זיך ערצויגען ביי א געוויסען כריסטאנף וואָרין?

— יא, איך געדענק.

— און מיין געשיכטע וואָס איך האב דיר שוין איינינע מאל דערצעהלט, מוזט דוא געוויס אויך געדענקען.

— וועלכע געשיכטע מיינסט דוא?

— דיא געשיכטע פון סאבינא'ן, וועלכע האט איהר קינד אבגע‧‧‧‧ צו א פרוי, וואס האט געוואוינט ניט ווייט פון דעם טייפעלסשלאָס.

— יא איך געדענק דאס.

— נו, דיאביידע געשיכטען זיינען בלויז איין געשיכטע. דיא פרוי, וואָס סאבינא האט צו איהר דאס קינד אבגעגעבען איז דיא זעלבע וואָס דיא גרעפין מאריא האט זיך ביי איהר ערצאָגען. פערשטעהסט דוא שוין, אז זיא איז גרינזאננס טאכטער.

— נאָטס וואונדער! — האט קאטהארינא איבערראשט אויסגערופען — נו, פרעג איך דיך איוואן, זיינען יענע וואס גלויבען ניט אן נאָט, ניט דיא גרעסטע נאראנים. איז דאס ניט א געטליכע זאך, וואס דיא גרעפין איז צופעליג בעקאנט געוואָרען מיט איהרע וואהרע עלטערן און זיי האבען זיא געשיצט און געשטיצט אהנע צו וויסען, אז זיא איז זייערע א טאכטער. אבער זאג מיר מיין ליעבער איוואן, וואס שרייבט ער דיר ווייטער?

— ער בעט מיך, איך זאל דיא נעהיימנים דער גרעפין מיטטהיילען, און זאָל איהם שרייבען צו איז זיא צופריעדען דאמיט וואס זיא האט אידישע עלטערן.

— וויא אזוי קענסט דוא דאס איהר מיטטהיילען, זיא איז דאך גאר אין מאָסקווא?

— ער שרייבט, אז זיא איז פון מאסקווא אוועקגעפאָהרען נאך דאנילאָווקא.

— וואס רעדסט דוא? זיא פאָהרט נאך דאנילאָווקא?

— יא, אזוי שרייבט ער מיר. דא מוז עפעס זיין וואס זיא פאהרט נאך דאנילאָווקא.

— געוויס איז דאס ניט אומזאָנסט. אבער וואו־זשע איז זיא. וויא באלד אז דער בריעף איז געשריעבען געוואָרען נאך איהר אוועקפאָהר פון מאָסקווא, האט זיא דאך שוין בעדארפט דא זיין?

— מיר איז דאס אויך א וואונדער, זאל דאס מעגליך זיין, אז זיא האט אונזער שלאָס אויסגעמיידט און איז אוועקגעפאָהרען גלייך נאך דאנילאָווקא?

— ניין! דאס גלויבט זיך מיר ניט. זיא וועט אונז ניט אויסמיידען. וואהר־שיינליך, האט זיא זיך ערגעץ אבגעשטעלט און זיא וועט דיא טעג דא זיין.

— עס קען זיין, אז זיא האט זיך אבגעשטעלט אין ארשא. דארט נאכפאָר־שונגען צו מאכען ווענען איהר מאן.

— דאס דענק איך אויך, אלענפאלס דארפען מיר זיא דא יעדע מינוט ערווארטען.

— ווייסט דוא איהר מיטטהיילען דיא נאכריכט, אז גרינזאנג איז איהר פאָטער?

— געוויס וועל איך דאס איהר מיטטהיילען, ביי מיר איז קיין צווייפעל, אז זיא וועט מיט דער נאכריכט שטארק צופריעדען זיין. דען דוא קענסט דאך דער נוטער מאריאן, וואס פאר א דאנקבארע נאטור זיא האט. זיא האט געוויס גרינ־זאנג'ן מיט סאבינא'ן ליעב פון טיעפען הערצען, פאר דיא פיעלע גוטעס וואס זיי האבען מיט איהר געטהאן.

— יא, איך גלויב אויך דאס זעלבע. איך שטעל מיר פאר וויא איבערראשט זיא וועט ווערען, אלס זיא וועט דערהערען, אז גרינזאנג איז איהר פאָטער, זיא וועט דאס געוויס נאר ניט וועלען גלויבען. איך וועל דעם בריעף בעהאלטען אום איך זאל איהם קענען ציינען דער גרעפין ווען זיא וועט אהער קומען.

ער איז אויפגעשטאנען פון זיין ארט און האט דעם בריעף פערשלאָסען אין זיין שראנק.

## 323טעם קאפיטעל.

## פריעד רעדט אויס זיין הארץ פאר קראָנענשטיין.

בת־שבע איז נאר ניט דיא זעלבע וואס געוועז, זיא זיצט אימער פערטראכט און שטארק אונמוטהיג.

דיא יונגע פרוי, וואס האט זיך געוועז איינגעבילדעט, אז זיא איז איינער פון דיא פערדאָרבענסטע אין דער וועלט און פאר איהר גיעבט עס שוין קיין צוקונפט ניט, זיא האט פלוצלינג בעקומען וואהרע מענשליכע געפיהלע. זיא האט געליעבט לעאָפאָלד פריעד מיט דער ריינער, צערטליכער ליעבע וואס אן עהרליכע פרוי איז אין שטאנד צו פיהלען צו איהר געליעבטען און דאך האט זיא זיך ניט געקענט בעשליעסען איהם דאס אפען צו געשטעהען, ווייל זיא האט שוין איהר ווארט גע־געבען קראָנענשטיינען, זיא זאל נור זיינע זיין. אויסער דעם האבען איהר יעצט נאָר אנדערע געדאנקען געקוועלט און האבען איהר קיין רוהע געגעבען.

זיא האט זיך ניט געקענט פערגעסען, וואס פאר שענדליכע זאכען זיא האט געטהאן, וויא זיא האט פיעל מאל איהרע עהרע פערקויפט צו פרעמדע מענער....

זיא האט זיך דארום אליין פאָרווירפע געמאכט דאפיר, וואס זיא געפינט זיך צווישען ארדענטליכע לייטע, וועלכע מיינען, אז זיא איז אויך אזוי ארדענטליך וויא זיי זיינען.

— ווארום בין איך נאר אהער געקומען? — האט זיא זיך פאָרווירפע געמאכט. וויא אזוי האב איך געוואגט אנצוגעהמען קראָנענשטיינס פאָרשלאָג, איך זאל איהם הייראטהען. דאס הייסט דאך איינפאך אן אָרדענטליכען מאן בעשווינדעלט פון קאפ ביז דיא פיס. איך האב איהם בעדארפט גלייך זאגען, אז איך קען זיינע ניט זיין, ווייל איך האב ניט דיא ווערטה זאגאר זיינע א דיענסט צו זיין. נו, און יעצט

וואס טהוט מען מיט לעאָפּאָלד'ן? דער יונגער מאן איז אין מיר פערליעבט איבער דיא אויערן, אלץ דערפאר וואס ער מיינט אז איך בין פרייליין קראָנענשטיין און אן ארענטליכעס קינד. איז דאס ניט א זינדע פון מיר וואס איך לאז איהם לעבען אין אזא אירטהום? ניין! לאנג טאָר איך דיא קאמעדיע ניט שפּיעלען, איך מוז פון זיך דיא מאסקע ארונטערוואַרפען און זאלען ביידע, קראנענשטיין מיט פריעד'ן זעהן, אז איך בין זייער ליעבע ניט ווירדיג.

פון יענעם טאג אן וואס זיא האט זיך ארויסגעריסען פון לעאָפּאָלד'ס אומ־ארמונג און האט איהם בעטיטעלט מיט דעם נאמען „אונפערשעמטער", האבען זיי זיך ביידע אויסגעווייכט. זיי פלעגען אפילו צוזאמענקומען ביי'ם עסען, אבער זיי האבען איינער מיט דעם אנדערן ניט גערעדט. לעאפאלד האט זיך געפיהלט זינדיג דערמיט וואס ער האט אזא אונשולדיגעס מעדכען געוואָנט אומצואַרמען און צו קושען, וועהרענד בת־שבע האט זיך געפיהלט אונווירדיג אין דער נענענוואַרט פון אזא ארענטליכען מאן צו זיין.

דאס האט אבער לאנג ניט אויסגעהאלטען. דען איינמאל אלס בת־שבע איז געזעסען ביי זיך אין צימער פערטיעפט אין געדאנקען, האט מען איהר אנגע־קלאַפּט אין טהיר.

מיט דער מיינונג אז דאס איז איהר דינסטמעדכען האט זיא אויסגערופען אנטרעע.

דיא טהיר האט זיך געעפענט און לעאָפּאָלד פריעד איז אריינגעקומען.

זיא איז בלאס און באלד רויטה געווארען.

— באבעטא — האט ער געזאגט מיט א ציטערנדע שטימע — פערצייהעט וואס איך האב אייך יעצט בעאונרוהיגט, איך קען אין אזא לאנגע ניט זיין. איך פיהל מיך זעהר שולדיג געגען אייך.

— געגען מיר פיהלט איהר זיך שולדיג? — האט זיא געשטאמעלט — ווארום?

— און איהר פרעגט נאך? איך מוז אייך זאגען, פרייליין קראנענשטיין, אז דאס ערשטע מאל אין מיין לעבען האב איך אזא פעהלער בעגאנגען. איך פער־שטעה נאך יעצט אויך ניט וואס מיט מיר איז געוועזן, וויא אזוי האב איך געוואַגט אזא פרעכהייט צו טהאָן און אייך אזוי בעליידיגען? איך ווייס זעהר גוט אז איך האב אייער פערצייהונג ניט פערדיענט, דאָך בעט איך אייך איהר זאָלט מיר פערצייהען, איהר זאלט דאס בעטראכטען וויא א טהאט פון א נארריש איינגעל.

— איהר דארפט מיך ניט אום פערצייהונג בעטען, הערר פריעד. איהר האט אן אירטהום דערמיט וואס איהר מיינט אז איהר האט געגען מיר געזינדיגט; אין גענענטהייל, איך פיהל מיך שטארק זינדיג געגען אייך.

— וואמיט? — האט ער ערשטוינט געפרעגט.

— דערמיט וואס איהר האט אין גאנצען אין מיר א גרויסען אירטהום געהאט....

— אין וועלכען הינזיכט?

— איהר זאלט מיך ניט מעהר בעטראכטען אלס א היילינגען ענגעל, ווייל איך בין דאס נענענטהייל פון דעם.

— אין מיינע אויגען זייט איהר געוועזן און וועט אימער זיין דער היילינגסטער ענגעל.

— דאס עבען איז דער אירטהום וואס איהר האט אין מיר געהאט — האט דיא געזאנט רויטה וועהרענדיג — איך מוז אייך געשטעהן, הערר פריעד, דאס....

— וואס ווילט איהר זאגען, פריילין קראַנענשטיין?

— איך וויל זאגען, אבער איך קען ניט. איך מוז אייך נור אויף איין זאך אויפמערקזאם מאכען, אז איך בין איינע פון דיא פרויען וואס אלע אָרענטליכע לייט דארפען פון זיי אנטלויפען וויא פון אן עפּידעמיע....

— מיין גאָט! — האט פריעד העכסט ערשטוינט אויסגערופען — וואס איז דאס מיט אייך, פריילין קראַנענשטיין? ווארום שימפפט איהר אזוי אייער היילינע פערזאָן?

— אבער, הערר פריעד, האט זיך אייך ניט געטראָפען צו זעהן אזא פערזאָן וואס מען מיינט אז ער איז אן ענגעל, וועהרענד אין דער ווירקליכקייט איז ער גאָר א טייפעל?

— פון אזעלכע פערזאנען וויל איך גאר ניט ריידען.

— אבער איהר רעדט יעצט אליין מיט אזא פערזאָן.

— איהר שפאסט, פריילין קראַנענשטיין?

— איך שפּאס ניט, הערר פריעד, דאס איז מיין פאָלער ערנסט.

— איהר מענט אייך זאגען וואס איהר ווילט, איך וועל ניט גלויבען אז איהר האט אמאל עטוואס שלעכטעס געטהאָן.

— ווען אבער איהר זאלט אין דעם איבערציינט זיין?

— וועל איך דאס אויך ניט גלויבען אז איהר האט שלעכטעס געטהאן אויס פערדאָרבענהייט, זאנדערן אויס נויטה, אדער יעמאנד האט זיך בענוצט מיט אייער גוטען ערלען כאראקטער און האט אייך אין א בלאָטע פערשלעפּט.

— און ווען דער פאל איז ווירקליך אזוי, וואָלט איהר מיך אלץ אלס א היי- לינע בעטראכט?

— געוויס — האט פריעד געענטפערט — קענען מיר, צום ביישפּיעל, בעשול- דיגען דעם מענשען, וועלכען שלעכטע מענשען האבען אריינגענארט אין א סאלון האבען איהם פערשיכורט? אזעלכע זאכען קענען טרעפען ביי דיא פיינסטע אָרענט- ליכסטע לייטע.

בת־שבע האָט איהם מיט פייערינע בליקען אנגעקוקט.

— איז דאס מעגליך אז איהר, הערר פריעד, בעטראכט ניט פאר שולדיג דעם מענשען וועלכער איז פון שלעכטע מענשען פערפיהרט געווארען צו געהן אין א שענדליכען וועג? — האט זיא זאנפט געפרעגט.

— געוויס. איך גלויב אויך ניט אז א קלוגער אנשטענדיגער מענש זאל בע- טראכטען א פערפיהרטען אלס שולדיג.

— נו, שטעלט אייך פאָר, צום ביישפּיעל, ווען איהר הייראטהעט מיט א מעדכען וואס איהר פערגאנגענהייט איז אייך אונבעקאנט, איהר מיינט אז זיא איז נאך ריין וויא אן ענגעל.... און נאך אייער חתונה ערפאהרט איהר אז פריהער האט זיא א שענדליך לעבען געפיהרט ניט דורך איהר איינענער שולד זאנדערן דורך דער שולד פון שלעכטע פערדאָרבענע מענשען וואס האבען זיך בענוצט מיט איהר לייכטזיניגקייט און האט זיך דארום געלאזט פון די פערפיהרען אין א בלאָטע. פרעג איך אייך, צו וואָלט זיא איהר ווערטה ביי אייך ניט פערלארען?

— ניין! — האט פריעד געענטפערט — איך וואָלט זיא נור בעדויערט אויף דעם וואס זיא האט דאס אונגליק געהאט אזוי אריינצופאלען. אבער, פריילין קראָ-נענשטיין, וואצו דיא אלע פראגען? הא?.... אויב איך האב קיין אירטהום, פערשטעה איך אום וואס דא האנדעלט זיך.

— איהר פערשטעהט אום וואס דאָ האנדעלט זיך?

— יא, פריילין קראָנענשטיין, איך פערשטעה יעצט אלעס.

— וואס פערשטעהט איהר? — האט בת-שבע געפרעגט און אלע פארבען האבען זיך אנגעהויבען אין איהר געזיכט צו בייטען.

— איך פערשטעה יעצט ווארום איהר האט דעם יונגען מאן אזוי הארט בע-שטראפט. געווים האט איהר דאס אונגליק געהאט פון איהם פערפיהרט צו ווערען אין א בלאָטע און דארום האט איהר איהם בעלוינט וויא ער האט פערדיענט.

בת-שבע האט געשוויגען און האט ניט געוואגט איהם גלייך אין געזיכט צו קוקען.

— באַבעטאַ! — האט ער געזאגט זיא פאר דער האנד ערגרייפענד — איך פערשטעה יעצט אלעס און איך מוז אייך זאגען אז אייער ווערטה איז ניט אויף דאס מינדסטע אין מיינע אויגען קלענער געווארען. אין געגענטהייל, איך בעטראכט אייך יעצט אלס א העלדין וואס האט פערשטאנען ראכע צו נעהמען פאר איהר גערויבטער עהרע, און אויב דיא אורזאכע פון אייער קאלטקייט צו מיר איז דאס וואס איהר דענקט אז מיין אכטונג צו אייך וועט זיך פערליערען ווען איך וועל ער-פאהרען אז איהר זייט אמאל לייכטזיניג געוועזן, זאג איך אייך אז איך פיהל אין זיך, דאס קיין מאל וועט אין שטאנדע זיין מיין פייערינגע ליעבע צו אייך פערלעשען. איך וועל אייך בלייבען געטריי און ערגעבען ביז דעם לעצטען מאָמענט פון מיין לע-בען. רעדט נור אויס דיא פאר ווערטער אז איהר ווילט מיינע זיין, מאכט איהר מיך פאר דעם גליקליכסטען אין דער וועלט.

— איך קען דאס אייך נאך פאָרלויפיג ניט זאגען, הערר פריעד — האט בת-שבע געענטפערט.

— קען איך גאר קיין האָפנונג האבען מיט אייער האנד בעגליקט צו ווערען?

— יא.... איהר קענט יא האָפען. איך האב אייך שוין געזאגט, אז מיר קענען נאך ביידע ניט וויסען וואס דיא צייט וועט מיט אונז מאכען.... ווארט ליעבער הערר פריעד, איך וועל מיך בעמיהען מיט אלע קרעפטען איך זאָל אייערע זיין.

— איהר דארפט זיך בעמיהען ? שטעהט דען יעמאנד אונז אין וועג? איך גלויב, אז אייער אָנקעל וועט גלייך זיין איינוויליגונג צו אונזער בונד געבען.

— פרענט מיך נים, העררּ פריער, דען איך קען אייך אויף אלע אייערע פראגען נאָר ניט ענטפערן; אבער איך פערזיכער אייך נאך אמאָל אז מיין ליעבע צו אייך איז אזוי שטארק וויא אייערע צו מיר און איך ועל, וויא איך האב אייך שוין געזאגט, אלע מיינע קרעפטען אָנווענדען איך זאָל זיין אייערע.

— גוט! איך בין צופריעדען — האָט פריער געענטפערט — איך וויל האָפען נור אויף א גוטען רעזולטאט. איך וויל גאר אנדערש ניט דענקען. דען איך האָב אייך שוין געזאגט און זאג אייך נאך אמאל או אינים פאל ווען מיר וועט קיין האפנונג בלייבען אייער האנד צו געווינען, בין איך דער אונגליקליכסטער מענש אין דער וועלט.

מיט איינינע מינוטען שפּעטער איז פריער געזעסען אין זיין צימער און האָט פאָלגענדען בריעף געשריעבען:

„בעסטער פריינד קראָנענשטיין!

„ערשטענס מעלדע איך אייך אז מיר אלע, איך, דיא טאנטע און אייער קחינע פרייליין באבעטא זיינען געזונד, און מיר זיינען זעהר צופריעדען פון דעם לע־בען היער אין דיעזער שטילער דאַצשע.

„צווייטענס, קען איך אייך דערפרייען מיט דער גוטער נאַכריכט, דאס דיא טאַנטע מיט באבעטאַ׳ן לעבען אזוי פריינדליך וויא א מוטער מיט א טאַכטער. דיא טאַנטע זאגט, אז נאך קיין מענש אין דער וועלט האט אויף איהר אזא גוטען איינדרוק געמאכט וויא באבעטא. זיא קען זיך גאר פון דעם שעהנעם מערכען נים אפּרייסען און זיא זאגט אז באבעטא איז דיא איינציגע וואס איז אין שטאנד איהר עווינען קומער צו פערטרייבען.

„דריט׳נס — און דאָס איז דאס וויכטינסטע — מח איך אייך, ליעבער העררּ קראָנענשטיין, פערטרויען א געהיימניס, אז דעם זעלבען איינדרוק וואס פרייליין באבעטא האט געמאכט אויף דער טאנטע, האָט זיא אויף מיר אויך געמאכט. פאר אייך, וויא פאר אן איינענעם מענשען, זאג איך דיא גאנצע וואהרהייט אז איך בין אין אייער באבעטהאן פערליעבט איבער דיא אויערן. איך האב מיך פעסט בעשלאָסען זיא צו הייראטהען. ביי מיר וואר קיין צווייפעל אז זיא וועט אויך איינ־זעהן אז איך בין פאר איהר וויא געבארען. העררּ קראָנענשטיין, איהר קענט דאך מיך און איהר וויסט אז איך בין אין שטאנד א פרוי גליקליך צו מאכען; איהר קענט דאך מיר אליין, ליעבער פריינד, איהר וועט מיר צוגעבען אז איך בין ווירדיג דיעזען שאַין צו בעזיצען.... איך מוז אייך אויך דאס איבעריגע דערצעהלען, אז אין־ האב מיך שוין פאר איהר אין ליעבע ענדעקט; איך האב זיא מיט טרעהרען אין דיא אויגען געבעטען זיא זאל מיינע זיין. שטעלט אייך אבער פאָר מיין שרעק און ערשטוינונג, אלס זיא האט מיר געענטפערט דאס זיא קען פאַרלויפינ מיר איהר האנד נים שענקען. אנפאנגס האב איך געמיינט אז זיא קען מיך ניט ליעבען און דער געדאנק האט מיך פאסט אין פערצווייפלונג געבראכט. ענדליך אבער האב

איך פון איהר אליין ערפאהרען אז זיא ליעבט מיך ניט ווענינער וויא איך ליעב זיא אבער א געוויסע אורזאכע וועלכע דיא האט מיר פאר קיין פאל געוואָלט זאגען, האלט זיא אָפּ מיר איהר הערץ צו שענקען.

„ליעבער גוטער קראָנענשטיין! אלס צו באבעטא'ס אָנקעל און מיין בעסטען פריינד, ווענדע איך מיך יעצט צו אייך מיט דער ביטע איהר זאָלט מיט מיר מיט־לייד האבען און זאָלט מיר העלפען אז אייער שעהנע קוזינע זאל מיינע זיין. איהר וועט זיך דערמיט מיין עווינע דאנקבארקייט קויפען. איהר קענט באבעטא'ן אין בעסערע הענד פון מיינע נעווים ניט איבערגעבען.

„איך האָף, דאס מיינע ווערטער וועלען דיא ערווינשטעווירקונג אויף אייך ליעבער פריינד מאכען און אין ניכ.ן וועל איך דאס גליק האבען מיט באבעטהא'ן צו דער חופה צו געהן.

„איך פערבלייב אייער עווינער ערגעבענסטער פריינד, וואס קוקט יעצט אויף אייך וויא אויף דעם גרינדער פון זיין גליק לעאָפּאָלד פריעד״.

ער האט דעם בריעף אריינגעלייגט אין א קאנווערט, האט איהם פער־זיגעלט און גלייך אבגעשיקט צום וואקזאל מען זאל איהם נאך מאָסקווא אבשיקען.

324טעס קאפיטעל.

## אונערוואַרטעטע געסט.

— איוואן! דוא הערסט ניט וויא מען קלינגט — האט קאטהארינא געזאגט צו איהר מאן שפעט ביי נאכט זיך ערוואכענד פון איהר שלאף.

דער אלטער איז פון זיין בעט אויפגעשפרונגען.

— יא — האט ער געענטפערט רייבענדיג דיא אויגען — איך הער מען קלינגט, ווער קען דאס זיין?

— נעה ארויס ועסט דוא זעהן ווער דאס איז.

איוואן האָט אויף זיך געהאפט א מאנטעל, האָט גענומען דיא לאטערנע האט אין איהר אריינגעשטעקט א שטיקעל ברענענדעס ליכט און איז ארויסגע־גאנגען אין הויף.

— ווער קלינגט דאס דאָרט? — האט ער געפרעגט.

— עפען אויף, איוואן — האָט א קלינגענדע פרויען־שטימע פון יענער זייט טהויער געענטפערט.

— הא? — האָט איוואן העכסט ערשטוינט געפרעגט — האָב איך קיין אוי־טהום. גרעפין מאריא, איהר זייט דאָס?

— יא, דאָס בין איך, איוואן — האָט דיא זעלבע שטימע געענטפערט — עפען שנעל אויף.

דערפרייט, מיט ציטערנדע הענד האָט איוואן דעם טהויער געעפענט און אין הויף איז אריינגעפאָהרען א פרעכטינער עקיפאזש.

פון דאָרט איז ארויסגעשפרונגען א מאן און האָט גערייכט דער גרעפין, דיא האנד, זיא זאָל פונ'ם עקיפאזש ארויסגעהן.

איוואן וואר אזוי איבערראשט פון דעם וואס דיא גרעפין מאריא איז אהער געקומען, דאס ער האט נאר אויף דעם מאן ניט א קוק געטהאן. און אלס דיא גרעפין איז פון'ם עקיפאזש ארויסגעגאנגען איז דער אלטער שלאס־בעוואוינער צו איהר צוגעלאפען, האט א קוש געטהאן איהר האנד און האט אויסגערופען:

— זייט מיר הערצליך געגריסט ערעלע גרעפין. אך ווייא פרייט דאס מיך אייך צו זעהען געזונד.

— נו און מיך ווילסט דוא ניט בעגריסען, אלטער פריינד?—האט דער מאן וואס איז מיט דער גרעפין געקומען געזאגט צו איוואנען.

דער אלטער האט זיך א טרייסעל געטהאן. ער האט זיך אנגעכאפט אן דעם עקיפאזש ער זאל ניט פאלען, ער האט געקוקט אויף דעם מאן און האט אהנע איין ווארט צו רעדען, זיך איינינע מאל איבערגעצלם'ט.

— דוא האסט זיך פאר מיר ערשראקען איוואן?—האט דער גראף (דאס וואר ער) לאכענדיג געזאגט.

— גרויסער גאט אין הימעל, טרוימט איך ניט?—האט איוואן געשטאמעלט. איז דאס מעגליך, אז איך וואך און איך זעה דעם גנעדיגען גראף לעבעדיג.

— יא, ליעבער פריינד, דאס זעהסט דוא מיך דעם גראף אנטאן דאנילאָוו לעבעדיג—האט דער גראף געענטפערט—מיינע פיינדע האבען מיך ווירקליך געוואלט פון דער וועלט פערטרייבען, אבער דער טייפלישער פלאן האט זיי ניט געלונגען.

— איהר גראף? איהר זייט דא? און מיט דער גנעדיגער גרעפין?—האט איוואן געפרעגט און עס וואר לייכט צו דערקענען דאס ער גלויבט אלץ זיינע אויגען ניט.

— שרעק זיך ניט אלטער!—האט דער גראף געלאכט איהם פאר דער האנד ערגרייפענד—איך בין אזא לעבעדיגער מענש אזוי ווייא דוא. זעהסט דוא ניט, אז איך פאהר מיט מיין ליעבער פרוי מאריא צוריק אהיים נאך דאנילאָווקא?

— אָ, געלויבט איז גאט וואס איך זעה אייך גנעדיגער גראף צוריק לעבעדיג אין צוזאמען מיט אייער גוטער ערעלער פרוי—האט איוואן געזאגט אייפהויבענדיג דיא הענד צום הימעל און זיינע אויגען זיינען פול געווארען מיט טרערען—עצט קען איך שוין שטארבען, אז איך האב דערלעבט אזא גליק.

— איך דאנק דיר גוטער איוואן פאר דיין טרייהייט און ערגעבענהייט צו אונז—האט אנטאן געריהרט געזאגט—איך וועל דיר עווינ דאנקבאר זיין פאר דיא גוטעס וואָס דוא האסט געטהאן מיט מיין פרוי אלס איך האב זיא זא אונמענש־ליך בעהאנדעלט. דיר אליין האבען מיר ביידע צו פערדאנקען אונזער יעצטיגע גליק, ווען ניט דוא וואָלטען מיר ביידע געווים שוין לאנג אויף דער וועלט ניט גע־ווען. קום אריין אין שטוב מיין ליעבער איוואן, הייס דיין אלטער זיא זאל פאר [illegible] צוגרייטען א גוטען אבענדברויט און לאזען מיר זיך אביסעל פרייען.

זיי זיינען אלע אין שטוב אריינגעגאנגען.

עס איז אונמעגליך צו בעשרייבען דער אלטער קאטהארינא'ס איבערראשונג, אלס זיא האט דערזעהען דעם גראף אנטאן לעבעדיג און אין דער גרעפינס בעגלייטונג. זיא האט זיך אויך אנפאנגס שטארק דערשראָקען און האט איהרע אויגען ניט געגלויבט. ענדליך אבער האט זיא זיך בערוהיגט, אלס איוואן האט איהר פערזיכערט דאס זיא זעהט פאר זיך דעם גראף ווירקליך לעבעדיג.

זיא האט פאר פריידע ניט געוואוסט וואס צו טהאן. זיא האט זיך בענומען וויא בערוישט, דא האט זיא געוויינט, דא געלאכט און האט דיא אויגען ניט געקענט ארונטערנעהמען פון דער גרעפין.

ענדליך האט זיא זיך דאך בערוהיגט און זיא האט זיך גענומען פערפערטיגען אן אבענדברויט פאר דיא גרויסע געסט.

איוואן האט דערצעהלט דעם גראף מיט מאריא'ן פון אדעלא'ס הערשאפט אין דאנילאווקא און פון איהר שטאלץ מיט וועלכען זיא בעהאנדעלט אלע בעוואוינער פון דאנילאָווקא אין אלגעמיין און איהרע בעדיענטע און איהם בעזאנדערס. ער האט אויך דערצעהלט פון דיא שמערצען, וואס זיא פערשאפט איהם זעהר אפט דורך דעם וואס זיא וויל איהם פון דאנען ארויסיאָגען.

דער גראף איז אויסער זיך געווארען פאר כעס און האט שוין געוואלט פליהען נאך דאנילאָווקא ראכע צו נעהמען פון דער פערפלוכטער אדעלא'ן און פון איהר פאָטער, אבער מאריא האט איהם אָבגעהאלטען.

— דוא ועסט נאך צייט האבען מיין טהייערער פון דיא פערפלוכטע מענשען ראכע צו נעהמען — האט זיא געזאגט — לאמיר ניט פערביטערן אונזערע זיסע מינוטען מיט דער עראינערונג אן דיא טייפלען.

עס איז געבליעבען זיי זאלען דא נעכטיגען און זאלען ערשט מארגען אום אכט אוהר אין דאנילאווקא ארייפאהרען.

קאטהארינא האט דערווייל פערטיג געמאכט דאס עסען און זיי האבען זיך אלע געזעצט ארום טיש.

מען האט געגעסען געטרונקען און געפלוידערט פון פערשיעדענע זאכען.

אויף דעם גראפס פראגע וואו איז יעצט טראשקא, האט איוואן געענטפערט, אז ער מיט זיין כלה גלאפירא האבען זיך פערדונגען ביי דעם גוטסבעזיצער פון דעם דארף קריוואָראג צו ארבייטען אין זיינע פעלדער.

— דוא זאלסט מאָרגען אהין פאָהרען און זיי ביידען שיקען צו מיר נאך דאנילאָווקא — האט אנטאן געזאגט — זיי האבען פערדיענט איך זאל זיי פאר זייער טרייהייט צו מיר ארדענטליך בעלוינען.

איוואן האט זיך בעשלאסען מאריא'ן גרינזאננס בריעף נאך הייטע אבענדס צו צייגען אום צו זעהען דעם איינדרוק, וואס דיעזער בריעף וועט אויף איהר מאכען.

ער האט דאס אבער א לאנגע צייט ניט געקענט טהאן. דען אין דעם גראפס געגענווארט איז דאס איהם זעהר שווער געווען אויסצופיהרען און אזא מאמענט וואס ער זאל מיט מאריא'ן בלייבען אליין, האט ער ניט געקענט דערהיטען. וויל דיא גאנצע צייט האט אנטאן פון איהר ניט אבגעטראטען אויף איין מינוט.

ענדליך אבער אלס אנטאן האט נעמאכט דעם פאָרשלאג, מען זאל זיך לייגען שלאָפען, האט איוואן א ווינק געטהאן צו דער גרעפין, אז ער האט מיט איהר עטוואָס צו ריידען.

זיא האט דעם וואתק פערשטאנען און האט זיך געווענדעט צו איהר מאן געזאגט:

— נעה מיין לעבען שפאר זיך צו, איך וועל נאך דא אביסעל פערברייננען מיט מיין אלטען פריינד.

— דוא ביזט דאך אבער אויך מיעד — האט אנטאן ערוויעדערט — דען דוא האסט דיא גאנצע נאכט ניט געשלאפען.

— איך בין ניט מיעד — האט מאריא מיט איהר זאנפטען שמייכעל געענטפערט — איבעריגענס וועל איך מיך באלד אויך צולייגען שלאָפען, איך וויל נור מיט אונזער איוואנען אביסעל ריידען אונטער פיער אויגען.

דער גראף האט א הערצליכען קוש אנגעדריקט אויף זיין פרוי'ס ליפען און איז אריינגעגאנגען אין דעם צימער וואס קאטהארינא האט פאר איהם צוגעגרייט.

— דוא האסט מיר עטוואס צו זאגען איוואן? — האט מאריא געפרעגט דעם אלטען איוואן, אלס זיא איז מיט איהם אונטער פיער אויגען געבליבען.

— יא גרעפין, איך האב אייך זעהר וויכטיגעס מיטצוטהיילען. זאגט מיר נור וויא שטעהט איהר מיט גרינזאנג'ס פאמיליע.

— וואס איז דאס פאר א פראגע? ווייסט איהר דען ניט, אז איך שטעה מיט זיי אין דיא פריינדליכסטע פערהעלטניסע, איך ליעב זיי וויא זיי זאלען זיין מיינע עלטערן.

— דאס פרעהט מיך זעהר פון אייך צו הערען — האט איוואן זעהר צופריעדען געזאגט — דען איהר זייט ווירקליך פערפפליכטעט זיי אלס אייערע עלטערן צו ליעבען.

— דאס איז קיין נייעס, געוויס בין איך דאס פערפפליכטעט, ווייל זיי האבען מיך וויא צערטליכע גוטע עלטערן בעהאנדעלט.

— דאס איז א בעזונדער זאך — האט דער אלטער שטייכלענד געזאגט — דא ליעגט אבער יעצט נאר אן אנדער געהייכניס, וואס צוליעב דעם אליין זייט איהר פערפפליכטעט זיי אלס אייערע עלטערן צו ליעבען.

— דא ליעגט א געהיימניס? — האט מאריא נייגיעריג געפרעגט — וואס פאר א געהיימניס שטעקט דא?

— איהר וועט דאס גאר ניט גלויבען גרעפין. מיין נאכריכט וועט אייך געוויס אויף דער העכסטער שטופע איבערראשען.

— נו, רעד־זשע שוין, דוא מאכסט מיר זעהר נייגיעריג.

— איך מוז אייך זאגען גרעפין, אז מיך וואונדערט זעהר אויף אייך וואָס איהר זעלבסט האט ניט פערשטאנען, אז דיא געשיכטע וואס איך האב אייך אמאל דערצעהלט פון דעם זעלבען גרינזאנג און פון זיין פרוי סאבינא און דיא געשיכטע וואס איהר האט מיר דערצעהלט פון אייער ביאָגראפיע, איז בלויז איין געשיכטע.

— איך פערשטעה דיינע ווערטער ניט איוואן, וואס מיינסט דוא דאמיט?

— מיר שיינט, אז איך רייד גאנץ דייטליך, דאס אונזערעביידענס געשיכטעס זיינען איינע. האט איהר פערגעסען וואס איך האב אייך דערצעהלט, אז סאבינא האט איהר קינד איבערגעגעבען צו איינער אמע, וואס האט געוואוינט ניט ווייט פון דעם טייפעלסשלאס.

— יא, איך געדענק דאס.

— נו, האט איהר דען ניט פערשטאנען, אז דאס איז געווען אייער אמע עמא וואָרין?

— וואָ-א-אס? — האט מאריא געשטאמעלט אויסגלאָנצענדיג דיא אויגען אויף איוואנען — וואס האסט דוא געזאגט?

— איך האב געזאגט, אז דיא אמע עמא וואָרין, וועלכע האט אייך ערצויגען, איז געווען דיא זעלבע אמע וואס סאבינא האט צו איהר איהר קינד איבער־געגעבען....

— איוואן! — האט מאריא מיט א ציטערנדע שטימע אויסגערופען — מיר גלויבט זיך גאָר ניט, אז איך הער פון דיר אזעלכע ווערטער. איך קען ניט גלויבען, אז דוא רעדסט דאס אין פאָלען ערנסט.

— ווילט איהר פיעללייכט בעווייזע?

— געווים מוזט דוא דאס מיר איבערצייגען.

— איך גיעב אייך שוין א דייטליכען בעווייז — האט איוואן געענטפערט און איז צוגעלאָפען צו זיין שראנק, האט פון דאָרט ארויסגענומען גרינזאננס בריעף און האט איהם איבערגעגעבען מאריאן — דיעזער בריעף וועט אייך אלעס ערקלערן.

מאריא האט דעם בריעף דורכגעלעזען. איהר האט אין דיא אויגען געשווינ־דעלט, דיא בוכשטאבען פון דעם בריעף האבען וויא געטאנצט פאר איהרע בליקען. זיא האט איהם נאך אמאל און וויעדער אמאל דורכגעלעזען און האט ענדליך אויס־גערופען:

— גרויסער גאָט אין הימעל! איז דאס מעגליך, אז דיא גוטע עדעלע מענשען זיינען ווירקליך מיינע וואהרע עלטערען?

— יא גרעפין, זיי זיינען אייערע עלטערען — האט איוואן געענטפערט — איהר דארפט שטאלצירען דאמיט וואס איהר האט אזעלכע בראווע עלטערען.

— געווים איז דאס ביי מיר דער גרעסטער שטאלץ — האט דיא גרעפין געענטפערט און האט זיך וויא א קליין קינד פארנאנדער געוויינט.

— ווארום וויינט איהר עדעלע מאריא? — האט איוואן געפרעגט.

— מיך פערדריסט שטארק אויף גרינזאנג'ן, דאפיר וואס ער צווייפעלט צו איך וועל איהם אלס מיין פאטער אנערקענען — האט מאריא געענטפערט — דאס איז א בעווייז, דאס ער האלט מיך פאר א פערדאָרבענער פרוי.

— ניין גרעפין, איהר זאלט דאס ניט זאגען, ער צווייפעלט אין דעם בלויז דאפיר, וואס ער איז געוואוינט געווארען צו זעהן, אז דיא רייכע פאָרנעהמע קרים־טען שעהמען זיך מיט א יודען.

— ער האט אבער אויף מיר אזעלכעס ניט בעדארפט קלערען. ער ווייס זעהר גוט, אז נאך בעפאר איך האב געוואוסט דיזע זיסע נעהיימנים, האב איך איהם וויא אויך זיין פרוי אלס מיינע עלטערן געליעבט און בין פערטיג געוועזען פון זייערט וועגען צו פליהען אין פייער און אין וואסער.

— איהר דארפט איהם אבער ענטשולדיגען געגעדינגע גרעפען. אין געגענטהייל איהר בעדארפט מיט איהם מיטלייד האבען אויף דעם וואס ער איז ביי זיך אזוי געפאלען און ער דענקט דאס איהר וועט זיך מיט איהם שעמען.

— איוואן! גיעב מיר שנעל טינט, פעדער און פאפיער — הא סטאריא געזאגט.

איוואן האט איהר דערלאנגט דאס וואס זיא האט געפאדערט. זיא האט זיך געזעצט און האט פאלגענדען בריעף אנגעשריעבען:

„מיינע טהייערע גוטע עלטערן!

„מיין פעדער ענטזאגט זיך צו בעשרייבען פאר אייך מיינע טהייערע, וויא גליקליך איך פיהל מיך יעצט דאמיט, וואס איך קען אנרופען „טהייערע עלטערן“ דיא פערזאנען, וועלכע איך האב אזוי אויך געליעבט אלס מיינע עלטערן. פאטער! מוטער! אך, ווען איך זאל אייך יעצט קענען אומארמען און אייך אלס אייער ווירקליכע טאכטער קושען, וויא גרויס מיין גליק וואלט געוועזען.

„איך בין זא איבערראשט פון דער אונערווארטעטער נאכריכט, וואס דער גוטער איוואן האט מיר געבראכט, דאס איך קען יעצט פיעל ניט שרייבען. איך וויל וויינען, איך וויל לאכען, איך וויל פליהען צו אייך מיינע ליעבע צערטליכע עלטערן, איך וויל אייך וויזען אז איך שמאלציר דערמיט וואס איך בין אייער טאכטער. ווילט איהר מיר שענקען גליק, זאלט איהר ביידע קומען צו מיר נאך דאנילאווקא. אך, וויא ערווארטע איך אייך! איך פאנג שוין אן צו צעהלען דיא מינוטען ביז איך וועל דערלעבען אייך מיינע זיסע עלטערן אומצוארמען און אייך צו ציינען דאס איך בין אייער ערגעבענסטע געטרייע טאכטער וועלכע שמאלצירט מיט אייך　מאריא“.

זיא האט דעם בריעף איבערגעגעבען איוואנען און האט איהם בעפוילען ער זאל איהם גלייך אפשיקען נאך מאסקווא צו גרינזאנגען.

325טעס קאפיטעל.

# ער איז אייפערזיכטיג.

דער גרויסער פאבריקאנט איליא קראנענשטיין, וועלכער וואר אימער אין זיינע געשעפטען מיט לייב און לעבען אריינגעטהאן, האט יעצט וויא דעם חשק פערלארען צו שוימען אין דעם שטירמישען האנדעלס-מעער. מען האט מיט דעם ערשטען בליק אויף איהם געקענט דערקענען, אז ער טראגט יעצט עטוואס אנדערש אין קאפ.

יא, ער האט ווירקליך עטוואס אנדערש אין קאפ געטראגען, דאס וואר דיא ליעבע צו דער שעהנער בת-שבע'ן. ער האט נאך איהר שטארק געבייגנט, עס האט איהם צו איהר וויא מיט א מאגנעט געשלעפט.

אבער פאהרען אין אזא צייט נאך סאמארינקע האט ער ניט געקענט, דען ער האט געפירכטעט פיעללייכט וועט זיין אלטע שוויעגער־מוטער בעמערקען אז זיין אונגעוועהנליכעס ערשיינען אין אזא צייט אלס גאסט ביי איהר, האט א צוזאמענ־האנג מיט דער שעהנער באבעטהא.

דער מענש איז וויא מעלאנכאליש געוואָרען, ער האט איינפאך פאר זיך קיין אָרט געפונען, איהם איז מאסקווא געווען צו ענג. ער וואר צאָרניג אויף זיך אליין דערפאר וואס ער האט זיא אוועקגעשיקט פון דאנען.

מיט דעם גרעסטען אונגעדולד האט ער איהרע בריעף ערוואַרטעט און אלס ער האט איהר ערשטען בריעף ערהאלטען, אז זיא איז בשלום אנגעקומען אין סאַ-מארינקע און זיא פיהלט זיך דארט זעהר גוט, האט ער דעם בריעף געקושט און האָט איהם געוויסע הונדערט מאל איבערגעלעזען. צו זיין צופריעדענהייט האט ער געפונען אין איהם אזעלכע ווערטער וואס האבען איהם זעהר געשמעקט. זיא האט זיך אין דיעזען בריעף מיט ליעבעפאָלע ווערטער צו איהם אויסגעדריקט. אזעלכע ווערטער וואס האבען איהם געגעבען צו פערשטעהן אז זיא איז צו איהם צוגעבונדען מיט לייב און זעעלע.

ער וואר זעהר צופריעדען וואס אין א קורצע צייט נאך איהר אוועקפאָהר איז אויך זיין שווינער־מוטער אהין אוועקגעפאהרען. ער האט ניט געצווייפעלט אז, אָבוואָהל בת־שבע שרייבט איהם אז דיא איינזאמקייט אין דער דאַצשע שמעקט איהם זעהר גוט, פון דעסטוועגען מוז איהר דאָך דאָרט אונמוטהיג זיין.

— אין דער אלטערס נעגענוואָרט וועט איהר דאָרט פיעל היימליבער זיין — האט ער זיך נעקלערט.

איהם האט אויך הנאה געטהאן וואס לעאָפּאָלד פריער איז אהין געפאהרען, דען דורך איהם וועט ער דאָך באלד קענען האבען א ריכטיגע נאכריכט פון בת־שבע'ס געזונד און לעבען אין דער דאַצשע. אזא נערוס איז טויזענד מאָל טהייערער אלס א בריעף.

לעאָפּאָלד האט איהם פערשפּראָכען אז באלד וויא ער וועט קומען נאך סאמארינקא, וועט ער איהם א בריעף שרייבען וועגען זיין ליעבער ניכטע (פלע-מיאַניצע). דארום האט קראָנענשטיין באלד וויא לעאָפּאָלד איז אוועקגעפאהרען, אנגעפאנגען דיעזען פערשפּראָכענעם בריעף צו ערוואַרטען.

ער האט ווירקליך אין א פּאָר טעג ארום פון איהם א בריעף ערהאלטען, אז ער האט געטראָפען דער פריילין קראָנענשטיין געזונד, מונטער און גליקליך.

וועגען זיין צוריקפאהרען נאך מאָסקווא האט פריער ניט געשריעבען. קראָ־נענשטיין האט פערשטאנען, אז דער יונגער סטודענט דענקט דאָרט נאך צו פערבלייבען, דאס איז א בעוויז אז דיא דאצשע האט איהם זעהר גוט פער־שמעקט.

דאס האט אבער קראָנענשטיינען ניט גוט פערשמעקט. לאָזען אזא שעהנעם יונגען מאן אזוי נאָהענט זיצען אין בת־שבע'ס נעגענוואַרט, דאס האט ניט זעהר זים נעקלונגען אין זיין זעעלע.

קראנענשטיין האט ניט פערנעסען אז ער קען זיך מיט לעאָפאָלד'ן אין דער הינזיכט ניט פערגלייכען. ערשטענס, איז ער צוויי מאל אזוי אלט פון פריעד'ן; צווייטענס, איז פריעד זעהר א שעהנער יונג און איז דערצו העכסט געבילדעט. ער קען זעהר לייכט א פרויען-הערץ פאר זיך געווינען.

דער פערליעבטער פאבריקאנט האט דא דערשטעקט א געפאהר און דאס האט איהם זעהר אונרוהיג געמאכט.

ער האט אפילו פיעל מאל זיך אליין צו פערשטעהן געגעבען, אז ער האט דאָ פאר קיין זאך צו פירכטען, דען בת־שבע איז, נאך זיינער מיינונג, געשטאנען צו הויך זיא זאָל יעצט, נאך דער פערשפרעכונג וואס זיא האט איהם געגעבען, זיך לאזען הינרייסען נאך א שעהנערן פון איהם. דאָך האט זיין הערץ אין איהם שטארק געציטערט און ער האט קיין רוהע געהאט.

ער האט זיך פיעל מאל בעשלאָסען זיך דורכפאהרען נאך סאמארינקא, אבער יעדעס מאל האט איהם אבגעהאלטען דער געדאנק וועגען זיין שווינער-מוטער, וועלכע איז זעהר א קלוגע פרוי און ועט באלד פערשטעהן אז דא איז עפעס.

ער האט איין מאל ערהאלטען א בריעף פון בת-שבע'ן, דער בריעף איז גע-שריעבען געווארען זעהר עדעל און אכטונגספאָל, אבער אין איהם האט עטוואס געפעהלט.... ער האט דא שוין ניט געפונען יענע צערטליכע ווערטער וואס זיינען געוועזען געשריעבען אין דעם ערשטען בריעף.

יא, דא האט עפעס געפעהלט.

עס קען זיין אז דאס האט איהם אזוי אויסגעזעהן, ווייל ער וואר שוין פריהער אונרוהיג; אבער וויא דיא זאך איז, דערווייל האט ער וויא דייטליך געזעהן אז בת־שבע איז שוין ניט דיא זעלבע וואס פריהער.

ער איז וויא דול ארומגעגאנגען, ער האט פערלאָרען דעם אפעטיט פון עסען און האט אויך ניט געקענט שלאָפען. ער איז שטארק צאָרניג געוועזען אויף לעאָ-פאָלד'ן דערפאר וואס ער זיצט דאָרט אזוי לאנג.

נור וואס קען מען העלפען? שרייבען איהם ער זאָל קומען, האט קיין זין.

— דאס איז נור א נאררישע איינבילדונג — האט ער צו זיך אונצעהליגע מאל געזאגט. לעאָפאָלד זיצט דאָרט אזוי לאנג איינפאך דערפאר, וואס ער וויל זיך אביסעל אויסרוהען נאך דער שווערער ארבייט וואס ער האט דא געהאט. עס קען אויך זיין, אז דיא אלטע לאזט איהם ניט אוועקפאהרען. איך האב מיך גאר ניט וואס צו פירכטען און עס איז א דומהייט פון מיר וואס איך דענק גאר וועגען אזעלכע זאכ ן.

דומהייט היינט, דומהייט מארגען, אין קאָפּ טומלען זיך אלץ דיא דומע געדאנקען און גיעבען איהם קיין רוהע.

מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען וויא איהם איז פינסטער געווארען אין דיא אויגען אלס ער האט ערהאלטען דעם בריעף וואס לעאָפאָלד פריעד האט איהם אריינגעשיקט. דעם בריעף אין וועלכען ער דערצעהלט איהם אזוי אָפען פון זיין שטארקער ליעבע צו בת-שבע'ן און פון איהר ליעבע צו איהם.

— פערפלוכט! טויזענד מאל פערפלוכט זיי דוא טייפעל! — האט ער ווייט, הענד א געשריי געטהאן — יעצט זעה איך אז איך האב קיין אירטהום געהאט. אָ, איך זעה יעצט אז איך בין ווירקליך דער דומסטער קערל אין דער וועלט. ווארום האב איך פריהער ניט ארויסגעזעהן אז אזוי וועט דאס זיין? איך זעלבסט בין אין דעם שולדיג.

אבער וואס העלפט פון דעם אז יעמאנד ווייס דאס ער איז שולדיג ווייא באלד ער שטעקט אין אזא אונגליק פון וועלכען ער קען ניט ארויסקריכען? קראָ־נענשטיין האט דעם פאל בעטראכט פאר זיין גרעסטען אונגליק, ער האט זיך געפיהלט אזוי צוגעבונדען צו בת־שבע'ן, דאס ער האט פאר זיך אין דער פאנטאזיע שוין בעשאפען א גליקליכען צוקונפט און האט פון קיין אנדער גליק גאר ניט גע־קענט דענקען.

ער האט דעם בריעף נאך אמאל דורכגעלעזען.

פריעד שרייבט דא, אז בת־שבע ליעבט איהם אויך, אבער זיא קען זיך ניט בעשליסען זיינע צו זיין און ער פערשטעהט אז דא שטעקט עטוואס א געהיימניס.

— זאל דאס מעגליך זיין אז בת־שבע האט איהם ווירקליך ליעבע בעטיזען? — האט ער זיך געקלערט — זאל איך גלויבען אז זיא האט איהם אָפען געזאגט אז זיא ליעבט איהם? נור ניין! דאס קען ניט זיין. עס איז גיכער צו גלויבען אז ער איז נור איינגעבילדעט אין דעם אז בת־שבע ליעבט איהם. דער נאַררישער סטר רענט האלט פון זיך זעהר, און איהם גלויבט זיך גאר ניט אז איהם זאָל א שעהן מעדכען ניט ליעבען. ניין! איך האב דא גאר ניט וואס צו פירכטען, בת־שבע קען שוין קיין אנדערן ליעבען. זיא האט מיר פערשפראָכען אז נור מיינע וועט זיא זיין און איהר וואָרט וועט זיא האלטען.

אבער לעאפאלד וועט דאָך ניט שרייבען א בלויזע איינבילדונג אלס פאקט — האט ער ווייטער געקלערט — וויא באלד ער שרייבט אזוי דייטליך אז זיא ליעבט איהם, האט ער דאָך געוויס זיך איבערצייגט אז דאס איז אזוי. עס קען זעהר זיין אז זיא האט איהם ווירקליך אָפען געזאגט דאס זיא ליעבט איהם, נור עטוואס שטערט איהר און שטעהט אלס הינדערניס אין איהר וועג. געוועהנליך וועט זיא ניט טהאָן אזא דומהייט און איהם אלעס אָפען דערצעהלען.

וואס טהוט מען יעצט?

דיא פראגע האט קראָנענשטיינען יעצט שטארק בעשעפטיגט. א לאנגע צייט איז ער ארומגעלאָפען הין-און־צוריק איבער זיין צימער פערזונקען אין דיא גע־דאנקען מיט דער פראגע.

— מען מוז זעהן לעאָפאָלד'ן צוגעהמען פון דאָרט — האט ער ענדליך אויס־גערופען — ווען איך וועל דאס ניט טהאָן איז אלעס פערלאָרען. איך מוז נאך הייטע פאהרען נאך סאמארינקא. דער נאררישער פריעד וועט שוין פון מיר חאפען אזא פּאָרציאָן, דאס ער וועט מיב געדענקען צייט ער לעבט.

און נאך אינ'ם זעלבען טאג איז ער אוועקגעפאהרען מיט'ן באהן נאך סא־מארינקא.

**328טעס קאפיטעל.**

## דער מוטערס איבערראַשונג.

ביי שלמה פיין אין קווארטיר איז שמחה-וששון. שלמה'ס פרוי איז געקומען צופאהרען אויס אדעסא און האט געטראָפען איהר ליעבען יאקאב'ן פריש און געזונד. איהר פריידע האט זיך נאך פערגרעסערט דערמיט וואס זיא האט ערפאהרען אז איהר ליעבער יאקאב איז א חתן; געווארען פאר אזא בראוט ווא איהם פאסט און מען וואַרט נור אויף איהר מיט דיא תנאים.

דיא תנאים זיינען ביי ראטהבלומען אין הויז געפייערט געווארען אויף'ן פיינסטען ארט. יעצט איז שוין רעבעקא ניט געווען אזוי אונטומהיג וויא ביי איהרע ערשטע תנאים מיט גריין'ן. מען האט מיט איין בליק אויף איהר געקענט דערקענען אז זיא פיהלט זיך פאר דער גליקליכסטער אין דער וועלט.

פון דעם וואס עס האט זיך אבגעזוכט איהר עלטערער פערשוואונדענער זאָהן, האט מען איהר נאך ניט דערצעהלט. שלמה אויך יאקאב האבען געפירכטעט איהר מיט אלע שמחות מיט איין מאל איבערראשען, אויס פורכט פיעללייכט וועט דאס אויף איהר שלעכט ווירקען.

ערשט מארגען נאך דיא תנאים, זיצענדיג ביי דעם טהעע-טיש, האט שלמה מיט א שמייכעל געזאגט צו זיין פרוי:

— איך האב דיר נאר פערגעסען א וויכטיגע נייעס צו דערצעהלען.

— וואס איז דאס פאר א נייעס? — האט זיא נייגיעריג געפרעגט.

— איך האב אויסגעפונען דער אלטער מאריאנא'ס טאָכטער.

— וועלכע מאריאנא? דיא וואס האט אמאל געוואוינט מיט אונז צוזאמען אין איין הויז?

— יא, איהר טאָכטער.

— נו, און דוא האסט פון איהר פיעללייכט עטוואס אויסגעפאָרשט וועגען אונזער מרדכיי'לען?

— זעלבסטפערשטענדליך, אז איך האב מיט איהר וועגען דעם גערעדט — האט ער מיט א גלייכגילטיגע מינע געענטפערט.

— דוא האסט מיט איהר וועגען דעם גערעדט? וואס-זשע האט זיא דיר געזאגט?

— עס איז א האָפנונג מיר זאָלען נאך אונזער קינד געפינען.

דיא פרוי איז פון איהר אָרט אויפגעשפרונגען.

— וואס? — האט זיא געשטאַמעלט — עס איז א האָפנונג מיר זאָלען אונזער זאהן געפינען?

— יא, רחל.

— לויט איך האב אָן איהרע-ווערטער פערשטאנען, לעבט ער.

— שלמה! אום גאָטעס ווילען, רייד קלאָרע ווערטער. איך קען ניט גלויבען, אז דוא רעדסט דאס ערנסט.

— איך זאג דיר אבער, אז איך רייד אין פּאַלען ערנסט.

— אונזער עלטערער זאהן לעבט? איז דאס מעגליך? — האט זיא אויסער זיך פאר איבערראשונג אויסגערופען.

— ווייסט דוא ניט, מיין לעבען, אז ביי גאט איז אלעס מעגליך? — האט שלמה מיט א פרומע מינע געענטפערט — אונזער יאקאב איז שוין אויך געווען מעהר טויט אלס לעבעדיג און דאך האט איהם גאט אונז צוריק געגעבען. אלזא, ווארום זאלען מיר ניט גלויבען אין דער מעגליכקייט דאס אויך אונזער ערשטער זאהן וועט אונז דער גוטער גאט צוריקגעבען?

— אבער, שלמה, איך בעשווער דיר ביי אלעם וואס הייליג איז דוא זאלסט מיר אלעס דערצעהלען וואס דוא האסט געהערט וועגען אונזער זאהן. דוא ווייסט ווער עס האט איהם פון אונז אוועקגערויבט?

— יא, רחל, איך וויים.

— דוא ווייסט, און דוא האסט דאס מיר ביז אהער ניט דערצעהלט?

— א גוטע נאכריכט איז צו יעדער צייט זיס צו הערען.

— אבער דערצעהל׳זשע מיר יעצט אלעס וואס דוא ווייסט. ווער האט אונ־זער זאהן פון אונזערע הענד גערויבט?

— טאקע דיא אלטע מאריאנא.

— זיא? זיא האט דאס קינד צוגענומען? ווארום האט זיא דאס געטהאן?

— זיא האט איהם צוגענומען פאר דעם גראף מארטין דאנילאוו, דער איי־גענטהימער פון דאנילאָווקא.

— וואָצו האט דער גראף בעדארפט אונזער זאהן?

— ער האט געוואלט איינפאך א מצוה פערדינען, א אידיש קינד פאר א קריסט צו מאכען.

— נו, און ער האט איהם ווירקליך פאר א קריסט געמאכט?

— יא.

— און ער לעבט?

— יא, רחל, ער לעבט.

— ער לעבט? מיין קינד לעבט? — האט זיא פאסט ווילד געשריען און א שטראם טרעהרען האט זיך פון איהרע אויגען א נאס געטהאן.

— דיך פערדריסט פיעללייכט וואס ער איז א קריסט?

— פערדריסען? — האט זיא וויינענד געענטפערט — איז ער דען שולדיג וואס מען האט איהם פאר א קריסט געמאכט אין דער צייט ווען ער האט זאגאר נאך רעדען ניט געקענט? אבער שלמה, מיין לעבען, מיין נשמה, זאג מיר וואו איז ער? וואו איז מרדכי׳לע? קען איך איהם חאטש פון וועיטען אנקוקען?

— יא, דוא וועסט איהם קענען זעהן.

— איך וועל איהם קענען זעהן? גרויסער גאט אין הימעל! איך וועל נאך זוכה זיין צו זעהן מיין פערלארענעם זאהן מרדכי׳לע?

— יא, רחל דוא וועסט איהם זעהן.

— נו, און דוא האסט איהם שוין געזעהן?

— נאך ניט.

— וואו איז ער יעצט?

— ער איז אין ארשא.

— וואס איז ער פאר א מענש?

— ער איז א גראף.

— וו-א-א-א-ס? וואס, זאגסט דוא, איז ער?

— איך זאג דאך דיר, אז ער איז א גראף.

— א גראף? אונזער מרדכי'לע איז א גראף? דוא מאכסט חוזק, שלמה.

— איך מאך קיין חוזק ניט, ער איז ווירקליך א גראף, דען דער גראף מארטין דאנילאוו האט פאר אלעמען געזאגט אז ער איז זיין זוהן, און ער האט איהם זיין איינענטהום וויא אויך זיין נאמען און טיטול איבערגענעבען.

— עפעס גלויבט זיך מיר ניט, אז איך הער דאס אלץ אויפ'ן וואהר. שלמה'ניו מיין גאלד, זאג מיר דעם אמת, דוא רעדסט דאס גלאט אין דער וועלט אריין, צו דאס איז טאקע אלץ אמת וואס דוא האסט מיר דערצעהלט?

— איך מוז דיר געגען מיין ווילען אנרופען נאררישע אידענע. וויא פאלט דיר איין דער געדאנק אז איך וועל פון דיר לאכען ביי אזא זאך? איך זאג דיר נאך אמאל, אז אלעס וואס איך האב דיר דערצעהלט איז וואהר.

— איז אונזער זאהן א גראף?

— יא. ער הייסט גראף אנטאן דאנילאוו.

— נו, וויא באלד ער איז א גראף, וועט ער דאך אונז אזוי זיין שוועל ניט ארויפלאזען. ער וועט זיך שעמען צו זאגען אז ער האט עלטערן זשידעס.

— ניין, רחל, ער וועט זיך מיט אונז ניט שעמען; אין געגענטהייל, ער וועט העכסט צופריעדען זיין ווען מיר וועלען צו איהם קומען.

— פון וואנען ווייסט דוא דאס?

— ווייל ער האט ארויסגעשיקט אהער א מענשען צו ערפאהרען ווער מיר זיינען.

— ווייס ער שוין דען די געהיימניס אז מיר זיינען זיינע עלטערן?

— יא, ער ווייס.

— ער ווייס שוין דערפון און ער וויל פון דעסטוועגען זיך מיט אונז זעהן? ער שעמט זיך מיט אונז ניט?

— עס ווייזט אויס, אז ער איז געבליעבען ביי זיין אידיש הערץ. דען ווען ער זאל שוין זיין אן עכטער קריסט, וואלט ער ניט געוועזען אזוי נייגיעריג צו קענען זיינע אידישע עלטערן און נאכפארשען וואו זיי געפינען זיך. נור איך וועל דיר דערצעהלען, רחל, נאך א גרעסערען וואונדער, וואס מען קען אויף איהם זאגען אז ער איז א יש מן-השמים.

— וואס איז דאס פאר א נס?

— נאט האט צונעשיקט אונזער זאהן א ווייב אויך א אידענס א טאכטער.

— וואס רעדסט דוא, שלמה?

— אז איך דערצעהל דאס דיר, מענסט דוא מיר גלויבען. דוא מיינסט פיעללייכט אז זיא איז זיך גלאט א פשוט'ען אידענס א טאכטער, זאג איך דיר אז איהר פאטער איז פון דיא גרעסטע לייט דא אין שטאדט.

— וויא־זשע קומט דאס וואס זיא האט זיך גע'שמד'ט?

— דא איז, וויא מיר שיינט, אויך געווען אזא מעשה וויא ביי אונז. מען האט זיין קינד אויך געמוזט אלס קינד אוועקרויבען און מיט געוואלד האט מען אבגע'שמד'ט.

— וואוינט דער מחותן דאָ היע?

— יא.

— און ער וויים אז מיר זיינען מיט איהם מחותנים?

— ער וויים שוין דיא גאנצע געשיכטע. ער האט זיך מיט מיר שטארק געפרייט. איך האב איהם פערשפראכען אז ווען דוא וועסט קומען זאָלען מיר ביידע צו איהם אריינגעהן.

— פארוואָס איז ער אויף אונזער יאקאבס תנאים ניט געווען?

— ער האט געסטערן אבענד געהאט א חתונה ביי זיינעם א מענשענס א טאכטער.

— וועסט דוא מיט מיר הייטע צו איהם אריינגעהן מיט א בעזוך?

— פארוואָס ניט? מיר וועלען אריינגעהן. אבער שלמה, מיט דיין נאכריכט וועגען אונזער פערלאָרענעם זאָהן האָסט דוא מיך איינפאך דול געמאכט. עס רוישט מיר אין קאָפּ און אין דיא אויערן. זאג, מיין טהייערער מאן, וועסט דוא מיך פיהרען נאך אָרשא איך זאל איהם קענען זעהן?

— יא. אז מיר וועלען זיין ביי אונזער מחותן וועלען מיר וועגען דעם זיך מישב זיין, דען עס קען זיין אז ער וועט אויך מיט אונז פאהרען.

327טעס קאפיטעל.

## פרייד איבער פרייד.

גרינזאנג מיט זיין פרוי זיינען שפעט אויפגעשטאנען. זיי וואָרען געסטערן ביז האלבע נאכט אויף דער האָכצייט פון סאנקא האנינמאן, וועלכע האט זיך נאך א לאנגע רייהע פון ליידען און שמערצען פערבונדען מיט איהר הייס־געליעבטען יאזעף לעהמאן.

דיא חתונה איז געווען א גרויסארטיגע. זיא האט דעם עדלען גרינזאנג'ן פיעל געלד אבגעקאָסט; ער האט זיך אויף איהר געפרייט ריכטיג וויא ער זאל חתונה מאכען אן איינען־קינד, ווייל ער האט ניט פערגעסען אז נור ער האט דעם ארמען משה האנינמאן אויפגעהויבען פון מיסט און האט איהם געמאכט פאר א גאנצען לייט.

אויך היראנים ראזענדופט מיט זיין פרוי סיציליע און זייער טאכטער ליע־נאָ[illegible]קא זיינען אויף דיעזער חתונה געווען און האבען זיך אויף איהר געפרייט וויא

עכטע מחותנים. ווייל זיי האבען אויך נים פערגעסען וואס דיעזער משה האט מיט זיי געטהאן אין דער קריטישער צייט ותן זיי זיינען געוועזען פערלאָזען פון דער גאנצער וועלט און קיינער האט אין זייער ווינקעל געוואָלט א קוקטהאָן.

אלע מענשען וואס זיינען אויף דער חתונה געוועזען, זיינען אויסער זיך געוועזען פון ערשטוינונג. אלס זיי האבען געזעהן וויא דער שטאָלצער ראָזענרופט וועלכער האט זיך מיט א יודען נאר נים געוואָלט בעגעגנען, האט געטאנצט מיט משה'ן וויא מיט א גוטען ברודער און זיין ווייב וויא אויך זיין טאָכטער האבען דערלאנגט צום טיש ריכטיג וויא דיא חתונה זאל זיין ביי זייערע א שוועסטער.

אין דיא פרעהליכע מינוטען וואס גרינזאנג מיט דער ווייב זיינען געוועזען אויף דער חתונה, האבען זיי פערגעסען זייערע שמערצען וואס זיי האבען, פון דעם וואס זיי ווייסען נים וואו זייער ליעבע טאָכטער מאריא איז יעצט, דאס אלגעמיינע רעש און געטימעל האט פערהילכט דיא וועהמיטהיגע שטימע וואס האט אין ביידענס הערצער געשריען: וואו איז אונזער קינד? וואוהין האט זיא דער גראָספירסט אוועקגעפיהרט.

אבער ארף מארגען נאכדעם אז זיי האבען זיך גוט אויסגעשלאָפען און אויס־געריהט האט זיך צוזאמען מיט זיי ערוואכט דער געדאנק וועגען זייער ליעבע טאָכטער.

— מיכאל — האט סאבינא געזאגט — איך פערשטעה נאר נים ווארום דוא שוויינסט? פאר וואס פאהרסט דוא נים נאכפאָרשונגען צו מאכען וואס עס איז געווארען וועגען אונזער ליעבער טאָכטער.

— דוא רעדסט וויא א קינד סאבינא — האט מיכאל געענטפערט — דאס איז גערינג צו ריידען, פאהרען נאכפארשונגען מאכען וועגען אונזער טאָכטער, גלויבסט דוא פיעללייכט אז דאס אינטערעסירט מיך וועניגער פון דיר? דוא קענסט זיין זיכער אז דער געדאנק וועגען אונזער מאריא'ן געהט מיר פון געדאנק נים ארויס. אבער איך האב נים פערגעסען אז זיא איז אוועקגעפאהרען מיט דעם גראָספירסט און אזא מענשען נאכצושפיאנירען קען מען נים.

— פיעללייכט קענסט דוא דא היע ערפאהרען וואוהין ער איז מיט איהר געפאהרען?

— וויא פערשטעהסט דוא? האב איך היע נים נאכגעפארשט איבעראל וואו מען קען נור עטוואס ערפאהרען? אבער קיינער ווייס פון וואס צו זאגען. איך גלויב אבער אז דיא טעג וועלען מיר ערהאלטען א בריעף פון איוואנגען וועגען דעם.

— דוא רעכענסט אז זיי זיינען געפאהרען נאך דאנילאווקא.

— אזוי ווייזט דאס ארס. איך צווייפלע נים אז דע גראספירסט וועלכער איז אנטאן דאנילאָוו'ס בעסטער פריינד, האט מאריא'ן מיטגענומען נאך דאנילאווקא אום ערשטענס, דעם גראף דאנילאוו צו בעפרייען דאמיט וואס ער וועט אויפווייזען אז ער איז קיין מערדער. צווייטענס, וויל ער געוויס ראכע נעהמען פון דעם גראף ליקס דאנילאוו און פון זיין פערפלוכטער טאָכטער. וועו זיי וועלען זיין אי

ראנילאווקא וועט זיי איוואן געוויס זעהן און וועט אונז שרייבען פון אלעם וואס די אנבעלאנגט.

— מיר וועלען ווארטען נאך א טאג — האט סאבינא זיפצענד געענטפערט — קוים אבער וועלען מיר הייטע קיין נאכריכט האבען פון איוואנען מוזט דוא אליין אהין אונטערפאהרען.

— איך האב דאס שוין אויך אליין געקלערט — האט גרינזאנג געענטפערט.

זיי האבען אבגעטרונקען טהעע און אבגעפרישטינט, גרינזאנג איז אוועקגע־גאנגען וועגען א פאר וויכטיגע געשעפטען און איז ערשט אום פיער אוהר נאכמיטאג אהיים געקומען.

זיין דיענער האט איהם איבערגעגעבען א בריעף וואס איז ניט לאנג אנ־געקומען

ער האט מיט דעם ערשטען בליק אויף דעם שטעמפעל פון דעם בריעף גלייך דערקענט אז דאס איז פון איוואנען. שנעל איז ער מיט איהם אריינגעלאפען צו זיך אין צימער און האט איהם מיט ציטערענדע הענד געעפענט און דורכגעלעזען.

דאס וואר דער בריעף וואס מאריא האט איהם געשריעבען פון דעם טייפעלסשלאס.

פריידענטערעהרען האבען זיך אנגעהויבען צו קייקלען איבער זיינע וואנגען. דאס ערשטע מאל אין זיין לעבען האט ער יעצט געלעזען דעם אויסדרוק ליעבער פאטער געריכטעט דירעקט אן איהם.

ער איז מיט דעם בריעף אריינגעלאפען צו סאבינא'ן און האט עס איהר איבערגעגעבען מיט דיא ווערטער:

— נא דיר א בריעף פון אונזער טאָכטער.

— פון אונזער טאָכטער? — האט זיא איבערראשט געפרעגט.

— יא, פון אונזער מאריא'ן.

— א בריעף פון אונזער מאריא'ן! — האט זיא העכסט ערפרעהט אויסגע־רופען א האפטהאָנדיג דעם בריעף.

זיא איז מיט דיא בליקען דורכגעפלוינען דיא עלעגאנטע געשריעבענע צייל פון דעם בריעף און אויף פון איהרע אויגען האבען אנגעהויבען פריידענטרעהרען צו פליסען.

— מיכאל! מיין טהייערער מאן! — האט זיא וויינענד אויסגערופען פאלענד דעם מאן אום דעם האלז — איך פיהל מיך יעצט צופיעל גליקליך. אָ, גאָט זאָל מיר געבען קרעפטען דיעזען גרויסען גליק צו ערטראגען.

— יא, מיר דארפען גענוג גאָט דאנקען פאר דיעזען גרויסען גליק — האט גרינזאנג געענטפערט ווישענד זיינע פייכטע אויגען.

דיא צערטליכע עלטערען האבען יעצט ווירקליך אויסגעזעהן וויא צוויי גליק־ליכע מענשען פון א בעסערער וועלט.

דער דיענער האט געמעלדעט אז שלמה פיין מיט זיין פרוי זיינען געקומען.

— אונזערע מחותנים! — האט סאבינא מיט א גליקליכער מינע געזאגט און איז געלאפען דיא געסט עמפפאנגען.

זעהר צערטליך און ערפרעהט האט גרינזאנג מיט זיין פרוי יעצט שלמה פיין מיט זיינער פרוי עמפפאנגנען, דיא ביידע מענשען דינען זיי יעצט געוועזן אזוי ליעב, ריכטיג וויא זיי וואָלטען זיך פון זייער פריהרסטער יוגענד צוזאמען ערצויגען.

עס איז באַלד געדעקט געוואָרען א טיש און דיא טהייערסטע נאַשערייען זיינען אויף איהם ארויפגעטראגען געווארען.

— איהר ווייסט מחותן אז מיר פאהרען מארגען צו אונזער זוהן — האט שלמה ענדליך געזאגט.

— ווירקליך? — האט גרינזאנג געענטפערט — וואו רעכנט איהר אייער זוהן יעצט צו געפינען.

— איך גלויב אז ער איז נאך אלץ אין װאַרשא.

— ניין מיין פריינד, וויא מיר שיינט וועט איהר איהם יעצט שוין געפינען אין דאנילאווקא.

— פון וואנען ווייסט איהר דאס?

— אזוי פערשטעה איך אן דעם בריעף וואס איך האב ערשט ערהאלטען פון מיין טאָכטער.

— איהר האט ערהאלטען א בריעף פון אייער טאָכטער?

— יא.

— וואס שרייבט זיא אייך? — האט שלמה זעהר נייגיעריג געפרעגט.

— איהר קענט דעם בריעף לעזען, דען אין איהם זיינען קיינע געהייםניסע דא — האט גרינזאנג געענטפערט איהם מאריא'ס בריעף איבערררייכענד. לעזט איהם הויך אייער פרוי זאָל אויך הערען.

שלמה האט דעם בריעף דורכגעלעזען.

— מיר דארפען זיך מיט אונזערע קינדער ניט שעהמען חאָטש זיי זיינען קריסטען — האט ער געזאגט אלס ער האט דעם בריעף געענדיגט — זיי זיינען ביידע טהייערע ליעבע אידישע קינדער.

— יא, דאס זעהט מען, אז וויא באַלד זיי שעהמען זיך ניט מיט אידישע עלטערן· זיינען זיי גוטע אידיישע קינדער, — האט גרינזאנג פערגעניגט געענטפערט. איך גלויב נאך אז....

— אז וואס?

— אז זיי וועלען זיך צוריק צו זייער אלטער רעליגיא: אומקעהרען. ווענען מיין טאָכטער צווייפלע איך ניט אז זיא וועט דאס טהאן, ווייל זיא האט מיר אונצעהליגע מאל געזאגט אז דאס יודענטהום שטעהט אין איהרע אויגען בעדייטענד העכער אלס דאס קריסטענטהום. עס קען זיין אז אייער זוהן איז שוין אויף צו דער אי־בערציינונג געקומען.

— הלואי זאל זיין וויא איהר זאגט — האט שלמה זיפצענד געענטפערט — דאן וועט אונזער גליק אונבעפלעקט זיין. בלייבט דאס אזוי אז מירפאהרען צוזאמען אהין?

— יא, — האט גרינזאנג געענטפערט.

328טעס קאפיטעל.

## פאר דער אָבריייזע.

אום זיעבען אוהר מאָרגענס איז אבערמאלס צוגעפאהרען אן עקיפאזש צו דעם טייפעלסשלאס, פון איהם איז ארויסגעשפרונגען דער גראָספירסט וולאדימיר און האט אנגעקלונגען אין דער גלאָקע פון טויער.

דער אלטער איוואן איז ארויסגעלאפען און אלס ער האט דעם גאסט דער־זעהן האט ער זיך זעהר טיעף פערנייגט.

— איז דער גראף אנטאן דאנילאוו מיט זיין פרוי ביי דיר אלטער? האט דער גראספירסט פריינדליך געפרעגט.

— יא, גנעדיגער הער, זיי שלאָפען נאך.

— געה געשווינד וועק זיי אויף, דען די צייט איז קורץ, מיר מוזען באלד נאך דאנילאווקא פאהרען.

איוואן האט אריינגעפיהרט דעם גאסט אין דעם שעהנסטען צימער וואס ער האט און איז אליין געלאפען אויפוועקען דעם גראף מיט דער גרעפין.

עס האט לאנג ניט געדויערט, זיינען די גרעפישע פאאר געוועזן אנגעצויגען און זיינען אריינגעקומען אין דעם צימער וואס דער גראספירסט איז געזעסען.

— האב איך געהאלטען וואָרט אנטאָן מארטינאוויטש? — האט דער גראָס־פירסט מונטער געזאגט רייכענד דעם גראף דיא האנד.

— אז איהר דורכלויכט האלט וואָרט איז ביי מיר קיין וואונדער, — האט אנטאן לאכענד געענטפערט.

— מיך פערדריסט וואס צוליעב אונז האט איהר געוויס דיא נאכט ניט גע־שלאפען גנעדיגער פרינץ — האט מאריא געזאגט.

— איך האב גענוג געשלאפען — האט וולאדימיר געענטפערט. דיא וועג איז געוועזן זעהר גוט, איך האב זיצענדיג אין עקיפאזש בעסער געשלאפען אלס דאָרט אין דער ווייכער בעט אין דעם אָרשא'ער האָטעל. יעצט טיינע פריינדע טרינקט אב טהעע און לאמיר פאהרען נאך דאנילאווקא. דען דיא צייט איז ביי מיר זעהר טהייער איך מוז נאך מארגען פאהרען אהיים.

— זעהר שעהן, מיר קענען שוין פאהרען, מיר וועלען נור צו גלאָז פריש מילך אויסטרינקען.

— ניין, איך וויל עטוואס ווארעמס. טהעע אדער קאפע, איך גלויב אז ביי דעם גוטען אלטען קען מען דאס בעקומען.

— געוויס! — האט אנטאן געענטפערט און האט באלד געהייסען איוואנען עס זאל ווערען קאפע.

קאטהארינא האט באלד פערטיג געמאכט פאר דיא געסט גוטען שמעקענדען קאפעע, זיא האט דערלאנגט פריש געבריהט מילך און דיא געסט האבען זיך געזעצט טרינקען.

א שטארקעס קלינגען אין דער טויער גלאָקע האט זיי אלעמען ערשטוינט און זיי זיינען נייגיעריג געוועזן צו וויסען ווער דער קלינגער איז.

דער אלטער איוואן איז ארויסגעלאפען עפענען דעם טויער און באלד האבען די גרויסע פערזאנען דערהערט גוואלד געשרייען אין הויף, און נאך בעפאר זיי האבען זיך פון זייערע ערטער געריהרט ארויסצוגעהן זעהן וואס דיא געשרייען בעדייטען, איז צו זיי אריינגעלאפען דיא אלטע קאטהארינא זעהר ערשראָקען און האט וויינענד געזאגט:

— אָ, גוטע עדלע מענשען, רעטעט מיין מאן.

— וואס האט מיט איהם פאסירט? — האט אנטאן געפרעגט.

— דער סטאנאוואי פון דאנילאווקא מיט פינף געזונדע שטארקע מחשיקעס זיינען געקומען מיך מיט מיין מאן פון דעם טייפעלס'שלאס ארויסצו־ווארפען ווייל ארדעלא האט זיי אזוי געהייסען. דער סטארשינא זאגט אז זיא איז דיא איינענטהימערין פון דעם שלאָס און דארום האט זיא דאס רעכט אהער אריינצוזעצען ועמען זיא וויל.

— שרעקט זיך ניט קאטיע — האט אנטאן געזאגט — מען וועט אייך פון דאנען ניט ווארפען. קענט איהר אהער אריינשיקען דעם סטאנאוואי, איהר פערשטעהט דאך אליין אז וויא ער וועט מיך דערזעהן וועט ער באלד פערשטעהן אז ארדעלא איז דא קיין איינענטהימערין.

— ער וועט אלץ איינס באלד אהער אריינקומען, דען ער וויל אונזער גאנצע ווירטהשאפט פון דאנען ארויסווארפען.

זיא האט נאך דיא ווערטער ניט געענדיגט האט זיך דיא טהיר האסטיג אויפגעעפענט און דער סטאנאוואי איז אריינגעלאפען מיט א געשריי:

— דיא מינוט ווארף איך אלעס וואס דא געפינט זיך אין דער נאס ארויס.

ער האט געוואָלט נאך עפעס ריידען, אבער דיא ווערטער זיינען וויא פלוצלונג אבגעהאקט געווארען, ער האט דערזעהן דעם גראף דאנילאוו און א טויטשרעק איז איהם בעפאלען.

ווילד האבען זיינע אויגען געקוקט אויף דעם גראף וועלכען ער האט פאר טויט גערעכענט און ער האט זיך איינינע מאל איבערגעצלס'ט וויא ער זאל וועלען דורך דעם דיא שרעקליכע ערשיינונג פון דאנען פערטרייבען.

— ווער האט דיך געשיקט אהער? — האט דער גראף צארניג געזאגט צו דעם ערשראָקענעם סטאנאוואי.

— דיא גרעפין ארדעלא! — האט ער געענטפערט מיט א ציטערענדע שטימע ציטטערענד ביי אלע גליעדער.

— פאָרט פון דאנען! — האט אנטאן שטרענג געזאגט — דוא זאלסט זיך ניט וואגען דעם בראפען אלעטן צו בעריהרען, דען דוא וועסט דערפאר מיט דיין לעבען בעצאהלען.

דער סטאנאוואי האט שוין געוואָלט אוועקגעהן, אבער דער גראף האט איהם צוריקגערופען און האט געזאגט:

— דוא זאלסט זיך אויף ניט וואגען ארדעלאן צו זאגען אז דוא האָסט דא מיך געזעהן, דוא הערסט?

— איך העד אייערע גנאדען — האט דער ערציטערטער סטאנאוואי נע־ענטפערט.

— קענסט געהן — האט אנטאן שטרענג געזאגט.

דער סטאנאוואי האט זיך קוים א לעבעדיגער פון דאנען ארויסגעחאפט און איז מיט זיינע לייטע צוריק נאך דאנילאווקא אוועקגעגאנגען.

— דיא פרעכהייט פון דער פערפלוכטער אדעלאן האט שוין צו דער העכסטער שטופע עררייכט — האט אנטאן געזאגט צום גראספירסט, עס איז דארום אויך דיא העכסטע צייט מיר זאלען פאהרען מיט איהר אן ענדע מאכען.

— יא — האט דער גראספירסט געענטפערט — עס איז ווירקליך דיא העכסטע צייט, מיר דארפען שוין נאך דאנילאווקא פאהרען. אבער עס שאדעט ניט ווען מיר וועלען פריהער אונטערשיקען נאך דאנילאווקא איוואנען ער זאל אונ־זערע געהיים־פאליציסטען פארבערייטען צו אונזערע בעפעהלע.

— דאס האט איהר פאלקאמען רעכט, דורכלויכט — האט דאנילאוו גע־ענטפערט — איך שיק איהם שוין אהין און ער וועט שוין אלעס אין ארדנונג בריינגען.

ער האט איוואנען פאראויס געשיקט נאך דאנילאווקא מיט א בעפעהל צו אלע געהיים־פאליציסטען וואס געפינען זיך דארט, און אין צוויי שטונדען ארום זיינען דיא האהע געסט אוועקגעפאהרען נאך אנטאנס פאלאסט.

329טעם קאפיטעל.

## בת־שבע׳ס שרעק.

דער פערליעבטער פיהלט זיך גליקליך זאגאר דאן ווען זיין ליעבע איז האפ־נונגסלאז. וויא באלד נור דער געגענשטאנד פון זיין ליעבע בעפינדעט זיך נאהענט פון איהם, איז ער שוין צופריעדען; עפעס ניט ווילענדיג גנב׳עט זיך אין איהם אריין א שטיקעלע האפנונג און בלענדעט איהם דיא אויגען.... ער ווייס אליין אז ער זעהט נור א גוטען חלום, אבער דיא וועלט זאגט שוין לאנג א ווערטעל: „אז א גוטער חלום איז אויך בעסער אלס א ביטערע וואהרהייט.“

בת־שבע האט זיך גליקליך געפיהלט מיט דעם וואס לעאפאלד פריעד איז געווען אין דעם זעלבען הויז וואו זיא איז. זיא האט מיט איהם געקענט ארומשפא־צירען, מיט איהם ריידען, פערברייננען. דאס אליין האט אויף איהר זעהר גוט גע־ווירקט.

דיא אלטע מאדאם פריעד האט מיט פערגעניגען צוגעקוקט וויא דיא קינדער זיינען אזוי בעפריינדעט, דען זיא האט זיי בעטראכט אלס א גלייך פאארל וואס זיינען איינער פאר דעם צווייטען בעשאפען געווארען און זיא האט זיך גע־קלערט:

— ווען איך בין שוין אלט און אונגליקליך, לאמיך חאטש פערגעניגען האבען פון מיין לעאפאלד׳ס גליק.

וויא מיר האבען שוין דערצעהלט, האט בת־שבע אויף איהר זעהר א גוטען

איינדרוק נעמאכט. זיא האט דאס שעהנע מעדכען ליעב בעקומען ביי זייער ערשטער בעקאנטשאפט און איהר איז באלד איינגעפאלען דער געדאנק, אז לעא־פאלד דארף קיין בעסערע כלה ניט פון דער שעהנער באבעטהא קראַנענשטיין.

בת־שבע פלעגט דערצ־טערט ווערען ביי דעם געדאנק, דאס אין ניכען וועט קומען א צייט, וואס זיא וועט זיך מוזען אויף אימער שיידען פון לעאפאלד'ן און זיא וועט זיך מוזען פערבינדען מיט דעם אלטען קראַנענשטיין.

מאנכעס מאל פלעגט זיא זיך קלערען, ווארום זאל איך זיין אזא נארר און הייראטהען אן עלטערען מענשען, ועהרענד פאר מיר שטעהט אזא יונגער ענגעל וויא לעאפאלד איז און בעט זיך ביי מיר איך זאל מיך שיצען אונטער זיינע פלינלען. האט מיך דען קראַנענשטיין אבגעקויפט דערמיט וואס ער האט מיך אהער אין דער דאצשע געשיקט ? איך וועל דיא גרעסטע דומהייט טהאן ווען איך וועל אזא גליק פון דער האנד ארויסלאָזען.

אבער מערקווירדיג, זיא האט זיך פאר קיין פאל געקענט בעשליסען זיך אפ־צורייסען פון קראנענשטיינען ; זיא האט זיך פאַרגעשטעלט וויא ער וועט זיא פערראכטען דערפאר וואס זיא איז אזוי לייכטזיניג, און דיא פעראכטונג האט זיא ניט געקענט ערטראגען.

מאנכעס־מאל איז זיא געוועזען אויף זיך אליין אין כעס דערפאר וואס זיא ערלויבט זיך צופיעל פאנטאזירען וועגען לעאפאלד'ן, אין דער צייט ווען זיא האט שוין איהר ווארט געגעבען אן אנדערען. „וועל איך מיך קיין מאל פון מיין פערדאר־בענהייט ניט אויסקורירען?" פלעגט זיא ביי אזא פאל קלערען, „איז מיר ניט גענוג דיא אונרעכטע טהאטען וואס איך האב געטהאן ביז אהער?"

נאך אזעלכע געדאנקען פלעגט זיא זיך פעסט בעשליסען ניט צו דענקען וועגען לעאפאלד'ן. זיא האט דאן פון גאנצען הערצען געוואונשען ער זאל פון דאנען אוועקפאהרען, אום ער זאל זיא ניט בריינגען צו זינדיגע געדאנקען.

אלס זיא איז איין מאל פערטיעפט אין אזעלכע געדאנקען געזעסען אין גארטען אין אן אבגעזונדערטען ארט, האט זיא דערהערט לעאפאלד'ס טריט. זיא האט אויף איהם זעהר אן אונפריינדליכע מינע געוואָרפען ; ער האט דאס אבער ניט בעמערקט. מיט זיין געוועהנליכע צערטליכקייט האט ער זיך געזעצט נעבען איהר און האט געזאגט מיט א שמייכעל :

— איך וועל אייך דערצעהלען א זאך, באבעטהא, וועט איהר לאכען.

— וואס איז דאס פאר אזא לאכערינע זאך ? — האט זיא קאלטבליטיג גע־פרעגט.

— דיא טאנטע האט מיך ערשט געפרעגט ווען וועט זיין אונזער פערלאָבונג.

בת־שבע האט א ציטער געטהאן, וויא א זיסער שוידער איז דורך איהרע גליעדער דורכגעלאפען, אבער זיא האט גאר ניט געענטפערט.

— דוא זעהסט שוין חאַטש, מיין לעבען, אז דיא טאנטע געפינט אויך דאס מיר זיינען א גלייך פּאארל. איך גלויב, אז באלד וועסט דוא אליין אויך זאגען : לעאפאלד, איך בין דיינע.

— ווארום דענקסט דוא אז איך וועל אזוי זאגען?

— ווייל דיא איינציגע הינדערנים וואס שטעהט אונז אין וועג וועט באלד אבגערוימט ווערען.

— וואס פאר א הינדערנים מיינסט דוא?

— צו דוא מיינסט, מיין לעבען, אז איך פערשטעה ניט וואס דיך דריקט און לאָזט דיך ניט מיר דיין האנד צו רייכען?

— וואס פערשטעהסט דוא?

— איך פערשטעה זעהר גוט אז דוא ווילסט אָהן דיין אָנקעל איליא קראָ־נענשטיין זיך ניט בעשליסען מיר דיין הערץ צו שענקען. איך געפין דאס פאר זעהר נאטירליך; קיין עלטערען האָסט דוא ניט וועמען ביי אזא זאך צו ראטה רופען. קראָנענשטיין איז דער איינציגער וועלכער זאָרגט פאר דיר, נו, מוזט דוא דאָך איהם א ראטה פרעגען. אבער איך האב שוין ראפיר געזארגט, אז דיא הינדערנים זאָל אונז שוין מעהר אין וועג ניט שטעהן.

— וואס האסט דוא דען דערצו געטהאָן? — האט בת־שבע נייגיעריג גע־פרעגט.

— איך האב וועגען דעם געשריעבען צו קראָנענשטיינען.

בת־שבע איז בלאַס און ערציטערט געוואָרען.

— וואס האסט דוא איהם געשריעבען? — האט זיא מיט א ציטערנדע שטימע געפרעגט.

— איך פערשטעה ניט ווארום דוא האָסט זיך אזוי דערשראָקען. געוויס האב איך קיין דומהייט אין דעם בריעף געשריעבען.

— איך וויל אבער וויסען וואס דוא האָסט איהם געשריעבען? — האט זיא שטרענג געזאגט.

— איך האב פאר איהם אונזער ליעבע קיין געהיימנים געמאכט. איך האב איהם אלעס דייטליך ערקלערט, אז מיר ליעבען זיך ביידע און מיר ערווארטען זיין איינווילינגונג און זיין זעגען צו אונזער בונד.

— מיין גאָט! וואס האָסט דוא געטהאָן? — האט זיא ציטערנד ביי אלע גליעדער אויסגערופען.

— האב איך דען געטהאן א נאררישקייט?

— דיא גרעסטע דומהייט וואס עס קען נור געבען — האט זיא צאָרניג גע־ענטפערט.

— איך פערשטעה אבער ניט, ווארום רופסט דוא דאס אָן דומהייט?

— איך דארף דיר קיין רעכנונג אָפּגעבען ווארום איך רוף דאס אָן אזוי. איך מוז וויעדערהאָלען מיינע ווערטער אז דאס וואר דיא גרעסטע דומהייט און דיא אונפערצייהליכסטע זינדע.

זיא איז ביי דיא ווערטער צאָרניג ארויסגעלאָפען פונ׳ם גארטען.

— וואס זאל דאס בעדייטען? — האט פריעד זיך זעלבסט געפרעגט — ווארום איז זיא אזוי צאָרניג געווארען, דערפאר וואס איך האב געבעטען ביי איהר

אנקעל איהר האנד? דוכט זיך, דאס איז קיין דומהייט און קיין זינדע? וויא איך פערשטעה, מוז דא עפּעס זיין א געהיימניס. נעווייס וועל איך דאס ערפאהרען פון דעם ענטפער וואס קראנענשטיין וועט מיר געבען אויף מיין בריעף וואס איך האב איהם געשריעבען.

330סטעס קאפּיטעל.

## דער צופאל מאכט אלעס.

אין דער זעלבער צייט, ווען צווישען פריעד'ן מיט בת־שבע'ן האט זיך אבגע־שפּיעלט דיא אָבען־בעשריעבענע סצענע, איז קראָנענשטיין אנגעקומען צום דעם וואקזאל פון דער סטאנציע סאמארינקא.

ער האט אויסגעזעהן זעהר אויפגערעגט און שטארק פערזאָרגט. דער בריעף וואס לעאָפּאָלד פריעד האט איהם געשריעבען האט איהם זעהר אונרוהיג גע־מאכט.

ער האט פאלעס רעכט געהאט אונרוהיג צו זיין, דען זיין ליעבע צו בת־שבע'ן און דיא האפנונג זיך מיט איהר אין גיכען צו פערבינדען האט פיעלע וואונדען אין זיין ברוסט פערהיילט.

שוין לאנג האט ער קיין פערגעניגען געהאט פון לעבען.

ווערפענד א בליק אויף זיין פערגאנגענהייט, האט ער געפונען נור א קליין שטיקעל צייט, אין וועלכער ער איז פאלקאָמען גליקליך געווען. דאס איז געווען דיא צייט, ווען ער האט זיך אלס צוואנציג־יעהריגער יונגע פערליעבט אין פרייליין לעאָ־נאָרע פריעד. יענע שטארקע ליעבע האט איהם אזוי ווייט בעגליקט, דאס ער האט דער וועלט נור וויא א גן־עדן בעטראכט.

ליידער אבער האט ער אין דעם גן־עדן לאנג ניט געקענט זיצען, דען זיינע עלטערען האבען פאר קיין פאל געוואלט איינוויליגען ער זאל הייראטהען דער פרייליין פריעד. צום אונגליק האט איהם שוין דיא ליעבע פערטריעבען אין אזא בהאָטע פון וועלכער ער האט ניט געקענט ארויסקריכען, דען זיין לעאָנאָרע האט איהם אנגעזאגט דיא שרעקליכע נאכריכט דאס זייער ליעבע וועט באלד פריכטע ברייגגען....

איבערלאָזען זיין געליעבטער אין אזא לאגע האט ער ניט געוואלט. און ער האט זיך בעשלאָסען אז עס מעג זיין וואס עס וויל און לעאָנא־ע מוז בלייבען זיין פרוי.

ער איז מיט איהר אנטלאָפען געווארען ווייט, זעהר ווייט פון זיין געבורטס־שטאדט. ער איז מיט איהר געקומען אין אזא שטאדט וואו קיינער האט איהם געקענט. דאָרט האט ער פאָרגעשטעלט זיין געליעבטע אלס זיין פרוי און האט מיט איהר געוואוינט אין א האָטעל אזוי לאנג, ביז זיא האט איהם געשענקט א טאכטער.

צום אונגליק האט דאן אין דעם האטעל וואו זיי האבען קווארטירט א פייער אויסגעבראָכען. ער האט זיך מיט זיין לעאנארען און מיט דעם קינד קוים זיין לעבען

נערעטעט; דאס ביסעל געלד וואס ער האט געהאט זאנאר זייערע קליידער זיינע פערברענט געווארען און זיי זיינען געבליעבען עלענד, ארם און הילפלאָז אין א פרעמדער שטאדט.

דיער לאגע איז געווארען שרעקליך, זיי האבען זיך געמוזט בעשליסען צוריק א היים צו פאהרען, אבער וואס טהוט מען מיט דעם קינד? וויא אזוי ברייננט מען דאס אהיים צו דיא פרומע עלטערען און אין א שטאדט פון לויטער פרומע אידען? זיי האבען גוט געוואוסט אז מען וועט זיי איינפאך מיט שטיינער פער־ווארפען.

נאך א לאננעס נאכדענקען איז ביי זיי געבליעבען, זיי זאָלען דאס קינד אי־בערלאָזען אין דער פרעמדער שטאדט ביי אַן אַם און זיי זאָלען ביידע צוריק אַהיים פאהרען. דאָרט וועלען זיי אלע קרעפטען אנווענדען זייערע עלטערען צו בעוועגען זיי זאלען זייער איינוויליגונג געבען צו זייער בונד, און ווען זיי וועלען שוין זיין מאַן און ווייב זאלען זיי אין אַן אנדער שטאדט ארויספאהרען און זייער קינד צו זיך נעהמען.

— יא, דער פלאַן איז געווען א גוטער, אבער אַן אַם וואס זאָל וועלען דאס קינד צונעהמען אָהן געלד איז ניט געווען צו געפינען, און קיין געלד האבען זיי ניט געהאַט.

זיי האבען קיין אנדער מיטעל געהאט וויא אבצוגעבען דאס קינד אין פינדעל־הויז. נור אום זיי זאלען דאס קענען צוריק ארויספאָדערן, האבען זיי אויף דעם קינדס האלז אנגעהאנגען א קוויטעלע אויף וועלכען זיי האבען פערשריעבען דעם קינדס נאָמען. דערביי האבען זיי אריינגעשריעבען א בריעף צו דיא בעאַמטע פון פריאוט, אז זיי וועלען דאס קינד אין קורצען פונ׳ם פינדעל־הויז ארויסנעהמען.

זעהר שווער איז זיי געווען אזא זאך צו טהאָן; אבער וואס האבען זיי גע־קענט העלפען? קיין אנדער מיטעל האבען זיי ניט געהאט.

קראָנענשטיין אליין האט דאס קינד אין א פינסטער נאבט אוועקגעטראגען צום פינדעל־הויז און האט עס אהין אריינגעווארפען.

לעאנארע איז אין אָהנמאַכט געפאלען אלס ער איז געקומען צוריק און האט איהר דערצעהלט אז זייער טאכטער איז שוין פערזארגט. ער האט זיא קוים אויפ־געמינטערט, עס האט איהם פיעל געזונד געקאָסט ביז ער האט זיא בערוהיגט און איז מיט איהר צוריק אַהיים געפאהרען.

דאס געלד אויף דער לאנגער רייזע האבען זיי פאַסט אויסגעבעטעלט. דאס האט זיי געקאסט געזונד און לעבען, אבער זיי האבען זיך דאך אַהיים דער־שלעפט.

אבער זייערע עלטערען האבען זיך אלץ ניט געלאזט ביינען, זיי האבען זייער איינוויליגונג ניט געוואלט צו זייער בונד געבען און קראנענשטיין האט זיך געפונען געצוואונגען צו הייראטהען מיט זיין געליעבטער אָהן זייער ערלויבניס.

זיי האבען געהייראטהעט. קראָנענשטיין האט מיט דער הילפע פון זיינעם א פריינד אנגעהויבען צו מאבען געשעפטען און דאס גליק האט איהם בעגלייטעט

אויף שריט און טריט, ער האט זעהר פיעל געלד פערדיענט און איז א רייכער מאן געווארען.

זיין קינד האט ער אבער אלץ ניט געקענט ארויספארדערן חייל ער וואר געצוואונגען צו וואוינען צוליעב זיין געשעפט אין דערזועלבער שטאדט וואו זיינע עלטערען האבען געלעבט. דארום האט ער זיך אבגעהאלטען ביז אין צווי יאהר ארום האט ער זיך אין אן אנדער שטאדט ארויסגעצויגען און דאן האט ער ארויס־געשיקט זיין פרוי אין יענער שטאדט וואו ער האט זיין קינד איבערגעלאזט, זיא זאל עס פון דארט אבהאלען.

מען קען זיך פארשטעלען זיינע שמערצען אלס זיין פרוי איז צוריקגעקומען מיט דער טרויעריגער נאכריכט דאס זייער קינד איז שוין אין פריוס ניטא, ווייל נאר א פרעמדער מעניש האט עס צוגענומען.

פון דאמאלס אן איז זיין לעבען פערביטערט געווארען, זיין פרוי האט פון עגמת־נפש אנגעהויבען צו קריינקען און איז שוין פערבליעבען א קראנקע ביז איהר טויט.

זעלבסטפערשטענדליך, אז דאס לעבען מיט א קראנקער פרוי איז ניטא וואס מקנא צו זיין. פון זיין רייכטהום האט ער ניט געקענט הנאה האבען און אזוי זיינען פערגאנגען זיינע יאהרען אין ליידען.

ענדליך איז זיין פרוי געשטארבען. אבוואהל זיא האט איהם דורך איהר קריינק זיין לעבען פערביטערט, דאך האט ער נאך איהר געקלאגט וויא א געטרייער צערטליכער מאן. ער האט זיך געפיהלט וויא פערלאסען פון דעם בעסטען איינ־ציגסטען פריינד און איהם האט אויסגעוויזען, אז דאס לעבען האט שוין פאר איהם קיין אינטערעסע מעהר.

ער וואלט, דוכט זיך, געהאט א קינד וואלט ער זיך גליקליך געשעצט, לייד־דער אבער איז דאס איינציגע קינד וואס זיין לעאנארע האט איהם אמאל געשענקט פערשוואונדען געווארען און ער וויים ניט וואו זיא צו זוכען.

און גראדע דער געדאנק האט זיין לעבען פערביטערט. ווען ער זאל שוין וויסען בעשטימט אז זיא איז געשטארבען, וואלט ער זיא פערגעסען וויא מען פערגעסט אלע געשטארבענע; אבער וויא באלד אז זיא איז פערשוואונדען געווארען, קען דאך זיין אז זיא לעבט ערגעץ און ווער וויים אין וואס פאר א לאגע זיא געפינט זיך? עס איז זעהר מעגליך צו גלויבען, אז איהרע ערציהער זיינען זעהר ארם און זיין טאכטער געהט ארום בארפוס און ליידעט הונגער אין דער צייט ווען ער האט אזוי פיעל געלד וואס ער קען זיא פאר דער גליקליכסטער אין דער וועלט מאכען.

בת־שבע איז געווען דער נוטער ענגעל וואס האט מיט איהר ערשיינען א פרישעס ליכט אויף זיין לעבען אויסגעגאסען. ער האט איינגענטליך ניט פערשטאנען מיט וואס זיא האט אויף איהם אזא גוטע ווירקונג געמאכט, אבער ער האט זיך נאר ניט געוואלט געבען דיא מיהע דאס צו ערגרינדען. איהם איז גענוג געווען דער פאקט אז זיא האט אויף איהם א גוטען איינדרוק געמאכט און ער האט דיא אזוי ליעב בעקומען דאס ער האט זיך אנגעהויבען צו פיהלען וויא א נייגעבארענער

מענש. פיעל שעהנער אלס זאָנסט האט דיא וועלט יעצט פאר איהם ערשינען, פיעל זיסער איז איהם דאס לעבען יעצט געווארען און דער צוקונפט האט זיך פאר איהם פאָרגעשטעלט אין א פראכטפאָלען גלאנץ.

פרייער האט ער אנגעהויבען צו אטהמען, ער האט אנגעפאנגען מעהר אינ־טערעסע אינ׳ם לעבען צו האבען. ער האט געפיהלט אז ער לעבט און אז ער דארף לעבען....

פלוצלינג איז ער וויא פון זיבענטען הימעל ארונטערגעפאלען. דער בריעף וואס ער האט ערהאלטען פון פריעד׳ן האט וויא מיט איין קלאפּ אלע זיינע נאָל־דענע שלעסער צערטרימערט; בת־שבע האט איהם ניט ליעב, זיא האט נאר ליעב א יונגען מאן און ער (קראָנענשטיין) איז יעצט וויא א פינפטער ראד צום וואגען.

ביטער, זעהר ביטער איז איהם געווען אויפ׳ן הארצען. יעצט איז איהם נאך ערגער געווארען אלס איהם איז געווען פריהער. דאס איז שוין אן אלט בעקאנטע זאַך, אז עס איז זעהר ביטער ווען מען געפינט א שאַץ און מען פערליערט איהם באלד ווידער.

ער איז יעצט געפלויגען נאך סאמארינקא וויא אן אבגעבריהטער. עס האט איהם אהין געטראגען, אבוואהל אין הארצען האט עס אין איהם וויא גערעדט:

— וואוהין פליהסט דוא, נארישער מענש? דענקסט דוא פיעללייכט אז דוא וועסט קענען מאכען אז בת־שבע, דיא יונגע בליהענדע בלום זאל דיך ליעבען, ווע־רענד זיא ליעבט א יונגען מאן? פערשטעהסט דוא דען ניט אז דאס איז אן אומ־זיסטע האָפנונג?

יא, אזעלכע ווערטער האבען אין זיינע אויערן געקלונגען. ער האט פער־שטאַנען אז זיי זיינען זעהר ריכטיג, אבער עס האָט איהם דאָך געטראגען נאך סאמארינקא.

ער האט זיך פאָרגעשטעלט וויא אונאנגענעהם זיין ערשיינען אין סאמארינקא וועט ווירקען אויף בת־שבע׳ן, דען ער האט פּראַקטיש געוואוסט פון דער געהיימניס אז עס איז זעהר אונאנגענעהם זיך צו בעגעגנען מיט א מענשען וועלכען מען ליעבט ניט און ער וויל וויא צו־להכעיס מען זאל איהם ליעבען.

אין קאפּ האבען זיך ביי איהם געטומעלט פיעלע געדאנקען אָהן אן אָרדנונג. ער האט אליין ניט געוואוסט וואס ער זאל יעצט טהאן. ער זאָל לעאָפּאָלד׳ן אָפּעו זאגען אז בת־שבע קען זיינע ניט זיין ווייל זיא האט שוין א חתן און דער חתן איז ער (קראָנענשטיין) אליין, דאס וועט זעהר קאָמיש קלינגען. אויך דיא אלטע מאדאם פריעד וועט אויסער זיך ווערען פון דער נייעס און איהר וועט דעם שטארק קריינ־קען וואס ער האט איהר אלס געזעלשאפטערין געגעבען דאס מעדכען וועלכע דארף בעטרעטען איהר טאָכטער׳ס שטעלע.

דיא אלטע וויא מיר וויסען איז נאך איהר טאכטערס טויט אונטרעסטליך געבליעבען. זיא האט זיך אויך געפיהלט שטארק עלענד און איינזאם אין דער גרוי־סער וועלט. זיא האט אויך געוואוסט פון דער געהיימניס אז פון איהר טאכטער איז געבליעבען א קינד נור מען וויים ניט וואו עס געפינט זיך. זיא האט דערפון

גרויסע שמערצען געהאט. פיעלע מאל האט זיא קראנקענשטיינען געזאגט אז זיא איז פערטיג איהר גאנץ געלד וואס זיא האט אויפצואפפערן אויף דעם. מען זאל דאס פערשוואונדענע קינד זוכען. אבער קראנקענשטיין האט איהר ערקלערט אז דאס איז אן אומזיסטע מיהע. ווען דערצו זאל העלפען געלד וואלט ער מיט טוי־זענדער געשאטען אבי זיין קינד אויסצוגעפינען, און פלוצלינג ווען דיא אלטע ער־פאהרען אז איהר ליעבער שווינער־זאהן האט שוין א כלה און ער האט געגליך פערגעסען זיין פרוי מיט זיין קינד.

פערטיעפט אין דיעזע געדאנקען איז ער אנגעקומען אין דער סטאנציע סא־מארינקא.

ער איז אריינגעגאנגען אין וואקזאל און האט זיך אוועקגעזעצט נעהר טרויעריג נעבען טיש. אבערמאלס האט עס אנגעהויבען אין זיינע אויערן צו קלינגען: וואוהין פאהרסט דוא? וואס מאכסט דוא זיך נאררייש? פערשטעהסט דוא דען ניט אז בת־שבע איז שוין ניט דיינע און מיט וואס פאר א רעכט ווילסט דוא זיא אפ־רייסען פון דעם מענשען וואס זיא האט ליעב? — איז זיא דען דיינע א פערקויפטע?

דיא דיענער פון דעם וואקזאל וועלכע האבען איהם זעהר גוט געקענט, זיינען צו איהם צוגעלאפען און האבען איהם רעספעקטפאל בעגריסט.

דיא פרוי פון דעם בופעט האט גלייך ערפאהרען ווער דער מאן איז. אז ער איז דער אייגענטהימער פון דער רייצענדער ראציטע סאמארינקא. זיא האט איהר מאן, וועלכער איז אויך יעצט דארט געווען, איינגערוימט א סוד און ביידע זיינען צו־געגאנגען צו דעם טיש וואו קראנקענשטיין איז געזעסען.

— זיי וועלען ענטשולדיגען, מיין הערר — האט זיא זעהר העפליך געזאגט — איך וויל האבען דיא עהרע זיך פאר אייך פארצושטעלען. איך האלט דא יעצט דעם בופעט. מיין נאמען איז זעלדע ראזענהוט און דאס איז מיין מאן אברהם ראזענהוט.

— זעהר אנגענעהם — האט קראנקענשטיין געענטפערט — שוין לאנג אז איהר האלט דא דעם בופעט?

— ניין, ניט לאנג — האט זיא קאקעטיש געענטפערט.

— פון וואנען זייט איהר אליין?

— מיר זיינען אויס ארלאוו.

— אזוי? — האט קראנקענשטיין ערשטוינט געפרעגט — איהר זייט פון ארלאוו?

— יא — האט אברהם ראזענהוט געענטפערט — מיר זיינען פון ארלאוו. איך האב דארט פיעלע יאהר געוואוינט און האב דארט גלענצענדע געשעפטען געמאכט. אבער אין דער לעצטער צייט, האט עס מיר אנגעהויבען צו געהן וויא מען זאגט שלים־מזל, איך האב מיין גאנצעס געלד פערלארען און האב דורך א פראטעקציע דיעזען בופעט אנגענומען. דא האבען מיר זיך ניט צו בעקלאגען, מיר מאכען אפילו קיין גרויסע גליקען, אבער מיר קענען זיך דא לעבען גאנץ רוהיג און צופריעדען.

— איהר וועט ניט נעהמען פאר אונגוט, ליעבער הערר, — האט זעלדע נאָך א קורצעם שוויינען געזאגט, ווען איך וועל אייך עטוואס פרעגען?

— ביטע! איהר קענט פרעגען וואס איהר ווילט.

— אין סאמארינקא געפינט זיך יעצט א מערבען מיט דעם נאמען באבעטא קראָנענשטיין.

— נו?

— מען האט מיר דערצעהלט אז זיא איז אייערע א פלעמיאניצע. איז דאס וואהר?

— אנטגעגנען וואס פרעגט איהר דאס און ווארום אינטערעסירט איהר זיך דאס ריכטיג צו וויסען?

— ווייל איך קען א מערבען, וועלכע איז עהנליך וויא צוויי טראָפּען וואסער צו דער באבעטהא.

— מען בעגעגענט זעהר אָפט אין דער וועלט מענשען וואס זיינען עהנליך איינער צום צווייטען.

— פון דער עהנליכקייט אליין רייד איך שוין ניט. זיא האט זאגאר דעם צייכען וואס יענע מערבען פון וועלכע איך רייד האט געהאט. דאס איז אזא צייכען וואס קענען ביי צוויי מענשען אינ'ם זעלבען אָרט ניט טרעפען.

— וואס איז דאס פאר א צייכען?

— זיא האט אמאל פון אן איינברעכער ערהאלטען א שטאָך מיט א מעסער אין האלז און אויף דעם אָרט איז געבליעבען אן עווינער שראם.

— ווער איז געווען יענע מערבען וואס איהר האט געקענט? — האט קראָ-נענשטיין נייגיעריג געפרעגט.

— זיא האט זיך ביי אונז ערצויגען. אלס איך האב געהייראטהעט מיין מאן האב איך זיא שוין ביי איהם אין הויז געטראָפען.

— וויא קומט זיא צו אייער מאן?

— דאס וועט ער אייך אליין דערצעהלען — האט זיא געענטפערט.

— יא — האט איהר מאן געענטפערט — איך קען דאס אייך דערצעהלען ווען איהר זייט נייגיעריג דאס צו וויסען.

— איך בין זעהר נייגיעריג — האט קראָנענשטיין געענטפערט.

— מיט צוואנציג יאהר צוריק — האט אברהם ראזענהוט אנגעפאנגען צו דערצעהלען — בין איך געווען זעהר רייך. איך האב מיט מיין ערשטע ווייב שוין דאן צעהן יאהר צוזאמענגעוואוינט און אונז האט קיין זאך געפעהלט א חוץ קינ-דער. מיין פרוי האט מיר קיין קינדער געשענקט. א חסיד'ישער רבי צו וועלכען זיא איז געפאהרען בעטען אויף קינדער, האט איהר געראטהען זיא זאל צו זיך אין הויז אריינגעהמען א פרעמד עלענד קינד און זאָל עס ערציהען; און צוליעב דעם זכות וועט זיא זוכה זיין צו האבען איינענע קינדער. גראדע צו יענער צייט האב איך דורך א צופאל ערפאהרען אז אין פריוט געפינט זיך א קליין אידיש קינד וועלכעס מען האט אהין אריינגעוואָרפען. ביי אונז איז געבליעבען איך זאל דאס

קינד צונעהמען צו זיך. איך בין באלד אוועקגעפאהרען אין פריוועט, האב געבעטעט מען זאל מיר דאס קינד איבערגעבען, אבער דיא בעאמטע פון יענעם פריוועט האבען דאס ניט געוואָלט טהאָן. זיי האבען מיר געענטפערט, אז זיי האבען פון דעם קינדס עלטערען א בריעף ערהאלטען דאס זיי וועלען עס אין ניכען צונעהמען. איך האב זיי אבער צו פערשטעהן נעגעבען, אז וויא באלד דיא עלטערען פון דעם קינד האבען זיך ערלויבט זיא אין א פריוועט אריינצו־ווארפען, איז דאס א בעווייז אז זיי קענען עס ביי זיך ניט האלטען. דערביי האט מיר געקאָסט עטליכע רובעל און מען האט מיר דאס פערלאַנגטע קינד ארויסגעגעבען. דאס וואר א קליינע מעדכען. מיר האבען זיא צו אונז צוגענומען און וויא אונזער איינען־קינד ערצויגען.

— פון וואַנען האט איהר געוואוסט אז דאס איז א אידיש קינד? — האט קראנענשטיין געפרעגט, און עס וואר ליכט אָן איהם צו דערקענען אז דיא ערצעהלונג האט איהם איבערראשט.

— אויף איהר איז געהאנגען א צעטעלע, אויף וועלכען עס וואר אנגעשריעבען „בת־שבע״, אבער הערר קראַנענשטיין, ווארום זייט איהר אזוי בלאס געוואָרען? פיהלט איהר זיך אונוואָהל?

— יא—האט קראַנענשטיין געשטאָמעלט—מיר איז שטארק ניט גוט געוואָרען, גיט מיר אביסעל וואסער.

מען האט איהם דערלאַנגט א גלאז וואסער, ער האט א שטארקען זופ גע־טהאָן און האט נאך א קורצער פויזע געזאגט:

— מיר איז שוין בעסער, איהר קענט אייער ערצעהלונג פאָרטזעצען.

— עס איז שוין ניטא פיעל וואס צו דערצעהלען — האט ראזענהויט געענט־פערט — מיר האבען דאס מעדכען וויא אונזער איינען־קינד ערצויגען. ענדליך איז מיין פרוי געשטאָרבען און איך האב געהייראטהעט דיעזער פרוי וואס שטעהט יעצט פאר אייך. בת־שבע וואר שוין דאמאלס א היבשעס מעדכען און זיא האט ניט געקענט הויזען מיט מיין צווייטער פרוי, דארום איז זיא פון מיין הויז אנטלאָפען געוואָרען און פון דאמאלס אָן האבען מיר פון איהר ניט געהערט. נור דא מיט איינינע טעג צוריק האט מיר מיין וויב דערצעהלט, דאס אין קאמארינקא איז ארייננעפאהרען יעצט א מעדכען, וועלכער זיא האט דערקענט אלס דער פער־שוואונדענער בת־שבען. איך בין זעהר נייגיעריג געוואָרען זיא צו זעהן און בין דארום אין קאמארינקא ארייננעפאהרען. איך האב געזעהן יענער מעדכען און האב זיא אויך גלייך דערקענט אלס מיין צעגלינג בת־שבע. איך האב אנגעהויבען מיט איהר צו ריידען און האב איהר גלייך געזאגט אז איך האב זיא דערקענט, אבער זיא האט זיך געמאכט וויא זיא זעהט מיך דאס ערשטע מאל און האט געענטפערט אז איהר נאמען איז באבעטהא קראָנענשטיין. דאך האב איך פערשטאנען אָן דיא פארבען וואס האבען זיך אין איהר געזיכט געביטען וועהרענד זיא האט מיט מיר גערעדט, אז דאס איז פאָרט יענע בת־שבע וועלכע איך האב פונ׳ם פינדעל־הויז ארויסגענומען.

קראָנענשטיין איז געזעסען בלאס וויא דער טויט. ער נאך א קורצעס

נאכדענקען געהייסען פאר זיך ברייגגען א פוהר און איז :.וועקגעפאהרען נאך סאמארינקא.

— מיין גאָט! — האט ער געשטאמעלט — איז דאס מעגליך אז דיא בת־שבע איז מיין טאכטער? איך מוז געשטעהן, אז איך זעה דא א פינגער פון גאָט....

331טעס קאפיטעל.

## טויט = שרעקעניש.

מיט א פאפיראָס אין מונד איז געזעסען אדעלא אין דאנילאָוו'ס פרעכטינגען זאל און האט געקוקט אין דעם אָפענעם פענסטער וועלכער האט ארויסגעקוקט צו דעם וועג אויף וועלכען עס פאהרען הין־און־צוריק דיא מוזשיקעס פונ'ם דאָרף.

נעגען איהר איז געזעסען איהר פאטער פעליקס, ריין איינגעוואשען אין א זיידענעם שלאף־ראָק און א שנעע־ווייסער אָבערהעמד. ער האט אויסגעזעהן גאנץ געזונד און מונטער און האט אויף דער טאכטער געקוקט מיט א פערגעניגטער מינע.

— אדעלא! — האט ער נאך א לאנגעם שווייגען געזאגט.

— וואס איז? — האט אדעלא בייז געפרעגט.

— איך מוז דיר זאגען, מיין טאכטער, אז ערשט אין דער לעצטער צייט האב איך מיך איבערצייגט וואס פאר א געניע דוא ביסט.

— אזוי? — האט זיא מיט א שפּאָטישען שמייכעל געענטפערט — דוא האָסט זיך ארומגעזעהן אז איך בין א געניע?

— יא, אדעלא, דוא ביסט א זעלטענעס מעדכען. קיינער קען זיך בעריהמען מיט אזעלכע העלדענטהאטען וויא דוא האָסט יעצט בעוויזען. אנטאנגען מיט זיין ווייב האסט דוא אין דער ערד פערטריעבען, פון סטעפאנען מיט סעמיאנען ביסט דוא אזוי שעהן בעפרייט געווארען, דאס זיי קענען דיר גאר ניט טהאָן. מיר זיינען געווארען דיא איינעגטהימער פון אנטאנס גאנצעס קאפּיטאל. דוא פערשטעהסט, וואס דאס הייסט? יעצט, מיין טאכטער, דארפסט דוא אנהויבען צו דענקען וועגען א פּארטיי. דוא דארפסט אויסגעפינען א ברויטיגאם א פרינץ. דוא הערסט, אדעלאַ? נור א פרינץ מוז זיין דיין מאן, ניט אזא טוינעניכטס וויא וולאדימיר נע־לידאָוו איז. איך קען דיר גאר ניט זאגען וויא מיך פרייט וואס דוא האָסט זיך פון איהם אבגעריסען. עס איז דיא גרעסטע שאנדע געוועזען פאר אונז ביידען וואס דוא ביסט געוועזען זיין כלה.

— זיי זיכער, פאטער, אז איך וועל שוין אויסגעפינען פאר זיך אזא פּארטיי וואס דוא וועסט צופריעדען זיין. אבער וואס זאמט זיך אזוי דער סטאנאָוואָי? ער איז געגאנגען נאך דעם טייפעלס־שלאָס ארויסווארפען איוואנען פון זיין וואוינונג און איז נאך ניטא?

— ער דארף נאך אזוי גיך ניט קומען — האט דער אלטער געענטפערט — ער מוז דאָרט געגוג ארבייט האבען צו רייניגען דעם שלאָס פון דעם שמוץ, וואס דער אלטער האט דאָרט אנגעמאכט.

— וויא דערלעב איך שוין, דער סטאנאוואי זאל קומען מיט דער נאכריכט אז ער האט שוין דעם אלטען טייפעל ארויסגעוואָרפען. דוא קענסט זיך נאָר ניט פאָרשטעלען, וויא איך קען דעם פערפלוכטען הונד ניט ליידען; איך וואָלט בעסער צעהן ריכטיגע טייפלען געזעהן איידער דיעזען שמוציגען סוביעקט. דוא ווייסט נאָר ניט וויא ער קריינקט מיך. עס האט זיך נאך ניט איין מאל געטראָפען, ער זאל פאר מיר דעם הוט ארונטערגענעהמען און זאל מיר א פריינדליכען גוט־מארגען זאגען. דאס וואס מען וואַרפט איהם יעצט ארויס פון דעם שלאָס איז נאך וועניג, מען האט איהם בעדאַרפט אין געפענגניס ווערפען.

— וואַרט! דוא וועסט נאך דאס אויך קענען לייכט אויספיהרען. דאס איז קיין שווערע זאך איהם אין עטוואס צו בעשולדיגען און דאדורך איהם אין געפענגניס ברייננגען.

— יא, פאטער, איך מוז דאס טהאָן. איך מוז זעהן דיעזען פערפלוכטען קערל געשמיערט אין קייטען, זאָנסט וועט אין מיר דאס בלוט רוהיג ניט פליסען. נור שאַ! מיר שיינט, אז דאָרט געהט דער סטאנאָוואי מיט זיינע לייטע.

— זעהר גיך האבען זיי דיא ארבייט געענדיגט — האט דער אלטער געלאכט — איך שטעל מיר פאָר, וויא דער נאררישער איוואן מיט זיין ווייב ווייזען יעצט אויס. וואַרט! דוא וועסט זעהן אז דוא וועסט זיי נאך הייטע האבען פאר געסט. זיי וועלען געוויס קומען דיך בעטען, דוא זאלסט זיי לאזען וויטער רוהיג וואוינען אין דעם שלאָס.

— דאס וויל איך — האט אדעלא פרעהליך געענטפערט — ווען זיי זאלען זיך וואגען אהער צו קומען, וואָלט איך חאטש געהייסען זיי ביידען אזוי דיא ביינער צוברעכען, אז זיי זאלען עטליכע וואָכען אפקריינקען.

דער סטאנאוואי איז דערווייל אונטערגעקומען נעהנטער.

אדעלא האט געמיינט אז ער וועט צוגעהן צו איהר און וועט איהר ראפאָרטירען פון דעם, וואס ער האט איהר בעפעהל געטהאָן. וויא ערשטוינט אבער איז זיא געוואָרען אלס זיא האט דערזעהן, דאס ער געהט נאר אין אן אנדער זייט.

— היי, וואסיל קירילאָוויטש! — האט זיא צו איהם געשריען — קומט נור אהער.

דער סטאנאָוואי איז איינינע מינוטען שטעהן געבליעבען, וויא ער זאל וועלען זיך בעדענקען וואס ער זאל יעצט טהאָן. ענדליך האט ער זיך בעשלאסען צוגעהן צו איהר.

ער איז צוגעגאנגען.

— נו? — האט זיא נייגיעריג געפרעגט?

— וואס ווילט איהר וויסען? — האט דער סטאנאוואי וויא ערשטוינט געפרעגט.

— האט איהר שוין אויסגערייניגט דעם טייפעלס־שלאָס? האט איהר דעם אלטען טייפעל מיט זיין פרוי פון דאָרט ארויסגעשמיסען?

— ניין, גרעפין.

— נ-נ-ניין ? — האט זיא העכסט אויפגערעגט אויסגערופען — ווארום האט איהר ניט געטהאן וויא איך האב אייך געהייסען ?

— איך האב ניט געקענט, גרעפין.

— ווארום האט איהר ניט געקענט ?

— דאס קען איך אייך ניט זאגען.

— ווארום ?

— איך קען דאס אייך ניט ערקלערען, גרעפין.

— איהר פערשפארט מיר צו ערקלערען — האט אדעלא צארניג געזאגט — איך פערשטעה אליין וואס דא טהוט זיך. דער אלטער טייפעל האט אייך געוויס דיא הענד פערשמירט.

— דאס איז שוין מיין זאך — האט דער סטאנאוואי שפאטיש געענטפערט — אבער איך קען אייך פערזיכערן דאס איהר האט א גרויסען אירטהום. אומזאנסט ווערט זיין אייער מיהע דעם אלטען ארויסצו-ווארפען פונ'ם שלאס. איהר וועט דאס פאר קיין פאל קענען.

— איך וועל דאס ניט קענען, זאגט איהר ? — האט זיא וויטהענד געשריען — איך זאל ניט קענען פון מיין הויז ארויסטרייבען וועמען איך קען ניט ליידען ?

— אזוי ווייזט דאס אויס — האט דער סטאנאוואי גיפטיג געענטפערט — דער אלטער איוואן האט מיר געזאגט, אז ער האט פאר אייך גאר קיין פורכט. דען דאס הויז, זאגט ער, איז ניט אייערס און איהר האט קיין רעכט קיינעם פון דאנען ארויסצוטרייבען.

— און איהר וואגט נאך דיא פרעכע ווערטער איבערצורייידען ? — האט זיא שטארק אויפגערעגט געזאגט.

— איך האב דאך אייך געמוזט ענטפערען אויף אייער פראגע, דארום האב איך געפונען פאר נעטהיג אייך דיא וואהרהייט צו געשטעהן און אייך אלעס ריכטיג דערצעהלען.

— פארט פון מיינע אויגען ! — האט זיא שטרענג א געשריי געטהאן — מיט אזעלכע קערלען וויל איך מיך גאר ניט בעגעגנען. איך קען אייך נור פערשפרעכען דאס איהר וועט דאס שטארק בערייען. איך קען מיך נאך אפרעכענען מיט דיא לייטע וואס פערשטעהן ניט מיר געהארזאם צו זיין.

— דאס וועלען מיר שוין זעהן — האט דער סטאנאוואי שמייכלענד געענטפערט און איז אוועקגעגאנגען.

— דו זעהסט, פאטער, צווישען וועלכע פערפלוכטע מענשען מיר וואוינען ? — האט אדעלא שטארק צארניג געזאגט — דיא גאל קען איינפאך פלאצען פון אזעלכע ווילדע חיות.

— עס זיך נור אזוי דאס הערץ ניט אפ, מיין טהייערע טאכטער, מיר וועלען זיך ניט דיא הינד שוין וויסען וויא אזוי זיך אפצורעכענען. איז דאס דען א גרויסער קונסט צו טאכען מען זאל דעם סטאנאוואי פון דאנען ארויסיאגען ?

אין הונדערטער ותען דוא וועסט זיך לאָזען קאָסטען, קענסט דוא פון איהם מאכען וואס דוא חילסט.

— איך וועל מיך לאזען קאָסטען טויזענד רובעל אבי דעם הונד אנצולערנען — האט זיא נעדאנערט — איך מוז זיי אלעמען ווייזען ווער איך בין! אין אסטראג וועלען זיי ביי מיר אלע אוועקנעהן!

ורא א פערניפטעמע טויז איז ארעלא ארומנעלאפען איבער דעם זאל, דאס בלוט האט אין איהר געקאכט און נעזאדען. זיא האט שיער דעם שלאג בעקומען אויס ערגערניס. אויך דער אלטער איז געווען שטארק אויפגעבראכט און האט זיין נרימצארן אויסגעלאזט אין דיא זיילען רויך וואס ער האט ארויסגעלאזט דורך זיין לאנגער פייף.

ענדליך האבען זיךביידע בערוהיגט און אלס א דיענער האט געמעלדעט אז דער מיטאג איז שוין פערטיג, האבען זיך ביידע בענעבען אין עס-צימער, זיי האבען זיך ביי׳ם טיש געזעצט און האבען אנגעהויבען מיט גרויס אפעטיט צו עסען.

א נעררויש פון אן עקיפאזש אינ׳ם הויף האט זייער ארפטערקזאמקייט אויף זיך געצויגען.

— נעסט האבען נעטוזט קומען — האט דער אלטער געזאגט.

— איך בין יעצט גאר נים אויפגעליינט געסט צו עמפפאנגען — האט ארעלא געענטפערט.

דער אלטער פיליפ איז באלד אריינגעקומען און האט געמעלדעט אז א ווייבער העריר מיט א פערשלייערטע דאמע זיינען געקומען צופאהרען.

— מיר עסען יעצט — האט ארעלא שטאלץ געענטפערט — פיהר זיא אריין ו׳ערוויילן אין א בעזונדער צימער.

— פרעג פריהער וויא הייסען זיי — האט פעליקס געזאגט — פיעללייכט זיינען דאס אזעלכע געסט וואס מען מוז זיי גלייך עמפפאנגען.

— מיר שיינט, אז דעם מאן קען איך — האט פיליפ געזאגט.

— דוא קענסט איהם? ווער איז ער?

— אויב איך האב קיין אירטהום, איז דאס דער מאן וועלכער האט זיך דא פארגעשטעלט אלס דעם טייפעלס ברודער.

— וואס? — האט פעליקס ערציטערט אויסגערופען — דער מערדער איז ווייטער דא?

— געוויס קען איך דאס אייך נים זאגען, אבער מיר שיינט אזוי.

— איך פערשטעה אבער נים, ווארום האסט דוא זיך אזוי דערשראקען? — האט ארעלא געזאגט — ער מעג זיין נים נור דעם טייפעלס א ברודער, זאגאר דער טייפעל אליין, וועל איך מיך מיט איהם אפרעכענען וויא מען בעדארף. ווייסט דוא נים פיליפ, ווער דיא דאמע איז וואס איז מיט איהם געקומען?

— איך זאג דאך אייך, אז איך קען זיי ביידען נים.

— גוט! טהו וויא איך האב דיר געהייסען. פיהר זיי אריין אין א בע־ונדער צימער און זאג זיי, אז ווען איך וועל אפעסען וועל איך צו זיי אריינקומען.

פיליפּ איז ארויסגעגאנגען.

אדעלא מיט דעם אלטען האבען זיך גאנץ רוהיג און לאנגזאם זייער מיטאג געענדיגט. זיי האבען געהערט וויא נאך אן עקיפּאזש איז ארויפגעפאהרען אויפ'ן הויף און האבען זיך אבער וועגען דעם ניט געקימערט, דען זיי זיינען שוין געוואוינט געווארען יעדען טאג צו האבען געסט געבעטענע און אונגעבעטענע.

— קענסט אריינרופען אהער דאס פּאארל וואס זיינען אהער געקומען — האט אדעלא ענדליך געזאגט צו פיליפּ'ן, נאכדעם אז זיא האט מיט א צאהן-שטעכער דיא צייהן געריינינט.

פיליפּ איז ארויסגעגאנגען. אין איינינע מינוטען ארום איז ער צוריק אריינ־געקומען און האט געמעלדעט אז דיא געסט וועלען באלד אריינקומען. דערביי האט ער דערצעהלט אז נאך א נאסט זעהר רייך געקליידעט איז אין א צווייטען עקיפּאזש געקומען און ער זיצט אויך אינ'ם זעלבען צימער וואו דער ערשטער הערר מיט דער דאמע זיצען.

— וואס זיינען דאס פאר א געסט? — האט אדעלא שטארק אונצופריעדען געזאגט — לאָמיר שוין זעהן ווער זיי זיינען.

דיא טהיר האט זיך געעפענט און דער גראָספירסט וולאדימיר מיט דער גרעפין מאריא זיינען אריינגעקומען.

— דער מערדער? — האט פעליקס דערציטערט געשטאמעלט דערקענענדיג דעם טייפעלס ברודער.

— דיא גובערנאנטין פעטראָוו? — האט אדעלא העכסט ערשטוינט אויסגע־רופען אלס זיא האט דערזעהן דער גובערנאנטין וואס וואר ביי געלידאָוו'ן אין הויז.

— איהר האט מיך דערקענט? — האט מאריא שמייכלענד און שפּאָטיש געענטפערט — איך גלויב, אז איהר וועט מיך אלס גוטען גאסט עמפּפאנגען.

— דיך אלס גאסט ביי מיר אין הויז עמפּפאנגען? — האט אדעלא מיט א פערעכטליכער מינע געענטפערט — איך קען ניט פערשטעהן וויא האָסט דוא גע־וואגט מיר א בעזוך צו מאכען? דוא האסט ניט בעדארפט פערגעסען דעם אונ־טערשיעד וואס איז צווישען אונז ביידען.

— יא — האט וולאדימיר געענטפערט — דער אונטערשיעד צווישען אייך ביידען איז ווירקליך זעהר א גרויסער. איך גלויב, אז איהר דארפט דאס פאר זעהר א גרויסע עהרע בעטראכטען, וואס דיא מאדאם פעטראָוו רעדט צו אייך וויא צו א מענשען....

— מיין הערר! — האט אדעלא העכסט צאָרניג א געשריי געטהאן און דאס גאנצע בלוט איז איהר פאר כעס אין געזיכט אריין — איהר זאָלט ניט פערגעסען אז איהר זייט יעצט ביי מיר אין שטוב.

— ביי אייך אין שטוב? — האט דער גראספירסט געלאַכט — פון ווען אן

איז דאס געווארען אייער שטוב? מיר שיינט, אז איהר האט נאר קיין רעכט דא צו זיין.

— אבער אזא אונפערשעממטהייט איז אונערהערט — האט אדעלא אויסער זיך פאר אויפרעגונג אויסגעשריען — איך פרעג אייך מיט וואס פאר א רעכט זייט איהר געקומען צו מיר אין הויז מיך זידלען? איהר פערגעסט, אז איך קען אייך ביידען באלד לאָזען אין קייטען איינשליסען און אין געפענגניס שיקען?

— אזוי? — האט דער גראָספירסט שפאָטיש געזאגט — אזא מאכט האט איהר דאס, וואס איהר קענט יעדען איינציגען אין קייטען שמידען און אין געפענגניס שיקען? פארדאָן, גרעפין! איך האב נאר ניט געוואוסט מיט וועמען איך האב דיא עהרע צו שפרעכען. איך גלויב אבער, אז ביז איהר וועט אונז זעהן געשמידט אין קייטען, וועט איהר שוין זיין ווייט, גאנץ ווייט אין סיביר.

אדעלא איז צוגעלאָפען צום טיש, האט געכאפט דעם גלעקעל וואס דארט איז געשטאנען און האט אנגעהויבען שטארק צו קלינגען.

איינינע דיענער זיינען אריינגעלאָפען.

— טרייבט ארויס דיא ביידע סוביעקטען! — האט זיא שטרענג בעפוילען.

אבער דיא דיענער האבען זיך פון אָרט ניט געריהרט. ביי יעדען איז וויא א שמייכעל געלעגען אויף דיא ליפען.

— וואס שטעהט איהר? — האט זיא געליארעמט — הערט איהר דען ניט וואס איך הייס אייך? טרייבט ארויס דיא ביידע לייטע, ווען ניט וועל איך אייך אלעמען פון דאנען ארויסיאָגען.

— זיי ניט אזוי צוהיצט, אדעלא — האט דיא גרעפין מאריא שמייכלענד געזאגט — פון אזא אויפרעגונג קענסט דוא נאך דעם שלאָג בעקומען.

— דוא דינסט-פרוי, האלט מויל! — האט אדעלא געשריען טופענד מיט דיא פיס — איך קען דאך דיך און וויים דאס דוא ביסט נור א ניעדערטרעכטינע גע-בערנאנטין.

— ניין, דוא טייפלישע פרוי, זיא איז מיין פרוי! — האט אין דער מינוט א שטימע א דאָנער געטהאן און דער גראף אנטאן דאנילאוו איז אריינגעשפרונגען אין דעם צימער.

א טויטער וואס ליעגט שוין יאהרען-לאנג אין דער ערד קען שרעקליכער ניט אויסזעהן, וויא אדעלא מיט איהר פאטער האבען אויסגעזעהן אין דער מינוט וואס זיי האבען פאר זיך דערזעהן דעם טויט-געגלויבטען אנטאנען.

— פאטער, רעטע מיך! — האט דיא דערציטערטע אדעלא געשטאמעלט ערגרייפענד דעם פאטערס האנד.

— דער טייפעל זעלבסט וועט דיך יעצט אויך פון מיינע הענד ניט רעטען — האט דער גראף א געשריי געטהאן — איהר, מערדער, האט געמיינט אז איהר האט מיך מיט מיין ליעבער פרוי שוין געטויט און איהר זייט דיא איינענטהימער פון מיין קאפיטאל? ניין, באנדיטען! גאט האט ניט געקענט צוזעהן אייער מערדעריי און האט אונז פון אייערע פערפלוכטע הענד געראטעט. מיר לעבען ביידע! דער גרויסער

הימלישער פאטער האט אונז לעבען נעלאזט, אום מיר זאלען אייך בעלוינען לויט איהר האט פערדיענט. יעצט וועל איך פון אייך אזוי פיעל בלוט צאפען, וויפיעל איהר האט נעצאפט פון אונז.

ער האט ארויסנענומען א קליין פייפעלע פון דער טאש און האט א פייף נעטהאן.

דיא טהיר האט זיך נעעפענט און א דוצענד זשאנדארען זיינען אריינגע־לאָפען.

— בינדעט דיא מערדער!—האט אנטאן זיי נעהייסען — בינדעט זיי וויא דיא געמיינסטע פערברעכער און שלעפט זיי אוועק פון דאנען, אום זיי זאָלען ניט מעהר פעראונרייניגען דיעזען פלאץ מיט זייער געגענוואַרט.

— פאטער, מיר זיינען פערלאָרען! — האט אדעלא נעקלאגט.

— יא, טייפלען, איהר זייט פערלאָרען, אויף אימער און עווינ פערלאָרען — האט אנטאן נעענטפערט — דיא וועלט מוז פון אזעלכע אונמענשען בעפרייט ווערען. קום, מיין ליעבע מאריא, אויך איהר, דורכלויכט, קומט אוועק פון דאנען. מיר האָבען דיא נרעסטע זינדע ווען מיר פעראונרייניגען אונזערע בליקען קוקענדיג אויף אזעלכע שמוציגע מערדער.

זיי זיינען ארויסנעגאנגען פון דעם צימער און דיא זשאנדארען האבען נעמהאָן וויא מען האט זיי נעהייסען. זיי האבען נעבונדען דעם טאטען מיט דער טאכטער, ניט קוקענדיג אויף דעם וואס אדעלא האט בעקומען ספאזמען און דער אלטער האט נעקלאגט אז ער שטארבט באלד. נעבונדענערהייט האט מען זיי אריינגע־וואָרפען אין א וואָגען און אוועקגעפיהרט אין געפענגניס.

332טעם קאפיטעל.

## ברכות אנשטאט קללות.

וויא א דונער האט נעטראָפען בת־שבע'ן דיא נאכריכט דאס קראָנענשטיין איז נעקומען צו פאהרען.

זיא איז גראדע צו יענער צייט נעזעסען ביי דער אלטער לאה פריעד אין צימער און האבען נערעדט וועגען לעאָפאָלד'ן. לאה האט איהר אָפען געזאגט אז זיא וועט זעהר צופריעדען זיין ווען זיא (באבעטהא) וועט זיך פערבינדען מיט לעאָפאָלד'ן.

— דוא קענסט זיך גאָר ניט פאָרשטעלען, מיין קינד, וויא ליעב איך האב דיך — האט דיא אלטע געזאגט — איך האב דיך ליעב אויס צוויי אורזאכען: ער־שטענס, ביסט דוא מיר נעפעלען פאר דיין עדעלמוטה און גוטהערציגקייט; צווייטענס, האסט דוא זעלבע שטימע וואס מיין טאכטער לעאנארע ע"ה האט געהאט. איך זאג דיר, מיין קינד, אז ווען איך הער דיך ריידען פונ'ם צווייטען צימער, מיין איך אז דאס רעדט מיין טאכטער. צוליעב דיא ביידע זאכען האב איך דיך ליעב וויא אן איינען־קינד און איך ווינש מיר קיין גרעסער גליק ניט, וויא דיך צו זעהן אלס מיין לעאָפאָלד'ס פרוי.

— אבער, מאדאם פריעד, דאס איז אונמעגליך, דאס קען ניט זיין — האט בת־שבע מיט א בעזאָרגטע מינע נעענטפערט.

— ווארום קען דאס ניט זיין? איך פערשטעה גאר ניט ווער קען דיך אין דעם הינדערן?

— מיין אנקעל וועט דערצו ניט איינווילינען — האט בת־שבע אויסגעפלאַצט.

— וואס? — איליא וועט דערצו ניט איינווילינען? — האט דיא אלטע ער־שטוינט נעענטפערט — ווארום דענקסט דוא אזוי? איך צווייפלע גאר ניט אין דעם אז ער וועט יא דערצו איינווילינען. קוים ביסט דוא ביי איהם אזוי טהייער וויא לעאפאלד איז טהייער ביי מיר, וועט ער קיין צוויי ווערטער איבערריידען און וועט זיין זעגען צו אייער בונד געבען.

בת־שבע האט געשוויענען. דערצעהלען דיא וואהרהייט וואס דא טהוט זיך האט זיא ניט געקענט; איהר איז געווען פון אלע זייטען ביטער. לעאפאלדן האט זיא געליעבט פון טיעפען הערצען, זיא וואָלט א האלב לעבען אבגעגעבען ווען זיא זאל קענען איהם הייראטהען; אבער ענטזאגען זיך פון קראָנענשטיינען האט זיא אויך ניט געקענט. דערביי וואר זיא זעהר אנגעשראקען פון דעם, וואס לעאָפאלד האט איהר דערצעהלט אז ער האט קראנענשטיין געשריעבען אז זיא ליעבט איהם (לעאפאלד'ן). זיא האט פערשטאנען אז קראָנענשטיינען וועט דאס זעהר קרייגקען, און ווער וויים צו וועט ער אהער ניט קומען איהר פאָרווירפע צו מאכען. זיא האט זיך פאַרנע־טטעלט וויא שווער איהר וועט זיין איהם גלייך אין דיא אויגען צו קוקען; זיא האט ניט געקענט אויסגעפינען אן אנטווארט וואס איהם צו ענטפערען ווען ער וועט זיא פרעגען, צו איז דאס וואָהר אז זיא ליעבט לעאפאלד'ן.

און פלוצלינג ווען זיא האט וועגען דעם געטראכט איז אריינגעלאָפען דער עקאָנאָם און האט אנגעזאגט אז קראָנענשטיין איז געקומען.

לאה האט באלד בעמערקט וויא בת־שבע איז בלאַס געוואָרען און האט ערשטוינט געפרעגט:

— ווארום האסט דוא זיך אזוי דערשראָקען מיין קינד? וואס פעהלט דיר?

— גאר ניט מאדאם — האט בת־שבע נעענטפערט און האט זיך בעמיהעט א מונטערעס געזיכט צו צייגען — איך האב מיך ניט דערשראָקען, מיר איז גלאט אזוי עטוואס ניט גוט געוואָרען, אבער דאס וועט באלד איבערגעהן.

און נאך בעפאָר בת־שבע איז צו זיך געקומען, האט זיך דיא טהיר געעפענט און קראנענשטיין איז אריינגעקומען מיט לעאָפאָלד'ן. ער האט אויסגעזעהן זעהר בלאס און שטארק צורודערט.

בת־שבע האט ניט געצווייפעלט דאס ער ווייזט אויס אזוי צורודערט, דערפון וואס ער איז אין כעס אויף איהר. דארום האט זיא קיין מוטה געהאט אויף איהם רעכט א קוק צו טהאן.

קראָנענשטיין האט וויא מעכאניש געדריקט זיין שווינער־טוטער דיא האנד און האט זיך וויא פון יוצא־וועגען ערקונדיגט וועגען איהר געזונד. נאכהער האט ער

זיך נעווענדעט צו בת־שבע'ן און האט איהר דיא האַנד רייכענ־ מיט א ציטערנדע שטימע געזאגט:

— באבעטהא! איך וועל אייך א פראגע שטעלען, אבער איך בעשווער אייך איהר זאָלט מיר דיא ריינע וואהרהייט ענטפערען.

— אהא! — האט זיך באבעטהא נעקלערט — דאס וויל ער מיר שטעלען דיא פראגע פאר וועלכע איך האב אזוי געציטערט, נעמליך, צו איך ליעב ווירקליך לעאָפּאָלד'ן.

— נו? איהר פערשפּרעכט מיר מיין פראגע מיט דער ריינער וואהרהייט צו בעאנטוואָרטען? — האט ער ווייטער געפרעגט.

— יא — האט זיא נאך א קורצער פויזע ענטשלאָסען געענטפערט.

— זאגט מיר דיא וואהרהייט, קענט איהר דעם מאַן מיט דער פרוי וועלכע האלטען דעם בופעט אין וואקזאל?

בת־שבע האט איהם ערשטוינט אנגעקוקט. אויף דער פראגע האט זיא ני נאָר ניט געריכט.

— נו, איהר ווילט מיר דיא פראגע ניט בעאנטוואָרטען? — האט ער ווייטער געזאגט.

— יא, איך קען זיי — האט זיא געענטפערט.

— האט איהר זיך ביי זיי ערצויגען?

— יא.

קוים האט זיא דעם „יא״ אויסגערעדט, האט זיך קראָנענשטיין א וואָרן געטהאן אויף א שטוהל, האט פערדעקט ביידע אויגען מיט דיא הענד און האט זיך פארנאנדער געוויינט.

— וואס איז דאס מיט דיר, איליא? — האט לאה העכסט ערשטוינט געפרעגט — ווארום וויינסט דוא אזוי?

— מוטער! — האט קראָנענשטיין וויינענד געענטפערט — איך האב אייך נעגאררט דערמיט וואס איך האב אייך געזאגט אז דאס מעדכען איז מיינע א ניכטע. זיא איז מיר, אויך אייך פיעל נעהענטער אלס א ניכטע.

— ערקלער דאך וואס דוא מיינסט מיט דיא ווערטער, איליא? — האט לאה זעהר נייגיעריג געבעטען.

— ווייסט איהר, מוטער, וואו מיין קינד וואס אייער טאכטער האט מיר געשענקט איז אהינגעקומען?

— נעוויס ווייס איך.

— נו, זאגט וואו איז זיא?

— ווארום ווילסט דוא, איך זאָל דיא ביטערע געשיכטע ווידערהאָלען?

— איך בעט אייך דערצעהלט דאס, שעמט זיך ניט, דען דאס בעלאנגט אונזער נאָ:ץ לעבען.

— דאס איז דאך שוין אן אלטע געשיכטע, אז דיין קינד האסט דוא אפּגע־ געבען אין אָרלאָווער פריוט.

— וואס פאר א צעטעל האב איך אויף איהר האלז אויפגעהאנגען?

— אויף דעם צעטעל איז געשטאנען איהר נאמען בת-שבע.

— מיין נאמ! וואס הער איך? — האט בת-שבע געשטאמעלט און איז לייכען-בלאס געווארען.

— דאס הערסט דוא, מיין קינד, אז איך בין דיין פאטער — האט קראנענ-שטיין יאמערנד אויסגערופען.

— איהר זייט מיין פאטער? — האט בת-שבע געשטאמעלט און אלע גלידער האבען אין איהר לייב געציטערט.

— באבעטהא איז דיין מאכטער, מיין לעאנארעס קינד? — האט אויך לאה אויסער זיך פאר ערשטוינונג געפרעגט.

— יא, באבעטהא! דוא ביסט מיין קינד וואס צוליעב דיר האב איך מיין גאנץ לעבען קיין רוהע געהאט. איך האב דיך נים וויא א פאטער בעהאנדעלט, זאנדערן וויא א טיראן, דען איך האב דיך אלס קליינעס פיצעל קינד אין פרעמדע הענד איבערגעגעבען. אבער נאט איז מיין עדות אז איך האב דאס געמוזט טהאן, דער גויטהה האט מיך געצוואונגען איך זאל אזוי טהאן, איך האב אנדערש נים געקענט מאכען, דאך וויל איך דיך נאר אום פערציייהונג נים בעטען פאר דעם וואס איך האב דיך אזוי גרויזאם בעהאנדעלט. איך וויים, איך פיהל אז איך האב דיין פערצייהונג נים פערדיענט.

— זייט איהר.... ביסט דואווירקליך מיין פאטער? — האט בת-שבע וועלכע האט זיך נאך פון דער איבעררראשונג נים ערהאָלט געפרעגט און טרעהרען האבען זיך אנגעהויבען פון איהרע אויגען צו גיסען.

— דוא גלויבסט ניט, מיין קינד? — האט קראנענשטיין מיט א הערץ-רייסענדע שטימע אויסגערופען — האסט דוא דען נים געהערט וויא מיין שווינערמוטער האט דיין געשיכטע דערצעהלט נאך בעפאר זיא האט געוואוסט ווער דוא ביסט? נור דוא טהוסט זעהר רעכט וואס דוא ווילסט מיך אלס דיין פאטער נים אנער-קענען, דען איך האב דאס נים פערדיענט.

— ניין! — האט בת-שבע אויסגערופען — מיט פריידע וועל איך דיך אלס מיין פאטער אנערקענען. פאטער! ערלויב דאך מיר דיך אלס קינד אומצואמען.

זיא איז ביי דיא ווערטער קראנענשטיינען אום דעם האלז געפאלען. פאטער און טאכטער האבען זיך הערצליך אומגעארמט, האבען זיך געקושט און איינער דעם צווייטען מיט זייערע טרעהרען בעגאסען.

— יעצט מיין קינד, קום אין מיינע ארמס — האט דיא אלטע לאה מיט א ערשטיקטע שטימע פון ווינען אויסגערופען אויסשפרייטענד דיא האנד. דוא ביסט דאך מיין קינד, מיין לעאנארעס טאכטער. אך, גאט, וויא זאל איך דיר דאנקען פאר דער גרויסער גנאדע וואס דוא האסט מיר פאר מיין טויט ערצייגט.

— יא. איהר זייט מיין מוטער! — האט בת-שבע געענטפערט אומארמענד יער אלטער גראסמוטער.

דיא אַלטע האט זיא צו איהר אלטעס הערץ צוגעדריקט און האט א היבשע ציית געוויינט, ענדליך האט זיא אויסגערופען:

— איך קען שוין שטערבען, איך האב אין דער מינוט צופיעל נחת געהאט.

— ניין, מוהמע, איהר וועט ניט שטערבען — האט לעאָפּאָלד געענטפערט, איהר מוזט אונז צו אונזער חופּה אייער זעגען געבען און אויף אונזער חתונה טאַנצען. הערר קראָנענשטיין, פריהער האב איך ביי אייך באבעטהא׳ס האנד געבעטען אלס ביי איהר פעטער, יעצט אבער בעט איך דאס פון איהר ליעבליכען פאטער.

— און איהר פאטער ניט זיא אין דיינע הענד מיט פריידע איבער — האט קראָנענשטיין ערפרעהט געענטפערט — דען דוא קענסט מיין טאָכטער געבען דאס גליק וואס איך וויל אויף איהר זעהן.

— באבעטהא דוא הערסט? — האט לעאָפּאָלד געזאגט — נו, וועסט דוא יעצט אויך וואגען מיר זאגען אז דוא קענסט מיינע ניט זיין.

— יעצט קען איך דיר אָפּען זאגען אז איך בין דיינע, עווינ דיינע, — האט בת־שבע געענטפערט אויסשטרעקענד איהם דיא האנד.

יעצט האבען זיך חתן כלה אומגעארמט. דאס וואר שוין גאר אן אנדער אומארמונג....

333טעס קאַפּיטעל.

## ענדע גוט אַלעס גוט.

דער זיסער חלום וואס אנטאן דאנילאוו האט א מאל געזעהן אין אסטראג האט זיך פערווירקליכט.

מיר זעהן יעצט איהם מיט מאריאַן אין זיין פּרעכטינען גארטען. מאריא בעגיעסט דיא פרישע שעהנע בלומען וועלכע ווארען א מאל איהרע ליעבלינגסבלומען וועהרענד ער אליין (אנטאָן) האט געהאלטען זיין שעהנעס קינד אויף דיא הענד און האט מיט איהר ארומגעטאנצט צווישען דיא אַלעען.

עס וואר אין א שעהנעם פריהלינגסטאג. שעהן, פּראכטפּאָל שעהן האט דיא מאי זון געשטראהלט און האט איהרע גאלדענע שטראהלען אויסגעגאסען אויף דיא פרישע בלומען און אויף דיא ביימער וואס האבען אנגעהויבען זיך צו פּערציערען מיט שעהנע בליטהענקנאספּען.

שעהן איז דער פּריהלינג נאך דעם קאלטען וויסטען ווינטער, זיס איז דאס געזונד נאך א שווערער קרענק און ליעב איז דיא פרייהייט נאך א לאנגער געפאנגענשאפט.

דיא אלע דריי גליקען צוזאמען האט יעצט דאנילאוו געפיהלט ער איז געוועזען איבערגליקליך און פון יעדער קליינינקייט האט ער פערגנינגען געשעפּט.

א רייטער איז צוגעפאהרען צום פּאלאץ און האט איבערגעגעבען א דיענער וואס איז געגען איהם ארויסגעלאפען א טעלעגראמע.

דער דיענער האט עס באלד אריינגעטראגען אין גארטען און האט זיא איבערגעגעבען דעם גראף אנטאָן.

— וואס איז דאס פאר א טעלעגראמע אנטאן? — האט מאריא נייגעריג נעפרעגט צוגעהענד צו איהם.

— מאריא מיין לעבען — האט דער גראף העכסט ערפרעהט אויסגערופען אלס ער האט דיא דעפעשע דורכגעלעזען — מיר וועלען הייטע האבען טהייערע געסט.

— ווער זיינען דיא געסט?

— דוא וועסט דאס נאר נים גלויבען, אז מיינע עלטערען וועלען הייטע צו אונז קומען.

— דיינע עלטערן? — האט זיא ערשטוינט געפרעגט — דוא שפאסט אנטאן?

— ניין, מיין זעעלע, איך שפאס נים און וויעדערהאָלע מיינע ווערטער, אז מיינע עלטערען וועלען הייטע ביי אונז זיין.

— אבער איך קען דאך דיינע ווערטער נים בעגרייפען אנטאן. דיינע עלטערן זיינען דאך שוין לאנג געשטארבען.

— דאס זיינען נים געוועזן מיינע עלטערען — האט ער געענטפערט געהיימ־ניספאָל זיך ארומקוקענדיג אין אלע זייטען.

— אנטאן, מיין זיסער מאן, איך קען דיך נים פערשטעהן, ערקלעהר דאך מיר דייטליך וואס מיינסט דוא מיט דיא ווערטער.

— דא שטעקט א געהיימניס, מיין טהייערע, א געהיימניס וואס איך זעלבסט האב זיא ביז אין דער לעצטער צייט נים געוואוסט, אבוואהל זיא בעלאנגט נור צו מיר. איך האב פון א ריכטיגער קוועלע ערפאהרען אז דער גראף מארטין דאנילאוו האט מיך וויא אן איינפאכער דיעב געשטוילען פון מיינע ווירקליכע עלטערען.

— איז דאס מעגליך?

— דאס איז זא וואהר וויא מיר ביידע לעבען.

— ווער־זשע זיינען דיינע ריכטיגע עלטערען?

— איך וועל דיר זאגען, אבוואהל עס קען זיין אז דיר וועט דאס אתאנגענעהם זיין צו הערען.

— ווארום?

— ווייל.... — האט ער געענטפערט מיט א געדעמפטער שטימע. ווייל מיינע ריכטיגע עלטערען זיינען אידען.

— דיינע עלטערען זיינען אידען? — האט זיא העכסט ערפרעהט געפרעגט.

— יא, מיין לעבען, זיי זיינען אידען.

— אנטאָן! מיין ליעבער טהייערער אנטאן! — האט מאריא אויסער זיך פאר פריידע געזאגט — דוא קענסט זיך גאר נים פאָרשטעלען וויא גליקליך דוא האָסט מיך געמאכט מיט דער נאכריכט.

— ווארום פיהלסט דוא זיך מיט דער נאכריכט אזוי גליקליך?

— דוא וועסט דאס נאר נים גלויבען, אנטאן אז....

— וואס ווילסט דוא זאגען מיין זעעלע?

— מיינע עלטערען זיינען אויך אידען.

דער גראף האט זיא ערשטוינט אנגעקוקט.

— יא, יא מיין טהייערער אנטאן — האט מאריא מונטער נעזאנט — דוא זאלסט דאס מיר גלויבען, אז מיינע עלטערען זיינען עכטע אידען, איך האב דאס דיר דערוייל ניט געוואָלט דערצעהלען אויס פורכט פיעללייכט וועט דאס דיר ניט אנגענעהם זיין צו הערען, אז דיינע שוויגער עלטערען זיינען אידען.

— ניט אנגענעהם זאגסט דוא וועט דאס מיר זיין? — האט ער לאַבענד געענטפערט — ווייסט דוא דען ניט אז דיא אידען זיינען אין מיינע אויגען אימער געשטאנען אין דער זעלבער רייהע וואס דיא קריסטען? און אין דער לעצטער צייט בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג אז דיא אידען שטעהען אין אלע הינזיכטען העכער פון דיא קריסטען. זיי זיינען עדלער, הומאניטער און אין אלע פאכען אָר־דענטליכער פון דיא שטאָלצע הענער וואס הערען ניט אויף צו קרייען אויף זיי. אבער זאג דאך מיר מאריא ווער זיינען דיינע עלטערען און וואו געפינען זיי זיך?

— זיי וואוינען אין מאסקווא, דוא וועסט זיך געוויס וואונדערן ווען איך וועל דיר דערצעהלען אז דיא פּראָזעהונג האט מיך געבראכט צו זיי אין הויז נאך בעפאר איך האב געוואוסט אז זיי זיינען מיינע עלטערן און זיי האבען מיך וויא זייערס א קינד בעהאנדעלט נאך בעפאר זיי האבען געוואוסט אז איך בין זייער טאכטער.

— דאס איז ווירקליך מערקווירדיג, וויא קומסט דוא צו זיי?

מאריא האט איהם דערצעהלט אלעס וואס מיט איהר האט פּאסירט זייט זיא איז פון טייפעלסשלאָס אנטלאפען געווארען מיט משה האנינמאן ביז דער גראַפ־פירסט האט זיא געבראכט אהער. זיא האט איהם דערצעהלט מיט וואס פאר א ליעבע גרינזאנג מיט זיין פרוי האבען זיא בעהאנדעלט פון דער ערשטער מינוט וואס זיי האבען זיא דערזעהן, זיא האט געענדיגט מיט דיא ווערטער:

— די ביידע, גרינזאַנג מיט זיין פרוי סאַביִנאַ זיינען וואַהרע ענגלען, איך בין צו זיי, פון דער ערשטער מינוט וואָס איך האב זיי דערזען, צוגעבונדען געווא־רען מיט לייב און זעלע. יעצט בין איך דיא גליקליכסטע אין דער וועלט וואס איך ווייס בעשטימט אז זיי זיינען מיינע ריכטיגע עלטערען.

— מען מוז געשטעהן אז א געהיימע קראַפט .,אט דא צוזאמענגעפיהרט עלטערען מיט קינדער — האט דער גראף ערזוויעדערט — וויא אזוי איך האב ער־פאהרען ווער מיינע עלטערען זיינען איז אויך מערקווירדיג.

ער האט איהר דערצעהלט פון דעם געלדגיערינגען יאניק קאבאנאוו וועלכער איז געקומען אין קטרקער נאר וועגען אן אנדער זאך און האט דארט איהם (דעם גראף) דערזעהן און האט איהם דהרצעהלט אז ער האט אידישע עלטערען, אבער ... ער נאמען האט ער ניט געזאגט, און וויא ער האט ארויסגעשיקט דעם וועכטער פון געפענגנים נאך מאקווא צו דעם יאניק'ן ער זאל ביי איהם אויספאָרשען ווער און וואו זיינע עלטערען זיינען.

— דיא טעלעגראמע — האט דער גראף געענדיגט — איז פון וועכטער. ער שרייבט פאָלגענדע ווערטער: אייער פאטער מוטער און ברודער פאהרען הייטע ... ווים צו אייך נאך דאנילאווקא. אלזא וועלען זיי נאך הייטע אבענדס דא זיין.

מאריא, מיין ליעבע גאלדענע מאריא, איך גלויב אז דוא וועסט מיינע עלטערען מיט דער צערטליכקייט פון א טאכטער עמפפאנגען. ניט וואהר?

— געוויס, — האט זיא געענטפערט — דוא דארפסט מיך נאך בעטען וועגען דעם, זיינען דען ניט דיינע עלטערען אויך מיינע?

— יא, דאס ווייס איך אז דוא ביסט עדעל, אז קיין מענשען קענסט דוא שלעכט ניט בעהאנדלען, בעזאנדערס מיינע עלטערען. דערפאר פערשפרעכע איך דיר אז אויך דיינע אידיישע עלטערען וועל איך בעהאנדלען וויא מיינע. עס פרעהט מיך זעהר וואס דער גראכפירסט איז אוועקגעפאהרען, ער איז דאך פון דער פאמיליע וועלכע האסען דיא אידען און זוכען זיי צו פערניכטען. פאר איהם אין דיא אויגען וואלט אונז זעהר שווער געווען אונזערע עלטערען צו עמפפאנגען און זיך מיט זיי צו פרייען.

— מיר וועלען פאהרען גענען זיי אום זיי צו עמפפאנגען.

— אויב דוא ווילסט, קענען מיר גענען זיי ארויספאהרען.

— ווייסט דוא וואס איך וועל דיר זאגען: מיין מאריא, מיר זאלען זיי ערוואר־טען אין דעם טייפעלסשלאס. דער פלאן וואס האט געזעהן דיינע און מיינע ליידען, דער מוז אויך זעהן אונזערע פריידען.

— זעהר גוט, איך בין צופריעדען.

דער גראף האט באלד געהייסען איינשפאנען זיין עקיפאזש און ער, מאריא און זייער קינד האבען זיך אין איהם אריינגעזעצט און זיינען אוועקגעפאהרען נאך דעם טייפעלסשלאס.

איוואן מיט קאטהארינאן האבען דאס פאאר פאלק מיט דער גרעסטער פריידע עמפפאנגען. ביידע האבען זיך אויס פריידע וויא קליינע קינדער צוגעוויינט. אלס זיי האבען צוריק דערזעהן זייער געליעבטע הערשאפטען אין זייער פילען גלאנץ וויא פריהער.

דיא פריידען פון דיא ביידע אלטע לייט האט דעם גראף אזוי גערירט דאס ער האט איהם פאר דער האנד יירגריפען און האט געזאגט:

— אלטער פריינד, דוא האסט מיט מיר מיין ליעבער פרוי זא פיעל פריינד־שאפט געוויעזען דאס איך האב זא פיעל ווערטער ניט דיר צו בעדאנקען. נור א דאנק האט בעשטעהט אין ווערטער האט אלס איינס קיין ווערטה, דארום וויל איך דיר אין דער טהאט ווייזען מיין דאנקבארקייט, דיעזער שלאס מיט דיא פעלדער וואס געפינען זיך ארום איהם וויא אויך פינף הונדערט רובעל באארעס געלד, דאס מוזט דוא פון מיר אלס בעלוינונג ערהאלטען פאר דיין שווערער ארבייט.

— וואצו גנעדיגער גראף? — האט איוואן געענטפערט — איך בין שוין אלט, קיינע קינדער האב איך ניט, פאר מיר איז גאנץ גענוג ווען איך וועל קענען דא מיינע לעצטע ביסעל יאהרען אויסלעבען.

— ניין איוואן! דעם קליינעם פרעזענט מוזט דוא פון מיר ערהאלטען. ווער ווייס וויא עס מאכט זיך, עס קען נאר זיין איך זאל ארויספאהרען נאך אויסלאנד

און דאס אלעס וועט אריינפאלען צו אן אנדערען, וועלכער וועט דיך ניט וועלען ליידען. דארום מוזט דוא אליין אן איינגעטהום בעזיצען.

— פון אייער האנד גראף וועל איך אלעס אננעהמען — האט איוואן נעענט־פערט און האט אנטאנען א קוש געטהאן אין האנד.

פאר נאכט האט דער גראף געהייסען אנזאטלען זיין פערד און זיך ווענדענד צו מאריא'ן האט ער געזאגט:

— איך גלויב אז זיי דארפען שוין זיין ניט ווייט פון היער. איך מוז ארויס־פאהרען זיי ענטגעגען.

— פאהר מיין לעבען — האט זיא געענטפערט.

— — — — — — — — — — — — —

שעהן איז געוועזען דער וועטער, וואונדער שעהן. דיא זאנע איז שוין געשטאנען ווייט אין מעריב הימעל, דיא נאכט־שאטען האבען זיך אנגעהויבען לאנגזאם צו פערברייטען איבער דער ערד, א קיהלער ווינטעלע האט געשוועבט איבער דיא גרינע פעלדער. עס האט אויסגעזעהן וויא דיא גאנצע וועלט האט זיך פון איהר שמוץ געריינינט און האט זיך אין גאנץ נייע פריהלינגס־קליידער אנגעצויגען, אז אין איהר עקסעסטירט מעהר קיין שלעכטעס און קיין פרעפעלטהאטען, זאנדערן פריעדען און גליק געהן געארמט אין דער שטילער אבענד־שטונדע אונטער דעם הימעל.

צו דיעזער צייט זיינען צוויי אפענע עקיפאזשען געפאהרען אין דעם וועג וואס פיהרט צום טייפעלס־שלאס.

אין איינעם איז געזעסען שלמה פיין מיט זיין פרוי און זייער זאהן יאקאב. אין דעם צווייטען איז געזעסען גרינזאנג מיט זיין ווייב.

דיא יאמשציקעס זיינען געוועזען זעהר לוסטיג, ווייל זיי האבען נאך אויף דער פאצשטאוער סטאנציע געחאפט גוטע ביער־געלד. דארום האט יעדער פון זיי גע־וואלט ווייזען אז ער פאהרט גיכער און זיי האבען געטריעבען זייערע פערד וויא זיי האבען נור געקענט.

דער יאמשציק וואס האט געפיהרט דער פאמיליע פיין האט מעהר קונסט געוויזען, דען זיין עקיפאזש איז אבגעפאהרען אזוי ווייט דאס דער ערשטער עקי־פאזש וואו גרינזאנג איז געזעסען האט זיך פערלארען פון פיינ'ס אויגען.

— גענוג צו טרייבען אזוי שטארק דיא פערד — האט ער געזאגט צום יאמשציק — זיי זיינען אויך נור לעבעדיגע בעשעפעניסע, מען דארף מיט זיי אויך מיטלייד האבען.

דער יאמשציק האט דיא פערד בערוהיגט און זיי האבען אנגעהויבען לאנגזאם צו געהן.

— דארט פליהט א רייטער — האט יאקאב געזאגט צו זיינע עלטערע ציינענד מיט דעם פינגער אויף א קליינעם געגענשטאנד וואס האט זיך געוויזע פון ווייטען.

עס האט לאנג ניט געדויערט איז דער רייטער צוגעפלויגען צו זיי און האט א ווינק געטהאן צום יאמשציק ער זאל שטעהן בלייבען.

פיין מיט זיין פרוי און זאהן האבען ערשטוינט דעם גאלאנטען רייטער אנ־געקוקט. זיי האבען דערקענט אז דאס איז קיין איינפאכער מאן, זאנדערן פון גרוי־סען אדעל.

— וואוהין פאהרט איהר, מיינע העררען? — האט דער רייטער וועלכער וואר דער גראף דאנילאוו געפרעגט.

— מיר פאהרען נאך ראנילאווקא — האט יאקאב נעענטפערט.

אנטאן האט זיי זעהר נייגיעריג אנגעקוקט. דאס הערץ האט אין איהם שטארק אנגעהויבען צו קלאפען. ער האט פערשטאנען אז דאס זיינען זיינע עלטערען. ער איז פונ׳ם פערד ארונטערגעשפרונגען און איז צום וואגען צוגעגאנגען.

— פאהרט איהר פיעללייכט צום גראף דאנילאוו ? — האט ער מיט א ציטערנדע שטימע געפרעגט.

— יא, מיר פאהרען צום גראף — האט יאקאב געענטפערט דעם מאן.

— שלמה׳ניו ! טאטוניו ! — האט דיא מאדאם פיין פלוצלינג א שפּצע געטהאן אין אויער — קוק זיך איין אין דעם יונגען מאן, ריכטיג אונזער יאקאב. צו איז ער ניט....

— קענט איהר מיר מיינע פריינדע ניט זאגען, צו זייט איהר דיא פערזאָנען וואס דעם גראפס געזאנדטער האט אויף זיין בעפעהל אויסגעפונען ?

— יא — האט שלמה געענטפערט — מיר זיינען דעם גראפס פערוואנדטע. טרעהרען האבען זיך געוויזען אין אנטאנ׳ס אויגען.

— דאס זייט איהר? — האט ער מיט מיהע אויסגערעדט — און איהר ווילט זעהן דעם גראף ?

— יא, מיר פאהרען יעצט זיך זעהן מיט איהם — האט שלמה געענטפערט שטארק בעוועגט — אבער ליעבער הערר, זאגט אונ נאטעה ווילען ווער זייט איהר ? איך זעה, אז איהר ווייסט פון אלעס, איך זעה טרעהרען אין אייערע אויגען.

— יא.... איך ווייס אלעס.... האט אנטאן וויינענד געענטפערט — רייך מיר דיין האנד, גוטער מאן. רייך דיין האנד דעם מענשען וואס דוא האסט אויף דער וועלט געבראכט. ער בעט עס ביי דיר וויא א צערטליך קינד ביי זיין פאטער.

אלע דריי פאסאזשירען זיינען פון זייערע ערטער אויפגעשפרונגען און זיינען פונ׳ם וואגען ארויסגעקראָכען.

— איהר זייט דער גראף דאנילאוו ? — האט שלמה געשטאמעלט.

— דאס איז מיין זאָהן ? — האט רחל ציטערנד ביי אלע גליעדער געפרעגט.

— שרעקט זיך ניט פאר מיר, מיינע טהייערע ליעבע עלטערען, פערגעסט ווער איך בין יעצט. איהר דארפט נור אין זינען האבען איין זאך, אז איך בין אייער פלייש און בלוט. אָ, ערלויבט דאך מיר אייך אומצוארמען, אייך אלס גוטער געהאָרזאמער זוהן קושען. מוטער ! שפרייט אויס דיינע הענד פאר דיין קינד.

ביי דיא ווערטער איז ער געפאלען דער מוטער אום דעם האלז.

— מיין קינד ! מיין זאָהן ! — האט דיא איבערראשטע מוטער יאמערנד געשטאמעלט, איהם פעסט צו איהר ברוסט צודריקענד — אָ, מיין גאט, ניעב מיר קרעפטען אזא גרויס גליק איבערצוטראגען.

ער האט זיך מיט מיהע פון איהר אומארמונג בעפרייט און איז געפאלען דעם פאטער אום דעם האלז.

דער אלטער פיין האט קיין וואָרט געקענט אויסריידען פון גרויס אויפרעגונג, דערפאר אבער האבען זיינע אויגען גערעדט מיט הייסע טרעהרען.

— און דוא ביסט מיין ברודער ? — האט דער גראף נאכהער געזאגט צו יאקאב׳ן איהם אומארמענד — אך, וואס פאר א גליקליכער טאג היינט איז, דער גליקליכסטער טאג אין מיין לעבען.

אין דער מינוט איז צוגעפאהרען דער עקיפאזש אין וועלכען גרינזאנג מיט זיין פרוי זיינען געזעסען.

— דער גראף דאנילאוו? — האט גרינזאנג ערשטוינט אויסגערופען אלס ער האט דעם גראף דערזעהן שטעהענדיג מיט דער פאמיליע פיין.

— יא, דאס איז ער — האט סאבינא געענטפערט — זעה נור וויא אלע ווישען זיך דיא אויגען, דאס איז א בעוויז אז זיי האבען זיך שוין דערקענט. קום, מיכאל, לאָמיר אויך צו זיי צוגעהן.

זיי זיינען ביידע אויך פון זייער עקיפאזש ארויסגעגאנגען און זיינען צו דער גרופע צוגעגאנגען.

— הערר גרינזאנג! — האט שלמה דערפרייט א געשריי געטהאן — קומט אהער וועל איך אייך פאָרשטעלען פאר מיין זאהן.

— גרינזאנג? — האט אנטאן ערשטוינט געפרעגט — אָ, יא! איך האב איהם דערקענט. דאס איז ער.

ער איז גרינזאנג'ן אנטגעגען געלאפען מיט אן אויסגעשטרעקטע האנד און האט מונטער געזאגט:

— זייט מיר הערצליך ווילקאמען ליעבער שווינער־פאטער.

— וואַ־אַ־אַס איהר ווייסט שוין?.... האט גר'נזאנג ערשטוינט געפרעגט.

— יא, איך ווייס אלעס, מיין ליעבע פרוי האט מיר אָלעס ענטדעקט. רייכט מיר ליעבער פאטער, אויך איהר גוטע מוטער אייערע הענד אלס צייכען אז פון הייטע אן און ווייטער, זאלען מיר איינע דיא אנדערע בעטראכטען אלס אייגענע עלטערען און קינדער.

מען האט זיך דיא הענד געדרייכט און הערצליך געקושט.

— אך, וויא גרויס וועט זיין מיין מאריא'ס פרייד, אלס זיא וועט אייך זא אונערווארטעט דערזעהן — האט אנטאן געזאגט.

— וואס מאכט אונזער טאכטער — האט סאבינא געפרעגט ווישענד מיט איהר טאשענטוך דיא פייכטע אויגען.

— זיא איז געזונד און גליקליך ליעבע עלטערען — האט דער גראף געענטפערט — נור לאמיר גיכער צו איהר פאהרען, יעדע מינוט איז א שאדע.

מען האט זיך צוריק ארייגגעזעצט אין דיא עקיפאזשען און מען איז אוועק־געפאהרען צום טייפעלסשלאָס.

דיא גרעפין מאריא האט ארומשפאציערט פארביי דעם שלאָס און האט אויסגעקוקט איהר מאן.

עס איז אונמעגליך פאָרצושטעלען איהר איבערראשונג, אלס זיא האט דערזעהן גרינזאנגען מיט זיין פרוי צופאהרענד צום שלאָס.

וויא א ווילדעס קינד איז זיא זיי ענטגעגענגעלאָפען. דיא בעגעגנונג פון דיא עלטערען מיט דער טאָכטער וואר אזוי ריהרענד, דאס עס האט אויסגעזעהן אז דיא בלומען פון וואלד פרייען זיך מיט זייער גליק.

דיא פריידע איז געווארען פאלקאמען אלס אנטאן האט פאר זיין פרוי זיינע עלטערען פאָרגעשטעלט.

דאס זיינען געוועזען פאר דיא אלע פערזאנען אזעלכע גליקליכע מינוטען וואס ניט יעדער מענש קען זיי געניסען. דיא עלטערען מיט זייערע קינדער האבען אויס־געזעהן וויא א גרופע מענשען וואס שטעלען פאָר א ריכטיגעס בילד פון גליק.

אנטאן האט זיי אלעמען געבראכט אין זיין פאלאץ, דא האבען זיי זיך ענגעזייטיג דערצעהלט זייערע פערגאנגענע ליידען און פיעל פריי־ענטערעהרען, זיינע דאביי פערגאסען געווארען.

דיא ליעבע וואס אנטאן מיט מאריא'ן האבען נעפיהלט צו זייערע נעפונענע עלטערען וואר אזוי גרויס, דאס אלס זיי האבען בעמערקט אז זייערע אידיישע עלטערען האבען שמערצען דערפון, וואס זייערע קינדער טראגען אויף זיך דעם נאמען קריסטען, האבען זיי זיך בעשלאסען פערקויפען אלעס וואס זיי האבען און ארויספאהרען נאך אויסלאנד אום זיי זאלען דארט קענען אננעהמען דעם נאמען איד.

* * *

האט איהר געהערט פון דיא פיעלע נוטעס וואס א רוסישער גאסט מארק פיין, וועלכער האט זיך ניט לאנג בעזעצט אין אמסטערדאם טהוט דארט מיט ארמע רוסיישע עמיגראנטען? קיינעם גלויבט זיך דאס ניט אז דיעזער הייסער איד איז געוועזען פון זיין קינדהייט אן א רוסיישער קריסטליכער גראף מיט דעם נאמען אנטאן דאנילאוו. קיינער גלויבט אויך ניט אז זיין עדלע פרוי מרים וועלכע איז א הייסע יודין וואר אויך א קריסטין.

בת־שבע וואוינט הייטע מיט איהר מאן לעאפאלד פריעד אין מינסק, ער איז דארט אן אדוואקאט און האט א גרויסען נאמען. איהר פאטער בעזוכט זיא זעהר אפט און שטאלצירט מיט איהר ווי מיט אן אבן־טוב.

דער אלטער גראף פעליקס דאנילאוו מיט זיין טאכטער אדעלא זיינען פערארטהיילט געווארען צו קאטארזשנא ארבייט אין סיביר.

גליקליך איז היינט משה האנינמאן, ער איז ביי דעם גביר גרינזאנג דער גאנצער געשעפטספיהרער, ער איז רייך און האט אויך נחת פון זיין טאכטער סאנקא וועלכע איז דיא גליקליכע גאטטין פון דעם רייכען עדלען יאזעף לעהמאן.

אויך היראנים ראזענדופט איז רייך. ער פיהרט גרויסע געשעפטען, אבער ער האט גרויסע שמערצען פון זיין טאכטער ליענאטשקא, וועלכע איז נאך אלץ א מויד און קיין רעכטער חתן וויל זיא ניט אויסחאפען, דערפאר וואס מען דערמאהנט אלטע חטאים....

דיא מאסקווער צייטונגען האבען זעהר פיעל געשריעבען ווענען דער גרעפין קלאטהילדא, וועלכע איז פלוצלינג וואהנזיננ געווארען און שרייט אין איין קול אז דיא טויטע מאריא פערפאלגט זיא אויף יעדען טריט.

וואס מיט סימאן גריין איז געווארען ווייס מען ניט. איינינע זאגען, אז ער האט געהאט אזא ענדע וויא מיכל ברעגנער; א־דערע זאגען, אז ער איז גאר פון דארט אנטלאפען געווארען און איז היינט אין אמעריקא א ווינקעל־באנקיר.

דערפאר ווייס מען, אז זיין בעקאנטע מערי איז דאס זעלבע וואס פריהער....

ווער עס אינטערעסירט זיך מיט טראשקא'ן און מיט גלאפירא'ן קען זיי שיקען א מזל־טוב, דען זיי האבען ניט לאנג חתונה געהאט און האבען פון דאנילאוו'ן ערהאלטען צוויי טויזענד רובעל נדן.

**ע נ ד ע.**

# העברעאיש-ענגלישעס
# ווערטערבוך
## (STUDENTS' HEBREW AND CHALDEE DICTIONARY)

פון

## אלכסנדר הארקאווי

---

### דיעזער ווערטערבוך ענטהאלט:

1. אלע העברעאישע און אראמעאישע ווערטער, וועלכע גע־פינען זיך אין תנ"ך, איבערזעצט און ערקלעהרט אין דער ענגלישער שפראך.
2. די שרשים פון די ווערטער און זייערע אפשטאמונגען, ווי אויך ביי יעדען שם און פעל די פערשיעדענע פארמען, לויט זייערע נטיות (בייגונגען).
3. ערקלעהרונגען פון פיעלע שווערע פסוקים אין תנ"ך, לויט די גרעסטע אלטע מפרשים און די בעסטע פארשער פון דער נייער צייט.

אויך איז צו דיעזען העברעאיש־ענגלישען ווערטערבוך צוגעגעבען א זאמלונג פון תלמודישע און ניי־העברעאישע ווער־טער, וועלכע קומען זעהר אפט פאר אין דער ניי־העברעאישער ליטעראטור.

דיעזער ווערטערבוך ענטהאלט 887 זייטען, און איז גע־דרוקט אויף גוטע שעהנע פאפיער און געבונדען אין א פרעכ־טיגען באנד.

---

**פרייז 4.00 דאלאר**

---

**HEBREW PUBLISHING CO., 632-34 Broadwry, N. Y.**

א נייער דריי שפראכיגער

# ווערטערבוך

— פון —

## אלכסנדר הארקאווי

# אידיש, העברעאיש און ענגליש

אלכסנדר הארקאווי, וואָס האָט זיך בערירמט געמאַכט מיט זיינע ווערטער ביכער, וועלכע האָבען געדינט פאַר אַ וועג ווייזער אַ גאַנצען דור צו ערלערנען די ענגלישע שפראַך, האָט יעצט בעקרוינט זיין ארבייט מיט דעם נייעם ווערק, וועלכע שיינט איבער אַלע זיינע פריהעריגע שאַפונגען.

דער ווערטערבוך איז דאס ערשטע ווערק וואָס פעראייניגט אַלע דריי שפראַכען צוזאַמען דורך יודיש. און שטעהט העכער פון אַ טרוקענעם ווערטערבוך ווייל אויסער וואָס ער פערטיישט ריכטיג יעדען וואָרט אין דריי שפראַכען איז ער אויך אַ זאַמלונג פון אַלע אלטע און נייע שפריכווערטער, ליטעראַרישע פראַזען אין פאָלקסטימלכע אויסדרוקען פון טעגליכען לעבען, וועלכע ער טראָגט אַריבער אין אַ זאַפטיגען העברעאיש און ענגליש.

שעהן געדרוקט, געבונדען אין סילק קלאטה

## פרייז 5 דאָללאַר

---

HEBREW PUBLISHING COMPANY
632-34 Broadway, New York.

# די

# געבויטע ירושלם

## איז דער נאמען פון א נייע ווערק

— געשאַפען פון —

# פראפ. באָרים שץ

## גרינדער פון „בצלאל“ אין ירושלם

אין אַן אָריגינאַלען שפּראַך פאָרם אין וואונדער שעהנע בילדער מאָלט פאַר אונז פראפ. שץ א פאַנטאַסטישען בילד ווי ירושלם וועט אויסזעהן אין 100 יאָהר ארום.

איבער דעם גאַנצען בוך שוועבט איין פּאָעטישע אטמאספערע, וואו איהר פערגעסט אויף א וויילע אייער טעגליכען לעבען, און איהר טראַגט זיך אריבער אין א ליכטיגע וועלט פול מיט רייץ און שעהנקיים.

**דער בוך ענטהאלט 400 זייטען.**

**עלעגאנט געבונדען אין בלוי באנד צוויי דאללאר.**

**אין לעדער גאלדשניט 3.50 דאללאר.**

---

HEBREW PUBLISHING COMPANY

632-34 Broadway, New York.